# НЕСЫВОТЪ ОЛОМЪ

# נתיבות עולם

עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז.

דיא אלטי שטעגין.

---

## נומר א׳

---

„דִיא יְשׁוּעָה אִיז פוּן דִיא יוּדִין״. צְווִישִׁין אַלִי אֱמוּנוֹת אִין דֶער וֶועלְט זֶענִין נָאר צְווֵייא פַּאר הַאנְדִין וָואס זֶענִין וֶוערְטה אַז מַאן זָאל זֵייא גוּט אִיבִּיר לֵייגִין; אוּן זֵייא קוּמִין בֵּיידִי אַרוֹיס פוּן יוּדִין אוּן הָאבִּין אַמָאל נוּר צוּא דִיא יוּדִין אַלְלֵיין גִיהֶערְט. זֵייא הָאבִּין אִיצוּנְד דֶעם בִּיקַאנְטִין נַאמִין יוּדִישִׁי אֱמוּנָה אוּן קְרִיסְטְלִיכִי אֱמוּנָה; מַאן מוּז אָבֶּער קֵיין מָאל נִיט פֶער גֶעסְסִין אַז דִיא לֶעצְטִי קוּמְט אִין גַאנְצִין אַרוֹיס פוּן דִיא יוּדִין אַזוֹי גוּט וִויא דִיא עֶרְשְׁטִי. דֶער וָואס הָאט דִיא קְרִיסְטְלִיכִי אֱמוּנָה גִיגְרוּנְדְפֶעסְטִיגְט אִיז גִיוֶועזִין אַיין יוּד. אוּן דִיא עֶרְשְׁטִי אַפּוֹסְטִילֶם וָואס הָאבִּין צוּא עֶרְשְׁט דִיא קְרִיסְטְלִיכִי אֱמוּנָה אִין דֶער וֶועלְט גִילֶערְנְט אוּן אוֹיס גִיבְּרֵייט, דִיא זֶענִין יוּדִין גִיוֶועזִין. דִיא עֶרְשְׁטִי קְרִיסְטִין זֶענִין אַלֶע יוּדִין גִיוֶועזִין; אַזוֹ אַז וֶוען מִיר זֶענִין חוֹקֵר וְדוֹרֵשׁ דֶעם אֱמֶת פוּן אִיטְלִיכִי פוּן דִיא דָאזִיגִי בֵּיידִי אֱמוּנוֹת בִּיזוּנְדִיר, אַזוֹ שְׁטֶעלְלִין מִיר נִיט עֶנְטְקֵייגִין אֵיינִי אֱמוּנָה פוּן אֵיין פְרֶעמְד פָאלְק קֵייגִין דִיא יוּדִישִׁי אֱמוּנָה, נַייאִירְט מִיר פֶערְגְלַייכִין דִיא עִיקָרִים פוּן אֵיינִי אֱמוּנָה מִיט דִיא עִיקָרִים פוּן דִיא אַנְדֶערִי אֱמוּנָה וָואס בֵּיידִי קוּמִין אַרוֹיס פוּן יוּדִין. וֶוען מִיר בִּיוַוייזִין דֶעם אֱמֶת פוּן דִיא קְרִיסְטְלִיכִי אֱמוּנָה, אַזוֹ ווִילְלִין מִיר דֶערְמִיט אוֹיךְ קֵיין שׁוּם זַאךְ נִיט אַוֶועק נֶעמִין וָואס דֶעם יוּדִישִׁין פָאלְק צוּקוּמְט, אַדְרַבָּה מִיר זֶענִין עֶהרְלִיךְ מוֹדֶה אַז מִיר הָאבִּין פוּן דִיא יוּדִין גִילֶערְנְט, אַז מִיר הָאבִּין מְקַבֵּל גִיוֶועזִין דִיא עִיקָרִים פוּן אֱמוּנַת אֱמֶת דוּרְךְ יוּדִין, אַז מִיר הָאבִּין אַיין חֵלֶק אָן דֶער תִּקְוָה פוּן דִיא יוּדִין, אוּן אַז מִיר וֶועהְרִין אוּן בֶּעוַוייזִין דֶעם אֱמֶת וָואס דִיא יוּדִין הָאבִּין אוּנְס גִילֶערְנְט. מִיר ווִיסְסִין גַאנְץ גִיווִיס אַז דִיא יוּדִין וָואס מִיר

דיא אַנְדירי פָּסוּל, ווען מאן פְרעגט דאס אַלִים אַזוֹ איז דער אייִנְציגיר תירוץ דרויף, תּוֹרָה שֶׁבְּעַל פֶּה הייסט דיא יודין אַזוֹ טְהוּן. אַזוֹ זענין נון אַלִי תְּפִלּוֹת, אַזוֹ איז דער גאַנְצִיר יוּדישיר סֵדֶר הָעֲבוֹדָה פון דעם אָנְהוֹב פון דעם יאהר ביז צום סוֹף איין בּיוַויז און אייני הוֹדָאָה וואס דיא יודין זענין דערדורך מוֹדֶה מיט רייד און מיט מַעֲשִׂים אַז תּוֹרָה שֶׁבְּעַל פֶּה איז פון גאט, און איטליכיר יוד וואס גייט אין שוהל אַריין און האלט דעם דאזיגין שטייגיר, דער זאגט אויך דערמיט עֵדוּת דרויף אַז ער האלט דיא תִּיקוּנִים פון דיא רַבָּנִים פאר געטליך אֱמֶת. אַזוֹ איז דאס צו ערשט גידרונגין בִּכְלַל, אָבּיר צְווייטינס איז דאס אויך בִּפְרַט פון פילי שטיקיר אַרויס בּיזונדיר גידרונגין. אין דיא תְּפִלּוֹת פאר איטליכין טאג שטייט פְּרָאַסְטי איין גאנץ שטיק פון תּוֹרָה שֶׁבְּעַל פֶּה אַרויס, עס הייבט זיך אָן מיט דיא ווערטיר: איזהו מקומן של זבחים „וועלכיר איז דער אורט פון דיא שעכט אופפיר". און באלד דערנאך שטיין דיא דרייצעהן כְּלָלִים דיא תּוֹרָה צו דערקלערין, דאס שטיק הייבט זיך אן: רבי ישמעאל אומר „ר' ישמעאל זאגט". נאך דיא טעגליכי תְּפִלּוֹת שטייט גאר אייני גאנצי מַסֶּכֶת פון תּוֹרָה שֶׁבְּעַל פֶּה אַרויס, זיא הייסט „פִּרְקֵי אָבוֹת" און באלד אין אָנְהוֹב איז דארט דער שֵׁמוֹת פון דיא קַבָּלָה פון תּוֹרָה שֶׁבְּעַל פֶּה. אין דעם יוֹצֵר פון דעם ערשטין טאג פון שָׁבוּעוֹת איז איין שטיק פארהאנדין וואס זאגט קורץ און קלאר אַרויס אַז תּוֹרָה שֶׁבְּעַל פֶּה איז פון גאט, און עס ווייזט דיא חֲלָקִים דערפון:

טהור עינים ויראתו טהורה, מפי גבורתו לבחירו הורה, דת באר היטב מבוארה, בדבור באמירה בצווי באזהרה, בתלמוד באגדה במשנה במקרא, בחקה במצוה בברית גמורה.

„דער וואס האט רייני אויגין און וואס דיא פורכט פאר איהם איז ריין, אויס דעם מונד פון זייני שטארקהייט האט ער זיין אויס דערוויילטען גילערנט, דעם דת האט ער גאנץ גוט קלאר גימאכט, מיט ווארט מיט זאגונג מיט גיבאט מיט ווארינונג, אין גמרא אין אגדה אין משניות אין פסוק, מיט גיזעץ מיט גיבאט מיט דעם גאנצין בונד". אין דעם דאזיגין גיבעט וואס גיפינט זיך אין אלי יודישי מַחֲזוֹרִים וואס דיא יודין זעלביר האבין גילאזט דרוקין און וואס זייא גיברויכין צו זייארי תְּפִלּוֹת, דא שטייט עס נון גאנץ קלאר אַרויס אַז תּוֹרָה שֶׁבְּעַל פֶּה איז פון גאט וואס

דיא

דיא גֶעמִין פון דיא הויפּט חֲלָקִים דֶערְפוּן שְׁטֵיין אויךְ בָּא, זַייא הַייסִין תַּלְמוּד, אֲגָדָה, מִשְׁנֶה. אַזוֹ אִיז נוּן בִּכְלַל און בִּפְרַט גִידְרוּנְגִין אַז דִיא יוּדִישֶׁע אֱמוּנָה וָואס אִיהר תּוֹךְ גִיפִינְט זִיךְ אִין דִיא יוּדִישֶׁע תְּפִלּוֹת אִיז גַאנְץ דִיא אֵייגִינֶע פון תּוֹרָה שֶׁבְּעַל פֶּה, און אַז אִיטְלִיכֶער יוּד וָואס טְהוּט דִיא דָאזִיגֶע תְּפִלּוֹת אִיז דֶערְמִיט מוֹדֶה אַז תּוֹרָה שֶׁבְּעַל פֶּה אִיז פון גָאט, לְכָל הַפָּחוֹת טְהוּט עֶר דָאס מִיט זַיינֶע רֵייד.

אַזוֹ הָאבִּין מִיר גִיוִויזִין וָואס דִיא יוּדִישֶׁע אֱמוּנָה אִיז. אֵיידֶער מִיר גֵיין וַוייטֶער וֶועלִין מִיר אִיצוּנְד נָאךְ אויף אֵיינֶע אַנְדֶערֶע קַשְׁיָא אַיין תֵּירוּץ זָאגִין. אִימִיצֶער מֶעכְט פְרֶעגִין, וָואס קוּמְט דֶערְפוּן אַרוֹיס אַז מַאן אִיז דִיא יוּדִישֶׁע און קְרִיסְטְלִיכֶע אֱמוּנָה חוֹקֵר וְדוֹרֵשׁ און מַאן פֶערְגְלַייכְט זַייא מִיט אֵיינַאנְדֶער, קֶענִין זַייא הֶען נִיט בֵּיידֶע גוּט זַיין און צוּ עוֹלָם הַבָּא צוּ יְשׁוּעַת עוֹלָמִים בְּרֶענְגִין דִיא וָואס גְלוֹיבִּין זַייא. אויף דֶעם מוּזִין מִיר עֶנְטְפִירִן: נֵיין, און דִיא דָאזִיגֶע בֵּיידֶע אֱמוּנוֹת זֶעלְבִּיר זָאגִין אויךְ אַזוֹ. דֶער בְּרִית חֲדָשָׁה זָאגְט אַז תּוֹרָה שֶׁבְּעַל פֶּה אִיז מְבַטֵּל דִיא תּוֹרָה פון גָאט. אִין מַרְקוּס קַפִּיטֶעל ז׳ פָּסוּק ה׳ בִּיז ז׳ שְׁטֵייט אַזוֹ: „דֶערְנָאךְ הָאבִּין אִיהם דִיא פְּרוּשִׁים און סוֹפְרִים גִיפְרֶעגְט, פַאר וָואס גֵיין דַיינֶע תַּלְמִידִים נִיט נָאךְ דֶער תּוֹרָה שֶׁבְּעַל פֶּה, און עֶסִין בְּרוֹט מִיט אוּם גִיוַואשִׁינֶע הֶענְד: אָבִּיר עֶר הָאט גִיעֶנְטְפִירְט און הָאט גִיזָאגְט צוּ זַייא: יְשַׁעְיָה הָאט רֶעכְט מִתְנַבֵּא גִיוֶועזִין אויף אַייךְ שְׁמֵייכְלֶירְס, וְויא עֶס שְׁטֵייט גִישְׁרִיבִּין, דָאס דָאזִיגֶע פָאלְק הַאלְט מִיךְ עֶהרְלִיךְ מִיט דִיא לִיפְּפִּין, אָבִּיר זַייעֶר הַארְץ אִיז דֶערְוַוייטֶירְט פון מִיר: און אוּם זוּנְסְט טְהוּן זַייא זִיךְ פַאר מִיר פוּרְכְטִין און לֶערְנִין זָאלְכֶע לֶעהְרִין וָואס זֶענִין נוּר דִיא מִצְוֹת פון מֶענְשִׁין". תּוֹרָה שֶׁבְּעַל פֶּה אִיז נָאךְ שְׁטַארְקֶער קֶייגִין אַלֶע אַנְדֶערֶע אֱמוּנוֹת. זִיא זָאגְט אַז אַלֶע דִיא וֶועלִין קֵיין עוֹלָם הַבָּא נִיט הָאבִּין וָואס גְלוֹיבִּין נִיט אַז זִיא אִיז פון גָאט, און זִיא זָאגְט קְלָאר אַרוֹיס אַז דִיא קְרִיסְטִין זֶענִין אויךְ אַזֶעלְכֶע לַייט. אִין הִלְכוֹת תְּשׁוּבָה פֶּרֶק ג׳ ו׳ שְׁטֵייט אַזוֹ:

ואלו הן שאין להן חלק לעולם הבא אלא נכרתים ואובדין ונידונין על גודל רשעם וחטאתם לעולם ולעולמי עולמים המינים והאפיקורסין והכופרים בתורה וכו׳

„און דִיא דָאזִיגֶע זֶענִין דִיא וָואס הָאבִּין קֵיין חֵלֶק עוֹלָם הַבָּא נִיט,

נַייאָרְט וָואס וֶוערִין פֶערְשְׁנִיטִין און קוּמִין אוּם און וֶוערִין גִימְשְׁפָּט וֶוענִין זֵייעֶר גְרוֹים רְשָׁעוּת און זִינְד פון אֵייבִּיגְקֵייט צוּ אֵייבִּיגְקֵייט, דִיא מִינִים, דִיא אַפִּיקוֹרְסִים און דִיא וָואס לֵייגְנִין אָבּ דִיא תּוֹרָה״ וכו׳. דָאס אִיז נוּן בִּכְלָל גִיזָאגְט, אָבִּיר כְּדֵי אַז מַאן זָאל זִיךְ גָאר נִיט טוֹעֶה זַיין און אַז מַאן זָאל בִּפְרַט אַרוֹיס וִויסְסִין וֶוער אַלִים גִיהֶערְט צוּ דִיא דָאזִיגִי לַייט אַזוֹ שְׁטֵייט דֶערְנָאךְ נָאךְ קְלֶערִיר אַרוֹיס:

שלשה הן הכופרים בתורה האומר שאין התורה מעם ה׳ אפילו פסוק אחד אפילו תיבה אחת אם אמר משה אמרו מפי עצמו הרי זה כופר בתורה וכן הכופר בפירושיה והיא תורה שבעל פה והמכחיש מגידיה כגון צדוק וביתוס והאומר שהבורא החליף מצוה זו במצוה אחרת וכבר בטלה תורה זו אף על פי שהיא היתה מעם ה׳ כגון הנוצרים וההגרים כל אחד משלשה אלה כופר בתורה.

„דְרַייא זֶענִין עֶס וָואס לֵייגְנִין אָבּ דִיא תּוֹרָה. דֶער וָואס זָאגְט אַז דִיא תּוֹרָה אִיז נִיט פוּן גָאט חָאטְשִׁי נוּר אֵיין אֵיינְצִיגִיר פָּסוּק חָאטְשִׁי נוּר אַיין אֵיינְצִיגִים וָוארְט אוֹדִיר וֶוען עֶר זָאגְט מֹשֶׁה הָאט עֶס פוּן זִיךְ זֶעלְבִּיר גִיזָאגְט אַזוֹ אֵיינִיר לֵייגְנְט אָבּ דִיא תּוֹרָה. אַזוֹ אוֹיךְ דֶער וָואס לֵייגְנְט אָבּ אִיהְרִי פֵּירוּשִׁים דָאס אִיז תּוֹרָה שֶׁבַּעַל פֶּה און וָואס פֶערְלֵייגְנְט אִיהְרִי אֲגָדוֹת דְהַיְינוּ וִויא צָדוֹק און בַּיְתוֹס. און דֶער וָואס זָאגְט אַז דֶער בִּישֶׁעפִיר הָאט פֶערְטוּישְׁט דָאס גִיבָּאט פַאר אֵיין אַנְדִיר גִיבָּאט און אַז דִיא דָאזִיגִי תּוֹרָה אִיז שׁוֹין לַאנְג בָּטֵל גִיוָוארִין חָאטְשִׁי זִיא אִיז גִיוֶועזִין פוּן גָאט דְהַיְינוּ וִויא דִיא קְרִיסְטִין און דִיא טֶערְקִין. אִיטְלִיכִיר פוּן דִיא דָאזִיגִי דְרַייא לֵייגְנְט אָבּ דִיא תּוֹרָה״.

אִין דֶעם עֶרְשְׁטִין כְּלַל שְׁמוּם זֶעהִין מִיר נָאךְ דִיא אִיצוּנְדִיגִי יוּדִישִׁי אֱמוּנָה נָאךְ אַז אַלִי דִיא וָואס הֵייסִין „כּוֹפְרִים בַּתּוֹרָה״ הָאבִּין קֵיין חֵלֶק עוֹלָם הַבָּא נִיט, און דֶערְנָאךְ הֵייסְט עֶס וִוידִיר בִּפְרַט אַז דִיא קְרִיסְטִין הֵייסִין אוֹיךְ כּוֹפְרִים בַּתּוֹרָה, בֵּיידִים צוּ זַאמְמִין גִינוּמִין וַוייזְט זִיךְ נוּן אוֹים אַז דִיא אִיצוּנְדִיגִי יוּדִישִׁי אֱמוּנָה לֶערְנְט אַז דִיא קְרִיסְטִין קֶענִין קֵיין עוֹלָם הַבָּא נִיט הָאבִּין. מִיר הָאבִּין דָאס דִיא יוּדִין נִיט פַאר אִיבִּיל אַז זֵייא זָאגִין אַזוֹ. מִיט זֵייעֶרִי דָאזִיגִי דֵעָה וַוארְפִין מִיר זֵייא נִיט פָאר אַז זֵייא הָאבִּין פַיינְדְשַׁאפְט קֵייגִין אַלִי אַנְדִירִי מֶענְשִׁין און קֶענִין

קיינים

קיינים ניט ליידין וואס גלויבט איינע אנדירי אמונה, אדרבה מיר האלטין אזעלכי יודין פאר עהרליכי לייט וואס זאגין עהרליך און אן פחד ארויס אז זייא גלויבין דאס, ווען זייא גלויבין טאקיש אז דאס איז אמת. זייא מיינין אז מיר זענין כופרים איביר דעם מוזין זייא גלויבין אז מיר וועלין קיין חלק עולם הבא ניט האבין, און ווען זייא מיינין און גלויבין דאס טאקיש באמת, אזו קענין זייא דעם בעסטין ביווייז פון וואהרהאפטיגי ליבשאפט דערדורך געבין אז זייא זאלין אונס ווארינין פאר דיא סכנה. אביר ווען עס איז נון יוא איינע זאלכי אמונה פאר האנדין וואס זאגט אזו גאנץ קלאר ארויס אז מיר קריסטין וועלין אייביג גימשפט און גישטראפט ווערין און קיין חלק עולם הבא ניט האבין, און דאס גאנץ פראסטי איביר דעם ווייל מיר גלויבין ניט עטליכי עיקרים פון יעני אמונה, ווען דאס איז יוא אזו, נון אזו מיינין מיר אז מיר האבין רעכט אונס און אונזערי אמונה צו פערענטפירין און צו וועהרין, און ניט אלליין דאס, נייארט מיר האלטין עס אויך נאך פאר אונזער גרויסין חוב צו פרובין דיא טעמים פון דיא רייד פון יעני אמונה און מיט רוהיגין גימוטה אביר עהרליך ארויס צו זאגין אונזערי טעמים פאר וואס מיר גלויבין יעני אמונה ניט. מיר וויססין גוט אז עס זענין צווישין דיא איצונדיגי יודין עטליכי פארהאנדין וואס האלטין דעם דאזיגין פסק פון תורה שבעל פה איביר אונס פאר הארט און גראב, און זייא מיינין רעכט צו האבין דאס ניט צו גלויבין ווייל אויף איין אנדיר אורט זאגט דיא תורה שבעל פה:

חסידי אומות העולם יש להם חלק לעולם הבא.

„דיא פרומי לייט פון דיא פעלקיר אין דער וועלט האבין חלק עולם הבא". אביר קענין זייא ביווייזין אז תורה שבעל פה האלט דיא קריסטין פאר דיא פרומי לייט פון דיא פעלקיר, ווען זייא זאלין דאס קענין, אזו מעכטין זייא דערמיט ביווייזין אז איין מאל זאגט תורה שבעל פה אז דיא קריסטין האבין קיין חלק עולם הבא ניט, און דאס אנדירי מאל זאגט זיא ווידיר אז זייא האבין עס יוא, דאס הייסט, זייא מעכטין דערמיט ביווייזין אז תורה שבעל פה איז זיך זעלביר גאנץ גראב סותר, מילא קאן זיא דאך ווידיר ניט זיין פון גאט. קענין זייא דאס אביר ניט ביווייזין אזו העלפט דא גאר נישט דער כלל שמוס אז

דיא פְרוּמִי לַייט פון דיא אַנְדִירִי פֶעלְקֶער הָאבִּין חֵלֶק עולָם הַבָּא. וָוארִין דיא אֵייגִינִי תּוֹרָה שֶׁבַּעַל פֶּה וָואס זָאגְט דֶעם כְּלַל פון דיא חֲסִידֵי אומות הָעולָם, דיא אֵייגִינִי זָאגְט דֶערְנָאךְ בְּפֵירוּשׁ אַרוֹיס אַז דיא קְרִיסְטִין הָאבִּין קֵיין חֵלֶק עולָם הַבָּא נִיט, מֵילֶא גִיהֶערִין זֵייא נִיט צוּ דיא חֲסִידֵי אומות הָעולָם, וָוארִין דיא הָאבִּין יוא עולָם הַבָּא, צוּ עֶרְשְׁט שְׁטֵייט דֶער כְּלַל און דֶערְנָאךְ קוּמְט דֶער פְּרַט קֵייגִין דיא קְרִיסְטִין. דָארְט שְׁטֵייט צוּ פְרִיר דֶער כְּלַל אַזוֹ:

כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא . . . וכן חסידי אומות העולם יש להם חלק לעולם הבא:

„אַלִי יוּדִין הָאבִּין חֵלֶק עולָם הַבָּא . . . . און אַזוֹ אויךְ דיא פְרוּמִי פון דיא פֶעלְקֶער אִין דֶער וֶועלְט הָאבִּין חֵלֶק עולָם הַבָּא". און בַּאלְד דֶערְנָאךְ שְׁטֵייעֶן דיא וֶוערְטֶער: ואלו הן שאין להם חלק וכו' „און דיא דָאזִיגִי זֶענִין וָואס הָאבִּין נִיט קֵיין חֵלֶק" וכו'. מֵילֶא אַזוֹ וַוייזְט נון דֶער דָאזִיגֶער פְּרַט קְלָאר אַז מַאן זָאל זִיךְ נִיט טוֹעֶה זַיין און מַאן זָאל נָאךְ תּוֹרָה שֶׁבַּעַל פֶּה נָאךְ דיא קְרִיסְטִין נִיט רֶעכְנִין צוּ יֶענִים כְּלַל, וָוארִין זֵייא קֶענִין קֵיין חֵלֶק עולָם הַבָּא נִיט הָאבִּין. נון וֶועלִין מִיר אָבֶּער אויךְ פְּרוּבִין דיא גוּטִיגְקֵייט פון דיא יוּדִישִׁי אֱמוּנָה נָאךְ תּוֹרָה שֶׁבַּעַל פֶּה נָאךְ וָואס גִיבְּט אִיבֶּער אוּנְס אַרוֹיס אַזוֹ אַיין פְּסַק אַרוֹיס אויף אֵייבִּיג. מִיר הָאבִּין אַיין גוּטִין בְּרוּף שְׁטֵיין, וָואס קֵיין יוּד קָאן נִיט אָבּ לֵייגְנִין אַז עֶר אִיז גוּט, טַאקִישׁ דָאס הֵיילִיגִי סֵפֶר וָואס דְרִינִין שְׁטֵיין דיא רֵייד פון מֹשֶׁה און דיא נְבִיאִים. מִיר ווִילְלִין דיא תּוֹרָה שֶׁבַּעַל פֶּה נִיט גְלוֹיבִּין, נִיט אִיבֶּער דֶעם וַוייל זִיא רַאבְּט זִיךְ אוּנְס נָאךְ אוּנְזֶערִי דֵעָה נָאךְ שְׁלֶעכְט צוּ זַיין, נַייאֶרְט וַוייל זִיא אִיז סוֹתֵר דיא קְלָארִי רֵייד פון תְּנַ"ךְ. עֶס אִיז קֵיין פְּלַאץ נִיט דָא דָאס אִיצוּנְד אויף פִילֶערְלֵייא אוֹפַנִים צוּ בִּיוַוייזִין, מִיר וֶועלְלִין אִיצוּנְד נוּר אֵיינִי זַאךְ מַזְכִּיר זַיין וָואס אִיז שׁוֹן אַלְלֵיין גִינוּג אוֹיס צוּ וַוייזִין אַז אַזוֹ אֵיינִי אֱמוּנָה וָואס הֵייסְט דָאס גְלוֹיבִּין קָאן נִיט זַיין פון גָאט. אִין דֶער גְמָרָא מַסֶכֶת פְּסָחִים דַף מ"ט ע"ב שְׁטֵייט אַזוֹ:

אמר רבי אלעזר עם הארץ מותר לנוחרו ביום הכפורים שחל להיות בשבת אמרו לו תלמידיו רבי אמור לשוחטו אמר להן זה טעון ברכה וזה אינו טעון ברכה:

רבי

„רַבִּי אֶלְעָזָר האָט גיזאָגט אַיין עַם הָאָרֶץ מֶעג מַאן דיא נָאז לֶעכִירן אַם יום כִּפּוּר וואָס גיפאלט אָן שַׁבָּת. האָבּין צו אִיהם זֵיינֵי תַּלְמִידִים גיזאָגט, רַבִּי, זאָגט אַז מֶען מֶעג אִיהם שֶׁחְטְן. האָט ער צו זֵייא גיזאָגט, בַּייא דֶעם מוּז מַאן אַיין בְּרָכָה מַאכִין, אָבִּיר בַּייא יֶענים מוּז מַאן נִיט אֵיין בְּרָכָה מַאכִין“. דֶער וואָס לֵייֶענְט דאָס האָט נִיט ערְשְׁט גֵייטִיג דֶערְמַאנְט צוּ ווערין אָן דֶעם גיבָּאט וואָס עֶס שְׁטֵייט אִין דִיא עֲשֶׂרֶת הַדִּבְּרוֹת, לא תרצח, „דוּא זָאלְסְט נִיט טוֹיט שְׁלָאגִין“. דָאס דָאזִיגֵי שְׁטִיק גְּמָרָא ווייזְט אָבִּיר אֵיינִי פֶערְשְׁמֶעהוּנְג גָאר מִיאוּס קֵייגִין אִיטְלִיכִין וואָס אִיז קֵיין לַמְדָן נִיט. אָבִּיר דָאס אִיז אַקֵייגִין דֶעם שְׁטֵייגִיר פוּן גָאט ב"ה, פוּן אִיהם שְׁטֵייט גִישְׁרִיבִּין תְּהִלִּים קמ"ה פָּסוּק ט' ורחמיו על כל מעשיו, „זַיינֵי בַּארְמהֶערְצִיגְקַייטִין זֶענִין אִיבִּיר אַ ל י זַיינֵי ווערְק“, מֵילָא אִיבִּיר אַלִי, נִיט אִיבִּיר עֲשִׁירִים אוּן לַמְדָנִים, נַייאִירְט אוֹיךְ אִיבִּיר דִיא וואָס זֶענִין אָרִים אוּן וואָס זֶענִין קֵיינִי לַמְדָנִים נִיט.

בֶּאֱמֶת דָאס דָאזִיגֵי שְׁטִיק פוּן דֶער גְּמָרָא אִיז אַזוֹ מִיאוּס אַז מַאן מֶעכְט שִׁיר ווֶעלְלִין מֵיינִין אַז עֶס אִיז נוּר דוּרְךְ אַיין טָעוּת אִין דִיא גְּמָרָא אַרַיין גִיקוּמִין, אוֹדִיר מַאן מֶעכְט לְכָל הַפָּחוֹת מֵיינִין אַז מִן הַסְתַּם שְׁטֵייעֶן בַּאלְד דֶערְנָאךְ הַארְטִי אוּן קְלָארִי רֵייד וואָס זֶענִין דֶעם דָאזִיגִין פְּסַק מְבַטֵּל. אָבִּיר, נֵיין, אַבִּיסִילִי שְׁפֶּעטִיר זָאגְט ווידִיר אֵיין אַנְדִירִיר פוּן דִיא חַ כְ מֵ י הַתַּלְמוּד, עם הארץ מותר לקרעו כדג, „אֵיין עַם הָאָרֶץ מֶעג מַאן צוּ רַייסִין וִויא אַיין פִישׁ“, אוּן צוּ פְרִיר שְׁטֵייט אַז אַיין בֶּן יִשְׂרָאֵל טָאר נִיט פַּאר אַיין ווַייבּ נֶעמִין דִיא טָאכְטִיר פוּן אַיין עַם הָאָרֶץ ווָארִין זִיא אִיז נִיט בֶּעסִיר פוּן אַיין בְּהֵמָה. אִיךְ וִויל דָא אוֹיךְ דָאס דָאזִיגֵי שְׁטִיק בְּהֶמְשֵׁךְ אַהֶער שְׁטֶעלְלִין, מַאן קָאן דְרוֹיס גוּט דֶערְקֶענִין וואָס פַאר אֵיינִי לֶערְנוּנְג דָאס אִיז וואָס דִיא חַכְמֵי הַתַּלְמוּד הֵייסִין פַאר גֶעטְלִיךְ אֱמֶת הַאלְטִין. אִין פְּסָחִים דַף מ"ט ע"ב בַּאלְד אִין אָנְהוֹיבּ שְׁטֵייט אַזוֹ:

תנו רבנן לעולם ימכור אדם כל מה שיש לו וישא בת ת"ח לא מצא בת ת"ח ישא בת גדולי הדור לא מצא בת גדולי הדור ישא בת ראשי כנסיות. לא מצא בת ראשי כנסיות ישא בת גבאי צדקה לא מצא בת גבאי צדקה ישא בת מלמדי תנוקות ולא ישא בת עמי

הארץ

הארץ מפני שהן שקץ ונשותיהם שרץ ועל בנותיהם הוא אומר ארור שוכב עם כל בהמה.

„דיא רבנים האבין גילערנט, אייביג זאל איין מענש פערקויפין אלים וואס ער האט און זאל פאר איין ווייב נעמין דיא טאכטיר פון איין תלמיד חכם, האט ער ניט גיקריגין דיא טאכטיר פון איין תלמיד חכם אזו זאל ער נעמין דיא טאכטיר פון דיא גרוסי לייט פון דור, האט ער ניט גיקריגין דיא טאכטיר פון דיא גרוסי לייט פון דור אזו זאל ער נעמין דיא טאכטיר פון דיא אובירשטי לייט פון קהילות, האט ער ניט גיקריגין דיא טאכטיר פון דיא אובירשטי לייט פון קהילות אזו זאל ער נעמין דיא טאכטיר פון איין צדקה גבאי, האט ער ניט גיקריגין דיא טאכטיר פון איין צדקה גבאי אזו זאל ער נעמין דיא טאכטיר פון קינדיר מלמדים, אביר ער זאל ניט נעמין דיא טאכטיר פון גראבי יונגין (עמי הארץ), וואריןזייא זענין איינע פער אום ווירדיגונג (שקץ) און זייארי ווייביר זענין איינע ווידמינונג (שרץ) און אויף זייארי טעכטיר זאגט דער פסוק פערפלוכט איז דער וואס ליגט בייא איטליכי בהמה". דא מעכט מאן ווידיר מיינין אז דאס איז על פי טעות אין דיא גמרא אריין גיקומין, אודיר אז דאס שטייט נור אויף קאטאוויס, חאטשי אזו איין קאטאוויס וואלט משונה מיאוס גיוועזין, אביר מאן קאן ניט מעהר בשום אופן אזו מיינין ווען מאן גיפינט אז דם אייגיני שטייט אויך אין שלחן ערוך חלק ב' אין הלכות פריה ורביה, און וואס אין שלחן ערוך שטייט דאס גילט בייא דיא יודין פאר איין דין גאנץ פעסט. נון מעכט מאן ווידיר מיינין אז עם הארץ מיינט מאן אפשר ניט איין גראבין יונג, נייארט עפים שלעכטירס, אפשר מיינט עס נאך דעם ווערטליכין טייטש נאך „עם" דאס פאלק „הארץ" פון דעם לאנד, דיא לייט פון דעם לאנד, דיא כנענים וואס האבין עבודה זרה גידינט. אביר דיא דאזיגי מיינונג איז אויך ניט רעכט, וואריןאין דער גמרא מיינט עם הארץ איין גראבין יונג איין יוד וואס איז קיין למדן ניט. מאן ווייס גוט דעם דין:

### ממזר תלמיד חכם קודם לכהן גדול עם הארץ

„איין תלמיד חכם וואס איז איין ממזר גייט פאר איין כהן גדול וואס איז איין עם הארץ" דא שטייט קלאר „עם הארץ" קייגין איביר דעם

תלמיד

„תַּלְמִיד חָכָם״, דֶער גְרָאבִּיר יוּנְג קֵייגִין דֶעם לַמְדָן. און אויךְ בַּאלְד נָאךְ יֶענִים שְׁטִיק אִין דֶער גְמָרָא שְׁטֵייט וַוייטִיר:

עם הארץ אסור לאכול בשר בהמה שנאמר זאת תורת הבהמה והעוף כל העוסק בתורה מותר לאכול בשר בהמה ועוף וכל שאינו עוסק בתורה אסור לאכול בשר בהמה ועוף.

„אַיין עַם הָאָרֶץ טָאר נִיט עֶסִין פְלֵייש פוּן אַיין בְּהֵמָה וָוארִין עֶס שְׁטֵייט אִין פָּסוּק דָאס אִיז דִיא לֶערְנוּנְג פוּן בְּהֵמוֹת און עוֹפוֹת, אִיטְלִיכִיר וָואס אִיז עוֹסֵק אִין דֶער תּוֹרָה מֶעג עֶסִין פְלֵייש פוּן בְּהֵמָה און עוֹף אָבִּיר אִיטְלִיכִיר וָואס אִיז נִיט עוֹסֵק אִין דֶער תּוֹרָה טָאר נִיט עֶסִין פְלֵייש פוּן בְּהֵמָה און עוֹף״. אויךְ דָא אִיז אַיין עַם הָאָרֶץ אַיין זָאלְכִיר וָואס אִיז נִיט עוֹסֵק אִין דֶער תּוֹרָה. דָאס דָאזִיגִי שְׁטִיק שְׁטֵייט אויף דֶעם אֵייגִינִין בְּלַאט מִיט יֶענִי שְׁטִיקִיר אוֹבִּין און מֵיינִין דִיא אֵייגִינִי זַאךְ, אַזוֹ וַוייזְט זִיךְ דָאס אויס דִיא גְרוֹסִי גַאֲוָה פוּן דִיא חַכְמֵי הַתַּלְמוּד און זֵייעֶרִי פֶערְשְׁמֶעהוּנְג קֵייגִין דִיא פְּרָאסְטַאקִים וָואס קֶענִין נִיט לֶערְנִין, קֵייגִין דִיא אָרִימִי לַייט וָואס קֶענִין נִיט לַמְדָנִים וֶוערִין. וֶוען מַאן לֵייֶנְט דִיא דָאזִיגִי שְׁטִיקִיר גְמָרָא קוּמְט גַאנְץ פָּשׁוּט אִין זִין אַרַיין צוּ פְרֶעגִין, צוּ וֶועלְכִי לַייט גִיהֶערִין דֶער גִימֵיינִיר עוֹלָם פוּן דִיא יוּדִין אִין דִיא מֵיינְסְטִי שְׁטֶעט, עַל פִּי רוֹב זֶענִין צוּ הוּנְדִירְט און צוּ טוֹיזִינְד יוּדִין פַאר הַאנְדִין וָואס קֶענִין נִיט לַמְדָנִים וֶוערִין, צוּ וֶועמִין גִיהֶערִין זֵייא נוּן. צוּ דִיא תַּלְמִידֵי חֲכָמִים אוֹדִיר צוּ דִיא פְּרָאסְטַאקִים צוּ דִיא עַמֵי הָאָרֶץ. מוּז מַאן זֵייא און זֵייעֶרִי וַוייבִּיר און זֵייעֶרִי טֶעכְטִיר נָאךְ דֶער גְמָרָא נָאךְ הֵייסִין שֶׁקֶץ שֶׁרֶץ און פַאר בְּהֵמוֹת הַאלְטִין. אוֹדִיר קָאן אֵיינִי אֱמוּנָה וָואס לֶערְנְט אַזֶעלְכִי זַאכִין, אַרוֹיס קוּמִין פוּן הַקָּדוֹשׁ בּ״ה וָואס עֶר אִיז קֵיין נוֹשֵׂא פָּנִים נִיט. זֶעהט אִיהר קִינְדִיר פוּן אַבְרָהָם וָואס אִיהר זֶענְט נָאךְ דֶער גְמָרָא נָאךְ וֶוען דִיא הַשְׁגָחָה פוּן גָאט בּ״ה לָאזְט אַייךְ זַיין אָרִים אַזוֹ אַז אִיהר קֶענְט קֵיינִי לַמְדָנִים נִיט וֶוערִין. אִיהר זֶענְט אַזוֹ קֵיינִי תַּלְמִידֵי חֲכָמִים נִיט, אויךְ קֵיינִי גְרוֹסִי לַייט פוּן דוֹר נִיט, אויךְ קֵיינִי אוֹבִּירְשְׁטִי פוּן קְהִילוֹת נִיט, אויךְ קֵיינִי צְדָקָה גַבָּאִים נִיט, אויךְ קֵיינִי קִינְדִיר מְלַמְדִים נִיט. וֶוען אִיהר קֶענְט נוּן דָאס אַלִים נִיט זַיין וָואס דִיא גְמָרָא רוּהמְט אַזוֹ הוֹךְ, וָואס זֶענְט אִיהר דֶען, אִיהר און אַייעֶרִי וַוייבִּיר און אַייעֶרִי טֶעכְטִיר. יֶענִי שְׁטִיקִיר גְמָרָא זָאגִין אַייךְ וָואס אִיהר זֶענְט.

קענט איהר גלויבין אז דאס איז תורת אלהי ישראל. קענט איהר חאטשי איין אויגין בליק מיינין אז דיא דאזיגי חכמים האבין גיקענט „דיא אלטי שטעגין” „דעם גוטין וועג”. ווען איהר קענט דאס יוא גלויבין און מיינין, אזו מוזין מיר אייך פערזיכירין אז מיר קענין דאס ניט טהון. מיר גיפינין גאר עפים אנדירשט גיזאגט פון ארימי גימייני לייט. מיר גיפינין עס אין דעם ספר וואס דרינין שטייט „וואוהל דעם וואס גיבט אכטונג אויף דעם ארימין” (תהלים מ"א פסוק ב') און אין דעם אנדירין ספר וואס שמוסט אויך אין דעם אייגינין שטייגיר. „גאט האט אוים דערוויילט דיא נארישי זאכין פון דער וועלט אז ער זאל פערשעמין דיא קלוגי, און דאס שוואכי פון דער וועלט האט גאט אוים דערוויילט אז ער זאל פערשעמין דיא שטארקי, און דאס גימייני פון דער וועלט און דאס וואס איז פערשמעהט האט גאט אוים דערוויילט און דאס וואס איז ניט, צו פערשטערין דאס וואס איז. אז קיין בישעפינים זאל זיך פאר איהם ניט בירוהמין”, (א' קרנתים א' פסוק כ"ז וכ"ח).



(ירמיה ו' ט"ז)

כה אמר יהוה עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם אי זה דרך הטוב ולכו בה ומצאו מרגוע לנפשיכם ויאמרו לא נלך:

# נתיבות עולם

עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז

דיא אלטי שטעגין.

## נומר ב׳

פון דיא גאנץ קלארי רייד פון דעם ברית חדשה ווייזט זיך אויס אז דיא לומדים און רבנים פון דיא יודין, דיא פרושים און סופרים, זענין שרעקליכי שונאים גיוועזין פון ישוע הנוצרי, און אז זייא זענין דיא עיקר רייט גיוועזין וואס האבין המצאות און בלבולים אויס גיטראכט דעם טוט איביר איהם צו ברענגין. דיא איצונדיגי יודין האלטין דיא דאזיגי מעשה פאר איין גוטין תירוץ פאר וואס זייא האלטין איהם ניט פאר דעם רעכטין משיח. זייא האלטין פאר גאנץ גיוויס אז דיא גרוסי און גילערנטי לייט פון יעני צייט זענין גוט און פרום גיוועזין, און אז זייא האבין מסתמא רעכט גיהאט אזו צו טהון וויא זייא האבין גיטהאן. זייא מיינין, אז ווען ישוע הנוצרי וואלט דער רעכטיר משיח גיוועזין אזו וואלטין דיא סנהדרין, דיא דענצומאליגי יועצים פון דיא יודין איהם גיוויס אן גינומין, ווייל זייא האבין איהם אביר פער שמעהיט און ניט אן גינומין, דארום קאן ער ניט זיין דער משיח אמת. דערקייגין דערציילט אונס אביר דער ברית חדשה אדרבה גאנץ קלאר אז זייא האבין אן איהם ניט גיגלויבט ווייל זייא זענין רשעים גיוועזין, און אז זייא זענין שונאים גיוועזין פון ישוע המשיח ווייל ער האט זייא דעם אמת גיזאגט און האט זייא אויס גיוויזין אז זייא זענין חונפים, נור פון אויסינווייניג מיקלאמפירשט פרום גיוועזין. נון, וועלכיר פון דיא דאזיגי ביידי טעמים איז נון אמת. זענין דיא סופרים, דיא גרוסי ליבהאבירס פון תורה שבעל פה, זענין זייא גוט און פרום אודיר שלעכט און בייז גיוועזין. ווער עס האט דעם נומר א׳ גילייענט וועט קענין איין גוט שטיק תירוץ דרויף ענטפירן. האבין יעני לייט גיקאנט גוט און פרום זיין וואס האבין זיך ניט גישעמט דערפון צו שמוסין אז עס איז רעכט אז מאן זאל איינים

טוט

טוט שְׁלָאגִין וָואס אִיז קַיין לַמְדָן נִיט , אוּן וָואס פֶּערְשְׁמֶעהִין אוּן הַאלְטִין וַוייב אוּנ קִינְד פוּן אַיין עַם הָאָרֶץ פַאר שֶׁקֶץ שֶׁרֶץ אוּנ בְּהֵמוֹת. וֶוען זֵייא הָאבִּין גִיזָאגְט מִיט רִשְׁעוּת זָאגִין אַז מַאן מֶעג אַיין עַם הָאָרֶץ צוּ רַייסִין וִויא אַיין פִּישׁ , אַיין יוּד וָואס הָאט זֵייא קֵיין מָאל קֵיין שְׁלֶעכְטְס נִיט גִיטָאהן , וָואס הָאבִּין עֶרְשְׁט אַזֶעלְכִי לַייט גִיזָאגְט טְהוּן קֵייגִין אֵיינִים וָואס הָאט זֵייא זֵייאֶר רִשְׁעוּת אוּיס גִיוִויזִין אוּנ זֵייא אִין פָּנִים אַרַיין גִיזָאגְט אַז זֵייא זֶענִין דוּרְךְ זֵייעֶרִי תּוֹרָה שֶׁבְּעַל פֶּה מְבַטֵּל דִיא תּוֹרָה פוּן גָאט בָּ"ה . טַאקִישׁ דָאס זֶעלְבִּיגִי אַז יֵשׁוּעַ הַנּוֹצְרִי אִיז דוּרְךְ אַזֶעלְכִי לַייט צוּם טוֹט גִיבְּרֶענְגְט גִיוָוארִין , דָאס אַלְלֵיין אִיז שׁוֹן צוּ פָּאר אוּיס אַיין בִּיוַוייז אַז עֶר אִיז אַיין פְּרוּמִיר מַאן גִיוֶועזִין אוּנ אַז זַיינִי רֵייד זֶענִין רֶעכְט גִיוֶועזִין. אָבִּיר חוּץ דֶעם אִיז עֶס וֶוערְטְה חוֹקֵר וְדוֹרֵשׁ צוּ זַיין וָואס פַארִי פָארְוֶוערְף דֶער בְּרִית חֲדָשָׁה מַאכְט דִיא דָאזִיגִי לוֹמְדִים אוּנ חֲכָמִים , אוּנ צוּ זֶעהִין אוֹבּ דִיא פָארְוֶוערְף וַוייזִין זִיךְ אוּיס פַאר אֱמֶת, אוֹבּ דִיא דָאזִיגִי לַייט זֶענִין נָאךְ זֵייעֶרִי תּוֹרָה שֶׁבְּעַל פֶּה נָאךְ טַאקִישׁ דָאס גִיוֶועזִין וָואס דֶער בְּרִית חֲדָשָׁה וַוארְפְט זֵייא פָאר , אַיין פָארְוָוארְף קֵייגִין זֵייא אִיז אַז זֵייא זֶענִין בַּעֲלֵי גַאֲוָה גִיוֶועזִין , הָאבִּין לִיבּ גִיהַאט כָּבוֹד פוּן עוֹלָם הַזֶּה , אוּנ הָאבִּין גִיוָואלְט הָאבִּין אַז מַאן זָאל זֵייא פַאר גְרוֹסִי לַייט הַאלְטִין . "אַלִי זֵייעֶרִי מַעֲשִׂים טְהוּן זֵייא אַז זֵייא זָאלִין גִיזֶעהִין וֶוערִין פוּן דִיא לַייט, זֵייא מַאכִין בְּרֵייט זֵייארִי תְּפִילִין אוּנ מַאכִין לַאנְג דִיא צִיצִית פוּן זֵייעֶרִי קְלֵיידִיר , אוּנ הָאבִּין לִיבּ אוֹבִּין אָן צוּ זִיצִין אוּיף סְעוּדוֹת , אוּנ צוּ שְׁטֵיין אוֹבִּין אָן אִין דִיא שׁוּהְלִין , אוּנ מַאן זָאל זֵיי גְרִיסִין אִין דִי גַאסְסִין , אוּנ דִי לַייט זָאלִין זֵיי רוּפִין רִבִּי , רִבִּי" (מַתְיָא כ"ג פָּסוּק ה' בִּיז ז') . נוּן , אִיז דֶער דָאזִיגִיר פָארְוָוארְף אֱמֶת . וַוייזְט תּוֹרָה שֶׁבְּעַל פֶּה אוּיס אַז דִיא דָאזִיגִי רֵייד זֶענִין אֱמֶת , אוֹדִיר וַוייזְט זִיא אוּם גִיקֶעהְרְט אוּיס אַז דִיא שׂוֹנְאִים פוּן יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ זֶענִין דֶעמוּטִיגִי פְּרוּמִי לַייט גִיוֶועזִין, וָואס מַאן זָאל זִיךְ קֶענִין פוּן זֵייעֶרִי פְּרוּמִיגְקַייט אַיין מָשָׁל נֶעמִין וִויא פְרוּם עֶהְרְלִיךְ זֵייא הָאבִּין זִיךְ אוּיף גִיפִיהְרְט קֵייגִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ . לָאז מַאן זֶעהִין פוּן דִיא דִינִים וָואס אִיךְ וֶועל דָא מַזְכִּיר זַיין וָואס דִיא דָאזִיגִי לַייט הָאבִּין גִימַאכְט מִכֹּחַ זִיךְ זֶעלְבִּיר , לָאז מַאן דֶערְפוּן זֶעהִין וָואס זֵייא זֶענִין גִיוֶועזִין . צוּ עֶרְשְׁט פַּסְקִינִין דִיא דָאזִיגִי לַייט , אַז מַאן זָאל פַאר זֵייא מֶעהר פוּרְכְט הָאבִּין אוּנ זֵייא מֶעהר כָּבוֹד אָן טְהוּן וִויא פָאטִיר אוּנ מוּטִיר, אִין הִלְכוֹת תַּלְמוּד תּוֹרָה פֶּרֶק ה' שְׁטֵייט:

כשם

כשם שאדם מצווה בכבוד אביו וביראתו כך הוא חייב בכבוד רבו וביראתו יתר מאביו וכו׳,

„אַזוֹ וִויא דֶער מֶענְש אִיז גִיבָּאטִין זַיין פָאטִיר כָּבוֹד אָן צוּ טְהוּן אוּן זִיךְ פַאר אִיהם צוּ פוּרְכְטִין אַזוֹ אִיז עֶר אוֹיךְ מְחוּיָב זַיין רִבִּי כָּבוֹד אָן צוּ טְהוּן אוּנ זִיךְ פַאר אִיהם צוּ פוּרְכְטִין מֶעהר פוּן זַיין פָאטִיר״ וכו׳. דֶער דָאזִיגִיר דִין בִּכְלַל אִיז שׁוֹן שְׁלֶעכְט גִינוּג, אָבִּיר זַיינִי פְּרָטִים זֶענִין נָאךְ שְׁלֶעכְטִיר. „וֶוען אֵיין מֶענְשׁ זֶעהט עֶפִּים וָואס זַיין פָאטִיר הָאט פֶערְלוֹרִין אוּנ עֶפִּים וָואס זַיין רִבִּי הָאט פֶערְלוֹרִין, אַזוֹ זָאל עֶר צוּ עֶרְשְׁט דָאס אָב גֶעבִּין וָואס זַיין רִבִּי הָאט פֶערְלוֹרִין אוּנ דֶערְנָאךְ דָאס אָבְגֶעבִּין וָואס גִיהֶערְט צוּ זַיין פָאטִיר. וֶוען זַיין פָאטִיר אוּנ זַיין רִבִּי אֵיינִי שְׁוֶוערִי לַאסְט, אַזוֹ זָאל עֶר צוּ עֶרְשְׁט דִיא פוּן זַיין רִבִּי הֶעלְפִין אַרָאב נֶעמִין אוּנ דֶערְנָאךְ דִיא פוּן זַיין פָאטִיר. וֶוען זַיין פָאטִיר אוּנ זַיין רִבִּי זֶענִין אִין גִיפַאנְגֶינְשַׁאפְט, אַזוֹ זָאל עֶר צוּ עֶרְשְׁט זַיין רִבִּי אוֹיס לֵייזִין אוּנ דֶער נָאךְ זַיין פָאטִיר חוּץ וֶוען זַיין פָאטִיר אִיז אַיין תַּלְמִיד חָכָם אַזוֹ מֶעג עֶר צוּ עֶרְשְׁט זַיין פָאטִיר אוֹיס לֵייזִין״. וִויא שְׁרֶעקְלִיךְ אִיז דִיא דָאזִיגִי לֶערְנוּנְג. זַיין פָאטִיר, וָואס הָאט אִיהם גִיוִוינִין, וָואס הָאט אִיהם גִישִׁיצְט אִין זַיינִי קִינְדְהַייט, וָואס הָאט גִיאַרְבֵּייט אוּנ אִיהם דֶערְנֶעהְרְט, וָואס הָאט אִיהם גִיפִּילְנְיוּוִיט אִין זַיינִי קְרַאנְקְהַייט, וָואס אִיז זַיין גְרוֹסִיר פְרַיינְד, וָואס עֶר הָאט אִיהם, גָאט צוּ פָאר, אַלִים צוּ פֶער דַאנְקִין, דֶעם זָאלל אַיין מֶענְשׁ מֶעגִין זֶעהְן פֶער שְׁמַאכְטִין אִין דִיא צָרוֹת פוּן גִיפַאנְגִינְשַׁאפְט, אוּנ וֶוען עֶר קַאן אִיהם שׁוֹן יוֹא בִּיפְרַייאִין אוּנ צוּ זַיינִי מִשְׁפָּחָה צוּרִיק בְּרֶענְגִין, אַזוֹ זָאל עֶר אִיהם לָאזִין אִין זַיינִי צָרוֹת אוּנ זָאל אוֹיס לֵייזִין דֶעם רִבִּי. ווָאוּ שְׁטֵייט דָאס אִין תְּנַ״ךְ.

### כבד את אביך ואת אמך

„עֶהְרִי דַיין פָאטִיר אוּנ דַיינִי מוּטִיר״ (שמות כ׳ י״ב) דָאס אִיז דָאס עֶרְשְׁטִי גִיבָּאט וָואס שְׁטֵייט אִין עֲשֶׂרֶת הַדִּבְּרוֹת צוּ עֶרְשְׁט נָאךְ דִיא גִיבָּאט וָואס מִיר זֶענִין מְחוּיָב קֵייגִין גָאט בָּ״ה. אוּנ אוֹיךְ עַל פִּי טֶבַע אִיז דִיא לִיבְּשַׁאפְט צוּ פָאטִיר אוּנ מוּטִיר דָאס עֶרְשְׁטִי גִיפִיהל. אָבִּיר דִיא דָאזִיגִי לֶערְנוּנְג פוּן דִיא רַבָּנִים פֶערְטֵייבְּט דָאס קוֹל פוּן דֶער טֶבַע אוּנ אִיז מְבַטֵל דִיא תּוֹרָה פוּן גָאט בָּ״ה. וָואס לֶערְנְט אָבִּיר דֶער בְּרִית

חדשה

חדשה אין דער זאך: „דער וואס זארגט ניט פאר דאס זייניגי און בפרט פאר זיין הויז גיזינד, דער האט אב גילייקינט דעם גלויבין און איז ערגיר וויא איין אום גלייביגיר" (א' טמותי ה' פסוק ח'). דיא תלמידים פון דעם העררו ישוע המשיח האבין קיין מאל ניט גיזאגט אז עס קומט זייא צו אזו איין כבוד. אין דעם קפיטל וואס מיר האבין דא מזכיר גיוועזין זאגין זייא גאנץ קלאר אז צווישין דיא מצות וואס מיר זענין מחויב קייגין מענשין איז דיא מצוה דיא ערשטי וואס מיר זענין מחויב קייגין אונזיר אייגין פלייש און בלוט. נור אין איינים אופן מאכט דער ברית חדשה איין חוץ פון כבוד אב ואם, וואס דער דאזיגיר חוץ גיפינט זיך אויך אין תורת משה. דער דאזיגיר חוץ איז אין דעם אופן ווען כיבוד אב ואם מעכט זיין אין איינע זאך וואס איז קייגין דעם כבוד און ליבשאפט פון השי"ת. „ווען איינער קומט צו מיר און האסט ניט זיין אייגינין פאטיר און מוטיר און ווייב און קינדיר און ברידיר און שוועסטערין און אויך זיין אייגין לעבין, דער קאן ניט זיין מיין תלמיד" (לוק י"ד פסוק כ"ו), דא זענין פאטיר און מוטיר און קרובים גלייך גימאכט וויא דאס אייגיני לעבין פון מענש, כדי צו ווייזין אז נור אין איינים איינציגין אופן מעג מאן פון דיא נאטירליכי ליבשאפט אוועק זעהין, און דאס איז דער אופן ווען דער דינסט פון גאט ב"ה וויל עס האבין. דעסגלייכין שטייט אויך אין תורת משה (דברים י"ג פסוק ז') „ווען עס וועט דיך אן רייצין דיין ברודיר, דער זון פון דייני מוטיר, אודיר דיין זון, אודיר דייני טאכטיר, אודיר דאס ווייב פון דיין שויס, אודיר דיין גיזעלן וואס איז גלייך אזו וויא דייני זייל, אים פערבארגינין צו זאגין, מיר וועלין גיין און מיר וועלין דינין אנדירי געטיר וואס דוא האסט ניט דערקענט דוא און דייני פעטיר". און דערנאך שטייט אין פסוק ט' „דוא זאלסט ניט צו ווילין זיין צו איהם און דוא זאלסט איהם ניט גיהארכין, און דיין אויג זאל איהם ניט פערשונין, און דוא זאלסט דיך ניט דערבארמין און ניט פער העהלין איביר איהם". אין איינים זאלכין אופן איז אויך דאס שבט לוי גילובט גיווארין „וואס האט גיזאגט צו זיין פאטיר און צו זייני מוטיר איך האב איהם ניט גיזעהין, און זייני ברידיר האט ער ניט דער קענט, און זייני קינדיר האט ער ניט גיקענט, ווארין זייא האבין גיהיט דיין ווארט און דיין בונד האבין זייא גיהיט". אביר דיא גמרא וויל גאר עפים

הָאבִּין . זִיא וַוייזְט נִיט אַיין גוּטִין אוּן גִירֶעכְטִין אוֹפָּן וֶוען מַאן מֶעג אַמָאל פוּן כִּיבּוּד אַב וָאֵם אָבּ טְרֶעטִין , זִיא זָאגְט נִיט אַז מַאן מֶעג דָאס טְהוּן אִין דֶעם אוֹפָּן דְהַיְינוּ וֶוען דֶער פַּאטִיר אִיז אַיין רָשָׁע , וֶוען עֶר טְרֶעט אָבּ פוּן דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט אוּן דִינְט ע״ז ; נֵיין , זִיא זָאגְט נוּר אַז וֶוען עֶר אִיז „אַיין תַּלְמִיד חָכָם״ קוּמְט אִיהם יוֹא צוּא עֶרְשְׁט כָּבוֹד צוּא , אָבֶּער וֶוען עֶר אִיז דָאס נִיט , הָאטְשִׁי עֶר אִיז אַיין גוּטֶער אוּן פְרוּמֶער מַאן , אַיין לִיבֶּער אוּן טְרַייֶער פַּאטִיר , זָאל דָאךְ זַיין אֵייגִין קִינְד אוֹיף זַיין כָּבוֹד נִיט אַכְטִין אוּן זָאל פְרִיעֶר דֶעם רַבִּי כָּבוֹד אָן טְהוּן . קָאן מַאן דָא נָאךְ מְסוּפֶּק זַיין אַז אַזֶעלְכִי מֶענְשִׁין וָואס הָאבִּין אַזוֹ אַיין דִין אוֹיס גִיטְרַאכְט , מְתַקֵן גִיוֶועזִין , אוּן גִיהֵייסִין מְקַיֵים זַיין , אַז זֵייא הָאבִּין דֶערְמִיט נוּר גִיוָואלְט זֵייעֶר אֵייגִינֶען כָּבוֹד גְרוֹיס מַאכִין זִיךְ זֶעלְבִּיר נַחַת אָן צוּא טְהוּן . אִיז עֶס נוּן מִיגְלִיךְ צוּא מֵיינִין אַז מֶענְשִׁין וָואס זֶענִין מְבַזֶה זֵייעֶר אֵייגִינֶען פַּאטֶער וֶוענִין דֶעם כָּבוֹד פוּן זֵייאֶר רַבִּי , אַז אַזֶעלְכִי הָאבִּין זִיךְ גִיזָאלְט פִיל מַאכִין אוֹיס דֶעם לֶעבִּין פוּן אַיין מַאן וִויא יֵשׁוּעַ הַנּוֹצְרִי אִיז גִיוֶועזִין וָואס עֶר הָאט זֵייא אַרוֹיס גִיזָאגְט אַז זֵייעֶרִי תַּקָנוֹת זֶענִין אוּם רֶעכְט . אוֹדִיר קֶענִין דִיא יוּדִין מִיט דִיא תּוֹרָה אוּן דִיא נְבִיאִים אִין זֵייאֶרִי הֶענְד , קֶענִין זֵייא נוּן מֵיינִין אַז דִיא דָאזִיגִי מֶענְשִׁין וַוייזִין זֵייא „דִיא אַלְטִי שְׁטֶעגִין״ , „דֶעם גוּטִין וֶועג״ . נֵיין , אַזוֹ הָאט משֶׁה נִיט גִילֶערֶענְט . עֶר זָאגְט

## ארור מקלה אביו ואמו ואמר כל העם אמן

„פֶערְפְלוּכְט אִיז דֶער וָואס פֶערְשְׁמֶעהִיט זַיין פַּאטֶער אוֹדִיר זַיינִי מוּטֶער , אוּן דָאס גַאנְצִי פָאלְק זָאל זָאגִין אָמֵן״ (דברים כ״ז ט״ז) .

אָבֶּער מִיט דֶעם דָאזִיגִין דִין הָאבִּין דִיא חַכְמֵי הַתַּלְמוּד נָאךְ נִיט גִינוּג גִיהַאט . זֵייא זֶענִין נָאךְ נִיט צוּפְרִידִין דֶער מִיט גִיוֶועזִין אַז מֶען זָאל זֵייא מֶעהר בְּכָבוֹד הַאלְטִין וִויא פַּאטֶער אוּן מוּטִיר , זֵייא הָאבִּין זִיךְ אֲפִילוּ אוּנְטִיר גִישְׁטַאנִין צוּ זָאגִין אַז זֵייעֶר כָּבוֹד אִיז אַזוֹ הֵיילִיג וִויא דֶער כָּבוֹד פוּן גָאט .

ואין לך כבוד גדול מכבוד הרב ולא מורא ממורא הרב אמרו חכמים מורא רבך כמורא שמים ,

עֶס אִיז דִיר קֵיין גְרֶעסֶערֶער כָּבוֹד נִיט פַארְהַאנְדֶען וְויא דֶער כָּבוֹד פוּן דֶעם רִבִּי אוּן קֵיינֶע פוּרְכְט וְויא דִיא פוּרְכְט פַאר דֶעם רִבִּי , דִיא חֲכָמִים הָאבִּין גִיזָאגְט דִיא פוּרְכְט פַאר דַיין רִבִּי אִיז אַזוֹ וְויא דִיא פוּרְכְט פַאר גָאט" .

זֵייא בִּימִיהֶען זִיךְ צוּא בִּיוַוייזִין אַז זֵייא הָאבִּין רֶעכְט אַזוֹ צוּא זָאגִין אוֹיס פְּסוּקִים וְויא שמות ט"ז פָּסוּק ח

לא עלינו תלנתיכם כי על יהוה

„נִיט קֵייגִין אוּנְס אִיז אַייֶער מוּרְמִילִין נַייאֵירְט קֵייגִין יהוה" , דִיא דָאזִיגִי רֵייד הָאט משֶׁה פוּן זִיךְ גִיזָאגְט , אוּן זֵייא וְוילְלֶען הָאבִּין אַז עֶס זָאל אוֹיךְ זֵייא אוֹיךְ גֵיין . אָבֶּער זֵייא הָאבִּין נָאךְ נִיט בֶּעוְוייזִין אוּן קֶענִין עֶס אוֹיךְ נִיט בֶּעוַוייזִין אַז אִיטְלִיכֶער רִבִּי אִיז אַזוֹ גְרוֹס אוּן הָאט פוּן גָאט אַזוֹ צוּא בִּיפֶעהלִין וְויא משֶׁה . פוּן וַואנִין זָאלִין זֵייא דָאס קֶענִין אוֹיס תּוֹרַת משֶׁה בֶּעוַוייזִין . משֶׁה הָאט ווֹאהל מִיט רֶעכְט גִיקָאנְט זָאגִין „נִיט קֵייגִין אוּנְס אִיז אַייֶער מוּרְמִילֶין נַייֶערְט קֵייגֶען יהוה" , וָוארִין גָאט ב"ה הָאט אִיהם אִין זַיין שְׁלִיחוּת גִישִׁיקְט אוּן עֶר הָאט דֶעם פָאלְק אוֹיס גִיוִויזֶען דוּרְךְ אוֹתוֹת וּמוֹפְתִים אַז זַיין שְׁלִיחוּת אִיז בֶּאֱמֶת פוּן גָאט . אָבֶּער דִיא רַבָּנִים הָאבִּין דָאס אַזוֹ קֵיין מָאל נִיט גִיוָואלְט פוּן זִיךְ בִּיוַוייזִין . מֵיילָא אוֹיס יֶענִי וֶוערְטֶער פוּן משֶׁה אִיז זֵייעֶרִי רַאֲיָה גָאר מָאגִיר . נוּן הָאבֶּען זֵייא זִיךְ ווִידֶער אָן גִיחַאפְּט אָן אַנְדֶערִי פְּסוּקִים ,

כי יפלא ממך דבר למשפט בין דם לדם בין דין לדין ובין נגע לנגע דברי ריבת בשעריך וקמת ועלית אל המקום אשר יבחר יהוה אלהיך בו : ובאת אל הכהנים הלוים ואל השפט אשר יהיה בימים ההם ודרשת והגידו לך את דבר המשפט : ועשית על פי הדבר אשר יגידו לך מן המקום ההוא אשר יבחר יהוה ושמרת לעשות ככל אשר יורוך : על פי התורה אשר יורוך ועל המשפט אשר יאמרו לך תעשה לא תסור מן הדבר אשר יגידו לך ימין ושמאל :

„ווֶען אֵיינֶע זַאךְ פוּן גֶערִיכְט וֶועט צוּא שְׁוֶוער זַיין פַאר דִיר צְווִישֶׁען בְּלוּט אוּן בְּלוּט , צְווִישֶׁען גִירִיכְט אוּן גִירִיכְט , אוּן צְווִישֶׁען פְּלָאג אוּן פְּלָאג , קְרִיג זַאכִין אִין דַיינִי טְהוֹרִין , אַזוֹ זָאלְסְטוּ אוֹיף שְׁטֵיין אוּן דוּא זָאלְסְט אַרוֹיף גֵיין צוּא דֶעם אָרְט וָואס יהוה

דיין

דַיין אֱלֹהִים וֶועט אוֹיס דֶער וֵוייהֶלֶען, אוּן דוּא זָאלְסְט קוּמֶען צוּא דִיא כֹּהֲנִים, דִיא לְוִיִם אוּן צוּא דֶעם רִיכְטִיר וָואס וֶועט זַיין אִין דִיא צֵוּעלְבִּיגֶע טֶעג, אוּן דוּא זָאלְסְט פָּארְשִׁין, אוּן זֵייא וֶועלִין דִיר אַרוֹיס זָאגִין דִיא זַאךְ פוּן דֶעם גֶערִיכְט. אוּן דוּא זָאלְסְט טְהוּן נָאךְ דֶעם וָוארְט נָאךְ פוּן דִיא זַאךְ וָואס זֵייא וֶועלִין דִיר אַרוֹיס זָאגִין פוּן דֶעם זֶעלְבִּיגֶען אוֹרְט וָואס יהוה וֶועט אוֹיס דֶערְוֵוייעלֶען. אוּן דוּא זָאלְסְט הִיטֶען צוּא טְהוּן וִויא אַלִים וָואס זֵייא וֶועלִין דִיךְ לֶערְנִין, נָאךְ דֶעם וָוארְט נָאךְ פוּן דִיא לֶערְנוּנְג וָואס זֵייא וֶועלִין דִיךְ גֶלֶערְנִין אוּן נָאךְ דֶעם גִירִיכְט נָאךְ וָואס זֵייא וֶועלִין דִיר זָאגִין זָאלְסְטוּ טְהוּן. דוּא זָאלְסְט נִיט אָבְּקֶעהְרִין פוּן דֶעם וָוארְט וָואס זֵייא וֶועלִין דִיר אַרוֹיס זָאגִין צוּא דִיא רֶעכְטִי הַאנְד אוֹדֶער צוּא דֶער לִינְקֶע הַאנְד (דברים י״ז פָּסוּק ח׳ בִּיז י״א). דִיא בַּעֲלֵי הַגְמָרָא זָאגִין, אַז דִיא דָאזִיגִי וֶוערְטֶער זֶענִין אַיין קְלָארִיר בִּיפֶעהל גַאנְץ בְּפֵירוּשׁ. גָאר אָן סָפֶק זָאגְט דָא גָאט ב״ה וָואס מֶען זָאל טְהוּן אִין אֵיינִיר שְׁוֶוערִיר זַאךְ. עֶר בֶּעפֶעהְלְט אַז דִיא יִשְׂרָאֵל זָאלִין אַרוֹיף גֵיין צוּא דֶעם אוֹרְט וָואס גָאט הָאט אוֹיס דֶערְוֵוייהְלְט, דָאס הֵייסְט צוּא דֶעם אוֹרְט וָואס דֶער אָרוֹן הַבְּרִית אִיז דָארְט פַארְהַאנְדִין גִיוֶועזִין, אוּן נָאךְ צוּא פָארְשִׁין, אָבִּיר פוּן וֶועמִין, נִיט פוּן דִיא רַבָּנִים, נַייעֶרְט פוּן דִיא כֹּהֲנִים דִיא לְוִיִם אוּן פוּן דֶעם רִיכְטֶער (שופט). פוּן דִיא דָאזִיגִי פְּסוּקִים וִוילְלִין זִיךְ דִיא חַכְמֵי הַתַּלְמוּד דְרִינְגִין אַז „דִיא פוּרְכְט פַאר דֶעם רַבִּי אִיז אַזוֹי וִויא דִיא פוּרְכְט פַאר גָאט״. אָבִּיר פוּן דִיא דָאזִיגִי פְּסוּקִים אִיז גָאר אוּם גִיקֶעהְרְט גִידְרוּנְגִין. עֶס אִיז דֶער פוּן גִידְרוּנְגֶען אַז דִיא לוֹמְדִים אוּן רַבָּנִים קֶענִין אִין דִינִים אוּן מִשְׁפָּט זַאכִין אַיין פְּלוּגְתָּא הָאבִּין אוּן זִיךְ סוֹתֵר זַיין, אוּן אַיין טְהֵייל פוּן זֵייא רֶעכְט הָאבִּין אוּן דֶער אַנְדֶערֶער אוּם רֶעכְט. דָאס וַוייזְט נוּן אוֹיס אַז דִיא רַבָּנִים קֶענִין נִיט אַלִי מָאל רֶעכְט הָאבִּין, נַייעֶרְט אַז אוֹיךְ לוֹמְדִים זֶענִין אָרִימֶע בִּישֶׁעפִינִישׁ וָואס קֶענִין אִין טָעוּת אַרַיין פַאלְלִין אַזוֹי וִויא מִיר אַלִי, אוּן אַז אִיבֶּער דֶעם מוּזִין מִיר פַאר זֵייא נִיט אַזֶעלְכִי פוּרְכְט הָאבִּין וִויא פַאר גָאט ב״ה, אוֹיךְ זֵייעֶרִי רֵייד נִיט אַזוֹי בִּיפָאלְגִין וִויא דִיא רֵייד פוּן השי״ת. דִיא דָאזִיגִי פְּסוּקִים וַוייזִין צְוֵוייטִינְס אַז אִין אֵיינִיר שְׁוֶוערִיר זַאךְ הָאט דִיא תּוֹרָה דִיא יוּדִין נִיט

גיהייסין

גיהייסין גיין צוא רבנים נייארט צוא דיא כהנים און צוא דעם שופט, און אפילו צוא דיא דאזיגי אויך נור אין דעם אורט וואס גאט האט אויס דערוויילט. פון רבנים און חכמים שטייט דא קיין איינציג ווארט ניט, און אזו זענין דיא דאזיגי פסוקים נאך אדרבה גאנץ אקעגין אלי דינים פון גאוה און פון כבוד וואס זייא זאגין אז עס קומט זייא צוא. שון פילי הונדערט יאהר איז דער אורט פערוויסט וואס גאט ב"ה האט אויס דערוויילט און דער דינסט פון דיא כהנים האט אויף גיהערט, דיא יודין האבין אין שווערי זאכין צוא קיינים ניט אהין צוא גיין, זייא האבין איצונד קיין עבודת כהנים און קייני שופטים ניט, און דיא רבנים קענין זייער פערלאנגטין רשות און כבוד אויך ניט אויס ווייזין אויס תורת משה. אביר יודין מעכטין אפשר זאגין אז חאטשי דיא דאזיגי פסוקים ווייזין ניט אויס דעם רשות און כבוד פון דיא רבנים, אזו ביפעסטיגין זייא דאך לכל הפחות דיא יודין ניט צוא גלויבין אן דיא רייד פון ישוע המשיח, ווארין ער איז גימשפט גיווארין פון דיא כהנים און אין ירושלים, אין דעם אורט וואס גאט האט אויס דערוויילט. מיר זענין מודה אז דאס דאכט זיך איני גוטי קשיא צוא זיין, אביר מיר קענין גרינג ביווייזין אז דאס דאכט זיך נור אזו, ווייטיר איז עס גאר נישט. דאס צוא ביווייזין פרעגין מיר נון דיא יודין, מוז יעניר ביפעהל אז מאן זאל דעם פסק פון דיא כהנים מקיים זיין, מוז ער תמיד גיהאלטין ווערין אין אלי אופנים, גאר אן חוץ. דרויף קאן מאן דאפפילט ענטפערין, י ו א אודיר נ י י ן. ווילין דיא יודין זאגין נ י י ן, נון אזו וועלין זייא דערמיט מודה זיין אז אויך דיא כהנים האבין זיך טייל מאהל גיקאנט טועה זיין, און מיר וועלין קענין דער פון גוט דרינגין און ווייזין זייא האבין זיך אויך טועה גיוועזין אין זייער משפט איביר ישוע הנוצרי. מסתמא וועלין זייא אביר זאגין י ו א, דער פסק פון דיא כהנים לוים און שופטים מוז יוא תמיד גיהאלטין ווערין אין אלי אופנים גאר אן חוץ, און דיא ישראל זענין גיבאטין גיווארין דער פון ניט אב צוא קעהרין רעכטס אודיר לינקס, זונסט מעכטין זייא איני גרוסי עבירה טהון. נון בעטין מיר דיא יודין צוא ליינין דאס קפיטל כ"ו פון ירמיה און גוט צוא איבירלייגין דיא זאך וואס האט זיך

דארט גיטהאן פאר דיא כהנים . מיר גיפינין דארט אז ירמיה
הנביא האט אין דעם שליחות פון גאט אייני נבואה גיזאגט זייער
גלייך צוא דיא נבואה וואס אונזער הערר ישוע המשיח האט גיזאגט
פון דעם חורבן פון ירושלים , „און איך וועל מאכין דאס דאזיגי
הויז אזו וויא שילה און דיא דאזיגי שטאט וועל איך מאכין צוא
איין פלוך צוא אלי פעלקער פון דער ערד" (פסוק ו') . דער נאך
גיפינין מיר אז וועגין דיא דאזיגי רייד האבין דיא כהנים איביר
ירמיה איין פסק ארויס גיגעבין אז ער זאל גיטייט ווערין , גאנץ
אזו וויא דיא שפעטירי כהנים האבין ישוע הנוצרי דן גיוועזין ,
„און עס איז גיוועזין וויא ירמיהו האט אויף גיהערט צוא ריידין
דאס וואס יהוה האט גיבאטין צוא ריידין צוא דעם גאנצין פאלק ,
אזו האבין דיא כהנים און דיא נביאים און דאס גאנצי פאלק
איהם אנגיהאפט צוא זאגין , דוא מוזט שטארבין" (פסוק ח') .
מיר גיפינין אויך אז דער פסק איז גיגעבין גיווארין טאקיש „אין
דעם אורט וואס גאט האט אויס דער ווייהלט" , „אין דעם בית
המקדש זעלביר" אזו וויא עס שטייט דארט פסוק ט' „און דאס
גאנצי פאלק האט זיך פערזאממילט קייגין ירמיהו אין דעם הויז
פון יהוה" . מיר גיפינין אויך אז דער פסק איביר ירמיה איז
ניט אין איביראייליניש גישעהין , נייארט אדרבה דיא כהנים
האבין עס פריר גוט איבירלייגט פאר וואס זייא האבין אזו איין
שווארצין פסק גימאכט . ווארין וויא דיא פירשטין פון יהודה זענין
דער נאך צוא גיקומין דיא זאך חוקר ודורש צוא זיין „אזו האבין
דיא כהנים און דיא נביאים גיזאגט צוא דיא פירשטין און צוא
דעם גאנצין פאלק צוא זאגין , איין משפט פון טוט קומט דעם
דאזיגין מאן צוא , ווארין ער האט נבואות גיזאגט קייגין דיא דאזיגי
שטאט , אזו וויא איהר האבט מיט אייערי אויהרין גיהערט" (פסוק
י"א) . נון פרעגין מיר ווייטיר , איז דאס פאלק ישראל מחויב
גיוועזין טאקיש דעם דאזיגין פסק פון דיא כהנים איביר ירמיה צוא
האלטין און ניט דער פון אב צו טרעטין רעכטס אודיר לינקס .
מיר ענטפירין דרויף גאר אן מורא , אז זייא זענין ניט מחויב גיוועזין
דעם דאזיגין פסק מקיים צוא זיין , און אז ווען זייא וואלטין איהם
יוא מקיים גיוועזין אזו וואלטין זייא אייני רציחה גיטהאן . ירמיהו

הַנָּבִיא זֶעלְבִּיר זָאגְט אוֹיךְ אַזוֹ , „נַייאִירְט אִיהר זָאלְט גִיוִויס וִויסִין אַז וֶוען אִיהר וֶועט מִיךְ טֵייטִין אַזוֹ וֶועט אִיהר אוּם שׁוּלְדִיג בְּלוּט בְּרֶענְגִין אִיבִּיר אַייךְ אוּן אִיבִּיר דִיא דָאזִיגִי שְׁטָאט אוּן אִיבִּיר אִיהרִי אַיינְוואוֹהנִירְס , וָוארִין גָאט הָאט מִיךְ וַאהרְהַאפְטִיג גִישִׁיקְט צוּא אַייךְ צוּא רֵיידִין אַלִי דִיא דָאזִיגִי רֵייד אִין אַייאֶרִי אוֹהרִין אַרַיין" (פסוק י״ב) . פוּן דַאנִין דְרִינְגִין מִיר נוּן אַז עֶס אִיז טַאקִישׁ יוֹא מִיגְלִיךְ גִיוֶועזִין אַז דִיא כֹּהֲנִים וֶוען זֵייא הָאבִּין אֲסִיפָה גִיהַאלְטִין אֲפִילוּ אִין דֶעם בֵּית הַמִּקְדָּשׁ זֶעלְבִּיר , אַזוֹ הָאבִּין זֵייא זִיךְ דָאךְ גִיקֶענְט טוֹעֶה זַיין אוּן אַיין שְׁלֶעכְטִין אוּם גִירֶעכְטִין פְּסַק אַרוֹיס גֶעבִּין ; מִיר דְרִינְגִין דֶער פוּן וַוייטִיר , אַז עֶס אִיז מִיגְלִיךְ גִיוֶועזִין אַז דֶער טָעוּת פוּן דִיא כֹּהֲנִים הָאט גִיקָאנְט אַזוֹ גְרוֹס זַיין ,״אַיין וַואהרְהַאפְטִיגִין נָבִיא פוּן גָאט צוּם טוֹט דַן צוּא זַיין . וַוייטִיר דְרִינְגִין מִיר , אַז אִין אַזוֹ אַיין אוֹפָן אִיז דָאס פָאלְק יִשְׂרָאֵל נִיט מְחוּיָב גִיוֶועזִין דֶעם שְׁלֶעכְטִין פְּסַק מְקַיֵּים צוּא זַיין , נַייאִירְט אַדְרַבָּה אַז זֵייא זֶענִין מְחוּיָב גִיוֶועזִין דֶער פוּן אָב צוּא טְרֶעטִין רֶעכְטְס אוּן לִינְקְס . צוּם סוֹף דְרִינְגִין מִיר , אַז וֶוען דִיא כֹּהֲנִים הָאבִּין זִיךְ יוֹא גִיקָאנְט טוֹעֶה זַיין אוּן אַיין נָבִיא אֱמֶת דַן זַיין צוּא טוֹט גָאר אָן שׁוּם רֶעכְט , אַזוֹ אִיז אוֹיךְ זֵייעֶר פְּסַק קֵייגִין יֵשׁוּעַ הַנּוֹצְרִי קַיין בִּיוַוייז נִיט מֶעהר אַז עֶר אִיז נִיט דֶער רֶעכְטִיר מָשִׁיחַ , פּוּנְקְט אַזוֹ וִויא זֵייאֶר פְּסַק אִיבִּיר יִרְמְיָה קָאן קַיין בִּיוַייז נִיט זַיין אַז עֶר אִיז נִיט אַיין רֶעכְטִיר נָבִיא גִיוֶועזִין , אוּן אַזוֹ וִויא דִיא יוּדִין הָאבִּין דוּרְךְ דֶעם פְּסַק פוּן דִיא כֹּהֲנִים אִיבִּיר יִרְמְיָה קַיין רֶעכְט נִיט גִיהַאט אִיהם פַאר אַיין פַאלְשִׁין נָבִיא צוּא הַאלְטִין אוּן אִיהם צוּא טֵייטִין , אַזוֹ הָאבִּין דִיא יוּדִין דוּרְךְ דֶעם פְּסַק פוּן דִיא כֹּהֲנִים אִיבִּיר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אוֹיךְ קַיין רֶעכְט נִיט אִיהם פַאר אַיין פַאלְשִׁין מָשִׁיחַ צוּא הַאלְטִין אוּן אָן אִיהם נִיט צוּא גְלוֹיבִּין .

נוּן קָאן מַאן אָבִּיר פְרֶעגִין , וֶוען דִיא כֹּהֲנִים הָאבִּין זִיךְ יוֹא גִיקָאנְט טֵייל מָאל טוֹעֶה זַיין אוּן דִיא יוּדִין זֶענִין טֵייל מָאל נִיט מְחוּיָב גִיוֶועזִין זֵייאֶרִי רֵייד צוּא פָאלְגִין , נָאךְ וָואס הָאט נוּן גִיטוֹיגְט דָאס גִיבָּאט אוֹבִּין אַז מַאן זָאל צוּא זֵייא גֵיין אִין שְׁוֶוערִי זַאכִין אוּן מַאן זָאל זֵייאֶר פְּסַק הַאלְטִין . דֶער תִּירוּץ דַארוֹיף אִיז גַאנְץ גְרִינְג . דֶער כֹּהֵן וָואס אִיז גִישְׁטַאנִין לשרת את יהוה „צוּא

דינין

דִינְגִין פַאר יהוה דֶער. הָאט פַאר חוּרְבָּן בֵּית! רִאשׁוֹן רְשׁוּת גִיהַאט
אוּן הָאט גִיקָאנְט גָאט ב״ה פְרֶעגִין אוּן פוּן גָאט זֶעלְבִּיר אֶיינִי
עֶנְטְפִיר קְרִיגִין גָאר וואוּנְדִיר, אַזוֹ אֶיינִי עֶנְטְפִיר אִיז נוּן אוֹיךְ אַלִי
מָאל גָאר אָן שׁוּם טָעוּת גִיוֶועזִין, תָּמִיד גָאר אָן חוּץ, אוּן אִיבִּיר
דֶעם זֶענִין זֵייא דִיא יוּדִין אוֹיךְ מְחוּיָב גִיוֶועזִין צוּא הַאלְטִין. מִיר
גִיפִינִין אִין תנ״ך פִילִי מָאל וֶוען דִיא יִשְׂרָאֵל הָאבִּין פוּן דֶעם דָאזִיגִין
רְשׁוּת נוּצִין גִיהַאט. אַזוֹ וִויא עֶס שְׁטֵייט אִין שׁוֹפְטִים כ׳ פָּסוּק
כ״ז וכ״ח „אוּן דִיא קִינְדִיר יִשְׂרָאֵל הָאבִּין גִיפְרֶעגְט בַּייא יהוה,
וָוארִין דֶער קַאסְטִין פוּן דֶעם בּוּנְד פוּן אֱלֹהִים אִיז אִין יֶענִי טֶעג
דָארְט גִיוֶועזִין, אוּן פִינְחָס דֶער זוּן פוּן אֶלְעָזָר דֶער זוּן פוּן אַהֲרֹן
אִיז אִין יֶענִי טֶעג פַאר אִיהם גִישְׁטַאנְגִין, צוּא זָאגִין, זָאל אִיךְ
ווִידִיר נָאךְ אֵיין מָאל אַרוֹיס גֵיין אִין מִלְחָמָה אַבֵּיין קֵייגִין דִיא קִינְדִיר
פוּן בִּנְיָמִין מַיין בְּרוּדִיר, אוֹדִיר זָאל אִיךְ אָבְּלָאזִין, אוּן יהוה הָאט
גִיזָאגְט, גֵייסְט אַרוֹיף, וָוארִין מָארְגִין וֶועל אִיךְ אִיהם גֶעבִּין אִין
דַיינִי הָאנְד אַרַיין״, אוּן אִין דֶער מַעֲשֶׂה פוּן דָוִד גִיפִינִין מִיר
אוֹיךְ עֶטְלִיכִי מָאל דָאס דָאזִיגִי וואוּנְדִיר, אַזוֹ וִויא עֶס שְׁטֵייט אִין
שְׁמוּאֵל א׳ כ״ג פסוק ד׳, „אוּן דָוִד הָאט ווִידִיר נָאךְ אַמָאהל
גִיפְרֶעגְט בַּייא יהוה, אוּן יהוה הָאט אִיהם גִיעֶנְטְפִירְט אוּן גִיזָאגְט
שְׁטֵייא אוֹיף, נִידִיר אַרָאפּ קֶען קְעִילָה, וָוארִין אִיךְ וֶועל דִיא
פְּלִשְׁתִּים גֶעבִּין אִין דַיינִי הָאנְד אַרַיין״ אִין אַזֶעלְכִי אוֹפַנִים, וֶוען
דֶער כֹּהֵן הָאט צוּא עֶרְשְׁט גָאט ב״ה גִיפְרֶעגְט, דֶערְנְצוּמָאל אִיז זַיין
פְּסַק אוֹיךְ גָאר אָן טָעוּת גִיוֶועזִין, אוּן דִיא יִשְׂרָאֵל זֶענִין מְחוּיָב
גִיוֶועזִין אִיהם מְקַיֵּים צוּא זַיין. אָבִּיר וֶוען דִיא כֹּהֲנִים הָאבִּין גָאט
ב״ה נִיט גִיפְרֶעגְט, אַזוֹ אִיז זֵייאֶר פְּסַק נוּר גִיוֶועזִין אַיין פְּסַק פוּן
בְּלוֹסִי מֶענְשִׁין וָואס קֶענִין זִיךְ טוֹעֶה זַיין אוּן וָואס דָאס פָאלְק אִיז
נִיט מְחוּיָב גִיוֶועזִין עַל פִּי יוֹשֶׁר צוּא הַאלְטִין. אַיין זָאלְכִיר מֶענְשְׁלִיכִיר
פְּסַק אִיז גִיוֶועזִין זֵייאֶר פְּסַק אִיבִּיר יִרְמְיָהוּ הַנָּבִיא. וַוייל זֵייא זֶענִין
רְשָׁעִים גִיוֶועזִין אַזוֹ זֶענִין זֵייא נִיט עֶרְשְׁט גִיגַאנְגִין גָאט ב״ה צוּא
פְרֶעגִין, נַייאֶרְט הָאבִּין אַיין פְּסַק אַרוֹיס גִיגֶעבִּין נָאךְ דֶעם חֵשֶׁק
נָאךְ פוּן זֵייאֶר אֵייגִין הַארְץ. אוּן בַּייא דֶער מַעֲשֶׂה פוּן אוּנְזֶער הֶערר
יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ הָאבִּין שׁוֹין דִיא כֹּהֲנִים נִיט גִיקָאנְט פְרֶעגִין גָאט ב״ה,
וָוארִין אִין בַּיִת שֵׁנִי הָאבִּין אוּרִים וְתוּמִּים אוּן אָרוֹן הַבְּרִית גִיפֶעהלְט,

זייאר

זַייאֶר רְשׁוּת גָאר וואונְדִיר אִיז שׁוֹן נִיט מֶעהר פַאר הַאנְדִין גִיוֶועזִין , אוּן טַאקִישׁ אִיבִּיר דֶעם הָאט דֶער פְּסַק פוּן דִיא כֹּהֲנִים אִין דֶער גַאנְצִיר צַייט פוּן בַּיִת שֵׁנִי גִיקָאנְט זַיין אִין טָעוּת אַזוֹ וִויא דֶער פְּסַק פוּן אַנְדִירִי מֶענְשִׁין , אוּן דַארוּם אִיז דָאס פָאלְק אוֹיךְ נִיט מְחוּיָב גִיוֶועזִין זֵייא תָּמִיד צוּא פָאלְגִין , אוּן דַארוּם הָאט אוֹיךְ זֵייאֶר פְּסַק גָאר קֵיינִי קְרַאפְט נִיט צוּ בְּיוַוייזִין אַז אוּנְזֶער הֶערר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ אִיז חָלִילָה נִיט דֶער רֶעכְטִיר מָשִׁיחַ . מֵירֶא יֶענִי פְּסוּקִים אוֹבִּין (דברים י״ז פסוק ח׳ בִּיז י״א) הֶעלְפִין גָאר נִישְׁט פַאר דִיא יוּדִין וָואס גְלוֹיבִּין אָן תּוֹרָה שֶׁבַּעַל פֶּה , זֵייא בְּיוַוייזִין נִיט אַז דִיא כֹּהֲנִים אִין בַּיִת שֵׁנִי הָאבִּין זִיךְ נִיט גִיקָאנְט טוֹעֶה זַיין אוּן זֵייא בְּיוַוייזִין נָאךְ וֶוינִיגִיר אַז דִיא רֵייד פוּן תּוֹרָה שֶׁבַּעַל פֶּה זֶענִין אֶמֶת אוּן אַז עֶס גִיהֶערְט צוּא דִיא רַבָּנִים אוּן קוּמְט זֵייא צוּא , אַלִים וָואס זֵייא ווילְלִין הָאבִּין . אַזוֹ הָאבִּין מִיר נוּן פוּן דִיא דָאזִיגִי פְּסוּקִים אוֹיסְפִּיהְרְלִיךְ גִישְׁמוּסְט וִויא עֶס אִיז נֵייטִיג גִיוֶועזִין , אִיצוּנְד קֶעהְרִין מִיר נוּן צוּרִיק צוּא דִיא דִינִים וָואס דִי רַבָּנִים הָאבִּין זִיךְ זֶעלְבִּיר גִימַאכְט פַאר זֵייאֶר אֵייגִין נַחַת אוּן כָּבוֹד וֶועגִין . מִיר זֶעהִין אַז דִיא צְוֵייא שְׁטִיקִיר פוּן תּוֹרָה שֶׁבַּעַל פֶּה אַרוֹיס וָואס מִיר הָאבִּין אוֹבִּין מַזְכִּיר גִיוֶועזִין , בְּיוַוייזִין אַז דִיא פְּרוּשִׁים אוּן כֹּהֲנִים זֶענִין טַאקִישׁ גַאנְץ אַזֶעלְכִי לַייט גִיוֶועזִין וִויא דֶער בְּרִית חֲדָשָׁה שְׁמוּסְט פוּן זֵייא , וֶוען מֶענְשִׁין , גָאר אָן רַאֲיוֹת פוּן דֶעם וָוארְט אַרוֹיס פוּן גָאט , וֶוען אַזֶעלְכִי מֶענְשִׁין פֶּערְלַאנְגִין אַז מַאן זָאל פַאר זֵייא אַזוֹ מוֹרָא הָאבִּין וִויא פַאר גָאט , אַזוֹ אִיז דֶער דוּרְךְ גִידְרוּנְגִין אַז דָאס מוּזִין זַיין נַארִישִׁי בַּעֲלֵי גַאֲוָה אוּן קֵיינִי קְלֵיינִי רְשָׁעִים . מַאן קָאן אָבִּיר דִיא פֶּערְגְלַייכוּנְג נָאךְ גִינוֹיאִיר אוֹיסְפִיהְרִין . לְמָשָׁל מָשִׁיחַ אוּנְזֶער הֶערר זָאגְט (מתיא כ״ג ו׳ וז׳) אַז דִיא דָאזִיגִי לַייט הָאבִּין לִיבּ גִיהַאט אַז מַאן זָאל זֵייא גְרִיסִין אִין דִיא גַאסְסִין אוּן אַז מַאן זָאל זֵייא רוּפִין רִבִּי רִבִּי״ . עֶס אִיז טַאקִישׁ אִיצוּנְד אוֹיךְ נָאךְ פֶערְהַאנְדִין אַיין זָאלְכִים גִיבָּאט פוּן זֵייא וָואס זָאגְט אַז מַאן טָאר נִיט דֶעם רִבִּי רוּפִין בַּיים נָאמִין .

### אסור לו לתלמיד לקרות לרבו בשמו ואפילו שלא בפניו

„עֶס אִיז אֵיינִים תַּלְמִיד אָסוּר צוּא רוּפִין זַיין רִבִּי בַּייא זַיין נָאמִין אֲפִילוּ

ווען

ווען ער איז ניט דער בייא", איין אנדירים גיזעץ איז נאך פאר האנדרין וואס ווייזט וויא מאן מוז איין רבי גריסין אודיר שלום זאגין.

ולא יתן שלום לרבו או יחזיר לו שלום כדרך שנותנין לריעים ומחזירים זה לזה אלא שוחה לפניו ואומר לו ביראה וכבוד שלום עליך רבי.

"ער זאל זיינים רבי ניט שלום געבין אודיר שלום צורוק געבין אויף דעם שטייגיר וויא פריינד געבין זיך איינאנדיר שלום און צורוק, נייאירט ער מוז זיך אראב בייגין פאר איהם און צוא איהם מיט פורכט און מיט כבוד זאגין, שלום איביר דיר, רבי". דיא יודין וואס גלויבין אן דיא רייד פון דיא רבנים און וואס ליינין דאס דאזיגי, דיא זאלין אונס ניט פאלש פערשטיין. מיר האלטין עס גאר ניט פאר איינר עבירה, נייארט פאר שיין, אז מאן זאל איין רבי בכבוד האלטין וויא עס גיהערט צוא זיין, עס איז אונס זעלביר ניט אסור זיך פאר איין רבי איין צוא בייגין און איהם צוא גריסין, אויף איין זאלכין שטייגיר וויא דער דין אובין וויל עס האבין. מיר זענין אביר דא מזכיר זייערי דאזיגי דינים כדי צוא ווייזין אז דאס וואס דער ברית חדשה שרייבט פון דיא פרושים איז גאנץ אמת וואדין מענשין וואס האבין זיך פערשטייסט גיקאנט אנידיר זעצין און אללירלייא דינים אוים טראכטין וויא מאן זאל זייא אויף אלי אופנים כבוד אן טהון, און זאגין אז דיא דאזיגי דינים קומין ארוים פון גאט, און נאך דער צוא מיט פאליצייא צווינגין אז מאן זאל דיא דאזיגי דינים האלטין, אזעלכי מענשין האבין בייא זיך זעלביר ניט וויניג גימוזט חשוב זיין און זיך ניט וויניג כבוד איין רעדין. מאן מוז קיין מאל ניט פערגעססין אז דיא דאזיגי דינים זענין ניט בלוסי גרינגי דרך ארץ זאכין איינגיפיהרט בייא איינר קהילה. ווען דיא רבנים האבין רשות און קראפט אין זייערי האנד גיהאט, אזו האבין זייא דער צוא גיצוואונגין דורך שטראף מיט פאליצייא גיזעץ גאנץ שטארק. זייא זענין ניט צוא פרידין גיוועזין צוא זאגין אז ווער עס איז זייא מבזה ווערט קיין עולם הבא ניט האבין, נייאירט זייא האבין איהם אויך גינומין צוא משפט און האבין איהם בישטראפט מיט געלד און מיט חרם, אזו וויא מאן קאן דאס זעהין אוים דעם דין וואס זאגט

וכל המבזה את החכמים אין לו חלק לעולם הבא והרי הוא בכלל כי דבר יהוה בזה: אף על פי שהמבזה את החכמים אין לו חלק לעולם הבא

הבא אם באו עדים שבזהו אפילו בדברים חייב נדוי ומנדין אותו בית דין ברבים וקונסין אותו ליטרא זהב בכל מקום ונותנין אותו לחכם. והמבזה את החכם בדברים אפילו לאחר מיתה מנדין אותו בית דין וכו'

„און אִיטְלִיכִיר וָואס פֶערְשְׁמֶעהִיט דִיא חֲכָמִים דֶער הָאט קֵיין חֵלֶק עוֹלָם הַבָּא נִיט און עֶר אִיז אִין דֶעם כְּלַל אַז עֶר הָאט דָאס וָוארְט פוּן יהוה פֶערְשְׁמֶעהִיט ; חָאטְשִׁי אַז דֶער וָואס פֶערְשְׁמֶעהִיט דִיא חֲכָמִים הָאט קֵיין חֵלֶק עוֹלָם הַבָּא נִיט , וֶוען עֶס קוּמִין אָבִּיר עֵדוּת אַז עֶר הָאט גִישְׁמֶעהִיט חָאטְשִׁי נוּר מִיט רֵייד אַזוֹ אִיז עֶר חַיָּיב חֵרֶם און דָאס בֵּית דִין לֵייגְט אִיהם עֶפְפִינְטְלִיךְ אִין חֵרֶם אַרַיין אִין בִּישְׁטְרָאפִין אִיהם אִין אַלִי עֶרְטִיר מִיט אֵיין לִיטְרָא גָאלְד קְנַס און גֶעבִּין דָאס דֶעם חָכָם . און וֶוער עֶס פֶערְשְׁמֶעהִיט דֶעם חָכָם מִיט רֵייד חָאטְשִׁי שוֹן נָאךְ דֶעם טוֹט דֶעם לֵייגְט דָאס בֵּית דִין אִין חֵרֶם אַרַיין" וכו'. מִיר פְרֶעגִין נוּן דִיא יוּדִין פוּן דִיא אִיצוּנְדִיגִי צַייטִין , וָואס הַאלְטִין זֵייא פוּן יֶענִי לַייט וָואס הָאבִּין זֶעלְבִּיר דִינִים גִימַאכְט אִיבִּיר זֵייאֶר אֵייגִינִין כָּבוֹד , וָואס הָאבִּין גִיוָואלְט אַז מַאן זָאל פַאר זֵייאֶרִי רֵייד אַזוֹ מוֹרָא הָאבִּין וִויא פַאר דִיא רֵייד פוּן גָאט ב"ה , און דֶער וָואס הָאט דָאס נִיט גִיוָואלְט טְהוּן דֶעם הָאבִּין זֵייא גִיהֵייסִין שְׁלֶעפְּפִין צוּם בֵּית דִין און אִיהם בִּישְׁטְרָאפִין מִיט קְנַס און מִיט חֵרֶם , און הָאבִּין נָאךְ דֶער צוּא אַיין פְּסַק גִיגֶעבִּין אַז עֶר זָאל קֵיין חֵלֶק עוֹלָם הַבָּא נִיט הָאבִּין . הָאבִּין אַזֶעלְכִי לַייט עֶפִּים גִיוואוּסְט דֶער פוּן אַז מַאן זָאל קֵיין מֶענְשׁ נִיט צְווִינְגִין וָואס עֶר זָאל גְלוֹיבִּין .

* * *

Дозволено Цензурою. Варшава 4 (17) Января 1876 г.
Въ Типографіи А. Гинса. Королевская № 1064 D.

# НЕСЫВОТЪ ОЛОМЪ

# נתיבות עולם

עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם : ירמיה ו׳ ט״ז .

דיא אלטי שטעגין.

## נומר ג׳

ווען דיא וואס ליינין אונזרי רייד אין דיא דאזיגי בלעטטיר מיינין אז מיר ווילין דאס אויס ווייזין אז תורה שבעל פה איז גאר אין גאנצין לויטיר שלעכטס , אזו מוזין זייא מוחל זיין ווען מיר זאגין אז זייא זענין זיך טועה . מיר וויססין וואוהל אז איינער לערנונג וואס גרונדפעסטיגט זיך אויף דיא תורה און דיא נביאים מוז אויך אין זיך האבין און האט טאקיש פילים וואס איז גוט און זייער שיין . אזו איין שטייגיר איז אויך דאס כלל גיבאט פאר אלי ישראל תורה צו לערנין , זייאר גיבאט הייסט אז „איטליכיר בן ישראל איז מחויב עוסק צוא זיין אין דער תורה , ווען ער איז ארים אודיר רייך , גיזונד אודיר שלאף , יונג אודיר אלט , האטשי ווען ער איז זיך מפרנס פון צדקה און בעטילט פון טהיר צוא טהיר , און האטשי ער האט ווייב און קינד , אזו איז ער מחויב איינר בישטימטי צייט אב צוא שיידין דיא תורה צוא לערנין ביי טאג און ביי נאכט , אזו וויא עס שטייט גישריבין , און דוא זאלסט טראכטין אין איהר טאג און נאכט״ . דעסגלייכין איז אויך דער כלל וואס שטייט אין קידושין דף ס״ט ע״ב , כל שמצווה ללמוד מצוה ללמד , איטליכיר וואס איז גיבאטין זעלביר צוא לערנין דער איז אויך גיבאטין אנדירי צוא לערנין״ , און וואס זייא דרינגין דארט (דף למ״ד ע״א) פון דעם פסוק ארויס דברים ד׳ ט׳ אז „איין מענש איז מחויב צוא לערנין זיין זוהן און זיין זוהנס זוהן״ . אזעלכי גיבאט פאססין גאנץ גוט מיט דיא קלארי גיבאט פון גאט ב״ה , און דארום זענין זייא אויך גוט . אביר דער צוגיזעצטיר פירוש דערנאך וואס זייא לייגין צוא דארט צוא דיא דאזיגי גוטי גיבאט , דער ווייזט

שוין

שוין ווידיר אז דער תוך פון תורה שבעל פה זעלביר איז שלעכט און קאן ניט זיין פון גאט. קיינער קאן ניט לייקינין אז דיא רבנים האבין רעכט ווען זייא זאגין אז איטליכער בן ישראל איז מחויב דיא תורה צוא לערנין אביר זייא האבין אום רעכט אין זייאר פירוש וואס זייא זאגין וואס דיא תורה איז. באלד נאך יענים גוטין גיבאט זאגט דיא גמרא אוף דעם אייגינין עמוד

לעולם ישלש אדם שנותיו שליש במקרא שליש במשנה שליש בתלמוד

„אלי מאל זאל דער מענש זייני יאהר איינטהיילין אין דרייא חלקים, איין דריטטהייל פאר תנ"ך, איין דריטטהייל פאר משניות, און איין דריטטהייל פאר גמרא", אזו קומין נון אוים צווייא חלקים אויף תורה שבעל פה און נור איין חלק אויף דיא תורה פון גאט ב"ה. דאס איז שלעכט גינוג. אביר דיא רבנים זענין דער מיט נאך ניט צוא פרידין. זייא זאגין אז דאס אייני דאזיגי דריטטי חלק איז נור נייטיג ווען מאן הייבט אן צוא לערנין, אביר ווען מאן קאן שון גוט לערנין אזו זאל מאן תנ"ך נור טייל מאל לערנין און דיא איבריגי צייט מיט גמרא צוא פאר ברענגין.

בד"א בתחלת תלמודו של אדם אבל כשיגדל בחכמה ולא יהא צריך לא ללמוד תורה שבכתב ולא לעסוק תמיד בתורה שבעל פה יקרא בעיתים מזומנים תורה שבכתב ודברי השמועה כדי שלא ישכח דבר מדברי דיני תורה ויפנה כל ימיו לגמרא:

„וואו זענין דיא רייד גיזאגט גיווארין, ווען איין מענש הייבט אן צוא לערנין, אביר ווען ער ווערט גרוס ווערין אין חכמה און ווערט ניט נייטיג האבין צוא לערנין תורה שבכתב און ניט תמיד עוסק צוא זיין אין תורה שבעל פה אזו זאל ער אין גיוויססי צייטין ליינין תורה שבכתב און דיא גיהערטי רייד כדי אז ער זאל קייני זאך ניט פערגעססין פון דיא דינים פון דיא תורה, און אלי זייני טעג זאל ער צוקעהרין צוא דער גמרא". נאך דיא רייד נאך פון יוסף קארו (יורה דעה סימן רמ"ו) ביטייט דא תורה שבעל פה נור משניות, דיא דערקלערונג פון תורה שבכתב; און גמרא איז דיא הלכות וואס קומין ארוים דורך דעם המשך פון פלפולים אין קשיות און תירוצים, און צוא

דעם

דעם דאזיגין חלק זענין דאס דיא יודין מחויב זייארי מייסטי צייט אוועק צוא געבין דרינין עוסק צוא זיין מעהר וויא אין דיא רייד פון גאט ב"ה.

דאס גיבאט אובין וואס דאכט זיך אזו שיין צוא זיין וואס זאגט אז מאן איז מחויב תורה צוא לערנין, דאס ווערט נון גאנץ צוא שטערט דורך דעם פירוש פון דיא רבנים ווען זייא זאגין וואס פאר איינע תורה דאס איז וואס זייא הייסין לערנין. און ווען מיר גיין ווייטער אן פרעגין, ווער איז דאס מחויב דאס דאזיגי גיבאט צוא האלטין, אזו געבין אונס דיא רבנים ווידיר איינע שלעכטע ענטפער. ווען דיא רבנים זאגין אז איטליכער בן ישראל איז מחויב תורה צוא לערנין, אזו מיינין זייא נור דיא זכרים, אביר דיא נקיבות און דיא קנעכט הייסין זייא דאס ניט טהון. באלד דער ערשטיר דין פון הלכות תלמוד תורה זאגט

נשים ועבדים וקטנים פטורים מתלמוד תורה

„ווייבער און קנעכט און קליינע קינדיר זענין פטור פון תורה לערנין". מילא נאך דעם זענין נקיבות ניט מחויב תורה צוא לערנין". דאס וואס מיר וועללין דא בקיצור מזכיר זיין ווייזט אויך אזו אויס און זאגט אויך נאך דער צוא אז דיא פעטיר זענין ניט מחויב זייארע טעכטיר צוא לאזין תורה לערנין.

אשה שלמדה תורה יש לה שכר אבל אינה כשכר האיש מפני שלא נצטוית. וכל העושה דבר שאינו מצווה עליו לעשותו אין שכרו כשכר המצווה שעשה אלא פחות ממנו ואע"פ שיש לה שכר צוו חכמים שלא ילמד אדם את בתו תורה מפני שרוב הנשים אין דעתן מכוונת להתלמד אלא הן מוציאות דברי תורה לדברי הבאי לפי עניות דעתן. אמרו חכמים כל המלמד את בתו תורה כאלו למדה תפלות. בד"א בתורה שבעל פה אבל תורה שבכתב לא ילמד אותה לכתחלה ואם למדה אינו כמלמדה תפלות:

„איינע נקבה וואס לערנט תורה האט איין לוהן, אביר ניט אזו איינין וויא דער לוהן פון איין זכר ווארין עס איז איהר ניט גיבאטין גיווארין, און איטליכער וואס טהוט איינע זאך וואס עס איז איהם ניט גיבאטין גיווארין צוא טהון דעמס לוהן איז ניט אזו וויא דער לוהן

פון

פוּן דֶעם וָואס עֶס אִיז אִיהם יוֹא גִיבָּאטִין גִיוָוארִין אוּן עֶר הָאט עֶס גִיטָהאן, נַייעֶרְט קְלֵיינִיר פוּן אִיהם. אוּן חָאטְשִׁי זִיא הָאט אַיין לוֹהן, הָאבִּין דִיא חֲכָמִים דָאךְ גִיבָּאטִין אַז אַיין מֶענְשׁ זָאל זַיינִי טָאכְטִיר נִיט תּוֹרָה לֶערְנִין וַוייל דֶער פֶּערְשְׁטַאנְד פוּן דִיא מֵייסְטִי וַוייבִּיר טוֹיגְט נִיט צוּם לֶערְנִין, נַייאִירְט זֵייא בְּרֶענְגִין אַרוֹיס דִיא רֵייד פוּן דִיא תּוֹרָה אוֹיף נַארִישֶׁקֵייטִין נָאךְ דֶער אָרִימְקַייט נָאךְ פוּן זֵייעֶר פֶּערְשְׁטַאנְד. דִיא חֲכָמִים הָאבִּין גִיזָאגְט, אִיטְלִיכִיר וָואס לֶערְנְט זַיינִי טָאכְטִיר תּוֹרָה אִיז אַזוֹ גְלַייךְ עֶר וָואלְט זִיא גִילֶערְנְט אֵיינִי עֲבֵירָה זַאךְ. וואוּ זֶענִין דִיא רֵייד גִיזָאגְט גִיוָוארִין, בַּייא תּוֹרָה שֶׁבַּעַל פֶּה, אָבִּיר תּוֹרָה שֶׁבִּכְתַב זָאל עֶר זִיא צוּא עֶרְשְׁט נִיט לֶערְנִין, וֶוען עֶר הָאט זִיא אָבִּיר יוֹא גִילֶערְנְט אַזוֹ אִיז עֶר נִיט גְלַייךְ עֶר וָואלְט זִיא גִילֶערְנְט אַיין עֲבֵירָה זַאךְ". „תְּפִלּוֹת" פֶּערְטַייטְשִׁין מִיר אֵיינִי „עֲבֵירָה זַאךְ" אַזוֹ וִויא דֶער יורה דעה אִיז עֶס מְפוֹרָשׁ דוּרְךְ דבר עבירה. מִיר וָואלְטִין נָאךְ אַנְדִירִי דֶערגְלַייכִין דִינִים גִיקָאנְט אִין דֶעם דָאזִיגִין עִנְיָן מַזְכִּיר זַיין, אָבִּיר עֶס אִיז דָא קֵיין פְּלַאץ נִיט דֶער צוּא.

מֵילֶא נָאךְ דֶעם דָאזִיגִין דִין נָאךְ אִיז עֶס גָאר אָסוּר אֵיינִי נְקֵבָה צוּא לֶערְנִין תּוֹרָה שֶׁבַּעַל פֶּה, אוּן וֶוען מַאן טְהוּט דָאס יוֹא. אַזוֹ אִיז עֶס אַזוֹ גוּט גְלַייךְ אַז מֶען וָואלְט זִיא גִילֶערִינְט אֵיינִי עֲבֵירָה זַאךְ. דָא מוּזִין מִיר פְּרֶעגִין דִיא לַייט וָואס גְלוֹיבִּין אָן תּוֹרָה שֶׁבַּעַל פֶּה, אוֹבּ דִיא דָאזִיגִי תּוֹרָה זָאגְט דָא נִיט קֵייגִין זִיךְ זֶעלְבִּיר עֵדוּת אַז זִיא אִיז שְׁלֶעכְט. דִיא תּוֹרָה שֶׁבַּעַל פֶּה זָאגְט פוּן זִיךְ זֶעלְבִּיר אַז דֶער פְּרָאסְטִיר שֵׂכֶל פוּן אֵיינִי נְקֵבָה טוֹיגְט נִיט דֶערצוּ זִיא צוּא לֵיינִין אוּן צוּא לֶערְנִין, אוּן אַז דָאס לֶערְנִין פוּן תּוֹרָה שֶׁבַּעַל פֶּה אִיז פַּאר אַיין נְקֵבָה אַזוֹ שְׁלֶעכְט וִויא דָאס לֶערְנִין פוּן אֵיינִי עֲבֵירָה זַאךְ. מִיר פְּרֶעגִין נוּן, קָאן אֵיינִי זָאלְכִי תּוֹרָה זַיין פוּן גָאט, קָאן זִיא אַרוֹיס קוּמִין פוּן דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל וָואס הָאט גִיזָאגְט והייתם קדשים כי קדוש אני, „אוּן אִיהר זָאלְט הֵיילִיג זַיין וָוארִין אִיךְ בִּין הֵיילִיג". וָואס פַּאר אַיין גוּטִין בִּיוַוייז הָאבִּין מִיר דָאס טַאקִישׁ וִויא פִיל הֶעכִיר אוּן בֶּעסְסִיר תּוֹרָה שֶׁבִּכְתַב אִיז אוּן וִויא זֵייעֶר רֶעכְט דֶער הֶערר יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ הָאט גִיהַאט תּוֹרָה שֶׁבַּעַל פֶּה פַאר שְׁלֶעכְט צוּא הַאלְטִין. דִיא תּוֹרָה שֶׁבַּעַל פֶּה זָאגְט זֶעלְבִּיר „דֶער וָואס לֶערִינְט זַיינִי טָאכְטִיר תּוֹרָה שֶׁבַּעַל פֶּה אִיז אַזוֹ גְלַייךְ עֶר וָואלְט זִיא גִילֶערְנְט אֵיינִי עֲבֵירָה זַאךְ, אָבִּיר דֶער וָואס לֶערִינְט

זיא

זיא תּוֹרָה שֶׁבִּכְתַב איז ניט גְלַייךְ ער וואָלְט זיא גילערינט איינֶי עֲבֵירָה זאַךְ״, אַז תּוֹרָה שֶׁבַּעַל פֶּה איז דאָס יוֹא זעלְבִּיר מוֹרֶה, אַזוֹ פְרֶעגִין מִיר נוּן דיא זִיהֶן און דיא טֶעכְטִיר פוּן יִשְׂרָאֵל גאָר אָן מוֹרָא, ווער האָט נוּן רֶעכְט גיהאַט, האָט יֵשׁוּעַ הַנּוֹצְרִי רֶעכְט גיהאַט וואָס האָט דיא תּוֹרָה שֶׁבַּעַל פֶּה פַאר שְׁלֶעכְט גיהאַלְטִין, אוֹדִיר דיא סוֹפְרִים און פְּרוּשִׁים וואָס האָבִּין זיא פַאר גוּט גיהאַלְטִין.

אָבִּיר דיא ״חֲכָמִים״ גִיבִּיטִין אוֹיךְ אַז דיא יוּדִין זאָלִין דיא ווייבִּיר דיא תּוֹרָה שֶׁבִּכְתַב ניט לֶערְנִין און זייא זאָגִין אַז דיא ווייבִּיר זֶענִין נִיט מְחוּיָב צוּא לֶערְנִין. זייא זאָגִין צְווייא טְעָמִים פַאר וואָס זייא הֵייסִין דאָס נִיט. דֶער אֵיינִיר טַעַם זאָגִין זייא איז אַז גאָט האָט גיבָּאָטִין נוּר דיא זִיהֶן צוּא לֶערְנִין, און זייא דְרִינְגִין זיךְ דאָס אוֹיס דברים י״א פסוק י״ט פוּן דעם וואָרט וואָס הֵייסְט אוֹיף לָשׁוֹן הַקּוֹדֶשׁ ״בניכם״ עֶס שְׁטֵייט אין דעם פָּסוּק ולמדתם אתם את בניכם, און זייא זאָגִין בניכם ולא בנותיכם, נאָךְ זייא נאָךְ מֵיינְט דֶער פָּסוּק ״איהר זאָלְט זייא לֶערְנִין אַייעֶרִי זִיהֶן״, ״אַייעֶרִי זִיהֶן אָבִּיר נִיט אַייעֶרִי טֶעכְטִיר״ (מסכת קידושין דף כ״ט ע״ב). דֶער צְווייטִיר טַעַם איז דֶער וואָס מִיר האָבִּין אוֹבִּין גִיזֶעהִין ״אַז דֶער פֶערְשְׁטַאנְט פוּן דיא מֵייסְטִי ווייבִּיר טוֹגְט נִיט צוּם לֶערְנִין״, און אוֹיךְ דאָס וויל דיא גְמָרָא פוּן דֶער תּוֹרָה אַרוֹיס בְּיַווייזִין.

שאלה אשה חכמה את ר׳ אליעזר מאחר שמעשה העגל שוין מפני מה אין מיתתן שוה אמר לה אין חכמה לאשה אלא בפלך וכן הוא אומר וכל אשה חכמת לב בידיה טוו

״אֵיינִי קְלוּגִי פְרוֹיא האָט גִיפְרֶעגְט דעם ר׳ אֱלִיעֶזֶר, אין דֶער מַעֲשֶׂה פוּן דעם עֵגֶל זֶענִין זייא דאָךְ גְלַייךְ גִיוֶועזִין פַאר וואָס איז זייאֶר טוֹט נִיט גְלַייךְ גִיוֶועזִין, האָט ער צוּא איהר גִיזאָגְט, אֵיינִי פְרוֹיא האָט קֵיין חָכְמָה נִיט נוּר בַּיים שְׁפִּינְדִיל און אַזוֹ זאָגְט דֶער פָּסוּק (שמות ל״ה כ״ה) און אִיטְלִיכִים קְלוּג הֶערְצִיגִי ווייבּ האָט גִישְׁפּוּנִין מִיט אִיהְרִי הֶענְד״, מִיר זֶענִין גאָר נִיט מְסוּפָּק צוּא זאָגִין אַז דיא בֵּיידִי טְעָמִים זֶענִין אַקֵייגִין תנ״ךְ. מִיר לֵייגְנִין נִיט אַז ״בְּנֵיכֶם״ איז טַייטְשׁ זִיהֶן, אָבִּיר מִיר פֶערְלֵייגְנִין אין גַאנְצִין דאָס גִידְרַאנְג פוּן דיא רַבָּנִים אַז ווייל דאָס וואָרְט שְׁטֵייט אין לָשׁוֹן זָכָר אַזוֹ זאָל פוּן דאָנִין גִידְרוּנְגִין זַיין אַז מַאן זאָל דיא נְקֵיבוֹת נִיט לֶערְנִין. אין זייאֶר פִילִי עֶרְטִיר שְׁטֵייט אין תנ״ךְ דאָס

לשון

לָשׁוֹן זָכָר בנים , אוּן בְּיטַייט קִינְדֶיר , נִיט זִיהן אַלְלֵיין בַּייאֵירְט אוֹיךְ טֶעכְטֶיר , דְהַיינוּ אִין שמות כ״ב פסוק כ״ג

והרה אפי והרגתי אתכם בחרב והיו נשיכם אלמנות ובניכם יתמים

„אוּן מַיין צָארְין וֶועט דֶערְגְרִימְמִין אוּן אִיךְ וֶועל אַייךְ דֶערְשְׁלָאגִין מִיט דֶער שְׁוֶוערְט , אוּן אַייאֶרֶי וַוייבֶּיר וֶועלִין זַיין אַלְמָנוֹת אוּן אַייאֶרֶי קִינְדֶיר יְתוֹמִים" , דָא שְׁטֶייט אוֹיךְ אוֹיף לָשׁוֹן הַקוֹדֶשׁ בניכם , אוּן וֶוען דָאס דָאזִיגֶי וָוארְט מֵיינְט נוּר זִיהן אָבֶּיר טֶעכְטֶיר נִיט אַזוֹ וִויא דִיא חֲכָמִים דְרִינְגִין דָארְט , אַזוֹ מֶעכְט דָא אוֹיךְ גִידְרוּנְגִין זַיין אַז נוּר דִיא זִיהן הָאבִּין גִיזָאלְט זַיין יְתוֹמִים אָבִּיר דִיא טֶעכְטֶיר נִיט , אוּן דָאס אִיז דָאךְ גָאר פָּשׁוּט נִיט מִיגְלִיךְ . ווייטֶיר , וֶוען יֶענִיר גִידְרַאנְג זָאל גִילְטִין אַזוֹ מֶעכְט מַאן אוֹיךְ קֶענִין בְּיוַוייזִין אַז דִיא טֶעכְטֶיר פוּן יִשְׂרָאֵל זֶענִין נִיט גִיוֶועזִין פִּירְצִיג יָאהר אִין דֶער מִדְבָּר , וָוארִין עֶס שְׁטֶייט אִין במדבר י״ד פסוק ל״ג ובניכם יהיו רעים במדבר ארבעים שנה „אוּן אַייאֶרֶי קִינְדֶיר וֶועלִין וֶוייִדין אִין דֶער וִויסְטִינֶייא פִּירְצִיג יָאהר" , וָוארִין דָא שְׁטֶייט אוֹיךְ בניכם . בַּייא דֶעם וואוּנְדִיר אִין מִצְרַיִם וֶוען עֶס אִיז דְרַייא טָאג פִּינְסְטִיר גִיוֶועזִין שְׁטֶייט אַז „צוּא אַלִי קִינְדִיר יִשְׂרָאֵל אִיז לִיכְטִיג גִיוֶועזִין אִין זַייאֶרֶי וואוהנוּנְגִין" לכל בני ישראל היה אור במושבתם (שמות יו״ד כ״ג) , אָבִּיר נָאךְ יֶענִים גִידְרַאנְג נָאךְ פוּן דִיא רַבָּנִים מֶעכְט מַאן דָא אוֹיךְ קֶענִין דְרִינְגִין בני ישראל ולא בנות ישראל „דִיא זִיהן אָבִּיר נִיט דִיא טֶעכְטֶיר" , אוּן מַאן מֶעכְט קֶענִין בְּיוַוייזִין אַז צוּ דִיא טֶעכְטֶיר פוּן ישראל אִיז פִּינְסְטִיר גִיוֶועזִין אִין זַייאֶרֶי וואוהנוּנְגִין . אוּן אַזוֹ מֶעכְט מַאן אוֹיךְ קֶענִין בְּיוַוייזִין אַז דִיא טֶעכְטֶיר פוּן יִשְׂרָאֵל הָאבִּין נִיט נֵייטִיג קֵיינִי מִצְוָה פוּן דִיא עֲשֶׂרֶת הַדִּבְּרוֹת צוּא הַאלְטִין וַוייל דִיא רֵייד שְׁטֶיין דָארְט אוֹיף לָשׁוֹן הַקוֹדֶשׁ אִין לָשׁוֹן זָכָר . אַזוֹ וַוייזְט עֶס זִיךְ נוּן קְלָאר אוֹיס , אַז יֶענִיר גִידְרַאנְג אִיז פַּאלְשׁ , אוּן מִיר דְרִינְגִין אוֹם גִיקֶעהְרְט , אַז אַזוֹ וִויא אִין אַלִי דִיא דָאזִיגֶי פְּסוּקִים מֵיינְט מַאן דִיא טֶעכְטֶיר אוֹיךְ , אַזוֹ וִויא זַייא זֶענִין אוֹיךְ אִין דֶער מִדְבָּר גִיוֶועזִין , אוּן אַזוֹ וִויא עֶס אִיז אוֹיךְ זַייא לִיכְטִיג גִיוֶועזִין אִין זַייאֶרֶי וואוהנוּנְגִין , אוּן אַזוֹ וִויא אוֹיךְ זַייא זֶענִין מְחוּיָב דִיא עֲשֶׂרֶת הַדִּבְּרוֹת צוּ הַאלְטִין אַזוֹ גוּט וִויא דִיא זְכָרִים , אַזוֹ גֵייט אוֹיךְ אוֹיף זַייא דָאס גִיבָּאט ולמדתם אתם את בניכם „אוּן אִיהר זָאלְט זַייא לֶערְנִין אַייאֶרֶי קִינְדִיר" , אוּן דָאס גִיבָּאט פוּן תוֹרָה שֶׁבְּעַל פֶּה אַז מַאן זָאל דִיא נְקֵיבוֹת נִיט לֶערְנִין

אִיז

איז אַקְייגֶן דִיא רֵייד פוּן גָאט ב״ה. אָבֶּער מִיר הָאבְּן נִיט גֵייטִיג דָאס עֶרְשְׁט צוּ דְרִינְגְן, גָאט ב״ה הָאט גַאנְץ בְּפֵירוּשׁ גִיבָּאטְן אַז דִיא נְקֵבוֹת זָאלְן אַזוֹ גוּט לֶערְנְן וִויא דִיא זְכָרִים.

ויצו משה אותם לאמר מקץ שבע שנים במעד שנת השמטה בחג הסכות: בבוא כל ישראל לראות את פני יהוה אלהיך במקום אשר יבחר תקרא את התורה הזאת נגד כל ישראל באזניהם: הקהל את העם האנשים והנשים והטף וגרך אשר בשעריך למען ישמעו ולמען ילמדו ויראו את יהוה אלהיכם ושמרו לעשות את כל דברי התורה הזאת:

„אוּן מֹשֶׁה הָאט זֵייא גִיבָּאטְן צוּ זָאגְן, נָאךְ דֶעם עֶנְד פוּן זִיבְּן יָאהר, אִין דִיא בֶּעשְׁטִימְטִי צַייט פוּן דֶעם יָאהר פוּן שְׁמִיטָה, אִין דִיא פַייאֶרְטָעג פוּן סוּכּוֹת, וֶוען גַאנְץ יִשְׂרָאֵל קוּמְט זִיךְ צוּ וַוייזְן פַאר יהוה דַיין אלהים אִין דֶעם אוֹרְט וָואס עֶר וֶועט אוֹיס דֶער וֶויהלְן זָאלְסְטוּ לֵיינְן דִיא דָאזִיגִי לֶערְנוּנְג פַאר גַאנְץ יִשְׂרָאֵל אִין זֵייאֶרִי אוֹהרִין. פֶער זַאמְמִיל דָאס פָאלְק, דִיא מֶענִיר אוּן דִיא וַוייבִּיר אוּן דִיא קְלֵיינִי קִינְדִיר אוּן דַיין פְרֶעמְדְלִינְג וָואס אִיז אִין דַיינִי טְהוֹרִין פוּן וֶועגְן אַז זֵייא זָאלְן הֶערְן אוּן פוּן וֶועגְן אַז זֵייא זָאלְן לֶערְנְן, אַז זֵייא זָאלְן פוּרְכְטְן יהוה אַייאֶר אלהים אוּן זֵייא זָאלְן הִיטְן צוּא טְהוּן אַלִי וֶוערְטִיר פוּן דִיא דָאזִיגִי לֶערְנוּנְג״ (דברים ל״א פסוק יו״ד וי״א וי״ב). דָא אִיז אֵיינִי זֵייר שֵׁיינִי אָרְדִינוּנְג אַיינְגִיפִיהרְט אוּן עֶס אִיז גִיבָּאטְן אַז דִיא וַוייבִּיר זָאלְן דֶערְצוּ גִיהֶערְן אַזוֹ גוּט וִוי דִי מֶענִיר, צוּ הֶערְן, צוּ לֶערְנְן, גָאט צוּ פוּרְכְטְן, אוּן צוּא הַאלְטְן דִיא וֶוערְטִיר פוּן דִיא תּוֹרָה. גָאט ב״ה ווִילל הָאבְּן אַז דִיא נְקֵבוֹת זָאלְלְן זִיךְ פַאר אִיהם פוּרְכְטְן אוּן זָאלְן הַאלְטְן זַיינִי גִיבָּאט אַזוֹ גוּט וִויא דִיא זְכָרִים, אוּן דַארוּם ווִיל עֶר אוֹיךְ הָאבְּן אַז אוֹיךְ זֵייא זָאלְן דֶער צוּא בִּינוּצְן דִיא אֵייגִינִי סְפָּאסָאבִים, אַז זֵייא זָאלְן הֶערְן אוּן זָאלְן לֶערְנְן אַלִי וֶוערְטִיר פוּן דֶער תּוֹרָה. אַזוֹ הָאבְּן דִיא חַכְמֵי הַתַּלְמוּד אִין דֶעם דָאזִיגְן אוֹפָן גַאנְץ פְּרָאסְטִי מְבַטֵל גִיוֶועזְן דִיא תּוֹרָה פוּן גָאט. גָאט הֵייסְט אַז וַוייבִּיר זָאלְן דִיא תּוֹרָה לֶערְנְן אַזוֹ גוּט וִויא מֶענִיר, דִיא רַבָּנִים זָאגְן אַז וַוייבִּיר זָאלְן נִיט לֶערְנְן. גָאט הָאט גִיבָּאטְן אַז מֶען זָאל דִיא וַוייבִּיר יוֹא תּוֹרָה לֶערְנְן. אַזוֹ אִיז עֶס נוּן קְלָאר אַז תּוֹרָה שֶׁבְּעַל פֶּה קָאן נִיט זַיין פוּן גָאט, וָוארִין זִיא זָאגְט גָאר

דֶעם הֶיפּוּךְ פוּן דֶעם גִיבָּאט פוּן גָאט. דָאס גִיבָּאט פוּן גָאט אִיז אַזוֹ קְלָאר, אַז עֶס אִיז נִיט נֶייטִיג אַיין לַאנְגֶין בְּיוַויז צוּא גֶעבִּין אַז אוֹיךְ דֶער צְווֶייטִיר טַעַם פוּן דִיא רַבָּנִים אִיז אוּם רֶעכְט פַאר וָואס זֵייא פֶערְבִּיטִין דִיא וַוייבִּיר תּוֹרָה צוּא לֶערְנִין. עֶס אִיז קְלָאר אַז בַּייא גָאט ב״ה אִיז דִיא אָרִימְקַייט פוּן זֵייאֶר פֶערְשְׁטַאנְד קַיין טַעַם נִיט אַז זֵייא זָאלִין דִיא תּוֹרָה נִיט לֶערְנִין. עֶר הָאט אִין זַיינִי גְנָאד גִיוִויזִין אַז עֶר אִיז קֵיין נוֹשֵׂא פָּנִים נִיט אוּן מַאכְט קַיין חִילוּק נִיט צְווִישִׁין זְכָרִים אוּן נְקֵבוֹת, אַזוֹ וִויא עֶר אִיז קַיין נוֹשֵׂא פָּנִים נִיט אוּן מַאכְט קַיין חִילוּק נִיט צְווִישִׁין אָרִים אוּן רַייךְ. עֶר הָאט נִיט בְּלוֹס אוֹיךְ צוּא וַוייבִּיר זַיינִי תּוֹרָה גִיגֶעבִּין אַזוֹ וִויא צוּא מֶענִיר, בַּייאִירְט עֶר הָאט זֵייא אוֹיךְ גִישֶׁענְקְט דִיא מַתָּנָה פוּן נְבוּאוֹת זָאגִין, אַזוֹ אַז צְווִישִׁין דִיא שְׁלוּחִים פוּן גָאט ב״ה וָואס הָאבִּין נְבוּאוֹת גִיזָאגְט מוּזִין אוֹיךְ גִידֶענְקְט וֶוערִין דִיא נֶעמִין פוּן דְבוֹרָה, חַנָּה, אוּן חוּלְדָה. עֶס הָאט אַיין פָּנִים אַז דִיא רַבָּנִים הָאבִּין פֶערְגֶעסִין אַז „דֶער אַנְפַאנְג פוּן קְלוּגְהַייט אִיז דִיא פוּרְכְט פַאר יהוה״, אוּן אַז גָאט ב״ה קָאן דִיא דָאזִיגִי פוּרְכְט אַזוֹ גְרִינְג אַרַיין גֶעבִּין אִין דֶעם הַארְץ אַרַיין פוּן אֵיינִי נְקֵבָה אַזוֹ גוּט וִויא אִין דֶעם הַארְץ אַרַיין פוּן אַיין רַבִּי. נוּן וֶועלִין מִיר נִיט מֶעהר שְׁמוּסִין פוּן דִיא דָאזִיגִי טְעָמִים פוּן דִיא רַבָּנִים, עֶס אִיז אִיצוּנְד גִינוּג צוּא זָאגִין, אַז דֶער מִיט וָואס תּוֹרָה שֶׁבַּעַל פֶּה זָאגְט אַז דִיא וַוייבִּיר זָאלִין נִיט לֶערְנִין אוּן קַיין חֵלֶק הָאבִּין אִין דִיא תּוֹרָה פוּן גָאט, בַּייאִירְט אַז זֵייא זֶענִין גְלַייךְ אַזוֹ וִויא קְנֶעכְט אוּן קְלֵיינִי קִינְדִיר, אַזוֹ אִיז זִיא דֶערמִיט סוֹתֵר דִיא קְלָארִי גִיבָּאט פוּן תּוֹרָה שֶׁבִּכְתָב, אָבִּיר דֶער בְּרִית חֲדָשָׁה טְהוּט נִיט אַזוֹ. זַיינִי רֵייד פַּאסְסִין גַאנְץ גוּט מִיט דִיא רֵייד פוּן תנ״ךְ, עֶר הַאלְט דִיא וַוייבִּיר יוֹא פַאר פֶערְשְׁטֶענְדִיגִי מֶענְשִׁין וָואס הָאבִּין שֵׂכֶל אוּן וָואס זָאלִין אוֹיךְ חֵלֶק הָאבִּין אָן עוֹלָם הַבָּא. אִיבִּיר דֶעם גִיבְּט עֶר אַיין כְּלַל וִויא מַאן זָאל קִינְדִיר דֶערְצִיהִין זְכָרִים אוּן נְקֵבוֹת. „אִיהר פֶעטִיר דֶערְצֶערְנְט נִיט אַייאָרִי קִינְדִיר, בַּייאִירְט דֶערְצִיהט זֵייא אִין דֶער צִיכְטִיגְקַייט אוּן מוּסָר פוּן דֶעם הֶערר״ (עפעזר ו׳ פסוק ד׳). עֶר זָאגְט בְּאֱמֶת דֶעם שְׁטֵייגִיר וִויא דִיא וַוייבִּיר זָאלִין לֶערְנִין, זֵייא זָאלִין עֶס טְהוּן מִיט פַיינְהַייט אוּן דֶעמוּטִיגְקַייט, אָבִּיר דֶערְמִיט וַוייזְט עֶר אוֹיךְ קְלָאר אוֹיס דֶעם חִיוּב אַז זֵייא זָאלִין לֶערְנִין אוּן וִויסְסִין דֶעם רָצוֹן פוּן גָאט ב״ה. „לָאז דִיא פְרוֹיא לֶערְנִין שְׁטִילִירְהֵייט מִיט

אליר

אַלִיר אונְטֶער טֶענִיגְקייט ; אָבֶּיר אִיךְ דֶערלוֹיב נִיט אַז אֵיינִי פְּרויא זָאל לֶעהרִין אוֹדִיר זָאל זִיךְ דֶערהֵייבִּין אִיבִּיר דֶעם מַאן , נֵייאִירְט זִיא זָאל שְׁטִיל זַיין״ (א׳ טימאטעוס ב׳ פסוק י״א וי״ב).

נָאךְ דִיא דָאזִיגִי און נָאךְ אַנְדִירִי פְּסוּקִים גָאךְ זֶענִין דִיא וַוייבִּיר אַזוֹ חָשׁוּב און זָאלִין זִיךְ אַזוֹ אויף פִירִין וִויא דֶעסגְלַייכִין שְׁטֵייט אויךְ אִין תנ״ךְ , אָבִּיר נִיט אַזוֹ נִידְרִיג גִימַאכְט וִויא דִיא תּוֹרָה שֶׁבְּבַעל פֶּה זָאגְט אַז „וַוייבִּיר און קְנֶעכְט (עבדים) און קְלֵיינִי קִינְדִיר זֶענִין פָּטוּר פון תּוֹרָה לֶערְנִין״ . אָבִּיר אוּנְזֶערִי דֵעָה אִיז אַז דֶער דָאזִיגִיר דִין אִיז פַאלְשׁ אִין דֶעם עִנְיָן פון קְנֶעכְט אַזוֹ וִויא עֶר אִיז פַאלְשׁ אִין דֶעם עִנְיָן פון וַוייבִּיר . דָא זָאגְט דִיא תּוֹרָה שֶׁבְּבַעל פֶּה אַז קְנֶעכְט זֶענִין פָּטוּר פון תּוֹרָה לֶערְנִין . אִין הלכות עבדים פרק ח׳ י״ח שְׁטֵייט

## אסור לאדם ללמד את עבדו תורה

„עֶס אִיז אֵיינִים מֶענְשׁ אָסוּר זַיין קְנֶעכְט תּוֹרָה צוּ לֶערְנִין״ . דָאס אִיז אָבִּיר גֶעבִּיךְ נִיט בִּיוויזִין פון אַיין פָּסוּק אוֹיס תנ״ךְ אַרוֹיס . דָאס זָאל נור מִיט אַרוֹיס גִידְרוּנְגִין זַיין פון דֶעם פָּסוּק ולמדתם אתם את בניכם „און אִיהר זָאלְט זִייא לֶערְנִין אַייעֶרִי זִיהְן״ , דֶער דָאזִיגִיר גִידַאנְג אִיז גַאנְץ קְלָאר אַקֶעגִין דֶעם גַאנְצִין תּוֹךְ פון תּוֹרַת מֹשֶׁה . דֶער בֶּן יִשְׂרָאֵל וָואס דָאס בֵּית דִין הָאט אִיהם פֶערְקוֹיפְט , אוֹדִיר דֶער וָואס הָאט זִיךְ וֶועגִין אָרִימְקֵייט זֶעלְבִּיר פֶערְקוֹיפְט , אִיז דָאךְ נָאךְ אַיין בֶּן יִשְׂרָאֵל גִיוֶועזִין און הָאט צוּם סוֹף זַיין רֶעכְט נִיט פֶערְלוֹרִין צוּא זַיינִי עֶרְבְּשַׁאפְט אִין דֶעם לַאנְד (ויקרא כ״ה מ״א) , וִויא אַזוֹ הָאט עֶר נון גִיקָאנְט זַיין רֶעכְט פֶערְלִירִין צוּא דִיא תּוֹרָה וָואס מֹשֶׁה הָאט זִיא גִיגֶעבִּין צוּא זַיין „דִיא עֶרְבְּשַׁאפְט פון דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג פון יַעֲקֹב״ (דברים ל״ג ד׳) תּוֹרַת מֹשֶׁה זָאגְט אוֹיסְדְרִיקְלִיךְ אַז שַׁבָּת זָאל זַיין אַיין טָאג פון רוּהוּנְג „פַאר דֶעם קְנֶעכְט און פַאר דִיא דִינְסְט מויד״ , נִיט אַלֵיין מְנוּחָה צוּ הָאבִּין פַאר זַייעֶרִין גוּף , נֵייאִירְט אויךְ צַייט צוּ הָאבִּין צוּא לֶערְנִין דֶעם רָצוֹן פון גָאט און זִיךְ אָן צוּא בִּירֵייטִין פַאר יֶענִי וֶועלְט וָואס קְנֶעכְט וֶועלִין אִין קוּרְצִין דָארְט אַהִין קוּמִין אַזוֹ גוּט וִויא זַייעֶרִי הֶערְרִין . טַאקִישׁ בֶּאֱמֶת , וֶוען דָאס טְרַאכְטִין אִין דֶער תּוֹרָה אִיז פַאר עֶטְלִיכִי פון דֶעם פָאלְק יִשְׂרָאֵל יוֹא נֵייטִיגִיר גִיוֶועזִין וִויא פַאר אַנְדִירִי , אַזוֹ הָאט דָאס גִימוּזְט זַיין פַאר דִיא וָואס זֶענִין קְנֶעכְט גִיוֶועזִין . וֶוען

אַזוֹ

אַזוֹ אֵיינֶיר הָאט אַיין גְנֵבָה גִיטָהאָן אוּן דָאס בֵּית דִין הָאט אִיהם פֶּערְקוֹיפְט אַזוֹ הָאט עֶר גֶעבִּיךְ זִיךְ גֵייטִיג גִיהַאט דִיא תּוֹרָה פוּן גָאט ב״ה צוּא קֶענֶין, דְרוּים צוּא לֶערְנִין תְּשׁוּבָה צוּ טְהוּן אוּן אַז עֶר זָאל זִיךְ שׁוֹן בֶּעסְסִיר אוֹיף פִיהרִין. אוֹדִיר וֶוען אַזוֹ אֵיינֶיר אִיז אַיין עֶהרְלִיכִיר מֶענְשׁ גִיוֶועזִין נוּר עֶר הָאט זִיךְ גֶעבִּיךְ אוֹיס גְרוֹס אָרִימְקַייט גִימוּזְט פֶּערְקוֹיפִין פַאר אַיין קְנֶעכְט, נוּן אַזוֹ הָאט עֶר גִיוִויס זַיְיר גֵייטִיג גִיהַאט דֶעם טְרוֹסְט וָואס דָאס וָוארְט פוּן גָאט ב״ה גִיבְּט, כְּדֵי אַז עֶר זָאל גִידוּלְדִיג זַיין אוּן צוּ פְרִידִין מִיט זַיין שְׁוֶוערִין מַעֲמָד אוּן זָאל נִיט מוּרְמְלֶין קֵייגִין גָאט. אָבִּיר דָא קוּמְט זִיךְ דִיא תּוֹרָה שֶׁבַּעַל פֶּה צוּ גֵיין אוּן זָאגְט גַאנְץ פְּרָאסְטִי אַז זַיין הֶערר טָאר אִיהם נִיט תּוֹרָה לֶערְנִין, אוּן אָן שְׁטָאט דֶעם קְנֶעכְט אוֹיף צוּ הֵייטִירִין אַז וֶוען עֶר וֶועט נוּר צַייט הָאבִּין זָאל עֶר לֶערְנִין דִיא רֵייד פוּן גָאט ב״ה זִיךְ צוּ דֶערְקְווִיקִין אוּן צוּ טְרֵייסְטִין, אַזוֹ זָאגְט זִיא אִיהם אַדְרַבָּה אַז עֶר אִיז פָּטוּר פוּן תּוֹרָה לֶערְנִין. אוֹיךְ אִין דֶעם דָאזִיגִין עִנְיָן פַּאסְט דֶער בְּרִית חֲדָשָׁה פִיל בֶּעסְסִיר צוּזַאמְמִין מִיט תּוֹרַת מֹשֶׁה, אִין זַיין גַאנְצִין תּוֹךְ גִיפִינְט מֶען לִיבְּלִיכִי בַּארְמְהֶערְצִיגְקַייט אִיבִּיר דִיא וָואס מוּזִין דִינֶין. מֹשֶׁה בִּיפֶעהלְט דִיא יִשְׂרָאֵל אַז זַייא זָאלִין גִידֶענְקִין אַז זַייא זֶענִין זֶעלְבִּיר קְנֶעכְט גִיוֶועזִין אִין מִצְרַיִם. דֶער בְּרִית חֲדָשָׁה דֶערְמַאנְט דִיא הֶערְרִין אַז זַייא הָאבִּין אִיבִּיר זִיךְ אַיין הֶערר אִין הִימֶל. „אִיהר הֶערְרִין, טְהוּט אִיהר דָאס זֶעלְבִּיגִי צוּ זַייא, אוּן הֶערְט אַייךְ אוֹיף צוּ בֵּייזִירְן, וִויא אִיהר וַויְיסְט אַז אַייֶער הֶערר אִיז אוֹיךְ אִין הִימֶל אוּן אַז עֶר אִיז קֵיינִים נִיט נוֹשֵׂא פָּנִים״ (עפעזר ו׳ פסוק ט׳). עֶר לֶערְנְט אוֹיךְ בְּפֵירוּשׁ אַז גְלֵייבִּיגִי הֶערְרִין אוּן קְנֶעכְט זֶענִין פַאר גָאט צוּ אֵיינַאנְדִיר אַזוֹ וִויא בְּרִידִיר, „אוּן דִיא וָואס הָאבִּין גְלֵייבִּיגִי הֶערְרִין זָאלִין זַייא נִיט פֶערְשְׁמֶעהִין וַוייל זַייא זֶענִין בְּרִידִיר, נַייאִירְט לָאזִין זַייא זַייא בֶּעסִיר דִינֶין, וָוארִין זַייא זֶענִין גִיטְרַייא אוּן גִילִיבְּט אוּן הָאבִּין אַיין טְהֵייל אִין דֶעם גוּטִין״ (א׳ טימאטעוס ו׳ פסוק ב׳). יוֹא דֶער בְּרִית חֲדָשָׁה גִיבְּט אַיין כְּלָל וָואס אִיז גַאנְץ אַקֵייגִין יֶענִים „אַז וַוייבִּיר אוּן קְנֶעכְט אוּן קְלֵיינִי קִינְדִיר זֶענִין פָּטוּר פוּן תּוֹרָה לֶערְנִין״. עֶר זָאגְט „עֶס אִיז נִיט פַארְהַאנְדִין קֵיין יוּד אוּן קֵיין יָוָן, קֵיין קְנֶעכְט אוּן קֵיין פְרַייאִיר, קֵיין זָכָר אוּן קֵיינִי נְקֵבָה, וָוארִין אִיהר זֶענְט אַלִי אֵיינְס אִין יֵשׁוּעַ הַמָּשִׁיחַ״ (גאלאטיר ג׳ פסוק כ״ח). עֶר מַאכְט דִיא מֶענְשִׁין נִיט פָּטוּר פוּן זַייאֶרִי בִּיזוּנְדִירִי חִיוּבִים וָואס אִיטְלִיכִיר אִיז מְחוּיָב צוּ הַאלְטִין נָאךְ זַיין

מעמד

מַעֲמָד נָאך אִין דֶער וֶועלְט, אוּן עֶר גֶעמְט זֵייא וִוידִיר אוֹיךְ נִיט אַוֶועק זֵייאֶר בִּיזוּנְדִיר רֶעכְט וָואס אִיטְלִיכִיר פוּן זֵייא הָאט נָאךְ דֶעם דָאזִיגִין מַעֲמָד נָאךְ, אָבִּיר עֶר לֶערְנְט אַז דֶער וֶועג צוּ יְשׁוּעַת עוֹלָמִים אִיז נוּר אַיין אֵיינְצִיגִיר פַאר אַלִּי, פַאר יוּדִין אוּן יְוָנִים, פַאר קְנֶעכְט אוּן פְּרַייאִי, פַאר זְכָרִים אוּן נְקֵבוֹת. דָאס וָואס תּוֹרָה שֶׁבַּעַל פֶּה זָאגְט אִיז גָאר דֶער הֵיפּוּךְ דֶער פוּן. מִיר הָאבִּין גִיזֶעהִין אַז זִיא מַאכְט אַיין גְרוֹסִין חִילוּק צְווִישִׁין זְכָרִים אוּן נְקֵבוֹת, צְווִישִׁין קְנֶעכְט אוּן פְּרַייאִי, אוּן דַארוּם מוּזִין מִיר אוּנְס אוֹיךְ נִיט פֶער וואוּנְדִירְן אַז זִיא מַאכְט אוֹיךְ וַוייטִיר דֶעם חִילוּק צְווִישִׁין יוּדִין אוּן יְוָנִים.

מי שעסק בתורה חייב מיתה. לא יעסוק אלא בשבע מצות שלהן בלבד. וכן גוי ששבת אפילו ביום מימות החול. אם עשאהו לעצמו כמו שבת חייב מיתה. ואין צריך לומר אם עשה מועד לעצמו. כללו של דבר אין מניחין אותן להדש דת ולעשות מצות לעצמן מדעתן. אלא או יהיה גר צדק ויקבל כל המצות. או יעמוד בתורתו. ולא יוסיף ולא יגרע. ואם עסק בתורה או שבת. או חדש דבר. מכין אותו ועונשין אותו ומודיעין אותו שהוא חייב מיתה על זה אבל אינו נהרג:

„אַיין גוֹי וָואס אִיז עוֹסֵק אִין דֶער תּוֹרָה אִיז חַיָיב מִיתָה, עֶר זָאל נִיט עוֹסֵק זַיין נוּר אִין דִיא זִיבִּין מִצְוֹת וָואס גִיהֶערִין צוּ זֵייא. אוּן אַזוֹ, אַיין גוֹי וָואס הַאלְט שַׁבָּת אֲפִילוּ אָן אֵיין טָאג אִין דֶער וָואךְ, וֶוען עֶר מַאכְט עֶס זִיךְ זֶעלְבִּיר פַאר אַיין שַׁבָּת אִיז חַיָיב מִיתָה. אוּן עֶס אִיז נִיט נֵייטִיג צוּ זָאגִין וֶוען עֶר מַאכְט זִיךְ זֶעלְבִּיר אַיין פַייאִיר טָאג. דֶער כְּלַל פוּן דֶער זַאךְ אִיז אַזוֹ, מַאן לָאזְט זֵייא נִיט אַיין נַייאִין דַת אַיינְפִיהְרִין אוּן זִיךְ זֶעלְבִּיר מִצְוֹת מַאכִין נָאךְ זֵייאֶרִי מֵיינוּנְג נָאךְ. נֵייאִירְט אוֹדִיר עֶר זָאל וֶוערִין אַיין גֵר צֶדֶק אוּן זָאל אוֹיף זִיךְ מְקַבֵּל זַיין אַלִי מִצְוֹת אוֹדִיר עֶר זָאל בְּלַייבִּין בַּייא זַיינִי לֶערְנוּנְג אוּן זָאל נִיט דֶער צוּ צוּזֶעצִין אוּן נִיט דֶער פוּן אַרָאבּ נֶעמִין. אוּן וֶוען עֶר אִיז עוֹסֵק אִין דֶער תּוֹרָה אוֹדִיר הַאלְט שַׁבָּת אוֹדִיר פִיהְרְט אַיין אֵיינִי נַייאִי זַאךְ, אַזוֹ שְׁלָאגְט מַאן אִיהם אוּן מַאן בִּישְׁטְרַאפְט אִיהם אוּן מַאן אִיז אִיהם מוֹדִיעַ אַז עֶר אִיז חַיָיב מִיתָה, אָבִּיר מַאן שְׁלָאגְט אִיהם נִיט טוֹט״ (הלכות מלכים יו״ד ט׳). דֶער דָאזִיגִיר דִין שְׁטֶעהְט בְּקִיצוּר אוֹיךְ אִין מסכת

סנהדרין

סנהדרין דף נ"ט ע"א, דרויף שטייט דארט איינע קשיא אוים בבא קמא אז פון ויקרא י"ח פסוק ה' זאל גידרונגין זיין

## שאפילו גוי ועוסק בתורה שהוא ככהן גדול

„אז אפילו איין גוי וואס איז עוסק אין דער תורה איז אזו גוט וויא איין כהן גדול"; אביר דארט שטייט אויך דער תירוץ דרויף התם בשבע מצות דידהו „דארט מיינט מאן נור זייארי זיבין מצות". נון מיר זענין מודה אז אין יעני צייטין האט מאן ניט פערשטאנין אז מאן קאן על פי יושר קיינים ניט צווינגין וואס ער זאל דווקא גלויבין, דעם דאזיגין יושר האט צו ערשט דער ברית חדשה קלאר מגלה גיוועזין, אביר דיא וואס האבין תורה שבעל פה מחבר גיוועזין, דיא האבין דעם ברית חדשה ניט גיקענט אודיר זייא זענין איהם אקייגין גיוועזין, און עס מעכט אום רעכט זיין צו מיינין אז דיא דאזיגי לייט האבין דעם דאזיגין יושר מן הסתם גיזאלט בעססיר וויססין און בעססיר האלטין וויא דיא מייסטי מענשין אין יעניר צייט. דאס זענין מיר מודה און מיר פערענטפירן דערמיט יעני לייט, אביר דאס מוזין מיר זאגין אז דער דין זעלביר איז שלעכט און קאן ניט זיין פון גאט. אמונה איז איינע זאך צווישין גאט און מענשין, דאס הארץ, דאס גיוויססין, און דער שכל, זייא גייט דאס אן גאר אן חילוק. דארום קענין נור דיא רייד פון גאט ב"ה דעם מענש דער צו ברענגין וואס ער זאל גלויבין. דאס איז רעכט, און דארום בימיהין מיר אונס צו פערגלייכין תורה שבעל פה מיט דיא רייד פון גאט ב"ה און צו ביווייזין אז דיא וואס גלויבין אן תורה שבעל פה זענין אין טעות. מיר פערלאנגין ניט אז מאן זאל דיא איצונדיגי יודין פאר אזעלכי מענשין האלטין וויא דיא זענין גיוועזין וואס האבין תורה שבעל פה גימאכט. זייער פילי יודין קענין און וויססין ניט אלי איהרי ביזונדירי דינים, דיא מייסטי פון זייא האבין קיין צייט ניט זיא אין גאנצין אדורך צו לערנין און צו פרופין. נייארט זייא מיינין, מסתמא האבין זייארי פעטיר רעכט גיהאט תורה שבעל פה פאר בעססיר צו האלטין פון דיא אמונה פון דעם ברית חדשה און אז זייא זענין דארום מחויב אויך אזו צו טהון. אביר אויך אפילו דיא יודין וואס זענין בקי אין תורה שבעל פה אויך אין איהרי ביזונדירי דינים, אויך אזעלכי יודין מוזין ניט גיהאלטין ווערין פאר

אזעלכי

אַזעלכי מענשין וויא דיא מחברים פון דיא דאזיגי תורה זענין געוועזין. זייא האבין דיא דאזיגי תורה פון זייערי פעטיר מקבל געוועזין און דארום איז זיא זייא ליב וויא אלים וואס קינדיר קריגין פון זייערי עלטירן, און זייא האלטין זיא פאר גוט ווייל זיא איז נון איין מאל ביייא זייער גאנצין פאלק אזו איינגיפיהרט. זייא דערמאנין זיך אז צו דיא יודין איז תורת משה גיגעבין געווארין, און אז דורך דיא יודין איז בעזרת השם דיא דערקענטניש פון דעם וואהרהאפטיגין גאט אין דער וועלט אין אנהויב אויס גיברייט און בקאנט געווארין, און דארום מיינין זייא נון אז אלים וואס קומט פון יודין ארויס מוז רעכט זיין. אין פריהירי צייטין האבין קריסטין קריסטין דורך פערשידיני דעות גורם געוועזין אז דיא יודין זענין אין זייערי מיינונגין גישטארקט געווארין. איצונד איז עס אביר אנדירש. קריסטין פערשטיין איצונד וואס גאט האט מיט דיא יודין גימיינט אז ער האט זייא בוחר געוועזין, און זייא האפפין אז דיא יודין וועלין תשובה טהון און גאט ב״ה וועט זייא אין חסד ווידיר אן נעמין, דאס וועט זיין איני גיבענשטי צייט פאר דיא גאנצי וועלט. קריסטין קענין איצונד אין כבוד האלטין און הוך אכטין דיא גילערינטהייט, גישיקליכקייט, און פעסטיגקייט פון דיא רבנים, האטשי זייא האלטין זייערי תורה שבעל פה פאר איין טעות. אזו איז נון איצונד צייט אז דיא יודין זעלביר זאלין פרופין יעני אמונה זאבין וואס מאן האט זייא בקבלה איביר גיגעבין, און זאלין זייא פערגלייכין מיט תורת משה און דיא נביאים. מיר האפפין אז פילי וועלין מודה זיין, אז דיא דינים וואס מיר האבין אובין מזכיר געוועזין זענין שלעכט און קענין דארום ניט זיין פון גאט. לאזין זייא זיך דערמאנין אז דיא וואס האבין דיא דאזיגי דינים מתקן געוועזין, דאס זענין דיא לייט וואס האבין ניט געוואללט גלויבין אז אונזער הערר ישוע המשיח איז דער רעכטיר משיח. ווען נון דיא דאזיגי לייט זענין אין טעות געוועזין אז זייא האבין אזעלכי דינים גימאכט, אזו זענין זייא אויך אין טעות געוועזין אז זייא האבין ישוע הנוצרי צום טוט דן געוועזין ווייל ער האט זייערי רייד און מעשים פאר שלעכט גיהאלטין; און ווען זייערי דינים זענין שלעכט, אזו האט אויך אונזער הערר ישוע המשיח רעכט גיהאט קייגין זייא. יוא, און ווען זייא האבין גילערנט טעות, אזו האט ער און זייני תלמידים גילערנט דעם אמת. דיא רבנים

האבין

האבין גילערנט אז מאן זאל צווינגין , זייארי רייד צו גלויבין און צו טהון. ישוע הנוצרי און זייני תלמידים האבין גילערנט אז מאן זאל ניט אראב רופין פייאר פון הימל איביר דיא וואס גלויבין און טהון אנדירשט וויא מיר, אז „דער קנעכט פון דעם הערר גיהערט זיך ניט צו קריגין, נייארט גילינד צו זיין צו אלי, און איין גוטיר לעהריר, וואס קען בייז ליידין, און וואס קען שטראפין מיט איין נידריג גימוטה דיא וואס זעצין זיך דער ווידיר, טאמיר וועט זייא גאט תשובה געבין, זייא זאלין דערקענין דיא וואהרהייט" (ב׳ טימאטעוס ב׳ פסוק כ״ד. וכ״ה).



# נתיבות עולם

עִמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז

דיא אלטי שטעגין.

---

## נומר ד׳

---

וֶוען נַאפָּאלֶעאָן הָאט גִיפְרֶעגְט דִיא יוּדִישִׁי מְשׁוּלָחִים אוֹב זֵייא הַאלְטִין דִיא פְרַאנְצוֹזִין פַאר זֵייאֶרִי בְּרִידִיר, אַזוֹ הָאבִּין זֵייא גִיעֶנְטְפִירְט יוֹא און הָאבִּין אִיהם מַזְכִּיר גִיוֶועזִין דִיא מִצְוֹת פוּן משֶׁה וֶועגִין אַיין פְרֶעמְדִין (גר) און דֶער נָאךְ הָאבִּין זֵייא גִיזָאגְט „צוּ דִיא דָאזִיגִי גִיפִיהל פוּן גוּטְס טְהוּן צוּ דֶעם פְרֶעמְדִין הָאט משֶׁה צוּ גִיגֶעבִּין דִיא כְּלַל מִצְוָה פוּן לִיבְּשַׁאפְט צוּ אַלִי מֶענְשִׁין, „דוּ זָאלְסְט לִיבּ הָאבִּין דַיין מִיט בִּישֶׁעפִּינִיש אַזוֹ וִויא דִיךְ זֶעלְבִּיר„ (פְּעוּלוֹת דסנהדרין של פאריז דף קע״ח). און אִין דֶעם יוּדִישִׁין סֵפֶר אֱמוּנַת משֶׁה אִין שַׁאֲלוֹת און תְּשׁוּבוֹת (אוֹיף הוֹךְ דַייטְשׁ: לֶעהְרְבּוּךְ דֶער מָאזַאאִישֶׁען רֶעלִיגְיָאן, מִינְכֶען, 1826) וָואס אִיז אַנְגִינוּמִין און וֶוערְט גִיבְּרוֹיכְט פוּן דִיא יוּדִין אִין מְדִינַת בַּייֶערְן, נָאךְ דִיא דֶערְקְלֶערוּנְג פוּן דִיא מִצְוֹת מְדוֹתִיוֹת (אוֹיף הוֹךְ דַייטְשׁ: מָארַאלִישֶׁע פְּפְלִיכְטֶען) גִיפִינְין מִיר דף ק״נ דִיא שַׁאֲלָה וָואס הֵייסְט אוֹיף יוּדִישׁ אַזוֹ: „מוּז מַאן דִיא דָאזִיגִי גִיזֶעץ און חִיוּבִים דִיא מִצְוֹת עשה און לא תעשה אוֹיךְ הַאלְטִין קֵייגִין אֵיינִים וָואס אִיז נִיט אַיין יוּד״ און דִיא עֶנְטְפִיר דְרוֹיף אִיז: „אִין אַלִי אוֹפַנִים, וָוארִין דִיא עִיקָר מִצְוָה פוּן אַלִי דִיא דָאזִיגִי חִיוּבִים״ דוּ זָאלְסְט לִיבּ הָאבִּין דַיין גִיזֶעלִין אַזוֹ וִויא דִיךְ זֶעלְבִּיר גֵייט בְּפֵירוּשׁ אִין דֶעם הֵיילִיגִין תנ״ךְ אוֹיף דֶעם וָואס אִיז קֵיין יוּד נִיט, יוֹא, אוֹיף דִיא גוֹיִם, אַזוֹ וִויא עֶס שְׁטֵייט גִישְׁרִיבִּין און וֶוען אַיין פְרֶעמְדִיר וֶועט ווֹאוֹהְנִין בַּייא דִיר אִין אַייאֶר לַאנְד זָאלְט אִיהר אִיהם נִיט אוּנְטֶער דְרוּקִין, גְלַייךְ אַזוֹ וִויא דֶער אַיינְגִיבּוֹרִינִיר פוּן אַייךְ זָאל זַיין צוּ אַייךְ דֶער פְרֶעמְדְלִינְג וָואס ווֹאוּנְט בַּייא אַייךְ. און דוּ זָאלְסְט אִיהם לִיבּ הָאבִּין

גלייך

גְלַייךְ אַז וִויא דִיךְ זֶעלְבְּסְט, דֶען אִיהר זַייט פְרֶעמְדְלִינְגִי גֶעוֶועזִין אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם, אִיךְ בִּין יהוה אַייאֶר אלהים״ (ויקרא י״ט ל״ג ול״ד). דִיא דָאזִיגִי דֶערְקְלֶערוּנְגִין זֶענִין גַאנְץ קְלָאר אוּן טויגִין זֵייר וואוהל דֶער צוּ בְּפַרְהֶסְיָא גִילֶערְנְט אוּן גִיהַאלְטִין צוּ וֶוערִין. דִיא מְשׁוּלָּחִים פוּן דִיא יוּדִין אִין פְרַאנְקְרַייךְ אוּן דִיא מְלַמְּדִים פוּן דִיא יוּדִישִׁי קִינְדִיר אִין בַּייעֶרְן דֶערְקְלֶערִין דָאס וָוארְט רעך ״דַיין גִיזֶעלְן״ וָואס שְׁטֵייט אִין דֶער מִצְוָה אִין דֶער תּוֹרָה ואהבת לרעך כמוך ״אוּן דוּ זָאלְסְט לִיב הָאבִּין דַיין גִיזֶעלְן אַזוֹ וִויא דִיךְ זֶעלְבְּסְט״, זֵייא דֶערְקְלֶערִין אַז דָאס דָאזִיגִי וָוארְט מֵיינְט אִיטְלִיכִין מֶענְשׁ, גָאר אָן חִילוּק פוּן וֶועלְכִין פָאלְק אוֹדִיר אֱמוּנָה עֶר אִיז. פוּן וַואנִין הָאבִּין זֵייא דֶעם דָאזִיגִין פֵּירוּשׁ גִילֶערְנְט. אוֹיס דֶער גְמָרָא אוֹדִיר אוֹיס דֶעם בְּרִית חֲדָשָׁה. דִיא יוּדִישִׁי מְשׁוּלָּחִים זָאגִין אַז אוֹיס דֶער גְמָרָא. אוֹיף דֶעם דַף וָואס מִיר הָאבִּין אוֹבִּין מַזְכִּיר גִיוֶועזִין זָאגִין זֵייא, ״דִיא דָאזִיגִי לֶערְנוּנְג הֵייסְט אוֹיךְ דִיא גְמָרָא הַאלְטִין, אַיין גְמָרָא גְלֵייבִּיגִיר זָאגְט, מִיר זֶענִין מְחוּיָב לִיב צוּ הָאבִּין אַזוֹ וִויא בְּרִידִיר אַלִי דִיא וָואס זֶענִין מְקַיֵּים דִיא בני נח*), זֵייאֶרִי דֵעוֹת אִין אֱמוּנָה זָאכִין מֶעגִין זַיין וֶועלְכִי עֶס אִיז. מִיר זֶענִין מְחוּיָב צוּ זֵיירִי קְרַאנְקִי צוּ גֵיין בִּיקוּר חוֹלִים הַאלְטִין, זֵייאֶרִי מֵתִים צוּ בִּיגְרָאבִּין, זֵייאֶרִי אָרִימִי לַייט צוּ הֶעלְפִּין אַזוֹ וִויא דִיא פוּן יִשְׂרָאֵל. קוּרְץ, עֶס אִיז קֵיינִי גוּטִי מַעֲשֶׂה פוּן מֶענְשְׁלִיכְקֵייט נִיט פַארְהַאנְדִין וָואס אַיין רֶעכְטִיר בֶּן יִשְׂרָאֵל אִיז נִיט מְחוּיָב צוּ טְהוּן צוּ דִיא וָואס הַאלְטִין דִיא בני נח. דָאס סֵפֶר אמונת משה אִין בֵּייעֶרְן אִיז קְלוּגִיר, עֶס אוּנְטִירְשְׁטֵייט זִיךְ נִיט פוּן דִיא גְמָרָא אַזוֹ צוּ שְׁמוּסִין. עֶס גִיבְּט נוּר אַיין וִוינְק אַז תּוֹרָה שֶׁבַּעַל פֶּה לֶערְנְט אוֹיךְ דִיא דָאזִיגִי לֶערְנוּנְג. גֶעבִּין דֶעם פָּסוּק אוֹיס וַיִּקְרָא שְׁטֶעלִין זֵייא שְׁטִילְלִירְהֵייט אַנִידִיר דִיא אֵייגִינִי וֶוערְטִיר פוּן רמב״ם וָואס דִיא מְשׁוּלָּחִים הָאבִּין גִימֵיינְט אִין דֶעם סֵפֶר אמונת משה שְׁטֵיין דִיא דָאזִיגִי רֵייד אַבִּיסִיל אוֹיסְפִּיהְרְלִיכִיר ״מִיר זֶענִין מְחוּיָב אִין אִיטְלִיכִי זַאךְ זִיךְ אוֹיף צוּ פִיהְרִין מִיט גירעכטיגקייט

---

*) מיר זענין דא מזכיר דיא רייד גאנץ אזו וויא זייא שטיין אין יעניס ספר . „בני נח״ (Noachides) מוז דא ביטייטין דיא זיבין מצות פון דיא בני נח . דער מחבר פון יעניס ספר האט דא נו קורץ גישמועסט .

גירעכטיגקייט און מיט ליבשאפט. קייגין דעם וואס איז קיין בן ישראל ניט, וואס וואוהנט צווישין אונס, אזו וויא מיר פיהרין זיך אויף קייגין איין בן ישראל. מיר זענין אפילו מחויב איהם צו דערנעהרין, אזו וויא דיא תורה לערנט מיט דיא ווערטיר (דברים י״ד פסוק כ״א) „צו דעם פרעמדלינג וואס איז אין דייני טהורין זאלסטו עס געבין און ער זאל עס עסין״. אונזערי חכמים האבין אונס גיבאטין פון דיא טובה ווענין פאר אלי מענשין אפילו בייא דיא קראנקי פון דיא גוים ביקור חולים צו האלטין, זייערי גישטארביני צו ביגראבין, און צווישין זייא צדקה אוים צו טהיילין, וואריו פון אונזר בישעפפיר שטייט גישריבין (תהלים קמ״ה פסוק ט׳) „יהוה איז גוט קייגין איטליכים און זייני בארמהערציגקייטין זענין איביר אלי זייני ווערק (רמב״ם הלכות מלכים יו״ד י״ב)״.

נון דאס דאזיגי שטיק אזו וויא דיא משולחים און דאס בייערישי ספר אמונת משה זענין עם מזכיר איז טאקיש בלתי ספק זייר שיין, און ווען מאן מעכט קענין דאס אייגיני שטיק גיפינין ווארט פאר ווארט אויך אין דער גמרא אודיר אין איינים קיצור גברא, אזו מעכט עס אויך ביווייזין אז דער הוכיר שמום פון דיא משולחים און דער קלוגיר ווינק פון דעם בייערישין ספר זענין אמת. אביר צום אום גליק הייסט דאס דאזיגי שטיק אין דעם רמב״ם זעלביר גאר אנדירשט, און דיא מחברים פון יעני ספרים זענין עס ניט מזכיר נאך דעם אמת נאך. נייאירט זייא האבין עס פערפעלשט כדי אז עס זאל זייא בעססיר טויגין. אין דעם יד החזקה שטייט דאס שטיק אזו

וכן יראה לי שנוהגין עם גרי תושב בדרך ארץ וגמילות חסדים כישראל. שהרי אנו מצווין להחיותן שנאמר לגר אשר בשעריך תתננה ואכלה. וזה שאמרו חכמים אין כופלין להן שלום. בגוים לא בגר תושב. אפילו הגוים צוו חכמים לבקר חוליהם. ולקבור מתיהם עם מתי ישראל. ולפרנס ענייהם בכלל עניי ישראל. מפני דרכי שלום. הרי נאמר טוב ה׳ לכל ורחמיו על כל מעשיו ונאמר דרכיה דרכי נועם וכל נתיבותיה שלום:

„און אזו באכט זיך מיר אז מיט גרים וואס זענין

אַיינְוואוֹהנִירְס פִּיהרְט מַאן זִיךְ אוֹיף מִיט דֶרֶךְ אֶרֶץ און מִיט גְמִילַת חֶסֶד אַזוֹ ווִיא מִיט יִשְׂרָאֵל, וָואָרין מִיר זֶענִין גִיבָּאטִין זֵייא צוּ דֶערנֶעהרִין, וָוארִין עֶס אִיז גִיזָאגְט גִיוָוארִין, צוּ דֶעם פְּרֶעמְדְלִינְג וָואס אִיז אִין דַיינִי טְהוֹרִין זָאלְסְטוּ עֶס גֶעבִּין און עֶר זָאל עֶס עֶסִין. און דָאס וָואס דִיא חֲכָמִים הָאבִּין גִיזָאגְט אַז מַאן גִיבְּט זֵייא קַיין שָׁלוֹם נִיט צוּרוּק, דָאס גֵייט אוֹיף דִיא גוֹיִם, נִיט אוֹיף אַיין גֵר וָואס אִיז אַיין אַיינְוואוֹהנִיר. אֲפִילוּ דִיא קְרַאנְקִי פוּן דִיא גוֹיִם הָאבִּין דִיא חֲכָמִים גִיבָּאטִין מְבַקֵר חוֹלִים צוּ זַיין, און צוּ בִּיגְרָאבִּין זֵייעֶרִי גִישְׁטָארְבִּינִי מִיט דִיא גִישְׁטָארְבִּינִי פוּן יִשְׂרָאֵל, און מְפַרְנֵס צוּ זַיין זֵייעֶרִי אָרִימִי לַייט אִין דֶעם כְּלַל פוּן דִיא אָרִימִי לַייט פוּן יִשְׂרָאֵל, פוּן דֶרֶךְ שָׁלוֹם וֶועגִין. וָוארִין עֶס אִיז גִיזָאגְט גִיוָוארִין, יהוה אִיז גוּט קֵייגִין אִיטְלִיכִים און זַיינִי בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייטִין זֶענִין אִיבִּיר אַלִי זַיינִי וֶוערְק, אוֹיךְ אִיז גִיזָאגְט גִיוָוארִין (משלי ג׳ פסוק י״ז) אִיהרִי וֶועג זֶענִין וֶועג פוּן לִיבְּלִיכְקֵייט און אַלִי אִיהרִי שְׁטֶעגִין זֶענִין פְּרִידִין״.

וֶוער עֶס לֵיינְט דָאס דֶער זֶעהט אַז עֶס אִיז אַיין שְׁטַארְקִיר חִילוּק צְווִישִׁין דֶעם דָאזִיגִין שְׁטִיק אִין רמב״ם זֶעלְבִּיר און צְווִישִׁין דֶעם וָואס דָאס בַּייעֶרִישִׁי סֵפֶר אמונת משה אִיז מַזְכִּיר, און דֶער דָאזִיגִיר חִילוּק בִּיוַוייזְט, אַז נָאךְ תּוֹרָה שֶׁבַּעל פֶּה נָאךְ בִּיטַייט דָאס וָוארְט „רעך״ „גִיזֶעלִין״ נִיט אִיטְלִיכִין מֶענְשׁ אָן חִילוּק פוּן וֶועלְכִין פָאלְק אוֹדִיר אֱמוּנָה עֶר אִיז:

עֶרְשְׁטִינְס, דָאס בַּייעֶרִישִׁי סֵפֶר אִיז מַזְכִּיר דִיא רֵייד „מִיר זֶענִין מְחוּיָב אִין אִיטְלִיכִי זַאךְ זִיךְ אוֹיף צוּ פִּיהרִין מִיט גִירֶעכְטִיגְקֵייט און מִיט לִיבְּשַׁאפְט קֵייגִין דֶעם וָואס אִיז קַיין בֶּן יִשְׂרָאֵל נִיט, וָואס וואוֹהנְט צְווִישִׁין אוּנְס, אַזוֹ ווִיא מִיר פִּיהרִין זִיךְ אוֹיף קֵייגִין אַיין בֶּן יִשְׂרָאֵל״, אָבִּיר אִין רמב״ם שְׁטֵייט „און אַזוֹ דַאכְט זִיךְ מִיר אַז מִיט גֵרִים וָואס זֶענִין אַיינְוואוֹהנִירְס פִּיהרְט מַאן זִיךְ אוֹיף מִיט דֶרֶךְ אֶרֶץ און מִיט גְמִילַת חֶסֶד אַזוֹ ווִיא מִיט יִשְׂרָאֵל״. דָאס בַּייעֶרִישִׁי אמונה ספר אִיז דִיא דָאזִיגִי רֵייד אַזוֹ מַזְכִּיר גְלַייךְ אַז וֶוען עֶס וָואלְט טַאקִיש גָאר אָן סָפֵק אַזוֹ אַיין דִין בַּייא דִיא יוּדִין גִיוֶועזִין אַזוֹ צוּ טְהוּן, אָבִּיר דֶער רמב״ם זָאגְט נוּר זַיינִי אֵייגִינִי

מיינונג

מיינונג, ער זאגט „עס דאכט זיך מיר". אין דעם דאזיגן זאגן די פראנצייזישע משולחים מעהר אמת, זייא זאגן, „איין גמרא גלייביגער זאגט מיר זענין מחויב", ניט די גמרא זאגט, נייארט איין גמרא גלייביגער, איינער וואס גלויבט אן די גמרא. ווייטער, דאס בייערישע ספר אמונת משה שמוסט בכלל פון מענשן וואס זענין ניט בני ישראל", דער רמב"ם שמוסט נור בפרט, נור פון ביזונדערע מענשן, פון גרים וואס זענין איינוואוהנערס אין ארץ ישראל. אז מיר פערשטיין די רעכטע מיינונג פון רמב"ם ווייזט זיך קלאר אויס פון די רייד פון די יודישע משולחים, וואס זייא שמוסין אויך נור פון ביזונדערע מענשן, זייערע רייד זענין „איין גמרא גלייביגער זאגט, מיר זענין מחויב ליב צו האבין אזו וויא ברידער אלע די וואס זענין מקיים די בני נח, זייערע דעות אין אמונה זאלין מעגין זיין וועלכע עס איז". מילא אפילו נאך דעם עדות נאך פון די משולחים זעלביר הייסט די גמרא ניט ליבין אלע מענשין אזו וויא ברידער, נייארט נור די וואס האלטין די זיבין מצות פון די בני נח. און וויא זאלין מיר זיך דען אויף פיהרין קייגין די וואס דינין עבודה זרה און קייגין די גוים וואס האבין נאך ניט אנגינומין יענע זיבין מצות. דאס ברענגט אונס צו ווייזין,

צווייטינס, איין וויכטיג שטיק וואס דאס בייערישע ספר אמונת משה האט גאר איבערגיהיפפערט. די וואס האבין דאס דאזיגע ספר גימאכט און האבין די רייד פון רמב"ם מזכיר גיוועזין, די האבין אוועק גילאזט די ווערטער „און דאס וואס די חכמים האבין גיזאגט אז מאן גיבט זייא קיין שלום ניט צוריק, דאס גייט אויף די גוים, ניט אויף איין גר וואס איז איין איינוואוהנער", אויך די פראנצייזישע יודישע משולחים האבין די דאזיגע רייד ניט גידאכט, און דאך שטיין זייא גאנץ אין דער מיטטין פון דעם דאזיגן שטיק אין דעם רמב"ם. דאס וואס שטייט פאר די דאזיגע ווערטער און דאס וואס שטייט נאך זייא, דאס האבין זייא ביידע יוא מזכיר גיוועזין, אבער די דאזיגע רייד אין דער מיטטין האבין זייא ביידע איבער גיהיפפערט, גאנץ גלייך. נון דאס דאזיגע בלויסע איבער היפפערין אלליין קאן שון איינע קשיא ווערין ביי יודין וואס זענין מיט תורה

שבעל

שֶׁבַּעַל פֶּה נִיט גוּט בִּיקַאנְט. דִיא יוּדִישִׁי מְשׁוּלָּחִים אִין פַּארִיז אוּן דָאס יוּדִישִׁי סֵפֶר אמונת משה אִין בֵּייֶערְן הָאבִּין אֵיינְגִירֶעלְיִיא תַּכְלִית אִין זִין, זֵייא ווִילְלִין בִּיוַוייזִין אוֹדִיר אַיין ווִינְק גֶעבִּין אַז דִיא גְמָרָא לֶערְנְט דִיא יוּדִין אַז זֵייא זָאלִין אַלִי מֶענְשִׁין לִיבּ הָאבִּין ווִיא זִיךְ זֶעלְבִּיר, נָאר אָן חִילוּק ווָאס פַאר אֵיינִי אֱמוּנָה זֵייא הָאבִּין. דָאס צוּ בִּיוַוייזִין זֶענִין זֵייא בֵּיידִי מַזְכִּיר דָאס אֵייגִינִי שְׁטִיק, אוּן פוּן דֶער מִיטְטִין אַרוֹיס פוּן דֶעם דָאזִיגִין שְׁטִיק אִיבִּיר הִיפְּפִּירְן זֵייא בֵּיידִי דִיא אֵייגִינִי ווִיכְטִיגִי ווֶערְטִיר. ווָאס מֶעכְט זִיךְ אִיטְלִיכִיר פְּרָאקְטִיר בַּעַל שֵׂכֶל דֶער פוּן דְרִינְגִין. טַאקִיש נוּר דָאס, אַז ווייל זֵייא בֵּיידִי זֶענִין מַזְכִּיר אֵיינְגִירֶעלְיִיא שְׁטִיק, אַזוֹ מוּזִין זֵייער ווֶיינִיגִי שְׁטִיקִיר אִין דֶער גְמָרָא פַארְהַאנְדִין זַיין דָאס צוּ בִּיוַוייזִין ווָאס זֵייא זָאגִין, אוּן אַז ווייל זֵייא בֵּיידִי צוּגְלַייךְ אִיבִּיר הִיפְּפִּירְן אִין דֶער מִיטְטִין דִיא אֵייגִינִי ווֶערְטִיר, אַזוֹ טוֹיגִין מִסְתָּמָא דִיא דָאזִיגִי ווֶערְטִיר נִיט צוּ דֶעם בִּיוַוייז, אוּן אַז אַזוֹ בִּיוַוייזְט דָאס אֵיינְצִיגִי שְׁטִיק אוֹיךְ נִיט אַז דֶער תַּלְמוּד לֶערְנְט אֵיינִי זָאלְכִי לֶערְנוּנְג ווִיא זֵייא זָאגִין. דָאס מוּז גִידְרוּנְגִין זַיין ווֶען מַאן אִיבִּירְלֵייגְט דָאס דָאזִיגִי שְׁטִיק זֶעלְבִּיר אוּן דָאס ווָאס בֵּיידִי הָאבִּין דֶער מִיט גִימַאכְט. ווֶען מַאן פְּרוּפְט גוּט דִיא אִיבִּיר גִיהִיפְּפִּירְטִי ווֶערְטִיר אַזוֹ וַוייזְט זִיךְ צוּם בֶּעסְטִין אוֹיס אַז דָאס אִיז דֶער פוּן רֶעכְט גִידְרוּנְגִין. „אוּן דָאס ווָאס דִיא חֲכָמִים הָאבִּין גִיזָאגְט אַז מַאן גִיבְּט זֵייא קֵיין שָׁלוֹם נִיט צוּרוּק, דָאס גֵייט אוֹיף דִיא גוֹיִם, נִיט אוֹיף אַיין גֵר ווָאס אִיז אַיין אַיינְווָאוֹהנִיר". ווֶען דִיא דָאזִיגִי ווֶערְטִיר ווָאלְטִין אִין דֶער מִיטְטִין שְׁטֵיין גִיבְּלִיבִּין אַזוֹ ווָאלְט דָאס בֵּייֶערִישִׁי סֵפֶר אמונת משה דִיא ווֶערְטִיר „גרי תושב" נִיט גִיקָאנְט פֶערְטַייטְשִׁין „לַייט ווָאס זֶענִין קֵיינִי יוּדִין נִיט", ווָארִין פוּן דִיא דָאזִיגִי ווֶערְטִיר אִין דֶער מִיטְטִין וַוייזְט זִיךְ אוֹיס אַז אַזֶעלְכִי גרי תושב זֶענִין פֶערְשִׁידִין פוּן „גוֹיִם" ווָאס מַאן טָאר זֵייא נִיט קֵיין שָׁלוֹם צוּרוּק גֶעבִּין. פְּרָאקְטִי גִישְׁמוּסְט, דִיא דָאזִיגִי ווֶערְטִיר וַוייזִין אוֹיס, אַז „מִיט דרך ארץ אוּן גמילת חסדים" זָאל מַאן זִיךְ נוּר אוֹיף פִיהרִין קֵייגִין דִיא ווָאס הָאבִּין אוֹיף זִיךְ מְקַבֵּל גִיוֶועזִין דִיא זִיבִּין מִצְוֹת פוּן בני נח אוּן הָאבִּין דֶער דוּרךְ רְשׁוּת גִיקְרִיגִין אִין ארץ ישראל צוּ בְּלַייבִּין וואוהנִין; אָבִּיר קֵייגִין דִיא „גוֹיִם" נִיט, מֵילָא מַאכִין דִיא דָאזִיגִי ווֶערְטִיר דֶעם בִּיוַוייז צוּ נִישְׁט אַז דִיא גְמָרָא לֶערְנְט אַז מַאן זָאל אַלִי

מענשין

מֶענְשִׁין לִיבּ הָאבִּין וִויא זִיךְ זֶעלְבִּיר הָאטְשׁי זַייא הָאבִּין אַנְדִירִי אֱמוּנוֹת, וָוארִין זַייא לֶערְנִין אַדְרַבָּה אַז מַאן זָאל דִיא גוֹיִם קַיין שָׁלוֹם נִיט צוּרוּק גֶעבִּין. זַייא גִיבִּיטִין צְוַוייאִירְלַייא פֶערְשִׁידִינִי אוֹפַנִים פוּן אוֹיף פִיהרוּנְג קֵייגִין פֶערְשִׁידִינִי בַּעֲלֵי אֱמוּנָה, אוּן נָאךְ דִיא פֶערְשִׁידִינְהַייט נָאךְ פוּן דִיא אֱמוּנָה הֵייסִין זַייא זִיךְ אוֹיךְ פֶערְשִׁידִין אוֹיף פִיהרִין. אָבִּיר אִימִיצִיר מֶעגְט אֶפְשַׁר זָאגִין, אַז דִיא פֶערְשִׁידִינְהַייט אִיז זֵייער קְלֵיין, אַז דֶער בִּיפֶעהל „מַאן זָאל קַיין שָׁלוֹם נִיט צוּרוּק גֶעבִּין אִיז אַיינִי בְּלוֹסִי מָאדֶע זַאךְ, אֵיינִי צֶערֶעמָאנְיע, אוּן אַז דֶערְקֶייגִין אִיז דֶער בִּיפֶעהל אַז מַאן זָאל דִיא קְרַאנְקִי פוּן דִיא גוֹיִם מְבַקֵר חוֹלִים זַיין אוּן זַייאֶרִי טוֹטִי בִּיגְרָאבִּין אוּן זַייאֶרִי אָרִימִי לַייט מְפַרְנֵס זַיין, אַז דָאס אִיז דֶערְקֶייגִין אֵיינִי גְרוֹסִי גוּטִיגְקַייט. דָאס וָואלְטִין מִיר מוֹדֶה גִיוֶועזִין, וֶוען עֶס וָואלְט דֶערְבַּייא דֶער טַעַם נִיט גִישְׁטַאנִין אַז מַאן זָאל דָאס טְהוּן „פוּן דֶרֶךְ שָׁלוֹם וֶועגִין”, דֶערְדוּרְךְ הֶערְט דֶער בִּיפֶעהל גָאר אִין גַאנְצִין אוֹיף גוּט צוּ זַיין אוּן דָאס בְּרֶענְגְט אוּנְס אוֹיךְ

דְרִיטְטִינְס, צוּ בִּיוַוייזִין וִויא דָאס בַּייֶערִישִׁי ספר אמונת משה הָאט דִיא רֵייד פוּן רמב”ם נִיט רֶעכְט מַזְכִּיר גִיוֶועזִין. דִיא וֶוערְטִיר „מפני דרכי שלום” (פוּן דֶרֶךְ שָׁלוֹם וֶועגִין) פֶערְטַייטְשְׁט דָאס דָאזִיגִי סֵפֶר „פוּן דִיא טוֹבָה וֶועגִין פַאר אַלִי מֶענְשִׁין” דָא אִיז דֶער חִילוּק צְווִישִׁין אוּנְס גַאנְץ בִּישַׁיימְפְּרְלִיךְ, אָבִּיר וֶוער הָאט רֶעכְט. מִיר פַּאדִירִין נִיט אַז דִיא יוּדִין זָאלִין אוּנְס גְלֵייבִּין וָואס דִיא דָאזִיגִי וֶוערְטִיר מפני דרכי שלום בִּיטַייטִין. דֶער רמב”ם זָאגְט דָא דִיא אֵייגִינִי וֶוערְטִיר וָואס שְׁטֵיין אוֹיךְ אִין אֵיינִים אַנְדִירִין שְׁטִיק פוּן תּוֹרָה שֶׁבַּעַל פֶּה, אוּן דָארְט שְׁטֵייט עֶס אַרוֹיס וָואס מפני דרכי שלום בִּיטַייט, דָארְט גִיפִינְט זִיךְ אוֹיךְ דֶער בִּיפֶעהל „אַז מַאן זָאל דִיא גוֹיִם קַיין שָׁלוֹם נִיט צוּרוּק גֶעבִּין”. מִיר וֶועלִין דָאס אַנְדִירִי שְׁטִיק דָא מַזְכִּיר זַיין אוּן לָאזִין פְּרָאסְטִי עֶהרְלִיכִי לַייט זֶעלְבְּסְט זֶעהִין אוּן זָאגִין וֶוער עֶס הָאט רֶעכְט

מפרנסים עניי עכו”ם עם עניי ישראל מפני דרכי שלום. ואין ממחין בידי עניי עכו”ם בלקט שכחה ופיאה מפני דרכי שלום, ושואלים בשלומם ואפילו ביום חגם מפני דרכי שלום ואין כופלין להן שלום לעולם

# נתיבות עולם

## עִמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם : ירמיה ו׳ ט״ז

### דיא אלטי שטעגין.

---

## נומר ו׳

---

צוּם סוֹף פוּן דִיא פוּנְפְּצֶעהֶנְטִי הוּנְדִירְט יָאהר נָאךְ דִיא קְרִיסְטְלִיכִי רֶעכְנוּנְג נָאךְ וֶוען דִיא יוּדִין זֶענִין פוּן שְׁפַּאנְיֶען אַרוֹיס גִיטְרִיבִּין גִיוָוארִין, אַזוֹ זֶענִין עֶטְלִיכִי פַּיינִי לַייט פוּן צְווִישִׁין זֵייא, וָואס הָאבִּין לִיבֶּער גִיוָואלְט דָאס גַאנְצִי פֶערְמֶעגִין פֶערְלִירִין אֵיידִיר זֵייאֶרִי אמונה צוּ פֶערֶענְדִירֶן, אָנְגִיקוּמִין צוּ דִיא גְרֶענִיץ פוּן פוּרְטוּגַאל אוּן הָאבִּין דָארְט אַיין אוֹרְט גִיזוּכְט צוּ קֶענִין רוּהִיג וואוהְנִין דְרִינִין. שׁוֹן פַאר אַלִי מָאל דָארְט צוּ בְּלַייבִּין הָאט מַאן זֵייא נִיט גִיוָואלְט לָאזִין, אָבִּיר אֵיינִי קוּרְצִי צַייט זִיךְ דָארְט אוֹיף צוּ הַאלְטִין הָאט מַאן זֵייא רְשׁוּת גִיגֶעבִּין מִיט דֶעם דָאפְּפִּילְטִין תְּנַאי עֶרְשְׁטִינְס אַז אִיטְלִיכִיר פוּן זֵייא זָאל גֶעבִּין אֵיינִי גִיוִויסְסִי צָאהל גֶעלְד פַאר דֶעם רְשׁוּת, אוּן צְוֵוייטִינְס אַז וִויא בַּאלְד זֵייא וֶועלִין זִיךְ גִיפִינְדִין אִין פוּרְטוּגַאל נָאךְ אֵיין גִיוִויסְסִין טָאג, אַזוֹ זָאלִין זֵייא זִיךְ עֶנְטְווִיר לָאזִין טוֹבל זַיין אוֹדִיר זֵייא זָאלִין פַאר קְנֶעכְט פֶערְקוֹיפְט וֶוערִין (דָאקְטָאר יָאסְטְס גֶעשִׁיכְטֶע דֶער אִיזְרַאעֶלִיטֶען בַּאנְד ז׳ זַייטֶע צ״א). נוּן, יוּדִין פוּן אַלִירְלֵייא דֵעוֹת אִין אֱמוּנָה זַאכִין וֶועלִין מִיט אוּנְס מוֹדֶה זַיין אַז דֶער דָאזִיגִיר דָאפְּפִּילְטִיר תְּנַאי אִיז מְשׁוּנֶה מִיאוּס פַאר דִיא וָואס הָאבִּין דִיא יוּדִין דֶערְצוּ גִיצְווָאוּנְגִין. אָרִימִי אוּן נוֹטבִּידֶערְפְטִיגִי מֶענְשִׁין נִיט צוּ וֶועלִין הֶעלְפִין אוּם זוּנְסְט אָן לוֹהן אוּן נוּר אִיבִּיר דֶעם וַוייל זֵייא זֶענִין אִין אֵיינִי אַנְדִירִי אֱמוּנָה דֶערְצוֹגִין גִיוָוארִין, דָאס אִיז גָאר נִישְׁט שֵׁיין אָנְגִשְׁטַאנִין פַאר דִיא וָואס הָאבִּין פוּן זִיךְ גִיזָאגְט אַז זֵייא גְלוֹיבִּין אָן דֶעם וָואס גָאט ב״ה הָאט מְגַלֶּה גִיוֶועזִין. דִיא אוּם גְלִיקְלִיכִי צוּ צְווִינְגִין אַז זֵייא זָאלִין נוּר דִיא בְּרֵירָה הָאבִּין עֶנְטְווִיר דָאס צוּ פֶערְלִירִין וָואס הָאט צוּ זֵייא גִיהֶערְט אוֹדִיר זַאכִין צוֹ טָהוּן קֵייגִין זֵייאֶר אֵייגִין גִיוִויסִין, דָאס טְהוּט אַיין ווִילְדִיר פַיינְד. לָאז אַיךְ נוּן לְמשל בַּאכְטִין, אַז דִיא לַייט פוּן פוּרְטוּגַאל הָאבִּין זִיךְ בִּימִיהט יֶענִי אָרִימִי

יודין

יודין אין גלות צו ביווייזן אז דאס וואס זייא טהון האט גאט זייא גיבאטין צו טהון האטשי עס איז זייער מיאוס גיוועזין, לאז איך אויך למשל באכטין אז מאן האט פון זייא פערלאנגט אז זייא זאלין ביווייזין אז גאט האט זייא דאס גיבאטין און זייא האבין דרויף גיזאגט אז איין זאלכים גיבאט שטייט טאקיש ניט אין זייערי גישריבינע אמונה ספרים אביר אז זייא האבין דאס בקבלה אזו צו טהון דורך איינע תורה שבעל פה, מיינט איהר אז יענע יודין אין גלות וואלטין דאס שון פאר איין רעכטין ביווייז גיהאלטין און וואלטין דעם תנאי פאר רעכט אנגינומין. וואלטין זייא ניט צו ערשט מסופק גיוועזין אוב יענים גיבאט איז טאקיש פון גאט וואס זייא זאגין אז זייא האבין עס נור אין זייערי תורה שבעל פה, און וואלטין זייא ניט אום גיקעהרט גידרונגין פון דעם רשעות פון דעם גיבאט זעלביר אז עס קאן ניט זיין פון דעם גאט פון וואהרהייט און ליבשאפט. נון פערלאנגין מיר פון איך, דאס אייגיני צו טהון אויך וועגין אייערי תורה שבעל פה. דיא לייט פון פורטוגאל האבין ניט גיוואלט טהון איינע מענשליכי גוטיגקייט צו דיא אום גליקליכי יודין אין גלות נייארט ווען מען האט זייא דער פאר ביצאהלט. אזו אויך אייערי תורה שבעל פה, וויא מיר האבין אובין גיוויזין, זיא זאגט אז עס זאל איך אסור זיין איינים קראנקין ע"ז דינער רפואות צו געבין ווען מען ביצאהלט ניט דערפאר. דיא לייט פון פורטוגאל האבין פון זיך זעלביר גיוואלט און זיך בימיהט צו צווינגין דיא יודין מיט גיוואלט אז זייא זאלין זייערי אמונה אן נעמין, און אייערי תורה שבעל פה לערנט איך אויך אז איהר זאלט מיט גיוואלט צווינגין אייערי אמונה אן צו נעמין, און איהר גלויבט אז דיא דאזיגי תורה איז פון גאט. ווען תורה שבעל פה וואלט גיקאנט אין דער וועלט מיט גיוואלט איינגיפיהרט ווערין, אזו וואלט אימליכיר גיצוואונגין גיווארין איהרי רייד צו גלויבין האטשי ער וואלט עס ניט גיקאנט טהון מיט גוטין גיוויסין, אליר יושר אין גיוויסכינס זאכין וואלט גאר אויף גיהערט. קין יוד און קיין גוי וואלט ניט גיטארט דעם שכל צו הילף נעמען וואס גאט ב"ה האט איהם גיגעבין, זייערי איינציגי בחירה וואלט גיוועזין ענטוויר צו גיהארכין צו תורה שבעל פה אודיר גיטייט צו ווערין. עס איז וואוהל ביקאנט דאס שרעקליכי גיבאט וואס תורה שבעל פה זאגט אז מאן זאל דיא יודין וואס זענין גיווארין אפיקורסים, עבודה זרה דינירס אודיר כופרים, אז מאן זאל זייא טוט שלאגין, אודיר מאן זאל אלירלייא דערצו טהון אז

זייא

זייא זאלין גיטייט ווערין (הלכות רוצח פרק רביעי יו״ד), און דאס ביווייזט גינוג אַז תורה שבעל פה לאזט ניט צו אַז איין יוד זאל עפּיס אַנדירשט מעגין גלויבין מיט גוט גיוויססין. זיא זאגט אַז דער וואס גלויבט ניט אַז זיא איז פון גאט דער איז איין כופר, און זייני שטראף הייסט זיא זאל זיין אַז מאן זאל איהם דאס לעבין אַוועק נעמין. דיא אויספיהרונג פון דעם דאזיגין איינין גיבאט מעכט דיא וועלט אָנפּיללין מיט בלוט און אַנגסט און מעכט אויף ברענגין דיא שרעקליכי צרות וואס קומין אַרויס ווען מאן וויל מענשין דווקא צווינגין וואס זייא זאלין גלויבין און מאן נייטיגט זייא דערצו מיט גיוואַלט אודיר מאן קוויילט זייא צו טוט. ניט מזכיר צו זיין איצונד דיא יודין וואס זענין קריסטין גיוואָרין, אַזו זענין אין אַלי מדינות אין אייראָפּא פאַרהאַנדין פילי פייני און גיעהרטי יודין וואס ביווייזין מיט זייאערי מעשים אַז זייא האַלטין דיא תורה שבעל פה פאַר אום רעכט. ווען איינ צייט מעכט קומין ווען דיא רבנים זאלין קענין דאס אויס פיהרין וואס תורה שבעל פה הייסט זייא, אַזו מעכטין זייא דערמיט דעם אָנהויב מאַכין אַלי יעני לייט צו לאזין פער טילגין, זייאערי גישיקליכקייט, זייאערי גוטיקייט, זייאערי לערנונג, זייאערי גוטי און בעסירי אויף פיהרונג, דאס אַלים מעכט ניט העלפין. עס וואלט זיך נאך תורה שבעל פה נאך אויס גיוויזין אַז זייא זענין אַפּיקורסים אודיר כופרים, ווייל זייא האבין זיך אונטירגישטאַנין צו גלויבין זאַכין וואס זענין רעכט נאך דעם שכל נאך און צו טהון זאַכין וואס זענין רעכט מיט גוט גיוויסין, און איבער דעם וואלטין זייא גימוזט דעם שוואַרצין סוף איין נעמין פון אַפּיקורסים און כופרים.

אַזו איין רשות גיבט דאס דיא תורה שבעל פה צו דיא יודין זעלביר צו גלויבין נאך גיוויססין נאך און נאך זייאערי אייגיני איבירצייגונג נאך. אָביר אַזו האַרט איז זיא אויך קייגין לייט פון אַנדירי פעלקיר וואס זענין יודין גיוואָרין. זיא גיבט קיין רשות ניט אַנדירי גידאַנקין צו האבין. מיט גרים וואס ווילין ניט מעהר יודין זיין הייסט זיא מאַכין וויא דיא שפּאַנישע אינקוויזיציע האט גימאַכט מיט דיא יודין וואס זענין קריסטין גיוואָרין און זענין דערנאך ווידיר יודין גיוואָרין, זיא הייסט זייא אַלי טוט מאַכין. אין הלכות מלכים פרק יו״ד ג׳ שטייט אַזו,

בן נח שנתגייר ומל וטבל. ואחר כך רצה לחזור מאחרי ה׳ ולהיות

גר

גר תושב בלבד כשהיה מקודם. אין שומעין לו. אלא יהיה כישראל לכל דבר או יהרג:

„איין בן נח וָואס הָאט זִיךְ מְגַיֵיר גִיוֶועזִין און וָואס מַאן הָאט אִיהם בִּישְׁנִיטִין און טוֹבֵל גִיוֶועזִין, און דֶערנָאךְ וִויל עֶר צוּרִיק קֶעהרִין פוּן אָבִ יהוה און בְּלוֹם זַיין אַיין פְּרֶעמְדְלִינְג אַיין אַיינְוואוֹהנִיר אַזוֹא וִויא עֶר אִיז פְרִיהִיר גִיוֶועזִין, אַזוֹ הֶערְט מֶען אִיהם נִיט צוּ, נַייאֵירְט עֶר זָאל זַיין אַזוֹ וִויא אַיין יוד אִין אִיטְלִיכִיר זַאךְ אוֹדִיר עֶר זָאל דֶערְשְׁלָאגִין וֶוערִין". אִין דֶעם דָאזִיגִין גִיבָּאט אִיז אַיינִי אוֹיסְטִירְלִישִׁי הַארְטִיגְקַייט. תּוֹרה שֶׁבַּעַל פֶּה זָאגְט אַז אַיין בן נח, דָאס הֵייסְט אַיין גוֹי וָואס הָאט אוֹיף זִיךְ מְקַבֵּל גִיוֶועזִין דִיא זִיבִּין מִצְוֹת פוּן דִיא קִינְדִיר פוּן נח, אַז אַזוֹ אֵיינִיר קָאן עוֹלם הבא הָאבִּין. מֵילָא קָאן מַאן דָא נִיט זָאגִין אַז דִיא הַארְטִיגְקַייט אִיז אִיבִּיר דֶעם אַזוֹ גְרוֹס כְּדֵי דֶערְדוּרְךְ דִיא מֶענְשִׁין אַיין מוֹרָא צוּ מַאכִין אַז זֵייא זָאלִין זִיךְ הִיטִין פַּאר טָעוֹת, און זֵייא אַיין צוּ הַאלְטִין אַז זֵייא זָאלִין נִיט אוֹיף אֵייבִּיג פֶערְלוֹרִין וֶוערִין, אַזוֹ וִויא דִיא אִינְקְוִיזִיצְיֶע זָאגְט. דִיא תּוֹרָה שֶׁבַּעַל פֶּה גֵייט נָאךְ אַבִּיסִיל וַוייטִיר און זָאגְט נִיט בְּלוֹם אַז אַיין מֶענְש טָאר נִיט אַיין אַנְדִירְן גְלוֹיבִּין אָן גֶעמִין, נַייאֵירְט זִיא הֵייסְט אפילוּ נִיט דִיא מנהגים פֶערֶענְדִירְן. הָאטְשִׁי דֶער מַאן מֶעכְט קַיין רִשְׁעוֹת נִיט טְהוּן, און הָאטְשִׁי עֶר מֶעכְט נִיט אוֹיף הֶערִין צוּ דִינִין דֶעם אֵיינִין וַואהרְהַאפְטִיגִין גָאט אִין גַייסְט און אִין וַואהרְהַייט, וֶוען עֶר פֶערֶענְדִירְט נוּר מנהגים, נוּר אוֹיסִינְוֵוייניגִי אמוּנה זַאכִין, אַזוֹ זָאל עֶר נָאךְ דֶעם גִימַאכְטִין יוּדִישִׁין דַת נָאךְ פוּן תּוֹרה שֶׁבַּעַל פֶּה גִיטֵייט וֶוערִין.

אָבִּיר דִיא לִיבְּלִיכִי זָארְג פוּן תּוֹרה שֶׁבַּעַל פֶּה אִיז נִיט בְּלוֹם פַאר יוּדִין און פַאר דֶעם יוּדִישִׁין דת אַלֵיין, זִיא זָארְגְט אוֹיךְ פַאר דִיא גוֹים, וָואס זִיא הֵייסְט צְוִוישִׁין זֵייא דִיא וַואהרְהַאפְטִיגִי אמוּנה אוֹיסְבְּרֵייטִין מִיט וַואפִין אִין דֶער הַאנְד. צוּ עֶרְשְׁט גִיבְּט זִיא אַיין בִּיזוּנְדִירְן כלל. וֶוען מַאן הָאט מִלְחָמָה מִיט גוֹים אַזוֹ הֵייסְט זִיא אַז דִיא יוּדִין זָאלִין זֵייא שָׁלוֹם צוּ רוּפִין אוֹיף דֶעם דָאפִּילְטִין תְּנַאי אַז דִיא גוֹים זָאלִין זֵייא צִינְשׁ גֶעבִּין און אַז זֵייא זָאלִין אוֹיף הֶערִין ע"ז צוּ דִינִין און זָאלִין אוֹיף זִיךְ מְקַבֵּל זַיין דִיא זִיבִּין מצוֹת פוּן דִיא בני נח. און דֶערְנָאךְ זָאגְט זִיא דִיא וֶוערְטִיר

ואס

ואם לא השלימו או שהשלימו ולא קבלו שבע מצות. עושין עמהם מלחמה והורגין כל הזכרים הגדולים. ובוזזין כל ממונם וטפם. ואין הורגין אשה ולא קטן שנאמר והנשים והטף וכו'.

„אָבּער װֶוען זַייא מַאכֿין קֵיין שָׁלוֹם נִיט, אוֹדיר װֶוען זַייא מַאכֿין שלום און נֶעמֿין נִיט אָן דיא זִיבּין מצוֹת, אַזוֹ הַאלְט מַאן מִיט זַייא מִלְחָמָה און מַאן דֶערשְׁלָאגְט אַלִי דֶערוַואקְסִינִי זְכָרִים און מַאן רוֹיבְּט אַװֶועק אַלִין זַייאֶר גֶעלְד און קְלֵיינִי קִינְדִיר, אָבּיר מַאן דֶערשְׁלָאגְט נִיט קֵיינִי נְקֵבָה און קֵיין קְלֵיינִין זָכָר, װָארִין עֶס אִיז גִיזָאגְט גִיװָארִין (דברים כ' י"ד) „דיא וַוייבּיר און דיא קְלֵיינִי קִינְדִיר" און קְלֵיינִי קִינְדִיר בִּיטַייטִין דָא זְכָרִים קִינְדִיר" (הלכות מלכים פרק ששי ד'). נון מֶעכְטִין מִיר פְרֶעגִין, װָאס אִיז דֶער חִילוּק צְװִישִׁין דיא אוֹיף פִיהרוּנְג װָאס דֶער דָאזִיגִיר דִין הֵייסְט דָא טְהוּן און צְװִישִׁין דֶעם װָאס דיא לַייט פון פּוֹרְטוּגַאל הָאבִּין גִיטָהאן אִין דֶער זֶעלְבִּיגִיר צַייט װָאס מִיר הָאבִּין אוֹיבִין מַזְכִּיר גִיװֶועזִין און װָאס אַיין יוּד דֶערְצֵייהלְט אוּנְס אַזוֹ, (דָאקְטָאר יָאסְטְס גֶעשִׁיכְטֶע דֶער אִיזְרַאלִיטֶען בַּאנְד ז' זַייטֶע צ"ג) „װֶוען דיא בִּישְׁטִימְטִי צַייט הָאט זִיךְ אוֹיס גִילָאזְט אַזוֹ זֶענִין דיא מֵייסְטִי יוּדִין אַװֶועק גִיװַאנְדִירְט, אָבּיר פִילִי זֶענִין נָאךְ אִין דֶעם לַאנְד צוּרוּק גִיבְּלִיבִּין. דַארוּם הָאט דֶער קִינִיג בִּיפֶעל גִיגֶעבִּין אַז מַאן זָאל פון זַייא אַװֶועק נֶעמִין אַלִי זַייאֶרִי קִינְדִיר אוּנְטֶער פוּנְפְצֶעהן יָאהר אַלְט, זַייא צוּ פֶערְטְהֵיילִין צְװִישִׁין קְרִיסְטִין, זַייא אַװֶועק צוּ שִׁיקִין אוֹיף דיא נַייא גִיפוּנִינִי אִינְזְלִין אַרוֹיף, און אַזוֹ דֶעם יוּדִישִׁין דַת עוֹקֵר מִן הַשּׁוֹרֶשׁ צוּ זַיין, שְׁרֶעקְלִיךְ אִיז גִיװֶועזִין דָאס קְלָאג גִשְׁרֵייא פון דיא עֶלְטִירִן, אָבּיר מֶען הָאט אִיבּיר דיא אוּם גְלִיקְלִיכִי קֵיין רַחֲמָנוּת נִיט גִיהַאט". הַאלְט אִיהר דיא דָאזִיגִי אוֹיף פִיהרוּנְג פון דיא לַייט פון פּוֹרְטוּגַאל פַאר אוּם רֶעכְט און שֶׁענְדְלִיךְ, אַזוֹ בְּלַייבְּט אַייךְ גְלַייךְ און הַאלְט דָאס אֵייגִינִי אִין תורה שֶׁבְּעַל פֶּה אוֹיךְ פַאר אוּם רֶעכְט און שֶׁענְדְלִיךְ. װָאס אוּנְס אַנְגֵייט, מִיר הַאלְטִין עֶס אוֹיךְ פַאר אוּם װִירְדִיג און שְׁרֶעקְלִיךְ, און אפילו נָאךְ מֶעהר בַּייא דיא װָאס הָאבִּין פון זִיךְ גִיזָאגְט אַז זַייא זֶענִין קְרִיסְטִין, מִיר הַאלְטִין אַז זַייא הָאבִּין מִיט דֶער דָאזִיגִיר אוֹיף פִיהרוּנְג חֶרְפָּה אָן גִיטָהאן דֶעם קְרִיסְטְלִיכִין נָאמִין, און דָאס טְהוּן זֶעלְבִּיר פַאר אַיין מִיאוּסִין פְלֶעק אִין דֶער מעשׂה פון דיא

קְרִיסְטְלִיכִי אמונה אִין דֶער וֶועלְט. אָבִּיר עֶס הֶעלְפְט נִישְׁט, מִיר מוּזִין טַאקִיש דֶענְקִין אַז דֶער דָאזִיגִיר שְׁטֵייגִיר מֶענְשִׁין צוּ אֵיינִי אַנְדִירִי אמונה צוּ בְּרֶענְגִין אִיז שְׁרֶעקְלִיךְ אוּן שֶׁענְדְלִיךְ, אָבִּיר אוֹיךְ אַז עֶס הָאט גָאט גִיפָאלְלִין אִין זַיין הַשְׁגָחָה צוּ צוּ לָאזִין אַז בֵּייזִי מֶענְשִׁין זָאלִין דִיא ישראל אַזוֹ פָּאלְגִין כדי אַז דִיא יוּדִין זָאלִין פִיהלִין דָאס רִשְׁעוּת פוּן דֶערְגְלַייכִין אוֹיף פִיהרוּנְג וָואס תּוֹרָה שֶׁבַּעַל פֶּה הֵייסְט זֵייא טְהוּן קֵייגִין אַנְדִירִי פֶעלְקִיר, אוּן כְּדֵי אַז זֵייא זָאלִין דֶערְפוּן לֶערְנִין צוּ פֶערְשְׁטֶעהִין דִיא דִינִים פוּן תּוֹרָה שֶׁבַּעַל פֶּה וָואס הֵייסְט אַז מַאן זָאל קְוֶוייהלִין דִיא לַייט פוּן אֵיינִי אַנְדִירִי אמונה. דָאס יוּדִישִׁי פָאלְק הָאט פֶערְשְׁטֶעהִיט דֶעם הֶערְר ישוע המשיח אוּן הָאט לִיבִּיר גִיוָואלְט גְלוֹיבִּין אָן תּוֹרָה שֶׁבַּעַל פֶּה. דִיא דִינִים פוּן דִיא דָאזִיגִי תורה זֶענִין נִיט גִימַאכְט גִיוָוארִין אוּיס צָארְן אִיבִּיר דִיא אוֹיף פִיהרוּנְג פוּן דִיא לַייט פוּן פּוֹרְטוּגַאל אַז מַאן זָאל זֵייא צוּרוּק גֶעבִּין מדה כנגד מדה, נֵיין, נַייאִירְט דִיא פרושים הָאבִּין זֵייא אוּיס גִיטְרַאכְט פִילִי הוּנְדִירְט יָאהר פְרִיהִיר אֵיידִיר פּוֹרְטוּגַאל אִיז נָאךְ אַיין קִינִיגְרַייךְ גִיוֶועזִין, אוּן זֵייא הָאבִּין גִיהֵייסִין אַז דִיא יוּדִין זָאלִין מִיט גִיוַואלְט צְווִינְגֶען דִיא גוים צוּ אֵיינִי אַנְדִירִי אמונה אוּן טוֹט צוּ שְׁלָאגִין אַלִי דִיא וָואס וֶועלִין זִיךְ אַזוֹ נִיט לָאזִין בִּיקֶעהְרִין, אוּן פוּן זֵייא דִיא קִינְדִיר אַוֶועק צוּ רוֹיבִּין. אוּן גָאט הָאט עֶס צוּ גִילָאזְט אַז זֵייא זֶענִין אַרַיין גִיפַאלְלִין אִין דִי הֶענְד אַרַיין פוּן מֶענְשִׁין וָואס הָאבִּין אוֹיךְ דֶעסְגְלַייכִין דִינִים גִיהַאט, וָואס הָאבִּין פוּן זֵייא אַוֶועק גִינוּמִין זֵייאֶערִי קִינְדִיר אוּן הָאבִּין זֵייא גִיפְּרוּפְט זֵייא מִיט גִיוַואלְט צוּ בִּיקֶעהְרִין אוּן דִיא יוּדִין וָואס הָאבִּין זִיךְ נִיט גִילָאזְט אַזוֹ בִּיקֶעהְרִין דִיא הָאבִּין זֵייא פֶערְקוֹיפְט פַאר קְנֶעכְט, אַזוֹ אַז דָאס אוּם גְלִיק פוּן דֶעם יוּדִישִׁין פָאלְק זָעלְבִּיר אִיין שְׁטַארְקִיר עֵדוּת קֵייגִין יֶענִי תּוֹרָה וָואס זֵייא ווִילְלִין אִיהר לִיבִּיר גִיהָארְכִין אֵיידִיר דִיא רֵייד פוּן גָאט ב"ה. אָבִּיר אפשר מֶעכְטִין עֶטְלִיכִי יוּדִין זָאגִין, אַז דָאס דָאזִיגִי גִיבָּאט פוּן תּוֹרָה שֶׁבַּעַל פֶּה גֵייט נוּר בִּיזוּנְדִיר אוֹיף דִיא פֶעלְקִיר וָואס הָאבִּין גִיווֹאוֹהנְט אַרוּם ארץ ישראל אַרוּם. דַארוֹיף עֶנְטְפִירִין מִיר, אַז דָאס גִיבָּאט דִיא גוים מִיט גִיוַואלְט צוּ בִּיקֶעהְרִין גֵייט נִיט אוֹיף בִּיזוּנְדִירִי פֶעלְקִיר, נַייאִירְט עֶס אִיז כּוֹלֵל אַלִי פֶעלְקִיר אִין דֶער גַאנְצִיר וֶועלְט. וֶוען דִיא יוּדִין וָואלְטִין דִיא מַאכְט גִיהַאט אִין זֵייאֶערִי הֶענְד, אַזוֹ אִיז דָאס דִיא אוֹיף פִיהרוּנְג וָואס זֵייא זֶענִין

מחויב נאך תורה שבעל פה נאך צו טהון . קייגין אלי אומות אויף דער ערד , זיא זאגט ,

וכן צוה משה רבינו מפי הגבורה לכוף את כל באי העולם לקבל מצות שנצטוו בני נח . וכל מי שלא יקבל יהרג :

„און אזו האט משה רבינו גיבאטין , נאך דעם מונד נאך פון דיא שטארקהייט , צו צווינגין אלי וואס קומין אויף דיא וועלט , אן צו נעמין דיא זיבין מצות וואס דיא בני נח זענין גיבאטין גיווארין , און איטליכיר וואס וועט ניט אן נעמין זאל דערשלאגין ווערין” (הלכות מלכים פרק שמיני יו״ד) .

אזעלכי דינים גיבט דאס דיא תורה שבעל פה וועגין דעם רשות פאר אנדירי פעלקיר אין זייערי אמונה , און אזעלכי ספאסאבים הייסט זיא דאס גיברויכין דיא אומות אין דער וועלט צו ביקעהרין . מיר זענין מודה אז מענשין וואס האבין זיך קריסטין גיהייסין האבין גיהאט דערגלייכין דינים פון תורה שבעל פה וואס האבין אויך אזו גילערינט און גיהייסין טהון , אביר גאר אן מורא פארדירין מיר אויף דיא גאנצי וועלט אזו עפיס אויף צו ווייזין אין דיא לערנונגין פון ישוע המשיח אודיר אין דיא שריפטין פון זייני אפוסטילים . דער ברית חדשה לערנט אונס טאקיש זיך צו בימיהין דיא וועלט צו ביקעהרין , אביר ניט מיט גיוואלט דורך וואפין , נייארט דורך דיא לערנונג פון דיא וואהרהייט : „דארום גייט און לעהרט אלי פעלקיר און טויפט זייא אים נאמין פון דעם פאטיר און פון דעם זוהן און פון דעם רוח הקודש , און לעהרט זייא צו היטין אלים וואס איך האב אייך ביפוהלין” . (מתיא כ״ח פסוק י״ט וכ׳) . אין דעם משל פון דעם אונקרויט און ווייץ האט ישוע הנוצרי אונס אויסדריקליך גילערנט אז מאן זאל ניט נאטירליכי גיוואלט גיברויכין אב צו טהון דעם טעות אין אמונה ואבין . עס איז דארט דערציילט אז די קנעכט האבין גיפרעגט דעם בעל הבית אוב זייא זאלין גיין און זאלין דאס אונקרויט אויס רייסין וואס איז גיוואקסין צווישין דעם ווייץ , אביר דיא ענטפיר דרויף איז : „ניין , ווארין טאמיר ווען איהר וועט דאס אונקרויט אויס רייסין , וועט איהר דערמיט אויך דעם ווייץ אויס ווארצלין : לאזט ביידי צוזאמין וואקסין ביז צום שניט , און צו דער צייט פון שניט וועל איך זאגין צו דיא שניטירים , רייסט פריהר אויס דאס

אונקרויט

אונקרויט און בינדיט עס צו הויף אין בינטליך , דאס מאן זאל עס פערברענין , און זאממילט איין דעם ווייץ אין מיין שייאר אריין" : (מתיא י"ג פון פסוק כ"ד ביז מ"ג) . ער זאגט אונס אויסדריקליך אז מיר זאלין מיט דיא שווערט ניט צו טהון האבין , "ווארין אלי דיא וואס נעמין איין שווערט , ווערין פערלורין ווערין בייא דיא שווערט" (מתיא כ"ו פסוק נ"ב) . און איביר דעם זאגט דער אפוסטיל , "ווארין דער וואפין פון אונזער שטרייט איז ניט נאך דעם פלייש , זונדערן עס איז מעכטיג דורך גאט פעסטונגין איין צו ווארפין" (ב' קארינטער יו"ד פסוק ד') . אזו איז דא ווידיר איין גרוסיר חילוק צווישין דיא תורה שבעל פה און צווישין דעם ברית חדשה . זיא ביפעהלט אז דיא וואהרהייט זאל דערהאלטין און אויס גיברייט ווערין דורך דיא שווערט , אביר ער זאגט אונס אז "גלויבין קומט פון הערין און הערין פון דעם ווארט פון גאט" (רומיים יו"ד פסוק י"ד וי"ז) . וועהר פאסט נון צום בעסטין מיט דיא לערנונג פון משה און דיא נביאים . מיר ענטפירין אן מורא אז דיא כפאסאבים פאסין בעסיר וואס דער ברית חדשה ווייזט אונס , ווארין ערשטינס , מאן קאן קיין אורט אין תנ"ך ניט אויף ווייזן אין וועלכין גאט האט גיבאטין דיא וואהרהייט אויס צו ברייטין מיט גיוואלט דורך דיא שווערט . דיא פערטילגונג פון דיא זיבין פעלקיר פון כנען גיהער ניט צו דעם דאזיגין ענין , ווארין דיא ישראל זענין ניט גיבאטין גיוועזין זייא פרידין צו צו רופין אויף דעם תנאי אז זייא זאלין זיך ביקעהרין צו אמונת אמת . דאס מאס פון זייארי זינד איז פול גיוועזין , און דארום איז דאס גיבאט גיוועזין , צו פערטילגין איטליכים פון זייא , גאר אן חוץ . אויך אין דעם גיבאט וואס דער רמב"ם האט עס מזכיר גיוועזין אויך אין דעם דאזיגין גיבאט איז גאר קייני רייד ניט פון ביקעהרונג , עס שטייט בלוס

כי תקרב אל עיר להלחם עליה וקראת אליה לשלום : והיה אם שלום תענך ופתחה לך והיה כל העם הנמצא בה יהיו לך למס ועבדוך : ואם לא תשלים עמך ועשתה עמך מלחמה וצרת עליה : ונתנה יהוה אלהיך בידך והכית את כל זכורה לפי חרב : רק הנשים והטף והבהמה וכל אשר יהיה בעיר כל שללה תבז לך .

"ווען דו וועסט דיך גינעהנין צו איני שטאט קריג צו פיהרין קייגין

איהר

איהר, אַזוֹ זָאלְסְט איהר מֶעלְדִין פְרִידִין: אוּן עֶס וֶועט זַיין וֶוען זִיא וֶועט עֶנְטְפִירִן פְרִידִין צוּ דִיר אוּן זִיא וֶועט עֶפִינִין צוּ דִיר, אַזוֹ זָאל עֶס זַיין, דָאס גַאנְצִי פָאלְק וָואס עֶס וֶועט גִיפוּנִין וֶוערִין דְרִינִין זָאלִין זַיין צוּ דִיר צוּ צִינְשׂ, אוּן זַייא זָאלִין דִיר דִיאנִין: אוּן וֶוען זִיא וֶועט נִיט מַאכִין פְרִידִין מִיט דִיר אָבִיר זִיא וֶועט מַאכִין קְרִיג מִיט דִיר, אַזוֹ זָאלְסְטוּ זִיא בִּילַאגִירִן: אוּן יהוה דַיין אלהים וֶועט זִיא גֶעבִּין אִין דַיינִי הֶאנְד, אוּן דוּ זָאלְסְט דֶערְשְׁלָאגִין אַלִי אִיהְרִי מַאנְסְפֶּערְשׁוֹנִין מִיט דִיא שַׁארְף פוּן דֶער שְׁוֶוערְט: נַייאִירְט דִיא וַוייבִּיר אוּן דִיא קְלֵיינִי קִינְדִיר אוּן דִיא בְּהֵמוֹת אוּן אַלִיס וָואס וֶועט זַיין אִין דִיא שְׁטָאט, אִיהר גַאנְצִין רוֹיב זָאלְסְטוּ רוֹיבִּין צוּ דִיר" (דברים כ׳ פסוק יו״ד בִּיס י״ד).
דָא שְׁטֵייט קֵיין אֵיינְצִיג וָוארְט נִיט פוּן בִּיקֶעהרוּנְג צוּ אמוּנת אמת, אוֹדִיר פוּן דֶעם מְקַבֵּל זַיין פוּן דִיא זִיבִּין מצות פוּן בני נח. דָאס גִיבָּאט זֶעלְבִּיר אִיז נוּר פַאר דֶעם אוֹפָן וֶוען אַיין בִּיזוּנְדִיר טַעַם וֶועט דֶערְצוּ פַארְהַאנְדִין זַיין, אַנְדִירְשְׁט נִיט, עֶס שְׁטֵייט דֶערְבַּייא אַיין וֶ ו ע ן, "וֶוען דוּ וֶועסְט דִיךְ גִינֶעהְנִין צוּ אֵיינִי שְׁטָאט", מֵילָא גִיבְּט עֶס אוּנְס דָא קֵיין רְשׁוּת נִיט אַיין דְרֵייה צוּ מַאכִין אוּן דֶערְפוּן אַרוֹיס צוּ קְוֶועטְשִׁין דֶעם גְדַרַאנְג אַז מַאן זָאל מִלְחָמָה הַאלְטִין פוּן וֶועגִין בִּיקֶעהרוּנְג, „צוּ צְווִינְגִין אַלִי וָואס קוֹמִין אוֹיף דִיא וֶועלְט".
דָאס גִיבָּאט אַזוֹ וִויא עֶס שְׁטֵייט אִין דֶער תּוֹרה אִיז אַיין מֶענְשִׁינְפְרַיינְדְלִיךְ אוּן בַּארִימְהֶערְצִיג גִיבָּאט, אַיינְצוּהַאלְטִין דִיא שְׁרֶעקְלִיכְקַייט פוּן דִיא מָאדֶע וִויא מַאן פְּלֶעגְט דֶענְצוּמָאל מִלְחָמָה צוּ הַאלְטִין, אוּן עֶס וַוייזְט שֵׁיין אוֹיס דֶעם וֶוערְטָה וָואס גָאט ב״ה לֵייגְט אוֹיף דֶעם לֶעבִּין פוּן מֶענְשִׁין פוּן וֶועלְכִין פָאלְק אוּן פוּן וֶועלְכִי אמוּנה עֶס אִיז. עֶר ווִילל נִיט צוּ לָאזִין אַז מַאן זָאל מֶענְשִׁין דָאס לֶעבִּין אַוֶועק נֶעמִין וֶוען עֶס אִיז נִיט נֵייטִיג אוּן אפילוּ וֶוען עֶס אִיז שוֹן יוֹא זֵייר נֵייטִיג אַזוֹ הֵייסְט עֶר שׁוֹנִין דָאס לֶעבִּין פוּן דִיא וַוייבִּיר אוּן קְלֵיינִי קִינְדִיר, וָואס הָאבִּין קֵיין מָאל נִיט מִלְחָמָה גִיהַאלְטִין קֵייגִין ישׂראל. דָא שְׁטֵייט קֵיין וָוארְט אוּן קֵיין אוֹת דֶערְפוּן אַז מַאן זָאל זַייא צְווִינְגִין אֵיינִי אַנְדִירִי אמוּנה אוֹדִיר אַנְדִירִי מִצְוֹת אָן צוּ נֶעמִין, דָאס הָאט זִיךְ בְּלוֹס דִיא תּוֹרה שֶׁבַּעַל פֶּה דֶערְצוּ אוֹיס גִיטְרַאכְט וָואס פַאר דְרֵייהט אוּן מַאכְט פוּן אַיין בַּארְמְהֶערְצִיג גִיבָּאט אַיין עֶנִין פוּן פַאלְשִׁי פְרוּמִיגְקַייט אוּן פוּן אכזריוּת אִין אמוּנה זַאכִין.

צְווֵייטִינְס, אַזוֹ וִויא גָאט ב״ה הָאט קֵיין גִיבָּאט נִיט גִיגֶעבִּין

אוים

אוים צו בְּרֵייטִין דִיא אמונה מִיט גְיוַואלְט דוּרְךְ דִיא שְׁווֶערְט, אַזוֹ הָאט עֶר אוֹיךְ גְיוִוייזִין אַז עֶר וִויל דָאס נִיט הָאבִּין, דוּרְךְ דֶעם סְפָּאסִיבּ וָואס עֶר הָאט אוֹיס דֶערְוֶוייהלְט דִיא אמונה אִין דֶער וֶועלְט צוּ דֶערְהַאלְטִין. עֶר הָאט נִיט בּוֹחֵר גְיוֶועזִין אַיין שְׁטַארְק פָאלְק פוּן זֶעלְנִיר צוּ דֶערְהַאלְטִין זַיינִי וַואהרְהַייט, אוּן קֵיינִי צוּשְׁטֶערִירְט פוּן קִינִיגְרַייכִין הָאט עֶר אוֹיס דֶערְוֶוייהלְט צוּ זַיינִי נְבִיאִים. וֶוען זַיין רצון וָואלְט גְיוֶועזִין דִיא וֶועלְט צוּ בִּיקֶעהְרִין מִיט גְיוַואלְט דוּרְךְ וַואפִּין, אַזוֹ וָואלְט נִמְרוֹד דֶערְצוּ בֶּעסִיר גִיטוֹיגְט אֵיידִיר אַבְרָהָם, וְאוּן דָאס שְׁטַארְקִי קִינִיגְרַייךְ פוּן מִצְרַיִם וָואלְט דֶערְפַאר בֶּעסִיר גְיפַּאסְט אֵיידִיר דִיא מִשְׁפָּחָה פוּן דִיא גְיפַאנְגִינִי עברים אִין יֶענִים לַאנְד. אָבִּיר דוּרְךְ דִיא אוֹיס דֶערְוֶוייהלוּנְג זֶעלְבִּיר הָאט עֶר גְיוִוייזִין אַז דִיא וַואהרְהַייט זָאל אוֹיס גִיבְּרֵייט וֶוערִין דוּרְךְ גֶעטְלִיכִי קְרַאפְט וָואס אִיבִּירְצַייגְט אוּן בְּרֶענְגְט דִיא מֶענְשִׁין צוּ דֶעם אמת, אוּן נִיט דוּרְךְ נַאטִירְלִיכִי וַואפִּין עֶס וָואלְט פַאר אִיהם גַאנְץ אַזוֹ גְרִינְג גְיוֶועזִין אוֹיס אִיטְלִיכִים גִיפַאנְגִינִין עברי אַיין שְׁטַארְקִין מַאן צוּ מַאכִין וִויא שמשון הגבור, אַזוֹ גְרִינְג וִויא עֶר הָאט אוֹיס דִיא וַואסִיר בְּלוּט גִימַאכְט, אוּן זֵייא אוֹיס צוּ שִׁיקִין אִין דִיא וֶועלְט אַרַיין צוּ צוּ שְׁטֶערִין עבודה זרה מִיט גְרָאבִּיר גִיוַואלְט; אָבִּיר עֶר הָאט לִיבִּיר גִיוָואלְט לֶעכְטִיג מַאכִין דָאס גִימוּטְה פוּן דִיא מֶענְשִׁין צוּ אמונת אמת דוּרְךְ צֵייכִין אוּן וואוּנְדִיר וָואס הָאבִּין זֵייא גִיזָאלְט אוּן גִיקָאנְט בִּיוַוייזִין זַיינִי אֵייבִּיגִי קְרַאפְט אוּן אַז עֶר אִיז גָאט. וֶוען דִיא צֶעהן שְׁבָטִים הָאבִּין מוֹרֵד גְיוֶועזִין אוּן זֶענִין גִיפַאלְלִין אִין עבודה זרה אַרַיין, אַזוֹ הָאט עֶר נִיט דֶערְצוּ גִינוּמִין דִיא שְׁווֶערְט פוּן יְהוּדָה זֵייא צוּ צְווִינְגִין, נַייאִירְט דִיא שְׁטִים פוּן זַיינִי נביאים זֵייא צוּרוּק צוּ רוּפִין צוּ דֶעם אמת. עֶר הָאט זֵייא נִיט גְינֵייטִיגְט מִיט גְיוַואלְט אַזוֹ וִויא דִיא תורה שֶׁבַּעַל פֶּה וָואלְט גִיטָאהן, נַייאִירְט עֶר הָאט מִיט זֵייא גִיטָאהן וִויא מִיט מֶענְשִׁין בעלי שֵׂכֶל, אוּן הָאט זֵייא דִיא בְּרֵירָה גִילָאזְט נָאךְ זֵייעֶר הַארְץ נָאךְ. נינוה אִיז נִיט בִּיקֶעהְרְט גְיוָוארִין דוּרְךְ יוּדִישִׁי זֶעלְנִיר, נַייאִירְט דוּרְךְ דִיא רֵייד פוּן יונה. גֵיין, גָאט ב״ה הָאט נִיט גִבָּאטִין אמונה אוֹיס צוּ בְּרֵייטִין דוּרְךְ דִיא שְׁווֶערְט, אַזוֹ שְׁטַארְק נִיט אַז עֶר הָאט אפילו נִיט גִיוָואלְט הָאבִּין אַז אַיין מִלְחָמָה הַאלְטִיר הָאט אִיהם גִיזָאלְט אוֹיף בּוֹיאִין אַיין מקדש צוּ זַיין דִינְסְט, וֶוען דוד הָאט אִין זִין גִיהַאט אִיהם אֵיינְס אוֹיף צוּ בּוֹיאִין אַזוֹ הָאט יהוה צוּ אִיהם גִיזָאגְט,

דם

דם לרב שפכת ומלחמות גדלות עשית לא תבנה בית לשמי כי דמים רבים שפכת ארצה לפני:

„דוּ הָאסְט פִיל בְּלוּט פֶערְגָאסְין אוּן גְרוֹסִי מִלְחָמוֹת הָאסְטוּ גִימַאכְט, דוּ זָאלְסְט נִיט בּוֹיאֶן אֵיין הויז צוּ מַיין נָאמִין, וַוייל דוּ הָאסְט פִיל בְּלוּט פֶערְגָאסִין אוֹיף דִיא עֶרְד פַאר מִיר״ (דברי הימים א׳ קפיטל כ״ב פסוק ח׳). אַזוֹ הָאט גָאט ב״ה גִיוִויזִין זַיינִי פֶערְשֶׁמֶעהוּנְג קֵייגִין צְוַואנְג צוּ בְּיקֶעהְרִין, אוּן אִין אַלִי זַיינִי מעשים הָאט עֶר בִּישְׁטֶעטִיגְט זַיין וָוארְט,

לא בחיל ולא בכח כי אם ברוחי אמר יהוה צבאות

„נִיט דוּרְךְ מַאכְט אוּן נִיט דוּרְךְ קְרַאפְט נֵייאִירְט דוּרְךְ מַיין גַייסְט, זָאגְט יהוה צבאות״ (זכריה ד׳ פסוק ו׳.)

דְרִיטֶּנְס, גָאט ב״ה הָאט אִין זַיין הֵיילִיג וָוארְט פָאר אוֹיס צוּ גִיזָאגְט, אַז דִיא וֶועלְט וֶועט בִּיקֶעהְרְט וֶוערִין, אָבִּיר נִיט דוּרְךְ אַזֶעלְכִי כְּפָּאסָאבִים וִויא תּורה שֶׁבַּעל פֶּה זָאגְט. זַיינִי הַבְטָחָה צוּ אברהם אִיז גִיוֶועזִין

והתברכו בזרעך כל גויי הארץ

„אוּן אַלִי פֶעלְקֶיר פוּן דֶער עֶרְד וֶועלִין זִיךְ בֶּענְשִׁין אִין דַיינִים זָאמִין״ (בראשית כ״ב פסוק י״ח). נוּן דָאס קָאן דָאךְ גִיוִויס נִיט מֵיינִין אַז זַיין זָאמִין זָאל מַאכִין מִיט דִיא פֶעלְקֶיר פוּן דֶער עֶרְד אַזוֹ וִויא דִיא לַייט פוּן פּוֹרְטוּגַאל הָאבִּין גִימַאכְט מִיט דִיא יוּדִין. דָאס קפיטל תהלים ע״ב וַוייזְט אוּנְס גָאר אַיין גַאנְץ אַנְדִירְן שְׁטֵייגִיר וִויא דִיא דָאזִיגִי הַבְטָחָה וֶועט מְקוּיָם וֶוערִין. עֶס שְׁמוּסְט נִיט פוּן אַיין זֶעקְנִיר אַיין בַּעל מלחמה וִויא מחמד אִיז גִיוֶועזִין, נֵייאִירְט פוּן אֵיינִים וָואס

יפרח בימיו צדיק ורב שלום עד בלי ירח . . . . ויתברכו בו כל גוים יאשרהו:

„אִין זַיינִי טֶעג וֶועט דֶער גִירֶעכְטִיר בְּלִיהִין אוּן פִיל פְּרִידִין אַזוֹ לַאנְג וִויא דִיא לְבָנָה וֶועט גִיוֶועהְרִין . . . . . אוּן מַאן וֶועט זִיךְ אִין אִיהם בֶּענְטְשִׁין, אַלִי פֶעלְקִיר וֶועלִין אִיהם גְלִיקְלִיךְ לוֹיבִּין״ (פסוק ז׳ וי״ז). ישעיה הנביא זָאגְט אוּנְס נִיט אַז עֶס וֶועלִין פוּן צִיוֹן אַרוֹיס גֵיין אַרְמֵייאִין זֶעלְנִיר צוּ צְווִינְגִין, נֵייאִירְט עֶר זָאגְט

מציון תצא תורה ודבר יהוה מירושלם: ושפט בין הגוים והוכיח לעמים רבים וכתתו חרבותם לאתים וחניתותיהם למזמרות לא ישא גוי אל גוי חרב ולא ילמדו עוד מלחמה:

פוּן

„פון צִיוֹן וֶועט אַרוֹיס גֵיין דִיא לֶערְנוּנְג אוּן דָאס וָוארְט פוּן יהוה פון ירושלים: אוּן ער וֶועט רִיכְטִין צְווִישִׁין דִיא פֶעלְקִיר, אוּן ער וֶועט שְׁטְרָאפִין צוּ פִילִי פֶעלְקִיר, אוּן זַייא וֶועלִין צוּשְׁטוֹסִין זַייאֶרִי שְׁוֶוערְטִין צוּ אַקִיר אַייזִינְס אוּן זַייאֶרִי שְׁפִּיזִין צוּ שְׁנַייד מֶעסִיר. קֵיין פָאלְק וֶועט נִיט אוֹיף הֵייבִּין קֵייגִין דֶעם אַנְדִירְן פָאלְק אַיין שְׁוֶוערְט, אוּן זַייא וֶועלִין קֵיין קְרִיג נִיט מֶעהר לֶערְנִין" (ישעיה ב׳ פסוק ג׳ וד׳). זכריה זָאגְט ודבר שלום לגוים" אוּן ער וֶועט רֵיידִין פְרִידִין צוּ דִיא פֶעלְקִיר" (זכריה ט׳ פסוק יו״ד). זכריה דֶערְקְלֶערְט אַז דִיא בִּיקֶעהרוּנְג פוּן דֶער וֶועלְט וֶועט נִיט אַרוֹיס קוּמִין דוּרְךְ מִלְחָמָה, נַייאֶרְט דוּרְךְ דִיא אִיבֶּירְצַייגוּנְג פוּן דֶעם אמת,

בימים ההמה אשר יחזיקו עשרה אנשים מכל לשנות הגוים והחזיקו בכנף איש יהודי לאמר נלכה עמכם כי שמענו אלהים עמכם:

„אִין דִיא זֶעלְבִּיגִי טֶעג (וֶועט עס גִישֶׁעהִין) אַז צֶעהִין מֶענִיר פוּן אַלִירְלֵייא לשונות פוּן דִיא פֶעלְקִיר וֶועלִין אָן חַאפִּין, אוּן זַייא וֶועלִין אָן חַאפִּין בַּייא דִיא פָאלֶע פוּן אַיין יוּד צוּ זָאגִין, מִיר וֶועלִין מִיט אַייךְ גֵיין, וָוארִין מִיר הָאבִּין גִיהֶערְט אַז אלהים מִיט אַייךְ (זכריה ח׳ כ״ג). דָא זֶעהט אִיר נוּן נָאךְ אַיין מָאל אַז דִיא תּוֹרה שֶׁבַּעַל פֶּה אִיז אַקֵייגִין משה אוּן דִיא נְבִיאִים, אָבִּיר דֶער בְּרִית חדשה פַּאסְט מִיט זַייא גַאנְץ גְלַייךְ. נוּן גִיבְּט אַייךְ דִין וְחֶשְׁבּוֹן דְרוֹיף, וִויא אַזוֹי אִיז עס גִישֶׁעהִין אַז דָאס גַאנְצִי יוּדִישִׁי פָאלְק הָאט פֶערְלוֹרִין דִיא גְרוֹסִי אוּן הֶערְלִיכִי לֶערְנוּנְג קֵיינִים נִיט צוּ צְווִינְגִין אִין אמונה זַאכִין, אוּן זִיא אִיז דוּרְךְ ישוע הנוצרי פַאר אַייאִירְט וֶוענִין אוּן פַאר דִיא גַאנְצִי וֶועלְט דֶערְהַאלְטִין גִיוָוארִין, לָאז אַייךְ נוּן למשל אַבִּיסִיל דַאכְטִין אַז דִיא דִינִים פוּן תּוֹרָה שֶׁבַּעַל פֶּה וָואלְטִין אִין דֶער וֶועלְט דִיא אוֹבִּיר הַאנְד גִיהַאט אוּן תָּמִיד אוֹיס גִיפִיהְרְט גִיוָוארִין עֶנְטְווִיר צְווִישִׁין דִיא יוּדִין אוֹדִיר צְווִישִׁין דִיא לַייט פוּן פוֹרְטוּגַאל, וָואס מֵיינְט אִיהר וָואלְט דֶער וֶועלְט דֶערְפוּן אַרוֹיס גִיקוּמִין. וֶוען דִיא בעלי התלמוד וָואלְטִין דִיא מַאכְט גִיהַאט אִין זַייאֶרִי הַאנְד, אַזוֹ וָואלְטִין דִיא פֶעלְקִיר נוּר דִיא בְּרֵירָה גִיהַאט עֶנְטְווִיר מִיט גִיוַואלְט זִיךְ צוּ לָאזִין בִּיקֶעהְרִין אוֹדִיר גִיטֵייט צוּ וֶוערִין. אוּן וֶוען דִיא לַייט פוּן פוֹרְטוּגַאל וָואלְטִין גִיהַאט אִיבִּיר דִיא וֶועלְט צוּ שַאפִין אַזוֹ וָואלְט אִיהר מִיט דִיא אַנְדִירִי פֶעלְקִיר צוּזַאמְמִין קֵיינִי אַנְדִירִי בְּרֵירָה נִיט גִיהַאט נוּר עֶנְטְווִיר מִיט גִיוַואלְט בִּיקֶעהְרְט צוּ וֶוערִין. אוֹדִיר פוּן אִינְקְווִיזִיצְיָע פֶערְבְּרֶענְט צוּ

װערין. אין בּײדי אופנים װאָלט גאָר פֶערלוֹרין גיװאָרין דאָס אײדילְסְטִי און טײאֶרְסְטִי גישֶׁענְק װאָס גאָט אין הימֶל האָט אַראָב גישִׁיקְט אויף דיא ערד, דער רְשׁוּת אין אֱמוּנָה זאָכין ניט מיט גיװאַלְט גיצְװוּנְגִין צו װערין נײאירט צו גְלויבִּין נאָך דעם אײגִינין גיװיסִין נאָך. אָבּיר גילויבּט איז גאָט ב"ה, דיא לערנונג פון ישוע הנוצרי האָט גוֹבֵר געװעזין דיא תּוֹרָה שֶׁבַּעַל פֶּה פון דיא יוּדין און פון דיא לײט פון פּורטוּגאַל, און דאָס װאָס דערפון איז אַרויס גיקומין איז אַז איהר האָבּט און אויך מיר האָבּין דעם רְשׁוּת גאָט ב"ה צו דינין נאָך דיא איבּירצײגוּנג נאָך פון אונזער פאַרשְׁטאַנְד און נאָך דעם נאָך װאָס אונזער גיװיססין זאָגט אונס פאַר רעכט אין אֱמֶת צו האַלְטין. זעהט נון װיא פיל איהר האָבּט צו דאַנְקין דעם הערר ישוע המשיח, אַן איהם װאָלט איהר קײן פּרײא גיװיססין ניט גיקענְט אין אֱמוּנָה זאַכין, צו גְלויבּין און צו טהון ניט מיט גיװאַלט. ער האָט רעכט אין דער דאָזיגיר גאַנְץ גְרוֹסיר זאַך. און דיא האָבּין אוּם רעכט װאָס האָבּין איהם בּן גיװעזין צו טוט און האָבּין זײני רײד ניט אָנגינומין און אַן איהם ניט גיװאָלְט גלויבּין. װען ער װאָלט ניט דער מָשִׁיחַ אֱמֶת גיװעזין נײאירט װען ער װאָלט זיך זעלבּיר בּלוֹס גיװאָלְט פאַר אַזו אײנין מאַכין, װיא אַזו איז עס אַז גאָט האָט נור דורך איהם און דורך זײני לערנונג אַללײן דערהאַלְטין דיא װאַהרהײט פון זײן װאָרט און אַזעלכי בּרָכוֹת גורם געװעזין צו אײך און צו דיא גוים. װען דיא פּרושים װאָלְטין רעכט גיהאַט אין דעם אַז זײא האָבּין אַן איהם ניט גיװאָלְט גלויבּין, װיא איז עס אַז צום לוהן פאַר זײערי פרומיגקײט האָט גאָט זײא איבּיר גיענְטפֿירט אין גראָבּין טעות אַרײן אַזוֹ אַז זײא גלויבּין נון און לערנין אַנדירי צו גלויבּין לערנוּנגין װאָס מעכטין דיא װעלט אָנפילין מיט בּלוט און פײנדשאַפט און קריגירײא און מעכטין נור גורם זײן דעם רעכטין אמת מיאוּס צו מאַכין פאַר דיא אויגין פון אַלי מענשין. מיר קענין ניט אַנדירשט, אונס איז דערפון גאַנְץ קלאָר אַז דער װאָס האָט אונס גילערינט בּאַרמְהערצִיגקײט און ליבּשאַפט צו אַלי מענשין און האָט אַײך אונס בּיפרײאט פון אַזעלכי שרעקליכי זאַכין און האָט דערמיט אײני לערנונג גיגעבּין װאָס איז בּעססיר פון אַלי לערנונגין פון זײן פאָלק און פון אַלי פעלקיר אין זײני צײטין, דער האָט דאָס גילערינט פון גאָט און איז דאָרום דער װאַהרהאַפטיגיר משיח דער העלפיר, דער

מושיע פון דער וועלט.

עס איז גיוויס אז דיא דאזיגי לערנונג האט שון איין ברכה גורם גיוועזין צו דיא וועלט, און אזו לאנג וויא אייאר פאלק וועט ניט אן נעמין דיא דאזיגי לערנונג, לכל הפחות אין דער דאזיגיר אייניר זאך פון ליבשאפט און גידולדיגקייט קייגין מענשין פון אנדירי אמונות, אזו לאנג איז עס אום מיגליך אז דיא צו גיזאגטי הערליכקייט און גדלות פון דעם יודישין פאלק זאל מקוים ווערין. מיט אזעלכי דינים וויא תורה שבעל פה הייסט אייך טהון וואלט אייערי צורוק קעהרונג אין דעם לאנד אביין פון אייערי פעטיר קיין ברכה פאר אייך ניט גיוועזין. דיא גמרא לייט וואלטין דער דורך נור ערשט רעכט דיא גאנצי מאכט אין דיא האנד אביין גיקריגין אום צו פיהרין זייערי דינים און פסקים צו קווייהלין זייערי ברידיר וואס וויסין בעססיר וואס רעכט און אמת איז. דיא תורה שבעל פה וואלט דערדורך גובר גיוועזין דיא רייד פון גאט ב״ה, און דאס וועט דער גאט פון וואהרהייט ניט צו לאזין. דערדורך וואלט פיינדשאפטליכי אום גידולדיגקייט און מיאוסי מעשות קייגין לייט פון אנדירי אמונות איינגיפיהרט גיווארין און גיוועלטיגט אן שטאט פון ליבשאפט און פריינדליכקייט, און דאס וועט גאט ב״ה ניט לאזין גישעהין. אזו איז דיא תורה שבעל פה דיא הויפט שטרויכלונג אז דיא הבטחות פון גאט צו דעם יודישין פאלק קענין נאך ניט מקוים ווערין, ווארין זיא פערדערבט דיא ישראל אזו אז זייא טויגין ניט דערצו מקבל צו זיין דיא צו גיזאגטי ברכות אודיר זייא רעכט צו בינוצין. נון, איז עס גיט דער חיוב פון אלי יודין וואס פערלאנגין און ווינשין דיא הערליכקייט און גליקליכקייט וואס גאט ב״ה האט זייא צו גיזאגט, איז עס ניט זייאר חיוב מיט קראפט צו דערהייבין זייערי שטימים און ארויס צו זאגין אז זייא זענין אקייגין דעם דת פון תורה שבעל פה און האלטין איהם פאר אום רעכט וואס ער האלט אויף דיא דערפיללונג פון דיא הבטחות פון גאט ב״ה, און זיך צו בימיהין אויף אלי עהרליכי אופנים צו ביפרייאין זייערי ברידיר פון דיא קנעכטשאפט פון אייני זעלכי לערנונג וואס איז אזו שלעכט און פיינדשאפטליך קייגין אלי מענשין פון אייני אנדירי אמונה.

Дозволено Цензурою. Варшава 4 (17) Января 1876 г.
Въ Типографіи А. Гинса. Королевская № 1064 D.

# НЕСЫВОТЪ ОЛОМЪ

# נתיבות עולם

עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז

דיא אלטי שטעגין.

## נומר ז׳

דער מחבר האט דאס גישריבין קורץ פאר פורים. דיא טעג פון פורים דער מאנין דיא יודין אן איני פון יעני וואונדערליכי בישערמונגין וואס דיא מעשה פון דיא ישראל איז דערמיט אנגיפיללט. דיא דערציילונג דערפון וויא זיא שטייט אין תנ״ך ביוייזט קלאר און הערליך דיא השגחה פון גאט איביר דיא וועלט, דאס קענין אלי דערפון לערנין, אביר דאס יודישי פאלק פאדירט זיא בפרט אויף צו דאנק און לוב, ווארין זייערי פעטיר זענין דאס דענצומאל בישערמט גיווארין. און עס איז פיל כבוד פאר דיא וואס זענין פון זייא ארוים גיקומין אז זייא האבין דאס גידעכטיניש פון דיא דאזיגי גרוסי מעשה דורך דיא צייט פון מעהר וויא צוויא טויזינד יאהר ניט גילאזט פערגעסין ווערין, נייארט אז זייא דערמאנין זיך דראן בים איצונד אלי יאהר גערין אונ לוסטיג. ווען דיא תורה שבעל פה וואלט צו פרידין גיוועזין פשוט צו ביפעהלין אז מאן זאל פורים האלטין אונ וואלט דערביא בלוס גיזאגט וועלכי ביזונדירי תפלות מאן זאל אין איני זאלכי וויכטיגי צייט טהון, אזו וואלטין מיר איהר דאס ניט פאר איין פעהליר פאר גיווארפין. אביר דיא תורה שבעל פה זאגט פון זיך אז זיא איז פון גאט און עס קומט איהר געטליכיר כבוד צו, און איטליכין וואס גלויבט דאס ניט האלט זיא פאר איין מין וואס איז חייב מיתה. דאס צווינגט אונס נון צו פרובין איהרי רייד און חוקר ודורש צו זיין איהר תוך כדי צו זעהין אוב זיא האט טאקיש דיא סימנים פון געטליכקייט. מיר האבין שון עטליכי מזכיר גיוועזין וואס האבין מעהר איין ריח גיהאט פו

דער

דֶער עֶרְד אֱיידִיר פוּן הִימֶל, דִיא תקנות פַאר פוּרִים וַוייזִין אוֹיךְ אוֹים דָאם אֱייגִינִי. דֶער דִין וָואם מִיר וֶועלִין דָא מַזְכִּיר זַיין מכח דִיא סְעוּדָה פוּן פוּרִים אִיז גִיוִוים נִיט פוּן הִימֶל עֶנְטְפְּלֶעקְט גִיוָוארִין.

חובת סעודה זו שיאכל בשר ויתקן סעודה נאה כפי אשר תמצא ידו. ושותה יין עד שישתכר וירדם בשכרותו:

„דֶער חִיוּב פוּן דִיא דָאזִיגִי סְעוּדָה אִיז אַז עֶר זָאל עֶסִין פְלֵייש אוּן זָאל צוּ רֶעכְט מַאכִין אֱיינִי שֵׁיינִי סְעוּדָה נָאךְ זַיין פֶערְמֶעגִין נָאךְ, אוּן עֶר טְרִינְקְט וַויין בִּים עֶר וֶוערְט שִׁיכּוֹר אוּן שְׁלָאפְט אַיין אִין זַיין שִׁיכּוֹרוּת" (הלכות מגילה פרק שני ט"ו). דִיא גמרא אָבִיר אִיז דֶערְמִיט נָאךְ נִיט צוּ פְרִידִין. זִיא הָאט לִיבּ נָאךְ אִיהר אֱייגִינִין שְׁטֵייגִיר נָאךְ צוּ שְׁמִיסִין אוּן זִיא וַוייזְט גִינוֹיא וְויא שְׁטַארְק מַאן מוּז זִיךְ אָן שִׁיכּוֹרְן אוּן זָאגְט אַזוֹ

מחייב איניש לבסומי בפוריא עד דלא ידע בין ארור המן לברוך מרדכי.

„אַיין מֶענְש אִיז מחויב זִיךְ אָן צוּ שִׁיכּוֹרְן אִין פּוּרִים בִּים אַז עֶר זָאל נִיט וִויסִין דֶעם חִילוּק צְווִישִׁין פֶערְפְלוּכְט אִיז הָמָן אוּן גִיבֶּענְטְשְׁט אִיז מרדכי" (מסכת מגילה דף ז' ע"ב). אָבִיר וַוייל עֶס פֶעהלְט דָא אֱיינִי גוּטִי אוֹים רֵייד נָאךְ דֶעם פְּרָאסְטִי פֵּירוּשׁ נָאךְ, אַזוֹ מֶעגְט אפשר אַיין גִילֶערְנְטִיר לִיבְּהָאבִּיר פוּן דֶער גמרא דַארוֹיף זָאגִין אַז דִיא לשונות פוּן דִיא מזרח לֶענְדִיר שְׁמוּסִין גֶערִין עַל פִּי משל אוּן אַז מַאן מוּז אַזוֹ אוֹיךְ דֶעם דָאזִיגִין דִין פוּן דֶער גמרא נִיט פֶערְשְׁטֵיין נָאךְ דֶעם פְּרָאסְטִין טַייטְשׁ נָאךְ פוּן דִיא וֶוערְטִיר נַייאִירְט עֶס לִיגְט דְרִינְין אַיין וִוינְק אוֹיף עֶפִּים אַנְדִירְשְׁט, דהיינו, אַז דִיא מֵיינוּנְג אִיז נִיט פְּרָאסְטִי אַז מַאן זָאל זִיךְ אָן שִׁיכּוֹרְן, נַייאִירְט אדרבה אַז מַאן זָאל זֵייר נִיכְטִירְן זַיין אוּן דִיא פְרוּמִי גִידַאנְקִין אַזוֹ שְׁטַארְק אָבּ טְהוּן פוּן וֶועלְטְלִיכִי זַאכִין אַזוֹ אַז מַאן זָאל נִיט וִויסִין דֶעם חִילוּק צְווִישִׁין פֶערְפְלוּכְט אִיז המן אוּן גִיבֶּענְטְשׁ אִיז מרדכי. אַזוֹ אַיין שְׁטֵייגִיר תִּירוּצִים אִיז נִיט נַייא, מַאן הָאט שׁוֹן דֶערְגְלַייכִין גִיהֶערְט. אַזוֹ הָאט מַאן גִיזָאגְט אַז דִיא רֵייד פוּן ר' אליעזר "אַז מַאן מֶעג אַיין עם הארץ צוּ רַייסִין וְויא אַיין פִישׁ" בִּיטַייטִין אַז מַאן זָאל אִיהם עֶפִינִין דֶעם שֵׂכֶל, אַזוֹ אַז עֶס אִיז נָאךְ דֶער פוּן גִידְרוּנְגִין וְויא זֵייר שְׁטַארְק דִיא חכמים פוּן דִיא גמרא הָאבִּין עֶס גִיוָואלְט הָאבִּין אַז מַאן זָאל מִיט דִיא גְרָאבִּי

יונגין תורה לערנין. אָבּער חאָטשׁע מאַן מעכט אונס גוים פאַר אַזוֹ נאַריש האַלטין און מיינין אַז מיר וועלין אַזוֹ איין פירוש פאַר אמת האַלטין, אַזוֹ זענין מיר דאָך זייער מסופק אוֹב דער גרעסטיר עם הארץ צווישׁין דיא יודין וועט גלויבּין אַז דאָס איז דיא רעכטי מיינונג דער פון. דיא גרוֹסי יודישׁי לוֹמדים, רש״י און רמב״ם, זייא האָבּין פערשׁטאַנין אָן שׁיכּוֹרן נאָך דעם פּראָסטין פשט נאָך און האָבּין גיזאָגט אַז ווייִן איז דאָס רעכטי גיטרענק דערצו. ר׳ יוסף קארו זאָגט פּראָסטי דעם דין וואָרט פאַר וואָרט אַזוֹ וויא ער שׁטייט אין דיא גמרא, אָבּער איין הגה זאָגט דערצוּ,

ויש אומרים דאין צריך להשתכר כל כך אלא שישתה יותר מלימודו.

„און עטליכי זאָגין אַז ער מוז זיך ניט אַזוֹ שׁטאַרק אָן שׁיכּוֹרן נייאירט ער זאָל טרינקין מעהר וויא ער איז גיוואוהנט״ (שלחן ערוך אורח חיים סימן תרצ״ה סעיף ב׳). דיא גמרא זעלבּיר לאָזט ניט צו, דעם דין אַזוֹ צו פערגרינגרין אודיר ניט פשוט אוים צו לייגין, וואָרין בּאַלד דערנאָך וויא רבא האָט דעם דאָזיגין דין גיזאָגט שׁטייט איינע מעשׂה פון רבה און רבי זירא וואָס ווייזט אוים דעם רעכטין פשט פון איהם.

רבה ורבי זירא עבדו סעודת פורים בהדי הדדי איבסום קם רבה שחטיה לרבי זירא למחר בעא רחמי ואחייה לשנה אמר ליה ניתי מר ונעביד סעודת פורים בהדי הדדי אמר ליה לא בכל שעתא ושעתא מתרחיש ניסא:

„רבה און רבי זירא האָבּין זיך גימאַכט דיא סעודה פון פורים מיט איינאַנדיר. רבה האָט זיך אָן גישׁיכּוֹרט, איז אויף גישׁטאַנין און האָט גישׁאָכטין רבי זירא. צו מאָרגינס האָט ער מתפּלל גיוועזין אויף בּארמהערציגקייט און האָט איהם לעבּינדיג גימאַכט. אין איין יאהר אַרום האָט ער צו איהם גיזאָגט, לאָזין מיר גיין, הערר, און לאָזין מיר זיך מאַכין דיא סעודה פון פורים מיט איינאַנדיר: האָט ער צו איהם גיזאָגט ניט אַלי שׁעה טרעפט זיך איין נס״ (מסכת מגילה דף ז׳ ע״ב). דיא דאָזיגי מעשׂה וואָס שׁטייט בּאַלד נאָך יענים דין וואָס מיר האָבּין אוֹבּין מזכּיר גיוועזין, זיא ווייזט קלאָר וואָס דיא רעכטי מיינונג דער פון איז, אַז דיא גמרא האָט טאַקיש גימיינט און גיבּאָטין

אַז דִיא וָואס גְלוֹיבִּין אִיהְרִי רֵייד זָאלִין זִיךְ אָן פּוּרִים שְׁטַארְק אָן שִׁיכּוֹרִן . זִיא דֶערְצֵייהלְט דֶערְבֵּייא אֵיינִי מַעֲשֶׂה דָאס צוּ בִּישְׁטֶעטִיגִין , אַז מַאן זָאל דֶער פוּן לֶערְנִין אוֹיךְ אַזוֹ צוּ טְהוּן , אֵיינִי מַעֲשֶׂה אַז אֵיינֶיר פוּן דִיא אמוֹראִים הָאט אֵיינִי רְצִיחָה גִיטָאהן אִין זַיין שִׁיכּוֹרוּת , אוּן זִיא דֶערְצֵייהלְט דָאס נִיט פַאר אֵיינִי זִינְד נַייאִירְט זִיא זָאגְט אוּנְס נָאךְ גַאנְץ אִין עֶרִינְצְט אַז גָאט הָאט דֶערְבֵּייא אֵיין וואוּנְדִיר גִיטָאהן אַז דֶער טוֹט גִימַאכְטִיר אִיז לֶעבִּינְדִיג גִיוָוארִין , זִיא דֶערְצֵייהלְט אוֹיךְ נִיט אַז רבה הָאט זִיךְ שׁוֹן קֵיין מָאלל נִיט גִיוָואלְלְט אָן שִׁיכּוֹרְן אוֹדִיר אַז עֶר הָאט אוֹיף דִיא דָאזִיגִי מַעֲשֶׂה חרטה גִיהַאט , נַייאִירְט אַז אִין אֵיין יָאהר אַרוּם הָאט עֶר וִוידִיר גִיוָואלְלְט אַז רבי זירא זָאל מִיט אִיהם דִיא סעוּדה מַאכִין , אָבִּיר דָאס דָאזִיגִי מָאל הָאט ר׳ זירא פַאר אִיהם שׁוֹן מוֹרָא גִיהַאט אַז עֶר זָאל אִיהם נִיט וִוידִיר בַּייא דִיא סעוּדה טוֹט מַאכִין . נוּן אִיטְלִיכִיר וָואס קֶענְט דִיא יוּדִין וֵויס אַז זֵייא זֶענִין אֵיין מֶעסִיג אוּנ נִיכְטִירְן פָאלְק , אוּן ווייל זֵייא זֶענִין אַזֶעלְכִי לַייט אַזוֹ פְרֶעגִין מִיר זֵייא , אוּב יֶענִים גִיבָּאט אוֹיבִין קָאן זַיין פוּן גָאט , אוּן אוּב דִיא גמרא זָאגְט אמת אִין דֶער דֶערְצֵייהלְטִיר מַעֲשֶׂה וָואס מִיר הָאבִּין דָא מזכיר גִיוֶועזִין , זִיא זָאגְט נִיט בְּלוֹס אַז מַאן מֶעג זִיךְ אָן שִׁיכּוֹרְן מַאן וֶועט דֶערְפַאר נִיט גִישְׁטְרָאפְט וֶוערִין , נַייאִירְט זִיא הַאלְט עֶס נָאךְ פַאר אֵיינִי פְּרוֹמִיגְקֵייט , פַאר אֵיין חיוב וָואס מַאן זָאל מקיים זַיין . דָא זֶעהט מַאן וִוידִיר דֶעם גְרוֹסִין חִילוּק צְווִישִׁין דֶעם תַּלְמוּד אוּן צְווִישִׁין דֶעם ברית חדשה , וָואס זָאגְט , „אוּן זַייט נִיט בִּיזָאפִין מִיט וַויין , וָואס אִיז פֶערְבֶּ עֶנְגִירֵייא״ (עפעזר ה׳ פסוק י״ח) . „הִיט אַייךְ , אַז אַייֶערִי הֶערְצִיר זָאלִין נִיט שְׁוֶוער זַיין מִיט פְרֶעסִין אוּן ז ו י פ י ן , אוּן מִיט דִיא זָארְגִין פוּן דִיזִן לֶעבִּין , אוּן אַזוֹ וֶועט דִיזֶר טָאג פְּלִיצְלִינְג אוֹיף אַייךְ קוּמִין״ (לוקאס כ״א פסוק ל״ד) . דֶער ברית חדשה גִיבְּט אוּנְס קֵיינִי הָאפְפְנוּנְג נִיט אַז וֶוען מִיר וֶועלִין אִין שִׁיכּוֹרוּת אֵיינִי רְצִיחָה טְהוּן אַזוֹ וֶועט אֵיין וואוּנְדִיר גִישֶׁעהִין דֶעם טוֹט גִישְׁלָאגִינִין לֶעבִּינְדִיג צוּ מַאכִין , נַייאִירְט עֶר זָאגְט אוּנְס אַז שִׁיכּוֹרִים אוּן רוֹצְחִים וֶועלִין נִיט עֶרְבִּין דָאס קִינִיגְרַייךְ פוּן גָאט (א׳ קארינטער ו׳ פסוק יו״ד) . נוּן וֶועלְכִי פוּן דִיא דָאזִיגִי צְווֵייא לֶערְנוּנְגִין פַאסְט צוּם בֶּעסְטִין מִיט דֶעם רצוֹן וָואס גָאט ב״ה הָאט מְגַלֶה גִיוֶועזִין . מֶעגְט אִיהר קֶענִין רוּהִיג שְׁטַארְבִּין וֶוען דֶער טוֹט מֶעגְט אִיבִּיר אַייךְ קוּמִין אִין פּוּרִים אִין אֵיין זָאלְכִין מעמד . מֶעגְט אִיהר וִוינְטְשִׁין אַז דֶער

מלאך

מלאך המות זָאל אַייך אָן טְרֶעפְּפִין וֶוען אִיהר זֶענְט מקיים דֶעם דָאזִיגִין דִין און וְוייסְט נִיט מִיט וָואס אַייךְ טְהוּט זִיךְ מחמת שִׁיכּוֹרוּת, אוֹדִיר אַז עֶר זָאל אַייךְ גִיפִינִין אִין אַיין נִיכְטִירְן מעמד און בַּייא קְלָארִי גִידַאנְקִין און אִיבִּיר לֵייגוּנְג אַזוֹ וִויא ישוע הנוצרי זָאגְט. זָאגְט נִיט דָאס אִינְיֶעוֵוייניגִי בית דין פוּן דֶעם הָאָרֶץ , אִיךְ מֵיין דָאס גִיוִויסִין, זָאגְט עֶס נִיט אַז ישוע הנוצרי הָאט רֶעכְט און אַז דֶער תלמיד הָאט אוּם רֶעכְט. און בִּישְׁטֶעטִיגְט נִיט דֶער תנ״ךְ דֶעם דָאזִיגִין פסק. ישעיה הנביא זָאגְט,

הוי משכימי בבקר שכר ירדפו מאחרי בנשף יין ידליקם: והיה כנור ונבל תף וחליל ויין משתיהם ואת פעל יהוה לא יביטו ומעשה ידיו לא ראו: לכן גלה עמי מבלי דעת וכבודו מתי רעב והמונו צחה צמא:

„וֶוייא גִישְׁרִיגִין אִיבִּיר דִיא וָואס שְׁטֵיין פְּרִיה אוֹיף אִין דֶעם מָארְגִין נָאךְ צוּ יָאגִין נָאךְ שַׁארְפִי גִיטְרֶענְק, דִיא וָואס זוֹימִין זִיךְ אִין דֶעם שְׁפֶּעטִין אָבִינְד, אַז דֶער וַויין זָאל זֵייא דֶערְהִיצִין, און הַארְפִי און פִידִיל און פּוֹיק און פַּייפִיל און וַויין אִיז בַּייא זֵייאֶרִי מָאלְצַייטִין, אָבִּיר דָאס טְהוּן פוּן יהוה זֵייא נִיט אָן קוּקִין, און דָאס וֶוערְק פוּן זַיינִי הֶענְד זֶעהִין זֵייא נִיט: דַארוּם אִיז מַיין פָאלְק, פֶערְטְרִיבִּין גִיוָוארִין, וַוייל זֵייא הָאבִּין נִיט גִיהַאט קֵיינִי דֶערְקֶענְטְנִישׁ, און זַיינִי גִיהֶערְטִי לַייט זֶענִין גִישְׁטָארְבִּין פַאר הוּנְגִיר, און זַיין גִימֵיין פָאלְק אִיז פֶער טְרוּקִינְט פַאר דוּרְשְׁט" : (ישעיה ה׳ פסוק י״א בִּיז י״ג) און אַזוֹ גִיבִּיטִיט משה דִיא עֶלְטִירְן וָואס וֶועלִין הָאבִּין אֵיין שְׁלֶעכְטִין זוּהן, זולל וסבא, „אֵיין פְּרֶעסִיר און זוֹיפִיר", אַז זֵייא זָאלִין אִיהם בְּרֶענְגִין צוּ מִשְׁפָּט און שְׁטֵיינִיגִין מִיט שְׁטֵיינִיר (דברים כ״א פסוק כ׳ וכ״א). אַזוֹ אִיז דֶער תַּלְמוּד קְלָאר סוֹתר דֶעם תנ״ךְ, דַארוּם קָאן דָאס נִיט אמת זַיין וָואס עֶר דֶערְצֵייהלְט אַז גָאט הָאט אַיין וואוּנְדִיר גִיטָאהן, צוּ בִּישֶׁעְרְמִין אַיין שִׁיכּוֹר און אַיין רוֹצח פוּן דִיא שְׁטְרָאף וָואס גָאט ב״ה זֶעלְבִּיר הָאט גִיבָּאטִין אַז זִיא זָאל קוּמִין אִיבִּיר בֵּיידִי דָאזִיגִי רשעוֹת. דַארוּם אִיז נוּן דִיא דֶערְצֵייהלְטִי מעשׂה פוּן דֶעם גַם אַיין פְּרָאסְטִי שקר אַקֵייגִין תורת משה און אֵיינִי לֶעסְטִירוּנְג קֵייגִין דֶעם כָּבוֹד פוּן גָאט. וִויא קָאן נוּן דֶער תַּלְמוּד זַיין פוּן גָאט. וֶוען אִיהר מֶעכְט אפשר וֶועלִין, אַזוֹ וִויא עֶטְלִיכִי טְהוּן, אַיין חִילוּק מַאכִין צְוִוישִׁין דֶעם תלמוד און צְוִוישִׁין דִיא תורה שֶׁבְּעַל פֶּה און זָאגִין

אז

אַז חָאטְשֶׁי דֶער תלמוד הַאלְט אִין זִיךְ דִיא תורה שֶׁבְּעַל פֶּה אַזוֹ אִיז עֶר דָאךְ נִיט אִין גַאנְצִין ברוח הקודש גִימַאכְט גִיוָוארִין, נוּן אַזוֹ פְּרֶעגִין מִיר, וִויא קֶענְט אִיר אַייךְ פֶּערְלָאזִין אוֹיף דִיא רֵייד פוּן אַיין עֵדוּת זָאגִיר וָואס מַאן הָאט אִיהם אוֹיס גִיוִויזִין אַז עֶר הָאט מוּטְוִוילְלִיג גְרָאבּ אוּן עֶרֶעקְלִיךְ שקר גִיזָאגְט. וֶוען אִיהר גְלֵייבְּט נִיט אַז יֶענִיר דֶערְצֵייהלְטִיר נֵס פוּן דֶעם שִׁיכּוֹרְן אֲמוֹרָא אִיז אמת. אַזוֹ זָאגְט אִיהר דֶערְמִיט אַז דֶער תלמוד אִיז אַיין לִיגְנִיר. וֶוען עֶר אִיז נוּן אַיין לִיגְנִיר אִין דֶער דָאזִיגִיר זַאךְ בַּייא דִיא דֶערְצֵייהלוּנְג פוּן אַיין גְרוֹס נֵס בַּייא דִיא מצוה וָואס עֶר הֵייסְט אַייךְ מקיים זַיין, וִויא קֶענְט אִיהר אַייךְ נוּן אוֹיף אִיהם אִיבִּירְהוֹיפְּט פֶּערְלָאזִין. וֶוען עֶר מַאכְט זִיךְ דְרוֹיס גָאר נִישְׁט, זִיךְ פַאלְשִׁי ניסים אוֹיס צוּ טְרַאכְטִין, וֶוער אִיז אַייךְ עָרוֹב אַז עֶר טְרַאכְט זִיךְ נִיט אוֹיךְ פַאלְשִׁי דִינִים אוֹיס.

אָבִּיר למשל, וָואס דַארְף זִיךְ גִיוִויס פִיל מֶעהר אמת צוּ זַיין, דהיינוּ וֶוען רבה הָאט רבי זירא גִישָׁאכְטִין אוּן רבי זירא אִיז נִיט וִוידִיר לֶעבִּינְדִיג גִיוָוארִין, וָואלְט נוּן רבה נָאךְ דֶעם אִיצִינְדִיגִין יוּדִישִׁין דַת נָאךְ פַאר אַיין רוצח גִיהַאלְטִין גִיוָוארִין אוּן גִימוּזְט גִיטֵייט וֶוערִין, אוֹדִיר וָואלְט עֶר פַאר אוּם שוּלְדִיג גִיהַאלְטִין גִיוָוארִין אוּן מַאן וָואלְט אִיהם דָאס לֶעבִּין גִישֶׁענְקְט אוּן גִילָאזְט פְרַייא אַוֶועק גֵיין אָן שְׁטְרָאף. דִיא דָאזִיגִי שאלה פֶּערְדִינְט וואוהל אֵיינִי עֶנְטְפִיר פוּן אֵיינִים פוּן אַייאֶרִי חכמים, אוּן אַזוֹ אֵיינִי עֶנְטְפִיר קָאן מַאן דְרִינְגִין פוּן עֶטְלִיכִי אַנְדִירִי דִינִים פוּן דִיא תורה שֶׁבְּעַל פֶּה אַרוֹיס וָואס מִיר וֶועלִין דָא מזכיר זַיין:

קריאת המגלה בזמנה מצות עשה מדברי סופרים. והדברים ידועים שהיא תקנת הנביאים. והכל חייבים בקריאת׳ אנשי׳ ונשים וגרים ועבדים משוחררי׳. ומחנכין את הקטנים לקרותה. ואפילו כהנים בעבודתן מבטלין עבודתן ובאין לשמוע מקרא מגלה. וכן מבטלי׳ תלמוד תור׳ לשמוע מקרא מגלה קל וחומר לשאר מצות של תורה שכולן נדחין מפני מקרא מגלה. ואין לך דבר שנדחה מקרא מגלה מפניו חוץ ממת מצוה שאין לו קוברין שהפוגע בו קוברו תחלה ואחר כך קורא:

„דִיא מְגִלָּה לֵיינִין אִין אִיהרִי צַייט אִיז אֵיינִי מצות עשה נָאךְ דִיא

רייד

רֵייד נָאךְ פוּן דִיא סוֹפְרִים , אוּן דִיא רֵייד זֶענִין בְּיָקאנְט אַז זִיא אִיז אֵיינִי תקנה פוּן דִיא נביאים . אוּן אַלִי זֶענִין מְחוּיָב זִיא צוּ לֵיינִין , מֶענִיר אוּן וַוייבִּיר אוּן גֵרִים אוּן פְרַייא גִימַאכְטִי קְנֶעכְט . אוּן מַאן גִיוֶוייהנְט דִיא קְלֵיינִי קִינְדִיר זִיא צוּ לֵיינִין. אוּן אֲפִילוּ כֹּהֲנִים אִין זֵייאֶר דִינְסְט זֶענִין מְבַטֵל זֵייאֶר דִינְסְט אוּן קוּמִין צוּ הֶערִין דִיא מְגִלָה לֵיינִין . אַזוֹ אִיז מַאן אוֹיךְ מְבַטֵל תּוֹרָה לֶערְנִין כְּדֵי צוּ הֶערִין דִיא מְגִלָה לֵיינִין , מִכל שכן נָאךְ דִיא אִיבְּרִיגִי מצות פוּן דִיא תּורה אַז מַאן לֵייגְט זֵייא אַלִי אַוֶועק וֶוענִין דִיא מְגִלָה לֵיינִין . אוּן עֶס אִיז קֵיינִי זַאךְ נִיט פַארְהַאנְדִין וָואס מַאן לֵייגְט פוּן אִיהְרִיט וֶוענִין מְגִלָה לֵיינִין אַוֶועק , חוּץ פוּן מת מצוה וָואס הָאט קֵיינִים נִיט עֶס צוּ בִּיגְרָאבִּין , וָוארִין דֶער וָואס טְרֶעפְט עֶס אָן בִּיגְרָאבְּט עֶס צוּ עֶרְשְׁט אוּן דֶערְנָאךְ לֵיינְט עֶר״ (הלכות מגילה פרק ראשון א׳) . אִיבִּיר דֶעם דָאזִיגִין שְׁטִיק הָאבִּין מִיר עֶטְלִיכִי וֶוערְטִיר צוּ זָאגִין , אָבִּיר אִיצוּנְד בֶּעטִין מִיר אוֹיף דֶעם טַעַם אַכְטוּנְג צוּ גֶעבִּין פַאר וָואס מגלה לֵיינִין אִיז ווִיכְטִיגִיר פוּן אַלִי אַנְדִירִי מצות . דֶער טַעַם אִיז אַזוֹ . נָאךְ דִיא תורה שבעל פה נָאךְ אִיז „תורה לֶערְנִין ווִיכְטִיגִיר פוּן אַלִי מצות״

## תלמוד תורה כנגד כל המצות כולן

(הלכות תלמוד תורה פרק ג׳ ג׳) . אָבִּיר נָאךְ דֶעם דָאזִיגִין דִין נָאךְ פוּן הלכות מגילה אִיז מַאן מבטל תורה לֶערְנִין וֶוענִין מְגִלָה לֵיינִין . מֵילָא וֶוען מְגִלָה לֵיינִין אִיז ווִיכְטִיגִיר פוּן תּורה לֶערְנִין וָואס אִיז דִיא גְרֶעסְטִי פוּן אַלִי מצות , מכל שכן אַז זִיא אִיז ווִיכְטִיגִיר פוּן אַלִי אַנְדִירִי גִיבָּאט וָואס זֶענִין נִיט אַזוֹ ווִיכְטִיג ווִיא תורה לֶערְנִין . נוּן קֶענְט אִיהר דֶעם אֵייגִינִין קל וחומר אוֹיךְ מַאכִין בַּייא דֶעם גִיבָּאט אוּבִין וָואס זָאגְט אַז מַאן אִיז זִיךְ מחויב אָן צוּ שִׁיכּוֹרִן אִין פּוּרִים . עֶס אִיז דָאךְ קְלָאר אַז וֶוען מַאן שִׁיכּוֹרְט זִיךְ אָן קָאן מַאן נִיט תורה לֶערְנִין , מֵילָא מוּז מַאן תּורה לֶערְנִין מבטל זַיין פוּן יֶענִים חִיוּב וֶוענִין . אַיין מֶענְש וָואס אִיז אַזוֹ שִׁיכּוֹר אַז עֶר קָאן נִיט אַיין חִילוּק מַאכִין צְווִישִׁין „פֶערְפְלוּכְט אִיז הָמָן אוּן גִיבֶּענְשְׁט אִיז מָרְדְכַי״ אַזוֹ אֵיינִיר קָאן דָאךְ אוֹיךְ נִיט תורה לֶערְנִין , עֶר קָאן אוֹיךְ נִיט אַיין מֵת בִּיגְרָאבִּין . מֵילָא אִיז יֶענִיר חִיוּב זִיךְ אִין פּוּרִים אָן צוּ שִׁיכּוֹרִן גְרֶעסִיר פוּן תורה לֶערְנִין , אוּן מכל שכן גְרֶעסִיר פוּן אַלִי אַנְדִירִי מצות וָואס זֶענִין קְלֵיינִיר פוּן תורה לֶערְנִין . דֶער דָאזִיגִיר קל וחומר אִיז גַאנְץ אַזוֹ גִימַאכְט ווִיא

דער

דֶער קל וחומר אוֹבִין בַּייא מגלה לֵיינִין , און דָאס וָואס דֶער פּוּן אִיז גִידְרוּנְגִין וַוייזְט אוּיס אַז יֶענִי דִינִים זֶענִין פַאלְשׁ . אָבִּיר דָאס אִיז נִיט דֶער עִיקָר פַּאר וָואס מִיר הָאבִּין דֶעם דָאזִיגִין קל וחומר אוּיס גִיוִויזִין . מִיר ווִילְלִין דֶער בַּייא צוּרוּק זֶעהִין אוּיף דִיא שאלה וֶועגִין רבה וָואס מִיר הָאבִּין אוֹבִין מזכיר גִיוֶועזִין אִין דֶעם אוֹפָן וֶוען עֶר הָאט רבי זירא טוֹט גִימַאכְט און רבי זירא אִיז נִיט לֶעבֶּעדִיג גִיוָוארִין . דֶער חִיוּב זִיךְ אִין פּוּרִים אָן צוּ שִׁיכּוֹרִין אִיז דָאס גְרֶעסְטִי פּוּן אַלִי גִיבָּאט , און רבה הָאט זִיךְ אָן גִישִׁיכּוֹרְט נָאךְ יֶענִים חִיוּב נָאךְ פּוּן תורה שבבעל פה . און עֶר הָאט דֶער דוּרְךְ מְקַיֵּים גִיוֶועזִין דִיא גְרֶעסְטִי מצוה , נוּן וֶוען עֶר הָאט דֶער בַּייא אַיין רְצִיחָה גִיטָהאן , זָאל עֶר נוּן חייב מיתה זַיין וִויא אַיין רוֹצֵחַ , אוֹדִיר זָאל עֶר פָּטוּר זַיין . עֶס דַאכְט זִיךְ גִיוִויס זֵייעֶר שְׁוֶוער צוּ זַיין אִיהם צוּ וֶועלְלִין דַן זַיין צוּ טוֹט פַאר אֵיינִי זַאךְ וָואס אִיז דֶער דוּרְךְ אַרוֹיס גִיקוּמִין ווייל עֶר הָאט דִיא גְרֶעסְטִי מצוה מְקַיֵּים גִיוֶועזִין . עֶר קָאן זִיךְ פֶערְעֶנְטְפִירִין און זָאגִין אַז עֶר הָאט על פי טבע זֵייעֶר פַיינְד שִׁיכּוֹרוּת , אַז עֶר הָאט אָבִּיר זַיינִי טֶבַע גוֹבֵר גִיוֶועזִין כְּדֵי דֶעם חִיוּב פוּן דִיא תּוֹרָה שֶׁבַּעַל פֶּה מְקַיֵּים צוּ זַיין , און אַז וִויא עֶר אִיז אַזוֹ שְׁטַארְק שִׁיכּוֹר גִיוֶועזִין אַז עֶר הָאט נִיט מֶעהר גִיקָאנְט אַיין חִילוּק מַאכִין צְווִישִׁין ,,פֶערְפְלוּכְט אִיז הָמָן און גִיבֶּענְשְׁט אִיז מָרְדְכַי" אַזוֹ הָאט עֶר אוֹיךְ נִיט מֶעהר אַזוֹ פִיל שֵׂכֶל גִיהַאט אַיין חִילוּק צוּ מַאכִין צְווִישִׁין רֶעכְט און אוּם רֶעכְט , און אַז אַזוֹ אִיז דִיא רְצִיחָה דוּרְךְ אִיהם גִישֶׁעהִין נִיט מוּטְווִילְלִיג און גֶערִין נַייאִירְט מחמת שִׁיכּוֹרוּת . וָואס פַאר אַיין פְּסַק גִיבְּט נוּן דֶער תַּלְמוּד אִיבִּיר אַיין רוֹצֵחַ פוּן דֶעם דָאזִיגִין שְׁטֵייגִיר . עֶס הָאט אַיין פָּנִים אַז מַאן וָואלְט רבה נָאךְ דֶער גמרא נָאךְ גָאר נִיט דֶער פַאר גִיטָהאן , וָוארִין זִיא דֶערְצֵייהלְט אַז אִין אַיין יָאהר אַרוּם הָאט זִיךְ רבה וִוידִיר הֶשֶׁק גִיהַאט אַז ר' זירא זָאל מִיט אִיהם דִיא סעודה פוּן פּוּרִים הַאלְטִין הָאטְשִׁי עֶס אִיז מִיגְלִיךְ גִיוֶועזִין אַז דִיא רְצִיחָה זָאל נָאךְ אַיין מָאל גִישֶׁעהִין , אָבִּיר ר' זירא הָאט גִימֵיינְט אַז דָאס נֵס וֶועט נִיט גִישֶׁעהִין . מֵילָא נָאךְ דֶעם נָאךְ וָואלְט זִיךְ נוּן רבה גִיקָאנְט אַלִי יָאהר אֵיינִי רְצִיחָה אוֹדִיר מֶער רְצִיחוֹת טְהוּן און גָאר פָּטוּר זַיין פוּן שְׁטְרָאף , און עֶר וָואלְט דֶער דוּרְךְ נָאךְ אַיין פִּיל שְׁלֶעכְטִירִיר שכן גִיוֶועזִין מִיט גְרֶעסִירִיר סכנה וִויא ,,אַיין אוֹקְס וָואס אִיז בִּיקַאנְט אַז עֶר שְׁטוֹסְט מִיט זַיינִי הֶערְנִיר" . נוּן אָבִּיר אוּם גִיקֶעהְרְט , זָאגְט

מַאן אַז עֶר איז יוא חייב מיתה, אַזוֹ איז עֶס קְלָאר אַז תּוֹרה שבעל פה איז נִיט פון גָאט, וָוארִין דורךְ דֶעם מקיים זַיין פון איהרע גְרֶעסְטֶע מצוה איז עֶס מֶיגְלִיךְ אַז אַיין מֶענְש זָאל טְהוּן אֵיינֶע פון דיא גְרֶעסְטֶע מעשים רעים און זָאל דֶערְדוּרְךְ חייב מיתה וֶוערִין. אָבֶּער מִיר זֶעהְנִין אויךְ צְוֵוייטֶענְס. קייגִין דֶעם אַז תּוֹרה שבעל פה הַאלְט אַיין גִיבָּאט פון מֶענְשִׁין פַאר גְרֶעסֶער פון דיא הֵייליגֶע פון גָאט ב״ה. אִין פוּרים דיא מְגִלָה לֵיינִין פַּאסְט זיךְ אָן ספק זֵייער שֵׁיין און קָאן אויךְ נִיצְלִיךְ זַיין. אָבֶּער תּוֹרה שבעל פה איז זֶעלְבֶּער מוֹדֶה אַז דָאס איז אַיין גִיבָּאט פון מֶענְשִׁין, זיא זָאגְט אַז מְגִלָה לֵיינִין איז מצות עשה מדברי סופרים „אַיין מצות עשה נָאךְ דיא רֵייד נָאךְ פון דיא סופרים". דיא צַייט וֶוען מַאן זָאל זיא לֵיינִין, און דֶער שְׁטֵייגֶער וויא מַאן זָאל זיא לֵיינִין, דָאס צוּ זַאמְמִין הָאבִּין דיא רבנן אַיינְגִיפִיהְרְט, פַאר וָואס זָאל מַאן נוּן „אַלֶע אַנְדֶערֶע מצות פון דֶער תּוֹרה אַוֶועק לֵייגִין וֶועגִין מגלה לֵיינִין". דֶער כֹּהֵן זָאל מבטל זַיין זַיינֶע עבודה וָואס גָאט הָאט אִיהם דֶער צוּ בִּישְׁטִימְט, פון וֶועגִין צוּ הַאלְטִין אַיין גִיבָּאט וָואס קוּמְט בְּלוֹס פון מֶענְשִׁין אַרוֹיס. און דיא ישראל זָאלִין אַוֶועק לֵייגִין אַלֶע מצות, מֶילָא אויךְ דיא הֵיוּבִים פון לִיבְּשַׁאפְט און בַּארֶעמְהֶערְצִיגְקֵייט כדי מקיים צוּ זַיין אַיין גִיבָּאט וָואס איז אֵיינֶע בְּלוֹסֶע צֶערֶעמָאנִיע. דָא איז אַיין קְלָארֶער בְּיוֵוייז אַז דיא תּוֹרה שבעל פה איז נִיט פון גָאט גֵייאִירְט מֶענְשִׁין הָאבִּין זיא אוֹיס גִיטְרַאכְט און נַארִישׁ גְלֵייבִּיגֶע מֶענְשִׁין הַאלְטִין זיא פַאר אמת. מֶענְשִׁין טְרַאכְטִין זיךְ אוֹיס אַז צֶערֶעמָאנִיעס זֶענִין בֶּעסֶער פון מצות מדותיות, אָבֶּער גָאט ב״ה זָאגְט אַז אוֹיסִינְוֵוייניגֶע זַאכִין זֶענִין נִיט דֶער עִיקָר.

חסד חפצתי ולא זבח ודעת אלהים מעלות:

„איךְ הָאבּ בִּיגֶעהְרְט גְנָאד און נִיט שֶׁעכְט אוֹפְּפֶער און דיא דֶערְקֶענְטְנִישׁ פון אלהים מֶעהר פון בְּרַאנְד אוֹפְּפֶער" (הושע ו׳ פסוק ו׳).

הגיד לך אדם מה טוב ומה יהוה דורש ממך כי אם עשות משפט ואהבת חסד והצנע לכת עם אלהיך:

„עֶר הָאט דיר גִיזָאגְט, מֶענְשׁ, וָואס גוּט איז און וָואס יהוה

פערלאנגט

פֶערְלַאנְגְט פוּן דִיר, בְּלוֹס נוּר אַז דוּ זָאלְסְט טְהוּן רֶעכְט, אוּן זָאלְסְט לִיבּ הָאבִּין בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט אוּן זָאלְסְט דִיךְ דֶעמוּטִיג אוֹיף פִיהְרִין פַאר דַיין אלהים" (מיכה ו' פסוק ח'). אוּן אוֹיף דֶעם דָאזִיגִין שְׁטֵייגִיר זָאגְט דֶער ברית חדשה אַזוֹ, "דִיא עֶרְשְׁטִי פוּן אַלִי מצות אִיז, הֶער יִשְׂרָאֵל יהוה אוּנְזֶער אלהים אִיז אֵיין אֵיינְצִיגִיר יהוה אוּן דוּ זָאלְסְט לִיבּ הָאבִּין יהוה דַיין אלהים מִיט דַיינִים גַאנְצִין הֶערְצִין וכו', דָאס אִיז דִיא עֶרְשְׁטִי מצוה: אוּן דִיא צְווֵייטִי אִיז גְלַייךְ דֶערְצוּ דוּ זָאלְסְט דַיין גִיזֶעלִין לִיבּ הָאבִּין וִויא דִיךְ זֶעלְבְּסְט: עֶס אִיז קֵיינִי אַנְדִירִי מִצְוָה נִיט פַאר הַאנְדִין וָואס אִיז גְרֶעסִיר וִויא דִיזִי" (מרק י"ב פסוק כ"ט בּיס ל"א). דִיא תּוֹרה שבעל פה זָאגְט אוּנְס אוּם גִיקֶעהְרְט אַז "מַאן לֵייגְט אַלִי גִיבָּאט אַוֶועק וֶועגִין מגלה לֵיינִין חוּץ פוּן מת מצוה", וֶועגִין מגלה לֵיינִין, וֶועגִין אֵיינִי בְּלוֹסִי צֶערֶעמָאנְיֶע וָואס אִיז אפילוּ גָאר נִיט גִיבָּאטִין גִיוָוארִין פוּן גָאט ב"ה. גָאט הָאט לִיבִּיר גְנָאד אֵיידִיר אוֹפְּפִיר וָואס עֶר זֶעלְבִּיר הָאט גִיהֵייסִין מקריב זַיין. דִיא גמרא הָאט לִיבִּיר אֵיינִי צֶערֶעמָאנְיֶע פוּן מֶענְשִׁין אֵיידִיר אַלִי גִיבָּאט פוּן גָאט. מַאן קָאן נִיט גִיפִינִין אֵיין גְרֶעסִירִין נַארִישִׁין טעות אִין אמונה זַאכִין אוּן אַיין שְׁטַארְקִירִין בְּיוַוייז אַז דִיא תּוֹרה שבעל פה הָאבִּין נוּר מֶענְשִׁין אוֹיסגִיטְרַאכְט.

עֶס דַאכְט זִיךְ אַז מגלת אסתר הָאבִּין דִיא רבנן גָאר בִּיזוּנְדִירְס לִיבּ גִיהַאט, זִיא צוּ לֵיינִין גִילְט בַּייא זֵייא פַאר אַיינִי גְרֶעסִירִי מצוה אֵיידִיר אַלִי אַנְדִירִי מצות חוּץ אֵיינִי, אוּן דָאס זֶענִין אפילוּ וַוייבִּיר מחוּיב מקיים צוּ זַיין וָואס זֶענִין נָאךְ דִיא תּוֹרה שבעל פה נָאךְ פטוּר פוּן תּוֹרה לֶערְנִין. עֶס אִיז אמת אַז אִין דֶער דָאזִיגִיר מגלה שְׁטֵייט אֵיינִי שְׁטַארְקִי וָוארִינוּנְג פַאר וַוייבִּיר וָואס גִיהָארְכִין נִיט זֵייעֶרִי מֶענִיר, אוּן אֵיינִי דֶערְצֵייהלוּנְג וִויא דִיא יוּדִין זֶענִין בִּישֶׁערְמְט גִיוָוארִין דוּרךְ אֵיינִי פְּרוּיא גָאר וואוֹהל. אָבִּיר וֶוען מִיר אִיבִּירְלֵייגִין אַז דֶער נָאמִין פוּן גָאט שְׁטֵייט קֵיין אֵיינְצִיג מָאל נִיט אִין דֶער גַאנְצִיר מגלה, אוּן אַז אִין דֶער תּוֹרה שְׁטֵייט אָבִּיר דִיא דֶער צֵייהלוּנְג פוּן דִיא בִּישַׁאפפוּנְג אוּן פוּן דִיא עֶרְשְׁטִי זִינְד פוּן מֶענְשׁ, דִיא צֶעהן גִיבָּאט, דִיא בִּיפְרַייאוּנְג פוּן מצרים אַרוֹיס, אוּן אַלִי יֶענִי מעשׂוֹת וָואס זֶענִין אוּן בְּלַייבִּין תָּמִיד וִויכְטִיג פַאר וַוייבִּיר אַזוֹ גוּט וִויא פַאר מֶענִיר, אַזוֹ אִיז דָא אֵיינִי הַארְבִּי קשיא קֵייגִין דִיא תּוֹרה שבעל פה, פַאר וָואס זֶענִין דִיא וַוייבִּיר פטוּר פוּן תּוֹרה לֶערְנִין אָבִּיר מגלה לֵיינִין זֶענִין

זייא מחויב . עס ווייזט זיך אז דיא לייט וואס האבין דיא תורה שבעל פה גימאכט האבין גאר משונה פיל פון דיא דאזיגי מגלה גיהאלטין , אזו וויא מאן קאן דאס זעהין פון דעם דאזיגין וואס מיר האבין דא מזכיר גיוועזין , און נאך מעהר פון שטוינליכי רייד פון רמב״ם וואס מיר וועלין דא מזכיר זיין .

כל ספרי הנביאים וכל הכתובים עתידין ליבטל לימות המשיח חוץ ממגלת אסתר והרי היא קיימת כחמשה חומשי תורה וכהלכות של תורה שבעל פה שאינן בטלין לעולם :

„אלי ספרים פון דיא נביאים און אלי כתובים וועלין בטל ווערין אין דיא טעג פון משיח חוץ פון מגלת אסתר , און נון זיא בלייבט אזו וויא דיא פינף חלקים פון דיא תורה און אזו וויא דיא הלכות פון תורה שבעל פה וואס וועלין קיין מאל ניט בטל ווערין״ (הלכות מגילה פרק שני י״ח) . עטליכי חכמים זאגין אז מאן מוז דאס פער שטיין על פי תנאי „אפילו ווען יעני אלי מעכטין בטל ווערין , אזו מעכט דיא דאזיגי מגלה דאך ניט בטל ווערין״ . אבער אויך נאך דעם דאזיגין פירוש נאך ווייזט זיך אויס אז מגלת אסתר איז בייא זייא מעהר חשוב גיוועזין פון דיא אנדירי ספרים . וואס איז דען דאס אין דער דאזיגיר מגלה פאר האנדין אז זייא האבין זיא מעהר ליב , און מיט וואס איז דיא מעשה פון אסתר וויכטיגיר פון דיא מעשה אז דיא ישראל האבין דאס לאנד כנען איינגינומין , אודיר פון דעם גדלות פון שלמה המלך , אודיר פון דיא מעשה אז זייא האבין דאס בית המקדש ווידיר אויף גיבויאט . גיפינט זיך אין דער דאזיגיר מגלה מעהר פרומיגקייט און פורכט פאר גאט ב״ה וויא אין תהלים פון דוד המלך , שטייט דרינין מער חכמה וויא אין משלי פון שלמה המלך איז דרינין פאר האנדין איין העכיר לשון אין געטליכיר מליצה און מעהר היכלישי קראפט וויא אין דיא נבואות פון ישעיהו . זענין אין איהר מעהר סודות פון גאט ענפלעקט וויא אין איוב אודיר דניאל אודיר יחזקאל . מיר קענין אין איהר נישט בעסירים גיפינין וויא אין יעני ספרים . נור אפשר מיינט מאן דאס אז עס שטייט אין איהר דיא שטארקי נקמה וואס שונאים האבין זיך אן שונאים נוקם גיוועזין , און על פי טבע האבין מענשין זייער ליב זיך נוקם צו זיין , עס זייא יודין אודיר גוים , אפשר זאל דאס זיין דאס גוטי אין איהר . דיא

זינד

זינד אײנים אַנדירן מוחל זײן הײסט אַזוי טהון וויא גאָט ב״ה טהוט, און גאָט אַללײן קאַן אונס לערנין וואָס דאָס איז און וויא מאַן מוז דאָס טהון. אָבּיר מגלת אסתר דערצײהלט אונס דיא נקמה וואָס דיא יודין האָבּין זיך נוקם גיוועזין אָן זײארי שונאים, ניט דעם בּיפעהל פון גאָט ב״ה קײגין זײני פײנד האָבּין זײא דערבּײא מקיים גיוועזין, דהײנו וויא בּײא דיא פערטילגונג פון דיא כנענים, גײן, נור פון זיך זעלבּיר האָבּין זײא דיא נקמה גיטאָהן קײגין זײאר אײגיני שונאים. און טאַקיש דאָס קאַן זײן אײן טעם פאַר וואָס גאָט ב״ה האָט ניט צו גילאָזט אַז זײן הײליגיר נאָמין זאָל שטײן אין דער דאָזיגיר מגלה, אַזוי וויא ער האָט ניט צו גילאָזט אַז דוד זאָל איהם אײן בית המקדש אויף בּויאין (דברי הימים א׳ כ״ב פסוק ח׳) אַזוי האָט ער אויך ניט גיוואָללט האָבּין אַז זײן נאָמין זאָל זיך גיפינין אין דער מעשׂה פון נקמה וואָס מענשין האָבּין פון זיך זעלבּיר נוקם גיוועזין. אָבּיר לאָז דאָס זײן וויא עס איז, מיר קענין קײן אַנדירן טעם ניט גיפינין פאַר וואָס מגלת אסתר איז נאָך דיא תורה שבעל פה נאָך אַזוי בּעסיר פון אַנדירי ספרים אין תנ״ך. און מיר מײנין אַז מיר טהון זײא דערמיט קײן אום רעכט ניט נאָך דיא שטיקיר נאָך וואָס מיר האָבּין שון פריר מַזכּיר גיוועזין פון דיא תורה שבעל פה אַרוים צו װײזין וויא זײא הײסין זיך קײגין ע״ז דינירס אויף פיהרין, בּפרט נאָך ווען מאַן זעהט אַז דיא תורה שבעל פה זאָגט דערסגלײכין אויך אין דעם דאָזיגין ענין גאָר בּיזונדיר,

צריך שיאמר ארור המן ברוך מרדכי ארורה זרש ברוכה אסתר ארורים כל עכו״ם ברוכים כל ישראל:

„עס איז נײטיג אַז ער זאָל זאָגין, פערפלוכט איז המן גיבּענטשט איז מרדכי, פערפלוכט איז זרש גיבּענטשט איז אסתר, פערפלוכט זענין אַלי ע״ז דינירס גיבּענטשט זענין אַלי ישראל״ (שלחן ערוך אורח חיים סימן תר״צ סעיף ט״ז). פאַר וואָס דאָס איז נײטיג שטײט דאָ ניט. עס דאַכט זיך אַז עס קומט דער פון ניט אַרוים קײן כבוד פאַר גאָט און קײני טובה פאַר מענשין. המן און זרש זענין שון לאַנג אין יעני אײביגי וועלט אַרײן גיגאַנגין און האָבּין פון דעם גירעכטין ריכטיר גיקריגין דעם לוהן פאַר זײארי מעשׂים, מרדכי און אסתר זענין אויך שון לאַנג גיקומין פאַר דעם גאָט פון ישראל און

הָאבִּין גִיקְרִיגְן נָאךְ זֵייעֶר גְלוֹבִּין נָאךְ. מִילָא פַאר דיא דָאזִיגִי אִיז דֶער לוֹב אוֹדִיר דֶער פָארְוָוארְף פוּן מֶענְשִׁין אַזוֹ וִויא גָאר נִישְׁט. אָבִּיר צוּ פֶערְפְלוּכִין אַיין שׂוֹנא וָואס אִיז שׁוֹן גִישְׁטָארְבִּין, גָאר נִיט אוֹיף צוּ הֶערִין מִיט בִּיטְטִירִי פַיינְדְשַׁאפְט צוּ שֶׁעלְטִין דִיא וָואס זֶענִין שׁוֹן אַרַיין גִיפַאלְלִין אִין דִיא הֶענְד פוּן דֶעם לֶעבִּינְדִיגִין גָאט, דָאס אִיז גִיוִוים נִיט אַיין גֶעטְלִיךְ גִיבָּאט אוּן קָאן ב״ה נִיט וואוהל גִיפַאלְלִין אוּן פוּן אִיהם נִיט אַנְגִינוּמִין וֶוערִין אִין דֶעם דִינְסְט פוּן אָרִימִי זִינְדִיגִי מֶענְשִׁין וָואס הָאבִּין זֶעלְבִּיר אַזוֹ זֵייער נֵייטִיג אַז גָאט זָאל זֵייא זֵייאֶרִי זִינְד מוֹחֵל זַיין. גִישְׁטָארְבִּינִי צוּ פֶערְפְלוּכִין אִיז שְׁלֶעכְט, אָבִּיר לֶעבִּינְדִיגִי צוּ פֶערְפְלוּכִין אִיז אִין אֵיין עֶנְגְן נָאךְ שְׁלֶעכְטִיר. דִיא תורה שבעל פה הֵייסְט זָאגִין ארורים כל עכו״ם „פֶערְפְלוּכְט זֶענִין אַלֵי ע״ז דִינִירְם״. נָאךְ אוּנְזֶערִי בִּירֶעכְנוּנְג נָאךְ זֶענִין זֶעקְס מִילְלִיאָן ע״ז דִינִירְם פַארְהַאנְדִין, נָאךְ דִיא יוּדִישִׁי בִּירֶעכְנוּנְג נָאךְ מוּזִין נָאךְ מֶעהר זַיין. פַאר וָואס זָאל מַאן זֵייא נוּן פֶערְפְלוּכִין. דָאס וֶועט זֵייא נִיט בִּיקֶעהְרִין פוּן דֶעם טָעוּת צוּ דֶעם אמת, עֶס וֶועט זֵייא נִיט גְלִיקְלִיכִיר מַאכִין נִיט אִין דֶער וֶועלְט אוּן נִיט אִין יֶענִיר וֶועלְט. מִיר זֶענִין זִיךְ נִיט מְשַׁעֵר אַז עֶס מֶעכְט דֶער דוּרְךְ אֵיינִי טוֹבָה אַרוֹיס קוּמִין פַאר דִיא ישראל אפילוּ וֶוען גָאט ב״ה מֶעכְט דֶערְהֶערִין דִיא דָאזִיגִי קללה אוּן מֶעכְט פֶערְפְלוּכִין דִיא ע״ז דִינִירְם. אוֹיס אֵיין טָאג פוּן דַאנְקִין, וָואס מַאן גִיהֶערְט אִין אִיהם גָאט צוּ דַאנְקִין פַאר דֶעם חֶסֶד אוּן רחמים וָואס מַאן הָאט פוּן אִיהם גִיקְרִיגְן, פַאר וָואס זָאל מַאן אוֹיס אַזוֹ אַיין טָאג מַאכִין אַיין טָאג פוּן פֶערְפְלוּכוּנְג אִין אִיהם צוּ וִוינְטְשִׁין קללות אִיבִּיר דֶעם גְרֶעסְטִין טְהֵייל פוּן דִיא מֶענְשִׁין. דָאס וָוארְט פוּן גָאט לֶערִנְט אוּנְס אֵיינִי אַנְדִירִי בקשה פַאר דִיא גוֹיִם,

אלהים יחננו ויברכנו יאר פניו אתנו סלה: לדעת בארץ דרכך בכל גוים ישועתך: יודוך עמים אלהים יודוך עמים כלם:

„אלהים וֶועט אוּנְס גִינֶעדִיג זַיין עֶר וֶועט אוּנְס בֶּענְטְשִׁין, עֶר וֶועט מַאכִין לַייכְטִין זַיין אַנְגִיזִיכְט אִיבִּיר אוּנְס, סלה: אַז מַאן זָאל קֶענִין דַיין וֶועג אוֹיף דֶער עֶרְד, צְוִוישִׁין אַלֵי פֶעלְקִיר דַיינִי הִילְף: דִיא פֶעלְקִיר וֶועלִין דִיךְ לוֹבִּין, אלהים, דִיא פֶעלְקִיר וֶועלִין דִיךְ לוֹבִּין, זֵייא אַלֵי״: (תהלים ס״ז פסוק ב׳ ג׳ וד׳)

# נתיבות עולם

עִמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז.

דיא אלטי שטעגין.

---

## נומר ח׳

---

דִיא אֵיידִילְסְטִי נָאךְ פָאַרְשׁוּנְג פַאר דֶעם מֶענְשְׁלִיכִין שֹׂכל אִיז וֶועלְכִי אמונה אִיז פוּן גָאט. חוּץ דִיא פְּרוּפוּנְג פוּן דִיא בִּיזוּנְדִירִי ראיות וֶוערְט דִיא דָאזִיגִי נָאךְ פָאַרְשׁוּנְג צוּם בֶּעסְטִין אוֹיף אַזוֹ אַיין אוֹפֶן אוֹיס גִיפִיהרְט אַז מַאן פֶערְגְלַייכְט דִיא עיקרים אוּן כללים פוּן אֵיין דת מִיט דִיא פוּן אַיין אַנְדִירִן דת, אוּן נָאךְ אַיין פְּרוּף שְׁטֵיין נָאךְ, וֶוען אַזוֹ אֵיינִיר אִיז פַאר הַאנְדִין, וָואס בֵּיידִי אמונות הַאלְטִין אִיהם פַאר גוּט, אוּן דָאס אִיז עֶס וָואס מִיר בִּימִיהִין אוּנְס אִין דִיא נוּמְרִין פוּן דֶעם דָאזִיגִין ספר צוּ טְהוּן. מִיר פֶערְלַאנְגִין בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט אַז מַאן זָאל דִיא אִיצוּנְדִיגִי יוּדִין פַאר שׁוּלְדִיג הַאלְטִין וָואס זֵייעֶרִי פֶעטִיר הָאבִּין זִיךְ אוֹיס גִיטְרַאכְט, נַייאִירְט מִיר ווִילְלִין זֵייא וַוייזִין אַז דֶער טעם אִיז נִיט רֶעכְט פַאר וָואס זֵייא הַאלְטִין פוּן דוֹר צוּ דוֹר דִיא קְרִיסְטְלִיכִי אמונה נִיט פַאר אמת, אַז דִיא ראיה הָאט קֵיינִי קְרַאפְט נִיט וָואס זֵייא בְּרֶענְגִין דֶער פוּן אַז דֶער כהן גדול אוּן דִיא סנהדרין הָאבִּין אָן ישוּע המשיח נִיט גִיוָואלְלְט גְלוֹבִּין. מִיר וַוייזִין זֵייא אוֹיס אַז דִיא דָאזִיגִי לַייט וָואס זֵייא נֶעמִין זִיךְ פוּן זֵייא אַיין ראיה אָן ישוּע הנוֹצרי נִיט צוּ גְלוֹבִּין, אַז דִיא דָאזִיגִי אֵייגִינִי לַייט הָאבִּין גְרוֹסִי אוּן שְׁרֶעקְלִיכִי טעוּת זַאכִין גִיגְלוֹבְּט אִין דִיא הוֹיפְּט כללים פוּן אמוּנה, אָבִּיר אַז עֶר וָואס זֵייא הָאבִּין אָן אִיהם נִיט גִיוָואלְלְט גְלוֹיבִּין, עֶר הָאט דִיא וַוארְהַייט גִילֶערְנְט. דָאס צוּ טְהוּן מוּזִין מִיר דִיא תוֹרה שבעל פה פָאר נֶעמִין אוּן אִיהרִי גוּטִיגְקַייט פְּרוּפִין. מִיר הָאבִּין שׁוֹן גִיוִויזִין אַז יֶענִי לַייט פוּן דִיא תוֹרה שבעל פה הָאבִּין לכל הפּחוֹת דִיא אֵיינִי הֶעלְפְט פוּן דִיא תוֹרה פוּן גָאט נִיט פֶערְשְׁטַאנִין, אַז זֵייעֶרִי לֶערְנוּנְגִין וָואס זֵייא הָאבִּין גִיהֵייסִין הַאלְטִין זֶענִין פַיינְדְשַׁאפְלִיךְ אוּן שְׁלֶעכְט גִיוֶועזִין גָאר מְשׁוּנָה. מַאן הָאט דָאךְ דְרוֹיף גִיעֶנְטְפִירְט אַז דִיא תוֹרה שבעל פה

איז פְרַיינְדְלִיכֶער און בֶּעסֶער קֵייגֶען דִיא לַייט פוּן אַנְדֶערֶע אמונות אֵיידֶער דֶער ברית חדשה, וָוארִין זִיא זָאגְט,

חסידי אומות העולם יש להם חלק לעולם הבא

„דִיא פְרוּמֶע לַייט פוּן דִיא פֶעלְקֶער אִין דֶער וֶועלְט הָאבֶּען חלק אִין עולם הבא": אָבֶּער עֶר זָאגְט „דֶער וָואס גְלוֹיבְּט נִיט וֶועט פֶערְשׁוּלְדִיגְט וֶוערֶען". דַארוּם מוּזֶען מִיר חוקר ודורש זַיין וִויא וַוייט דִיא פְרַיינְדְלִיכְקַייט און לִיבְּשַׁאפְט גֶייט קֵייגֶען דִיא לַייט פוּן אַנְדֶערֶע אומות וָואס גִיפִינְט זִיךְ אִין דֶעם דָאזִיגֶען כלל פוּן דִיא תורה שבעל פה. דֶער אָנְהוֹיבּ אִין דֶער דָאזִיגֶער נָאךְ פָארְשׁוּנְג אִיז אוֹיס צוּ וַוייזֶען וֶועמֶען מַאן מֵיינְט מִיט דִיא רֵייד חסידי אוּמות העולם „פְרוּמֶע לַייט פוּן דִיא פֶעלְקֶער אִין דֶער וֶועלְט". אִין נומר ו' הָאבֶּען מִיר גִיוויזֶען אַז דִיא תורה שבעל פה זָאגְט אוּנס, אַז דִיא ישׂראל זֶענֶען מחויב צוּ צְווִינְגֶען אַלֶע וָואס קוּמֶען אוֹיף דִיא וֶועלְט אַז זֵייא זָאלֶען אָן גֶעמֶען דִיא זִיבֶּען מִצְוֹת פוּן דִיא בני נח, אוּן זִיא זָאגְט דֶערְצוּ,

והמקבל אותם הוא הנקרא גר תושב בכל מקום.

„אוּן וֶוער עֶס גֶעמְט זֵייא אָן דֶער הֵייסְט אִין אִיטְלִיכֶעס אוֹרְט אַיין פְרֶעמְדְלִינְג אַיין אַיינְוואוֹהְנֶער" (הלכות מלכים פרק שמיני יו"ד) אוּן דֶער נָאךְ (י"ח) שְׁטֵייט קְלָאר אַרוֹיס,

כל המקבל שבע מצות ונזהר לעשותן הרי זה מחסידי אומות העולם. ויש לו חלק לעולם הבא.

„אִיטְלִיכֶער וָואס גֶעמְט אָן דִיא זִיבֶּען מִצְוֹת אוּן פְלַייסִיגְט זִיךְ זֵייא צוּ מְזַהֵר דֶער דָאזִיגֶער אִיז פוּן דִיא פְרוּמֶע לַייט פוּן דִיא פֶעלְקֶער אִין דֶער וֶועלְט, אוּן עֶר הָאט חלק אִין עולם הבא". פוּן דִיא דָאזִיגֶע צְווַייא כ"ל לֶערְנֶען מִיר אַז דִיא חסידי אוּמות העולם זֶענֶען דִיא אֵייגֶענֶע וָואס דִיא „ג ר י ת ו ש ב" זֶענֶען, דִיא וָואס הָאבֶּען רשות גִיהַאט צוּ בְּלַייבֶּען אִין ארץ ישׂראל, אוּן אַז זֵייעֶרֶע פְרוּמִיגְקַייט אִיז דָאס גִיוֶועזֶען אַז זֵייא הָאבֶּען אָנְגֶענוּמֶען אוּן גִיהַאלְטֶען דִיא זִיבֶּען מצות, וָואס פַארִי מִצְוֹת דִיא דָאזִיגֶע זֶענֶען גִיוֶועזֶען זָאגְט אוּנְס דָארְט דֶער פרק דְרוֹיף,

על ששה דברים נצטווה אדם הראשון. על ע"ז ועל ברכת השם. ועל שפיכת דמים. ועל גלוי עריות. ועל הגזל. ועל הדינים. אף על פי שכולן הן קבלה בידינו ממשה רבינו. והדעת נוטה להן.
מכלל

מכלל דברי תורה יראה שעל אלו נצטווה. הוסיף לנח אבר מן החי שנאמר אך בשר בנפשו דמו לא תאכלו. נמצאו שבע מצות. וכן היה הדבר בכל העולם עד אברהם.

„וועגין זעקס מצות איז אדם הראשון גיבאָטין גיוואָרין, וועגין עבודה זרה, און וועגין לעסטירונג קייגין גאָט, און וועגין בלוט פערגיסין, און וועגין דיא ענטפּפּעקונג פון שאנד, און וועגין גזל, און וועגין דינים, חאָטשי אַז זייא אַלי זענין איינע קבלה אין אונזערי הענד פון משה רבינו, און דער פערשטאנד גייגט צו זייא, ווייזט זיך דאָך אויס פון דעם כלל פון דיא רייד פון דיא תורה אַז ער איז וועגין זייא גיבאָטין גיוואָרין. ער האָט צו גיגעבין צו נח דאָס גיבאָט וועגין אבר פון איין לעבינדיג בישעפּעניש, וואָרין עס איז גיזאָגט גיוואָרין (בראשית ט׳ פסוק ד) גייאירט פלייש מיט זיין זייל בלוט זאָלט איהר ניט עסין, אַזוי זענין זיבין מצות פאַרהאַנדין. און אַזוי איז דיא זאַך גיוועזין אין דער גאַנציר וועלט ביז אברהם" (הלכות מלכים פרק תשיעי א׳).

נון מיר האַלטין אונס ניט ערשט אויף מפלפל צו זיין איביר דעם גיבאָט וואָס איז צו נח גיגעבין גיוואָרין, גייאירט מיר מוזין דאָ זאָגין אַז יעני קבלה אויבין איז זייער אין טעות און קומט גיוויס ניט אַרויס פון משה, וואָרין זייא איז אַקייגין דיא מעשה וואָס ער זעלביר דערציילט אונס. ערשטינס, פרו ורבו "זייט פרוכטבאַר און מעריט אייך" (בראשית א׳ פסוק כ״ח) איז נאָך דיא תורה שבעל פה נאָך איינע גרויסי מצוה. דיא דאָזיגי מצוה איז אָביר אויך צו אדם הראשון צוערשט גיגעבין גיוואָרין און דער נאָך אויך צו נח נאָך דעם מבול. ווען דיא לייט פון דיא תורה שבעל פה רעדין דאָס פאַר איינע ביזונדירי מצוה ווען דיא רייד זענין פון דיא יודין, אַזוי וויא מאַן קאַן דאָס זעהין אויס הלכות פריה ורביה, אַזוי איז עס אויך רעכט זיא פאַר איין ביזונדיר גיבאָט צו רעכנין ווען דיא רייד זענין פון דיא גוים, און אַזוי קריגין מיר נון איין אַכטים גיבאָט. צווייטינס, גאָט ב״ה האָט גיבאָטין דעם הייליגין מעמד פון מאַן אונד וויב.

ויאמר יהוה אלהים לא טוב היות האדם לבדו אעשה לו עזר כנגדו:
ויבן יהוה אלהים את הצלע אשר לקח מן האדם לאשה ויבאה אל האדם:

"און יהוה אלהים האָט גיזאָגט, עס איז ניט גוט אַז דער אדם זאָל אַליינט זיין, איך וועל מאַכין פאַר איהם איינע הילף קייגין איהם":

און

און יהוה אלהים הָאט גיבויט דיא ריפּף וָואס ער הָאט גינומען פון אדם צו איין ווייב, און ער הָאט זיא גיבּרענגט צו דעם אדם" (בראשית ב' פסוק י"ח וכ"ב)". דא איז דער הייליגיר סדר וואס גאט ב"ה הָאט מסדר גיוועזין, און אין דיא פסוקים דער נאך זעהין מיר דעם חיוב פון מאן און ווייב גאנץ קלאר ארויס גיזאגט,

ויאמר האדם זאת הפעם עצם מעצמי ובשר מבשרי לזאת יקרא אשה כי מאיש לקחה זאת: על כן יעזב איש את אביו ואת אמו ודבק באשתו והיו לבשר אחד:

„און דער אדם הָאט גיזאגט, דאס דאזיגי מאל איז ביין פון מיין ביין, און פלייש פון מיין פלייש, צו דיא דאזיגי זאל גירופין ווערין אשה, דערווייל דיא דאזיגי איז גינומין גיווארין פון דעם איש: דארום זאל דער מאן פערלאזין זיין פאטיר און זייני מוטיר, און ער זאל זיך ביהעפטין אן זיין ווייב און זאלין ווערין צו איין פלייש" : (דארט פסוק כ"ג וכ"ד). מילא דא איז נון איין ניינטיס גיבאט. מיר וויסין טאקיש אז דיא תורה שבעל פה דערציילט פון דעם דאזיגין סדר אייני גאנץ אנדירי דערציילונג, אביר איהרי לערנונג איז פאלש און שעדליך. זיא איז גאנץ פראסטי אקייגין יעני קלארי רייד אין תורת משה, און דערציילט אונס אזו,

קודם מתן תורה היה אדם פוגע אשה בשוק אם רצה הוא והיא לישא אותה מכניסה לתוך ביתו ובועלה בינו לבין עצמו ותהיה לו לאשה.

„פריר איידיר דיא תורה איז גיגעבין גיווארין הָאט איין מענש ביגעגינט אייני פרויא אויף דער גאס, ווען ער און זיא הָאט איינגיווילליגט אז ער זאל זיא נעמין, אזו הָאט ער זיא אריין גינומין אין זיין הויז אריין און הָאט זיך זיא בועל גיוועזין און זיא איז זיין ווייב גיווארין" (הלכות אישות פרק ראשון א') נון מיר ווילין דא ניט שמוסין וועלטליכי מעשה ביכיר, אין תורת משה איז קיין איינציגיר פסוק ניט פארהאנדין וואס דער פון זאל גידרונגין זיין אז דאס איז גיוועזין דער סדר פאר מתן תורה. אפשר וויל מאן דאס דרינגין פון דעם וואס שטייט,

ויהי כי החל האדם לרב על פני האדמה ובנות ילדו להם. ויראו

בני

בני האלהים את בנות האדם כי טבת הנה ויקחו להם נשים מכל אשר בחרו:

„און עס איז געוועזין אז דיא מענשין האבין זיך אן גיהויבין צו מעהרין אויף דער ערד, און טעכטיר זענין געוואוירין געווארין צו זייא: און דיא בני אלהים האבין גיזעהין דיא טעכטיר פון דיא מענשין אז זייא זענין שיין גיוועזין, און זייא האבין זיך גינומין ווייביר פון אלי וואס זייא האבין אויס דערוויילט" (בראשית ו' פסוק א' וב'). אביר וואס דיא ווערטיר בני אלהים מעגין אויך בדייטין, אזו איז עס דאך קלאר, אז דיא דאזיגי אויף פיהרונג איז דא דערציילט, ניט איביר דעם ווייל דאס איז אזו דער רעכטיר סדר גיוועזין וואס גאט האט מסדר גיוועזין, נייארט דאס שטייט נור צום ביוויז פון דעם רשעות וואס האט זיך גיטהאן פאר דעם מבול, ווארין באלד דערנאך שטייט דארט אין פסוק ג'.

ויאמר יהוה לא ידון רוחי באדם לעלם בשגם הוא בשר

„און יהוה האט גיזאגט, מיין רוח זאל ניט איביג קריאגין אין דעם מענשין, פון וועגין ער איז פלייש". אביר דיא לערנונג פון דיא תורה שבעל פה איז ניט בלוס איין טעות, איינע פאלשי מיינונג, נייארט זיא איז אויך זייער שעדליך פאר גוים און יודין, ווארין נאך איהר נאך ווערט גאר צו שטערט דיא הייליגקייט און דער חיוב פון דעם בונד פון מאן און ווייב. זיא לערנט אונס אז דער בונד פון מאן און ווייב פון דיא בני נח מעג צו שטערט ווערין גאר אן איין געט.

ומאימתי תהיה אשת חבירו כגרושה שלנו משיוציאנה מביתו וישלחנה לעצמה. או משתצא היא מתחת רשותו ותלך לה, שאין להם גירושין בכתב. ואין הדבר תלוי בו לבד. אלא כל זמן שירצה הוא או היא לפרוש זה מזה פורשין.

„און פון ווען אן איז דאס ווייב פון זיין חבר (א) אזו וויא איינע גרושה בייא אונס. פון דער צייט אן ווען ער שיקט זיא ארויס פון זיין הויז און שיקט זיא אוועק פאר זיך אליין אודיר פון דער צייט אן ווען זיא גייט ארויס פון אונטיר זיין רשות און גייט זיך אוועק, ווארין זייא האבין קיין געט ניט שריפטליך, און דיא זאך הענגט ניט אן דעם אליין נייארט

א) פון דעם בן נח, ווארין דארט זענין דיא רייד פון זייא.

ב) בַּייאָרְט אִיטְלִיכֵי צַייט וֶוען עֶר אוֹדֶיר זִיא וִוילל זִיךְ אָבְּשֵׁיידִין פוּן אֵיינַאַנְדִיר אַזוֹ שֵׁיידִין זֵייא זִיךְ" (הלכות מלכים פרק תשיעי ח׳) . מִיר גוֹים הָאבִּין אֵיין גְרוֹסִין טעם ישוע הנוצרי צוּ בַּאנְקִין אַז עֶר הָאט אוּנְס גִיגֶעבְּנְט אֵייני גַאנְץ אַנְדִירֵי לֶערְנוּנְג אִין דֶעם דָאזִיגִין ענין פוּן מַאן אוּן וַוייבּ , אֵייני לֶערְנוּנְג וָואס פַּאסְט גַאנְץ מִיט דֶעם סדר וָואס אִיז פוּן אָנְפַאנְג אָן אַיינְגִיפִיהְרְט גִיוָוארִין וָואס וָואלְט אוֹיס דֶער וֶועלְט גִיוָוארִין וֶוען דִיא תורה שבעל פה וָואלְט אִין אִיהר דִיא אוֹבִּירְשְׁטִי גִיוֶועלְטִיגוּנְג אָן גִיקְרִיגִין אוּן דִיא גוֹים וָואלְטִין גִימוּזְט יֶענִים דִין אוֹבִּין פַאר גֶעטְלִיךְ הַאלְטִין . וָואס וָואלְט פוּן דִיא לֶערְנוּנְג אַרוֹיס גִיקוּמִין אַז אִיטְלִיכִיר מַאן מֶעג אַוֶועק טְרַייבִּין זַיין וַוייבּ אוּן אַז אִיטְלִיכִים וַוייבּ מֶעג פֶערְלָאזִין אִיהר מַאן אַלִי מָאל וֶוען זֵייא וִוילְלִין . דֶער שלום אוּן דָאס משפחה גְלִיק פוּן דִיא גוֹים וָואלְט אִין גַאנְצִין אוֹיף גִיהֶערְט . דֶער שְׁרֶעקְלִיכִיר מעמד פוּן מִיאוּסְקַייט אוּן פוּן צָרוֹת וָואס וָואלְט דֶער פוּן גִימוּזְט אַרוֹיס קוּמִין וַוייזְט עֶס קְלָאר אוֹיס אַזוֹ וִויא דִיא רֵייד אִין תורת משה פוּן דֶעם אַיינְגִיפִיהְרְטִין סדר אִין אָנְפַאנְג וַוייזִין עֶס אוֹיס אַז דִיא דָאזִיגֵי לֶערְנוּנְג אִיז נִיט פוּן גָאט . אָבִּיר דָאס וָואס קוּמְט דֶערפוּן אַרוֹיס פַאר דִיא וָואס גְלוֹיבִּין אָן דִיא תורה שבעל פה אִיז נָאךְ שְׁלֶעכְטִיר . בַּייא זֵייא גִילְט דֶער בּוּנְד פוּן מַאן אוּן וַוייבּ פוּן דִיא גוֹים גָאר פַאר קַיין בּוּנְד נִיט . דִיא תורה שבעל פֶּה זָאגְט קְלָאר אַרוֹיס אין אישות לגוים "עֶס אִיז קַיין בּוּנְד פוּן מַאן אוּן וַוייבּ נִיט פַארְהַאנְדִין פַאר דִיא גוֹים" (הלכות מלכים פרק שמיני ג׳) . אוּן אֵיין אַנְדִיר מָאל זָאגְט זִיא ,

אין אישות אלא לישראל או לגוים על הגוים אבל לא לעבדים על העבדים ולא לעבדים על ישראל .

"עֶס אִיז נִיט קַיין בּוּנְד פוּן מַאן אוּן וַוייבּ פַארְהַאנְדִין נוּר פַאר דִיא ישראל , אוֹדִיר פַאר גוֹים בַּייא גוֹים , אָבִּיר נִיט פַאר קְנֶעכְט בַּייא קְנֶעכְט אוּן נִיט פַאר קְנֶעכְט בַּייא דִיא ישראל (הלכות איסורי ביאה פרק י״ד י״ט) . דָא אִיז נוּן דִיא תורה שבעל פה פְּרָאסְטִי סוֹתֵר דִיא תורה פוּן גָאט אוּן זָאגְט אַיין גִיבָּאט וָואס אִיז גִיגֶעבִּין גִיוָוארִין צוּ אדם הראשון אִין גן עדן , אוּן וָואס אִיז אִיבִּיר דֶעם אַיין חִיוּב פַאר אַלִי וָואס קוּמִין פוּן אִיהם אַרוֹיס , דָאס גִיבָּאט זָאגְט זִיא הָאט אִין בִּיזוּנְדִירֵי אוֹפנים גָאר

קייני

---

ב) אין איינע אנדערע נוסחא שטייט לב״ד מיט ראשי תיבות, און בעדייט אויס בית דין .

קייני קראפט ניט . דארום איז נון דיא תורה שבעל פה געווים נין פון גאט .

מיר האבין שון ארויס געפונין ניין געבאט און שטאט זיבין, אין קרבנות ברענגין האבין מיר איין צעהנטים געבאט . קין און הבל האבין קרבנות מקריב געוועזין , און דער איינציגער טעם דער פון קאן נור זיין דער אז זייא האבין איין געבאט געקריגין אזו צו טהון . קרבנות מקריב זיין איז ענטוועדער געוועזין איין געבאט פון גאט ב"ה, אודער אייני מצוה על פי שכל, אבער על פי שכל איז דאס ניט געוועזין, ווארין דער שכל זאגט אז דער בעשעפפער פון דיא גאנצי וועלט האט קייני געשענק ניט גייטיג , און בפרט נאך אזעלכי געשענק ניט וואס מאן מוז דער בייא איין אום שולדיג בעשעפניש טוט מאכין . דארום האט דאס געמוזט זיין איין געבאט פון גאט . דער טעם איז קלאר פאר וואס דיא לייט פון דיא תורה שבעל פה האבין דארט ניט מיט גערעכינט דיא דאזיגי מצוה . עס האט זייא ניט געפאלין אז אויך דיא קרבנות פון אנדירי מענשין צווישין אנדירי פעלקיר און ניט צווישין זייער פאלק אלליין זאלין גאט ב"ה וואוהל געפאללין . אבער עס איז קלאר אז דיא דאזיגי לערנונג איז גאר אין גאנצין ערשט שפעטיר אויף געקומין , פון אנפאנג איז עס ניט אזו געוועזין . איוב האט דער פון ניט געוואוסט . ער שמועסט קיין ווארט ניט פון דיא זיבין מצות , און ער איז געוואוהנט געוועזין קרבנות מקריב צו זיין .

ויהי כי הקיפו ימי המשתה וישלח איוב ויקדשם והשכים בבקר והעלה עלות מספר כלם

„און עס איז געוועזין ווען דיא טעג פון דיא מאלצייט זענין גאנץ ארום געגאנגין אזו האט איוב געשיקט און האט זייא געהייליגט און איז פריה אויף געשטאנין אין דעם מארגין און האט געאופפערט בראנד אופפיר נאך דיא צאהל נאך פון זייא אלי" (איוב א' פסוק ה') . און גאט ב"ה האט אויכעט־גלייך געבאטין דיא פריינד פון איוב אויך אזו צו טהון ,

ויהי אחר דבר יהוה את הדברים האלה אל איוב ויאמר יהוה אל אליפז התימני חרה אפי בך ובשני רעיך וכו' , ועתה קחו לכם שבעה

פרים ושבעה אלים ולכו אל עבדי איוב והעליתם עולה בעדכם ואיוב עבדי יתפלל עליכם כי אם פניו אשא

„און עס איז געוועזן נאך דעם אז יהוה האט גערעט דיא דאזיגע רייד צוא איוב , אזו האט יהוה געזאגט צו אליפז התימני , מיין צארן איז דערגרימט קייגן דיר און קייגן דייני צוויא געזעלין וכו׳ , און איצונד נעמט צו אייך זיבין שטירין און זיבין ווידיר און גייט צו מיין קנעכט איוב און איהר זאלט אופפירן איין בראנד אופפיר פאר אייארט וועגין , און מיין קנעכט איוב זאל בעטין פון אייארט וועגין , ווארין איהם וועל איך אן נעמין“ (איוב מ״ב פסוק ז׳ וח׳). אלישע האט דער פון ניט געוואוסט. ווען נעמן האט געזאגט ,

ולא יתן נא לעבדך משא צמד פרדים אדמה כי לוא יעשה עוד עבדך עלה וזבח לאלהים אחרים כי אם ליהוה :

„און זאל נון ניט געגעבין ווערין צו דיין קנעכט אזו פיל ערד , וויא איין פאאר מויל אייזלין קענין טראגין , ווארין דיין קנעכט וועט ניט מעהר קיין בראנד אופפיר און שעכט אופפיר ברענגין צו אנדירי געטיר , נייארט נור צו יהוה“ (מלכים ב׳ ה׳ פסוק י״ז). אזו האט אלישע איהם ניט גיענטפירט אז ער זאל דאס ניט טהון , ער האט איהם ניט געזאגט אז ער איז נור מחויב זיבין מצות צו האלטין. אויך האט ישעיה ניט דיא מיינונג גיהאט אז ווען אמונת אמת וועט אין דער גאנציר וועלט געוועלטיגין אזו וועט מאן אלי פעלקיר צווינגין דיא זיבין מצות צו האלטין , נייארט ער זאגט בנבואה גאנץ אנדירשט ,

ונודע יהוה למצרים וידעו מצרים את יהוה ביום ההוא ועבדו זבח ומנחה ונדרו נדר ליהוה ושלמו :

„און יהוה וועט ביקאנט ווערין צו מצרים , און מצרים וועלין דערקענין דעם יהוה אין דעם זעלביגין טאג , און זייא וועלין דיאנין מיט שלאכט אופפיר און שפייז אופפיר , און זייא וועלין גילוביבין איין גילוביניש צו יהוה , און זייא וועלין ביצאהלין“ (ישעיה י״ט פסוק כ״א). דא איז נון ווידיר דיא תורה שבעל פה אקייגין דיא רייד פון גאט ב״ה.

אביר דיא תורה פון גאט ווייזט אונס איין עלפטים גיבאט , אין דעם חילוק צווישין רייני און אום רייני בהמות. גאט האט גיבאטין

דעם

דֶעם נח פון דיא רֵיינִי צו נֶעמִין זִיבִּין וַוייז און פון דִיא אום רֵיינִי פַּאאר וַוייז (בראשית ז׳ פסוק ב׳) און וֶוען נח אִיז אַרוֹיס גִיקוּמִין פון דֶעם קאַסְטִין שְׁטֵייט ,

ויבן נח מזבח ליהוה ויקח מכל הבהמה הטהרה ומכל העוף הטהור ויעל עלת במזבח :

„און נח הָאט גיבּוֹיאֶט אַיין אוֹפְּפִיר שְׁטוּהל צו יהוה , און עֶר הָאט גינוּמִין פון אַלִי רֵיינִי בְּהֵמוֹת , און פון אַלִי רֵיינִי פֵייגִיל און עֶר הָאט אויף גִיבְּרֶענְגְט בְּרַאנְד אוֹפְּפִיר אויף דֶעם אוֹפְּפִיר שְׁטוּהל״ (בראשית ח׳ פסוק כ׳). פון דֶעם גִיבָּאט אִיז קְלָאר אַז פון דִיא רֵיינִי בְּהֵמוֹת אִיז אֵיינִי גְרֶעסִירִי צָאהל גֵייטִיג גִיוֶועזִין צו נֶעמִין וִויא פון דִיא אום רֵיינִי. דִיא אויף פִּיהרוּנְג פון נח וַוייזְט אַז דָאס קָרְבָּנוֹת מקריב זַיין אִיז דֶער טעם דֶער פון גִיוֶועזִין פַּאר וָואס דִיא רֵיינִי הָאט גִימוּזְט אֵיינִי גְרֶעסִירִי צָאהל גִינוּמִין וֶוערִין. אַיין צְוֶועלֶפְטִים גִיבָּאט הָאבִּין מִיר אִין דִיא אַנְבִּירֵייטוּנְג פון כְּהוּנָּה . „מלכי צדק אִיז גִיוֶועזִין אַיין כֹּהֵן צו דֶעם אֵייבִּירְשְׁטִין גָאט״ (בראשית י״ד פסוק י״ח) . דָאס וָואלְט עֶר גִיוִויס נִיט גִיקָאנְט זַיין וֶוען עֶר וָואלְט נִיט פון גָאט ב״ה דֶער צו אָנְבִּירֵייט גִיוָוארִין . אַזוֹ הָאבִּין מִיר נון פון תּוֹרת משה זֶעלְבִּיר אַרוֹיס צְוֶועלֶף פֶערְשִׁידִינִי גִיבָּאט אוֹיס גִיוִויזִין . אַבְּט וָואלְטִין גִינוּג גִיוֶועזִין דֶעם שקר פון דִיא תּוֹרה שבעל פה אוֹיס צו וַוייזִין . אָבִּיר וָואס זָאגְט דֶער פְּרָאסְטִיר שכל פון אִיטְלִיכִים יוּד וָואס גְלוֹיבְּט אַן דִיא גמרא . לָאז עֶר נוּר אַדוּרְךְ קוּקִין דָאס בִּיסִיל זִיבִּין גִיבָּאט וָואס צְוִוישִׁין זֵייא אִיז נִיט פַּאר הַאנְדִין דִיא מצוה גָאט ב״ה לִיבּ צו הָאבִּין און מֶענְשִׁין לִיבּ צו הָאבִּין , און לָאז עֶר נון זָאגִין אוֹבּ עֶס אִיז מִיגְלִיךְ אַז דָאס זָאל אמת זַיין אַז גָאט ב״ה וָואס עֶר אִיז אל אלהי הרוחות לכל בשר „גָאט אלהים פון דִיא רוּחוֹת פון אַלִים פְלֵייש״ אַז עֶר הָאט גִיזָאלְט חוּץ דִיא קְלֵיינִי חברותה פון דִיא תּוֹרה שבעל פה לַייט אַלִי מֶענְשִׁין פֶערלָאזִין און זֵייא נִיט וַוייזִין וָואס רֶעכְט אִיז צו גְלוֹיבִּין און צו טְהוּן פַּאר דֶער וֶועלְט און יֶענִיר וֶועלְט . אִיז עֶס מִיגְלִיךְ אַז דֶער גָאט פון לִיבְּשַׁאפְט און בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט הָאט גִיזָאלְט דֶעם גְרֶעסְטִין טְהֵייל פון זַיינִי בִּישֶׁעפְנִיש וָואס עֶר הָאט זֵייא שֵׂכל גִיגֶעבִּין , אַז עֶר הָאט דִיא מֵייסְטִי פון זֵייא גִיזָאלְט לָאזִין אִין ספק וֶועגִין זַיינִי לִיבְּשַׁאפְט צו זֵייא , און זֵייא גִיזָאלְט זָאגִין אַז עֶר ווילל פון זֵייא קֵיינִי לִיבְּשַׁאפְט

גיט. דאך איז דאס וואס דיא תורה שבעל פה מיינט. נאך איהר נאך זענען דיא גוים פערלאזט און האבען פון גאט קיינע לערנונג ניט איהם צו דינען, און זענען חייב מיתה ווען זייא זענען עוסק אין דער תורה. זיא זאגט אויס דריקליך אז גאט ב״ה וויל ניט אז זייא זאלען איהם כבוד ביווייזען און גיהארכען.

בן נח שאנסו אנס לעבור על אחת ממצותיו. מותר לו לעבור אפילו נאנס לעבוד ע״ז עובד. לפי שאינן מצווין על קדוש השם.

„איין בן נח וואס נוטה צווינגט איהם עובר צו זיין אויף איינס פון זיינע גיבאט, מעג עובר זיין. אפילו ווען ער איז גיצוואונגען עבודה זרה צו דינען, אזו דינט ער, ווארין זייא זענען ניט גיבאטין אויף קידוש השם״ (הלכות מלכים פרק יו״ד ב׳). מילא נאך דיא דאזיגע רייד נאך פון דיא תורה שבעל פה ווען איין בן נח איז גיצוואונגען גזילה צו טהון אודיר ניאוף צו טרייבען אודיר גאט צו פערלייגנען, אזו מעג ער עס טהון אן שטראף, און גיהערט נאך צו „דיא פרומע לייט פון דיא פעלקער אין דער וועלט״ און קאן חלק עולם הבא האבען. מיר זענען מודה אז מיר זעהען ניט אין דיא דאזיגע לערנונג ליבשאפט אודיר פריינדליכע גידולד קייגען לייט פון איינע אנדירע אמונה. מיר זעהען דרינען נור איין הארץ וואס ווינשט אנדירע ניט אלים גוטס, כדי זיך זעלביר גרוס צו מאכען און דיא אנדירע פעלקער נידריג, אזו רעכנען דיא חכמים פון דיא תורה שבעל פה פאר זיך זעקס הונדירט און דרייאצעהן מצות אויס, און פאר דיא אנדירע פעלקער נור זיבען. אביר דערמיט זענען זייא נאך ניט צו פרידין, ביאירט זייא זאגען אז נור זייא קומט דער כבוד צו, זיך צו לאזין טייטין פון זיין הייליגען נאמענס וועגען, אביר פון דיא גוים פערלאנגט גאט ב״ה קיין קידוש השם ניט. קאן איינע זאלכע לערנונג זיין פון גאט, איז גאט ב״ה נור דער גאט פון תורה שבעל פה לייט אלליין. מיר געבען צו, אז דיא יודין זענען זיין ״פאלק פון אייגענטום״ עם סגולה, מיר זענען מודה אז ״זייא האבען פיל נוצין אויף אלע פעל״, אז ״זייא זענען בילבט פון וועגין דיא אבות״, אז דיא צייט קומט ווען „אלע וואס וועלין זייא זעהין וועלין זייא דערקענען אז זייא זענען דער זאמען וואס יהוה האט גיבענשט״. אביר מיר מיינען אויך אז דאס הארץ פון גאט ב״ה איז גרוס גינוג, אויך אונס גוים אין זיינע ליבשאפט

אן

אָן צו נעמין . מיר וויסין אַז מיר זענין דאס ווערק פון זייני האַנד , און מיר פערטרויאין אויף איהם אַז ווייל ער איז אונזער פּאַטיר אַזו פערלאַנגט ער און האָט וואוהל גיפאַללין אויך אין אונס גוים צו זעהין דיא גיפיהל פון קינדיר , ליבשאַפט און קינדליכי פורכט . און דעם דאָזיגין גלויבין גרונדפעסטיגין מיר אויף דיא הייליגי שריפטין פון תנ״ך וואס איהר זעלביר זענט אויך מודה אַז זייא זענין הייליג , און אויך אויף אונזערי הייליגי שריפטין פון ברית חדשה. דאס וואָרט פון גאָט זאָגט אונס אַז , לאַנג צו פריר איידיר רבנים זענין אין דער וועלט פאַרהאַנדין גיוועזין , האָט גאָט ב״ה מיט חסד און רחמים גידאַכט אָן אַלי מענשין . ער האָט אונזערי ערשטי עלטירן צו גיזאָגט אַיין מושיע איין העלפיר וואס האָט גיזאָלט ״צו שטוסין דעם קאָפּף פון דעם שלאַנג״ . ער האָט פון דעם מבול אַרויס בישערמט נח און זייני משפּחה , וואס קיין איינציגיר פון זייא האָט אָן דיא תורה שבעל פה ניט גיגלויבט , און ווען זייא זענין אַרויס גיקומין פון דעם קאַסטין , אַזו האָט ער איין גנעדיגין בונד גימאַכט , ניט בלוס מיט איינים איינציגין פאָלק . נייאירט ער האָט איהם בישטעטיגט צווישין זיך ובין כל בשר ״און צווישין אַלים פלייש״ און האָט אויף גיהענגט אין דער הייך איין ליבליכין און גלאַנצידיגין בוגין , פון איין עק פון הימל צום אַנדירן , אַז אַלי ביוואוהנירס פון דער ערד זאָלין האַבין איין צייכין פון זייער פּאַטירס ליבשאַפט און זאָלין לערנין צו איהם צו האָבין זייערי האָפנונג און זייער ביטחון אין דעמוטהיגקייט . ווען ער האָט אויס דערוויילט אברהם און זיין זאָמין , אַזו האָט ער דאס ניט גיטהאַן ווייל ער האָט אַלי אַנדירי מענשין פיינד גיהאַט , נור כדי אַז אין זיין זאָמין זאָלין אַלי גישלעכטיר פון דער ערד גיבענטשט ווערין . ער האָט זיך ניט גילאָזט אָן איין צייגיניש צו דיא פעלקיר , ער האָט זיך בּיקאַנט גימאַכט צו איוב און האָט איהם גילערנט ״אַז זיין דערלייזיר לעבט״ , און ער האָט אפילו דיא נביאים פון ישראל נאָך איין מאָל און נאָך איין מאָל גיהייסין נבואות זאָגין פון דיא גליקליכי צייטין ווען ״פון דעם אויף גאַנג פון דער זון בּיז צו איהר אונטירגאַנג וועט זיין נאָמין גרוס זיין צווישין דיא פעלקיר , און אויף אַלי ערטיר וועט רייכירוועריק גיאופּפירט ווערין צו זיין נאָמין און איין ריין אופּפיר גישענק״

כי גדול שמי בגוים אמר יהוה צבאות :

וואַרין

„וָוארִין מַיין נָאמִין וֶועט גְרוֹס זַיין צְווִישִׁין דִיא פֶעלְקִיר זָאגְט יהוה צבאות" (מלאכי א' פסוק י"א) . דָאס דָאזִיגִי וָוארְט פוּן גָאט ב"ה הָאבִּין מִיר , און מִיר ווִילְלִין נִיט גְלוֹיבִּין אָן דִיא תּוֹרה שבעל פה וָואס אִיז יֶענִים וָוארְט סותר און וָואס מֶעכְט גֶערִין אַז גָאט זָאל נוּר זַיין דֶער גָאט פוּן אִיהְרִי לַייט אַללֵיין , און מִיר גְלוֹיבִּין אָן דֶעם ברית חדשה וָואס פַּאסְט גַאנְץ גִינוֹיא מִיט אַייאֶרִי תּוֹרה שבכתב און פְּרֶעגְט "אִיז עֶר דֶער גָאט פוּן דִיא יוּדִין אַללֵיין , אִיז עֶר נִיט אוֹיךְ פוּן דִיא גוים" , און עֶנְפֶערְט דְרוֹיף „יוֹא , פוּן דִיא גוים אוֹיךְ" (רומיים ג' פסוק כ"ט) , און זָאגְט אַרוֹיס אַז אִין דִיא אוֹיגִין פוּן גָאט „אִיז נִיט קֵיין אוּנְטֶערְשֵׁייד צְווִישִׁין דֶעם יהודי און דֶעם יון , וָוארִין עֶס אִיז דֶער זֶעלְבִּיגִיר הֶערר אִיבִּיר אַלִי" וָואס אִיז רַייךְ צוּ אַלִי וָואס טְהוּן אִיהם אָן רוּפִין : וָוארִין אִיטְלִיכִיר וָואס וֶועט אָן רוּפִין דֶעם נָאמִין פוּן הֶערר גָאט וֶועט זֶעלִיג וֶוערִין" (רומיים יו"ד פסוק י"ב וי"ג) .

מֵילָא אִין דֶעם סדר פוּן דִיא מצות פַּאר דִיא בני נח הָאבִּין מִיר גוּן דֶערְקָאנְט און אוֹיס גִיווִיזִין אֵיין אוּם גִידוּלְדִיגִין און פַּיינְדְשַׁאפְטְלִיכִין שְׁטֵייגִיר , גָאר דֶער היפוּךְ פוּן דֶעם שְׁטֵייגִיר פוּן תנ"ךְ און פוּן דֶעם ברית חדשה . אָבִּיר מִיר מוּזִין נָאךְ חוקר ודורש זַיין ווִיא וַוייט דִיא גִידוּלְד גֵייט וָואס דִיא תּוֹרה שבעל פה הֵייסְט יוֹא מִיט זֵייא הָאבִּין . מִיר הַאלְטִין אוּנְס נִיט אוֹיף צוּ בִּיווֵייזִין , אַז זֵייא הָאבִּין קֵיין רשות נִיט גִיהַאט לַאנְד צוּ בִּיזִיצִין אוֹדִיר שוֹפְטִים צוּ זַיין , צוּ דִיא סנהדרין צוּ גִיהֶערִין אוֹדִיר אֵיין אַמְט צוּ הָאבִּין , אוֹדִיר זִיךְ מִיט יוּדִין משדךְ צוּ זַיין , צוּ דֶעם אַלִים זֶענִין זֵייא נִיט צוּ גִילָאזְט גִיוָוארִין דוּרְךְ דִיא תּוֹרה פוּן גָאט זֶעלְבִּיר . זֵייא הָאבִּין נוּר רשות גִיהַאט צוּ ווֹאוֹהנִין אִין דֶעם לַאנְד , און פוּן דַאנִין קוּמְט אַרוֹיס זֵייאֶר נָאמִין גרי תושב "פְּרֶעמְדְלִינְגִי אַיינְווֹאוֹהנִירְם" . אוֹיךְ הָאט מַאן זִיךְ מִיט זֵייא גִימוּזְט אוֹיף פִיהְרִין מִיט דרךְ ארץ און מִיט גמילת חסד אַזוֹ ווִיא מִיט יִשְׂרָאֵל" (זֶעה נומר ד') . דָאס אִיז דִיא גַאנְצִי גִידוּלְד גִיוֶועזִין וַוייטִיר נִישְׁט . דִיא תּוֹרה שבעל פה הֵייסְט „דרךְ ארץ און גמילת חסד" טְהוּן , אָבִּיר זִיא הֵייסְט נִיט גְלַייךְ משפט טְהוּן צוּ "דִיא פְּרוּמִי לַייט פוּן דִיא פֶעלְקִיר אִין דֶער וֶועלְט" , אַזוֹ ווִיא מַאן קָאן דָאס זֶעהִין אוֹיס דִיא רֵייד :

ישראל שהרג בשגגה את העבד או את גר תושב גולה. וכן גר תושב שהרג את גר תושב או את העבד בשגגה גולה .

גר תושב שהרג את ישראל בשגגה אף על פי שהוא שגג הרי זה נהרג .

„אַיין יִשְׂרָאֵל וָואס הָאט אוּם גֶערִין דֶערְשְׁלָאגִין אַיין קְנֶעכְט אוֹדִיר אַיין

פרעמדלינג

פֿרֶעמְדְלִינְג אַיין אַייִנְוואוֹהנִיר וֶוערְט פֶערְטְרִיבִּין (אִין אֵיינִי פון דִיא ערי מקלט אַבִּיין)״.

„אַזוֹ אויך אַיין פְרֶעמְדְלִינְג אַיין אַייִנְוואוֹהנִיר וָואס הָאט אוּם גֶערִין דֶערְשְׁלָאגִין אַיין פְרֶעמְדְלִינְג אַיין אַייִנְוואוֹהנִיר אוֹדִיר אַיין קְנֶעכְט וֶוערְט פֶערְטְרִיבִּין״.

„אַיין פְרֶעמְדְלִינְג אַיין אַייִנְוואוֹהנִיר וָואס הָאט אוּם גֶערִין דֶערְשְׁלָאגִין אַיין ישׂראל, הָאטְשִׁי עֶר הָאט עֶס אוּם גֶערִין גִיטָהאן, אַזוֹ וֶוערְט עֶר דֶערְשְׁלָאגִין״. (הלכות רוצח פרק חמישי ג׳ וד׳). דֶערְקֵייגִין זָאגְט אָבִּיר דִיא תּורה שבּכּתב,

לבני ישראל ולגר ולתושב בתוכם תהיינה שש הערים האלה למקלט לנוס שמה כל מכה נפש בשגגה:

„צוּ דִיא קִינְדִיר ישׂראל אוּן צוּ דֶעם פְרֶעמְדְלִינְג אוּן צוּ דֶעם אַייִנְוואוֹהנִיר אִין צְווִישִׁין זֵייא זָאלִין זַיין דִיא דָאזִיגִי זֶעקְס שְׁטֶעט צוּ אֵיינִי עֶנְטְלוֹיפוּנְג, אַז אִיטְלִיכִיר וָואס דֶער שְׁלָאגְט אֵיינִי זֵייל דוּרְךְ מִיסְגְרִיף זָאל עֶנְטְלוֹיפִין דָארְטִין אַהִין״ (בּמדבר ל״ה פסוק ט״ו). אֵיין אַנְדִיר מָאל זָאגְט דִיא תּורה שבּעל פּה,

ישראל שהרג גר תושב אינו נהרג עליו בבית דין. שנאמר וכי יזיד איש על רעהו.

„אַיין ישׂראל וָואס הָאט דֶערְשְׁלָאגִין אַיין פְרֶעמְדְלִינְג אַיין אַייִנְוואוֹהנִיר וֶוערְט דֶער פַאר נִיט דֶערְשְׁלָאגִין פון דֶעם בֵּית דִין, וָוארִין עֶס אִיז גִיזָאגְט גִיוָוארִין (שמות כ״א פסוק י״ד) אָבִּיר וֶוען אַיין מַאן וֶועט לוֹירִין אויף זַיין גִיזֶעלִין״ (הלכות רוצח פרק שני י״א). דִיא תּורה פון גָאט זָאגְט,

שפך דם האדם באדם דמו ישפך כי בצלם אלהים עשה את האדם:

„דֶער וָואס פֶערְגִיסְט דָאס בְּלוּט פון דֶעם מֶענְשִׁין, דוּרְךְ דֶעם מֶענְשִׁין זָאל זַיין בְּלוּט פֶערְגָאסִין וֶוערִין, דֶען אִין דֶעם פָארְם פון אלהים הָאט עֶר גִימַאכְט דֶעם מֶענְשִׁין״ (בראשית ט׳ פסוק ו׳). אוּן נָאךְ דֶעם דָאזִיגִין גִיזֶעץ נָאךְ הֵייסְט דֶער בְּרִית חדשה אוּנס קְרִיסְטִין טְהוּן, נִיט נָאךְ דִיא רֵייד נָאךְ פון דִיא תּורה שבּעל פּה, אוּן אִיבִּיר דֶעם מַאכִין אויךְ דִיא גִיזֶעץ פון קְרִיסְטְלִיכִי מדינות קֵיין חִילוּק נִיט צְווִישִׁין רוצחים וָואס זֶענִין יוּדִין אוֹדִיר קְרִיסְטִין אוֹדִיר טֶערְקִין אוֹדִיר אוּם גְלֵייבִּיגִי אוֹדִיר מינים. קוּרְץ, עֶס אִיז וואוֹהל בִּיקָאנְט אַז וִויא דִיא קְרִיסְטְלִיכִי פֶעלְקִיר טְהוּן נָאךְ דִיא הֵיילִי לֶערְנוּנְג נָאךְ פון דֶעם ברית חדשה, אַזוֹ הֵייסִין זֵייעֶרִי גִיזֶעץ

גירעכט

גירעכט משפט טהון און זענין איין דערשרעקניש פאר אלי וואס טהון בייז, גאר אן חילוק פון וועלכי אמונה אודיר מינים זייא זענין. אזו איז נון דיא פריינדליכקייט פון דיא תורה שבעל פה ניט זייר גרוס ווען זיא לאזט צו איין חלק עולם הבא פאר דיא פרומי לייט פון אנדירי פעלקיר, איהרי ליבשאפט צו לייט פון אנדירי אמונות גייט ניט זייר וויט. זיא לאזט ניט בלוס קיין גירעכט משפט טהון צו דיא פרומי לייט פון אנדירי פעלקיר, נייארט זיא זאגט נאך דערצו דעם טעם, ווייל זייא ווערין ניט גיהאלטין פאר גיזעצין. מיר האבין דא קיין פלאץ ניט פון דעם דאזיגין ענין איצונד נאך מעהר צו שמוסין. מיר פרעגין נון, איז דאס דאזיגי גיזעץ פון גאט. קאן גאט ב"ה אין איינע תורה שבעל פה פראסטי סותר זיין זייני תורה שבכתב. קענט איהר דעסגלייכין אוים ווייזין אין דעם ברית חדשה. איז דאס דאזיגי גיזעץ רעכט אודיר אום רעכט. איהר וועט מודה זיין אז עס איז אום רעכט און אין טעות. מילא אזו זענין נון אייארי עלטירן פילי הונדירט יאהר לאנג אין טעות גיוועזין אין איינים פון דיא הויפט עיקרים פון גירעכטיגקייט אין משפט טהון. און אייארי ברידיר וואס האלטין דעם דאזיגין דת פאר געטליך, דהיינו וויא דיא וואס וואהנין אין צפון זייט פון אפריקא, דיא זענין נאך אין דעם אייגינין טעות, פאר וואס זאגט איהר עס ניט בפרהסיא ארויס אז איהר האלט אזו איין טעות פאר שלעכט און אום רעכט. פאר וואס בימיהיט איהר אייך ניט אייארי ברידיר צו ביווייזין אז זייא האבין אום רעכט. אין קריסטליכי לענדיר איז עס אייך ניט פערוועהרט מודה צו זיין און ארויס צו זאגין אז אזעלכי טעות זענין שלעכט און שעדליך. איהר מעגט דערהייבין אייארי שטים וויא איין שופר קייגין דיא פאלשי כללים און דינים פון דעם תלמוד. איהר מעגט ארויס ווארפין אלי דיא שטיקיר פון צווישין אייארי תפלות וואס הייסין יוא איהם פאר געטליך האלטין און זייני דינים טהון. איהר מעגט צורוק קעהרין צו דיא רייד פון משה און דיא נביאים, און קיינער וועט עס אייך ניט מיט רעכט פערוועהרין.

Дозволено Цензурою. Варшава 4 (16) Января 1876 г.
Въ Типографіи А. Гинса. Королевская № 1064 D.

НЕСЫВОТЪ ОЛОМЪ

# נתיבות עולם

עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם : ירמיה ו׳ ט״ז

די אלטי שטעגין.

## נומר ט׳

מיר האבין גיזאגט אין דעם נומר ח׳ אז „די פרומי לייט פון די פעלקיר אין דער וועלט״ זענין נאך די תורה שבעל פה נאך די וואס האבין אן גינומין די זיבין מצות פון די בני נח. מיר האבין גיזאגט אז עטליכי פון די גיזעץ וואס זענין גימאכט גיוואורין פאר זייארי אייגיני אויף פיהרונג, דהיינו וויא דאס וועגין גט, זענין פון אזו איין שטייגיר אז עס מעכט דער דורך צרות און פורעניות ארויס קומין צווישין די גוים, און אז אנדירי דינים פון בית דין זאבין קייגין זייא זענין זייר אום רעכט. אביר די וואס ווילין די תורה שבעל פה פערענטפירן מיינין דאך, אז זיא איז זייר פריינדליך קייגין אנדירי אמונה לייט פריינדליכיר פון דעם ברית הדשה, ווייל זיא זאגט אז „די פרומי לייט פון די פעלקיר אין דער וועלט האבין חלק עולם הבא״ נון מעכטין מיר דאך גערין גיוואהר ווערין וויא גרוס אודיר וויא קליין דאס דאזיגי חלק עולם הבא וועט זיין. דאס מעכטין מיר גערין, מחמת דעם וואס די תורה שבעל פה הייסט מודיע זיין צוא איין גוי וואס וויל איין יוד ווערין, זיא זאגט אזו:

ובשם שמודיעין אותו עונשן של מצות כך מודיעין אותו שכרן של מצות. ומודיעין אותו שבעשית מצות אלו יזכה להיי העולם הבא. ושאין שום צדיק גמור אלא בעל ההכמ׳ שעושה מצות אלו ויודען: ואומרין לו הוי יודע שהעולם הבא אינו צפון אלא לצדיקים והם ישראל. וזה שתראה ישראל בצער בעולם הזה טובה היא צפונה

להם

להם שאין יכולין לקבל רוב טובה בעולם הזה כאומות . שמא ירום לבם ויתעו ויפסידו שכר העולם הבא כענין שנאמר וישמן ישורון ויבעט : ואין הקדוש ברוך הוא מביא עליהן רוב פורעניות כדי שלא יאבדו אלא כל האומות כלין והן עומדין וגו'

„און אַזוֹ וִויא מַאן אִיז אִיהם מודיע דִיא שְׁטְרָאף פוּן דִיא מצות אַזוֹ אִיז מַאן אִיהם מודיע דֶעם לוֹהן פוּן דִיא מצות , און מַאן אִיז אִיהם מודיע אַז דוּרְךְ דֶעם טְהוּן פוּן דִיא דָאזִיגִי מצות וֶועט עֶר זוֹכֶה זַיין דָאס לֶעבִּין פוּן עולם הבא , און אַז עֶס אִיז קֵיין גַאנְצִיר צַדִיק נִיט פַארְהַאנְדִין נוּר דֶער מַאן פוּן חכמה וָואס טְהוּט דִיא דָאזִיגִי מצות און וֵויס זֵייא : און מַאן זָאגְט צוּ אִיהם , דוּא זָאלְסְט וִויסִין אַז עולם הבא אִיז פַאר קֵיינִימְס וֶועגִין נִיט בִּיהַאלְטִין נוּר פַאר דִיא צדיקים , און זֵייא זֶענִין ישראל . און דָאס וָואס דוּ זֶעהסְט ישראל אִין צער אִין דֶער דָאזִיגִיר וֶועלְט , אֵיינִי טוֹבָה אִיז דָאס בִּיהַאלְטִין פַאר זֵייאִירְט וֶועגִין , וָוארִין זֵייא קֶענִין נִיט מקבל זַיין פִיל גוּטְס אִין דֶער דָאזִיגִיר וֶועלְט אַזוֹ וִויא דִיא פֶעלְקִיר , טָאמִיר וֶועט זִיךְ זֵייאֶר הַארְץ דֶער הֵייבִּין און זֵייא וֶועלִין זִיךְ פֶערְאִירְרִין און וֶועלִין שָׁאדִין הָאבִּין דֶעם לוֹהן פוּן עולם הבא , אַזוֹ וִויא עֶס אִיז גִיזָאגְט גִיוָוארִין „אָבִּיר יְשׁוּרוּן אִיז פֶעט גִיוָוארִין און הָאט הִינְטִין אוֹיס גִישְׁלָאגִין" : און הקדוש ב"ה בְּרֶענְגְט אוֹיף זֵייא פִיל פורעניות נִיט וֶועגִין אַיין אַנְדִירִין טַעַם נוּר אַז זֵייא זָאלִין נִיט פֶערְלוֹרִין וֶוערִין , נַייאִירְט אַלִי פֶעלְקִיר וֶועלִין צוּ גֶענְצְט וֶוערִין , אָבִּיר זֵייא וֶועלִין בִּישְׁטֵיין" (הלכות איסורי ביאה פרק י"ד ג' ד' וה') .

אוּנְס וַוייזִין זִיךְ דִיא דָאזִיגִי רֵייד זֵייר אוֹיס וִויא גַאנְץ פְּרָאסְטִי סוֹתֵר צוּ זַיין יֶענִים כלל אַז "דִיא פְרוּמִי לַייט פוּן דִיא פֶעלְקִיר אִין דֶער וֶועלְט הָאבִּין חלק עולם הבא" . דָא שְׁטֵייט עֶס אוּם גִיקֶעהרְט אַז עולם הבא אִיז נוּר בִּיהַאלְטִין „פַאר דִיא צדיקים , און זֵייא זֶענִין ישראל" , און אוֹיךְ אַז „אַלִי פֶעלְקִיר וֶועלִין צוּ גֶענְצְט וֶוערִין" . און דֶער דָאזִיגִיר שְׁמוּס גִיבְּט אפילו צוּ פֶערְשְׁטֵיין אַז דִיא פֶעלְקִיר קְרִיגִין זֵייאֶר גוּטְס אִין דֶער דָאזִיגִיר וֶועלְט , און הָאבִּין קֵיינִי צָרוֹת נִיט , וַוייל זֵייא וֶועלִין יֶענִים גוּטְס נִיט הָאבִּין וָואס אִיז בִּיהַאלְטִין פַאר דִיא צדיקים . וִויא פַאסְטִין נוּן דִיא דָאזִיגִי צְוֵוייא שְׁטִיקִיר מִיט

אייגאנדיר

אײַנאַנדיר . דיא דאָזיגי קשיא קענין מיר נור אויף צװײא אופנים פערענטפערין ענטװעדיר צו זאָגין אַז דאָס איז ניט גאַנץ אמת בײאירט בלום שײני רייד אַז דיא גוים זאָלין זיך גישװינדיר מגייר זײַן , אודיר װען דאָס זאָל יוא גאַנץ אמת זײַן , צו זאָגין , אַז „דיא פרומי לײַט פון דיא פעלקיר" װעלין האָבין איין פיל קלײנער חלק עולם הבא . עס זײַא װיא עס זײַא מאַן מעג זאָגין װיא מאַן װילל , אַזוי איז דער שטײגיר פון דיא תורה שבעל פה ניט ליבליך און גידולדיג קײגין מענשין פון אײני אַנדירי אמונה , נאָך איהרי רייד נאָך איז גאָט איין נושא פנים און גיבט צו דיא ישראל עולם הבא בלום װײַל זײַא זענין ישראל , און דיא אַנדירי פעלקיר צו גענצט ער װײַל זײַא זענין ניט ישראל . דער ברית חדשה זאָגט גאַנץ עפיס אַנדירשט װאָס פאַסט פיל בעסיר פאַר דעם װאָס איז „דער ריכטיר פון דיא גאַנצי ערד . עס איז אמת ער זאָגט „דער װאָס גלײבט דער װעט זעליג װערין , און דער װאָס גלײבט ניט װעט פער שולדיגט װערין" . אָבער דאָס איז איין כלל פאַר אַלי מענשין גאָר אָן חילוק קײנער ניט אויס גינומין . „דער װאָס גלײבט" פון װעלכין פאָלק פון װעלכי משפחה אודיר פון װעלכין לשון עס איז , יוד אודיר גוי , פון אײראָפּא אודיר פון אַפריקא , „דער װעט זעליג װערין" . „דער װאָס גלײבט ניט" , ער מעג הייסין יוד אודיר קריסט , ער מעג זײַן איין זוהן פון שם אודיר פון חם אודיר פון יפת , „װעט פערשולדיגט װערין" , דער ברית חדשה זאָגט ניט אַז אושר עולם הבא גיהערט נור צו אײנים ביזונדירן פאָלק און אַז אַלי װאָס קומין פון דעם דאָזיגין ביזונדירין פאָלק ניט אַרױס גיהערין ניט דער צו , בײאירט ער זאָגט גאָר אָן חילוק איין כלל פאַר אַלי מענשין . דיא תורה שבעל פה זאָגט

## כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא

„אַלי ישראל האָבין חלק עולם הבא" (אבות פרק א׳ א׳) . דער ברית חדשה זאָגט „ניט איטליכיר װאָס זאָגט צו מיר , הערר , הערר , װעט אַרײַן קומין אין קיניגרײַך פון הימל , זונדירן דער װאָס טהוט דעם װיללין פון מײַן פאָטיר אין הימל" (מתיא ז׳ פסוק כ״א) . דיא תורה שבעל פה זאָגט „עולם הבא איז פאַר קײנימס װעגין ניט ביהאַלטין נור פאַר דיא צדיקים , און זײַא

זֶענִין ישראל״. דֶער ברית חדשה זָאגְט „גָאט אִיז נִיט קֵיין נושא פָנים: זוּנְדִירִן אִין אִיטְלִיכִים פָאלְק דֶער וָואס פוּרְכְט זִיךְ פַאר אִיהר, אוּן טְהוּט גִירֶעכְטִיגְקֵייט, אִיז בַּייא אִיהם אָן גִינוּמִין״ (גִישִׁיכְטֵי פוּן דִיא אַפּוֹסְטְילִים יו״ד פסוק ל״ד ול״ה). נוּן לָאז דֶער פְּרָאסְטִיר שכל זָאגִין פוּן אִיטְלִיכִים יוד, אפילו פוּן דִיא וָואס גְלוֹיבִּין אָן דֶעם תַּלְמוּד, לָאז עֶר אוּנְס זָאגִין, וֶועלְכִיר פוּן דִיא דָאזִיגֵי צְוֵוייא כללים אִיז גִירֶעכְטִיר, פְרַייִנְדְלִיכִיר אוּנ פַאסְט שֵׁיינִיר פַאר דֶעם וָואס אִיז דֶער גִירֶעכְטִיר רִיכְטִיר.

אָבִּיר דִיא רֵייד זֶעלְבִּיר פוּן דֶעם שְׁטִיק וָואס מִיר הָאבִּין אוֹבִּין פוּן דִיא תורה שבעל פה אַרוֹיס מַזְכִּיר גִיוֶועזִין זֶענִין אַזוֹ פַאלְש וִויא דִיא כללים וָואס זָאלִין דֶער דוּרְךְ גִיהַאלְטִין וֶוערִין, דִיא רֵייד דָאס וָואס דוּ זֶעהְסְט ישראל אִין צער אִין דֶער דָאזִיגִיר וֶועלְט, אֵיינֵי טוֹבָה אִיז דָאס בִּיהַאלְטִין פַאר זֵייאִירְט וֶועגִין וָוארִין זֵייא קֶענִין נִיט מקבל זַיין פִּיל גוּטְס אִין דֶער דָאזִיגִיר וֶועלְט אַזוֹ וִויא דִיא פֶעלְקִיר״, דִיא דָאזִיגֵי רֵייד זֶענִין פְּרָאסְטֵי סותר דִיא תורה פוּן משה, וָואס גִיבְּט תמיד הבטחות פוּן פִּיל גוּטְס צוּ יִשְׂרָאֵל אִין דֶער דָאזִיגִיר וֶועלְט, וֶוען זֵייא וֶועלִין גִיהָארְכִין.

והיה אם שמוע תשמע בקול יהוה אלהיך לשמר לעשות את כל מצותיו אשר אנכי מצוך היום ונתנך יהוה אלהיך עליון על כל גויי הארץ: ובאו עליך כל הברכות האלה והשיגך כי תשמע בקול יהוה אלהיך: ברוך אתה בעיר וברוך אתה בשדה: ברוך פרי בטנך ופרי אדמתך ופרי בהמתך שגר אלפיך ועשתרות צאנך... יתן יהוה את איביך הקמים עליך נגפים לפניך בדרך אחד יצאו אליך ובשבעה דרכים ינוסו לפניך: יצו יהוה אתך את הברכה באסמיך ובכל משלח ידך וברכך בארץ אשר יהוה אלהיך נתן לך:

„אוּן עֶס וֶועט זַיין וֶוען דוּ וֶועסְט פְלַייסִיג הֶערִין אִין דִיא שְׁטִים פוּן יהוה דַיין אלהים צוּ הִיטִין צוּ טְהוּן אַלִי זַיינֵי גִיבָּאט וָואס אִיךְ גִיבִּיט דִיר הַיינְט, אַזוֹ וֶועט יהוה דַיין אלהים דִיךְ הוֹךְ מַאכִין אִיבִּיר אַלִי פֶעלְקִיר פוּן דִיא עֶרְד: אוּן עֶס וֶועלִין קוּמִין אִיבִּיר דִיר אַלִי דִיא דָאזִיגֵי בֶּענְשׁוּנְגִין, אוּן זֵייא וֶועלִין דִיךְ גְרֵייכִין, וֶוען דוּ וֶועסְט הֶערִין אִין דִיא שְׁטִים פוּן יהוה דַיין אלהים: גִיבֶּענְשְׁט וֶועסְטוּ זַיין אִין דֶער שְׁטָאט אוּן גִיבֶּענְשְׁט וֶועסְטוּ זַיין אִין דֶעם פֶעלְד: גִיבֶּענְשְׁט וֶועט

זיין

НЕСЫВОТЪ ОЛОМЪ

# נתיבות עולם

עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם : ירמיה ו׳ ט״ז

דיא אלטי שטעגין.

## נומר י״א

איינער פון דיא פילי קלארי סימנים וואס ביצייכנין דאס פאלק ישראל איז דיא פרומי פעסטיגקייט נאך זייער שטייגער נאך מיט וועלכי זייא האלטין דאס גידעכטיניש פון דיא ערשטי גרוסי אויס דערלייזונג פון זייער פאלק, זייא האלטין עס יאהר ביי יאהר, אפילו אין דיא שווערסטי צייטין און אין דעם גרעסטין אום גליק. מעהר וויא דרייא טויזינד יאהר זענין שון פארבייא גיגאנגין פון דער צייט אן אז דער גאט פון ישראל האט גיהערט דאס גישרייא פון דיא בכורים אין מצרים און האט גימאכט אז דורך דיא דערשלאגונג פון דיא בכורים פון זייערי פיינד איז ארויס גיקומין זייערי הילף מיט איינע שטארקי האנד און מיט איין אויס גישטרעקטין ארים. און דאך איז דאס גידעכטיניש פון דיא דאזיגי גרוסי מעשה נאך פריש אין דיא הערצער פון דעם פאלק, און דיא קינדער פון ישראל מאכין איצונד (*) אנבירייטונג פסח צו האלטין צווישין זיך אלי אין זייא גאנצי צו שפרייטונג, עס זייא אין דיא מדינות פון איירופא אודער אויף דיא בארטינים פון אפריקא אודער אין דיא הייסי לענדער פון אינדיען צוזאממין מיט דיא וואס וואוהנין צווישין אונס. איינע זאלכי פעסטיגקייט מיט איינע זאלכי כוונה זענין איין שיינער ביווייז פאר דיא גיטרייהייט פון דעם דאזיגין פאלק און ברענגין אונס פשוט צו דער שאלה וויא אזוי איז עס אז גאט ב״ה דערהערט

איצונד

(*) דאס איז גישריבין גיווארין קורץ פאר פסח .

איצונד ניט דאס שרייען פון דיא ישראל און זייערי גיבעט וואס גיין ארויף פון אלי זייטין אונטיר דעם הימל און ברענגט זייא ניט צורוק צו יענים אורט אין זייני איינריכטונגין און צו יענים מעמד צווישין דיא מענשין וואס זיין ווארט בישטימט צו זייא. איין קריסט וואלט דרויף איין תירוץ גיגעבין נאך דעם ברית חדשה נאך, אביר פון דעם ארויס וועלין מיר דא איצונד נישט מזכיר זיין. דיא תורה שבעל פה גיבט איינע ענטפיר וואס איז דאס זעלביגי אין דער הויפט זאך. אויס איהרי רייד זעהט מאן אז דאס פאלק בכלל האבין פערפינסטירט דיא ליכטיגקייט פון דעם וואס גאט ב"ה האט מגלה גיוועזין, זייא האבין עס פער פינסטירט דורך דיא איינמישונג פון מענשליכי המצאות, און איביר דעם וואלט זייערי צורוק ברענגונג צו יענים מעמד נור גיוועזין איינע בישטעטיגונג פון טעות און איז אזו אום מיגליך. מיר האבין שון עטליכי ביווייז גיגעבין אז דאס איז אמת וואס מיר זאגין דא פון דיא תורה שבעל פה, און איהרי דינים וועגין פסח זענין ווידיר פילי ראיות דערצו, און אין דער איצונדיגיר צייט פון דעם יאהר פאסט עס אויך דערפון צו שמוסין.

צווישין דיא ערשטי ביפעהל וועגין פסח גיבט דאס ווארט פון גאט דאס דאזיגי קלארי גיבאט

אך ביום הראשון תשביתו שאר מבתיכם

"נייארט אן דעם ערשטין טאג זאלט איהר פערשטעהרין דאס זויער טייג פון אייערי הייזיר" (שמות י"ב ט"ו). דאס איז פערשטענדליך פאר דעם גרעסטין עם הארץ און גרינג עס מקיים צו זיין, אביר דיא רבנים האבין צו גיזעצט איינע קופה מיט דערקלערונגין און מנהגים וואס טויגין נור דערצו דאס גיוויססין צו פערווירין און דרויף איינע שווערי לאסט ארויף צו לייגין. צו ערשט זענין זייא ניט אנדירשט צופרידין ווען איין יוד בימיהט זיך עהרליך דאס גיבאט פון גאט מקיים צו זיין, נור ווען ער טהוט עס נאך דער פארם נאך און נאך דעם שטייגיר נאך וואס זייא הייסין.

ומה היא השבתה זו האמורה בתורה היא שיבטלו בלבו ויחשוב אותו.

אותו כעפר וישים בלבו שאין ברשותו חמץ כלל. ושכל חמץ שברשותו הרי הוא כעפר וכדבר שאין בו צורך כלל׳:

„און וואס איז דיא דאזיגי פערשטעהרונג (פון זויאר טייג) וואס איז גיזאגט גיווארין אין דער תורה. זיא איז, אז ער זאל עס מבטל זיין אין זיין הארץ און זאל עס אבטין וויא שטויב און זאל אב מאכין אין זיין הארץ אז אין זיין רשות איז גאר קיין חמץ ניט דא, און אז אלים חמץ וואס איז אין זיין רשות איז אזו וויא שטויב און וויא איינו זאך וואס מאן האט זיא גאר ניט נייטיג״ (הלכות חמץ ומצה פרק ב׳ ב׳). דא פערלאנגין זייא נון אז מאן זאל דערבייא האבין איינו מחשבה אין דעם הארץ נאך איינו גיוויססי פארם נאך, אביר זייא האבין אויך דערצו אנגבירייט איינו גיוויססי פארם פון ווערטיר זיא דערדורך ארויס צו זאגין.

כל המירא והמיעא דאכא ברשותי דחמיתיה ודלא חמיתיה דבערתיה ודלא בערתיה לבטל ולהוי כעפרא דארעא:

„אלים זויאר טייג און גיזייארטים וואס איז אין מיין רשות, וועלכים איך האב גיזעהין, און וועלכים איך האב ניט גיזעהין, וועלכים איך האב אויס גירוימט, און וועלכים איך האב ניט אויס גירוימט, זאל זיין בטול און גימאכט אזו וויא דער שטויב פון דער ערד״ (לעווים גיבעט פאר פסח דף ב׳ עמוד א׳). און בייא דער דאזיגיר פארם שטייט, „ווען דער בעל הבית איז ניט אין דער היים אזו איז ער מבטל דאס חמץ אין דעם אורט וואו ער איז דארט״. נון בייא דעם ערשטין בליק קאן זיך דאס דאכטין צו זיין איינו ניט שעדליכי צערעמאניע, אביר גאט ב״ה ווארינט אונס קייגין אלי צוזעצונגין צו זיין ווארט און זייני גיבאט. עס האלט זיך זעלביר פאר גוט און וייל עס איז פערבונדין מיט דיא לערנונג פון דיא תורה שבעל פה וועגין דעם זכות פון מעשים טובים אזו מוז עס איין שלעכטין תכלית האבין פאר דיא גימוטהיר פון דיא מייסטי פון דעם פאלק. זייא וועלין זאגין אז דורך דעם האלטין פון דיא דאזיגי פארם האבין זייא מקיים גיוועזין איינו מצוה און אז דערדורך איז זייאר זכות פון מעשים טובים גרעסיר גיווארין, איין חלק זכות מעהר קייגין דיא שולד פון

זייארי

זַייאֶרֶי עבירות . אוּן ווידיר אַנְדירְשְׁט , וֶוען זַייא פֶּערְגֶעסְסִין צוּ הַאלְטִין דִיא דָאזִיגִי פָּארֶם אִין דֶער רֶעכְטִיר שעה אוּן וֶוען דֶערנָאךְ מֶעכְט אֵיין חמץ גִיפוּנִין וֶוערִין אִין זַייאֶרֶי הַייזִיר אַזוֹ הָאבִּין זַייא נָאךְ דִיא רֵייד נָאךְ פוּן דִיא רבנים עובר גִיוֶועזִין אוֹיף צְווייא מצות לא תעשה , וָואס אִיז נָאךְ דִיא תורה שבעל פה נָאךְ אֵיינִי גְרֶעסִירִי מעשה רע וִויא דָאס עובר זַיין אוֹיף מצות עשה .

לפיכך אם לא בטל קודם שש ומשש שעות ולמעלה מצא חמץ שהיה דעתו עליו והיה בלבו ושכחו בשעת הביעור ולא בערו הרי זה עבר על לא יראה ולא ימצא שהרי לא בער ולא בטל :

„דַארוּם וֶוען עֶר הָאט נִיט מבטל גִיוֶועזִין (דאס חמץ) פַּאר דִיא זֶעקְסְטִי שעה , אוּן נָאךְ דִיא זֶעקְסְטִי שעה אוּן וַוייטִיר הָאט עֶר גִיפוּנִין חמץ וָואס עֶר הָאט אִין זַיין גִיהַאט אוּן עֶס אִיז גִיוֶועזִין אִין זַיין הַארְץ אָבִּיר עֶר הָאט עֶס פֶּערְגֶעסְסִין אִין דֶער שעה פוּן אוֹיסְרוֹימוּנְג אוּן הָאט עֶס נִיט אוֹיס גִירוֹימְט , נוּן אַזוֹ אֵיינִיר הָאט עובר גִיוֶועזִין אוֹיף דִיא גִיבָּאט „עֶס זָאל נִיט גִיזֶעהִין וֶוערִין" (שמות י"ג ז') אוּן „עֶס זָאל נִיט גִיפוּנִין וֶוערִין" (שמות י"ב י"ט) . וָוארִין עֶר הָאט עֶס נִיט אוֹיס גִירוֹימְט אוּן נִיט מבטל גִיוֶועזִין" (הלכות חמץ פרק ג' ח') . נוּן קֶענְט אִיהר גְלוֹיבִּין אַז דֶער דָאזִיגִיר פסק אִיז פוּן גָאט וָואס פָּארְשְׁט דָאס הַארְץ . קֶענְט אִיהר גְלוֹיבִּין אַז אֵיין מֶענְשׁ וָואס הָאט אִין זַיין גִיהַאט אַיין שְׁטִיק חמץ אוֹיס צוּ רוֹימִין נָאךְ דֶעם גִיבָּאט נָאךְ פוּן גָאט , אוּן הָאט אָבִּיר דָאס דָאזִיגִי אֵיינִי שְׁטִיק פֶּערְגֶעסְסִין בשעת עֶר הָאט דָאס אִיבְּרִיגִי חמץ אוֹיס גִירוֹימְט אַז אַזוֹ אַיין מֶענְשׁ הָאט דֶערדוּרְךְ צְווייא עבירות גִיטָהאן פשוט אִיבִּיר דֶעם וַוייל עֶר הָאט נִיט גִיהַאלְטִין אֵיינִי בְּלוֹסִי פָּארֶם וָואס גָאט הָאט אִינִירְגִיץ נִישְׁט גִיבָּאטִין . אוֹדִיר אַז עֶר וָואלְט דִיא עבירות נִיט גִיטָהאן וֶוען עֶר וָואלְט גִיזָאגְט אַיין פוּנְפְּצֶעהן וֶוערְטִיר וָואס מֶענְשִׁין הָאבִּין גִיהֵייסִין זָאגִין וָואס זֶענִין אַזוֹ זִינְדִיג וִויא עֶר זֶעלְבִּיר . גַאנְץ אַנְדִירְשְׁט זֶענִין דִיא רֵייד פוּן גָאט ב"ה זֶעלְבִּיר ,

יען אשר היה עם לבבך .

ווייל

„ווייל עס איז געוועזין אין דיין הארץ" (מלכים א' ח' פסוק י"ח), ער האט אנגענומין דעם ווילין, און האט איהם אזו גיבענשט גלייך ווען דאס גיבאט וואלט גיטהאן גיווארין. דארום איז נון דער פסק פון דיא תורה שבעל פה ניט פון גאט און ווייזט ווייטיר אוים אז זיא איז אין גאנצין ניט געטליך. אביר דיא רבנים זענין צופרידין געוועזין מיט דיא דאזיגי המצאה פון בטול חמץ „דעם מבטל זיין פון חמץ, זייא האבין מיט נאך איינע אנדירי תקנה בילייגט דאס גיוויססין פון דיא וואס פאלגין זייארי רייד, מיט איינע תקנה וואס איז גאר בקאנט געוועזין צו משה, און דאס איז בדיקת חמץ "דאס אויף זוכין פון חמץ.

אור לארבעה עשר בניסן. קודם צאת הכוכבים בודקין את החמץ לאור הנר של שעוה היחידי. ומשהגיע זמנו אסור לעשות שום מלאכה ולא לאכול ולא ללמוד:

„אין דעם אבינד פאר דעם פירצעהנטין טאג אין ניסן, איידיר דיא שטערין קומין ארוים, זוכט מאן אויף דאס חמץ ביא דיא ליכטיגקייט פון איין איינציג וואקס ליכט, און ווען דיא צייט קומט אן, טאר מאן קיין שום מלאכה ניט טהון, און ניט עסין, און ניט לערנין" (פסח גיבעט דף א' עמוד ב'). דאס דאזיגי גיבאט האט קיין שורש ניט אין דער תורה פון משה. אזו וויים מאן נון אז עס איז מדברי סופרים, און דאך זענין דער ביא גיגעבין דיא אויספיהרליכסטי ביפעהל, און דיא גרעסטי אכטונג ווערט דער ביא פערלאנגט, גלייך אז ווען עס וואלט גיוועזין פון גאט זעלביר, און עס זענין דער ביא אויך גידענקט פערשידיני אופנים ווען מאן מוז צום צווייטין מאל בודק זיין, דהיינו:

אם ראה עכבר שנכנס לבית וחמץ בפיו אחר בדיקה צריך לבדוק פעם שנייה אף על פי שמצא פירורין באמצע הבית אין אומרין כבר אכל אותה הפת במקום זה והרי הפירורין אלא חוששין שמא הניחה בחור או בחלון ואלו הפירורין שם היו ולפיכך חוזר ובודק. אם לא מצא כלום הרי זה בודק כל הבית ואם מצא אותה הפת שנטלה העכבר ונכנס אין צריך בדיקה:

„װען ער האט נאך דעם אויף זוכין געזעהין איינע מוז װאס איז אַריין געקומען אין דעם הויז אַריין מיט חמץ אין איהר מויל, אַזו האט ער נייטיג צום צווייטין מאל אויף צו זוכין. חאטשע װען ער האט געפונין בערעקיליך מיטטין אין דעם הויז, אַזו זאגט מאן ניט, זיא האט שון לאנג אויף געגעסין דאס ברוט אויף דעם דאזיגין אורט און דאס זענין דיא ברעקיליך, נייאירט מאן בעזאָרגט טאמיר האט זיא עס געלאזט אין איין לאך אודיר אין איין פענסטיר און דיא דאזיגע ברעקליך זענין דארט געוועזין, און דארום זוכט ער נאך איין מאל אויף. װען ער האט גאר נישט געפונין, אַזו זוכט ער אויף אין דעם גאנצין הויז; אָבּיר װען ער האט געפונין דאס ברוט װאס דיא מויז האט גינומין און איז אַריין גיקומין, אַזו האט ער ניט נייטיג איינע אויף זוכונג". איין אַנדירער אופן פון דערגלייכין וויכטיגקייט און נאך מעהר קלוגהייט איז דער —

נכנס עכבר לבית וככר בפיו ויצא עכבר משם וככר בפיו אומרים הוא הראשון שנכנס הוא האחרון שיצא ואינו צריך לבדוק. היה הראשון שנכנס שחור וזה שיצא לבן צריך לבדוק. נכנס עכבר וככר בפיו ויצאתה משם חולדה וככר בפיה צריך לבדוק. יצאה משם חולדה ועכבר וככר בפיה. אינו צריך לבדוק שזה הככר הוא שהיה בפי העכבר:

„װען איינע מויז איז אַריין גיגאנגין אין דעם הויז אַריין מיט ברוט אין איהר מויל, און איינע מויז איז ארויס גיגאנגין פון דארט מיט ברויט אין איהר מויל, אַזו זאגט מאן דיא איינע איז דיא ערשטע װאס איז אַריין גיגאנגין און דיא לעצטע װאס איז ארויס גיגאנגין, און ער האט ניט נייטיג אויף צו זוכין. װען דיא ערשטע װאס איז אַריין גיגאנגין איז געוועזין שוואַרץ און דיא װאס איז ארויס גיגאנגין איז געוועזין ווייס, אַזו האט ער נייטיג אויף צו זוכין. װען איינע מויז איז אַריין גיגאנגין מיט ברוט אין איהר מויל, און איינע וויזיל איז פון דארט ארויס גיגאנגין מיט ברויט אין איהר מויל, אַזו האט ער נייטיג אויף צו זוכין. װען עס איז פון דארט ארויס גיגאנגין, איינע וויזיל און איינע מויז, און ברוט איז געוועזין אין יענירס מויל, אַזו האט ער ניט נייטיג אויף צו זוכין, װארין דאס איז דאס איינע ברוט װאס איז

גִיוָועזִין אִין דֶעם מוֹיל פוּן דִיא מֹויז" (הלכות חמץ פרק ב׳).
מִיר ווִילְלִין נִיט זָאגִין אַז דֶער דָאזִיגֶער שְׁטֵייגִיר פוּן חכמה אִיז
קֵיין מָאל נִיט פַארְהַאנְדִין גִיוֶועזִין בַּייא קְרִיסְטִין. מִיר ווִיסְסִין
וואוהל אַז דִיא אמונה לומדים וָואס מַאן הֵייסְט זֵייא אוֹיף דַייטְשׁ
דִיא שָׁאלַאסְטִיקֶער ווייזין פִיל פוּן דִיא זֶעלְבִּיגִי פֶּערְדְרֵייהטִי
קְלוּגְהַייט, אוּן דִיא מעשׂות פוּן מַייז גִיפִינִין זִיךְ אוֹיךְ אִין דִיא
אמונה לֶערְנוּנְג פוּן דִיא ע"ז פֶּעלְקִיר, אָבִּיר מִיר הָאבִּין זִיךְ
אַוֶועק גִיקֶעהרְט פוּן יֶענִים גַאנְצִין סדר פוּן לֶערְנוּנְג, ווַייל עֶר אִיז
אַקֵייגִין דֶעם וָוארְט פוּן גָאט. בַּייא אַייךְ גִילְט נָאךְ דִיא אמונה
לֶערְנוּנְג פוּן דִיא סופרים אוּן אִיהר וֶועט נוּן בַּאלְד הַאלְטִין אַיין
גְרוֹסִין יום טוב נָאךְ זֵייעֶרִי תקנות נָאךְ. אוּן דָאךְ זֶעהט אִיהר
וִויא אֵייגִי נִידְרִיגִי מֵיינוּנְג זֵייא הָאבִּין פוּן ווַאהְרְהַאפְטִיגִי פְּרוּמִיגְקֵייט
אוּן וִויא שְׁלֶעכְט זֵייא הָאבִּין בִּינוּצְט זֵייעֶרִי צַייט אוּן זֵייעֶרִי
קְלוּגְהַייט. דֶער נִיט גִילֶערְנְטְסְטִיר יוּד וָואס הָאט גִילֵיינְט דִיא
תורה פוּן משה אִין אִיהרִי פְּרָאסְטִי שֵׁיינְהַייט, וֶועט זֵייער וואוהל
וִויסְסִין אַז וֶוען גָאט הָאט גִיבָּאטִין דִיא ישׂראל צוּ פֶּערְשְׁטֶעהְרִין
דָאס זוֹיאֵר טֵייג פוּן זֵייעֶרִי הַייזִיר אַזוֹ הָאט עֶר נִיט גִימֵיינְט אַז
זֵייא זָאלִין גֵיין אוּן זָאלִין אַדוּרְךְ זוּכִין דִיא לֶעכִיר פוּן דִיא מַייז
אוֹדִיר אַז זֵייא זָאלִין צוּבְּרֶעכִין זֵייעֶרִי צַייט מִיט נָאךְ קוּקִין נָאךְ מַייז
אוּן ווִיזִילְס. וֶוען אִיהר וָואלְט דָאס אָן שְׁטָאט פוּן דִיא תורה שבעל
פה גִילֵיינְט אִין דֶעם ברית חדשה, וָואלְט אִיהר דָאס נִיט פַאר אַיין
רֶעכְטִין בִּיוַוייז אַנְגִינוּמִין קֵייגִין דִיא גִילְטִיגְקֵייט פוּן דִיא רֵייד פוּן
דֶעם דָאזִיגִין ספר? אוּן וֶוען דֶער הֵיילִיגִיר פּוֹילוּס אוֹדִיר דֶער
הֵיילִיגִיר פעטרוס וָואלְט אַזֶעלְכִי גִיבָּאט גִיגֶעבִּין צוּ דִיא גוים וָואס
הָאבִּין זִיךְ צוּ דִיא קְרִיסְטְלִיכִי אמונה בִּיקֶעהרְט, וָואלְט אִיהר נִיט
גִיזָאגְט אַז דִיא דָאזִיגִי מֶענִיר זֶענִין עֶנְטְווִיר נִיט פֶּערְשְׁטֶענְדִיג אוֹדִיר
נִיט עֶהרְלִיךְ גִיוֶועזִין? אָבִּיר אִין דֶעם ברית חדשה גִיפִינְט זִיךְ נִישְׁט
דֶערְגְלַייכִין. דִיא גִיבָּאט וָואס דָארְט זֶענִין גִיגֶעבִּין, אוּן דִיא
לֶערְנוּנְג וָואס אִיז דָארְט גִיוֶועזִין אִיז גָאר אִין גַאנְצִין אֵיידִיל שֵׁיין
אוּן בכבוד, אוּן דֶער ווַייל זֶענִין דִיא קְלֵיינִיגְקֵייטִין אוּן נַארִישִׁי
זַאכִין נָאךְ פַארְהַאנְדִין אִין דֶער תורה שבעל פה וָואס דִיא יוּדִין
הָאבִּין זֵייא בקבלה פוּן יֶענִי לַייט וָואס הָאבִּין אָן ישוע הנוצרי
נִיט גִיוָואלְט גְלוֹיבִּין. וֶוען דָאס צֵייגְנִיש פוּן מֶענְשִׁין הֶענְגְט אִין

גאַנְצִין אָבּ פוּן דִיא חכמה פוּן דֶעם וָואס גִיבְּט עֶס , אַזוֹ אִיז דָאס צֵייגִינִיש פוּן דִיא סופרים נִיט פִיל וֶוערְטה . אָבִּיר דִיא גאוה אִיז נָאךְ מֶעהר מִיאוּס וִויא דִיא קְלֵיינִיגְקֵייטִיבַּייא . דִיא דָאזִיגִי לַייט הָאבִּין גִיזָאגְט , אַזוֹ וִויא מִיר הָאבִּין אוֹבִּין אוֹיס אַייאֶר תפלות ספר מזכיר גִיוֶועזִין , אַז „וֶוען דִיא צַייט (פון בדיקת חמץ) קוּמְט אָן , טָאר מַאן קַיין שום מלאכה נִיט טְהוּן , אוּן נִיט עֶסִין אוּן נִיט לֶערְנִין" , אַזוֹ אַז דֶער אָרִימִיר מוּז אַוֶועק לֵייגִין זַיינִי עֶהרְלִיכִי מלאכה , דֶער הוּנְגְרִיגִיר מוּז זִיךְ אַיינְהַאלְטִין אוּן זַיינִי עֶהרְלִיכִי שְׁפַּייז נִיט עֶסִין , אוּן אַלִי זָאלִין אפילו אוֹיף הֶערִין צוּ לֶערְנִין דָאס הֵיילִיגִי וָוארְט פוּן גָאט כדי צוּ גֵיין אוּן אִין לֶעבִּיר אוּן ווִינְקְלִין אוֹיף צוּ זוּכִין דָאס וָואס זֵייא וִויסְסִין אַז זֵייא וֶועלִין עֶס נִיט גִיפִינִין , אוֹדִיר צוּ גִיפִינִין דָאס וָואס מַאן הָאט מִיט ווִילְלִינְס טַאקִיש פוּן דֶעסְטְוֶועגִין אִין זֵייאֶר וֶועג אַרַיין גִילֵייגְט . מִיר פְּרֶעגִין אַייךְ , קָאן דָאס זַיין פוּן גָאט , אוֹדִיר זָאל מַאן זִיךְ פֶּערְלָאזִין אוֹיף דִיא מֶענְשִׁין וָואס הֵייסִין אוֹיף הֶערִין דָאס וָוארְט פוּן גָאט צוּ לֶערְנִין . כדי דִיא דָאזִיגִי צֶערֶעמָאנְיֶע צוּ הַאלְטִין , זָאל מַאן זִיךְ אוֹיף זֵייא פֶּערְלָאזִין וִויא אוֹיף לַייט וָואס לֶערְנִין אַנְדִירִי דִיא וַוארְהַאפְטִיגִי אמונה ?

אָבִּיר דִיא תורה שבעל פה אִיז נִיט בְּלוֹס מוֹסִיף מֶענְשְׁלִיכִי המצאוֹת , נַייאִירְט זִיא מַאכְט אוֹיךְ אַזֶעלְכִי כללים וָואס הָאבִּין אִין זִיךְ פִילִי שְׁוֶועריגְקַייטִין , אוּן אַז זֵייא זָאלִין אַלִי צוּזַאמְמִין פַּאסְסִין מוּז מַאן דֶער בַּייא אַבִּיסִיל קְלוּג שְׁוִוינְדְלִין . דְהַיינוּ :

חמץ שעבר עליו הפסח אסור בהנייה לעולם .

„פוּן חמץ וָואס אִיז פַארְהַאנְדִין גִיוֶועזִין אִין דֶער צַייט פוּן פסח טָאר מַאן קַיין מָאל קֵיינִי הנאה נִיט הָאבִּין" (הלכות חמץ פרק א' ד'). דָאס מֵיינְט מַאן חמץ וָואס גִיהֶערְט צוּ יוּדִין , אוּן נָאךְ דֶעם דָאזִיגִין דִין נָאךְ זֶענִין אַלִי יוּדִין מחויב צוּ פֶערְקוֹיפִין אוֹדִיר אַוֶועק צוּ גֶעבִּין אוֹדִיר צוּ פֶערְלִירִין אַלִים חמץ וָואס מֶעכְט בַּייא זֵייא פַארְהַאנְדִין זַיין בַּייא דֶעם אָנְהוֹיבּ פוּן פסח , אוּן מֵילָא וֶוען זֵייא הָאבִּין פִיל אַזוֹ מֶעכְט זֵייאֶר שָׁאדִין גְרוֹיס זַיין . אָבִּיר דִיא רבנים וָואס הָאבִּין דָאס שְׁוֶועריגְקַייט גִימַאכְט הָאבִּין אוֹיךְ פֶערְשִׁידִינִי אוֹפנים אוֹיס גִיטְרַאכְט וִויא אַזוֹ מַאן זָאל דֶעם שָׁאדִין נִיט הָאבִּין .

אַיין

אֵיין אוֹפן דֶער פוּן אִיז אַז מַאן זָאל עֶס פַּאר אַיין משכון אַיינְלֵייגִין אוּן מַאן זָאל דֶערְבַּייא בִּישְׁטִימְטִי וֶוערְטִיר זָאגִין –

ישראל שהרהין חמצו אצל הגוי אם אמר לו אם לא אביא לך מעות מכאן ועד יום פלוני קנה חמץ זה מעכשיו ה"ז ברשות הגוי ואותו החמץ מותר לאחר הפסח.

„אַיין ישׂראל וָואס הָאט זַיין חמץ אַיינְגִילֵייגְט פַּאר אַיין משכון בַּייא אַיין גוֹי, וֶוען עֶר הָאט צוּ אִיהם גִיזָאגְט וֶוען אִיךְ וֶועל דִיר נִיט בְּרֶענְגִין דָאס גֶעלְד פוּן אִיצוּנְד אָן בִּיס אוֹיף יֶענִים אוּן יֶענִים טָאג זָאלְסְטוּ קונה זַיין דָאס דָאזִיגִי חמץ פוּן אִיצוּנְד אָן, אַזוֹ אִיז דָאס דָאזִיגִי אִין דֶעם רשות פוּן דֶעם גוֹי, אוּן אַזוֹ אַיין חמץ אִיז מותר נָאךְ פסח" (הלכות חמץ פרק ד'). מֵילָא וֶוען אַיין ישׂראל הָאט זֵייער פִיל חמץ אוּן וִויל גֶערְין הַאלְטִין דִיא מצוה אַלִים חמץ אוֹיס צוּ רוֹימִין פוּן זַיין רשות אוּן ווילל דֶער בַּייא אוֹיךְ אַז עֶר זָאל קֶענִין נָאךְ פסח דָאס חמץ ווידיר צוּרוּק קְרִיגִין אִין זַיין רשות אַבֵּיין וֶוען עֶר וִויל אַזוֹ דִיא הנאה הָאבִּין ברוחניות אוּן אוֹיךְ דֶעם נוּצִין בגשמיות, אַזוֹ הָאט עֶר נִיט מֶעהר גֵייטִיג צוּ טְהוּן נוּר דָאס חמץ פַּאר אַיין משכון אַיינְצוּלֵייגִין אוּן דֶערְבַּייא דִיא דָאזִיגִי וֶוערְטִיר צוּ זָאגִין וָואס שְׁטֵייט דָא אִין דֶעם דִין. מִיר פְּרֶעגִין נוּן אִיטְלִיכִין יוּד מִיט פְּרָאסְטִי שׂכל, אוֹב דָאס אִיז נִיט אַיינִי בְּלוֹסִי שְׁוִוינְדְלִירַייא, אַיין פָּארְנֶעמִינִיש זַיין אֵייגִין גִיוִויסְסִין צוּ גִינַארִין, אַיינִי מִיאוּסִי ערמה גָאט צוּ דִינִין אוּן דָאךְ צוּ פֶערְמַיידִין דֶעם שָׁאדִין וָואס מֶעכְט אַרוֹיס קוּמִין דוּרְךְ דֶעם פְּרָאסְטִי הַאלְטִין פוּן דֶער מצוה. עֶס אִיז קְלָאר אַז דֶער מֶענְשׁ וָואס טְהוּט אַזוֹ, הָאט אִין רֶעכְטִין אמת קֵיין חֵשֶׁק נִיט אַוֶועק צוּ גֶעבִּין זַיין רשות פוּן דֶעם חמץ. אוּן דָאס אִיז נִיט אַיין אֵיינְצִיגִיר אוֹפן, דִיא תורה שבעל פה הָאט נָאךְ פִילִי אַזֶעלְכִי אופנים, אַזוֹ וִויא זִיא אִיז עֶס מתיר אוֹיף קַאטָאוִוים פַּאר אַיין משכון אַיין צוּ לֵייגִין, אַזוֹ אִיז זִיא מתיר עֶס אוֹיף קַאטָאוִוים צוּ פֶערְקוֹיפִין אוֹדִיר אַוֶועק צוּ גֶעבִּין.

אעפ"י שהישראל מכירו לעכו"ם ויודע בו שלא יגע בו כלל אלא ישמרנו לו עד לאחר הפסח ויחזור ויתננו לו מותר:

„חָאטְשִׁי אַז דֶער ישׂראל קֶענְט דֶעם ע"ז דִינִיר אוּן וֵוייס פוּן אִיהם

אַז ער וועט דְרָאן גָאר נִיט אָן ריהרין נייאירט ער וועט עס בִּיהַאלְטִין פַאר זַיינִיט וועגִין בִּיס נָאךְ פסח און וועט עס אִיהם צורוּק אַבְּגֶעבִּין אִיז עס מותר". מִילָא אַיין יוד אַיין למדן וָואס אִיז בִּיקָאנְט מִיט דִיא דינים פוּן דִיא תורה שבעל פה וָואס וַוייזִין וִויא מַאן זָאל זִיךְ דָא אַיין עצה גֶעבִּין וועט זִיךְ אוֹיס דֶערְוַוייהלִין אַיין גוֹי וָואס ער וַוייס פוּן אִיהם אַז ער וועט אַזוֹ מַאכִין, אִיהם צוּ פֶערְקוֹיפִין אוֹדִיר אַוֶועק צוּ גֶעבִּין זַיין חמץ און דֶערְבַּייא גַאנְץ זִיכִיר צוּ זַיין אַז ער וועט עס נָאךְ פסח צוּרוּק וִוידִיר קְרִיגִין, און וועט דֶער פוּן מֶעגִין אֵיינִי הנאה הָאבִּין. אָבִּיר למשל ווען אַיין יוד הָאט אֵיינִים גוֹי גֶעלְד גִיבָּארְגְט און דִיא רווחים הָאט ער אַלִי וָואךְ גִינוּמִין אִין בְּרוֹט, וָואס זָאל נוּן אַזוֹ אֵייגִיר טְהוּן. עס אִיז קְלָאר אַז אִין פסח קָאן ער דָאס בְּרוֹט נִיט גִיבְּרוֹכִין וועגִין דֶעם חמץ, און נָאךְ פסח קָאן ער אוֹיךְ נִיט אָן נֶעמִין דָאס דָאזִיגִי בְּרוֹט, אוֹיךְ קֵיין גֶעלְד נִיט דֶער פַאר, וָוארִין נָאךְ דִיא תורה שבעל פה נָאךְ טָאר ער קֵיינִי הנאה נִיט הָאבִּין פוּן דֶעם חמץ וָואס אִיז אִין דִיא טֶעג פוּן פסח פַארְהַאנְדִין גִיוֶועזִין, דָאס אִיז אַיין שְׁוֶועריר אופן, אָבִּיר נִיט מִיר הָאבִּין דִיא תקנה גִימַאכְט. דִיא תורה שבעל פה וָואס שְׁמוּסְט פוּן דִיא דָאזִיגִי שְׁוֶועריגְקֵייט הָאט אוֹיךְ אֵיינִי עצה גִיגֶעבִּין וָואס מַאן זָאל דֶער בַּייא טְהוּן.

ישראל שמקבל מגוי ככרות ברבית בכל שבוע כתב אבי העזרי שיאמר לו קודם הפסח שיתן לו בשבוע של פסח קמח או מעות ואז אפי' אם באו אחר כך לחשבון מותר לקבל ממנו מה שלא קבל בתוך הפסח:

„אַיין ישראל וָואס נֶעמְט פוּן אַיין גוֹי בְּרוֹט אִין רווחים אִיטְלִיכִי וָואךְ, הָאט דֶער אבי העזרי גִישְׁרִיבִּין, אַז ער זָאל פַאר פסח צוּ אִיהם זָאגִין אַז ער זָאל אִיהם גֶעבִּין אִין דֶער וָואךְ פוּן פסח מֶעהל אוֹדִיר גֶעלְד, און דֶענְצוּמָאל אפילו ווען זַייא קוּמִין דֶער נָאךְ צוּם חשבון מֶעג ער נֶעמִין פוּן אִיהם דָאס וָואס ער הָאט נִיט גִינוּמִין אִין פסח" (ארבע טורים, אורח חיים סימן ת"נ). נָאךְ דִיא דָאזִיגִי פְּרָאסְטִי המצאה נָאךְ קָאן ער דוּרְךְ אַיין בְּלוֹסִין זָאג פוּן וֵוייניג ווערְטִיר דָאס מוּתר מַאכִין וָואס וָואלְט פְרִיר אֵייגִי גְרוֹסִי זִינְד גִיוֶועזִין. עס אִיז נִיט נֵייטִיג אפילו אַז זַיינִי דעה זָאל דווקא

זַיין צוּ הָאבּין מעהל אוֹדיר גֶעלְד, זַיינִי דעה מֶעג זַיין צוּ הָאבּין דָאס חמץ נָאךְ פסח, דִיא וֶוערְטִיר מַאכִין עֶס שׁוֹן אַזוֹ גוּט גְלַייךְ עֶר מֶעכְט טַאקִיש דָאס וֶועלְלִין הָאבִּין וָואס עֶר זָאגְט. דָאס זֶעלְבִּיגִי סֵפֶר דֶערְצֵייהלְט אַיינִי עצה וָואס רש"י הָאט גִיגֶעבִּין אִין אַיינִי אַנְדִירִי שְׁוֶועריגְקַייט אִין דֶעם דָאזִיגִין ענין.

שאלו לרש"י ישראל וגוי שיש להם תנור בשותפות מהו לומר לגוי טול אתה של פסח ואני אטול אחר כך והשיב שיתנה קודם הפסח ויטול דמים מאותו שבוע:

„מַאן הָאט רש"י אַיינִי שאלה גִיפְרֶעגְט, אַיין ישראל אוּן אַיין גוי וָואס הָאבִּין אַיין אוֹפִין אִין שׁוּתפוּת, אוֹב עֶר מֶעג זָאגִין צוּם גוי, נֶעם דוּ דָאס פֶערְדִינִיבְּטְס פוּן פסח אוּן אִיךְ וֶועל נֶעמִין דֶער נָאךְ. אוּן עֶר הָאט גִיעֶנְטְפִירְט, אַז עֶר זָאל דֶעם תנאי אוֹיס נֶעמִין פַאר פסח, אוּן זָאל נֶעמִין דָאס גֶעלְד פוּן דִיא זֶעלְבִּיגִי וָואךְ" (דָארְטִין). אַיין מֶענְשׁ מִיט גִיזוּנְדִין שֵׂכל וֶועט זֶעהִין אַז דָא אַזוֹ וִויא אִין דִיא אַנְדִירִי אוֹפַנִים הָאט דֶער יוּד טַאקִיש יוֹא הנאה פוּן דֶעם חמץ וָואס אִיז פַארְהַאנְדִין אִין דֶער צַייט פוּן פסח, אוּן אַז אוֹב עֶר קְרִיגְט דָאס גֶעלְד אוֹדִיר דִיא הנאה פְרִיר אוֹדִיר דֶערְנָאךְ, אַזוֹ אִיז דָאךְ באמת קֵיין אֵייגֶנְטְלִיכִיר חִילוּק נִיט אִין דֶער זַאךְ זֶעלְבִּיר וָואס עֶר טְהוּט אִין דִיא דָאזִיגִי אוֹפַנִים. דֶער אֵיינְצִיגִיר שׁוֹרש פוּן אַלִי דִיא דָאזִיגִי דינים אִיז דִיא אוֹיס בַּיידוּנְג פוּן דֶעם וָואס וֶוערְט גִיהַאלְטִין פַאר אַיין גִיבָּאט פוּן גָאט. דֶער מֶענְשׁ וָואס גִיבְּט אַוֶועק דָאס חמץ אוּן זַיינִי כוונה דֶער בַּייא אִיז עֶס נָאךְ פסח, ווידיר אִין זַיין רשות אַרַיין צוּ נֶעמִין. יוֹין דֶער מֶענְשׁ וָואס פֶערְקוֹיפְט עֶס נוּר אוֹיף אֵיינִי וָואךְ, אוּן עֶר וַויים דֶער בַּייא גַאנְץ וואוהל אַז עֶס בְּלַייבְּט דָאךְ גָאר זַיין, דֶער גִיבְּט עֶס נִיט אַוֶועק אוּן פֶערְקוֹיפְט עֶס נִיט אִין אמת. עֶס קָאן זִיךְ אפשר אוֹיסְוֶוענִיג דַאכְטִין אַז עֶר טְהוּט דָאס, אָבִּיר גָאט ב"ה רִיכְטִיט נִיט נָאךְ דֶעם וָואס וַוייזְט זִיךְ אוֹיסְוֶוענִיג,— עֶר זֶעהט אוֹיף דִיא כוונה פוּן דֶעם הַארְץ. עֶר אִיז נִיט צוּ פְרִידִין מִיט דִיא פָארְם פוּן גֶעבִּין אוֹדִיר פֶערְקוֹיפִין, נַייאִירְט עֶר זֶעהט אוֹיף דִיא אִינְוֶוענִיגְסְטִי גִידַאנְקִין פוּן דִיא וֵוילִין, עֶר זֶעהט אַז דֶער מֶענְשׁ ווינְשְׁט נִיט אוּן וִויל נִיט טְהוּן

דאס איינע און ניט דאס אנדירי, און ער האלט איהם פאר
אין חוטא במזיד, פר איין מענש וואס טוהט דיא עבירה
מיט איבירלייגונג און גערין. אביר מיר פרעגין איטליכין יוד
וואס זיין פערשטאנד איז ניט פערפעלשט מיט פערדרייהטי
המצאות, אוב איין זאלכיר דת מיט עצות דיא געטליכי
גיבאט אוים צו מיידין, אוב ער איז ווערטה בכבוד גיהאלטין
צו ווערין, אפילו נאך דיא דרך ארץ כללים נאך פון דער
דאזיגיר וועלט. אודיר קאן איינע זאלכי אויפפיהרונג וויא
איין גוטיר דינסט וואוהל גיפאללין פאר גאט ב"ה, איינע אויף
פיהרונג וואס איז מיאוס אפילו פאר מענשין. אביר פאר
אלים, קאן דאס זיין דיא תורה וואס איז צו משה גיגעבין
גיווארין פון דעם גאט פון אמת. דאס איז עס וואס גיבט דעם
דאזיגין שמוס זייני גאנצי וויכטיגקייט. ווען דער תלמוד
מיט אלי זייני דינים וואלט בלוס גיהאלטין גיווארין פאר איינע
טשעקאווע זאך וואס איז איבריג גיבליבין פון אלטי צייטין, פאר
איינע אויף ווייזונג פון פילירלייא פערדרייהטי פאלשי קלוגהייט,
אודיר חלומות וואס פארצייטיגי בית המדרשניקים האבין גיהאט
וואכינדיגירהייט, אזו וואלטין מיר ביידי גיקאנט פאר איהם פארבייא
גיין מיט איין גילעכטיר. אביר ער ווערט גיהאלטין פאר דיא
תורה פון גאט. ער איז דיא אמונה פון דעם גרעסטין טהייל
פון דעם יודישין פאלק, און אן ספק, טאקיש אין דעם דאזיגיר
צייט מאכט זיך מאנכיר יוד אין דיא פערשידיני מדינות ביריייט
זיין חמץ אויף האטאוויס צו פערקויפין, אודיר שרייבט זיך איין
שטר מכירה כדי דאס חמץ או"ם זיין רשות מיקלמפירשט אוועק
צו טהון נאך דיא כללים און תקנות נאך פון דיא תורה שבעל
פה. זייא טהון עס אין פשטות, מיט פאלשיר כוונה, און
מיינין אז דאס איז פרומיגקייט. זייא ווערין אין טעות ארום
גיפיהרט: אביר ליגט ניט איינע שרעקליכי לאסט אויף דעם הארץ
פון דיא יודין וואס וויסין עפים בעססירס, וועלין זייא ניט
מוזין שרעקליך דין וחשבון אב געבין אז זייא וויסין עפים
בעססירם און לאזין דאך זייארי ברידיר אין דעם דאזיגין
שרעקליכין טעות, יוא, און ביפעסטיגין זייא דרינין דערדורך
אז זייא טהון אויך זעלביר דיא דאזיגי צערעמאניעם וואס דער

דאזיגיר

דָאזִיגִיר דַת הֵייסְט זֵייא. פוּן וֶועגֵין דֶעם דָאזִיגֵין דַת אִיז דָאס פָאלְק נָאךְ פֶערְטְרִיבִּין פוּן ארץ ישראל. פוּן וֶועגֵין דֶעם דָאזִיגֵין דַת אִיז דֶער צָארְן פוּן גָאט נִיט צוּרִיק גִיקֶעהֶרְט אוּן זַיינִי הַאנְד אִיז נָאךְ אוֹיס גִישְׁטְרֶעקְט. מֵילָא וֶוען אִיהר הָאבְּט לִיבּ אַייאֶר פָאלְק, וֶוען אִיהר וִוינְשְׁט אַז זֵייא זָאלִין דֶערְהֵייכְט וֶוערִין, אוּן וֶוען אִיהר פֶערְלַאנְגְט אַז זֵייא זָאלִין צוּ אוֹשֶׁר עוֹלם הבא קוּמִין. אַזוֹ הֵייבְּט אוֹיף אַייאֶרִי שְׁטִים אוּן זָאגְט אַרוֹיס בפרהסיא אַז דִיא תורה שבעל פה אִיז שְׁלֶעכְט. זַייט בַן דִיא סופרים אוּן פרושים וִויא דִיא מֶענְשִׁין וָואס הָאבִּין אוֹיס גִיטְרַאכְט דֶעם דָאזִיגִין דַת אוּן הָאבִּין צוּ עֶרְשְׁט גורם גִיוֶועזִין דִיא דָאזִיגִי גִיפַאנְגִינְשַׁאפְט ברוחניות אִין וֶועלְכִיר דָאס יוּדִישִׁי פָאלְק אִיז שׁוֹן אַזוֹ פִילִי הוּנְדִירְט יָאהר גִיהַאלְטִין גִיוָוארִין. נוּן וֶוען אִיהר זֶענְט מזכיר דִיא בַּארְמְהֶערְצִיגְקַייטִין וָואס גָאט ב"ה הָאט אַיךְ גִיטָהאן אִין דֶעם אַז עֶר הָאט אַיךְ אַרוֹיס גִיבְּרֶענְגְט פוּן דֶעם דִינְסְט הויז, בִּימִיהט אַיךְ אַרוֹיס צוּ בְּרֶענְגִין אַייאֶרִי בְּרִידִיר פוּן דִיא נָאךְ שֶׁענְדְלִיכִירִי קֵייטִין פוּן טעות אוּן פַאלְשִׁי אמונה. צוּ גְלַייכִיר צַייט בִּיטְטִין מִיר אַיךְ צוּ אִיבִּיר לֵייגִין דֶעם אופן פוּן אַזוֹ פִילִי פוּן אַייאֶר פָאלְק וִויא זֵייא הָאבִּין גִיטָהאן דֶענְצוּמָאל וֶוען דִיא דָאזִיגִי קֵייטִין זֶענִין גִיקָאוֶועט גִיוָוארִין, וִויא זֵייא זֶענִין בככבוד פְרַייא גִיבְּלִיבִּין פוּן דִיא דָאזִיגִי טעות אוּן הָאבִּין אוּנְס אִיבִּיר גִילָאזְט אַיינִי זַאמְלוּנְג פוּן שְׁרִיפְטִין וָואס זֶענִין גָאר אִין גַאנְצִין פְרַייא פוּן אַזָאלְכִי פַאלְשִׁי קְלוּגְהַייט אוּן הָאבִּין קֵיין שׁוּם צֵייכִין נִיט דֶער פוּן. מִיר מֵיינִין דִיא תלמידים פוּן ישוע הנוצרי, זֵייא זֶענִין אוֹיךְ גִיוֶועזִין יוּדִין, קִינְדִיר פוּן אברהם, אוּן פוּן דֶעם גִישְׁלֶעכְט פוּן ישראל. וִויא אַזוֹ אִיז עֶס נוּן, אַז דִיא דָאזִיגִי לַייט, וָואס דִיא בעלי התלמוד הָאבִּין זֵייא בַן גִיוֶועזִין וִויא מינים אוּן אוֹיס בְּרֵייטִירְס פוּן אמונת שקר, הָאבִּין אוּנְס אִיבִּיר גִילָאזְט דִיא עיקרים אוּן כללים פוּן אַיינִי רֶעכְטִי שֵׁיינִי אוּן פֶערְשְׁטֶענְדִיגִי פְרוּמִיגְקַייט, אָבִּיר זֵייאֶרִי שופטים אוּן פֶערְקְלַאגִירְס זֶענִין אִיבִּיר דֶעם קָאפְּף אַרִיבִּיר אַרַיין גִיפַאלְלִין אִין טעות אוּן אפילו אִין מִיאוּסְקַייט. וֶוען ישוע אוּן זַיינִי תלמידים וָואלְטִין גִיוֶועזִין בִּיטְרוּגִירְס אוֹדִיר פַיינְדְשַׁאפְטְלִיכִי לַייט פוּן פַאלְשִׁי פְרוּמִיגְקַייט, וִויא אַזוֹ אִיז עֶס אַז זֵייא זֶענִין בִּיהִיטִיט גִיבְּלִיבִּין אוּן

האבין

הָאבִּין נִיט אַיינְגישארְפט אַזֶעלְכִי פאלְשִׁי לֶערְנוּנְג צוּ גְלוֹיבִּין אוּן צוּ הַאלְטִין: אוּן וֶוען דִיא סופרים אוּן פרושים וָואלְטִין רֶעכְט גִיהַאט אִין דִיא משפטים אוּן רדיפות קייגִין זַייא, וֶוען זַייא וָואלְטִין דֶערְדוּרְךְ באמת גָאט גִידִינְט, אוּן זִיךְ אַיינְגִישְׁפַּארְט קייגִין פַאלְשִׁי פָארְדִירוּנְגִין, וִויא אַזוֹ אִיז עֶס אַז זַייא זֶענִין אִיבִּיר גִיגֶעבִּין גִיוָוארִין אִין אַזֶעלְכִי טעות אַריין אוּן אִין אַיין זָאלְכִין דַת פוּן נַארִישִׁי קְלֵיינִיגְקֵייטִין. אַז זַייא הָאבִּין זִיךְ יוֹא גִיקָאנְט טוֹעה זַיין וַוייזִין יֶענִי שְׁטִיקִיר אוֹבִּין פוּן דִיא תּורה שבעל פה גַאנְץ קְלָאר אוּיס גָאר אָן אַבְּוֶוענְדוּנְג. זַייא הָאבִּין זִיךְ גָאר אִין גַאנְצִין טוֹעה גִיוֶועזִין אִין דֶעם עֶרְשְׁטִין עיקר, וָואס וואוֹהל גִיפֶעלְלִיגִיר דִינְסְט פוּן גָאט אִיז, וָואס רֶעכְטִי פְּשׁוּטִי כוונה אוּן וָואס עֶהרְלִיכְקֵייט פוּן דֶעם הַארֶץ אִיז. דִיא בְּלוֹסִי פָארִם גִילְט נָאךְ זַייאֶרִי רֵייד נָאךְ אַזוֹ וִויא דָאס רֶעכְטִי הַאלְטִין פוּן דִיא גִיבָּאט פוּן גָאט, אַזוֹ הָאבִּין זַייא אֵיינְס פַאר דֶעם אַנְדִירִין פֶערְטוֹישְׁט. אִין אַלִי דִיא דָאזִיגִי זַאכִין הָאבִּין זַייא זִיךְ טוֹעה גִיוֶועזִין, אָבִּיר ישוע אוּן זַיינִי תלמידים הָאבִּין דֶעם אמת גִיזָאגְט אוּן דֶערְהַאלְטִין. זָאגְט נוּן, וִויא אַזוֹ אִיז דָאס גִישֶׁעהִין. דֶער תלמוד זָאגְט אַז מַאן זָאל אַנְצוּנְדִין אַיין וַואקְס לִיכְט אוּן מַאן זָאל חמץ אוֹיף זוּכִין אִין אַיין מוֹיז לָאךְ, אוּן אַז מַאן זָאל דָאס גַאנְצִי חמץ פוּן רשות אַרוֹיס פטור וֶוערִין דוּרְךְ אַיין הַאנְדִיל אוֹיף קַאטָאוִוים. דֶער ברית חדשה זָאגְט, ״רֵיינִיגְט אוֹיס דָאס אַלְטִי זוֹיאֶרְטֵייג, אַז אִיהר זָאלְט זַיין אַיין נַייא טֵייג אַזוֹ וִויא אִיהר זֶענְט אוֹם גִיזַייאִירְט: וָוארִין קְרִיסְטוּס אוּנְזֶער קרבן פסח אִיז פַאר אוּנְס גִישְׁטָארְבִּין: דַארוּם לָאזִין מִיר דָאס פֶּעסְט הַאלְטִין, נִיט מִיט אַלְטִין זוֹיאֶרְטֵייג, אוּן אוֹיךְ נִיט מִיט דֶעם זוֹיאֶרְטֵייג פוּן בּוֹיזְהַייט אוּן שַׁאלְקְהַייט, זוּנְדֶערְן מִיט דֶעם אוֹם גִיזַייאִירְטִין בְּרוֹט פוּן לוֹיטֶרְקֵייט אוּן וַואהְרְהַייט״ (א׳ קארינטר ה׳ פסוק ז׳ וח׳).



# נתיבות עולם

## עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז.

### דיא אלטי שטעגין.

---

### נומר י״ב

---

אִין דֶעם יָאהר אִין וֶועלְכֶים דָאס אִיז גִישְׁרִיבֶּין גִיוָוארִין אִיז דֶער יוּדִישִׁיר אוּן קְרִיסְטְלִיכִיר פסח גִיפַאלֶּלִין נָאהֶנְט צוּ אֵיינַאנְדִיר, אוּן דָאס דָאזִיגִי צוּ זַאמְמִין גִיפַאלִין גִיהֶערְט אוּנְס בֵּיידִי צוּ דֶער מַאנִין אָן יֶענִי גְלִיקְלִיכִי צַייט, וֶוען אַלִי מֶענְשִׁין וָואס זֶענִין אַזוֹ לַאנְג צוּ טְהֵיילְט וֶועלִין ווִידִיר פֶערְאֵיינִיגְט וֶוערִין אִין אֵיינִי, גְרוֹסִי, הֵיילִיגִי, אוּן גְלִיקְלִיכִי משפחה, אוּן וֶועלִין זִיךְ אַלִי פְרֵייאִין אִין דֶער בַּארְמְהֶערְצִיגְקַייט אוּן גְנָאד פוּן זֵייאֶר הִימְלִישִׁין פָאטִיר אוּן וֶועלִין זִיךְ אַלִי אֵיינַאנְדִיר לִיבּ הָאבִּין אִין עֶהרְלִיכְקֵייט אוּן וַוארְהַייט. אוֹיף דִיא דָאזִיגִי צַייט הָאפְפִין מִיר, אוּן אפילו אִיצוּנְד בִּינוּצִין מִיר אוּנְזֶרִי דֶעמוּטִיגִי בִּימִיהוּנְגִין אַז זִיא זָאל גִישְׁווִינְדִיר אָן קוּמִין. יוֹא, אֵיינִיר פוּן דִיא טעמים פַאר וָואס מִיר בִּימִיהִין זִיךְ דִיא יוּדִין דֶערצוּ צוּ בְּרֶענְגִין אַז זֵייא זָאלִין דִיא תורה שבעל פה פֶערְשְׁטֶעהִין אִיז, וַוייל מִיר גְלוֹיבִּין פֶעסְט אַז זִיא אִיז אֵיינִי פוּן דִיא הוֹיפְּט אוֹיף הַאלְטִינִיש אוֹיף דֶעם וֶועג פוּן זֵייאֶרִי גְלִיקְלִיכְקֵייט אוּן פוּן דִיא פֶעלְקִיר אִין דֶער וֶועלְט. מִיר הָאבִּין קַיין שוּם פֶערְלַאנְגִין נִיט פוּן אַייךְ אַוֶועק צוּ רַייסִין אֵיינִי ברכה וָואס אִיז צוּ גִיזָאגְט גִיוָוארִין אִין דֶעם וָוארְט פוּן גָאט עֶס זַייא וֶועלְכִי עֶס אִיז, מִיר ווִיללִין פוּן אַייךְ נִיט אַוֶועק גֶעמִין קֵיינִי אֵיינְצִיגִי הָאפְפְנוּנְג וָואס אִיז גִיגְרוּנְדְפֶעסְטִיגְט אוֹיף דִיא הבטחות פוּן גָאט ב״ה. אדרבה, מִיר פְרֵייאִין זִיךְ מִיט דֶער מחשבה אַז אפילו בַּייא אַלִי דִיא נַארִישִׁי קַבָּלָה זַאכִין פוּן דִיא סוֹפרים אוּן פרוּשים הָאט עֶס דָאךְ נָאךְ גָאט ב״ה וואוהל גִיפַאלֶּלִין שְׁטַארְק צוּ דֶערְהַאלְטִין. אִין אַייאֶרִי הֶערְצִיר דָאס גִידֶעכְטִינִיש פוּן זַיינִי

בארעמהרציגקייט

בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט וָואס עֶר הָאט אַייךְ שׁוֹן גִיטָהאן אוּן דִיא הָאפפְנוּנְג אוֹיף זַיינֶע גוּטִיגְקֵייט וָואס עֶר וֶועט אַייךְ נָאךְ טהוּן. צוּ דִיא אִיבֶּערְלֵייגוּנְג פוּן דִיא דָאזִיגֶע צְוֵוייא פּוּנְקְטִין בְּרֶענְגְט אַייךְ אִין דֶער אִיצוּנְדִיגֶער צַייט (*) דִיא תּוֹרָה פוּן משה אוּן אַייאֶרֶע בֶּישְׁטִימְטֶע גִיבֶּעט, אוּן דוּרךְ דִיא בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט פוּן גָאט ב״ה אוּן דִיא לִיבְּשַׁאפְט פוּן עֶטְלִיכֶע פוּן אַייאֶרֶע בְּרִידֶער זֶענִין מִיר וָואס מִיר קוּמִין אַרוֹיס פוּן דִיא גוֹיִם דֶערצוּ גִיבְּרֶענְגְט גִיוָוארִין זִיךְ צוּ פְּרֵייאִין מִיט דֶער גְלַייכִין אִיבֶּערְלֵייגוּנְגִין. לָאזִין מִיר זִיךְ נוּן בְּמִיהִין פָּאר אוֹיס צוּ פִּיהלִין דָאס וָואס וֶועט לעתיד גִישֶׁעהִין אוּן לָאזִין מִיר זִיךְ שׁוֹן אִיצוּנְד מִיט אֵיינַאנְדֶער פְּרֵייאִין, אוּן בַּייא דֶעם דָאזִיגִין שֵׁיינִין ענין וֶועלִין מִיר אִיצוּנְד נִיט אַיין בִּיזוּנְדִירִן שְׁמוּס גֶעבִּין פוּן דִיא תּוֹרָה שבעל פה. וֶוען דִיא בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט פוּן גָאט וָואלְט זִיךְ שׁוֹן גָאר אִין גַאנְצִין אוֹיס גִילָאזְט אִין דֶער פֶּערְגַאנְגִינֶער צַייט אַזוֹ מֶעכְטִין אוּן וָואלְטִין מִיר גִימוּזְט פִּיהלִין אַז מִיר זֶענִין מחויב דַאנְק צוּ בְּוַוייזִין פַאר דִיא טוֹבוֹת וָואס עֶר הָאט גִיטָהאן צוּ אוּנְזֶערֶע פֶּעטֶער: דָאךְ וָואלְט אוּנְזֶערֶע פְּרֵייד דֶערְבַּייא קְלֵיינֶער גִיוֶועזִין. אָבֶּער דִיא זַאךְ אִיז נִיט אַזוֹ. מִיטִין אִין אַייאֶרֶע דֶערְקֶענְטְנִישׁ מִיט דַאנְק פַאר דִיא וואוּנְדֶער אִין מצרים קֶענְט אִיהר אַרַיין מִישִׁין אֵיין גִיבֶּעט פַאר לעתיד אוּן זָאגִין

לשנה הבאה בירושלים

„דָאס קוּמִינְדִיגֶע יָאהר אִין ירושלים״.

רחם נא יי אלהינו על ישראל עמך ועל ירושלים עירך ועל מזבחך ועל היכלך ובנה ירושלים עיר הקודש במהרה בימינו והעלנו לתוכה ושמחנו בה:

„דֶערְבַּארְם דִיךְ. מִיר בִּיטִין, הֶערר אוּנְזֶער גָאט, אִיבֶּער דַיין פָאלְק ישראל אוּן אִיבֶּער דַיין שְׁטָאט ירושלים אוּן אִיבֶּער דַיין אוֹפְּפֶער שְׁטוּהל אוּן אִיבֶּער דַיין היכל; אוּן בּוֹיא ירושלים דִיא הֵיילִיגֶע שְׁטָאט בַּאלְד אִין אוּנְזֶערֶע טֶעג אוּן בְּרֶענְג אוּנְס צַרוֹיף אִין צְווִישִׁין אִיהר אוּן דֶער פְּרֵייא אוּנְס אִין אִיהר״ (הגדה של פסח). אוּן צוּ דֶעם דָאזִיגִין גִיבֶּעט קֶענִין מִיר זָאגִין, „אמן״ מִיט אוּנְזֶער גַאנְצִין

(*) דער דאזיגער נומר איז קורץ פאר פסח גישריבין גיווארין.

גַאנְצִין הַאָרֶץ. דִיא וִוידִירְקֶעהרוּנְג אוּן בֶּענְטְשוּנְג פוּן ישראל לעתיד אִיז אֵיינִי פוּן אוּנְזֶרֵי לִיבְּסְטִי הָאפפנוּנְגִין, אוּן אַז מִיר בִּיטְרַאכְטִין דיא מעשה אוּן דִיא הֶערְלִיכְקַייט פוּן דֶעם עֶרְשְׁטִין אַרוֹיס גֵיין אוֹיס מצרים, אַזוֹ פִיהרְט אוּנְס דָאס וָוארְט פוּן דֶעם לֶעבִּינְדִיגִין גָאט וַוייטִיר צוּ זֶעהִין אוֹיךְ דָאס וָואס וֶועט גִישֶׁעהִין לעתיד.

### כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות

„וִויא אִין דִיא טֶעג פוּן אַרוֹיס גֵיין פוּן דֶעם לַאנְד מצרים וֶועל אִיךְ אִיהם וַוייזִין וואוּנְדִיר", דָאס אִיז דִיא הבטחה וָואס אִיז גִיגֶעבִּין גִיוָוארִין דוּרְךְ מיכה הנביא (קפיטל ז' פסוק ט"ו).

והחרים יהוה את לשון ים מצרים והניף ידו על הנהר בעים רוחו והכהו לשבעה נחלים והדריך בנעלים: והיתה מס"ה לשאר עמו אשר ישאר מאשור כאשר היתה לישראל ביום עלתו מארץ מצרים:

„אוּן יהוה וֶועט מחרים זַיין דִיא צוּנְג פוּן דֶעם יַם פוּן מצרים, אוּן עֶר וֶועט אוֹיף הֵייבִּין זַיינִי הַאנְד אִיבִּיר דֶעם בָּאךְ מִיט דִיא שְׁטַארְקְהַייט פוּן זַיין מוּנְד, אוּן וֶועט אִיהם שְׁלָאגִין צוּ זִיבִּין טַייכִין אוּן עֶר וֶועט אִיהם מַאכִין טְרֶעטִין מִיט שִׁיךְ: אוּן עֶס וֶועט זַיין אַיין שְׁטֶעג צוּ דֶעם אִיבְּרִיגִין פוּן זַיין פָאלְק, וָואס וֶועט אִיבְּרִיג בְּלַייבִּין פוּן אשור, אַזוֹ וִויא עֶס אִיז גִיוֶועזִין צוּ ישראל אִין דֶעם טָאג, אַז עֶר אִיז אַרוֹיף גִיגַאנְגִין פוּן לַאנְד מצרים", דָאס אִיז דִיא דֶערְקְלֶערוּנְג פוּן ישעיה הנביא (קפיטל י"א פסוק ט"ו וט"ז). אַז מִיר זֶעהִין אַז קֵיינִי פוּן דִיא דָאזִיגִי צְוֵוייא הבטחות אִיז נִיט דֶערְפִילְלְט גִיוָוארִין בַּייא דֶער צוּרוּק קֶעהרוּנְג אוֹיס בבל אוּן אוֹיךְ נִיט אִין קֵיינִיר צַייט דֶער נָאךְ, אַזוֹ גְלוֹיבִּין מִיר פֶּעסְט אַז זֵייא וֶוע'ן דֶיערְפִילְלְט וֶוערִין אִין דֶער צַייט וָואס וֶועט נָאךְ קוּמִין, אוּן אַז דַארוּם הָאבִּין דִיא מחברים פוּן דִיא הגדה גַאנְץ רֶעכְט גִיהַאט אַז זֵייא הָאבִּין צְווִישִׁין זֵייאֶרִי דַאנְק גִיבֶּעט פוּן פסח אַבֵין גִישְׁטֶעלְלְט אֵיין גִיבֶּעט אוֹיף דִיא דֶערְפִילְלוּנְג פוּן דִיא צוּ גִיזָאגְטִי בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייטִין: אוּן מִיר זֶענִין נִיט מסופק צוּ זָאגִין אַז אִין דֶעם דָאזִיגִין ענין הָאבִּין דִיא יוּדִישִׁי רבנים רֶעכְט גִיהַאט, אוּן פִילִי קְרִיסְטְלִיכִי מפרשים הָאבִּין אוּם רֶעכְט גִיהַאט; הָאטְשִׁי

זייא וואלטין גיקאנט וויסין און געבין איין וואהרהאפטיגין פירוש פון אלי דערגלייכין פסוקים, ווען זייא וואלטין נור גיפאלגט דיא קלארי ווערטיר פון זייאר העררן ישוע הנוצרי, "גידענקט ניט דאס איך בין גיקומין דיא תורה אודיר דיא נביאים צו פר שטערין" (מתיא ה׳ י״ז). מיר זאגין דאס צו ווייזין אז מיר זענין ניט דן דיא רבנים אן איבירלייגונג, נייארט אז מיר זענין בירייט זייא גאנץ רעכט צו געבין דארט וואו זייארי מיינונגין פאסטין צוזאממין מיט דעם ווארט פון גאט. זייארי האפפנונג פון דיא ווידירקעהרונג פון ישראל לעתיד איז וואוהל גיגרונדעפעסטיגט, און זייאר גלויבין אן דיא הבטחות וואס גיין דארויף איז ווערטה פון אלי נאך גיטהאן צו ווערין. הלואי אז דאס גאנצי פאלק וואלט דער פון מעהר גיהאט, אז זייארי הערצער וואלטין מעהר גיריכטיט גיוועזין צו דעם לאנד פון זייארי אבות, אז זייארי גידאנקין וואלטין מעהר אנגיפיללט גיוועזין מיט דיא הבטחות פון גאט. אזו וואלטין זייא מיט מעהר ערינצט גישריגין צו גאט און ער וואלט "גיהערט זייאר גישרייא און גידענקט זיין בונד מיט אברהם, מיט יצחק און מיט יעקב", אזו וויא ער האט גיטהאן בייא דיא דערלייזונג אוים מצרים. דיא לייכטזיננינגי און ניט פרומי ביטרוגין זיך זעלביר און מיינין אז ווען דיא צייט פון גאט קומט אזו וועט דיא דערלייזונג גישעהין גאר אן זייארי בימיהונג. לאזין זייא ליינין דיא תורה פון משה און זייא וועלין גיפינין אז חאטשי גאט האט צו גיזאגט ארוים צו ברענגין זייארי פעטיר פון מצרים ארוים, אזו איז פאר דיא דערלייזונג זעלביר גיוועזין איני צייט פון גיבעט און גישרייא צו גאט. צו אברהם האט ער גיזאגט.

ידע תדע כי גר יהיה זרעך בארץ לא להם ועבדום וענו אתם ארבע מאות שנה .... ודור רביעי ישובו הנה וגו׳:

"דו זאלסט גיוויס וויסין אז דיין זאמין וועט זיין איין פרעמדלינג אין איינים לאנד וואס איז ניט צו זייא. און זייא וועלין זייא דיאנין. און זייא וועלין זייא פייניגין פיר הונדירט יאהר .... און דאס פירטי גישלעכט. זייא וועלין ווידיר אהער קומין" וגו׳ (בראשית ט״ו פסוק י״ג וט״ז). אביר דיא דאזיגי

הבטחה

הבטחה איז קיין רשות פאר זייא ניט גיוועזין לייכטזיניג צו זיין און אן זארג. אדרבה, זיא איז גיוועזין איין גרונד צו ערינרצט און דעמוטיג גיבעט און צו שרייאין נאך בארמהערציגקייט. און דארום ווען דיא צייט האט זיך גינאהנט, ליינין מיר,

ויאנחו בני ישראל מן העבדה ויזעקו ותעל שועתם אל האלהים מן העבדה:

„און דיא קינדיר ישראל האבין גיזיפצט פון וועגין דעם דינסט, און זייא האבין גישריגין, און זייאר גישרייא איז ארויף גיגאנגין צו אלהים פון וועגין דעם דינסט״: (שמות ב׳ כ״ג). און גאט ב״ה זעלביר זאגט דאס פאר איין טעם פאר וואס ער איז גיקומין זייא צו דערלייזין.

ועתה הנה צעקת בני ישראל באה אלי

„און איצונדירט, נון דאס גישרייא פון דיא קינדיר ישראל איז גיקומין צו מיר״ (שמות ג׳ ט׳). אלי ישראל וואס פערלאנגין דיא דערפיללונג פון דיא הבטחות פון גאט זאלטין דא נון לערנין וואס פאר איין גימוטה עס איז נייטיג צו האבין איידיר עס קומין צו זייא דיא טובות פון זייאר גרוסין דערלייזיר. דיא ישראל קענין איצונד ניט אנדירשט דערלייזט ווערין וויא פאר צייטין, נייארט זייא מוזין ערינרצט פערלאנגין דערלייזט צו ווערין. צו וועלכין תכלית זאל ער דערלייזין און ווידיר קעהרין אזעלכי וואס מאכין זיך גאר ניט אויס דאס לאנד פון זייארי אבות און ניט אויס דעם כבוד פון זייאר פאלק, וואס זאגין: מיר זענין דא זייער פרייהליך און גליקליך און אלים וואס מיר פערלאנגין איז צו זיין גלייך וויא דיא אנדירי פעלקיר (נהיה כגוים) — וואס פאר איין גוטס מעכט עס אונס טהון צורוק צו קעהרין קען ארץ ישראל. דיא הבטחות פון גאט זענין ניט פאר אזעלכי קריכינדיגי און ניט גלייבינדיגי גימוטהיר. בייא זייני הבטחה פון בארמהערציגקייט גיבט ער איין גיבאט פלייסיג צו בעטין.

המזכירים את יהוה אל דמי לכם: ואל תתנו דמי לו עד יכונן ועד ישים את ירושלים תהלה בארץ:

איהר

„איהר וָואס טְהוּט גִידֶענְקֶין דֶעם יהוה , עֶס זָאל צוּ אַייךְ ,קיין שְׁווַייגִין נִיט זַיין ; אוּן גִיבְּט אִיהם ,קיין שְׁוַוייגִין נִיט , בִּיס אַז ,עֶר וֶועט אָן בְּרֵייטִין אוּן בִּיס אַז ,עֶר וֶועט מַאכִין ירושלים צוּ אַיין לוֹבּ אוֹיף דֶער ,עֶרְד" ; (ישעיה ס"ב פסוק ו' וז') . אִין יחזקאל ל"ו פסוק ל"ה שְׁטֵייט , "דָאס דָאזִיגִי לַאנְד וָואס אִיז ווִיסְט גִיוֶועזִין אִיז גִיוָוארִין אַזוֹ וִויא דֶער גָארְטִין פוּן עדן , אוּן דִיא פֶערְוִויסְטִי אוּן וִויסְטִי אוּן צוּשְׁטֶערְטִי שְׁטֶעט זֶענִין גִיוָוארִין בִּישֶׁעפְּטִיגְט אוּן זֶענִין בִּיוואוֹהנְט" אוּן דֶער נָאךְ זָאגְט עֶר (פסוק ל"ז)

כה אמר אדני אלהים עוד זאת אדרש לבית ישראל לעשות להם :

„אַזוֹ זָאגְט אדני יהוה , אִיךְ וֶועל נָאךְ וֶועגִין דֶעם דָאזִיגִין גִיפָארְשְׁט וֶוערִין פוּן דֶעם הוֹיז גִיזִינְד פוּן ישראל ,עֶס צוּ טְהוּן פַאר זֵייאִירְט וֶועגִין" . דַארוֹיף זָאגְט רש"י

אתפתה להם בתפילתם בדורשם אותי על זאת :

„אִיךְ וֶועל מִיךְ לָאזִין דֶערְבֶּעטִין צוּ זֵייא דוּרְךְ זֵייאֶר גִיבֶּעט וֶוען זֵייא פָארְשִׁין מִיךְ וֶועגִין דֶעם דָאזִיגִין" . מֵילָא אִיז בִּיפוֹהלִין צוּ בֶּעטִין . אִין הושע שְׁטֵייט אַז אָן גִיבֶּעט אִיז דֶערלֵייזוּנְג אוּם מִיגְלִיךְ .

אלך אשובה אל מקומי עד אשר יאשמו ובקשו פני :

„אִיךְ וֶועל גֵיין אִיךְ וֶועל צוּרוּק ,קֶעהְרִין צוּ מַיין אוֹרְט , בִּיס אַז זֵייא וֶועלִין דֶער ,קֶענִין זֵייאֶרִי שוּלְד אוּן וֶועלִין זוּכִין מַיין אַנְגִיזִיכְט" (הושע ה' ט"ו) . לָאזִין זִיךְ נוּן דִיא ,קינְדֶיר ישראל בִּיקֶעהְרִין אוּן זוּכִין יהוה זֵייאֶר אלהים אוּן דויד זֵייאֶר ,קֶינִיג אַזוֹ וֶועלִין זֵייא פוּרְכְטִין יהוה אוּן זַיינִי גוּטִיגְקַייט אִין דִיא לֶעצְטִי טֶעג . (הושע ג' ה')

אִין דֶער בִּיטְרַאכְטוּנְג פוּן דִיא דֶערלֵייזוּנְג אוֹיס מצרים אִיז דָאךְ אַיינִי זַאךְ פַאר הַאנְדִין וָואס דִיא ישראל זָאלְטִין דֶער דוּרְךְ לֶערְנִין זִיךְ צוּ פְרֵייאִין מִיט צִיטְטִירְנִישׁ , אוּן דִיא זַאךְ אִיז , אַז דֶער גְרֶעסְטִיר טְהֵייל פוּן דִיא וָואס זֶענִין פוּן מצרים אַרוֹיס גִיגַאנְגִין אִיז ,קיין מָאל נִיט ,קֶען ארץ ישראל גיקוּמִין נַייאִירְט

גישְׁטָארְבִּין אִין דֶער וִויסְטִינַייא וֶועגִין זֵייאֶרִי זִינְד און אום גְלוֹיבִּין. דָאס וָואס אִיז גישֶׁעהִין מֶעכְט ווִידִיר קֶענִין גישֶׁעהְן, דִיא ישראל מֶעכְטִין ווִידִיר קֶענִין דֶערלֵייזְט וֶוערִין אויס דִיא לֶענְדִיר פון זֵייאֶרִי צוּשְׁפְּרֵייטוּנְג און אַרוֹיס גִיפִיהְרְט וֶוערִין מִיט אֵיינִי שְׁטַארְקִי הַאנְד און מִיט אַיין אויס גישְׁטְרֶעקְטִין אָרִים און מִיט גְרוֹסִי צֵייכִין און וואוּנְדִיר, און נָאךְ אַלִים דָאךְ שְׁטַארְבִּין אִין זֵייאֶרִי זִינְד. באמת דָאס אִיז נִיט בְּלוֹס אֵיין גִירֶעכְטִיר גִידְרַאנְג אויס דֶעם וָואס הָאט זִיךְ שׁוֹן גִיטָהאן, נֵייאִירְט אֵיינִי אויסדְרִיקְלִיכִי וַוייסְזַאגוּנְג אויף לֶעָתִיד. „וִויא אִיךְ לֶעבּ, זָאגְט אדני יהוה, אוֹבּ אִיךְ וֶועל נִיט קִינִיגִין אִיבִּיר אַייךְ מִיט אֵיינִי שְׁטַארְקִי הַאנְד און מִיט אֵיינִים אויס גישְׁטְרֶעקְטִין אָרִים און מִיט אויס גִיגָאסִינִים גְרִים צָארִין: און אִיךְ וֶועל אַייךְ אַרוֹיס נֶעמִין פון דִיא פֶּעלְקִיר, און אויס דִיא לֶענְדִיר וָואס אִיהר זַייט אִין זֵייא צוּשְׁפְּרֵייט וֶועל אִיךְ אַייךְ אַיינְזַאמְלִין מִיט אֵיינִי שְׁטַארְקִי הַאנְד און מִיט אֵיינִים אויס גישְׁטְרֶעקְטִין אָרִים און מִיט אויס גִיגָאסִינִים גְרִים צָארְן: און אִיךְ וֶועל אַייךְ אַרַיין בְּרֶענְגִין אִין דִיא וִויסְטִינַייא פון דִיא פֶּעלְקִיר און דָארְט וֶועל אִיךְ מִיט אַייךְ רִיכְטִין פנים קֵייגִין פנים: אַזוֹ וִויא אִיךְ הָאבּ גִירִיכְטִיט מִיט אַייאֶרִי פֶּעטִיר אִין דֶער וִויסְטִינַייא פון דֶעם לַאנְד מצרים, אַזוֹ וֶועל אִיךְ מִיט אַייךְ רִיכְטִין, זָאגְט אדני יהוה: און אִיךְ וֶועל אַייךְ מַאכִין אַדוּרךְ גֵיין אוּנְטִיר דִיא רוּהטִ, און אִיךְ וֶועל אַייךְ אַרַיין בְּרֶענְגִין אִין דֶעם פֶּערְבּוּנְדִינִיש פון דֶעם בּוּנְד״:

וברותי מכם המרדים והפשעים בי מארץ מגוריהם אוציא אותם ואל אדמת ישראל לא יבאו:

„און דִיא וָואס ווִידִירְשְׁפֶּענִיגִין און וָואס זִינְדִיגִין קֵייגִין מִיר וֶועל אִיךְ פון אַייךְ אויס קְלוֹיבִּין, אִיךְ וֶועל זֵייא אַרוֹיס בְּרֶענְגִין פון דֶעם לַאנְד פון זֵייאֶרִי פְּרֶעמְדְלִינְגְשַׁאפְט, און זֵייא וֶועלִין נִיט אַרַיין קוּמִין אִין דֶעם לַאנְד פון ישראל״ (יחזקאל כ פסוק ל״ג בִּיס ל״ח). דָא זֶעהִין מִיר נוּן, וֶוען מִיר בִּיטְרַאכְטִין דָאס וָואס אִיז גִיוֶועזִין אוֹדִיר דָאס וָואס וֶועט זַיין, אַז אֵיינִי בְּלוֹסִי דֶערְלֵייזוּנְג בְּגַשְׁמִיוּת אִיז נִיט גִינוּג, אַז דִיא גְרֶעסְטִי ברכות פון גָאט אִין דֶער דָאזִיגִיר וֶועלְט און אפילוּ זַיינִי שְׁטַארְקִי צֵייכִין און וואוּנְדִיר

קענין

קֶענְען אוּנְס לָאזִין אִין דֶער שְׁרֶעקְלִיכִירִיר אוּן שְׁלֶעכְטִירִיר גִיפַאנְגֶנְשַׁאפְט פוּן זִינְד . גַאנְץ גִיוִויס , וֶוען אֵיינִי וואוּנְדֶערְלִיכִי דֶערְלֵייזוּנְג פוּן דֶעם גוּף וָואלְט גִיקָאנְט דֶערְלֵייזִין דִיא נשמה אַזוֹ וָואלְטִין דִיא וָואס הָאבִּין גִיזֶעהִין דִיא וואוּנדִיר אִין מצרים אוּן הָאבִּין אָן זִיךְ זֶעלְבִּיר דֶערְלֶעבְּט דִיא בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט פוּן גָאט אִין זֵייעֶרִי בִּיהִיטוּנְג פַאר דֶעם מלאך המשחית אוּן אִין דֶעם אַדוּרְךְ גֵיין דוּרְךְ דֶעם ים סוף , זֵייא וָואלְטִין גִיוִויס גִימוּזְט זַיין הֵיילִיג גָאר אִין גַאנְצִין . דָאךְ גִיפִינְן מִיר אַז נָאךְ אַלִים דֶעם וָואס זֵייא הָאבִּין גִיזֶעהִין אוּן גִיהֶערְט זֶענִין זֵייא גִיוֶועזִין אֵיין ווִידִיר שְׁפֶּענִיגְדִיג אוּן אוּם טְרַייא גִישְׁלֶעכְט (דור) אוּן זֶענִין אוּם גִיקוּמִין אִין דֶער וִויסְטִינַייא . דִיא מעשה פוּן דִיא דָאזִיגִי גְרוֹסִי דֶערְלֵייזוּנְג דֶערְמָאנְט אַזוֹ אוּנְס זֵייער שְׁטַארְק אָן דִיא קְנֶעכְטְשַׁאפְט פוּן זִינְד אוּן אָן דִיא נוֹטְהֶועְנְדִיגְקֵייט פוּן אֵיינִי אֵיידְלִירִי אוּן נָאךְ גְנֶעדִיגִירִי אוֹיסְלֵייזוּנְג . דִיא ישראל זֶענִין גִיוֶועזִין אִין קְנֶעכְטְשַׁאפְט אִין מִצְרַיִם , אוּן גָאט ב״ה הָאט זִיךְ דֶערְבַּארְמְט אוּן הָאט זֵייא דֶערְלֵייזְט . אַלִי מֶענְשִׁין , יוּדִין אוּן גוֹים , זֶענִין גִיבּוֹרִינִי קְנֶעכְט פוּן זִינְד , אוּן שְׁרֶעקְלִיךְ אִיז דָאס עֶלִינְד וָואס זֵייא הָאבִּין גִילִיטְטִין , אוּן אָן הָאפְנוּנְג דֶער בְּלִיק אוֹיף לעתיד , וֶוען גָאט וָואלְט נִיט גִיהַאט אָנְגִבִּירֵייט אֵיין וֶועג פוּן בִּישֶׁערְמוּנְג . קָאן עֶס דֶען זַיין אַז דֶער גָאט , וָואס הָאט זִיךְ דֶערְבַּארְמְט אִיבִּיר דִיא ישראל אִין זֵייעֶרִי צרות בגשמיות , הָאט גִיזָאלְט אָן רחמנות צוּזֶעהִין דָאס עֶלִינְד בגשמיות אוּן ברוחניות פוּן אַלִי מֶענְשִׁין . קָאן דָאס אִין גִידַאנְקִין אַרַיין אַז דִיא גְנֶעדִיגִי אוֹהְרִין , וָואס הָאבִּין גִיהֶערְט דָאס שְׁרַייאִין פוּן דִיא ישראל אִין מצרים , הָאבִּין גִיזָאלְט טוֹיבּ זַיין קֵיגִין דִיא זִיפְצִין אוּן קְלָאג פוּן אַלִי קִינְדִיר פוּן אדם . דִיא כתבי הקודש זָאגִין אוּנְס וָואס גָאט אִיז אוּן וָואס עֶר טְהוּט , מִילָא וִויא פַּאסְט נוּן דֶערְבַּייא צוּ מֵיינִין אַז עֶר פֶערְשַׁאפְט הִילְף פַאר פוּרְעָנִיוֹת אִין דֶער דָאזִיגִיר וֶועלְט אוּן גִיבְּט דָאךְ נִיט קֵיין סְפָּאסִיבּ פוּן דֶערְלֵייזוּנְג אוֹיס דִיא צרות אִין אֵייבִּיגְקֵייט . קֶענִין מִיר מֵיינִין פוּן אוּנְזֶער הִימְלִישִׁין פָאטִיר אַז עֶר שְׁטְרֶעקְט אוֹיס זַיינִי הַאנְד צוּ בִּישֶׁערְמִין וֵוינִיג פוּן זַיינִי קִינְדִיר אוֹיס מצרים , אוּן דִיא מֵייסְטִי לָאזְט עֶר דָאךְ אוּם קוּמִין אָן דֶערְקֶענְטִינִישׁ אוּן אִין זִינְד . גִילוֹבְּט אִיז גָאט וָואס הָאט אִין זַיינִי גְרוֹסִי בַּארְמְהֶערְצִיגְקֵייט

גישיקט

גִישִׁיקְט יוּדִין צוּ אוּנְזֶערִי אבות אוּנְס מוֹדִיעַ צוּ זַיין פוּן דֶעם בְּלוּט פוּן אֵיין אַנְדִיר אוּן גְרֶעסִיר קָרְבַּן פֶּסַח וָואס עֶס קָאן גוֹים אוּן יוּדִין בִּישֶׁערְמִין פַאר דֶעם גְרִים צָארְן וָואס וֶועט קוּמִין .

משיח פסחנו נזבח בעדינו :

משיח אוּנְזֶער קרבן פסח אִיז גִיאוֹפְּפִירְט פַאר אוּנְס״ ; אוּן דַארוּם הַאלְטִין מִיר אוֹיךְ דֶעם פַייאִיר טָאג אוּן זָאגִין אוֹיךְ דֶעם דַאנְק גִיזַאנְג „גִילוֹבְּט אִיז דֶער הֶערר גָאט פוּן ישראל , וָוארִין עֶר הָאט בִּיזוּכְט אוּן דֶערְלֵייזְט זַיין פָאלְק״ . אִיהר זֶעגְט מזכיר דָאס לַאם פוּן פסח פוּן מצרים . מִיר קֶענִין זָאגִין

הנה שה אלהים הנושא את חטאת כל העולם :

„זֶעהט דָאס לַאם פוּן גָאט וָואס נֶעמְט אַוֶועק דִיא זִינְד פוּן דֶער וֶועלְט״ . אִיהר זֶעגְט מזכיר דָאס שְׁפְּרֶענְגִין פוּן בְּלוּט וָואס הָאט אַייאֶרִי פֶּעטִיר בִּישֶׁערְמְט פוּן טוֹט אִין דֶער דָאזִיגִיר וֶועלְט . מִיר פְּרֵייאִין זִיךְ וַוייל

דם ישוע המשיח יטהרנו מכל חטא :

„דָאס בְּלוּט פוּן ישוע המשיח רֵיינִיגְט אוּנְס פוּן אַלִיר זִינְד״ . אִיהר דֶערְמָאנְט אַייךְ דְרָאן וִויא פִיר טָאג פַאר פסח עֶס אִיז נֵייטִיג גִיוֶועזִין אוֹיס צוּ וֶוייהלִין אֵיין לַאם אָן פֶּעהלִיר אוּן אָן גִיבְּרֶעךְ (מוּם) . מִיר גִידֶענְקִין אָן דֶעם וַואהרְהַאפְּטִיגִין לַאם פוּן פסח , אָן דֶעם משיח , וִויא עֶר אִיז פִיר טָאג פַאר דֶעם גְרוֹיסִין קרבן אַרוֹיף גִיגַאנְגִין קֶען ירושלים אוּן אִיז פֶּערְהֶערְט גִיוָוארִין פַאר דִיא גִירִיכְט אוּן דֶערְקֶעגְט גִיוָוארִין אַז עֶר אִיז אָן זִינְד גִיוֶועזִין . דָאס צֵייגְנִיש פוּן פִּילְטוּס אִיז גִיוֶועזִין , „אִיר הָאט מִיר דִיזְן מַאן גִיבְּרַאכְט , וִויא אֵיין פַר פִירִיר פוּן דֶעם פָאלְק . אוּן נוּן הָאבּ אִיךְ אִים פַר הֶערְט צוּ פַר אַייךְ , אוּן הָאבּ גָאר קֵיין אוּם רֶעכְט נִיט גִיפוּנְדִין אִין דִיזְן מֶענְטְשׁ , וֶועגִין דִיא זַאכִין וָואס אִיר הָאט אִים פַר קְלָאגְט : אוּן הורודוס אוֹיךְ נִיט . וָוארִין אִיךְ הָאבּ אַייךְ צוּ אִים גִישִׁיקְט , אוּן עֶר הָאט אִים גָאר נִישְׁט גִיטָהאן וָואס אִיז וֶוערְט דֶעם טוֹט״ (לוק כ״ג פסוק י״ד וט״ו) . אִיהר דֶערְמָאנְט אַייךְ דְרָאן וִויא דֶער מלאךְ המשחית הָאט אִיבִּיר גִיהִיפְּפְּט אִיבִּיר

דִיא הַייזִיר וואו דָאס בְּלוּט אִיז גִישְׁפְּרֶענְגְט גִיוָוארִין: מִיר זֶעהִין אַהִין אוֹיף יֶענִי שְׁרֶעקְלִיכִירִי צַייט, וֶוען עֶר וֶועט קוּמִין אַזוֹ וִויא עֶס שְׁטֵייט אִין תהלים

יבא אלהינו ואל יחרש אש לפניו תאכל וסביביו נשערה מאד: יקרא אל השמים מעל ואל הארץ לדין עמו: אספו לי חסידי כרתי בריתי עלי זבח:

„אוּנְזֶער אלהים וֶועט קוּמִין אוּן עֶר וֶועט נִיט שְׁוַוייגִין, פַייאֶר וֶועט פַאר אִיהם בְּרֶענְנִין, אוּן רִינְגְס אִיהם אַרוּם טהוּט עֶס זֵייער שְׁטוּרְמִין: עֶר וֶועט רוּפִין צוּ דִיא הִימִיל פוּן אוֹבִין אוּן צוּ דִיא עֶרְד, פוּן וֶועגִין צוּ רִיכְטִין זַיין פָאלְק: זַאמִילְט אַיין צוּ מִיר מַיינִי פְרוּמִי, דִיא וָואס הָאבִּין מִיט מִיר פֶערְשְׁנִיטִין אֵיין בּוּנְד בַּייא שֶׁעכְט אוֹפְּפִיר" (תהלים נ׳ פסוק ג׳ בים ה׳). אוּן מִיר הָאפִּין גִיפוּנִין צוּ וֶוערִין צְווִישִׁין יֶענִי צָאהל, אוּן אַז דָאס בְּלוּט פוּן דֶעם וַואהרְהַאפְּטִיגִין קרבן וֶועט אוּנְס דֶענְצוּמָאל בִּישֶׁערְמִין. עֶס אִיז קְלָאר אַז דָא אִין תהלים אִיז נִיט דִיא רֵייד פוּן דִיא קרבּנוֹת פוּן דֶעם בּית המקדש, וָוארִין בַּאלְד נָאךְ אֵיין פסוק דֶער נָאךְ שְׁטֵייט

שמעה עמי ואדברה ישראל ואעידה בך אלהים אלהיך אנכי: לא על זבחיך אוכיחך ועולתיך לנגדי תמיד: לא אקח מביתך פר ממכלאתיך עתודים:

„הֶער מַיין פָאלְק, אוּן אִיךְ וִויל רֵיידִין, ישראל, אוּן אִיךְ וִויל בִּיצֵייגִין קֵייגִין דִיר, אִיךְ בִּין אלהים דַיין אלהים: אִיךְ וֶועל דִיךְ נִיט שְׁטְרָאפִין פוּן וֶועגִין דַיינִי שֶׁעכְט אוֹפְּפִיר אוּן וֶועגִין דַיינִי בְּרַאנְד אוֹפְּפִיר, וָואס זֶענִין שְׁטֶעטִיגְלִיךְ פַאר מִיר: אִיךְ וִויל נִיט נֶעמִין קֵיין שְׁטִיר פוּן דַיין הוֹיז אַרוֹיס, קֵיינִי בֶּעק פוּן דַיינִי שָׁאף שְׁטַאלְלִין אַרוֹיס". דָא מַאכְט גָאט אוֹיסְדְרִיקְלִיךְ אֵיין חוּץ פוּן דִיא אוֹפְּפִיר פוּן שְׁטִירִין אוּן בֶּעק, אוּן עֶר מַאכְט דֶער דוּרְךְ צוּ נִישְׁט דִיא דֶערְקְלֶערוּנְג פוּן רש״י אוּן פוּן אַנְדִירִי וָואס זָאגִין אַז דֶער בּוּנְד אוּן דִיא אוֹפְּפִיר וָואס דָא אִיז דִיא רֵייד פוּן זֵייא זֶענִין דִיא אֵייגִינִי וִויא דִיא וָואס דִיא רֵייד אִיז גִיוֶועזִין פוּן זֵייא בַּייא מתן תּורה וֶוען משה הָאט גִיזָאגְט הנה דם הברית וגו׳,

„דאס איז דאס בלוט פון דעם בונד" וגו' (שמות כ"ד ח'). דיא קרבנות וואס זענין דענצומאל גיאופפירט גיווארין זענין גיוועזין „בראנד אופפיר און פריד אופפיר פון אוקסין", וואס גאט זאגט דא אז ער וויל זייא ניט אן נעמין. חוץ דעם רייםדיט גאט ב"ה דא ניט פון פילי קרבנות, נייאירט פון איינים קרבן, עלי זבח. ער שמוכט דא פון איינים גרוסין קרבן וואס אין דעם זכות דער פון קענין זינדיגי מענשין שטיין פאר איהם אזוי וויא הייליגי אין דעם גרוסין יום הדין, און בארמהערציגקייט פון איהם קריגין. דאס קאן גיוויס ניט מיינין דיא קרבנות פון דעם בונד פון משה ביי דעם בערג סיני, ווארין פון וועגין דיא דאזיגי אופפיר וועלין זייא זיך אויס ווייזין וויא שולדיגי זינדירס וואס האבין פערשטערט דעם בונד פון גאט, אזוי וויא ער זעלביר זאגט

אשר המה הפרו את בריתי.

„וואס זייא האבין פערשטערט מיין בונד" (ירמיה ל"א ל"ב). אין יעניר ערינצטיר שעה וועט דער בונד פון משה נור שולדיג מאכין און דארום קאן ער דא ניט גימיינט זיין. באמת עס האט איין פנים אז דיא רבנים האבין גיפיהלט דאס ניט בישטיין פון דיא דאזיגי דער קלערונג און דארום האבין זיא אויס גיטראכט איני אנדירי על פי דרש.

ויש דרש כי על ברית מילה שהחזיקו ישראל בה בגלות:

„עס איז אויך פארהאנדין איין דרש אז עס גייט אויף דעם בונד פון בישניידונג וואס דיא ישראל האבין אן איהם פעסט גיהאלטין אין דעם גלות" (דער רד"ק צו יענים פסוק). אביר דיא דאזיגי דערקלערונג איז אזוי ניט רעכט וויא דיא פריהירי. בישניידונג הייסט קיין מאל ניט איין אופפיר אין כתבי הקודש. אויך וועט זיא קיינים מענש ניט נוצין אין דעם יום הדין. וואס דען איז דאס אופפיר וואס איז דא גימיינט. מיר ענטפירן, עס איז דאס וואהרהאפטיגי קרבן פסח, דאס בלוט פון דעם משיח וואס דער נייאיר בונד (ברית חדשה) איז דערדורך בישטעטיגט. עטליכי זאגין דערקייגין אז דיא אויס גיסונג פון בלוט איז גאר ניט נייטיג, אז

ווען

ווען גאט וויל טאקיש פערגעבין אזו קאן ער פערגעבין אן כפרה אודיר קרבן. אביר דיא דאזיגי קשיא וועט אויך קענין גילטין קייגין דעם קרבן פון דעם ערשטין פסח. מיט דיא אייגיני טעמים קענין מיר זאגין, צו וואס איז עס נייטיג גיוועזין צו שעכטין איין לאם און צו שפרענגין זיין בלוט אויף דיא בייאשטידיל פון דיא טהיר. דיא ביפעהל וואס משה האט גיגעבין זענין זייר גינויא.

ושחטו הפסח: ולקחתם אגדת אזוב וטבלתם בדם אשר בסף והגעתם אל המשקוף ואל שתי המזוזות מן הדם אשר בסף ואתם לא תצאו איש מפתח ביתו עד בקר: ועבר יהוה לנגף את מצרים וראה את הדם על המשקוף ועל שתי המזוזות ופסח יהוה על הפתח ולא יתן המשחית לבא אל בתיכם לנגף:

„און שעכטיט דאס פסח: און איהר זאלט נעמין איין גיבונד אזוב, און איהר זאלט איינטונקין אין דעם בלוט וואס איז אין דעם בעקין, און איהר זאלט אן רירין אן דיא איביר טיר און אן דיא צווייא בייאשטידיל פון דעם בלוט וואס איז אין דעם בעקין, און איהר זאלט ניט ארויס גייאן קיינער פון דיא טיר פון זיין הויז ביז מארגין: און יהוה וועט איביר פאהרין צו פלאגין דיא מצרים, און ער וועט זעהין דאס בלוט אויף דיא איביר טיר און אויף דיא צווייא בייאשטידיל, און יהוה וועט איביר היפפין איביר דיא טיר, און ער וועט דעם פערדערביר ניט לאזין קומין צו אייערי הייזיר צו פלאגין" (שמות י"ב פסוק כ"א ביז כ"ג). גיוויס דאס בלוט איז ניט נייטיג גיוועזין איהם ביקאנט צו מאכין וועלכים הויז האט גיהערט צו איין ישראל. ער האט זייא גיקאנט בישערמין אן דעם בלוט אזו וואוהל וויא מיט דעם בלוט. מילא צו וואס טוט מאכין איין לאם און צו זייא געבין דיא גאנצי דאזיגי מיהיניש. לאז איך דאכטין אז איין ישראל וואלט אין יעניר צייט אזעלכי טענות גיזאגט און וואלט ניט גיוואלט שעכטין דאס קרבן פסח, אודיר ווען ער וואלט עס שון גישאכטין וואלט ער ניט גישפרענגט דאס בלוט, אודיר ווען ער וואלט שון ביידים גיטהאן און וואלט ניט צופרידין גיוועזין אין זיין הויז צו בלייבין נייארט וואלט ארויס גיגאנגין

פאר

פאַר דעם מאָרגין, וואָס וואָלט דער סוף דער פון גיוועזין? גיוויסְסִי שטְראָף. גאָט ב"ה האָט טאַקיש יוא גיוואָללט בּישׂעֶרְמִין די ישראל, אָבּיר נור אויף אַיין בּישׂטימְטִין שטֵייגיר, און דער וואָס מֶעכְט ניט גיוואָללט גיהאָרכִין דעם שטֵייגיר פון גאָט וואָלט נאַטירליך קיין חלק ניט גיהאַט אין דער טובה וואָס איז דער פון אַרוּים גיקוּמִין. אונזער עסק איז ניט טענות צו זאָגִין קייגין גאָט בּייאַירט באמת צו וויסִין זיין ווילְלין און מיט דעמוּטיגקייט איהם צו גיהאָרכין. פאַרשטְ נון וואָס גאָט ב"ה מיינְט דורך "זייני פרוּמי וואָס האָבִּין מיט איהם פערשניטין אַיין בונד בייא שעכְט אופְּפּיר", און בּימיהט אַייך אַריין צו גיין אין דעם דאָזיגין בונד, כדי אַז ווען ער וועט קוּמִין צו משפט זאָלט איהר קענִין אַיינְגיזאַמילט ווערין צו איהם. ווען די קריסטליכי דעה איז ניט די רעכְטי, אַזוֹ איז פון דעם חורבן בית המקדש אָן קיין אופְּפּיר ניט גיוועזין, און קיין וועג אַריין צו גיין אין דעם דאָזיגין בונד מיט איהם. איהר האַלְטִיט דעם פייאיר טאָג, איהר היטיט אַייך פאַר חמץ, אָבּיר עס איז קיין קרבן ניט דאָ. דער הויפְּט, יוא דער אֵייגינטליכיר יסוד פון פסח פעהלְט. דאָס לאָם קאָן ניט גישאָכְטִין ווערין, און אפילו ווען עס וואָלט גיקאָנְט ווערין, ווען איהר וואָלט ווידיר גיהאַט אַיין בית המקדש און אַיין כהן גדול און די גאַנצִי עבודה פון דעם היילִיגטום, אַזוֹ וואָלט דאָך דאָס קרבן פון פסח נור גיוועזין אַיין גידעכְטְנִיש פון בּאַרמְהֶערציגקייטין וואָס זענִין שוֹן לאַנְג פאַרבּייא גיגאַנגין. עס וואָלט קייני אֵייגינטליכי כפרה ניט גיוועזין פאַר אַייערי זינְד, און ווען איהר וואָלט עס גישאָכְטִין און דער פון גיגעסין, אַזוֹ וואָלט נאָך די שאלה גיבּליבִּין, וויא זאָל איך זינדיר מיך ווייזין פאַר דעם גירעכְטִין ריכטיר.

דער ערשטיר טהייל פון דעם דאָזיגין נומר האָט אַייך גיוויזין אַז מיר גלויבּין פעסט אָן דעם כבוד און די בענטשונג פון ישראל לעתיד, און אַז דאָרום ווען מיר שטעללין אַייך פאָר אַז איהר זאָלט אָן נעמין אונזערי האָפנונג וואָס גייט אויף יעני אייבּיגי וועלט, אַזוֹ ווילין מיר אַייך דערמיט ניט אַוועק נעמין אַייערי אֵייגיני האָפנונגין וואָס גיין אויף די דאָזיגי וועלט. ניין, מיר ווינטשין אַייך אַלליכי ברכה וואָס גאָט ב"ה האָט צו גיזאָגְט

דורך

דורךְ דֶעם מונְד פון משה און דיא נביאים און מִיר קֶענִין הֶארְצְלִיךְ מִיט זָאגִין דִיא וֶוערְטִיר

### לשנה הבאה בירושלים :

וֶוען עֶס זָאל גָאט ב״ה וואוהל גִיפַאלְלִין אונְס אַלִי צו לָאזִין דֶערְלֶעבִּין צו זֶעהִין דִיא ווִידִיר פַארְאֵיינִיגונְג פון אַלִי משפחות פון דֶער עֶרְד, אַזוֹ מֶעכְטִין מִיר זִיךְ פְרֵייאִין צו פֶערְאֵיינִיגִין מִיט אַנְדִירִי און מודה צו זַיין ״אַז אִיהר זֶענְט דֶער זָאמִין וָואס יהוה הָאט גִיבֶּענְשְׁט״. אָבִּיר מִיר מֶעכְטִין אונְס נָאךְ טוֹיזִינְד מָאל מֶעהר פְרֵייאִין אַייךְ צו בִּיגֶעגִינִין אִין דֶעם הִימְלִישִׁין ירושלים און צו פֶערְמִישִׁין אונְזֶרִי קולות מִיט אַייאֶרִי צו זִינְגִין,

„דָאס לַאס וָואס וַואר גִישָׁאכְטִין אִיז וֶוערְט צו אַנְטְפַאנְגִין מַאכְט און רַייכְטוּם און וַוייזְהַייט און קְרַאפְּט און .כבוד און לוֹבּ און זֶעגִין״. אמן.



Дозволено Цензурою. Варшава 4 (16) Января 1876 г.
Въ Типографіи А. Гинса. Королевская № 1064 D

# НЕСЫВОТЪ ОЛОМЪ

# נתיבות עולם

עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז

דיא אלטי שטעגין.

## נומר יג

דֶער פַֿייאִיר טָאג פוּן פסח אִיז גִיגֶעבִּין גִיוָוארִין צוּ זַיין אַיין גִידֶעכְטִינִיש אָן בַּארֶמְהֶערְצִיגְקֵייטִין וָואס זֶענִין שׁוֹן גִישֶׁעהִין, אוּן דֶערְבַּייא הָאט עֶר אוֹיךְ דֶערְמַאנְט אָן אֵיינִי אַנְדִירִי דֶערְלֵייזוּנְג וָואס אִיז נֵייטִיג פַֿאר יוּדִין אוּן פַֿאר גוֹיִם, אוּן אוֹיךְ אָן דִיא גְלִיקְלִיכִי צַייט וֶוען „עֶס וֶועט זַיין אֵיינִי אֵיינְצִיגִי הִירְד אוּן אֵיין אֵיינְצִיגִיר פַּאסְטִיךְ״ — „אַיין אֵיינְצִיגִיר יהוה אוּן זַיין נָאמִין אֵיין אֵיינְצִיגִיר״. אָבִּיר דִיא גִיבֶּענְטְשְׁטִי גִיפִֿיהל פָֿאר אוּיס אוֹיף לעתיד קֶענִין נִיט אוּן לָאזִין נִיט אוּנְזֶערִי גִידַאנְקִין אַוֶועק צִיהִין פוּן דֶעם וָואס אִיז אוּן טְהוּט זִיךְ אִיצוּנְד. יֶענִי גְלִיקְלִיכִי צַייט אִיז נָאךְ נִיט גִיקוּמִין. יוּדִין אוּן קְרִיסְטִין זֶענִין נָאךְ נִיט מִיט אֵיינַאנְדִיר מֵיינִיג אִין דִיא עיקרים פוּן אמונה: אוּן דֶער דָאזִיגִיר יום טוב פוּן פסח בפרט בְּרֶענְגְט אוּנְזֶערִי גִידַאנְקִין אוֹיף דֶעם טעם אוּן דֶעם שורש פוּן דֶעם חילוק. אִין דֶער דָאזִיגִיר עֶרִינְצְטִיר צַייט פוּן דֶעם יָאהר אִיז ישוע הנוצרי גִימִשְׁפָּט גִיוָוארִין פוּן דִיא סופרים אוּן פרושים אוּן פוּן זֵייא אִיבִּיר גִיעֶנְטְפִֿירְט גִיוָוארִין אִין דִיא גִיוַואלְט אַרַיין פוּן דִיא רומיים בִּישְׁטְרָאפְט צוּ וֶוערִין וִויא אַיין רשע מרע. אַיין טְהֵייל פוּן דֶעם יוּדִישִׁין פָֿאלְק, טַאקִישׁ דִיא מֵייסְטִי פוּן זֵייא זֶענִין צוּפְֿרִידִין גִיוֶועזִין מִיט דֶעם משפט פוּן דִיא גִיוֶועלְטִיגִירְס. אַיין אַנְדִירִיר טְהֵייל, צוּ עֶרְשְׁט וֵוייניג אָבִּיר צוּם סוף פִֿיל נָאךְ דֶער צָאהל נָאךְ אוּן נָאךְ דֶעם מעמד נָאךְ, הָאבִּין דֶעם פסק פַֿאר אוּם רֶעכְט גִיהַאלְטִין אוּן הָאבִּין מודה גִיוֶועזִין זֵייאֶר גְלוֹיבִּין אַז עֶר אִיז דֶער משיח אמת. דִיא שאלה צְוִוישִׁין יוּדִין אוּן קְרִיסְטִין אִיצוּנְד אִיז, וֶועלְכִיר פוּן דִיא דָאזִיגִי צְוֵוייא

טְהִיילִין פוּן דֶעם יוּדִישִׁין פָאלְק הָאט רֶעכְט גִיהַאט. אִין דֶעם דָאזִיגִין ספר הָאבִּין מִיר זִיךְ פָאר גִינוּמִין צוּ בְּיַוייזִין דֶעם פשוט שְׁמוּס, אַז דֶער דת פוּן דִיא וָואס הָאבִּין אָן ישוע הנוצרי נִיט גִיוָואלְלְט גְלוֹיבִּין אִיז אַקֵייגִין דִיא תורה אוּן דִיא נביאים אוּן אִיז דַארוּם פַאלְשׁ; אָבִּיר דִיא לֶערְנוּנְגִין פוּן דֶעם וָואס אִיז פוּן זַייא פֶערְשְׁמֶעהִיט גִיוָוארִין פַּאסְסִין גַאנְץ גְלַייךְ מִיט תנ״ך אוּן מוּזִין דַארוּם זַיין וַואהְרְהַאפְטִיג. וֶוען מִיר זָאגִין אַז דֶער דת פוּן דִיא רבנים אִיז פַאלְשׁ, אַזוֹ מֵיינִין מִיר נִיט אַז דִיא פרושים הָאבִּין גָאר קַיין אמת נִיט גִיהַאלְטִין. אדרבה, מִיר הָאבִּן גִיוִויזִין אִין אוּנְזֶער לֶעצְטִין נוּמֶר אַז עֶטְלִיכִי פוּן זֵייעֶרִי הָאפְּנוּנְגִין הָאבִּין גִיפַּאסְט מִיט דֶעם וָוארְט פוּן גָאט אוּן זֶענִין דַארוּם אמת גִיוֶועזִין. אַלִים וָואס מִיר וִוילְלִין בְּיַווייזִין אִ״ז אַז דִיא בִּיזוּנְדִירִי אֵייגִינְהַייטִין פוּן דִיא לֶערְנוּנְג פוּן דִיא רבנים וָואס זֵייעֶר דת אִיז דֶער פוּן צוּזַאמְמִין גִיזֶעצְט זֶענִין נִיט רֶעכְט. דִיא דִינִים וֶועגִין דֶעם פַּייאִיר טָאג וָואס מִיר שְׁמוּסִין אִיצוּנְד דֶער פוּן זֶענִין אֵיינִי משונה שְׁטַארְקִי ראיה צוּ אוּנְזֶרִי רֵייד. דִיא גֶעטְלִיכִי גִיבָּאט וֶועגִין דֶעם דָאזִיגִין ענין וַוייזִין דִיא פָארְזָארְגוּנְג, דִיא השגחה אוּן דִיא גְנָאד פוּן גָאט אִין דֶעם אַז עֶר הָאט פֶערְשַׁאפְט אֵיינִי גִילֶעגִינְהַייט פוּן לֶערְנוּנְג, אֵיינִי צַייט פוּן דֶערְקְוִויקוּנְג אוּן טֶעג פוּן פְרֵייד פַאר דִיא אָרִימִי אַזוֹ גוּט וִויא פַאר דִיא רַייכִי. אָבִּיר דִיא דינים פוּן דִיא רבנים זֶענִין דֶערְקֵייגִין הַארְט, שְׁוֶוער אוּן שֶׁעדְלִיךְ, בפרט פַאר דִיא אָרִימִי אוּן נִיט גִילֶערִינְטִי.

אוּנְזֶרִי עֶרְשְׁטִי ראיה גֶעמִין מִיר פוּן אֵיינִים פוּן דִיא דינים וֶועגִין דִיא ארבע כוסות, ״דִיא פִיר כוסות״. גָאט הָאט גִיגֶעבִּין אַיין פשוט גִיבָּאט צוּ דִיא ישראל אַז זֵייא זָאלִין מודיע זַיין צוּ זֵייעֶרִי קִינְדִיר דִיא טעמים פוּן דֶעם פַּייאִיר טָאג.

והגדת לבנך ביום ההוא לאמר בעבור זה עשה יהוה לי בצאתי ממצרים:

״אוּן דוּ זָאלְסְט דֶערְצֵייהלִין צוּ דַיין זוּהן אִין דֶעם זֶעלְבִּיגִין טָאג צוּ זָאגִין, דָאס אִיז פוּן וֶועגִין דֶעם דָאזִיגִין וָואס יהוה הָאט גִיטָאן צוּ מִיר, אַז אִיךְ בִּין אַרוֹיס גִיגַאנְגִין פוּן מצרים״: (שמות י״ג ח׳). כדי דָאס דָאזִיגִי גִיבָּאט מקיים צוּ זַיין אִיז אַיין שְׁטֵייגִיר

פוּן

פון סדר תפלות און ברכות גימאַכט געוואָרין וואָס פיליס איז דרינין ערינצט און שיין ; און מנהגים זענין גימאַכט געוואָרין וואָס איינער פון זייא איז, אַז עס זאָלין דערבייא זיין פיר כוסות אודיר גלעזער פון וויין.

וכל אחד ואחד בין אנשים בין נשים חייב לשתות בלילה הזה ארבע כוסות של יין אין פוחתין לו מהם :

„און איטליכיר, עס זייא מענער אודיר ווייביר, איז מחויב צו טרינקין אין דער דאָזיגיר נאַכט פיר כוסות (אודיר גלעזיר) פון וויין, מאַן פערמינירט איהם ניט דער פון" (הלכות חמץ ומצה פרק ז' ז'). דיא תקנות דערבייא ווייזין קלאָר אַז דער מנהג פון דיא פיר כוסות איז ניט גימאַכט געוואָרין פון דעסט וועגין אַז מאַן זאָל שיכורין, נייארט צו זיין איין ערינצט און פרום הלק פון דעם גיהאַלטינין סדר.

כל כוס וכוס מארבע כוסות הללו מברך עליו ברכה בפני עצמה . וכוס ראשון אומר עליו קדוש היום. כוס שני קורא עליו את ההגדה. כוס שלישי מברך עליו ברכת המזון. כוס רביעי גומר עליו את ההלל ומברך עליו ברכת השיר :

„איביר איטליכין כוס פון דיא דאָזיגי פיר כוסות מאַכט מאַן איינע בזונדירי ברכה. איביר דעם ערשטין כוס זאָגט מאַן דעם קידוש פון דעם טאָג. איביר דעם צווייטין כוס לייגט מאַן דיא הגדה. איביר דעם דריטטין כוס בענטשט מאַן נאָך דעם עסין. איביר דעם פירטין כוס זאָגט מאַן אויס דאָס הלל און מאַן זאָגט דריביר דיא ברכה פון דעם גיזאַנג" (דאָרט אין דעם איגינין פרק, הלכה יו"ד. אין איינים ערינצטין פרומין מנהג חסרונות צו גיפינין איז ניט איין גישעפט פאַר אונס. אדרבה, אין דיא דאָזיגי און אין זייערי אַנדירי תפילות ווינשין מיר דיא יודין ערינצט דיא ברכה פון גאָט און דעם רוח חן ותחנונים, דעם גייסט פון גנאַד און גיבעט. אָביר ווען מיר גיפינין אַז דיא דאָזיגי בלוס מענשליכי תקנה איז אַרויף גילייגט וויא איינע לאַסט אויף דעם גיוויססין און אַז דאָס האַלטין דערפון ווערט גיפאָדירט פון אַזעלכי וואָס האָבין קיין ספּאַסיב ניט זייער טעגליך ברוט צו פערדינין, אַזו מוזין מיר דערקייגין אַרויס זאָגין אַז זיא איז האַרט און קווייהלט. נון אין דער תורה שבעל פה שטייט דיא דאָזיגי פאָדירונג,

מי שאין לו יין עבר אדרבנן דאמרו ולא יפחתו לו מארבע כוסו׳ וצרי׳ למכו׳ מה שיש לו לקיים מצות חכמי׳ ולא יסמו׳ על הפת שאם קיים כוס אחד לא קיים השלש׳ לכן ימכו׳ מה שיש לו ולהוצי׳ הוצאו׳ עד שימצ׳ יין או צמוקים:

„װער עס האט קיין װיין ניט, דער איז עובר אויף איין געבאט פון די רבנים, װארין זייא האבין געזאגט אז מאן זאל ניט פערמינדרן פון די פיר כוסות. און ער מוז פערקויפין װאס ער האט, כדי מקיים צו זיין דאס געבאט פון די חכמים, און ער זאל זיך ניט פערלאזין אויף דעם ברוט, װארין װען ער האט מקיים געװעזין איין כוס, אזו האט ער ניט מקיים געװעזין די דרייא. דארום זאל ער פערקויפין װאס ער האט און הוצאות מאכין ביס ער װעט קריגין װיין אודיר ראזינקים" (טור אורח חיים סימן תפ״ג). עס קאן געענטפירט װערין אז די קהילה גיבט הילף צו די װאס זענין ארים. אביר װאס זאל װערין פון די װאס די צדקה גבאים פון די קהילה זענין בייז אויף זייא, אודיר װאס זאל איין יוד טהון װאס װאוהנט אלליין צװישין לייט פון איינע אנדירע אמונה, אזו װיא דאס געשעהט אופט, בפרט אין ענגלאנד. װען ער גלויבט פעסט אן די תורה שבעל פה אזו מוז ער ענטװיר קריגין זיין געװיססין איינע עבירה טהון, אודיר ער מוז פערקויפין דאס װאס ער קאן זיך דראן שװער ביגיין. דאס זעלביגע קאן מאן אויך זאגין פון די מצות. די רבנים האבין אזו פילע ביפעהל גיגעבין װיא מאן זאל זייא רעכט אנביריייטין, אז עס איז פאר איין יוד װאס װאוהנט װייט פון איינע קהילה שיר אום מיגליך דאס גיבאט צו האלטין, און אז די ארימע לייט װערין דער דורך גיהאלטין תמיד אין קנעכטשאפט פון די פרנסים און גבאים װען זייא װיללין גיהאלפין װערין אויס דער צדקה פון די קהילה.

אביר די ראזיגע הארטיגקייט קייגין די ארימע װייזט זיך נאך שטארקיר אויס אין דער תקנה און פארדירונג פון איין צװייטין יום טוב װאו גאט האט נור פערלאנגט דאס האלטין בלוס פון איינים, אזו װיא די רבנים זענין זעלביר מודה מיט די רייד:

ששת ימים האלו שאסרן הכתוב בעשיית מלאכה שהן ראשון ושביעי של פסח וראשון וח׳ של חג הסוכות וביום חג השבועות ובאחד לחדש השביעי הנקראין ימים טובים. ושביתת כולן שוה שהן אסורין בכל

מלאכת

מלאכת עבודה חוץ ממלאכ׳ שהיא לצורך אכילה שנא׳ אך אשר יאכל לכל נפש וכו׳:

„דיא דאזיגי זעננין דיא זעקס טעג וואס דיא שריפט האט אן זייא פערבאטין ארבייט צו טהון. דער ערשטיר און זיבינטיר טאג פון פסח, דער ערשטיר און אכטיר טאג פון דיא פייערונג פון סוכות, און דער טאג פון דיא פייערונג פון שבועות, און דער ערשטיר טאג פון דעם זיבינטין חודש; זייא הייסין ימים טובים. און דיא רוהונג (שביתה) פון זייא אלי איז גלייך, ווארין עס איז אן זייא אסור אלירלייא ארבייט פון דינסט, חוץ דיא ארבייט וואס איז וועגין עסין, וויא עס איז גיזאגט גיווארין (שמות י״ב ט״ז), בייאירט וואס זאל גיגעסין ווערין צו איטליכיר זייל״ (הלכות יום טוב פרק א׳ א׳). דא איז איינע אויסדריקליכי הודאה פון דעם וואס גאט האט גיבאטין, און דאך זעננין דיא סופרים ניט צופרידין גיוועזין מיט דעם דאזיגין גיבאט פון גאט, בייאירט זייא האבין מתקן גיוועזין דאס האלטין פון איין צווייטין טאג ביי אלי דאזיגי ענינים, און האבין גימאכט איין פסק פון חרם אויף איטליכים וואס איז עובר זייער גיבאט.

ואנו שעושין שני ימים כל מה שאסור בראשון אסור גם בשני. ומנדין עליו למי שמזלזל בו. ואם הוא צורבא מדרבנן אין מחמירין לנדותו אלא מלקין אותו:

„און ביי אונס וואס מיר האלטין צווייא טעג, איז אלים וואס איז אסור אן דעם ערשטין אויך אסור אן דעם צווייטין; און מאן לייגט דעם אין חרם ארייין וואס האלט דאס פאר גימיין. אביר ווען ער איז איין שארפיר תלמוד למדן איז מאן ניט מחמיר איהם אין חרם ארייין צו לייגין, נייאירט מאן שלאגט איהם״ (אורח חיים, סימן תצ״ו). אין דעם יד ההזקה גיפינין מיר דיא זעלביגי הארטיגקייט און דעם זעלביגין חוץ.

יום טוב שני אף על פי שהוא מדברי סופרים כל דבר שאסור בראשון אסור בשני. וכל המחלל יום טוב שני ואפילו של ראש השנה בין בדבר שהוא משום שבות בין במלאכה בין שיצא חוץ לתחום מכין אותו מכת מרדות או מנדין אותו אם לא יהיה מן התלמידים:

„האטשי דער צווייטיר יום טוב איז נור אויס דיא רייד פון דיא סופרים, איטליכי

אִיטְלִיכֵי זַאךְ וָואס אִיז אסור אָן דֶעם עֶרְשְׁטִין טָאג אִיז אויךְ אסור אָן דֶעם צְוֵוייטִין. אוּן אִיטְלִיכֵיר וָואס אִיז מחלל דֶעם צְוֵוייטִין יום טוב, חָאטְשֵׁי דֶעם פוּן ראש השנה, עֶס זַייא דוּרְךְ אֵיינֵי זַאךְ וָואס אִיז וֶועגֶין רוּהוּנְג (שבות), אוֹדֶיר דוּרְךְ אַרְבֶּייט, אוֹדִיר אַז עֶר אִיז אַרוֹיס גִיגַאנְגֶין פוּן דֶעם תחום אַרוֹיס, קְרִיגְט דִיא שְׁלֶעג פוּן וִוידֶירְשְׁפֶּענִיגְקֵייט, אוֹדִיר מַאן לֵייגְט אִיהם אִין חרם אַרַיין, וֶוען עֶר אִיז נִיט פוּן דִיא תלמידים" (הלכות יום טוב פרק א׳ כ״ב). דִיא הַארְטִיגְקֵייט, דְרִיקִינְגִישׁ אוּן צְווִינְגְנִישׁ פוּן דִיא דָאזִיגֵי תקנה וַוייזְט זִיךְ בַּיים עֶרְשְׁטִין בְּלִיק, אוּן עֶס פִּיהלְט זַייא מַאנְכֵיר אָרִימִיר יוּד אִין דֶער דָאזִיגִיר שְׁטָאט וָואס וֵויים קוֹים וִויא אַזוֹ בְּרוֹט צוּ פֶערְדִינֶין פַאר זִיךְ אוּן זַיינֵי קִינְדִיר. אִין אִיטְלִיכִים אוֹפֶן נֶעמְט זִיא אִיהם אַוֶועק צְוֵוייא טֶעג אִין אֵיינִיר וָואךְ, וָואס גָאט הָאט אִיהם רשות גִיגֶעבִין אָן זַייא צוּ אַרְבֵּייטִין אוּן זִיךְ צוּ בִּימִיהִין פרנסה צוּ פֶער דִינֶין. אָבִּיר וֶוען דֶער עֶרְשְׁטִיר פַּייאִיר טָאג גִיפַאלְלְט אָן דָאנֶערְשְׁטָאג, אַזוֹ טָאר עֶר אָן דֶעם דָאזִיגֶין טָאג אוּן אָן פְּרַייאטָאג אוּן אָן שבת, דְרַייא טֶעג אוֹיף אֵיינַאנְדֶיר קַיין שוּם זַאךְ נִיט טְהוּן צוּ פֶערְדִינֶין דִיא פרנסה פַאר זַיינֵי פַאמִילְיֶע. זוּנְטָאג אִיז דֶער קְרִיסְטְלִיכִיר שבת, אַזוֹ אַז אִין אֵיינִיר וָואךְ זֶענִין פִיר טֶעג נָאךְ אֵיינַאנְדִיר פֶערְלוֹרִין, אוּן אִין דֶער אַנְדִירִיר וָואךְ ווִידִיר פִיר וָואס זָאל נוּן דֶער אָרִימִיר מַאן טְהוּן. וֶוען עֶר אַרְבֵּייטִיט נִיט, אַזוֹ קֶענֶין זַיינֵי קִינְדִיר פֶערְהוּנְגִירְן; וֶוען עֶר בִּינוּצְט דִיא צַייט וָואס אִיז אִיהם מותר נָאךְ דִיא רֵייד נָאךְ פוּן זַיין בַּארְמְהֶערְצִיגְן גָאט אוּן טְהוּט זַיינֵי טֶעגְלִיכֵי בִּישֶׁעפְטִיגוּנְגֶין, אַזוֹ אִיז עֶר עובר אוֹיף אֵיין גִיבָּאט פוּן אוּם בַּארְמְהֶערְצִיגֵי מֶענְשִׁין אוּן מַאכְט זִיךְ שׁוּלְדִיג פַאר זַיינֵי מֶעהר נַארִישׁ פְרוּמֵי בְּרִידִיר. עֶס אִיז אמת אַז זַייא קֶענֶין אִיהם אִיצוּנְד נִיט גֶעבִּין דִיא שְׁלֶעג פוּן ווִידִיר שְׁפֶּענִיגְקֵייט, אוּן אַז זַייא וֶועלִין זִיךְ שְׁוֶוער אוּנְטִירְשְׁטֵיין אִין דֶעם אִיצוּגְדִיגִין מעמד אִיהם אִין חרם אַרַיין צוּ לֵייגִין; אָבִּיר עֶס זֶענִין אַנְדִירִי וֶועג אוּן סְפָּאסִיבִים פַארְהַאנְדִין צוּ שְׁטְרָאפִין מֶעהר שְׁטִילִירְהֵייט. אָבִּיר דָאךְ אויךְ גִיוִוים. אָבִּיר אוּב דֶער מעמד אִיז אַזוֹ וִויא אִיצוּנְד אוֹדִיר אַנְדִירְשְׁט, דֶער אוּם בַּארְמְהֶערְצִיגִיר אוּן דְרִיקִינְדִיגִיר שְׁטֵייגִיר פוּן דִיא תורה שבעל פה בְּלַייבְּט דֶערְזֶעלְבִּיגִיר. וֶוען דִיא תורה שבעל פה לַייט וָואלְטִין דִיא מַאכְט גִיהַאט, אַזוֹ וָואלְטִין זַייא זִיךְ בַּאלְד דֶער צוּ גִינוּמִין אִין חרם אַרַיין צוּ לֵייגִין אוּן צוּ שְׁלָאגִין אַלֵי דִיא וָואס זֶענִין מחלל דֶעם צְוֵוייטִין יום טוב. לָאז נוּן דֶער פְּרָאסְטִיר

שכל

שכל פון איטליכין יוד זאגין, מיר פרעגין איהם, וואס פאר איין רעכט האבין מענשין אוועק צו נעמין פון דיא ארימי לייט דיא צייט וואס גאט האט זייא גיגעבין, אודיר דן צו זיין איין מענש וואס גייט נור ברוט פערדינין פאר זייני קינדיר און איז דער דורך קיין גיבאט פון גאט ניט עובר, אזו איין מענש דן צו זיין צו חרם און צו שלעג, בפרט נאך צו יענים שטייגיר פון שלעג וואס דא איז דיא רייד דער פון.

דיא שלעג וואס דער שמוס איז דא דערפון הייסין מכת מרדות, "דיא שלעג פון ווידירשפעניגקייט", און זענין גאר אין גאנצין פערשידין פון יעני גנעדיגי בישטראפונג וואס שטייט אין דער תורה. גאט ב"ה זאגט

והיה אם בן הכות הרשע והפילו השפט והכהו לפניו כדי רשעתו במספר: ארבעים יכנו לא יסיף פן יסיף להכתו על אלה מכה רבה ונקלה אחיך לעיניך.

„און עס וועט זיין ווען דער שולדיגיר האט פער דיענט שלעג, אזו זאל דער ריכטיר איהם נידיר ווארפין, און מאן זאל איהם שלאגין, נאך זייני בייזיגקייט נאך מיט דיא צאהל: פיארציג שלעג זאל מאן איהם שלאגין, מאן זאל ניט מעהרין, פילייכט ווען מאן וועט מעהרין איהם צו שלאגין איביר דיא דאזיגי מיט פילי שלעג, אזו וועט דיין ברודיר פאר אכטיט ווערין צו פאר דייני אויגין" (דברים כ"ה פסוק ב' וג') . דא אזו וויא אירגיץ אנדירשט תמיד גידענקט גאט ב"ה אן בארמהערציגקייט מיטטין אין דעם גיריכט ׳ דיא רבנים, קיין מאל ניט צופרידין נייארט ווען זייא קענין צו זעצין אודיר אראב נעמין פון דיא גיבאט פון גאט, זייא האבין דיא צאהל פערמינירט אויף ניין און דרייסיג, כדי זייא זאלין זיך ניט טועה זיין. אביר דאס אראב גינומיני ווידיר גוט צו מאכין האבין זייא אוים גיטראכט „דיא שלעג פון ווידירשפעניגקייט" וואס זענין אן צאהל און אן בארמהערציגקייט, אזו וויא מאן קאן דאס זעהין אוים דיא דערקלערונג פון דעם בעל ערוך וואס ער מאכט ביים דעם שורש מרד.

מי שעובר על מצות עשה שאמרו לו עשה סוכה עשה לולב ואינו עושה מכין אותו עד שתצא נשמתו בלא אומד ובלא מכה משולשת. וכן מי שעובר על דברי חכמים מכין אותו בלא מספר ובלא מניין ובלא אומד ולמה קורין אותו מכת מרדות שמרד בדברי תורה ובדברי סופרים:

ווער

„װער עס איז עוֹבר אויף איינע מצות עשה, דהיינו װען מאן האט איהם גיזאגט, מאך איינע סוכה, מאך איין לולב, און ער מאכט ניט, שלאגט מאן איהם בּיס די נשמה גייט איהם אויס, אן שאצונג און אן איינטהיילונג די שלעג אין דרייא טהיילען. אזו אויך װער עס איז עוֹבר אויף די רייד פון די חכמים, שלאגט מאן איהם אן צאהל און אן ציהלונג און אן שאצונג. און פאר װאס הייסט מאן דאס די שלעג פון װידער שפּעניגקייט. װייל ער האט װידער גישפּעניגט קייגן די רייד פון די תורה און קייגן די רייד פון די סופרים". דאס איז נון די שטראף איבער די װאס בּימיהען זיך צו פערדינען ברוט פאר זייערע קינדער אן דעם צװייטן פייאיר טאג; איינע שטראף װאס די רבנים זעלבּער האבּען אויס גיטראכט ניט אקייגען די װאס טהון שלעכטס אודער װאס גלויבּען ניט רעכט, נייארט קייגען די װאס זענען עוֹבר אויף זייערע אייגענע גיבּאט. װאס פאר איין גייסט, גימוטה, און אמונה גיפיהל האבּען אזעלכע מענשען גיקאנט האבּען. האבּען זייא עפּיס גיהאט איין גיפיהל פון דעם גנעדיגען מהות פון דער תורה, אודער עפּיס איין גלייכניש צו דעם בּארמהערציגען שטייגער פון דעם גאט פון ישראל. קענט איהר אייך עפּיס פערלאזען אויף די אמונה לערנונג פון אזעלכע װאס מעכטען מחרים זיין און צו טוט שלאגען איינים װאס איז אזו גוט איין מענש װיא זייא, װייל ער האט ניט גיקאנט אין דער היים בּלייבּען און צוהערען דאס גישרייא פון זיינע הונגעריגע קינדער, נייארט איז גיגאנגען זייא עסען צו פערשאפען אויף דעם אופן און אן דעם טאג װאס עס איז איהם מותּר אזו צו טהון נאך דעם װילען נאך פון גאט ב"ה. די דאזיגע זענען די לייט װאס האבּען ישוע הנוצרי צום טוט בן גיװעזען, און דאס איז די אמונה פון די תורה שבעל פּה װאס איהר האלט זיא פאר בּעססער פון די ליבּליכע און גנעדיגע לערנונגען פון די קריסטליכע אמונה. װען דער דת פון די רבנים װאלט די מאכט גיהאט און גיװעלטיגט, אזו װאלט איהר גיװעזען אין סכנה פון די גאנצע הארטיגקייט פון די דאזיגע פיינדשאפטליכע אום גידולדיגקייט. אין דעם דאזיגען אופן איז די גבורה פון די קריסטליכע אמונה אויך איינע ברכה גיװעזען צו דעם יודישען פאלק, און די מאכט פון די װאס גלויבּען אן ישוע הנוצרי בּישערמט אייך פאר חרם און פאר שלעג.

די אכזריות און הארטיגקייט פון די צוזעצונג פון איין צװייטען פייאיר טאג, מיט אזו איינע שטראף דערצו, װייזט זיך ניט בּלוס דערפון אז עס איז אין גאנצען נור איינע תקנה פון מענשען, בּייארט אויך דערפון

אז דער עיקר טעם פון דיא דאזיגי איינפיהרונג האט שון לאנג אויף גיהערט. דאס האלטין פון צווייא טעג האבין דיא סופרים מתקן גיוועזין אין איינער צייט ווען דיא פייאיר טעג זענין בישטימט גיווארין דורך ראיית הירח דורך דעם הערזעהין פון דיא לבנה. כדי אז דיא וואס האבין ווייט גיוואוהנט פון ירושלים זאלין ניט האלטין איין אום רעכטין טאג, אביר איצונד אז זייא ווערין בישטימט דורך חשבון אזו איז דאס גאר ניט נייטיג.

בזמן הזה שאין שם סנהדרין ובית דין של ארץ ישראל קובעין על חשבון זה היה מן הדין שיהיו בכל המקומות עושין י"ט א' בלבד אפי' המקומות הרחוקות שבחוצה לארץ. כמו בני א"י שהכל על חשבון אחד סומכין וקובעין אבל תקנת הכמים הוא שיזהרו במנהג אבותיהם שבידם:

„אין דער איצונדיגיר צייט, ווען עס איז דארט קיין סנהדרין און בית דין פון ארץ ישראל ניט פארהאנדין, בישטימט מאן דיא פייאיר טעג דורך השבון, דארום וואלט עס אייגינטליך רעכט גיוועזין אז מאן זאל אין אלי ערטיר נור איין טאג יום טוב האלטין, אפילו דיא ווייטי ערטיר וואס זענין אין חוצה לארץ אזו וויא דיא איינוואוהנירס פון ארץ ישראל, ווארין אלי זענין זיך סומך און בישטיממין דיא פייאיר טעג דורך איינירלייא השבון; אביר עס איז איני תקנה פון דיא חכמים, זיך פלייסיג צו האלטין אן דעם מנהג פון זייארי פעטיר וואס איז אין זייארי האנד" (הלכות קדוש החודש פרק ה' ה'). עס איז דארום נון קיין תירוץ ניט דא ווענין דיא לאסט וואס זייא האבין ארויף גילייגט אויף דיא ארימי, און נאך וויניגיר ווענין דיא אום בארמהערציגי שטראף..קייגין דיא וואס הערין אויף צו האלטין דאס וואס איז קלאר איין גישט ניצליכיר מנהג. וויא גאנץ אנדירש איז דיא לערנונג פון דיא קריסטליכי אמונה אין דעם ענין פון אזעלכי טעג. קיין חרם, קייני שלעג, קיין ארויף לייגין פון לאסט אויף דיא גיוויססין פון אונזערי ברידיר. דער ברית חדשה האלט פאר אום רעכט אפילו איטליכים צו גישווינדי משפט אין אזעלכי זאכין. ער זאגט, „ווער ביסטו וואס טוסט ריכטין דעם קנעכט פון איין אנדירן? ער שטייט אודיר ער פאלט צו זיין אייגינן הער, אביר ער וועט אויך אויף גיריכט ווערין. ווארין גאט קען איהם אויף ריכטין: איינער האלט איין טאג גרעסיר וויא דעם אנדערן, דער אנדריר האלט איטליכן טאג גלייך. לאז איטליכר גווים איביר צייגט זיין אין זייני אייגיני גידאנקין: דער וואס

האלט

האַלְט דֶעם טָאג, הַאלְט אִיהם צוּם הֶערר; אוּן דֶער וָואס הַאלְט נִיט דֶעם טָאג, הַאלְט אִיהם נִיט צוּם הֶערר. דֶער וָואס טְהוּט עֶסִין, עֶסְט צוּם הֶערר; וָוארִין עֶר דַאנְקְט גָאט. אוּן דֶער וָואס טְהוּט נִיט עֶסִין, עֶסְט נִיט צוּם הֶערר, אוּן דַאנְקְט גָאט: וָוארִין קֵיינֶר פוּן אוּנְז לֶעבְּט נִיט צוּ זִיךְ זֶעלְבְּסְט, אוּן קֵיינֶר שְׁטַארְבְּט נִיט צוּ זִיךְ זֶעלְבְּסְט: וָוארִין וֶוען מִיר לֶעבִּין, לֶעבִּין מִיר צוּם הֶערר. אוּן וֶוען מִיר שְׁטַארְבִּין, שְׁטַארְבִּין מִיר צוּם הֶערר. דַארוּם אוֹבּ מִיר לֶעבִּין אוֹדִיר שְׁטַארְבִּין, זֶענִין מִיר דֶעם הֶערְרס" (רומיים י"ד פסוק ד' בּיס ח'). דָא אִיז דֶער רוּח פוּן לִיבְּשַׁאפְט אוּן גְנָאד, אוּן דַארוּם דֶער רוּח אלהים. וִויא אַזוֹ אִיז עֶס נוּן אַז ישוע אוּן זַיינִי תלמידים הָאבִּין גֶעקָאנְט גוּבר זַיין דִיא פַאלְשִׁי דעות פוּן זֵייאֶרִי צַייטִין אוּן אַקֵייגִין אַרְבַּייטִין קֵייגִין דֶעם שְׁטְרָאם פוּן גִילְטִיגְקֵייט אוּן גִילֶערִינְטְהַייט וָואס זֶענִין גָאר אִין גַאנְצִין גוּט גִיוֶועזִין פַאר דִיא דעות קֵייגִין זֵייא. וֶוען זֵייא וָואלְטִין בִּיטְרוּגִירְט אוּן נִיט עֶהְרְלִיכִי לַייט גִיוֶועזִין, וִויא אַזוֹ אִיז עֶס אַז זֵייא הָאבִּין אִיבִּיר גִילָאזְט אֵיין מֶענְשִׁין פְרַיינְדְלִיכִין אוּן בַּארְמְהֶערְצִיגִין דת, אָבִּיר דִיא סופרים אוּן פרושים, וָואס זֶענִין נָאךְ אַייאֶרִי מֵיינוּנְג נָאךְ גִיוֶועזִין דִיא וַואהְרְהַאפְּטִיגִי קְנֶעכְט פוּן גָאט, הָאבִּין אִיבִּיר גִילָאזְט אֵיינִי אמונה פוּן בִּידְרוּקוּנְג אוּן אכזריות. "בַּייא זֵייעֶרִי פְרוּכְט זָאלְט אִיר זֵייא דֶער קֶענִין. קְלוֹיבְּט מֶען דֶען וַויינְטְרוֹיבִּין פוּן דֶערְנִיר, אוֹדֶער פַייגִן פוּן דִיסְטְלִין: אַזוֹ אִיטְלִיכֶר גוּטֶער בּוֹים טְרָאגְט גוּטִי פְרוּכְט, אוּן אַיין פוּילִיר בּוֹים טְרָאגְט שְׁלֶעכְטִי פְרוּכְט: אֵיין גוּטֶער בּוֹים קֶען נִיט טְרָאגִין קֵיין שְׁלֶעכְטִי פְרוּכְט, אוּן אַיין פוּילִיר בּוֹים קֶען נִיט טְרָאגִין קֵיין גוּטִי פְרוּכְט" (מתיא ז' פסוק ט"ז בּיס י"ח). דָאס אִיז גִיוִויס אמת אִין דֶער טבע. נוּן דִיא פרושים הָאבִּין גִיטְרָאגִין שְׁלֶעכְטִי פְרוּכְט, ישוע הנוצרי אוּן זַיינִי תַלְמִידִים הָאבִּין גִיטְרָאגִין גוּטִי פְרוּכְט. אַז דָאס אִיז יוֹא אַזוֹ. מֵילָא וָואס אִיז דֶער פוּן גִידְרוּנְגִין.

אָבִּיר מִיר הָאבִּין בִּים אַהֶער גִישְׁמוּסְט נוּר בכלל פוּן דֶער תקנה פוּן אֵיין צְוֵוייטִין פַייאִיר טָאג, מִיר הָאבִּין נָאךְ צוּ אִיבִּירְלֵייגִין דִיא פרטים פוּן דֶעם גִיבָּאט, וָואס וֶועלִין נָאךְ קְלָארִיר אוֹיס וַוייזִין אַז "דִיא סוֹפרים אוּן פרושים בִּינְדִן שְׁוֶועִרִי לַאסְטִין וָואס מֶען קֶען נִיט דֶר טְרָאגִין, אוּן לֵייגִין עֶס דִיא מֶענְשִׁין אוֹיף דִיא אַקְסִיל" (מתיא כ"ג ד'). זֵייא זֶענִין, וִויא תמיד, זֵייער גִינוֹיא אִין דֶער בִּישְׁטִימְמוּנְג וָואס מלאכה אִיז אוּן וָואס נִיט. זֵייא זָאגִין,

כל שאסור בשבת בין משום שהוא דומה למלאכה או מביא לידי מלאכה

מלאכה בין שהוא משום שבות הרי הוא אסור ביום טוב אלא אם כן היה צורך אכילה וכיוצא בה. או דברים שהם מותרים ביום טוב כמו שיתבאר בהלכות אלו. וכל שאסור לטלטלו בשבת אסור לטלטלו ביום טוב אלא לצורך אכילה וכיוצא בה וכל שמותר בשבת מותר ביום טוב:

„אַלִים וָואס אִיז אָסור אָן שבת, עֶס זַייא וֶועגֶן דֶעם וַוייל עֶס אִיז גְלַייךְ צוּ אַרְבֵּייט אוֹדִיר בְּרֶענְגְט צוּ אַרְבֵּייט, אוֹדִיר עֶס זַייא וֶועגֶן רוּהוּנְג (שבות), דָאס אִיז אסור אָן יום טוב, חוּץ וֶוען עֶס אִיז נֵייטִיג וֶועגֶן עֶסִין אוּן דֶעסְגְלַייכִין, אוֹדִיר אַזֶעלְכִי זַאכִין וָואס זֶענִין מוּתר אָן יום טוב, אַזוֹ וִויא עֶס וֶועט דֶערְקְלֶערְט וֶוערִין אִין דִיא דָאזִיגִי הלכות. אוּן אַלִים וָואס אִיז אסור מטלטל צוּ זַיין אָן שבת, אִיז אסור מטלטל צוּ זַיין אָן יום טוב, חוּץ וֶוען עֶס אִיז נֵייטִיג וֶועגֶן עֶסִין אוּן דֶעסְגְלַייכִין; אוּן אַלִים וָואס אִיז מוּתר אָן שבת אִיז מוּתר אָן יום טוב” (הלכת יום טוב פרק א' י"ז). דָאס דָאזִיגִי גִיזֶעץ פֶערְבִּינְדִיט שְׁטַארְק דִיא הֶענְד פוּן דֶעם אָרִימִין יוּד וָואס גְלוֹיבְּט אָן דִיא רֵייד פוּן דִיא רבנים. נִיט בְּלוֹס אַז עֶר טָאר נִיט זַיינִי אַרְבֵּייט מַאכִין, נַייאִירְט עֶר טָאר קֵיין שׁוּם הַיימִישִׁי זַאךְ נִיט טְהוּן וָואס מֶעכְט הֶעלְפִין צוּ אָרְדִינוּנְג אִין זַיין הוֹיז אוֹדִיר אִיהם נַחַת פֶערְשַׁאפִין. עֶר טָאר נִיט שְׁרַייבִּין אַיין בְּרִיף צוּ זַיינִי פְרַיינְד, אוֹיךְ אפילו נִיט אַיין פַייאֶר לֶעשִׁין הָאטְשִׁי עֶר מֶעכְט דֶערְדוּרְךְ זַיין פֶערְמֶעגִין בִּישֶׁערְמִין.

אף על פי שהותרה הבערה ביום טוב שלא לצורך אסור לכבות את האש אפילו הובערה לצורך אכילה. שהכבוי מלאכה ואין בו צורך אכילה כלל. וכשם שאין מכבין את האש כך אין מכבין את הנר ואם כבה לוקה כמי שארג או בנה.... אין מכבין את הדליקה כדי להציל ממון ביום טוב כדרך שאין מכבין בשבת אלא מניחה וויצא:

„הָאטְשִׁי עֶס אִיז מוּתר גִימַאכְט גִיוָוארִין אָן צוּ צִינְדִין פַייאֶר אָן יום טוב וָואס מַאן הָאט עֶס נִיט נֵייטִיג, אִיז דָאךְ אסור דָאס פַייאֶר אוֹיס צוּ לֶעשִׁין אפילו וֶוען עֶס אִיז אָן גִיצוּנְדִין גִיוָוארִין וֶועגֶן עֶסִין; וָוארִין דָאס לֶעשִׁין אִיז אַיינִי אַרְבֵּייט אוּן אִיז גָאר נִיט נֵייטִיג וֶועגֶן עֶסִין. אוּן אַזוֹ וִויא מַאן לֶעשְׁט נִיט אוֹיס דָאס

פַּייאֶר, אַזוֹ לֶעשְׁט מַאן אוֹיךְ נִיט אוֹיס אַיין לִיכְט, אוּן וֶוען עֶר הָאט עֶס אוֹיס גִילָאשְׁין קְרִיגְט עֶר שְׁלֶעג, אַזוֹ וִויא דֶער וָואס הָאט גִיוֶועבְּט אוֹדִיר גִיבּוֹיאִיט.... מַאן לֶעשְׁט נִיט פַּייאֶר כדי פֶערְמֶעגִין צוּ בִּישֶׁערְמִין אָן יום טוב, אַזוֹ וִויא מַאן לֶעשְׁט נִיט אָן שבת, נַייאִירְט מַאן לָאזְט עֶס בְּרֶענִין אוּן מַאן גֵייט אַוֶועק" (דארט פרק ד' ב' וד'). אִין דֶעם טור אורח חיים סימן תקי"ד שְׁטֵייט דֶער דָאזִיגִיר דִין נָאךְ גִינוֹיאִיר.

אסור לכבות הדליקה בי"ט אפילו רואה את ביתו שנשרף. אסור לכבות הבקעת בין אם מכבה מפני שחס עליה שלא תשרף בין אם מכבה שלא תתעשן הקדרה. ודוקא כשאפשר לו להצילה מעישון בלא כבוי כגון שיסירנה מאש זה ויתננה על אש אחר אבל אם אין לו אש אחר ואם לא יכבנה תתעשן הקדרה מותר לכבותה כדי שלא תתעשן הקדרה:

„עֶס אִיז אסור צוּ לֶעשִׁין פַּייאֶר אָן יום טוב אפילו וֶוען אַיין מֶענְשׁ זֶעהט אַז זַיין הויז בְּרֶענְט. עֶס אִיז אסור צוּ לֶעשִׁין גִישְׁפָּאלְטִין הָאלְץ אוֹבּ פוּן דֶעסְטְוֶועגִין אַז עֶר אִיז חס דְרוֹיף אַז עֶס זָאל נִיט פֶערְבְּרֶענְט וֶוערִין, אוֹדִיר כדי אַז דֶער טָאפּף זָאל נִיט אָנְגִירֵייכִירְט וֶוערִין, אוּן דווקא וֶוען עֶס אִיז אִיהם מִיגְלִיךְ אִיהם צוּ בִּישֶׁערְמִין פוּן אָנְרֵייכִירוּנְג אָן אוֹיסְלֶעשׁוּנְג, דהיינו אַז עֶר זָאל אִיהם אַוֶועקְ נֶעמִין פוּן דֶעם דָאזִיגִין פַּייאֶר אוּן זָאל אִיהם שְׁטֶעלְלִין צוּ אַיין אַנְדִיר פַּייאֶר. אָבִּיר וֶוען עֶר הָאט נִיט קַיין אַנְדִיר פַּייאֶר, אוּן וֶוען עֶר וֶועט עֶס נִיט אוֹיס לֶעשִׁין וֶועט דֶער טָאפּף אָנְגִירֵייכִירְט וֶוערִין, אַזוֹ מֶעג עֶר עֶס אוֹיס לֶעשִׁין כדי אַז דֶער טָאפּף זָאל נִיט אָנְגִירֵייכִירְט וֶוערִין". נוּן מִיר אִיבִּיר לָאזִין עֶס דֶעם פְּרָאכְטִין שכל פוּן אִיטְלִיכִין יוד, אוֹבּ אִין דִיא דָאזִיגִי דינים אִיז גִירֶעכְטִיגְקַייט, בַּארְמְהֶערְצִיגְקַייט, אוּן אמונה, אוֹדִיר הַארְטִיגְקַייט, אכזריות, אוּן נַארִישְׁקַייט.

# נתיבות עולם

## עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז

### דיא אלטי שטעגין.

---

### נומר י״ד

---

דִיא תּורה שבעל פה זָאגְט, אַזוֹ וִויא מִיר הָאבִּין גִיזֶעהִין אִין אוּנְזֶער לֶעצְטִין נוּמֶר, אַז אָן יום טוב אִיז עֶס אסור אַיין פַייאֶר אוֹיס צוּ לֶעשִׁין כדי צוּ בְּשֶׁערְמִין דָאס הוֹיז אוּן פֶערְמֶעגִין פוּן אַיין מֶענְשׁ, אָבִּיר עֶס אִיז מותר אָן דֶעם זֶעלְבִּיגִין טָאג דִיא דָאזִיגִי זֶעלְבִּיגִי זַאךְ צוּ טְהוּן כדי אַז אַיין טָאפְּף פוּן גִיקֶעכְטְס זָאל נִיט אָנְגִיבְּרֶענְט וֶוערִין. דֶער דָאזִיגֶער דִין מֶעכְט זִיךְ אפשר דַאכְטִין קְלוּג אוּן פְרוּם צוּ זַיין בַּייא אַזֶעלְכִי וָואס הָאבִּין מֶעהר הַייזִיר וִויא אֵיינְס, אוֹדִיר דִיא סְפָּאסִיבִּים זִיךְ הַייזִיר צוּ פֶערְשַׁאפְּפִין: אָבִּיר פַאר אַיין אָרִימִין מַאן, וָואס פֶערְלִירְט אִין אַיין זָאלְכִין אוֹפִן זַיין גַאנְץ פֶערְמֶעגִין אוּן מוּז זֶעהִין זַיינִי פַאמִילְיֶע פֶערְלָאזְט אָן אַיין דַאךְ אִיבִּיר זַייאֶרִי קֶעפְּף אוֹדִיר אָן אַיין בֶּעט דְרוֹיף צוּ לִיגִין. פַאר אַזוֹ אַיין אָרִימִין אִיז דֶער דָאזִיגִיר דִין אַזוֹ אוּם בַּארְמְהֶערְצִיג וִויא עֶר אִיז נַארִישׁ. דָאךְ עֶס אִיז אַיין שְׁרֶעקְלִיכִירִים אכזריות פַארְהַאנְדִין וִויא דָאס וָואס גֵייט נוּר אוֹיף דֶעם מעמד פוּן מֶענְשִׁין בגשמיות. דִיא צְווִינְגִינִישׁ ברותניות, וָואס מַאכְט שְׁוֶוער אוּן קְרֶעמְפִּיוִיט דָאס גִיווִיסְסִין אוּן בְּרֶענְגְט דִיא זֵייל צוּ קְנֶעכְטְשַׁאפְּט, אִיז נָאךְ שְׁוֶוערִיר צוּ דֶערְטְרָאגִין. בַּייא שָׁאדִין אִין גשמיות זַאבִּין קָאן דָאס גִימוּטה פוּן אַיין מֶענְשׁ גִישְׁטַארְקְט וֶוערִין דוּרְךְ אַיין גִיפִיהל פוּן אמונה; אָבִּיר וֶוען זַיינִי אמונה קְוֶוייהְלְט אִיהם מִיט משונה פִּילִי אוּן הַארְטִי אוּן פֶערְדְרֶייהטִי פָארְדִירוּנְגִין, אַזוֹ וֶוערְט דֶעם מֶענְשׁ זַיין לֶעצְטִיר טְרוֹסְט אַוֶועק גִינוּמִין. דִיא אמונה פוּן דִיא תורה שבעל פה בַּאבְט זִיךְ אוּנְס צוּ זַיין פוּן דֶעם דָאזִיגִין שְׁטֵייגִיר, אוּן אִיהְרִי בִּיפֶעהל אִין דֶעם ענין פוּן פַייאִיר טֶעג וֶועלִין טוּיגִין דֶערְצוּ אוֹיס צוּ וַוייזִין אַז אוּנְזֶערִי דָאזִיגִי דעה אִיז רֶעכְט. מִיר הָאבִּין שׁוֹן גִיזֶעהִין אַז זִיא פֶערְלַאנְגְט, מַאן זָאל צְווייא טֶעג קַיינִי אַרְבֵּייט נִיט טְהוּן, וואוּ גָאט ב״ה פֶערְלַאנְגְט נוּר אֵיינִין, אוּן אַז דֶער כלל דין אִיז, אַלִים וָואס אִיז

אסור

אסור אָן שבת איז אסור אָן יום טוב, חוץ אייני אײנציגי זאך. דאך דיא סופרים זענין מיט דעם דאזיגין ניט צו פרידין געוועזין, זייא האבין זיך פאר גינומין און האבין עפיס אויס געטראכט וואס איז אסור אין דיא דאזיגי טעג, כאטשי עס איז מותר אָן שבת. זייא זאגין, אז עס זענין גיוויסי זאכין פארהאנדין וואס זענין אסור, ווען מאן האט זייא ניט דעם טאג צופאר מיט ווילינס בישטימט צו דעם גיברויך פון יום טוב. דיא דאזיגי זאכין הייסין בייא זייא מוקצה.

ויש ביום טוב מה שאין בשבת איסור מוקצה שהמוקצה אסור ביום טוב ומותר בשבת מפני שיום טוב קל משבת אסרו בו המוקצה שמא יבאו לזלזל בו:

„און עס איז פארהאנדין אָן יום טוב אייני זאך וואס איז ניט אָן שבת, דאס איז דער איסור פון מ ו ק צ ה, וואָרין מוקצה איז אסור אָן יום טוב און מותר אָן שבת. איבּיר דעם ווייל יום טוב איז גרינגיר פון שבת האבין זייא מוקצה אָן איהם אסור גימאכט, אז מאן זאל ניט דערצו קומין איהם פאר גימיין צו האלטין" (הלכות יום טוב פרק א' י"ז).

כיצד תרנגולת העומדת לגדל ביצים ושור העומד לחרישה ויוני שובך ופירות העומדין לסחורה כל אלו וכיוצא בהן מוקצה הן ואסור לאכול מהן ביום טוב עד שיכין אותם מבערב ויחשוב עליהם לאכילה:

„וויא אזוי. אייני הין וואס ווערט גיהאלטין אייער אויס צו ברייטין, און איין אוקס וואס ווערט גיהאלטין צום אקירן, און טויבין אין איין טויבינשלאג, און פירות וואס ווערין גיהאלטין צום האנדיל, אלי דיא דאזיגי און דערגלייכין זענין מ ו ק צ ה, און עס איז אסור צו עסין פון זייא אָן יום טוב, חוץ ווען מאן בישטימט זייא אָן ערב יום טוב און מאן האט אין זין זייא צו עסין" (דארט סעיף י"ח). דורך דעם דאזיגין דין זענין פילי זאכין פערבאטין וואס גאט ב"ה האט אין אירגיץ ניט פערבאטין, און נייאי קייטין ווערין גיקאוויט פאר דעם גיוויסין. איין עם הארץ קאן שווער זאגין דאס וואס גיהערט יוא אודיר וואס גיהערט ניט צו דיא דאזיגי זאכין, און ווען ער איז אין ספק אזוי מוז ער צווערשט גיין צום רבי, אײדיר ער קאן עסין אודיר בינוצין אייני זאך וואס ער איז דריבּיר אין ספק; וואָרין דער דאזיגיר גדר גייט ניט בּלוס אויף עסינווערק נייארט אויך אויף אנדירי זאכין, דהיינו זאכין פייער צו

ברענין

בְּרֶענְין , למשל אַיין מֶענְש אוֹדיר אֵיינִי פַאמִילְיע הָאבִּין גִיגֶעסִין נִים מַאנְדְלִין אָן ערב יום טוב , אִיז עֶס מותר אוֹדיר אסור צוּ פֶערְבְּרֶענְין דִיא שָׁאלִין אָן יום טוב זֶעלְבִּיר ? דָאס וָוארְט פוּן גָאט לָאוְט דֶעם יוד גַאנְץ רשות אִין דֶעם דָאזִיגִין אופן צוּ טְהוּן וִויא עֶר וִוילל , אָבִּיר דִיא תורה שבעל פה זָאגְט אִיהם אַז עֶר מֶעכְט אַיינִי גְרוֹסִי זִינְד טְהוּן וֶוען עֶר מֶעכְט טְהוּן דָאס אוֹדיר דָאס . וֶוען עֶר קָאן זִיךְ נִיט אֵיינִי עצה גֶעבִּין וֶועגִין זַיינִי כפיקות אִין דֶעם דָאזִיגִין ענין , אַזוֹ מוּז עֶר צוּפְרִידִין זַיין אַהִין צוּ גֵיין צוּ דֶעם רבי אוֹדיר צוּ אַיין אַנְדִירִין למדן אוּן זַיין פסק צוּ פָאלְגִין , אוּן אַזוֹ וֶועט אִיטְלִיכִיר פְרוּמִיר אוּן נִיט גִילֶערְנְטִיר יוד אַרַיין גִיבְּרֶענְגְט אִין גַאנְצִי גִיפַּאנְגְנְשַׁאפְט צוּ דִיא פסקים פוּן דִיא למדנים . אַיין אַנְדִירִיר דִין וָואס אִיז זֵייר גְלַייךְ צוּ דֶעם דָאזִיגִין אוּן וָואס פִיהרְט צוּ דִיא זֶעלְבִּיגִי קֶגֶעכְטְשַׁאפְט אִיז דֶער וָואס מַאכְט אסור אִיטְלִיכִי זַאךְ וָואס וֶוערְט גִיבּוֹהרִין אוֹדיר קוּמְט אוֹיף דִיא וֶועלְט אַרוֹיס אָן יום טוב .

וכשם שהמוקצה אסור ביום טוב כך הנולד אסור. חול מכין לשבת וחול מכין ליום טוב אבל אין יום טוב מכין לשבת ולא שבת מכין ליום טוב . לפי׳ ביצה שנולדה ביום טוב אחר השבת אסורה :

„אוּן אַזוֹ וִויא דָאס וָואס אִיז מוקצה אִיז אסור , אָן יום טוב, אַזוֹ אִיז אוֹיךְ דָאס וָואס וֶוערְט גִיבּוֹהרִין אסור . אָן אַיין וָואכִינְדִיגִין טָאג מֶעג מַאן זַאכִין אַנְבִּרֵייטִין אוֹיף שבת אוּן אוֹיךְ אוֹיף יום טוב . אָבִּיר אָן יום טוב מֶעג מַאן נִיט זַאכִין אָנְבְּרֵייטִין אוֹיף שבת , אוּן אָן שבת נִיט אוֹיף יום טוב , בַּארוּם אַיין אֵייא וָואס אִיז גִילֵייגְט גִיוָוארִין אַן יום טוב נָאךְ שבת אִיז אסור" (דָארְט סעיף י״ח וי״ט) . נוּן נִיט צוּ שְׁמוּסִין פוּן דִיא שְׁטִיקְלִיךְ קְלֵיינִיגְקֵייטִין פוּן דֶעם דָאזִיגִין גִיבָּאט עֶס זֶענִין אופנים פַארְהַאנְדִין וואוּ עֶס קָאן זֵייר קְוֶוייהלִין . למשל וֶוען עֶס זָאל זִיךְ טְרֶעפְפִין אַז אַיין אֵייא וָואס אִיז אָסוּר זָאל זִיךְ פֶערְמִישִׁין צְוִוישִׁין פִילִי אֵייעֶר וָואס זֶענִין מותר , אַזוֹ וֶועלִין זֵייא אַלִי אסור וֶוערִין , אַזוֹ וִויא עֶס שְׁטֵייט דָארְט אִין סעיף כ׳ ,

ואפילו נתערבה באלף כולן אסורות :

„אוּן הָאטְשִׁי עֶס הָאט זִיךְ פֶערְמִישְׁט צְוִוישִׁין טוֹיזִינְד זֶענִין זֵייא אַלִי אסור" . עֶס אִיז אמת אַז דִיא רבנים בְּמִיהִין זִיךְ צוּ בִּיוָוארִינִין קֵייגִין אַיינִי זָאלְכִי צוּקוּמְנִיגִישׁ„ דֶער דוּרְךְ אַז זֵייא זָאגִין אַז עֶס אִיז אסור מטלטל צוּ זַיין אַיין זָאלְכִים אֵייא אָן יום טוב ; אָבִּיר אַיין גוֹי אוֹדיר אַיין קִינְד קָאן

אום

אום גֶערין אַיין זָאלְבִּים אֵייא פֶּערְמִישִׁין צְווִישִׁין אַנְדִירִי אֵייעֶר אוּן דֶערדוּרְךְ אַיין נַחַת מבטל זַיין אוֹדִיר גָאר אַיין שָׁאדִין טְהוּן , אוּן דֶעם דָאזִיגִין שָׁאדִין מוּז דֶער אָרִימִיר מַאן לַיידִין , אוֹדִיר עֶר מוּז זַיין גִיוִויסְסִין שְׁוֶוער מַאכִין מִיט אֵיינִי עבירה במזיד . אָבִּיר דֶער דָאזִיגִיר דִין , וָואס מַאכְט אסור צוּ עֶסִין אוֹדִיר מטלטל צוּ זַיין אַלִים וָואס קוּמְט אוֹיף דִיא וֶועלְט אַרוֹים אָן יום טוב , גֵייט נָאךְ וַוייטִיר וִויא אוֹיף עֶסִינְוֶוערְק . הָאלְץ וָואס אִיז אָבּ גִיהַאקְט גִיוָואדִין אָן דֶעם דָאזִיגִין טָאג גִיהֶערְט צוּ דִיא דָאזִיגִי זַאכִין , אוּן דַארוּם אִיז עֶס אסור עֶס צוּ בִּינוּצִין צוּם בְּרֶענִין אוֹדִיר עֶס מטלטל צוּ זַיין . אַזוֹ אוֹיךְ אַש פוּן הָאלְץ וָואס אִיז פֶערְבְּרֶענְט גִיוָוארִין אָן יום טוב וֶוערְט גִיהַאלְטִין פַאר אֵיינִי זַאךְ וָואס אִיז אָן דֶעם דָאזִיגִין טָאג אוֹיף דֶער וֶועלְט אַרוֹיס גִיקוּמִין , אוּן עֶס אִיז אֵיינִי זִינְד עֶס מטלטל צוּ זַיין , וֶוען עֶס אִיז אֵיין מָאל קַאלְט גִיוָוארִין . אוּן וִוידִיר , וֶוען אַיין פַייעֶר אִיז אוֹיס גִיגַאנְגִין אָן יום טוב אַזוֹ אִיז עֶס אֵיינִי עֶרִינְצְטִי שאלה אוֹב דָאס אִיבְּרִיג גִיבְּלִיבִּינִי הָאלְץ מֶעג וִוידִיר אָנְגִיצוּנְדִין וֶוערִין .

אַזוֹ וֶוערְט דָאס גִיוִויסְסִין שְׁוֶוער גִימַאכְט מִיט דֶערְקְלֶערוּנְגִין פוּן זַאכִין וָואס זֶענִין אסור , אָבִּיר דִיא דִינִים וֶועגִין זַאכִין וָואס זֶענִין מותר זֶענִין גַאנְץ אַזוֹ פִיל אוּן פֶערְוִוירִינְדִיג . למשל , עֶס אִיז מותר פַייעֶר צוּ מַאכִין אָן יום טוב אוּן צוּ צוּשְׁטֶעלִין דֶעם טָאפְּף צוּ קָאכִין , אָבִּיר אַיין נִיט גִילֶערְנְטִיר יוּד אוּן יוּדִינִי מֶעכְט קֶענִין אֵיינִי עבירה טְהוּן אִין דֶעם שְׁטֵייגִיר עֶס צוּ טְהוּן , אוּן דַארוּם זָאגְט דֶער טור אורח חיים סימן תק״ב

כשעושה האש ונותן עליה קדרה צריך ליזהר בסידור העצים ובנתינת הקדרה עליהן שלא יהא דומה לבנין דאמר רב יהודה מדורתא מלמעלה למטה שרי . ממטה למעלה אסור :

„וֶוען אֵיינִיר מַאכְט אַיין פַייעֶר אוּן שְׁטֶעלְט צוּ דְרוֹיף אַיין טָאפְּף אַזוֹ מוּז עֶר בִּיוָוארִינְט זַיין אִין דֶער אָרְדִינוּנְג פוּן דִיא הֶעלְצִיר אוּן אִין דֶעם שְׁטֵייגִיר וִויא עֶר שְׁטֶעלְט צוּ אוֹיף זֵייא דֶעם טָאפְּף , אַז עֶס זָאל נִיט גְלַייךְ זַיין צוּ אַיין גִיבַּייא , וָוארִין רב יהודה הָאט גִיזָאגְט , אַיין הוֹיפִין הָאלְץ אָנְגִיהוֹבִּין פוּן אוֹבִין אַרָאבּ אִיז מותר , פוּן אוּנְטִין אַרוֹיף אִיז אסור“ . פוּן וֶועגִין דֶעם דָאזִיגִין טעם זֶענִין זֵייר קְלֵיינְלִיכִי בִּיפֶעהל גִיגֶעבִּין גִיוָוארִין אִיבִּיר דִיא אוֹיסְפִּיהרוּנְג פוּן אִיטְלִיכִי פוּן דִיא דָאזִיגִי בִּישֶׁעפְּטִיגוּנְגִין . דָאס פַייעֶר זָאל גִימַאכְט וֶוערִין נָאךְ דֶעם דָאזִיגִין שְׁטֵייגִיר נָאךְ :

העושה מדורה ביום טוב כשהוא עורך את העצים אינו מניח זה על זה עד שיסדר המערכה מפני שנראה כבונה. ואף על פי שהוא בנין עראי אסור אלא או שופך העצים בערבוב או עורך בשנוי. כיצד מניח עץ למעלה ומניח אחר תחתיו ואחר תחתיו עד שהוא מגיע לארץ:

„ווער עס מאכט איין האלצהויפין פון פייאר אן יום טוב, ווען ער ריכטיט איין דיא העלציר, זאל ער ניט לייגין איין שטיק אויף דעם אנדירן, אזו וויא צו מאכין איינע ארינדליכי איינריכטונג, ווארין דאס זעהט אויס גלייך ער וואלט גיבויאט: און חאטשי עס איז איין דערוויילינג גיבייא איז עס אסור. נייאירט ענטוויר ער זאל צושפרייטין דיא העלציר אין פערמישונג, אודיר ער זאל זייא איינריכטין מיט פערענדירונג. וויא אזו. ער זאל לייגין איין שטיק פון אובין, און איין אנדיר שטיק דרונטיר, און איין אנדירים אונטיר דעם, ביס עס דערגרייכט דיא ערד" (הלכות יום טוב פרק ד׳ י״ד). אזו טאר אויך דער טאפף ניט ארויף גישטעללט ווערין אויף שטיינער, אודיר אויך איין שום אנדירי זאך טאר איהם ניט אונטיר לעהנין, נייארט ער זאל ארויף גיהאלטין ווערין און דיא אונטירלעהנונג ווערט אונטיר איהם גילייגט; און אזו מיט אנדירי זאכין. דער גרוסיר עיקר איז אז מוז עפיס איין חילוק גימאכט ווערין צווישין דעם וואס ווערט גיטהאן אן יום טוב און אן איין וואכינדיגין טאג, און דארום ווען מאן ברענגט וויין, אודיר האלץ, אודיר אנדירי זאכין, אזו זאלין זייא ניט גיברענגט ווערין אין איין קארב, אויך ניט וויא תמיד, נייארט אויף דיא אקסיל, אודיר עפיס אויף איין אויסטירלישין שטייגיר. נון, וויא שפעקולאציעס פון מענשין וואס האבין ניט גיהאט פיל צו טהון, אודיר וואס האבין דיא כוחות וואס גאט האט זייא גיגעבין חשק גיהאט אוועק צו געבין צו אזעלכי קליינינגקייטין, באכטין זיך דיא דאזיגי זאכין שווער ניט שעדליך צו זיין. אביר ווען ארויף גילייגט וויא איינע לאסט אויף דיא גיוויסין קענין זייא גאר ניט גירעכטפערטיגט ווערין. אביר ווען זייא וואלטין גיפונין גיווארין אין דעם ברית חדשה, אזו וואלטין דיא יודין דער פון פיל קלוגי ווערטליך און גישפעט גימאכט. זייא וואלטין נאטירליך גיזאגט, וואס, איז דאס דיא אמונה וואס דער משיח איז גיקומין צו לערנין צו דיא מענשין. האט ער ניט גיהאט עפיס בעססירס

צו טְהוּן וִויא נָאךְ צוּ קוּקְן וִויא מַאן זָאל פַּייֶער מַאכִין אוּן טֶעפְּף צוּשְׁטֶעלְלִין. אָבִּיר דָאס אִיז נִיט דִיא אמונה פוּן ישוע הנוצרי, אוֹיךְ נִיט פוּן זַיינֶי שליחים (אפוסטילס). עֶס גִיפִינְט זִיךְ נִישְׁט דֶערְגְלַייכִין אִין דֶעם ברית חדשה. דָאס אִיז דִיא אמונה, אוּן דָאס זֶענִין דִיא דינים פוּן דִיא וָואס גְלוֹיבִּין נִיט אָן אִיהם.

אָבִּיר פוּן דֶעם דָאזִיגִין דת פוּן קְלֵיינְלִיכִי גִיזֶעצְגֶעבִּירַייא קוּמְט נָאךְ אֵיינֶי אַנְדִירִי אוּן שְׁלֶעכְטִירִי זַאךְ אַרוֹיס; עֶר פִיהְרְט צוּ שְׁוֶעריגְקַייט, אוּן דִיא שְׁוֶעריגְקַייט פִיהְרְט צוּ שְׁווִינְדְלִירַייא צוּ ערמה אוּן אַזוֹ וֶוערְט דָאס גִימוּטְהֶה נִיט גִיבֶּעסְסִירְט אוּן הָאט דֶערפוּן קַיין טובה נִיט, נַייאִירְט עֶס וֶוערְט טַאקִיש פֶערְדָארְבִּין דוּרךְ דֶעם מקיים זַיין פוּן דִיא דָאזִיגֶי אמוּנה פוּן דִיא רבנים. אַזוֹ זָאגְט דִיא תורה שבעל פה אַז עֶס אִיז אסור אָן יום טוב צוּ קָאכִין שְׁפַּייז אוֹיף דֶעם אַנְדִירִן טָאג, בפרט אוֹיף אַיין וָואכִינְדִיגִין טָאג, אָבִּיר וֶוען אֵיינֶי פוּן דִיא שְׁפַּייז בְּלַייבְּט אִיבְּרִיג אִיז עֶס מותר. וָואס קוּמְט נוּן דֶער פוּן אַרוֹיס. נַאטִירְלִיךְ דָאס, אַז מֶעהר שְׁפַּייז וֶוערְט אָנְבִּירֵייט מֶעהר וִויא מַאן הָאט נֵייטִיג אוֹיף יום טוב, וַוייל זֵייא ווִיסְסִין אַז דִיא דָאזִיגֶי מֶעג גִיגֶעסִין וֶוערִין אָן דֶעם טָאג דֶערְנָאךְ. אוּן מִיר רֵיידִין זִיךְ דָאס נִיט אַיין אַז דָאס קוּמְט דֶער פוּן אַרוֹיס, נַייאִירְט דִיא רבנים גֶעבִּין אוֹיסְפִּיהְרְלִיךְ דִיא עצה אוּן זֶענִין מתיר אַז מַאן זָאל אַזוֹ טְהוּן.

ממלאה אשה קדרה בשר אף על פי שאינה צריכה אלא לחתיכה אחת. ממלא נחתום חבית של מים אף על פי שאינו צריך אלא לקיתון אחד. ממלאה אשה תנור פת אף על פי שאינה צריכה אלא לככר אחד שבזמן שהפת מרובה בתנור היא נאפת יפה. ומול״ח אדם כמה חתיכות בשר בבת אחת אף על פי שאינו צריך אלא לחתיכה אחת וכן כל כיוצא בזה.

אַיינֶי פְרוֹיא מֶעג אָנְפִילְלִין אַיין טָאפְּף מִיט פְלֵייש, חָאטְשִׁי זִיא הָאט נוּר נֵייטִיג אֵיין שְׁטִיק. אַיין בֶּעקִיר מֶעג אָנְפִילְלִין אַיין פַאס מִיט וַואסִיר, חָאטְשִׁי עֶר הָאט נוּר נֵייטִיג אֵיין בֶּעכִיר. אֵיינִי פְרוֹיא מֶעג אָנְפִילְלִין אַיין אוֹפִין מִיט בְּרוֹט, חָאטְשִׁי זִיא הָאט נוּר נֵייטִיג אֵיין לֵייבִּיל, וָוארִין וֶוען פִיל בְּרוֹט אִיז אִין דֶעם אוֹפִין בַּאקְט עֶס זִיךְ בֶּעסְסִיר. אוּן אַיין מֶענְש מֶעג זַאלְצִין פִילֶי שְׁטִיקִיר פְלֵייש אוֹיף אֵיין מָאל, חָאטְשִׁי עֶר הָאט נוּר נֵייטִיג אֵיין שְׁטִיק, אוּן אַזוֹ אַלִים

דערגלייכין

דערגלייבין" (הלכות יום טוב פרק א' יו"ד). נון דאס איז קלאר איינע אויסמיידונג פון דעם וואס ווערט גיהאלטין פאר איין גיבאט פון גאט. אזו זאגט אויך דיא תורה שבעל פה אז עס איז אסור אן צו ברייטין שפייז פאר גוים.

אין אופין ומבשלין ביום טוב כדי להאכיל גוים או כלבים שנא' הוא לבדו יעשה לכם לכם ולא לגוים לכם ולא לכלבים:

„מאן טאר ניט באקין אודיר קאכין אן יום טוב כדי צו שפייזין גוים אודיר הינד; וואריך עס איז גיזאגט גיווארין (שמות י"ב ט"ז) „דאס אליינט זאל גיטאן ווערין צו אייך". „צו אייך", און ניט צו גוים „צו אייך", און ניט צו הינד (דארט סעיף י"ג). דער מהות פון דעם דאזיגין פסק קאן פיהרין צו פערשידיני שוועריגקייטין: ערשטינס, איין יוד קאן האבין גוים אין זיין גישעפט אודיר דינסט וואס עסין בייא איהם, וואס זאל ער נון טהון. איבר דיא דאזיגי שוועריגקייט קאן ער אריבר דורך דעם שטייגיר וואס מיר האבין אובין מזכיר גיוועזין, דער דורך אז ער לאזט קאכין מעהר וויא ער האט נייטיג, אזו איז עס מותר אז דער גוי זאל עס עסין דאס וואס בלייבט איבריג. אבר למשל, וועןאיין גוי און איין יוד האבין איינע בהמה אין חברותה און זייא ביידי ווילין האבין אז זיא זאל גישאכטין ווערין אן יום טוב, צי מעג איין יוד זיא שעכטין. נאך יענים פסק נאך אובין מעכט זיך דאכטין ניין, וואריך עס איז איינע אנברייטונג פון שפייז צו שפייזין איין גוי; אבר דיא רבנים האבין אויס גיטראכט איין טעם אויס צו מיידין דאס גיבאט.

בהמה שחציה של גוי וחציה של ישראל מותר לשוחטה ביום טוב שאי אפשר לאכול ממנה כזית בשר בלא שחיטה:

„איינע בהמה וואס איהרי איינע העלפט גיהערט צו איין גוי און דיא אנדירי העלפט צו איין יוד איז מותר גישאכטין צו ווערין אן יום טוב, וואריך עס איז אום מיגליך פון איהר איין כזית פלייש צו עסין אן שחיטה" (דארט סעיף י"ד). אויך דאס איז נישט מעהר און נישט ווייניגיר וויא איינע אויסמיידונג. אבר נון למשל, ווען איין יוד האט שון גיגעסין אלי זייני מאלצייטין אן יום טוב און דערנאך זעהט ער אז איינע בהמה וואס גיהערט צו איהם וועט מסתמא שטארבין און אז ער וועט דארום מסתמא זיא אין גאנצין שאדין האבין. וואס זאל ער טהון. דיא תורה

שבעל

שבעל פה גיבּט דעם פסק אַז זיא איז אסור צו שחיטה אויף דעם אַנדירן טאָג, און דאָך ווען זיא שטאַרבּט אָן שחיטה מוז זיא אין גאַנצין אסור זיין צו עסין. אין דעם דאָזיגין אופן איז אַיין בּישערמינדיגיר תנאי פאַרהאַנדין וואָס טהוט אַוועק דיא שוועריגקייט.

מי שהיתה לו בהמה מסוכנת לא ישחוט אותה ביום טוב אלא אם כן יודע שיוכל לאכול ממנה כזית צלי מבעוד יום. כדי שלא ישחוט בי"ט מה שיאכל בחול:

„ווער עס האָט אַייני בהמה וואָס איז נאָהנט צום טוט זאָל זיא ניט שעכטין אָן יום טוב, חוץ ווען ער ווייס אַז ער קאָן עסין פון איהר אַיין כזית גיבּראָטין ווען עס איז נאָך טאָג, כדי אַז ער זאָל ניט שעכטין אָן יום טוב וואָס וועט גיגעסין ווערין אָן אַיין וואָכינדיגין טאָג, (דאָרט סעיף י"ב). דאָ איז דיא אויסמיידונג גאַנץ קלאָר. דער מאַן האָט שון גיגעסין זייני מאָלצייטין, ער ווייס אַז זיא איז ניט אויף יום טוב, אַז דאָס ווערט גיטהאָן פּראָסטי איהם צו בּישערמין פאַר שאָדין, און דאָך בּיפעהלט איהם דיא תורה שבעל פה זיך שולדיג צו מאַכין וועגין בּיטרוגיריייא און צו עסין פון איהר אַיין קליין שטיקיל, כדי אַז דאָס אויס זעהיניש פון אויסינווייניג מעכט דערהאַלטין ווערין. ווען דער תכלית דער פון איז גיוועזין באַרמהערציג צו בּישערמין דעם אָרימין פאַר שאָדין, פאַר וואָס איז עס ניט מותר גימאַכט גיוואָרין אויף איין מאָל, נאָר אָן אַיין זאָלכין תנאי. דיא באַרמהערציגקייט פון דער תקנה ווערט דאָ גאַנץ צו שטערט דורך דעם היתר פון בּיטרוגיריייא. אין דעם זעלבּיגין שטייגיר זאָגט דיא תורה שבעל פה אַז עס איז אסור עפפינטליך און פּראָסטי צו קויפין און צו פערקויפין אָן יום טוב, און דאָך ווייזט זיא אַיין ספּאָסיב פון אויסמיידונג.

לא יאמר אדם לטבח תן לי בדינר בשר אלא תן לי חלק או חצי חלק ולמחר עושין חשבון על שוויו:

„אַיין מענש זאָל ניט זאָגין צו אַיין קצב גיב מיר פליש פאַר אַיין גולדין (דינר), בּייאַירט, גיב מיר אַיין טהייל אודיר אַיין האַלב טהייל, און אָן דעם מאָרגינדיגין טאָג מאַכין זייא דיא רעכנונג וועגין דעם ווערטה דער פון" (דארט פרק ד' כ"א).

הולך אדם אצל חנוני או רועה הרגיל אצלו או אצל הפטם הרגיל אצלו ולוקח

ולוקה ממנו בהמות ועופות וכל מה שירצה והוא שלא יזכיר לו שום דמים ולא סכום מנין:

„אַיין מֶענְש מֶעג גֵיין צוּ זַיין גֶיוֶויהנְלִיכִין קְרֶעמֶער אוֹדֶער פַּאסְטִיךְ אוֹדֶער שְׁטָאפִּיר אוּן נֶעמִין פוּן אִיהם בהמות אוּן עופות אוּן אַלִים וָואס עֶר ווילל נוּר זָאל עֶר אִיהם נִיט גִידֶענְקִין קֵיין גֶעלְד אוּן קֵיינֶע צָאהל״ (דָארְט סעיף כ״ד). צוּ נֶעמִין אֵיינֶע זַאךְ פוּן אֵיין קְרֶעמֶער מִיט גִיוִויכְט אוֹדֶער מָאס אִיז אויךְ אסור, וֶוען עֶס וֶוערְט גִיטָאהן עֶפְּפִינְטְלִיךְ אוּן עֶהרְלִיךְ, אָבֶּער עֶס אִיז מותר וֶוען עֶס וֶוערְט גִיטָאהן מִיט ערמה אוּן בִּיטְרוּגֶערַייא.

וכן לא יקח מבעל החנות במדה או במשקל אלא כיצד הוא עושה אומר לחנוני מלא לי כלי זה ולמחר נותן לו שוויו ואפילו היה כלי המיוחד למדה ימלאנה והוא שלא יזכור לו שם מדה:

„אוּן אַזוֹ זָאל עֶר נִישְׁט נֶעמִין פוּן אַיין קְרֶעמֶער מִיט מָאס אוֹדֶער גִיוִויכְט. נַייאֶערְט וִויא דֶען זָאל עֶר מַאכִין. עֶר זָאל זָאגִין צוּ דֶעם קְרֶעמֶער. פִּילל אָן דָאס דָאזִיגֶע גִיפֶעס פַאר מַיינִיט וֶועגִין, אוּן אָן דֶעם מָארְגִינְדִיגִין טָאג גִיבְּט עֶר אִיהם דֶעם וֶוערְטה דֶער פוּן. אוּן אפילו וֶוען דָאס גִיפֶעס מֶעכְט זַיין דָאס בִּישְׁטִימְטֶע צוּ דֶעם מָאס מֶעג עֶר עֶס אָנְפִּילְלִין, נוּר זָאל עֶר אִיהם דֶעם נָאמִין פוּן אֵיין מָאס נִיט גִידֶענְקִין״ (דָארְט סעיף כ״א). אִין אַלֶע דִיא דָאזִיגֶע אופנים אִיז עֶס קְלָאר אַז אֵיין הֶעכְט גִישֶׁעפְט טְהוּט זִיךְ טַאקִיש פוּן קוֹפִין אוּן פֶערְקוֹיפִין, אוּן דָאס אִיז, נָאךְ דֶעם אוֹיסְוַוייז נָאךְ פוּן דִיא רבנים זֶעלְבֶּער, אַקֶעגִין דֶעם וָוארְט פוּן גָאט. דִיא דָאזִיגֶע לַייט וָואס הֵייסִין שְׁלָאגִין אַיין מֶענְש אוּן מִיט בִּישֶׁעפֶּנִיש וַוייל עֶר הַאלְט נִיט זֵייאֶר אֵייגִין גִיבָּאט פוּן אַיין צְווֵייטִין פַייאֶר טָאג, זֵייא מַאכִין זִיךְ קֵיין גִיוִויסִין נִיט דְרוֹיס אוֹיס צוּ טְרַאכְטִין אוּן צוּ הֵייסִין הַאלְטִין אֵיין דַת פוּן בִּיטְרוּגֶערִישֶׁע אוֹיסְמַיידוּנְג פוּן דִיא גִיבָּאט פוּן גָאט. אפשר מֶעכְט אִימִיצֶער מֵיינִין אַז אוּנְזֶערֶע רֵייד זֶענִין צוּ הַארְט וֶוען מִיר בִּילֵייגִין יֶענֶע המצאות פוּן דִיא תורה שבעל פה מִיט דֶעם נָאמִין ערמה אוּן בִּיטְרוּגֶערַייא, אָבֶּער דִיא תורה שבעל פה זֶעלְבֶּער הָאט דֶעם דָאזִיגִין שְׁטֵייגֶער שְׁמוּס גִיגֶעבִּין אוּן מַאכְט זִיךְ נִיט אֵיין גִיוִויסִין דְרוֹיס דֶערְגְלַייכִין וֶוערְטֶער צוּ הֵיירִין, אוּן צוּ זָאגִין אַז אִין דֶערְגְלַייכִין אופנים אִיז ערמה אוֹדֶער בִּיטְרוּגֶערַייא מותר.

אותו ואת בנו שנפלו לבור מעלה את הראשון על מנת לשוחטו ואינו שוחטו, ומערים ומעלה את השני על מנת לשוחטו ושוחט אי זה מהן שירצה משום צער בעלי חיים התירו להערים:

„ווען אײנע בהמה און איהר זוהן זענען אַרײן געפאללען אין אײן גרוב אַרײן, אַזוֹ נעמט מאַן דיא ערשטע אַרוֹיס אויף דעם תנאי זיא צו שעכטען און מאַן שעכטעט זיא ניט. דער נאָך טהוט מאַן ערמה און מאַן נעמט דעם צװייטען אויך ארויס אויף דעם תנאי איהם צו שעכטען, און מאַן שעכטעט װעלכען פון זייא מאַן וויל. פון װעגען צער בעלי חיים האָבען זייא מתיר געװעזען ערמה צו טהון" (דאָרט פרק ב׳ ד׳). דאַ שמוּסט דיא תורה שבעל פה קלאָר, עס איז קײנע פערענטפירונג ניט צו זאָגען אַז זיא האָט געהייסען דיא דאָזיגע ערמה טהון װעגען צער בעלי חיים. ווען עס איז איבער הויפּט מותר בהמות אַרויס צו נעמען פון דעם גרוב, אַזוֹ איז עס מותר צו טהון גאָר אָן ערמה, עפפינטליך און עהרליך. און ווען עס איז אסור זייא אַרויס צו נעמען, אַזוֹ איז עס דאָפּפּעלט אסור אַזוֹ צו טהון דורך ערמה און ביטרוגערייא, גלייך ווען גאָט וואָלט חלילה ניט געוואוסט דיא געדאַנקען און פּאַרנעמונגען פון זייערע הערצער און וואָלט געקאָנט צופרידען זיין מיט פאַלשע און אויס געטראַכטע תנאים. אָבער עס איז אײן אַנדערער אופן פאַרהאַנדען וואו מאַן הייסט אויך ערמה טהון, און וואו מאַן קאָן זיך ניט פערענטפערן מיט רחמנות, וואָרין דאָרט איז דיא רייד גאָר ניט דער פון.

המפשיט עור בהמה ביום טוב לא ימלהנו שזה עיבוד הוא ונמצא עושה מלאכה שלא לצורך אכילה... ומותר למלוח בשר לצלי על גבי העור ומערימים בדבר זה. כיצד מולח מעט בשר מכאן ומעט מכאן עד שימלח העור כולו:

„ווער עס ציהעט אָב דיא פעלל פון אײנע בהמה אָן יום טוב טאָר זיא ניט זאַלצען, וואָרין דאָס איז אַרבייט, און ער מעכט געפונען ווערין אַז ער טהוט אײנע אַרבייט וואָס איז ניט נייטיג װעגען עסין.... אָבער עס איז מותר צו זאַלצען פלייש צו בראָטען אוֹבען אויף דער פעלל, און מאַן טהוט ערמה אין דער דאָזיגער זאַך. וויא אַזוֹ. מאַן זאַלצט אײן ווייניג פלייש פון דער זייט און אײן ווייניג פון יענער זייט ביס דיא גאַנצע פעלל איז געזאַלצען" (דאָרט פרק ג׳ ד׳). דאַ קאָן מאַן גאָר קײנע שום פערענטפירונג ניט זאָגען. דיא תורה שבעל פה איז

מודה

מורה אַז צו זאָלְצִין אֵיינִי פֶעל אִיז אסור, אִיהרִי מאספים הָאבִּין זִיךְ דַארום בְּמִיהִט ממציא צו זַיין אַיין שְׁטֵייגִיר דָאס צו טְהוּן וָואס אִיז אָסור גִיוֶועזִין און דָאךְ צו הָאבִּין דָאס אוֹים זֶעהִינִיש אַז מַאן הַאלְט דָאס גִיזֶעץ, און זֵייא הָאבִּין מִיט שַׁארְפִין שכל אוֹים גִיטְרַאכְט יֶענִים סְפָּאסִיב אוֹבִּין דִיא שְׁוֶועריגְקַייט אַוֶועק צו טְהוּן. אַזוֹ וֶוערְט דָאס גִיזֶעץ פון גָאט צו נִישְׁט גִימַאכְט דוּרְךְ דִיא קבלה לֶערְנוּנְגִין פון מֶענְשִׁין. דִיא גִיבָּאט פון דִיא סופרים וֶוערִין אַיינְגִישַׁארְפְט דוּרְךְ שְׁלֶעג און חרם, אָבִּיר גַאנְצִיר רשות וֶוערְט גִיגֶעבִּין עובר צו זַיין דִיא גִיבָּאט פון גָאט, וֶוען אַיין אוֹים זֶעהִינִיש פון גִיהָארְכוּנְג קָאן נוּר דֶערְהַאלְטִין וֶוערִין. עֶס אִיז זִיךְ נִיט צו פֶערְווֹאוּנְדִירִן אַז ישוע הנוצרי, וָואס זַיין מהות אִיז לִיבְּלִיכְקַייט און לַייטְזֶעלִיגְקַייט, הָאט אַזֶעלְכִי הַארְטִי וֶוערְטִיר גִירֶעט צו דִיא מחברים פון דֶעם דָאזִיגִין דת. זַיין כלל שְׁמוּס צו זֵייא אִיז גִיוֶועזִין, „ווִיא צו אַייךְ סופרים און פרושים, אִיר שְׁמֵייכְלִירִס". זֵייא הָאבִּין גִיזָאגְט אַז זֵייא ווִילִּין שְׁטַארְק הָאבִּין אַז דִיא תורה פון גָאט זָאל גִיהַאלְטִין וֶוערִין. דָאס אִיז גִיוֶועזִין דֶער אַרוֹים גִיזָאגְטִיר תכלית פון זֵייעֶרִי גִיבָּאט. זֵייא זֶענִין אוֹים גִיטְרַאכְט גִיוָוארִין ווִיא אַיין סייג ווִיא אַיין צוֹים אָבּ צו הַאלְטִין אִיטְלִיכִין בן ישראל אפילו פון אֵיינִי גִינֶעהנוּנְג צו עבירה, און זֵייא הָאבִּין אַיינְגִישַׁארְפְט דָאס מקיים זַיין פון דֶעם דָאזִיגִין סייג דוּרְךְ דִיא הַארְטִיסְטִי שְׁטְרָאף. אָבִּיר וואוּ דִיא תורה פון גָאט אִיז גִיוֶועזִין אַקְיגִין זֵייעֶר וֶועלְטְלִיכִין נוּצִין, זֵייעֶר נחת אוֹדִיר זֵייעֶר גִיווין, אַזוֹ הָאבִּין זֵייא אָן מוֹרא צו נִישְׁט גִימַאכְט דִיא תורה און הָאבִּין אַיינְגִישַׁארְפְט אַיין דת פון ערמה און אוֹיסְמַיידוּנְג. און דָאס אִיז אפשר דֶער גִיפֶעהְרְלִיכְסְטִיר און שְׁרֶעקְלִיכְסְטִיר יסוד אִין דֶער צוּזַאמְמִין זֶעצוּנְג פון דֶעם תלמוד. דָאס מֶענְשְׁלִיכִי הַארְץ אִיז תמיד אָנְבְּיִרְייט אִין זִיךְ אַרַיין צו צִיהִין וָואס אִיז שְׁלֶעכְט, און דָאס מֶענְשְׁלִיכִי גִימוּטְה אִיז זֵייר גִישְׁווִינְד דִיא עִיקְרִים פון בֵּייזִיגְקַייט בכלל אוֹים צו בְּרֵייטִין. דִיא אֵיינְצִיגִי רפואה וָואס קָאן אֵיין פעולה טְהוּן פַאר דִיא דָאזִיגִי קְרַאנְקְהַייט פון קָאפּף און הַארְץ אִיז דִיא אַיינְשַׁארְפוּנְג פון יֶענִי און הֵיילִיגִי עיקרים וָואס גָאט ב"ה הָאט אִין זַיינִי גְנָאד מגלה גִיוֶועזִין. אָבִּיר וֶוען מַאן פֶערְפֶּעלְשְׁט דִיא דָאזִיגִי עיקרים זֶעלְבִּיר, און אַיין דת פון בִּיטְרוּגִירִישִׁי אוֹים מַיידוּנְג וֶוערְט גִילֶערְנְט און גִיהֵייסִין הַאלְטִין פַאר דִיא אמונה פון משה און דִיא נביאים, וָואס פַארִי זַאכִין קָאן מַאן הָאפִּין זָאלִין דֶער פון

אַרוֹים

אַרויס קוּמֶען. דִיא אוּם בַּארְמְהֶערְצִיגֶע אוּנְטֶער דְרוּקוּנְג פוּן דִיא אָרִימֶע אִיז שְׁלֶעכְט גִינוּג. דִיא קְעֶנְטמַאכוּנְג פוּן דִיא גִיוִויסֶען פוּן דִיא שְׁוַואכֶע אִיז שְׁלֶעכְטֶער; אָבֶּער דִיא פֶערְדֶערְבוּנְג פוּן דִיא גִימוּטְהֶער פוּן דִיא פְּרָאסְטֶע לַייט דוּרְךְ אַזֶעלְכֶע שֶׁעדְלִיכֶע לֶערְנוּנְגֶען אִיז דָאס עֶרְגְסְטֶע פוּן אַלֶעם. אוּן דָאךְ אִיז דָאס דִיא אַרְבֵּייט פוּן דִיא יוּדִישֶׁע אמונה, אַזוֹ וִויא זִיא וֶוערְט גִילֶערְנְט אִין דֶער תורה שבעל פה אוּן פַּאר אמת גִיהַאלְטֶען אִין דִיא גִיבֶּעט פוּן דֶעם יוּדִישֶׁען סדר תפלות בפרהסיא אִין זֵייעֶרֶע שׁוּהלֶען. אוּנְזֶערֶע מֵיינוּנְג אִיז נִיט צוּ זָאגֶען אַז דֶער דָאזִיגֶער דת הָאט עֶפֶּעס גַאנְץ אֵייגֶענֶעס. מִיר וִויסֶען אַז דִיא פְּרָאוִוינְצִיאַל בְּרִיף וַוייזֶען אַיין ע״ז דת וָואס אִיז אוֹיךְ אַזוֹ פֶערְדָארְבֶּען אוּן פֶערְדֶערְבֶּענְדִיג. אָבֶּער דֶער דָאזִיגֶער דת הָאט גִישְׁט צוּ טְהוּן מִיט דִיא קְרִיסְטְלִיכֶע אמונה פוּן דֶעם ברית חדשה. אוּנְזֶערֶע אבות הָאבֶּען אִיהם שׁוֹן לַאנְג פֶערְלָאזְט. דִיא יוּדֶען פָאלְגֶען נָאךְ דִיא תורה שבעל פה אוּן אִין זֵייעֶרֶע תפלות אוּן מנהגים זֶענֶען זֵייא נָאךְ מודה אַז זֵייא הַאלְטֶען זִיא פַּאר גֶעטְלִיךְ אמת; אוּן אִין אַלֶע עֶרְטֶער וואו דִיא יוּדִישֶׁע אמונה וֶוערְט שְׁטַארְק גִיהַאלְטֶען, זֶענֶען דָאס דִיא לֶערְנוּנְגֶען וָואס וֶוערֶען אַיינְגִישַׁארְפְט אִין דִיא גִימוּטְהֶער פוּן דִיא יוּנְגֶע לַייט, אוּן דֶער פַיינְסְטֶער טְהֵייל פוּן דֶעם יוּדִישֶׁען פָאלְק לֵייגֶען דְרוֹיף אַוֶועק דִיא קְרַאפְט פוּן זֵייעֶרֶע יוּנְגֶע יָאהר אוּן דֶעם שכל פוּן זֵייעֶרֶע עֶלְטֶער. אַז עֶס זֶענֶען יוּדֶען פַארְהַאנְדֶען וָואס פֶערְשְׁמֶעהֶען דֶעם דָאזִיגֶען דַת, אוּן הָאבֶּען אָנְגֶענוּמֶען דִיא רֵיינֶערֶע עִיקָרִים פוּן דֶעם ברית חדשה, הָאטְשֶׁע אפילו זֵייא זֶענֶען בפרהסיא נִיט מודה דֶעם אמת פוּן דִיא קְרִיסְטְלִיכֶע אמונה, דָאס וִויסֶען מִיר וואוהל. אָבֶּער וִויא אַזוֹ אִיז עֶס אַז עֶס זֶענֶען קֵיינֶע נִיט פַארְהַאנְדֶען וָואס הָאבֶּען קוּרַאשׁ בפרהסיא אַרויס צוּ זָאגֶען אַז דֶער דת פוּן דִיא תוֹרָה שבעל פֶּה אִיז שְׁלֶעכְט. וִויא אַזוֹ אִיז עֶס, אַז עֶס אִיז קֵיין אֵיינְצִיגֶער נִיט פַארְהַאנְדֶען וָואס קוּמְט אַרויס צוּ לָאזֶען זַיינֶע בְּרִידֶער פוּן דִיא קְנֶעכְטְשַׁאפְט ברוחניות אוּן פוּן דִיא שְׁוֶוערִיגְקַייט פוּן נַארִישֶׁע אמונה אוּן טעות.

אין מנהל לה מכל בנים ילדה ואין מחזיק בידה מכל בנים גדלה:
„זִיא הָאט קֵיין פִיהרֶער נִיט פוּן אַלֶע קִינְדֶער וָואס זִיא הָאט גִיוִוינֶען, אוּן קֵיינֶער דֶערְגְרַייפְט זִיא נִיט בַּייא דֶער הַאנְד פוּן אַלֶע קִינְדֶער וָואס זִיא הָאט דֶערְצוֹיגֶען“. (ישעיה נ״א י״ח).

Дозволено Цензурою. Варшава 27 Января (8 Февраля) 1876 г.
Въ Типографіи А. Гинса. Королевская № 1064 D

НЕСЫВОТЪ ОЛОМЪ

# נתיבות עולם

## עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז.

### דיא אלטי שטעגין.

### נומר ט״ו

ווען מיר זענין חוקר ודורש דעם תוך און תכלית פון דיא תורה שבעל פה, נייטיגט אונס דער אייגענטליכער מהות פון אונזערי ארבייט שטיין צו בלייבין בייא איהרי ביזונדערקייטין און אכטונג צו געבין אויף אזעלכי שטיקליך וואס ווייזין זיך צו זיין איהרי עיקר סימנים זיא דערדורך צו דערקענין. דער הויפט תכלית פון אונזער גישעפט איז ניט צו ווייזין איהרי טעות און חסרונות, נייארט אויס צו ווייזין אז זיא איז ניט פון גאט. בייא דעם דאזיגין אויס ווייז איז עס דוקא נייטיג, דורך איינע פערגלייכונג מיט דיא תורה און דיא נביאים וואס זענין אן טעות דער פרוף שטיין פון רעכט און אום רעכט, צו ווייזין אז דער דת איז שלעכט. מיר וויססין, און מיר האבין שון מעהר וויא איין מאל גיזאגט, אז וויל ער איז ניט איינע בלוסע מענשליכע אויסטראכטונג, נייארט איינע פערדערבונג פון איינע געטליך ענטפלעקטע אמונה, אזו מוז ער פילים אין זיך האבין וואס איז גוט. אבער דער דאזיגער זאג רעכטפערטיגט דעם דת ניט מעהר, וויא איין קליין ביסיל גאלד אין איין גימישט שטיק מתכות מעכט ביווייזין אז דאס גאנצי שטיק איז גאלד און דיא דאזיגי פערגלייכונג קאן גוט קלאר גימאכט ווערין דורך דיא דינים פון הלכות יום טוב וואס מיר האבין אין נומר י״ג י״ד פון זיא גישמועסט. דער לעצטיר סימן פון דיא דאזיגי הלכות האט אין זיך פערשידיני שיינע און פרומע כללים, דהיינו, נאך דעם גיבאט זיך צו פרייאין אן זאלכי טעג און איינצושאפפין ניס און דערגלייכין זאכין פאר דיא קינדער, נייאי קליידער און צירונג פאר דיא ווייבער, און גוט עסין און טרינקין פאר דיא מענער, שטייט אזו:

וכשהוא

וכשהוא אוכל ושותה חייב להאכיל לגר ליתום ולאלמנה עם שאר העניים אבל מי שנועל דלתי ביתו ואוכל ושותה עם בניו ואשתו ואינו מאכיל ומשקה לעניים ולמרי נפש אין זו מצוה אלא שמחת כרסו ועל אלו נאמר זבחיהם כלחם אונים להם כל אוכליו יטמאו כי לחמם לנפשם.

„און װען ער עסט אודיר טרינקט איז ער מחויב צו געבין צו עסין צו דעם פרעמדלינג, צו דעם יתום און צו דיא אלמנה מיט דיא אנדירי ארימי. אביר װער עס פערשליסט דיא טהירין פון זיין הויז און עסט און טרינקט מיט זייני קינדיר און זיין װייב, אביר גיבט ניט צו עסין און צו טרינקין צו דיא ארימי און ביטריבטי, אזו איז דאס ניט דיא מצוה גיהאלטין, נייארט עס איז דיא פרייד פון זיין בויך, און אויף אזעלכי איז גיזאגט גיװארין, „זייארי אופפיר װעלין זיין צו זייא װיא דאס ברוט פון דיא װאס טרויארין, אלי װאס עסין דערפון װעלין פער אום ריינינגט װערין, װארין זייער ברוט פאר זייארי זייל װעט ניט אריין קומין אין דעם הויז פון יהוה„ (הושע ט׳ ד׳)" (טור אורח חיים סימן תקכ"ט). דאס מאכט אייני בארמהערציגי פערזארגונג פאר די ארימי, און אז עס לערנט אלי װאס האבין איין חלק פון דיא גוטי זאכין פון דיא דאזיגי װעלט צו גידענקין אן זייארי ארימי ברידיר, אזו איז עס װערטה גילויבט און נאך גיטהאן צו װערין. מיר װיססין אויך אז דיא דאזיגי דערבארמונג װערט גיטהאן פון אלי פרומי יודין אין דער גאנציר װעלט און אז זייא זענין פון דעסטװעגין װערטה בכבוד גיהאלטין צו װערין פון אלי װאס פערשטיין גמילת חסד פאר חשוב צו האלטין. אביר דער טעם פאר װאס איטליכיר װאס גלויבט אן דעם גילוי רצון פון גאט װעט דאס דאזיגי גיבאט פאר גוט האלטין איז, װייל עס פאסט צוזאממין מיט דעם װארט פון גאט ב"ה. משה האט אין זיין גיזעץ דעם דאזיגין ביפעהל גיזאגט,

והגר והיתום והאלמנה אשר בשעריך ואכלו ושבעו למען יברכך יהוה אלהיך בכל מעשה ידיך אשר תעשה:

„און דער פרעמדלינג און דער יתום און דיא אלמנה װאס איז אין דייני טורין (זאלין קומין), און זייא זאלין עסין און זייא זאלין זאט װערין, פון װעגין אז יהוה דיין אלהים זאל דיך בענשין אין אלי װערקי פון דייני האנד װאס דו װעסט טון" (דברים י"ד כ"ט). און אין דעם ברית

חדשה

חדשה גִיפִינְט זִיךְ אַיין רֶעסְגְלַייכִין גִיבָּאט , „וֶוען דוּ מַאכְסְט אַיין מִיטָאג מָאל , אוֹדִיר אַיין אוֹבֶּנְט מָאל , בֶּעט נִיט דַיינִי פְרַיינְד אוּן דַיינִי בְּרִידִיר , אוּן דַיינִי קרובים , אוּן דַיינִי רַייכִי שכנים ; וָוארִין טָאמִיר וֶועלִין זֵייא דִיךְ אוֹיךְ בֶּעטִין , אוּן דוּ וֶועסְט הָאבִּין אַיין גמול : אָבֶּר וֶוען דוּא מַאכְסְט אַיין סעודה , אַזוֹ בֶּעט דִיא אָרְמִי , אוּן דִיא קְרִיפֶּל , אוּן דִיא הִינְקִידִיגִי , אוּן דִיא בְּלִינְדִי : אוּן דוּא וֶועסְט גִיזֶעגִינְט זַיין ; וָוארִין זֵייא הָאבִּין דִיר נִיט משלם גמול צוּ זַיין . אָבֶּר עֶס וֶועט דִיר בִּיצָאלְט וֶוערִין בַּייא דֶעם אוֹיף שְׁטַאנְד פוּן דִיא צדיקים" (לוקאס י"ד פסוק י"ב בִּיס י"ד) . אָבִּיר אַזוֹ גוּט וִויא דָאס דָאזִיגִי גִיבָּאט פוּן דִיא רבנים אִיז אִין זִיךְ זֶעלְבִּיר , אַזוֹ פֶערְלִירְט עֶס פִיל וֶוען עֶס וֶוערְט דֶערְקְלֶערְט נָאךְ זֵייאֶר דת נָאךְ . אֵיין מֶענְשׁ וָואס אִיז בִּיקָאנְט בְּלוֹס מִיט דִיא תורה פוּן משה , אוֹדִיר מִיט דִיא לֶערְנוּנְג פוּן ישוע הנוצרי , מֶעכְט זָאגִין , אַז אֵיינִיר פוּן דִיא לִיבְּלִיכְסְטִי פּוּנְקְטִין אִין דֶעם גִיבָּאט אִיז דִיא אַיינְגִישַׁארְפְטִי כלל לִיבְּשַׁאפְט צוּ דֶעם פְרֶעמְדְלִינְג אַזוֹ גוּט וִויא צוּ דִיא ישראל . אָבִּיר אֵיינִי בִּיקַאנְטְשַׁאפְט מִיט דִיא תורה שבעל פה מֶעכְט אִיהם גֵייטִיגִין צוּרוּק צוּ גֶעמִין דָאס דָאזִיגִי לוֹב , וָוארִין אִין אִיהר בכלל וֶוערְט דֶער פְרֶעמְדְלִינְג דֶערְקְלֶערְט צוּ בִּיטַייטִין „אַיין גר וָואס הָאט דִיא יוּדִישִׁי אמונה אָנְגֶענוּמִין" , דְהַיינוּ וִויא עֶס שְׁטֵייט

אהבת הגר שבא ונכנס תחת כנפי השכינה שתי מצות עשה . אחת מפני שהוא בכלל ריעים . ואחת מפני שהוא גר והתורה אמרה ואהבתם את הגר :

„צוּ לִיבִּין דֶעם פְרֶעמְדְלִינְג וָואס קוּמְט אוּן וֶוערְט אַיינְגִיזַאמְלְט אוּנְטִיר דִיא פְלִיגִיל פוּן דִיא שכינה , זֶענִין צְווֵייא מצות עשה : אֵיינִי , וַוייל עֶר אִיז אִין דֶעם כלל פוּן "גִיזֶעלִין" , אוּן אֵיינִי , וַוייל עֶר אִיז אַיין פְרֶעמְדְלִינְג , אוּן דִיא תורה זָאגְט „אִיהר זָאלְט לִיבִּין דֶעם פְרֶעמְדְלִינְג" , (הלכות דעות פרק ו' ד') . מֵילָא דָאס וָוארְט „פְרֶעמְדְלִינְג" וָואס בִּיטַייט אִיטְלִיכִין מֶענְשׁ פוּן דֶער פְרֶעמְד קְרִיגְט דָא דִיא עֶנְגִי בִּיטַייטוּנְג פוּן אַיין „גר וָואס גֶענוּמְט דִיא אמונה אָן" , אוּן פִילִי דֶערְגְלַייכִין שְׁטִיקִיר הָאבִּין מִיר שׁוֹן גִיווִיזִין אִין נוּמֶער ד' אוּן ה' . אָבִּיר אפילו בַּייא דִיא דָאזִיגִי גְרוֹסִי פֶערְמִינִירוּנְג זָאגִין מִיר אַז עֶס אִיז פִילִים צוּ לוֹבִּין אִין יֶענִים גִיבָּאט אוֹבִּין . מִיר וִוילְלִין גַאנְץ מודה זַיין אַלל דָאס גוּטִי וָואס מִיר קֶענִין , אוּן

דַארוּם זָעגְין מִיר דָא מזכיר אֵיין אַנְדִיר שְׁטִיק אוֹדִיר צְווייא וָואס פֶערְדִינְין אַז מַאן זָאל אוֹיף זֵייא אַכְטוּנְג גֶעבְּין.

מדת החסידים אשר השם לנגדם תמיד ובכל דרכיהם ידעוהו בעת שמחתם אז יותר ויותר מברכים ומשבחים להקב"ה אשר שמחם. ויאמר האדם בלבו בעת שמחתו והנאתו אם כך היא שמחת העולם הזה אשר הוא הבל כי יש אחריה תוגה וצער אם כן מה תהיה שמחת ע"ה התמידית שאין אחריה תוגה:

„עֶס אִיז דִיא מִידָה פוּן דִיא פְרוּמִי וָואס שְׁטֶעלְלִין תמיד יהוה פַאר זִיךְ אוּן אִין אַלִי וֶועג דֶערְקֶענִין זֵייא אִיהם, אַז דֶענְצוּמַאל אִין דֶער צַייט פוּן זֵייעֶרִי פְרֵייד בֶּענְשִׁין אוּן לוֹבִּין זֵייא הקדוש ב"ה נָאךְ פִיל מֶעהר, וָואס עֶר דֶערְפְרֵייט זֵייא. אִין דֶער צַייט פוּן זַיינִי פְרֵייד אוּן הנאה גִיהֶערְט אוֹיךְ דֶער מֶענְשׁ צוּ זָאגִין אִין זַיין הַארְץ, וֶוען אַזוֹ אִיז דִיא פְרֵייד פוּן דִיא דָאזִיגִי וֶועלְט וָואס אִיז נַארִישְׁקֵייט, וָוארִין נָאךְ אִיהר אִיז צַעַר אוּן זָארְג, מִילָא וָואס וֶועט זַיין דִיא פְרֵייד פוּן עולם הבא וָואס אִיז אֵייבִּיג, וָואס נָאךְ אִיהר אִיז נִיט זָארְג" (טור אורח חיים דָארְטִין). אוֹיךְ דָאס דָאזִיגִי שְׁטִיק פֶערְדִינְט גַאנְץ לוֹב, וַוייל עֶס שְׁטִיצְט זִיךְ אוֹיף דָאס רֵיינִי וָוארְט פוּן גָאט. דֶער מַהוּת פוּן דִיא פְרוּמִי אִיז דָא שֵׁיין בִּיצֵייכִינְט דוּרךְ דִיא פֶערְבִּינְדוּנְג פוּן צְווייא פסוקים אוֹיס כתבי הקודש. זֵייא זָענִין דִיא „וָואס שְׁטֶעלְלִין תמיד יהוה פַאר זִיךְ" (תהלים ט"ז ח'), אוּן „אִין אַלִי זֵייעֶרִי וֶועג דֶערְקֶענִין זֵייא אִיהם" (משלי ג' ו'). הַלְוַאי גָאט זָאל גֶעבְּין, אַז אַלִי, יוּדִין אוּן קְרִיסְטִין, זָאלִין זִיךְ עֶרִינְנֶערְט בִּימִיהִין אָן זִיךְ צוּ הָאבִּין דִיא דָאזִיגִי מעלה. צוּ דִיא פְרוּמִיגְקֵייט פוּן דֶעם דָאזִיגִין שְׁטִיק פַּאסְט גְלַייךְ דִיא קְלוּגְהֵייט פוּן אֵיינִי פוּן זֵייעֶרִי פָּאלִיצֵייא תקנות פַאר דִיא גְרוֹסִי פַייאִיר טֶעג.

חייבין ב"ד להעמיד שוטרים ברגלים שיהיו שוטטים ומחפשים בגנות ופרדסים ועל הנהרות שלא יתקבצו שם לאכול ולשתות אנשים ונשים ויבואו לידי עבירה:

„דָאס בית דין אִיז מחויב אמטס לַייט אַנִידִיר צוּ שְׁטֶעלְלִין אִין דִיא דְרַייא פַייאִיר טֶעג, אַז זֵייא זָאלִין אַרוּם גֵיין אוּן נָאךְ זוּכִין אִין דִיא גֶערְטְנִיר אוּן סָאדִין אוּן בַּייא דִיא בֶּעךְ, אַז מֶענִיר אוּן וַוייבִּיר זָאלִין זִיךְ דָארְט נִיט פֶערְזַאמְלִין צוּ עֶסִין אוּן צוּ טְרִינְקִין אוּן קוּמִין צוּ עבירה" (אורח

הַיים

חיים סימן תקכ״ט סעיף ד׳). וֶוען דִיא מחברים פון דִיא תורה שבעל פה וָואלְטִין זִיךְ בִּיגְנִיגְט מִיט אַזֶעלְכִי גִיבָּאט וִויא דָיא דָאזִיגִי, אַזוֹ וָואלְט נוּר וֶוייניג גִיוֶועזִין מגנה צוּ זַיין. אָבִּיר צוּם אוּם גְלִיק זֶענִין דִיא גוּטִי אוּן נִיצְלִיכִי דינים צוּזַאמְמִין נוּר אַיין קְלֵיין טְהֵייל פוּן דֶעם גַאנְצִין, אוּן וֶוערִין אוֹפְט מָאל פְּרָאקְטִי אוֹיף גִיהַאלְטִין דוּרְךְ דִיא בִּיזוּנְדִירִי עיקרים פוּן דֶעם דת. אוֹבִּין דִיא כלל בִּיצֵייכְנוּנְג פוּן פְרוּמִיגְקֵייט אִיז גוּט, אָבִּיר דִיא דינים פרטים אפילו פַּאר יום טוב אַלְלֵיין זֶענִין אַזוֹ אַז זַייא מוּזִין פֶּערְקֶעהרִין אוּן פֶערדְרֵייהִין דִיא פּוּנְקְטִין וָואס זֶענִין דָארְט בִּיצֵייכִינְט. וִויא קָאן אַיין מֶענְשׁ אֵיינִי רֶעכְטִי דֶערְקֶענְטְנִישׁ הָאבִּין פוּן דֶער וָואס דָאס הֵייסְט יהוה תמיד פַּאר זִיךְ שְׁטֶעלְלִין, וֶוען עֶר מֵיינְט אַז אֵיינִי קְלוּגִי אוֹיסְמַיידוּנְג פוּן דִיא גִיבָּאט פוּן גָאט אִיז מותר, אַזוֹ וִויא מִיר הָאבִּין גִיוִויזִין אִין נוּמֶר י״ד. אוֹדִיר וִויא קָאן פוּן אַיין מֶענְשׁ גִיזָאגְט וֶוערִין, אַז עֶר דֶערְקֶענְט גָאט, וֶוען זַיין גִימוּטה אִיז אָנְגִיפִילְט אוּן בִּישֶׁעפְטִיגְט מִיט דִיא פִּילִירְלֵייא פֶּערְוִוירִינְדִיגִי מנהגים פוּן מֶענְשְׁלִיכִי תקנות. פוּן דִיא דָאזִיגִי אוֹיסְטְרַאכְטוּנְגִין זֶענִין פִילִי שׁוֹן גִידַאכְט גִיוָוארִין, אָבִּיר עֶס זֶענִין נָאךְ מֶעהר אִיבְּרִיג, אוּן דָאס יוּדִישִׁי גִיבֶּעט בּוּךְ פַּאר פסח בפרט דֶערְמַאנְט אוּנְס אָן.

## דיני עירוב תבשילין

„דִיא דִינִים פוּן פֶּערְמִישׁוּנְג וֶועגִין גִיקֶעכְטְס״. דִיא תורה שבעל פה הָאט אסור גִימַאכְט אָן יום טוב אָן צוּ בִּירֵייטִין עֶסִינְוֶוערְק אוֹיף שבת.

יום טוב שחל להיות ערב שבת אין אופין ומבשלין ביום טוב מה שהוא אוכל למחר בשבת:

„וֶוען יום טוב גִיפַאלְלְט אָן ערב שבת טָאר מַאן נִיט בַּאקִין אוֹדִיר קָאכִין אָן יום טוב וָואס מַאן זָאל עֶסִין מָארְגִין אָן שבת״ (הלכות יום טוב פרק ו׳ א׳). דֶער דָאזִיגִיר דִין קָאן נַאטִירְלִיךְ אֵיינִי גְרוֹסִי שְׁוֶועריגְקֵייט גורם זַיין, וָוארִין וֶוען עֶס בְּלַייבְּט גָאר גִישְׁט אִיבְּרִיג נָאךְ דִיא מָאלְצַייטִין פוּן יום טוב אַזוֹ וֶועט קֵיין עֶסִינְוֶוערְק נִיט דָא זַיין אוֹיף שבת, אוּן אָן שבת זֶעלְבִּיר טָאר מַאן נִיט קָאכִין נָאךְ תורת משה נָאךְ. אוּן דָא קוּמְט נָאךְ עֶפִּיס נַייאֶס זֶער צוּ, אַז דִיא אוֹיסְמַיידוּנְג וָואס אִיז מותר אִין אַנְדִירִי צַייטִין אִיז דָא אסור. מַאן טָאר נִיט קָאכִין מֶעהר גִיקֶעכְטְס וִויא מַאן הָאט נֵייטִיג אוּן מִיקְלָאמְפִּירְשְׁט זָאגִין אַז עֶס אִיז אוֹיף יום טוב. אַיין אַנְדִירִיר

שטייגיר

שְׁטֵייגִיר פוּן אוֹיסְמֵיידוּנְג מִיט מֶעהר אַנְזֶעהִינִישׁ אִיז אוֹיס גִיטְרַאכְט גִיוָוארִין אוּן אִיז אַזוֹ גִיבָּאטִין אִין דֶעם יוּדִישִׁין גִיבֶּעט בּוּךְ –

אם חל ערב פסח ביום ד׳. אז צריכים לעשות עירוב תבשילין קודם י״ט. וכך מעשהו. לוקחין מצה שלימה וכזית תבשיל או בשר או ביצה צלויה ומניחין אותה על המצה. ובעל הבית וכו׳.

„דִיא אִיבִּירְזֶעטְצוּנְג דֶער פוּן גִיבְּט דוד לעווי אַזוֹ וִויא מִיר וֶועלִין דָא מזכיר זַיין, אוּן חָאטְשִׁי זִיא אִיז נִיט גַאנְץ וָוארְט פַּאר וָוארְט אִיז זִיא דָאךְ וִויכְטִיגִיר פוּן אֱייגִי נַייאִי, וַוייל זִיא גִיפִינְט זִיךְ אִין אַיין דפוס מוסכם פוּן דִיא יוּדִישִׁי גִיבֶּעט:

„וֶוען דֶער עֶרְשְׁטִיר טָאג פוּן דֶעם חג גִיפַאלְלט אָן דָאנֶנֶערְשְׁטַאג, אַזוֹ וֶוערְט דֶער דָאזִיגִיר מנהג גִיהַאלְטִין. אָן דֶעם טָאג פַּאר דֶעם חג גֶעמְט אִיטְלִיכִיר בעל הבית אֱיינִי גַאנְצִי מצה אוּן אַיין שְׁטִיק פְלֵייש, פִישׁ, אוֹדִיר אַיין גִיבְּרָאטִין אֱייא, אוּן נָאךְ דֶעם אַז עֶר הָאט זַייא גִיגֶעבִּין צוּ אֱיינִים וָואס שְׁטֵייט דֶערְבַּייא, צוּ בִּיטַייטִין אַז אַלִי אַנְדִירִי יוּדִין אִין דֶער שְׁטָאט וָואס הָאבִּין אפשר פֶערְגֶעסִין צוּ מַאכִין דִיא מִישׁוּנְג זָאלִין דָאךְ הָאבִּין דֶעם נוּצִין פוּן דִיא גִידַאכְטִי מִישׁוּנְג, אַזוֹ אַז זַייא זָאלִין מֶעגִין אָן בִּירַייטִין אָן יום טוב וָואס אִיז נֵייטִיג אוֹיף שבת, דֶערְנָאךְ זָאגְט עֶר אַזוֹ:

ברוך אתה יי אלהינו מלך העולם אשר קדשנו במצותיו וצונו על מצות ערוב:

בהדין ערובא יהא שרא לנא למיפא ולבשלא ולאטמנא ולאדלקא שרגא ולמעבד כל צורכנא מיומא טבא לשבתא. לנו ולכל ישראל הדרים בעיר הזאת:

„גִילוֹבְּט בִּיסט דוּ יהוה אוּנְזֶער אלהים, קֶינִיג פוּן דִיא גַאנְצִי וֶועלְט וָואס הָאט אוּנְס גִיהֵיילִיגְט מִיט זַיינִי גִיבָּאט אוּן אוּנְס גִיבָּאטִין וֶועגִין דִי מִישׁוּנְג״. „דוּרְךְ דִיא דָאזִיגִי מִישׁוּנְג זָאל עֶס מותר זַיין צוּ אוּנְס צוּ בַּאקִין, צוּ קָאכִין אוּן דָאס עֶסִינְוֶועךְ וַוארְם צוּ דֶערְהַאלְטִין; לִיכְט אָן צוּ צִינְדִין, אוּן צוּ טְהוּן, אוּן אָן צוּ בִּירַייטִין אַלִי נֵייטִיגִי זַאכִין, אָן יום טוב אוֹיף שבת: מִיר אוּן אַלִי ישראל וָואס וואוֹהְנִין אִין דֶער דָאזִיגִיר שְׁטָאט״ (לעווים גִיבֶּעט, כרך ה׳ דף ד׳ וה׳). נוּן, אַקְיינְגִין דֶעם דָאזִיגִין מנהג קֶענִין פֶערְשִׁידִינִי אוּן עֶרִינְצְטִי קשיות גִימַאכְט וֶוערִין. עֶרְשְׁטִינְס, וֶוען

עם

„עס איז לגמרי אסור אן יום טוב צו קאכין אויף שבת, וויא אזו ווערט דער איסור אוועק גיטהאן דורך איין קליינליכין מנהג און זאגונג פון ווייניג ווערטיר? דאס קאכין איז פאר דיא אויגין פון גאט ענטוויר מותר אודיר אסור. ווען עס איז מותר, אזו איז דער דאזיגיר מנהג גאר ניט ניצליך, און דיא אנזעהנליכי אן רופונג פון דעם נאמין פון גאט איז נור איין אנזעהנליכיר חילול השם. און ווען עס איז אסור, אזו קאן קייני זאך עס ניט מותר מאכין, חוץ איין ביפעהל פון דעם גרויסין גיזעץ געביר פון ישראל, איין ביפעהל פון גאט זעלביר. איטליכי אנדירי קלייני זאך מוז פון איטליכין עהרליכין מענש גיהאלטין ווערין ענטוויר פאר אייני אויס מיידונג אודיר פאר אייני עבירה מיט חוצפה און במזיד. צווייטינס, דער איסור וואס דער דאזיגיר מנהג איז דרויף גיגרונדיט, איז איין תיקון פון מענשין, גאט האט אין אירגיץ גישט פערבאטין דיא יודין אן יום טוב אן צו ביריטין אויף שבת. דיא סופרים האבין דא אזו וויא אויף אנדירי ערטיר זיך אונטיר גישטאנין צוזעצונג צו מאכין צו דיא תורה פון גאט.

ואיסור זה מדברי סופרים כדי שלא יבוא לבשל מיום טוב לחול. שקל והומר הוא לשבת אינו מבשל כל שכן להול:

„און דער דאזיגיר איסור איז אויס דיא רייד פון דיא סופרים, כדי אז מאן זאל ניט קומין צו קאכין אן יום טוב אויף איין וואכינדיגין טאג, וואריו עס איז איין קל והומר, אויף שבת טאר מאן ניט קאכין, מכל שכן נאך אויף איין וואכינדיגין טאג" (הלכות יום טוב פרק ו' א'). דא שטייט עס קלאר ארויס גיזאגט אז דער איסור איז ניט פון גאט נייארט פון מענשין. איין טעם איז אנגיוויזין פאר דיא דאזיגי צוזעצונג, וואס ביפרידיגט ניט. און וואס ווייזט אז דיא סופרים האבין גיהאלטין דיא תורה פאר ניט גינוג גוט, און זיך זעלביר פאר קלוגיר פון גאט. זייא האבין מורא גיהאט, אז ווען מענשין וואלטין גיוואוהנט גיוועזין צו קאכין אן יום טוב אויף דעם אנדירין טאג ווען דר דאזיגיר אנדירער טאג איז שבת גיוועזין, אזו מעכטין זייא זיך אויך גיוויהנין בכלל צו קאכין אויף דעם אנדירין טאג, און אזו אויך אויף וואכינדיגי טעג. אביר האט גאט ניט צופאר אויס גיזעהין דיא דאזיגי מעגליכקייט און גיקענט דיא שוואכהייט פון דיא מענשליכי טבע גינויא אזו גוט ווי די רבנים, פר וואס האט ער דען זעלביר דיא דאזיגי ביווארינונג ניט גיגעבין. ווען די דאזיגי ביווארינונג איז דאווקא

נייטיג, און זיא איז דאך ניט געגעבן געוואָרן פון גאָט, אזוי וועט מוזין גיך ווערן זיין אז גאָט האט ניט גיגעבן דאס וואס איז נייטיג גיווען און דארום אז דיא תורה איז ניט גאנץ גוט געווען בים זיא איז פערבעססירט געוואָרן דורך דיא רבנים. ווען דיא תורה, אזוי וויא זיא איז פון גאָט גיגעבן געוואָרן איז גאנץ גוט, און ווער קאן דאס לייגנין אָן לעסטירונג, אזוי איז דיא דאזיגע ביוואָרינונג פון דיא רבנים נישט ניצליך, און עס איז אויס גיוויזין אז זייא זענין שולדיג וועגין צוזעצונגין וואס זייא מאכין צו דיא תורה פון גאָט און וועגין נישט נייטיגע לאסטין וואס זייא לייגין ארויף אויף דיא גיוויססין פון זייערי ברידער. ווען דער דאזיגער מנהג וואָלט פרייא גיבליבן דעם ווילן פון איטליכים ביזונדער, אזוי וואָלט עס גאנץ אנדערשט גיווען, אָבער ער איז איינגישארפט וויא איין שטארקער חיוב און ווען איין מענש האלט איהם ניט אזוי ווערט ער איין זינדער גיהייסין.

מי שאפשר לו לערב ואינו מערב אלא שרוצה לסמוך על עירובו של גדול העיר נקרא פושע ואינו יוצא בו:

„ווער עס קאן מאכין דיא מישונג און ער מאכט ניט, נייארט ער וויל זיך פערלאזין אויף דיא מישונג פון דעם גרוסין מאן פון דער שטאט הייסט איין זינדער, און איז ניט יוצא" (טור אורח חיים סימן תקכ"ז). דא ווערט נון זיין גיוויססין ביליידיגט מיט לאסט, אָבער ווייטער, ער קאן אריין קומין אין גרוסי שוועריגקייט, און כדי דערפון צו ענטרינין ווערט ער ווידער גיטריבן צו ערמה און ביטרוגערייא וואס איין אנדער דין הייסט איהם טהון.

מי שלא הניח עירוב תבשילין ולא הניחו לו אחרים כשם שאסור לו לבשל ולאפות כך קמחו ומאכלו אסור. ואכור לאחר שהניח לעצמו לבשל ולאפות לזה שלא הניח עד שיקנה לו. שנמצא זה מבשל ואופה שלו שהרי קנהו ואם רצה יתן אחר כך לזה שלא הניח במתנה:

„ווער עס האט ניט גימאכט דיא מישונג פון גיקעכטס און אנדירי האבין זיא פאר זיינעט וועגין ניט גימאכט, אזוי וויא עס איז איהם אסור צו קאכין און באקין אזוי איז זיין מעהל און עסינווערק אסור; און עס איז אסור איינים אנדירן, וואס האט זיא פאר זיך זעלביר גימאכט, צו קאכין און צו באקין פאר איין זאלכין בים אז ער קויפט זיא פאר זיך,

אזוי

אַזוֹ אַז אַיין זָאלְכֶער וַוייזְט זִיךְ אוֹיס אַז עֶר קָאכְט אוּן בַּאקְט זַיין אֵייגֶנֶס, וָוארִין עֶר הָאט זִיא גִיקוֹיפְט; אוּן וֶוען עֶר ווילל מֶעג עֶר זִיא דֶערנָאךְ גֶעבִּין פַּאר אַיין גִישֶׁענְק צוּ דֶעם וָואס הָאט זִיא נִיט גִימַאכְט״. דָא אִיז נַאטִירְלִיךְ דֶער קוֹיף בְּלוֹס נָאךְ גִימַאכְט. אַזוֹ אִיז עֶס אִיהם אוֹיךְ אסור אָן צוּ צִינְדִין דָאס שבת לִיכְט. דָאס וָואלְט גִיוֶועזִין אַיין גְרוֹיס אוּם גְלִיק, אוּן אַיין רבי אַיין למדן הָאט נָאךְ דֶעם נָאךְ אַיין הִילְף אוֹיס גִיטְרַאכְט פוּן דֶעם זֶעלְבִּיגִין שְׁטֵייגִיר.

כתב הר׳ מאיר מרוטנבור״ק שיכול להפש בהדר שום חפץ בנר אפי׳ מבעוד יום ולהניחו דולק עד הלילה:

„ר׳ מאיר פוּן רוטנבור״ק הָאט גִישְׁרִיבִּין אַז מַאן מֶעג זוּכִין אִין דֶער שְׁטוּב עֶפִּיס אֵיינִי זַאךְ מִיט אַיין לִיכְט אפילו וֶוען עֶס אִיז נָאךְ טָאג, אוּן עֶס אִיבִּיר לָאזִין בְּרֶענִינְדִיג בִּיס נַאכְט״ (טור אורח חיים סימן תקכ״ז). מִיר בֶּעטִין דִיא יוּדִין עֶרִינְצְט צוּ אִיבִּיר לֵייגִין דֶעם דָאזִיגִין שְׁטֵייגִיר פוּן הכמה אוּן יושר פוּן דִיא רבנים. אַיין מֶענְשׁ וָואס הָאט נִיט גִימַאכְט דִיא מִישׁוּנְג טָאר נִיט טְהוּן דָאס וָואס עֶר מֶעג טְהוּן נָאךְ דִיא רֵייד נָאךְ פוּן גָאט ב״ה, עֶר טָאר נִיט אָנְצִינְדִין דָאס לִיכְט אוֹיף שבת, דָאס הֵייסְט, וֶוען עֶר טְהוּט עֶס עֶהרְלִיךְ אוּן עֶפְפִינְטְלִיךְ, מֶעגְט עֶר, נָאךְ דִיא תורה שבעל פה נָאךְ, אֵיינִי עבירה טְהוּן. אָבִּיר עֶר מֶעג יוֹא דִיא דָאזִיגִי זֶעלְבִּיגִי זַאךְ טְהוּן דוּרְךְ ערמה אוּן בִּיטְרוּגִירַייא, וָואס גָאט הָאט פֶערְבָּאטִין, אוּן אַזוֹ אִיז עֶס מותר נָאךְ דִיא דָאזִיגִי זֶעלְבִּיגִי לומדים נָאךְ. עֶר מֶעג אָנְצִינְדִין אַיין לִיכְט מִיקְלָאמְפִּירְשְׁט וֶועגִין דֶעם טעם אַז עֶר ווילל דֶערְמִיט עֶפִּיס זוּכִין, אפילו חָאטְשִׁי וֶוען עֶס אִיז נָאךְ טָאג אוּן עֶר הָאט עֶס אַזוֹ בִּישַׁיימְפִּירְלִיךְ נִיט דֶערצוּ גֵייטִיג, אוּן דֶערנָאךְ קָאן עֶר עֶס אִיבִּירְלָאזִין בְּרֶענִינְדִיגִירְהַייט. אַזוֹ לֶערְנְט דִיא תורה שבעל פה אַז דִיא אַוֶועק לָאזוּנְג פוּן אֵיינִי בְּלוֹסִי מֶענְשְׁלִיכִי אוֹיסְטְרַאכְטוּנְג אִיז אֵיינִי גְרֶעסִירִי זִינְד פוּן ערמה אוּן בִּיטְרִיגִירַייא. אִיז דָאס נִיט זִיךְ וַוארְגִין מִיט אַיין פְּלִיג אוּן אַרָאבּ שְׁלִינְגִין אַיין קֶעמִיל? אָבִּיר מַאנְכִיר וָואס גְלוֹיבְּט אָן דִיא רֵייד פוּן דִיא רבנים מֶעגְט פְרֶעגִין, וֶוען דִיא תורה שבעל פה מַאכְט השק צוּ ערמה אוּן בִּימְרוּגִירַייא, פַּאר וָואס הֵייסְט זִיא נִיט טְהוּן ערמה אִין דֶער אַנְבִּירֵייטוּנְג פוּן עֶסִינְוֶוערְק אוֹיף שבת, אַזוֹ וִויא עֶס אִיז אוֹבִּין גִיוִויזִין גִיוָוארִין. דָאס אִיז אַיין טְשֶׁעקַאוְיעַ זַאךְ אוּן פֶערְדִינְט מַאן זָאל דְרוֹיף אַכְטוּנְג גֶעבִּין. דִיא תורה שבעל פה

זָאגְט , וֶוען עֶסִינְוֶוערְק בְּלַייבְּט אִיבְּרִיג נָאךְ דִיא מָאלְצַייטִין פוּן יום טוב , אִיז עֶס מותר צוּ עֶסִין אָן שבת , נוּר אַז קַיין ערמה זָאל נִיט גִיטָהאן וֶוערִין ; אָבִּיר וֶוען ערמה וֶוערְט גִיטָהאן , אִיז עֶס אסור . דָאךְ , וֶוען אַיין מֶענְש מַאכְט במזיד נִיט דִיא מִישׁוּנְג פוּן גִיקֶעכְטְס , אוּן קָאכְט דָאךְ אוֹיף שבת , אַזוֹ אִיז עֶס אִיהם מותר צוּ עֶסִין וָואס עֶר הָאט אָנְגִּיבְּרַייט . בַּייא דֶעם עֶרְשְׁטִין בְּלִיק דַאכְט זִיךְ אַז דָאס ווִילְל פֶערְמִינְדִין דֶעם חשש פוּן ערמה , אָבִּיר דִיא טעמים וָואס וֶוערִין גִיגֶעבִּין פוּן דֶעם דָאזִיגִין פסק ווַייזִין אַז דָאס אִיז נִיט אַזוֹ .

ולמה החמירו ואסרו על המערים ולא אסרו על המזיד שאם התירו למערים נמצאו הכל מערימין וישתקע שם עירובי תבשילין . אבל המזיד אינו מצוי ואם עבר היום לא יעבור פעם אחרת :

„אוּן פַאר וָואס הָאבִּין זֵייא מחמיר גִיוֶועזִין אוּן הָאבִּין אסור גִימַאכְט קֵייגִין דֶעם וָואס טְהוּט ערמה אוּן הָאבִּין נִיט אסור גִימַאכְט קֵייגִין דֶעם וָואס אִיז עובר במזיד . וָוארִין וֶוען מַאן וָואלְט נִיט מותר גִימַאכְט צוּ דֶעם וָואס טְהוּט ערמה , אַזוֹ וָואלְטִין אַלִי ערמה גִיטָהאן , אוּן עֶס וָואלְט גָאר פֶערְגֶעסִין גִיוָוארִין דֶער נָאמִין פוּן מִישׁוּנְג פוּן גִיקֶעכְטְס . אָבִּיר אֵיינִיר וָואס אִיז עובר במזיד אִיז נִיט תמיד פַארְהַאנְדִין , אוּן וֶוען עֶר אִיז הַיינְט עובר וֶועט עֶר אַיין אַנְדִיר מָאל נִיט עובר זַיין” (הלכות יום טוב פרק ו׳ יו״ד) . אַזוֹ אִיז דָאס טְהוּן פוּן ערמה נִיט פֶערְבָּאטִין אִיבִּיר דֶעם ווַייל עֶס אִיז מִיאוּס פַאר דִיא אוֹיגִין פוּן גָאט אוּן מֶענְשִׁין , נַייאִירְט פְּרָאקְטִי מחמת מוֹרָא אַז עֶס מֶעגְט שָׁאדִין טְהוּן דֶעם קיום פוּן אַיין גִיבָּאט פוּן דִיא רבנים . דָאס אִיז אוּן מוּז זַיין דִיא פעולה פוּן פֶערְמֶעהרוּנְג פוּן צֶערְמָאנְיֶעס אִין אמונה אוּן פוּן זֵייעֶרִי אַרוֹיף לֵייגוּנְג אוֹיף דֶעם גִיווִיסְּסִין פַאר נֵייטִיג צוּ ישועת עולמים . דָאס גִיווִיסְסִין וֶוערְט בִּילֵייגְט אוּן בֶּיזֶעצְט מִיט שְׁוֶועריְגְקֵייטִין , אוּן פְרֵייט זִיךְ אִיבִּיר אִיטְלִיכִין סְפָּאסִיב דֶערְפוּן פטור אוֹדִיר דֶערְגְרִינְגִירְט צוּ וֶוערִין , הָאטְשִׁי אפילו וֶוען עֶר קוּמְט אַרוֹיס פוּן ערמה אוּן בִּיטְרוּגִירַייא . צוּם סוֹף וֶוערְט ערמה מותר גִימַאכְט , אוֹדִיר גִיהֵייסִין טְהוּן , אַזוֹ ווִיא מִיר הָאבִּין גִיזֶעהִין אִין פִילִי ענינים ; אוּן אמונה , וָואס אִיז פוּן גָאט גִיגֶעבִּין גִיוָוארִין צוּ זַיין אֵיינִי רפואה פַאר אוּנְזֶערִי קְרַאנְקְהַייט ברוחניות , וֶוערְט אַזוֹ זֶעלְבִּיר אֵיינִי נַייאִי קְוֶועל פוּן קְרֶענְק . אָבִּיר וֶוען אַיין שְׁוֶוער בִּילֵייגְט גִיווִיסְסִין מֶעכְט אוֹיף וַואכִין אוּן גִיוָואהר וֶוערִין דִיא בִּיטְרוּגִירַייא

וואס

וָואס דִיא תורה שבעל פה הָאט אוֹיף אִיהם אַרוֹיף גִילֵייגְט, אַזוֹ אִיז קרוב לאמת אַז עֶס וֶועט אמונה אִין גַאנְצִין אַוֶועק וַוארְפִין און וֶועט זִיךְ טוֹעֶה זַיין און משה אוֹיךְ הַאלְטִין פַאר אַיין חביר פון דִיא סופרים און פרושים; און אַזוֹ אִיז מַאנְכִיר יוד וָואס הָאט אִין דִיא רֵייד פון דִיא רבנים גִיגְלוֹיבְּט אַיין כופר בעיקר גִיוָוארִין.

אָבִּיר עֶס אִיז נָאךְ אֵיין דְרִיטטִיר פָארְוָוארְף פַארְהַאנְדִין צוּ מַאכִין קֵייגִין דֶעם דָאזִיגִין מנהג פון דִיא מִישׁוּנְג פון גִיקֶעכְבְּטִס, און דָאס אִיז, אַז עֶר הֵייסְט זָאגִין אֵיין דַאנְק צוּ גָאט פַאר אֵיין גִיבָּאט וָואס עֶר הָאט קֵיין מָאל נִיט גִיבָּאטִין. "גִילוֹבְּט בִּיסְט דוּ יהוה אוּנְזֶער אלהים, קֶינִיג פון דִיא גַאנְצִי וֶועלְט, וָואס הָאט אוּנְס גִיהֵיילִיגְט מִיט זַיינִי גִיבָּאט און אוּנְס גִיבָּאטִין וֶועגִין דִיא מִישׁוּנְג". וואוּ הָאט גָאט גִיבָּאטִין דִיא מִישׁוּנְג? פון אֵיין עֶק פון דִיא תורה צוּ דֶעם אַנְדִירִין, אוֹדִיר אִין דִיא נְבִיאִים, וואוּ אִיז דָארְט אֵיין אֵיינְצִיג וָוארְט פַארְהַאנְדִין וֶועגִין דִיא דָאזִיגִי צֶערֶמָאנְיֶע? זִיא אִיז פון אָנְהוֹבּ בִּיז צוּם סוֹף אֵיינִי בְּלוֹסִי אוֹיסטְרַאכְטוּנְג פון דִיא סופרים. גָאט הָאט זִיא קֵיין מָאל נִיט גִיבָּאטִין. דָאס דָאזִיגִי גִיבֶּעט הָאט אִין זִיךְ אַזוֹ אֵיין פְּרָאסְטִי שקר, און אַזוֹ וֶוערִין דִיא הדיוטים און פְּרָאסְטַאקִים אִין טעות אַרוּם גִיפִיהרְט און גִילֶערְנְט אפילו אִין דֶעם עֶרִינְצְטִין טְהוּן פון עבודת אלהים בפרהסיא צוּ גְלוֹבִּין אַז גָאט הָאט גִיבָּאטִין דָאס וָואס עֶר הָאט קֵיין מָאל נִיט גִיבָּאטִין. אוֹיךְ דִיא גִימוּטְהִיר פון דִיא קִינְדִיר וֶוערִין אַזוֹ אַיינְגִיזַאפְּט מִיט דִיא גִיבָּאט פון מֶענְשִׁין און וֶוערִין גִילֶערְנְט אִין דֶעם לשון פון גִיבֶּעט דִיא אוֹיסְטְרַאכְטוּנְג פון דִיא סופרים און פרושים פַאר אֵיין גִיבָּאט פון גָאט צוּ הַאלְטִין. און דָאס וֶוערְט גִיטָהאן נִיט אַללֵיין אִין וֶועלְדִיר, אוֹדִיר אוֹיף דִיא ווִילְדִי בָּארְטִינִים פון אפריקא, נַייאִירְט אִין ענגלאנד. דִיא דָאזִיגִי צֶערֶעמָאנְיֶע און דָאס דָאזִיגִי גִיבֶּעט שְׁטֵיין אַרוֹיס בִּיפוּהלִין אִין דֶעם יוּדִישִׁין גִיבֶּעט בוּךְ וָואס לֶעווִי הָאט גִילָאזְט דְרוּקִין און אִין דֶעם וָואס אלכסנדר הָאט גִילָאזְט דְרוּקִין. אִין דֶעם דָאזִיגִין לַאנְד, וואוּ גַאנְצִיר רשות פון גִיוִויססִין אִיז. דָא אִיז דָאס לשוֹן פון בית הכנסת גַאנְץ דָאס אֵייגִינִי וִויא אִין דִיא פִינְסְטִירְסְטִי און בִּידְרוּקְטִיסְטִי עֶרְטִיר אוֹיף דֶער עֶרְד. דִיא יוּדִישִׁי קִינְדִיר וֶוערִין נָאךְ גִילֶערְנְט גָאט צוּ לוֹבִּין אַז עֶר הָאט גִיגֶעבִּין דָאס וָואס עֶר הָאט קֵיין מָאל נִיט גִיגֶעבִּין, און דָאס גִיהֵיילִיגְט קוֹל פון גִיבֶּעט מַאכְט נָאךְ ברכות

איבּיר דיא פּיינדשאפּטליכי אוּם גידוּלדיגקייט, טעוּת אוּן נארישקייטין פוּן דיא תוֹרה שבעל פה וויא איבּיר היילִיגי זאכין. אין אנדירי לענדיר וואוּ דיא סיבּוֹת זענין ניט אזוֹ גוּט גיוועזין האבין דיא יוּדין מעהר וויא איין מאל זיך בּימיהט דיא טעוּת פוּן דעם תלמוּד אָב צוּ לאזין אוּן פוּן זיך אוועק צוּ טהוּן. אָבּיר אין ענגלאנד איז נישט גיטהאן גיווארין פוּן דיא יוּדין, ניט פוּן דיא וואס הייסין אשכנזים אוּן אויך ניט פוּן דיא וואס הייסין ספרדים, אוֹב מחמת וויניג חשק אוֹדיר מחמת ליבּשאפט צוּ דיא דאזיגי לערנוּנגין פוּן דעם תלמוּד מוּטוויליגין מיר ניט צוּ זאגין. אין ענגלאנד דערהאלט נאך דער תלמוּד זייני גיוועלטיגוּנג פוּן טעוּת אין פיינדשאפט, אוּן אוּם בּארמהערציג גיוואלט בּרוּחניוּת, אוּן קיין איינציגיר יוּד האט זיך ניט אוּנטיר גישטאנין בּפרהסיא קייגין איהם צוּ בּיצייגין. מיר בּעטין דיא יוּדין ערינצט צוּ איבּירלייגין דיא דאזיגי זאך, אוּן דיא שטיקיר וואס מיר זענין מזכיר צוּ פערגלייכין מיט משה אוּן דיא נביאים; ווען דיא תוֹרה שבעל פה פאסט גלייך מיט דעם וואס איז בּלתי ספק דאס ווארט פוּן גאט, אזוֹ בּיטין מיר פוּן זייא אז זייא זאלין דערקלערין דעם היתר פוּן ערמה צוּ טהוּן, פוּן נייאי מצוֹת אוּיס צוּ טראכטין, אוּן זייא איינצוּשארפין מיט דיא הארטיסטי שטראף. אָבּיר ווען זייא מאכין דעם פּסק אז דיא דאזיגי זאכין זענין גאר אין גאנצין פערבּאטין פוּן גאט, אזוֹ רוּפין מיר זייא צוּ אז זייא זאלין הוֹך בּיצייגין קייגין דיא דאזיגי פע פעלשוּנגין פוּן דעם אמת וואס גאט בּ"ה האט מגלה גיוועזין.



# נתיבות עולם

עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז

דיא אלטי שטעגין.

## נומר ט״ז

אין אונזער לעצטין נומר האבין מיר זיך אונטיר גישטאנין צו זאגין אז אין דיא יודישי בתי כנסיות אין ענגלאנד „דאס גיהייליגט קול פון גיבעט מאכט נאך ברכות איביר דיא פיינדשאפטליכי אום גידולדיגקייט, טעות און נארישקייטין פון דיא תורה שבעל פה וויא איביר הייליגי זאכין״; און מיר האבין אייני ראיה גיברענגט צו דעם אמת פון אונזערי רייד. אביר צו מאנכי ישראל וואס האבין פערזעהין דעם תוך פון זייאר גיבעט בוך, מעכטין דיא דאזיגי רייד פערלאנגין מעהר ביוויז; דארום גיין מיר וייטיר מעהר ביוויז צו ברענגין, און פאר אלים צו ערשט אין דעם ענין פון פיינדשאפטליכי אום גידולדיגקייט. אין דער הגדה פאר דיא ערשטי צווייא נעכט פון פסח, מיטטין צווישין דיא פרייד און דאנק גיבעט וואס דאס גידעכטניש אן זייארי גרוסי אויסלייזונג איז נאטירליך דער טעם דער פון, גיפינין מיר פליצלינג דאס גיבעט:

שפוך המתך אל הגוים אשר לא ידעוך ועל ממלכות אשר בשמך לא קראו: כי אכל את יעקב ואת נוהו השמו: שפך עליהם זעמך וחרון אפך ישיגם: תרדף באף ותשמידם מתחת שמי יהוה:

„גיס אויס דיין צארן איביר דיא פעלקיר וואס קענין דיך ניט, און איביר דיא קיניגרייכין וואס רופין ניט אן דיין נאמין: ווארין זייא האבין יעקב אויף גיפרעסין, און זייני וואוהנונג האבין זייא פערוויסט: (תהלים ע״ט פסוק ו׳ וז׳). גיס אויס איביר זייא דיין צארן, און דער גרים פון דיין צארן וועט זייא דער גרייכין: (תהלים ס״ט פסוק כ״ה). יאג זייא אין צארן, און פערטילג זייא פון אונטיר דיא הימיל פון יהוה״ (איכה ג׳ פסוק ס״ו). דא זענין דרייא שטיקיר פון

כתבי

כתבי הקודש אַרוֹיס, אַרוֹיס גינוּמֶען פוּן זַייאֶר המשך אַרוֹיס, אוּן צוּזַאממֶען גישְׁטֶעללְט צוּ מַאכֶען אֵיין גִיבֶּעט. אִין זַייאֶר המשך, אוּן מִיט הִינְוַוייזוּנְג אוֹיף דִיא צַייטֶען פַאר וֶועלְכֶע יֶענֶע חלקים פוּן כתבי הקודש זֶענֶען פוּן גָאט גִיגֶעבֶּען גִיוָוארֶען קָאן מַאן זַייא פֶערְשְׁטֶעהְן. נָאךְ דֶעם חורבן פוּן ירושלים דוּרְךְ דִיא רוֹמיים. וֶוען דָאס גִימוּטְה פוּן דִיא יוּדֶען אִיז נָאךְ גִיוֶועזֶען אִין אֵיין מעמד פוּן גְרוֹס כעס קֶייגֶען דִיא וָואס הָאבֶּען זַייא יֶענֶע צרה אָן גִיטָהאן, קָאן זִיךְ אַזוֹ אֵיינֶע קללה בַּאכְטֶען צוּ זַיין נַאטִירְלִיךְ. אִין דִיא גִיוֶועזֶענֶע רדיפות פוּן דִיא מלחמות וָואס הֵייסֶען אוֹיף דַייטְשׁ קְרֵייץ צִינֶע, אוֹדֶער פוּן דִיא שְׁפַּאנִישֶׁע אִינְקְווִיזִיצְיֶע, וָואלְטֶען זַייא גִיקָאנְט הָאבֶּען אֵיינֶע אוֹיסְרֵייד פַאר דִיא קְלָלָה, אָבֶּער אִין דִיא אִיצוּנְדִיגֶע צַייט אוּן סיבּוֹת קָאן זִיא נִיט פֶערְעֶנְטְפֶערְט וֶוערֶען. וֶוער זֶענֶען דִיא פֶעלְקֶער אוּן דִיא קֶענִיגְרַייכֶען וָואס דִיא בֶּעטֶערְס פוּן דִיא דָאזִיגֶע תפלה וִוינְטְשֶׁען אַז דֶער צָארְן פוּן גָאט זָאל אִיבֶּער זַייא אוֹיס גִיגָאססֶען וֶוערֶען אוּן אַז זַייא זָאלֶען פֶערְטִילְגְט וֶוערֶען פוּן אוּנְטֶער דִיא הִימֶעל? זֶענֶען זַייא דִיא קְרִיסְטֶען. אוֹדֶער דִיא עבודה זרה דִינֶערְס פוּן אפריקא אוּן אִינְדְיֶען? דִיא וָואס גְלוֹיבֶּען דִיא אמונה פוּן מחמד דִיא גְלוֹיבֶּען אָן דִיא אֵיינִיגְקַייט פוּן גָאט וָואס זִיא אִיז זֵייער גְלַייךְ צוּ דִיא וָואס דִיא שְׁפֶּעטִירֶע רבנים הֵייסֶען גְלוֹיבֶּען: דַארוּם קֶענֶען זַייא נִיט גִימֵיינְט זַיין. וֶוען מַאן מֶעכְט זָאגֶען אַז דִיא פֶעלְקֶער וָואס דִינֶען עבודה זרה זֶענֶען דָא גִימֵיינְט. אַזוֹ מוּזֶען מִיר דָאךְ נָאךְ בִּיצַייגֶען קֶייגֶען דִיא פַיינְדְשַׁאפְטְלִיכֶע אוּם גִידוּלְדִיגְקַייט פוּן דִיא דָאזִיגֶע קללה: פַאר וָואס זָאלֶען דִיא יוּדֶען וִוינְטְשֶׁען אַז דִיא דָאזִיגֶע פֶעלְקֶער זָאלֶען פֶערְטִילְגְט וֶוערֶען. וָואס פַאר אַיין שְׁלֶעכְטְס הָאבֶּען דִיא דָאזִיגֶע אָרִימֶע אוּם גִילֶערִינְטֶע פֶעלְקֶער אַמָאל גִיטָהאן צוּ דִיא יוּדֶען אִין עֶנְגְלַאנְד, אַז זַייא בֶּעטֶען אַז זַייא זָאלֶען פֶערְטִילְגְט וֶוערֶען אוּן נִיט אַז זַייא זָאלֶען בִּיקֶעהְרְט וֶוערֶען. וֶוען מַאן מֶעכְט זָאגֶען, אַז קֵיינֶער אִיז דֶער בַּייא גָאר נִיט גִימֵיינְט אִין דֶער אִיצוּנְדִיגֶער צַייט, אַזוֹ מֶעכְטֶען מִיר פְרֶעגֶען, פַאר וָואס אִיז דִיא קללה נָאךְ אַיין טְהֵייל פוּן דֶער הגדה פוּן פסח. מִיר הָאבֶּען פַאר אוּנְס הגדות פוּן פֶערְשִׁידֶענֶע דפוסים, עֶטְלִיכֶע זֶענֶען עֶרְשְׁט פַאר קוּרְצֶער צַייט גִידְרוּקְט גִיוָוארֶען, אוּן דִיא קללה שְׁטֵייט אִין זַייא אַלֶע.

וֶוען דָאס וָואלְט נוּר דָאס אֵיינְצִיגֶע שְׁטִיק אַלְלֵיין גִיוֶועזֶען וָואס מַאן קָאן גִיפִינֶען אִין דִיא תפלות ספרים פוּן דִיא יוּדִישֶׁע בתי כנסיות,

אזו

אַזוֹ וָואלְט מַאן אפשר גִיקָאנְט אֱיינִי אוֹיס רֵייד אוֹדִיר פֶּערֶענְטְפִירוּנְג צוּ לָאזִין, אָבִּיר עֶס אִיז נוּר אֵיינִס פוּן נָאךְ אַנְדִירִי דֶערְגְלַייכִין מֶעהר וָואס זֵייא אַלִי זֶענִין פוּן דֶעם זֶעלְבִּיגִין שְׁטֵייגִיר. אִין דֶעם יוצר פוּן דֶעם צְוֵייטִין טָאג פוּן פסח, נָאךְ דֶער אִיבִּירְזֶעצוּנְג נָאךְ פוּן דוד לֶעוִוי גִיפִּינְן מִיר אֵיין אַנְדִירִים נָאךְ שְׁרֶעקְלִיכִירִים:

ברח דודי אל לבך ועיניך שם. ואם זנהנו טוב מרשם. אנא שמע שאגת צורריך ורגשם. רוה מרם גושם. ועפרם מחלב ידשם. ופגריהם יעלה באשם:

„אַייאל דִיךְ, מַיין גִילִיבְּטִיר, אַהִין וואוּ דַיין הַארֶץ אוּן דַיינִי אוֹיגִין זֶענִין דָארְט; אוּן חָאטְשִׁי מִיר הָאבִּין אַוֶועק גִיוָוארְפִין דָאס וָואס אִיז גוּט אוּן אַנְגִינֶעהם, דָאךְ הֶער דִיא שְׁרַייאֶנְדִיגִי אוּן שְׁטוּרְמִינְדִיגִי (שְׂטִים) פוּן דִיא וָואס בִּידְרוּקִין דַיין פָאלְק; זֶעטִיג דִיא שְׁרַאלִין מִיט זֵייאֶר בְּלוּט: גְנוֹיעֶ דִיא עֶרְד מִיט זֵייאֶר פֶעטְס; אוּן לָאז דֶער גִישְׁטַאנְק פוּן זֵייאֶרִי טוֹטִי לַייבִּיר אוֹיף גֵיין" (לֶעווִים גִיבֶּעט, כרך ד' דף קמ"ב).

דִיא אִיבִּירְזֶעצוּנְג אִיז פוּן דוד לֶעוִוי, אַזוֹ אַז עֶס קָאן נִיט גִיזָאגְט וֶוערִין, אַז דִיא בִּיטַייטוּנְג אִיז פַאלְשׁ פָאר גִישְׁטֶעללְט אוֹדִיר פֶּערְדְרֵייהט גִיוָוארִין כדי דֶערֶקְייגִין צוּ קֶענִין מפלפל זַיין. עֶס אִיז דִיא אִיבִּירְזֶעצוּנְג פוּן אֵיין יוּד, אוּן פוּן אֵיין יוּד אִין ענגלאנד, אוּן דָאס עֶרְשְׁטִי בְּלַאט דֶער שער זָאגְט אוּנְס אַז דָאס תפלות ספר אִיז צוּם צְוֵייטִין מָאל גִידְרוּקְט גִיוָוארִין "גִינוֹיא אַדוּרְךְ גִיזֶעהִין אוּן פֶערְבֶּעסְסִירְט אוּן דֶערְקְלֶערְט פוּן יצחק לעווי". דֶער שער זָאגְט אוֹיךְ, „אַזוֹ וִויא זֵייא וֶוערִין גִילֵיינְט אִין דִיא בתי כנסיות אוּן גִיבְּרוֹיכְט אִין זֵייאֶרִי פַאמִילְיֶעס".

אִיז נִיט דָאס דָאזִיגִי גִיבֶּעט פַיינְדְשַׁאפְטְלִיךְ אוּם גִידוּלְדִיג. אִיז עֶפִּיס דֶערְגְלַייכִין פַארְהַאנְדִין אִין דֶעם ברית חדשה אוֹדִיר אִין אוּנְזֶרִי קְרִיסְטְלִיכִי גִיבֶּעט בִּיכִיר? אוּן דָאךְ זָאגְט מַאן אוּנְס אַז דִיא יוּדִישִׁי אמונה פוּן דִיא אִיצוּנְדִיגִי צַייטִין אִיז מֶעהר פְרַיינְדְלִיךְ גִידוּלְדִיג פוּן דִיא קְרִיסְטְלִיכִי אמונה, אוּן אַז זִיא לֶערְנְט אַז מַאן זָאל לִיבּ הָאבִּין אַלִי מֶענְשִׁין. לָאזִין דִיא יוּדִין נִיט מֵיינִין אַז מִיר רֶעכֶנִין צוּ דֶעם גַאנְצִין פָאלְק דֶעם דָאזִיגִין גַייסְט, נֵיין, דָאס נִישְׁט. דָאס דָאזִיגִי שְׁטִיק וֶוערְט גִידַאכְט וִויא אֵיין פְּרוּף צוּ וַוייזִין דֶעם גַייסְט פוּן דִיא תורה שבעל פה אוּן פוּן אִיהרִי מחברים, וָואס זֶענִין נִיט בְּלוֹס בִּיזֶעסִין גִיוֶועזִין פוּן דֶעם דָאזִיגִין גַייסְט פוּן נָאךְ גִיטְרָאגִינִי פַיינְדְשַׁאפְט,

נייארט זייא זענין דער פון אזו איבער געוועלטיגט געוועזין אז זייא האבין זיא אפילו געוויזין אין זייארע געבעט צו דעם גאט פון בארמהערציגקייט און האבין זיא געבאטין פאר איין חלק פון עבודת אלהים בפרהסיא פון דיא גאנצע פערזאמלונג ביים דאבנין. וויא לאנג שון עס איז איינגעפיהרט געווארין, בלייבט עס נאך דארט, וויא איין צייגניש צו דעם גייסט פון דיא ערשטע אקייגין ריידירס פון ישוע הנוצרי, און וויא איין טהייל פון דיא תפלות אין דיא יודישע בתי כנסיות. דאך אין דיא דאזיגע שטיקיר ווייזט עס זיך ניט וואס פארי פעלקיר עס זענין גימיינט; עס איז קיין נאמין אודיר בזונדירע צייכין ניט ארויס גיזאגט, חאטשע דיא לעצטע רייד אין דעם שטיק וואס מיר האבין צו לעצט מזכיר געוועזין זענין ארויס גינומין פון ישעיה ל״ד און פיהרין נאטירליך צו דעם גידאנקין אז עס גייט אויף אדום; אביר אין אנדירע ערטיר זענין בישטימטירע רייד פארגישריבין, וואס מיר גיפינין דרינין אז אדום איז דאס וואס זייא האבין אזו שטארק פיינד.

ליל שמורים אל חצה, בחצות לילה בתוך מצרים כיצא, גבור על אדום יחצנה כחצה:

„גאט צוטהיילט דיא נאכט פון ביהיטונג, ווען ער איז מיטטין אין דער נאכט ארויס גיגאנגין דורך דעם לאנד פון מצרים; מעכט דער שטארקיר גאט זיא אויך צו טהיילין וועגין אדום“ (לעווי דארט דף ז׳). דאס איז איין פערלאנגין אז גאט מעכט טהון צו אדום אזו וויא ער האט גיטהאן צו מצרים. ווידיר איין ווייניג ווייטיר ליינין מיר,

פסח חרב הדה על אדום, בידי צח ואדום, כימי חג פסח.

„אן פסח, איין שארף שווערט וועט פאללין אויף אדום, דורך דיא האנד פון דעם וואס איז וויים און בלאס רוט, וויא אין דיא פייאיר טעג פון פסח“ (דארט דף יו״ד). און אזו דורך דיא תפלות אדורך זענין אופט מאל דערגלייכין רייד פון דעם דאזיגין ענין, דהיינו וויא.

שם יקרא ככתיבתו. מחציו תתמלא תיבתו. עוד תתנשא מלכותו. וכסאו יכון במלאתו. נכדי שעיר בהכותו. באויביו יתן נקמתו:

„דענצומאל וועט זיין נאמין גילייגט ווערין אזו וויא ער איז גישריבין:

ווען

ווען דיא אנדירי העלפט וועט גאנץ מאכין דאס ווארט; זייני געוועלטיגונג וועט אויך זייער דערהייבט זיין; ווען ער וועט שלאגין דיא וואס קומין ארויס פון עשו, און וועט זיך נוקם זיין אן זייני פיינד" (דארט דף רי"ד). אביר דיא דאזיגי זענין גינוג צו ווייזין אז אדום איז דאס וואס זייא האבין משונה פיינד, און נאטירליך דיא גרוסי שאלה איז וועמין מיינין דיא יודין מיט אדום. לאזין דיא בירוהמטיסטי פון זייערי רבנים אונס לערנין אין דעם דאזיגין ענין, און צוערשט לאזין מיר הערין דעם רמב"ם,

ארומים עובדי עכו"ם הם ויום ראשון הוא יום אידם לפיכך אסור לשאת ולתת עמהם בא"י יום חמישי ויום ששי שבכל שבת ושבת ואצ"ל יום ראשון עצמו שהוא אסור בכל מקום:

„דיא אדומים זענין עבודה זרה דינירס, און דער ערשטיר טאג פון דער וואך איז זייער פייאר טאג; דארום איז עס אסור מיט זייא צו האנדלין אין ארץ ישראל אן דעם פינפטין און זעקסטין טאג פון איטליכי וואך. און עס איז ניט נייטיג צו זאגין אז דער ערשטיר טאג זעלביר איז אסור אין אלי ערטיר" (הלכות עבו"ם פרק ט' ד'). עס איז נור איינ׳י אמונה פארהאנדין וואס דיא גלויבין זיא האלטין דעם ערשטין טאג פון דער וואך פאר היליג. נון לאזין מיר הערין דעם רד"ק. אין זיין פירוש אויף יואל ד' י"ט, „מצרים וועט זיין איני וויסטיניש, און אדום וועט זיין איני וויסטי וויכטינייא. פון וועגין דיא גיוואלט קייגין דיא קינדיר פון יהודה וואס זייא האבין פערגאסין אום שולדיג בלוט אין זייער לאנד"; זאגט ער

זכר מצרים בעבור ישמעאלים ואדום בעבור מלכות רומי. ואלה שתי האומות הנה הגוברות זה ימים רבים ותהינה עד עת הגאולה והיא חיותא רביעאה במראות דניאל.... ואמר זה בעבור כי מלכות רומי רובם ארומים ואעפ"י שנתערבו בהם עמים רבים כמו שנתערבו גם כן במלכות ישמעאלים נקראים על העיקר:

„דער נביא איז מזכיר מצרים, פון וועגין דיא טערקין, און אדום פון וועגין דאס רומישי מלכות; און דיא דאזיגי צווייא אומות האבין נון שון גיהאט גיוועלטיגונג איני לאנגי צייט, און וועלין בלייבין ביס צו דיא צייט פון דיא דער ליזונג. און דאס איז דיא פירטי חיה

אין דיא דערשיינונגן פון דניאל .... און דאס איז געזאגט געווארין ווייל דאס רוב פון דעם רומישן מלכות זענן אדומים. ווארין האטשי עס זענן פערמישט פילי פעלקער צווישן זייא, אזו וויא עס זענן אויך פערמישט אין דעם מלכות פון דיא טערקן, הייסן זייא נאך דעם עיקר נאך". דער רד"ק גיבט נון דעם רומישן מלכות דעם נאמן אדום, און קלאר ער מיינט דער מיט אויך דאס גרעקישי מלכות, ווארין ער האט דאס גישריבן אין דיא צוועלפטי הונדירט יאהר נאך דעם קריסטליכן חשבון נאך, לאנג איידיר דיא מלוכה פון קונסטאנטינאפיל איז צו שטערט גיווארין. דער אבן עזרא גיבט איין דערגלייכין פירוש אויף דיא בענשונג פון עשו.

ורומי שהגלתנו היא מזרע כתים וכן אמר המתרגם וצים מיד כתים והיא מלכות יון בעצמו כאשר פירשתי בספר דניאל והיו אנשים מתי מספר שהאמינו באיש ששמוהו אלוה וכאשר האמינה רומי בימי קונסטנטין שחדש כל הדת ושם על דגלו צורת האיש. ולא היו בעולם שישמרו התורה החדשה הוץ מאדומיים מעטים על כן נקרא רומי מלכות ארום:

„רום, וואס האט אונס גיפאנגן אוועק גיפיהרט, איז פון דעם זאמין פון כתים, און אזו האט דער מתרגם גיזאגט (אין במדבר כ"ד פסוק כ"ד) „אין שיפין וועלין קומין פון דעם בארטין פון כתים". און דאס איז דאס זעלביגי וויא דאס גרעקישי מלכות. וויא איך האב מפורש גיוועזין אין דעם ספר פון דניאל; און עס זענן זייר ווייניג מענשין גיוועזין וואס האבין גיגלויבט אן דעם מענש וואס זייא האבין אוים איהם איין גאט גימאכט. אביר ווען רום האט גיגלויבט אין דיא טעג פון קונסטנטין, וואס האט פערענדירט דעם גאנצין דת און האט ארויף גיטהאן אויף זיין פאהן איין בילד פון יענים מענש אזו זענין קייני ניט גיוועזין אין דער וועלט וואס האבין גיהיט דיא נייאי תורה חוץ ווייניגי ארומים, דארום הייסט רום דאס מלכות פון ארום" (פירוש אויף בראשית כ"ט). מיר בלייבין נון דא ניט שטיין סותר צו זיין דיא פאלשי סברות וואס דער אבן עזרא זאגט דא אזו בישטימט. איטליכיר, וואס וייס עפים דיא מעשות וואס האבין זיך אין דער וועלט גיטהאן, וויים אז אין ווייניגיר וויא הונדירט יאהר נאך דער צייט פון ישוע הנוצרי האט

זיך

זיך דיא קְרִיסְטְלִיכִי אמונה שְׁטַארְק אויס גִיבְּרֵייט אִין דֶעם גַאנְצִין רוֹמִישִׁין מלכות, און אַז דִיא פֶערְבְּרֵייטוּנְג פון דִיא נַייאִי תּורה. וִויא דֶער אבן עזרא גִיבְּט אִיהר אַיין נָאמִין, אִיז פַאר דִיא צַייט פון קוֹנְסְטַנְטִין גִישְׁוִוינְדִיר אוּן שְׁטַארְקִיר גִיוֶועזִין וִויא נָאךְ זַיינִי בִּיקֶעהרוּנְג. אוּנְזֶער גִישֶׁעפְּט אִיז אִיצוּנְד מִיט זַיינִי דֶערְקְלֶערוּנְג פון דֶעם וָוארְט אדום, עֶר זָאגְט פְּרָאסְטִי אַרוֹיס אַז אדום און אדומים בִּיטַייטִין דִיא קְרִיסְטִין. נון לָאזִין מִיר הֶערִין דֶעם אברבנאל:

ומזה תדע שלא לבד על ארץ אדום הסמוכה לא"י נבא הנביא כ"א גם על האומה שנסתעפה משם ונתפשטה בכל העולם והיא אומת הנוצרים היום הזה שהם מבני אדום:

„פון דַאנִין קָאנְסְטוּ לֶערְנִין אַז דֶער נביא (עובדיה) הָאט נבואות גִיזָאגְט נִיט אַלֵיין קֵייגִין דֶעם לַאנְד פון אדום וָואס אִיז נָאהנְט פון ארץ ישראל, נַייאִירְט אויךְ קֵייגִין דֶעם פָאלְק וָואס צְוַוייגְט אַרוֹיס פון דָארְט און אִיז אוֹיס גִיבְּרֵייט דוּרְךְ דִיא גַאנְצִי וֶועלְט, און דָאס אִיז דָאס פָאלְק פון דִיא קְרִיסְטִין אִין דֶעם דָאזִיגִין טָאג, וָוארִין זֵייא זֶענִין פון דִיא קִינְדִיר פון אדום" (פירוש אויף עובדיה). דָא הָאבִּין מִיר נון דֶעם רמב"ם, רד"ק, אבן עזרא, אברבנאל. זֵייא אַלִי גֶעבִּין דִיא זֶעלְבִּיגִי דֶערְקְלֶערוּנְג און זֵייא אַלִי הַאלְטִין אַז אדום בִּיטַייט דִיא קְרִיסְטִין. מֵילָא נָאךְ דִיא דָאזִיגִי דֶערְקְלֶערוּנְג נָאךְ גֵיין דִיא אוֹבִּין גִידַאבְטִי שְׁרֶעקְלִיכִי קללות אויף דִיא צוּשְׁטֶערוּנְג פון דִיא קְרִיסְטִין. אִיז דָאס פְּרַיינְדְלִיךְ גִידוּלְדִיג אָדִיר לִיבְּלִיךְ? פַּאסְט דָאס צוּזַאמְמִין מִיט דֶעם וָואס משה זָאגְט פון גָאט ב"ה,

רחום וחנון ארך אפים ורב חסד ואמת

„בַּארְמְהֶערְצִיג און גְנֶעדִיג, לַאנְגְזַאם צום דֶערְצֶערְנִין און גְרוֹס אִין דֶערְבַּארְמוּנְג און וַואהרְהַייט". זֶענִין דָאס דִיא גִיבֶּעט וָואס אָרִימִי זִינְדִיגִי בִּישֶׁעפִּינִיש זָאלִין מתפלל זַיין וֶוען זֵייא פֶערְזַאמְלִין זִיךְ צוּ דֶעם דִינְסְט פון דֶעם בִּישֶׁעפְּפִיר פון אַלִי בִּישֶׁעפִּינִיש? אַזוֹ אַיינִי קללה אַז גָאט „זָאל זֶעטִיגִין דִיא שְׁוַארְד מִיט זֵייאֶר בְּלוּט, גְנוּיֶוען דִיא עֶרְד מִיט זֵייאֶר פֶעטְס, און לָאזִין דֶעם גִישְׁטַאנְק פון זֵייאֶרִי טוֹטִי לַייבִּיר אויף גֵיין", אַזוֹ אֵיינִי קללה מֶעגְטִין מִיר נִיט קֶענִין אַרוֹיס הֶעדִין קֵייגִין דִיא מֶענְשִׁין פֶּרֶעסִירְס פון נַייא זֶעלַאנְד, אויךְ נִיט קֵייגִין דִיא מֶענְשִׁין גנבים

פון אפריקא. אָבּיר װען איהר זאָגט אַז איהר זענט ניט מתפלל דיא דאָזיגי גיבּעט קייגין דיא קריסטין, אַזוֹ מעכטין מיר אייך פרעגין, קייגין װעמין דען זענט איהר זייא מתפלל? און װאָס זענין אייערי גידאַנקין װען איהר הערט דיא דאָזיגי גיבּעט ליינין און איהר זאָגט זייא מיט אין דעם בית הכנסת? דאָס אדום נאָך דעם פשוט פשט נאָך איז שוין לאַנג צושטערט גיװאָרין, דיא קינדער פון אדום זענין שוין לאַנג אין גאַנצין אוים גיקומין. װאוּ גיפינין זיך איצונד דיא װאָס קומין פון זייא אַרוֹיס. דיא אוּבּין גידאַכטי רבנים זאָגין, אַז דיא רומיים זענין אַרוֹיס גיקומין פון אדום, אָבּיר װאוּ איז זייער בּיװייז אוֹיס דיא כתבי הקודש אודיר אויס װעלכליכי מעשות אַרוֹיס? אָבּיר למשל, װען דאָס װאָלט חאַטשי יוֹא אַזוֹ גיװעזין, װיא אַזוֹ מעכט דאָס בּיװייזין אַז דיא גרעקין, דיא פּראַנצוֹזין, דיא דייטשין, אודיר דיא איינװאוֹהנירס פון דיא ענגלישי אינזלין קומין פון אדום אַרוֹיס? דער אמת איז אַז עס איז קיין שום מעשה בּיװייז ניט פאַרהאַנדין װאָס זאָל חאַטשי איין שטיקיל ראיה זיין צוּ דיא דאָזיגי סברה װעגין רוֹם. דיא רבנים האָבּין גיפונין שרעקליכי רייד פון צאָרן קייגין אדום אין דיא נביאים, בפרט אין עובדיה און אין דעם קפיטל ל״ד פון ישעיה, און זייא האָבּין גידאַכט אַז רוֹם און דיא קריסטין האָבּין אַזעלכי שטראָף פערדינט מעהר װיא איטיך אַנדירשט, דארום האָבּין זייא יעני רייד מפורש גיװעזין אויף דיא דאָזיגי אויף װעלכי זייא האָבּין גיהאַט גרוֹס שנאה. אַזוֹ װייט װיא גילטיגי מעשות קענין אונס פיהרין, אַזוֹ מוזין דיא װאָס קומין אַרוֹיס פון אדום גיזוכט װערין צװישין דיא יודין מעהר װיא צװישין איין אַנדיר פאָלק; װאָרין דאָס לעצטי װאָס מיר ליינין פון דיא אדומים איז, אַז יוחנן הורקנוס האָט זייא כובש גיװעזין און זייא זענין בּיקעהרט גיװאָרין צוּ דיא יודישי אמונה דורך דיא שפּיץ פון זיין שװערט (זעה יאסטס געשיכטע, כרך א׳ דף ע׳ און קנ״ג). מילא דיא װאָס זענין פון זייא אַרוֹיס גיקומין זענין פון דעמצוּמאָל אָן צװישין דיא יודין גיבּליבּין, און אויסטירליש גינוג עטליכי פון זייא זאָגין אפשר איצונד דיא דאָזיגי קללות קייגין זיך זעלבּיר. אָבּיר, עס מעג זיין װיא עס איז, דיא נבואות קייגין אדום גיין גיװיס ניט אויף דיא קריסטליכי אמונה, װאָס איז ניט גיװעזין אדומים, נייאירט גאַנץ יודיש אין איהר אַנפאַנג. ישוע הנוצרי איז איין יוד גיװעזין, און זייני תלמידים און ערשטי תלמידים זענין גיװעזין אויס פּראָװינץ פון יהודה אַזוֹ װייט װיא מיגליך פון אדום. אפילו װען דיא

רבנים מֶעכְטֶן קֶענֶען בְּיַוייזֶען אַז רום אִיז אדום, אַזוֹ וֶועט דָאס נָאךְ גָאר נִישְׁט צוּ טְהוּן הָאבֶּען מִיט דִיא אַנְדֶירִי פֶּעלְקֶער וָואס קוּמֶען בשום אופן נִיט אַרוֹיס פוּן אדום, אוֹדֶער זֶענֶען נִיט פֶערְבּוּנְדֶען מִיט דִיא דָאזִיגֶע שְׁטָאט אוֹדֶער אומה.

מִיר וִויסְסֶען אוֹיךְ דִיא פִילֶע נבואות קֶייגֶען אדום, אָבֶּער אַזוֹ פִיל אוּן הַארְט וִויא זֵייא זֶענֶען, אַזוֹ זֶענֶען זֵייא דָאךְ קֵיינֶע פֶערְעֶנְטְפִירוּנְג נִיט פוּן דִיא דָאזִיגֶע גִיבֶּעט, אפילו וֶוען דִיא רבנים וִויסְסֶען וֶוער עֶס אִיז גִימֵיינְט. גָאט אִיז אַיין בַּארִמְהֶערְצִיגֶער גָאט אַזוֹ גוּט וִויא עֶר אִיז אַיין גִירֶעכְטֶער רִיכְטֶער, אוּן וֶוען עֶר זָאגְט אַרוֹיס רֵייד פוּן צָארְן, אַזוֹ קֶענֶען מִיר זִיכֶער זַיין אַז עֶר טְהוּט אַלֶעס אִין וַואהְרְהַייט אוּן גִירֶעכְטִיגְקַייט. אָבֶּער דָאס מַאכְט קֵיינֶע אוֹיסְרֵייד נִיט פַאר מֶענְשֶׁען וָואס נֶעמֶען עֶס אוֹיף זִיךְ מִיט חוצפה אַרָאבּ צוּ רוּפֶען דֶעם צָארְן פוּן גָאט דוּרְךְ גִיבֶּעט אוּן זִיךְ זֶעלְבֶּער פָאר צוּ שְׁטֶעלְלֶען וִויא דִיא אוֹיס פִיהְרֶערְס פוּן זַיין צָארְן. אִין דֶעם וָוארְט פוּן גָאט שְׁטֵיין פִילֶע רֵייד פוּן צָארְן קֵייגֶען דִיא יוּדֶען, אָבֶּער דָאס פֶערְעֶנְטְפֶערְט נִיט דִיא פֶעלְקֶער וָואס הָאבֶּען זֵייא רדיפות אוּן צרות אָן גִיטָהאן. וָואס וָואלְטֶען זִיךְ דִיא יוּדֶען פוּן אוּנְס גִידַאכְט וֶוען מִיר וָואלְטֶען גִיזַאמְמֶעלְט אַלֶע דִיא שְׁרֶעקְלִיכֶע פסוקים אִין דֶעם קפיטל כ״ו פוּן ויקרא אוּן אִין דֶעם קפיטל כ״ח פוּן דברים אוּן וָואלְטֶען זֵייא צוּזַאמְמֶען גִישְׁטֶעלְט אוּן דְרוֹיס גִימַאכְט אַיין גִיבֶּעט אַרָאבּ צוּ רוּפֶען דֶעם צָארְן פוּן גָאט אוֹיף דֶעם פָאלְק פוּן יִשְׂרָאֵל? וָואס וָואלְטֶען זֵייא גִיזָאגְט וֶוען מִיר וָואלְטֶען דָאס גִיהֵייסֶען בֶּעטֶען אִין דִיא עֶרִינְנֶערְטִיסְטֶע טֶעג אוּן אִין דֶער צייט פוּן אוּנְזֶערֶע פַייאֶער טֶעג? דָאךְ אִיז דָאס דָאזִיגֶע וָואס דִיא רבנים הָאבֶּען גִיטָהאן אוּן וָואס דִיא תורה שבעל פה הֵייסְט טְהוּן, אוּן דַארוּם זָאגֶען מִיר אַז אַזֶעלְכֶע לֶערְנוּנְג אִיז נִיט פוּן גָאט. אוּן מִיר זָאגֶען דָאס, נִיט בְּלוֹס אִיבֶּער דֶעם וַוייל דֶער שׂכל פִיהְרְט צוּ דֶעם דָאזִיגֶען גִידַאנְג, נֵייאֶירְט וַוייל אַזֶעלְכֶע גִיבֶּעט זֶענֶען פְּרָאסְטֶע אַקֵייגֶען דֶעם אוֹיסְדְרִיקְלִיכֶען בִּיפֶעהל פוּן גָאט. וֶוען עֶר הָאט גִישִׁיקְט דִיא יוּדֶען אִין גלות אַרַיין קֶען בבל, אַזוֹ הָאט עֶר זֵייא נִיט גִיזָאגְט אַז זֵייא זָאלֶען בֶּעטֶען אַז „עֶר זָאל אוֹיס גִיסֶען זַיין צָארְן אִיבֶּער יֶענֶע שְׁטֶעט, אוּן נָאךְ וֶוינִיגֶער אַז עֶר זָאל „זֶעטִיגֶען דִיא שְׁרַאלֶען מִיט דֶעם בְּלוּט" פוּן אִיהְרֶע אַיינְוואוֹהנֶערְס. אדרבה, עֶר הָאט גִיזָאגְט,

ודרשו את שלום העיר אשר הגליתי אתכם שמה והתפללו בעדה אל יהוה כי בשלומה יהיה לכם שלום:

און

„און פארשט נאך דעם פרידין פון דיא שטאט וואס איך האב אייך גילאזט דארט אהין גיפאנגין אוועק גיפיהרט ווערין, און בעטיט פאר איהריט ווענגין צו יהוה; ווארין אין איהרין פרידין וועט איהר פרידין האבין" (ירמיה כ"ט פסוק ז'). נון וויא פאסט דאס דאזיגי גיבאט מיט אובין גידאכטי גיבעט? למשל אפילו ווען דיא רבנים וואלטין רעכט גיהאט, און אז אדום ביטייט רום וויא אזו קענין דיא יודין בעטין פאר איהר פרידין און צו גלייך אויך פאר איהרי צושטערונג? יעני גיבעט פאססין גאר ניט גלייך צוזאממין מיט דעם דאזיגין גיבאט פון גאט, און דארום זענין זייא איין אנדירער ביוויז פון דעם טעות און אויך פון דיא פיינדשאפטליכי אום גידולדיגקייט פון דיא תורה שבעל פה. דאס איז עס וואס מיר האבין בפרט גיוואללט אויס ווייזין. מיר ווילין ניט איטליכים יוד אין לונדן פאר ווארפין דיא דאזיגי פיינדשאפטליכי אום גידולדיגקיט. פילי וויססין אפשר ניט אז מאן בעטיט אזעלכי תפלות אין דעם בית הכנסת; פילי געבין ניט אכטונג און זעהין זייא ניט רעכט אדורך, און פילי אנדירי האלטין זייא פאר אום רעכט. אביר דיא וואס קענין זייא און האלטין זייא פאר אום רעכט, דיא זענין זיך זעלביר משונה כותר ווען זייא זאגין זייא מיט, אודיר ווען זייא בלייבין שטילל קייגין דיא דאזיגי שלעכטיגקייט. דער גייסט פון דיא דאזיגי גיבעט ווערט אזו דערהאלטין, און דיא פיינדשאפטליכי אום גידולדיגקייט ווערט איביר ענטפירט פון איין דור צום אנדירין. קינדיר גיין אין בית הכנסת אריין און הערין אז מאן בעטיט דיא דאזיגי תפלות; זייא מיינין אז דאס מוז רעכט זיין, ווייל עס איז דאס לשון פון גיבעט, פון גיבעט בפרהסיא, פון דיא גיבעט פון דעם פאלק ישראל. וואס פאר איין אנדירן גידראנג קענין זייא מאכין. אזו ציהין זייא אריין אין זיך דעם זעלביגין גייסט, און אזו ווערט דאס פאלק ישראל גיהאלטין אין קנעכטשאפט צו דיא פיינדשאפטליכי אום גידולדיגקייט פון פארביי גיגאנגיני דורות. אביר עטליכי וועלין זאגין מיר זענין מודה אז דיא דאזיגי גיבעט זענין אקייגין דיא כתבי הקודש. מילא גידענקט אז מיט דער דאזיגיר הוראה זענט איהר מודה אז דיא בתי כנסיות, יוא אז דאס גאנצי פאלק פון דיא יודין זענין אין טעות גיוועזין שון פילי הונדירט יאהר. און ווען דאס יודישי פאלק האט זיך בכלל טועה גיוועזין אין איין זאלכין פשוטין דאך זייער וויכטיגין עיקר פון אמונה וויא דיא וואהרהאפטיגי ליבשאפט איז, אזו איז עס זייער קרוב לאמת אז זייא

האבין

האָבּין זיך אויך טועה גיוועזין אין אַנדירי עיקרים, בפרט אין אַזעלכי וואָס זענין שוועריר און וויינינגיר קלאָר פאַר דעם מענשליכין שכל. אָבּיר איבּיר אַלים, גידענקט אַז דער גאַנציר דת פון דיא תורה שבעל פה, אין זייני דינים און גיבּאָט, האָט אייך גילערנט צו פלוכין אייערי פיינד, אָבּיר ישוע הנוצרי האָט אונז גילערנט צו בענשין. „איר האָט גיהערט דאָס עס איז גיזאָגט, דוא זאָלסט דיין גיזעלין ליבּן און דיין פיינד האַסין: אָבּער איך זאָג אייך, ליבּט אייערי פיינד, זעגנט דיא וואָס פלוכין אייך, טוט גוט צו דיא וואָס האַסין אייך, און בעט פאַר דיא וואָס בילידיגן און יאָגין אייך" (מתיא ה' פסוק מ"ג ומ"ד). „זעגנט דיא וואָס יאָגין אייך. זעגנט, און פלוכט ניט" (רומיים י"ב פסוק י"ד). אָבּיר מאַנכי יודין מעכטין מיינין אַז עס איז ניט רעכט דן צו זיין דיא תורה שבעל פה וועגין דאָס דאָזיגי איינע דאַבּנין פון פסח. אַזעלכי מעכטין מיר דערמאַנין אָן דיא ברכה וואָס הייסט ברכת המינים אודיר ברכת האפיקורסין, וואָס זייא זענין מחויב צו זאָגין

בכל תפלה שבכל יום

„אין איטליכים גיבּעט, איטליכין טאָג" (הלכות תפלה פרק ב' ב').

ולמלשינים אל תהי תקוה וכל עושי רשעה כרגע יאבדו והזדים מהרה יכרתו ותכניעם במהרה בימינו ברוך אתה יי שובר אויבים ומכניע זדים:

„און צו דיא בּיריידירס לאָז קיין האָפפנונג ניט זיין; און אַלי וואָס טהון בּייזיגקייט זאָלין גישווינד אום קומין, און דיא מוטוויליגי זאָלין בּאַלד פערשניטין ווערין, און דערמוטיג דו זייא באַלד אין אונזערי טעג. גילובּט בּיסט דו יהוה וואָס דו צובּרעכסט אונזערי פיינד" (טעגליכי גיבּעט, דף ל"ו). דאָ איז אויך גאַר קייני בּאַרמהערציגקייט ניט דאָ, קיין פערלאַנגין אַז זייא זאָלין גיבּעטסירט ווערין, קיין גיבּעט אַז זייא זאָלין בּיקעהרט ווערין, נייאורט איינע אַנרופונג פון פּליצליכין צאָרן און צושטערונג. און דיא הלכות פון דיא יודין בּיפעהלין דאָס דאָזיגי ניט בּלוס אָן זייערי פייאיר טעג נייאורט איטליכין טאָג; יוא, און איטליכי צייט פון גיבּעט זאָל בּיצייכינט ווערין דורך דיא שטים פון פערפלוכונג. עס איז אויך אין אַנדירס גיבּאָט פאַרהאַנדין וועגין דיא דאָזיגי טעגליכי פערפלובונג, וואָס ווייזט נאָך ווייטיר אויס דעם גייסט פון דיא תורה שבעל פה.

שליח ציבור שטעה ונבהל ולא ידע מהיכן יתחיל ושהה שעה יעמוד אחר תחתיו. ואם טעה בברכת האפיקורסין אין ממתינין לו אלא מיד יעמוד אחר תחתיו שמא אפיקורסות נזרקה בו:

„ווען דער שליח צבור האט זיך טועה געוועזין און איז דערשראקין און ווייס ניט פון וואנין ער זאל אנהובין און האט געווארט איינע שעה, אזו זאל זיך איין אנדירער אנשטעללין אויף זיין אורט. אבער ווען ער האט זיך טועה געוועזין אין דער ברכה פון דיא אפיקורסים, אזו ווארטיט מאן ניט אויף איהם, נייארט באלד זאל זיך איין אנדירער שטעללין אויף זיין אורט, ווארין מאמיר איז אפיקורסות אין איהם אריין" (דארט פרק יו"ד ג'). נאך דעם דאזיגין דין נאך, ווען דער שליח צבור איז זיך טועה אין איינע ברכה אודיר אין איינע תפלה פון רחמים, אזו מעג מאן דערביי ווארטין איינע גאנצע שעה. אבער ווען דער טעות איז געשעהין אין דער דאזיגער פערפלוכונג, אזו זאל קיין זוימין און ווארטין ניט זיין. ווען דער שליח צבור זאגט זיא ניט ביא צייטינס, אזו זאל זיך איין אנדירער באלד אנידיר שטעללין, און זאל שרייאין צום הימל ארויף אז עס זאל אראב קומין איינע קללה.



Дозволено Цензурою. Варшава 27 Января (8 Февраля) 1876 г.
Въ Типографіи А. Гинса. Королевская № 1064 D

НЕСЫВОТЪ ОЛОМЪ

# נתיבות עולם

עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז.

דיא אלטי שטעגין.

## נומר י״ז

מִיר הָאבִּין עֶרְשְׁט בִּיטְרַאכְטִיט יֶענִים אויסְטִירְלִישִׁי גִיבָּאט פון דִיא תּורה שבעל פה וָואס זָאגְט, אַז וֶוען דֶער שליח צבור אִין דֶעם בית הכנסת אִיז זִיךְ טועה אִין דִיא תפלות, אַזוֹ זָאל דָאס קהל אויף אִיהם וַוארְטִין אֵיינִי שעה: חוּץ וֶוען דֶער טעות גִישֶׁעהט אִין דֶער קללה אויף דִיא אפיקורסים, וָוארִין דָא "וַוארְטִיט מַאן נִיט אויף אִיהם, נַייאִירְט בַּאלְד זָאל זִיךְ אֵיין אַנְדִירִיר אַנִידִירִיר שְׁטֶעלִין אויף זַיין אורְט, וָוארִין טָאמִיר אִיז אפיקורסות אִין אִיהם אַרַיין". דִיא בִּיזוּנְדִירִי ידיעה פוּן דֶעם דָאזִיגִין אוֹפֶן אִיז אַזוֹ גורם כבוד צוּ דִיא יוּדִין וִויא זִיא אִיז גורם אֵיין בֵּייזִין פסק אִיבִּיר דִיא תורה שבעל פה. עֶס וִוילל זִיךְ פוּן דַאגִין אוּיס וַוייזִין אַז אַזֶעלְכִי טעות זֶענִין גִישֶׁעהִין. שליחי צבור אִין דִיא בתי כנסיות הָאבִּין זִיךְ טֵייל מָאל טועה גִיוֶועזִין און גִישְׁטַאמְמִילְט וֶוען זֵייא זֶענִין גִיקוּמִין צוּ דִיא דָאזִיגִי שְׁרֶעקְלִיכִי פֶערְפְלוּכוּנְג. און באמת מִיר פֶערְוואוּנְדִירִין אוּנְס גָאר נִיט, וֶוען אֵיין מַאן פוּן פְרוּמִיגְקֵייט, בִּיקָאנְט מִיט דֶעם וָוארְט פוּן גָאט, מֶעכְט פַאר שְׁרֶעק שְׁטֵיין בְּלַייבִּין וֶוען עֶר זָאל עֶפְפִינְטְלִיךְ פֶערְפְלוּכִין זַיינִי מִיט מֶענְשִׁין, און מֶעכְט נִיט קֶעגִין דִיא קללה רֵייד אִיבִּיר זַיינִי לִיפְּפִין אַרִיבִּיר בְּרֶענְגִין. דִיא פְלַייסִיגְקֵייט, מִיט וֶועלְכִי דִיא סופרים הָאבִּין זִיךְ בִּימִיהט אֵיין דִין צוּ מַאכִין פַאר אַזוֹ אַיין אוֹפֶן, הָאט אִין זִיךְ אַיין צֵייגִינִיש בכבוד פַאר דִיא גוּטִי גִיפִיהל פוּן דֶעם פָאלְק, חָאטְשִׁי זִיא בִּיצֵייכִינְט שְׁטַארְק זֵייאֶרִי אֵייגִינִי פַיינְדְשַׁאפְטְלִיכִי אוּם גִידוּלְדִיגְקֵייט, און אִיז אויסְטִירְלִישׁ גָאר דֶער היפוּךְ פוּן דֶעם גַייסְט וָואס אִיז אַיינְגִישַׁארְפְט אִין דֶער לֶערְנוּנְג פוּן ישוע הנוצרי. וֶוען זַיינִי תלמידים הָאבִּין אִיהם גִיבֶּעטִין אַז עֶר זָאל זֵייא לֶערְנִין בֶּעטִין, אַזוֹ הָאט

ער

עֶר זַייא גִילֶערְנְט אֵיינִי קוּרְצִי דוּגְמָא; אָבִּיר אַזוֹ קוּרְץ אוֹיךְ וִויא זִיא אִיז גִיוֶועזִין, אַזוֹ הָאט זִיא אִין זִיךְ גִיהַאט דָאס גִיבֶּעט, „פַּר גִיבּ אוּנְז אוּנְזֶערִי שוּלְדִן, אַזוֹ וִויא מִיר פַּר גֶעבִּין אוּנְזֶערִי שוּלְדְנֶער", אוּן דֶער נָאךְ הָאט עֶר גִיגֶעבִּין דִיא וָוארִינוּנְג, „וָוארִין וֶוען אִיר וֶועט דִיא לַייט זֵייעֶרִי פֶעלִיר פַּר גֶעבִּין, אַזוֹ וֶועט אַייךְ אַייעֶר הִימְלִישֶׁר פָּאטִיר אוֹיךְ פַּר גֶעבִּין: אָבֶּר וֶוען אִיר וֶועט דִיא לַייט נִישְׁט פַּר גֶעבִּין זֵייעֶרִי פֶעלִיר, אַזוֹ וֶועט אַייעֶר פָּאטִיר אַייעֶרִי פֶעלִיר אוֹיךְ נִישְׁט פַּר גֶעבִּין" (מתיא ו׳ פסוק י״ד וט״ו).

דִיא פַיינְדְשַׁאפְטְלִיכִי אוּם גִידוּלְדִיגְקֵייט וָואס מִיר הָאבִּין אָנְגִיוִויזִין בִּיוַוייזְט גִינוּג אַז דִיא אמונה דעות פוּן דִיא תורה שבעל פה זֶענִין נִיט אַרוֹס גִינוּמִין גִיוָוארִין פוּן דִיא רֵייד פוּן משה אוּן דִיא נביאים אוּן דָאס דָאזִיגִי וֶועט זִיךְ נָאךְ וַוייטִיר אוֹיס וַוייזִין אוֹיס דִיא בַּארִישִׁי דֶערְצֵייהלוּנְגִין וָואס דִיא גִיבֶּעט פוּן דִיא בתי כנסיות גֵיין אוֹיף זֵייא, גְלַייךְ וֶוען זֵייא וָואלְטִין בִּיקָאנְטִי וַואהְרְהַייטִין גִיוֶועזִין. אִין דֶעם יוצר פוּן שבועות גִיפִינִין מִיר מֶעהר וִויא אֵיינִי זָאלְכִי דְרוֹיף גֵייאִינִישׁ וָואס מִיר וִוינְשִׁין זֵייר עֶרִינְצְט אַז אִיהר זָאלְט זֵייא גוּט בִּיטְרַאכְטִין. אוּן צוּ עֶרְשְׁט פַאר אַלִי, יֶענִי גִיבֶּעט הַאלְטִין דִיא דֶערְצֵייהלוּנְג פוּן לויתן אוּן בהמות פַאר אמת. אִין דֶעם יוצר פוּן דֶעם עֶרְשְׁטִין טָאג שבועות זָאגִין דִיא יוּדִין דִיא דָאזִיגִי וֶוערְטִיר:

מנת דילן דמלקדמין פרש בארמותא: טלולה דלויתן ותור טור רמותא. וחד בחד כי סביך ועביד קרבותא: בקרנוהי מנגח ברבותא. יקרטע נון לקבלי בציצוי בגבורתא: מקרב ליה בריה בחרביה ברברבותא. ארסטון לצדיקי יתקן ושרותא: מסחרין עלי תבי דכדכוד וגומרתא. נגידין קמיהון אפרסמון נהרתא: מתפנקין ורוו בכסי רויתא. חמר מרת דמבראשית נטיר בי נעותא:

וָואס דוד לעווי אִיבִּירְזֶעטְצְט זֵייא אַזוֹ: — „עֶר וֶועט גִיוִויס גֶעבִּין צוּ אוּנְס דָאס טְהֵייל וָואס עֶר הָאט אוּנְס צוּ גִיזָאגְט פַאר אַלְטִי צַייטִין. דָאס זִיךְ שְׁפִּילִין פוּן לויתן מִיט דֶעם אוֹקְס פוּן דִיא הוֹכִי בֶּערְג (*), וֶוען זֵייא וֶועלִין צוּ אֵיינַאנְדִיר גִינֶעהְנִין אוּן מלחמה הַאלְטִין. מִיט זַיין הָארְן שְׁטוֹסְט עֶר דִיא שְׁטַארְקְסְטִי פִיךְ, אָבִּיר דֶער לויתן וֶועט קֵייגִין אִיהם שְׁפְּרִינְגִין מִיט זַיינִי פְלוֹס פֶעדִירְן אוּן גְרוֹסִי שְׁטַארְקְהַייט.

זיין

(*) דאס דאזיגי גייט אויף בהמות. זעה איוב מ׳ ט״ו וכו׳, דוד לעווי.

זַיין בְּישֶׁעפפֶר וֶועט זִיךְ דֶערנְצוּמָאל גִינֶעהנִין צוּ אִיהם מִיט זַיין שְׁוֶוערְט אוּן וֶועט אִיהם אָנְבִּירֵייטִין פַאר אֵיין מָאלְצַייט (אוֹדִיר אֵיינִי סְעוּדָה) פַאר דִיא גִירֶעכְטִי; וָואס זֵייא וֶועלִין זִיצִין בַּייא אֵיין טִישׁ גִימַאכְט פוּן יאספיז אוּן קַאר פוּנְקִיל, מִיט אֵיין טַייךְ פוּן באלזאם פְלִיסִינְדִיג פַאר זֵייא. וֶוען זֵייא וֶועלִין זִיךְ מפנק זַיין אוּן גִיזֶעטִיגְט וֶוערִין מִיט דִיא בֶּעכִירְם פוּן וַויין אָנְבִּירֵייטִיט בַּייא דִיא בְּישַׁאפפוּנְג, אוּן בְּיהַאלְטִין אִין דֶעם קֶעלְטִיר״. אִין דֶעם דָאזִיגִין שְׁטִיק יוצר פוּן דִיא יוּדִישִׁי גִיבֶּעט אִיז אֵיינִי גַאנְץ פְּרָאסְטִי בִּיצִיהִינִישׁ אוֹיף דִיא מלחמה צְוִוישִׁין בהמות אוּן לויתן. דִיא גְלִיקְלִיכְקַייט פוּן דִיא גִירֶעכְטִי אִין עוֹלם הבא אִיז אוֹיךְ אַרוֹיס גִישְׁרִיבִּין, אוּן עֶס אִיז גִיזָאגְט אַז אֵיין חלק דֶער פוּן וֶועט זַיין דִיא סעודה וָואס גָאט וֶועט פַאר זֵייא אָנְבִּירֵייטִין פוּן דֶעם פְלֵיישׁ פוּן לויתן וֶוען עֶר וֶועט אִיהם הָאבִּין גִיטֵייט. עֶס אִיז אמת אַז דוד לעווי זָאגְט וֶועגִין דִיא דָאזִיגִי סעודה דִיא דָאזִיגִי רֵייד: „דָאס אַלִים מוּז פֶערְשְׁטַאנִין וֶוערִין אִין דרש לשוֹן אוּן בשום אוֹפן נִיט פשוט, וִויא פֶערְשִׁידִינִי קְרִיסְטְלִיכִי מפרשים הָאבִּין גִיטָהאן אוּן הָאבִּין אַזוֹ אַיין נִיט פֶערְדִינְטִין פָארְוָוארְף גִימַאכְט צוּ דִיא רבנישי מחברי ספרים״. אָבִּיר עֶר הָאט אוּנְס נִיט אָנְגִיוִויזִין זַיינִי גִילְטִיגְקַייט אוּן אוֹיךְ נִיט זַיינִי טעמים פוּן דִיא דָאזִיגִי סברה. אוֹיךְ הָאט עֶר נִיט דֶערְקְלֶערְט דִיא בִּיטַייטוּנְג פוּן דֶעם דרש. מִיר מֶעגְטִין זִיךְ פְרֵייאִין צוּ וִויסִין וָואס נַיין אוּן נַיינְצִיג פוּן אִיטְלִיכִי הוּנְדֶערְט יוּדִין פֶערְשְׁטֵיין וֶוען זֵייא הֶערִין דָאס דָאזִיגִי לֵיינִין אִין דֶעם בֵּית הכנסת. וָואס פֶערְשְׁטֵיין זֵייא מִיט דֶעם נָאמִין בהמות? אוּן וָואס מִיט דֶעם נָאמִין לויתן? אוּן וָואס מִיט דִיא רֵייד אַז גָאט וֶועט אִיהם טֵייטִין, אוּן וָואס דֶערְמִיט אַז עֶר וֶועט אִיהם אָנְבִּירֵייטִין וִויא אֵיינִי סעודה פַאר דִיא גֶערֶעכְטִי? אָבִּיר חָאטְשִׁי יוּדִין אִין דֶער אִיצוּנְדִיגִיר צַייט מֶעגְטִין עֶס אַוֶועק מפורש זַיין, אַזוֹ קָאן דָאךְ וֵויינִיג ספק זַיין וִויא דִיא מחברים פוּן דֶעם דָאזִיגִין שיר אוּן דִיא יוּדִין פַאר צַייטִין הָאבִּין עֶס פֶערְשְׁטַאנִין. אִין דֶעם תלמוד הָאבִּין מִיר פוּן דִיא דָאזִיגִי צְווֵייא חיות דִיא דָאזִיגִי דֶערְצֵיילוּנְג:

אמר רב יהודה אמר רב כל שברא הקדוש ברוך הוא בעולמו זכר ונקבה בראם אף לויתן נחש בריח ולויתן נחש עקלתון זכר ונקבה בראם ואלמלא נזקקין זה לזה מחריבין כל העולם כולו מה עשה הקב"ה

הקב"ה סירס את הזכר והרג הנקבה ומלחה לצדיקים לעתיד לבוא שנאמר והרג את התנין אשר בים ואף בהמות בהררי אלף זכר ונקבה בראם ואלמלא נזקקין זה לזה מחריבין כל העולם כולו מה עשה הקב"ה סירס הזכר וצינן הנקבה ושמרה לצדיקים לעתיד לבוא.

„רב יהודה האט געזאגט, רב האט געזאגט, איטליכי זאך וואס הקדוש ב"ה האט בעשאפפען אין דער דאזיגער וועלט האט ער זכר און נקבה בעשאפפען. אויך אזו דעם לויתן דיא ריגעלדיגע שלאנג און דעם לויתן דיא קרומע שלאנג, זכר און נקבה האט ער זייא בעשאפפען. אבער ווען זייא וואלטען פעראייניגט געווארען, אזו וואלטען זייא דיא גאנצע וועלט פערוויסט. וואס דען האט הקדוש ב"ה געטהאן. ער האט אוועק גענומען דיא קראפט פון דעם זכר, און האט דערשלאגען דיא נקבה און האט זיא איינגעזאלצען פאר דיא גערעכטע אויף דיא צייט לעתיד, וואו עס איז געזאגט, „און ער וועט דער שלאגען דעם תנין וואס איז אין דעם ים" (ישעיה כ"ז א'). און אזו אויך וועגען בהמות אויף טויזענד בערג, ער האט זייא בעשאפפען זכר און נקבה, אבער ווען זייא וואלטען פעראייניגט געווארען אזו וואלטען זייא דיא גאנצע וועלט פערוויסט. וואס דען האט הקדוש ב"ה געטהאן. ער האט אוועק גענומען דיא קראפט פון דעם זכר און האט געמאכט דיא נקבה אום טראכטיג, און האט זיא בעהאלטען פאר דיא גערעכטע אויף דיא צייט לעתיד" (בבא בתרא דף ע"ד עמוד ב'). אין דיא דאזיגע דערצייהלונג זענען קיינע צייכען ניט דא פון דרש. דיא בעשאפפונג פון דיא וועלט איז ניט איין דרש, נייערט איינע געשעהענע מעשה. דיא בעשאפפונג פון לעבענדיגע בעשעפעניש זכר און נקבה איז אויך איינע געשעהענע זאך. דיא קראפט אוועקנעמונג פון דעם זכר און דיא איינזאלצונג פון דיא נקבה אז דיא וועלט זאל ניט פערוויסט ווערען זעהט ניט אויס וויא איין דרש. דיא יודישע מפרשים נעמען דיא זאך געוויס גאנץ ערנסט און שמועסען פון דיא בעשאפפונג פון דעם לויתן, ניט וויא פון איין דרש, נייערט וויא פון איינע מעשה באמת. אזו דער רמב"ן (ר' משה בן נחמן) אין זיין פירוש אויף דיא ווערטער, „און אלהים האט בעשאפפען דיא גרוסע תנינים", נאך דיא בעשרייבונג פון דיא גרויסיגקייט זאגט ער,

ורבותינו אמרו כי התנינים הגדולים הוא לויתן ובת זוגו שבראם זכר ונקבה

ונקבה והרג הנקבה ומלחה לצדיקים לעתיד לבוא אפשר כי מפני זה לא היה ראוי שיאמר בהם ויהי כן כי לא עמדו עוד:

„און אונזערי רבנים האבען גיזאגט אז "דיא גראָסי תנינים" בעטייטען דעם לויתן און זיין זוג, וואָרין גאָט האָט זיא בעשאפפען זכר און נקבה, אָבער ער האָט דערשלאָגען דיא נקבה, און האָט זיא איינגיזאלצין פאַר דיא גירעכטי אויף דיא צייט לעתיד: און אפשר איז דאָס דער טעם פאר וואָס עס זענען ביי זיא ניט גיזאָגט גיוואָרין דיא ווערטער, „און עס איז אזו גיוועזען", וואָרין זייא (דאָס גישלעכט פון לויתן) זענען ניט בעשטיין גיבליבען" (פירוש אויף בראשית א' כ"א).

פון דאנען איז עס קלאָר אז דער בירוהמטער רמב"ן האָט גישט גיוואוסט פון איין דרש, וואָרין ער מאכט דיא דאזיגי דערצייהלונג פון לויתן פאר איין טעם פאר וואָס גיוויססי ווערטער וואָס שטיין נאָך דיא אנדירי ווערק פון דיא בעשאפפונג שטייען דא ניט. דעסגלייכען שמוסט אויך דער אברבנאל פון דעם דאזיגען זעלביגען פאאר לעבענדיגי בעשעפעניש וויא פון בעשעפעניש טאקיש באמת און מיינט אז זייא געהערין אפשר צו דיא גראָסי תנינים.

ואם כלל הכתוב השרץ והדגה כאחד יאמר הכתוב שברא השם בהם מינים מתחלפים כי יש מהם תנינים גדולים וכמו שאמרו בפ' הספינה אמר רבה בר בר חנא זמנא חדא הוה קא אזילנא בספינתא וחזינא להחוא כוורא דיתבא ליה חלתא על גביה וקדה אגמא עלויה סבריני די יבשתא היא וסלקינן ויתבינן ובשלינ' חם גביה דכוורא ואיתהפיך ואי לא דהוה ספינתא מקרבא לן הוה מטבע לן. וכיוצא בזה יספרו גם היום יורדי הים באניות ואולי שלויתן ובת זוגו שזכרו רבותינו מאלה היו עם היות שהפלוסופים מבני עמנו ייחסו לאותה הגדה ענינים עמוקים מהחכמה ואין צורך להם במקום הזה.

„אבער ווען דיא שריפט איז כולל ווירמינונג און פיש צוזאממען. אזו זאָגט אונס דער דאזיגער פסוק אז גאָט האָט בעשאפפען פערשידיני מינים, וואָרין עטליכי פון זייא זענען גראָסי תנינים, אזו וויא עס איז גיזאָגט אין דעם פינפטען פרק פון בבא בתרא (דף ע"ג עמוד ב'). „רבה בר בר חנא זאָגט, אמאָל זענען מיר גירייזט אין איין שיף, און מיר האבען גיזעהן דעם פיש וואס אויף זיין

ריקין בלייבט דאס זאנד און געריבענס וואקסט דרויף: מיר האבין גימיינט אז עס איז געוועזין טרוקיניש, און מיר זענין ארויס גיגאנגין און זענין דארט גיבליבין און האבין גיקאכט. אבער ווען דער ריקין פון דעם פיש איז ווארם געווארין, אזו האט ער זיך אום גיקעהרט, און ווען דיא שיף וואלט אונס ניט נאהנט געוועזין אזו וואלטין מיר פערזונקין געווארין". דערגלייכין מעשות דערצייהלין אויך דיא וואס פאהרין אויף דעם ים אין שיפין אין דער איצונדיגער צייט; און אפשר האבין צו דיא דאזיגי געהערט דער לויתן און זיין זוג וואס אונזערי רבנים האבין מזכיר געוועזין. דאך דיא פילוסופים פון אונזער פאלק האבין צו דיא דאזיגי אגדתא מייחס געוועזין זאכין וואס זענין טיפער פון פילוסופיא, אבער וואס מיר האבין זייא ניט נייטיג אויף דעם דאזיגין אורט" (פירוש אויף בראשית א' כ"א). עס איז אמת אז דער אברבנאל איז דא בפירוש מודה דאס פארהאנדין זיין פון סודות אין דער דאזיגער אגדתא פון דעם תלמוד. אבער עס איז אויך אזו קלאר, אז ער האט גיהאלטין דעם לויתן, וואס דיא רבנים האבין מזכיר געוועזין, ניט פאר אין דרש נייארט פאר איין בישעפעניש באמת; און דארום האט ער איהם בישטימט צו דעם זעלבינין מין וויא דעם וואונדערליכין פיש וואס איז גיזעהין געווארין פון רבה בר בר חנא, חוץ ווען מיר זאלין האלטין זייני ווערטער פאר איין שאלקהאפטיגין ווינק, אז דיא מעשה פון לויתן איז אום גיפעהר אזו אמת וויא דיא וואס דער וואהרהאפטיגער רבי האט דערצייהלט.

דיא דאזיגי צווייא גרוסי רבנים האבין אזו דיא דערצייהלונג פון לויתן ניט גיהאלטין פאר איין דרש, און מיר וואלטין נאך גיקאנט עטליכי אנדירי דערגלייכין עדות דערצו ברענגין, אבער מיר מוזין אויך דאס ווארט בהמות בטראכטין און אייני נאך פארשונג אין זיין מהות וועט פערגרעסירן דיא ראיה מיט דיא זעלביגי פעולה, אז דיא דאזיגי דערצייהלונג איז ניט גיהאלטין געווארין פאר איין דרש, נייארט נאך דעם פשוט פשט נאך. אין דעם ערשטין שטיק ווייזט אונס דוד לעווי זעלביר אויף איוב מ' ט"ו, און דארט ליינין מיר,

הנה נא בהמות אשר עשיתי עמך חציר כבקר יאכל:

"נון איצונד בהמות וואס איך האב גימאכט מיט דיר, ער עסט גראז וויא איין אוקס". דא איז געוויס קיין דרש ניט דא. דיא

ווערטער

ווערטיר ריידין פון איין לעבינדיג בישעפיניש , און אזו ווערין זייא דערקלערט פון אלי יודישי מפרשים וואס מיר קענין אין זייארי ספרים נאך זעהין . דער רלב"ג זאגט ,

בהמות הוא בעל חיים שמו כן

"בהמות איז איין לעבינדיג בישעפיניש , און דאס איז זיין נאמין" (פירוש אויף יענים פסוק) . אויף דיא ווערטיר "נון איצונד בהמות וואס איך האב גימאכט מיט דיר" זאגט דער אבן עזרא ,

בהמות שם בהמה גדולה אין ביישוב גדולה ממנה וטעם עמך לפי שהיתה ביבשה כי באחרית יזכור הלויתן שהוא בים ויש אומרי' כי טעם עמך שהבהמות נולדו ביום אחד עם אדם הראשון וזה דרך דרש

"בהמות איז דער נאמין פון איינר גרוסי בהמה . אין דער ביוואוהנטיר וועלט איז קיינר גרעסירי פון איהר ניט פארהאנדין . און דער טעם פאר וואס דיא ווערטיר "מיט דיר" שטיין דער ביא איז , ווייל זיא איז איינר יבשה חיה , און צום סוף איז ער מזכיר דעם לויתן וואס איז איינר חיה פון דעם ים . אביר עטליכי זאגין דעם טעם פון "מיט דיר" איז אז דיא בהמות זענין בישאפפין גיווארן אין דעם זעלביגין טאג מיט אדם הראשון , אביר דאס איז נאך דעם שטייגיר נאך פון איין דרש" (אבן עזרא אויף יענים פסוק) . דאס דאזיגי שטיק ווייזט ניט בלוס דיא מיינונג פון דעם אבן עזרא וועגין דעם אמת פארהאנדין זיין פון בהמות , נייארט עס ווייזט אז דאס זעלביגי איז אויך גיוועזין דיא דעה פון אנדירי מפרשים וואס ער מיינט זייא דא . רש"י בישטעטיגט ניט בלוס דאס פארהאנדין זיין נייארט ער זאגט קלאר ארויס , בהמות מוכן לעתיד , "בהמות איז אנגביריייט אויף דיא צייט לעתיד" . און ווידיר , אין זיין פירוש אויף תהלים נ' יו"ד נעמט ער דיא ווערטיר בהמות בהררי אלף , וואס מיר איבער זעצין זייא , "דיא בהמות אויף טויזינד בערג" , און זאגט ,

הוא המתוקן לסעודת העתיד שהוא רועה אלף הרים ליום וכל יום ויום צומחים :

"דאס איז ער וואס איז אנגביריייט צו דיא סעודה פון דיא צייט לעתיד , ווארין ער ווייזט אב טויזינד בערג אין איין טאג , און איטליכין טאג

שפראצין

שְׁפְּרָאצִין זֵייא וִוידִיר״ . דֶער המשך פוּן דִיא דָאזִיגִי וֶוערְטִיר וַוייזִין קְלָאר אַז רש״י , דֶער בִּילִיבְּטִיסְטִיר אוּן צוּם מֵייסְטִין גִילֵיינְטִיר פוּן אַלִי יוּדִישִׁי מפרשים , הָאט גִיהָאפְּפְט אוֹיף אֵיינִי סעודה פוּן דֶעם פְלֵייש פוּן דֶעם לויתן אוּן בהמות נָאךְ דֶעם פשוט פשט נָאךְ אוּן נִיט על פי דרש . דִיא וֶוערְטִיר וָואס שְׁטֵיין צוּ פְרִיר אוּן דִיא וָואס שְׁטֵיין דֶערְנָאךְ שְׁמוּסִין נִיט נָאךְ דֶעם שְׁטֵייגִיר נָאךְ פוּן אַיין דרש , נַייאִירְט פוּן פִיךְ אוּן פֵייגִיל גַאנְץ פשוט. נָאךְ רש״י נָאךְ זָאל דָאס גַאנְצִי שְׁטִיק אִין תהלים נ׳ אַזוֹ פֶערְשְׁטַאנִין וֶוערִין : „אִיךְ וִויל נִיט נֶעמִין קֵיין שְׁטִיר פוּן דַיין הויז אַרוֹיס , קֵיינִי בֶּעק פוּן דַיינִי שָׁאף שְׁטַאלְלִין אַרוֹיס : וָוארִין צוּ מִיר גִיהֶערִין אַלִי חיות פוּן דֶעם וַואלְד , בהמות אוֹיף טוֹיזִינְד בֶּערְג : אִיךְ קֶען אַלִי פֵייגִיל פוּן דִיא בֶּערְג וכו׳ . מֵילָא דָא וֶוערְט נוּן בהמות גִידַאכְט צְווִישִׁין באמת גִישַׁאפְּפִינִי חיות אוּן עופות וָואס זֵייא אַלִי קֶענִין גִיגֶעסִין וֶוערִין , אַזוֹ אַז עֶס אִיז אוּם מִיגְלִיךְ עֶס על פי דרש מפורש צוּ זַיין . דִיא דָאזִיגִי חיה פַּאסְט אוֹיךְ אִין אִיהְרִי גְרוֹסִיגְקַייט פַאר אַזוֹ אֵיינִי סעודה, עֶר וֵוייִדיט אָב טוֹיזִינְד בֶּערְג אִיטְלִיכִין טָאג. דָאס אִיז אוֹיךְ גִיוֶועזִין דִיא מֵיינוּנְג פוּן יונתן , וָוארִין אִין זַיין תרגום אוֹיף דֶעם פִינְפְצִיגְסְטִין קפיטל תהלים הָאט עֶר דֶעם צֶעהְנְטִין פסוק אַזוֹ מתרגם גִיוֶועזִין :

ארום דילי כל חיות חורשא ועתדת לצדיקיא בגן עדן בעיריא דכין ותור בר דרעי בבל יומא בטורין אלפא :

„וָוארִין צוּ מִיר גִיהֶערִין אַלִי חיות פוּן דֶעם וַואלְד , אוּן אִיךְ הָאב אָנְבִּירֵייט פַאר דִיא גִירֶעכְטִי אִין גן עדן רֵיינִי פִיךְ , אוּן דֶעם ווִילְדִין אוֹקְס , וָואס וֵויידִיט זִיךְ אִיטְלִיכִין טָאג אוֹיף טוֹיזִינְד בֶּערְג״ . אַלִי דִיא דָאזִיגִי בִּיצֵייגִינִיש (אוּן עֶס מֶעגְטִין נָאךְ פִילִי מֶעהר קֶענִין צוּ גִיגֶעבִין וֶוערִין) בִּיוַוייזִין קְלָאר אַז דִיא יוּדִין פַאר צֵייטִין הָאבִּין גִיהָאפְּפְט טַאקִיש גַאנְץ פשוט אוֹיף אַיינִי סעודה צוּ עֶסִין פוּן לויתן אוּן בהמות : אוּן וֶוען מִיר דֶערְמַאנִין דְרָאן אַז דֶער פירוש פוּן רש״י אִיז דֶער עֶרְשְׁטִיר וָואס וֶוערְט גִיגֶעבִין אִין דִיא הַאנְד אַרַיין פוּן דִיא יוּדִישִׁי יוּנְגְלִיךְ אִין דֶער גַאנְצִיר וֶועלְט , אוּן אַז עֶר וֶוערְט בכלל גִיהַאלְטִין שִׁיר , וֶוען נִיט גָאר אִין גַאנְצִין , פַאר אַיין פירוש וָואס אִיז ברוח הקודש גִימַאכְט גִיוָוארִין , אַזוֹ אִיז עֶס גְרִינְג זִיךְ צוּ דְרִינְגִין וָואס דִיא מֵיינוּנְג אִיז פוּן דִיא מֵייסְטִי יוּדִין אִין דֶער אִיצוּנְדִיגִיר צֵייט , מכח דִיא דָאזִיגִי סעודה . עֶס אִיז אמת דֶער רמב״ם זָאגְט אַז עֶס וֶועט נִיט זַיין קֵיין עֶסִין אוּן טְרִינְקִין אִין עולם הבא . עֶר זָאגְט ,

העולם הבא אין בו גוף וגויה אלא נפשות הצדיקים בלבד בלא גוף כמלאכי השרת הואיל ואין בו גויות אין בו לא אכילה ולא שתייה וגו׳ :

„אין עולם הבא איז ניט קיין גוף און קיין גויה, נייארט נור דיא זיילין פון דיא גירעכטי אן איין גוף, וויא דיא מלאכים וואס טהון בידינין. ווייל עס זענין דארט קייני גויות ניט, אזו איז אויך דארט ניט קיין עסין און קיין טרינקין" (הלכות תשובה פרק ח׳ ב׳). אביר דיא דאזיגי דעה איז גאר אליין, אזו וויא מאן קאן זעהין אוים השגת הראב״ד צו דעם זעלביגין שטיק, דער ראב״ד זאגט,

דברי האיש הזה בעיני קרובים למי שאומר אין תחיית המתים לגופות אלא נשמות בלבד והיי ראשי לא היה דעת חז״ל על זה

„דיא ווערטיר פון דעם דאזיגין מאן זענין אין מייני אויגין זייר נאהנט צו יעני פון דעם וואס זאגט אז צו דעם גוף איז קיין תחיית המתים ניט דא, נייארט צו דיא נשמה; און איך שווער ביי מיין לעבין אז דאס איז ניט גיוועזין דיא דעה פון אונזרי חכמים זכרונם לברכה„. עס איז אמת, דער רמב״ם זעלביר איז מודה אין זיין פירוש אויף משניות אז דיא מייסטי יודין האבין פערשידיני דעות גיהאט פון עולם הבא. ער רעכינט אוים דער נאך פינפירליא דעות, און איינע פון זייא איז, אז דענצומאל װעלין פון דיא ערד ארוים וואקסין פארטיג גימאכטי קליידיר און פארטיג גיבאקין ברוט; אביר אין איטליכי פון די פינף איז גוט עסין און טרינקין איין הויפט פונקט. פון דיא פינפטי כתה זאגט ער,

וכת המישית והם הרבה מחברים הענינים האלה כולם ואומרים כי התוחלת הוא שיבא המשיח ויחיה המתים ויכנסו לגן עדן ויאכלו שם וישתו ויהיו בריאים כל ימות עולם :

„און דיא פינפטי כתה (און זייא זענין פיל) ביהעפטין אלי דיא דאזיגי זאכין, און זאגין אז דיא האפפנונג איז, אז משיח וועט קומין און וועט לעבינדיג מאכין דיא טוטי און זייא ועלין איינגיזאממילט ווערין אין גן עדן אביין, און דארט וועלין זייא עסין און טרינקין און גיזונד זיין דיא גאנצי אייביגקייט" (סנהדרין דף ק״ט עמוד א׳). דאס זאגט נון דער רמב״ם איז דיא כלל האפפנונג גיוועזין פון דעם רוב, און דיא דאזיגי האפפנונג פאסט גינויא מיט דיא אובין גידאכטי דערציילונג פון דיא סעודה וואס זאל אנגביריייט ווערין פון לויתן און בהמות.

אַזוֹ הָאבִּין מִיר נוּן נִיט בְּלוֹס דָאס עדות פוּן דִיא בִּירוּהמְטִיסְטִי רבנים צוּ בִּיוַוייזִין אַזוֹ דִיא דָאזִיגִי סעוּדה אִיז נִיט אַיין דרש נֵייאִירְט נָאךְ דֶעם פשוּט פשט נָאךְ, נֵייאִירְט מִיר הָאבִּין נָאךְ שְׁטַארְקִירִין בִּיוַוייז דוּרְךְ דִיא כלל הָאפפְנוּנְגִין פוּן דֶעם פָאלְק וִויא דֶער רמב״ם הָאט זֵייא אוֹיס גִירֶעכִינְט. דַארוּם הָאט דוד לעווי גִיזָאלְט זָאגִין אַז עֶר הָאט זִיא פֶערְשְׁטַאנִין על פי דרש, אָבִּיר מִיר הָאבִּין גִיזֶעהִין אַז דָאס אִיז נִיט דִיא דעה פוּן דֶעם פָאלק אוֹיךְ נִיט פוּן דִיא בִּירוּהמְטִיסְטִי רבנים. דַארוּם הָאבִּין מִיר נוּן רֶעכְט צוּ זָאגִין אַז דִיא תּפלות פוּן בית הכנסת הַאלְטִין נִיט בְּלוֹס דִיא פַיינְדְשַׁאפְטְלִיכִי אוּם גִידוּלְדִיגְקֵייט פוּן דֶעם תּלמוּד פַאר הֵיילִיג, נֵייאִירְט זֵייא הַאלְטִין אוֹיךְ זַיינִי נַארִישִׁי דֶערְצֵייהלוּנְגִין פַאר אמת. דִיא מעשה פוּן דֶעם שְׁטַרֵייט צְווִישִׁין דֶעם לויתן אוּן בהמות, אוּן פוּן דִיא סעוּדה וָואס זָאל אָנְבִּירֵייט וֶוערִין פוּן זֵייאֶר פלייש אוּן פוּן דֶעם אַיינְגִיזַאלְצִינִין פלייש פוּן דִיא זִיא פוּן לויתן, דִיא דָאזִיגִי מעשה פַאר אֵיינִי נַארִישִׁי דֶערְצֵייהלוּנְג צוּ הַאלְטִין אִיז זִיכִירְלִיךְ נִיט אַקְיינְגִין גִירֶעכְטִיגְקֵייט אוּן עֶהרְלִיכְקֵייט. דוד לעווי הָאט זִיא קְלָאר פַאר אַזוֹ אֵיינִי גִיהַאלְטִין, אוּן דַארוּם הָאט עֶר זִיךְ גִיפְרֵייט דִיא אוֹיס רֵייד צוּ זָאגִין אַז זִיא אִיז אַיין דרש. אִין דִיא כתבי הקודש אִיז קֵיין אֵיינְצִיג וָוארְט נִיט פַארְהַאנְדִין פוּן טֵייטִין אוֹדִיר אַיינְזַאלְצִין דִיא זִיא פוּן לויתן, אוֹיךְ נִיט פוּן דֶעם גְרוֹסִין מָאגִין פוּן בהמות וָואס בְּרוֹיכְט טֶעגְלִיךְ טוֹיזֶענְד בֶּערג זִיךְ צוּ זֶעטִיגִין. דָאס אַלִיס אִיז דִיא בְּלוֹסִי אוֹיסְטְרַאכְטוּנְג פוּן דִיא רבנים. אוּן מִיר פְרֶעגִין דִיא יוּדִין אוֹבּ אַזֶעלְכִי דֶערְצֵייהלוּנְגִין פַּאססִין זִיךְ צוּ זַיין דִיא ענינים פוּן דִיא גִיבֶּעט אוֹדִיר לוֹבּ גִיזֶענְג פוּן דֶעם בית הכנסת, אוֹדִיר אוֹבּ זֵייא קֶענִין אַנְגִינֶעהם זַיין אִין דִיא אוֹיגִין פוּן דֶעם גָאט פוּן ישראל. דִיא יוּדִישִׁי גִיבֶּעט בִּיכִיר בְּלַייבִּין נָאךְ אוּם פֶערְעֶנְדִירְט, אוּן וֶוען דִיא יוּדִין וֶועלִין נִיט עֶפִּיס שְׁטַארְק דֶערְקֶעגִין טְהוּן, אַזוֹ וֶועט דִיא דֶערְצֵייהלוּנְג פוּן דֶעם לויתן אוּן בהמות גַאנְץ עֶרִינְצְט נָאךְ גִילֵיינְט וֶוערִין אִין דֶעם פַייאִיר טָאג פוּן שבועות. עֶס אִיז וַוייא צוּ דֶענְקִין אַז דָאס דָאזִיגִי פָאלְק, וָואס הָאט אַמָאל דֶערְהַאלְטִין דָאס לִיכְט פוּן גֶעטְלִיכִי וַואהרְהַייט צוּ דֶער לַייכְטִין דִיא וֶועלְט, זָאל נָאךְ בְּלַייבִּין אִין דֶער פִינְסְטִירְנִישׁ אוּן נַארִישְׁקֵייטִין פוּן דֶעם תּלמוּד. אוּן דָאךְ אִיז דָאס גָאר אָן שוּם ספק דֶער מעמד פוּן ישראל, אַזוֹ לַאנְג וִויא דֶער תּלמוּד וֶוערְט אִין זֵייאֶרִי עֶפפִינְטְלִיכִי גִיבֶּעט פַאר

געטליך

גֶעטְלִיךְ אמת גִיהַאלְטִין • עֶטְלִיכֶי מֶעגִין זָאגִין , אַז זַייא גְלוֹיבִּין נִיט אָן זַיינֶי נַארִישְׁקַייטִין אוּן לִיבִּין נִיט זַיינֶי פַיינְדְשַׁאפְטְלִיכֶי אוּם גִידוּלְדִיגְקַייט , אָבִּיר דָאס קָאן נִיט גִיזָאגְט וֶוערִין פוּן דֶעם רוב . בַּייא זַייאֶרִי עבודת אלהים בפרהסיא אִין דֶעם בית הכנסת זָאגִין זַייא נָאךְ אַרוֹיס דִיא קללות אוּן לֵיינִין דִיא דֶערְצֵייהלוּנְגִין פוּן דִיא תורה שבעל פה , אוּן אַזוֹ זֶענִין זַייא מודיע אִין דֶעם עֶרִינְנְצְטִיסְטִין שְׁטֵייגִיר וָואס קָאן נוּר זַיין , אַז דִיא אמונה פוּן דֶעם תלמוד אִיז דִיא אמונה פוּן דִיא קהילה . אַיין בְּלוֹסִים גְלוֹיבִּינְס בִּיקֶענְטְנִיש (הוראת אמונה) אִיז אַיין נִישְׁט אִין פֶערְגְלַייכוּנְג מִיט אֵיינֶי זָאלְכֶי בִּיקַאנְטְמַאכוּנְג וִויא דָאס אִיז . אַיין מֶענְשׁ קָאן קְטָאוּוִיס טְרַייבִּין מִיט מֶענְשִׁין , אָבִּיר אַרוֹיס גִיזָאגְטִי גִיפִיהל צוּ גָאט אִין גִיבֶּעט אוֹדִיר לוֹב מוּזִין מִיט רֶעכְט גִיהַאלְטִין וֶוערִין פַאר דֶעם לשון פוּן דֶעם הַארְץ .

וִויא פֶערְשִׁידִין אִיז דִיא לֶערְנוּנְג פוּן דֶעם ברית חדשה . אִין אִיהם זֶענִין אַלִי דִיא דָאזִיגִי אוּמְגִיהֵייאִירִי אוֹיס גִיטְרַאכְטִי דֶערְצֵייהלוּנְגִין אִין גַאנְצִין פֶערְשְׁמֶעהִיט ; אִין אִיהם אִיז אפילו קֵיין ווִינְק אוֹיף זַייא נִיט דָא . מחמד , וָואס הָאט בִּיקַאנְטְלִיךְ אֵיינֶי פַאלְשִׁי אמונה גִימַאכְט , עֶר הָאט נִיט וֵויינִיג פוּן דִיא דֶערְצֵייהלוּנְגִין פוּן דֶעם תלמוד אוֹיף גִינוּמִין אִין דֶעם קוֹרַאן אַרַיין . אָבִּיר דִיא תלמידים פוּן דֶעם ישוע הנוצרי , חָאטְשִׁי זַייא הָאבִּין גִילֶעבְּט אִין אֵיינֶי צַייט וֶוען דִיא בִּישִׁיצִירְס פוּן דִיא דָאזִיגִי אוֹיס גִיטְרַאכְטִי דֶערְצֵייהלוּנְגִין הָאבִּין מַאכְט גִיהַאט , זֶענִין גָאר אִין גַאנְצִין בִּיהִיט גִיבְּלִיבִּין פַאר זָאלְכִי טפשות . זַייא הָאבִּין נִיט אִיבִּיר גִילָאזְט קֵיינֶי זָאלְכֶי פֶערְדְרֵייהְטִי כברה פוּן דִיא מעשים פוּן גָאט אִין דֶער בִּישַׁאפְפוּנְג , אוֹיךְ נִיט פוּן דִיא פְרֵייד וָואס עֶר הָאט אָנְבִּירֵייט פַאר זַיין פָאלְק אִין אֵייבִּיגְקַייט . זַייאֶרִי לֶערְנוּנְג אִיז , אַז „אַלִי וֶוערְק פוּן גָאט זֶענִין צוּ אִים בִּיקֶענְט פוּן אֵייבִּיג אָן“ (גִישִׁיכְטִי פוּן דִיא אפוסטילס ט״ו פסוק י״ח) . „עֶר אִיז דֶער פָאטִיר פוּן לִיכְט , וָואס עֶס אִיז בַּייא אִים נִיט פַר הַאנְדִין קֵיין פַר עֶנְדִירוּנְג אוּן נִיט קֵיין שָׁאטִין פוּן פַר וֶועקְסְלוּנְג“ (יעקב א׳ פסוק י״ז) . זַייא גֶעבִּין אוּנְס אוֹיךְ אֵיינֶי דֶערְצֵייהלוּנְג פוּן דִיא גְלִיקְלִיכְקַייט פוּן דִיא גִיבֶּענְשְׁטִי (זֶעלִיגִי) , אָבִּיר אֵיינֶי סעודה פוּן לויתן אוֹדִיר בהמות אִיז דְרִינִין גָאר נִיט גִידַאכְט . „זֶעה דָאס משכן פוּן גָאט אִיז מִיט דִיא מֶענְטְשִׁין , אוּן עֶר וֶועט מִיט זַייא וואוֹנִין , אוּן זַייא וֶועלִין זַיין זַיין פָאלְק , אוּן גָאט זֶעלְבְּסְט וֶועט מִיט זַייא זַיין , אוּן וֶועט זַיין זַייעֶר גָאט : אוּן גָאט וֶועט אָבּ ווִישִׁין אַלִי טְרֶערִין פוּן זַייאֶרִי אוֹיגִין ; אוּן

עֶס װעט נִיט מֶעהר זַיין קַיין טױט, און נִיט קַיין קְלַאג, און נִיט קַיין גִישְׁרַייא, און עֶס װעט נִיט מֶעהר זַיין קַיין טְרױער; װָארִין דִיא עֶרְשְׁטִי זַאכִין זֶענִין פַאר בַּייא גִיגַאנְגֶען". (דִיא אַנְפְּלֶעקוּנְג פוּן יוהנן כ"א פסוק ג׳ וד׳). „גִילִיבְּטִי, אַצוּנְד זֶענִין מִיר דִיא קִינְדִיר פוּן גָאט, און עֶס אִיז נָאךְ נִיט אַנְטְפְּלֶעקְט װָאס מִיר װֶעלִין זַיין; אָבֶּר מִיר װיסְן אַז װֶען עֶר װֶעט אַנְטְפְּלֶעקְט װֶערִין אַזוֹ װֶעלִין מִיר גְלַייךְ זַיין צוּ אִים, װָארִין מִיר װֶעלִין אִים זֶעהִין אַזוֹ װִיא עֶר אִיז" (א׳ יוחנן ג׳ פסוק ב׳). דִיא דָאזִיגִי זֶענִין דִיא הָאפְּנוּנְגִין און דֶערְוַוארְטוּנְגִין װָאס יֶענִי זַאמְלוּנְג פוּן יוּדִין װָאס הָאבִּין פֶערְשְׁמֶעהְט דִיא תורה שבעל פה, הָאבִּין אוּנְס גִילֶערְנְט צוּ דֶערְהַאלְטִין און צוּ לִיבִּין. יוֹא, בְּרִידִיר פוּן דֶעם הױז גִיזִינְד פוּן ישראל, אוּנְזֶרִי הָאפְּנוּנְג אִיז אִין גַאנְצִין יוּדִייש. מִיר מֵיינִין נִיט אַרױף צוּ לֵייגִין אוֹיף „דֶעם פָאלְק פוּן אֵייגִינְטוּם (סגולה) פוּן גָאט" דִיא נַארִישְׁקַייט פוּן דֶעם תלמוד. אַיין טְהֵייל פוּן דֶעם פָאלְק הָאבִּין פֶערְלָאזְט דָאס רֵיינִי װָארְט פוּן גָאט און הָאבִּין אָנְגִינוּמִין דִיא לֶערְנוּנְג פוּן אֵיינִי תורה שבעל פה. דֶער פוּן אִיז נַאטִירְלִיךְ אַרױס גִיקוּמִין אַז זֵייא זֶענִין אַלִי מָאל װַייטִיר און װַייטִיר אִין טעות אַרַיין, און אַלִי װָאס פָאלְגִין זֵייא בְּלַייבִּין דְרִינִין. אָבִּיר מִיר פֶערְגֶעסִין קַיין מָאל נִיט אַז עֶס אִיז גִיװֶעזִין אַיין אַנְדִירִיר טְהֵייל פוּן דֶעם יוּדִישִׁין פָאלְק װָאס הָאבִּין אוּנְס גִילֶערְנְט צוּ דִינִין דֶעם װַאהְרְהַאפְטִיגִין און לֶעבִּינְדִיגִין גָאט. אוּנְזֶר אֵיינְצִיגִיר װִינְטְש אִיז, אַז אִיהר זָאלְט פֶערְלָאזִין יוּדִישִׁין טעות, און זָאלְט אָנְנֶעמִין יוּדִישִׁין אמת.

---

# נתיבות עולם

## עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז

### דיא אלטי שטעגין.

---

## נומר י״ח

---

אז דיא קבלה רייד פון דיא בעלי התלמוד זענין אנגיפילט מיט דיא נארישסטי און אום גלייבליכסטי דערצייהלונגין איז אייני וואוהל ביקאנטי זאך. אביר וועז איין תלמוד גלייביגיר הערט אז אייני פון דיא דאזיגי ווערט אוים גיוויזין פאר איין ביוועיז אז דיא תורה שבעל פה איז ניט פון גאט, אזו האט ער דרויף איין פארטיגין תירוץ. עס איז איין דרש, און האט אין זיך חכמה זייר טיף און אין סודות. אוים דיא גידרוקטי ביכיר אין יודיש טייטש פאר דיא ווייביר און פראסטקים, אין וועלכי דיא דאזיגי אוים טראכטונגין שטיין דערצייהלט וויא גאנץ ווארהאפטיגי מעשות, אוים דיא דאזיגי ביכיר קאן עס זייר גרינג גיוויזין ווערין, אז דאס איז אייני בלוסי אוים רייד. אביר מיר האבין אנדירן ביוועיז וואס קאן ניט אב גישטריטין ווערין. דער סדר תפלות אין בית הכנסת ווייזט אויף פילי וויא אויף אמת גילטיגי מעשות, און מיר מעכטין קיינים ניט גלויבין וואס מעכט זיך אונטירשטיין צו זאגין, אז דיא וואס גלויבין אן דיא רייד פון דיא רבנים זאגין מיט זייערי ליפפין אין גיבעט דאס וואס זייא גלויבין ניט אין זייער הארץ. אין דיא גיבעט פון שבועות, פון וועלכי מיר האבין שון מזכיר גיוועזין, גיפינין מיר אייני הינווייזונג אויף אייני דערצייהלונג פון אדם הראשון,

תכלית כל פועל רום ותחתונים. שביעי לימים הנמנים. ראשון למקראי זמנים. קדוש לאדוני האדונים. צבי קודש שבת שאננים. פדה מדין יציר מלפנים. ענתה שירה וכפרה פנים.

„וואס דוד לעווי איבירזעטצט אזו, „ער (דער טאג פון שבת) איז דאס ענד פון אלי ווערק אובין און אונטין; ער איז גירעכינט דער זיבינטיר צווישין דיא טעג; דיא ערשטי צוזאממין רופונג פון צייטין; היילג צו דעם הערר פון הערשארין; איין הערליכיר הייליגיר שבת צו דיא וואס

רוּהִין אָן אִיהם, עֶר הָאט דֶערְלֵייזְט דֶעם צוּעֶרְשְׁט בְּישַׁאפְּפִינְין מֶענְש פוּן גִירִיכְט, עֶר הָאט גִיזוּנְגִין אֵיין גְיזַאנְג, אוּן הָאט גִישְׁטִילְלְט דֶעם צָארְן פוּן גָאט (דף פ״א). דָא וֶוערְט הִינְגִיוִויזִין אוֹיף צְווֵייא וִויכְטִיגֵי סִיבּוֹת וָואס משה הָאט זֵייא נִיט גִידַאכְט. עֶרְשְׁטִינְס, אַז דֶער שבת הָאט אוּים דֶערְלֵייזְט אדם הראשון פוּן גִירִיכְט, אוּן צְוֵוייטִינְס, אַז זַיין גְיזַאנְג הָאט גִישְׁטִילְלְט דֶעם צָארְן פוּן גָאט. זֵייא גִיפִינְין זִיךְ אִין דִיא קבלה בֵּייד פוּן דִיא רבנים גַאנְץ אוּים פִּיהְרְלִיךְ אוּן וֶוערִין אַזוֹ דֶערְצֵייהְלְט:

בשבע שעות ביום בערב שבת נכנס אדם הראשון בגן עדן והיו מלאכי השרת מקלסין אותו ומכניסין אותו לגן עדן ובין השמשות בערב שבת גורש ויצא והיו מלאכי השרת קוראין עליו ואומרין אדם ביקר בל ילין נמשל כבהמות נדמו כבהמה נדמה אין כתיב אלא כבהמות נדמו, שניהם. בא יום השבת ונעשה סניגור לאדם הראשון אמר לפניו רבון העולמים בששת ימי המעשה לא נהרג הרג בעולם ובי אתה מתחיל זו היא קדושתי וזו היא ברכתי שנאמר ויברך אלהים את יום השביעי ויקדש אותו ובזכות יום השבת ניצל אדם מדינה של גיהנם וראה אדם כחה של שבת אמר לא להנם ברך הקב״ה את השבת וקדש אותו התחיל משורר ומזמר ליום השבת שנאמר מזמור שיר ליום השבת. רבי ישמעאל אומר המזמור הזה אדם הראשון אמרו ונשכח בכל הדורות עד שבא משה וחדשו וגו׳.

„אִין דֶער זִיבִּינְטִיר שעה פוּן דֶעם טָאג אָן ערב שבת אִיז אדם הראשון אַבֵיין גִיפִיהְרְט גִיוָוארִין אִין גן עדן; אוּן דִיא מלאכים וָואס טְהוּן בִּידִינְין הָאבִּין אִיהם גִילוֹבְּט אוּן אַבֵיין גִיפִיהְרְט אִין גן עדן. אָבִּיר בֵּין השמשות אָן ערב שבת אִיז עֶר אַרוֹיס גִיטְרִיבִּין גִיוָוארִין אוּן אִיז אַרוֹיס גִיגַאנְגִין, אוּן דִיא מלאכים וָואס טְהוּן בִּידִינְין הָאבִּין גִירוּפִין צוּ אִיהם אוּן גִיזָאגְט, ״אדם וֶועט אִין דֶער הֶערְלִיכְקַייט נִיט בְּלַייבִּין, עֶר אִיז גְלַייךְ אַזוֹ וִויא דִיא בהמות וָואס קוּמִין אוּם„. עֶס אִיז נִיט גִישְׁרִיבִּין, ״גְלַייךְ אַזוֹ וִויא אֵיינֵי בהמה וָואס קוּמְט אוּם״, בַּייאִירְט ״אַזוֹ וִויא דִיא בהמות וָואס קוּמִין אוּם״, דָאס הֵייסְט, זֵייא בֵּיידִי. דֶער טָאג פוּן שבת אִיז גִיקוּמִין, אוּן אִיז גִיוָוארִין פִירְשְׁפְּרֶעכִיר פַאר אדם הראשון. עֶר הָאט גִיזָאגְט צוּ פַאר גָאט, הֶערר פוּן דֶער וֶועלְט, אִין דִיא זֶעקְס טֶעג פוּן דִיא בִּישַׁאפְפוּנְג אִיז נִישְׁט אִין דֶער וֶועלְט דֶערְשְׁלָאגִין גִיוָוארִין, אוּן ווִילְסְט דוּ אַנְפַאנְגִין מִיט מִיר. אִיז דָאס מַיינֵי הֵיילִיגוּנְג, אִיז דָאס מַיינֵי בֶּענְשׁוּנְג, וִויא עֶס

איז

איז גיזאָגט, "און אלהים האָט גיבּענשט דעם זיבּינטין טאָג, און ער האָט איהם גיהייליגט". בּארום אין דעם זכות פון דעם טאָג פון שבת איז אדם בּישערמט גיוואָרין פון דעם גיריכט פון גהינם, און ווען אדם האָט גיזעהין דיא קראַפט פון שבת, האָט ער גיזאָגט, נישט אום זונסט האָט הקדוש ב"ה גיבּענשט דעם שבת און האָט איהם גיהייליגט, ער האָט אָנגיהויבּין צו זינגין און צו לויבּין צו דעם טאָג פון שבת, וויא עס איז גיזאָגט, "איין גיזאַנג ליד פאַר דעם טאָג פון שבת" (תהלים צ"ב א'). רבי ישמעאל זאָגט, דעם דאָזיגין מזמור האָט אדם הראשון גיזאָגט, אָבּיר ער איז פערגעסין גיוואָרין אין אַלי דורות, בּיס אַז משה איז גיקומין און האָט איהם דערנייאט" (פרקי אליעזר דף י"ג עמוד ג'). דער ילקוט שמעוני דער צייהלט בעצם דיא זעלבּיגי מעשה, חוץ אַז ווען אדם האָט גיזאָגט "איין גיזאַנג ליד פאַר דעם טאָג פון שבת", אַזוי האָט איהם דער שבת אָנגישריגין און האָט גיזאָגט, "זינגסט דו לידיר צו מיר. קום און לאָזין מיר בּיידי זינגין לידיר צו הקדוש ב"ה, "עס איז גוט צו לויבּין צו יהוה" (תהלים צ"ב ב'). דאָס איז דאָס דיא מעשה וואָס דאָס גיבּעט בוך פון בית הכנסת דערקלערט פאַר גילטיג אמת. דערדורך אַז עס מישט אַריין אין דיא רייד צו דעם גאָט פון ישראל דיא אויבּין גיבּראַכטי ווערטיר וועגין דעם שבת, "ער האָט דערלייזט צו דעם צוערשט בּישאַפּינין מענש פון גיריכט; ער האָט גיזונגין איין גיזאַנג און האָט גישטילט דעם צאָרן פון גאָט". פון אָנהויבּ בּיס צום סוף האָט זיא אָן זיך דיא סימנים פון שקר. זיא שטעלט פאָר פאַלש דעם בּאַרמהערציגין שטייגיר פון גאָט ב"ה, גלייך אַז ווען ער וואָלט אדם פערטילגט, ווען עס וואָלט ניט גיוועזין דער טאָג פון שבת. זיא גיבּט איין שטיק זכות צו אדם, וואָס ער האָט זיך שולדיג גימאַכט און איז גאָר אָן אויס רייד אַזוי שטאַרק כפוי טובה גיוועזין קייגין גאָט וואָס האָט איהם אַזוי פיל גוטס גיטהאָן. און זיא איז פּראָסטי סותר דיא דערצייהלונג פון משה וואָס זאָגט אַז דיא פבייאוויליגי גרויסי גנאָד פון גאָט איז דער טעם גיוועזין פון דיא גישענקטי בּאַרמהערציגקייט. חוץ דעם אַלים איז עס גאַנץ נאַריש צו דענקין, אַז אדם, ערשט אַרויס גיטריבּין אויס דעם גן עדן פאַר זייני ווידירשפּעניגקייט, מיט דיא קללה פון דעם אַללמעכטיגין אויף איהם, גישטאָכין מיט דיא שטעך פון איין שולדיג גיוויסין, און אין גאַנצין אין דעם גיוואַלטיגין איבּיר גאַנג אויס דעם מעמד פון אום שטערבּליכקייט אין דעם מעמד אַריין פון פערדערבּונג—עס איז גאַנץ נאַריש צו דענקין

אַז עֶר הָאט דֶענְצוּמָאל גִיקָאנְט טוּגִין זִיךְ אַנִידִיר צוּ זֶעצִין אוּן אֵיין שִׁיר צוּ מַאכִין. באמת דִיא רבנים זֶעלְבִּיר הָאבִּין דֶער דָאזִיגִיר מעשה נִיט אִיבִּיר גִילָאזְט אֵיין עֶרְלִיךְ אוּיס זֶעהִינִישׁ פוּן נאמנות, וָוארִין אוּיף דֶעם זֶעלְבִּיגִין דף פוּן דֶעם ילקוט וָואס דָארְט שְׁטֵייט דֶערְצֵייהֶלְט וֶוען דֶער מזמור תהלים צ״ב אִיז אַרוּיס גִיקוּמִין, טַאקִישׁ דָארְט שְׁטֵייט ווִידִיר אַז בַּייא אֵיינִי אַנְדִירִי פּוּנְקְט אַזוֹ וַואהרְהַאפְטִיגִי מעשה אִין דֶעם לֶעבִּין פוּן אדם אִיז דֶער דָאזִיגִיר מזמור גִימַאכְט גִיוָוארִין.

אמר רבי לוי המזמור הזה אדם הראשון אמרו פגע אדם הראשון בקין אמר ליה מה נעשה בדינך אמר ליה עשיתי תשובה ונתפשרתי התחיל אדם הראשון מטפח על פניו אמר כך הוא גדול כחה של תשובה ולא הייתי יודע מיד עמד אדם הראשון ואמר מזמור.

„רבי לוי זָאגְט, דֶעם דָאזִיגִין מִזמור הָאט אדם הראשון גִיזָאגְט. אדם הראשון הָאט בִּיגֶעגִינְט קין, אוּן הָאט צוּ אִיהם גִיזָאגְט, וָואס אִיז גִיטָהאן גִיוָוארִין אִין דַיין גִירִיכְט. עֶר הָאט גִיעֶנְטְפִירְט, אִיךְ הָאבּ תשובה גִיטָהאן אוּן בִּין פֶערְזֶעהנְט גִיוָוארִין. אדם הראשון הָאט אָנְגִיהוֹיבִּין צוּ שְׁלָאגִין זַיין פנים מִיט זַיינִי הֶאנְד אוּן הָאט גִיזָאגְט, אַזוֹ גְרוֹס אִיז דִיא קְרַאפְט פוּן תשובה אוּן אִיךְ הָאבּ עֶס נִיט גִיוואוּסְט. בַּאלְד אִיז אדם הראשון אוּיף גִישְׁטַאנִין אוּן הָאט גִיזָאגְט דֶעם דָאזִיגִין מזמור״.
מֵילָא נָאךְ דִיא ווייזוּנְג נָאךְ פוּן דִיא קבלה רֵייד זֶעלְבִּיר אִיז דִיא דָאזִיגִי דֶערְצֵייהלוּנְג אַיין שקר וִויא זִיא שְׁטֵייט אַרַיין גִינוּמִין אִין דִיא גִיבֶּעט פוּן בית הכנסת. קָאן דָאס זַיין אַיין וואוֹהל גִיפֶעלְלִיגִי עבודת אלהים? אִיז דָאס אֵיינִי פֶערְשְׁטֶענְדִיגִי עבודת אלהים? אִיז דִיא דָאזִיגִי אוּיס גִיטְרַאכְטִי דֶערְצֵייהלוּנְג זֶעלְבִּיר, אִין אִיטְלִיכִים פוּן אִיהרִי חלקים בִּיזוּנְדִיר, אִיז זִיא אַיין כבוד פַאר דֶעם גְרוֹסִין פָאלְק, וָואס הָאט מקבל גִיוֶועזִין דִיא תורה פוּן גָאט בַּייא דֶעם בֶּערְג סיני? דָאס אִיז דִיא אמונה פוּן דִיא כהנים גדולים אוּן פרושים וָואס הָאבִּין נִיט גִיוָואלְט גְלוֹיבִּין אָן ישוע הנוצרי, אוּן דָאס אִיז דִיא חכמה פוּן יֶענִי וָואס הָאבִּין אִיהם דן גִיוֶועזִין, אוּן דָאס גִיבְּט אוֹיךְ גַאנְץ דֶעם אוּיס וַוייז פַאר זֵייאֶרִי אוּיף פִיהרוּנְג. מֶענְשִׁין, וָואס הָאבִּין אַרוּיס גִילָאזְט זֵייאֶר כח האדמה אִין שְׁמָאנְצֶעס אוּן אוּיס גִיטְרַאכְטִי מעשות אַרַיין, הָאבִּין מן הסתם נִיט גִיקָאנְט לִיבּ הָאבִּין דִיא עֶרִינְצְטִי וַואהרְהַייט וָואס ישוע אוּן זַיינִי תלמידים הָאבִּין אַיינְגִישַׁארְפְט. זֵייאֶר בִּיגֶעהר אִיז פֶערְדָארְבִּין גִיוָוארִין, אוּן זֵייא זֶענִין

נִיט

ניט צופרידין געוועזין מיט דיא ניט גיקונצילטי דערציהלונג פון משה. זייא האבין פערלורין דעם גאנצין גישמאק צו דיא פשוטי הערליכקייט פון דיא „רייד פון גאט". מיר בירופין זיך אויף דיא נאטירליכי פערשטענדיגקייט און ניט פערפעלשטי גיפיהל פון איטליכין יוד מיט גיזונדין שכל און פרעגין אוב עס איז ניט איין טרויריגיר אנבליק צו זעהין וויא דיא חכמים פון ישראל טרייבין אזו קטאוויס מיט דיא זינד פון אדם הראשון, מיט דעם דאזיגין בייז ביגעגניש וואס אלל אונזער וויא קומט דער פון ארוים. גאנץ פערשידין זענין דיא רייד וויא דער ברית חדשה שמוסט דער פון, און פון דעם שטייגיר פון גאט דערבייא. „דארום אזו וויא דיא זינד איז גיקומין אין דער וועלט אריין דורך איין מענטש, און דער טוט דורך דר זינד, און אזו איז דר טוט איבר אלי מענטשין גיקומין, ווייל אלי האבין גיזינדיגט: וארין זינד איז אין דר וועלט גוועזין ביז צום גיזעץ. אביר וויא קיין גיזעץ איז ניט פר האנדין דא ווערט דיא זינד ניט גירעכינט: און דער טוט האט גיהערשט פון אדם ביז משה, אויך איבר דיא וואס האבין ניט גיזינדיגט אין דר גישטאלט פון דר זינד פון אדם, וואס איז איין בילד פון דעם וואס האט גיזאלט קומין: אבער עס איז ניט אזו מיט דר גאב וויא מיט דר זינד. ווארין ווען פילי זענין גישטארבין דורך דר זינד פון איינם פיל מער האט דיא גינאד פון גאט און דיא גאב דורך דר גינאד וואס איז בייא איין מענטש יעזוס קריסטוס זיך גימערט קעגין פילי" (רומיים ה' פסוק י"ב ביס ט"ו). אביר וואס אויך דיא יודין מעגין דענקין פון דיא רייד פון דעם ברית חדשה, מיר האבין דא גיוויזין אז זייער סדר תפלות האט אין זיך איינע נארישי אויסגיטראכטי דערציהלונג, ארוים גיבארגט פון פארצייטיגי קבלה דורות און זיא בלייבט דרינין ביס דעם דאזיגין טאג. אביר, נעביך, דאס שטיק פון דעם גיבעט באלד נאך יענים וואס מיר האבין מזכיר געוועזין, האט אין זיך ווידיר צווייא אנדירי.

סיומה לאות ולעד בין אב לבנים. נצור יציאותיה כהורו נבונים. משא בלי להוציא מבפנים. למהלליה דנים. כרת ורגימת אבנים. ידועה היא לך במן מימים קדמונים. טעמו לא רד ממעונים. חוברי אוב בה לא נענים. זכור כי בה ישבות צפונים.

„ער (דער שבת) איז ביצייכינט פאר איין צייכין און איין צייגניש צווישין דעם הימלישין פאטיר און זייני קינדיר: היט זייני אוים ציהונגין, אזו

וויא עֶס אִיז גִילֶערְנְט גִיוָוארֶען דוּרְךְ דִיא פֶערְשְׁטֶענְדִיגֶע מֶענֶער, נִיט אַרוֹיס צוּ בְּרֶענְגֶען אֵיינֶע לַאסְט פוּן אִינְוֵוענִיג אַרוֹיס; דֶער טוֹט אִיז אַרוֹיס גִיזָאגְט קֵיינֶען דִיא וָואס פֶערְשְׁוֶועכֶען אִיהם, עֶנְטְוֶועדֶער דוּרְךְ פֶערְשְׁנַיידוּנְג אָדֶער גִישְׁטֵיינִיגְט מִיט שְׁטֵיינֶער; דוּרְךְ דֶעם מַן אִיז עֶר ווֹאוֹהל בְּיֶקַאנְט גִיוֶועזֶען צוּ דִיר אִין אַלְטֶע צַייטֶען, וָוארִין אָן שבת אִיז דִיא דָאזִיגֶע שְׁפַּייז נִיט אַרָאבּ גִינִידֶערְט; דִיא פָארְשִׁירֶם צוּ טוֹטֶע הָאבֶּען קֵיינֶע עֶנְטְפֶער נִיט גִיקְרִיגֶען אָן אִיהם; גִידֶענְק אַז אָן אִיהם רוּהט דֶער אוּם בִּיגְרַייפְלִיכֶער טַייךְ". צְווִישֶׁען דִיא אַנְדֶערְלֵייא כבוד פוּן דֶעם טָאג פוּן שבת אוּן דִיא אַנְדֶערֶע צֵייגֶענִיש צוּ זַיינֶע הֵיילִיגְקַייט דֶערְצֵייהלְט דָאס דָאזִיגֶע גִיבֶּעט צְווֵייא ווֶאוּנְדֶער. דָאס אֵיינֶע, אַז פָארְשִׁירֶם צוּ טוֹטֶע הָאבֶּען נִיט גִיקָאנְט דִיא גִישְׁטָארְבֶּענֶע אַרוֹיף בְּרֶענְגֶען אָן דֶעם דָאזִיגֶען טָאג; דָאס אַנְדֶערֶע, אַז דֶער טַייךְ סמבטיון רוּהט אָן דֶעם שבת פוּן אִיטְלִיכֶע וָואךְ. דָאס עֶרְשְׁטֶע פוּן דִיא דָאזִיגֶע ווֶאוּנְדֶער הָאט דוד לעווי גִילָאזְט אָן הערה אָדֶער דֶערְקְלֶערוּנְג. עֶר הָאט אפשר גִידַאכְט אַז עֶס מֶעכְט זִיךְ נִיט לָאזֶען טְהוּן אוֹיף עֶנְגְלִישׁ. אָבֶּער צוּ דֶעם צְווֵייטֶען, דִיא רוּהוּנְג פוּן "דֶעם אוּם בִּיגְרַייפְלִיכֶען טַייךְ *" הָאט עֶר צוּ גִיגֶעבֶּען דִיא דָאזִיגֶע הערה.

" *דָאס בִּיטַייט דֶעם בָּאךְ סמבטיון, מַאן זָאגְט אַז עֶר רוּהט אָן שבת אוּן וַוארְפְט נִיט אַרוֹיף שְׁטֵיינֶער, וכו', וָואס עֶר טְהוּט דִיא גַאנְצֶע וָואךְ. זֶעה סנהדרין דף ס"ה עמוד ב'; ילקוט אוֹיף ישעיה, דף נ"ב עמוד א'; פסיקתא, תנחומא פרשת כי תשא. זֶעה אוֹיךְ שלשלת הקבלה, אוּן יוחסין".

אַזוֹ אִיז דוד לעווי זֶעלְבֶּער מודה, אַז דָא אִיז קֵיין דרש נִיט גִימֵיינְט, נַייאֶרְט אַז דִיא יוּדֶען גְלוֹיבֶּען טַאקִיש אַז עֶס אִיז פַארְהַאנְדֶען אַיין טַייךְ וָואס וַוארְפְט אַרוֹיף שְׁטֵיינֶער דִיא גַאנְצֶע וָואךְ, אוּן רוּהט אָן דֶעם טָאג פוּן שבת. פִיל אוּן פֶערְשִׁידֶען זֶענֶען דִיא דֶערְצֵייהלוּנְגֶען וָואס דִיא רבנים גֶעבֶּען פוּן אִיהם, אָבֶּער מִיר וֶועלֶען דָא נוּר שְׁמוּסֶען פוּן אֵיינֶע אָדֶער אַנְדֶערֶע וָואס דוד לעווי הָאט זַייא מזכיר גִיוֶועזֶען, וָואס דֶערְקְלֶערֶען אוֹיךְ דֶעם ענין פוּן דִיא פָארְשִׁירֶם צוּ טוֹטֶע.

ואף שאלה זו שאל טורנוסרופוס הרשע את ר"ע אמר לו ומה יום מיומים אמר לו ומה גבר מגוברין א"ל דמרי צבי שבת נמי דמרי צבי אמר ליה הכי קאמינא לך מי יימר דהאידנא שבתא אמר לו נהר

כמבטיון

סמבטיון יוכיח בעל אוב יוכיח קברו של אביו יוכיח שאין מעלה עשן בשבת .

„טורנוס רופוס דער רשע האט אויך דיא דאזיגי שאלה גיפרעגט דעם ר׳ עקיבא , ער האט צו איהם גיזאגט , פאר וואס איז דר טאג (פון שבת) בעססיר פון אנדירי טעג . ער האט איהם גיענטפירט , און פאר וואס (ביסט דו) מענש גרעסיר פון אנדירי מענשין . ער (טורנוס רופוס) האט איהם גיזאגט : ווייל מיין הערר וויללט עס האבין . (דער ר׳ עקיבא האט גיזאגט :) שבת אויך אזו , ווארין מיין הערר (גאט) וויל עס האבין . ער (טורנוס רופוס) האט צו איהם גיזאגט : איך זאג דיר אזו , ווער וועט אוים ווייזין אז היינט איז שבת . ער (דער רבי עקיבא) האט צו איהם גיזאגט ; דער טייך סמבטיון וועט דאס בעווייזין ; איין פארשיר צו טוטי וועט דאס בעווייזין ; דאס בעגרעבניש פון דיין פאטיר וועט דאס בעווייזין ווארין עס גייט דער פון קיין רויך ניט ארוים אן שבת״ (מסכת סנהדרין דף ס״ה עמוד ב׳) . אין זיין פירוש אויף דעם דאזיגין שטיק זאגט רש״י פון דעם סמבטיון ,

נהר אחד של אבנים ובכל ימות השבת שוטף והולך וביום השבת שוקט ונח .

„דער סמבטיון איז איין טייך פון שטייניר , און אין אלי טעג פון דער וואך גייט ער פליסינדיג , אביר אן דעם טאג פון שבת איז ער שטילל און רוהיג״ . ער איז אונס אויך מפורש וואס איז גימיינט דערמיט אז עס גייט קיין רויך ניט ארוים פון דעם בעגרעבניש אן שבת , אין זיין פירוש זאגט ער ,

קברו של אביו דטורנוסרופוס כל ימות השנה היה מעלה עשן שהיה נדון ונשרף ובשבת פושעי גיהנם שובתין .

„אין אלי טעג פון דעם יאהר איז איין רויך ארוים גיגאנגין פון דעם בעגרעבניש פון דעם פאטיר פון טורנוס רופוס ווארין ער איז גימשפט און גיברענט גיווארין , אביר אן שבת האבין דיא רשעים אין גיהנם רוהה״ . אוב טורנוס רופוס האט גיזעהין דעם רויך אודיר ניט , דערציילט אונס דער תלמוד ניט , אביר דער בראשית רבה , איין אנדיר ספר פון דערגלייכין נאמנות אין אזעלכי מעשות , דערציילט אונס דיא מעשה אביסיל אויספיהרליכיר , און עס איז אונס מודיע אז ער איז ניט צו

פרידין

פְרִידִין גִיוֶועזִין מִיט דֶעם בְּיַוייז פוּן דֶעם טַייךְ סמבטיון. דַארוּם הָאט אִיהם ר׳ עקיבא דִיא עצה גִיגֶעבִּין אַז עֶר זָאל אַרוֹיף רוּפִין זַיין פָאטִיר פוּן דִיא טוֹטִי אָן שבת אוּן אָן אַנְדִירִי טֶעג, אוּן אַז דִיא דָאזִיגִי פְּרוּף וֶועט אִיהם אוֹיס וַוייזִין דֶעם אמת. דַארוֹיף אִיז טורנוס רופוס בְּיִשְׁטַאנִין, אוּן דָאס וָואס הָאט זִיךְ דֶערְגָאךְ גִיטָהאן שְׁטֵייט אַזוֹ דֶערְצֵייהֶלְט;

וסלק כל יומא דשבתא. ובשבתא לא סלק. בחד שבתא אסקיה אמר ליה אבא מן דמיתת איתעבדית יהודי אתמהא. מפני מה עלית כל ימות השבת ושבת לא עלית. א"ל כל מי שאינו משמר את השבת אצלכם ברצונו. כאן הוא משמר אותו בעל כרחו. אמר לו וכי עמל יש לכם שאתם עמלים כל ימות השבת. ובשבת אתם נוחין. אמר לו כל ימות השבת אנו נידונין. ובשבת אנו נוחין.

„אוּן עֶר (זַיין פָאטִיר) אִיז אַרוֹיף גִיקוּמִין אִיטְלִיכִין טָאג אִין דֶער וָואךְ, אָבִּיר אָן שבת אִיז עֶר נִיט אַרוֹיף גִיקוּמִין. אָן דֶעם עֶרְשְׁטִין טָאג פוּן דֶער וָואךְ הָאט עֶר אִיהם וִוידִיר אַרוֹיף גִיבְּרַאכְט אוּן הָאט צוּ אִיהם גִיזָאגְט, פָאטִיר בִּיסְט דוּ אַיין יוּד גִיוָוארִין זַייט דוּ בִּיסְט גִישְׁטָארְבִּין, אִיךְ וואוּנְדִיר מִיךְ, פַאר וָואס בִּיסְט דוּ אַרוֹיף גִיקוּמִין אָן אַלִי טֶעג פוּן דֶער וָואךְ, אָבִּיר אָן שבת בִּיסְט דוּ נִיט אַרוֹיף גִיקוּמִין. עֶר (דֶער פַאטִיר) הָאט אִיהם גִיעֶנְטְפִירְט, וֶוער עֶס וִוילל נִיט שבת הַאלְטִין בַּייא אַייךְ פְרַייאוִוילְלִיג, דֶער מוּז אִיהם דָא הַאלְטִין מִיט גִיוַואלְט. עֶר (דֶער זוּהן) הָאט צוּ אִיהם גִיזָאגְט, הָאבְּט אִיהר דֶען אַרְבֵּייט וָואס אִיהר אַרְבֵּייטִיט אָן אַלִי טֶעג פוּן דֶער וָואךְ אוּן אָן שבת רוּהט אִיהר. עֶר (דֶער פַאטִיר) הָאט אִיהם גִיעֶנְטְפִירְט, אָן אַלִי טֶעג אִין דֶער וָואךְ וֶוערִין מִיר גִימִשְׁפָּט, אָבִּיר אָן שבת הָאבִּין מִיר רוּהֶ" (בראשית רבה דף ט׳ עמוד ד׳). אַזֶעלְכִי זֶענִין דָאס דִיא אוֹיסְגִיטְרַאכְטִי דֶערְצֵייהלוּנְגִין וָואס דָאס יוּדִישִׁי גִיבֶּעט בּוּךְ, אָן דֶעם עֶרִינְנֶערְטִין פַייאִיר טָאג פוּן שבועות, בְּיִצֵייכִינְט זַייא פַאר אמת גִילְטִיגִי מעשות. אִיז עֶס נֵייטִיג צוּ בְּיוַוייזִין צוּ דִיא יוּדִין פוּן ענגלאנד אַז בֵּיידִי דָאזִיגִי מעשות זֶענִין אִין גַאנְצִין נִיט אמת. אִיז עֶס נֵייטִיג צוּ זָאגִין, אַז עֶס אִיז נִיט פַארְהַאנְדִין אוּן אִיז קַיין מָאל נִיט פַארְהַאנְדִין גִיוֶועזִין אַזוֹ אַיין טַייךְ סמבטיון. זַייט הוּנְדֶערְט יָאהר אִיז דִיא וֶועלְט דוּרְךְ גִיפָארְשְׁט גִיוָוארִין אוֹיף אַלִי זַייטִין פוּן דִיא צַייט פוּן קוּק בִּיס קוֹטצעבּוּע אִיז דִיא עֶרְד פִילִי מָאל אַרוּם גִישִׁיפְט גִיוָוארִין, אָבִּיר קֵיינֶיר הָאט אוּנְס נִיט גִיבְּרֶענְגְט קֵיינִי שוּם נַאכְרִיכְט פוּן דֶעם סמבטיון. זַייט

די

דִיא צַייטִין פוּן בנימין פוּן טוּדילא אוּן אברהם פריצול אִיז אֵיינִי גַאנְצִי קוּפּה גִיוֶועזִין פוּן דֶערְוָואגִינִי לַייט וָואס הָאבִּין נסיעות גִימַאכְט, אָבִּיר קֵיינִיר הָאט דָאס גְלִיק נִיט גִיהַאט צוּ זֶעהִין דֶעם ווּאנְדֶירְלִיכִין שְׁטְרָאם פוּן דֶעם סמבטיון. אִין דֶר דָאזִיגִיר זֶעלְבִּיר שְׁטָאט גְפִינְן זִיךְ טֵייל מָאל יוּדִין פוּן אִיטָלִיכִין טְהֵייל פוּן דֶער וֶועלְט, אָבִּיר פוּן דִיא בָּארְטִינִים פוּן דֶעם סמבטיון אִיז נָאךְ קֵיין שליח נִיט גִיקוּמִין. דִיא גַאנְצִי דֶערְצֵייהלוּנְג אִיז אוֹיס גִיטְרַאכְט אוּן אִיז נִיט וֶוערְטה צוּ שְׁטֵיין אִין דִיא גִיבֶּעט פוּן דִיא יוּדִין פוּן ענגלאנד. דָאס זֶעלְבִּיגִי קָאן גִיזָאגְט וֶוערִין פוּן דִיא פָּארְשִׁירְס צוּ טוּטִי וָואס קְרִיגְן קֵיינִי עֶנְטְפִּיר נִיט אָן שבת. עֶס אִיז נִישְׁט מֶעהר וִויא אֵיינִי גִישִׁיקְלִיכִי אוֹיס טְרַאכְטוּנְג. פָּארְשוּנְג צוּ טוּטִי אִיז נָאךְ תורת משה נָאךְ פֶערְבָּאטִין צוּ דִיא יוּדִין, אוּן דַארוּם הָאט דֶער אוֹיס טְרַאכְטִיר וואוֹהל גִיוואוּסְט אַז קֵיין פְּרוּבִּיר יוּד וֶועט דִיא דָאזִיגִי פְּרוּף קֵיין מָאל נִיט מַאכִין, נִיט אָן שבת אוּן נִיט אָן דִיא אַנְדִירִי טֶעג. דִיא מעשה פוּן טורנוס רופוס אוּן זַיין פַּאטִיר וִויא זִיא אִיז דֶערְצֵייהלְט אִין דֶעם בראשית רבה אִיז אפילו פְּרָאסְטִי אַקֶיגִין דִיא רֵייד פוּן דִיא תורה שבעל פה זֶעלְבִּיר. דֶער בראשית רבה דֶערְצֵייהלְט אַז דֶער פַּאטִיר פוּן רופוס הָאט גִיזָאגְט, „וֶוער עֶס וִויל נִיט שבת הַאלְטִין בַּייא אַיךְ פְרַייאוּוִילְלִיג דֶער מוּז אִיהם דָא הַאלְטִין מִיט גִיוַואלְט"; וָואס גִיבְּט צוּ פֶערְשְׁטֵיין אַז אַלִי וָואס הַאלְטִין נִיט דֶעם יוּדִישִׁין שבת מוּזִין גִישְׁטְרָאפְט וֶוערִין אִין דִיא פְלַאמְמִין פוּן גיהנם; דֶערְקֵיגִין זָאגְט דִיא תורה שבעל פה אַז דָאס הַאלְטִין פוּן שבת וֶוערְט נִיט פֶערְלַאנְגְט פוּן דִיא בני נח. וֶוען דָאס דָאזִיגִי גִיבֶּעט אִיז אַיינְגִיפִיהרְט גִיוָוארִין אִין דֶעם סדר תפלות פוּן בית הכנסת וִויסִין מִיר נִיט, אָבִּיר אִיצוּנְד שְׁטֵייט עֶס דָארְט, אוּן אִין אֵיינִים שְׁטִיק הָאט עֶס אִין זִיךְ דְרַייא פְּרָאסְטִי שקרים. דוד לעווי זֶעלְבִּיר וַוייזְט אוּנְס אוֹיף ר' עקיבא וִויא אוֹיף דֶעם מחבר פוּן דִיא לֶעצְטִי צְווַייא; אוּן נָאךְ דֶעם נָאךְ אִיז דֶער תלמוד מזכיר דִיא עיקר הִיגְוַוייזוּנְג אוֹיף דֶעם ענין פוּן דִיא פָּארְשִׁירְס צוּ טוּטִי אוּן פוּן דֶעם טַייךְ סמבטיון, וִויא דָאס וָואס אִיז אַרוֹיס גִיקוּמִין פוּן דֶעם מוֹיל פוּן יֶענִים גְרוֹסִין רבי. דָאס בְּרֶענְגְט אוּנְס צוּרוּק צוּ דִיא צַייט וָואס אִיז גִיוֶועזִין בַּאלְד נָאךְ דֶעם אַז דִיא יוּדִין הָאבִּין פֶערְשְׁמֶעהִיט ישוע הנוצרי אוּן עֶס וַוייזְט אוּנְס דִיא נַארִישִׁי אמונה אוּן דֶעם שקר פוּן דִיא וָואס הָאבִּין אִיהם פֶערְשְׁמֶעהִיט. עֶנְטְווִיר ר' עקיבא הָאט דִיא דָאזִיגִי זַאכִין אוֹיס גִיטְרַאכְט, אוּן אַזוֹ אִיז עֶר שוּלְדִיג וֶועגִין אִיבִּירְלַייגְטִין שקר, אוֹדִיר עֶר הָאט דִיא דָאזִיגִי דֶערְצֵייהלוּנְגִין מקבל גִיוֶועזִין פוּן אַנְדִירִי וָואס

זענין

זֶענִין פַאר אִיהם גִיוֶועזִין , אוּן אַזוֹ אִיז עֶר אַיין בַּארִישׁ גְלֵייבִּישִׁיר מַאן גִיוֶועזִין , אוּן דִיא שׁוּלְד פוּן שׁקר אוּיס טְרַאכְטוּנְג וֶוערְט צוּרוּק גִיוָוארְפִין אוּיף דִיא פְרִיהִירִי רבנים . וָואס זָאל נוּן גִידַאכְט וֶוערִין פוּן דִיא חכמה פוּן יֶענִי לֵייט וָואס זֶענִין גִינוּג שְׁוַואך גִיוֶועזִין צוּ גְלוֹיבִּין , אוֹדִיר גִינוּג בֵּייז אוּיס צוּ טְרַאכְטִין אַזֶעלְכִי נַארִישִׁי דֶערְצֵייהלוּנְגִין . דָאךְ דִיא דָאזִיגִי זֶענִין דִיא מֶענְשִׁין וָואס זֶענִין גִיוֶועזִין אַקֵייגִין דִיא קְרִיסְטְלִיכִי אמונה , אוּן דֶער דָאזִיגִיר אִיז דֶער דת וָואס אַיין גְרוֹסִיר טְהֵייל פוּן דֶעם יוּדִישִׁין פָאלְק הָאט אִיהם פַאר בֶּעסְסִיר גִיהַאלְטִין שׁוֹן טוֹיזִינְד זִיבִּין הוּנְדִירְט יַאהר. אַז דִיא יוּדִין וָואס הָאבִּין דִיא רבנים גִיפָאלְגְט הָאבִּין דִיא דָאזִיגִי דֶערְצֵייהלוּנְגִין פֶּעסְט גִיגְלוֹיבְּט אִיז קְלָאר . זֵייא גִיפִינִין זִיךְ אִין דֶעם תלמוד וָואס וֶוערְט פַאר גֶעטְלִיךְ אמת גִיהַאלְטִין . זֵייא גִיפִינִין זִיךְ אוֹיךְ ווִידִיר אִין דִיא רֵייד פוּן רש״י , רמב״ן , בחיי , אוּן אֵיינִי גַאנְצִי קוּפָּה פוּן דִיא גִיאַכְטִיטְסְטִי יוּדִישִׁי מחברי ספרים . זֵייא זֶענִין גִיוֶועזִין אַיין חלק פוּן דֶעם דִינְסְט אִין בית הכנסת פִילִי הוּנְדִירְט יַאהר אַדוּרְךְ , אוּן גִיפִינִין זִיךְ נָאךְ אִין דִיא גִיבֶּעט בִּיכִיר פוּן דִיא עֶנְגְלִישִׁי יוּדִין , צוּ אַיין בִּיוַוייז אַז זֵייא זֶענִין נָאךְ נִיט אַרוֹיס פוּן דִיא קֵייטִין פוּן נַארִישִׁי אמונה . וֶוען זֵייא וָואלְטִין דֶער פוּן יוֹא אַרוֹיס גִיוֶועזִין , וֶוען אֵיינִי אַנְזֶעהְנְלִיכִי צָאהל פוּן יוּדִין וָואלְט אִיבִּירְצֵייגְט גִיוֶועזִין פוּן דֶעם שׁקר פוּן דִיא דָאזִיגִי מעשות , אַזוֹ וָואלְטִין זֵייא זֵייא קֵיין מָאל נִיט גִיקָאזְט אִיבִּירְבְּלַייבִּין אִין דֶער עבודה פוּן גָאט . עֶס אִיז גָאר אוּם מִיגְלִיךְ צוּ דֶענְקִין אַז מֶענְשִׁין וָואלְטִין בִּישְׁטֶעטִיגְט דִיא עֶרִינְצְטִי אוּיס בְּרֵייטוּנְג פוּן שׁקר פוּן אֵיין דוֹר צוּם אַנְדִירִן , אוּן דָאךְ וֶוען דִיא גִיבֶּעט פוּן שבועות וֶוערִין גִילֵיינְט אוֹדִיר גִידְרוּקְט , אַזוֹ וֶוערִין דִיא אוּיס גִיטְרַאכְטִי דֶערְצֵייהלוּנְגִין פוּן בהמות אוּן לויתן פוּן אדם אוּן שבת , פוּן טורנוס רופוס אוּן סמבטיון , דֶער וֶועלְט גַאנְץ עֶרִינְצְט אוּיף נאמנות פָארְגִישְׁטֶעלְלט ווִיא זַאכִין וָואס זֶענִין וֶוערְטה גַאנְץ גִיגְלוֹיבְּט אוּן בכבוד גִיהַאלְטִין צוּ וֶוערִין . דִיא סיבה אַז זֵייא זֶענִין אַיין חלק פוּן עֶרִינְצְטִי רֵייד צוּ גָאט , אוּן טַאקִיש נִיט פוּן אֵיינִים מֶענְשׁ אַלֵיין , בַּייאִירְט פוּן דִיא קהילה פוּן ישראל , דָאס גִיבְּט זֵייא אֵיינִי בִּישְׁטֶעטִיגוּנְג וָואס קֵיינִי אַנְדִירִי זַאךְ מֶעכְט זִיא נִיט קֶענִין שְׁטַארְקִיר מַאכִין . דֶער פְרֶעמְדִיר יוּד וָואס קוּמְט קֶען ענגלאנד פוּן אַיין לַאנְד וואוּ עֶס אִיז נִיט אַזוֹ פִילִי לִיכְטִיגְקֵייט , וֶוען עֶר וָואלְט גִיפוּנִין אַזֶעלְכִי דֶערְצֵייהלוּנְגִין אוּיס גִישְׁטְרֶעכִינְט פוּן דֶעם עֶנְגְלִישִׁין בית הכנסת דִינְסְט אַרוֹיס , אַזוֹ מֶעכְט עֶר קְרִיגִין אַיין ווֵייניג לִיכְטִיגְקֵייט אוּן צוּרוּק גֵיין צוּ

זיינע

זייני לאנדסלייט מיט דעם נייאם אז דיא דערלייכטיטי ענגלישי יודין האבין אוועק גיווארפין אלי דאזיגי נארישקייטין: און אזו וואלט גיקאנט אנגיבייט ווערין דיא ביפרייאונג ברוחניות אוים דיא קנעכטשאפט ברוחניות פון דעם יודישין פאלק אין דער וועלט. אביר ניין; דער נאריש גלייביגיר תלמוד יוד פון טערקייא, אודיר פון דיא בארטינים פון אפריקא, פון צפון זייט, קומט אן אין ענגלאנד, גייט אין דעם בית הכנסת אריין, און גיפינט דיא זעלביגי אוים גיטראכטי דערצייהלונגין און נארישגלייבישי זאכין וואס ער האט גילערנט אין דעם ווייניגיר גוטין לאנד וואו ער איז גיבוהרין גיווארין, און גייט צורוק אזו וויא ער איז גיקומין. אפשר נעמט ער מיט זיך מיט איינעם פון דיא בית הכנסת גיבעט ביכיר וואס זענין גידרוקט גיווארין אין ענגלאנד, און ווייזט צו זייני לאנדסלייט דיא דערצייהלונגין פון בהמות און לויתן, פון דיא פארשירם צו טוטי און דעם סמבטיון, גיצירט מיט דיא גאנצי שיינהייט פון ענגלישי דרוקירייא, פאפיר און איינבינדונג. זיכירליך עס ליגט איינע גרוסי און שווערי פערענטפירונג אויף אזעלכי ישראל וואס גלויבין ניט אן דיא דאזיגי אוים גיטראכטי דערצייהלונגין, אז זייא זאלין ביצייגין קייגין זייערי צולאזונג צווישין דיא גיבעט אריין פון בית הכנסת. דאס חשיבות פון דעם פאלק, דיא טובה פון זייערי ברידיר און דער כבוד פון גאט. דיא אלי רופין אויף צו איין זאלכים ביצייגניש בפרהסיא. דאס יודישי פאלק איז איין גרוס פערשטענדיג פאלק, הוך בישענקט פון גאט מיט יעני מתנות וואס בישיינין און מאכין ווערטה דיא מענשין אביר דאס איז ניט זייער חשיבות ביא דער וועלט על פי רוב. פאר וואס ניט. וויל דיא וועלט על פי רוב ווייס נור פון דיא אוים גיטראכטי דערצייהלונגין און נארישקייטין פון דעם תלמוד, אביר ווייס ניט פון דיא רעכטי אנדענקונגס זאכין פון דעם יודישין שכל. מילא וואס קאן איינער וואס נעמט זיך אן פאר דיא יודין זאגין צו איינים וואס האלט דאס יודישי גימוטה פאר גימיין? אלי ביוויז ווערין אן קראפט בלייבין אזו לאנג וויא דיא דאזיגי שטיקיר פון אמונת הבל און טפשות גיפינין זיך אין דיא יודישי גיבעט. דער פארווארף מאכיר וועט נאך אויף זייא אהין ווייזין און זאגין, ווען איהר ווילט וויסין וואס מענשין גלויבין באמת אזו זעהט ניט אויף זייערי פלפול ספרים אודיר זייערי התנצלות ביכיר, נייארט פרופט זייער גיבעט בוך. ביטראכטיט ניט דאס וואס זייא זאגין צו מענשין, נייארט הערט דאס וואס זייא זאגין צו גאט. דא

זענין

זֶענִין זֵייא אוֹיף רִיכְטִיג. וָואס קֶענִין מִיר אוֹיף דִיא דָאזִיגִי טענה עֶנְטְפִירִן. קֶענִין מִיר זָאגִין אַז אַלִי דִיא נַארִישְׁקֵייטִין און פַיינְדְשַׁאפְטְלִיכִי אוּם גִידוּלְדִיגְקֵייט פוּן פְּרִיהִירִי דורות זֶענִין אוֹים גִישְׁטְרֶעכִינְט. נֵיין, אוּב מחמת לִיבְּשַׁאפְט אוֹדִיר מחמת לַייכְטְזִינִיגְקֵייט, דָארְט שְׁטֵיין זֵייא נָאךְ בִּים דֶעם הַיינְטִיגִין טָאג.

אָבִּיר דָאס חשיבות פוּן דֶעם פָאלְק אִיז נור וֵויינִיג וִויכְטִיג אִין פֶערְגְלַייכוּנְג מִיט זֵייאֶר גְלִיק בגשמיות און ברוחניות. דִיא עֶנְגְלִישִׁי יוּדִין, דוּרְךְ אַרוֹים וַוארְפוּנְג פוּן אַלִי זָאלְכִי שְׁטִיקִיר, און פֶערְבֶּעסְסִירוּנְג פוּן זֵייאֶר גַאנְץ גִיבֶּעט בּוּךְ, מֶעכְטִין קֶענִין אֵיינִי ברכה וֶוערִין פַאר זֵייאֶרִי צוּשְׁפְּרֵייטִי בְּרִידִיר אִין דֶער וֶועלְט. ווינְשְׁט דֶער פֶערְשְׁטֶענְדִיגִיר און דֶער דֶערְלַייכְטִיטִיר טְהֵייל פוּן דֶעם פָאלְק באמת צוּ דֶערְהֵייבִּין זֵייאֶרִי בְּרִידִיר אִין דִיא מעלה ברוחניות? עֶס מוּז גִישֶׁעהִין דוּרְךְ דִיא רֵיינִיגוּנְג פוּן זֵייאֶרִי ידיעות אִין אמונה. עֶס אִיז אֵיינִי אוּם צוּ טְרֶענְלִיכִי פֶערְבִּינְדוּנְג פוּן אֵיינִיגְקֵייט צְווִישִׁין אמונה און גוּטִיגְקֵייט ברוחניות. אמונת הבל מַאכְט דָאס גִימוּטה גִימֵיין און שְׁוַואךְ. אָבִּיר אֵייפִיר (קנאה) פַאר דֶעם כבוד פוּן גָאט רוּפְט נָאךְ הֶעכִיר צוּ אִיטְלִיכִין פְּרוּמִין ישראל צוּ רֶעכְטְפֶערְטִיגִין דָאס חשיבות פוּן דֶעם אמת וָואס גָאט ב"ה הָאט מגלה גִיוֶועזִין און צוּ זֵייא אִיבִּיר עֶנְטְפִירְט דְרוֹיף אַכְטוּנְג צוּ גֶעבִּין, און וָואס אִיז פֶערְטוּנְקִילְט דוּרְךְ דִיא דָאזִיגִי אוֹים גִיטְרַאכְטִי צוּזֶעצוּנְגִין.



Дозволено Цензурою. Варшава 27 Января (8 Февраля) 1876 г.
Въ Типографіи А. Гинса. Королевская № 1064 D

НЕСЫВОТЪ ОЛОМЪ

# נתיבות עולם

עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם : ירמיה ו׳ ט״ז

דיא אלטי שטעגין.

## נומר י״ט

איינע פון דיא הערליכסטי סיבות אין דער מעשה פון דעם פאלק ישראל, אזו גוט וויא איינע פון דיא אויסטערלישי מעשות אין דיא מעשה ביכער פון אלי קינדער פון אדם, איז דיא אראב גידירונג פון יהוה אלהים אויף דעם בערג סיני צו מתן תורה. הערליך איז עס פאר ישראל, ווארין קיין מאל האט איין פאלק ניט גיהערט דיא שטים פון יהוה ריידין פון צווישין דעם פייאר, אזו וויא דיא ישראל האבין גיהערט, דיא אויף ווייזונג פון דעם חן און חסד פון גאט איז דער כבוד פון זיין פאלק, און דא זענין זייא ביידי אויף גיוויזין גיווארין משונה גרוס. פון דעם גדלות און פורכטיגקייט וואס איז דערבייא גיוועזין קענין מיר איצונד ניט פיל שמוסין, נור דאס זאגין מיר, אז צו דיא גרוסיגקייט פון דיא גישעהיני זאך פאסט גלייך דאס חשיבות פון דיא דערציילונג וואס משה האט אונס איבער גילאזט אין דעם ניינצעהנטין און צוואנציגסטין קפיטיל פון שמות. קיין אנדירער מעשות שרייבער נור איין זאלכער וואס האט גישריבין ברוח הקודש האט גיקאנט מיט אזעלכי הערליכי פשטות דערציילין איינע מעשה וואס איז אזו בכבוד פאר זיין פאלק. דער שטייגער פון דעם לשון און דער שמוס געבין איין וואוהלין ביווייז צו דיא וואהרהאפטיגקייט פון דיא דערציילונג. און אפשר ווערט דער דאזיגער ביווייז פיל שטארקער דורך דיא גאנץ אנדירי דערציילונג וואס גיפינט זיך דערקייגין אין דיא כתבים פון דיא רבנים. עס איז קיין טהייל פון דיא מעשה אין כתבי הקודש ניט פארהאנדין וואס זייא האבין צו איהר מעהר צו גילייגט זייארי אייגיני צו זעצונגין: וואס האבין אן זיך אזו

דיא

דִיא קְלָארִי צֵייכִינְס פוּן שקר, וִויא דִיא מעשׂה אִין כתבי הקודש הָאט אָן זִיךְ דִיא קְלָארִי צֵייכִינְס פוּן אמת. מִיר הָאבִּין דָא אַיין גְרוֹס ענין וָואס מַאן קָאן דֶער פוּן פִיל שְׁמוּסִין, אָבִּיר מִיר וֶועלִין נוּר רֵיידִין פוּן דִיא אוֹיס גִיטְרַאכְטִי דֶערְצֵייהלוּנְגִין וָואס וֶוערִין פַאר גִילְטִיג אמת גִיהַאלְטִין אִין דִיא בית הכנסת גִיבֶּעט פַאר דֶעם טָאג וָואס זֵייא הַאלְטִין צוּם גִידֶעכְטִינִיש פוּן מתן תּורה. אִין דֶעם יוצר פוּן דֶעם צְווֵייטִין טָאג שבועוֹת גִיפִינְט זִיךְ אֵיינִי דֶערְצֵייהלוּנְג ווִיא דִיא תורה אִיז גִיגֶעבִּין גִיוָוארִין, אוּן דָארְט שְׁטֵייט דָאס וואוּנְדִירְלִיכִי שְׁטִיק:

צבאות קודש אחזום בעתה. צלע כגיגית עליהם כפפת. צרופה קִבלו במנוד ואימתה:

„שְׁרֶעקִין הָאט דֶערְגְרִיפְפִין דִיא הֵיילִיגִי הֶערְשָׁארִין, וֶוען דוּ הָאסְט אִיבִּיר גִיקֶעהרְט דֶעם בֶּערְג אִיבִּיר זֵייא ווִיא אֵיין פַאס: זֵייא הָאבִּין אָן גִינוּמִין דָאס רֵיינִי גִיזֶעץ מִיט פוּרְכְט אוּן צִיטְטִירְנִיש" (דוד לעווים שבועוֹת גִיבֶּעט דף ק"נ). דָא אִיז אֵיינִי סיבה בַּייא מתן תורה, וָואס ווֵיינִיגִי לֵיינִירְס פוּן דֶעם חומש וֶועלִין זִיךְ דְרָאן דֶערְמַאנִין. אַלִי וֶועלִין מודה זַיין אַז צוּ זֶעהִין דֶעם בֶּערְג סיני הֶענְגִין אִיבִּיר זֵייא, ווִיא אַיין פַאס אוֹדִיר אֵיינִי שְׁטַארְץ, אִיז אַיין זֵייר שְׁרֶעקְלִיכִיר אָנְבְּלִיק גִיוֶועזִין, וֶוען עֶס אִיז טַאקִיש גִישֶׁעהן. אָבִּיר זִיכִירְלִיךְ אִיטְלִיכִיר פֶערְשְׁטֶענְדִיגִיר יוּד וֶועט פְרֶעגִין וָואס פַאר אַיין בִּיוַוייז אִיז דֶערְצוּ פַארְהַאנְדִין. אִין דֶער גַאנְצִיר מעשה וָואס הָאט זִיךְ פְרִיר גִיטָהאן וַוייזְט זִיךְ גָאט ווִיא אַיין בַּארְמְהֶערְצִיגִיר פָאטִיר וָואס הָאט גִידֶענְקְט אָן זַיינִי קִינְדִיר אִין זֵייאֶרִי צרות אוּן הָאט זֵייא דֶערְלֵייזְט פוּן דֶעם דִינְסְט הויז אַרוֹיס אוּן הָאט גִיטָהאן וואוּנְדִיר אִיבִּיר וואוּנְדִיר ווִיא עֶס אִיז פַאר זֵייא זִיכִיר אוֹדִיר נֵייטִיג גִיוֶועזִין; ווִיא אִיז עֶס נוּן, אַז עֶר וַוייזְט זִיךְ אַזוֹ פְּלִיצְלִינְג אִין דֶעם שְׁטֵייגִיר פוּן אֵיין אכזר אוֹדִיר פוּן אֵיין צוּשְׁטֶערִיר, בִּירֵייט צוּ לָאזִין פַאלִין דֶעם שְׁטַארְקִין בֶּערְג אוֹיף דִיא קֶעפּף אַרוֹיף פוּן זַיין פָאלְק אוּן זֵייא אוֹיף אֵייבִּיג צוּ פֶערְדֶערְקִין אוּנְטִיר דִיא שְׁטֵיינִינְדִיגִי קוּפָּה? משׁה מַאכְט דָאס נִיט קְלָאר. דִיא תורה שבעל פה, דֶער תַּלמוּד מוּז דֶערְקְלֶערִין דֶעם סוֹד.

ויתיצבו בתחתית ההר א"ר אבדימי בר חמא בר חסא מלמד שכפה הקב"ה עליהם את ההר כגיגית ואמר להם אם אתם מקבלים התורה מוטב

מוטב ואם לאו שם תהא קבורתכם אמר ר׳ אחא בר׳ יעקב מכאן מודעא רבה לאורייתא וכו׳ :

„און זייא האבין זיך געשטעלט אן דעם אונטערשטין פון דעם בערג (אדיר אונטער דעם בערג) . (שמות י״ט פסוק י״ז.) ר׳ אבדימי דער זוהן פון חמא דער זוהן פון חסא זאגט, דיא דאזיגי ווערטער לערנין אונס אז הקדוש ב״ה האט איבער גיקעהרט דעם בערג איבער זייא וויא איין פאס, און האט צו זייא גיזאגט, ווען איהר וועט דיא תורה אננעמין, איז גוט ; אבער ווען ניט, אזו וועט דארט זיין אייער ביגרעבעניש. ר׳ אחא דער זוהן פון ר׳ יעקב זאגט, דאס איז איין גרויס ביקענטניש פאר דיא תורה״ (מסכת שבת דף פ״ח עמוד א׳) . פון דעם דאזיגין שטיק ווייזט עס זיך אז דער גאנציר שורש פון דיא אויס גיטראכטי דערצייהלונג איז איין שטייגיר שפילירייא מיט דיא ווערטיר בתחתית ההר „אונטיר דעם בערג״, אודיר וויא עס איז ריכטיג איבער גיזעצט גיווארין „אן דעם אונטירשטין פון דעם בערג״ דאס הייסט „אן דעם אונטערשטין טהייל פון דעם בערג״, ר׳ אבדימי האט גידאכט אז דיא דאזיגי ווערטיר מיינין, וויא רש״י זאגט, תחת ההר ממש, „אונטיר דעם בערג אין דער גינויאיקטיר ביטייטונג פון דיא ווערטיר״. אבער אזו איז דיא שוועריגקייט גיוועזין וויא אזו זענין דיא ישראל אויף דעם אורט אונטיר דעם בערג ארונטיר גיקומין . דער כח המדמה פון ר׳ אבדימי האט דאס איבריגי דערצו גיטהאן. אבער ערשטינס, דאס ווארט תחתית גיפינט זיך אופט גינוג אין לשון יחיד און אין לשון רבים, אבער עס האט קיין מאל ניט דיא דאזיגי ביטייטונג. צווייטינס, דיא דאזיגי אויס טראכטונג איז פראסטי סותר דיא דערצייהלונג פון משה. גאט האט שון גיהאט גיהייסין מודיע זיין צו דעם פאלק אז ער וועט זייא דיא תורה געבין און זייא האבין גיהאט גיענטפירט „אלים וואס יהוה האט גירעט וועלין מיר טון״ (פסוק ח׳) . דריטטינס, ווען דער בערג איז איבער גיקעהרט גיוועזין איבער זייא וויא איין פאס, וויא אזו איז משה צו דעם שפיץ ארויף גיקומין, און צו וואס איז נייטיג גיוועזין דאס גיבאט, „נידיר אראב, ביצייג אן דעם פאלק, פילייכט מעכטין זייא דורך ברעכין״ וכו׳ (פסוק כ״א) . און צום סוף, ווען דיא ישראל זענין גיצוואונגין גיווארין דיא תורה אן צו נעמין אקייגין זייער ווינטש, קענין זייא דערפון ניט איין התנצלות מאכין פאר ווידירשפעניגקייט ? איז

דאס

דָאס נִיט וָואס ר׳ אחא דֶער זוהן פון ר׳ יעקב מַאכְט טַאקִיש וֶוען עֶר זָאגְט, „דָאס אִיז אַיין גְרוֹס בִּיקֶענְטְנִיש פַאר דִיא תורה״? אַזוֹ דֶערְקְלֶערְט לכל הפחות רש״י זַיינִי וֶוערְטִיר.

מודעא רבה שאם יזמינם לדין למה לא קיימתם מה שקבלתם עליכם יש להם תשובה שקבלוה באונס:

„אַיין גְרוֹס בִּיקֶענְטְנִיש, וָוארִין וֶוען עֶר רוּפְט זֵייא צוּ משפט פַאר וָואס הָאבְּט אִיהר נִיט גִיהַאלְטִין דָאס וָואס אִיהר הָאבְּט מקבל גִיוֶועזִין אוֹיף אֵייךְ, אַזוֹ הָאבִּין זֵייא אַיינִי עֶנְטְפִיר, אַז זֵייא זֶענִין גִיצְווּאוּנְגִין גִיוָוארִין זִיא מקבל צוּ זַיין״ (רש״י. אִין זַיין פירוש צוּ דֶעם שְׁטִיק גמרא). אוּן דִיא דָאזִיגִי אוֹיס גִיטְרַאכְטִי דֶערְצֶייהלוּנְג וָואס אִיז אַקֶייגִין דִיא וַואהרִי דֶערְצֶייהלוּנְג פוּן משה, אוּן וָואס צוּ שְׁטֶערְט דֶעם עיקר כלל פוּן דֶעם אַז מֶענְשִׁין זֶענִין מחויב דין והשבון אָב צוּ גֶעבִּין, דִיא דָאזִיגִי אוֹיס גִיטְרַאכְטִי דֶערְצֶייהלוּנְג הָאבִּין דִיא רבנים אַיינְגִיפִיהְרְט אִין דִיא גִיבֶּעט אַרַיין פוּן בית הכנסת אוּן דָארְט שְׁטֵייט זִיא נָאךְ וִויא אַיין בִּיוַוייז אַז דֶער רוח אלהים אִיז נִיט גִיוֶועזִין מִיט דִיא וָואס הָאבִּין פַארְשְׁמֶעהִיט ישוע הנוצרי אוּן הָאבִּין דִיא תורה שבעל פה אַרוֹיף גִילֵייגְט אוֹיף ישראל. אָבִּיר דָאס אַז עֶס הָאט זֵייא גִיפֶעהלְט חכמה דָאס וַוייזְט זִיךְ נִיט בְּלוֹס אִין דֶעם מהות פוּן דִיא צוּזֶעצוּנְגִין וָואס זֵייא הָאבִּין גִימַאכְט צוּ דֶעם וָוארְט פוּן גָאט, בַּייאִירְט אוֹיךְ אִין דִיא סברות וָואס זֶענִין זִיךְ אֵיינַאנְדִיר סותר וָואס שְׁטֵיין אִין דִיא דָאזִיגִי צוּזֶעצוּנְגִין. אִין דֶער עֶרְשְׁט גִידַאכְטִיר דֶערְצֶייהלוּנְג שְׁטֵייט אַז דִיא ישראל הָאבִּין קֵיין חשק נִיט גִיהַאט דִיא תורה אָן צוּ נֶעמִין, אוּן דָאךְ אִין דֶעם יוצר פוּן דֶעם עֶרְשְׁטִין טָאג פוּן שבועות גִיפִינִין מִיר אֵיינִי הִינְוַוייזוּנְג אוֹיף אֵיינִי אַנְדִירִי דֶערְצֶייהלוּנְג וָואס בִּישְׁרַייבְּט דֶעם גְרוֹסִין לוֹהן וָואס אִיז צוּ זֵייא גִיגֶעבִּין גִיוָוארִין וַוייל זֵייא הָאבִּין זִיא מִיט אַזוֹ אַיין גֶערִין גִימוּטה מקבל גִיוֶועזִין.

הם קבלו עול תורה עלימו. ונעשה לנשמע הקדימו. טרם נשמע נעשה נמו. וצדקה בה נחשבה למו. ולשני כתרים סוימו. למלוכה ולכהונה וללויה אוימו.

„זֵייא הָאבִּין ווִילִּיג אוֹיף זִיךְ גִינוּמִין דָאס יָאךְ פוּן זַיינִי תורה, אוּן הָאבִּין פְרִיהִיר גִיזָאגְט, „מִיר וֶועלִין טְהוּן״ פַאר „מִיר וֶועלִין הָארְכִין״;

אײדיר

אָדִיר זַייא הָאבִּין זִיא גִיהֶערְט הָאבִּין זַייא גִיזָאגְט, „מִיר וֶועלִין טְהוּן“ אוּן דָאס אִיז צוּ גִירֶעכִינְט גִיוָוארִין צוּ זַייא צוּ גִירֶעכְטִיגְקֵייט; אוּן זַייא זֶענִין גִיצִירְט גִיוָוארִין מִיט צְווַייא קְרוֹנִין; אוּן פוּרְכְטִיג גִימַאכְט גִיוָוארִין מִיט דִיא מלוכה פוּן דִיא כהונה אוּן דִיא פֶּערְאוּרְדִינוּנְג פוּן דִיא לוים“ (שבועות גִיבֶּעט דף פ״ו). בַּיים עֶרְשְׁטִין בְּלִיק מֶעכְט עֶס זִיךְ בַּאכְטִין ווִיא וֶוען דָאס וָואלְט גִיוֶועזִין אַיין וָוארְט בְּלוֹס על דרך סימן צוּ בִּיצַייכְנִין עֶנְטְווִיר דִיא כהונה אוּן דִיא פֶּערְאוּרְדִינוּנְג פוּן דִיא לוים, אוֹדִיר דָאס מלכות אוּן דִיא כהונה. אָבִּיר אַזוֹ וַוייזְט זִיךְ אֵיינִי שְׁוֶועריגְקֵייט פַּאר וָואס זֶענִין נוּר צְווַייא קְרוֹנִין גִירַאכְט? אִיטְלִיכִיר וַוייס אַז אִין דֶער בִּיטַייטוּנְג על דרך סימן זָאגְט דִיא תורה שבעל פה אַז דִיא ישראל זֶענִין גִיקְרֵיינְט מִיט דְרַייא קְרוֹנִין, אַזוֹ וִויא עֶס שְׁטֵייט אִין הלכות תלמוד תורה פרק ג׳ א׳

בשלשה כתרים נכתרו ישראל כתר תורה וכתר כהונה וכתר מלכות:

„דִיא ישראל זֶענִין גִיקְרֵיינְט גִיוָוארִין מִיט דְרַייא קְרוֹנִין, דִיא קְרוֹן פוּן תורה, אוּן דִיא קְרוֹן פוּן כהונה אוּן דִיא קְרוֹן פוּן מלכות“. מילא פַּאר וָואס אִיז דָאס דָאזִיגִי גִיבֶּעט מזכיר נוּר צְווַייא. עֶס אִיז אִיבִּיר דֶעם וַוייל עֶס גֵייט אוֹיף אֵיינִי גַאנְץ אַנְדִירִי סיבה. דִיא צָאהל פוּן דִיא קְרוֹנִין אוּן דֶער גִיזָאגְטִיר טעם פַּאר וָואס זַייא זֶענִין צוּ זַייא גִיגֶעבִּין גִיוָוארִין, „וַוייל זַייא הָאבִּין פְּרִיהִיר גִיזָאגְט, „מִיר וֶועלִין טְהוּן“ פַּאר „מִיר וֶועלִין הָארְכִין“„׳ זַייא בֵּיידִי מִיט אֵיינַאנְדִיר זֶענִין דִיא הִינְוַוייזוּנְג ווִיא זִיא גֵייט אוֹיף דִיא דָאזִיגִי דֶערְצֵייהלוּנְג אִין דֶעם תלמוד:

בשעה שהקדימו ישראל נעשה לנשמע באו ששים ריבוא של מלאכי השרת לכל אחד ואחד מישראל קשרו לו שני כתרים אחד כנגד נעשה ואחד כנגד נשמע וכיון שחטאו ישראל ירדו מאה ועשרים ריבוא מלאכי חבלה ופירקום שנ׳ ויתנצלו בני ישראל את עדים מהר חורב:

„אִין דֶער שעה וֶוען דִיא ישראל הָאבִּין פְּרִיהִיר גִיזָאגְט „מִיר וֶועלִין טְהוּן“ פַּאר „מִיר וֶועלִין הָארְכִין“, זֶענִין גִיקוּמִין זֶעקְס הוּנְדִירְט טוֹיזֶענְד מלאכים וָואס טְהוּן בְּדִירִינִין, אֵיינִיר צוּ אִיטְלִיכִין פוּן דִיא ישראל, אוּן הָאבִּין אִיהם צוּ גִיבּוּנְדִין צְווַייא קְרוֹנִין, אֵיינִי וֶועגִין „מִיר וֶועלִין טְהוּן“; אוּן אֵיינִי וֶועגִין „מִיר וֶועלִין הָארְכִין“. אָבִּיר וֶוען

דיא

דיא ישראל האבין גיזינדיגט זענין אראב גיקומין צוועלף הונדירט טויזינד מלאכי חבלה און האבין זייא אוועק גינומין: אזו וויא עס איז גיזאגט (שמות ל״ג ו׳) „און דיא קינדיר ישראל האבין אב גילייגט (אודיר מאן האט פון זייא אבגילייגט) זייערי צירונג ביא דעם בערג חורב״ ״ (מסכת שבת דף פ״ח עמוד א׳). דא איז נון ניט קיין דרש, קייני הינוויזונג אויף דיא קרונין פון ישראל על דרך דרש, נייארט איינע דערצייהלונג פון איינע פאר גישטעללטי גישעהיני זאך וואס האט זיך גיטראפפין אין דער מעשה פון איטליכים פון דיא זעקס הונדירט טויזינד ישראל וואס זענין פון מצרים ארויס גיגאנגין. דער פירוש פון תוספות אין דעם תלמוד שמוסט קלאר דערפון וויא פון איינע ערינצטי אמת גילטיגי מעשה, ווארין ער זאגט אונס פון וואס דיא קרונין זענין גימאכט גיוועזין.

שני כתרים של הוד היו לפיכך כשנטלם משה קרן עור פניו:

„דיא צווייא קרונין זענין גיוועזין פון העררליכקייט, דארום ווען משה האט זייא גיטראגין האט דיא הויט פון זיין אנגיזיכט גילייכטיט״. פון דאנין קאן מאן זעהין אז דיא רבנים לייט האבין דיא דאזיגי דערצייהלונג פאר אזו אמת גילטיג גיהאלטין וויא דיא מעשה וואס שטייט אין דיא כתבי הקודש (שמות ל״ד פסוק למ״ד), אז דיא הויט פון משה האט גילייכטיט. זייא זענין ניט צופרידין גיוועזין מיט דעם כבוד וואס משה האט גיקריגין, נייארט דורך זייאער גאוה גיפיהל זענין זייא גיפיהרט גיווארין איהם אויס צו ברייטין צו איטליכים פון דיא ישראל ביזונדיר און צו צוזעצין, וואס איז ניט גיזאגט פון משה, נייארט וואס פערגרעסירט דיא וואונדירליכקייט פון דיא דערצייהלונג, אז זעקס הונדירט טויזינד מלאכים זענין אראב גיקומין כדי דיא ישראל צו קריינין, און אז דיא דאזיגי צאהל האט גימוזט פערדאפפילט ווערין אוועק צו נעמין דיא איין מאל גיגעביני קרונין. אביר וויא פאסט דיא דאזיגי דערצייהלונג מיט דיא פריהירי? ווען דיא ישראל זענין גיצוואונגין גיווארין אן צו נעמין דיא תורה אקייגין זייאער ווילין, דורך דיא שרעקיניש פון דעם בערג וואס האט איביר זייארי קעפף גיהאנגין, מילא וואס פאר איני גרוסי מעלה האבין זייא גיהאט צו פערדינין דיא דאזיגי צווייא קרונין? ווען דיא ישראל זענין אזו ווילליג גיוועזין און האבין גיקריגין אזו איין העררליכין

לוהן

לוהן, צו וָואס איז עֶס נֵייטִיג גִיוֶועזִין אִיבִּיר צו קֶעהרִין דֶעם בֶּערְג אִיבִּיר זֵייא וִויא אַיין פַּאס? דיא דָאזִיגִי דֶערְצֵייהלוּנְגִין זֶענִין זִיךְ זֶעלְבִּיר סיתר און הָאבִּין גָאר קֵיין גְרוּנְד נִיט אִין דֶעם וָוארְט פוּן גָאט, און דַארוּם זֶענִין זֵייא נִיט וֶוערְטה צוּ שְׁטֵיין אִין דִיא גִיבֶּעט פוּן ישראל אָבִּיר דָאס דָאזִיגִי גִיבֶּעט הָאט נָאךְ אַנְדִירִי אויךְ אַזוֹ וואוּנְדִירְלִיכִי שְׁטִיקְלִיךְ, וָואס מִיר וֶועלִין דָא פוּן זֵייא שְׁמוּסִין. עֶטְלִיכִי שורות שְׁפֶּעטִיר דֶערְצֵייהלְט דָאס דָאזִיגִי גִיבֶּעט דִיא פעולה וָואס דִיא גִיזָאגְטִי וֶוערְטִיר פוּן דִיא צֶעהן גִיבָּאט הָאבִּין גורם גִיוֶועזִין אויף דִיא ישראל.

ואחת בדברו ההריד עולמו. ועשרים וארבעה מיל מהלך נעו עמו. שתים זו כהשמיעו נואמו:

„וֶוען עֶר הָאט גִירֶעט דָאס עֶרְשְׁטִי וָוארְט הָאט זִיךְ זַיינִי וֶועלְט דֶערְשְׁרָאקִין, און וֶוען זֵייא הָאבִּין גִיהֶערְט צְוֵוייא גִיבָּאט הָאבִּין זֵייא זִיךְ בִּיוֶועגְט הִינְטִיר זִיךְ דָאס שְׁטִיק וֶועגְס פוּן פִּיר און צְוַואנְצִיג מיל מַייל" (שבועות גִיבֶּעט דף פ"ז). כדי דָאס צוּ פֶערְשְׁטֵיין מוּזִין מִיר וִוידִיר וַוייזִין צוּ דֶעם תלמוד וָואס זָאגְט אוּנְס דִיא פרטים.

אמר ריב"ל כל דיבור ודיבור שיצא מפי הקב"ה חזרו ישראל לאחוריהן י"ב מיל והיו מלאכי השרת מדדין אותן שנא׳ מלאכי צבאות ידודון ידודון אל תקרי ידודון אלא ידדון:

„ר׳ יהושע דֶער זוהן פוּן לוי זָאגְט, וִויא אִיטְלִיכִים גִיבָּאט אִיז אַרוֹיס גִיגַאנְגִין פוּן דֶעם מוּנְד פוּן הקדוש ב"ה זֶענִין דִיא ישראל גִיגַאנְגִין הִינְטִיר זִיךְ צְוֶועלְף מַייל, און דִי מלאכים וָואס טְהוּן בִּידִינִין הָאבִּין זֵייא צוּרוּק גִיפִיהְרְט, וִויא עֶס אִיז גִיזָאגְט, „דִיא עֶנְגִיל פוּן הֶערְשָׁארִין זֶענִין עֶנְטְלוֹיפִין, זֶענִין עֶנְטְלוֹיפִין" (תהלים ס"ח י"ג). דוּ זָאלְסְט נִיט לֵיינִין ידודון „זֵייא זֶענִין עֶנְטְלוֹיפִין"? נַייאֶרְט יְדַדוּן „זֵייא הָאבִּין גִיפִיהְרְט" (מסכת שבת דף פ"ח עמוד ב׳). אִין דֶעם דָאזִיגִין קוּרְצִין שְׁטִיקִיל הָאבִּין מִיר צְוֵוייא אִיבִּירְלֵייגְטִי פֶערֶענְדִירוּנְגִין פוּן דֶעם וָוארְט פוּן גָאט כדי עֶס צוּ צוּפַּאסִין צוּ דִיא דָאזִיגִי נַארִישִׁי קבלה אוֹיס טְרַאכְטוּנְג. עֶרְשְׁטִינְס, מלכי צבאות, „דִיא קִינִיגִי פוּן הֶערְשָׁארִין הָאבִּין זֵייא פֶערֶענְדִירְט אויף מלאכי צבאות, "דִיא עֶנְגִיל פוּן הֶערְשָׁארִין", אוּנ צְוֵוייטִינְס, „זֵייא זֶענִין עֶנְטְלוֹיפִין" הָאבִּין זֵייא פֶערֶענְדִירְט אויף

זייא

„זייא הָאבִּין גִיפִיהרְט". דִיא דָאזִיגִי פֶּערְעֶנְדִירוּנְגִין זֶעלְבִּיר וַארְפִין אֵיין שְׁלֶעכְט נאמנות אויף דִיא מעשה וָואס הָאט זֵייא גֵייטִיג, און נִיט אַלְלֵיין אויף דִיא דָאזִיגִי מעשה, נַייאִירְט אויף דִיא גַאנְצִי תורה שבעל פה וָואס לָאזְט צוּ אַזֶעלְכִי שְׁפִּילִירַייא מִיט דֶעם וָוארְט פוּן גָאט. אָבִּיר אוּנְזֶר גִישֶׁעפְּט אִיז אִיצוּנְד מִיט דִיא דֶערְצֶייהלוּנְג און וַוייל זִיא אִיז אַבִּיסִיל אוּיס פִיהרְלִיכִיר דֶערְצֶייהלְט אִין דֶעם ילקוט, אַזוֹ וֶועט עֶס גוּט זַיין דִיא דָאזִיגִי הֵייד אוֹיךְ מזכיר צוּ זַיין.

ויעמדו מרחוק חוץ לשנים עשר מיל מגיד שהיו ישראל נרתעין לאחוריהן שנים עשר מיל וחוזרין לפניהן שני' עשר מיל הרי עשרים וארבעה מיל על כל דבור ודבור נמצאו מהלכין באותו היום מאתים וארבעים מיל באותה שעה אמר הקב"ה למלאכי השרת רדו וסייעו את אחיכם שנאמר מלכי צבאות ידודון ידודון בהליכה ידודון בחזרה:

„און זֵייא זֶענִין גִישְׁטַאנִין פוּן וַויטִין" (שמות כ' י"ח)—אֵיינִי וַוייטִינִישׁ פוּן צְוֶועלְף מַייל. דָאס וַוייזְט אוּנְס אַז דִיא ישראל זֶענִין צורוּק גִיגַאנְגִין הִינְטִיר זִיךְ צְוֶועלְף מַייל, און דֶער נָאךְ זֶענִין זֵייא ווִידִיר גִיגַאנְגִין פַאר זִיךְ צְוֶועלְף מַייל, צוּזַאממִין פִיר און צְוַואנְצִיג מַייל, וִויא אִיטְלִיכִים גִיבָּאט אִיז גִיגֶעבִּין גִיוָוארִין. אַזוֹ זֶענִין זֵייא אִין יֶענִים טָאג גִיגַאנְגִין צְוֵוייא הוּנְדִירְט און פִירְצִיג מַייל. אִין יֶענִיר צַייט הָאט הקדוש ב"ה גִיזָאגְט צוּ דִיא מַלְאָכִים וָואס טְהוּן בִּידִינִין, גִידִירְט אַרָאבּ און הֶעלְפְט אַייעֶרִי בְּרִידִיר, וָוארִין עֶס אִיז גִיזָאגְט, „דִיא קִינִיגִי פוּן הֶערְשָׁארִין הָאבִּין גִיפִיהרְט, הָאבִּין גִיפִיהרְט" (תהלים ס"ח, י"ג). דָאס אִיז, זֵייא הָאבִּין זֵייא גִיפִיהרְט וֶוען זֵייא זֶענִין גִיגַאנְגִין, און זֵייא הָאבִּין זִיא גִיפִיהרְט, וֶוען זֵייא זֶענִין צורוּק גִיקֶעהרְט" (ילקוט שמעוני חלק א' דף נ"ג עמוד א'). עֶס אִיז קוֹים גֵייטִיג אוּיס צוּ וַוייזִין דִיא נַארִישְׁקַייט פוּן דִיא דָאזִיגִי דֶערְצֶייהלוּנְג. לָאז מַאן נוּר דֶענְקִין אַז דִיא ישראל זֶענִין אַוֶועק גִילוֹיפִין צְוֶועלְף מַייל וֶוען זֵייא הָאבִּין גִיהֶערְט אֵיין גִיבָּאט, און דֶער נָאךְ זֶענִין זֵייא ווִידִיר צורוּק גִיבְּרֶענְגְט גִיוָוארִין, און דֶער נָאךְ זֶענִין זֵייא ווִידִיר אַוֶועק גִילוֹפִין, וִויא נִיט גְלַייךְ אִיז דָאס צוּ דִיא פשוטי און אֵיידִיל שֵׁיינִי דֶערְצֵייהלוּנְג וָואס משה הָאט אִיבִּירְגִילָאזְט. מִיר פְּרֶעגִין אִיטְלִיכִין פֶּערְשְׁטֶענְדִיגִין ישראל וָואס עֶר מֵיינְט. אִיז דִיא דָאזִיגִי מעשה אַיין שקר. וֶוען אַזוֹ, פַאר וָואס גִיפִינְט זִיא זִיךְ נָאךְ אִין דִי גִיבֶּעט פוּן בית הכנסת. וֶוען זִיא

וואלט

וָועלְט נוּר אַללֵיין גִישְׁטַאנֶען, אַזוֹ מֶעכְטִין מִיר ,קֶענְנִין מֵיינִין אַז מַאן הָאט זִיא דוּרְךְ אֵיין אוֹדיר אַנְדִיר טעות פֶערְזֶעהִין אוּן גִילָאזְט שְׁטֵיין, אָבִיר מִיר הָאבִּין שׁוֹן פִילִי דֶערְגְלַייכִין אָנְגִיוִויזִין, אוּן אִין דֶעם זֶעלְבִּיגִין גִיבֶּעט שְׁטֵייט בַּאלְד דֶער נָאךְ אֵייני אַנְדִירִי.

ברדתו לדבר לעם עולם. רעשו אומות העולם. פחד קראם ורעד החילם. חיל כיולדה הבהילם. סערו והרדו וסר צלם. ואצל קמואל. באו כולם. לנחש בקסמי קלקולם. ושאלו לו מה זה בא לעולם. שמא היום למימיו חוזר עולם:

„וֶוען עֶר אִיז אַרָאבּ גִינִידֶערְט צוּ רֵיידִין צוּ דֶעם אוּם שְׁטֶערְבְּלִיכִין פָאלְק, זֶענִין דִיא פֶעלְקִיר פוּן דִיא וֶועלְט בִּיוֶועגְט גִיוָוארִין, אַנְגְסְט הָאט זֵייא דֶערְגְרִיפְפִין, אוּן צִיטְטִירְנִיש הָאט זֵייא אָנְגִיהַאפְט; ווייאטָאג הָאט זֵייא דֶערְשְׁרָאקִין וִויא אֵיינִי גִיוֶוינִירִין; זֵייא זֶענִין גִישָׁאקִילְט אוּן פֶערְווִירְט גִיוָוארִין, אוּן זֵייאֶר שָׁאטִין הָאט זִיךְ אָבּ גִיטָהאן פוּן זֵייא; זֵייא אַלִי זֶענִין גִיקוּמִין צוּ ,קְמוּאֵל, צוּ רֶעטִילִן מִיט זֵייאֶרִי אִירְרִיגִי צוֹיבִּירַייא, אוּן הָאבִּין אִיהם גִיפְרֶעגְט. וָואס אִיז דָאס וָואס אִיז דֶער וֶועלְט גִישֶׁעהִין. אפשר זָאל דִיא וֶועלְט הַיינְט צוּרוּק ,קֶעהְרִין צוּ אִיהר גִימִישׁ". דִיא פְרִיהִירִי מעשה הָאט אוּנְס דֶערְצֵייהלְט וָואס הָאט זִיךְ גִיטְרָאפְפִין צוּ דִיא ישראל, דֶער הִינְוַויז אִין דֶעם דָאזִיגִין שְׁטִיק דֶערְצֵייהלְט אוּנְס פוּן דֶעם שְׁרֶעק וָואס אִיז גִיקוּמִין אוֹיף דִיא גוֹיִים; אָבִּיר כדי דֶעם הִינְוַויז צוּ פֶערְשְׁטֵיין מוּזִין מִיר וִוידִיר וַוייזִין צוּ דֶעם תַּלְמוּד.

וישמע יתרו כהן מדין מה שמועה שמע ובא ונתגייר ר' יהושע אומר מלחמת עמלק שמע שהרי כתב בצדו ויחלש יהושע את עמלק ואת עמו לפי הרב ר"א המודעי אומר מתן תורה שמע שכשנתנה תורה לישראל קולו הולך מסוף העולם ועד סופו וכל אומות העולם אחזתן רעדה בהיכליהן ואמרו שיר שנ' ובהיכלו כולו אומר כבוד נתקבצו כולם אצל בלעם הרשע ואמרו לו מה קול ההמון אשר שמענו שמא מבול בא לעולם אמר להם ה' למבול ישב וישב ה' מלך לעולם כבר נשבע הקב"ה שאינו מביא מבול לעולם אמרו לו מבול של מים אינו מביא אבל של אש מביא שנא' כי הנה באש ה' נשפט אמר להן כבר נשבע שאינו משחית כל בשר ומה קול ההמון הזה ששמענו אמר להן חמדה טובה יש לו בבית גנזיו שהיתה גנוזה אצלו תתקע"ד דורות

קודם

קודם שנברא העולם וביק׳ ליתנה לבניו שנ׳ ה׳ עוז לעמו יתן פתחו כולם ואמרו ה׳ יברך את עמו בשלום :

„און יתרו דער כהן פון מדין האט געהערט״ (שמות י״ח א׳) . וואס איז דאס געוועזן וואס ער האט געהערט אז ער איז געקומען און האט זיך מגייר געוועזן . ר׳ יהושע זאגט , ער האט געהערט פון דיא מלחמה מיט עמלק . ווארין קורץ צו פריער איז געשריבן „און יהושע האט דעם עמלק שוואך געמאכט און זיין פאלק מיט דיא שארף פון דעם שווערט״ (שמות י״ז י״ג) . ר׳ אליעזר המודעי זאגט ער האט געהערט דיא געבונג פון דיא תורה , ווארין ווען דיא תורה איז צו ישראל געגעבן געווארין איז זיין קול געגאנגן פון איין עק וועלט צו דעם אנדירן , און אלי פעלקיר פון דער וועלט האט איין ציטטירניש אנגיהאפט אין זייארי היכלים , און זייא האבין געזאגט איין געזאנג , וויא עס איז געזאגט , „אין זיין היכל זאגט איהם אליס עהר״ (תהלים כ״ט ט׳) . זייא האבין זיך אלי פערזאממילט צו בלעם הרשע און האבין צו איהם געזאגט , וואס פאר איין שטים פון ברומונג איז דאס וואס מיר האבין געהערט , טאמיר קומט איין מבול אויף דיא וועלט . ער האט צו זייא געזאגט , ״יהוה איז געזעסן פון וועגין צו ברענגין דאס מבול , און ער זיצט איין קיניג אין אייביגקייט״ (פסוק יו״ד) . הקדוש ב״ה האט שון לאנג געשווארין אז ער וועט ניט ברענגין איין מבול אויף דיא וועלט . זייא האבין צו איהם געזאגט , ער וועט ניט ברענגין איין מבול פון וואסיר , אביר ער וועט ברענגין איין מבול פון פייאר : ווארין עס איז געזאגט , „ווארין מיט פייאר וועט יהוה ריכטין״ (ישעיה ס״ו ט״ז) . ער האט צו זיי געזאגט , ער האט שון לאנג געשווארין , אז ער וועט ניט פערדערבין אליס פלייש . וואס דען איז דיא שטים פון ברומונג וואס מיר האבין געהערט . ער האט צו זייא געזאגט , גאט האט געהאט איינע גוטע ליבליכע זאך אין דעם הויז פון זיינע אוצרות , וואס זיא איז בייא איהם געהאלטין געווארין ניין הונדירט פיר און זיבציג דורות איידיר דיא וועלט איז בישאפפין געווארין און ער ביגעהרט זיא צו געבין צו זיינע קינדיר , ווארין עס איז געזאגט , ״יהוה וועט געבין מאכט צו זיין פאלק״ . זייא אלי האבין אנגיהובין און האבין געזאגט , ״יהוה וועט בענשין זיין פאלק מיט פרידין״ (תהלים כ״ט י״א) (מסכת זבחים דף קט״ז עמוד א׳) . דאס איז דיא אויס געטראכטע מעשה וואס אייערע געבעט געין דרויף און וואס אלי ישראל דורך דיא גאנצע וועלט ווערין געלערנט צו גלויבין און דראן צו געדענקין אין דעם ערינערטין טהון פון

עבודת

עבודת אלהים בפרהסיא. אַז דָאס אִיז בְּלוֹס אֵיינִי אוֹיס גִיטְרַאכְטִי
מַעֲשֶׂה אִיז זֵייעֶר גְרִינְג צוּ בְּיַוֵויזִין. עֶרְשְׁטִינְס, זִיא אִיז סותר דִיא
דֶערְצֵייהלוּנְג וָואס משה הָאט גִיגֶעבִּין. דִיא דָאזִיגִי אוֹיס גִיטְרַאכְטִי
מַעֲשֶׂה זָאגְט אַז דֶער שְׁרֶעקְלִיכִיר לַארְם וָואס אִיז גִימַאכְט גִיוָוארִין בַּייא
מתן תורה הָאט גִיבְּרֶענְגְט יתרו צוּ משה — אַז דָאס אִיז עֶס גִיוֶועזִין וָואס
עֶר הָאט גִיהֶערְט. אָבִּיר וֶוען אִיהר וֶועט לֵיינִין דֶעם גַאנְצִין פסוק וָואס
דֶער תלמוד אִיז פוּן אִיהם אַרוֹיס מזכיר וֵוייניג וֶוערְטִיר, אַזוֹ וֶועט אִיהר
גִיפִינְין אַז עֶס אִיז גָאר קֵיין טעם נִיט גִיוֶועזִין צוּ פְרֶעגִין וָואס יתרו הָאט
גִיהֶערְט, וָוארִין משה זֶעלְבִּיר דֶערְצֵייהלְט אוּנְס אוֹיסְדְרִיקְלִיךְ, וָואס עֶר
הָאט גִיהֶערְט אוּן פַאר וָואס עֶר אִיז גִיקוּמִין. "אוּן יתרו דֶער כהן פוּן
מדין, דֶער שְׁוֶועהר פוּן משה, הָאט גִיהֶערְט אַלִּים וָואס אלהים הָאט
גִיטָאן צוּ משה אוּן צוּ ישראל זַיין פָאלְק, אַז יהוה הָאט אַרוֹיס גִיבְּרֶענְגְט
ישראל פוּן מצרים: אוּן יתרו", וכו' (שמות י"ח פסוק א' בִּיז ה'). וֶוען
אִיהר וֶועט לֵיינִין דָאס גַאנְצִי קפיטל אַזוֹ וֶועט אִיהר גִיפִינְין אַז יתרו אִיז
גִיקוּמִין אוּן אִיז אַוֶועק גִיגַאנְגִין אֵיידִיר דִיא תּוֹרָה אִיז גִיגֶעבִּין גִיוָוארִין אוּן
אַזוֹ אוֹיךְ אֵיידִיר דֶער שְׁרֶעקְלִיכִיר לַארְם אִיז גִימַאכְט גִיוָוארִין; אַזוֹ אַז עֶס
אִיז גַאנְץ שקר אַז דָאס אִיז גִיוֶועזִין דֶער טעם פוּן זַיין קוּמִין. צְווֵייטִינְס,
אַז אַלִי פֶעלְקִיר הָאבִּין גִיהֶערְט דִיא שְׁטִים פוּן גָאט אִיז שקר, וָוארִין עֶס
אִיז אוֹיךְ סותר דִיא רֵייד פוּן משה, וָואס עֶר זָאגְט אַז עֶס אִיז גִיוֶועזִין דִיא
בִּיזוּנְדִירִי אֵייגִינִי זַאךְ פוּן ישראל אַז זֵייא אַלֵיין הָאבִּין גִיהֶערְט דִיא
שְׁטִים. הָאט אֵיין פָאלְק גִיהֶערְט דִיא שְׁטִים פוּן אלהים רֵיידִין פוּן צְווִישְׁין
דֶעם פַייאֶר, גְלַייךְ אַז וִויא דוּ הָאסְט גִיהֶערְט, אוּן הָאט גִילֶעבְּט"
(דברים ד' ל"ג). צוּם סוֹף, דִיא דָאזִיגִי מעשה אִיז גַאנְץ גְרָאבּ נַארִישׁ.
דֶער תלמוד שְׁטֶעלְט פַאר בלעם אוּן דִיא גוים פוּן זַיינִי צַייט פסוקים
זָאגִינְדִיג פוּן כתבי הקודש אַרוֹיס וִויא צְווֵייא רבנים, אוּן נָאךְ דֶערְצוּ
אַזֶעלְכִי פסוקים וָואס זֶענִין עֶרְשְׁט עֶטְלִיכִי הוּנְדִירְט יָאהר שְׁפֶּעטִיר גִישְׁרִיבִּין
גִיוָוארִין. זֵייא בֵּיידִי זֶענִין מזכיר אֵיין גִיזַאנְג פוּן דוד, דָאס נַיין אוּן
צְוַואנְצִיגְסְטִי קפיטל תהלים, אוּם גִיפֶעהר פִינְף הוּנְדִירְט יָאהר פְרִיהר
אֵיידִיר דוד אִיז גִיבּוֹירִין גִיוָוארִין, אוּן דִיא גוים זֶענִין מזכיר דָאס זֶעקְס אוּן
זֶעכְצִיגְסְטִי קפיטל פוּן ישעיה אִיבִּיר זִיבִּין הוּנְדִירְט יָאהר פְרִיהר אֵיידִיר עֶס
אִיז גִישְׁרִיבִּין גִיוָוארִין. אוּן אַייעֶרִי רבנים זֶענִין נִיט צוּפְרִידִין גִיוֶועזִין צוּ
הַאלְטִין דִיא דָאזִיגִי אוּם פַּאסְּנְדִיגִי אוּן נַארִישִׁי מעשה אִין דֶעם תלמוד,
נַייאֶרְט זֵייא הָאבִּין זִיא אוֹיךְ אַרַיין גִישְׁטֶעלְט אִין דִיא גִיבֶּעט פוּן דֶעם

ערינערטין יום טוב פון שבועות. נאך דיא דאזיגי גיבעט נאך ווערט איהר גילערנט צו גלויבין אז ביא מתן תורה האט גאט איבער גיקעהרט דעם בערג סיני איבער דעם פאלק ישראל וויא איין פאס, און האט זייא גיצוואונגין אן צו נעמין דיא תורה קייגין זייער ווילין; און דאך, אז וויל זייא זענין בערייט גיוועזין צו גיהארכין אזו זענין זעקס הונדירט טויזינד מלאכים אראב גישיקט גיווארין צו קריינין איטליכין פון זייא מיט צוויא קרוינין. איהר ווערט גילערנט צו גלויבין, אז ווען דיא גיבאט זענין גיגעבין גיווארין, אזו זענין דיא ישראל צורוק און אהין גיגאנגין צוויא הונדירט און פירציג מייל, און אז דאס קול פון גאט איז אזו הוך גיוועזין אז אלי פעלקיר פון דער וועלט האבין עס גיהערט, וואס זייא אלי זענין גיגאנגין צו בלעם און אלי האבין גיוואוסט און מזכיר גיוועזין תהלים און נביאים, עטליכי הונדירט יאהר איידיר זייא זענין גישריבין גיווארין. דאס איז עס וואס איהר האבט אן גיקריגין דער דורך אז איהר פאלגט דיא תורה שבעל פה. עס איז אום זונסט פאר אייך צו זאגין אז איהר גלויבט ניט דיא דאזיגי זאכין — דארט שטיין זייא אין אייער גיבעט בוך. ווען איהר גלויבט זייא ניט, פאר וואס לאזט איהר זייא דארט. אביר וואס אויך ביזונדירי מענשין מעגין זאגין, עס איז קלאר אז דיא מאספים פון דיא יודישי תפלות און יוצרות האבין הארצליך גיגלויבט איטליכיס ווארט פון זייא, און דארום האבין זייא זייא אריין גישטעלט צווישין זייערי גיבעט. און אזו איז עס אויך גיוויס אז דארט וויא דער תלמוד ווערט גיהאלטין פאר געטליך אמת, דארט זענין דיא דאזיגי אויס גיטראכטי מעשות איין טהייל פון דעם גלויבין פון דיא ישראל. אביר עטליכי וועלין זאגין, מיר גלויבין זייא ניט. פאר וואס ניט? גלויבט איהר זייא ניט ווייל זייא זענין אמת. ניין, ווייל זייא זענין שקר. דערמיט זענט איהר מודה אז דיא תורה שבעל פה האט אין זיך פראכטי גראבי שקרים, און אז אין פילי פון איהרי דערציילונגין איז זיא ניט ווערטה אז מאן זאל איהר גלויבין. מילא וואס פאר איין ווערטה האט דיא תורה שבעל פה, און וואס פאר איין נאמנות קענין מיר געבין צו יודישי מחברים, וואס האבין זיך קיין גיווינען ניט, נישט דרויס גימאכט אויס צו טראכטין דיא דאזיגי יודישי מעשות.



# נתיבות עולם

עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז.

דיא אלטי שטעגין.

---

## נומר כ׳

---

באלד זענין נון טויזינד אכט הונדירט יאהר שון פארבייא גיגאנגין זייט דער צייט אז איין גרוסיר טהייל פון דעם יודישין פאלק האבין אויס דערוויהלט דיא אמונה פון דיא תורה שבעל פה און האלטין זיא פאר בעססיר פון דיא קריסטליכי אמונה. דיא גרוסי שאלה צווישין יודין און קריסטין איז, אוב יעני לייט האבין גימאכט איינע רעכטי אויס דערוויהלונג. דיא ספאסיבים צו ענטפירן אויף דיא שאלה קענין מיר דערגרייכין. דיא תורה שבעל פה איז פארהאנדין, אויס גיברייט אין דיא כרכים פון דעם תלמוד, און בקיצור אין דיא גיבעט פון בית הכנסת. דארט קענין מיר איינזעהין וואס זיא איז און איינע גירעכטי דעה זאגין איביר איהר שטייגיר און איהרי איניגווייניגדיגי גוטיגקייט און ביוייז. דיא רבנים לייט זאגין, אז דיא תורה שבעל פה איז גיגעבין גיווארין צו משה אויף דעם בערג סיני, און אז דיא תורה שבעל פה וואס זייא גלויבין זיא איצונד איז גאנץ דיא זעלביגי וויא דיא וואס איז דענצומאל אנגינומין גיווארין: און דיא דאזיגי רייד פאר אמת אויס צו ווייזין בירופין זייא זיך אויף דיא קבלה וואס איין דור האט מוסר גיוועזין צום אנדירן, דער פאטיר צום זוהן, ביס צום היינטיגין טאג. דער קריכט זאגט דערקייגין אז דיא דאזיגי תורה שבעל פה איז אנגיפיללט מיט אויס גיטראכטי מעשות. דער תלמוד גלייביגיר ענטפירט דערדורך אז ער מאכט איין חילוק צווישין דיא דינים און דיא אגדות: און דער קריסט איז צופרידין און שטילל גימאכט ביס ער עפינט אויף דאס יודישי גיבעט בוך, און גיפינט אז דיא נארישסטי און אום גלייבליכסטי תלמודישי דערציהלונגין שטיין דא דערקענט וויא וואהרהייטין גאר אן ספק און וויא גאנצי חלקים פון דיא יודישי אמונה אין דיא איצונדיגי צייטין. פילי פון דיא דאזיגי זענין שון גיפרופט גיווארין און זענין גינוג צו נישט צו

מאכין

מַאכִין אַלִי ראיות וָואס דִיא תּורה שבעל פה מֶעכְט זִיךְ בְּרֶענְגִין צו בִּיוַוייזִין אַז זִיא אִיז אמת . אָבִּיר וַוייל דֶער דָאזִיגִיר טְהֵייל פון דֶעם ענין אִיז וִויכְטִיג , אַזוֹ מוּזִין נָאךְ אֵיין פַּאאר שְׁטִיקְלִיךְ מֶעהר בִּיטְרַאכְטִיט וֶוערִין אֵיידִיר מִיר קֶענִין אִיצוּנְד דֶער פוּן אַוֶועק גֵיין . נָאךְ דֶעם שְׁטִיק וָואס מִיר הָאבִּין אוֹיס דִיא יוּדִישִׁי גִיבֶּעט צוּלֶעצְט מזכיר גִיוֶועזִין שְׁטֵייט בַּאלְד דֶער נָאךְ אַזוֹ :

וכל דור ודור ומנהיגיהם . אשר עמדו לפניהם . והעתידים לעמוד אחריהם . כולם העמידם בסיני עמהם . להודיעם כי דור דע נחשק מכולהם . טוב טעם ודעת להשכיליהם . וכל מום לא היה בהם . כי שלמים ומושלמים היו כולהם ;

„וָואס דוד לעווי אִיבִּירְזֶעצְט אַזוֹ , „און אִיטְלִיכִים גִישְׁלֶעכְט , און זֵיינִי רֶעגִירִירְס וָואס זֶענִין פַּארְהַאנְדִין גִיוֶועזִין פַּאר זֵייא , און דִיא וָואס זֶענִין אוֹיף גִישְׁטַאנִין נָאךְ זֵייא , זֶענִין אַלִי גִישְׁטֶעלְט גִיוָוארִין בַּייא דֶעם בֶּערְג סיני מִיט זֵייא , זֵייא צו לָאזִין וִויסְסִין , אַז דָאס פֶערְשְׁטֶענְדִיגִי גִישְׁלֶעכְט אִיז אַגְגִינֶעהמִיר גִיוֶועזִין פוּן זֵייא ; זֵייא צו מַאכִין פֶערְשְׁטֵיין גוּטִין פֶערְשְׁטַאנְד און דֶערְקֶענְטְנִיס : עֶס אִיז קֵיין גִיבְּרֶעךְ (מום) נִיט גִיוֶועזִין אִין זֵייא , וָוארִין זֵייא זֶענִין גָאר גַאנְץ גִיוֶועזִין„ (שבועות גִיבֶּעט דף פ״ז) . דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן דֶעם לֶעבִּינְדִיגִין פָאלְק פוּן ישראל , צו הֶערִין דִיא שְׁטִים פוּן דֶעם בִּישֶׁעפְּפִיר , אִיז פַאר דִיא רבנים נִיט גְרוֹס גִינוּג גִיוֶועזִין , דַארוּם הָאבִּין זֵייא צו גִיזֶעצְט אַז דִיא נשמות פוּן אַלִי דִיא נִיט גִיבּוֹהְרִינִי גִישְׁלֶעכְטִיר זֶענִין דֶערְבַּייא גִיוֶועזִין צו הֶערִין און אָן צו נֶעמִין דִיא תורה . דִיא פֶערְגְלַייכוּנְג פוּן דִיא דָאזִיגִי קבלה רֵייד מִיט עֶטְלִיכִי וָואס מִיר הָאבִּין שׁוֹן מזכיר גִיוֶועזִין בְּרֶענְגְט אִין גִידַאנְקִין אַרַיין פֶערְשִׁידִינִי טְשֶׁעקַאוֶוע פּוּנְקְטִין נָאךְ צו פְרֶעגִין . דהיינו אוּבּ דִיא דָאזִיגִי נשמות זֶענִין גִיוֶועזִין אוּנְטִיר דֶעם בֶּערְג אוֹדִיר נִיט וֶוען עֶר אִיז אִיבִּיר גִיקֶעהְרְט גִיוֶועזִין אִיבִּיר זֵייא – אוּבּ זֵייא זֶענִין גִיגַאנְגִין דֶעם וֶועג פוּן צְוֶוייא הוּנְדִירְט און פִירְצִיג מַייל צוּרוּק און אַהִין בַּייא דִיא גֶעבּוּנְג פוּן דִיא צֶעהן גִיבָּאט , וכו׳ ? אָבִּיר דִיא גִילְטִיגְקַייט וָואס דִיא דָאזִיגִי קבלה רֵייד גֶעבִּין צו דִיא תורה שבעל פה פָארְדִירְן אַז מִיר זָאלִין בַּאלְד אוֹיף דִיא דָאזִיגִי זֶעלְבִּיר מֶעהר אַכְטוּנְג גֶעבִּין , און זִיא שְׁטֵייט בפרט קְלָאר אַרוֹיס אִין דִיא דֶערְצֵייהלוּנְג פוּן דִיא דָאזִיגִי מעשה וָואס גִיפִינְט זִיךְ אִין מדרש רבה .

וידבר אלהים את כל הדברים האלה לאמר . א״ר יצחק מה שהנביאים עתידים

עתידים להתנבאות בכל דור ודור קבלו מהר סיני שכן משה אומר להם לישראל כי את אשר ישנו פה עמנו עומד היום ואת אשר איננו פה עמנו היום. עמנו עומד היום אין כתיב כאן אלא איננו עמנו היום אלו הנשמות העתידות להבראות שאין בהם ממש שלא נאמרה בהם עמידה שאע״פ שלא היו באותה שעה כל אחד ואחד קבל את שלו וכן הוא אומר משא דבר יהוה אל ישראל ביד מלאכי. בימי מלאכי לא נאמר אלא ביד מלאכי שכבר היתה הנבואה בידו מהר סיני ועד אותה שעה לא נתנה לו רשות להתנבאות. וכן ישעיה אמר מעת היותה שם אני אמר ישעיה מיום שנתנה תורה בסיני שם הייתי וקבלתי את הנבואה הזאת אלא ועתה יי אלהים שלחני ורוחו עד עכשיו לא נתן לו רשות להתנבאות. ולא כל הנביאים בלבד קבלו מסיני נבואתן אלא אף החכמים העומדים בכל דור ודור כל אחד ואחד קבל את שלו מסיני וכן הוא אומר את הדברים האלה דבר יי אל כל קהלכם:

„ ״און אלהים הָאט גִירֶעט אַלִי דִיא דָאזִיגִי וֶוערְטִיר צוּ זָאגִין„ (שמות כ׳ פסוק א׳). ר׳ יצחק זָאגְט, אַלִיס וָואס דִיא נביאים הָאבִּין שְׁפֶּעטִיר גִיזָאלְט נבואות זָאגִין אִין אִיטְלִיכִים גִישְׁלֶעכְט, הָאבִּין זֵייא מקבל גִיוֶועזִין פוּן דֶעם בֶּערְג סיני, וָוארִין אַזוֹ זָאגְט משה צוּ ישראל, ״נַייאִירְט מִיט דֶעם וָואס אִיז אַלְהִיא בַּייא אוּנְס וָואס שְׁטֵייאט הַיינְט, און מִיט דֶעם וָואס אִיז נִיט אַלְהִיא מִיט אוּנְס הַיינְט״ (דברים כ״ט י״ד). דָא צוּם סוֹף אִיז נִיט גִישְׁרִיבִּין, ״וָואס שְׁ טֵ י א ט מִיט אוּנְס הַיינְט״, נַייאִירְט וָואס אִ י ז נִ י ט אַלְהִיא מִיט אוּנְס הַיינְט״, דִיא דָאזִיגִי זֶענִין דִיא נשמות וָואס הָאבִּין שְׁפֶּעטִיר גִיזָאלְט בִּישַׁאפְּפִין וֶוערִין, וָואס הָאבִּין נִיט גִיהַאט קֵיין לַייבְּלִיךְ פַארְהַאנְדִין זַיין און פוּן זֵייא הָאט דַארוּם נִיט גִיקָאנְט גִיזָאגְט וֶוערִין אַז זֵייא זֶענִין דָארְט גִ י שְׁ טַ א נִ י ן. אָבִּיר חָאטְשִׁי זֵייא זֶענִין נִיט פַארְהַאנְדִין גִיוֶועזִין אִין יֶענִיר שעה הָאט אִיטְלִיכִיר פוּן זֵייא מקבל גִיוֶועזִין דָאס זַיינִיגִי. און אַזוֹ אִיז עֶס גִישְׁרִיבִּין, ״דִיא לַאסְט פוּן דֶעם וָוארְט פוּן יהוה צוּ ישראל אִין דֶער הַאנְד פוּן מלאכי״ (מלאכי א׳ פסוק א׳). דָא אִיז נִיט גִיזָאגְט אִין דִיא טֶעג פוּן מלאכי, נַייאִירְט אִין דֶער הַאנְד פוּן מלאכי, וָוארִין דִיא דָאזִיגִי וַוייסְזַאגוּנְג אִיז שׁוֹן לַאנְג גִיוֶועזִין אִין זַיינִי הַאנְד, פוּן דֶעם בֶּערְג סיני: אָבִּיר בִּיס צוּ יֶענִיר צַייט אִיז אִיהם נִיט רשות גִיגֶעבִּין גִיוָוארִין צוּ וַוייסְזַאגִין. דֶעסְגְלַייכִין זָאגְט ישעיה,

"פון דער צייט אָן וויא עס איז געוועזין בין איך דאָ" (ישעיה מ"ח ט"ז). ישעיה מיינט צו זאגין, פון דעם טאָג אַז דיא תורה אויף סיני איז געגעבין געוואָרין בין איך דאָרט געוועזין און האָב מקבל געוועזין דיא דאָזיגע ווייסזאגונג, אָבער "נון אדני יהוה האט מיך געשיקט און זיין רוח"; דאס הייסט, ביס דענצומאל איז איהם רשות ניט געגעבין געוואָרין צו ווייסזאגין. אָבער ניט אַלליין אַלי נביאים האָבין מקבל געוועזין פון סיני זייערי ווייסזאגונג, נייערט אויך דיא חכמים אין איטליכים דור, איטליכער פון זייא האט מקבל געוועזין דאס זייניגי פון סיני, און אַזוֹ איז עס געזאָגט, "דיא דאָזיגי ווערטער האָט יהוה גירעט צו אייערי גאנצי פערזאמלונג" (דברים ה' י"ט)" (שמות רבה פרשה כ"א). דער תכלית פון דיא דאָזיגי אויס געטראכטי דערצייהלונג איז גאַנץ קלאָר, דיא רבנים זאָלין דערדורך אָנגעזעהן ווערין מיט דעם כבוד אַז אַלים וואָס זייא זאגין איז גילטיג אמת. דאָ איז געזאָגט אַז דיא רבנים פון איטליכין דור זענין אַלי דערביי געוועזין ביי מתן תורה, און איטליכער האט מקבל געוועזין גלייך פון סיני יעני געזעצליכי פסקים און לערנונגין וואָס ער האָט געזאָלט ביקאָנט מאכין צו דיא וועלט און מילא איטליכי זאך וואָס איין רבי לערנט איז רעכט און אמת גאָר אָן טעות, און אַזוֹ שטאַרק גילטיג וויא דיא רייד פון משה און דיא נביאים, וואָרין "אלהים האָט גירעט אַלי דיא דאָזיגי ווערטער", וויא דיא דאָזיגי דערצייהלונג דערקלערט דעם דאָזיגין פסוק. דיא רבנים פון איטליכין דור זענין דרינין אין דעם כלל, אַזוֹ אַז נאָך דיא דאָזיגי קבלה רייד נאָך געבין דיא חכמים פון ישראל, אפילו אין דער דאָזיגער פערדאָרבינער צייט, נאָך רעכטי לערנונגין גאָר אָן טעות, וואָס זייא האָבין שוין לענגער וויא דרייא טויזינד יאָהר מקבל געוועזין פון דעם מונד פון גאָט זעלבער. אָבער דיא דאָזיגי אויס געטראכטי דערצייהלונג פערזיכערט צו פיל. ווען אַלי ישראל זענין דערביי געוועזין ביי דעם בערג סיני, און איטליכער ביזונדער, אוב נביא, אודער רבי, אודער פראסטאק, האָט מקבל געוועזין דיא תורה דענצומאל, מילא וואָס פאר איין נוצין איז געוועזין אין דער איבירענטפירונג פון איין דור צום אַנדירן, פון פאָטער צום זוהן, פון דיא צייט פון משה אָן ביס איצונד? נאָך מעהר, וואָס פאַר איין נוצין איז איבירהויפט אַנדירי צו לערנין וייל איטליכער מענש האָט דענצומאל מקבל געוועזין דאָס זייניגי? נאָך ווייטער, וואָס פאר איין נוצין איז דאָס געשריבני געזעץ, וואָרין ווען איטליכער מענש איז גילערנט געוואָרין ביי דעם בערג סיני, אַזוֹ האָט ער ניט מעהר נייטיג

איצונד

איצונד צו לֵיינֶען און צו לֶערנֶען. אָבֶּער דאס איז אֵיינֶע זַאך וָואס איטְלִיכֶער ישראל קאן פַאר זיך זֶעלְבֶּער אָב מַאכֶען. לָאז ער זיך זֶעלְבֶּער פְרֶעגֶען, וִויא פִיל ער גֶידֶענְקְט פון דיא דָאזִיגֶע וואוּנְדֶירְלִיכֶע מעשה אין זַיין פַארְהַאנְדֶען זַיין, וִויא ער איז גֶישְׁטַאנֶען בַּייא דֶעם בֶּערְג סיני, און וִויא ער הָאט דיא תורה מקבל גֶיוֶועזֶען פון יהוה זֶעלְבֶּער. דיא ראיות אוֹיס דיא כתבי הקודש וָואס זֶענֶען דָא גֶיבְּרֶענְגְט זֶענֶען קְלָאר נִישְׁט צו דֶעם תכלית. דיא עֶרְשְׁטֶע ראיה איז, „אלהים הָאט גֶירֶעט אַלֶע דיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער צו זָאגֶען" (שמות כ׳ פסוק א׳). אָבֶּער איטְלִיכֶער וָואס וֶועט זיך דיא מִיה גֶעמֶען צו לֵיינֶען דָאס קפיטל וֶועט זֶעהֶען, אַז „אַלֶע דיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער" קֶענֶען נִיט גֵיין אוֹיף דיא נבואות אוֹיך נִיט אוֹיף דיא פסקים פון דיא רבנים, נַייאֶרְט אוֹיף דיא צֶעהֶן גֶיבָּאט און נוּר אוֹיף זֵייא אַלֵיין. אַזוֹ וַוייט פון צו גֶעבֶּען אַלֶע דיא פסקים און פירושים וָואס זֶענֶען שְׁפֶּעטֶער גֶילֶערְנְט גֶיוָוארֶען פון דיא רבנים, גָאט הָאט נוּר גֶירֶעט דיא צֶעהֶן גֶיבָּאט צו דֶעם פָאלְק, און וֶוען זֵייא הָאבֶּען גֶיהֶערְט דיא דָאזִיגֶע, אַזוֹ „הָאבֶּען זֵייא גֶיזָאגְט צו משה, רֵייד דוּ מִיט אוּנְס, און מִיר וֶועלֶען הֶערֶען, אָבֶּער אלהים זָאל נִיט רֵיידֶען מִיט אוּנְס, אַז מִיר זָאלֶען נִיט שְׁטֶערְבֶּען" (פסוק י״ט). דַארוּם צו זָאגֶען אַז דָאס רֵיידֶען פון גָאט „אַלֶע דיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער" איז כולל דיא גַאנְצֶע תורה שבעל פה און אַלֶע פירושים פון דיא רבנים, דָאס צו זָאגֶען איז אֵיינֶע גְרָאבֶּע פֶערְדְרֵייהוּנְג פון דיא וֶוערְטֶער אין דֶעם קפיטל און איז פְּרָאסְטֶע סותר דיא דֶערְצֵייהלוּנְג פון משה.

דֶער נָאהֶנְטְסְטֶער און גֶיוֶויהנְלִיכְסְטֶער פסוק וָואס וֶוערְט גֶידַאכְט צו בֶּעוַויזֶען דיא דָאזִיגֶע אוֹיס גֶיטְרַאכְטֶע דֶערְצֵייהלוּנְג איז דברים כ״ט י״ג י״ד וואוּ עֶס איז גֶיזָאגְט, „נִיט מִיט אַייך אַלֵיינְט פֶערְשְׁנַייד איך דֶעם דָאזִיגֶען בּוּנְד און דיא דָאזִיגֶע שבועה: נַייאֶרְט מִיט דֶעם וָואס איז אַלְהִיא בַּייא אוּנְס, וָואס שְׁטֵייאט הַיינְט פַאר יהוה אוּנְזֶער אלהים, און מִיט דֶעם וָואס איז נִיט אַלְהִיא מִיט אוּנְס הַיינְט". אָבֶּער דֶער דָאזִיגֶער פסוק בֶּעוַוייזְט קְלָאר דֶעם היפוך, אַז דיא אַנְדֶירֶע גֶישְׁלֶעכְטֶער פון ישראל זֶענֶען דָארְט נִיט גֶיוֶועזֶען אין קֵיינֶע שום בֶּעטַייטוּנְג דֶערְפוּן. דיא וֶוערְטֶער אוֹיף לשון הקודש זֶענֶען אַזוֹ שְׁטַארְק וִויא זֵייא קֶענֶען זַיין.

ואת אשר איננו פה עמנו היום.

דיא וָואס דֶער בּוּנְד איז מִיט זֵייא פֶערְשְׁנִיטֶען גֶיוָוארֶען זֶענֶען אַיינְגֶיטְהֵיילְט אין צְוֵוייא קְלַאסֶען, „דֶעם וָואס איז אַלְהִיא, וָואס

שטייאט

שְׁטֶייאט״ , אוּן דֶעם וָואס אִיז נִיט אַלְהִיא״ . וֶוען דָאס וָוארְט „שְׁטֶייאט״ וָואלְט נָאךְ אַמָאל גִיזָאגְט גִיוָוארִין , וֶוען דֶער פסוק וָואלְט גִיזָאגְט , „מִיט דֶעם וָואס שְׁטֶייאט אַלְהִיא אוּן מִיט דֶעם וָואס שְׁטֶייאט נִיט אַלְהִיא״ , אַזוֹ מֶעכְט עֶפִּים אַיין אוּיסְרֵייד גִיקָאנְט זַיין פַאר דִיא דָאזִיגִי אוּים גִיטְרַאכְטִי דֶערְצֵייהלוּנְג ; דִיא רבנים וָואלְטִין גִיקָאנְט אַיין קְוֶועטְשׁ גֶעבִּין אַז חָאטְשִׁי דִיא נִיט גִיבּוֹרִינִי דורות זֶענִין דָארְט נִיט גִישְׁטַאנִין , אַזוֹ זֶענִין זֵייא אִירְגִיץ אַנְדִירְשְׁט גִישְׁטַאנִין ; אָבִּיר דֶער אִיצוּנְדִיגִיר שְׁמוּס פוּן דֶעם פסוק טְהוּט גָאר אַוֶועק אַלִי מִיגְלִיכְקַייט פוּן פַארְהַאנְדִין זַיין , עֶס זַייא בגשמיות אוֹדִיר ברוחניות . „מִיט דֶעם וָואס אִיז נִיט אַלְהִיא , איננו״ וַוייזְט אַז זֵייא זֶענִין דָארְט נִיט גִיוֶועזִין אִין קֵיינִי בִּיטַייטוּנְג .

דִיא ראיה וָואס אִיז גִיבְּרֶענְגְט פוּן מלאכי , „דִיא לַאסְט פוּן דֶעם וָוארְט פוּן יהוה צוּ ישׂראל אִין דֶער הַאנְד פוּן מלאכי״ אִיז שטות. אִיטְלִיכִיר וָואס פֶערְשְׁטֶייט עֶפִּים פוּן לשון הקודש וֵוייס אַז ביד בִּיטַייט „דוּרְךְ״ (אוּיף הוֹךְ דַייטְשׁ אוּיךְ „פֶערְמִיטְטֶעלְסְט״) . אָבִּיר אפילו גִיטַייטְשְׁט נָאךְ דִיא אותיות נָאךְ וֶועט עֶס נִיט בִּיוַוייזִין אַז מלאכי אִיז גִיוֶועזִין בַּייא דֶעם בֶּערְג סיני ? אִין דִיא וֶוערְטִיר אִיז נִישְׁט פַּארְהַאנְדִין אוּנְס צוּ וַוייזִין וֶוען מלאכי הָאט דִיא וַוייסְזַאגוּנְג מקבל גִיוֶועזִין . דִיא ראיה אוּים ישעיה אִיז נָאךְ אוּם גְלִיקְלִיכִיר . דֶער גַאנְצִיר המשךְ וַוייזְט אַז גָאט רֵיידִיט דָאס אִין דֶעם פסוק אוּן נִיט דֶער נָבִיא . באמת מִיר מֶעכְטִין פְרֶעגִין , וֶוען ישעיה הָאט שוֹן גִיהַאט מקבל גִיוֶועזִין אַלִי זַיינִי נְבוּאוֹת בַּייא דֶעם בֶּערְג סיני , וָואס אִיז גִיוֶועזִין דֶער נוּצִין פוּן דִיא דֶערְשַׁיינוּנְג פוּן יהוה זִיצִינְדִיג אוּיף זַיין שְׁטוּהל , אוּן דֶער בִּיפֶעהל וָואס אִיז דָארְט גִיגֶעבִּין גִיוָוארִין (ישעיה ו׳) ? אוּן אַזוֹ מֶעכְטִין מִיר פְרֶעגִין וֶועגִין דִיא מֵייסְטִי פוּן דִיא נביאים . דֶער אופן פוּן שמואל אִיז דָא בפרט וֶוערְטְה בִּיטְרַאכְטִיט צוּ וֶוערִין ׳ נָאךְ דִיא אוֹבִּין גִיבַּאכְטִי קבלה רֵייד נָאךְ אִין דִיא יוּדִישִׁי גִיבֶּעט אִיז שמואל גִיוֶועזִין בַּייא דֶעם בֶּערְג סיני אוּן הָאט דָארְט מקבל גִיוֶועזִין אַלִים וָואס עֶר הָאט גִיזָאלְט זָאגִין אִין דֶער צַייט וֶוען עֶר הָאט גִילֶעבְּט אוּיף דֶער עֶרְד . אוּן דָאךְ וֶוען דָאס וָוארְט פוּן יהוה אִיז גִיקוּמִין צוּ אִיהם אַזוֹ הָאט עֶר נִיט דֶערְקֶענְט דִיא גֶעטְלִיכִי רוּפוּנְג אוּן אִיז דְרַייא מָאל גִיגַאנְגִין צוּ עלי . אוּן צוּם סוֹף הָאט אִיהם עֶרְשְׁט עלי גִיזָאגְט אַז גָאט אִיז עֶס גִיוֶועזִין . נוּן וִויא אַזוֹ זָאל דִיא דָאזִיגִי גִישְׁרִיבִּינִי מעשה צוּזַאמְמִין פַּאסְסִין מִיט דִיא אוֹבִּין גִידַאכְטִי קבלה רֵייד . דִיא קבלה זָאגְט אַז שמואל הָאט גִיהֶערְט דָאס קוֹל פוּן גָאט בַּייא דֶעם בֶּערְג סיני , אַז דָארְט זֶענִין צוּ אִיהם בִּיקָאנְט גִימַאכְט

גיווארין

גִיוָואָרִין אַלִי נבואות רֵייד וָואס עֶר הָאט שְׁפֶּעטִיר גִיזָאלְט זָאגִין, און דָאךְ זָאגִין דִיא כתבי הקודש, „נון שמואל הָאט נָאךְ נִיט גִיקֶענְט יהוה, אוֹיךְ אִיז דָאס וָוארְט פון יהוה נָאךְ נִיט עֶנְטְפְּלֶעקְט גִיוָואָרִין צוּ אִיהם" (שמואל א' קפיטל ג' פסוק ז').

דִיא לֶעצְטִי ראיה אִיז גִיבְּרֶענְגְט פון דברים ה' פסוק י"ט, וֶוען מַאן בִּיטְרַאכְטִיט זִיא אִין אִיהר המשך אַזוֹ בִּיוַוייזְט זִיא אוֹיךְ דֶעם היפוּךְ. דִיא קבלה אִיז מזכיר נור אֵיין טְהֵייל פון דֶעם פסוק, „דִיא דָאזִיגִי וֶוערְטִיר הָאט יהוה גִירֶעט צוּ אַייאֶרִי גַאנְצִי פֶערְזַאמְלוּנְג" ; אָבִּיר וֶוען אִיהר לֵיינְט וַוייטִיר אַזוֹ וֶועט אִיהר גִיפִינְדִין, ולא יסף, „און עֶר הָאט נִיט גִימֶעהְרְט", און דִיא דָאזִיגִי וֶוערְטִיר וַוייזִין קְלָאר אַז יֶענִי וֶוערְטִיר גֵיין נור אוֹיף דִיא צֶעהן גִיבָאט. מילא וַוייל דִיא דָאזִיגִי קבלה רֵייד זֶענִין אַקֵייגִין דִיא כתבי הקודש, אַקֵייגִין דִיא תורה פון משה, אַזוֹ זֶענִין זַייא נוּן שקר, און דַארוּם זֶענִין זַייא נִיט וֶוערְט צוּ שְׁטֵיין צְווִישִׁין דִיא גִיבֶּעט פון דֶעם פָאלְק וָואס גָאט הָאט אוֹיס דֶערְוֶוייהלְט פון אַלִי פֶעלְקִיר פון דֶער עֶרְד צוּ זַיין זַיינִי עדות און דִיא הִיטִירְס פון זַיינִי וַואהרְהַייט. אָבִּיר דֶער דָאזִיגִיר קבלה קָאן מַאן נִיט בְּלוֹיס פָארְוַוארְפִין אַז זִיא אִיז אֵיינִי אוֹיס גִיטְרַאכְטִי דֶערְצֵייהלוּנְג, הָאטְשִׁי אַז דָאס אִיז אַיין זֵייר שְׁטַארְקִיר פָארְוָוארְף קֵייגִין אֵיינִי זַאךְ וָואס וֶוערְט פָארְגִילֵייגְט וִויא אֵיין עיקר אמונה, נַייאִירְט מַאן קָאן אִיהר אוֹיךְ פָארְוַוארְפִין דֶעם תכלית פַאר וָואס מַאן הָאט זִיא ממציא גִיוֶועזִין. זִיא אִיז אוֹיס גִיטְרַאכְט גִיוָואָרִין פַאר דֶעם תכלית שְׁטַארְק צוּ מַאכִין דִיא אוּם בַּארְמְהֶערְצִיגִי גִיוֶועלְטִיגוּנְג ברוּחניות פון דִיא סוֹפרים און פרוּשים אִיבִּיר דִיא גִימוּטְהִיר פון דֶעם פָאלְק. דַארוּם אִיז זִיא נִיט בְּלוֹיס אֵיינִי אוּם רֶעכְטִי דֶערְקְלֶערוּנְג פון דִיא כתבי הקודש, אוֹיךְ נִיט דֶער טְרוֹים פון אֵיין הִיצִיג נַארִישִׁין כח המדמה, נַייאִירְט דִיא אִיבִּירְלֵייגְטִי אוֹיס טְרַאכְטוּנְג פון מֶענְשִׁין וָואס הָאבִּין גִיוואוּקְסט וָואס זַייא ווילְלִין דֶערְמִיט הָאבִּין און הָאבִּין זִיךְ בִּימִיהט דֶערְדוּרְךְ אַיין תכלית צוּ דֶערְגְרֵייכִין, און אַז עֶס זָאל זַייא גוּט גִירָאטְהִין הָאבִּין זַייא זִיךְ קֵיין גִיוִויסְסִין נִיט דְרוֹיס גִימַאכְט אִיבִּיר לֵייגְטִין שקר ממציא צוּ זַיין. דָאךְ זֶענִין זַייא צוּ קְלוּג גִיוֶועזִין אַז זַייא מֶעכְטִין גִיזָאלְט זָאגִין אַז אַלִי טוֹבוֹת פון דֶעם זַיין בַּייא דֶעם בֶּערְג סיני זֶענִין נור פַאר זַייא אַלְלֵיין אַרוֹיס גִיקוּמִין; זַייא הָאבִּין גִיזָאגְט אַז דָאס גַאנְצִי פָאלְק פון ישראל הָאט אֵיינִי טובה גִיקְרִיגִין וָואס מַאכְט זַייא הֶעכִיר אִיבִּיר אַלִי אַנְדִירִי פֶעלְקִיר. דָאס גִיבֶּעט וָואס מִיר הָאבִּין אוֹבִּין מזכיר גִיוֶועזִין וַוייזְט אָן דָאס דָאזִיגִי וֶוען עֶס זָאגְט, „עֶס

איז קיין גיבֶרעך נִיט גיוועזֶען אִין זַייא, וָוארִין זַייא זֶענִין אַלִי גָאר גַאנְץ גיוועזִין". דיא דָאזִיגִי רֵייד פֶערְוִוירְרִין מֶעהר אַיין פְּרָאסְטִין לֵיינִיר פוּן דיא כתבי הקודש וָואס דֶענְקְט אָן דיא אוֹיף פִּיהרוּנְג אוּן אָן דֶעם מהות פוּן דיא ישׂראל וִויא זַייא זֶענִין דָארְט דֶערְצֵייהלְט; דָאךְ דֶער תלמוד הֶעלְפְט אונס צוּ פֶערְשְׁטֵיין דיא דָאזִיגִי לוֹב רֵייד.

מפני מה גוים מזוהמין שלא עמדו על הר סיני שבשעה שבא הנחש על חוה הטיל בה זוהמא ישראל שעמדו על הר סיני פסקה זוהמתן גוים שלא עמדו על הר סיני לא פסקה זוהמתן אמר ליה רב אחא בריה דרבא לרב אשי גרים מאי אמר ליה אע"ג דאינהו לא הוו מזליהו הוה דכתיב את אשר ישנו פה עמנו עומד היום לפני ה' אלקינו ואת אשר איננו פה וגו':

"פאר וָואס זֶענִין דיא גוים אוּם רֵיין. וַוייל זַייא זֶענִין נִיט גישְׁטַאנִין אוֹיף דֶעם בֶּערְג סיני, וָוארִין אִין דֶער שעה אַז דיא שְׁלַאנְג אִיז גיקוּמֶען צוּ חוה הָאט זִיא אִין אִיהר אַרַיין גיוָוארְפִין אַייני אוּם רֵיינִיגְקֵייט, דיא אוּם רֵיינִיגְקֵייט אִיז פוּן דיא ישׂראל אַוֶועק גיטָהאן גיוָוארִין וֶוען זַייא זֶענִין גישְׁטַאנִין אוֹיף דֶעם בֶּערְג סיני, אָבֶּער דיא אוּם רֵיינִיגְקֵייט פוּן דיא גוים אִיז נִיט אַוֶועק גיטָהאן גיוָוארִין, וַוייל זַייא זֶענִין נִיט גישְׁטַאנִין אוֹיף דֶעם בֶּערְג סיני, רב אחא דֶער זוּהן פוּן רבא הָאט גיזָאגְט צוּ רב אשי, וִויא אִיז עֶס מִיט גרים? עֶר הָאט אִיהם גיעֶנְטְפִירְט, חָאטְשִׁי זַייא זֶענִין נִיט דָארְט גיוֶועזִין, זַייאֶר מזל אִיז דָארְט גיוֶועזִין, וִויא עֶס אִיז גישְׁרִיבִּין, "מִיט דֶעם וָואס אִיז אַלְהִיא בַּייא אוּנְס וָואס שְׁטֵייאט הַיינְט צוּ פַאר יהוה אוּנְזֶער אלהים, אוּן מִיט דֶעם וָואס אִיז נִיט אַלְהִיא מִיט אוּנְס הַיינְט" (דברים כ"ט י"ד)" (מסכת שבת דף קמ"ה עמוד ב' גַאנְץ אוּנְטִין אוֹיף דֶעם בְּלַאט). דֶער פירוש אוֹיף דֶעם דָאזִיגִין שְׁטִיק אִיז מזכיר נָאךְ מֶעהר פרטים אוֹיס דֶעם סיפרי אוּן זָאגְט,

כל שעמדו על הר סיני נתקדשו ונטהרו ונתרפאו מכל מום ואף עורים ופסחים שהיו בישראל כדתניא בסיפרי:

"אַלִי וָואס זֶענִין גישְׁטַאנִין אוֹיף דֶעם בֶּערְג סיני זֶענִין גיהֵיילִיגְט אוּן גירֵיינִיגְט גיוָוארִין, אוּן זֶענִין גיהֵיילְט גיוָוארִין פוּן אִיטְלִיכִין גיבְּרֶעךְ, אוֹיךְ דיא בְּלִינְדִי אוּן דיא הִינְקִינְדִיגִי וָואס זֶענִין גיוֶועזִין אִין ישראל, אַזוֹ וִויא עֶס אִיז גילֶערְנְט אִין דֶעם סיפרי". אִין דֶעם דָאזִיגִין טְהֵייל פוּן דיא אוֹיס

גִיטְרַאכְטִי הֶערְצִייהלוּנְג בִּימִיהִין זִיךְ דִיא אוּים טְרַאכְטִירְס פוּן דִיא תּוֹרה שבעל פה צוּ תַּנְפִּינִין דִיא גאוה פוּן דִיא ישראל אוּן אַזוֹ גורם צוּ זַיין זַייאֶרִי לִיבְּשַׁאפְט צוּ יֶענִי קבלה וָואס הָאט גִיזָאלְט זִיכִיר מַאכִין זַייאֶרִי אֵייגִינִי גִיוָואלְט. דִיא סוֹפרים הָאבִּין וְואוהל פֶערְשְׁטַאנִין דִיא פֶערְפִיהְרִינִישׁ פוּן דֶעם מֶענְשְׁלִיכִין הַארְץ אוּן הָאבִּין גִיוואוּסְט אַז מֶענְשִׁין הָאבִּין לִיבּ צוּ הֶערִין אוּן זֶענִין בִּירֵייט צוּ גְלוֹבִּין אִיטְלִיכִי זַאךְ וָואס ווילל טוֹגִין צוּ זַייאֶר אֵייגִין גדלות. אָבִּיר בַּייא זַייאֶרִי דָאזִיגִי חניפה צוּ דֶעם פָאלְק הָאבִּין זֵייא זִיךְ גָאר אַוֶועק גִיקֶעהרְט פוּן דֶעם שְׁטֵייגִיר וָואס משה הָאט זֵייא גִיוִויזִין אוּן זֵייא הָאבִּין גִיטָהאן אַקֵייגִין דֶעם גַאנְצִין המשך פוּן דֶעם צֵייגִינִישׁ פוּן דִיא כתבי הקודש. משה אוּן דִיא נביאים, וִויא דִיא קֶענֶעכְט פוּן גָאט, הָאבִּין דֶעם פָאלְק גִיזָאגְט זַייאֶרִי זִינְד אוּן זַייאֶרִי מעשים רעים כדי אַז זֵייא זָאלִין תשובה טְהוּן אוּן גִיהָאלְפִין (זֶעלִיג) וֶוערִין. זַייאֶר תכלית אִיז נִיט גִיוֶועזִין חן בַּייא דֶעם פָאלְק צוּ הָאבִּין אוֹיךְ נִיט זַייאֶרִי זֶעלְבּ אֵייגִינִי גִישֶׁעפְטִין אוּיס צוּ פִיהְרִין; דַארוּם הָאבִּין זֵייא טַאקִישׁ גִיקָאנְט עֶהרְלִיךְ זַיין אוּן אמת זָאגִין. דֶערְקֵייגִין אָבִּיר דִיא אוּים טְרַאכְטִירְס פוּן דִיא תּוֹרה שבעל פה הָאבִּין זִיךְ בִּימִיהט אוֹיף צוּ שְׁטֶעללִין אֵיינִי פַאבְּרִיק פוּן מֶענְשְׁלִיךְ אֵייגִינִין כבוד אוּן מַאכְט; דַארוּם הָאבִּין זֵייא זִיךְ גִימוּזְט הַאלְטִין אָן דִיא שְׁוַואכִי זַייט פוּן דֶעם מֶענְשְׁלִיכִין הַארְץ; אוּן אִין דֶעם אַז זֵייא הָאבִּין אַזוֹ גִיטָהאן הָאבִּין זֵייא זִיךְ גִימוּזְט גַאנְץ פֶערְקֶעהרְט אוֹיף פִיהְרִין אַקֵייגִין דִיא קְלָארְסְטִי זָאג פוּן דֶעם וָוארְט פוּן גָאט. אַלִי מֶענְשִׁין אוּן אִיטְלִיכִים פָאלְק הָאבִּין לִיבּ צוּ הֶערִין אַז זֵייא זֶענִין בֶּעססִיר פוּן דִיא אִיבְּרִיגִי מֶענְשִׁין אִין דֶער וֶועלְט אוּן אַז זֵייא הָאבִּין אָן זִיךְ גְרֶעסִירִי מעלות מדותיות פוּן אַלִי אַנְדִירִי מֶענְשִׁין. דִיא אוּים טְרַאכְטִירְס פוּן דִיא תּוֹרה שבעל פה הָאבִּין דַארוּם צוּ דִיא ישראל גִיזָאגְט אַז זֵייא זֶענִין פִיל הֶעכִיר גִיוֶועזִין אִיבִּיר אַלִי אַנְדִירִי פֶעלְקִיר, וָוארִין זֵייא זֶענִין בַּייא דֶעם בֶּערְג סיני גִירֵיינִיגְט גִיוָוארִין פוּן דִיא אָנְגִיבּוֹרִינִי אוּם רֵיינִיגְקֵייט וָואס בִּיפְלֶעקְט נָאךְ אַלִי אִיבְּרִיגִי מֶענְשִׁין. אָבִּיר אִיז דָאס אמת? אִיז דָאס וָואס משה אוּן דִיא נביאים זָאגִין? משה זָאגְט, „אוּן דוּ זָאלְסְט וִויסִין אַז נִיט וֶועגִין דַיינִי גִירֶעכְטִיגְקֵייט ווילל יהוה דַיין אלהים דִיר גֶעבִּין דָאס דָאזִיגִי גוּטִי לַאנְד עֶס צוּ עֶרְבִּין, דֶען דוּ בִּיסְט אַיין הַארְט נַאקִינְדִיגִים פָאלְק": „ווידִיר שְׁפֶּענִיג זַייט אִיהר גִיוֶועזִין קֵייגִין יהוה פוּן דֶעם טָאג אָן אַז אִיךְ הָאבּ אַייךְ דֶערְקֶענְט" (דברים ט׳ פסוק ו׳ וכ"ד). ישעיה זָאגְט פוּן ישראל, „פוּן דֶעם בַּאלִין פוּן דֶעם פוּס אָן בִּיס צוּ דֶעם קָאפְּף אִיז

נִיט גַאנְצִים אָן אִיהם, וְואוּנְדִין אוּן בַּייליְן אוּן אֵייטְרִיגִי גִישְׁווִירִין״. ״ווֵייא גִישְׁרִיגִין אִיבִּיר דֶעם זִינְדִיגִין פָאלְק, אִיבִּיר דֶעם פָאלְק וָואס אִיז שְׁווֶער מִיט זִינְד, זָאמִין פוּן דִיא וָואס טְהוּן בֵּייזִים, קִינְדִיר וָואס טְהוּן פֶערְדֶערְבִּין״ (ישעיה א׳ פסוק ד׳ וו׳). אוּן ווִידִיר זָאגְט עֶר, ״ווֵייא צוּ מִיר, ווָארִין אִיךְ ווֶעל פֶערְגֵיין, ווָארִין אִיךְ בִּין אַיין מַאן פוּן אוּם רֵיינִי לִיפִּין, אוּן אִיךְ זִיץ אִין צְווִישִׁין אַיין פָאלְק פוּן אוּם רֵיינִי לִיפִּין״ (ישעיה ו׳ פסוק ה׳). ירמיה זָאגְט, ״קָאן דֶער כושי פֶערְעֶנְדִירְן זַיינִי הוֹיט אוּן דֶער לֶעמְפִּירְט זַיינִי פְלֶעקִין. אַזוֹ ווֶעט אִיהר אוֹיךְ קֶענִין גוּטְס טְהוּן וָואס אִיהר זֶענְט גִיוואוֹהנְט שְׁלֶעכְטְס צוּ טְהוּן״ (ירמיה י״ג פסוק כ״ג). אוּן ווִידִיר, ״אַלִי דָאזִיגִין פֶּעלְקִיר זֶענִין אוּם בִּישְׁנִיטִין, אוּן דָאס גַאנְצִי הוֹיז גִיזִינְד פוּן ישראל זֶענִין אוּם בִּישְׁנִיטִין אִין דֶעם הַארְץ״ (ירמיה ט׳ פסוק כ״ה). יהוה זֶעלְבִּיר זָאגְט צוּ יחזקאל, ״מֶענְשִׁין זוהן, אִיךְ שִׁיק דִיךְ צוּ דִיא קִינְדִיר פוּן ישראל, צוּ אַיין ווִידִיר שְׁפֶּענִיגְדִיג פָאלְק וָואס הָאט ווִידִיר שְׁפֶּענִיגְט קֵייגִין מִיר; זֵייא אוּן זֵייאֶרִי פֶעטִיר הָאבִּין גִיזִינְדִיגְט קֵייגִין מִיר, בִּיס אוֹיף דֶעם הַיינְטִיגִין דָאזִיגִין טָאג: ווָארִין זֵייא זֶענִין אוּם פֶערְשֶׁעמְטִי קִינְדִיר אוּן הַארְט הֶערְצִיג״ (יחזקאל ב׳ פסוק ג׳ וד׳). אוּן ווִידִיר, ״דוּ ווֶערְסְט נִיט גִישִׁיקְט צוּ אַיין פָאלְק פוּן אֵיינִי פְרֶעמְדִי שְׁפְּרַאךְ אוּן פוּן אַיין שְׁווֶער לשון, נַייאִירְט צוּ דֶעם הוֹיז גִיזִינְד פוּן ישראל: נִיט צוּ פִילִי פֶעלְקִיר פוּן אַיינִי פְרֶעמְדִי שְׁפְּרַאךְ אוּן פוּן אַיין שְׁווֶער לשון וָואס דוּ פֶערְשְׁטֵייסְט נִיט זֵייאֶרִי רֵייד, פַאר ווָאהר, ווָאלְט אִיךְ דִיךְ צוּ זֵייא גִישִׁיקְט, זֵייא ווָאלְטִין צוּ דִיר צוּ גִיהֶערְט: אָבִּיר דָאס הוֹיז גִיזִינְד פוּן ישראל, זֵייא ווִילִין נִיט צוּ דִיר צוּ הֶערִין, ווָארִין זֵייא ווִילִין נִיט צוּ מִיר צוּ הֶערִין, ווָארִין דָאס גַאנְצִי הוֹיז גִיזִינְד פוּן ישראל, זֵייא הָאבִּין אַיין שְׁטַארְקִין שְׁטֶערִין אוּן אַיין הַארְט הַארְץ״ (יחזקאל ג׳ פסוק ד׳ בִּיס ז׳ וכו׳). מִיר זֶענִין נִיט מזכיר דִיא דָאזִיגִי פסוקים כדי צוּ ווַייזִין אַז דִיא גוים הָאבִּין אִין זִיךְ אֵיין בֶּעססִירִן ערךְ פוּן טבע ברוחניות. ווַייט דֶערְפוּן; ווֶען מִיר לֵיינִין דִיא דָאזִיגִי רֵייד פוּן דִיא נביאים, אַזוֹ הֶער קֶענִין מִיר דִיא צֵייכִינִס פוּן אוּנְזֶער אֵייגִין בִּילְד. חלילה זָאל עֶס זַיין צוּ אוּנְס זִיךְ צוּ בִּירוּהמִין; מִיר זֶענִין מזכיר דִיא דָאזִיגִי פסוקים כדי אַייךְ צוּ ווַייזִין ווִיא עֶלִינְד אַייאֶרִי תורה שבעל פה בִּימִיהט זִיךְ אַייךְ צוּ פֶערְבֶּלִינְדִין אוּן צוּ גִינַאריִן דֶערְדוּרְךְ אַז זִיא הַנְפִּיט אַייאֶרִי גאוה. זִיא זָאגְט אַייךְ אַז אִיהר זֶענְט גִירֵיינִיגְט גִיוָוארִין פוּן אִיטְלִיכִין פְלֶעק; משה אוּן דִיא נביאים זָאגִין אַייךְ דֶעם אמת, אַז אִיהר זֶענְט גַאנְץ גְלַייךְ ווִיא דִיא אַנְדִירִי מֶענְשִׁין אוּן אִיהר הָאבְּט גָאר נִיט קַיין שוּם

גרעסירקייט

גרעסערקייט אודיר יתרון ברוחניות. מיר ווינטשין אויס צו ווייזין צו אייך
וויא דער דת פון דיא רבנים לערנונג איז גאנץ פּראָסטי אקייגין משה און
דיא נביאים, און איביר אלים, איין צו דרוקין אין אייער גימוטה אריין,
אז דיא מחברים פון דיא דאזיגי תורה שבעל פה זענין ניט ווערטה ביי
אייך נאמנות צו האבין, ווארין זייא האבין פאר זייערי אייגיני טובות
וועגין אויס גיטראכט דערציילונגין און לערנונגין וואס זענין סותר דאס
ווארט פון גאט וואס גיהערט צו זיין דיא בירוהמונג פון ישראל. מיר
ווינטשין צו ווייזין צו אייך וויא גיוויססי עיקרים פון בייזיגקייט גיין אדורך
איטליכין טהייל פון יענים דת, אפילו ניט חוץ יעני גיבעט וואס מאן איז
זייא מתפלל אין דעם דינסט פון גאט בפרהסיא. אויך דארט גיפינין זיך
דיא דאזיגי אויס גיטראכטי דערציילונגין, און מיר פרעגין איטליכין
ישראל וואס האט ליב דיא תורה פון משה אודיר וואס האפפט אויף דיא
הבטחות פון גאט דורך דיא נביאים, וויא קאן ער מיט גיוויססין דערביי
שטיין אין דעם בית הכנסת און הערין וויא מאן איז בפרהסיא סותר דיא
רייד פון משה און דיא נביאים? וויא קאן ער שטילל בלייבין ווען דער
שליח צבור זאגט פון ישראל אז עס איז אין זייא קיין גיברעך ניט. ווארין
זייא זענין אלי גאר גאנץ, ווען ער ווייס און פיהלט אז ער און אלי זייני
ברידיר זענין פונקט אזו גיברעכליך, אזו זינדיג און אזו בעלי חסרונות
וויא דיא אנדירי מענשין? וויא קענין זייא האפפין אויף דיא צורוק
קעהרונג פון דיא גנאד פון גאט צו זייער פאלק אזו לאנג וויא דיא דאזיגי
אויס טראכטונגין זענין איין טהייל פון עבודת אלהים בפרהסיא. משה
לערנט אייני גאנץ אנדירי לערנונג, ער זאגט, „און זייא זאלין מתודה
זיין זייערי מיסיטאט און דיא מיסיטאט פון זייערי פעטיר, און זייערי
איביר טרעטונג וואס זייא האבין איביר טרעטין קייגין מיר, און אויך
אז זייא זענין גיגאנגין מיר צו ווידיר: אויך איך בין גיגאנגין זייא
צו ווידיר, און איך האב זייא גיבראכט אין דעם לאנד פון זייערי
פיינט. ווען דענצומאל זייער פערשטאפפטים הערץ וועט זיך
נידריגין, און זייא וועלין דענצומאל אן נעמין דיא שטראף פון
זייערי מיסיטאט: אזו וועל איך גידענקין מיין בונד מיט יעקב, און
אויך מיין בונד מיט יצחק, און אויך מיין בונד מיט אברהם וועל
איך גידענקין, און איך וועל גידענקין דאס לאנד" (ויקרא כ"ו פסוק
מ' ביז מ"ב). דא ווייזט משה אז אייני איביר צייגונג און
דערקענטניש פון שולד מוז דווקא פאר האנדין זיין פריר פאר דיא

צורוק קעהרונג פון דיא גנאד פון גאט צו דעם פאלק. דיא ישראל מוזין פיהלין אז זייא זענין אזו ווייט פון ריין זיין פון אלי אום ריינגקייט אז זייער הארץ איז פערשטאפפט, און דאס דאזיגי פערשטאפפטי הארץ מוז נידריג ווערין דעמוטיג; אביר וויא איז דאס מיגליך, אזו לאנג וויא דיא תורה שבעל פה און דיא גיבעט פון בית הכנסת לערנין אז דיא ישראל זענין דיא גירעכטיסטי פון אלי מענשין, וייל זייא האבין מקבל געווען דיא תורה וואס דיא אנדירי פעלקיר האבין ניט געוואללט מקבל זיין– און דיא ריינסטי, אודיר פיל מעהר דיא אלליין ריין, פון אלי מענשין, איביר דעם וייל זייא זענין געריינינט געווארין פון איטליכין פלעק ביי דעם בערג סיני? דיא דאזיגי לערנונגין פערהארטין דאס הארץ אקייגין ואהרהאפטיגי דעמוטיגקייט, זענין מבטל וואהרהאפטיגי תשובה, און דערדורך פערשפעטיגין זייא דיא גליקליכקייט און הערליכקייט פון ישראל.



Дозволено Цензурою. Варшава 27 Января (8 Февраля) 1876 г.
Въ Типографіи А. Гинса. Королевская № 1064 D

# НЕСЫВОТЪ ОЛОМЪ

# נתיבות עולם

עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם : ירמיה ו׳ ט״ז

דיא אלטי שטעגין.

## נומר כ״א

ווען משה אודיר דיא נביאים וואלטין ערגיץ גיזאגט , אז גאט האט מיט דיא תורה שבכתב אויך גיגעבין איינו תורה שבעל פה , אזו וואלט אונזער חיוב גיוועזין אוים צו גיפינין וואו זיא איז , און חוקר ודורש צו זיין אוב יעני תורה שבעל פה , וואס איז איצונד דער פערבינדונג שטיין פון דיא איצונדיגי יודישי אמונה , איז דיא אייני וואס איז פון גאט גיגעבין גיווארין . אביר ניט משה און אויך ניט איין אנדירור נביא האט איין ווארט גיזאגט איביר דיא זאך . דיא ווערטיר תורה שבעל פה גיפינין זיך אין ערגיץ נישט אין דיא כתבי הקודש , אויך איז דארט קיין גידעכטיניש ניט פון דיא זאך זעלביר . ווען דיא כתבי הקודש וואלטין קלאר הין גיוויזין אויף דאס פארהאנדין זיין פון דיא זאך , אזו וואלטין מיר זיך ניט גישפארט וועגין דעם נאמין , וואס וואלט גיקאנט אוים גיטראכט זיין מחמת קיצור און הנאה . אביר עס איז ווערטה צו ביטראכטין אז ווען משה האט גיבאטין אז דיא תורה זאל עפפינטליך גילייענט ווערין אין דיא אוהרין פון דעם גאנצין פאלק , אזו זאגט ער קייני הברה ניט פון דיא דערקלערונג שבעל פה , וואס וואלט גימוזט לכל הפחות גליך וויכטיג זיין ווען זיא וואלט פארהאנדין גיוועזין ; און מכל שכן נאך אזו אז דיא נביאים דערנאך האבין אזו גאר שטילל גישוויגין פון דעם וואס איז איצונד דיא הויפט זאך פון דיא אמונה פון ישראל און איז דער שליסיל צו דיא מנהגים און תפלות פון בית הכנסת . דאס דאזיגי שטילל שווייגין איז אין זיך זעלביר איין השד . קייגין דיא תורה שבעל פה און נייטיגט אונס צו פרופין דעם ביוויז פון איהרי קבלה . דער ערשטיר שריט איז דא בישטימט צו ווייזין דעם מהות פון דיא עדות וואס זאגין אז

זייא הָאבִּין דִיא תורה שבעל פה מקבל גִיוֶועזִין פוּן זֵייאֶרִי פֶעטִיר אוּן הָאבִּין זִיא בקבלה מוסר גִיוֶועזִין צוּ דִיא דורות נָאךְ זֵייא. וֶוען עֶס וַוייזְט זִיךְ, אַז אִין זֵייאֶר כלל בִּיצַייגִינִיש הָאבִּין זֵייא נִיט גִיזֶעהִין בְּלוֹס אוֹיף זֵייאֶרִי אֵייגִינִי טובה אוּן הָאבִּין לִיבּ גִיהַאט אמת, וָואס מַאן הָאט זֵייא קֵיין מָאל נִיט גִיקָאנְט אוֹיס וַוייזִין אַז זֵייא הָאבִּין פֶערְדְרֵייהט וַואהרְהַייט כדי אַז עֶס זָאל זֵייא דֶערפוּן בִּיזוּנְדִירִי טובות אַרוֹיס קוּמִין, אוֹיךְ נִיט אַז זֵייא הָאבִּין אָן גִינוּמִין אוּן פֶערְבְּרֵייט אוֹיס גִיטְרַאכְטִי דֶערְצֵייהלוּנְגִין פַאר אמת גִילְטִיגִי מעשות, אַזוֹ וֶועט זֵייאֶר בִּיצַייגְנִיש אִין דֶעם דָאזִיגִין בִּיזוּנְדִירְן ענין פִיל וֶוערְטה זַיין. אָבִּיר וֶוען עֶס קָאן בִּיוַויזִין וֶוערִין, אַז עֶנְטְוִויר מחמת אִיבִּירְלֵייגְטִין חשק צוּ בִּיטְרוּגִין, אוֹדִיר מחמת נִיט טוֹיגִין צוּ פְּרוּפִין ראיות אוּן אַיין חילוק צוּ מַאכִין צְוִוישִׁין גִישֶׁעהִינִי זַאכִין אוּן צְוִוישִׁין אוֹיס גִיטְרַאכְטִי זַאכִין הָאבִּין זֵייא בקבלה מוסר גִיוֶועזִין אֵיינִי אוּם גִיהֵייאִירִי קוּפָּה פוּן נַארִישִׁי אוֹיס טְרַאכְטוּנְגִין פַאר אמת גִילְטִיגִי מעשות, אַזוֹ אִיז זֵייאֶר עדות נִישְׁט וֶוערְטה, וַוייל דִיא דֶערְצֵייהלוּנְג פוּן אֵיינִי תורה שבעל פה הָאט קֵיין אַנְדִירְן בִּיוַוייז נִיט אַזוֹ מוּז זִיא צוּ גִירֶעכִינְט וֶוערִין צְוִוישִׁין דִיא אַנְדִירִי אוֹיס טְרַאכְטוּנְגִין וָואס זֶענִין אִיבִּיר גִיעֶנְטְפִירְט גִיוָוארִין בִּיס אִיצוּנְד אוֹיף זֵייאֶר נאמנות. אַז דִיא דֶערְצֵייהלוּנְג פוּן דֶעם גֶעבִּין אוּן מוסר זַיין פוּן דִיא תורה שבעל פה גְרוּנְדִיט זִיךְ אַלֵּיין אוּן אוֹיס שְׁלִיסְלִיךְ אוֹיף דֶעם צַייגְנִיש פוּן דִיא רבנים אִיז קְלָאר אוֹיס דִיא דֶערְצֵייהלוּנְג זֶעלְבִּיר, אַזוֹ וִויא זִיא גִיפִינְט זִיךְ אִין דֶעם יד החזקה (אִין דֶער הקדמה בַּאלְד אִין אָנְהוֹיבּ).

כל המצות שניתנו לו למשה בסיני בפירושן ניתנו שנאמר ואתנה לך את לוחות האבן והתורה והמצוה. תורה זו תורה שבכתב. והמצוה זו פירושה. וצונו לעשות התורה על פי המצוה ומצוה זו היא הנקראת תורה שבעל פה:

"אַלִי דִיא גִיבָּאט וָואס זֶענִין גִיגֶעבִּין גִיוָוארִין צוּ משה זֶענִין מִיט זֵייאֶר פירוש גִיגֶעבִּין גִיוָוארִין, וָוארִין עֶס אִיז גִיזָאגְט, "אִיךְ וֶועל גֶעבִּין צוּ דִיר דִיא טַאפִילִין פוּן שְׁטֵיין אוּן דִיא לֶערְנוּנְג, אוּן דָאס גִיבָּאט" (שמות כ"ד פסוק י"ב). "דִיא לֶערְנוּנְג" דָאס אִיז דִיא תורה שבכתב. "אוּן דָאס גִיבָּאט", דָאס אִיז אִיהר פירוש. אוּן עֶר הָאט אוּנְס גִיבָּאטִין מקיים צוּ זַיין "דִיא לֶערְנוּנְג" נָאךְ "דֶעם גִיבָּאט" נָאךְ. אוּן דָאס גִיבָּאט אִיז דָאס וָואס וֶוערְט גִירוּפִין תורה שבעל פה". באמת דִיא

רבנים האבין גימוזט זיין שוועה ביזארגט ווען זייא האבין אויס דערוויילט דעם דאזיגין פסוק צו ביווייזין דאס פארהאנדין זיין פון איינר תורה שבעל פה. דער שארפיר און קלאריר שכל פון דעם קלוגין רמב"ם האט קלאר גיפיהלט דיא שוועריגקייט; דארום, כדי דעם ביווייז צו געבין עפיס איין אויס זעהיניש פון אמת, אזו האט ער אוועק גילאזט דעם סוף פון דעם פסוק וואס ער איז מזכיר פון דיא כתבי הקודש ארויס. ער זאגט, "ווארין עס איז גיזאגט, "איך וועל געבין צו דיר דיא טאפילן פון שטיין, און דיא לערנונג, און דאס גיבאט" " און דא בלייבט ער שטיין, אביר לאז איטליכיר יוד אויף עפינין זיין חומש און ליינין דאס איבריגי, און ער וועט גיפינין אז דאס גאנצי איז אזו, "איך וועל געבין צו דיר דיא טאפילן פון שטיין, און דיא לערנונג, און דאס גיבאט, וואס איך האב גישריבין זייא צו לערנין". אויך גיט איין ווארט איז דא וועגין איינר תורה שבעל פה, נייארט וועגין דיא וואס גאט האט גישריבין. עס איז אמת אז דאס שטיק פון דעם תלמוד וואס דער רמב"ם האט דערפון ארויס גינומין דיא דאזיגי לערנונג איז מזכיר דאס גאנצי, אביר עס דאכט זיך פון דעם שטיק וואס ער האט מקצר גיוועזין אז גלייך ער וואלט זיך גישעמט איבר דיא דערקלערונג וואס איז דארט גיגעבין און האט גימיינט אז עס מעגט קלוגיר זיין עס אוועק צו לאזין. אביר ווייל עס איז איינס פון דיא הויפט שטיקיר וואס אונטיר שטיצין דיא לערנונג פון איינר תורה שבעל פה, אזו מוז עס ביטראכטיט ווערין.

ואמר רבי לוי בר חמא אמר רבי שמעון בן לקיש מאי דכתיב ואתנה לך את לוחות האבן והתורה והמצוה אשר כתבתי להורותם לוחות אלו עשרת הדברות תורה זה מקרא והמצוה זו משנה אשר כתבתי אלו נביאים וכתובים להורותם זה גמרא מלמד שכלם ניתנו למשה מסיני:

"און רבי לוי דער זוהן פון חמא האט גיזאגט, רבי שמעון דער זוהן פון לקיש האט גיזאגט, וואס איז דאס וואס איז גישריבין "איך וועל געבין צו דיר דיא טאפילן פון שטיין, און דיא לערנונג, און דאס גיבאט, וואס איך האב גישריבין זייא צו לערנין"? "דיא טאפילן" דאס זענין דיא צעהן גיבאט. "דיא לערנונג" דאס איז מקרא. "דאס גיבאט" דאס איז דיא משנה. "וואס איך האב גישריבין" דאס זענין דיא נביאים און כתובים. "זייא צו לערנין" דאס איז דיא גמרא.

„עס לערנט אונס אַז זייא אַלע זענען געגעבן געוואָרן צו משה פון סיני" (מסכת ברכות דף ה' עמוד א') קאָן איין מענש מיט געווינדן פערשטאַנד אָן געמין דיא דאָזיגע דערקלערונג, וואָס וואַרפט אַוועק גאַנץ דקדוק אין המשך און זאָגט גאַנץ ע״ינצט אַז ניט אַללעין דיא תורה און איהר פירוש, נייאירט אויך דיא נביאים און דער גאַנצער תלמוד זענען געגעבן געוואָרן צו משה ביי דעם בערג סיני? וועט ער זיין אייגנן שכל און דאָס וואָרט פון דעם לעבנדיגן גאָט אַוועק געבן פאַר דעם נאמנות פון ר' שמעון בן לקיש? עס קאָן ניט מעגליך איינע ראיה פאַרהאַנדן זיין וואָס מעכט ביוויזן דעם שקר פון דיא דערציהלונג וועגן דיא תורה שבעל פה אַזוי שטאַרק וויא דיא דאָזיגע דערקלערונג, וואָס ווערט גיהאַלטן פאַר איינע פון איהרע הויפט גרונדפעסטונגן. דיא ווערטער פון משה וואָס ווערן דאָ פערדרעהט זיינען קלאָר פון דעם וואָס גאָט האָט געשריבן. „איך וועל געבן צו דיר דיא טאַפלן פון שטיין, און דיא לערנונג, און דאָס גיבאָט, וואָס איך האָב געשריבן זייא צו לערנען". האָט גאָט געשריבן דיא תורה שבעל פה און זיא געגעבן צו משה? וואָס איז דערנאָך אוים איהר געוואָרן? ווען זיא איז געוועזן געשריבן, שבכתב, וויא אַזוי איז זיא געוואָרן מינדליך, שבעל פה? דיא דאָזיגע ווערטער "וואָס איך האָב געשריבן" האָבן גאָר פערוויררט גימאַכט דיא רבנישע מפרשים וואָס האָבן ניט געוואוסט וויא אַזוי צו פעראייניגן דיא קלאָרע און דייטליכע מיינונג פון דיא ווערטער מיט דיא דאָזיגע דערקלערונג וואָס איז שוין אויף זייא אַרויף געלייגט געוועזן אין דעם תלמוד. רש״י דאַכט זיך האָט גימיינט אַז דיא שוועריגקייט מעכט אַוועק געשאַפט ווערן דורך דיא רייד

כל שש מאות ושלש עשרה מצות בכלל עשרת הדברות הן:

„אַלע זעקס הונדערט און דרייא צעהן גיבאָט זענען אין דעם כלל פון דיא צעהן גיבאָט" (אין דעם פירוש אויף שמות כ״ד פסוק י״ב). אָבער דאָס, האָטשע עס איז אַכט אין איינע ביטייטונג, אַזוי וועט עס דאָך ניט אַוועק ברענגן דיא שוועריגקייט. גאָט זאָגט צו, צו געבן צו משה דיא לערנונג און דאָס גיבאָט וואָס ער האָט געשריבן. ווען דיא תורה שבעל פה איז ניט געשריבן געוועזן, אַזוי איז זיא ניט געוועזן אין דעם כלל דערפון. סעדיה גאון, וויא דער אבן עזרא איז איהם מזכיר, לייגט איין אַנדערן תירוץ פאָר.

אמר הגאון כי אשר כתבתי דבק עם לוחות האבן לא עם התורה והמצוה כי השם לא כתב רק עשרת הדברים :

„דער גאון זאגט אז דיא ווערטיר "וואס איך האב געשריבין" מוזין פערבונדין ווערין מיט דיא ווערטיר "דיא טאפילן פון שטיין", און ניט מיט "דיא לערנונג און דאס געבאט", וואָרין גאט האט נור דיא צעהן געבאט געשריבין". אָבּיר צום אום גליק פאר איין זאלכין פירוש האט משה זייא אזוי פערבונדין, און מיר האבין קיין רשות ניט זייני אָרדינונג צו פערדרייהין. דער אבן עזרא זעלביר, נאך דעם אז ער איז מזכיר דיא דערקלערונג פון דעם תלמוד, אזוי זאגט ער זייני אייגיני מיינונג אז דיא דאזיגי ווערטיר גיין אויף דיא צעהן געבאט. ער זאגט

ולפי דעתי כי התורה הדבור הראשון והחמישי והמצוה השמונה הדברים :

„אָבּיר נאך מייני דעה נאך גייט "דיא לערנונג" אויף דעם ערשטין און פינפטין געבאט; און "דאס געבאט" אויף דיא אכט אנדירי" (אבן עזרא, פירוש אויף יענים פסוק). דאס איז נאהנטיר צום אמת. גאט האט צו משה געגעבין דיא לערנונג און דאס געבאט וואס ער האט געשריבין; אָבּיר, אזוי וויא סעדיה איז מודה, גאט האט נור געשריבין דיא צעהן געבאט, דארום זענין דיא צעהן געבאט דאס אייגיני וואס "דיא לערנונג און דאס געבאט". אימיציר וועט אפשר זאגין אז עס שטיין דא ווערטיר אום זונסט, אז ווען גאט זאגט, איך וועל געבין צו דיר דיא טאפילן פון שטיין", אזוי מיינט ער דיא צעהן געבאט, און אז דארום זענין דיא צו געגעביני ווערטיר "דיא לערנונג און דאס געבאט" נור איינע ניט נייטיגי זאגונג נאך איין מאל דם אייגיני. אָבּיר דאס איז ניט אמת. מיט דיא ווערטיר "דיא טאפילן פון שטיין" מיינט גאט דיא טאפילן פון שטיין. ער וואלט געקאנט געבין צו משה דיא צעהן געבאט אן דיא שטיינירני טאפילן, אודיר ער וואלט איהם געקאנט געבין דיא שטיינירני טאפילן אן דיא צעהן געבאט; אָבּיר ווייל ער האט געוואללט איהם ביידים געבין אזוי זאגט ער, "איך וועט געבין צו דיר דיא טאפילן פון שטיין, און דיא לערנונג, און דאס געבאט". אויך איז קייני שוועריגקייט ניט דא אין דעם אז דיא דאזיגי צעהן געבאט הייסין ביידים „לערנונג און געבאט". וועגין דעם אז זייא זענין געוועזין אייגיני

עֶנְטְפְּלֶעקוּנְג פוּן דֶעם ווילְלִין פון גָאט הָאבִּין זַייא מִיט רֶעכְט דֶעם נָאמִין תורה , "לֶערְנוּנְג" און וֶוענִין דֶעם אַז זַייא זֶענִין גִיגֶעבִּין גִיוָוארִין אַז מַאן זָאל זַייא גִיהָארְכִין און טְהוּן הָאבִּין זַייא דֶעם נָאמִין המצוה, דָאס גִיבָּאט". דַארוּם אִיז דֶער פְּרָאקְטִיר פשט , אַז גָאט זָאגְט צוּ , צוּ גֶעבִּין דִיא צֶעהְן גִיבָּאט וָואס עֶר הָאט גִישְׁרִיבִּין . אִיטְלִיכִי אַנְדִירִי זַאךְ , דַארוּם אוֹיךְ דִיא תורה שבעל פה אִיז דֶערפוּן אוֹיס גִישְׁלָאסִין . דַארוּם גִיבְּט דֶער דָאזִיגִיר פסוק קֵיינִי הִילְף נִיט צוּ דִיא לֶערְנוּנְג אַז משה הָאט מקבל גִיוֶועזִין אֵיינִי תורה שבעל פה אַזוֹ גוּט וִויא אֵיינִי תורה שבכתב אוֹיף דֶעם בֶּערְג סיני . באמת , דִיא שְׁרֶעקְלִיכִי פֶּערְדְרֵייהוּנְג וָואס זַייא הָאבִּין גִימַאכְט מִיט דֶעם דָאזִיגִין פסוק וַוארְפְט אַיין שְׁלֶעכְט נאמנות אוֹיף דִיא גַאנְצִי תורה שבעל פה ; און דִיא נוֹטְוֶוענְדִיגְקֵייט פוּן אֵיינִי זָאלְכִי פֶּערְדְרֵייהוּנְג וַוייזְט אַז עֶס אִיז קֵיין קְלָארִיר פסוק נִיט דָא גִיוֶועזִין אִין דִיא שְׁרִיפְטִין פוּן משה וָואס דִיא אוֹיסְטְרַאכְטִירְס פוּן דִיא תורה שבעל פה הָאבִּין זִיא פוּן אִיהם גִיקָאנְט אוֹיס וַוייזִין .

אַזוֹ מוּז נוּן דִיא גִילְטִיגְקֵייט פוּן דִיא תורה שבעל פה זִיךְ אִין גַאנְצִין גְרוּנְדְפֶעסְטִיגִין אוֹיף דֶעם מהות פוּן דִיא עדות וָואס הָאבִּין זִיא בקבלה מוסר גִיוֶועזִין . אָבִּיר דָאס אִיז אַיין זֵייר זַאנְדִיגִיר גְרוּנְד , וָוארִין מִיר הָאבִּין שׁוֹן גִיזֶעהִין אַז דִיא דָאזִיגִי לַייט זֶענִין גִיוֶועזִין שוּלְדִיג וֶועגִין אוֹיס טְרַאכְטוּנְג און פֶּערְבְּרֵייטוּנְג פוּן דִיא נַארִישְׁקְסְטִי שְׁמָאנְצִים , דַארוּם אִיז זֵייאֶר צֵייגְנִיש גָאר נִיט וֶוערְטה . דָאס אִיז שׁוֹן פִּיל מָאל בִּיוִויזִין גִיוָוארִין ; אָבִּיר עֶס אִיז אֵיינִי דֶערְצֵייהלוּנְג פַּארְהַאנְדִין וָואס מִיר הָאבִּין צוּ אִיהר אִין אוּנְזֶער לֶעצְטִין נוּמְר קֵיין פְּלַאץ נִיט גִיהַאט , און וַוייל זִיא אִיז גַאנְץ בַּאלְד פֶּערְבּוּנְדִין מִיט מתן תורה , אַזוֹ מוּז זִיא אִיצוּנְד בִּיטְרַאכְטִיט וֶוערִין . וִויא דִיא אַנְדִירִי , אַזוֹ קוּמְט זִיא פַאר אוּנְס מִיט הסכמה דוּרְךְ אִיהְרִי אַיינְפִיהרוּנְג אִין דִיא תפלות פוּן בית הכנסת , וָואס אִין זַייא גִיפִינְט זִיךְ דִיא דָאזִיגִי קְלָארִי אַהִינְוַוייזוּנְג דְרוֹיף :

ויקרא לציר ולמרומו העלו . ובינו לבין עם שלישי עלו . והעמידו ונגש אל ערפלו . ופנים בפנים דבר לו . וקרנים מידו לו . ידודון ידודון רעשו לו . ודברו לפני צור ואמרו לו . מה אנוש כי תגדלו . ומה תחשבהו למקומנו להעלו . קנין שעשועים להנחילו .

"וֶוען עֶר הָאט גִירוּפִין דֶעם שליח (משה) און הָאט אִיהם גִימַאכְט אַרוֹיף גֵיין אִין הִימֶל אַרַיין , און הָאט אִיהם בִּישְׁטִימְט וִויא דִיא דְרִיטִי פֶּערְשׁוֹן

צווישן

צְווִישֶׁן זִיךְ און זַיין פָּאלְק, און הָאט איהם גִילָאזְט זִיךְ גִינֶעהנֶען און שְׁטֵיין אִין דֶער דִיקֶיר פִינְסְטֶירְנִיש, און הָאט צוּ אִיהם גִירֶעט אַנְגִיזִיכְט צוּ אַנְגִיזִיכְט, און שְׁטְרַאהלִין זֶענֶען גִישְׁטְרָאמְט פוּן זַיינֶי הַאנְד צוּ אִיהם, זֶענֶען דִיא מלאכים בִּיוֶועגְט גִיוֶועזִין, און הָאבִּין גִירוּישְׁט צוּ אִיהם; און צוּ פַאר דֶעם בִּישֶׁעפְּפִיר הָאבִּין זַייא גִירֶעט און צוּ אִיהם אַזוֹ גִיזָאגְט וָואס אִיז דֶער מֶענְשׁ אַז דוּ זָאלְסְט אִיהם גְרוֹס מַאבִין, און פַאר וָואס זָאלְסְטוּ אִיהם אַזוֹ חשוב הַאלְטִין אִיהם אַרוֹיף צוּ בְּרֶענְגִין צוּ אוּנְזֶער אוֹרְט און אִיהם צוּ מַאבִין עֶרְבִּין דָאס לִיבְּלִיכִי פֶערְמֶעגִין (דִיא תורה)? "(שבועות גִיבֶּעט דף פ"ח). דָא אִיז עֶס קְלָאר גִיזָאגְט, אַז דִיא מלאכים הָאבִּין טענות גִיבְּרֶענְגְט צוּ גָאט אִיבִּיר דֶעם בִּיווִיזִינְין חכד צוּ משה. דִיא דָאזִיגֶי סיבה גִיפִינְט זִיךְ נִיט אִין דִיא שְׁרִיפְטִין פוּן משה, נַייאִירְט זִיא אִיז דֶערְצֵייהלְט אִין דֶעם תלמוד, און דִיא פרטים שְׁטֵייט דָארְט אַזוֹ:

בשעה שעלה משה למרום אמרו מלאכי השרת לפני הקב"ה רבונו של עולם מה לילוד אשה בינינו אמר להן לקבל תורה בא אמרו לפניו חמודה גנוזה שגנוזה לך מששת ימי בראשית תשע מאות ושבעים וארבעה דורות קודם שנברא העולם אתה מבקש ליתנה לבשר ודם מה אנוש כי תזכרנו ובן אדם כי תפקדנו ה' אדונינו מה אדיר שמך בכל הארץ אשר תנה הודך על השמים אמר לו הקב"ה למשה חזור להן תשובה אמר לפניו רבונו של עולם מתיירא אני שמא ישרפוני בהבל שבפיהם אמר לו אחוז בכסא כבודי וחזור להן תשובה שנאמר מאחז פני כסא פרשז עליו עננו ואמר רבי נחום מלמד שפירש שדי מזיו שכינתו ועננו עליו אמר לפניו רבונו של עולם תורה שאתה נותן לי מה כתיב בה אנכי ה' אלהיך אשר הוצאתיך מארץ מצרים אמר להן למצרים ירדתם לפרעה השתעבדתם תורה למה תהא לכם שוב מה כתיב בה לא יהיה לך אלהים בין ערלים אתם שרויין שעובדין ע"ז שוב מה כתיב בה זכור את יום השבת לקדשו כלום אתם עושים מלאכה שאתם צריכין שבות שוב מה כתיב בה לא תשא משא ומתן יש ביניכם שוב מה כתיב בה כבד את אביך ואת אמך אב ואם יש לכם שוב מה כתיב בה לא תרצח לא תנאף לא תגנב קנאה יש ביניכם יצר הרע יש ביניכם מיד הודו לו להקב"ה:

"אִין דֶער שעה וֶוען משה אִיז אַרוֹיף גִיגַאנְגֶען אִין דִיא הֵייךְ הָאבִּין דִיא מלאכים וָואס טְהוּן בִּידִינְין גִיזָאגְט פַאר גָאט, הֶערר פוּן דֶער וֶועלְט,

וואס

וָואס פַאר אַיין גִישֶׁעפְט הָאט צְווִישֶׁן אוּנְס דֶער וָואס אִיז גִיבוֹהרִין פוּן אַיין וַוייבּ ? עֶר הָט צוּ זֵיי גִיעֶנְטְפֶירְט , עֶר אִיז גִיקוּמִין מקבל צוּ זַיין דִיא תורה . זֵייא הָאבִּין גִיזָאגְט פַאר אִיהם , דִיא דָאזִיגֶי בִּיהַאלְטִינִי לִיבְּלִיכְקֵייט וָואס אִיז גִיוֶועזִין בִּיהַאלְטִין בַּייא דִיר פוּן דִיא זֶעקְס טֶעג פוּן דִיא בִּישֶׁעפְּפוּנְג , נַיין הוּנְדֶירְט אוּן פִיר אוּן זִיבִּינְצִיג גִישְׁלֶעכְטִיר אֵיידִיר דִיא וֶועלְט אִיז בִּישַׁאפְּפִין גִיוָוארִין , זִיא וִוילְלְסְט דוּ גֶעבִּין צוּ פְלֵייש אוּן בְּלוּט , וָואס אִיז דֶער מֶענְש אַז דוּא זָאלְסְט אָן אִיהם דֶענְקִין , אוּן דֶער מֶענְשִׁין זוּהן אַז דוּא זָאלְסְט אִיהם גִידֶענְקִין ? יהוה אוּנְזֶער אדני וִויא הֶערְלִיךְ אִיז דַיין נָאמִין אוֹיף דֶער גַאנְצִיר עֶרְד , וָואס דוּ זֶעצְטְ דַיינֶע שֵׁיינְהַייט אִיבִּיר דִיא הִימֶל . הקדוש ב"ה הָאט גִיזָאגְט צוּ משה , גִיבּ זֵייא אֵיינֶע עֶנְטְפִיר . עֶר הָאט גִיזָאגְט פַאר אִיהם , הֶערר פוּן דֶער וֶועלְט , אִיךְ פוּרְכְט מִיךְ , טָאמִיר וֶועלִין זֵייא מִיךְ פֶערְבְּרֶענִין מִיט דֶעם הוֹיךְ פוּן זֵייעֶר מוּנְד . עֶר הָאט צוּ אִיהם גִיזָאגְט , הַאלְט דִיךְ אָן דֶעם שְׁטוּהל פוּן מַיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט אוּן גִיבּ זֵייא אֵיינֶע עֶנְטְפִיר , וָוארִין עֶס אִיז גִיזָאגְט , „עֶר וָואס הַאלְט דָאס אַנְגִיזִיכְט פוּן זַיין שְׁטוּהל , עֶר שְׁפְּרֵייטִיט זַיין וָואלְקִין אִיבִּיר אִיהם" (איוב כ"ו פסוק ט'). אוּן רבי נחום הָאט גִיזָאגְט , דָאס לֶערְנְט אוּנְס אַז דֶער אַלְמֶעכְטִיגִיר הָאט גִישְׁפְּרֵייט פוּן דִיא הֶערְלִיכְקֵייט פוּן זַיינֶע שכינה אוּן זַיין וָואלְקִין אִיבִּיר אִיהם . עֶר הָאט פַאר אִיהם גִיזָאגְט , הֶערר פוּן דֶער וֶועלְט , וָואס אִיז גִישְׁרִיבִּין אִין דֶער תורה וָואס דוּ גִיבְּסְט מִיר ? „אִיךְ בִּין יהוה דַיין אלהים , וָואס אִיךְ הָאבּ דִיךְ אַרוֹיס גִיבְּרֶענְגְט פוּן דֶעם לַאנְד מצרים" . עֶר הָאט צוּ זֵייא גִיזָאגְט , זֶענְט אִיהר אַרָאבּ גִינֶידִירְט קֶעגִין מצרים , הָאבְּט אִיהר גִידִינְט צוּ פרעה , נָאךְ וָואס זָאלְט אִיהר הָאבִּין דִיא תורה ? וִוידִיר , וָואס אִיז גִישְׁרִיבִּין אִין אִיהר ? „עֶס זָאלִין קֵיינֶע אַנְדִירֶע גֶעטִיר נִיט זַיין צוּ דִיר" . (עֶר הָאט זֵייא גִיפְרֶעגְט) וואוֹהנְט אִיהר צְווִישֶׁן דִיא אוּם בִּישְׁנִיטִינֶע וָואס דִינִין עבודה זרה ? וִוידִיר , וָואס אִיז גִישְׁרִיבִּין אִין אִיהר ? „גִידֶענְק דֶעם טָאג פוּן שבת אִיהם צוּ הֵיילִיגִין" . טְהוּט אִיהר דֶען עֶפִּיס אַרְבֵּייט , אַז אִיהר זָאלְט בִּידַארְפִין רוּהוּנְג ? וִוידִיר , וָואס אִיז גִישְׁרִיבִּין אִין אִיהר ? „דוּ זָאלְסְט נִיט אוֹיף הֵייבִּין דֶעם נָאמִין פוּן יהוה" וכו' . אִיז דֶען משא ומתן צְווִישֶׁן אַייךְ פַארְהַאנְדִין ? וִוידִיר , וָואס אִיז גִישְׁרִיבִּין אִין אִיהר ? „עֶהְרֶע דַיין פָאטִיר אוּן דַיינֶע מוּטִיר" . הָאבְּט אִיהר דֶען פָאטִיר אוּן מוּטִיר ? וִוידִיר , וָואס אִיז גִישְׁרִיבִּין אִין אִיהר ? "דוּ זָאלְסְט נִיט טוֹט שְׁלָאגִין , דוּ זָאלְסְט נִיט מְנָאף זַיין , דוּ זָאלְסְט נִיט שְׁטֶעהלִין" . הָאבְּט אִיהר דֶען נֵיידִישְׁקֵייט

(קנאה) אודיר יצר הרע? תיכוף האבין זייא גילויבט הקדוש ב"ה וכו'. (מסכת שבת דף פ"ח עמוד ב' וכו') . עס איז ניט גייטיג צו בעווייזען אז דיא דאזיגי דערצייהלונג איז איינע אוים טראכטונג. דיא נאריש־קייט פון דעם גאנצין שטיק איז צו דייטליך. צו וואס פאר איין תכלית זאלטין דיא מלאכים ביגעהרין צו האבין תורת משה, אודיר מקנא זיין דיא מענשין וואס זיא איז צו זייא גיגעבין גיווארין? איז עס מיגליך אז דיא גייסטיר (רוחות) וואס דינין פאר דעם כסא הכבוד פון גאט, האבין ניט גיקאנט זעהין דאס ניט פאסטין פון דיא תורה שבעל פה פאר זייא, בים משה האט עס זייא גיוויזין צו איבירלייגין? מיר מיינין אז ווען דיא דאזיגי מעשה וואלט אמאל גישעהין, אזוי וואלט משה זייא גיגעבין אנדירי פסוקים פון דיא תורה מעהר צום תכלית, אביר זיא איז קלאר איינע נארישי דערציילונג אוים גיטראכט פון דיא ביטרוגירישי און אוים גיבריים פון דיא גרינג גלייביגי. דיא דאזיגי צווייא דערצייהלונגן, אז משה האט מקבל גיוועזין דיא תורה שבעל פה, און אז ער האט זיין ויכוח גיהאט מיט דיא מלאכים אין הימל, קומין אזוי צו אונס מיט איינירלייא גילטיגקייט; זייא זענין ביידי סיבות אין איינער מעשה; און דאס נארישעוואטי פון דיא איינע נעמט אוועק דאס גאנצי נאמנות פון דיא אנדירי. דיא תורה שבעל פה גרונדפעסטיגט זיך נור אויף דאס צייגניש פון דיא וואס האבין זיא איביר גיענטפירט, אביר דא ווערין דיא דאזיגי לייט אוים גיוויזין אז זייא האבין גראבין שקר איביר גיענטפירט: זייער צייגניש צו דיא תורה שבעל פה איז דארום גאר ניט ניצליך און דיא גאנצי פאבריק פון תורה שבעל פה פאלט איין. דיא דאזיגי איינע אוים טראכטונג איז גינוג, אביר דיא לייניר וועלין זיך דערמאנין, אז דאס איז נור איינע פון איינע גרוסי צאהל ארוים גינומין פון דעם יודישין גיבעט בוך. ארוים צו נעמין אלי דערגלייכין דערצייהלונגן פון דעם תלמוד, אזוי מעכט מאן דערפון קענין עטליכי כרכים מאכין. דאך, דאס גיבעט בוך גיבט גינוג, אום גילטיג צו מאכין דאס צייגניש פון דיא סופרים און פרושים, און זייא אויף תמיד פסול צו מאכין עדות צו זיין. אפשר ועט איטליכיר זאגין, אביר זייא זענין אויך דיא עדות פאר דיא תורה שבכתב, און דארום, ווען מיר פערשמעהין זייער צייגניש אזוי מוזין מיר אויך פערלאזין דיא תורה שבכתב. אביר דאס איז ניט אזוי פאר דיא דאזיגי האבין מיר אנדיר צייגניש, מיר האבין דאס צייגניש פון דעם יודישין פאלק, וואס דיא סופרים און פרושים זענין צו ערשט

נור

נור אַיין גָאר קְלֵיינֶער טְהֵייל פוּן זֵייא יְוֶועזֶן. מִיר הָאבֶּען דָאס צֵייגְנִיש פוּן ישוע אוּן זַיינֶע תלמידים, דִיא גְרוֹסֶע מְנַגדים פוּן דִיא תורה שבעל פה. מִיר הָאבֶּען דָאס צֵייגְנִיש פוּן דִיא נבואות וָואס מִיר זֶעהֶען נָאךְ דֶערְפִילְלְט. מִיר הָאבֶּען דֶעם גַאנְצֶען אֵיגֶענְוֵיינִיגֶען בֶּעוַוייז, דָאס אִיז דֶער בֶּעוַוייז פוּן דִיא גִיטִיגְקֵייט פוּן דֶער זַאךְ זֶעלְבֶּער, אַזוֹ אַז וֶוען עֶס וָואלְטֶען קֵיין מָאל קֵיינֶע פרושים נִיט פַארְהַאנְדֶען גֶיוֶועזֶען, אַזוֹ מֶעכְט דֶער בֶּעוַוייז פַאר דִיא תורה שבכתב נָאךְ גַאנְץ אַזוֹ שְׁטַארְק זַיין. אַזוֹ וִויא עֶס אִיז, דֶער הִיפוּךְ וָואס דִיא תורה שבכתב וַוייזְט, וֶוען מַאן פֶערְגְלַייכְט זִיא מִיט דִיא תורה שבעל פה, אַזוֹ הָאט זִיא אִין זִיךְ זֶעלְבֶּער אַיין שְׁטַארְקֶען בֶּעוַוייז פוּן אִיהר אמת אוּן גִילְטִיגְקֵייט. דִיא תורה שבכתב אִיז פשוט, פֶערְשְׁטֶענְדִיג, אוּן אֵיידִיל. דִיא תורה שבעל פה אִיז פִילְפַּאבִּינְדִיג, נַארִישׁ אוּן מִיאוּס. דִיא תורה שבעל פה אִיז גִיפְּט, דִיא תורה שבכתב אִיז דִיא קֵייגֶען גִיפְט. דִיא תורה שבעל פה אִיז אֵיינֶע נָאךְ גְמַאכְטֶע מטבע וָואס בֶּעוַוייזְט דָאס פַארְהַאנְדֶען זַיין פוּן דִיא רֶעכְטֶע מטבע. מֶענְשֶׁען וָואס נֶעמֶען בֵּיידֶע אָן אוֹיף דֶעם בְּלוֹסֶען נאמנות פוּן דִיא רבנים, וֶוען זֵייא גִיפִינֶען דֶעם שקר פוּן דִיא אֵיינֶע אַזוֹ קֶענֶען זֵייא אפשר דִיא אַנְדֶערֶע אוֹיךְ פֶערְשְׁמֶעהֶען, אָבֶּער דָאס קָאן קֵיין מָאל נִיט גִישֶׁעהֶען בַּייא דִיא וָואס פֶערְגְלַייכֶען רוּהִיג אוּן וֶועגֶען אָבּ דִיא בֵּיידֶע אִין דִיא וָואג שֶׁאל פוּן שכל על פי יושר.

פַאר אִיצוּנְד לָאזֶען מִיר נוּן אַוֶועק דִיא אוֹיס גִיטְרַאכְטֶע דֶערְצֵייהלוּנְגֶען פוּן דֶעם תלמוד. מִיר הָאבֶּען בֶּעוִויזֶען מִיט גִידַאכְטֶע שְׁטִיקֶער אַז דִיא תורה שבעל פה הָאט פִיל אַזֶעלְכֶע אִין זִיךְ. מִיר הָאבֶּען בֶּעוִויזֶען מִיט אַרוֹיס גֶענוּמֶענֶע שְׁטִיקֶער פוּן דִיא תפלות פוּן בית הכנסת, אַז דִיא דָאזִיגֶע אוֹיס גִיטְרַאכְטֶע דֶערְצֵייהלוּנְגֶען זֶענֶען אַיין טְהֵייל פוּן דִיא אמונה פוּן אַלֶע יוּדֶען וָואס גְלוֹיבֶּען אָן דִיא רֵייד פוּן דִיא רבנים. דַארוּם הָאבֶּען מִיר בֶּעוִויזֶען אַז דִיא אוֹיס טְרַאכְטִירֶס פוּן דִיא דָאזִיגֶע דֶערְצֵייהלוּנְגֶען הָאבֶּען זֵייעֶרֶע זַאךְ דֶערְגְרֵייכְט. עֶס אִיז זֵייא גִירָאטְהֶען צוּ בֶּעטְרוּגֶען דָאס רוב פוּן זֵייעֶר פָאלְק. עֶס אִיז דִיא זַאךְ פוּן דִיא יוּדֶען פוּן דִיא אִיצוּנְדִיגֶע צֵייט צוּ אִיבֶּער לֵייגֶען אוֹבּ דִיא דָאזִיגֶע נַארִישֶׁע אוֹיס טְרַאכְטוּנְגֶען זָאלֶען נָאךְ אִיבֶּער גִיעֶנְטְפִירְט וֶוערֶען צוּ נָאךְ נִיט גִיבּוֹרֶענֶע דורות, זָאלֶען זִיךְ נָאךְ וַוייזֶען וִוי אַיין פֶארְוָוארְף קֵייגֶען דֶעם פֶערְשְׁטַאנְד פוּן ישראל, זָאלֶען נָאךְ מִיאוּס מַאכֶען אוּן פֶער אוּם וִוירְדִיגֶען דִיא עבודת אלהים פוּן דֶעם אוֹיס דֶערְוֵוייהלְטֶען פָאלְק בפרהסיא. פְרִיהֶירֶע דורות הָאבֶּען זֵייא גִיקָאנְט אֵיינַאנְדֶער אִיבֶּערְגֶעֶנְטְפִירֶען אִין אוּם וִויסֶענְהֵייט, אוּן קֶענֶען דַארוּם אַבִּיסֶיל

פערענטפירט

פֶּערֶענְטְפִירְט װֶערִין. אָבִּיר אִין דֶער אִיצוּנְדִיגִיר צַייט אִיז אַיינִי גְרוֹסִי קוּפָּה פוּן יוּדִין דָא אִין עֶנְגְלַאנְד װָאס זֶענִין גַאנְץ אִיבִּיר צַייגְט אַז דִיא דָאזִיגִי דֶערְצֵייהלוּנְגִין זֶענִין פַאלְשׁ; עֶס אִיז דֶער חיוב, דֶער הֵיילִיגִיר חיוב פוּן אַלִי אַזֶעלְכִי, צוּ בִּיצַייגִין קֵייגִין זַייאֶרִי װַייטִירִי אוֹיס בְּרֵייטוּנְג. װֶוען זַייא טְהוּן דָאס נִיט, אַזוֹ מַאכִין זַייא זִיךְ זֶעלְבִּיר פַּאר חלק הָאבִּירְס אִין דֶער שׁוּלְד פוּן יֶענִי װָאס הָאבִּין זַייא אוֹיס גִיטְרַאכְט, אוּן פַאר מחויבים דין וחשבון אָב צוּ גֶעבִּין פַאר אַלִי דִיא חרפה, בגשמיות אוּן ברוחניות, װָאס דִיא אוֹיס בְּרֵייטוּנְג פוּן זָאלְכִין טעות קָאן אַרוֹיף בְּרֶענְגִין אוֹיף זַייאֶרִי בְּרִידִיר אוּן אוֹיף דִיא װָאס װֶעלִין פוּן זַייא אַרוֹיס קוּמִין. אָבִּיר װֶעלְכִין װֶועג זַייא װֶעלִין אוֹיךְ גֵיין, דָאס פַארְהַאנְדִין זַיין פוּן דִיא דָאזִיגִי אוֹיס גִיטְרַאכְטִי דֶערְצֵייהלוּנְגִין װַייזְט אַז דִיא תורה שבעל פה אִיז גָאר אִין גַאנְצִין אֵיינִי אוֹיס טְרַאכְטוּנְג פוּן מֶענְשִׁין, אוּן בִּיװַייזְט אַז ישוע הנוצרי הָאט אֵיינִי גְרוֹסִי טובה בְּעֶצֶם גִיטָהאן צוּ דֶעם פָאלְק אוּן צוּ דִיא אַנְדִירִי מֶענְשִׁין, דֶערְדוּרְךְ אַז עֶר הָאט גִירֶעכְטְפֶערְטִיגְט אוּן דֶערְהַאלְטִין צוּ אוּנְס דֶעם נִיט פֶערְפֶעלְשְׁטִין אמת פוּן דֶעם גִישְׁרִיבִּינִין װָארְט פוּן גָאט.

דִיא דָאזִיגִי אוֹיס גִיטְרַאכְטִי דֶערְצֵייהלוּנְגִין בִּיװַייזִין װַייטִיר, אַז עֶס אִיז קֵיין גִיװִויכְט אוּן קֵיין װֶערְטה נִיט דָא אִין דֶעם פסק װָאס דִיא דָאזִיגִי לַייט זָאגִין קֵייגִין דֶעם הֶערר ישוע המשיח. עֶס אִיז דֶער פסק פוּן דִיא װָאס הָאבִּין זִיךְ קֵיין גִיװִיסִין נִיט דְרוֹיס גִימַאכְט צוּ פֶערְפֶעלְשִׁין אוּן צוּ פֶערְדְרֵייהִין דִיא תורה פוּן גָאט; עֶס אִיז דָאס גִיזָאגְטִי עדות פוּן דִיא בִּיקָאנְטִי אוֹיס טְרַאכְטִירְס אוּן אוֹיס בְּרֵייטִירְס פוּן אוֹיס גִיטְרַאכְטִי דֶערְצֵייהלוּנְגִין, אוּן קָאן נִיט אָנְגִינוּמִין װֶערִין פוּן אַיין מֶענְשׁ װָאס קָאן פְּרוּפִין בִּיװַייז. אוֹיס גִיטְרַאכְטִי דֶערְצֵייהלוּנְגִין פוּן װֶעלְכִין מִין עֶס אִיז װֶעלִין אֵיין צַייגְנִישׁ אוֹם גִילְטִיג מַאכִין, אָבִּיר אוֹיס גִיטְרַאכְטִי דֶערְצֵייהלוּנְגִין אִין אמונה זַאכִין מַאכִין גָאר פסול לעדות זַייאֶרִי אוֹיס טְרַאכְטִירְס אוּן אוֹיס בְּרֵייטִירְס אִין גַאנְצִין. דֶער מֶענְשׁ װָאס װֶעט זִיךְ אוּנְטִיר שְׁטֵיין צוּ דְרֵייהִין מִיט הֵיילִיגִי מעשה עֶנְטְוִויר דוּרְךְ צוּזֶעצוּנְג צוּ, אוֹדִיר דוּרְךְ אַרָאבּ נֶעמוּנְג פוּן אִיהְרִי דֶערְצֵייהלוּנְגִין, װַייזְט קְלָאר אַז עֶר הָאט פֶערְלוֹרִין דָאס גַאנְצִי חשיבות פַאר אמת אוּן דָאס גַאנְצִי גִיפִיהל פוּן פוּרְכְט פַאר גָאט װָאס עֶר רֶעכְטְפֶערְטִיגְט דֶעם אמת

און בִּישְׁטְרָאפְט דֶעם שקר. דֶער מֶענְשׁ וָואס מַאכְט זִיךְ אֵיין שְׁפִּילִירַייא מִיט הֵיילִיגִי מעשות קָאן גָאר נִיט גִיהַאלְטִין וֶוערִין פַּאר אַיין עדות אִין יֶענִי וָואס עֶר הַאלְט פַּאר נִיט הֵיילִיג און וֶועלְטְלִיךְ. דַארוּם, וֶוען דִיא בעלי התלמוד, אוֹדִיר דִיא קְלוּגִי לַייט פוּן זַיינִי צַייט, זָאגִין עדות קֵייגִין ישוע הנוצרי, וָואס זֵייא הָאבִּין אִיהם פַּיינְד גִיהַאט, אַזוֹ מוּזִין מִיר גִידֶענְקִין דְרָאן אַז זֵייא זֶענִין שׁוֹן עֶטְלִיכִי מָאל אוֹיס גִיוִויזִין גִיוָוארִין וִויא פַּאלְשִׁי עדות אִין דֶער זַאךְ פוּן משה, וָואס זֵייא הָאבִּין גִיזָאגְט אַז זֵייא הָאבִּין אִיהם לִיב גִיהַאט. דַארוּם אִיז זֵייאֶר צַייגִינִישׁ אַיין נִישְׁט, און וֶוען מִיר בִּיגֶעהְרִין צוּ פְּרוּפִין דֶעם אמת פוּן דִיא רֵייד פוּן ישוע הנוצרי, אַזוֹ מוּזִין מִיר זִיךְ אִירְגִיץ אַנְדִירְשְׁט אוּם זֶעהִין נָאךְ דִיא פוּנְקְטִין וָואס אוּנְזֶרִי דעה זָאל זִיךְ דְרוֹיף גְרוּנְדְפֶעסְטִיגִין.

# נתיבות עולם

## עִמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז

### דיא אלטי שטעגין.

---

## נומר כ״ב

---

דִיא אִיצוּנְדִיגִי יוּדִישִׁי אמונה אִיז דִיא אמונה פוּן דִיא תורה שבעל פה. דִיא עיקרים, מנהגים, צֶערֶעמָאנִיֶעס, אוּן תפלות, זֵייא אַלִי גְרוּנְדְפֶעסְטִיגִין זִיךְ אוֹיף אִיהְרִי גִילְטִיגְקַייט. דַארוּם, וֶוען דִיא תורה שבעל פה קָאן בִּיוִויזִין וֶוערִין צוּ זַיין אֵיינִי אוֹיס טְרַאכְטוּנְג פוּן מֶענְשִׁין, אַזוֹ וֶוערְט דִיא גַאנְצִי פַאבְּרִיק פוּן דֶעם אִיצוּנְדִיגִין יוּדִישִׁין דַת צוּבְּרֶעקִילְט אִין שְׁטוֹיבּ. אַזוֹ אִיז פוּן דַאנִין גִידְרוּנְגִין אַז דִיא יוּדִין זֶענִין גִיוֶועזִין מֶעהר וִויא טוֹיזִינְד אַכְט הוּנְדִירְט יָאהר דִיא תלמידים פוּן טעות, אוּן אַז, וֶוען זֵייא בִּיגֶעהְרִין אִיצוּנְד צוּ גְלוֹיבִּין אוּן מודה צוּ זַיין דִיא אמונת אמת וָואס אִיז עֶנְטְפְּלֶעקְט גִיוָוארִין פוּן גָאט צוּ זֵייאֶרִי אבות, אַזוֹ מוּזִין זֵייא פֶערְלָאזִין זֵייאֶר אִיצוּנְדִיגִין דַת פוּן תלמוד אוּן צוּרוּק קֶעהְרִין צוּ דִיא תורה אוּן צוּ דִיא נביאים. אָבִּיר דִיא תורה שבעל פה אִיז אֵיינִי מֶענְשְׁלִיכִי אוֹיס טְרַאכְטוּנְג. עֶס אִיז בִּיוִויזִין גִיוָוארִין, נָאךְ דִיא רֵייד נָאךְ פוּן דֶעם יוּדִישִׁין גִיבֶּעט בּוּךְ וָואס גִילְטִין בַּייא זֵייא פַאר אמת, אַז זִיא אִיז אָנְגִיפִילְלְט מִיט דִיא נַארִישְׁקַייטִי שְׁמָאנְצִים, וָואס קֶענִין נִיט זַיין דָאס וָוארְט פוּן גָאט, נַייאִירְט זֶענִין קְלָאר אוּן דַייטְלִיךְ דִיא אוֹיס טְרַאכְטוּנְג פוּן מֶענְשִׁין, דַארוּם וַוייזְט עֶס זִיךְ, אַז דָאס יוּדִישִׁי פָאלְק אִיז פִילִי הוּנְדִירְט יָאהר גִינַארְט גִיוָוארִין דוּרְךְ דִיא קבלה רֵייד פוּן דִיא סופרים אוּן פרושים; אַז זֵייא זֶענִין גַאנְץ אִין טעות גִיוֶועזִין אִין זֵייאֶרִי אמונה אוּן הָאבִּין גִיהַאלְטִין דִיא אוֹיס טְרַאכְטוּנְגִין פוּן מֶענְשִׁין פַאר דֶעם אמת פוּן גָאט, אוּן דֶערְדוּרְךְ זֶענִין זֵייא פוּן דֶעם מעמד בכבוד, אוֹיף וֶועלְכִין גָאט הָאט זֵייא גִישְׁטֶעלְט וִויא דִיא בִּיהִיטִירְס פוּן דֶעם אמת, אַרָאבּ גִיפַאלְלִין אִין דֶעם מעמד אַרַיין פוּן דִיא גְרִינְג גְלֵייבִּיגִי אוּן נַארִישׁ גְלֵייבִּיגִי, אַיין מעמד וָואס אִיז גָאר נִיט מקנא צוּ זַיין. דָאס אִיז עֶס וָואס קוּמְט אַרוֹיס פוּן דִיא נָאךְ פָארְשׁוּנְג נָאךְ דֶעם

תוֹךְ פוּן דִיא תפלות פוּן בית הכנסת. אֵיינִי פְּרוּפוּנְג פוּן דִיא קבלה דינים וֶועט אוֹיךְ אַזוֹ וַוייזֶען, אַז דִיא תורה שבעל פה אִיז אַדוּרְךְ גִימִישְׁט מִיט אוֹיס גִיטְרַאכְטִי דֶערְצֵייהלוּנְגֶען וָואס וַוארְפֶּין אַיין שְׁלֶעכְט נאמנות אוֹיף אִיהר אִין גַאנְצֶין. אֵיינִיר פוּן דִיא וִויכְטִיגְסְטִי חלקים פוּן דִיא תורה שבעל פה אִיז דֶער וָואס גֵייט אוֹיף דֶעם סדר פוּן דֶעם גְרוֹיסֶין בית דין וָואס הֵייסְט דִיא סנהדרי. וָוארִין, אַזוֹ וִויא עֶס וֶוערְט גִיהַאלְטִין, דִיא דָאזִיגִי רַאטְה פֶערְזַאמְלוּנְג הָאט בִּיפֶעסְטִיגְט דִיא גִילְטִיגְקֵייט פוּן אַלִי קבלות אוּן הָאט אפילו גִיפְּרוּפְט דִיא רֵייד אוּן גִימַאכְט פסקים אִיבִּיר דָאס גֶעטְלִיכִי שליחות פוּן דִיא נביאים. דַארוּם, וֶוען עֶס וַוייזְט זִיךְ אַז דִיא תורה שבעל פה לֶערִינְט דָאס וָואס אִיז קְלָאר בַּארִישְׁקֵייט אִין דֶעם ענין פוּן יֶענִים בית דין, אַזוֹ וֶוערְט אַוֶועק גִינוּמֶין דִיא הוֹיפְּט אוּנְטִירְלֶעהנוּנְג פוּן קבלה. נוּן אִין דִיא גַאנְצִי זַאךְ וֶועלִין מִיר זִיךְ אִיצוּנְד נִיט אַרַיין לָאזִין, דָאס וָואס וֶועט דָא גִידַאכְט וֶוערִין וֶועט וַוייזִין וָואס פַאר אַיין גְרוֹיס נאמנות קָאן גִיגֶעבִין וֶוערִין צוּ דִיא קבלה דֶערְצֵייהלוּנְגֶען וֶועגֶין דִיא דָאזִיגִי זַאךְ:

אמר רבי יוחנן אין מושיבין בסנהדרי אלא בעלי קומה ובעלי חכמה ובעלי מראה ובעלי זקנה ובעלי כשפים ויודעים בשבעים לשון שלא תהא סנהדרי שומעת מפי התורגמן:

„רבי יוחנן זָאגְט, מַאן לָאזְט נִיט זִיצִין אִין דִיא סנהדרי נוּר לַייט וָואס זֶענִין הוֹךְ גִיוַואקְסִין, אוּן לַייט פוּן קְלוּגְהַייט, אוּן לַייט פוּן גוּטִי גִישְׁטַאלְט, אוּן אַלְטִי לַייט, אוּן לַייט וָואס פֶערְשְׁטֵיין כִּישׁוּף צוּ טָהוּן, אוּן וָואס קֶענִין דִיא זִיבִּינְצִיג לשונות, אַזוֹ אַז דִיא סנהדרי זָאל נִיט נֵייטִיג הָאבִּין צוּ הֶערִין דוּרְךְ אַיין אִיבִּירְזֶעצִיר" (מסכת סנהדרין דף י"ז עמוד א'). אִין דֶעם דָאזִיגֶען קוּרְצִין שְׁטִיקִיל זֶענִין עֶטְלִיכִי אוֹיס טְרַאכְטוּנְגֶען. עֶרְשְׁטִינְס, אַז אַלִי לַייט פוּן דִיא סנהדרי הָאבִּין גִיזָאלְט זַיין לַייט וָואס פֶערְשְׁטֵיין כִּישׁוּף צוּ טָהוּן, אוֹדִיר מכשפים, אִיז קְלָאר אַקֶעגִין דֶעם אוֹיס דְרִיקְלִיכִין גִיבָּאט פוּן גָאט, וָואס זָאגְט, „עֶס זָאל נִיט גִיפוּנִין וֶוערִין אִין דִיר וָואס מַאכְט אִיבִּיר פָאהרִין זַיין זוּהְן אוֹדִיר זַיינִי טָאכְטִיר דוּרְךְ דֶעם פַייאֶר, דֶער וָואס צוֹיבִּירְט צוֹיבִּירַייא, וָואס שְׁטוּנְדִילְט אוֹדִיר וָואס רֶעטִילְט אוֹדִיר צוֹיבִּירְט מכשף: – דֶען אִיטְלִיכִיר וָואס טְהוּט דִיא דָאזִיגִי אִיז אֵיינִי אוּם וִוירְדִיגְקֵייט פוּן יהוה, אוּן פוּן וֶועגִין דִיא דָאזִיגִי אוּם וִוירְדִיגְקֵייט וֶועט יהוה דַיין אלהים זֵייא פֶער טְרַייבִּין פוּן פַאר דִיר"

(דברים י"ח פסוק יו"ד וי"ב) . דאס דאזיגי גיבאט פון גאט מאכט קיין הוץ ניט מיט רעות פאר דיא לייט פון דיא סנהדרי . עס פערביטיט לגמרי און זאגט אז קיין זאלכיר זאל ניט זיין אין ישראל צו וועלכין תכלית עס איז. דער פירוש דערציילט אונס טאקיש אז דיא לייט פון דיא סנהדרי האבין גימוזט פערשטיין כישוף כדי זיך זעלביר צו וועהרין .

להמית מכשפים הבוטחים בכשפיהם להנצל מידי בית דין :

"צו טייטין דיא מכשפים וואס האבין זיך פערלאזט אויף זייערי כישוף בישערמט צו ווערין אויס דיא הענד פון דעם בית דין" . אבער דיא דאזיגי דערקלערונג מאכט דיא זאך ניט בעססיר . כישוף איז לגמרי אסור און גאט האט עס אויס דריקליך פערבאטין . דארום איז עס אסור גיוועזין צו לערנין אודיר צו טהון , אפילו כדי צו טייטין איין מכשף . ווען דיא אויס רייד זיך זעלביר צו וועהרין אודיר עס נייטיג צו האבין האט עס מותר גימאכט פאר דיא לייט פון דיא סנהדרי צו לערנין כישוף , אזו מעכט דיא זעלביגי טענה עס דאפפילט רעכטפערטיגין אין דעם אופן פון דעם פאלק , וואס דיא מכשפים וואלטין מן הסתם זייא מעהר גיוואללט כישוף טהון ; ווארין דיא דאזיגי לייט וואלטין זיך גיווים בימיהט אויס צו מיידין ניששט צו טהון צו האבין מיט דיא לייט פון דיא סנהדרי וואס זייא האבין פון זייא גיוואוסט אז זייא האבין מעהר פערשטאנין דיא שווארצי קונץ פון זייא . נאך דעם דאזיגין שטייגיר טענות נאך האט גאנץ ישראל גימעגט פערשטיין כישוף צו טהון , תאטשי אז דיא תורה פערלאנגט אז אויך ניט איינע זאלכי פערשון זאל צווישין זייא גיפונין ווערין . אזו איז ענטוויר דיא דאזיגי דערציילונג לגמרי שקר , אודיר דיא לייט פון דיא סנהדרי זענין גיוועזין שלעכטי מענשין , וואס האבין גילערנט דאס וואס דיא תורה פון גאט האט אויס דריקליך פערבאטין ; אין אימליכים פון דיא דאזיגי צווייא אופנים זענין דיא דערציילונגין פון דעם תלמוד אין דעם ענין פון דעם דאזיגין בית דין ניט ווערטה פאר אמת גיהאלטין צו ווערין .

אבער מאן מעג וואוהל מסופק זיין אוב דיא לייט פון דיא דאזיגי באטה פערזאמלונג האבין זייערי כישוף מאכירייא נור גיהאלטין צום טייטין פון דיא מכשפים . מיר גיפינין אירגיץ אנדירשט , ווען דער תלמוד זאגט אמת , אז דיא רבנים לכל הפחות האבין אנדערי כישוף מאכירייא

גיטריבן, און האבין אפילו גיזאגט דיא ספאסיבים וואס זייא האבין בינוצט, פון דיא טובה וועגין פון דיא שפעטירי דורות.

אבא בנימין אומר אלמלא נתנה רשות לעין לראות אין כל בריה יכולה לעמוד מפני המזיקין אמר אביי אינהו נפישי מינן וקימי עלן כי כסלא לאוגיא אמר רב הונא כל חד וחד מינן אלפא משמאליה ורבבתא מימיניה אמר רבא האי דוחקא דהוי בכלה מינייהו הוי הני ברכי דשלהי מינייהו הני מאני דרבנן דבלו מחופיה דידהו הני כרעי דמנקפא מינייהו האי מאן דבעי למידע להו לייתי קיטמא נהילא ונהדר אפורייה ובצפרא חזי כי כרעי דתרנגולא האי מאן דבעי למחזינהו ליתי שליתא דשונרא אוכמתא בת אוכמתא בוכרתא בת בוכרתא ולקליה בנורא ולשחקיה ולימלי עיניה מיניה וחזי להו ולשדייה בגובתא דפרזלא ולחתמי' בגושפנקא דפרזלא דילמא גנבי מיניה ולחתום פומיה כי היכי דלא ליתזק רב ביבי בר אביי עבד הכי ואתזק בעו רבנן רחמי עליה ואתסי:

„אבא בנימין זאגט, ווען רשות וואלט דעם אויג גיגעבין גיווארין זייא צו זעהין, אזו וואלט קיין בישעפיניש ניט גיקאנט בישטיין פאר דיא מזיקים. אביי זאגט, זייא זענין מעהר פון אונס און שטיין קייגין אונס וויא דער הויפין ערד ארום איין גארטין בייט. רב הונא זאגט, איטליכיר פון אונס האט טויזינד אויף זייני לינקי זייט און צעהן טויזינד אויף זייני רעכטי זייט. רבא זאגט, דאס גידרענג וואס איז בייא דער דרשה קומט ארויס פון זייא; אז דיא קניא זענין מיד קומט ארויס פון זייא; אז דיא קליידיר פון דיא רבנים נוצין זיך אב קומט ארויס פון זייאר רייבין; אז דיא קניא ציטטירן קומט ארויס פון זייא. ווער עס וויל וויסין אז זייא זענין פארהאנדין, דער זאל נעמין אדורך גיזיבטים אש און זאל עס שיטין ארום זיין בעט, און אין דער פריה וועט ער זעהין דיא צייכין וויא פון דיא פיס פון איין האן. ווער עס וויל זייא זעהין, דער זאל נעמין דאס אינינווייניגי הייטיל פון איינער שווארצי קאץ, דיא טאכטיר פון איינער שווארצי עלצטי קאץ, וואס איז אויך דיא טאכטיר פון איינער עלצטי, און לאז ער עס פערברענין אין פייאר און לאז עס צו רייבין, און לאז ער זייני אויגין דערמיט אנפיללין, אזו וועט ער זייא זעהין. אביר לאז ער עס אביין שיטין אין איינער אייזירני רעהר און לאז ער עס פערזיגלין מיט איין אייזירנין זיגיל, אז זייא זאלין דער פון ניט אוועק גנבענין, און ער זאל

אויך

אויך פֶערְזִיגְלִין דָאס מוֹיל דֶער פוּן, כּדי אַז עֶר זָאל נִיט בִּישֶׁעדִיגְט וֶוערִין. רב ביבי דֶער זוהן פוּן אביי הָאט אַזוֹ גִיטְהָאן אוּן אִיז בִּישֶׁעדִיגְט גִיוָוארִין. אָבִּיר דִיא רבנים הָאבִּין גִיבֶּעטִין בַּארְמְהֶערְצִיגְקייט אויף אִיהם, אַזוֹ אִיז עֶר גִיהֵיילְט גִיוָוארִין" (מסכת ברכות דף ו' עמוד א'). דָא אִיז נוּן כִּישוּף פַאר דֶעם פָאלְק, אוּן אַלִי ישראל וֶוערִין גִילֶערְנְט אִין דִיא סְפָּאסִיבִּים צוּ זֶעהִין מזיקים. עֶס אִיז נִיט אוּנְזֶערִי זַאךְ צוּ בִּישְׁטִימְמִין אוֹב דִיא, וָואס מֶעכְטִין בִּינוּצִין דִיא דָאזִיגִי סְפָּאסִיבִּים, וָואלְטִין ווִידִיר אַמָאל מֶענְשִׁין גִיזֶעהִין, אָבִּיר דָאס אִיז גִיוִויס, אַז דִיא תורה שבעל פה גִיבְּט דָא אֵיינִי פָארְשְׁרִיפְט פוּן כִּישוּף צוּ דִיא וָואס הָאבִּין נִיט גִיהֶערְט צוּ דִיא לַייט פוּן דִיא סנהדרי, זִיא שְׁטֶעלְלְט פַאר אוּנְס אֵיינִין פוּן דִיא אמוראים פוּן דֶעם תלמוד אַז מַאן זָאל זִיךְ פוּן אִיהם אַיין מֹשל נֶעמִין אויךְ אַזוֹ צוּ טָהוּן, אוּן זִיא מַאכְט נָאךְ הַארְץ דֶערצוּ אַזוֹ צוּ טָהוּן וִויא עֶר הָאט גִיטְהָאן, דֶערדוּרְךְ אַז זִיא וַוייזְט דִיא מִיגְלִיכְקייט פוּן אֵיינִי וואוּנְדִירְלִיכִי הֵיילוּנְג וֶוען אֵיינִי בִּישֶׁעדִיגוּנְג מֶעכְט דֶערְבַּייא אַרוֹיס קוּמִין. מֵילָא, וֶוען דִיא דָאזִיגִי מעשה אִיז אמת, אַזוֹ מַאכְט דִיא תורה שבעל פה מותר כִּישוּף צוּ טָהוּן, וָואס דִיא תורה פוּן גָאט פֶערְבִּיטִיט; וֶוען זִיא אִיז שקר, אַזוֹ אִיז דִיא תורה שבעל פה ווִידִיר אוֹיס גִיווִיזִין פוּן אַיין אַנְדִירִין גְרָאבִּין שקר, אוּן אִיז גָאר אִין גַאנְצִין נִיט וֶוערְטה גִיגְלוֹיבְּט צוּ וֶוערִין. ווִיא לַאנְג וֶועט דָאס פָאלְק ישראל זִיךְ לָאזִין אִין טעות אַרוֹם פִּיהרִין פוּן אַיין דַת, וָואס דֶער בִּישַׁיימְפִּירְלִיכִיר מַהוּת דֶער פוּן אִיז, אַז עֶר מַאכְט זִיךְ גָאר נִיט אוֹיס אמת. דִיא יוּדִין וַוארְפִין פָאר קֵייגִין ישוע הנוצרי, אַז עֶר פִיהרְט זַייא אַוֶועק פוּן דִיא תורה פוּן משה, אָבִּיר וואוּ שַׁארְפְט עֶר אַיין, אוֹדִיר וואוּ שַׁארְפִין זַיינִי תלמידים אַיין דִיא לֶערְנוּנְג פוּן כישוף, אוֹדִיר וואוּ שְׁרַייבְּט עֶר אוֹדִיר זֵייא פָאר כללים גְרִינְג צוּ מַאכִין דָאס צוּ טָהוּן הָאבִּין מִיט מזיקים, אַקֵייגִין דֶעם אוֹיסְדְרִיקְלִיכִין גִיבָּאט פוּן גָאט? דָאז אַ״ךְ גאר בַּאכְטִין אַז דָאס דָאזִיגִי גַאנְצִי שְׁטִיק וָואלְט זִיךְ נִיט גִיפוּנִין אִין דֶעם תלמוד, נַייאִירְט אַז עֶס וָואלְט גִיוֶועזִין אַיין שְׁטִיק פוּן דֶעם ברית חדשה, ווִיא וָואלְטִין דִיא יוּדִין גִילַאכְט אִיבִּיר דִיא דָאזִיגִי פָארְשְׁרִיפְט וֶועגִין דִיא נַארִישְׁקֵייט דֶערפוּן אוּן וָואלְטִין טענות גִיזָאגְט קֵייגִין דֶעם רִשעות דֶערפוּן, ווִיא וָואלְטִין זַייא מִיט נצחון גִיווִיזִין אַז אֵיינִי תוֹרָה וָואס לֶערְנְט אוּן מַאכְט חשק כִּישוּף צוּ טָהוּן הָאט נִיט גִיקָאנְט גִיגֶעבִּין וֶוערִין פוּן גָאט? דָאס פַארְהַאנְדִין זַיין פוּן אַיין אֵיינְצִיג זָאלְכִים שְׁטִיק וָואלְט גִינוּג גִיוֶועזִין, אִין זֵייאֶערִי אוֹיגִין, דַן צוּ זַיין דֶעם גַאנְצִין קְרִיסְטְלִיכִין דַת,

לָאזין נון דיא יודין אין דֶעם זֶעלְבִּיגִין שְׁטֵייגֶיר אויךְ טָהון מִיט דִיא תורה שבעל פה . לָאזין זֵייא זִיא און אִיהרִי אוּיס טְרַאכְטוּנְגִין משפטן נָאךְ דִיא רֵייד נָאךְ פוּן משה און דִיא נביאים . אָבִּיר לָאזִין זֵייא גִידֶענְקִין אַז אִין דֶעם דָאזִיגִין ענין וִויא אִין פִילִי אַנְדִירִי ענינים פַּאסְט דֶער ברית חדשה מִיט דִיא תורה פוּן משה , אָבִּיר דִיא תורה שבעל פה אִיז אַקֶיגִין זֵייא בֵּיידִי . דֶער ברית חדשה שְׁטֶעלְלט כִּישׁוּף צוּזַאמְמִין מִיט עבודה זרה און מִיט אַנְדִירִי זִינְד וָואס מַאן פֶערְלִירְט דוּרְךְ זֵייא דִיא פְרֵייד פוּן עוֹלם הבא . „און דִיא וֶוערְק פוּן דֶעם פְלֵייש זֶענִין בִּיקֶענְט . וָואס זֶענִין , אוּם קֵייּשְׁן , זנות , אוּם רֵיינִיגְקַייט , יצר הרע : אָבּ גֶעטִירַייא , כִּישׁוּף , פֵיינְדְשַׁאפְט , גִיצַאנְק , קנאה , צָארְן , גִיקְרִיג , מחלוקת , כיתות : הַאס , רציחה , זוֹיפְן , פְרֶעסִין , און דָאס גְלַייכִין , וָואס אִיךְ זָאג אַייךְ פְרוּר אוֹיס , אַזוֹ וִויא אִיךְ הָאבּ פְרוּר גִיזָאגְט , אַז דִיא וָואס טוּן זָאלְכִי זַאכִין וֶועלִין נִיט עֶרְבִּין דָאס קִינִיגְרַייךְ פוּן גָאט" (גאלאטיר ה' פסוק י"ט בִּיס כ"א) . מֵילָא אִין דֶעם דָאזִיגִין אוֹפן , וואוּ דִיא תורה שבעל פה פִיהרְט אַייךְ אַוֶועק פוּן דִיא לֶערְנוּנְג פוּן משה , בְּרֶענְגְט אַייךְ דִיא אמונה פוּן ישוע הנוצרי וִוידִיר צוּרוּק .

דָאךְ דָאס אִיז נִיט דִיא אֵיינְצִיגִי אוֹיס גִיטְרַאכְטִי דֶערְצֵייהלוּנְג וָואס גִיפִינְט זִיךְ אִין דֶעם דָאזִיגִין קוּרְצִין גִיזֶעץ וֶועגִין לַייט פוּן דִיא סנהדרי . עֶס וֶוערְט אוּנְס אויךְ נָאךְ דֶערְצֵייהלְט , אַז קֵיינִיר אִיז נִיט צוּ גִילָאזְט גִיוָוארִין צוּ זִיצִין אִין דֶער סנהדרי , „נוּר וֶוען עֶר הָאט פֶערְשְׁטַאנִין דִיא זִיבִּינְצִיג לשונות" . נון מֶעכְטִין מִיר בִּיטְטִין אִיטְלִיכִין תלמיד פוּן דִיא תורה שבעל פה רוּהִיג צוּ אִיבִּירְלֵייגִין דִיא דָאזִיגִי רֵייד און הֶערְנָאךְ צוּ זָאגִין וָואס עֶר הַאלְט פוּן זֵייאֶרִי וַואהרְהַאפְטִיגְקַייט . הָאט עֶר אַמָאל גִיהֶערְט , אוֹדִיר גִיוואוּסְט פוּן אַיין וואוֹהל קֶענִיפְטִיגִין אִין דִיא אִיצוּנְדִיגִי צַייטִין וָואס הָאט גִיקֶענְט זִיבִּינְצִיג לשונות , און דָאס אַזוֹ גַאנְץ וואוֹהל אַז עֶר הָאט גִיקָאנְט שְׁמוּסִין און פְּרוּפִין עדות , און אַיין פסק מַאכִין נָאךְ זֵייאֶר צַייגִינִיש נָאךְ , אָן דִיא הִילְף פוּן אַיין אִיבִּירְזֶעצִיר ? באמת , דִיא לשונות וֶוערִין אִין דִיא אִיצוּנְדִיגִי צַייט אַזוֹ שְׁטַארְק גִילֶערְנְט וִויא דֶענְצוּמָאל , און לכל הפחות זֶענִין אַזוֹ פִילִי דֶערְגְרֵינְגִירוּנְגִין פַארְהַאנְדִין זֵייא צוּ דֶערְלֶערְנִין . דִיא חכמה פוּן דקדוק אִיז אִיצוּנְד שְׁטַארְק אוֹיס גִיאַרְבֵּייט . דִיא קוּנְץ בִּיכִיר צוּ דְרוּקִין הָאט עֶס גְרִינְג גִימַאכְט פְרֶעמְדִי בִּיכִיר צוּ קְרִיגִין . וֶוערְטִיר בִּיכִיר און אַנְדִירִי הִילְף

קענין

קענען פערשאפט ווערין, און דאך, בייא אלי די דאזיגי דערגרינגירונגין, זעהען מיר זייער מכופק, אוב אין דער גאנציר וועלט איז איין איינציגיר מענש פארהאנדין וואס פערשטעהט אזו פילי לשונות וויא איטליכיר פון דיא לייט פון דיא סנהדרי ביזונדיר האט גימוזט פערשטעהן נאך דיא גידאכטי רייד נאך. נאך דיא תורה שבעל פה נאך זעהען תמיד פארהאנדין גיוועזין אין ישראל איין און זיבינציג זעלכי לייט לכל הפחות, אביר מכתמא מעהר; וואָרין ווען איינער פון זייא איז גישטארבין, אודיר איז צו אלט גיווארין, אזו איז איין אנדירער גיפונין גיווארין בירייט אויף זיין שטעלל צו זיין. אביר דאס וואונדיר ווערט נאך מעהר וואונדירליך גימאכט, ווארין עס זעהען ניט בלוס גיוועזין איין און זיבינציג לייט וואס האבין גיקענט זיבינציג לשונות, נייארט דיא דאזיגי לייט, וויא דער רמב"ם זאגט אונס, האבין זיך אויך פערשטאנין אויף דאקטאריייא, שטערינזעהערייא און אלי פארהאנדיני דתות פון עבודה זרה, און אויך אויף כישוף. און, חוץ דעם אלים, אלי דיא דאזיגי לייט זעהען גיוועזין פייני שייני מענשין, „לייט וואס זעהען הויך גיוואקסין און לייט פון גוטי גישטאלט". קאן מאן דאס גלויבין, קאן גאנץ ישראל, אודיר דיא גאנצי וועלט, אויף ווייזין איצונד איין זאלכין מענש, איין שיינין אודיר מיאוסין, איין גרוסין אודיר קליינין? אודיר קאן צווישין דעם קלוגין פאלק פון דיא יודין גיפונין ווערין איין מאן, איין פרויא, אודיר איין קינד וואס איז אזו נאריש צו גלויבין איין בישיימפפירליכין שקר? מיר קענין זייא דערצייהלין אז זייער גרוסיר רבי, דער רמב"ם, האט עס ניט גיגלויבט, און דארום האט ער זיך אין זיין יד החזקה דעם רשות גינומין צו ענדירן דיא דאזיגי רייד פון דעם תלמוד. אן שטאט פון זיבינציג לשונות זאגט ער בלוס.

## ושידעו ברוב הלשונות:

„און אז זייא זאלין קענין דיא מייסטי לשונות". עס איז גיוועזין צו פיל פאר איהם. אז ער איז זעלביר איין גילערינטיר מאן גיוועזין, אזו האט ער גיוואוסט דיא אום מיגליכקייט פון זאלכי וויססינשאפט בבלל; און דארום האט ער דיא גוזמא פון דעם תלמוד פערמינירט צו איין שטייגיר וואס ער האט פאר מיגליך גיהאלטין. דאס איז ניט בלוס אונזער גידראנג פון דיא פערענדירונג פון דעם רמב"ם, דער מפורש האט אויס דריקליך דאס אייגיני גיזאגט.

וכתב רבינו יודעין ברוב הלשונות משום דודבר זר להמצא מי שידע בכל ע׳ לשון:

„און אונזער רבי האט געשריבען, „זייא קענען דיא מייסטע לשונות", וואריען עס איז איינע זעלטענע זאך צו געפינען איינע פערשון וואס קענט אלע זיבענציג לשונות" (הלכות סנהדרין פרק ב׳ ו׳). מילא דער רמב"ם זעלבער איז דא איין עדות אקעגען דיא אויס געטראכטע גוזמאות דערצייהלונגען פון דעם תלמוד.

אבער איטציר וועט אפשר זאגען, אז זיבענציג איז איינע צאהל פארפיללט צו בעטייטען פילע, אז מיר מוזען דארום ניט זיין צו גענויא אין דער דערקלערונג דערפון. דיא דאזיגע אויסרייד וועט דאך דא ניט טויגען. דיא מהברים פון דעם תלמוד האבען געזאגט זיבענציג, ווייל זייא האבען געגלויבט, אז ביי דעם דאזיגען פון דיא דאזיגע צאהל האבען זייא כולל געוועזען אלע לשונות אין דער וועלט. זייא האבען געגלויבט אז עס זענען זיבענציג פעלקער געוועזען און דארום האבען זייא געזאגט זיבענציג לשונות. דער דאזיגער פונקט פון יודישע אמונה געפינט זיך פיל מאל אין דעם תלמוד און אין דיא פירושים, דהיינו

א"ר יוחנן מאי דכתיב יתן אומר המבשרות צבא רב כל דיבור ודיבור שיצא מפי הגבורה נחלק לשבעים לשונות:

„ר׳ יוחנן האט געזאגט, וואס איז דאס וואס שטייט געשריבען, "אדני גיבט דאס ווארט, דיא וואס ברענגען דיא בשורה זענען איינע גרויסע העהרשאר" (תהלים ס"ח י"ב)? עס לערנט, אז איטליכעס געבאט וואס איז ארויס געגאנגען פון דעם מונד פון גאט איז צוטהיילט געווארען אין זיבענציג לשונות" (מסכת שבת דף פ"ח עמוד ב׳). דיא גרונדדפעבונג פון דיא דאזיגע מיינונג אז איינע אייגענווילליגע דערקלערונג פון איין פסוק אין דעם געזאנג פון משה. „ווען דער אייבערשטער האט געמאכט ערבען דיא פעלקער, ווען ער האט אב געשייד דיא מענשען קינדער, אזו האט ער געשטעלט דיא גרעניץ פון דיא פעלקער נאך דיא צאהל נאך פון דיא קינדער ישראל" (דברים ל"ב ח׳). וואס רש"י זאגט דרויף אין פירוש:

בשביל מספר בני ישראל שעתידין לצאת מבני שם ולמספר שבעים נפש של בני ישראל שירדו למצרים הציב גבולות עמים שבעים לשון:

וועגן

„וֶוענִין דִיא צָאהל פוּן דִיא קִינְדִיר ישראל וָואס הָאבִּין גִיזָאלְט אַרוֹיס קוּמִין פוּן דִיא קִינְדִיר פוּן שֵׁם, אוּן נָאךְ דִיא צָאהל נָאךְ פוּן דִיא זִיבִּינְצִיג זֵיילִין פוּן דִיא קִינְדִיר ישראל וָואס זֶענִין אַרָאבּ גִינִידִירְט קֶען מצרים הָאט עֶר גִישְׁטֶעלְלְט דִיא גְרֶענִיצִין פוּן דִיא פֶּעלְקִיר, דִיא זִיבִּינְצִיג לשונות". אַז דִיא דָאזִיגִי לֶעצְטִי וֶוערְטִיר צוּם סוֹף זֶענִין גַאנְץ אֵייגִינְוִוילְלִיג, אוּן אַיינִי בְּלוֹסִי זֶעלְבְּסְט גִימַאכְטִי צוּזֶעצוּנְג, אִיז קְלָאר פוּן אֵיין בְּלִיק אִין דֶעם פסוק אַרַיין, וואוּ קֵיינִי אֵיינְצִיגִי הברה אִיז נִיט גִיזָאגְט פוּן דִיא זִיבִּינְצִיג זֵיילִין, אוֹיךְ נִיט פוּן דִיא צָאהל פוּן דִיא פֶּעלְקִיר, נַייאֵירְט פוּן דֶעם שְׁטֶעללִין פוּן דִיא גְרֶענִיצִין פוּן זֵייאֶרִי וואוֹהנוּנְגִין. רש"י זֶעלְבִּיר הָאט נִיט פֶּערְטְרוֹיאֶט אוֹיף דִיא דָאזִיגִי דֶערְקְלֶערוּנְג, אוּן דַארוּם הָאט עֶר אֵיינִי אַנְדִירִי גִיגֶעבִּין: „וֶוענִין דִיא צָאהל פוּן דִיא קִינְדִיר ישראל וָואס הָאבִּין גִיזָאלְט אַרוֹיס קוּמִין פוּן דִיא קִינְדִיר פוּן שם". דֶער אבן עזרא רֵיידִיט דָא אוֹיךְ גָאר נִיט פוּן דִיא זִיבִּינְצִיג פֶּעלְקִיר, אוּן זָאגְט אַז „נָאךְ דִיא צָאהל נָאךְ פוּן דִיא קִינְדִיר ישראל", מֵיינְט, אַז דִיא גְרֶענִיצִין פוּן דִיא פֶּעלְקִיר זֶענִין אַזוֹ גִישְׁטֶעלְלְט גִיוָוארִין כדי צוּ לָאזִין גִינוּג פְּלַאץ פַאר דִיא ישראל. זַיינִי וֶוערְטִיר זֶענִין

אמרו המפרשים על דור הפלגה שנפצה כל הארץ כי אז גזר השם להיות ארץ ז' גוים לישראל והיא שתספיק למספרם על כן למספר בני ישראל:

„ מפרשים הָאבִּין דָאס מפורש גִיוֶועזִין אוֹיף דֶעם דור הפלגה וֶוען דִיא ג[illegible] עֶרְד אִיז פֶּערְשְׁפְּרֵייט גִיוָארִין, וָוארִין דֶענְצוּמָאל הָאט גָאט גוזר גִיוֶ[illegible]עזִין אַז דִיא ישראל זָאלִין הָאבִּין דָאס לַאנְ[illegible] [illegible] דִיא זִיבִּין פֶּעלְקִיר, וָואס עֶס זָאל זַיין גִינוּג פַאר דִיא צָאהל פוּן זֵייא, דַארוּם אִיז גִיזָאגְט "נָאךְ דִיא צָאהל נָאךְ פוּן דִיא קִינְדִיר ישראל". מֵילָא דֶער דָאזִיגִיר פסוק גִיבְּט קֵיינִי אוֹיסְרֵייד נִיט צוּ דִיא מֵיינוּנְג אַז עֶס זֶענִין נוּר זִיבִּינְצִיג פֶּעלְקִיר אוּן זִיבִּינְצִיג לשונות פַארְהַאנְדִין. גִישֶׁעהִינִי זַאכִין בִּיוַוייזִין אַז דִיא צָאהל אִיז פִיל גְרֶעסִיר, וָוארִין דִיא כתבי הקודש פוּן תנ"ך אוּן פוּן ברית חדשה זֶענִין שוֹן פַארְהַאנְדִין אִין צְוֵוייא מָאל אַזוֹ פִילִי לשונות, אוּן דִיא אַרְבֵּייט פוּן אִיבִּירְזֶעצוּנְג אִיז נָאךְ נִיט גִיעֶנְדִיגְט. דַארוּם אִיז עֶס דֶער תורה שבעל פה גָאר נִיט גִירָאטְהִין צוּ דֶערְגְרֵייכִין דֶעם תכלית וָואס זִיא

האט

הָאט גִיוָואלְט הָאבִּן אִין דֶער דֶערְצֵייהלוּנְג פוּן דִיא דָאזִיגִי אוּיפְּטִירְלִישִׁי מעשה . זִיא הָאט פֶּערְלַאנְגְט צוּ זָאגִין , אַז אִין דֶער סנהדרי אִיז קֵיין מָאל נִיט גֵייטִיג גִיוֶועזִין אֵיין אִיבִּירְזֶעצִיר , וַוייל אִיטְלִיכִיר פוּן דִיא לַייט פוּן דִיא סנהדרי הָאט פֶּערְשְׁטַאנִין אִיטְלִיכִים לשון אִין דֶער וֶועלְט , אוּן וְויא זִיא הָאט גִיגְלוֹיבְּט אַז נוּר זִיבִּינְצִיג לשונות זֶענִין פַארְהַאנְדִין גִיוֶועזִין , אַזוֹ הָאט זִיא גִיזָאגְט דִיא דָאזִיגִי צָאהל . אָבִּיר נוּן וְויסְסִין מִיר אַז וֶוען אפילו אִיטְלִיכִיר פוּן זֵייא וָואלְט פֶּערְשְׁטַאנִין זִיבִּינְצִיג לשונות , אַזוֹ וָואלְטִין זֵייא דָאךְ נָאךְ גִימוּזְט נָאךְ פִילִי פִילִי לשונות מֶעהר פֶּערְשְׁטֵיין , וֶוען זֵייא הָאבִּין גִיזָאלְט קֶענִין פַּסְקִנִין אִין משפטים זַאכִין פוּן אַלִי פֶעלְקִיר פוּן דֶער עֶרְד . אַזוֹ וַוייזְט נוּן פוּן זִיךְ דִיא תורה שבעל פה אַז זִיא וֵויים גָאר נִיט רֶעכְט פוּן דֶעם מעמד פוּן דֶער וֶועלְט , אוּן דָאס אִיז אֵיינִי ראיה אַז זִיא אִיז נִיט פוּן דֶעם גָאט וָואס עֶר הָאט פֶּערְמִישְׁט דִיא לשונות פוּן דֶער עֶרְד אוּן וָואס עֶר וֵויים דַארוּם וְויא פִיל זֵייא זֶענִין ; נֵייאִירְט זִיא אִיז פוּן מֶענְשִׁין וָואס הָאבִּין חשק גִיהַאט גְרוֹס צוּ מַאכִין דִיא מעלות פוּן דֶעם פָאלְק נִיט נָאךְ דֶעם רֶעכְטִין אמת נָאךְ . דִיא מֶענְשִׁין וָואס הָאבִּין מִיט אִיבִּירְלֵייגוּנְג גִיקָאנְט זָאגִין , אַז דִיא לַייט פוּן דִיא סנהדרי זֶענִין גִיוֶועזִין אֵיין אוּן זִיבִּינְצִיג לַייט אַלִי שֵׁיין , אַלִי הוֹךְ גִיוַואקְסִין , אַלִי הָאבִּין פֶּערְשְׁטַאנִין כישוף צוּ טָהוּן , אוּן אַלִי הָאבִּין גִיקֶענְט זִיבִּינְצִיג לשונות אַזוֹ וואוֹהל אַז זֵייא הָאבִּין קֵיין אִיבִּירְזֶעצִיר נִיט גֵייטִיג גִיהַאט , דִיא מֶענְשִׁין וָואס הָאבִּין דָאס גִיזָאגְט וָואלְטִין גִיזָאגְט זִיבִּין הוּנְדִירְט אוֹדִיר זִיבִּין טוֹיזִינְד , אוֹדִיר עֶפִּים אַנְדִירְשְׁט וָואס וָואלְט גִיטוֹיגְט צוּ זֵייעֶר תכלית . זֵייא זֶענִין בִּישַׁייטְפִּירְלִיךְ מוּטְוִוילְלִיגִי גוזמא זָאגִירְס , דַארוּם מוּז מַאן זִיךְ אוּיף זֵייעֶרִי רֵייד נִיט פֶּערְלָאזִין . דֶער טעם אִיז דָא נַארִישִׁי גאוה . דֶער תכלית אִיז פְּרָאסְטִי צוּ גֶעבִּין דֶעם גַאנְצִין כבוד צוּ מֶענְשִׁין , צוּ דִיא גִילֶערְנְטִי רבנים וָואס זֵייעֶרִי גִילֶערְנְטְהַייט אוּן שכל זֶענִין אַזוֹ וואוּנְדִירְלִיךְ גִיוֶועזִין . עֶס אִיז קֵיין זָאג נִיט דָא אַז גָאט הָאט גִיגֶעבִּין צוּ אִיטְלִיכִים פוּן דִיא לַייט פוּן דִיא סנהדרי דִיא דָאזִיגִי וְויסְסִינְשַׁאפְט , וָואס גֵייט וַוייט אִיבִּיר דִיא קְרַאפְט אוֹדִיר אִיבִּיר דֶעם לֶעבִּין פוּן מֶענְש זִיא צוּ דֶערְגְרֵייכִין דוּרְךְ גִיוֵוייגְהְלִיכִי כְּפָאסָאבִּים . נֵיין , דֶער גַאנְצִיר כבוד פוּן דִיא דָאזִיגִי וואוּנְדִירְלִיכִי מעלות אִיז דָא

גיגעבין

גִגֶעבּן צוּ מֶענְשֶׁן אַללֵיין. דָאס אִיז אֵיין דַייטְלִיךְ „קייגן־שְׁטִיק „קייגֶן אֵיינֵי דֶערְצֵייהלוּנְג אִין דֶעם ברית הדשה. דָארְט וֶוערְט אוּנְס דֶערְצֵייהלְט אַז בַּייא אֵיינֵי גְוִויססֵי גִילֶעגֶנְהַייט הָאבְּן דִיא תלמידים פוּן ישוע הנוצרי גִירֶעט אִין זֵייאֶר אֵייגִין לְשׁוֹן צוּ דִיא „לַייט פוּן פרס אוּן מדי אוּן עילם אוּן אַיינְוואוֹהנֶירְס אִין ארם נהרים, אוּן יהודה אוּן כפתור, אוּן פאנתי אוּן אזיא: אִין פרוגיא אוּן פאמפיליא אִין עגיפטן, אוּן אִין דֶעם טֵייל פוּן ליביען בַּייא קורעני, אוּן אויסְלֶענְדִיר פוּן רום, יוּדן אוּן גרים, כרתים אוּן ערביים", דָאס אִיז צוּ דִיא אַיינְוואוֹהנֶירְס פוּן זֶעבְּצֶעהן מדינות. וֶוען אַיין בִּיטְרוּגִיר, אַיין רַבָּנִישִׁיר גְלֵייבִּיגִיר וָואס וָואלט חשק גִיהַאט אַיינֵי שֵׁיינֵי דֶערְצֵייהלוּנְג צוּ מַאכִין, וָואלְט גִישְׁרִיבִּין דִיא דָאזִיגֵי מעשה, אַזוֹ וָואלְט עֶר, גָאר אָן ספק, אָן שְׁטָאט פוּן זֶעבְצֶעהן אוֹיס גִירֶעכִינְט אַלִי דִיא זִיבְּצִיג לשונות. צוּ דִיא לַייט פוּן זַיין פָאלְק וָואס הָאבִּין גִיגְלוֹבְּט אָן דִיא מעלות פוּן דִיא סנהדרין וָואלְט זִיךְ דָאס בשום אופן נִיט גִידַאכְט אוּם גְלוֹיבְּלִיךְ צוּ זַיין. באמת, וֶוען אֵיין מֶענְשׁ פוּן יֶענִי צַייט וֶואלְט גִיוָואלְט אוֹיס טְרַאכְטִין אַיין וואוּנְדִיר, אַזוֹ וָואלְט דִיא צָאהל זִיבְּצִיג דווקא גֵייטִיג גִיוֶועזִין צוּ זַיין תכלית. וָוארִין וֶוען אִיטְלִיכִיר פוּן דִיא לַייט פוּן דִיא סנהדרי הָאט גִיקָאנְט רֵיידִין זִיבְּצִיג לשונות, אַזוֹ וָואלְט עֶס גָאר קַיין וואוּנְדִיר נִיט גִיוֶועזִין צוּ זָאגִין אַז אַנְדִירִי מֶענְשֶׁן הָאבִּין גִירֶעט זֶעבְצֶעהן לשונות. דִיא קְלֵיינִי צָאהל וָואס אִיז דָא גִידַאכְט וַוייזְט דַארוּם אַז דִיא מחברים פוּן דִיא דֶערְצֵייהלוּנְג הָאבִּין קַיין פֶּערְלַאנְגִין נִיט גִיהַאט אוֹיס צוּ טְרַאכְטִין אַיין וואוּנְדִיר, נַייאִירְט צוּ זָאגִין דֶעם רֶעכְטִין אמת. אָבִּיר בִּיטְרַאכְטִיט אוֹיךְ אַז דָא אִיז גָאר קֵיינִי נַארִישִׁי גאוה נִיט דָא. דָאס לוֹב אוּן דִיא קְרַאפְּט צוּ רֵיידִין אפילו דִיא דָאזִיגִי קְלֵיינִי צָאהל פוּן לשונות אִיז אִין גַאנְצִין גִיגֶעבִּין צוּ גָאט. דִיא מֶענִיר זֶענִין גִיוֶועזִין פוּן גליל, אוּן הָאבִּין דָאס נִיט דֶערְגְרֵייכְט דוּרךְ זֵייאֶרִי אֵייגִינִי אַרְבֵּייט אוֹדִיר שׂכל, „זֵייא וַוארִין אַלִי אָן גִיפִילְט מִיט דֶעם רוח הקודש, אוּן הָאבִּין אָן גִיהוֹבִּין צוּ רֵיידִין מִיט אַנְדִירִי לשונות, אַזוֹ וִויא דֶער גַייסְט הָאט זֵייא גִיגֶעבִּין אוֹיס צוּ שְׁפְּרֶעכִין" (גִישִׁיכְטִי פוּן דִיא אפוסטילס ב׳ פסוק א׳ בִּיס י״א). דָא אִיז נוּן אֵיין דֵייטְלִיכִיר

חילוק

חילוק צְווישֶׁין דיא דֶערְצֵייהלוּנְגֶען פוּן דֶעם תלמוד אוּן צְווישֶׁין דיא פוּן דֶעם ברית חדשה. יֶענֶיר דֶערְהֵייבְּט מֶענְשֶׁין. דֶער דָאזִיגֶיר גִיבְּט כבוד צוּ גָאט.



Дозволено Цензурою. Варшава 5 (17) Февраля 1876 г.
Въ Типографіи А. Гинса. Королевская № 1064 D.

# НЕСЫВОТЪ ОЛОМЪ

# נתיבות עולם

עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז.

דיא אלטי שטעגין.

---

## נומר כ״ג

---

דֶער בִּילִיבְּטִיר פָּארְוָוארְף פוּן דִיא יוּדִין קֵייגִין דִיא רֵייד פוּן ישוע הנוצרי אִיז דָאס שְׁטִיק אִין דֶעם אָנְהוֹבּ פוּן דֶעם דְרַייאצֶעהְנְטִין קפיטל פוּן דברים. וֶוען עֶס וֶועט אוֹיף שְׁטֵייאן אִין צְווִישִׁין דִיר אַיין נביא, אוֹדִיר וָואס טְרוֹימְט אַיין טְרוֹים, אוּן עֶר וֶועט גֶעבִּין צוּ דִיר אַיין צֵייכִין אוֹדִיר אַיין וואוּנְדִיר: אוּן עֶס וֶועט קוּמִין דָאס צֵייכִין אוֹדִיר דָאס וואוּנְדִיר וָואס עֶר הָאט גִירֶעט צוּ דִיר, צוּ זָאגִין, מִיר וֶועלִין גֵייאֶן נָאךְ אַנְדִירִי גֶעטִיר נָאךְ וָואס דוּ הָאסְט נִיט דֶערְקֶענְט אוּן מִיר וֶועלִין זֵייא דִיאנִין: דוּא זָאלְסְט נִיט הֶערִין דִיא וֶוערְטִיר פוּן דֶעם זֶעלְבִּיגִין נביא אוֹדִיר פוּן דֶעם זֶעלְבִּיגִין וָואס הָאט גִיטְרוֹימְט אַיין טְרוֹים״. בַּייא דֶעם מזכיר זַיין פוּן דִיא דָאזִיגִי פסוקים הַאלְטִין דִיא יוּדִין פַאר גִיוִויס אָבְּגִימַאכְט אַז דִיא אמונה פוּן ישוע אִיז וֶועזִינְטְלִיךְ (בעצם) פֶערְשִׁידִין פוּן דִיא אמוּנה פוּן משה; אַז זִיא פִיהְרְט צוּ דֶעם דִינְסְט פוּן פְרֶעמְדִי גֶעטִיר: אוּן אַז זִיא אִיז באמת אֵיין שְׁטֵייגִיר דַת פוּן עבודה זרה, אָבִּיר אַז דִיא אמוּנה פוּן דִיא תורה שבעל פה, וָואס זֵייא גְלוֹיבִּין אִיצוּנְד, אִיז גָאר פְרַייא פוּן אַלִי יסודות פוּן עבודה זרה, אוּן אֵיינִירְלֵייא מִיט דִיא אמונה פוּן זֵייאֶרִי נביאים. דָאס אַלִים הַאלְטִין זֵייא פַאר גִיוִויס אָבְּגִימַאכְט; אָבִּיר מַאן קָאן דִיא זַאךְ נָאךְ פָארְשִׁין. דִיא תורה שבעל פה אוּן דֶער ברית חדשה זֶענִין בֵּיידִי פַארְהַאנְדִין, אוּן נָאךְ אַיין וֵוייניג פְּרוּפוּנְג וֶועלִין מִיר קֶענִין מִיט שכל בִּישְׁטִימְמִין אוֹבּ דֶער יוּדִישִׁיר דת אוֹדִיר דֶער קְרִיסְטְלִיכִיר דת שְׁמֶעקְט צוּם מֵייסְטִין נָאךְ

עבודה

עבודה זרה . אין אונזער לעצטין נומער האבען מיר געזעהען אז דער יודישער דת האלט אין זיך כישוף פאר דיא סנהדרין און כישוף פאר דעם פאלק , אבער דער ברית חדשה פערביטעט עס גאר אין גאנצען ; מילא אין דעם דאזיגען ענין איז דער יודישער דת גלייך צו דיא אמונה פון עבודה זרה . אין דעם דאזיגען נומער וועט אונזער געשעפט זיין , צו ווייזען אין דעם ענין פון שטערינזעהערייא איין אנדער שטיק פון גלייכניש . דער תלמוד און זייני רבנן האלטען אלי אז דיא שטערען האבען השפעה אויף דיא צוקונפטיגע און דעם גליק פון דיא מענשען . ערשטענס , דער תלמוד זאגט דיא דאזיגי כלל עיקרים :

חיי בני ומזוני לא בזכותא תליא מלתא אלא במזלא תליא מלתא :

„לעבען , קינדער , און פרנסה העגנען ניט אב פון זכות , נייארט פון דיא השפעה פון דיא שטערען” (מועד קטן דף כ"ח עמוד א') .

מזל מחכים מזל מעשיר :

„דיא השפעה פון דיא שטערען מאכט קלוג , דיא השפעה פון דיא שטערען מאכט רייך” (שבת דף קנ"ו עמוד א') . אבער ער זאגט אונס אויך דיא דאזיגי פרטים :

האי מאן דבחד בשבא יהי גבר ולא חדא ביה . . . . האי מאן דבתר בשבא יהי גבר רגזן מ"ט משום דאיפליגי ביה מיא האי מאן דבתלתא בשבא יהי גבר עתיר וזנאי יהא מאי טעמא משום דאיברו ביה עשבים האי מאן דבארבעה בשבא יהא גבר חכים ונהיר מ"ט משום דאיתלו ביה מאורות האי מאן דבחמשה בשבא יהא גבר גומל חסדים מ"ט משום דאיברו ביה דגים ועופות האי מאן דבמעלי שבתא יהי גבר הזרן אמר רב נחמן בר יצחק חזרן במצו' האי מאן דבשבתא יהי בשבתא ימות עלי דאחילו עלוהי יומא רבא דשבתא אמר רבא בר רב שילא וקדישא רבה תקרי :

„דער וואס ווערט געבוירען אן דעם ערשטען טאג פון דער וואך וועט זיין איין פיינער מענש , אבער נור אין איינער מדה *) . . . . דער וואס ווערט געבוירען אן דעם צווייטען טאג פון דער וואך וועט זיין איין צארנגיר מענש . וואס איז דער טעם? ווייל אן ד ע ם טאג זענען

דיא

*) כלך רש"י כלך .

דיא וואסירן צוטייהלט גיוואָרין . ווער עס וועט געבוירין אין דעם דריטטין טאָג פון דער וואָך וועט זיין איין רייכיר מענש און איין נואף . וואס איז דער טעם ? ווייל אין דעם טאָג זענין דיא קרייטיר גישאַפּפין גיוואָרין . ווער עס ווערט גיבוירין אין דעם פירטין טאָג פון דער וואָך וועט זיין איין קלוגיר מענש און וועט האבין איין שטאַרקין זכרון . וואס איז דער טעם ? ווייל אין דעם טאָג זענין דיא ליכטיר אויף גיהענגט גיוואָרין אין דיא הימיל . דער וואס ווערט גיבוירין אין דעם פינפטין טאָג פון דר וואָך וועט זיין איין מענש וואס טהוט גמילת חסדים . וואס איז דער טעם ? ווייל אין דעם טאָג זענין דיא פיש און דיא פייגיל גישאַפּפין גיוואָרין . דער וואס ווערט גיבוירין אין ערב שבת וועט זיין איין ארום גייאיר . רב נחמן דער זוהן פון יצחק זאָגט איין ארום גייאיר אין מצות . דער וואס ווערט גיבוירין אין שבת וועט אויך אין שבת שטאַרבין , ווייל מאן האט פון זיינעט וועגין מחלל גיוועזין דעם גרויסין טאָג פון שבת . רבא דער זוהן פון רב שילא זאָגט , ער וועט אויך האבין גרויסי היילינקייט" (שבת דף קנ"ו עמוד א') . דאָ איז גאנין דיא לערנונג פון מזל (פאטום) פון דיא עבודה זרה פעלקיר . ניט אַלליין דיא אויסיניווייניגי סיבות פון גליק , נייארט אויך דיא מידות פון דיא זייל הענגין אב . נאך דיא דאָזיגי הייד נאך , פון דעם טאָג אין וועלכין איין מענש ווערט גיבוירין אוב איין מענש איז איין נואף אודיר איין פרומיר מאַן הענגט , נאך דיא דאָזיגי לערנונג נאך , בשום אופן ניט אב פון איהם זעלביר , פון זייני אייגיני בחירה , אודיר זיין גיוויסין , נייאירט פראַקטי פון דיא סיבה פון זיין גיבוירין ווערין אין דינסטיג אודיר אין מיטוואך . עס איז טאַקיש אייני פערשידיני דעה פארהאנדין צווישין דיא בעלי התלמוד וועגין דעם מהות פון דיא השפעה פון דיא שטערין , אביר אין דעם ענין זעלביר האלטין זייא אלי גלייך , אזו וויא מאַן קאן עס ווייטיר זעהין אויס דיא דעה :

לא מזל יום גורם אלא מזל שעה גורם האי מאן דבחמה יהי גבר זיותן יהי אכל מדיליה ושתי מדיליה ורזוהי גלן אם גניב לא מצלח האי מאן דבכוכב נוגה יהי גבר עתיר וזנאי יהי מ"ט משום דאיתיליד ביה נורא האי מאן דבכוכב יהי גבר נהיר וחכים משום דספר' דחמה הוא האי מאן דבלבנה יהי גבר סביל מרעין בנאי וכתי' סתיר ובנאי אכל

דלא דיליה ושתי דלא דיליה ורזוהי כסן אם גנב מצלה האי מאן דבשבתא יהי גבר מחשבתיה בטלין ואית דאמר כל דמחשבין עלוהי בטלין האי מאן דבצדק יהי גבר צדקן אמר רב נחמן בר יצחק וצדקן במצות האי מאן דבמאדים יהי גבר אשיד דמא אמר רב אשי אי אומנא אי גנבא אי מהולא אמר רבה אנא במאדים הואי אמר אביי מר נמי עניש וקטיל וכו׳ :

„ניט דעם שטערנס השפעה פון דעם טאג איז דאס גורם, נייארט דעם שטערנס השפעה פון דער שעה איז עס גורם. דער וואס ווערט גיבורין אין דער השפעה פון דער זון וועט זיין איין ליכטיגיר מענש, ער וועט עסין און טרינקין דאס זייניגי און וועט ענטפלעקין זייני סודות: ווען ער וועט זיין איין גנב וועט ער ניט ביגליקין. דער וואס ווערט גיבורין אונטיר נוגה (וועננוס), וועט זיין איין רייכיר מענש און איין נואף. וואס איז דער טעם? ווייל אין איהם איז דאס פייאר גישאפפין גיווארין. דער וואס ווערט גיבורין אונטיר כוכב (מערקוריוס) וועט האבין איין שטארקין זכרון און וועט קלוג זיין, ווארין כוכב איז שרייביר פון דער זון. דער וואס ווערט גיבורין אונטיר דיא השפעה פון דער לבנה, וועט צרות ליידין, ער וועט בויאין און צושטערין, צושטערין און בויאין: ער וועט עסין און טרינקין דאס וואס איז ניט זיין, און ער וועט פערהעהלין זייני סודות, ווען ער וועט זיין איין גנב וועט ער ביגליקין. דער וואס ווערט גיבורין אונטיר שבתי (סאטורנוס) וועט זיין איין מענש וואס זייני גידאנקין וועלין צו נישט ווערין, אביר עטליכי זאגין, אלי וואס האבין מחשבות קייגין איהם וועלין צו נישט ווערין. דער וואס ווערט גיבורין אונטיר צדק (יופיטער) וועט זיין איין גירעכטיר מענש. רב נחמן דער זוהן פון יצחק זאגט, גירעכט אין דיא מצות (*). דער וואס ווערט גיבורין אונטיר מאדים (מארס) וועט זיין איין פערגיסיר פון בלוט. רב אשי זאגט, ענטוויר איין בלוט לאזיר, אודיר איין גנב, אודיר איין מוהל. רבה האט גיזאגט, איך בין גיבורין גיווארין אונטיר מאדים. אביי האט גיענטפירט, דו שטראפפסט אויך און טייטסט״. (דארט אין מסכת שבת). אין דעם דאזיגין

שטיק

*) רש״י זאגט, אין צדקה געבין צו דיא ארימי לייט.

שְׁטִיק אִיז דֶער עבודה זרה שְׁטֶייגִיר נָאךְ דַייטְלִיכִיר. עֶס אִיז בִּיקָאנְט אַז דִיא פַּארְצַייְטִיגִי גְרֶעקִין אוּן רומיים וָואס הָאבִּין עבודה זרה גִידִינְט הָאבִּין גִיהַאלְטִין דִיא ווענוס פַאר דִיא בִּישִׁיצִירִין פוּן זנות, דֶעם מערקוריום פַאר דֶעם גָאט פוּן מליצות אוּן לֶערְנוּנְג, דֶעם מארס פַאר דֶעם גָאט פוּן מלחמה, אוּן נוּן, דָא אִין דֶער תורה שבעל פה הָאבְּט איהר דִיא גַאנְץ זֶעלְבִּיגִי לֶערְנוּנְג. „דֶער וָואס וֶוערְט גִיבּוֹרִין אוּנְטִיר וֶוענוס וֶועט זַיין אַיין רַייכִיר מַאן אוּן אַיין נואף; וֶוען אוּנְטִיר מערקוריום, אַזוֹ וֶועט עֶר הָאבִּין אַיין שְׁטַארְקִין זכרון אוּן וֶועט קְלוּג זַיין; וֶוען אוּנְטִיר מארס אַזוֹ וֶועט עֶר זַיין אַיין פֶערְגִיסִיר פוּן בְּלוּט". אוֹיךְ דֶעם פֶערְשִׁידִינְן מעמד פוּן דֶעם גִימוּטהה שְׁטֵייט דָא אוֹיס דְרִיקְלִיךְ זֶענִין דִיא שְׁטֶערִין גורם, אוּן אַיין גנב הָאט דֶעם צווָאג אַז עֶר וֶועט בִּיגַלִיקִין, וֶוען עֶר אִיז גִיבּוֹרִין גִיוָוארִין אוּנְטִיר דֶער השפעה פוּן דִיא לבנה. מֵילָא וָואס וֶוערְט אוֹיס דֶעם כלל אַז דִיא מֶענְשִׁין מוּזִין דין וחשבון אָבּ גֶעבִּין פוּן זֵייעֶרִי אוֹיפְפִיהרוּנְג, אוּן וויא פַּאסְט דִיא דָאזִיגִי לֶערְנוּנְג צוּזַאמְמִין מִיט דִיא רֵייד פוּן משה, „אִיךְ הָאבּ גִיטָאן צוּ פַאר אַייךְ דָאס לֶעבִּין אוּן דֶעם טוֹט, דִיא בֶּענְשׁוּנְג אוּן דֶעם פְלוּךְ, אוּן דוּ זָאלְסְט דֶערְוֶוייהלִין דָאס לֶעבִּין, פוּן וֶועגִין אַז דוּ זָאלְסְט לֶעבִּין דוּ אוּן דַיין זָאמִין" (דברים למ"ד פסוק י"ט). דִיא תלמוד גְלֵייבִּיגִירְס וֶועלִין עֶנְטְפִירִן, אַז דִיא תורה שבעל פה זָאגְט אוֹיךְ:

## אין מזל לישראל:

„ישראל אִיז נִיט אוּנְטִיר דֶער השפעה פוּן דִיא שְׁטֶערִין". דַארוּם וֶועלִין מִיר בִּיטְרַאכְטִין דָאס דָאזִיגִי שְׁטִיק אִין זַיין המשך וָואס שְׁטֵייט בַּאלְד דֶערְנָאךְ:

רבי הנינא אמר מזל מחכים מזל מעשיר ויש מזל לישראל רבי יוחנן אמר אין מזל לישראל ואזרא רבי יוחנן לטעמיה דאמר רבי יוחנן מניין שאין מזל לישראל שנאמר כה אמר ה׳ אל דרך הגוים אל תלמדו ומאותות השמים אל תחתו כי יחתו הגוים מהמה יחתו הגוים ולא ישראל אמר רב אין מזל לישראל דאמר רב יהודה אמר רב מניין שאין מזל לישראל שנאמר ויוצא אותו החוצה אמר אברהם לפני הקב"ה רבונו של עולם בן ביתי יורש אותי אמר לו לאו כי אם אשר יצא ממעיך אמר לפניו רבונו

של

של עולם נסתכלתי באיצטגנינות שלי ואיני ראוי להוליד בן אמר לו צא מאיצטגנינות שלך שאין מזל לישראל :

„רבי חנינא זָאגְט , דִיא השפעה פוּן דִיא שְׁטֶערִין מַאכְט קְלוּג , דִיא השפעה פוּן דִיא שְׁטֶערִין מַאכְט רַייךְ , אוּן ישראל אִיז אוּנְטִיר דֶער השפעה פוּן דִיא שְׁטֶערִין . רבי יוחנן זָאגְט , ישראל אִיז נִיט אוּנְטִיר דֶער השפעה פוּן דִיא שְׁטֶערִין , אוּן רבי יוחנן גֵייט נָאךְ זַיין טעם נָאךְ , וָוארִין רבי יוחנן הָאט גִיזָאגְט , פוּן וַואנִין אִיז עֶס גִידְרוּנְגִין אַז ישראל אִיז נִיט אוּנְטִיר דֶער השפעה פוּן דִיא שְׁטֶערִין ? וַוייל עֶס אִיז גִיזָאגְט , ”אַזוֹ זָאגְט יהוה , לֶערְנְט נִיט דֶעם וֶועג פוּן דִיא פֶעלְקִיר אוּן אַנְגְסְטִיט אַייךְ נִיט פַאר דִיא צֵייכִין פוּן הִימֶל ; וָוארִין דִיא פֶעלְקִיר אַנְגְסְטִין זִיךְ פַאר זֵייא” (ירמיה יו"ד פסוק ב') . דִיא פֶעלְקִיר אַנְגְסְטִין זִיךְ , אָבִּיר נִיט ישראל . רב זָאגְט , ישראל אִיז נִיט אוּנְטִיר דֶער השפעה פוּן דִיא שְׁטֶערִין , וָוארִין רב יהודה זָאגְט , רב זָאגְט , פוּן וַואנִין אִיז גִידְרוּנְגִין אַז ישראל אִיז נִיט אוּנְטִיר דֶער השפעה פוּן דִיא שְׁטֶערִין ? וַוייל עֶס אִיז גִיזָאגְט , „אוּן עֶר הָאט אִיהם אַרוֹיס גִיפִירְהְט דְרוֹיסִין” (בראשית ט"ו פסוק ה') . אברהם הָאט גִיזָאגְט פַאר הקדוש ב"ה , הֶערר פוּן דֶער וֶועלְט , „דֶער זוּהן פוּן מַיין הויז וֶועט מִיךְ עֶרְבִּין” . גָאט הָאט אִיהם גִיעֶנְטְפִירְט , נִיט אַזוֹ , נַייאִירְט ”דֶער וָואס וֶועט אַרוֹיס גֵיין פוּן דַיינִי גִידֶערִים” . אברהם הָאט גִיעֶנְטְפִירְט , אִיךְ הָאבּ גִיקְלוּגְט אִין מַיינִי שְׁטֶערִינְזֶעהִירַייא אוּן אִיךְ בִּין נִיט ראוי צוּ גִיוִוינִין אַיין זוּהן . גָאט הָאט צוּ אִיהם גִיזָאגְט , גֵייא אַרוֹיס פוּן דַיינִי שְׁטֶערִינְזֶעהִירַייא , וָוארִין ישראל אִיז נִיט אוּנְטִיר דֶער השפעה פוּן דִיא שְׁטֶערִין” . (דָארְט אִין מסכת שבת) . נוּן דָאס דָאזִיגִי שְׁטִיק , וֶוען מַאן בִּיטְרַאכְטִיט עֶס אִין דֶעם פְרַיינְדְלִיכְסְטִין שְׁטֵייגִיר , בִּיוַויזְט נוּר אַז ישראל אִיז נִיט אוּנְטִיר דֶער השפעה פוּן דִיא שְׁטֶערִין ; אָבִּיר דֶער דָאזִיגִיר חוּץ בִּיוַוייזְט קְלָאר אַז דִיא תורה שבעל פה לֶערְנְט , אַז אַלִי אַנְדִירִי פֶעלְקִיר זֶענִין יוֹא אוּנְטִיר דִיא דָאזִיגִי השפעה . נָאךְ דִיא דָאזִיגִי לֶערְנוּנְג נָאךְ זֶענִין אַלִי פֶעלְקִיר , מִילָא אוֹיךְ דִיא קְרִיסְטִין צְווִישִׁין זֵייא , אִיבִּיר גִיעֶנְטְפִירְט דֶעם מזל (פאטום) וָואס עֶנְדִירְט זִיךְ נִיט אוּן קָאן נִיט גִיעֶנְדִירְט וֶוערִין . זֵייא זֶענִין גוּט אוּן שְׁלֶעכְט , רַייךְ אוּן אָרִים , גְלִיקְלִיךְ אוּן אוּם גְלִיקְלִיךְ , נָאךְ דִיא השפעה נָאךְ פוּן דִיא שְׁטֶערִין בַּייא זֵייאֶערִי גִיבּוּרְט , מִילָא בְּרוֹיכִין זֵייא אוֹיךְ גָאר נִיט דין וחשבון אָבּ צוּ גֶעבִּין פַאר זֵייאֶערִי מעשים . וֶוען אַיין גוי אִיז אַיין גנב , אוֹדִיר גזלן , אוֹדִיר נואף , אַזוֹ אִיז עֶר עֶס נִיט ,

ווייל

ווייל ער האט גיפאלגט דיא אנרייצונג אודיר דעם שלעכטין ווילין, נייארט ווייל ער איז גראד גיבורין גיווארין אונטיר דער השפעה פון דיא לבנה, אודיר פון מארס (מאדים) אודיר פון ווענוס (נוגה). דאס איז דיא אמונה פון דיא תורה שבעל פה, ווען מאן ביטראכטיט זיא אין דעם פריינדליכסטין שטייגיר, און נאך דעם נאך איז גאט פארגישטעלט ערשטינס וויא איין גיוועלטיגיר וואס איז איין נושא פנים, וואס גיבט טובות אין דיא טבע אריין פון איין איינציג ביליבט פאלק, און האלט דיא דאזיגי טובות אוועק פון דיא טבע פון אלי אנדירי פעלקיר: און צווייטינס וויא איין אום גירעכטיר ריכטיר, וואס שטראפט דיא גוים דער פאר אז זייא האבין גיטהאן דאס וואס דיא אום איינגיהאלטיני השפעה פון דיא שטערין האט זייא גינייטיגט צו טהון. דיא דאזיגי לערנונג איז אין זיך זעלביר גינוג צו ביווייזין אז דיא תורה שבעל פה איז ניט פון גאט, און אז וויא איינע אמונה שטייט זיא אויף איינע שורה מיט דיא לערנונגין פון מזל (פאטום) פון דיא עבודה זרה פעלקיר און פון דיא פעלקיר וואס גלויבין אן מחמד, און דארום איז זיא גאר זייר שפעל אונטיר דיא קריסטליכי אמונה. דער ברית חדשה הייסט ניט גלויבין איין דת פון נשיאת פנים. נייארט ער שטעללט גאט פאר וויא איין גירעכטין ריכטיר, "וואס וועט ביצאלין צו איטליכן נאך זייני מעשים נאך (רומיים ב' פסוק ו'); און אלי מענשין פאר מחויב דין וחשבון אב צו געבין פון דעם שלעכטס וואס זייא טהון "גאט איז ניט קיין נושא פנים: ווארין דיא וואס האבין גיזינדיגט אן איין גיזעץ, דיא וועלין אויך אן איין גיזעץ פאר לורין ווערין; און וועלכי עס האבין גיזינדיגט אין דעם גיזעץ וועלין גיריכטיט ווערין בייא דעם גיזעץ". (דארט פסוק י"א וי"ב). דאס איז איין שטייגיר וואס איז בכבוד פאר דיא מידות פון גאט, אביר דיא שטערינגיזעהירישי לערנונג פון דיא תורה שבעל פה וואס זאגט אז גאט האט איביר גיגעבין אלי פעלקיר צו דיא השפעה פון דיא שטערין, און ער שטראפט זייא דאך דערפאר אז זייא פאלגין דיא דאזיגי השפעה, דיא דאזיגי לערנונג איז נישט אנדירשט וויא לעסטירונג, און איז מעהר קרוב צו עבודה זרה לערנונג איידיר צו דיא לערנונג פון משה און דיא נביאים. אביר, צווייטינס, דאס דאזיגי שטיק פון דעם תלמוד האט אין זיך צווייא דעות וואס זענין זיך איינאנדיר סותר. רבי חנינא זאגט, ישראל איז אונטיר דער השפעה פון דיא שטערין, דיא אנדירי זאגין, ישראל איז ניט אונטיר דער השפעה פון דיא שטערין; וועלכי פון דיא

דאזיגי

דָאזִיגֵי דעות מַאן גֶעמְט אָן פַאר אמת, אַזוֹ אִיז בהכרה דִיא אַנְדִירִי שקר, און דַארום אִיז זִיא נִיט וֶוערְטה גִיגְלויבְּט צוּ וֶוערִין, דְרִיטְטִינְס, דִיא הֶערְצֵייהלוּנְג וָואס שְׁטֵייט דָא פוּן אברהם הָאט שקר בולט אַרוֹיס, און נָאךְ אַלֵים אִיז זִיא נִיט דֶערְקֶייגִין, נַייאִירְט אדרבה זִיא בִּישְׁטֶעטִיגְט דִיא לֶערְנוּנְג אַז ישראל, אַזוֹ גוּט וִויא דִיא אַנְדִירִי פֶעלְקִיר, אִיז אוּנְטִיר דֶער השפעה פוּן דִיא שְׁטֶערִין; וָוארִין נָאךְ דִיא רֵייד נָאךְ פוּן רש״י אִיז אברהם און שרה עֶנְטְרִינִין פוּן זֵייאֶרִי בִּישְׁטִימְמוּנְג פוּן דִיא שְׁטֶערִין נור דֶערדוּרְךְ אַז זֵייא הָאבִּין זֵייאֶרִי נֶעמִין פֶערֶענְדִירְט. דִיא וֶוערְטִיר פוּן רש״י זֶענִין

אמר לו צא מאיצטגנינות שלך שראית במזלות שאינך עתיד להעמיד בן אברם אין לו בן אבל אברהם יש לו בן שרי לא תלד אבל שרה תלד אני קורא לכם שם אחר וישתנה המזל:

„עֶר (גָאט) הָאט גִיזָאגְט צוּ אִיהם (צוּ אברהם), גֶייא אַרוֹיס פוּן דַיינִי שְׁטֶערִינְזֶעהִירַייא, וָוארִין דוּ הָאסְט גִיזֶעהִין אִין דִיא שְׁטֶערִין אַז דוּ וֶועסְט נִיט הָאבִּין אַיין זוּהן, אברם וֶועט נִיט הָאבִּין אַיין זוּהן, אָבִּיר אברהם וֶועט הָאבִּין אַיין זוּהן. שרי וֶועט נִיט גִיוִוינִין, אָבִּיר שרה וֶועט גִיוִוינִין. אִיךְ רוּף צוּ אַייךְ אַיין אַנְדִירִין נָאמִין, און דִיא השפעה פוּן דִיא שְׁטֶערִין וֶועט פֶערֶענְדִירְט וֶוערִין”. (אִין דֶעם פירוש אוֹיף בראשית ט״ו פסוק ה׳). דָא אִיז עֶס קְלָאר אָנְגִיוִויזִין, און נָאךְ דֶערְצוּ אִין דֶעם נָאמִין פוּן גָאט זֶעלְבִּיר, אַז אברהם און שרה זֶענִין בֵּיידִי גִיוֶועזִין אוּנְטִיר דִיא השפעה פוּן דִיא שְׁטֶערִין, און אַז וֶוען זֵייאֶרִי נֶעמִין וָואלְטִין נִיט פֶערֶענְדִירְט גִיוֶוערִין, אַזוֹ וָואלְטִין זֵייא נִיט גִיקָאנְט הָאבִּין אַיין קִינְד. דָאס אִיז קְלָאר גִיוֶועזִין דִיא מֵיינוּנְג פוּן רש״י; און וֶוען מִיר דֶערְמַאנִין זִיךְ דְרָאן אַז דָאס רוֹב יוּדִין אִין דֶער וֶועלְט פָאלְגִין גָאר דֶעם פירוש פוּן רש״י, אַזוֹ קֶענִין מִיר דְרִינְגִין אַז דָאס אִיז דִיא הוֹיפְּט גִילְטִיגִי לֶערְנוּנְג. און עֶטְלִיכִי פוּן דִיא וָואס לֵיינִין דִיא דָאזִיגֵי רֵייד קֶענִין אפשר מַאנְכִי יוּדִין אפילוּ וָואס הָאבִּין נָאךְ דֶעם דָאזִיגִין פירוש נָאךְ גִיטָהאן און הָאבִּין טַאקִיש פֶערֶענְדִירְט זֵייאֶר נָאמִין און גִיהָאפְּט דֶערדוּרְךְ זֵייאֶר גְלִיק צוּ פֶערְבֶּעססִירִן, אוֹדִיר אפילוּ פוּן טוֹט בִּישֶׁערְמְט צוּ וֶוערִין. אָבִּיר וִויא דָאס אִיז אוֹיךְ, אַזוֹ אִיז עֶס גְרִינְג צוּ בִּיוַוייזִין אַז דֶער תלמוד און דִיא רבנים הָאבִּין בכלל גִיגְלויבְּט אָן דִיא השפעה פוּן

דיא

דיא שְׁטֶערְין. חוץ דיא שְׁטִיקִיר וָואס מִיר הָאבְּין שׁוֹן מזכיר גְיוֶועזִין זָאגְט דֶער תלמוד אוֹיס דְרִיקְלִיךְ

בזמן שהחמה לוקה סימן רע לאומות עולם לבנה לוקה סימן רע לשונאיהם של ישראל מפני שישראל מונין ללבנה ואומות העולם לחמה לוקה במזרח סימן רע ליושבי מזרח במערב סימן רע ליושבי מערב וכו׳:

„אֵיינִי פֶערְפִינְסְטִירְנִיש פוּן דיא זוּן אִיז אַיין בֵּייזִיר צֵייכִין צוּ דִיא פֶעלְקִיר פוּן דִיא וֶועלְט. אֵיינִי פֶערְפִינְסְטִירְנִיש פוּן דִיא לבנה אִיז אַיין בֵּייזִיר צֵייכִין צוּ דִיא ישראל, וָוארִין דִיא ישראל רֶעכֶנִין נָאךְ דִיא לבנה נָאךְ, און דִיא פֶעלְקִיר פוּן דִיא וֶועלְט נָאךְ דִיא זוּן נָאךְ. וֶוען דִיא פֶערְפִינְסְטִירְנִיש אִיז אִין מזרח, אַזוֹ אִיז עֶס אַיין בֵּייזִיר צֵייכִין צוּ דִיא וָואס וואוֹהנִין אִין מזרח. וֶוען זִיא אִיז אִין מערב, אַזוֹ אִיז עֶס אַיין בֵּייזִיר צֵייכִין צוּ דִיא וָואס וואוֹהנִין אִין מערב" וכו׳ (מסכת סוכה דף כ״ט עמוד א׳). דִיא רבנים וָואס הָאבִּין דֶערְנָאךְ גִילֶעבְּט לֶערְנִין דִיא זֶעלְבִּיגִי לֶערְנוּנְג. דהיינו, סעדיה גאון, וֶוען עֶר שְׁמוּסְט פוּן דֶעם שְׁטֵייגִיר אִין וֶועלְכִין דִיא השפעה פוּן דִיא שְׁטֶערִין וֶוערְט אָב גְיֶענְדִירְט דוּרְךְ דִיא צֵייכִין פוּן דֶעם אוֹפֶן המזלות, אַזוֹ זָאגְט עֶר

ופעמים שמקצת כוכב תהלוכו במזל טוב ומקצתו האחר במזל רע. ולאדם שיהיה לו אותו מזל יהיה לו בראשונה טוב ולאחריתו רע:

„מַאנְכִי מָאל אִיז דֶער גַאנְג פוּן אֵיין טְהֵייל פוּן אַיין שְׁטֶערִין אִין אַיין גוּטִין שְׁטֶערִינְצֵייכִין און אֵיין טְהֵייל אִין אַיין שְׁלֶעכְטִין שְׁטֶערִינְצֵייכִין. און דֶער מֶענְשׁ וָואס וֶוערְט גִיבּוֹרִין אוּנְטִיר דֶעם דָאזִיגִין וֶועט צוּעֶרְשְׁט הָאבִּין גוּטְס און דֶערְנָאךְ שְׁלֶעכְטְס". (אִין דֶעם פירוש אוֹיף דֶעם ספר יצירה דף צ״ח עמוד א׳). עֶר דֶערְקְלֶערְט אוֹיךְ דָארְט, וִיא אַזוֹ עֶס אִיז מִיגְלִיךְ פַאר שְׁטֶערִינְוֶעהִירְט פָאר אוֹיס צוּ זָאגִין קְרַאנְקְהֵייט און טוֹט; אָבִּיר דָאס דָאזִיגִי אִיז גִינוּג צוּ וַוייזִין זַיינִי מֵיינוּנְג און דַאס וָואס עֶר הָאט גִילֶערְנְט פוּן דֶעם תלמוד. דִיא שְׁרִיפְטִין פוּן אבן עזרא גֶעבִּין דָאס זֶעלְבִּיגִי צַייגְנִיש. דהיינו, אִין זַיין פירוש אוֹיף דִיא צֶעהן גִיבָּאט זָאגְט עֶר

והדבור הרביעי דבור השבת כנגד גלגל שבתי כי חכמי הנסיון אומרים כי לכל אחד המשרתים יש יום ידוע בשבוע שבו יראה כחו והוא

בעל

בעל השעה הא׳ ביום וכן מי שהוא בעל השעה הראשונה בלילה ואומרים כי שבתי ומאדים הם כוכבים המזיקים ומי שיחל מלאכה או ללכת בדרך באחד משניהם כשהם מושלים יבוא לידי נזק על כן אמרו קדמונינו שנתן רשות לחבל בלילי רביעית ובלילי שבתות והנה לא תמצא בכל ימי השבוע לילה ויום זה אחר זה שימשלו אלו שני המזיקים בהם רק ביום הזה על כן אין ראוי להתעסק בו בדברי העולם רק ביראת השם לבדו :

„דאס פירטי גיבאט איז דאס גיבאט פון שבת. קייגין דעם גלגל פון שבתי (סאטורנוס) ; וואהרין דיא פרופינדיגי חכמים זאגין, אז איטליכיר פון דיא משרתים האט איין בישטימטין טאג פון דער וואך וואס ער ווייזט אן איהם זייני קראפט, און ער איז דער העררר פון דיא ערשטי שעה אין דעם טאג, און אזו אויך דער וואס איז דער העררר פון דיא ערשטי שעה אין דער נאכט. מאן זאגט אויך אז שבתי (סאטורנוס) און מאדים (מארס) זענין שטערין וואס שעדיגין, און ווער עס הייבט אן איינע ארבייט, אודיר צו גיין אין דעם וועג אריין ווען איינער פון זייא ביידי גיוועלטיגט, דער וועט צו שאדין קומין. דארום האבין אונזערי קדמונים גיזאגט, אז רשות איז גיגעבין שאדין צו טהון אין דיא נעכט פון דיא פירטי און זיבינטי טעג פון דער וואך. און נון, דו וועסט ניט גיפינין אין אלי טעג פון דער וואך איין טאג און איינע נאכט נאך איינאנדיר, וואס דיא דאזיגי צווייא שעדיגירס גיוועלטיגין אן זייא, נייארט דעם דאזיגין טאג ; דארום גיהערט מאן ניט אן איהם עוסק צו זיין אין וועלטליכי זאכין, נייארט אין דער פורכט פון גאט אלליין". דיא דאזיגי דערקלערונג ווייזט אז דער אבן עזרא האט גיגלויבט אן שטערינזעהערייא, און אז דיא קראפט פון דיא שטערין גייט אזו גוט אויף ישראל וויא אויף דיא אנדירי פעלקיר, יוא דיא קראפט פון דיא שטערין שאדין צו טהון איז דא אנגינומין פאר דעם יסוד פון דעם גיבאט פון שבת. איין מענש, וואס זיין גימוטה איז ניט אין גאנצין איינגיטונקט גיוועזין אין דעם גלויבין אן שטערינזעהערייא, האט קיין מאל ניט גיקאנט אהין גיפיהרט ווערין אפילו צו האלטין אזו איינע מיינונג, ווען גאט זעלביר האט בישטימט איין אנדירן און גאר פערשידינן טעם פאר דעם ביפעהל פון שבת. אביר באמת עס

איז

אִיז נִיט נֵייטִיג צוּ גֵיין צוּ דִיא רבנים צוּ בְּיַוייזִין אַז דִיא אִיצוּנְדִיגִי
יוּדִישִׁי אמונה לֶערְנְט שְׁטֶערִינְזֶעהִיבַּייא. יֶענִיר גִיוֶוייהְנְלִיכִיר וִוינְמְשׁ
וָואס מַאן הֶערְט אַזוֹ אוֹפְט מָאל צְווִישִׁין דִיא יוּדִין אפילוּ אִין
דֶער אִיצוּנְדִיגִיר צַייט נָאךְ, מזל טוב, אוֹדִיר גוּט גְלִיק, הָאט זַיין
שורש אִין דֶער לֶערְנוּנְג פוּן דֶעם תלמוד, אוּן וַוייזְט וִויא בבלל זִיא
אִיז אָנְגִינוּמִין גִיוָוארִין. אוּן אַזוֹ זֶעהִין מִיר דָאס וָואס דִיא תורה
שבעל פה הָאט גורם גִיוֶועזִין אִין דֶעם אַז זִיא הָאט אַוֶועק גִיפִיהְרְט
למדנים אוּן פְּרָאקְטַאקִים פוּן דֶעם וָוארְט פוּן גָאט אוּן הָאט אוֹיס
גִיבְּרֵייט צְווִישִׁין זֵייא, וִויא אֵיינִי קבלה פוּן משה, דָאס וָואס אִיז
נוּר אֵיינִיר פוּן דִיא פִּילִי טעות פוּן עבודה זרה. דִיא עבודה זרה
גוֹים הָאבִּין זִיךְ גִיבּוּקְט צוּ דִיא הֶערְשָׁאר פוּן הִימֶל. דִיא זוּן, אוּן
דִיא לבנה, אוּן אַנְדִירִי גלגלים הָאבִּין זֵייא גִיהַאלְטִין פַאר גֶעטִיר;
דַארוּם אִיז עֶס גִיוֶועזִין נַאטִירְלִיךְ פַאר זֵייא צוּ מֵיינִין אַז זֵייא הָאבִּין
אֵיינִי השפעה גִיהַאט אוֹיף דִיא גִישֶׁעפְּטִין פוּן דִיא מֶענְשִׁין. בפרט
דִיא כשדים הָאבִּין זִיךְ שְׁטַארְק גִיהַאלְטִין אָן דִיא דָאזִיגִי לֶערְנוּנְג
אוּן הָאבִּין זִיא שִׁיר דֶערְהוֹבִּין צוּ דֶעם שְׁטֵייגִיר פוּן אֵיינִי חכמה,
פוּן זֵייא הָאבִּין דִיא יוּדִין דָאס דָאזִיגִי גִילֶערְנְט, מן הסתם אִין גלות
בבל; אוּן הָאטְשִׁי דָאס אִיז אִין שורש גִיוֶועזִין אִין גַאנְצִין אֵיינִי
עבודה זרה לֶערְנוּנְג, אָבְּגִילֶערְנְט פוּן עבודה זרה דִינִירְס, אַזוֹ הָאט
זִיא זִיךְ דָאךְ גִיפַּאסְט צוּ דֶעם גִימוּטה פוּן דִיא נַארִישׁ גְלֵייבִּישִׁי
רבנים אוּן אִיז דַארוּם אַיינְגִיפִיהְרְט גִיוָוארִין אִין דִיא תורה שבעל
פה אַרַיין אוּן אִיז פוּן דֶענְצוּמָאלְט אָן דָארְט גִיבְּלִיבִּין. דַארוּם הָאט
נוּן דִיא תורה שבעל פה אִין דֶעם דָאזִיגִין ענין אָנְגִינוּמִין עבודה
זרה לֶערְנוּנְג אוּן לֶערְנְט עבודה זרה גְלוֹיבִּין. אִיטְלִיכִיר יוּד וָואס
וִוינְשְׁט אֵיינִים אַנְדִירִין יוּד מזל טוב זָאגְט אֵיין עבודה זרה וָוארְט,
וָואס אִיז באמת פַאר רֶעכְט גִיהַאלְטִין דוּרְךְ דֶעם תלמוד, אָבִּיר
גַאנְץ אַקֶיגִין דִיא לֶערְנוּנְג פוּן משה. אָבִּיר וואוּ וֶועט עֶר גִיפִינִין
אִין דֶעם ברית חדשה אַיין שוּם רשות צוּ אֵייגִי זָאלְכִי לֶערְנוּנְג אוֹדִיר
צוּ אַיין זָאלְכִין וִוינְטְשׁ? דֶער ברית חדשה אִיז גַאנְץ פְרַייא פוּן אַלִים
שָׁאטִין אוֹדִיר אַנְזֶעהִינִישׁ פוּן דֶעם דָאזִיגִין עבודה זרה גְלוֹיבִּין. אַיאֶרִי
תורה שבעל פה הָאט אַייךְ גִילֶערְנְט אַז דֶער גַאנְג פוּן דֶעם וָואס טְהוּט
זִיךְ הֶענְגְט אָבּ פוּן דִיא שְׁטֶערִין. ישוע הנוצרי הָאט אוּנְס גִילֶערְנְט אַז
דֶער עֶרךְ פוּן אַלִים דֶעם וָואס טְהוּט זִיךְ, אפילוּ דָאס קְלֵיינְסְטִי, קוּמְט

אַרוֹים פוּן אוּנְזֶער הִימְלִישִׁין פָאטִיר. עֶר זָאגְט, "פַר קוֹיפְט מֶען נִיט צְוֶוייא פֵייגִיל פַר אֵיין פֶּענִיג? אוּן קֵיינְס פוּן זֵייא פַאלְט נִיט צוּ דֶר עֶרְד אָן אַייעֶר פָאטִיר: אוּן אוֹיךְ אַייעֶרִי הָאר פוּן קָאפְּף וֶוערִין אַלִי גִיצֵיילְט" (מתיא יו"ד פסוק כ"ט ולמ"ד). מֵילָא ישוע הנוֹצרי, וָואס אִיהר פוּרְכְטִיט אַייךְ אִיהם צוּ פָאלְגִין, אַז עֶר זָאל אַייךְ נִיט פִיהרִין נָאךְ אַנְדִירִי גֶעטִיר נָאךְ, עֶר פִיהרְט אַלִי זַיינִי פָאלְגִירְס צוּ דֶעם אֵיינִין לֶעבִּינְדִיגִין אוּן וַואהרְהַאפְטִיגִין גָאט, דֶעם בִּישֶׁעפְּפִיר, דֶערְהַאלְטִיר, אוּן דֶערְלֵייזִיר פוּן אַלִי זַאכִין. דֶערְקֵייגִין אָבִּיר יֶענִי לַייט וָואס הָאבִּין גִיהֶענְגְט ישוע הנוֹצרי, אוּן יֶענִי תורה שבעל פה וָואס אִיהר הַאלְט פַאר בֶּעססִיר פוּן דִיא קְרִיסְטְלִיכִי אמוּנה, הָאבִּין אַייךְ אַוֶועק גִיפִיהרְט פוּן דִיא לֶערְנוּנְגִין פוּן משה אוּן דִיא נביאים צוּ דִיא עיקרים פוּן עבודה זרה לֶערְנוּנְג. דִיא כלל לֶערְנוּנְג אַז דִיא מעלות מדוֹתיות, דָאס וואוהל אוּן וֵוייא פוּן מֶענְשִׁין, הֶענְגִין גָאר אִין גַאנְצִין אָב פוּן דִיא שְׁטֶערִין, אִיז נִיט פוּן משה, זִיא אִיז פוּן עבודה זרה; אוּן דִיא פרטים וֶועגִין דִיא השפעה פוּן וֶוענוּס (נוגה), מארס (מאדים), אוּן מערקוריוס (כוכב) זֶענִין קְלָאר דִיא אַרוֹים קוּמִינִישׁ פוּן דֶעם שְׁלֶעכְטִיסְטִין טְהֵייל פוּן ע"ז לֶערְנוּנְג פוּן אָבְּגֶעטִיר. מֵילָא וֶוען דִיא יוּדִין גְלוֹיבִּין אָן דִיא דָאזִיגִי שְׁטֶערִינְזֶעהִירַייא פוּן דֶעם תלמוד, אַזוֹ קוּמִין זֵייא זֵייר נָאהֶנְט צוּ ע"ז לֶערְנוּנְג, אוּן אֵיין זָאלְכִיר אִיז גִיוֶועזִין דֶער אופן מִיט דֶעם רוֹב אוּן מִיט דִיא גְרֶעסְטִי למדנים פוּן דֶעם פָאלְק שׁוֹן אִיבִּיר טוֹיזִינְד אַכְט הוּנְדִירְט יאהר. וֶוען דִיא קְרִיסְטְלִיכִי דֶערְקֶענְטְנִישׁ הָאט גִימוּזְט גורם זַיין אַז זֵייא פֶערְשְׁטֶעהִין אִיצוּנְד דֶעם דָאזִיגִין טְהֵייל פוּן דִיא תורה שבעל פה, אַזוֹ דֶערְקְלֶערִין זֵייא אַז אַלִי זֵייאֶערִי גִילֶערִינְטִיסְטִי רבנים זֶענִין גִיוֶועזִין אִין גְרָאבִּין טעות, אוּן אַז דִיא תורה שבעל פה, וָואס הָאט זֵייא פֶערְפִיהרְט, אִיז נִיט פוּן גָאט, בַּייאִירְט, אדרבה, אִין אֵיינִים פוּן אִיהרִי וִויכְטִיגְסְטִי ענינים אִיז זִיא אֵיינִי בְּלוֹכִי נָאךְ מַאכוּנְג פוּן דִיא לֶערְנוּנְג פוּן עבודה זרה דִינִירְס:

# נתיבות עולם

עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז

דיא אלטי שטעגין.

## נומר כ״ד

אין בישוף און שְׁטֶערִינְזֶעהֶרַייא הָאבִּין מִיר אויס גיפונין צְוֶוייא ענינים וָואס גִיפִינִין זִיךְ אִין דֶער לֶערְנוּנְג פון עבודה זרה דִינֶירְס און אויךְ אִין דֶער אמונה פון דיא תורה שבעל פה. מִיר הָאבִּין גִיזֶעהִין אַז זִיא גֵייט דורךְ דֶעם תלמוד און דורךְ דִיא שְׁרִיפְטִין פון דִיא שְׁפֶּעטִירִי רבנים אַדורךְ, און אַז זִיא וַוייזְט זִיךְ אִין דֶעם לשון וָואס מַאן גִיבְּרויכְט אִיטְלִיכִין טָאג. דַארום, אַזוֹ וִויא מַאן קָאן זִיךְ מִשער זַיין, גִיפִינְט זִיא זִיךְ אויךְ דֶער בַּייא וֶוען דִיא תורה שבעל פה שְׁמוּסְט פון אַנְדִירִי זַאכִין; און מִיר קוּמִין דֶער צוּ מזכיר צוּ זַיין אַיין שְׁטִיק פון דֶעם דָאזִיגִין שְׁטֵייגִיר, נִיט אַללֵיין וַוייל עֶס בִּיוַוייזְט אַז דֶער גְלוֹבִּין אָן שְׁטֶערִינְזֶעהֶרַייא אִיז אֵיין עיקר יסוד אִין דֶער אמונה פון דיא תורה שבעל פה, נַייאֶרְט וַוייל עֶס וַוייזְט אוּנְס אֵיין אַנְדִיר ענין פון גְלַייבִּינִישׁ צוּ דִיא לערנונג פון עבודה זרה דִינֶירְס. אִין דֶעם שְׁמוּס פון דִיא קְרַאפְט פון קמיעות, און פון דִיא סְפָּאסִיבִּים זֵייא צוּ פְּרוּפִין און דִיא וָואס שְׁרַייבִּין זֵייא, גִיפִינְט זִיךְ דָאס דָאזִיגִי שְׁטִיק:

אמר רב פפא פשיטא לי תלת קמיעא לתלת גברי תלתא תלתא זימני אתמחי גברא ואתמחי קמיעא תלתא קמיעי לתלתא גברי חד חד זימנא גברא אתמחי קמיעא לא אתמחי חד קמיעא לתלתא גברי קמיעא איתמחי גברא לא איתמחי בעי רב פפא תלתא קמיעי לחד גברא מאי קמיעא ודאי לא איתמחי גברא איתמחי או לא איתמחי מי אמרינן הא אסי ליה או דילמא מזלא גברא הוא דקא מקבל כתבא תיקו וכו׳:

״רַב פפא זָאגְט, עֶס אִיז מִיר גִיוִויס בַּייא דְרַייא קמיעות פַאר דְרַייא מֶענְשִׁין וָואס אִיטְלִיכִי הָאט דְרַייא מָאל גִיהֵיילְט, אִיז דֶער שְׁרַייבִּיר

אוים

אוים גִיפְּרוּפְט און דִיא קמיע אִיז אוים גִיפְּרוּפְט . בַּייא דְרַייא קמיעות פַאר דְרַייא מֶענְשֶׁין וָואס אִיטְלִיכֶי הָאט נוּר אֵיין מָאל גִיהֵייլְט , אַזוֹ אִיז דֶער שְׁרַייבֶּיר אוים גִיפְּרוּפְט , דִיא קמיע אִיז נִיט אוים גִיפְּרוּפְט . בַּייא אֵיינֶי קמיע פַאר דְרַייא מֶענְשֶׁין , אַזוֹ אִיז דִיא קמיע אוים גִיפְּרוּפְט , דֶער שְׁרַייבֶּיר אִיז נִיט אוים גִיפְּרוּפְט . רב פפא פְרֶעגְט , וְויא אִיז עֶס בַּייא דְרַייא קמיעות פַאר אֵיין מֶענְשׁ ? דִיא קמיע אִיז גִיוִויס נִיט אוים גִיפְּרוּפְט , דֶער שְׁרַייבֶּיר קָאן זַיין אוים גִיפְּרוּפְט אודיר נִיט אוים גִיפְּרוּפְט . זָאלֶין מִיר זָאגִין אַז עֶר הָאט אִיהם גִיהֵיילְט ? אודיר טָאמִיר אִיז עֶס גִיוֶועזִין דִיא השפעה פוּן דִיא שְׁטֶערִין אוֹיף דֶעם דָאזִיגִין וָואס הָאט אָנְגִינוּמִין דָאס גִישְׁרִיפְּטִים ? בְּלַייבְּט דִיא מבעיא" (שבת דף ס"א עמוד ב') . דָא הָאבִּין מִיר ווידיר דִיא השפעה פוּן דִיא שְׁטֶערִין , און דָאס נִיט אִין דֶעם אופן פוּן גוים , בַּייאֵירְט אִין דֶעם אופן פוּן ישראל . דָאס גַאנְצִי שְׁטִיק גֵייט אוֹיף קֵיינִים נִיט נוּר אוֹיף ישראל . דִיא שאלה , וָואס דִיא דָאזִיגִי מבעיא וֶועגִין קמיעות אִיז דֶערפוּן אַרוֹיס גִיקוּמִין , אִיז גִיוֶועזִין אוֹב עֶס אִיז מותר צוּ טְרָאגִין קמיעות אָן שבת , אֵיינִי שאלה וָואס גֵייט אוֹיף יוּדִין , און נוּר אוֹיף זֵייא אַלְלֵיין . מִילָא אִין דֶער דָאזִיגִיר שאלה גִיפִינִין מִיר דִיא לֶערְנוּנְג פוּן דִיא השפעה פוּן דִיא שְׁטֶערִין אַרַיין גִימִישְׁט , אודיר פִיל מֶעהר שוֹן פַאר גִיוִויס אָנְגִינוּמִין אַזוֹ אַז דֶער ספק מוּז אוּם פֶּערֶענְטְפִירְט בְּלַייבִּין . אַיין אופן וֶוערְט פָאר גִישְׁטֶעלְט וֶוען אַיין מֶענְשׁ אִיז גִיהֵיילְט גִיוָוארִין דוּרְךְ דִיא הִילְף פוּן דְרַייא קמיעות , און דֶערְבַּייא אִיז דָאס אַיין ספק אוֹב דֶער שְׁרַייבֶּיר קָאן גִיהַאלְטִין וֶוערִין פַאר אַיין אוים גִיפְּרוּפְטִין קמיעות שְׁרַייבֶּיר ; און אִין דֶעם דָאזִיגִין אופן אוּנְטִיר שְׁטֵייט זִיךְ רב פפא נִיט אַיין פסק צוּ זָאגִין , וַוייל עֶס אִיז מִיגְלִיךְ אַז דִיא הֵיילוּנְג אִיז אַרוֹיס גִיקוּמִין דוּרְךְ דִיא השפעה פוּן דִיא שְׁטֶערִין . וְויא קָאן פַארְהַאנְדִין זַיין אַיין שְׁטַארְקִירִיר בִּיוַוייז פוּן דֶעם גְלוֹיבִּין אָן דִיא קְרַאפְט פוּן דִיא שְׁטֶערִין אוֹיף דִיא ישראל אַזוֹ גוּט וְויא אוֹיף אַנְדִירִי מֶענְשִׁין ?

דָאס דָאזִיגִי שְׁטִיק בִּיוַוייזְט בלתי ספק אַז דִיא עבודה זרה ידיעה פוּן שְׁטֶערִינְזֶעהִירַייא אִיז פֶעסְט אַיינְגִיפְלָאכְטִין אִין דֶעם דת אמונה פוּן דִיא תורה שבעל פה , אָבִּיר עֶס שְׁטֶעלְט אוֹיךְ פָאר צוּ אוּנְזֶערִי בִּיטְרַאכְטוּנְג אֵיינִי אַנְדִירִי סיבה וָואס מַאכְט אוֹיךְ אַזוֹ

דֶערְשְׁטוּינְט, און דָאס אִיז דִיא תורה שבעל פה הַאלְט פַאר רֶעכְט דֶעם גִיבְּרוּיךְ פוּן קמיעות אוֹדִיר בִּישְׁוֶוערוּנְגִין, וִויא אֵיינִי הֵיילוּנְג אוֹדִיר בִּישֶׁערְמוּנְג פוּן קְרַאנְקְהַייט און אַנְדִיר שְׁלֶעכְטְס. וָואס, אִיז עֶס מִיגְלִיךְ, אַז דִיא יוּדִין וָואס מֵיינִין אַז זֵייעֶרִי אמונה אִיז דִיא וַוארְהַאפְטִיגִי אמונה וָואס אִיז עֶנְטְפְּלֶעקְט גִיוָוארִין פוּן גָאט צוּ משה, און וָואס זֵייעֶר הוֹיפְּט פָארְוָוארְף קֵייגִין דִיא קְרִיסְטְלִיכִי אמונה אִיז דִיא פוּרְכְט אַז זִיא זָאל זֵייא נִיט פִיהְרִין צוּ אַנְדִירִי גֶעטִיר, אִיז עֶס מִיגְלִיךְ אַז דָאס דָאזִיגִי פָאלְק זָאל נָאךְ הַאלְטִין דִיא אַלְטִי עבודה זרה ידיעה וֶועגִין קמיעות? יוֹא, אָבִּיר דִיא וָואס הָאבִּין גִיפָּאלְגְט ישוע הנוצרי הָאבִּין פוּן אִיהם גִילֶערְנְט צוּ פֶערְלָאזִין דִיא דָאזִיגִי נַארִישׁ גְלֵייבִּישִׁי און בֵּייזִי זַאךְ, אָבִּיר דִיא יוּדִין, וָואס הָאבִּין גִילֶערְנְט פוּן דִיא וָואס הָאבִּין אִיהם פֶערְשְׁמֶעהְט און גִיהֶענְגְט, גְלֵייבִּין נָאךְ אָן דִיא תורה שבעל פה וָואס לֶערְנְט דֶעם שְׁטֵייגִיר בִּישְׁוֶוערוּנְגִין צוּ הָאבִּין און צוּ גִיבְּרוּיכִין. אָבִּיר אִיכִיצִיר מֶעכְט אפשר זָאגִין, עֶס שְׁטֵייט נוּר אִין דֶער גמרא, אָבִּיר נִיט אִין דֶער משנה. דָאס אִיז אַלִי מָאל נוּר אֵיינִי אָרִימִי אוֹיס רֵייד פַאר דִיא תורה שבעל פה, אוֹדִיר פִיל מֶעהר אֵיינִי הוראה בפרהסיא אַז דֶער גְרֶעסְטִיר טְהֵייל פוּן דִיא דָאזִיגִי תורה קָאן נִיט פֶערְעֶנְטְפִירְט וֶוערִין, אָבִּיר דָא וֶועט זִיא נִיט טוֹיגִין. דִיא לֶערְנוּנְג פוּן קמיעות קוּמְט אַרוֹיס פוּן דִיא משנה וָואס זָאגְט,

ולא בקמיע בזמן שאינו מן המומחה:

„אוֹיךְ טָאר מַאן נִיט אַרוֹיס גֵיין אָן שבת מִיט אֵיינִי קמיע וֶוען זִיא אִיז נִיט פוּן אַיין אוֹיס גִיפְּרוּפְטִין מֶענְשׁ". דִיא גמרא שְׁמוּסְט דֶערְפוּן וַוייטִיר און זָאגְט דְרוֹיף אַזוֹ,

אמר רב פפא לא תימא עד דמימחא גברא ומימחא קמיע אלא כיון דמימחא גברא אע"ג דלא מימחא קמיע דיקא נמי דקתני ולא בקמיע בזמן שאינו מן המומחה ולא קתני בזמן שאינו מומחה ש"מ ת"ר איזהו קמיע מומחה כל שריפא ושנה ושלש אחד קמיע של כתב ואחד קמיע של עקרין אחד חולה שיש בו סכנה ואחד חולה שאין בו סכנה לא שנכפה אלא שלא יכפה וכו':

„רב פפא זָאגְט, דוּ זָאלְסְט נִיט זָאגִין אַז דֶער מֶענְשׁ און דִיא

קמיע מוזין זיין אויס גיפרופט ; נייארט עס איז גינוג ווען דער מענש איז אויס גיפרופט , חאטשי דיא קמיע איז ניט אויס גיפרופט . דער ביוויז איז אז דיא משנה זאגט , "אויך ניט מיט איינע קמיע ווען זיא איז ניט פון איין אויס גיפרופטין מענש" , אבער זיא זאגט ניט , "ווען זיא (דיא קמיע) איז ניט אויס גיפרופט" , אזו איז עס פון דאנין גידרונגין . דיא רבנים האבין גילערנט , וועלכי איז איינע אויס גיפרופטי קמיע ? איטליכי וואס האט גיהיילט איין מאל אונ צווייא מאל אונ דרייא מאל , עס זייא ווען דיא קמיע איז גישריבין אודיר ווען זיא איז פון ווארצלין , עס זייא ווען דער קראנקיר איז אין סכנה אודיר ווען ער איז ניט אין סכנה , ניט בלוס ווען ער האט שון גיהאט דאס חולי נופל , נייארט אז ער מעכט ניט קריגין דאס חולי נופל" (מסכת שבת דף ס"א עמוד א') . פון דאנין ווייזט זיך אז עס זענין צווייארלייא קמיעות , איינירלייא וואס זענין גישריבין , אונ איין אנדירלייא וואס זענין גימאכט פון פערשידיני ווארצלין , אונ עס איז אויך אזו קלאר אז מאן האט זייא גיטראגין ענטוועדיר כדי קראנקהייט צו פערמיידין , אודיר גיהיילט צו ווערין . אן שבת טאר מאן נור דיא טראגין וואס זענין גימאכט גיווארין פון איין מענש וואס האט זיך בישטעטיגט פאר איין גוטין קמיעות מאכיר , אודיר וואס זענין שון אויס גיפרופט אונ אויס גיוויזין גיווארין פאר גוט . דאס איז דיא לערנונג פון דעם תלמוד , אונ לאז זיך איטליכיר יוד דראן דערמאנין אז דיא דאזיגי לערנונג איז ניט ארויס גינומין פון דיא אגדתות נייארט פון יעני דינים וואס מוזין מיט גיוויססין גיהאלטין ווערין פון אלי דיא וואס גלויבין אן דיא תורה שבעל פה . אונ דאס איז ניט אונזערי איגיני מיינונג , אזו וויא עס קאן גיזעהין ווערין ווען מאן נעמט פאר איינע קיצור זאמלונג וואס דיא דינים שטיין דרינין צוזאממין , דהיינו וויא דער יד החזקה איז , אין וועלכין דער דאזיגיר דין שטייט אזו :

ויוצאין בקמיע מומחה . ואי זה הוא קמיע מומחה זה שריפא לשלשה בני אדם או שעשהו אדם שריפא שלשה בני אדם בקמיעין אחרים :

"אונ מאן טאר ארויס גיין מיט איינע אויס גיפרופטי קמיע . אונ וועלכי איז איינע אויס גיפרופטי קמיע ? איינע זאלכי וואס האט

גיהיילט

גיהייכט דרייא מענשין , אודיר וואס איין מענש האט זיא גימאכט וואס האט גיהיילט דרייא מענשין מיט אנדירי קמיעות" (הלכות שבת פרק י"ט י"ד) . דער שלחן ערוך שמוסט פון דעם ענין אויספיהרליכיר אזו ,

אין יוצאים בקמיע שאינו מומחה ואם הוא מומחה יוצאין בו לא שנא איתמחי גברא ולא קמיע כגון שכתב לחש אחד בג׳ אגרות ורפאו שלשתן דאיתמחי גברא לאותו לחש בכל פעם שיכתבנו אבל לא לשאר לחשים וגם אין הקמיע מומחה אם יכתבנו אחר . לא שנא איתמחי קמיע ולא גברא כגון שכתב לחש אחד באגרת אחת ורפא בו שלשה פעמים שאותה אגרת מומחה לכל אדם וכ"ש אי איתמחי גברא וקמיע כגון שכתב לחש אחד בג׳ אגרות וכל אחד הועילה לג׳ אנשים או לאדם אחד שלשה פעמים איתמחי גברא ללחש זה בכל אגרת שיכתבנו ואתמחו אגרות הללו לכל אדם . אבל אם כתב ג׳ קמיעים לאדם אחד ורפאו ג׳ פעמים לא איתמחי גברא ולא קמיע . ומותר לצאת בקמיע מומחה לא שנא הוא של כתב או של עקרין בין בחולה שיש בו סכנה בין בחולה שאין בו סכנה : ולא שנכפה כבר ותולהו לרפואה אלא אפילו לא אחזו החולי אלא שהוא ממשפחת נכפין ותולהו שלא יאחזנו שרי :

„מאן טאר ניט ארויס גיין אין איני קמיע וואס איז ניט אויס גיפרופט , אביר ווען זיא איז אויס גיפרופט אזו טאר מאן אין איהר ארויס גיין . עס איז קיין חילוק ניט ווען דער מענש איז אויס גיפרופט אביר דיא קמיע ניט דהיינו , ווען ער האט גישריבין איינירלייא בישווערונג אין דרייא בריבליך , און אלי דרייא האבין גיהיילט , אזו איז דער מענש אויס גיפרופט אין דער דאזיגיר בישווערונג איטליכים מאל ווען ער שרייבט זיא , אביר ניט אין אנדירי בישווערונגין ; אויך איז דיא קמיע ניט אויס גיפרופט ווען איין אנדירער שרייבט זיא , אויך איז קיין חילוק ניט ווען דיא קמיע איז אויס גיפרופט אביר דער מענש ניט ; דהיינו ווען ער שרייבט איינירלייא בישווערונג אין איינים בריביל און האט דערמיט גיהיילט דרייא מאל , אזו איז דאס דאזיגי בריביל אויס גיפרופט פאר איטליכין מענש . און מכל שכן נאך ווען דער מענש און דיא קמיע זענין אויס גיפרופט : דהיינו ווען ער שרייבט איינירלייא בישווערונג אין דרייא

בריבליך

בְּרִיבְּלִיךְ אוּן אִיטְלִיכֵי בְּיזוּנְדִיר הָאט גִיהָאלְפִין צוּ דְרַייא מֶענְשִׁין, אוֹדִיר צוּ אֵיינִים מֶענְשׁ דְרַייא מָאל, אַזוֹ אִיז דֶער מֶענְשׁ אוֹיס גִיפְּרוּפְט גִיוָוארִין אִין דֶער דָאזִיגִיר בְּישְׁוֶוערוּנְג אִין אִיטְלִיכִים בְּרִיבִיל וָואס עֶר וֶועט שְׁרַייבִּין, אוּן דִיא דָאזִיגִי דְרַייא בְּרִיבְלִיךְ זֶענִין אוֹיס גִיפְּרוּפְט פַאר אַלִי מֶענְשִׁין. אָבִּיר וֶוען עֶר הָאט גִישְׁרִיבִּין דְרַייא קמיעות צוּ אֵיינִים מֶענְשׁ אוּן הָאט אִיהם גִיהֵיילְט דְרַייא מָאל, אַזוֹ אִיז דֶער מֶענְשׁ נִיט אוּן דִיא קמיע אוֹיךְ נִיט אוֹיס גִיפְּרוּפְט. אוּן מַאן טָאר אַרוֹיס גֵיין מִיט אֵיינִי אוֹיס גִיפְּרוּפְטִי קמיע, עֶס זַייא וֶוען זִיא אִיז גִישְׁרִיבִּין אוֹדִיר פוּן וואוּרְצְלִין, עֶס זַייא וֶוען דֶער קְרַאנְקִיר אִיז אִין סכנה אוֹדִיר וֶוען עֶר אִיז נִיט אִין סכנה. אוּן נִיט אַז עֶר הָאט שׁוֹן לַאנְג גִיהַאט דָאס חולי נוֹפל אוּן הֶענְגְט זִיא אָן פַאר אַיינִי רפואה, נַייאִירְט הָאטְשִׁי דִיא קְרַאנְקְהַייט הָאט אִיהם נִיט אָנְגִיהַאפְּט נוּר אַז עֶר אִיז פוּן אֵיינִי הוֹלִי נוֹפֶלְדִיגִי מִשפחה אוּן הֶענְגְט זֶיא אָן כדי אַז עֶס זָאל אִיהם נִיט אָנְהַאפִּין, אַזוֹ טָאר מַאן" (אורח חיים סימן ש"א סעיף כ"ה). דָא קָאן מַאן זִיךְ נִיט טועה זַיין. דָאס אִיז אֵיין יוּדִישִׁיר דִין וָואס אִיז מחויב גִיהַאלְטִין צוּ וֶוערִין פוּן אַלִי וָואס גְלוֹיבִּין אָן דִיא תורה שבעל פה, אוֹיךְ אִיז עֶס נִיט אֵיינִי ידיעה בספק אוֹדִיר פַארְבַּייא גֵייאִינְדִיג; אדרבה, דִיא פֶערְשִׁידִינִי אוֹפנים זֶענִין אַלִי אוֹיס גִירֶעכִינְט אוּן אִיטְלִיכִיר פרט בְּיזוּנְדִיר גִיוִויזִין. דִיא תורה שבעל פה גִיבְּט דָא דִיא אוּם פַאסִינְדֶעסְטִי הסכמה צוּ דֶעם גִיבְּרוֹיךְ פוּן קמיעות אוּן בְּישְׁוֶוערוּנְגִין, אוּן דָאס אפילו אָן שבת. אַז אַזֶעלְכֵי בְּישְׁוֶוערוּנְגִין זֶענִין גַאנְץ נָאהֶנְטִי קרובים צוּ כִּישׁוּף אוֹדִיר צוֹיבְּירַייא אִיז קְלָאר פוּן דֶעם מהות אוּן תכלית פוּן דִיא פַאבְּרִיק, אוּן פוּן דֶעם נִיט פֶערְשְׁטֶעלְלְטִין גִיבְּרוֹיךְ פוּן דֶעם וָוארְט לחש "בְּישְׁוֶוערוּנְג"; אָבִּיר עֶס אִיז פַארְהַאנְדִין אֵיין שְׁטִיק אִין דֶעם פירוש פוּן רש"י אוֹיף אֵיינִי אַנְדִירִי מסכת וָואס וַוייזְט דָאס אוֹיס גָאר אָן ספק; דַארוּם זֶענִין מִיר מזכיר בֵּיידִים דֶעם פנים אוּן דֶעם פירוש,

תנו רבנן שמנים תלמידים היו להלל הזקן שלשים מהן ראוים שתשרה עליהן שכינה כמשה רבינו שלשים מהן ראוים שתעמוד להן חמה כיהושע בן נון עשרים בנוניי' גדול שבכולן יונתן בן עוזיאל קטן שבכולן ריב"ז אמרו עליו על רבן יוחנן בן זכאי שלא הניח מקרא ומשנה גמרא הלכות והגדות דקדוקי תורה ודקדוקי סופרים וקלין וחמורין וגזרות שוות ותקופות וגמטריא ומשלות כובסים ומשלות שועלים שיחת שדים ושיחת דקלים ושיחת מלאכי שרת וכו' :

„דִיא רבנן הָאבִּין גִילֶערְנְט אַז אַכְטְצִיג תלמידים הָאט הלל הזקן גִיהַאט. דְרַייסִיג פוּן זֵייא זֶענִין וֶוערְטה גִיוֶועזִין אַזוֹ וִויא משה רבינוּ אַז דִיא שְׁכִינָה זָאל אוֹיף זֵייא רוּהִין. דְרַייסִיג פוּן זֵייא זֶענִין וֶוערְטה גִיוֶועזִין אַזוֹ וִויא יהושע דֶער זוּהְן פוּן נוּן אַז דִיא זוּן זָאל פַאר זֵייאִירְט וֶועגִין שְׁטֵיין בְּלַייבִּין. צְוַואנְצִיג זֶענִין גִיוֶועזִין מִיטֶעלְמֶעסִיגִי לַייט, דֶער גְרֶעסְטִיר צְווִישִׁין זֵייא אַלִי אִיז גִיוֶועזִין יונתן דֶער זוּהְן פוּן עוזיאל; דֶער קְלֵיינְסְטִיר צְווִישִׁין זֵייא אַלִי אִיז גִיוֶועזִין רבן יוחנן דֶער זוּהְן פוּן זכאי. מַאן הָאט גִיזָאגְט אוֹיף רבן יוחנן דֶעם זוּהְן פוּן זכאי, אַז עֶר הָאט נִיט אוֹיס גִילָאזְט תנ״ךְ, אוּן משניות, גמרא, הלכות אוּן הגדות, דִיא דקדוקים פוּן דִיא תורה, אוּן דִיא דקדוקים פוּן דִיא סופרים, אוּן קלין וחמורין, אוּן גזרות שוות, אוּן תקופות, אוּן גמטריא, אוּן דִיא משלים פוּן וַוייץ טְרוֹיבִּין, אוּן דִיא משלים פוּן פִּיקְסִין, דִיא רֵייד פוּן שדים, אוּן דִיא רֵייד פוּן טֵייטִיל בֵּיימִיר, אוּן דִיא רֵייד פוּן דִיא מלאכים וָואס טְהוּן בִּידִינְין“ וכו׳ (מסכת בבא בתרא דף קל״ד עמוד א׳). דָאס אִיז גִינוּג גוּט גִיוֶועזִין, וֶוען מַאן אִיבִּירְלֵייגְט אַז עֶר אִיז גִיוֶועזִין דֶער קְלֵיינְסְטִיר פוּן דִיא אַכְטְצִיג; מילא וָואס הָאט גִימוּזְט זַיין דִיא וִויסְסִינְשַׁאפְט פוּן דִיא אַנְדִירִי? דָאס דָאזִיגִי קבלה שְׁטִיק אַלְלֵיין, אִין זַיינִי גְרָאבִּי גוזמא רֵייד, מֶעגְט גִינוּג זַיין אוֹיס צוּ וַוייזִין דֶעם מהות פוּן דִיא רבנים וִויא פַאלְשִׁי עדות. עֶס אִיז קְלָאר אֵיינִי אוֹיס גִיטְרַאכְטִי דֶערְצֵייהלוּנְג, אַזוֹ אֵיינִי וִויא מַאן מֶעגְט הָאפְפִין צוּ גִיפִינְין אִין דִיא עַרַבִּישִׁי מעשות פוּן טוֹיזִינְד אֵיין נַאכְט, אָבִּיר נִיט אִין אֵיינִי תורה וָואס זָאגְט פוּן זִיךְ אַז זִיא אִיז גִיקוּמִין פוּן גָאט. עֶס אִיז אַיין אַנְדִירִיר בִּיוַוייז אַז דִיא דֶערְצֵייהלוּנְג פוּן דִיא תורה שבעל פה אִיז אַיינִי בְּלוֹסִי אוֹיס טְרַאכְטוּנְג. אָבִּיר אִינְזֶער תכלית דָא בַּייא דֶעם מזכיר זַיין פוּן דֶעם שְׁטִיק, אִיז צוּ וַוייזִין דִיא פֶערְבִּינְדוּנְג דֶער פוּן מִיט בִּישְׁוֶוערוּנְגִין אוּן קמיעות. עֶס דֶערְצֵייהלְט אוּנְס אַז דֶער דָאזִיגִיר רבי הָאט פֶערְשְׁטַאנְין דִיא רֵייד פוּן דִיא מלאכים וָואס טְהוּן בִּידִינְין; נוּן וָואס פַאר אַיין נוּצִין אִיז דָאס גִיוֶועזִין? רש״י זָאגְט אוּנְס אִין זַיין פירוּש, להשביעם, זֵייא משביע צוּ זַיין אוֹדִיר צוּ בִּישְׁוֶוערִין, דָאס אִיז, זֵייא צוּ נֵייטִיגִין אִיהם צוּ דִינְין. וֶוען עֶר הָאט זֵייא בִּישְׁוואוֹרִין: דָאס אִיז, דוּרְךְ זֵייעֶרִי הִילְף צוּ קֶענִין זַיין אַיין בִּישְׁוֶוערִיר. עֶס מֶעגְט אפשר גִיזָאגְט וֶוערִין, דִיא דָאזִיגִי זֶענִין גִיוֶועזִין דִיא גוּטִי מלאכים, מִיט וֶועלְכִי אֵיין הֵיילִיגִיר מַאן הָאט גִימֶעגְט צוּ טְהוּן הָאבִּין, אָבִּיר עֶס אִיז אוּנְס אוֹיךְ דֶערְצֵייהלְט אַז עֶר הָאט פֶערְשְׁטַאנְין „דִיא רֵייד

פון דִיא שֵׁדִים״. צוּ וָואס הָאט דָאס גִיטוֹיגְט ? רש״י עֶנְטְפֶּירְט אוּנְס וִוידֶיר,

להשביעם ונפקא מיניה לעשות קמיע לרפואה:

„זֵייא צוּ בִּישְׁוֶוערִין, אוּן דֶערְפוּן קוּמְט אַרוֹיס צוּ מַאכִין קמיעות צוּ הֵיילוּנְג״. פוּן דַאנִין וַוייזְט עֶס זִיךְ, אַז דֶער תלמוד גִיבְּט רשות אַז אֵיין מֶענְשׁ זָאל צוּ טְהוּן הָאבִּין מִיט בֵּייזִי רוחות, אוּן אַז מַאן זָאל זִיךְ דֶערְפוּן אֵיין משל גֶעמִין אַז עֶס אִיז מותר קמיעות צוּ גִיבְּרוֹיכִין. אוּן דָאס אִיז דִיא אמונה פוּן דִיא תורה שבעל פה, דָאס זֶענִין דִיא לֶערְנוּנְגִין אוּן דִיא מעשים פוּן דִיא מֶענְשִׁין וָואס הָאבִּין נִיט גִיוָואללְט גְלוֹיבִּין אָן ישוע הנוצרי. דָא אִיז רֶעכְטִי עבודה זרה לֶערְנוּנְג, וָואס אוֹיךְ נִיט אֵיין שָׁאטִין דֶער פוּן וַוייזְט זִיךְ אִין דֶעם ברית חדשה. אָה, וִויא פֶערְשִׁידִין אִיז דָאס פוּן דִיא לֶערְנוּנְג פוּן משה אוּן דִיא נביאים. דִיא תורה שבעל פה שִׁיקְט קְרַאנְקִי מֶענְשִׁין אַז זֵייא זָאלִין הִילְף זוּכִין אִין קמיעות אוּן בִּישְׁוֶוערוּנְגִין, אָבִּיר נִיט צוּ דֶעם גָאט פוּן ישראל. נוּן וָואס פַאר אֵיין חילוק אִיז דָא צְוִוישִׁין דֶעם דָאזִיגִין אוּן צְוִוישִׁין דִיא אוֹיף פִיהרוּנְג פוּן אחזיה וֶוען עֶר אִיז אַרָאבּ גִיפַאלְלִין דוּרְךְ דִיא קְרַאטְטִין אִין זַיין אוּבִּיר שְׁטִיבִּיל אִין שומרון אוּן אִיז קְרַאנְק גִיוֶועזִין ? „עֶר הָאט גִישִׁיקְט שלוחים אוּן הָאט צוּ זֵייא גִיזָאגְט, גֵייט פָארְשְׁט בַּייא בעל זבוב דֶעם גָאט פוּן עקרון, אוּבּ אִיךְ וֶועל גִיזוּנְד וֶוערִין פוּן דִיא דָאזִיגִי קְרַאנְקְהַייט. אָבִּיר דֶער מלאךְ פוּן יהוה הָאט גִירֶעט צוּ אליה התשבי, שְׁטֵייא אוֹיף, גֵייא אַרוֹיף אַקֶעגִין דִיא שלוחים פוּן דֶעם קֶינִיג פוּן שומרון אוּן רֵייד צוּ זֵייא, אוּבּ וַוייל עֶס אִיז נִיט דָא אֵיין גָאט אִין ישראל גֵייט אִיהר צוּ פָארְשִׁין בַּייא בעל זבוב דֶעם גָאט פוּן עקרון ? (מלכים ב׳ קפיטל א׳ פסוק ב׳ וג׳). אוּן אַזוֹ קָאן נָאךְ גִיזָאגְט וֶוערִין צוּ ישראל, אוּבּ וַוייל עֶס אִיז נִיט דָא אֵיין גָאט אִין ישראל גֵייט אִיהר צוּ קמיעות אוּן בִּישְׁוֶוערוּנְגִין כדי גִיהֵיילְט צוּ וֶוערִין פוּן אַייעֶרִי קְרַאנְקְהַייטִין ? משה וַוייזְט צוּ גָאט וִויא צוּ דֶעם גְרוֹיסִין רופא; עֶר זָאגְט, „אוּן עֶס וֶועט זַיין, דֶערְוַוייל אַז אִיהר וֶועט הֶערִין דִיא דָאזִיגִי גִירִיכְט אוּן אִיהר וֶועט זֵייא הִיטִין אוּן אִיהר וֶועט זֵייא טְהוּן, אַזוֹ וֶועט יהוה דַיין אלהים הִיטִין צוּ דִיר דֶעם בּוּנְד אוּן דִיא דֶערְבַּארְמוּנְג וָואס עֶר הָאט גִישְׁווֹאוֹרִין צוּ דַיינִי פֶעטִיר: אוּן יהוה וֶועט אָבּ קֶעהרִין פוּן דִיר אַלִי קְרַאנְקְהַייט״ (דברים ז׳ פסוק י״ב וט״ו). גָאט זֶעלְבִּיר זָאגְט

אני יהוה רפאך

איך

„איך בין יהוה וואס היילט דיך" (שמות ט"ו פסוק כ"ו). אָבּיר דיא תורה שבעל פה פיהרט מענשין אַוועק פון גאָט און זאָגט זייא אַז זייא זאָלין גיין צו איין אויס גיפּרופּטין מענש און זיך פערשאַפּין אייני אויס גיפּרופּטי קמיע, און פון דעסט וועגין איז זיא מתיר צו לערנין דאָס לשון פון שדים און זייא צו גייטיגין דורך בּישוועררונג אַז זייא זאָלין דער בּייא דינין. וואו איז אין גאַנץ תנ"ך עפּיס פאַר האַנדין גלייך צו דעם דאָזיגין? ווען דער זוהן פון דיא אלמנה איז קראַנק גיוועזין, אַזוֹ האָט אליהו איהר ניט גיגעבּין אייני קמיע איהם גיזונד צו מאַכין, און דאָך, ווען אַזעלכי זאַכין וואָלטין פאַרהאַנדין גיוועזין, אַזוֹ מעכט מאַן זיך גיקאָנט משער זיין אַז ער האָט פון זייא גיוואוּסט און ער וואָלט גיוואוּסט וויא אַזוֹ זייא צו מאַכין; קורץ, ער וואָלט גיוועזין איין אויס גיפּרופּטיר מענש און וואָלט גיקאָנט מאַכין איין אויס גיפּרופּטי קמיע; אָבּיר אליהו האָט זיך ניט פערזיכירט אויף אַזעלכי עבודה זרה טפשות, נייארט אויף דעם גאָט פון ישראל. פאַר איהם האָט ער זיך אויס גישטרעקט און האָט גיזאָגט, „יהוה מיין אלהים, איך בּיט, לאָז צורוק קומין דיא זייל פון דעם דאָזיגין קינד אין איהם אַריין" (מלכים א' קפיטל י"ז פסוק כ"א). ווען חזקיהו איז קראַנק גיוועזין, ליינין מיר ניט אַז ער האָט גישיקט נאָך אייני אויס גיפּרופּטי קמיע, נייארט אַז ער „האָט גיקעהרט זיין אַנגיזיכט צו דיא וואַנד, און ער האָט גיבּעטין פון יהוה" (ישעיה ל"ח ב'). ניט בּישווערונגין, נייארט גלויבּין און גיבּעט, זענין דיא קמיעות פון דעם תנ"ך און אויך פון דעם ברית חדשה, דער הער ישוע המשיח האָט גיטהאָן פילי וואונדיר פון היילונג, און פילי קראַנקי מענשין זענין צו איהם גיגאַנגין נאָך הילף, אָבּיר ער האָט זייא ניט גיוויזין צו קמיעות זיא צו קריגין. זייני זאָג זענין גיוועזין, "פאַרכט דיך ניט, גלייב נור" (מרק ה' פסוק ל"ו). זייני תלמידים האָבּין אויך גיטהאָן גרוסי וואונדיר איבּיר דיא קראַנקי, אָבּיר ניט דורך קמיעות. זייער בּיקענטניש איז, "דורך דעם גלויבּין אין זיין נאָמין האָט זיין נאָמין דיזן גישטאַרקט, וועלכין איר זעהט" (גישיכטי פון דיא אפּוסטילס ג' פסוק ט"ז). און זייער גיבּאָט איז ניט, צו טראָגין קמיעות, נייארט צו בּעטין. „ווען איינער פון אייך איז שוואַך, לאָז ער רופין דיא זקנים פון דער גימיינדי, און לאָזין זייא איבּער אים מתפלל זיין, און לאָזין זייא אים זאַלבּין מיט אייל אין דעם נאָמין פון דעם הערר: און דיא תפלה פון גלויבּין וועט דעם קראַנקין העלפין, און דער הערר וועט אים אויף הייבּן: און ווען ער האָט גיזינדיגט אַזוֹ וועט

עֶס אִים פַּר גֶעבִּין וֶוערִין: דָאס גִיבֶּעט פוּן אַיין צַדִּיק אִיז מֶעכְטִיג אוּן ווירְקְט פִּיל: אליהו וואר אַיין מֶענְטְש גְלַייךְ וִויא מִיר, אוּן עֶר הָאט גִיבֶּעטִין אַיין גִיבֶּעט אַז עֶס זָאל נִיט רֶעגְנִין, אוּן עֶס הָאט נִיט גִירֶעגְנִיט אוֹיף דֶר עֶרְד דְרַייא יָאר אוּן זֶעקְס חדשים: אוּן עֶר הָאט ווידִיר גִיבֶּעטִין, אוּן דֶר הִימֶל הָאט גִיגֶעבִּין רֶעגִין, אוּן דִיא עֶרְד הָאט אַרוֹיס גִישְׁפְּרָאצְט אִיר פְּרוּכְט" (יעקב ה' פסוק י"ד ביס י"ח). דָאס אִיז דִיא לֶערְנוּנְג פוּן דֶעם ברית חדשה, זִיא פַּאסְט גִינוֹיא מִיט דִיא פוּן משה אוּן דִיא נביאים, אַזוֹ אַז אִיהר הָאבְּט נִיט נֵייטִיג מורא צוּ הָאבִּין אַז דִיא קְרִיסְטְלִיכִי אמונה ווֶעט אַייךְ פִיהרִין צוּ עבודה זרה לֶערְנוּנְג: אדרבה, זִיא ווֶעט אַייךְ צוּרוּק פִיהרִין פוּן דִיא עבודה זרה לֶערְנוּנְג פוּן כִּישׁוּף אוּן שְׁטֶערִינְזֶעהִירַייא אוּן קמיעות, צוּ דֶעם גָאט פוּן ישראל.

אָבִּיר עֶס אִיז אַיין אַנְדִיר ענין פַארְהַאנְדִין אִין דִיא דָאזִיגִי לֶערְנוּנְג וֶועגִין קמיעות, ווָאס מוּז נִיט אִיבִּיר גִיהִיפִּפִּירְט וֶוערִין, אוּן דָאס אִיז אַז דָאס מַאכִין פוּן קמיעות קָאן וֶוערִין אַיין בְּלוֹס גִישֶׁעפְט צוּ קְרִיגִין דָאס גֶעלְד פוּן דִיא גִישְׁווִינְד גְלֵייבִּירְס. וֶוען אַיין מֶענְשׁ הָאט אַיין שם פַאר אַיין אוּיס גִיפְּרוּפְטִין קמיעות מַאכִיר, אַזוֹ וֶועלִין דִיא ווָאס גְלוֹיבִּין אָן דִיא תורה שבעל פה זִיךְ נַאטִירְלִיךְ צוּ אִיהם קֶעהרִין אִין דֶעם אופן פוּן קְרַאנְקְהַייט, אוֹדִיר אִין אַנְדִירִי מעמדים, וֶוען קמיעות קֶענִין נוּצִין, אוּן נַאטִירְלִיךְ דִיא רפואה קָאן מַאן נִיט קְרִיגִין בחנם. מִיר הָאבִּין גִיוואוּסְט אוּן גִיהֶערְט פוּן אַזֶעלְכִי מֶענְשִׁין אִין מערב זַייט אוּן אִין מזרח זַייט. אוּן אַזוֹ וֶוערִין דִיא אָרִימִי ישראל אַוֶועק גִיפִיהרְט פוּן דֶעם גָאט פוּן ישראל, אוּן וֶוערִין דֶערְצוּ גִיבְּרֶענְגְט, ווִיא דֶער נָבִיא זָאגְט, „צוּ וֶועגִין זִילְבִּיר פַאר דֶעם ווָאס אִיז קֵיין בְּרוֹט נִיט, אוּן זֵייאֶרִי בִּימִיהוּנְג פַאר דֶעם ווָאס זֶעטִיגְט נִיט" (ישעיה נ"ה פסוק ב'). אָבִּיר ווָאס פַאר אַיין צֵייגִינִישׁ גִיבְּט דִיא דָאזִיגִי גַאנְצִי לֶערְנוּנְג צוּ דִיא אוֹיף פִיהרוּנְג אוּן דִיא לֶערְנוּנְג פוּן ישוע הנוצרי? זַיינִי גְרוֹסִי בִּימִיהוּנְג אִיז גִיוֶועזִין צוּ ווַייזִין דִיא ווידִירְשְׁפֶּענִיגְקַייט פוּן דִיא תורה שבעל פה, אוּן דָאס פָאלְק צוּרוּק צוּ פִיהרִין פוּן קבלה רֵייד צוּ דִיא כתבי הקודש. הָאט עֶר רֶעכְט גִיהַאט אוֹדִיר הָאט עֶר אוּם רֶעכְט גִיהַאט? פַּאסְט דִיא אמונה פוּן דִיא תורה שבעל פה, אוֹדִיר פַּאסְט דִיא אמונה פוּן דֶעם ברית חדשה צוּם בֶּעכְטִין מִיט דִיא אמונה ווָאס אִיז עֶנְטְפְּלֶעקְט גִיוָוארִין צוּ משה אוּן דִיא נביאים? אִיז כִּישׁוּף מַאכִירַייא אֵיינִי לֶערְנוּנְג פוּן משה? אִיז דֶער רשות צוּ טהון צוּ הָאבִּין מִיט בֵּייזִי רוחות אֵיינִי לֶערְנוּנְג פוּן משה? אִיז שְׁטֶערִינְזֶעהִירַייא

אֵיינִי

אֵיינֶע לֶערְנוּנְג פוּן משה ? אִיז קמיעות מַאכְבַּרייא און בִּישְׁוֶוערוּנְגִין אֵיינֶי לֶערְנוּנְג פוּן משה ? נֵיין ; זַייא זֶענֶען פְּרָאקְטִי אֲקֵיינֶין דִיא לֶערְנוּנְג און גִיבָּאט פוּן משה , און אַקֵייגִין דִיא מעשים פוּן אַלִי דִיא הֵיילִיגִי מֶענִיר פוּן פַּאר צַייטִין . זֶענֶען דִיא דָאזִיגִי זַאכִין לֶערְנוּנְגִין פוּן דִיא תורה שבעל פה ? יוֹא . זֶענֶען זַייא דִיא לֶערְנוּנְגִין פוּן דֶעם ברית הדשה ? נֵיין . דִיא קְרִיסְטִין וֶוערִין גִילֶערְנְט זִיךְ אָב צוּ הַאלְטִין פוּן אַלִי זָאלְכִי זַאכִין . מֵילָא אִין דֶעם דָאזִיגִין , לכל הפחות , אִיז דִיא קְרִיסְטְלִיכִי אמונה מֶעהר גְלַייךְ צוּ דִיא לֶערְנוּנְג פוּן משה . וִויא לַאנְג וֶועלִין זִיךְ דִיא יוּדִין לָאזִין אַזוֹ אַרוּם פִירִין אִין טעות און גִינַארִין ? פִילִי ווִיסִין אפשר נִיט פוּן דִיא פרטים פוּן דֶעם דָאזִיגִין דַת וָואס זַייא גְלוֹיבִּין אִיהם , אָבִּיר אַזוֹ אַיין נִיט ווִיסִין אִיז זֵייער וֶוערְטֶה עוֹנש . וֶוען מֶענְשִׁין גְלוֹיבִּין אֵיינֶי אמונה , אַזוֹ גִיהֶערִין זַייא צוּ ווִיסִין וָואס זִיא אִיז , און וָואס אִיהרִי לֶערְנוּנְגִין זֶענֶען , און וָואס פַּארִי זַאכִין זִיא הֵייסְט טְהוּן . דִיא אִיצוּנְדִיגִי יוּדִישִׁי אמונה לֶערְנְט אַלִי דִיא דָאזִיגִי עבודה זרהשִׁי ידיעות און מעשים וִויא דֶעם אמת פוּן גָאט ; עֶס אִיז נוּן צַייט פַּאר דִיא יוּדִין . אַז זַייא זָאלִין הוקר ודורש זַיין אוֹב דָאס אִיז דִיא וַואהרֶהַאפְטִיגִי אמונה אִין וֶועלְכִי זַייא זֶענֶען גִיבְּלִיבִּין שוֹין אַזוֹ פִילִי הוּנְדִירְט יָאהר , און וֶוען נִיט , אַזוֹ אִיז עֶס צַייט אַז זַייא זָאלִין זִיךְ שְׁטֶעלְלִין אוֹיף דִיא וֶועג און פְרֶעגִין נָאךְ דִיא אַלְטִי שְׁטֶעגִין . עֶס אִיז אֵיינֶי אוּם זוּנְסְטִיגִי זַאךְ פַאר אַיין וֶוייניג אֵיינְצִילְטִי לַייט פוּן דֶעם פָאלְק צוּ פְּרוּבִין אָב צוּ לֵייגְנִין אַז דִיא דָאזִיגִי נַארִישׁ גְלֵייבִּישִׁי זַאכִין זֶענֶען אַיין אֵייגִינְטְלִיכִיר טְהֵייל פוּן דִיא אִיצוּנְדִיגִי יוּדִישִׁי אמונה . אַזוֹ לַאנְג וִויא דִיא תורה שבעל פה וֶוערְט גִיגְלוֹיבְּט אַז זִיא אִיז פוּן גָאט , אַזוֹ מוּז דִיא דָאזִיגִי תורה שבעל פה זֶעלְבִּיר גִינוּמִין וֶוערִין פַּאר אַיין עדות צוּ אִיהרִי אֵייגִינִי לֶערְנוּנְגִין , און פַּאר דֶעם מהות פוּן דִיא אִיצוּנְדִיגִי יוּדִישִׁי אמונה . עֶס אִיז קֵיין מִיטְטִילִיר וֶועג נִיט מִיגְלִיךְ ; עֶנְטְוֶוער מוּזִין יוּדִין אִין גַאנְצִין און בפרהסיא אָב לָאזִין דֶעם תלמוד וִויא שקר , נַארִישׁ גְלֵייבִּיש און עבודה זרהדיג , אוֹדִיר זַייא מוּזִין צוּ פְרִידִין זַיין גִיהַאלְטִין צוּ וֶוערִין פַּאר זַיינֶי טְרַייאִי תלמידים וָואס גְלוֹיבִּין אַלִים וָואס עֶר זָאגְט , אוֹדִיר פַּאר בעלי פחד וָואס ווִילִין דוּרךְ הניפה מֶענְשִׁין גִיפַאלְלִין און הָאבִּין מורא מודה צוּ זַיין דֶעם אמת פוּן גָאט , אוֹדִיר צוּ בִּיצַייגִין אַקֵייגִין דִיא טעות פוּן מֶענְשִׁין , טָאמִיר וֶועלִין זַייא לַיידִין אַיין שָׁאדִין אוֹדִיר עֶפִּים שְׁלֶעכְטְס אִין

עולם

עולם הזה. אָבִּיר איז עֶס מִיגְלִיךְ אַז, אִין דֶער זַאךְ פוּן גָאט, זָאלִין זִיךְ גִיפִינִין בעלי פחד צְווִישִׁין דֶעם פָאלְק פוּן גדעוֹן, וָואס עֶר אִיז גִישְׁטַאנִין מִיט הַארֶץ קֶייגִין דִיא עבודה זרה פוּן אֵיינִי גַאנְצִי שְׁטָאט אוּן הָאט צוּשְׁטֶערְט דֶעם אוֹפּפִיר שְׁטוּהל פוּן בעל, אוֹדִיר צְווִישִׁין דִיא וָואס קוּמִין אַרוֹיס פוּן חנניה מישאל אוּן עזריה וָואס זֶענִין גֶערִין אִין אַיין פַייאֶר אוֹפִין אַרַיין, אוֹדִיר צְווִישִׁין דִיא לַאנְדְלַייט פוּן דניאל וָואס עֶר הָאט נִיט גִיצִיטְטִירְט בַּייא דֶעם אָנְבְּלִיק פוּן דֶעם גְרוּבּ פוּן דִיא לֵייבִּין? נֵיין, מִיר ווִילְלִין לִיבִּיר גְלוֹיבִּין אַז אַלִי יוּדִין זֶענִין נָאךְ בְּלִינְד גְלֶייבִּיגִי תלמוד לַייט, אוּן אַז וֶוען זַייא וֶועלִין אוֹיף הֶערִין דָאס צוּ זַיין, אַזוֹ וֶועלִין זַייא אַפָּאר קוּמִין מִיט דֶעם גַייסְט פוּן זַייאֶרִי אבות אוּן מִיט דִיא קְרַאפְט פוּן זַייאֶר גָאט צוּ רֶעכְטְפֶערְטִיגִין דֶעם אמת.



Дозволено Цензурою. Варшава 5 (17) Февраля 1876 г.
Въ Типографіи А. Гинса. Королевская № 1064 D.

# נתיבות עולם

עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז

דיא אלטי שטעגין.

## נומר כ״ה

יודין און גוים וועלין דאס מסכים זיין אז דיא אמתי אמונה איז יראת שמים, אביר דאס איז נור אייני שוועריגי זאך וויא אזו מיר קענין דאס דאזיגי דערקענין, און דורך וועלכי סימנים מיר קענין איין חילוק מאכין צווישין דיא אמתי אמונה און צווישין דיא פאלשי אמונה. אין דעם תנ״ך גיפינין מיר זאלכי סימנים גאר אסך, אביר מיר וועלין דא נור איינס פון דיא דאזיגי סימנים מזכיר זיין:

### ראשית חכמה יראת יהוה:

„דער אנפאנג פון דער חכמה איז דיא פורכט פאר גאט״. דער תנ״ך לערנט אונז אז דיא אמתי אמונה, פאר בעסירט נישט בלוס דאס הארץ פון דעם מענשין, נייארט מאכט אויך זיין שכר אייביל און בשלימות; דערקענין דיא פאלשי אמונה פערדערבט נישט בלוס דאס הארץ, נייארט מאכט אויך דיא וואס גלויבין אן איהר פארנארט. דיא דאזיגי דעה גיפינין מיר אין כמה מקומות אין תנ״ך גאר בפירוש, וואדין אזו לייניך מיר פון דער וואהרין אמונה (תהלים י״ט פסוק ז׳) „דיא לערנונג פון יהוה איז גאר גאנץ, זיא דערקוויקט דיא זייל, דאס צייגניש פון יהוה איז וואהרהאפטיג, עס מאכט קלוג דעם נאר״. און שלמה המלך זאגט אויך (משלי ב׳ פסוק ט׳ י׳) אזו, „דענץ מאהל וועסט דוא פארשטיין צדקה און משפט און רעכט פארטיגקייט און אללין גוטין וועג. ווען דיא חכמה גייט אין ביין הארץ אביין, און דיא דערקענטניש איז זיס צו דייני זייל, דיא קלוגהייט וועט דיך היטין, פארשטענדיגקייט וועט דיך ביהיטין״. דערקעגין אביר זאגט דאס ווארט פון גאט גאר דעם היפוך פון דיא וואס האלטין זיך אן דיא פאלשי אמונה, אז זייא

זֶענִין נַארָאנִים . אַזוֹ שְׁטֵייט אִין (ירמיה י׳ פסוק ח׳) „זֵייא זֶענִין אַלְלֵי נַארְן אוּן גִישְׁט ,קְלוּג , וָוארִין הָאלְץ אִיז אֵיינֵי נַארִישֵׁי לֶערְנוּנְג״ . אוּן אַזוֹ שְׁטֵייט אוֹיךְ (ישעיה מ״ד פסוק יט׳ וכ׳) „אוּן עֶר ,קֶעהְרְט גִישְׁט צוּ זַיין הַארְץ , אוּן עֶר הָאט ,קֵיינִי דֶער ,קֶענְטְנִיש נִיט , אוּן ,קֵיינִי פֶערְשְׁטֶענְדִיגְקַייט נִיט , צוּ זָאגִין , אֵיינִי הֶעלְפְט הָאבּ אִיךְ פֶערְבְּרֶענְט אִין פַייאֶר , אוֹיךְ הָאבּ אִיךְ אוֹיף זֵיינִי קוֹהְלִין בְּרוֹט גִיבַּאקְין , אִיךְ הָאבּ פְלֵייש גִיבְּרָאטְין אוּן גִיגֶעסִין אוּן זָאל אוֹךְ זַיין אִיבְּרִיגִים מַאכִין צוּ אֵיינִי אוּם וִוירְדִיגְקַייט , זָאל אִיךְ קְנִיעֶן צוּ אַיין קְלָאץ פוּן הָאלְץ : עֶר וֵויידִיט מִיט אַשׁ , אַיין פַארְנַארט הַארְץ הָאט אִיהם גִינֵייגְט , אַז עֶר בִּישֶׁערְמְט נִיט זַיין לֶעבִּין , אוּן עֶר זָאגְט נִיט , אִיז דֶען נִיט פַאלְשְׁהַייט אִין מַיינִי רֶעכְטִי הַאנְד״ . נָאךְ דִיא דָאזִיגִי פסוקים נָאךְ אִיז דִיא קְלוּגְהַייט אַיין פְּרוּפְשְׁטֵיין פוּן דֶער אמתין אמונה , אָבִּיר דִיא נַארְהַייט אַיין פְּרוּפְשְׁטֵיין פוּן דֶער פַאלְשִׁין אמונה . אִיצוּנְד וֶועלִין מִיר דֶעם דָאזִיגִין פְּרוּפְשְׁטֵיין צוּפַּאסִין צוּ דִיא אמונה פוּן תורה שבעל פה , אוּן מִיר וֶועלְלִין זֶעהִין אוֹבּ זִיא , וֶועגִין אִיהר אֵייגִינִי חכמה אוּן וֶועגִין דִיא חכמה פוּן אִיהְרִי רבנים פֶערְדִינְט , אַז מַאן זָאל זִיא על פי שכל בכבוד הַאלְטִין . אמת אִיז , אַז זִיא טְהוּט זִיךְ אַלֵיין דֶעם כבוד אָן , אוּן רוּפְט אַלְלִי דִיא וָואס הָאבִּין זִיא מתקן גִיוֶועזִין „חכמים״ , אָבִּיר דָאס ,קַאפִּיטִיל פוּן דִיא קמיעות , וָואס אִיז נָאךְ אַוַודְאִי גָאר פְּרִיש אִין דֶעם זכרון פוּן דִיא וָואס הָאבִּין עֶם גִילֵייאֶנְט , ,קָאן שׁוֹן אִיטְלִיכִין מסופק מַאכִין אוֹבּ דָאס אִיז אמת . דִיא מעשות וָואס דִיא גמרא אוּנְז דֶערְצֵיילְט פוּן דִיא רבנים , וִויא אַזוֹ זֵייא זֶענִין זִיךְ נוהג מִיט בִּישְׁוֶוערוּנְג אוּן מִיט כישוף , בִּיוַוייזְט אוּנְז גָאר בפירוש אַז דִיא חכמה גִיפִינְט זִיךְ נִיט צְווִישִׁין דִיא סימנים אוּן דִיא מעלות פוּן תורה שבע״פ. מִיר וֶועלְלִין למשל אוּים דֶער גמרא אַרוֹיס דִיא סגולה דֶערְצֵיילִין , וָואס מַאן זָאל טְהוּן אַז דָאס בְּלוּט פוּן דֶער נָאז זָאל אוֹיף הֶערִין צוּ גֵייִן :

לדמא דאתי מנחירא ליתי גברא כהן דשמיה לוי וליכתוב ליה לוי למפרע ואי לא ליתי איניש מעלמא וניכתוב ליה אנא פפי שילא בר סומקי למפרע ואי לא ניכתוב ליה הכי טעם דלי במי כסף טעם לי במי פגם ואי לא ליתיה עקרא דאספסת׳ ואשלא דפורייא עתיקא וקורטסא ומוריקא וסומקא דלוליבא ונקלינהו בהדי הדדי וליתי גבבא דעמרא וניגדול תרתי פתילתא ולטמיש בחלא וניגדבל בקיטמא הרין

וניתיב

וניתיב בנחיריה ואי לא ליחזי אמת המים דאזלא ממזרח כלפי מערב ונפסע וניקום חד כרעא להאי גיסא וחד כרעא להאי גיסא ונישקל טינא בידיה דימינא מתותי כרעא דשמאליה ובידיה דשמאלא מתותי כרעא דימיניה וניגדול תרתי פתילתא דעמרא וניטמיש בטינא וניתיב בנחיריה ואי לא ליתיה תותא מרזבא ונייתו מיא ולישדו עליה ולמרו כי היכי דפסקי הני מיא ליפסק דמיה דפלניא בר פלניתאי :

„כדי דָאס בְּלוּט פוּן דֶער נָאז צוּ שְׁטִילְלִין , לָאזְט מַאן קוּמִין אַיין מֶענְש וָואס עֶר אִיז אַיין כהן אוּן זַיין נָאמִין אִיז לוי, אוּן מַאן לָאזְט אִיהם שְׁרַייבִּין דֶעם נָאמִין לוי פֶערְקֶעהרְט . הֶעלְפְט דָאס אָבִּיר נִיט , זָאל מַאן נֶעמִין אַיין פְּרָאסְטִין ישראל אוּן לָאזְט אִיהם שְׁרַייבִּין דִיא דָאזִיגִי וֶוערְטִיר פֶערְקֶעהרְט : „אנא פפי שילא בר סומקי" (*) אוֹדִיר עֶר זָאל שְׁרַייבִּין דִיא וֶוערְטִיר : „טעם דלי במי כסף טעם לי במי פגם" (**) , הֶעלְפְט דָאס אוֹיךְ נִיט , אַזוֹ זָאל עֶר נֶעהמִין אַיין וואוּרְצִיל פוּן גְרָאז , אַיין שְׁטְרִיק פוּן אַיין אַלְט בֶּעט , פַּאפִּיר אוּן זַאפְרָאן אוּן דֶעם רוֹטִין טְהַייל פוּן דֶעם צְוַוייג פוּן אַיין פַאלִים בּוֹים אוּן זָאל דָאס צוּזַאמִמִין פֶערְבְּרֶענִין , דֶער נָאךְ זָאל עֶר נֶעמִין עֶפִּיס וָואלל , זָאל דֶערפוּן שְׁפִּינִין צְוֵויא פָאדִים , זָאל זֵייא אַיינְטוּנְקִין אִין עֶסִיג אוּן זָאל זֵייא וֶועלְצִין אִין דֶער דָאזִיגִיר אַש אוּן אַזוֹ אַרַיין שְׁטֶעקִין אִין דִיא נָאז אַרַיין . וֶוען דָאס אָבִּיר אוֹךְ נִיט הֶעלְפְט , אַזוֹ זָאל עֶר אוֹיס זוּכִין אַיין וַואסִיר בֶּעכִיל וָואס לוֹיפְט פוּן מזרח קֵיין מערב , אוּן זָאל זִיךְ אִיבִּיר דֶעם דָאזִיגִין וַואסִיר שְׁטֶעלְלִין מִיט אֵיין פוּס פוּן אֵיינִיר זַייטִי אוּן מִיט דֶעם אַנְדִירִין פוּס פוּן דֶער אַנְדִירִין זַייטִי פוּן דֶעם וַואסִיר , דֶערנָאךְ זָאל עֶר מִיט דֶער לִינְקִין הַאנְד אַרוֹיס נֶעמִין עֶפִּיס בְּלָאטִי פוּן אוּנְטִיר זַיין רֶעכְטִין פוּס אוּן מִיט דֶער רֶעכְטִין הַאנְד עֶפִּיס בְּלָאטִי פוּן אוּנְטִיר זַיין לִינְקִין פוּס , אוּן אַזוֹ זָאל עֶר צְוֵויא פָאדִים שְׁפִּינִין פוּן וָואלל אוּן זָאל זֵייא אַיינְטוּנְקִין אִין דִיא בְּלָאטִי אוּן זָאל אַרַיין שְׁטֶעקִין אִין דִיא נָאז אַרַיין . עֶר זָאל זִיךְ זֶעצִין אוּנְטִיר אֵיינִי רִינְנִי אוּן לָאזִין וַואסִיר בְּרֵיינְגִין אוּן זִיךְ הֶערְמִיט בִּיגִיסִין אוּן אַזוֹ זָאגִין : „אַזוֹ וִויא דָאס וַואסִיר הֶערְט אוֹיף צוּ רִינְנִין אַזוֹ זָאל אוֹיךְ דָאס בְּלוּט פוּן פ׳ דֶעם זוהן פוּן דֶער אשה פ׳ אוֹיף הֶערִין צוּ רִינְנִין , (אִין דֶער גמרא גיטין דף ס״ט עמוד א׳)

נון

---

(*) דער פירוש וואס רש"י גיבט וואס דיא דאזיגי ווערטיר ביטייטין הייסט אזו „לחש הוא" דאס הייסט : כישוף , אודיר איין בטייגיר פון בישווערונג .

(**) „לחש הוא" דאס הייסט כישוף , זאגט רש"י .

נון פְרֶעגֶן מִיר אִיטְלִיכִין קְלוּגִין יוּדִין, אוּב דָאס שְׁטִיק מֶעהר חכמה אוֹדִיר מֶעהר נַארִישְׁקַייט אוּיס וַוייזְט. עֶסִיג און וַואסִיר אַלֵיין וָואלְטִין פִיל מֶעהר גִיקָאנְט הֶעלְפִין, און וֶוען מַאן וָואלְט טַאקִיש בְּלָאטִי גִינוּמִין, אָבִּיר נוּר אַסַךְ, וָואלְט מַאן אַוַודַאי גִיקָאנְט דִיא גַאנְצִי נָאז פֶערְשְׁטָאפְּפִין און דָאס בְּלוּט מֶעכְט שׁוֹן בְּמֵילָא אוֹיף הֶערִין. וֶועלְכִיס נוּצִין קָאן אָבִּיר פוּן דֶעם נָאמִין לוי וָואס אִיז גִישְׁרִיבִּין פֶערֶקֶעהְרְט, אוֹדִיר פוּן יֶענִי וֶוערְטִיר וָואס רש"י הַאלְט זַייא פַאר כּישוּף, אַרוּיס קוּמִין. פַאר וָואס זָאל דִיא בְּלָאטִי פוּן דֶעם וַואסִיר וָואס לוֹיפְט פוּן מזרח קַיין מערב מֶעהר הֶעלְפִין אֵיידִיר אַנְדִירִי בְּלָאטִי, און פַאר וָואס זָאל עֶס מִיט דֶער רֶעכְטִין הַאנְד פוּן דֶער לִינְקִין זַייט און מִיט דֶער לִינְקִין הַאנְד פוּן דֶער רֶעכְטִין זַייט גִינוּמִין וֶוערִין. גְוִויס וַוייל דִיא מחברים פוּן יֶענִים שְׁטִיק הָאבִּין בִּישַׁיימְפִּירְלַאךְ גִיגְלוֹיבְּט אִין דֶער דָאזִיגִיר סגולה שְׁטֶעקְט אַיין כּה פוּן כּישוּף, און זַייאֶרִי גִימוּטֶה אִיז אַזוֹ פֶערְבְּלֶענְט גִיוָוארִין פוּן נַארִישְׁגְלוֹיבִּירַייא אַז זַייא הָאבִּין עוֹבר גִיוֶועזִין אוֹיף דִיא קְלָארִי רֵייד פוּן משה ר', וָואס עֶר הָאט זַייא בפירוש פֶערְבָּאטִין צוּ גְלוֹיבִּין אָן אַיין שוּם מִין פוּן כּישוּף: אָבִּיר עֶס אִיז אִין דֶער גמרא נִיט בְּלוֹס דִיא אֵיינְצִיגִי סגולה, בַּייאִירְט זֵייעֶר פִיל, און אַלְלִי אוֹיף אַזוֹ אַיין שְׁטֵייגִיר פוּן נַארִישׁ גְלוֹיבִּין און כִּישוּף. מִיר וֶועלְלִין למשל זֶעהִין דֶעם שְׁטֵייגִיר פוּן סגולה קֵייגִין דֶעם בִּים און דֶער דְרַאפְּפִין פוּן אַיין דוּלְלִין הוּנְד, וָואס דֶער תלמוד שְׁרַייבְּט אַזוֹ:

ת"ר חמשה דברים נאמרו בכלב שוטה פיו פתוח ורירו נוטף ואזניו סרוחות וזנבו מונח לו על ירכותיו ומהלך בצידי דרכים ויש אומרים אף נובח ואין קולו נשמע אמאי הוי רב אמר נשים כשפניות משחקות בו ושמואל אמר רוח רעה שורה עליו מאי ביניהו איכא ביניהו למקטליה בדבר הנזרק תניא כותי' דשמואל כשהורגין אותו אין הורגין אותו אלא בדבר הנזרק דחייף ביה מסתכן דנכית ליה מיית דחייף ביה מסתכן מאי תקנתיה נישלח מאניה ונירהוט רב הונא בריה דרב יהושע חף ביה חד מינייהו בשוקא שלחינהו למאניה ורהיט אמר קיימתי בעצמי והחכמה תחיה בעליה דנכית ליה מיית מאי תקנתיה אמר אביי ניתי משכא דאפא דדיכרא וניכתוב עליה אנא פלניא בר פלניתא אמשכא דאפא דיכרא כתיבנא עליך כנתי קלירוס ואמרי לה קנדי קנדי קלירוס יה יה ה' צבאות אמן אמן סלה ונשלחינהו למאניא ולקברינהו בי קברי עד תריסר ירחי שתא ונפקינהו ונקלינהו

בתנורא

בתנורא וגבדרינהו לקטמי' אפרשת דרכים והנך תריכר ירחי שתא כי שתי מיא לא לישתי אלא בגובתא דנהשא דלמא הזי בבואיה דשידא וליסתכן כי הא דאבא בר מרתא הוא אבא בר מניומי עבדא ליה אימיה גובתא דדהבא :

„דיא רבנים האבן גילערנט, דורך פינף סימנים קאן מאן דערקענין איין דוללין הונד: זיין מויל איז אפפין, זיין שפייאכץ לויפט איהם, זייני אויערין שטינקין, זיין שוואנץ הענגט איהם אראב צווישין דיא פיס און ער גייט תמיד אויף דיא זייטין פון דיא וועגין. עטליכי זאגין אויך אז ער בילט, אביר מאן הערט נישט קיין קול פון איהם. וואס איז אביר דער טעם פאר וואס ער איז דולל, רב זאגט עס קומט דער פון וויל דיא מכשפות שפילין זיך מיט איהם, און שמואל זאגט איין רוח רעה רוהט אויף איהם. וואס איז דער חילוק צווישין זייא, דאס איז דער חילוק, אז אין דעם רעצטין אופן מוז ער גיטייט ווערין מיט איין כלי זיין וואס מאן זאל עס ווארפין אויף איהם. דיא ברייתא איז מסכים מיט שמואל, אז מאן טאר איהם ניט טייטין אז נור מיט איין זאך וואס מאן קאן עס ווארפין. אז איין דוללער הונד קראצט איינים איז ער אין סכנה, אביר ווען ער בייסט איינים מוז ער שטארבין. וואס איז אביר דיא סגולה אקייגין דיא סכנה פון דעם קראצין, דער מענש זאל אראב ווארפין פון זיך זייני קליידיר און אוועק לויפין. רב הונא דער זוהן פון ר' יהושע איז אמאהל פון איין דוללין הונד אויף דער שטראס גיקראצט גיווארין אזו האט ער גישווינד אראב גיווארפין זייני קליידיר און איז אוועק גילויפין. ער האט אויך גיזאגט: איך האב אין מיר מקיים גיוועזין דיא דאזיגי ווערטיר (קהלת ז' פסוק י"ג) והחכמה תחיה בעליה „דיא חכמה גיבט דאס לעבין צו דיא דאזיגי וואס האבין זיא". ווען אביר איין מענש ווירט גיביסין, אזו מוז ער שטארבין; וואס איז אביר דיא סגולה דערצו, אביי זאגט ער זאל נעמין דאס פעלל פון איינר שווארצי שלאנג און זאל דרויף שרייבין דיא ווערטיר: איך פ' דער זוהן פון דער אשה פ' שרייב אקייגין דיך אויף דעם פעלל פון איינר שווארצי שלאנג דיא ווערטיר: „כנתי כנתי קלירוס" אנדירי זאגין: „קנדי קנדי קלורוס יה יה ה' צבאות אמן אמן סלה". דערנאך זאל ער דיא קליידיר פון זיך אראב ווארפין און זייא אין איין קבר בינראבין אז זייא זאללין דארט ליגין צוועליף חדשים, דערנאך זאל ער זייא ארויס נעמין און זאל זייא אים אופן פערברענין און דיא אש פארשפרייטין אויף דיא

קרייצוועגין

קְבַייצְוֶועגִין . אָבִּיר דִיא גַאנְצֵי צַייט פוּן דִיא צְוֶועלִיף הדשים טָאר עֶר נִישְׁט טְרִינְקִין וַואסִיר אַז נוּר פוּן אַיין קוּפִּירְנִי קַאן , כְּדֵי אַז עֶר זָאל נִיט דִירְזֶעהִין דִיא גִישְׁטַאלְט פוּן אֵיין שד און וֶועט זַיין אִין אַיין סכנה , אַזוֹ וִויא עֶס הָאט זִיךְ פֶּערְלוֹיפִין מִיט אבא דֶר זוֹהְן פוּן מרתא וָואס עֶר אִיז אבא דֶער זוֹהן פוּן מניומי , וַוייל זַיינִי מוּטְטִיר הָאט אִיהם גִילָאזְט מַאכִין אַיין גוּלְדִינִי קַאן" , (יומא דף פ"ג עמוד א') . דָאס דָאזִיגִי שְׁטִיק וַוייזְט גָאר בפירוּש אַז דִיא רבנים הָאבִין גִיגְלֵייבְּט אִין קמיעות און אָן כִּישוּף סגוּלוֹת . אָבִּיר אוֹיבּ דָאס דָאזִיגִי אִיז אסימָן פוּן גְרוֹסִי חכמה קֶענִין דִיא וָואס לֵיינִין דָאס זִיךְ שׁוֹן אַלֵיין משער זַיין . וָואס פַאר אַיין נוּצִין קָאן דָא הָאבִּין דֶער אַרְמִי מֶענְשׁ דֶער פוּן אַז עֶר שְׁרַייבְּט עֶפִּיס עֶטְלִיכִי וֶוערְטִיר אוֹיף דֶעם פֶּעלל פוּן אַיין שְׁוַוארְצִיר שְׁלַאנְג , אוֹדִיר פוּן דֶעם , אַז עֶר זָאלל פְּרִיהֶער פֶּערְשַׁארִין זַיינִי קְלֵיידִיר און שְׁפֶּעטִיר פַארְבְּרֶענִין און פֶּערְשְׁפְּרֵייטִין אוֹיף דִיא קְבַייצְוֶועגִין . דֶער דָאזִיגִיר שְׁטֵייגִיר פוּן סגולה אִיז נִיט על פי דָאקְטִירַייא און נָאךְ פשיטא נִיט על פי תורת משה . וֶוען גָאט וָואלְט גִיבָּאטִין אַזָאלְכִי זַאכִין צוּ טְהוּן , אַזוֹ וָואלְטִין מִיר זֵייא גִיוִויס נִיט בְּלוֹיז גִיהָארְכְט , נַייאִירְט מִיר וָואלְטִין זֵייא אִין גְלַייכִי אוֹפַנִים מִיט פְרֵייד בִּינוּצְט . דֶעם גְרוֹסִין גָאט קָאן קֵיינִיר נִיט פָארְשְׁרַייבִּין , עֶר גִיבְּט אַזָאלְכִי רפואות וָואס אִיהם גִיפֶעלְלְט און וָואס קֶענִין צוּם בֶּעסְטִין הֶעלְפִין . עֶר הָאט גִיקָאנְט הֵיילִין דִיא דָאזִיגִי יוּדִין וָואס זֵייא זֶענִין גִיבִּיסִין גִיוָוארִין פוּן דִיא פַייריגִי שְׁלַאנְגִין בְּלוֹיז דוּרְךְ אַיין בְּלִיק אוֹיף דִיא קוּפִּירְנִי שְׁלַאנְג , און עֶר הָאט גִיהֵיילְט דֶעם נעמן פוּן דִיא קְרֶעץ דוּרְךְ דָאס בָּאדִין אִים ירדן . וָואס פַאר סגולות גָאט אוּנְז אָבִּיר אוֹיךְ פָארְשְׁרַייבְּט אִין זַיינִיר תורה , אַזוֹ אִיז אוּנְזִיר גְרֶעסְטִי חכמה אַז מִיר זָאלְלִין זֵייא טְהוּן . וֶוען אָבִּיר גָאט ב"ה הָאט דִיא דָאזִיגִי סגולות וָואס דֶער תלמוד הֵייסְט זֵייא צוּ טָהוּן גָאר בפירוּשׁ פֶערְבָּאטִין אַזוֹ וִויא מִיר גִיפִינִין בַּייא דֶעם כלל פֶערְבָּאט פוּן כישוּף , אַזוֹ מוּזִין מִיר בפה אחד מודה זַיין אַז דֶער מֶענְשׁ וָואס גְלוֹיבְּט אָן זָאלְכִי סגולות וֵוייס אפילו גָאר נִיט וָואס חכמה אִיז , וַוייל דִיא אוֹיסְגִיטְרַאכְטִי זַאכִין פוּן דֶער גמרא זֶענִין בפרהסיא נַארִישׁ . וָואס וֶועלְלִין אָבִּיר דִיא וָואס לֵיינִין דָאס דָאזִיגִי זַאכִין , פוּן דֶעם שֵׂייגִים טעם פוּן דֶער דוּלְלְקַייט פוּן דֶעם הוּנְד . „רב זָאגְט עֶס קוּמְט אַהֶער , וַוייל דִיא מכשפות טְרַייבִּין מִיט אִיהם קַאטָאוִויס , שמואל זָאגְט אַיין רוח רע רוּהט אוֹיף אִיהם" . מֵילָא רב גְלוֹיבְּט אַז גָאט ב"ה וָואס עֶר אִיז זִיךְ מרחם אִיבִּיר אַלְלִי זַיינִי בִּישֶׁעפְּפִינִישִׁין וֶועט מסכים זַיין אַז שְׁלֶעכְטִי וַוייבִּיר זָאלְלִין קֶענִין זַיינִי

בישעפפינישן

בִּישֶׁעפְּפִּגִישִׁין קְוֶוייהלִין און זַייא פְּלָאגִין מִיט בִּיטְטִירִי קְרֶענְק כדי זִיךְ צוּ מַאכִין אַיין קַאטָאוִוים דֶערפוּן. אִיז דָאס חכמה? אִיז דָאס נָאךְ דֶער תורה נָאךְ? דָאס אִיז אָבִּיר דִיא לֶערְנוּנְג פוּן תורה שבעל פה. און וֶוען ישוע הנוצרי וָואלְלט נִיט סותר גִיוֶועזִין דָאס דָאזִיגִי און וָואלְלט נִיט גִילֶערִינְט אֵייני אמתי לֶערְנוּנְג וָואס אִיז נָאךְ דֶער תורה נָאךְ, אַזוֹ מֶעכְטִין דִיא יוּדִין זִיךְ נָאךְ בִּיז אִיצוּנד הַאלְטִין אָן זָאלְכִי תקנות און סגולות. דֶער דָאזִיגִיר וָואס גְלויבְּט אָן דֶער גמרא מוּז אויךְ גְלויבִּין אָן דִיא דָאזִיגִי, און אָן אַלְלִי דִיא נַארִישְׁקַייט וָואס דְרִין שְׁטֶייט גִישְׁרִיבִּין. אָבִּיר דֶער דָאזִיגִיר וָואס וַוארְפְט אַזָאלְכִי נַארִישְׁקַייט אַוֶועק, דֶער אִיז דָאס אָבִּיר אויךְ מודה אַז דִיא גמרא שְׁרַייבְּט נַארִישִׁי און פַאלְשִׁי זַאכִין און פַארְדִינְט גָאר נִיט מֶעהר אַז מַאן זָאל אִיהר אַסַךְ אוֹדִיר אפילוּ עֶפִּים גְלויבִּין. עֶטְלִיכִי וֶועלְלִין אפשר זָאגִין אַז מַאן גִיפִינְט צְווִישִׁין דִיא נוצרים אויךְ אַזָאלְכִי נַארִישְׁקַייט און נַארִישְׁגְלויבִּירַייא, יַא, מִיר זֶענִין דָאס מודה אַז עֶס זֶענִין אַזָאלְכִי אופנים גִיוֶועזִין, אָבִּיר נור דֶענְצְמָאל וֶוען דִיא קְרִיסְטִין הָאבִּין אָבְּגִיטְרֶעטִין פוּן דֶער תורה, אָבִּיר קָאן מַאן אַזָאלְכִי נַארִישְׁקַייט גִיפִינִין אִין ברית חדשה? דָאס דָאזִיגִי בּוּךְ אִיז דֶער פְּרוּף שְׁטֶיין פוּן דֶער קְרִיסְטְלִיכִין אמונה, אַזוֹ וִויא אִיהר זָאגְט אַז תורה שבע״פ קוּמְט אַרוֹיס פוּן גָאט, אַזוֹ זָאגִין מִיר אַז דֶער ברית חדשה אִיז פוּן גָאט. מִיר הָאבִּין אַייךְ נִיט גִיוִויזִין דִיא נַארִישְׁקַייט פוּן אֵיינְצִיגִי יוּדִין בְּלוֹס, נַייאֶרְט פוּן אַייאֶרִי גמרא וָואס זִיא הָאט בַּייא אַייךְ גָאר דִיא גְרֶעסְטִי דעה. ווִילְלְט אִיהר אָבִּיר אוּנְז אויךְ אַזָאלְכִי נַארִישְׁקַייטִין אָן הֶענְגִין, אַזוֹ מוּזְט אִיהר אוּנְז וַוייזִין אַז מַאן גִיפִינְט זַייא אויךְ אִין ברית חדשה וָואס עֶר הָאט בַּייא אוּנְז אֵייני גְרוֹסִי דעה. אָבִּיר דָאס קָאנְט אִיהר אוודאי נִיט. דֶער ברית חדשה הָאט גָאר קֵיינִי זַאכִין נִיט פוּן זָאלְכִי שְׁטֵייגִירְס. און אִיצוּנְד הַאלְט עֶס אָן אַייךְ אַז אִיהר זָאלְט אוּנְז צוּ פַארְשְׁטֶיין גֶעבִּין ווִיא אַזוֹ עֶס קוּמְט אַז אִין דֶעם ברית חדשה וָואס אִיהר הַאלְט דָאס פַאר אַיין פַאלְשׁ בּוּךְ, שְׁטֶייט גָאר נִיט זָאלְכִי נַארִישִׁי זַאכִין אַזוֹ וִויא מִיר הָאבִּין אַייךְ דָא גִיוִויזִין.

מִיר פְרֶעגִין נָאךְ וַוייטִיר אִיטְלִיכִין עֶהרְלִיכִין יוּדִין אוֹב עֶר דֶערְשְׁרֶעקְט זִיךְ נִיט וֶועגִין דֶעם דָאזִיגִין חילול השם וָואס דִיא גמרא לַייט הָאבִּין אִין דֶעם דָאזִיגִין שְׁטִיק נִיט נור מתיר גִיוֶועזִין, נַייאִירְט זַייא הָאבִּין נָאךְ גָאר בפירוש גִיבָאטִין צוּ מַאכִין? וָואס קָאן אַיין עֶהרְלִיכִי יוּד הַאלְטִין פוּן אַזוֹ אַיין ספר אוֹדִיר פוּן אַזָאלְכִין מֶענְשִׁין וָואס הֶייסְט אוּנְז שְׁרַייבִּין דִיא נֶעמִין:

יה יה יהוה צבאות :

צוזאַמֶען מִיט דִיא נַארִישֶׁע װֶערְטֶער „כנתי כנתי קלירוס״ ? קָאן עֶר זָאגֶען אַז דָאס זֶעלְבִּיגֶע פַּארְטְרַאגְט זִיךְ מִיט אֵיינֶער אמתן אמונה ? און דָאס גֶיפִינְען מִיר גָאר פִּילֶע מָאל אִין דֶער גמרא אַז זִיא הָאט מתיר גֶיוֶועזֶען דֶעם הֵיילִיגֶען נָאמֶען פוּן גָאט ב״ה מחלל צוּ זַיין כדי צוּ טָהוּן כישוף סגולות . נָאךְ אֵיין אַנְדֶער שְׁטִיק װֶעט אוּנְז דָאס בפירוּש צֵייגֶען :

אמר רבה אישתעי לי נחותי ימא האי גלא דמטבע לספינה מיתחזי כי צוציתא דנורא חיוורתי ברישיה ומחינן ליה באלוותא דחקיק עליה אהיה אשר אהיה יה ה׳ צבאות אמן אמן סלה ונייח אמר רבה אישתעו לי נהותי ימא בין גלא לגלא תלת מאה פרסי זמנא חדא הוה אזלינן באורחא ודלינן גלא עד דחזינן בי מרבעתיה דכוכבא זוטא והוויא בי מבזר ארבעין גריוי בזרא דחרדלא ואי דלינן טפי מקלינן מהבלי׳ ורמי ליה גלא קלא לחבר׳ חבירתי שבקת מידי בעלמא דלא שטפתי׳ דניתי אנא ונאבדי׳ א״ל פוק חזי גבורתא דמריך מלא חוטא הלא ולא עברי שנ׳ האותי לא תיראו נאום ה׳ אם מפני לא תחילו אשר שמתי חול גבול לים חק עולם ולא יעברנהו :

רבה זָאגְט , דִיא װָאס פָאהרֶען אוֹיף דֶעם יַם הָאבֶּען מִיר דֶער צֵיילְט , אַז מַאן זֶעהט פוּנְקֶען פוּן אַיין װַיים לִיכְט אוֹיף דֶער שְׁפִּיץ פוּן אַיין אִינְד װָאס װִילל אִיבֶּער קֶעהרֶען אַיין שִׁיף . אָבֶּער װֶען מַאן שְׁלָאגְט זִיא מִיט אַיין שְׁטֶעקֶען װָאס אִיז דְרוֹיף אוֹיס גִיקְרִיצְט דִיא װֶערְטֶער „אהיה אשר אהיה יה ה׳ צבאות אמן אמן סלה״ אַזוֹ לֵייגְט זִיךְ דִיא אִינְד . נָאךְ מֶעהר הָאבֶּען מִיר דֶערְצֵיילְט דִיא װָאס פָאהרֶען אוֹיף דֶעם ים , אַז צְװִישֶׁען אֵיין אִינְד און דִיא אַנְדֶערֶע אִיז דְרַייא הוּנְדֶערְט מַייל װַייט אַמָאהל זֶענֶען מִיר גִיפָאהרֶען און הָאבֶּען אוֹיף גִיהוֹבֶּען אֵיינֶע אִינְד אַזוֹ הָאבֶּען מִיר דֶער זֶעהֶען דֶעם פְּלַאץ װאוּ דֶער קְלֵיינְסְטֶע שְׁטֶערֶען רוּהט , און עֶר אִיז אַזוֹ גְרוֹס אַז מַאן װָאלְט גִיקָאנְט פַאר זֵייאֶן אוֹיף איהם פֶערְצִיג שֶׁעפֶּעל זָאמֶען פוּן זֶענֶפְט , און װֶען מִיר װָאלְטֶען זִיא הֶעכֶער אוֹיף גִיהוֹבֶּען , אַזוֹ װָאלְטֶען מִיר פֶערְבְּרֶענְט גִיוָוארֶען פוּן דֶער הִיץ פוּן דֶעם דָאזִיגֶען שְׁטֶערֶען . אַיין אִינְד הָאט אוֹיף גִיהוֹבֶּען אִיהר קוֹל און הָאט גִירוּפֶען צוּ אִיהר הברתי , אָה חברתי הָאסְט דוּא נָאךְ עֶפֶּעס אִיבֶּער גִילָאזְט אִין דֶער װֶעלְט װָאס דוּ הָאסְט נִיט פֶערְטְרוּנְקֶען כדי אַז אִיךְ זָאל גֵיין און זָאל דָאס צֶערְשְׁטֶערֶען . אַזוֹ הָאט

איהר

איהר יענע געשטפּירט: גייא און זעה דעם כח פון דיינעם העררין. אפילו ניט אזו ברייט וויא איין האר האב איך ניט געקאנט איבערטרעטין דאס לאנד, וואָרים עס שטייט געשריבן: (ירמיה ה׳ פסוק כ״ב), ווילט איהר מיך ניט פורכטין זאגט גאט; ווילט איהר ניט ציטערין פאר מיין פנים, וואס איך האב געמאכט דעם זאנד צו איין גרעניץ פון דעם ים צו איין אייביק געזעץ אז עס זאל ניט איבערפאהרין איבער דעם״. (אין דער גמרא בבא בתרא דף ע״ג עמוד א׳). אזו האבין מיר דא ווידיר איין חילול השם פון דעם היילינגן נאמין פון גאט ב״ה, וואס ער זאל אוים געקריצט ווערין אויף איין שטעקין כדי צו קענין אויף הובין אודיר אנידער לייגין איין אינד. אביר אהון דעם חילול השם וועללין מיר זעהין וויא נאריש דיא דאזיגע גאנצע מעשה איז. צו ערשט זאגט דאס דאזיגע שטיק אז מענשין גאר אן שום חילוק אוב זייא זענין גוט אודיר שלעכט קענין דערלאנגין דיא גרויסע ממשלה איבער דיא אינד פון דעם ים; אז איטליכער מענש קאן דיא היילינגע נאמין פון גאט ב״ה אוים קריצין אויף איין שטעקין; אז איטליכער מענש קאן מיט דעם שטעקין שלאגין דעם ים, און אזו קאן איין שלעכטער מענש וואס האט גאר קיין אמונה ניט, קיין יראת שמים ניט, קיינע אהבה ניט צו גאט, מאכין און טהון אזו איין סגולה, וואס קאן נור דורך דעם כח פון גאט ב״ה געמאכט ווערין. איז דאס מעגליך אז איין בן ישראל זאל קענין אזאלכע זאכין וואס איז גאר בפרהסיא גרויסע נארישקייט און שקר אזו לייכט גלויבין? אביר דיא דאזיגע מעשה דערמאנט אונז ווידיר דאראן, אז דיא גמרא האלט זיך נערגינץ ניט אן דעם אמת. זיא דערציילט אונז אז איין אינד איז דורך דעם כח פון איין כישוף סגולה אזו הוך אויף געהובין, אז דיא זעלביגע וואס זענין געפאהרין האבין געקאנט דירבליקין דעם פלאץ פון דעם קליינסטין שטערין און דער צו נאך אזו גוט אז זייא האבין זיך געקאנט מעסטער זיין וויא גרוס דער פלאץ איז. אביר ווער עס האט נור עפּיס איין ידיעה פון דער תכונות השמים (אסטראנאמיע) קאן דאס לייכט איינזעהין, אז אזו איין שטייגיר זאכין זענין גאר אין גאנצין ניט מעגליך. דער קליינסטע שטערין וואס דאס בלויסע אויג קאן איהם זעהין איז אזו ווייט פון דער ערד אז עס האט כמעט גאר קיין מאס ניט, און דארום איז עס גאר אין גאנצין איין געלעכטיר צו זאגין אז איין אינד האט זיך אזו הוך דער הובין. דאס וואסיר וואס געפינט זיך אויף דער גאנצין ערד מעכט נאך ניט גינוג זיין צו מאכין אזו איין גרויסע אינד. דאס איז אביר נאך ניט

גינוג , דער תלמוד גיבט אונז נאך צו פארשטיין , אז זייא האבין גיהאבט כח דיא אינד נאך פיל העכיר אויף צו הויבין , און זייא האבין עס בלוס דארום ניט גיטהון , ווייל זייא האבין מורא גיהאבט אז זייא זאללין ניט פארברענט ווערין. אביר דיא גמרא בינגונגט זיך מיט דעם דאזיגין וואונדיר אויך ניט , בייארט זיא דער ציילט אונז נאך , אז צווייא אינדין האבין גיהאבט צווישין זיך איינע אונטירהיידונג. דער פירוש רש"י, ווייל ער טאקיש איטליכים ווארט פון דער דאזיגיר מעשה גלויבט , גיבט אונז נאך דערצו איין ווינק , אז דיא דאזיגי אונטירהיידונג האבין גאר גיהאבט דיא מלאכים וואס זייא האבין דיא ממשלה איביר דיא אינדין : ער זאגט אזו :

ורמי ליה גלא נתן קולו כלומר צעק כדוגמא תהום אל תהום קורא ושמא מלאכים הממונים עליהם הם :

„דיא אינד האט אויף גיהויבין איהר קול , כלומר, זיא האט גישריגין , און אזו גיפינין מיר : „איין אבגרונד רופט צו דעם אנדירן אבגרונד", אפשר זענין עס גיוועזין דיא מלאכים וואס זייא זענין גיזעצט איביר דיא אינדין". דער בעל המפרש האט , אזו וויא עס שיינט , גאר קיין שום ספק ניט גיהאבט אוב דיא דאזיגי מעשה איז אמת , ווייל ער גלויבט טאקיש , גאר אן ספק , אז דיא גמרא איז געטליך אמת . אביר מיר פרעגין דיא וואס ליינין דם , אוב זיי גלויבין די דאזיגי מעשה באמת ? און ווען זיי דם ניט גלויבין , פרעגין מיר זייא ווידיר פאר וואס ניט ? גיווים דארום ניט , ווייל דיא נארישקייט איז צו גראב און מאוס , און אונזיר שכל איז עס גאר ניט מסכים אז עס קאן זיין מיגליך . נון פרעגין מיר אייך נאך , קאן אזו איין ספר וואס אנגיפילט מיט זאלכי דערציילונגין זיין פון גאט ? אביר אויף וואס פאר איין אופן זענין אללי דיא דאזיגי זאכין פון כישוף , שטערינזעהירייא , קמיעות , כישוף סגולות און שטעקין , אין דיא גמרא אריין גיקומין ? בלתי ספק האבין זייא דיא מחברים אריין גיזעצט . נון דיא דאזיגי בעלי המחברים האבין ענטפיר גיגלויבט אן דיא דאזיגי זאכין , אודיר זייא האבין ניט גיגלויבט. ווען זייא האבין אביר דאס ניט גיגלויבט , אזו זענין זייא בפירוש שלעכטי מענשין , ווייל זייא האבין במזיד אריין גישריבין אזאלכי פאלשי זאכין ; האבין זייא אביר דאס יוא גיגלויבט , אזו זענין זייא אפשר קיינע ליגניר ניט במזיד , אביר זייא זענין על כל פנים גישווינד גלויביגי און נאריש גלויביגי מענשין , וואס זייא האבין גאר

קייני

קיני רֶעבְּטִי השגה נִיט פוּן דֶעם דת פוּן משה ר' און פון דִיא נביאים און קֶענִין דֶעסֶענְטְוֶועגִין אִין בֵּיידִי אופנים נִיט זַיין גוּטִי פִּיהְרִיר אִין אמונה זַאבִין. דִיא אִיצוּנְדִיקִי יוּדִין גִיהֶערִין נָאךְ צוּ רֶעכְנִין, אוֹב זֵייא הָאבִּין נָאךְ חשק לֶענְגִיר אָן אַיין זָאלְבִין דת צוּ קְלֶעבִּין וָואס הָאט אִין זִיךְ אַזוֹ פִּיל אוּם מִיגְלִיכִי זַאכִין און אִיז מתיר מחלל השם צוּ זַיין כדי צוּ טְהוּן כישוף סגולות. אַבֶּעהִין הוּנְדִירְט יָאהר צוּ בְּלַייבִּין אִין אַזוֹ אֵיין גְרָאבִּין חשך און טעות אִיז שׁוֹן באמת צוּ לַאנְג. די דָאזִיגִי וָואס זֶענִין בִּים אִיצוּנְד אִין דֶעם דָאזִיגִין דת אוּיף גִיוַאקְסִין גִיוָוארִין זֶענִין הָאטְשִׁי אִיצוּנְד מחויב זִיךְ אוּיף צוּ הוֹבִּין און זִיךְ זֶעלְבְּסְט צוּ פְּרֶעגִין, וָואס אִיז דָאס דֶער מֶעהר, און וָואס הָאט זִיךְ דָאס מִיט אוּנְז און מִיט אוּנְזִירִי אבות אבותינו בִּיז אִיצוּנְד גִיטְהוּן? און וִויא אַזוֹ קוּמְט עֶס, אַז דֶער ברית הדשה וָואס זֵייא הָאבִּין אָן אִיהם נִיט גִיגְלוֹיבְּט אִיז גָאר פְּרַייא פוּן זָאלְכִי נַארִישְׁקַייט און מְאוּסִי זַאכִין? עֶפִּים שְׁלֶעכְץ הָאבִּין זֵייא דָאךְ גִימוּזְט טְהוּן, וָוארִים וֶוען נִיט, וָואלְט דָאךְ דָאס אוּיסְדִירְוֶוייהלְטִי פָאלְק פוּן גָאט נִיט גִיבְּלִיבִּין אַזוֹ לַאנְג אִין גָלוּת, און וָואלְלְט נִיט גִיוֶועזִין אַזוֹ לַאנְג פוּן דֶעם הֵיילִיגִין גָאט פוּן ישׂראל פַאר לָאזִין. וֶוען מַאן דִיא תקנות פוּן תורה שבעל פה זִיךְ גוּט אִיבִּירְקְלֶערְט, אַזוֹ קָאן מַאן גָאר לַייכְט זִיךְ משער זַיין דִיא סיבה דֶער פוּן. דִיא יוּדִין זֶענִין מִיט גְרוֹס הַארְטְנַאקִיגְקַייט אָבְּגִיוִויכִין פוּן תורת משה און הָאבִּין זִיךְ אָנְגִיהֶענְגְט אָן אֵיין דַת וָואס אִיז אַיין גִימִישַׁאכְץ פוּן אוּיס גִיטְרַאכְטִי זַאכִין פוּן מֶענְשִׁין און נַארִישְׁגְלוֹיבִּירַייא פוּן עבודה זרה. זֵייא רוּפִין משה זֵייאִיר רבי און זָאגִין אַז תורה שבעל פה קוּמְט אַרוֹיס פוּן אִיהם; אָבִּיר וֶוען מִיר דִיא גמרא אִין אִיהר גַאנְצִין ענין גוּט בִּיטְרַאכְטִין, אַזוֹ קֶענִין מִיר אוּנְז משער זַיין אַז זִיא קוּמְט אפשר גִישְׁוִוינְדִיר אַרוֹיס פוּן דִיא שְׁטֶערִינְזֶעהִירְס פוּן מצרים און פוּן דִיא כישוף מַאכִירְס פוּן דֶער שְׁטָאט עֶנְדָאר. און וֶוען דִיא יוּדִין וָואלְלְטִין דִיא גמרא טַאקִיש יוֹא אוּיף אַזוֹ אַיין אופן מקבל גִיוֶועזִין, און וָואלְטִין זִיא אִיבִּירְגִיעֶנְטְפִירְט צוּ דֶער וֶועלְט און צוּ אִיהְרִי נָאךְ קוּמִינְשַׁאפְט נִיט פַאר עֶפִּים אַנְדִירְשׁ אַז נוּר פַאר אַיין בְּלוֹסִי אִיבִּירְבְּלַייבּוּנְג פוּן זֵייאִיר עוֹל פוּן מצרים, אַזוֹ וָואלְלְטִין מִיר אוּנְז גָאר נִיט גִיוואוּנְדִירְט אִיבִּיר דֶעם, אַז אַזוֹ פִּיל הָאבִּין זִיא גֶערִין מקבל גִיוֶועזִין. אָבִּיר דָאס קֶענִין מִיר אוּנְז גָאר נִיט דֶענְקִין אַז דִיא יוּדִין וָואלְלְטִין זִיךְ אַמָאהל אַזוֹ שְׁטַארְק גִילָאזְט גִינַארִין צוּ גְלוֹבִּין, אַז משה ר' אוֹדִיר דִיא נביאים הָאבִּין יוֹא אַמָאהל עֶפִּים צוּ טְהוּן גִיהַאבְּט מִיט תורה שבעל פה. נוּן הָאטְשִׁי מִיר טְהוּן דָאס באמת גָאר נִיט גֶערִין, אַז מִיר

זאללין זאגין, אז עפיס איין נבואה פון דיא שטראף פון גאט גייט בפירוש אויף איין גיוויס מין פון זינדיגי מענשין, אזו מוזין מיר דאך די קשה פרעגין אוב עס איז דא ניט מקוים גיווארין די נבואה פון (ישעיה כ"ט פסוק י' י"א וי"ב) וואס הייסט אזו: ווארים יהוה האט אויס גיגאסין איביר אייך איין רוח פון דרומלונג, אונ ער האט צוגימאכט אייארי אויגין, דיא נביאים אונ אייערי הויפט לייט, דיא זעהירס האט ער צו גידעקט: אונ אללי זעהונג איז צו אייך גיווארין אזו וויא דיא ווערטיר פון איין צוגיזיגילט בוך, וואס מאן גיבט עס צו דעם, וואס פאר שטייט איין בוך, צו זאגין, לייאן נון דאס דאזיגי, אזו זאגט ער, איך קען ניט, ווארים עס איז צו גיזיגילט: אודיר ווען דאס בוך ווירד געגעבין צו דעם וואס פאר שטייט ניט קיין בוך, צו זאגין, לייאן נון דאס דאזיגי, אזו זאגט ער, איך פאר שטייא קיין בוך ניט" ? דאך דיא דאזיגי קשה איז פיל וויכטיגיר פאר דיא יודין איידיר פאר אונז, אונ דארום איביר לאזין מיר צו זייא דעם תירץ. פיל יודין וועללין נאך איצונד ביי דער דאזיגיר דעה בלייבין, אז דאס דאזיגי געמישאכץ פון נאריש גלויבין אונ עבודה זרה איז דיא גרוסטי חכמה. דער גרעסטי טהייל פון יודין האלט דעם תלמוד בכבוד, אונ ער איז נאך תמיד ביי זייא דער ברונין, וואס כלל ישראל זענין זיך זייאיר מטריח אויס איהם דאס מים חיים צו שעפפין. דאס רוב פון זייא זענין גאר פראסטאקים; אונ דעסוועגין פערדינין זייא אויך ניט אזו גרוסי שטראף, אביר עס זענין אויך דא פיל וואס זייא פערשטייאן שון יוא עפיס בעסיר, פאר וואס זענין זיך אביר דיא דאזיגי ניט מתאמץ בכל כח אז זייא זאללין איהרי ברידיר מציל זיין פון דעם דיקין חשך ? דיא דאזיגי לייט אביר וואס זייא ליידין דאס ניט, אז דיא גמרא זאל זייא שטערין אין זייארי משא ומתן אודיר אין זייאירי תאבות עולם הזה, אונ זענין מחלל שבת, עסין קריסטליכי שפייז, האנדלין אים יו"ט אונ אין תענותים, דיא דאזיגי לייט פרעגין מיר, ווען זייא זאלכי זאבין מחמת גוטי טעמים טהואין, פאר וואס שטרייטין זייא ניט בפרהסיא אקעגין זאלכין טעות פון דער גמרא ? גייט זייא דאס גליק פון זייארי ברודיר גאר ניט אן ? נון ווען זייא מיינין אביר אז דאס הייסט אמתי אויף קלעהרונג אונ אמתי חכמה, אזו זענין זייא ניט בלוס ניט בעסיר איידיר דיא נאריש גלויביגי, נייארט זייא זענין נאך פיל שלעכטיר איידיר יעני :

# נתיבות עולם

עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז

דיא אלטי שטעגין.

## נומר כ״ו

ווען דיא דאזיגי מענשין, וואס ליגין איהרין גאנצין שכל אביין אין איהרי גישעפטין, העטין גיוואלט נור איין קליינים חלק דעם דאזיגין שכל בינוצין אין אמונה זאבין, אזו מעכטין זיא שון באלד, מיט דער הילף פון גאט, קומין צו דעם אמת. למשל ווען איין פאטיר פון איינר פאמיליע זעהיט אז דורך דיא עצות פון זיינים הויז דאקטיר ווייבין דיא קראנקהייטין און דער טוד גאר ניט אויס זיינים הויז, אזו וועט ער זיך באלד ארום זעהין נאך איינים אנדירין; און בפרט, ווען ער ווייס אז דער זעלביגי דאקטיר האט דורך זייני עצות אויך ביא זיינים פאטיר און גרויספאטיר נור קראנקהייט און טוד גורם גיוועזין, אזו וועט ער גיוויס גאר איילין איין בעסירין דאקטיר צו ביקומין. ער וועט גיט דענקין אז עס איז איינע שאנד צו פארוועקסלין דעם דאקטיר פון זיינים פאטיר אויף איינים אנדירן, ניין, אין זאלכים אופן, וועט ער גאר פערקעהרט דענקין אז עס מעכט זיין איינע שאנד און דערצו אויך איינע זינד, ווען ער מעכט דאס ניט טהון, און אזו וועלין אויך דיא מעהרסטין מענשין מכבים זיין. נון לאזין דיא יודין איצונד דאס דאזיגי משל בינוצין אויף זייערע רוהנישע דאקטערים, דהיינו, דיא פרושים, צדיקים, און רבנים. פילע הונדירט יאהר האבין זייא גאר פונקטליך גיפאלגט דיא עצות פון דיא זעלביגע רבנים, און דעם תכלית דערפון איז גיוועזין, אז זייא האבין גיהאבט איינע צרה איביר דיא אנדירי און צום סוף דעם גלות וואס דויאירט שון עטליכע הונדירט יאהר, זייט דעם אז גאט האט זייא ארויס גיטריבין פון זייאיר לאנד, וואס ער האט גיגעבין צו זייארי אבות; עס איז גאר דער היפך פון דעם דאזיגין וואס גאט ב״ה האט צו זייא צוגיזאגט. גאט האט גיזאגט, אז ווען דיא יודין וועלין האלטין תורת משה, אזו וועללין

זייא

זייא ווידיר צורוק קאהרין אין זייאֶר לאַנד אַריין: „און עס וועט זיין אַז דו וועסט ווידיר קעהרין צו יהוה דיין אלהים, און דו וועסט הערין אין זייני שטים גְלייך אַז וויא אַלים וואס איך גיביאט דיר היינט, דו און דייני קינדיר מיט דיינים גאנצין הארצין און מיט דייניר גאנצין זייל: אזו וועט יהוה דיין אלהים ווידיר קעהרין דייני גיפענגניש, און ער וועט זיך דערבארמין איביר דיר, און ער וועט ווידיר קעהרין און ער וועט דיך זאמלין פון אַללי פעלקיר וואס יהוה דיין אלהים האט דיך פער שפרייט דארטין אַהין" (דברים למד' פסוק ב' וג'). אָביר דיא יודין האבין גיפאלגט דיא תקנות פון דיא רבנים און זענין ניט אויס גילייזט; וואס קאן מאן זיך דערפון משער זיין? נור דאס דאזיגי, אַז ענטפיר דיא הבטחות פון גאט זענין ניט מקוים גיוואָרין, וואס עס קאן אָביר גאר ניט זיין, אודיר אַז דיא אמונה פון דיא רבנים איז ניט דיא אמונה פון משה. דעם דאזיגין גידאנג מוזין מיר אונז, גאר אָן ספק, מאכין נאך דיא ווערטיר נאך פון משה ר' און נאך דעם מעמד נאך פון דיא יודין. אָה! מעכטין אַללי דיא דאזיגי וואס האבין איין חלק אָן דיא צרות הגלות, אנפאנגין צו פרופין דיא אמונה, וואס זייא האבין ביז איצונד אָן איהר גיגלויבט. שון אייני גאר קליינע פרופונג ווירד גינוג זיין צו ביווייזין איטליכין פארשטענדיגין מענשין, אַז דער דאזיגיר דת האט גאר שרעקליך פאר דרייהט דעם אמת פון גאט ב"ה, אַז ער קומט אַרויס פון מענשין וואס האבין זיך גיהאלטין פאר שטערינזעהירס און כישוף מאכירס. לאזין דיא יודין אָביר ניט מיינין אַז מיר האבין דיא דאזיגי דעה אפשר מחמת דעם, וואייל מיר האבין אייני פאלשי מיינונג אָן השגה פון דער זאך. ניין, מיר האבין דיא זעלבי גוט איבירלייגט נאך דיא אייגיני ביוואייז וואס תורה שבעל פה אַלליין גיבט אונז. זענין מיר אין טעות, אַזו לאזין אונז דיא רבנים ביווייזין דעם היפך לאזין זייא אונז, למשל, דעם דאזיגין דין פון דער איצונדיגין יודישין אמונה דער קלערין:

מי שנשכו עקרב או נחש מותר ללחוש על מקום הנשיכה ואפי' בשבת כדי ליישב דעתו ולחזק לבו אע"פ שאין הדבר מועיל כלום הואיל מסוכן הוא התירו לו כדי שלא תטרף דעתו עליו:

„ווען אייניר איז גיביסין גיוואָרין פון איין שקארפיאן אודיר פון

אייני שלאנג, אזו איז עס מותר, אפילו אים שבת, דעם אורט פון דעם ביס אב צו שפרעכין כדי איהם צו טרייסטין זיין הארץ און זיין גימוהט צו בירוהיגין. האטשי דיא דאזיגי זאך העלפט גאר ניט, אזו האבין זייא דאך דיא דאזיגי זאך מתיר גיוועזין כדי אז מאן זאל איהם אין זיינער סכנה טרייסטין און זיין גימוהט בירוהיגין" (הלכות עכו"ם פרק י"א ב'). דא האבין דיא רבנים עפים מתיר גיוועזין, וואס גאט האט בפירוש פערבאטין. דיא דאזיגי לייט וואס זייא בירוהמין זיך אז זייא האלטין שבת גאר בכבוד גדול, זענין עס מתיר אז מאן קאן איהם מחלל זיין דורך סגולות פון כישוף, וואס דאס איז ניט אנדירש אז נור מעשה השטן. דער רמב"ם, דער וואס האט דאס דאזיגי שטיק גישריבין, האט אוודאי גיפיהלט אז דיא דאזיגי סגולה איז רשעות און נארישקייט און דארום האט ער זיך מתאמץ גיוועזין דאס צו פאר ענטפירין און זאגט, אז דיא סגולה האט גאר באמת קיין נוצין ניט, אביר עס איז דארום מותר צו טהון כדי דעם גיביסינים מענשין צו בירוהיגין. אביר דער דאזיגיר טעם קאן ניט מתיר זיין צו טהון אזו אייני שלעכטי זאך. אחוץ דעם, וואס פאר מיינונג האבין גימוזט דער רמב"ם און דיא רבנים האבין פון דיא יודין, ווען זייא זאגין, אז מאן מעג טהון כישוף סגולות כדי צו בירוהיגין זייערי גימוהט? זייא האבין בישיימפערלאך גיוואוסט, אז דיא יודין זענין איין גראב און נאריש גלויביג פאלק, וואס גלויבט גאר אזו שטארק אן כישוף, אז דאס קאן זייאיר גימוהט בירוהיגין ווען מאן אזעלכי סגולות גיברויכט; און אז זייא זענין אזו גראב און מאכין זיך גאר ניקס אוים דיא גיבאט פון גאט, אז זייא קאנין גיטרייסט ווערין דורך זאלכי זאכין וואס זייא זענין גאר פונקט אקייגין דיא גיבאט פון גאט. יענער טעם און תירוץ מאכט דארום דיא זאך נאך שלעכטיר. ער שיינט דאס פאר אייני גיוויסי זאך צו האלטין, אז דיא וואס גלויבין אן תורה שבעל פה זענין גראב און נאריש גלויביג, און דארום איז דערלויבט צו איבירטרעטין תורת משה, און נאך דערצו אום שבת, כדי דערדורך צו בירוהיגין זייאיר גימוהט. אביר דער דאזיגיר תירוץ איז נאר דיא אוים טראכטונג פון דעם רמב"ם. אין דער גמרא זעלבסט אביר וואו דאס דאזיגי שטיק צוערשט שטייט איז ניט דערמאנט פון בירוהיגין דאס גימוהט פון דעם מענשין, נייארט עס שטייט אזו:

ולוחשין לחישת נחשים ועקרבים בשבת:

עס

„עס איז מותר אָב צו שְׁפְּרֶעכֶן אים שבת שְׁלַאנְגֶן און שְׁקָארְפְּיָאנֶן" (סנהדרין דף ק"א, עמוד א'). און אִין דֶעם פירוש פון רש"י, שְׁטֶעהט דירויף:

בשביל שלא יזיקו:

„כדי אַז זייא זָאלֶען קיינים ניט בֶּעשֶׁעדיגֶען". דֶער דָאזִיגֶער בעל מפרש הָאט זיין גַאנְץ לֶעבֶּען צו גֶיבְּרַאכְט מִיט דֶער גמרא, און הָאט גָאר נִישְׁט גֶעוואוּסְט פון דֶעם דָאזִיגֶען תירוץ פון דֶעם רמב"ם. עֶר גְלוֹיבְּט בֶּעשַׁיימְפֶּערְלַאךְ אַז דָאס אָבְּשְׁפְּרֶעכֶען אים שבת אִיז אֵיינֶע גוּטֶע סגולה כדי אַז דִיא שְׁלַאנְגֶען זָאלְלֶען נִיט קֶענֶען אימֶיצֶען בֶּעשֶׁעדִיגֶען, און נור פון דֶעסְטְוֶועגֶען אִיז עֶר מתיר דָאס צו טְהוּן, אָבֶּער נִיט דֶער צו כדי צו בֶּערוּהִיגֶען דָאס גֶימִיהט. דִיא זֶעלְבִּיגֶע דעה הָאט אויךְ דֶער בעל המחבר פון דִיא ארבע טורים וָואס עֶר בְּרֶענְגְט פְרִיהֶער דִיא וֶוערְטֶער פון דֶעם רמב"ם, און דֶער נָאךְ זָאגְט עֶר אַלֵיין אַזוֹ:

מי שרודפים אחריו נחש או עקרב מותר לחבר כדי שלא יזיקוהו. כתב הרמב"ם הלוחש על המכה וקורא פסוק מן התורה וכן הקורא על התינוק שלא יבעת או מניח ס"ת או תפילין על הקטן לא די להם שהם בכלל חברים ומנחשים אלא שהם בכלל הכופרים בתורה שעושין דברי תורה רפואת הגוף ואינה אלא רפואת הנפש ור"י פי' דוקא בלוחש על המכה ומזכיר שם שמים ורוקק אותו הוא שאין לו חלק לעוה"ב אבל אם אינו רוקק לא המיר כולי האי ומיהו איסורא איכא בלוחש פסוק על המכה אפילו בלא רקיקה ובלא הזכרת שם שמים. ואם יש בו סכנת נפשות הכל מותר ומותר לקרוא פסוק להגן כגון בלילה על מטתו:

„וֶוען אֵיינֶער פון אֵיינֶע שְׁלַאנְג אוֹדֶער אֵיינֶים שְׁקָארְפְּיָאן גֶעיָאגְט וֶוערְט, אַזוֹ מֶעג מַאן זייא אָב שְׁפְּרֶעכֶן, אַז זייא זָאלֶען נִיט קָאנֶען בֶּעשֶׁעדִיגֶען. דֶער רמב"ם שְׁרַייבְּט, אַז דִיא דָאזִיגֶע לַייט וָואס זייא שְׁפְּרֶעכֶן אָב אֵיינֶע וואוּנְד אוֹדֶער לֵייאֶנֶען אַיין פסוק אוים דֶער תורה (אַיין שְׁטֵייגֶער פון כישוף סגולה), אַזוֹ אויךְ דִיא דָאזִיגֶע וָואס לֵייאֶנֶען דָאס אִיבֶּער אַיין קִינְד, כדי אַז עֶס זָאל קֵיינֶע מורא נִיט הָאבֶּען, אוֹדֶער דִיא דָאזִיגֶע וָואס לֵייגֶען אַיין ספר תורה אוֹדֶער תפילין אויף אַיין קְלֵיין קִינְד, גֶיהֶערֶען נִיט בְּלוֹיז צוּ דִיא חברה אָבְּשְׁפְּרֶעכֶירְס און כישוף מַאכֶירְס, נַייאֶערְט זייא זֶענֶען אִין כלל פון דִיא כופרים אָן דֶער תורה, ווייל זייא מַאכֶען דִיא רֵייד פון דִיא תורה צו אַיין רפואה פון דֶעם גוף, און עֶס אִיז דָאךְ נִישְׁט אַנְדֶערְשׁ אַז נור אַיין רפואה צו דִיא זֵייל. ר' יִצְחָק זָאגְט נור דֶענְצֻמָאהל הֵייסְט עֶר אַיין כישוף מַאכֶער, וֶוען עֶר בַּייא דִיא בֶּעשְׁפְּרֶעכוּנְג פון דֶער וואוּנְד,

דערמאַנט דעם נאָמין פון גאָט און שפּייט דירבַייא אויס, און איין זאָלכיר האָט קיין חלק עולם הבא ניט; ווען ער אָבּיר ניט אויס שפּייאט דירבּייא, אַזוֹ איז דאָס ניט אַזוֹ האַרב. דאָך טאָר מאַן ניט אָבשפּרעכין איינע וואונד מיט איין פסוק, האָטשי מאַן שפּייאט דירבּייא ניט אויס און דערמאַנט ניט דירבייא דעם נאָמין פון גאָט. אָבּיר ווען דער גיבּיסינע איז אין סכנות נפשות, אַזוֹ איז מותר אַלץ צו טהון, מאַן מעג אויך, כדי איהם צו שוצין, איין פסוק לייאונין, דהיינו, אים בעט" (טור יורה דעה, סימן קע"ט) דער פון איז גאָר בּישיימפּירלאַך גידרוּנגין אַז מאַן מעג דיא שלאַנגין אָבשפּרעכין, ניט מחמת דעם טעם וואס דער רמב"ם זאָגט כדי צו בּירוהיגין דאָס גימוהט, נייארט כדי אַז זייא זאָללין ניט קענין בּישעדיגין, ווייל ער איז דאָ בפירוש מתיר נאָך איידיר דער מענש ווערט גאָר גיבּיסין, אַז מאַן זאָל שון דיא שלאַנגין בּישפּרעכין, ווען זייא נור אימיצין נאָך יאָגין. לאָמיר אָבּיר זעהין וויא אַזוֹ מאַהלט דאָ דאָס דאָזיגי שטיק אָב, דעם מעמד פון דיא יודישי רבנים און פון דיא יודין, אין אמונה זאַכין? דאָ ווערין דיא יודין בישריבּין ניט פון קריסטין, נאר, נייארט פון זייארי אייגינע רבנים פאַר איין פאָלק, וואָס ליגט גאָר טיף איינגיטונקט אין דעם אָבּגרונד פון נאַרישע גלויבּיניייא, וואָס בּינוצט איין ספר תורה און תפילין צו איין כישוף סגולה כדי צו טהון איינע טובה צו קינדיר, און האָטשי דיא רבנים פערבּיטין דאָס דאָזיגי מיקלאָמפּירשט, אַזוֹ זענין אָבּיר דאָך מתיר עפּיס אַנדירש צו טהון, דהיינו, אָב צו שפּרעכין דיא שלאַנגין און דיא שקאָרפּיאָנין, וואָס גאָט האָט דאָס אויך פערבּאָטין און אין דעם אופן פון סכנה, אַזוֹ זענין זייא מתיר גאָר אַלץ צו טהון, אפילו דאָס, וואָס דער רמב"ם זעלבּסט האַלט דאָס ניט פאַר גוט, וואָרים ער זאָגט אַז אַזעלכי מענשין וואָס טהון דאָס זענין כישוף מאַכירס, אָבּשפּרעכירס, און אַזאָלכי לייט וואָס איבּירטרעטין דיא תורה פון גאָט. און דאָס איז דיא אמונה פון דיא יודין, און דאָס איז דאָס וואָס זייא האָבּין גיווינין דורך דעם ווייל זייא האָבּין ניט גיוואָלט אָן נעהמין דיא קריסטליכי אמונה. מיר פּראָסטי גוים, וואָס מיר קומין ניט אַרויס פון אברהם יצחק און יעקב מיר מעכטין אונז שעמין מיט זאָלכי נאַרישקייט. און ווען עס זיך מעכטי פינדין אַזאָלכי נאַרישי עבודה זרה צערימאָניעס אין אונזירי אמונה ספרים, אַזוֹ מעכטין מיר ניט אפילו איינע שעה וואַרטין, נייארט מיר מעכטין אונזיר קול הויך דערהויבּין און מיט גאַנצים כח

דֶערְקְוִויגִין שְׁטְרַייטִין, און מִיר מֶעכְטִין אויךְ אַלְלֵי מִיגְלִיכֵי סְפָּאסָאבִּים טָהוּן, כדי צו מַצִיל זַיין אוּנְזִירֵי קִינְדֵיר פון זָאלְכֵי רשעות און טעות. דִיא דָאזִיגֵי שְׁטִיקְלַאךְ פון כישוף סגולות וָואס מִיר הָאבִּין דָא דֶערְמָאנְט, זֶענִין אַרוֹיס גִינוּמִין פון דִיא ספרים פון דִיא צְוֵוייא גְרוֹסְסֵי לַייט וָואס זַייא הָאבִּין מחבר גִיוֶועזִין דִיא קיצור זַאמְלוּנְג פון דֶעם יוּדִישִׁין דת. אָבִּיר עֶס אִיז וֶוערְט אַז מִיר זָאלְלִין אִיצוּנְד גוט בִּיטְרַאכְטִין דֶעם המשך פון דִיא דָאזִיגֵי שְׁטִיק אַלֵיין וָואס גִיפִינִין זִיךְ אִין דֶער גמרא זֶעלְבְּסְט, פון וֶועלְכֵי אַרוֹיס יֶענֵי שְׁטִיקְלִיךְ זֶענִין נור אָבְּגִידְרִינְגִין, און מִיר וֶועלְלִין דֶערפוּן זֶעהִין אַז יֶענֵי צְוֵוייא מחברים פון דֶער קיצור זַאמְלוּנְג פון דֶעם יוּדִישִׁין דת הָאבִּין דִיא גמרא רֶעכט גוט פַאר שְׁטַאנְדִין. אִין דֶער גמרא שְׁטֵייט אַזוֹ:

ת"ר סכין וממשמשין בבני מעיין בשבת ולוחשין לחישת נחשים ועקרבין בשבת ומעבירין כלי על גב העין בשבת אמר רשב"ג במה דברים אמורים בכלי הניטל אבל בכלי שאינו ניטל אסור ואין שואלין בדבר שדים בשבת ר' יוסי אומר אף בחול אסור אמר רב הונא אין הלכה כר' יוסי ואף ר' יוסי לא אמרה אלא משום סכנה כי הא דרב יצחק בר יוסף דאיבלע בארזא ואתעביד ליה ניסא פקע ארזא ופלטיה:

„אוּנְזִירֵי רבנן הָאבִּין גִילֶערִינְט, אַז מַאן מֶעג שְׁמִירֶען מִיט זַאלְבּ דֶעם בּוֹיךְ (פון אַיין קְרַאנְקִין) אום שבת, אויךְ מֶעג מַאן אָבְּשְׁפְּרֶעכִין דִיא שְׁלַאנְגִין און שְׁקַארְפְּיָאנִין אום שבת, אויךְ אַיין כלי אִיבִּיר צו פִּיהרִין אִיבִּיר דֶעם אויג אום שבת. הָאט ר' שמעון דֶער זוהן פון גמליאל גִיזָאגְט, וֶוען אִיז דָאס גִיזָאגְט גִיוָוארִין נור בַּייא אֵיינִיר זַאךְ וָואס מֶעג גִיטְרָאגִין וֶוערִין (*), אָבִּיר מִיט אֵיינִי כלי וָואס דַארְף נִישְׁט גִיטְרָאגִין וֶוערִין אִיז אסור. אָבִּיר עֶס אִיז אסור צו פְרֶעגִין דִיא שדים אִים שבת. ר' יוסי זָאגְט אפילו אִין דֶער וָואכִין אִיז עֶס אסור. הָאט ר' הונא גִיזָאגְט אַז עֶס בְּלַייבְּט נִיט דִיא הלכה אַזוֹ וִויא ר' יוסי: און ר' יוסי אַלֵיין זָאגְט אויךְ. אַז מַאן מֶעג דָאס נור טָהוּן מחמת סכנה, אַזוֹ וִויא עֶס אִיז גִישֶׁעהִין מִיט ר' יצחק דֶער זוהן פון יוסף וָואס עֶר אִיז אַיין גִישְׁלוּנְגִין גִיוָוארִין אִין אַיין טֶאנִין בּוֹים, און עֶס אִיז גִישֶׁעהִין אַיין וואוּנְדִיר אַז דֶער טֶאנִין בּוֹים הָאט זִיךְ גִיעֶפְּפִינְט און הָאט אִיהם אַרוֹיס גִישְׁפִּיגִין" (סנהדרין דף ק"א עמוד א'). דָא הָאבִּין מִיר צו עֶרְשְׁט דִיא אָבְּשְׁפְּרֶעכוּנְג דִיא שְׁלַאנְגִין צו בִּיטְרַאכְטִין. מֵילָא פְרֶעגִין מִיר, הָאבִּין טַאקִיש דִיא תנאים גִיקָאנְט גלויבין

(*) רש"י זאגט: למשל איין פליטסיל, איין רינג, איין מעססיר.

גְלויבִּין אָן זָאלְכִי נַארִישְׁקֵייט אודיר צו דֶער לויבִּין אַזָאלְכִי רשעות אִים שבת ? אִיז דָא עֶפִּים אַיין טעות פַארְהַאנְדִין אודיר וַוייזְט דֶער גַאנְצִיר המשךְ, אַז דיא תנאים זֶענִין טַאקִיש גִיוֶועזִין זָאלְכִי נַארִיש גְלויבִּישִׁי מֶענְשִׁין, כדי זֵייא צו פַאר עֶנְטְפִירִין וֶועגִין יֶענִי תקוה ? דָאס גַאנְצִי שְׁטִיק שְׁמאוּסְט נוּר פון אֵיין ענין ; וָוארִין נָאךְ דֶעם אַז עֶר אִיז מתיר דָאס בִּישְׁוֶועריִן פון דיא שְׁלַאנְגִין, קוּמְט בַּאלְד דֶער ענין פון דֶעם פְרֶעגִין דיא שדים, און דָא אִיז אוּנְז רש״י מפורש וָואס מַאן מֵיינְט דָאס :

בדבר שדים שבן עושין כשאובדין שום דבר שואלין במעשה שדים והם מגידים להם ואסור לעשות בשבת משום ממצא חפציך :

צו פְרֶעגִין דיא שדים : וָוארִים אַזוֹ טְהוּאִין זֵייא ; וֶוען זֵייא הָאבִּין עֶפִּיס פַארְלָארִין, אַזוֹ פְרֶעגִין זֵייא דיא שדים, און זֵייא זָאגִין זֵייא, אִים שבת אָבִּיר אִיז דָאס פֶערְבָּאטִין, וַוייל עֶס שְׁטֵייט : (ישעיה נ״ח י״ג) ממצא חפציך „גִיט צו גִיפִינְין דַיין בִּיגֶעהר״. דָאס דָאזִיגִי אִיז גָאר בפירוש אֵיינִי כישוף מעשה און הָאטְשִׁי אַזוֹ, זָאגִין נִיט דיא רבנים אַז עֶס אִיז אָסוּר צו טָהוּן וַוייל עֶס אִיז כישוף, נֵייאִירְט דַארוּם נִיט, וַוייל עֶר טְהוּט עֶפִּיס צו זַיין נוּצִין. אַזוֹ אִיז עֶס אויךְ פֶערְבָּאטִין צו טָהוּן אִין דֶער וָואכִין נוּר מחמת דֶעם וַוייל עֶס אִיז אַיין סכנה. און אַזָאלְכִי סיבה גִיפִינְין מִיר בַּייא ר׳ יצחק דֶעם זוהן פון יוסף וָואס הָאט זִיךְ מִיט אִיהם פֶערְלויפִין, און מִיר וֶועלְלִין אִיצוּנְד פְרֶעגִין רש״י כדי אַז מִיר זָאלִין גִיוָואהר וֶוערִין, וָואס עֶס הָאט זִיךְ דָאס מִיט אִיהם גִיטְהוּן. רש״י זָאגְט אוּנְז אַזוֹ :

היה שואל במעשה שדים ובקש השד להזיקו ונעשה לו נס ובלעו הארז :

„עֶר הָאט גִיפְרֶעגְט אֵיינִי עצה דורךְ כישוף סגולות, אַזוֹ הָאט דֶער שד אִיהם גִיוָואלְט בִּישֶׁעדִיגִין, אָבִּיר עֶס אִיז אִיהם גִישֶׁעהִין אַיין נס, אַז אַיין צֶעדִיר בּוים הָאט אִיהם אַיינְגִישְׁלוּנְגִין״. מֵילָא דָאס אִיז דֶער המשךְ פון דֶעם דֶערְמָאנְטִין שְׁטִיק, דיא דָאזִיגִי לַייט וָואס זֶענִין מתיר דיא שְׁלַאנְגִין צו בִּישְׁוֶוערִין הָאבִּין אויךְ מחבר גִיוֶועזִין דיא דָאזִיגִי לֶערְנוּנְג פון דעם פְרֶעגִין דיא שדים און גֶעבִּין אוּנְז אַיין משל דֶער פון וָואס הָאט זִיךְ פַארְלויפִין מִיט אֵיינִים פון אִיהרִי פְרַיינְדִי. עֶס קַאן אַלְזִיר גָאר קֵיין טעות נִיט זַיין, דיא אֵיינְצִיגִי סימנים פון אִיהר דת אמונה זֶענִין זִיךְ גַאנְץ גְלַייךְ מִיט אַיין אַנְדִיר, און דיא מחברים פון תורה שבעל פה בִּיוַוייזִין זִיךְ אוּמִידוּם פַאר בִּישׁוּצִיר און פַאר לִיבְּהָאבִּיר פון כישוף סגולות, בִּישְׁוֶוערוּנְגִין, בִּישְׁפְרֶעכוּנְגִין, און וָואס לִיבֶּען דָאס אויךְ צו טָהוּן,

און

און דארום מוזין זייא אויך פון איטליכין ליבהאבער פון תורת משה, פאר נאראנים און רשעים גיהאלטין ווערין. דאס איז אבער דאך צו ביוואונדירין, וויא אזו זייא האבין זיך אזו שטארק מתאמץ גיוועזין זייאירי אייגיני גיוויסין און דאס גיוויסין פון דעם פאלק צו בירוהיגין האטשי וועגין אזעלכי זאכין וואס זייא זענין גאר בפירוש אקעגין דיא ווערטיר פון דיא כתבי הקודש. זייא זאגין למשל, אז עס איז פאר האנדין אין דער דאזיגיר קבלה וואס מאן קאן זיא בינוצין איין שטייגיר פון הייליגין כישוף וואס מענשין מעגין עס לערנין, כדי צו טהון דיא גרעסטי וואונדיר. ווארים אזו שטייט גישריבין:

אי בעו צדיקי ברו עלמא שנאמר כי עונותיכם היו מבדילים וגו׳. רבא ברא גברא שדריה לקמיה דר׳ זירא הוה קא משתעי בהדיה ולא הוה קא מהדר ליה א״ל מן חבריא את הדר לעפריך רב חנינא ורב אושעיא הוו יתבי כל מעלי שבתא ועסקו בספר יצירה ומיברו להו עגלא תילתא ואכלי ליה:

„ווען דיא צדיקים העטין גיוואלט, וואלטין זייא גיקאנט איין וועלט בישאפין, ווארים עס שטייט: „נייארט אייערי מיסיטהאט האבין גימאכט איין צווישין שייד צווישין אייך און צווישין אייער אלהים וגו׳“. „רבא האט בישאפין איין מענש און האט איהם גישיקט צו ר׳ זירא. ער האט גירעדט צו איהם, אבער אז ער האט איהם ניט גיענטפירט, אזו האט ער גיזאגט צו איהם דו ביסט פון דיא כישוף מאכירס קעהר צו רוק צו דיין שטויב. רב חנינא און רב אושעיא פלעגין איטליכין ערב שבת פאר נאכט צו זיצין און צו לערנין אין דעם ספר יצירה און זיך צו בישאפין איין דרייא יעהריג קאלב און זיך אויף צו עססין“ (סנהדרין דף ס״ה עמוד ב׳) מילא אזו וויא דא שטייט האבין זייא דאס אנדירי וואונדיר גימאכט דורך דעם לערנין פון דעם ספר יצירה. אין דעם פירוש פון רש״י שטייט וועגין דעם ערשטין וואונדיר, וואס רבא האט גיטהון אזו:

ברא גברא ע״י ספר יצירה שמלמדו צרוף אותיות של שם:

ער האט בישאפפין איין מענשין דורך דעם ספר יצירה, ווארים „עס האט איהם גילערינט דיא אותיות פון דעם נאמין פון גאט צו זאממין צו שטעללין“. נאך דער דאזיגיר דערצייילונג נאך, זענין דיא דאזיגי רבנים פיל גרעסירי לייט גיוועזין, איידיר משה ר׳ און דיא איבריגי נביאים, ווארים מיר גיפינין ניט אים גאנצין תנ״ך אזו איין וואונדיר דערמאנט. משה ר׳ האט גאר קיין שום זאך ניט בישאפפין און האט אויך ניט זייני

איינגיני

אייגענע וואונדער גימאכט אן דיא הילף פון גאט. ענטפער האט איהם גאט אליין ביפוהלין, אודער ער האט צו גאט פון דעסענט וועגין מתפלל גיוועזין. אבער יענע רבנים האבין דירלאנגט איין איבער מענשליכין כח בלוס דורך דעם לערנין פון איין כפר און האבין איהם בינוצט ענטפער צו זייערע תענוגים אודער צו זייער טובה. רבא האט בישאפפין איין מענשין און האט איהם גישיקט צו ר׳ זירא, אבער, וויא עם שיינט, האט ער דאס ניט גיטהון כדי אז עס זאל דירפון ארוים קומין עפים גיטץ, אודער צו דעם כבוד פון גאט ב״ה, נײן, נור פראקטי, כדי צו ווייזין זיין כח, אודער זיך צו מאכין דערפון איין קאטאוויס. און דיא אנדערע צוויא רבנים האבין זיך איטליכין ערב שבת איין פעט קאלב בישאפפין כדי אז זייא זאלין האבין איין גוט מאהלצייט. דער חילוק צווישין דיא דאזיגע וואונדער און צווישין דיא וואונדער וואס מיר גיפינין אין תנ״ך פאללט איטליכין אין דיא אויגין. דיא וואונדער פון דעם תנ״ך זענין ענטפער פון דעם כבוד וועגין פון גאט אודער פון דיא טובה וועגין פון מענשין. אבער דיא וואונדער פון דיא רבנים זענין נור גיוועזין פון דעם כבוד וועגין פון מענשי און צו איהר אייגענים נוצין. משה האט גישפאלטין איין פעלז און גיטרענקט דאס גאנצע פאלק מיט וואסער. דיא רבנים האבין בישאפפין איין קאלב און האבין עם אליין אויף גיגעסין. עס זענין גיווים, בלי כפק, פיל ארימע לייט גיוועזין אים פאלק ישראל צו דער צייט אז ר׳ חנינא און ר׳ אושעיא האבין גילעבט, וואס זייא וואלטין זיך גערבעך זייער גיפרייאט, ווען זייא וואלטין גיהאבט איין קאלב אויף שבת, פאר וואס האבין זייא ניט בישאפפין איינס אודער צווייא קעלבער פאר דיא ארימע לייט? דיא דאזיגע ביטרוגעריייא וואס גישעהיט צו זייער אייגענים נוצין ווערט דער קאנט גאר בגלוי, און גרייט זיך אלליין איין בייז משפט אן. דיא גאנצע לערנונג פון דיא צו זאממענזעצונג פון דיא אותיות פון דעם נאמין פון גאט, איז נור איינע אוים טראכטונג פון מענשין, וואס זייער שכל איז גיוועזין איינגיטונקט אין נארריש גלובעריייא. אין גאנץ תנ״ך איז גאר ניט פאר האנדין אזו עפים, און דאס איז אויך איין פחיתות הכבוד אקעגין דעם היילגין נאמין פון גאט ב״ה וואס ער איז דער בורא עולם,

דיא גאנצע לערנונג פון דער גמרא אין דעם ענין פון כישוף, דער קלערט אונז דער ווייל רעכט גוט דעם טעם, פאר וואס דיא פרושים און סופרים זענין דורך דיא אמתי וואונדער פון ישוע הנוצרי גאר ניט גירירהרט גיווארין. זייער גימוהט איז גיוועזין אנגיפילט מיט אמונה אין

דֶעם כח פון קבלה כישוף , און דַארום הָאבִּין זֵייא גָאר נִיט גִיקָאנְט פִּיהלִין דִיא דָאזִיגִי זַאכִין וָואס הָאבִּין זִיךְ מגלה גִיוֶועזִין דורךְ דֶעם כח פון גָאט. זֵייעֶר גִימוּהט אִיז גִיוֶועזִין אִין דֶעם זֶעלְבִּיגִין מעמד וָואס פרעה און זַיינִי כישוף מַאכִירְס , דִיא וָואס הָאבִּין גִיהַאלְטִין דִיא וואוּנְדִיר , וָואס משה הָאט גִיטְהוּן , נוּר פַאר אַיין בְּלוֹסִי פְּרוּף פוּן זַיינִיר גִישִׁיקְלִיכְקַייט אִין כישוף זַאכִין , און דַארוּם אִיז זֵייעֶר הַארְץ הַארְט גִיוָוארִין קֶעגִין דִיא וואוּנְדִיר פוּן משה. אפילוּ דֶענְצְמָאהל אַז זֵייא הָאבִּין מודה גִיוֶועזִין: אצבע אלהים הוא״ , אַזוֹ זֶענִין זֵייא דָאךְ נָאךְ נִיט בֶּעססִיר גִיוָוארִין , דֶען פרעה הָאט נָאךְ וַוייטִיר וִוידֶערְשְׁפֶּענִיגְט. אַזוֹ אִיז עֶס אוֹיךְ גִיוֶועזִין מִיט דִיא סוֹפרים און פרוּשים. אַז ישוע הנוֹצרי הָאט מחיה מתים גִיוֶועזִין דֶעם אליעזר ,,אַזוֹ הָאבִּין דִיא ראשי הכהנים און דִיא פרוּשים אַיינְגִיזַאמִילְט דִיא סנהדרין און הָאבִּין גִיזָאגְט: וָואס זָאלִין מִיר טְהוּן? דֶער דָאזִיגִיר מֶענְשׁ טְהוּט פִּיל צֵייכִין״. זֵייא הָאבִּין מודה גִיוֶועזִין אַז דִיא וואוּנְדִיר זֶענִין באמת גִישֶׁעהִין , אָבִּיר דָאס הָאבִּין זֵייא נִיט דֶער קֶענְט אַז זֵייא זֶענִין דוּרְךְ דֶעם כח פוּן גָאט גִישֶׁעהִין , וַוייל זֵייא הָאבִּין גִיגְלוֹיבְּט אַז זֵייא קֶענִין דוּרְךְ דֶעם לֶערְנִין פוּן דֶעם ספר יצירה נָאךְ פִּיל גְרוֹסִירִי וואוּנְדִיר טְהוּן. דַארוּם הָאט אוֹיךְ קֵיין וואוּנְדִיר זֵייא נִיט גִיקָאנְט אִיבֶּערְצַייגִין. חוּץ דֶעם זֶענִין אִיהרִי הֶארְצִיר גִיוָוארִין פֶּערְדָארְבִּין , און זֵייא זֶענִין אָבְּגִיוִוִיכִין פוּן תורת משה און הָאבִּין דַארוּם נִיט גִילִיבְּט דֶעם אמת. זֵייא הָאבִּין זִיךְ אָן גִיהַאפְּט אָן בִּישְׁוֶוערוּנְגֶען און אָן כישוף און הָאבִּין דִיא שדים גִיפְרֶעגְט עצות; און אַזָאלְכִי מֶענְשִׁין וָואס טְהוּאִין זָאלְכִי זַאכִין , בִּיקוּמִין אַיין פִּינְסְטִירִין שכל און קָאנִין נִיט משיג זַיין דָאס קְלָארִי לִיכְט. אִיהר נִיט גְלוֹיבִּין אִיז דַארוּם אֵיינִי ראיה אַז דִיא קְרִיסְטְלִיכִי אמוּנה אִיז טַאקִישׁ יָא אמת. וֶוען אַזָאלְכִי לַייט וָואס הָאבִּין תורת משה עוֹבר גִיוֶועזִין און זֶענִין גָאר מְאוּסִי לִיגְנִירְס הֶעטִין יָא גִיגְלוֹיבְּט , אַזוֹ וָואלְט גָאר להיפךְ , דָאס דָאזִיגִי אַיין חשד גוֹרם גִיוֶועזִין צוּ דִיא גַאנְצִי מעשה פוּן דֶעם ברית חדשה. וֶוען אַזָאלְכִי מֶענְשִׁין , וָואס דֶערְצֵייהלִין אַז רבא הָאט גִישַׁאפִּין אַיין מֶענְשִׁין , און אַז צְוֵייא אַנְדִירִי גְרוֹסִי לַייט הָאבִּין אַלִּי וָואכִי אַיין קַאלְבּ גִישַׁאפִּין , וֶוען זָאלְכִי לַייט מֶעכְטִין אוֹיף שְׁטֵיין און עדות זָאגִין אַז דִיא קְרִיסְטְלִיכִי אמוּנה אִיז אמת , אַזוֹ מֶעכְט מַאן פוּן דִיא וואוּנְדִיר פוּן דֶעם בְּרִית חדשה אוֹיךְ אַזוֹ הַאלְטִין אַזוֹ וִויא מַאן הַאלְט פוּן דִיא מְאוּסִי און נַארִישִׁי אוֹיסְגִיטְרַאכְטִי זַאכִין פוּן דִיא רבנים. וֶוען אָבִּיר אַזָאלְכִי לַייט זֶענִין פַיינְד און רוֹדְפִים פוּן ישוע הנוֹצרי , אַזוֹ אִיז דָאס גְרָאד אַיין גוּטִיר

סימן

סימן, אַז עֶר אִיז נִיט זֵייאֶר גְלַייכִין גִיוֶועזִין, און דַארום, וַוייל זֵייא זֶענִין שְׁלֶעכְטִי מֶענְשִׁין גִיוֶועזִין און הָאבִּין לִיבּ גִיהַאבְּט אֵיין פַאלְשִׁי דת אמונה, אַזוֹ מוּז גִיוִויס זַיינִי לֶערְנוּנְג עֶפִּיס גוּטֶץ אִין זִיךְ הָאבִּין, וָואריִם וֶוען נִיט, אַזוֹ וָואלְטִין זֵייא אִיהר נִיט אָקֶעגִין גִיוֶועזִין.

נָאךְ קְלָארִיר קֶענִין מִיר אוּנְז דוּרְךְ יֶענִי לֶערְנוּנְג דֶעם רֶעכְטִין טעם דִירְקְלֶערִין פוּן דֶעם צָארִין פוּן גָאט אַקֶעגִין דָאס פָאלְק ישראל. דִיא יוּדִין בִּירוּהִמִין זִיךְ אַז זֵייא זֶענִין גָאר פְרַייא פוּן עבודה זרה זַייט זֵייא זֶענִין אַרוֹיס גִיגַאנְגִין פוּן בבל„ אָבִּיר עֶס אִיז נִיט אמת. בּאמת הָאבִּין זֵייא זִיךְ קֵיינִי גְרָאבִּי פּסילים נִיט גִימַאכְט און זִיךְ דֶער צוּ גִיבּוּקְט, אָבִּיר דֶעם רֶעכְטִין תּוֹךְ פוּן דֶער עבודה זרה אמונה הָאבִּין זֵייא דָאךְ בִּיהַאלְטִין. דֶער דָאזִיגִיר מֶענְשׁ וָואס שְׁפְּרֶעכְט אָבּ אֵיינִי שְׁלַאנְג אִיז אַיין עבודה זרה דִינִיר, און דִיא דָאזִיגִי אמונה, וָואס אִיז דָאס דָאזִיגִי מתיר אִיז אַיין אמונה פוּן עבודה זרה און גויאִישׁ. דֶער דָאזִיגִיר מֶענְשׁ וָואס פְרֶעגְט אוּם אַיין עצה דִיא שדים אִיז אַיין עבודה זרה דִינִיר פוּן דֶעם שְׁלֶעכְטִיסְטִין שְׁטֵייגִיר, וָואריִם עֶר גִיבְּט אָבּ כבוד צוּ דִיא אוּם רֵיינִי רוחות. עֶר וַוייכְט פוּן דֶעם קְלוּקְסְטִין גָאט אָבּ, וָואס מִיר מוּזִין אִיהם הַאלְטִין פַארִין בֶּעסְטִין בַּאטְה גֶעבִּיר פַאר אַללִי זַיינִי קִינְדִיר, און מַאכְט זִיךְ שדים, דוּרְדוּרְךְ אַז עֶר פְרֶעגְט זֵייא אוּם אַיין עצה, צוּ גֶעטֶטִיר, און הָאטְשִׁי אַזוֹ וֶוערְט אוֹיךְ דָאס דָאזִיגִי אִין דֶעם דַת אמונה פוּן דִיא רבנים מתיר גִימַאכְט, וֶוען עֶס אִיז נוּר קֵיינִי סכנה נִיט דֶער בַּייא. דִיא דָאזִיגִי יוּדִין, וָואס גְלוֹיבִּין אָן תורה שבעל פה, דָאס הֵייסְט, וָואס זֵייא בִּינוּצִין דֶעם סדר תפלות של בית הכנסת, הָאבִּין זִיךְ אַזוֹ אַוֶועק גִיקֶעהרְט פוּן דֶער תורה און פוּן גָאט פוּן משה, און הָאבִּין זִיךְ מדבק גִיוֶועזִין אָן דִיא לֶערְנוּנְגִין און אָן דִיא גֶעטֶטִיר פוּן דִיא רבנים. וִויא אַזוֹ קָאן נוּן גָאט זִיךְ אִיבִּיר זֵייא דֶערְבַּארְמִין און זֵייא אַיין זַאמְלִין? נֵיין, דָאס דָאזִיגִי קָאן נִיט פְרִיהִיר זַיין, בִּיז אַז זֵייא וֶועלְלִין יֶענִי פֶערְפִיהרוּנְגִין גַאנְץ אַוֶועק וַוארְפִין, און: צוּרִיק קֶערִין צוּ יהוה, אִיהר גָאט, און דֶעם דוד אִיהר מלךְ זוּכִין". „מַאן הָאט לַאנְג אֵיינִי פְּרוּף גִימַאכְט דִיא רפואות פוּן דִיא רבנים צוּ בִּינוּצִין, אָבִּיר עֶס אִיז גִיוֶועזִין אוּם זוּנְסְט, עֶס הָאט נִיט גִיהָאלְפִין בִּיז אִיצוּנְד. אוּמִידוּם וואו דִיא אמונה פוּן תורה שבעל פה הָאט גִיהַאבְּט אִיהר ממשלה אוֹדִיר הָאט זִיא נָאךְ, אַזוֹ זֶענִין דִיא יוּדִין אוּם גְלִיקְלִיךְ גִיוֶועזִין און זֶענִין עֶס נָאךְ. און דֶער גְלִיקְלִיכִי טָאג הָאט עֶרְשְׁט אָן גִיהוֹבִּין צוּ בִּיגִינִין, זַייט דֶער צַייט אַז אֵיין טְהֵייל פוּן דֶעם פָאלְק הָאבִּין אַרָאבּ גִיוָוארְפִין פוּן זִיךְ

דיא קייטין פון דיא נאריש גלויבירייא פון דיא רבנים. מאן זאל נור פאר גלייכין דעם מעמד פון דיא דייטשי יודין, מיט דעם מעמד פון איהרי ברודיר אין דער טערקייא און אויף דעם בארטין פון מאראקא. פיל פון דיא ערשטין האבין תורה שבעל פה אוועק גילייגט, אביר דיא לעצטין האלטין זיך נאך מיט פאלשיר היילינקייט און מיט כוונה אן איהר; און דאך האט זיך דער מעמד פון יעני בגשמיות און ברוחניות פיל פאר בעססירט, אביר דיא לעצטין זענין נאך תמיד בגשמיות און ברוחניות אין גלות איינגיטונקט. מילא שון דיא אבשאפונג אליין פון דעם דת פון דיא רבנים האט דיא דאזיגי טובות גורם גיוועזין, און ווען נון דיא יודין פון אייראפא מעכטין פאר לאזין דעם טעות און אן נעהמין דעם אמת, דאס הייסט, ווען זייא מעכטין צורוק קעהרין צו דער אמונה פון משה ר' און נביאים, אזו וועט גאט זייני הבטחות גיוויס מקים זיין און וועט דאס פאלק ווידיר אין דעם לאנד פון זייארי אבות ברענגין.

דיא רבנים זענין זיך תמיד מנחם מיט דעם דאזיגין גידאנקין, אז זייא קענין ניט האבין עולם הזה און עולם הבא צו זאממין; אביר זייא פערוועקסלין צווייא זאכין מיט אייננאנדיר, וואס איז גאר איין גרוסיר חילוק צווישין זייא, דהיינו, דעם שטייגיר וויא אזו גאט האנדילט מיט איינציגי מענשין, מיט דעם שטייגיר, וויא אזו גאט האנדילט מיט גאנצי פעלקיר. איינציגי מענשין זענין ניט נור פאר האנדין בעולם הזה, נייארט אויך בעולם הבא. אום גליק פון איינים מענשין בעולם הזה איז נאך גאר קייני ראיה ניט, אז גאט האט איהם ניט ליב, ווייל עולם הזה איז נור איין קלייניר חלק פון זיין לעבין. אביר גאר אנדירש איז עס מיט פעלקיר, דיא דאזיגי זענין נור פאר האנדין בעולם הזה, דארום מוזין זייא אויך גישטראפט און בילוהנט ווערין בעולם הזה. און אזו האט אויך גאט מבטיח גיוועזין עולם הזה צו דיא יודין, ווען זייא וועלין זיין רצון טהון, און צרות, ווען זייא וועלין איהם ניט גיהארכין. דארום, איטליכים מאהל ווען מיר זעהין אז דיא יודין זענין פאר טריבין אויס זייאיר לאנד און צו שפרייט אין אללי פעלקיר, אזו מוזין מיר זאגין, ווען משה ר' האט יא אמת גיזאגט, אז עס איז קיין אנדירר טעם ניט, אז נור מחמת זייא האבין דעם גאט פון איהרי אבות פאר לאזין.

Дозволено Цензурою. Варшава 5 (17) Февраля 1876 г.
Въ Типографіи А. Гинса. Королевская № 1064 D.

# נתיבות עולם

עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז.

די אלטי שטעגין.

## נומר כ״ז

וויא וועניג דיא תורה שבעל פה האט ביז איצונד גיהאלפין צו דיא ביפאדירונג דעם שלום און דאס גליק פון ישראל, האבין מיר אין דעם פריהירינין נומר בעוויזין. מאן וואלט אונז אפשר גיקאנט ענטווירין, אז דער שלעכטיר תכלית וואס דיא דאזיגי תורה האט גיהאט, איז מעהר דעם פאלק דערינין שולדיג צו מאכין וויא דיא דאזיגי תורה אליין, אביר דיא דאזיגי מיגליכי איינוועגדונג פיהרט אונז צו דער נאטורליכי פראג. אין וועלכין מעמד מעכט דענקמאלט דאס פאלק ישראל און דיא וועלט אביר הויפט גיוועזין, אז דיא תורה שבעל פה וואלט פונקטליך און בכלל גיהאלטין וועריין, און זייארי לומדים וואלטין אומידום האבין דיא גרויסי ממשלה? למשל ווען אללי קינגרייך פון דער וועלט וואלטין צו זאמין שמעלצין און נור איין איינציגי גרוסי און ברייטי קינגרייך וועריין, און דער שבט מלכות וואלט פון איין פרומין און גילערינטין רב גיפיהרט וועריין, און אללי ערטיר פון ממשלה וואלטין נור מיט לאוטיר קלוגי און גאר פייאירינגי גמרא לערנירס ביזעצט זיין, וואלט דיא וועלט דערביי גליקליך גיוועזין? דאס איז גאר איינע וויכטיגי קשה, וואס זיא איז ווערטה אז מאן זאל עס גוט ביטראכטין; ווארום עס קאן גאר קיין ספק ניט זיין, אז דיא אמתי אמונה איז פון גאט ב״ה דער צו גיגעבין גיווארין, כדי אז זיא זאלל פארמעהרין דאס גליק פון זייני בישעפפיניש. אזו שטייט עס אין משלי:

דרכיה דרכי נועם וכל נתיבותיה שלום:

„איהרי וועגין זענין ליבליבי וועגין, און אללי איהרי שטעגין זענין שלום.״
משלי

(משלי ג״ פסוק י״ז .) און עֶס אִיז נִיט נוּר פַאר אֵיינְצִיגֶע מֶענְשִׁין, נַייאִירְט פַאר אַלְלֶע גָארְגַּאן חוּץ, וָוארוּם :

## הלא אב אחד לכלנו הלא אל אחד בראנו :

„הָאבִּין מִיר נִיט אַלְלֶע אֵיין פָאטִיר ? הָאט אוּנְז נִיט אֵיין גָאטט בִּישַׁאפִין ?" (מלאכי ב״ פסוק י״.) דִיא דָאזִיגֶע אמונה אָבִּיר וָואס וָואלְט אוּם גְלִיקְלִיךְ מַאכִין דֶעם גְרֶעסְטִין טְהֵייל פוּן זַיינֶע בִּישֶׁעפפִינִיש, אוּן מֶעכְט נוּר זֵייאִיר וֶועניג גְלִיק בְּרֵיינְגִין, קָאן נִיט זַיין פוּן גָאטט ב״ה. דִיא אמונה וָואס קוּמְט פוּן הִימִמִיל, מוּז אִין זִיךְ הָאבִּין דִיא יסודות פוּן גְלִיק זֶעלִיגְקֵייט פַאר אַלְלֶע פֶעלְקִיר און פַאר אַלְלֶע מֶענְשִׁין ; זִיא מוּז קֵיין אַנְדִירִין נִיט אָבְּטְהֵיילִין, נָאר אַזָאלְכֶע וָואס עֶר אִיז אֵיין קשה ערף און אֵיין רשע במזיד, וָואס עֶר טְרָאגְט דִיא צרות פוּן דֶעם גהינם אִין זַיין בּוּזִים, אוּן אַזֶעלְכֶע לַייט מוּזִין אוּמִידוּם אוּם גְלִיקְלִיךְ זַיין, אפילו וֶוען עֶר וָואלְט זַיין אִין הִימִמִיל. מֶילָא אַיין אמונה, וָואס אִיהרֶע יסודות, וֶוען זֵייא זָאלְטִין בכלל גִיהַאלְטִין וֶוערִין, זָאלל אוּנְז צוּ דֶעם גִיוואוּנְשְׁטִין אוּן גוּטִין תכלית פִיהְרִין מוּז אמת זַיין. דִיא קשה וָואס אִיז אוֹיבִּין גִיפְרֶעגְט אִיז נוּן אַזוֹ : וֶוען דִיא אמונה פוּן דִיא יוּדִין נָאךְ תורה שבעל פה נָאךְ, וָואלְט הָאבִּין אִין גַאנְצִין דֶעם פְּרַייהִין אוֹיסְפִיהר אַז אִיהרֶע תקנות זָאלִין גִיהַאלְטִין וֶוערִין, וָואלְט דֶער פוּן אַזוֹ אַיין גוּטִיר תכלית אַרוֹיס גִיקוּמִין ? אוּנְזִירֶע לֶעצְטֶע נָאךְ פָארְשׁוּנְג אִיבִּיר דִיא קמיעות אוּן כשוף סגולות פִיהְרִין אוּנְז צוּ דֶער בִּיטְרַאבְטוּנְג אִיבִּיר עֶטְלִיכֶע דינים וָואס גִיהֶערִין צוּ שבת, אוּן דַארוּם וַוייל נָאךְ תורה שבעל פה נָאךְ, וֶוען זִיא אִיז דִיא אמתע אמונה, מוּז שבת זַיין דֶער גְלִיקְלִיכְסְטִיר טָאג אִין דֶער וָואךְ, אַזוֹ וֶועלִין דִיא דָאזִיגֶע דִינִים וָואס גִיהֶערִין צוּ שבת אוּנְז הֶעלְפִין צוּ פַאר עֶנְטְוִוירִין דִיא קשה וָואס מִיר הָאבִּין פְרִיהִיר גִיפְרֶעגְט. דָאס, אַז דֶער שבת פוּן דִיא רבנים זָאלל קֶענִין זַיין דֶער גְלִיקְלִיכְסְטִיר טָאג אִין דֶער וָואךְ, זַאנִין מִיר זֵייאִיר מסופק ; וָוארוּם עֶרְשְׁטִינְס, אַז מַאן וִויל גוּט הַאלְטִין שבת נָאךְ דִיא רבנים נָאךְ, אִיז עֶס נֵייטִיג, אַז מַאן זָאלל גוּט בִּיקָאנְט זַיין מִיט אַלְלֶע דִינִים וָואס זֵייא זַאנִין זֵייאִיר פִיל און זֵייאִיר פַאר וִויקִילְט, וַוייל נוּר אִין דֶעם קיצור זַאמְלוּנְג פוּן דֶעם רמב״ם מִיט דִיא הערות אַלֵיין, זַאנִין פַארְהַאנְדִין אִיבִּיר דִיא דָאזִיגֶע דִינִים לערך פ״ו בְּלַאט *) אַז אֵיין מֶענְשׁ פוּן אַיין גוּט גִיוִויסִין זָאל קֶענִין זַיין גְלִיקְלִיךְ בַּייא אַזוֹא אַיין עוֹל פוּן אַזוֹ פִיל מצות, שַׁיינְט אוּנְז פַאר אוּם מִיגְלִיךְ ; וָוארוּם עֶר מוּז

תמיד

---

*) הלכות שבת והלכות עירובין ברייטיט זיך אויס פון דף ק״ת ביז דף רכ״ו .

תמיד לעבין אין מורא אז ער זאלל דורך פארגעסין אודיר דורך פארזעהין קיין עבירה ניט טוהן, און אזו איין אייביגי אכטונג געבונג און אנגסט און פורכט מוז פיל שווערער זיין וויא דיא שווערסטי ארבייט. אביר אז דיא אמונה פון דיא רבנים וואלט דיא גרעסטי ממשלה האבין, אזו וואלט איטליכיר דארפין מורא האבין זייער שטארק און באלד בישטראפט צו ווערין, אזו וויא עס איז צו זעהין פון דעם שטיק:

שביתה בשביעי ממלאכה מצות עשה שנאמר וביום השביעי תשבות. וכל העושה בו מלאכה ביטל מצות עשה ועבר על לא תעשה שנאמר לא תעשה כל מלאכה. ומהו חייב על עשיית מלאכה. אם עשה ברצונו בזדון חייב. ואם היו שם עדים והתראה נסקל ואם עשה בשגגה חייב קרבן חטאת קבועה:

„דאס רוהין אום שבת איז איין מצות עשה, ווארום עס שטייט געשריבין„ „און זיבינטין טאג זאלסט דו רוהין.” ”און איטליכיר וואס האט גיטהון אין איהם איין מלאכה האט מבטל גיוועזין איין מצות עשה און האט עובר גיוועזין אויף איין לא תעשה, ווארום עס שטייט„ „דוא זאלסט ניט טהון קיין מלאכה” „און וואס פאר איין שטראף איז ער חייב ווען ער האט גיטהון איין מלאכה; ווען ער האט עס גיטהון מיט ווילין במזיד איז ער חייב כרת, און ווען עס זאנין גיוועזין עדות דארטין און מאן האט איהם מתרה גיוועזין ווערד ער פאר שטייניגט; ווען ער האט עס אביר בשוגג גיטהון, אזו איז ער חייב איין קרבן חטאת וואס איז בישטימט.” (הלכות שבת א׳, א׳.) דאס דאזיגי קלינגט איין טהייל אזו וויא תורת משה, איז אביר באמת זייאיר פיל שארפיר. דיא דאזיגי שארפקייט קומט נור פון דעם ווארט „מלאכה” ארויס, און דיא דעות פון דיא רבנים איביר דעם דאזיגין ענין וואלט דאס גאנצי גליק פון דער מענשליכי חברה צו שטערין. ווען למשל איין ארימיר מענש, וואס ער קאן ניט אזו פיל פארדינין אז ער זאלל קענין זיין לאמפ דעם גאנצין שבת לאזין ברענין, וועט ער זיין לאמפ אויס לעשין כדי איל צו פאר שפארין; אודיר ווען למשל איין גוטיר מענש דער זעהט אין איין ארט קוהלין ברענין וואס קענין גאר לייכט שאדין מאכין זיין שכן, און ער לעשט זייא אויס, אזו וועלין דיא ביידי אויף זיך ארויף בריינגין עבירות, און ווען עס זענין דארט גראד עטליכי פאר ברענטי גמרא לערנירס דער ביי גיוועזין, וואס זייא האבין יעני צווייא דער מאנט אז זייא זאלין דאס ניט טהון, וואס איז ניט רעכט אום שבת צו טהון, אזו וואלט מאן זייא ביידי גישלעפט צום בית

דִין אוּן גימשפּט אַז זֵייא זֶענִין חייב, אוּן זֵייא פַאַרְשְׁטֶיינִיגְט צוּם טויד, אַזוֹ וִויא עֶס וֶוערְד וַוייטֶער אִין דֶעם זֶעלְבִּיגִין שְׁטִיק גִיזָאגְט:

כל העושה מלאכה בשבת אף על פי שאינו צריך לגופה של מלאכה חייב עליה. כיצד הרי שכבה את הנר מפני שהוא צריך לשמן או לפתילה כדי שלא יאבד או כדי שלא ישרף או כדי שלא יבקע חרש של נר מפני שכבוי מלאכה והרי נתכוון לכבות. ואף על פי שאינו צריך לגוף הכבוי ולא כבה אלא מפני השמן או מפני החרש או מפני הפתילה הרי זה חייב. וכן המעביר את הקוץ ד׳ אמות ברה״ר או המכבה את הגחל כדי שלא יזוקו בהן רבים חייב ואע״פ שאינו צריך לגוף הכבוי או לגוף ההעברה אלא להרחיק ההיזק הרי זה חייב וכן כל כיוצא בזה:

„אִיטְלִיכֶער וָואס טוּהט אַיין מלאכה אוּם שבת, חָאטְשֶׁי עֶר בַּארְף דָאס נִיט צוּ דֶעם גוף פוּן דֶער מלאכה זֶעלְבְּסְט, אִיז עֶר חייב. ווִיא אַזוֹ אִיז דָאס צוּ פַאר שְׁטֶיין? למשל וֶוען אִימִיצֶער פַאר לֶעשְׁט אַיין לָאמְפּ וַוייל עֶר בִּידַארְף דָאס אֶייל אוֹדֶער דָאס קְנֵייטִיל כדי אַז יֶענִים זָאלל נִיט פַארְלוּירִין וֶוערִין אוֹדֶער דָס דָאזִיגֶע זָאלל נִיט פַאר בְּרֶענְט וֶוערִין, אוֹדֶער דֶער שַׁארְבִּין פוּן דֶעם לָאמְפּ זָאלל נִיט צוּ שְׁפָּאלְטִין וֶוערִין, וַוייל דָאס אוֹיס לֶעשִׁין אִיז אַיין מלאכה, אוּן עֶר הָאט מתכוון גִיוֶועזִין אוֹיס צוּ לֶעשִׁין, חָאטְשֶׁי דָאס אוֹיס לֶעשִׁין אִיז נִיט גִיוֶועזִין דֶער עיקר כוונה אוּן עֶר הָאט עֶס נוּר מחמת דֶעם אוֹיס גִילָאשִׁין פוּן וֶועגִין דָאס אֶייל אוֹדֶער פוּן וֶועגִין דֶעם קְנֵייטִיל אוֹדֶער פוּן וֶועגִין דֶעם שַׁארְבִּין, אִיז עֶר פָארְט חייב. אוּן אַזוֹ אוֹיךְ, וֶוען אֵיינֶער טְרָאגְט דֶערְנֶער פִיר אֵיילִין אִין רשות הרבים, אוֹדֶער עֶר לֶעשְׁט אוֹיס קוֹהלִין כדי עֶס זָאלל קֵיין שָׁאדִין נִיט אַרוֹיס קוּמִין צוּ אַנְדֶערֶע לַייט, אַזוֹ אִיז עֶר חייב, חָאטְשֶׁי דָאס אוֹיס לֶעשִׁין אוּן דָאס טְרָגִין אִיז נִיט גִיוֶועזִין דֶער עיקר תכלית, נַייאֶערְט נוּר כדי צוּ פַאר הִיטִין פוּן שָׁאדִין, אַזוֹ אִיז עֶר דָאךְ חייב, אוּן אַזוֹ אִיז אִין אַללֶע דֶער גְלַייכִין אופנים.״

(דָארְטִין.) וֶוען נוּן דֶער דָאזִיגֶער דת וָואלְט אִין דֶער וֶועלְט דִיא ממשלה הָאבִּין אוּן דִיא פַארְבְּרֶענְטֶע גמרא גְלוֹיבִּירְס וָואלְטִין יכולת הָאבִּין, אַזוֹ וָואלְט דֶער שלום פוּן דֶער וֶועלְט בַּאלְד אַיין סוף הָאבִּין; דֶער אָרִימֶער מֶענְשׁ וָואלְט קֵיין מָאהל נִיט גִיקֶענְט גְלִיקְלִיךְ זַיין אַז עֶר זָאלל זֶעהִין אַז זַיין בִּיסִיל אָרִימְקַייט גֵייט אוּמְזִיסְט פַאר לוּירִין; דֶער גוּטֶער מֶענְשׁ וֶועט עֶנְטְווִיר דוּרְךְ דִיא גִידַאנְקִין אוּם גְלִיקְלִיךְ זַיין, וַוייל עֶר קָאן אֵיין גְרוֹיס אוּם גְלִיק פַאר הִיטִין אוּן עֶר טָאר עֶס דָאךְ נִיט טוּהן, אוֹדֶער עֶר וֶועט מוּזִין אוֹיף זִיךְ מקבל זַיין אֵיין זֵייאֶער גְרֵייליךְ שְׁוֶוערִין אוּן מִיאוּסִין טויד. מִיר

קאנין

קאנין אויך דעם כלל מדות פון דיא יודין גינוג, אום איביר צייגט צו זיין אז עס גיפינין זיך צווישין זייא אזעלכי מענשין, וואס זייא פרעגין ניט נאך קיין מורא, און זייארי עיידיל מוטהיגי הערציר קען זיך דערהייבין און אויף דעם נוצין פון זייאיר אייגינים נפש ניט אכטונג געבין. אביר וויא שרעקליך וועט זיין דאס וואס דער פון קומט ארוים? איין מענש מיט איין עיידיל הארץ, איין פאטיר פון איין פאמיליע ווערד דורך זיין גוטין גיפיהל גיטריבין, זייני אנדרי מענשין צו בישיצין פאר אום גליק. ער וועט דער נאך אהיים צו זיין פאמיליע קומין און זייא דער ציילין וויא גאטט ב"ה האט איהם גילעגענהייט גיגעבין עפיס גוטים צו טהון, זיין פאמיליע וואס איז גיבענשט מיט אזו איין פאטיר, וועט זיך פרייהין, אזו איין נאכריכט צו הערין. אביר דער סוף פון דער דאזיגיר דער ציילונג וועט זייאיר פרייד פארקעהרין אין טרויאירקייט. ווארום ער וועט זייא האבין צו דערציילין אז איין מיאוסיר טויד ווארט אויף איהם, און דער פאר, וואס ער האט זיך אונטיר גישטאנדין איין זאך פון בארימהערציגקייט צו טוהן, און זיין חבר אזו ליב צו האבין וויא זיך אליין, וועט שוין דעם אנדירין טאג זיין ווייב, זיין איין אלמנה, און זייני קינדיר יתומים. ווען אביר למשל, זייני אייגיני צווייא דער וואקסיני זיהן האבין גיזעהין אז ער האט דיא מעשה גיטהון, און וויל זייא זאנין פאר ברענטי גמרא גלויבירס, אזו האבין זייא איהם אויך מתרה גיוועזין, און דער נאך האבין זייא איהם אויך פאר קלאגט, אזו וויא עס איז אויך דער חיוב פון אמתי גמרא גלויבירס צו טוהן, אזו וועלין זייני צרות דורך דעם, נאך פאר מעהרט ווערין, צו זעהין זיין אייגין פלייש און בלוט זאנין גיווארין זייני ערשטי גזלנים. דער דאזיגיר איינער דין וואלט שוין דיא וועלט אין טרויאיר ביקליידין און דיא ליכטיגקייט פון דער זון פון שבת צו איין קללה פאר אללי מענשין גימאכט. האטשי עס וואלטין זיך אפשר גיפונין אזעלכי מענשין וואס זייא וואלטין אין אנפאנג קיין מורא ניט האבין, אביר מיט דער צייט וואלטין שוין דיא שארפי דינים דערשטיקין איטליכים עיידיל גיפיהל צום גוטין: דיא קינדיר וואלטין אויף גיצויגין גיווארין מיט דער דאזיגיר מיינונג, אז גוטיץ צו טהון אום שבת איז גאר ניט רעכט. דיא דויהירהאפטיגי התנגדות אקייגין דיא בערירונג אפילו פון דיא גוטי און בעסירין גיפיהל, וועט צום סוף דאס הארץ הארט מאכין, און דיא מענשין וועלין מיט דער צייט אהן איין געפיהל פון רחמנות בלייבין אום דער וואכין אזו וויא אום שבת. און אזו וואלט דער חיוב פון דעם דאזיגין

איינים

איינים דין אַרוֹיס בְּרֶענְגִין, אַז אִיטְלִיכִיר זָאלל נוּר זִיךְ אַלֵיין לִיב הָאבִּין, אוּן דָאס וָואלְט גַאנְץ גִיוִויס קֵיין גְלִיק זֶעלִיגְקֵייט פַאר דֶער וֶועלְט נִיט בְּרֶענְגִין. מִיר וֶועלִין אִיצוּנְד אָבִּיר אֵיין אַנְדִיר פַאלל אָהן גֶעהמִין. אֵיין מֶענְשׁ פַאר לָאזְט אוּם פְּרֵייטָאג זַיין פַאמִילְיֶע כדי צוּ גֵיין נִיט וַוייט אוֹיף אֵיין דָארְף, אוּן מֵיינְט נָאךְ אוֹיף שבת צוּרִיק צוּ קוּמִין; עֶר הָאט אָבִּיר נוּן דָאס אוּם גְלִיק זִיךְ אֵיין פוּס צוּ צוּבְּרֶעכִין אוּנְטִיר וֶועגִינְס, אָבִּיר אוּם שבת אִיז עֶר אַבִּיסִיל צוּ זִיךְ צוּ גִיקוּמִין, אוּן וַוייל עֶר הָאט זִיךְ דֶער מָאנְט אָן דֶעם אַנְגְסְט פוּן זַיין פַאמִילְיֶע, אַזוֹ שְׁרַייבְּט עֶר אֵיין קוּרְצִין בְּרִיוִויל כדי זַייא מוֹדיע צוּ זַיין פוּן זַיין מעמד. אָבִּיר דִיא דָאזִיגִי לִיבְּשַׁאפְט אוּן אָרִינְטְלִיכְקֵייט וֶועט דָאס לֶעבִּין קָאסְטִין; וֶוען עֶר הָאט דָאס בְּרִיוִויל אפילו נוּר אָנְגִיהוֹיבִּין צוּ שְׁרַייבִּין אוּן הָאט עֶס מחמת שְׁרֶעקִין אוֹדִיר שְׁלַאפְקֵייט נִיט אִין גַאנְצִין אוֹיס גִישְׁרִיבִּין, אַזוֹ וָואלְט דָאס טְרִיבּוּנַאל פוּן דִיא רבנים פַּסְקִינִין אַז עֶר זָאלל פַאר שְׁטֵיינִיגְט וֶוערִין, אַזוֹ וִויא עֶס אִיז צוּ זֶעהִין פוּן דֶעם שְׁטִיק וָואס וַוייטִיר שְׁטֵייט:

כל המתכוין לעשות מלאכה בשבת והתחיל בה ועשה כשיעור חייב אע"פ שלא השלים כל המלאכה שנתכוון להשלימה. כיצד הרי שנתכוון לכתוב אגרת או שטר בשבת אין אומרים לא יתחייב זה עד שישלים חפצו ויכתוב כל השטר או כל האגרת אלא משיכתוב שתי אותיות חייב:

„אִיטְלִיכִיר וָואס הָאט אֵיין כוונה צוּ טָהוּן אֵיין מלאכה אוּם שבת, אוּן עֶר הָאט אָנְגִיהוֹיבִּין צוּ טָהוּן, אוּן הָאט שׁוֹן אַיין גִיוִויסִין טְהֵייל גִטָהוּן אִיז עֶר חייב הָאטְשִׁי עֶר הָט נִיט גוֹמר גִיוֶועזִין דִי גַאנְצִי מלאכה, וָואס עֶר הָט אַיין כוונה גִהַאט משלים צוּ זַיין. וִוי אַזוֹ? וֶוען עֶר הָט למשל אַיין כוונה גִהַאט צוּשְׁרַייבִּין אַיין בְּרִיף אוֹדִיר אַיין שטר אוּם שבת, אַזוֹ זָאגִין מִיר נִיט אַז עֶר אִיז אַנְדִירְשׁ נִיט חייב סַיידִין אַז עֶר הָאט נוּר אוֹיס גִיפִירְט זַיין כוונה אוּן הָאט אָב גִישְׁרִיבִּין דֶעם גַאנְצִין בְּרִיף אוֹדִיר דֶעם גַאנְצִין שטר, בֵּייאִירְט וֶוען עֶר הָאט נוּר גִישְׁרִיבִּין צְוֵוייא אותיות אִיז עֶר שׁוֹין חייב". (דָארְטִין.) מֵילָא וֶוען מַאן קָאן נוּר דָאס בִּיוַוייזִין, אַזוֹ וֶוערְד עֶר פַארְשְׁטֵיינִיגְט. אוּן אוֹיךְ אִין פִיל אַנְדִרִי אופנים קָאן דָאס אִיטְלִיכִיר מֶענְשׁ גִיוָואר וֶוערִין, אַז אַיין בְּרִיף קָאן אֵיין מָאהל דֶעם שלום אוּן גְרוֹיסִי טוֹבוֹת גורם זַיין צוּ אֵיינִים אֵיינְצִיגִין מֶענְשִׁין אוֹדִיר צוּ אַיין גַאנְצִי פַאמִילְיֶע, אוּן אַז וֶוען מַאן גִיבְּט דָאס דָאזִיגִי אָב שְׁפֶּעטִיר מִיט אֵיין אֵיינְצִיגִין טָאג, קָאן דֶער פוּן אַרוֹיס קוּמִין אַיין גְרוֹיסִי רָעָה. וֶוען נוּן דֶער דת פוּן דִיא רבנים וָואלְט דִיא ממשלה

האָבין , אַזוֹ וואָלט אַנגסט און זאָרג און אום גליק תמיד אונזרי בּילייטיר זיין , דער שבת וואָלט איין לאַסט זיין און איין פלוך , אָהן שטאָט דעם וואָס ער זאָלל איין ברכה זיין , אוֹדיר דער לעבּין אַליין וואָלט תמיד אין גרויס סכנה גיוועזין . פון דעסט וועגין וואָלט דאָס דאָזיגי נאָך ניט דאָס איינציגי שלעכטיגקייט זיין . דיא דאָזיגי בּלוטיגי דינים , וואָס וועדין אָן גיזעהין פאַר אמונה דינים , וועלין בּינדין דאָס גיוויסין פון דעם שוואַכין און נאַריש גלייבּיגין ; איטליכיר מענש וואָלט זיין אַרום גירינגילט מיט שפּיאָנין , זייני משרתים , זייני קינדיר , און אפילו זיין אייגין ווייב וואָלטין אויף אַללי זייני הנהגות פון שבת גוט אַכטונג געבּין , און איהם בּאַלד פאַר מסרין אַזוֹ בּאַלד ער וואָלט נור עפּיס עובר גיוועזין . און אַזוֹ וואָלט דער שלום פון דיא פאַמיליעס , וואָס איז גאָר דער עיקר גליק , צו שטערט ווערין , און איטליכיר וואָלט אין זיין אייגין הויז גיזינד דיא ערגסטי שונאים האָבין . אפילו דיא דינים פון דראקא וואָלט שוין פיל גרינגיר גיוועזין אַקעגין דיא דינים פון אמונה פון דיא רבנים , דראקא האָט נור דעם דאָזיגין צום טויד דן גיוועזין , דעם וואָס מאַן האָט איהם בפירוש איין חטא דער וויזין , אָבּיר דיא תורה שבעל פה פסקיט אַז מאַן זאָלל דעם מאַן , דאָס ווייב , אוֹדיר דאָס קינד פאַר שטייניגין , ווייל זייא האָבין זיך דערוואויגין איין פאַר ווערטיר צו שרייבּין , דער צו נאָך אפילו אַזעלכי אויך צו שטיינינגין , וואָס זייא האָבּין גיוואָלט איין פייאיר פאַר לעשין כדי צו פאַר היטין איין גרויס אום גליק . נאָך מעהריר אפילו אין אַזעלכי אופנים , ווען דער פאַר קלאַגטיר מענש ווערד דער קלערט פאַר אום שולדיג , חאָטשי אַזוֹ , גיבּט זיא דאָך איין פסק אַרויס , אַז מאַן זאָלל איהם שלאָגין :

נתכוון ללקוט תאנים שחורות וליקט לבנות או שנתכוון ללקוט תאנים ואחר כך ענבים ונהפך הדבר וליקט הענבים תחלה ואח"כ תאנים פטור אף על פי שליקט כל מה שחשב הואיל ולא ליקט כסדר שחשב פטור שבלא כוונה עשה שלא אסרה תורה אלא מלאכת מחשבת :

„ווען איינער האָט איין כוונה גיהאַט שוואַרצי פייגין צו קלויבּין , און האָט אויף גיקליבּין ווייסי , אודיר ווען ער האָט איין כוונה גיהאַט אויף צו קלויבּין פייגין און דער נאָך ווייטרויבּין , און עס איז דיא זאַך פאַר קעהרט גיוואָרין , און ער האָט פריהיר וויינטרויבּין גיקליבּין און דער נאָך פייגין , אַזוֹ איז ער פטור . חאָטשי ער האָט אַלץ גיקליבּין וואָס

ער האט גידאַכט, ווייל ער האט אָבּער ניט גיקליבּן כסדר אַזוֹ וויא ער האט גידאַכט, איז ער פטור, ווייל ער האט עס גיטהון אן כוונה, און דיא תורה אסרת ניט מעהר, נור איין מלאכה וואס מאן טהוט זיא מיט גידאַנקין" (דארטין). מיר וועלין בּייא דעם דאָזיגין בפרהסיא מיאוסין דין, וואס ער איז שוין גינוג צו בּיוויייזין אַז ער איז ניט פון גאָטט ב"ה, ניט לאַנג פאַר ווײלין, ווייל עס שיינט אונז וויכטיגיר, דאָס דאָ צו בּיטראַכטין, וואס נאָך דער תורה שבעל פה נאָך זאלל גישעהין מיט איין מענשין וואס ער איז ניט שולדיג. דיא גיזעץ פון איטליכיר אויף גיקלערטי מדינה וועט פסקינין, אַז אַזוֹ איינער זאלל גאר פרייא זיין פון אַללי שטראף; אָבּער דיא תורה שבעל פה פסקיט ניט אַזוֹ, נייאירט זיא זאָגט אַז מאן זאלל איהם שלאָגין, ווייל זיא זאגט:

וכל מקום שנאמר שהעושה דבר זה פטור הרי זה פטור מן הכרת ומן הסקילה ומן הקרבן אבל אסור לעשות אותו דבר בשבת ואיסורו מדברי סופרים והוא הרחקה מן המלאכה והעושה אותו בזדון מכין אותו מכת מרדות:

"אומידום וואו עס שטייט אַז איםיציר טהוט עפּיס איין זאך אַזוֹ איז ער פטור, מיינט מאן נור ער איז פטור פון כרת און פון סקילה און פון איין קרבן, אָבּער פון דעסט וועגין איז אסור דאָס דאָזיגי צו טהון אום שבת, און דער איסור קומט אַרוים פון דיא רייד פון דיא סופרים, כדי מרחיק צו זיין פון איין מלאכה: און וועֶר עס טהוט בזדון דער וועֶרד גישלאָגין מיט מכות מרדות". (דארטין) נון דאָ האבּין מיר איין גאַנצי צייל פון עבירות, וואס דיא תורה שבעל פה אַליין איז מודה, אַז זייא זאָגין נאך תורת משה נאך גאר קייני עבירות ניט אָבּער זיא האלט עס אַזוֹ פאַר רעכט, אַז מאן זאלל דער פאַר אַזוֹ שרעקליך און מיט אַזוֹ איין פחיתות הכבוד בּישטראָפט וועֶרין. זענין דיא וואס גלויבּין אין תורה שבעל פה טאַקיש באמת בּיקאָנט מיט דיא תקנות פון איהר? אודיר קאן איםיציר גלויבּין אַז אַזוֹ איין אמונה, וואס אַז זיא וואָלט נור ממשלה גיהאט וואָלט זיא גיוועזין איין פלאָג פאַר אַללי מענשין, זאלל קענין זיין פון גאָטט ב"ה גיגעבּין?

ווען דיא דאָזיגי אמונה זאלל אַמאהל יוא דיא גרעסטי ממשלה בּיקומין, אַזוֹ וואָלטין איהרי מאמינים ווידיר אין דיא גרעסטי קנעכטשאַפט אַריין זינקין, אָבּער וואס פאַר איין נוצין וואָלט פאַר דיא אַנדירי פעלקיר פון דער וועלט אַרוים גיקומין? ערשטינס וועט עס פון דיא דאָזיגי אַללי

פעלקיר

פעלקיר דעם שבת אוועק געהמין ; וואָרום מיר האָבין שון אויבין אין (נומר ג') דעם דין גיוויזין וואָס פסקיט : „אז איין גוי וואָס האַלט שבת וועין ער טהוט עם אפילו אום דער וואָכין , איז ער חייב מיתה . „און ווען ער ווערד אויך באמת ניט טויד גישלאָגין אָבּיר גישלאָגין מוז ער דאָך ווערין . מאַן קאָן ביטראַכטין , וויא דאָס דאָזיגי ווערט נון דיא גליקזעליגקייט פון מיליאָנין בישעפּינישין פאַר וויינגירין . דער גוי — וואָס ער מוז מיט דעם שווייז פון זיין פנים זיין ברויט פאַר דינגען , אזוי גוט וויא דער יוד , און זעקס טאָג אין דער וואָך מוז ער צו ברענגין אין וועלטישי גישעפּטין — פאַר לאַנג אויך איין טאָג , וואָס ער זאָלל זיך אין איהם קענין אוים רוהין פון דער וועלטישי אַרבּייט , מיהדיקייט , און זאָרגין , כדי זיין גוף צו שטאַרקין , זייני זיילי צו דער פרישין און התחברות צו האָבין מיט זיין גאָטט . אָבּיר דיא תורה שבעל פה ווערט עם בירויבין אַז ער זאָלל עס ניט קענין גיניסין , אודיר , ווען זיין גיוויססין טרייבּט איהם דער צו , אַז ער זאָלל איין טאָג פון זיבין היילגין , אזוי ווערט ער מוזין זיין גינוסונג ברוחניות מיט דיא ליידין פון זיין גוף ביצאָהלין . פיל וועלין זיך בלי ספק , דורך דיא גידאַנקין אַז עם וואַרט אויף זייא שטראָף , לאָזין צו ריק שרעקין , און אזוי ווערט מיט דער צייט איטליכי שפּור פון איין שבת בייא דיא גוים פאַר שווינדין . איין גוזמא וועלין באַלד אָן אַללי לערנונג פון אמונה בלייבין , און איין כלל שלעכטיגקייט און אומגליקליכקייט ווערט דער פון אַרוים קומין . דיא דאָזיגי תורה שבעל פה ווערט גיוויס ניט פאַרשין דאָס גליקזעליגקייט פון דיא גוים , וואָס זייא זענין דאָך דאָס גרעסטי רוב פון אַללי מענשין ; דאַריבּיר קאָן זיא ניט פון גאָטט ב"ה זיין . אָבּיר דיא גוואַלדיגי בירויבונג וואָס מאַן נעמט איין היילגין רוהי טאָג אַוועק , אויף קיין פאַלל קייני פריינדליכי גידאַנקין אַקייגין דיא יודין ניט אַרוים ברענגין ; דיא מענשין וועלין זיך אַקייגין שטעלין קייגין אזוי איין אונטיר דריקונג , און דער דת וואָס האָט דאָס דאָזיגי גיבּאָטין , ווערט אָהן שטאָט כבוד צו ביקומין , וואָס ער דאַרף צו זיין אַז זיא וואָלט אמת גיוועזין , ווערט זיא פאַר אַבּשייהיט ווערין . דיא דאָזיגי אומגליקליכי פסקים וועלין נאָך אויף שטייגין דורך אַנדירי דינים וואָס זייא זאָנין גלייך דער צו און מאַכין צו נישט אַללי באַרימהערציגקייט , וויא למשל דורך דעם :

אין מילדין את הגויה בשבת ואפילו בשכר ואין חוששין לאיבה ואף על פי שאין שם חילול . אבל מילדין את בת גר תושב מפני שאנו מצווין להחיותו ואין מחללין עליה את השבת :

„מַאן טָאר נִיט מַאכִין גִיוִוינִין (דָאס הֵייסְט מַאן טָאר נִיט זַיין קֵיין אֵייבְּאַם בַּייא אַיין גויה אוּם שבת אפילו נִיט פַאר לוֹהן, אוּן מַאן בַּארְף נִיט זָארְג צוּ הָאבִּין תאמר וֶועט דֶער פוּן אַיין פַיינְדְשַׁאפְט אַרוֹיס קוּמִין, חָאטְשֶׁי עֶס אִיז קַיין חילול שבת דֶער בַּייא נִיט פַאר הַאנְדִין. אָבִּיר מַאן מֶעג מַאכִין גִיוִוינִין דִיא טָאכְטִיר פוּן אַיין גר וָואס אִיז אַיין אַיינְוואוֹינִיר וַוייל מִיר זֶענִין מחוייב אִיהם צוּ דֶער נֶעהְרִין; אָבִּיר מַאן טָאר אִיבִּיר אִיהר נִיט מחלל שבת זַיין". (דָארְטִין פרק ב׳). מִיר פְרֶעגִין אִיטְלִיכִין יוּדִין, וָואס הָאט נוּר אַיין מֶענְשְׁלִיכִי הַארֶץ, אוֹיבּ דֶער דָאזִיגִיר דִין קָאן פוּן גָאטְט ב"ה זַיין, אוֹדִיר אוֹיבּ דִיא אמונה וָואס הָאט אַיין חלק דֶערִינִין קָאן אמת זַיין? אַיין אָרִימִי אשה זָאלל מַאן נִיט הֶעלְפִין אִין דֶער שעה פוּן אִיהר גְרֶעסְטִין נוֹהט, נוּר וַוייל זִיא אִיז אַיין גויה: וַוייל זִיא אִיז גִיבְּלִיבִּין אוּם וִויסִינְד אִין דֶער גֶעטְטְלִיכִיר וַוארְהַייט, עֶנְטְוֶוער דוּרְךְ אִיהר אֵייגִינִים טעות אוֹדִיר דוּרְךְ דֶער סיבה וַוייל זִיא אִיז אַזוֹ גִיבּוֹירִין גִיוָוארִין, זָאלל מַאן לָאזִין אַיין מוּטְטֶער מִיט אִיהר קִינְד שְׁטַארְבִּין: למשל וֶוען דִיא מוּטְטֶער וָואלְט אַזוֹ אַיין פַאר הַארְטִיוּויטִי זִינְדִירִין גִיוֶועזִין וָואס זִיא פַאר דִינְט זִיךְ נִיט אוֹיף דָאס רחמנות אוּן חסד פוּן מֶענְשִׁין, אָבִּיר וָואס הָאט דָאס אוּמְשׁוּלְדִיגִי קִינְד גִיטְהוּן, אַז זַיין לֶעבִּין זָאל אַוֶועק גִיגֶעבִּין וֶוערִין אַזוֹ גְלַייךְ וִויא עֶס וָואלְט נָאר עֶפִּים מִיט אַיין סבה גִישֶׁעהִין? דֶער נַארִישְׁטִיר גוי (הַייד) דֶער וָואס גְלוֹיבּ נוּר אִיבִּיר הוֹיפְּט אִין אַיין גָאטְטהַייט אוּן בַּארִימְהֶערְצִיגִין וֶועזִין, וֶועט אַזוֹ אַיין דת הַאלְטִין פַאר פַאלְשׁ. מֶעהְרִירִי אַזֶעלְכִי אופנים וֶועלִין זִיךְ בַּאלְד דוּרְךְ דֶער וֶועלְט פַאר בְּרֵייטִירִין, אוּן דָאס יוּדִישְׁקַייט וֶועט זַיין אַיין אוּמְווִירְדִיגְקַייט פַאר אִיטְלִיכִים הֶערְץ, וָואס הָאט אַיין גִיפִיהל פוּן מִיט לַיידִין מִיט אַנְדִירִי. וֶוען דָאס בִּירוּהִיט אַנְדִירְשׁ אוֹיף אמת, אַזוֹ וֶועט עֶס אַלְלִי אִין זַייאִיר טעות שְׁטַארְק מַאכִין אָבִּיר נִיט אַזוֹ אִיז עֶס בַּייא דֶעם דת וָואס גֵייט פוּן גָאטְט ב"ה אוֹיס, דִיא דָאזִיגִי טְרָאגְט אוֹיף זִיךְ דֶעם אָבְּדְרוּק פוּן דֶעם וָואס הָאט זִיא גִמַאכְט אוּן לֶערִינְט אַזוֹ אַיין לִיבְּשַׁאפְט אוּן מֶענְשִׁין פְרַיינְדְלִיכְקַייט, אַז אִיהר בִּיפָאלְגוּנְג מַאכְט אפילו דִיא דָאזִיגִי וַוייכִיר אוּן בֶּעסִיר, וָואס זִיא בְּרֵיינְגְט זֵייא נִיט צוּ תשובה, אוּן אִיהרִי עֶרְגְסְטִי פַיינְד מוּזִין מודה זַיין אַז אִיהרִי גִינִיטִי יסודות אִיז וֶוערְט צוּ בְּוואוּנְדִירִין, עֶס אִיז אָבִּיר דָא פַארְהַאנְדִין נָאךְ אַיין פַאלל צוּ בִּיטְרַאכְטִין. דִיא טָאכְטִיר פוּן אַיין גר וָואס אִיז אַיין אַיינְוואוֹנִיר (גר תושב) וָואס דִיא תורה שבעל פה אִיז צוּ אִיהר אַבִּיסִיל בֶּעסִיר, אִיז יוֹא מתיר אַז מַאן מֶעג בַּייא אִיהר אַיין אֵייבְּאַם זַיין, אָבִּיר נִיט מחלל שבת צוּ זַיין פוּן אִיהרִינְט וֶועגִין.

נון למשל אַז אַזוֹ אֵייני גיפינד זיך אין מיטין צְווישין יודין און נאך דעם וויא זיא איז שוין אויף גיבונדין גיוואָרין פאר לאנגט זיא דיא הנאה פון דיא וואַרימקייט פון פייאיר אודיר איין וואַרימי נארונג פאר זיך אודיר פאר איהר קינד, אודיר מאן זאלל איהר טהון איין אנדיר הילף, וואס וואָלט אָן חילול שבת ניט קענין זיין, וואָלט עס פאר איהר ניט גיטאָרט גישעהין, אָביר פאר איין יודיני, וואס איז אין דעם זעלביגין צו שטאנד מעג עס יוא גשעהין. קאן דם דאָזיגי זיין פון דעם וואס ער וויל דעם תכלית פון גליק זעליגקייט פאר אללי זייני בישעפיניש? מאן קאן עפיס ניט ביהויפטין, אז דער דאָזיגיר פאלל איז נור זייאיר זעלטין, ווארום עס איז לייכט צו ווייזין, אז דער דאָזיגיר גימוהט ביוואייזט זיך אומידום אין דער תורה שבעל פה, וויא למשל אין דעם דאָזיגין שטיק:

היתה חצר שיש בה גוים וישראלים אפי׳ ישראל אחד ואלף גוים ונפלה עליהם מפולת מפקחין על הכל מפני ישראל. פירש אחד מהם לחצר אחרת ונפלה עליו אותו חצר מפקחין עליו שמא זה שפירש היה ישראל והנשארים גוים, נעקרו כולן מחצר זו לילך לחצר אחרת ובעת עקירתן פירש אחד מהן ונכנס לחצר אחרת ונפלה עליו מפולת ואין ידוע מי הוא אין מפקחין עליו. שכיון שנעקרו כולם אין כאן ישראל וכל הפורש מהן כשהן מהלכין הרי הוא בחזקת שפירש מן הרוב:

„ווען גוים און יודין וואוהנין אין איין הויף, אפילו ווען נור איין ישראל און טויזינד גוים גיפינין זיך דאָרטין און עס איז אויף זיי איין גפאלין איין גרוז האופין, אזו ראוימט מאן דעם גרוז פון אלי אוועק פון דעם ישראל וועגין. ווען איינער פון זיי האט זיך אָבגישיידיט און איז אוועק גיגאנגין אין איין אנדיר האוף און דער האוף איז אויף איהם איין גיפאללין, אזו ראוימט מאן דעם גרוז פון איהם אוועק: ווארום תאמר איז ער, וואס האט זיך אָבגישיידיט, דער ישראל גיוועזין, און דיא וואס זענין דאָרט גיבליבין זענין דיא גוים. ווען אָביר אללי האָבין זיך אויף גיהויבין, פון דעם האוף כדי צו גיין אין איין אנדיר האוף און אין דער צייט ווען זייא האָבין זיך אויף גיהויבין האט זיך איינער פון זייא אָבגישיידיט און איז אריין גיגאנגין אין איין אנדיר האוף און עס איז אויף איהם איין גיפאללין איין הויפין גרוז, און מאן וויים ניט ווער ער איז, אזו ראוימט מאן דעם האופין גרוז פון איהם ניט אוועק; ווארום וויל זייא האָבין זיך אללי אויף גיהויבין איז דאָ קיין ישראל ניט דאָ, און איטליכיר וואס האט זיך פון זייא אָבגישיידיט בשעת זייא זאנין גיגאנגין, איז אין דער חזקה אז ער גיהערט צו דאס רוב (דאָרט, פרק כ׳, כ״א) דאָ ווייזט זיך ארויס דאס זעלביגי, וויא מאן האט קיין הס ניט אויף דעם לעבין אודיר טובה

פון דֶעם גוי, און דֶערִיבֶּיר וֶועט קֵיינֶיר נִיט קֶענֶען מִיט רֶעכְט בְּיהוֹיפְּטֶין, אַז וֶוען מַאן זָאלל אַזֶעלְכֵי דינים פָאלְגֶען זָאלל עֶס בְּרֵיינְגֶען דָאס גְרִיק פַאר דֶער מֶענְשְׁלִיכֶיר חברה. אִין דֶעם יוּדִישֶׁין שבת קָאן זִיךְ טְרֶעפִּין סבות און גִיוֹוינְהַיְטֶען אַזוֹ גוּט, וויא אִין אִיטְלִיכִין אַנְדִירִין טָאג; וֶוען אָבִּיר דִיא תורה שבעל פה וָואלְט דִיא מַאכְט גִיהַאט, אַזוֹ וָואלְטִין דִיא גוים וָואס עֶס הָאט זֵייא אַזוֹ אַיין סבה בֶּעגֶעגִינְט, מוּזִין וַוארְטִין, בִּיז דֶער שבת זָאלל אַרִיבֶּיר גֵיין, און אוֹיף דֶעם אופן דִיא אֵיינְצִיגִי אוּנְטִיר שְׁטִיצוּנְג פֶערְלִירִין, וָואס מַאן קָאן זֵייא בַּייא אַזוֹ אַיין גִילֶעגֶענְהַייט טוּהן. וֶוען אַיין מֶענְשׁ לִיגְט שְׁוֶוער קְרַאנְק מחמת יסורים פוּן זַיין גוּף, אַזוֹ אִיז נוּר פַארְהַאנְדִין צְוֵוייא קְוַואלִין פוּן טְרֵייסְטוּנְג פַאר אִיהם: אֵיינִי אִיז דָאס וָואס גוּטִי מֶענְשִׁין הָאבִּין צֶער דֶער פוּן און ווִילִין פוּן זַיין טובה וֶועגִין אוֹיף אִיהם אַכְטוּנְג גֶעבִּין, דִיא אַנְדִירִי אִיז דָאס וָואס עֶר דֶער מַאנְט זִיךְ אָן דִיא גְנָאד און בַּארִימְהֶערְצִיגְקַייט פוּן גָאטט ב״ה. אָבִּיר דִיא תורה שבעל פה גֶעמְט אַוֶועק פוּן דֶעם גוי וָואס עֶר אִיז אַיין בעל יסורים בֵּיידִים; זִיא פֶערְבִּיטִיט (אסרת) זַיינִי גוּטִי בִּיקַאנְטִי אִיהם צוּ הֶעלְפִין, און דֶער בַּייא זָאגְט זִיא, אַז דֶער דָאזִיגִיר דִין אִיז פוּן גָאטט. אָבִּיר וָואלְטִין דִיא יוּדִין אַלֵיין קֶענֶען אִין דֶעם שבת גְלִיקְלִיךְ זַיין וָואס אִין אִיהם וָואלְט זִיךְ אַזוֹ אַיין סבה גִיטְרָאפִין, אַז זֵייא זָאלְלִין אַיין אָרִימִין גוי, אוּנְטִיר דֶעם גְרוֹז האוּפִין פוּן אֵיין אַיינְגִיפַאלְלִינִים גֶעבַּייא בִּיגְרָאבִּין, פֶערְלָאזִין? וָואלְטִין זֵייא קֶענֶען אִין שוּים פוּן זֵייאֶיר אֵייגֶנִי פַאמִילְיֶע רוּה הָאבִּין אוֹדִיר אִין דִיא שוּלִין פוּן זֵייאֶרִי תפילות הֵיילִיגִי פְרֵייד גִיפִינְדִין, וֶוען זֵייא וָואלְטִין אֵיין בִּישֶׁעפִּינִישׁ פוּן גָאט ב״ה אוֹיךְ אַיין מֶענְשׁ וויא זֵייא אִין זַיין עֶלֶענְד לָאזִין אוּם קוּמִין? אָבִּיר נִיט בְּלוֹס אוֹיף דֶעם אֵיינִים וָואס לַיידִיט און דִיא ווֵיינִיגִי מֶענְשִׁין וָואס זֶעהִין דָאס צוּ, וֶועט דִיא תורה שבעל פה אִיהרִי פְּעוּלוֹת אַרוּים ווַייזִין, בַּייאִירְט זִיא וֶועט נָאךְ מַאכִין אַז עֶס זָאלל אוֹיף הֶערִין דִיא בְּרִידִירְלִיכֵי לִיבְּשַׁאפְט אִיבִּירְהוֹיפְּט צְווִישִׁין יוּדִין און גוים, און דָאךְ קֶען דִיא וֶועלְט נִיט פְּרִיהִיר גְלִיקְלִיךְ זַיין, נוּר בִּיז אַלְלִי מֶענְשִׁין ווֶעלִין זִיךְ אוּים לֶערְנִין אַיין צוּ זֶעהִין, אַז דִיא בַּארִימְהֶערְצִיגְקַייט אִיז אֵיין אמתי גוּטְס. און וֶוען דָאס אִיז אמת, אַז דִיא אמונה לֶערְנוּנְג וָואס פוּן גָאטט אִיז גִיגֶעבִּין גִיוָוארִין, וואוּ זִיא וֶוערְד נוּר אִין לֶעבִּין באמת גִיפָאלְגְט מַאכְט עֶס דִיא מֶענְשִׁין גְלִיקְלִיךְ אַזוֹ קָאן דִיא לֶערְנוּנְג פוּן דֶער תורה שבעל פה קֵיין אמתי נִיט זַיין, ווַייל וֶוען מַאן זָאל זִיא פָאלְגִין, וָואלְט זִיא אַלְלִי מֶענְשִׁין עֶלֶענְד און אוּם גְלִיקְלִיךְ גִימַאכְט.

---

# נתיבות עולם

עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז

דיא אלטי שטעגין.

---

## נומר כ״ח

---

איטליכיר, דער וואס גלויבט אין דיא כתבי הקודש, דער בליקט אהין מיט שטארקיר האפנונג, אויף דער בעשטיממטיר צייט, אז דיא ישראל זאללין פאר זאמילט ווערין פון אללי פיר עקין פון דער ערד, און ווידיר ביזעצט ווערין אין דעם לאנד פון זייארי עלטערין און זאללין זיין אין דער ליבשאפט פון זייאיר גאטט. דיא טעג פון זייאיר טרויאיר ווערין דענסמאלט איין סוף האבין, און זייאיר פאסטין וואס עס ווערד איצונד גיהאלטין, וועגין דיא אום גליקין וואס עס האט דאס פאלק גיטראפין, וועט פארקעהרט ווערין לששון ולשמחה, וויא עס שטייט:

כה אמר יהוה צבאות צום הרביעי וצום החמישי וצום השביעי וצום העשירי יהיה לבית יהודה לששון ולשמחה ולמועדים טובים והאמת והשלום אהבו:

„אזו זאגט יהוה צבאות, דאס פאסטין פון דעם פירטין, פינפטין, זיבינטין, און צעהינטין חודש זאללין ווערין צו דעם הויז יהודה לששון ולשמחה און צו פרייהליכי פייארטעג. נור איהר זאלט ליב האבין ווארהייט און שלום!״ (זכריה ח׳, י״ט) דער נביא זאגט אונז ווייטיר, צו יענער צייט וועט ירושלים דיא הויפט שטאט פון דער וועלט זיין, וואס אין איהר וועלין זיך בישיצין אללי פעלקיר פון דער ערד, פון וועגין „צו זוכין דעם יהוה צבאות און צו בעטין פאר יהוה.״ מיר קריכטין גלויבין דאס גאר אין גאנצין אזו שטארק וויא דיא יודין, און מיר האבין איין פארלאנג אז עס זאלל מיט גליק מקוים ווערין דיא דאזיגי הבטחה. מאן קאן עס גאר ניט אויס ריידין וויא עס וועט אונז פרייהין צו זעהין דיא יודין אין יעני

גדלות

גדלות פון גליק זעליגקייט און כבוד, וואס גאטט ב"ה האט זייא דער צו באלד פון אנהייב אן בעשטימט, ווען ער האט זייאיר פאטיר אברהם אוים דערוויילט אז ער זאלל, זיין פריינד זיין. מיר ווינשין טאקיש אז עס זאלל שוין קומין דיא דאזיגי גליקליכי בישטימטי צייט פון דיא יודין וועגין זעלבירט; אביר עס וועט גיווים קיין יוד ניט פאר היביל האבין, אז מיר זאגין, אז מיר ווינשין עס פון אונזירט וועגין זעלבירט און פון אללי מענשין וועגין. מיר וואלטין גערין זעהין וויא דיא ווארהייט פון גאטט ב"ה זאלל בגדלות זיין, און זינד, און עלענד, זאלל פארוואגילט ווערין, און דיא ברידדירליכי ליבשאפט זאלל פאר בריייטירט ווערין; אביר מיר זעהין אז דיא דאזיגי אללי זאכין הייגין אן דעם אז ישראל זאלל ווידיר זיין על מכונו, און אן דעם אז דיא קיניגרייך פון גאטט ב"ה זאלל גיגרונדפעסטיגט ווערין, און דרום זענין מיר מיט דעם גאנצין הארצין מסכים, צו דעם וואס דאס יודישי פאלק ווינשט זיך דאס צו זעהין, און מיר זאגין אמן" צו איטליכים מאהל פון דאס גיבעט, אז גאטט ב"ה „זאלל זיך דערמאנין זיין בונד מיט אברהם, יצחק און יעקב, און ער זאלל זיך דערמאנין דאס לאנד," אביר וויא גישריגין דאס דאזיגי גיבעט, און דאס ווינשין, און וואס פריהיר וועט נאך גישעהין דערמאנט אונז דעראן, אז יעניר גליקליכיר טאג איז נאך אזו איינר וואס ער וועט נאך ערשט קומין, ישראל איז נאך צו שפרייט צווישין דיא פעלקיר, און, אנשטאט טעג פון ששון און שמחה צו האבין, שטייהט עס איצונד *) אקייגין, איין טאג פון טרויהיר צו האלטין, צום זכרון וואס זייאיר שטאט און זייאיר בית המקדש איז חרוב גיווארין. דער נייינטיר טאג אין אב (תשעה באב) איז נאך אלץ איין טאג פון פאסטין, און דער רמב"ם ציילט אויף דיא מעשיות וואס עס האט זיך גיטראפין אין דעם טאג, וויא ווייטיר וועט שטיין אז מחמת דעם איז עס איין טאג פון טרויהירקייט:

וט"ב ה' דברים אירעו בו. נגזר על ישראל במדבר שלא יכנסו לארץ. וחרב הבית בראשונה ובשנייה. ונלכדה עיר גדולה וביתר שמה והיו בה אלפים ורבבות מישראל והיה להם מלך גדול ודמו כל ישראל וגדולי החכמים שהוא מלך המשיח ונפל ביד הגוים ונהרגו

---

*) דעס דאזיגין נומר האט דער מחבר גישריבין פאר תשעה באב שנת תקנ"ו.

ונהרגו כולם והיתה צרה גדולה כמו חרבן בית המקדש . ובו ביום המוכן לפורענות חרש טורנוסרופוס הרשע את ההיכל לקיים מה שנאמר ציון שדה תחרש :

„אִין דֶעם נַיינְטְין טָאג אִין אב , הָאבְּין זִיךְ פִינְף זַאכִין גִיטְרָאפִין : עֶס אִיז אִין דֶעם טָאג נגזר גִיוָוארִין אוֹיף דִיא ישראל אִין דֶער מדבר , אַז זַייא זָאללִין נִיט אַרַיין קוּמְמִין קֵיין ארץ ישראל ; אוּן עֶס אִיז אַזוֹ גוּט דֶער עֶרְשְׁטִיר בית המקדש וִויא אוֹיךְ דֶער אַנְדִירִיר אִין דֶעם זֶעלְבִּיגִין טָאג הרוב גִיוָוארִין , אוּן עֶס אִיז אִין אִיהם בִּיצְווּאוּנְגִין גִיוָוארִין , אַיין גְרוֹיסִי שְׁטָאט וָואס אִיהר נָאמֶען אִיז גִיוֶועזִין ביתר . אִין דֶער דָאזִיגִיר שְׁטָאט זֶענִין גִיוֶועזִין אלפים ורבבות פוּן ישראל , אוּן זַייא הָאבִּין גִיהַאט אַיין גְרוֹיסִין מלךְ , וָואס דָאס גַאנְצִי פָאלְק ישראל אוּן דִיא גְרֶעסְטִי חכמים הָאבִּין גִימֵיינְט אַז עֶר אִיז דֶער מלךְ המשיח . אָבִּיר עֶר אִיז אַרַיין גִיפַאלִין אִין דִיא הֶענְד פוּן דִיא גוים ; אוּן אַללִי זֶענִין גִיהַארְגִיט גִיוָוארִין אוּן עֶס אִיז אַיין גְרוֹיסִי צרה גִיוֶועזִין , אַזוֹ וִויא בַּייא חורבן בית המקדש . אוּן אִין דֶעם זֶעלְבִּיגִין טָאג , וָואס עֶר אִיז שוֹין מוכן לפורעניות , הָאט טורנוס רופוס דֶער רשע צוּ אַקִירְט דֶעם האויף פוּן בית המקדש אוּן דִיא עֶרְטִיר אַרוּם , כדי עֶס זָאלל מקוים וֶוערִין וָואס עֶס אִיז גִיזָאגְט גִיוָוארִין : „צִיוֹן וֶועט וִויא אַיין פֶעלְד צוּ אַקִירְט וֶוערִין“ (מיכה ג׳ , י״ב) . (הלכות תעניות , פרק ה׳ .) נוּר בְּלוֹס מחמת דִיא אוֹיף צֵיילוּנְג פוּן דִיא דָאזִיגִי שְׁרֶעקְלִיכִי שְׁטְרָאף פוּן דֶעם אַלְמֶעכְטִיגִין גָאטט , בִּיהַארְף מַאן דָא פִיל אוּן וִויכְטִיגִי פוּנְקְטִין בִּיטְרַאכְטִין . אָבִּיר דֶער וִויכְטִיגְסְטִיר פוּנְקְט פוּן אַללִי אִיז , פַאר וָואס דֶער אַנְדִירִיר בית המקדש אִיז חרוב גִיוָוארִין , אוּן פַאר וָואס דֶער גלות פוּן ישראל דוֹיאִירְט אִיצוּנְד אַזוֹ לַאנְג . צוּ טְרוֹיהִירִין אוֹיף אַיין צרה וָואס אִיז אַמָאהל גִישֶׁעהִין , אוּן מַאן זָאלל זִיךְ מכניע פוּן וֶועגִין זִינְד וָואס מַאן הָאט גִיטְהוּן , אִיז טַאקִיש אַיין הֵייל אוּן מַאן דַארְף עֶס לוֹיבִּין ; אָבִּיר אַז מִיר לֶערְנִין זִיךְ דוּרְךְ דֶעם נִישְׁט אוֹיס , וִויא מִיר זָאללִין יעני צרה אָב הֶעלְפִין , אוּן דִיא דָאזִיגִי זִינְד פַאר וֶוייגִיגִירִין אַזוֹ קָאן אוּנְזִיר צער נוּר בְּרֵיינְגִין אַז מִיר זָאללִין בַּייא זִיךְ וֶוערִין גָאר לאחר יאוש . דְרוּם אִיטְלִיכִיר יוּד וָואס עֶר וֵויינְט , אוֹיף חורבן בית המקדש וָואס עֶר אִיז גִיוֶועזִין פוּל מִיט כבוד , וָואס אִין אִיהם הָאבִּין זַיינִי אבות מתפלל גִיוֶועזִין , זָאלל עֶר אוֹיךְ פְרִיהִיר נָאךְ

פארשין

פארשין דעם טעם פאר וואס עס איז חרוב געווארין, און וויא אזו מאן וואלט קענין פון דעם גרויסין אום גליק געהאלפין ווערין, פאר וואס איז דאס געשעהין, אז דער גאטט פון גינאד האט חרוב גימאכט זיין איינגינים הויז, דעם איינציגין בית המקדש אין דער וועלט, וואס ער האט גילאזט אויף זיין אוים דריקליכין ביפעהל אויף בויהין: דיא סיבה פאר וואס דער ערשטיר בית המקדש איז חרוב גיווארין, איז ווייל דאס פאלק האט עבודה זרה גידינט, אזו וויא מיר לייהינין דא:

גם כל שרי הכהנים והעם הרבו למעול מעל ככל תועבות הגוים ויטמאו את בית יהוה אשר הקדיש בירושלים: וישלח יהוה אלהי אבותיהם עליהם ביד מלאכיו השכם ושלוח כי חמל על עמו ועל מעונו: ויהיו מלעיבים במלאכי האלהים ובוזים דבריו ומתעתעים בנביאיו עד עלות חמת יהוה בעמו וגו':

„אויך אללי אויבירשטי פון דיא כהנים, און דאס פאלק, האבין גימעהרט צו פעלשין איין פעלשונג אזו וויא אללי אום ווירדיגקייט פון דיא גוים, און זייא האבין פאר אום ריינינט דאס הויז פון יהוה, וואס ער האט גיהייליגט אין ירושלים. און דער יהוה, דער גאטט פון זייארי עלטערין האט צו זייא גישיקט דורך זייני גישיקטי, גאנץ ביצייטין; ווארום ער האט זיך דער בארימט איביר זיין פאלק און איביר זיין וואוינונג. אביר זייא האבין גישפאטיט פון דיא גישיקטי פון אלהים, און האבין פארארכטיט זייני ווערטיר, און האבין פלאזיר גימאכט פון זייני נביאים, ביז דער גרים צארין פון יהוה איז אויף גיגאנגין אויף זיין פאלק, ביז קיין רפואה איז שוין ניט מעהר גיוועזין. און ער האט אויף זייא ארויף גיבראכט דעם מלך פון דיא כשדיים, און האט גילאזט טויט שלאגין זייארי יונגי לייט מיט דעם שווערד אין זייאיר בית המקדש, און האט זיך ניט דער בארימט ניט אויף קיין בחור און בתולה. ניט אויף קיין אלטין און אויך ניט אויף קיין גרייז גראויהין מאן; ער האט זייא אללי אוועק גיגעבין אין זייני הענד. — און זייא האבין פאר ברענט דאס האויז פון אלהים און זייא האבין צו שטויסין דיא מאוהירין פון ירושלים, און אללי איהרי פאלאצין האבין זייא אין פייאיר פאר ברענט, און אללי איהרי

גלוסטיגי זאכין זענין פאר דארבין גיוואָרין.״ (דברי הימים ב׳, קאפיטל ל״ו, פסוק י״ד–יט) מילא דא ווערד אָן גיגעבין אז דיא סיבה פאר וואס דער ערשטיר חורבן איז גישעהין, איז ווייל זייא האבין בקשי ערף אָבגעטריבייא גידינט. דיא ישראל האבין זיך אויס גילערינט און האבין גיטהון דיא אום ווירדיגקייט פון דיא עבודה זרה דינירס, און האבין מטמא גיוועזין דעם בית המקדש: דעריבער האט איהם גאטט ב״ה חרוב גימאכט, און האט זייא אין גלות אוועק גישיקט. גיוויס איז נאך צווישין דעם פאלק ישראל גיוועזין פיל אנדירי גרויסי זינד, אבער מאן דער מאנט זייא ניט, כדי גלייך וויא דער מיט צו ווייזין, אז דורך קיני אנדירי זאכין וואס זייא האבין גאאט פאר לאזין במזיד און בקשי ערף וואלט איהם דער צו ניט גיבראכט אז ער זאלל זייא אזו שטארק שטראפין. אזו לאנג וויא זייא האבין נאך גיהיט זייארי גיטריייקייט צו גאטט וואלט נאך גיוועזין איין מיגליכקייט און איין האפינונג, אז זייא וועלין נאך חרטה האבין אויף זייארי אנדירי זינד; אבער אז מענשין קערין זיך אב מיט איין קשי ערף פון גאטט ב״ה און ווילין זייני התראות ניט הערין, דענסטמאלט איז איטליכי האפינונג פון חרטה און תשובה פאר שוואונדין, און דענסטמאלט קאן שוין ניט מעהר העלפין, נור עס מוז דער גירעכטיר משפט אויף זייא ארויף גילאזין ווערין.
איז אבער דאס דאזיגי ביים דעם אנדירין בית המקדש אויך אזו גיוועזין? האבין דיא יודין דענסטמאלט אויך בקשי ערף עבודה זרה גידינט? האבין זייא גיהאט געצין בילדיר אונטיר זיך, האבין זייא ביפלעקט דעם אנדירין בית המקדש מיט אזעלכי עבודה זרה דינירשי אום ווירדיגקייט? ניין, איידיר זייא זאללין זיך פאר איין געצין בילד בוקין, האבין זייא ליבירשט גילימין דאס שרעקליכסטי מאטירניש און האבין אלליין זייאיר לעבין פאר איין קרבן גיגעבין פאר דעם אמת, אזו אז, ווען דער אנדירער בית המקדש איז חרוב גיוואָרין. איז קיין גידעכטניש פון אבגעטריבייא צווישין דיא ישראל ניט צו גיפינין גיוועזין. אין דער גאנציר צייט פון זייאיר גישיכטי, פון יציאת מצרים אן, ביז אויף דעם דאזיגין טאג, האט מאן קיין מאהל ניט גיזעהין אז זייא זאללין אזו מיט דעם גאנצין ערינסט אכטונג געבין דיא אותיות פון דער תורה, און קיין מאהל איז צווישין זייא ניט גיוועזין אזו פיל גילערינטי מענשין, וואס

זאלין

זָאללִין אַזוֹ עוֹסֵק בתורה זַיין, וִויא גְרָאד דֶענְסְמָאלְט. מֵילָא וָואס הָאט גִיקֶענְט דִיא סיבה זַיין פוּן דֶעם אַנְדִירִין חורבן? עבודה זרה אִיז עֶס נִיט גִיוֶועזִין, אָבִּיר עֶס הָאט גִימוּזְט זַיין, עֶפִּיס וָואס אִיז גְלַייךְ דֶער צוּ, וָואס פַאר דֶעם פּנים פוּן גָאטט ב״ה אִיז עֶס אוֹיךְ אַזוֹ מִיאוּס גִיוֶועזִין, עֶס הָאט גִימוּזְט זַיין אַיין חטא, וָואס דִיא כהנים אוּן דָאס פָאלְק הָאבִּין עֶס צוּ גְלַייךְ גִיטְהוּן. וָוארוּם מַאן בִּימֶערְקְט, אַז אִין דֶער בִּישְׁרַייבּוּנְג פוּן דֶעם עֶרְשְׁטִין חורבן וָואס אִיז אוֹיבִּין גִידַאכְט, וֶוערְד גִיזָאגְט: „אַללִי אוֹיבִּירְשְׁטִי פוּן דִיא כהנים, אוּן דָאס פָאלְק, הָאבִּין גִימֶעהְרְט צוּ פַאלְשִׁין אֵיין פֶעלְשׁוּנְג.״ וֶוען נוּר דִיא כהנים וָואלְטִין אִיהְרִין גָאטט גִיטְרַייא גִיבְּלִיבִּין, אַזוֹ וָואלְט עֶר דֶעם בית המקדש נִיט חרוב גִימַאכְט, וַוייל מַאן וָואלְט קֶענִין הָאפִין, אַז זֵייא וֶועלִין דוּרְךְ מוסר אוּן דוּרְךְ בִּילֶערְנוּנְג דָאס פָאלְק בְּרֵיינְגִין צוּ בֶּעסִירִי גִידַאנְקִין. אוֹדִיר, פַארֶקֶעהְרְט וֶוען דָאס פָאלְק וָואלְט גִיטְרַייא גִיבְּלִיבִּין, אַזוֹ וָואלְט גָאטט ב״ה דֶער מִיט נִיט גִישְׁטְרָאפְט, פַאר דִיא זִינְד פוּן דִיא כהנים, גִישְׁוִוינְדִיר וָואלְט עֶר דִיא שְׁלֶעכְטִי כהנים אוֹיס גִישְׁטוֹיסִין אוּן וָואלְט אַנְדִירִי נָאךְ זַיין אֵייגִינִים ווּאוִיל גִיפַאללִין אַיין גִיזֶעצְט. נִיט אַנְדִירְשׁ נוּר דִיא שְׁלֶעכְטִיגְקַייט וָואס דִיא כהנים אוּן דָאס פָאלְק הָאבִּין דֶערִינִין אַיין גִישְׁטִימְמְט הָאט גִיקֶענְט אַזוֹ אַיין גְרוֹיס אוּם גְלִיק אַרוֹיס בְּרֵיינְגִין. אוֹיף אַזוֹ אַיין אוֹפָן, דְרִינְגִין מִיר זִיךְ, מוּז אוֹיךְ זַיין דִיא סיבה פוּן דֶעם חורבן בית שני נִיט אַז אֵיין טְהֵייל זֶענִין לוֹיז פוּן גָאטט גִיוֶועזִין, נַייאִירְט עֶס הָאט גִימוּזְט זַיין אֵיין זִינְד, וָואס דִיא כהנים אוּן דָאס פָאלְק הָאבִּין דֶערִינִין אַיין חלק גִיהַאט. נָאךְ וַוייטִיר, עֶס הָאט גִימוּזְט זַיין אֵיין זִינְד וָואס פוּן דֶער דָאזִיגִיר וֶועגִין זֶענִין זֵייא גִיוָוארִינְט גִיוָוארִין דוּרְךְ אֵיין גִישִׁיקְטִין פוּן גָאטט ב״ה. אַזוֹ וִויא אַז דִיא כהנים אוּן דָאס פָאלְק זֶענִין גִיוָוארִין עבודה זרה דִינְרִים, הָאט גָאטט אַזוֹ בַּאלְד דֶעם עֶרְשְׁטִין בית המקדש נִיט חרוב גִימַאכְט, נוּר עֶר הָאט פְרִיהִיר גִיפְּרוּבְט תאמר וֶועלִין זֵייא הֶערִין אוֹיף זַיינִי התראות אוּן וֶועלִין אפשר תשובה טְהוּן, אוּן דַארִיבִּיר „הָאט עֶר גִישִׁיקְט דוּרְךְ זַיינִי נביאים צוּ זֵייא בִּיצַייטִין; וָוארִין עֶר הָאט גִישׁוֹינְט זַיין פָאלְק אוּן זַיין וואוֹינוּנְג.״ נוּן באמת, אַז מִיר זֶעהִין אַז גָאטט ב״ה הָאט נוּר גִיוָואלְט אַזוֹ אַיין קְלֵיינִים אוּם גְלִיק בְּרֵיינְגִין וִויא זִיבִּינְצִיג יָאהר אִין גלות צוּ זַיין אִיז הָאט עֶר זֵייא אַזוֹ

גישוינט, אַזוֹ קענין מיר גאַנץ זיכיר דרינגין, אַז ער וועט דיא זעלביגי ניט אין איין פיל שרעקליכירי שטראָף, אין איין פאַר ווישטונג פון אַכטצעהין הונדירט יאָהר, אַביין בריינגין, אַז ער זאָלל זייא ניט פריהיר אויך אַזוֹ שוינין פון דיא שטראָף וואָס עס וועט אויף זייא קומין. פאַר דעם ערשטין חורבן האָט ער גישיקט שלוחים און נביאים, כדי זייא צוּ וואָרנין; מן הסתם האָט ער פאַר דעם אַנדירין חורבן אויך דאָס זעלביגי גימוּזט טהון. אָביר וועער זענין גיוועזין דיא שלוחים און נביאים, וואָס זייא זאָלין האָבין דיא יודין דער מאָנט און גיוואָרינט? דיא יודין ביהויפּטין, אַז אין דער צייט פון דעם אַנדירין בית המקדש איז קיין נבואה ניט מעהר גיוועזין; אָביר איז עס דען מיגליך צוּ מיינין, אַז דער גאָטט פון ישראל זאָלל זיין הארץ פון רחמנות פערשליסין, און וועט ניט פערשוינין ניט זיין פאָלק און ניט זיין וואוּנוּנג, כדי דיא דאָזיגי ביידי, אָהן איין וואָרט פון וואָרנוּנג, צוּ בישטראָפין מיט אַזוֹ איין שרעקליכי שטראָף וואָס עס איז נאָך קיין מאָהל אויף קיין אומה ניט גיקומין? אַז ער האָט גיוואָלט נינוה חרוב מאַכין, האָט ער גישיקט יונה זאָלל דיא איינוואוינער צוּ תשובה דערמאָנין, און וויא עס האָט גיזאָלט דאָס משפּט פון שטראָף איביר בבל קומין, זענין ווערטיר פון וואָרנוּנג אויף איין וואוּנדירליכין אופן אויף דער וואַנד גישריבין גיוואָרין. קענין מיר נון אָן נעהמין, אַז גאָטט ב״ה זאָלל ניט האָבין אַזוֹ פיל דערבאַרימוּנג פאַר ירושלים און דיא יודין, וויא פאַר בבל און נינוה? דאָס שטימעט גאָר עפּיס ניט, מיט דיא מדות און אויף פיהרוּנג פון גאָטט ב״ה. עס האָבין געוויס גימוּזט דאָרטין נביאים זיין, וואָס האָבין אָן גיזאָגט אַז עס וועט דאָס משפּט פון שטראָף קומין, און האָבין דאָס פאָלק אויף זייארי זינד מתרה גיוועזין. מילא וועער זענין זייא גיוועזין? און וועלכי זינד זענין דאָס גיוועזין וואָס עס זאָלל גלייך זיין צוּ אָבגעטירייא, וואָס דיא כהנים און דאָס פאָלק האָבין עס גיטהון און האָבין אויף אַללי וואָרנוּנגין ניט גיפרעגט, און זענין דערינין מיט קשי ערף גיבליבין און זייארי קינדיר מוּזין נאָך דערינין זיין. אָבגעטירייא איז איין אָבקעהרוּנג פון דעם אמתין גאָטט און איין אויף שטעלוּנג פון איין פאַלשין דת מיט כבוד פון אמונה, נון איז עס דערוויזין, אַז דיא יודין האָבין זיך קייני געצין בילדיר

ניט גימאַכט; אָבּער האָבּען זייא אויך קיין פאַלשין דת אמונה ניט אויף גישטעלט, וואָס זיא איז אַקעגין דער אמונה פון משה און דיא נביאים? דיא תורה שבעל פה און דיא יודישי סדרי התפילות מעגין ענטווירין אויף דער דאָזיגיר שאלה. מיר האָבּען שוין אַבּיסיל גיוויזין, אַז דיא תורה שבעל פה, וואָס זיא איז אומידום אָנגינומין, דורך זייאירי סדרי התפילות, זענין פונקט סותר דעם גישריבּינין וואָרט פון גאָטט. עס לערינט דיא יודין אַז זייא זאָללין האָבּין איין בטחון אויף סגולות פון קמיעות, און לחשים פון כשוף און צובּירייא ספּאַסאָבּים, וואָס דאָס אַלין איז דאָך ניט מעהר וויא בּלויזי עבודה זרה דינסט: און ווידיר שרייבּט עס דיא יודין פאַר, גרייליכי אום בּאַריכמהערציגי אויף פּיהרונגין, בּריינגט זייא צו פאַלשי מיינונגין פון דעם מהות פון הקב"ה, און פאַר זאָגט זייא בפירוש, זייאירי בּרידיר דיא גוים ניט אַזוֹ ליבּ צו האָבּין וויא זיך אַלליין. דיא אופּשטעלונג פון דעם דאָזיגין דת איז גיוועזין דיא גרויסי זינד, וואָס אין איהר האָבּין גיזינדיגט דיא כהנים און דאָס פאָלק, און וואָס איהרי קינדיר בּלייבּין אין איהר נאָך. און מאַן האָט זייא פאַר דער דאָזיגיר זינד גיוואָרינט. גאָטט ב"ה האָט צו זייא גישיקט זייאיר גרויסי שלוחים, ער האָט צו זייא גישיקט ישוע הנוצרי, דעם נביא וויא משה און דער משיח. דיא גרויסי קראַפט פון זייני רייד איז אַנגיריכטיט גיוועזין אַקעגין דעם דאָזיגין פאַלשין דת, אַקעגין דער תורה שבעל פה; אָבּער זייא האָבּין זייני ווערטיר ניט גיוואָלט הערין. כהנים און פאָלק האָבּין זיך בּינאַנד פאַר שוואוירין איהם צו פאַרוואַרפין און איהם אָן קרייץ אָן צו שלאָגין. מילא דאָס דאָזיגי איז אַרויס גיקומין פון דעם פאַלשין דת, וואָס זייא האָבּין אָן גינומין; דיא תורה שבעל פה איז גיוועזין דער שטאַם (שורש) און דיא פאַרוואַרפונג דעם משיח דיא פרוכט (פירות). אָבּיר נאָך האָט דער האַרר גאָאט רחמנות גיהאַט מיט זיין פאָלק און מיט זיין האויז, ער האָט זייא נאָך פירציג יאָהר גישוינט, און אין דער צייט וואָס צווישין איז גיוועזין האָט ער גישיקט זייני אַפּאָסטלין (שלוחים) כדי זייא צו וואָרנין און זייא זייאירי אום גירעכטיגקייט צו בּיווייזין; „אָבּיר זייא האָבּין זייני ווערטיר פאַר האַכטיט און האָבּין שלעכט בּיהאַנדילט זייני נביאים, בּיז דער גרים צאָרין פון יהוה איז אויף גיגאַנגין אויף זיין פאָלק, בּיז קיין רפואה

איז

אִיז שׁוֹין נִיט מֶעהר גִיוֶועזִין," אוּן עֶר הָאט זֵייא אַוֶועק גִיגֶעבִּין אִין דִיא הֶענְד פוּן דִיא רוּמִים. וַוייל זֵייא הָאבִּין פַארְוָוארְפִין ישוע אוּן זַיינִי תלמידים אִיז דֶער בית המקדש אוּן דִיא שְׁטָאט חרוב גִיוָוארִין. מַאן הָאט דִיא יוּדִין גִילֶערְנְט, אַז זֵייא זָאלְלִין ישוע אוּן זַיינִי תלמידים הַאלְטִין פַאר בִּיטְרִיגֶער: אָבִּיר לָאזִין זֵייא דִיא זַאךְ רֶעכְנְט אוֹיף דֶעם משקל גֶעהמִין, אַז, וֶוען זֵייא וָואלְטִין בִּיטְרִיגֶער גִיוֶועזִין גָאטט זֶעלְבִּיר הָאט דֶעם אמת וָואס זֵייא הָאבִּין בִּיהוֹיפְּטִיט דוּרךְ דִיא מעשים פוּן זַיין השגחה בִּיפֶעסְטִיגְט. אַז עֶס וָואלְט דֶער הַאלְטִין גִיוָוארִין דָאס בית המקדש אוּן דִיא שְׁטָאט בִּיז דֶעם הַיינְטִיגִין טָאג, וָואלְט עֶס גִיוֶועזִין אֵיין בִּיוַוייז וָואס מַאן קָאן עֶס פוּן אָרְט נִיט רִירִין, אַז זֵייא זֶענִין בִּיטְרִיגֶער גִיוֶועזִין. וֶוען עֶס וָואלְט נִיט גִיקוּמִין קֵיין משפט פוּן שְׁטְרָאף דֶער פַאר וָואס מַאן הָאט דֶעם משיח אָן קְרַייץ אָן גִישְׁלָאגִין, אַזוֹ וָואלְט עֶס פַאר אַללִי מֶענְשִׁין אַיין בִּיוַוייז גִיוֶועזִין, אַז עֶר אִיז נִיט גִיוֶועזִין דֶער, פַאר וֶועלְכִין עֶר הָאט זִיךְ אוֹיס גִיגֶעבִּין. אִיז עֶר אָבִּיר דֶער משיח יָא גִיוֶועזִין, אַזוֹ הָאט גִימוּזְט זַיין דִיא שְׁטְרָאף פוּן מדה כנגד מדה פַאר דִיא דָאזִיגִי וָואס הָאבִּין אִיהם גִיקְרַייצִיגְט דָאס שְׁטַארְקְסְטִי צֵייגְנִיש וָואס עֶס אִיז נוּר מֶיגְלִיךְ וָואס גָאטט הָאט נוּר גִיקֶענְט גֶעבִּין, אוּן דָאס הָאט גָאטט טַאקִיש באמת גִיגֶעבִּין. זֵייא הָאבִּין ישוע גִיקְרַייצִיגְט, אוּן גָאטט ב"ה הָאט דֶעם בית המקדש חרוב גִימַאכְט אוּן צוּ שְׁפְּרֵייט דָאס פָאלְק. אָהן דֶעם וָואלְט דִיא קְרִיסְטְלִיכִי אמונה קֵיין מָאהל נִיט גִיקָאנְט דִיא אוֹיבִּיר הַאנְד דֶערְלַאנְגִין מִיט וֶועלְכִין זִיא פְרֵייהֵייט זִיךְ באמת. וֶוען דֶער בית המקדש וָואלְט נָאךְ גִישְׁטַאנִין אוּן דִיא יוּדִין וָואלְטִין נָאךְ אִין זֵייאֶיר לַאנְד גִיוֶועזִין, אַזוֹ וָואלְטִין זֵייא גִיקָאנְט אוֹיף יֶענִים אַהִין וַוייזִין אוּן זָאגִין: "זֶעהט אַהֶער אוֹיף דֶעם דָאזִיגִין בית המקדש, דָאס אָנְדֵיינְקִין פוּן דֶער לִיבְּשַׁאפְט פוּן גָאטט אוּן אַז עֶר אִיז מִיט אוּנְז, עֶר שְׁטֵייט נָאךְ בַּייא אוּנְז דָא, אוּן וַוייזְט, אַז ישוע אִיז נִיט דֶער משיח גִיוֶועזִין; וָוארוּם וֶוען עֶר וָואלְט דֶער משיח גִיוֶועזִין, אַזוֹ וָואלְט עֶר אוּנְס דֶעם דָאזִיגִין קְלָארִין צֵייכִין פוּן זַיין חסד נִיט גִילָאזְט בְּלַייבִּין!" אָבִּיר דֶעם דָאזִיגִין בִּיוַוייז פוּן זֵייאֶיר גִירֶעכְט זַיין הָאט גָאטט פוּן זֵייא אַוֶועק גִינוּמִין, אוּן נָאךְ אפילו אֵיידִיר עֶס אִיז פַאר בַּייא גִיגַאנְגִין פִירְצִיג יָאהר. נוּן מֶעג זִיךְ אִיטְלִיכִיר נָאךְ דֵיינְקִינְדִיר יוּד דָאס דָאזִיגִי אוֹיף דֶעם משקל גֶעהמִין: וָואלְט ישוע

נִיט דָאס גִיוָועזִין, וָואס עֶר הָאט בִּיהוֹיפְּטִיט אַז עֶר אִיז עֶס, אַזוֹ וָואלְט דָאס וָואס מַאן הָאט אִיהם גִיקְרַייצִיגְט דִיא גְרֶעסְטִי מצוה גִיוָועזִין, וָואס דִיא הָאבִּין נָאךְ אַזוֹ וָואס קֵיין מָאהל נִיט אוּיס גִיפִיהְרְט; זֵייא וָואלְטִין דֶער מִיט אַלְץ גִיטְהוּן, וָואס זֵייא וָואלְטִין נוּר גִיקֶענְט טְהוּן, כדי אַיין צוּ הַאלְטִין אַז אַיין פַאלְשִׁי אמונה זָאלל נִיט גְרֶעסִיר וֶוערִין, וָואס זֵיא מֵיינְט זִיךְ אִיבִּיר דֶער וֶועלְט צוּ פָארְבְּרֵייטִירִין אוּן דֶעם אמת אַרוּנְטִיר צוּ דְרִיקִין, קֶענִין זֵייא בַּייא דֶעם אוֹפֶן גְלוֹיבִּין, אַז גָאטט זָאלל זֵייא הָאבִּין גִישְׁטְרָאפְט, וַוייל זֵייא הָאבִּין גִיטְהוּן, וָואס רֶעכְט אִיז גִיוָועזִין, אוּן אַז גָאטט זָאלל הָאבִּין גִיגֶעבִּין דֶעם הֵיילִיגִין קיום פוּן זַיין השגחה, דֶעם, וָואס עֶר הָאט אוּמְרֶעכְט? אַז פינחס דֶער זוֹן פוּן אלעזר הָאט דֶעם מַאן פוּן ישראל אוּן דִיא מדינית מִיט זַיין שְׁפִּיז גִיטֵייטִיט, הָאט אוֹיךְ גִיהֶערְט דִיא מגפה פוּן דִיא ישראל. קֶענִין מִיר נוּן גְלוֹיבִּין, אַז דִיא כהנים, וָואס הָאבִּין ישוע דַן גִיוָועזִין, וָואלְטִין גִיהַאט קְלֶענִירִין לוֹהן בִּיקוּמְמִין, וֶוען זַיין מהות וָואלְט פַאלְשׁ גִיוָועזִין? וֶוען דָאס קְרִיסְטִינְטְהוּם אִיז נִיט דֶער אמת, הָאט דָאךְ עֶפִּים גָאטט ב״ה זִיךְ דֶערְנָאכְמָאלְט זֶעלְבִּיר אַרַיין גִימִישְׁט, דֶעם אמת צוּ אוּנְטִיר דְרִיקִין אוּן דִיא פַאלְשַׁקֵייט צוּ דֶער הֵייבִין; אִיז אָבִּיר דָאס קְרִיסְטִינְטְהוּם אמת, אַזוֹ הָאט גָאטט דֶערְנָאכְמָאלְט צוּ דֶעם קיום פוּן דֶעם דָאזִיגִין אמת נִיט מֶעהר גִיקֶענְט טְהוּן, וִויא עֶר הָאט דֶער דוּרְךְ גִיטְהוּן וָואס עֶר הָאט דֶעם בית המקדש חרוב גִימַאכְט. עֶס אִיז נוּר גִיוָועזִין אַיין בִּיוַוייז אַקֵייגִין דָאס קְרִיסְטִינְטְהוּם וָואס מַאן וָואלְט אִיהם נִיט גִיקֶענְט אָבְּוֶוענְדִין, אוּן דָאס דָאזִיגִי אִיז גִיוָועזִין דֶער בית המקדש: אָבִּיר גָאטט זֶעלְבִּיר הָאט דֶעם דָאזִיגִין בִּיוַוייז אָבְּגִיוֶוענְדִיט, וַוייל עֶר הָאט דֶעם בית המקדש אַוֶועק גִינוּמִין, אוּן דַארִיבִּיר דְרִינְגִין מִיר, אַז, דָאס דָאזִיגִי מוּז בוודאי אמת זַיין, וַוייל גָאטט הָאט אַלְץ גִיטְהוּן וָואס עֶר הָאט גִיקֶענְט טְהוּן, כדי דֶעם אמת פוּן דָאס קְרִיסְטִינְטְהוּם פוּן אָנְפַאנְג אָן צוּ לָאזִין וִויסִין:

דִיא יוּדִין גְלוֹיבִּין, אַז, וֶוען ישוע וָואלְט גִיוָועזִין דֶער משיח, וָואלְטִין דִיא כהנים אוּן חכמים פוּן זַיין צַייט אִיהם גִיוִויס נִיט פַאר וַוארְפִין. אָבִּיר דִיא מעשׂות, וָואס זֵייא דֶער מָאנִין פוּן תשעה באב וַוייזְט וִויא דִיא דָאזִיגִי מֵיינוּנְג הָאט קֵיין הַאפְּט נִיט, זֵייא דֶער מָאנִין דָאס עֶרְשְׁטִי וָואס עֶס הָאט גִיטְרָאפִין אִין דֶעם דָאזִיגִין טָאג פוּן

פורעניות

פורעניות עס איז נגזר געוואָרין פון גאָטט ב"ה אַז דיא ישראל זאָללין אויס שטאַרבין אין דער מדבר, און פאַר וואָס זענין זייא אום גיקומין אין דער מדבר? ווייל זייא האָבין משה ניט געוואָלט גלויבין. "און אַללי קינדער ישראל", הייסט עס "האָבין גימורמעלט קיגין משה און קיגין אהרן און דיא גאַנצין גימיין האָבין גיזאָגט צו זייא, ווער וואָלט אַז מיר ווערין גישטאָרבין אין דעם לאַנד מצרים, אודער אין דיא דאָזיגי וויסטיניא. און זייא האָבין גיזאָגט איינער צו דעם אַנדערין: מיר וועלין מאַכין איין הויפט מאַן און מיר וועלין צוריק קעהרין קען מצרים." (במדבר י"ד, ב'-ד') זייא האָבין דיא מכות פון מצרים גיזעהין, און איבער דעם ים סוף גיגאַנגין, און ביז אויף יענים אויגין בליק אַזוי וואונדערליך מיט שפייז פאַר זאָרגט געוואָרין, אָבער ביי דעם אַללים האָבין זייא ניט גיגלויבט, און אפילו אַללי, דאָס גאַנצי גימיין. וועט וואויל איין איינציגער יוד זאָגין, דער דאָזיגער אום גלויבין ביווייזט, אַז משה איז געוועזין איין פאַלשער נביא? גיווים ניט. פאַר וואָס אָבער ניט? איטליכים ביווייז, וואָס וועט ביצייגין, אַז דער אום גלויבין פון יענים דור איז קיין ראיה ניט, אַקיגין דאָס וואָס משה איז געוועזין, וועט אויך ביצייגין, אַז דער אום גלויבין פון דיא יודין אין דער צייט פון ישוע, איז קיין ביווייז ניט אַקיגין דעם אמת אַז ער איז דער משיח. אַז עס איז מיגליך געוועזין, אַז יעני, נאָך דעם וויא זייא האָבין שוין גיזעהין יעני וואונדער, האָבין זייא דיא רייד פון משה דאָך ניט גיגלויבט, אַזוי איז עס אויך אַזוי מיגליך, אַז דיא דאָזיגי האָבין דעם משיח פאַר וואָרפין.

מאַן מוז אָבער ניט פאַר געסין אַז דאָס זענין נור געוועזין דער אַלטער דור וואָס אויף זייא איז נגזר געוואָרין, אין דער וויסטיניא צו שטאַרבין; דיא קינדער, וואָס זייא האָבין קיין חלק ניט גיהאַט אין דעם אום גלויבין פון זייערי עלטער זענין גיקומין אין דאָס לאַנד. ווען עס וואָלט דיא יודין עפיס אויף אַזוי איין גלייכין ביגעגינט נאָך דעם חורבן בית שני, דאָס הייסט ווען זייא וואָלטין נאָך עטליכי יאָהרין פון זייער גלות אין זייער לאַנד צו ריק גיקומין, האָטשי זייא זענין קיינע קריסטין ניט געוואָרין, דענסטמאָלט וואָלטין זייא קענין דערינגין אַז דאָס וואָס מאַן האָט ישוע פאַר וואָרפין איז ניט דיא זינד געוועזין, פאַר וועלכער זייא האָבין גימוזט אין גלות

אַבּיין גיין; דֶענְסְטָאלְט וָואלְטִין זֵייא גִיקֶענְט זָאגִין: מִיר זֶענִין קֵיינִי קְרִיסְטִין נִיט גִיוָוארִין און גָאטט הָאט אוּנְז דָאךְ ווִידִיר צוּרִיק גִיפִיהְרְט; מֵילָא אִיז עֶס אַיין בְּיַואַייז, אַז דִיא פַאר וַוארְפוּנְג פון ישוע אִיז נִיט גִיוֶועזִין דִיא זַאךְ אַז מחמת דֶעם זָאלל זַיין דֶער בית שני חרוב גִיוָוארִין. אָבִּיר גָאטט הָאט פוּנְקְט להיפך מִיט זֵייא גִימַאכְט; דָאס יוּדִישִׁי פָאלְק פַאסְטִין און זֶענִין זִיךְ מכניע פַאר דֶעם גָאטט פון זֵייאִירִי אבות פון אֵיינִי הוּנְדִירְט יאהר צוּ דִיא אַנְדִירִי, און וֶוערִין דָאךְ נִיט ווִידִיר אִין זֵייאִיר לַאנְד אַיין גִיזֶעצְט; אַיין זִיכִירִיר בְּיַואַייז, אַז זֵייא בְּלַייבִּין נָאךְ אֵייבִּיג אִין דִיא זִינְד פון זֵייאִירִי פֶעטִיר, און נָאךְ אַיין זִיכִירֶערִיר בְּיַואַייז אוֹיף דִיא וַוארְהַייט פון דָאס קְרִיסְטִינְטְהוּם, וָוארוּם גָאטט מַאכְט נָאךְ מִיט זֵייא אַלְץ אַזוֹ וִויא עֶר הָאט גִימַאכְט, וָואס עֶר הָאט דוּרְךְ דֶעם גְרוּנְדְלִיךְ גִיוויזִין אַז דָאס קְרִיסְטִינְטְהוּם אִיז אמת. דִיא ישראל פַאר וַוארְפִין נָאךְ אַלְץ דָאס קְרִיסְטִינְטְהוּם, און דַארִיבִּיר זֶענִין זֵייא נָאךְ אַלְץ אִין דֶער גַאנְצִי וֶועלְט צוּ שְׁפְּרֵייט. דִיא אֵיינְצִיגִי זַאךְ, וָואס עֶס וָואלְט וֵוינִיגְסְטִינְס אַיין שַׁיין פון אַיין בְּיַואַייז קֶענִין גֶעבִּין, אַז דִיא פַארְוַוארְפוּנְג פון ישוע אִיז נִיט דִיא זַאךְ וָואס דֶער בית שני אִיז מחמת דֶעם חרוב גִיוָוארִין, וָואלְט גִיוֶועזִין דָאס, אַז דָאס פָאלְק ישראל וָואלְטִין ווִידִיר גִיקוּמִין אוֹיף זֵייאִיר אָרְט וֶוען אפילו נִיט אִין אֵיין צוּשְׁטַאנְד פון תשובה. אָבִּיר דֶעם דָאזִיגִין סְפָּאסִיב פון בְּיַואַייז, הָאט זֵייא גָאטט נִיט גִיגֶעבִּין און הָאט עֶס שׁוֹין דוּרְךְ אַזוֹ פִיל הוּנְדִירְט יָאהר, דֶעם פָאלְק דָאס נִיט גִיוָואלְט גֶעבִּין, וָואס עֶר רוּפְט זֵייא עם סגולה. וֶוען דָאס יוּדִישְׁקַייט וָואלְט אמת גִיוֶועזִין, פַאר וָואס זָאלל זִיךְ גָאטט ב"ה דֶערְקֶעלְטִין, אַז עֶר בִּישְׁטֵייט גָאר כנגד דֶעם? און וֶוען ווִידִיר דָאס קְרִיסְטִינְטְהוּם וָואלְט פַאלְשׁ גִיוֶועזִין, פַאר וָואס זָאלל עֶר עֶס פון הוּנְדִירְט יָאהר צוּ הוּנְדִירְט יָאהר מִיט דֶעם חותם פון אמת סְטֶעמְפְּלִין?

דִיא אַנְדִירִי זַאךְ דֶער מָאנִין דִיא יוּדִין וָואס עֶס הָאט גִיטְרָאפִין אוּם תשעה באב, וָואס דֶער עֶרְשְׁטִיר בית המקדש אִיז חרוב גִיוָוארִין, דָאס הֵייסְט וָואס דִיא כהנים און דָאס פָאלְק הָאבִּין אָבּ גֶעטִיר גִידִינְט; זֵייא דֶער מָאנִין, אַז דִיא גִילֶערִינְטִי און דִיא נִיט גִלֶערִינְטִי פון דֶער אומה הָאבִּין פַאר וָוארְפִין דֶעם אֶמֶתִין גָאטט, און הָאבִּין זִיךְ גִיקֶערְט צוּ שְׁטוּמִי גֶעצִין. וִויא קֶענִין נוּן דִיא יוּדִין

בִיהוּפּטִין

ביהויפטן אז אזו איין פאלק וואס האט אזו עפינטליך דעם גאטט פון זייערי אבות פאר ווארפין, זאלל אום מיגליך זיין, דעם משיח צו פאר ווארפין? עס קאן קיין שטארקירר ביוויז פון נארישקייט און שלעכטיגקייט ניט זיין וויא זיך פון גאטט אב צו קעהרין און מתפלל זיין צו איין שטיק האלץ אודיר שטיין, אביר מיט דער עבירה האט זיך ישראל שולדיג גימאכט, און פון וועגין דער דאזיגיר עבירה איז דער ערשטיר בית המקדש חרוב גיווארין: מילא ווען דיא ישראל האבין זייאיר גאטט פאר ווארפין, פאר וואס האבין זייא ניט גיזאללט אויך קענין פאר ווארפין דעם וואס ער האט גישיקט? דאס איינציגי, וואס מאן וואלט קענין דערויף ענטווירין, איז, אז אין דער צייט פון ישוע זענין דיא כהנים און דאס פאלק פיל קלוגיר און בעסיר גיוועזין, וויא אין דער צייט פון דעם ערשטין בית המקדש. ווען דאס וואלט אביר אמת גיוועזין, ווארום דען איז דער אנדיריר בית המקדש חרוב גיווארין? ווארום זענין דיא דאזיגי וואס זענין פיל קלוגיר און בעסיר גיוועזין, אגוזמא שרעקליכיר בישטראפט גיווארין וויא דיא וואס זענין נארישיר און שלעכטיר גיוועזין? ווארום זענין יעני נאך זיבציג יאהר שוין פון גלות ארויס גיגאנגין, וואס דיא בלייבין דערינין שוין זיבצעהין הונדירט יאהר? דאריבער אז מיר זאללין דרינגין פון דער פארגלייכונג פון דיא ביידי אופנים פון שטראף, אויף דער חכמה און גוטיגקייט פון יעני מענשין אזו מוז אונז וויזין דיא שרעקליכי בישטראפונג פון דיא כהנים און פון דעם פאלק, דיא וואס האבין דעם ישוע פערווארפין, אז פונקט דיא דאזיגי זענין אגוזמא שלעכטיר גיוועזין וויא דיא וואס האבין פריהיר עבודה זרה גידינט, און אז דעריבער וואס זייא ביצייגין קייגין דעם ישוע איז גאר ניט ווערט גישט.

דיא דריטי זאך דערמאנין דיא יודין וואס עס האט אין דעם טאג גיטראפין, אז עס איז חרוב גיווארין דיא שטאט ביתר, דאס הייסט זייא דערמאנין דיא נארישקייט פון אללי זייאירי גרעסטי רבנים, וואס זייא האבין איין ביטריגיר גיפאלגט, און האבין איהם פאר דעם משיח גיהאלטין, אין יעניר שטאט איז אנטלאפין ב ר כ ו כ ב און אללי וואס ער האט פאר פיהרט. דער רמב"ם זאגט: „דאס גאנצי פאלק און דיא גרעסטי חכמים האבין איהם גיהאלטין פאר דעם מלך המשיח" און מיר ווייסין, אז דער בירימטיר

רבי

רבי עקיבא איז צְווישֶׁן זֵייא גִיוֶועזֶין. מֵילָא דָא הָאבֶּין מִיר אַיין גִינִיטְשַׁאפְטִין בִּיוַוייז, אַז דֶער משפט פוּן יֶענֶי רבנים וָואס הָאבֶּין ישוע פֶערְוָוארְפִין אִיז אוּם גִירֶעכְט גִיוֶועזֶין. וָואלְטִין זֵייא אִין זֵייאִירֶי בִּימִיהוּנְג גְלִיקְלִיךְ גִיוֶועזֶין, אַזוֹ וָואלְטִין זֵייא גִיהַאט גִילֶערִינְט גַאנְץ ישראל, צוּ גְלוֹיבִּין אִין אֵיין בִּיטְרִיגִיר; אָבִּיר דִיא השגחה פוּן גָאטט ב״ה הָאט זֵייא אַלְלִי צוּ נִישְׁט גִימַאכְט אִין דֶעם אוֹיגִין בְּלִיק, בשעת זֵייא הָאבִּין אַיין פַאלְשִׁין נביא גִיפָאלְגְט. אוּן דִיא דָאזִיגִי מֶענְשִׁין זֶענִין נָאךְ גִיוֶועזִין דִיא וָואס זֵייא הָאבִּין דִיא תורה שבעל פה אִיבִּיר גִיעֶנְטְוִוירְט אוּן הָאבִּין דִיא לֶערְנוּנְג פוּן דֶער רבנישיר אמונה צוּ אַזַאמִין גִיבְּרַכְט. וִויא קֶענִין אָבִּיר דִיא יוּדִין אִין אַזוֹ אַיין דת גְלוֹיבִּין, וָואס אַזֶעלְכִי מֶענְשִׁין זֶענִין אִיהְרִי מחברים, אַזֶעלְכִי מֶענְשִׁין וָואס הָאבִּין פִיל טוֹיזִינְד פוּן דִיא ישראל פֶערְפִיהְרְט, אַז זֵייא זָאללִין אַרַיין פַאללִין אִין פֶערְדֶערְבִּינִישׁ? וֶוען רבי עקיבא מִיט זַיינִי לַייט וָואלְטִין זִיךְ נִיט אָן גִינוּמִין פַאר דֶער זַאךְ פוּן בר כוכב אַזוֹ וָואלְט עֶס אִיהם קֵיין מָאהל נִיט גִירָאטִין גִיוָוארִין אַזוֹ פִיל פוּן דִיא ישראל צוּ בִּיטְרִיגִין; דְרוּם הָאבִּין זֵייא אַלְלֵיין צוּ עֶנְטְוִוירִין פַאר יֶענִים שְׁרֶעקְלִיכִין אוּם גְלִיק. אָבִּיר וֶוען דִיא אִיצוּנְדִיגִי יוּדִין דֶערְמָאנִין יֶענִי שְׁוֶועדִי לֵיידִין, זָאללִין זֵייא נִיט אִין אֵיינִים אָן דֶעם אוֹיךְ גִידֵיינְקִין, אַז עֶס אִיז שׁוֹן דִיא הֶעכְסְטִי צַייט, דֶעם דָאזִיגִין דת אמונה אַוֶועק צוּ לָאזִין, וָואס עֶר אִיז דִיא סיבה פוּן דִיא דָאזִיגִי לֵיידִין אוּן אַלְלִי אַנְדִירִי רעות וָואס פוּן יֶענִיר צַייט אָן אִיז גִיקוּמִין? אוֹדִיר זָאללִין זֵייא נִיט וֵוייגִיגְסְטִינְס אַזוֹ אֵיין אמונה עֶרִינְסְט אוּן גוּט חוקר ודורש זַיין וָואס אִיהר בִּיפָאלְגוּנְג הָאט גִימַאכְט דָאס וָואס מַאן הָאט פֶערְלוֹירִין דִיא לִיבְּשַׁאפְט פוּן גָאטט ב״ה, אוּן דֶער בית המקדש אִיז חרוב גִיוָוארִין, אוּן צִיהט נָאךְ זִיךְ אַזוֹ אֵיין לַאנְגִין אוּן שְׁרֶעקְלִיכִין גלות?—

---

Дозволено Цензурою. Варшава 5 (17) Февраля 1876 г.
Въ Типографіи А. Гинса. Королевская № 1064 D.

# НЕСЫВОТЪ ОЛОМЪ

# נתיבות עולם

עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם ; ירמיה ו׳ ט״ז

די‌א אלטי שטעגין.

## נומר כ״ט

אין דעם נומר וואס פאר דעם לעצטין , האבין מיר די‌א לערנונג פון דעם תנ״ך גימאכט, פאר איין יסוד צו אונזיר ביטראכטונג , אז אמתי אמונה מוז גיוויס גליק ברייגגין פאר די‌א מענשין . דעם דאזיגין כלל איז איטליכיר בידיינקטיר מענש מודה , ער מעג זיין אודיר איין יוד אודיר איין קריסט ; אביר האטשי וויא ער איז אזו פשוט און קלאר , פון דעסט וועגין פאר זעהט מאן עס אפט , ווייל איין גרויסיר טהייל פון די‌א מענשין זענין גיוואוינט צו האלטין אין דער הוה אמינא , אז די‌א אמונה מיט איהרי פארשריפטין האט אין זיך גופי ניט די‌א ברכה, אודיר זיא האט אין זיך ניט איין שטייגיר פון מוסר השכל , וואס די‌א חכמה פון השי״ת האט עס בישאפין לטובה פאר די‌א מענשין , נור זייא מיינין אז עס איז איין דת וואס מאכט זיך זאבין נאך אייגינים ווילין , וואס עס איז איין גיפיהרט , כדי די‌א מענשין איין ספאסיב צו געבין אז זייא זאלין איין גוזמא מצות צו אויף קלויבין און דער פאר איין שכר לעולם הבא צו פארדינין . מיר זעהין דער פון אין אלי נאריש גלויביריייא , וואס מענשין האבין נור ווען אמאהל אויס גיטראכט , אייני מיאוסי אכטונג געבונג ניט מעהר נור אויף אויסווייניגסטי מעשים אזו איין שטייגיר , אז מאן טהוט די‌א דאזיגי זאבין , איז זיכיר גאטט דעם דאזיגין גאנץ גינציג . אזו שטעלט זיך ארויף דערנייאיר הינדו *) אויף איין שארפין שפיציגין צוואק , אודיר ער הענגט נעביך זיין ארימין גוף , אויף איין אייזירנים האקין , אודיר ער לאזט זיך אונטיר די‌א רעדיר פון דער עבודה זרה וואגין צו מאהלין , און מיינט זיך דורך

דעם

*) דאס איז אזו איין אומה פון מזרח זייט אין הודו :

דֶעם דיא אֱייבִּיגֵי גְלִיקְזֶעלִיגְקֵייט צוּ קוֹיפִין . אוּן אַזוֹ זֶעהִין מִיר אוֹיךְ דִיא עֶלְטִירִי עבודה זרה דִינֶירס , דִיא וָואס הָאבִּין גִידִינְט צוּ דֶעם בעל , הָאבִּין זֵייא זִיךְ אִין דֶער צֵייט פוּן אֵיין נוֹיט מִיט מֶעסְסִיר אוּן שְׁפִּיזִין וואוּנְדִין צוּ מַאכְט , אִין דֶער מֵיינוּנְג אַז דִיא דָאזִיגִי פֶערְדִינִסְט פוּן אמונה מנהגים וֶועט זֵייא זַיין צוּ אֵיין ברכה , אוּן דִיא פעולה וֶועט זַיין אַז זֵייאִיר גִיבֶּעט וֶועט דֶער הֶערְט וֶוערִין . אָבִּיר עֶס אִיז אוֹיךְ מִיגְלִיךְ , חָאטְשִׁי מַאן בִּיקֶענְט זִיךְ נִישְׁט צוּ אֵיין פַאלְשִׁיר אמונה , אַז מַאן זָאלל דִיא אמתי גִיבָּאט פוּן גָאטט ב״ה אוֹיךְ אִין דֶעם זֶעלְבִּיגִין אופן בִּיטְרַאכְטִין , וַוייל מַאן פַאר זֶעהִיט דֶעם גִימוּהט אוּן תכלית פוּן זַיינִי אַיינְשְׁטֶעלוּנְגִין , אוּן מַאן רִיכְטִיט אָן דִיא גַאנְצִי השגחה אוֹיף דִיא אותיות אוֹדִיר אוֹיף דִיא אוֹיסֶעווֵיינִיגְסְטִי מעשים אוּן אוֹיף דִיא גְרוֹסֵקֵייט פוּן דֶעם שכר , וָואס דוּרְךְ דִיא מעשים זָאלל פֶערְדִינְט וֶוערִין . דָאס דָאזִיגִי הָאבִּין נוּן דִיא רבנים גִיטָהוּן , אִיבִּיר הוֹיפְּט אִין דֶעם ענין פוּן שבת . עֶס וַוייזְט אוֹיס אַז זֵייא הָאבִּין דֶערְבַּייא פֶערְגֶעסְסִין , אַז דֶער שבת אִיז נוּר אֵיין גִישְׁטֶעלְט גִיוָוארִין צוּ אֵיין ברכה פַאר דִיא מֶענְשִׁין אוּן צוּ אֵיין סְפָּאסִיב פוּן גִיוָואד , אוּן הָאבִּין בַּארִיבִּיר אִין זֵייאִיר בִּימִיהִין , דֶעם שלום , דִיא טובות , אוּן דָאס גְלִיק פוּן דִיא מֶענְשִׁין מקריב גִיוֶועזִין צוּ דֶעם בְּלוֹיזִין שֵׁיין פוּן דֶער אַכְטוּנְג גֶעבּוּנְג אוֹיף דִיא אוֹיסְווֵיינִיגְסְטִי מנהגים פוּן דֶעם דָאזִיגִין טָאג , כְּלוֹמִירשט זֵייא הַאלְטִין דִיא אותיות פוּן דֶער תורה בכבוד . זֵייאֶרִי הוֹיפְּט מֵיינוּנְגִין בַּייא דֶער הֵיילִיגְקֵייט פוּן דֶעם טָאג שבת , אִיז דָאס , אַז דָאס דָאזִיגִי אִיז אַיין מצוה וָואס מַאן קָאן דוּרְךְ דֶעם עֶטְלִיכִי גוּטִי גִיוֵוינוּנְגִין זִיךְ פַאר שַׁאפִין — וִויא מַאן זֶעהִיט עֶס פוּן דֶעם דָאזִיגִין אָרְט :

גרסינן בפרק כל כתבי אמר ר׳ יוחנן משום ר׳ יוסי כל המענג את השבת נותנין לו נחלה בלא מצרים . רב נחמן בר יצחק אמר אף ניצול משיעבוד מלכיות . אמר רב יהודה אמר רב כל המענג בשבת נותנין לו משאלות לבו . וא״ר חייא בר אבא אמר רבי יוחנן כל המשמר שבת כהלכתה אפילו עובד ע״ז כאנוש מוחלין לו . אמר רב יהודה אמר רב אלמלא שמרו ישראל שבת ראשונה כהלכתה לא שלטה בהם אומה ולשון . אמר ר׳ שמעון בר יוחאי אלמלא משמרים ישראל שתי שבתות מיד נגאלין :

„מִיר לֶערְנִין אִין דֶעם זֶעקְסְטִין פרק פוּן דֶער מסכת שבת רבי יוחנן

זאגט

זאגט פון רבי יוסי וועגן, איטליכיר וואס האט איין תענוג פון דעם שבת, גיבט מאן איהם איין נחלה אהן גרעניצין. רב נחמן דער זוהן פון יצחק זאגט: ער ווערד חוץ דעם ניצול פון שיעבוד מלכיות אויך. רב יהודה זאגט פון רב וועגן, איטליכיר, וואס האט איין עונג אום שבת, גיבט מאן איהם אלץ וואס זיין הערץ פער לאנגט. רבי חייא דער זוהן פון אבא זאגט פון רבי יוחנן וועגן: איטליכיר וואס היט שבת אזו וויא דער דין איז, אפילו אז ער דינט עבודה זרה אזו וויא אנוש, איז מאן איהם מוחל. רב יהודה זאגט אז רב האט גיזאגט: ווען דיא ישראל וואלטין גיהיט דעם ערשטין שבת נאך אללי דינים נאך, וואלט קיין אומה ולשון איביר זייא ניט גיוועלטיגט. רבי שמעון דער זוהן פון יוחאי זאגט: ווען דיא ישראל וואלטין היטין צווייא שבתים וואלטין זייא באלד אויס גילייזט גיווארין". (טור אורח חיים סי' רמ"ב). מילא דא בישטעטיגין דיא רבנים דיא פאלשי און נארישׁ גלויביגי מיינונג, אז וואס מאן טהוט איין אויסוויינינגסטי זאך, קען פאר שאפין דעם גוטין רצון פון גאט ב"ה און עס איז נאך אפילו מכפר אויף דער שרעקליכסטיר עבירה וואס מאן איז עובר אויף דער תורה פון גאטט ב"ה. דיא יודין ווערין גילערנט, אז, ווען זייא האלטין נור שבת נאך דיא דינים פון דיא רבנים, ווערד זייא פערגעבין אללי זייארי אנדירי זינד, און זייא וועלין אויך אין דעם לאנד פון זייארי אבות אריין גיזעצט ווערין: אביר דער וויל ווערד איטליכין איינצילטין בעל עבירה גיזאגט, אז ער דארף זיך ניט ביאום רוהיגין פון וועגין זייני עבירות, ווארום, ווען ער זאלל זיך אפילו פאר שולדיגין מיט עבודה זרה, דעם גרעסטין חטא, אקייגין גאטט ב"ה, אזו וועט דאס פאלגין דיא לערנונג פון דיא רבנים אין דעם ענין פון שבת זייני זינד פערטיליגין. מילא וואס וועט נון שוין דער דאזיגיר טראכטין, דער וואס איז פון דעם דאזיגין הויפט חטא איביג פון ווייטין גיוועזין, ניט מעהר נאך זיין יצר הרע נאך האט ער זיך בלוס פאר שולדיגט מיט איין זינד אקייגין זיין חבר? ער וועט זיך פער זיכירט זיין אז שבת האלטין וועט אב מעקין דעם רעכענונג פון דיא זינד פון דער גאנציר וואך, און אין דער אנדיריר וואך וועט ער ווידיר אן הייבין זיין שטעיגיר צו פיהרין וואס איז פול מיט זינד, מיט דעם בטחון, אז ווען ער וועט נאר דעם טאג פון שבת דערהעבין, וועט ער אלץ ווידיר קענין גוט מאכין. און דער שבת, וואס ער איז פון גאטט ב"ה

בּישְׁטִימְמְט כדי אַז עֶס זָאלל זִיךְ בְּוַוייזִין און דֶער הַאלְטִין וֶוערִין דָאס גִיפִּיהל פון אמתי אמונה, וֶועט אַזוֹ דורְךְ דֶער תורה שבעל פה פֶּער קֶעהרְט וֶוערִין, צוּ אַיין סְפֶּאסִיב אַז עֶס זָאלל דוּרְךְ אִיהם אַלְלִי יסודות פוּן אמונה פון הַארְצִין אַרוֹיס גִיטְרִיבִּין וֶוערִין. צוּ וָואס דֶער אויסְוֶוייניגְסְטִיר כבוד שבת אִיז אַיין גִישְׁטֶעלְט גִיוָוארִין, אִיז נִיט בְּלוֹס דֶער תכלית דֶער פון פַאר גֶעסְסִין, נַייאִירְט עֶר אִיז נָאךְ אפילו אויף אַיין פַאלְשִׁין תכלית פֶּערְבִּיטִין גִיוָוארִין; דִיא הַיילִיגִי גִיפִּיהלִין, וָואס דָאס דָאזִיגִי זָאלל אַרוֹיס בְּרֵיינְגִין און עֶס זָאלל וִויא אַיין פָּאר בִּירֵייטוּנְג אֵייבִּיג גֶעהִינְטִיר מַאכִין צוּם אֵייבִּיגִין לֶעבִּין, אִיז גָאר פַאר זֶעהִין, און נִיט מֶעהר דִיא אויסִינְוֶוייניגְסְטִי פָארְמֶע אִיז רֶעכְט דֶער הַאלְטִין גִיוָוארִין, אַזוֹ אַיין שְׁטֵייגִיר וִויא אַיין חוב, וָואס דִיא מֶענְשִׁין וָואלְטִין גִיהַאט צוּ בִּיצָאהלִין פַאר זֵייאֶרִי גְלִיק זֶעלִיגְקֵייט.

דָאס אַז דִיא דִינִים פון דִיא רבנים בִּישֶׁעפְּטִיגִין זִיךְ כמעט דוּרְךְ אויסְוֶוייניגְסְטִי אַכְטוּנְג גֶעבּוּנְג, וֶועט אִיטְלִיכִיר אַיין זֶעהִין, וֶוער עֶס וִויל זִיךְ דִיא מִיה גֶעהמִין זֵייא דוּרְךְ צוּ לֵייהנִין. מַאן זָאלל למשל בִּיטְרַאכְטִין עֶטְלִיכִי דינים וָואס עֶס שְׁמוּהִיסְט וַוארֶעם צוּ הַאלְטִין עֶסְסִין וַוארְג אוּם שבת:

מניחין קדרה על גבי האש או בשר בתנור או על גבי גחלים והן מתבשלים והולכין כל השבת ואוכלין אותו בשבת. ויש בדבר זה דברים שהם אסורין גזירה שמא יחתה בגחלים בשבת. כיצד תבשיל שלא בשל כל צרכו וחמין שלא הוחמו כל צרכן או תבשיל שבשל כל צרכו וכל זמן שמצטמק הוא יפה לו אין משפין אותו על גבי האש בשבת אף על פי שהונח מבעוד יום. גזירה שמא יחתה בגחלים כדי להשלים בשולו או כדי לצמקו. לפיכך אם גרף האש או שכסה אש הכירה באפר או בנעורת הפשתן הדקה או שעממו הגחלים שהרי הן כמכוסין באפר או שהסיקוה בקש או בגבבה או בגללי בהמה דקה שהרי אין שם גחלים בוערות הרי זה מותר לשהות עליה שהרי הסיר דעתו מזה ואין גוזרין שמא יחתה באש:

„מַאן מֶעג אַיין טָאפְּף (מִיט עֶסְסִין) בַּייא דֶעם פַּייאִיר אַנִידִיר שְׁטֶעלְלִין, אודיר פְלֵייש אִין אוֹיפִין אודיר אויף קוֹיהלִין צוּ לֵייגִין, חָאטְשִׁי עֶס קָאכְט זִיךְ דֶעם גַאנְצִין שבת אַדוּרְךְ מֶעג מַאן עֶס עֶסְסִין, און עֶס אִיז

אויך

אויך דירבייא פאר האנדרין כמה זאכין וואס זייא זענין אסור, ווייל עס איז זארג צו האבין תאמר וועט מאן שארין אין דיא קויהלין אום שבת. למשל איין עססין וואס עס האט זיך ניט גינוג איין גיקאכט, אודיר וואריכי וואססיר וואס עס איז נאך ניט היים גינוג, אודיר איין עססין וואס האט זיך גינוג גיקאכט נור וואס עס שמוארט לייגגיר וועהד עס אלץ בעססיר, טאר מאן אום שבת דאס ניט בייא דעם פייאיר אנידיר שטעלין, האטשי עס איז שוין פון ערב שבת דירבייא אנידיר גישטעלט גיווארין, ווארום עס איז זארג צו האבין תאמר וועט מאן שארין אין דיא קויהלין כדי דאס עססין פארטיג צו קאכין אודיר כדי איין צו שמוארין. דאריבער וועהן מאן האט דאס פייאיר אוים גילאשין אודיר דעם פייאיר פון קאוימין מיט אש צו גידעקט אודיר מיט דיני שטיינגליך פון פלאקס; אודיר וועהן דיא קויהלין האבין אויף גיהערט צו גליהין, וואס עס איז אויך אזו גוט וויא זייא וואלטין מיט אש צו גידעקט גיוועזין; אודיר וועהן מאן האט פייאיר גימאכט פון שטרוי אודיר פון שטאפפעלין *) אודיר פון מיסט פון קלייני בהמות (דקות) וואס עס איז קיני ברענענדיגי קויהלין ניט דא, מעג מאן דאס עססין אויף דעם ארט אנידיר שטעלין ווארום מאן האט אין אזו איין פאלל דיא גידאנקען פון קאכין אב גיטהון האט מאן ניט זארג צו האבין תאמר וועט ער שארין אין פייאיר. "(הלכות שבת, פרק ג', הלכה ג'.) קיינר קאן ניט לייקנין, אז דא וועהד בלוים נור פון אויסוועניגסטי זאכין גישמועסט. דער כלל פון דעם גילערנטין שטיק איז, אז מאן טאר אום שבת אין פייאיר ניט שארין ווייל דאס איז איין מלאכה; און פון דעם קומט ארויס דאס וואס מאן טאר אללי אנדירי זאכין ניט טהון, וואס עס וואלט גיקאנט אימיצין פאר פיהרין, אז ער זאלל עובר זיין אויף גרויסי עבירות. דאס אלץ גיהערט אביר צו דיא אויסוועניגסטי מעשים, וואס דער מענש קאן זיך אהן גרויסי מיהי איין האלטין, און וועט איהם קיין שום פעולה ניט טהון אז ער זאלל זיך אויף פיהרין אין גוטי הנהגות; און פון דעסט וועגין האט ער דער פאר דאס פערדינסט און דעם לוהן, און וויא פאר דיא גרויססטי פרומקייט וואס מאן איז זיך דער פאר גאר מקריב, און מיינט אז ער האט דער מיט ביצאהלט איין טהייל חוב פאר עולם הבא און וועט

ווידיר

*) דיא ווארצלין וואס בלייבט איביר אויף דעם פעלד נאך דעם אב שניידין דיא תבואה:

ווִידֶיר מכפר זַיין , אויף דִיא גְרוֹיסְטֶע עבירות , וָואס עֶר הָאט אִין דֶער גַאנְצֶיר וָואך גִיטָהאן . — מַאן זָאלל וִוידֶיר בִּיטְרַאכְטֶין דָאס לֶערְנוּנְג וָואס וַוייטֶיר שְׁטֶעהט , און זָאגֶין אוֹיבּ עֶס הָאט אִין זִיךְ נִיט דֶעם זֶעלְבִּיגֶין שְׁטֶייגֶיר :

מי שהחשיך לו בדרך בערב שבת ועמו כיס אם יש עמו נכרי וחמור יתן כיסו לנכרי אף לאחר שתחשך ולא יניחנו על החמור . אבל אם מצא מציאה אינו יכול ליתנה לנכרי אלא אם כן באה לידו מבעוד יום דהשתא הויא ככיסו , אין עמו נכרי יניחנה על החמור כשהוא הולך . ויזהר ליטול ממנו בכל שעה שיעמוד . וכשיחזור וילך יניחנו עליו . היה עמו חמור וחרש שוטה וקטן . יניחנו על החמור ולא יתננה לאחד מאלה כיון שהם אדם כמותו . היה עמו חרש ושוטה יתננה לשוטה לפי שאין לו דעת כלל . שוטה וקטן יתננה לשוטה שהקטן יבוא לכלל דעת . חרש וקטן יתננה למי שירצה . אין עמו לא זה ולא זה יטלטלנו פחות פחות מארבע אמות :

„וֶוען עֶס אִיז אֵיינִים אוּנְטֶיר וֶועגִינְס אוּם ערב שבת נַאכְט גִיוָוארִין , און עֶר הָאט מִיט זִיךְ אַיין גֶעלְד בֵּייטִיל , וֶוען עֶר הָאט מִיט זִיךְ אַיין גוי , און אַיין עֵייזִיל , אַזוֹ זָאלל עֶר זַיינִין גֶעלְד בֵּייטִיל גֶעבִּין דֶעם גוי צוּ טְרָאגִין הָאטְשֶׁי נָאךְ דֶעם אַז עֶס אִיז שׁוֹין פִינְסְטֶיר גִיוָוארִין , און אוֹיף דֶעם עֵייזִיל זָאלל עֶר עֶס נִיט אַרוֹיף לֵייגִין , דהחמור אתה מצווה על שביתתו ולא דנכרי„ וָוארִין אוֹיף דִיא רוּהוּנְג אוּם שבת פוּן אַיין עֵייזִיל בִּיסְטוּ גִיבָּאטִין , אָבִּיר נִיט אוֹיף אַיין גוי . ”אָבִּיר אַז עֶר הָאט גִיפוּנִין אַיין מציאה , אַזוֹ זָאלל עֶר דָאס נִיט גֶעבִּין דֶעם גוי סַיידִין עֶס אִיז גִיקוּמִין אִין זַיינִי הֶענְד בשעת עֶס אִיז נָאךְ טָאג גִיוֶועזִין , וָוארִין דֶענְסְמָאלְט אִיז עֶס אַזוֹ וִויא זַיין גֶעלְד בֵּייטִיל גִירֶעכִינְט . וֶוען עֶס אִיז מִיט אִיהם קֵיין גוי נִיט דָא , זָאלל עֶר דֶעם בֵּייטִיל אַרוֹף לֵייגִין בשעת עֶר גֵייט , אוֹיף דֶעם עֵייזִיל , און עֶר זָאלל זִיךְ הִיטִין אַרָאפּ צוּ נֶעמִין פוּן אִיהם בשעת עֶר בְּלֵייבְּט שְׁטֶעהן , און אַז עֶר הֵייבְּט אָהן ווִידֶיר צוּ גֵיין זָאלל עֶר עֶס ווִידֶיר אוֹיף אִיהם אַרוֹף לֵייגִין . וֶוען עֶס זֶענִין מִיט אִיהם דָא גִיוֶועזִין , אַיין עֵייזִיל און אַיין טוֹיבְּשְׁטוּמְמִיר , און אַיין שוטה , און אַיין קְלֵיין קִינְד , אַזוֹ זָאלל עֶר עֶס אַרוֹף לֵייגִין אוֹיף דֶעם עֵייזִיל , און זָאלל עֶס נִיט גֶעבִּין צוּ אֵיינִים פוּן דִיא דָאזִיגֶי אַנְדִירִי , וַוייל זֵייא זֶענִין אַזוֹ גוּט מֶענְשִׁין וִויא עֶר . וֶוען עֶס אִיז מִיט אִיהם דָא גִיוֶועזִין אַיין טוֹיבְּשְׁטוּמְמִיר , און אַיין

שוטה

שוטה אַזוֹ זָאלל עֶר עֶס גֶעבִּין צוּ טְרָאגִין דֶעם שוטה, ווייל עֶר הָאט גָאר קֵיין שכל נִיט; אַיין שוטה אוּן אַיין קְלֵיין קִינְד, זָאלל עֶר עֶס גֶעבִּין דֶעם שוטה, ווייל דָאס קִינְד וֶועט אַמָאהל קוּמִין צוּם כלל פוּן פַארְשְׁטַאנְד; אִיז דָא אַיין טויבּ־שְׁטוּמְמִיר אוּן אַיין קְלֵיין קִינְד גִיוֶועזִין, זָאלל עֶר עֶס גֶעבִּין צוּ וֶועלְכִין עֶר ווילל. אִיז אָבִּיר מִיט אִיהם קֵיינִיר נִיט גִיוֶועזִין, אַזוֹ זָאלל עֶר עֶס אַלְלֵי מָאהל אוּנְטִיר טְרָאגִין וֶוינִיגִיר וויא פִיר אֵיילִין." (אורח חיים, סימן רס"ו.) דָא שְׁמוּהִיסְט עֶר ווִידִיר פוּן דִיא ווַאזְנִי זַאכִין, אַכְטוּנְג צוּ גֶעבִּין דִיא פָארְמִי אוּן דִיא אותיות פוּן דִיא גִיבָּאט פוּן דִיא רבנים, אַז דָאס טְרָאגִין אַיין בַּייטִיל אוּם שבת הַאלְט עֶס פַאר אַיין מלאכה, אוּן דַארִיבִּיר זָאל מַאן עֶס נִיט טָארִין טָהוּן. דִיא תורת משה זָאגְט גָאר נִישְׁט דירויף, נִיט אַז מַאן מֶעג עֶס אוֹדִיר אַז מַאן טָאר עֶס נִישְׁט, נוּר עֶס לָאזְט דִיא זַאךְ אִיטְלִיכִין אוֹיף זַיין גִיוויסִין. אָבִּיר דִיא רבנים וָואס הָאבִּין אֵיין מָאהל דִיא מעשה גִימַאכְט פַאר אַיין עבירה, הָאבִּין בַּאלְד גִיזֶעהִין, אַז דָאס דָאזִיגִי וֶועט מוּזִין בְּרֵיינְגִין צוּ פִיל עֶרְלֵייא פֶערְלֶעגִינְהַייטִין, למשל בַּייא דֶעם פַאלל וָואס אִיז גִידַאכְט גִיוָוארִין, אַז אִימִיצִין אִיז אוּנְטִיר וֶועגִינְס פְּלוּצְלוּנְג שבת גִיוָוארִין אֵיידִיר עֶר הָאט גִיקָאנְט קוּמִין אוֹיף אַיין אָרְט שבת צוּ הַאלְטִין. וָואס זָאלל דֶער דָאזִיגִיר דֶענְסְמָאלְט טָהוּן? זָאלל עֶר זַיין בַּייטִיל בֶּעסְסִיר אַוֶועק וַוארְפִין, אֵיידִיר עֶר זָאלל מחלל שבת זַיין? דִיא דָאזִיגִי ברירה אִיז דִיא פרושים נִיט גִיפֶעהלִין, אוּן זֵייא הָאבִּין דַארִיבִּיר גִימַאטִירְט זֵייאִיר הבנה, כדי ממציא צוּ זַיין אַיין סְפָּאסִיב, וָואס דִירְבַּייא זָאלל קֶענִין דִיא אויסְוֵויינִיגְסְטִי פָארְמִי גִיהַאלְטִין וֶוערִין, נָאךְ דֶעם נָאךְ זֶענִין זֵייא קודם כל מתיר, דֶעם בַּייטִיל אַיין גוי צוּ גֶעבִּין. אָבִּיר אִיטְלִיכִיר וָואס הָאט נוּר גִיזוּנְדִין מֶענְשִׁין שכל, וֶועט גוּט אַיין זֶעהִין, אַז דָאס דָאזִיגִי הֵייסְט נוּר הַאלְטִין דֶעם אויסְוֵויינִיגְסְטִין שַיין; ווָארוּם, אַז עֶס אִיז אִין אמת אָסוּר דֶעם בַּייטִיל צוּ טְרָאגִין, אַזוֹ מוּז עֶס אוֹיךְ אָסוּר זַיין צוּ לָאזִין טְרָאגִין, ווייל דֶער דָאזִיגִיר וֶועלְכִיר הֵייסְט אַיין מלאכה טָהוּן אוֹדִיר בְּרֵיינְגְט דֶער צוּ, אִיז עֶר באמת פַאר דֶעם אַנְגִיזִיכְט פוּן גָאט ב"ה, אַלֵיין דֶער בעל מלאכה דֶער פוּן, פוּנְקְט אַזוֹ וויא דֶער דָאזִיגִיר וָואס בִּידִינְגְט אִימִיצִין, אַז עֶר זָאלל הַארְגִינִין אַיין אַנְדִירִין אִיז עֶר אַלֵיין דֶער רִיכְטִיגִיר גזלן, דַארוּם וֶוען אַיין יוּד טָאר זַיין גֶעלְד בַּייטִיל אַלֵיין נִיט טְרָאגִין, אַזוֹ דַארְף עֶר עֶס נִיט צוּ טְרָאגִין גֶעבִּין נִיט קֵיין גוי, אוּן אוֹיךְ נִיט קֵיין שוטה אוֹדִיר אַיין קְלֵיין קִינְד, יוֹא טַאקִי אפילו נִיט אַמָאהל פוּן אַיין עֵייזִיל צוּ לָאזִין

טְרָאגִין. דֶער דָאזִיגִיר פַאלל אִיז נור דֶער צוּ גִיפַּאסְט, אַז מַאן זָאלל קֶענְנִין זֶעהִין דִיא אוּם עֶרְלִיכְקַייט פוּן דִיא סופרים אוּן פרושים, אוּן עֶס בִּיוַוייזְט וִויא פִיל מֶעהר זֵייאִיר לִיבְּשַׁאפְט אִיז צוּ גֶעלְד וִויא צוּ גָאטְטִים גִיבָּאט: — אִין אַנְדִירִי אוֹפנים שְׁטֶעלְלִין זֵייא וִוידִיר אוֹיף דֶעם דִין, אַז קַיין יוּד טָאר נִיט פַאר זִיךְ הֵייסִין אַיין גוי אוּם שבת אַיין מלאכה טָהוּן — וִויא לְמשל אִין דֶעם דָאזִיגִין אָרְט:

אסור לומר לגוי לעשות לנו מלאכה בשבת אף על פי שאינו מצווה על השבת ואף על פי שאמר לו מקודם השבת ואף על פי שאינו צריך לאותה מלאכה אלא לאחר השבת. ודבר זה אסור מדברי סופרים כדי שלא תהיה שבת קלה בעיניהן ויבואו לעשות בעצמן:

„עֶס אִיז אסור צוּ זָאגִין צוּ אַיין גוי אַז עֶר זָאלל פַאר אוּנְס אוּם שבת אַיין מלאכה טָהוּן, חָאטְשִׁי עֶר אִיז נִיט גִיבָּאטִין צוּ הַאלְטִין דֶעם שבת; אוּן אפילו וֶוען מַאן הָאט עֶס אִיהם גִיהֵייסִין נָאךְ פַאר שבת, אוּן הָאטְשִׁי מַאן בִּידַארְף נִיט דִיא מלאכה נור עֶרְשְׁט אוֹיף נָאךְ שבת. אוּן דִיא דָאזִיגִי זַאךְ אִיז אסור דוּרְךְ דִיא רֵייד פוּן דִיא סופרים, כדי אַז דֶער שבת זָאלל נִיט גְרִינְג זַיין אִין זֵייאֵירִי אוֹיגִין אוּן צוּם סוֹף נָאךְ אַלֵיין אַיין מלאכה טְהוּן". (הלכות שבת פרק ו׳ הלכה א׳). מֵילָא וָואס אִין יֶענִים אָרְט וָואס פְרִיהִיר אִיז גִישְׁטַאנִין, אִיז מותר, אִיז דָא, בפירוש אסור, אוּן אַזוֹ וֶוען מַאן אִיז עֶס עובר וֶועט מַאן דִיא שְׁטְרָאף פוּן מלקות הָאבִּין; אַזוֹ וִויא עֶס וֶוערְד באמת וַוייטִיר אִין דֶעם גִידַאכְטִין פרק בפירוש אַרוֹיס גִיזָאגְט:

ישראל שאמר לגוי לעשות לו מלאכה זו בשבת אף על פי שעבר ומכין אותו מכת מרדות מותר לו ליהנות באותה מלאכה לערב אחר שימתין בכדי שתעשה:

„אַיין ישראל וָואס עֶר הָאט גִיזָאגְט צוּ אַיין גוי אַז עֶר זָאלל אִיהם דִיא דָאזִיגִי מלאכה טָהוּן אוּם שבת, חָאטְשִׁי עֶר הָאט דָאךְ עובר גִיוֶועזִין אוּן מַאן שְׁלָאגְט אִיהם מכות מרדות (אָן אַיין צָאהל) פוּן דֶעסְט וֶועגִין אִיז אִיהם מותר הנאה צוּ הָאבִּין פוּן דֶער דָאזִיגִיר מלאכה, שבת צוּ נַאכְט, נָאךְ דֶעם אַז עֶר וַוארְט אַזוֹ לַאנְג בִּיז דִיא מלאכה קָאן גִיטָהוּן וֶוערִין". (דָארט הלכה ח׳). דִיא דָאזִיגִי עֶרְטִיר זֶענִין זִיךְ אֵיינִיר דֶעם אַנְדִירִין גָאר אִין גַאנְצִין סותר; וָוארִין אִין אֵיינִים אִיז גִיזָאגְט, מַאן טָאר קַיין גוי אוּם שבת נִיט הֵייסִין קַיין מלאכה טָהוּן, אוּן וֶוער עֶס טְהוּט עֶס זָאלל

מלקות

מלקות גישלאגין ווערין, אין דעם אנדירין אָרט הייסט עס להפך אז איין יוד מעג זיין ביטיל געלד געבין אום שבת איין גוי צו טראגין, האָטשי עס איז דאך איין מלאכה, וואָרין זונסט, וואָלט דאך דער יוד אליין נאך קענין טראגין. ווען נון מאן מעג דאס דאָזיגי טהון, אזוי מוז אויך דאס ערשטי מותר זיין צו טהון, און עס איז גבייליך און איין אכזריות, אימיצין מלקות צו שלאגין פאר איין זאך וואס עס איז מותר צו טהון. ווען אָבּיר דער כלל דין אסורת, איין גוי צו הייסין אום שבת איין מלאכה טהון, אזוי איז דורך אויס יעניר פאלל מיט דעם ביטיל אויך אסור, און עס איז קלאר אז דיא סופרים, האָטשי זייא האָבין גיזאגט וואס זייא האָבין גיוואָלט, האָבין זייא דאך בעססיר גיהייסין אויף עפּיס עובר צו זיין וואס זייא האלטין עס פאר איין געטטליך גיבּאָט, איידיר זייא זאָללין זייאיר ביטיל געלד פערלירין. אָבּיר ווען דער וועגס מאן האָט מיט זיך קיין עייזיל ניט, אודיר קיין שוטה אודיר קיין גוי, וואָלט מאן מיינין אז ער קאן זיך שוין ניט מעהר העלפין, וואָרין נאך דער תורה שבעל פה נאך טאר מאן אום שבת קיין משא מעהר וויא פיר איילין ניט טראגין, און איטליכיר וועט גיוויס מיינין, אז דיא דאָזיגי וואס זייא שטראפין פאר חילול שבת מיט סקילה אודיר מלקות — דאס הייסט דיא יעניגי וועלכי שוינין ניט קיין בלוט און לעבין פון מענשין — וועלין זייא איהם זאגין, אז ער זאלל בעסיר זיין געלד ביטיל פערלירין איידיר ער זאלל עובר זיין אויף גאָטטים גיבּאָט. אָבּיר ניין, זייא זאגין איהם, אז ער זאלל זיא טראגין איין שטיק וועגס ווייניגיר וויא פיר איילין, און אנדיר לייגין, און זיא ווידיר אויף הייבין, און ווידיר אזוי ווייט טראגין, און אזוי אללי מאָהל ווייטיר, ביז ער וועט קומין אין דער ערשטיר הערבּיריג. דא איז אזוי ווידיר לפנים, אין דיא דינים פון דיא רבנים, דיא אותיות שטארק גיהאלטין ; אָבּיר קיין מענש וואס האָט שכל, וועט דערינין קיין אמתין חילוק ניט גיפינין אויב מאן טראגט פאר איין מאהל דעם געלד ביטיל ביז אין הערבּיריג, אודיר דאס ווערד גיטהון אין פינף הונדירט קורצי שטיקליך וועגס, פון ווייניגיר וויא פיר איילין. דיא ווייטיגקייט אין גאנצין איז אייביג דס זעלביגי, "און אזו איז אויך דיא מלאכה פאר דעם אנגיזיכט פון גאָטט ב"ה אייביג דאס זעלביגי. ענטוויר עס איז אין גאנצין מותר, און אויף אזו איין אופן זעהט מאן וויא דיא דינים פון דיא רבנים זענין נאריש און באכזריות, אודיר עס איז אין גאנצין אסור, און דענקמאלט זעהט מאן וויא דיא דאָזיגי דינים זענין נור איין בלוויזיר אום גאנג פון

רמאות, דָאס עובר צוּ זַיין. אִין אִיטְלִיכִין פַאלל אִיז דוּרְךְ דֶעם אַיין גְרִינְגִיר סְפֶּאסִיבּ אִין דִיא הֶענְד גִיגֶעבִּין גִיוָוארִין, זִיךְ עולם הבא אוּן כפרות עוונות צוּ קוֹיפִין; עֶס אִיז אוֹיךְ דֶער צוּ נִיט גֶייטִיג צוּ לֵייגִין פִיל מִיהִי פוּן מדות טובות, כדי דֶעם וֶועגִם מַאן אִין שְׁטַאנְד צוּ בְּרֵיינְגִין, אַז עֶר זָאלל זִיךְ זַיין גֶעלְד בַּייטִיל לָאזִין טְרָאגִין אִין הֶערְבִּירִיג דוּרְךְ אַיין אַנְדִיר מֶענְשִׁין, אוֹדֶר דוּרְךְ אַיין עֵייזִיל.

גָאר אִין גַאנְצִין דֶעם זֶעלְבִּיגִין שְׁטֵייגִיר, דָאס גִימוּהט נִיט מֶעהר נוּר אוֹיף אוֹיסְוֶוייניגְסְטִי זַאכִין צוּ הַאלְטִין, הָאט אוֹיךְ אַיין אַנְדִיר טְהֵייל וָואס שְׁמוּהִיסְט פַאר שבת הַאלְטוּנְג פוּן דִיא רבנים, אוּן דָאס אִיז, דָאס אָן גְרֵייטִין צוּם טִישׁ. אִין דֶעם דָאזִיגִין בִּיצִיהוּנְג הֵייסְט עֶס אַזוֹ:

ויסדר שלחנו ויציע המטות ויתקן כל עניני הבית כדי שימצאנו ערוך ומסודר בבואו מבית הכנסת דא"ר יוסי ב"ר חנינא שני מלאכי השרת מלוין לו לאדם בע"ש מבית הכנסת לביתו אחד טוב ואחד רע כשבא לביתו מצא נר דלוק ושלחן ערוך ומטה מוצעת מלאך טוב אומר יהי רצון שיהא כן לשבת הבאה ומלאך רע עונה אמן בעל כרחו ואם לאו מלאך רע אומר יהי רצון שיהא כן לשבת הבאה ומלאך טוב עונה אמן בעל כרחו:

„אִיטְלִיכִיר זָאלל אָן גְרֵייטִין צוּם טִישׁ, אוּן זָאל אוֹיס שְׁפְּרֵייטִין דִיא בֶּעטִין אוּן זָאלל צוּ רֶעכְט מַאכִין אַלְלִי ענינים פוּן האוז, כדי עֶר זָאל גִיפִינְין אָן גִיגְרֵייט אוּן אָן גִירִיכְטִיט אַז עֶר קוּמְט פוּן שוּלל, וָוארִין רבי יוסי דֶער זוּן פוּן רבי חנינא הָאט גִיזָאגְט, צְוֶוייא מלאכי השרת בִּילֵייטִין דֶעם מֶענְשִׁין אוּם ערב שבת פוּן שוּלְל בִּיז אַהֵיים, אֵיינִיר אִיז אַיין גוּטִיר אוּן אֵיינִיר אִיז אַיין שְׁלֶעכְטִיר" אוּן עֶר קוּמְט אַהֵיים אוּן עֶר גִיפִינְד לָאמְפִּין בְּרֶענִין אוּן צוּם טִישׁ גִיגְרֵייט אוּן דָאס בֶּעט אוֹיס גִיבֶּעטִיט, זָאגְט דֶער גוּטִיר מלאךְ: עֶס זָאלל זַיין דֶער ווִילְלִין פוּן גָאטט אַז עֶס זָאלל דֶעם אַנְדִירִין שבת אוֹיךְ אַזוֹ זַיין, אוּן דֶער שְׁלֶעכְטִיר מלאךְ מוּז אִיבִּיר גְוַואלְד עֶנְטְוִוירִין אמן, אָבִּיר אַז עֶר גִיפִינְד עֶס נִיט אַזוֹ, זָאגְט דֶער שְׁלֶעכְטִיר מלאךְ: עֶס זָאלל זַיין דֶער ווִילְלִין פוּן גָאטט אַז עֶס זָאלל דֶעם אַנְדִירִין שבת אוֹיךְ אַזוֹ זַיין, אוּן דֶער גוּטִיר מלאךְ מוּז אִיבִּיר גְוַואלְד עֶנְטְוִוירִין אמן". (אורח חיים סימן רס"ב.) דִיא יוּדִין דַארְפִין נִיט מֵיינִין אַז מִיר מַאכִין צוּ נִישְׁט אַיין אָרִינְטְלִיכִי אוּן בכבודי אָנְגְרֵייטוּנְג אִין דֶער שְׁטוּבּ אוֹיף שבת, גָאר פֶערְקֶעהְרְט, מִיר הַאלְטִין דָאס פַאר גַאנְץ רֶעכְט אוּן שֵׁיין; אָבִּיר דֶערוֹיס אַיין גִיבָּאט צוּ מַאכִין, מַאן זָאלל עֶס מַאכִין פַאר אַיין זַאךְ, אַז מַאן פָאלְגְט עֶס זָאלל מַאן זִיךְ קֶענְין עֶפִּיס דֶער מִיט פֶערְדִינִין, הֵייסְט דָאס גִימוּהט צוּ קֶעהְרִין אוֹיף אַיין גְרִינְגִין אוֹפן פוּן

אויסְוֶוייניגִסְטִי מעשים, און דֶעם מֶענְשִׁין צוּ לֶערְנִין, אַז עֶר זָאלל זִיךְ דֶערְוִויף פֶערְלָאזִין, אַזוֹ וִויא אוֹיף וַואזֶזנִי היובים פון אמונה. דָא אָבִּיר איז פָארְגִישְׁטֶעלְט בְּלוֹס אין אָרְדוּנוּנְג צוּ בְּרֶענְגִין דִיא שְׁטוּב, פַאר אַזוֹ אַיין וַואזֶזנִי זַאךְ גִימַאכְט, אַז עֶס וֶוערְד נָאךְ אפילו צְוֵוייא מלאכים אַהֵיים גִישִׁיקְט מִיט אִיטְלִיכִים ישראל אום ערב שבת פַאר נַאכְט, כדי זֵייא זָאלְלִין דִיא זַאךְ גִיוָואר וֶוערִין. דִיא דָאזִיגִי מעשה מִיט דִיא מלאכים אִיז עֶפִּינְטְלִיךְ אַיין אוֹיס גִיטְרַאכְטִי, און וִוידִיר אַיין בִּיוַוייז, וִויא זֵייאִיר דִיא תורה שבעל פה הָאט הנאה עֶפִּיס אוֹיס צוּ טְרַאכְטִין; אָבִּיר אַחוּץ דֶעם וַוייסְט עֶס אוּנְז, וִויא דִיא רבנים זֶענִין פוּן דֶעם רֶעכְטִין עיקר כלל פוּן דֶער אמונה אַוֶועק גִיגַאנְגִין און הָאבִּין נוּר צוּם שָׁאטִין פוּן אוֹיסְוֶוייניגִסְטִי מנהגים צוּ גִיקֶעהרְט. פוּן דֶעם זֶעלְבִּיגִין גַאטוּנְג אִיז אוֹיךְ דָאס, וָואס עֶס וֶוערְד דָא גִיזָאגְט פוּן דִיא גִידַאכְטִי שבת לִיכְט:

ויהא זהיר לעשות נר יפה דאמר רב הונא הרגיל בנר שבת להשתדל בו לעשותו יפה הויין לו בנים תלמידי חכמים:

„און אִיטְלִיכִיר זָאלל הִיטִין אַז עֶר זָאלל הָאבִּין אַיין שֵׁיינִים לָאמְפּ; וָוארִין רב הונא הָאט גִיזָאגְט דֶער וָואס אִיז גִיוואוינְט זִיךְ מִיה צוּ גֶעבִּין שֵׁיין צוּ מַאכִין דֶעם לָאמְפּ אוֹיף שבת, וֶועט עֶר הָאבִּין זִיהן תלמידי חכמים". קֵיינִיר קָאן דָאס נִיט אַנְדִירְשְׁט זָאגִין, אַז דָאס פּוּצִין דֶעם לָאמְפּ, אִיז בְּלוֹס נוּר אַיין אויסְוֶוייניגִסְטִי זַאךְ, און פוּן דֶעסְט וֶועגִין וֶוערְד עֶס פָאר גִישְׁטֶעלְט אַזוֹ וִויא עֶפִּיס אַיין פֶערְדִינְסְט דֶער פַאר צוּ הָאבִּין און אַיין שכר דֶער פַאר צוּ גִיזָאגְט. אָבִּיר דָאךְ, אִיז דֶער אופן און דִיא פָארְמִי, וִויא דִיא מעשה וֶוערְד פֶערְלַאנְגְט, צוּ פֶערְגְרֶעסִירִין דִיא מֵיינוּנְג, אַזוֹ וִויא דִיא דָאזִיגִי אוֹיסְוֶוייניגִסְטִי עובדה וָואלְט זֵייאִיר וַואזֶזנִי גִיוֶועזִין, וַוייל עֶס הֵייסְט:

ואחד אנשים ואחד נשים חייבין להיות בבתיהן נר דלוק בשבת אפילו אין לו מה יאכל שואל על הפתחים ולוקח שמן ומדליק את הנר שזה בכלל עונג שבת. וחייב לברך קודם ההדלקה ברוך אתה י"י אלהינו מלך העולם אשר קדשנו במצותיו וצונו להדליק נר של שבת:

„אַזוֹ גוּט מַאנְס לַייט וִויא אוֹיךְ וַוייבִּיר זֶענִין מחויב אַז עֶס זָאלל אִין זֵייאִירִי הַייזִיר זַיין אַיין בְּרֶענֶעדִיגִיר לָאמפּ אום שבת, אפילו אַז עֶר הָאט נִיט וָואס צוּ עֶסְסִין, זָאלל עֶר פוּן טִיר צוּ טִיר בֶּעטְלִין און זָאלל אֵייל קוֹיפִין און זָאלל דֶעם לָאמפּ אָן צִינְדִין; וָוארִין דָאס אִיז אִין כלל פוּן עונג שבת. און מַאן אִיז מחוייב בַּייא דֶעם אָנְצִינְדִין אַיין ברכה צוּ מַאכִין: גִילוֹיבְּט בִּיסְטוּ יהוה אוּנְזִיר אלהים, קִינִיג פוּן דֶער וֶועלְט, וָואס דוּא הָאסְט אוּנְס גִיהֵיילִיגְט מִיט דַיינִי מצות, און דוּא הָאסְט אוּנְס גִיבָּאטִין אָן צוּ צִינְדִין

דֶעם לָאמְפּ פוּן שבת (הלכות שבת, פרק ה׳, הלכה א׳.) אִיטְלִיכֶער יוּד, דֶער וָואס גְלוֹיבְּט, אַז דֶער שבת לָאמְפּ אִיז אִיהם אַזוֹ נֵייטִיג וִויא זַיין פרנסה אוּן אַז גָאטט פַאר לַאנְגְט עֶס אפילו פוּן דֶעם דָאזִיגִין, וָואס עֶס פֶעהלְט אִיהם דֶער נֵייטִיגְסְטֶער סְפָּאסִיב פוּן פרנסה, וֶועט דָאס מסתמא מוּזִין הַאלְטִין פַאר אֵיין גְרוֹיסִי זַאךְ, אוּן וֶועט מֵיינִין אַז מַאן פָאלְגְט דָאס דָאזִיגִי גִיבָּאט פֶער דִינְט מַאן זִיךְ זֵייאִיר פִיל. אוּן פוּן דֶעסְט וֶועגִין מוּז עֶר מודה זַיין, אַז דָאס דָאזִיגִי אִיז בְּלוֹס נוּר אֵיין אוֹיסֶעווֶיינִיגְסְטִי זַאךְ, וָואס דָאס קָאן אפילו אַזוֹ אֵיינֶער טָהוּן, דֶער וָואס הָאט קֵיין יראת שמים אוּן אוֹיךְ קֵיין אהבה צוּ גָאט ב״ה נִיט. — דִיא שְׁטֵייגִירְס פוּן דִיא דָאזִיגִי אַלְלִי דינים אִיז קֵיינִי אַנְדִירִי, נוּר וִויא דִיא, דָאס גִימוּהט פוּן דֶעם עֶרְשְׁטִין חיוב פוּן דֶער אמונה אָבּ צוּ פִיהְרִין אוּן דֶעם חוטא וָואס עֶר וִויל קֵיין תשובה נִיט טָהוּן אִיבִּיר צוּ רֵיידִין, אַז דִיא דָאזִיגִי עובדות וֶועט מכפר זַיין אוֹיף זַיינִי עוונות. וֶוען זַיין גִיוִויסְסִין פְּלָאגְט אִיהם אִיבִּיר זַיינִי עבירות, אוּן פַאר וָואר נִיט אִיבִּיר דִיא וָואס עֶר הָאט שׁוֹין פַאר לַאנְגִי צַייטִין גִיטָהוּן אוּן הָאט אפשר חרטה גִיהַאט אוּן הָאט עֶס שׁוֹין פֶערְגֶעסְסִין, נוּר אִיבִּיר דִיא וָואס עֶר הָאט עֶרְשְׁט אִין דֶער לֶעצְטִיר וָואךְ חוטא גִיוֶועזִין, אוּן מֵיינְט נָאךְ וִוידִיר חוטא צוּ זַיין, אַזוֹ בַּאלְד וִויא דֶער שבת וֶועט נוּר פַארְבַּייא גֵיין, אַזוֹ מַאכְט עֶר עֶס גוּט, מִיט דֶעם אוֹיפְצֵיילוּנְג פוּן אַלְלִירְלֵייא מעשים פוּן אוֹיסֶעווֶיינִיגְסְטִי הנהגות, וָואס אַז מַאן וֶועט עֶס אוֹיף דֶער אַנְדִירִי זַייט וָואגְשָׁאל לֵייגִין וֶועט דָאס מוּזִין גְלַייךְ וֶועגִין מִיט זַיינִי עבירות. עֶר דֶער מָאנְט, אַז עֶר הָאט קֵיין מָאהל קֵיין טָאפְּף מִיט עֶסְסִין נִיט גִישְׁטֶעלְט בַּייא אַיין פַייאִיר וָואס מַאן טָאר נִיט שְׁטֶעלְלִין, אוּן עֶר הָאט זַיין גֶעלְד בַּייטִיל אַיין שְׁטִיק וֶועגְס פוּן מֶעהר וִויא פִיר אֵיילִין קֵיין מָאהל נִיט גִיטְרָאגִין, אוּן אוֹיךְ קֵיין גוי נִיט גִיהֵייסִין קֵיין מלאכה אוּם שבת פַאר אִיהם טָהוּן; אוּן אַז עֶר הָאט וִוידִיר אֵייבִּיג זַיין טִישׁ גִיגְרֵייט וִויא עֶס גִיהֶערְט צוּ זַיין, זַיין שבת לָאמְפּ אָן גִיצוּנְדִין אוּן קִידוּשׁ גִימַאכְט, אוֹדִיר, וִויא מִיט אַנְדִירִי וֶוערְטִיר צוּ זָאגִין, אַז עֶר הָאט פוּנְקְט אַלֶץ גִיהַאלְטִין וָואס צוּם סֵדֶר שבת גִיהֶערְט, אוּן וֶוען עֶר הָאט אפילו עבודה זרה גִידִינְט וֶועט מַאן אִיהם דָאךְ מן הסתם מוחל זַיין, אַזוֹ הָאבִּין דִיא לֶערְנוּנְגִין פוּן דִיא רבנים פְּרָאסְטִי דֶעם שְׁטֵייגִיר, זֵייאִיר פִיל צוּ פֶערְפִיהְרִין, זֵייא אִין זִינְד צוּ פֶער הַארְטִיוִוין, אוּן אַזוֹ צוּ מַאכִין אַז זֵייא זָאלְלִין נִיט ראוי זַיין צוּ יֶענִים גְרוֹיסִין שבת אוּן אִיהם צוּ בִּיקוּמִין וָואס עֶר שְׁטֵייט נָאךְ פָאר, פַאר דֶעם פָאלְק פוּן גָאטט ב״ה. —

# נתיבות עולם

## עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז

### דיא אלטי שטעגין.

### נומר ל׳

דִיא אמתי אמונה, וָואס גָאטט ב״ה אִיז דֶער מיסד פוּן אִיהר אִיז גְלַייךְ צוּא דִיא לִיכְטִיגְקֵייט פוּן דֶער זוּן, אַיין טוֹבת הכלל פַאר אַלְלֶי, דִיא וָואס עֶפִינֶען נוּר זֵייאִירֶי אוֹיגֶין אוּן ווִילִין אוֹיף דִיא גָאבּ פוּן גָאטט השגחה גֶעבִּין; זִיא אִיז נִיט אַיין אמונה נוּר פֶער רַייכֶי אוּן גִילֶערִינְטֶי אַלֵיין, נַייאִירְט זִיא שְׁטֵייט אָפִין פַאר דֶעם שכל אוּן דָאס הֶערְץ פוּן דֶעם אָרִימֶין אוּן פַאר נִיט קֵיין למדן אוֹיךְ, דַארִיבֶּיר בִּישְׁרַייבְּט אוֹיךְ דִיא הֵיילִיגֶי תורה דִיא הִימְמְלִישֶׁי הכמה לערך אַזוֹ:

בראש־מרומים עלי־דרך בית נתיבות נצבה: ליד־שערים לפי־קרת מבוא פתחים תרנה: אליכם אישים אקרא וקולי אל בני אדם: הבינו פתאים ערמה וכסילים הבינו לב:

„עֶפִינְטְלִיךְ אוֹיף דֶעם וֶועג אוּן בַּייא דִיא גַאסִין שְׁטֵייט זִיא, בַּייא דִי טוֹירִין פוּן שְׁטָאט וואוּ מַאן גֵייט דוּרְךְ דֶער טִיר אַרַיין, שְׁרַייט זִיא: אָ! אִיהר מֶענְשִׁין אִיךְ שְׁרַייא צוּא אַייךְ, אוּן רוּף דִיא לַייטִין, אִיהר פתאים פַאר שְׁטֵייט קְלוּגְהַייט, אוּן אִיהר נַארִין נֶעמְט אַייךְ אִין הֶערְצִין אַרַיין!״ (משלי ח׳ פסוק ב׳–ה׳) אוּן אַזוֹ אוֹיךְ רוּפְט גָאטט אַללִיר הַאנְד מֶענְשִׁין צוּא, דוּרְךְ דֶעם מוֹיל פוּן דֶעם נביא, וָוארִין עֶר זָאגְט:

הוי כל צמא לכו למים ואשר אין־לו כסף לכו שברו ואכלו ולכו שברו בלא־כסף ובלא מחיר יין והלב:

„הוֹי! אִיטְלִיכִיר דוּרְשְׁטִיגִיר גֵייט צוּא דֶעם וַואסִיר, אוּן דֶער וָואס הָאט קֵיין גֶעלְד נִיט גֵייט קוֹיפְט אוּן עֶסְט! אוּן גֵייט קוֹיפְט אָן גֶעלְד אוּן אָן קוֹיף לוֹהן וַויין אוּן מִילְךְ!״ (ישעיה נ״ה, פסוק א׳) אָבִּיר פוּנְקְט פֶער קֶעהרְט אִיז דִיא אמונה וָואס מֶענְשִׁין הָאבִּין גִימַאכְט, זִיא אִיז מבטיח דֶעם רַייכִין אוּן דֶעם למדן אוֹיסְטִירְלִישֶׁי טובות, עֶנְטְווִיר זִיא אִיז מבטיח אַז דוּרְךְ צְדָקָה גֶעבִּין קָאן מַאן זִיךְ עוֹלם הבא קוֹיפִין, אוֹדִיר אַשְׁטֵייגִיר וִויא שכר

האבין

הָאבִּין דֶער פַאר וָואס מַאן לֶערִינְט דִיא מנהגים פוּן דֶער אמונה, אוֹדִיר זִיא מֶעכְט אִיהְרִי תקנות אַזוֹ שְׁוֶוער אוּן פַאר וְוִיקִילְט, בִּיז עֶס אִיז גָאר נִיט מִיגְלִיךְ אַז אֵיין אָרִימִיר בעל מלאכה זָאלל עֶפִּיס אַיין ידיעה קְרִיגִין אִין דֶעם. אָבִּיר אִיטְלִיכִי דַת אמונה וָואס טוּהט אַזוֹ, מוּז גְוִויס אַיין פַאלְשִׁי זַיין. דִיא אמונה אִיז פַאר דֶער נשמה אַזוֹ נֵייטִיג, וְוִיא דִיא לִיכְטִיגְקַייט פוּן טָאג צוּא דִיא אוֹיגִין, אוּן עֶס וָואלְט באמת אַיין אכזריות גִיוֶועזִין אַז מַאן זָאלל בַּייא דֶעם אָרִימִין אַוֶועק נֶעהמִין דִיא יכולת אַז עֶר זָאלל זִיךְ אִיהְרִי טְרֵייסְטוּנְגִין נִיט קֶענִין פַאר שַׁאפִין וָואס עֶר בַּארְף דָאס צוּם מֵיינְסְטִין, אוֹדִיר וֶוען דֶער יום המשפט וֶועט קוּמִין, זָאלל דֶער, וָואס הָאט זַיין גַאנְצִין לֶעבִּין אוֹיף לֶערְנִין פֶער בְּרַאכְט אַיין בֶּעססִירִין גורל הָאבִּין ווִיא דֶער דָאזִיגִיר וָואס הָאט שְׁוֶוער גִיאַרְבַּייט, כדי עֶר זָאלל זִיךְ אוּן זַיין הויז גִיזִינְד עֶרְלִיךְ קֶענִין מפרנס זַיין. אוּן פוּן דֶעסְט וֶועגִין אִיז עֶס דָאךְ מִיט דֶעם דָאזִיגִין טְהֵייל יוּדִין וָואס זֵייא זֶענִין אַרְבַּייט לַייט אַזוֹ דִיא משמעות. דֶער דת אמונה פוּן דֶער תורה שבעל פה הָאט אפילו דִיא דָאזִיגִי מצות וָואס זֵייא זֶענִין גָאר פשוט אַזוֹ פַאר דְרֵייט, אַז דֶער וָואס אִיז נִיט קֵיין למדן הָאט גָאר קֵיין אוֹיס זִיכְט אַמָאהל אִין שְׁטַאנְד צוּ זַיין דָאס דָאזִיגִי מקיים צוּ זַיין. אוֹיבּ צוּם פַאר שַׁאפִין זִיךְ אַיין חלק לעולם הבא וָואלְט מַאן נִיט מֶעהר בִּידַארְפִין נוּר שבת הֵיילִיג צוּ הַאלְטִין נָאךְ דִיא רבנים נָאךְ, וָואלְטִין אוֹיךְ מוּזִין דָאס רוֹב יוּדִין זֵייאִיר מסופק זַיין אוֹיבּ זֵייא וֶועלִין אַמָאהל הָאבִּין עולם הבא; וָוארִין צוּ דִיא פוּנְקְטְלִיכִי ידיעות וָואס מַאן מוּז פְרִיֶער הָאבִּין, אוּן דִיא גוּזְמָאוֹת תקנות מִיט אִיהְרִי חילוקים אַז מַאן זָאלל ווִיסִין ווִיא אַלְץ מקיים צוּ זַיין, בִּידַארְף מַאן דֶער צוּ זֵייאִיר פִיל צַייט אוּן לימוד הָאבִּין, וָואס קֵיין אַרְבַּייט מֶענְשׁ קֶען דִירוֹיף גָאר נִישְׁט פֶערְבְּרֵיינְגִין. אוּן מִיר ווֵייסִין אַז אֵיין גְרוֹיסִיר טְהֵייל פוּן דֶעם יוּדִישִׁין פָאלְק אִין דָאס רוֹב שְׁטֶעט לֶעבִּין תָּמִיד אִין חילול שבת, אוֹיבּ דִיא פשטים פוּן דִיא רבנים זָאללִין אמת זַיין, עֶנְטְווִיר זֵייא זֶענִין עֶפִּיס מטלטל וָואס מַאן טָאר נִיט מטלטל זַיין אוֹדִיר זֵייא טְרָאגִין וָואס מַאן טָאר נִיט טְרָאגִין; אָבִּיר אַז זֵייא טוּהִין אַזֶעלְכִי זַאכִין אַזוֹ וֶועלִין זֵייא הָאבִּין דֶעם גְרֶעסְטִין עונש נָאךְ דֶער דָאזִיגִיר תורה נָאךְ. אַזוֹ הָאבִּין למשל דִיא רבנים דֶערְקְלֶערְט, אַז אִין אֵיין אָרְט מֶעג מַאן כמה זַאכִין אוֹים שבת מטלטל זַיין אוֹדִיר טְרָאגִין, וָואס אִין אֵיין אַנְדִיר אָרְט אִיז אסור דָאס זֶעלְבִּיגִי צוּ טְהוּן וָוארִין מַאן קָאן דֶעם שַׁארְפְסְטִין עונש דֶער פַאר הָאבִּין: זֵייא מַאכִין אַיין חילוק צְווִישִׁין דִיא עֶרְטִיר אוֹיף דֶעם דָאזִיגִין אוֹפֶן:

ארבע רשויות לשבת. רשות היחיד ורשות הרבים. כרמלית ומקום פטור.

רשות

רשות היחיד הוא המקום המוקף מחיצות גבוהות עשרה ויש בו ארבעה טפחים על ארבעה ואפי' אם יש בו כמה מילין אם מוקף לדירה ודלתותיו נעולות בלילה הוי רשות היחיד. ודיר וסהר וחצר. וכן חריץ עמוק עשרה ורחב ד' על ד' או יותר וכן תל גבוה י' ורחב ד' על ד'. וכותלין המקיפין רה"י על גביהן וחוריהן רה"י. ואויר רשות היחיד הוי רה"י עד לרקיע ואפילו כלי אם גבוה י' ורחב ד' על ד' כגון תיבה או כוורת או מגדל הוי רה"י. ור"ה הוא רחובות ושווקים הרחבים י"ו אמה על י"ו אמה ומפולשים משער לשער וששים רבוא עוברין בו. וכל דבר שהוא בר"ה ואינו גבוה ג' טפחים חשוב כקרקע והוא רשות הרבים אפילו קוצים או צואה שאין רבים דורסין עליהם. ואם הוא גבוה ג' ומג' עד ט' ולא ט' בכלל אם הוא רחב ד' על ד' הוי כרמלית פחות מכאן הוי מקום פטור:

„מַאן מַאכְט אַיין הילוק פוּן וֶועגֶין שבת צוּ וִויסִין פִיר עֶרְלֵייא עֶרְטִיר: 1) דֶעם פְּרִיוַואטְנִים אָרְט, 2) דֶעם עֶפִינְטְלִיכִין אָרְט, 3) אֵיין אָרְט וָואס מַאן רוּפְט עֶס כרמלית, אוּן 4) דֶעם פְרַייהִין אָרְט. דֶער פְּרִיוַואט אָרְט הֵייסְט אַזוֹ אַיין אָרְט, וָואס עֶר אִיז אַרוּם גִיבוֹיט מִיט וֶועגְד וָואס זֵייא זֶענִין הוֹיךְ צֶעהִין טפחים, אוּן עֶס רִינְגִילְט אַרוּם אֵיין פְּלַאץ פוּן פִיר טפחים דִיא לֵיינְג אוּן פִיר טפחים דִיא בְּרֵייט. אוֹדִיר אַז עֶר אִיז אפילוּ עֶטְלִיכִי מַייל גְרוֹיס, נוּר אַז צוּ וואוֹינִין דֶערִינִין אִיז עֶס מִיט וֶועגְד אַרוּם אוּן דִיא טִירִין וֶוערִין בַּייא נַאכְט צוּ גִישְׁלָאסְסִין אִיז דָאס אַיין רשות היחיד. אַיין שְׁטַאל, אוּן אַיין פְּלַאץ וָואס אִיז אַרוּם גִיצוֹימְט, אוּן אַיין הוֹיף, הֵייסְט אוֹיךְ אַיין רשות היחיד; אוּן אַזוֹ אוֹיךְ אֵיין גְרָאבִּין, וָואס אִיז צֶעהִין טפחים דִיא טִיפְקֵייט אוּן פִיר טפחים אוֹיף פִיר טפחים אוֹדִיר נָאךְ מֶעהְרִיר דִיא בְּרֵייט. אוּן אַזוֹ אוֹיךְ אֵיין בֶּערְגִיל וָואס אִיז צֶעהִין טפחים הוֹיךְ אוּן פִיר טפחים אוֹיף פִיר טפחים דִיא בְּרֵייט, דֶער אוֹיבִּירְשְׁטִיר בַּאנְד פוּן דִיא וֶוענְד, וָואס זֶענִין אַרוּם אַיין רשות היחיד, אוּן אוֹיךְ דִיא לֶעכִיר וָואס עֶס גִיפִינְד זִיךְ אִין זֵייא, דָאס הֵייסְט אַלְץ רשות היחיד. דֶער אַוִיר פוּן אַיין רשות היחיד הֵייסְט אַלְץ רשות היחיד בִּיז דֶעם הִימִיל, אוּן אפילוּ אַיין כלי דהיינוּ אַיין קַאסְטִין אוֹדִיר אַיין זִיפּ אוֹידִיר אַיין טוּרִים וָואס עֶס אִיז צֶעהִין טפחים הוֹיךְ אוּן פִיר טפחים אוֹיף פִיר טפחים בְּרֵייט דָאס אִיז אַלְץ אַיין רשות היחיד. אַיין עֶפִינְטְלִיכִיר אָרְט הֵייסְט פְּלֶיעצִיר פוּן מֶערְק אוּן דִיא גַאססִין וָואס הַאלְטִין זֶעכְצֶעהִין אֵילִין אוֹיף זֶעכְצֶעהִין אֵילִין דִיא בְּרֵייט, אוּן פוּן אֵיין טוֹיהִיר צוּם אַנְדִירִין עֶפִינְט עֶס זִיךְ גַאנְץ בְּרֵייט אוֹיף אוּן זֶעכְּס מָאהל הוּנְדִירְט טוֹיזִינְד מֶענְשִׁין גֶעהִין דוּרְךְ. אוּן אִיטְלִיכִי זַאךְ וָואס עֶס גִיפִינְד זִיךְ אִין אַיין עֶפִינְטְלִיכִין אָרְט אוּן עֶס אִיז נִיט הוֹיךְ קֵיין דְרַייא טפחים אִיז דָאס גִירֶעכִינְט וִויא דִיא עֶרְד אוּן אִיז רשות הרבים, אפילוּ דֶערְנִיר אוֹדִיר קוֹיט וָואס דִיא

מֶענְשֶׁין טְרֶעטִין אוֹיף זֵייא נִיט, אִיז אָבִּיר דִיא זַאךְ דְרַייא טפחים הויךְ, און פוּן דְרַייא בִּיז נַיין (אָבִּיר דֶער נַיינְטִיר אִיז נִיט אִין כלל) אוֹיב עֶס אִיז בְּרֵייט פִיר טפחים אוֹיף פִיר טפחים אִיז דָאס אַיין כרמלית (כרמלית הֵייסְט אַיין אַרוּם גִיצוֹימְטִיר אָרְט וְויא אַיין בְּרֵייט שׁוּלל) ; אָבִּיר אַז עֶס אִיז נִיט אַזוֹ בְּרֵייט הֵייסְט דָאס אַיין מקום פטור" (אורח חיים שמ"ד.) מִיר זֶענִין אפשר זֵייאִיר אִין ספק אוֹיב דָס רוֹב יוּדִין זֶענִין בְּקַאנְט מִיט דֶעם דָאזִיגִין טְהֵייל פוּן דִיא דינים פוּן שבת ; דָאס אִיז אָבִּיר גַאנְץ גִיוִויס, אַז דִיא גוּזמוֹת אוֹפנים וָואס עֶס אִיז אַלְץ מִיגְלִיךְ עוֹבר צוּ זַיין דוּרְךְ דִיא דָאזִיגִי חילוּקים, פֶערְשְׁטֵייהִין זֵייא גָאר נִיט. דִיא תּוֹרה שבעל פה גֵייט דוּרךְ דִיא אֵיינְצִיגִי רשוּתים אַדוּרְךְ און דֶער קְלֶערְט וָואס מַאן מֶעג אִין אִיטְלִיכִין אוֹדִיר וָואס מַאן טָאר נִיט. צוּם עֶרְשְׁטִין הֵייסְט עֶס אַזוֹ :

כל אדם יש לו ד' אמות בר"ה שיכול לטלטל בהם :

„אִיטְלִיכִיר מֶענְשׁ הָאט אִין אַיין רשוּת הרבים פִיר אֵיילִין, וָואס עֶר מֶעג דֶערִינִין זַאכִין טְרָאגִין." אוֹדִיר וְויא דֶער רמב"ם גִיט דָאס צוּ פַר שְׁטֵייהִין :

רשות היחיד ומקום פטור מותר לטלטל בכולן אפילו היה אורך כל אחת משתיהן כמה מילין מטלטל בכולה. אבל רשות הרבים והכרמלית אין מטלטלין בהן אלא בארבע אמות :

„אִין אַיין רשוּת היחיד און אִין אַיין פְּרַייהִין אָרְט מֶעג מַאן אִין דֶעם גַאנְצִין פְּלַאץ פוּן דֶעם אָרְט מטלטל זַיין זַאכִין, אפילוּ אַז זֵייא זֶענִין לַאנְג עֶטְלִיכִי מַייל ; אָבִּיר אִין אַיין רשוּת הרבים אוֹדִיר אִין אַיין כרמלית טָאר מַאן נִיט מטלטל זַיין נוּר אִין דֶעם פְּלַאץ פוּן פִיר אֵיילִין" (הלכות שבת פרק כ"ד–ב'.) מַאן קַאן אִיצוּנְד גַאנְץ רֶעכְט פְרֶעגִין, אוֹיף וֶועלְכִין אָרְט פוּן תורת משה זֶענִין דִיא דָאזִיגִי אַלְלִי דינים און חילוּקים גִיגְרוּנְדֶעט פֶעסְטִיגְט, און פַאר וָואס אַיין זַאךְ וָואס אִיז אִין אַיין רשוּת היחיד מוּתּר צוּ טְהוּן, וֶוערְד זִיא פֶערְקֶעהְרְט צוּ אַיין עבירה אַז מַאן טְהוּט עֶס אִין אַיין רשוּת הרבים, און קֶען אַנְדִירְשׁ נִיט מכוּפּר וֶוערִין סַיידִין אַז מַאן פֶערְשְׁטֵיינְט נוּר אַזוֹ אַיין רשע. אִין אַיין רשוּת היחיד מֶעג מַאן למשל כמה זַאכִין טְרָאגִין עֶטְלִיכִי מַייל ווַייט, און מַאן פֶערְבְּעט דֶער מִיט נִיט דִיא גִיבָּאט פוּן שבת ; אָבִּיר אַז אִימִיצִיר שְׁטֵייט זִיךְ אוּנְטִיר אַרוֹיס צוּ גֵיין אִין רשוּת הרבים מִיט אַיין שְׁנוּפְּטוּךְ, אוֹדִיר אַיין טַאבַּאקְסְדוּז אוֹדִיר מִיט אַיין מטבע אִין דֶער טַאשׁ און טְרָאגְט דִיא דָאזִיגִי זַאכִין מֶעהֶער וְויא פִיר אֵיילִין, אִיז עֶר חייב מיתה, און אִין דֶער צַייט אַז דִיא תנאים הָאבִּין דִיא ממשלה גִיהַאט הָאט מַאן אִיהְם בַּאלְד נָאךְ שבת אַרוֹיס גִיפִירְט און פַאר שְׁטֵיינְט. אַזוֹ אַיין לֶערְנוּנְג אִיז

גאר

גאר כנגד דעם שכל; ווארין דאס טראגין איז אין איין רשות היחיד און אין איין רשות הרבים דאס זעלביגי, און מוז ענטוויר אין דיא דאזיגי ביידי ערטיר אסור זיין אודיר אין ביידי ערטיר מותר זיין. עס שוידירט אויף, דיא מענשליכקייט אז מאן נעמט זיך אויף דיא גידאנקין, מאן זאל פערשטיינין איין מענשין דער פאר וואס ער האט איין שנופפטיכיל איין קליינו שטיקיל וועגם גיטראגין, און דיא הייליגי תורה לערינט אונס, אז אזו איין אמונה וואס לערינט אזעלכי הארטי און מוטהווילינגי אכזריות קען ניט זיין פון גאטט. חאטשי עס איז אמת אז דיא ממשלה פון דיא קריסטין בישיצט איצונד דיא יודין פון אזעלכי שרעקליכי ביהאנדלונג, אביר וואו דיא גמרא האט נור עפיס מאכט, זיפצט שוין דאס פאלק ישראל אונטיר איהרי קנעכטשאפט. וויא פיל מאהל האבין מיר גיזעהין וויא יודין האבין מיט איהרי שנופפטיכער אזו וויא מיט איין גארטיל ארום איהרי קניא ארום גיבונדין: ווארין דאס מעגין זייא, אביר דאס זעלביגי אין דער טאש צו טראגין וואלטין זייא בוודאי גיהאט איין שווערין קרימינאל פראצעס. אזו האבין מיר אויך גיזעהין איין יודין, וואס ער איז אום שבת גיגאנגין שפאצירין, וויא איין בעטליר האט בייא איהם גיבעטין אז ער זאל איהם עפיס שיינקין, האט ער ארויס גינומין איין קליינו מטבע פון דער טאש און האט דעם דאזיגין בעטליר גיגעבין. דאס האבין אביר עטליכי גמרא לומדים דער זעהין און האבין איהם אויס גירעט איביר דעם חילול שבת, אביר ווייל ער האט מורא גיהאט, אז ער זאל ניט פערלירין זיין גוטין שם, און ער איז מעהר אין פחד גיוועזין אז ער זאל ניט פערלירין דעם לויב פון מענשין, מעהריר וויא פאר דאס דאזיגי וואס פון גאטט ב"ה קומט, האט ער זיך פאר זייא פער ענטווירט און האט גיזאגט, ער האט אליין ניט גיוואוסט אז ער האט בייא זיך אין דער טאש דיא מטבע גיהאט, און בשעת דער בעטליר האט בייא איהם גיבעטין איז ער ערשט גיוואר גיווארין אז ער טראגט דיא מטבע אום שבת דאריבער האט ער דאס דעם בעטליר אוועק גיגעבין כדי ער זאל דער פון לויז ווערין און זאל ניט ווייטיר אום שבת טראגין. דיא דאזיגי גמרא לומדים זענין דער פון צו פרידין גיווארין, און עס איז נאך גאר אפילו פערביטין גווארין אן שטאט זייאיר כעס האבין זייא זיך אן גיהויבין צו וואונדירין איביר זיין פרומקייט. דיא דאזיגי מעשות ביווייזין דעם שטייגיר פון די ביקאנטי פעולות, פון דעם סדר פון די רבנים; עס לייגט ארויף איין לאסט אויף דאס הארץ פון דיא רעכט שאפיני, און מאכט דעם וואס איז ניט אזו נאריש גלייביג, אז ער מוז ווערין איין ליגניר.

דיא

דיא גיזעץ פון שבת איז איין טהייל, און אפילו איין הויפט טייהל פון דיא נייא מאדישי יודישקייט! עס איז גיט פערהאנדין קיין טהייל פון דער תורה שבעל פה, וואס דיא בעלי הגמרא זאללין איהם אזו וויכטיג מאכין, וויא דעם דאזיגין. דאריבער, איטליכיר וואס ער היט ניט רעכט דעם דאזיגין גיזעץ האט ער שוין דורך דעם זיין אמונה פערענדירט, און האט שוין גיוויס איין נייהי אמונה אן גינומין, אזו וויא ער וואלט שוין גיטויפט גיווארין און וואלט זיך פובליצניע ביקענט צו דער אמונה פון קריסטין. איטליכיר יוד וואס טראגט זיין שנופטוך אין דער טאש איביר דער גאסס אום שבת איז פון דער דאזיגיר יודישי אמונה וואס זיא איז לערך פאר צווייא טויזינד יאהר גילערינט גיווארין אראפ גיפאלין, און דערקלערט דורך דעם באמת אז דיא אמונה פון דער כנסת היהודים איז פאלש. וויא אזו קען ער אהני ליגין ביהויפטין אז ער גיהערט צו דער יודישיר אמונה? אוידיר אויב ער איז איין גירעכטיר מענש וואס האט ליב דעם אמת, וויא, קאן ער, אזו איין דת פאר רעכט האלטין, וואס ער זעהיט זיא אן פאר איין פאלשי און אז זיא וואלט דיא ממשלה גיהאט, וואלט זיא איהם לאזין ממית זיין אזו וויא איין בעל עבירה? ווען עס וואלט אזעלכי מענשין וואס זענין זייאיר גאנציין לעבין שטענדיג עובר אויף אללי דינים פון שבת נור עפים דאראן גיין דער אמת און דיא אנטפלעקונג פון גאטט ב"ה, אזו וואלטין זייא מוזין זייארי גידאנקין בפרהסיא ביקאנט מאכין און זאגין, אז זייא פאר לאזין דיא אמונה פון זייארי אבות און ווייללין גיין צו דער דאזיגיר וואס זייא האלטין פאר אמת. דער פעסטיגסטיר און פערטיפטיר גמרא למדן פער דינט מעהר כבוד און איז בייא גאט אן גינומיניר וויא דער דאזיגיר, וואס ער שטעלט זיך אן אז ער גיהער צו אזו איין אמונה וואס ער גלויבט אין איהר ניט און האלט איהרי לערנונג נור פאר איין פאנטאזיע און נארישׁ גלייביגקייט.—מיר קערין זיך אביר צו ריק אום צו אונזיר ענין. פון דעם אויבין גידאכטין דין האבין מיר דער זעהין אז מאן טאר קיין זאך ניט טראגין אין רשות הרבים ווייטיר וויא פיר איילין. אביר אין דעם פאלל, אז דיא בעלי הגמרא וואלטין איין גיזעהין אז עס איז גוט צו עפים אודיר עס איז וועדט צו ווינשין, אז מאן זאל איין זאך איין גרעסירי שטיק וועג מטלטל זיין, ציא איז גאר קיין ספאסיב ניט גיוועזין אז מאן זאלל דיא זאך קענין ווייט אוועק ברייגגין? בוודאי יוא, דיא גוט הארציגי מענשין וואס וואלטין יענים צום טויט פער שטייניגט, דעם וואס וואלט עפים איין זאך גיטראגין פינף איילין ווייט, האבין פארט איין ספאסיב אויס גיטראכט,

אויב עס איז גייטיג גיוועזין, דיא זעלביגי זאך אפילו הונדירט מיילין ווייט צו טראנספאטירין :

לפיכך מותר לאדם לעקור החפץ מר"ה וליתנו לחברו שאצלו בתוך ד' אמותיו והברו לחברו שאצלו אפי' ק' מילין ואע"פ שהחפץ הולך כמה מילין ברשות הרבים שכל אחד לא יטלטלנו אלא בתוך ד' אמותיו :

"דרום מעג איטליכיר מענש נעמין איין זאך פון רשות הרבים, און זאלל דאס דער לאנגין זיין חבר וואס ער איז וויניגיר וויא פיר איילין ווייט פון איהם, כדי דער זאל ווידיר דער לאנגין זיין חבר וואס שטייט אויך אזו ווייט פון איהם, און אזו ווייטיר אפילו ביז הונדירט מיילין : האטשי דיא זאך איין גייט אויף דעם דאזיגין אופן פיל מיילין דורך אין רשות הרבים, אביר עס האט איהם דאך איטליכיר איינציגיר מענש ניט מעהר וויא נור אין זייני פיר איילין מטלטל גיוועזין." (אורח חיים סימן שמ"ח) מיר האבין אפט פון דיא וואונדירליכי פעולות גיהערט וואס עס קומט ארויס דער פון אז מאן פער טיילט איין ארבייט צווישין פיל מענשין, אביר ביז איצונד קיין מאל דאס ניט גיוואוסט, אז דאס זעלביגי, זאל איין הויפט אורזאכע קענין פערקערין אז דם זאל ווידיר רעכט זיין : דם בידארף פאר וואר קיין ביוויז ניט אז ווען עס טאר איין איינציר מענש עפיס איין זאך ניט טהון, טארין דאס עטליכי הונדירט מענשין צו זאממין אויך ניט טהון. דער דאזיגיר דין זעהט באמת מעהריר אוים אז דאס פארדארביני גישטאלט האט אוים גיטראכט איינער פון דיא דאזיגי וואס האט פיינד דיא תורה שבעל פה אלץ וויא ווען דאס וואלט זיין איין ערינגסטי ביישטיממונג פון בעלי אמונה אין אזו איין זאך, וואס עס האנדילט זיך אין איהר פון לעבין און טויט. אביר ווען מיר ווילין דעם אויבין גידאכטין דין עטוואס ווייטיר דריינגין, אזו גיפינין מיר ווידיר אז מאן טאר ניט טראגין דיא זעלביגי זאך פון איין רשות אין דעם אנדירין אפילו עס איז נאהנט איינער בייא דעם אנדירין. דאס הייסט :

כשם שאסור לטלטל בכל הכרמלית כן אסור להוציא ממנה לרשות היחיד או לרשות הרבים או להכנים לכרמלית מרשות היחיד או מרשות הרבים. ואם הוציא או הכנים פטור :

"אזו וויא מאן טאר קיין זאך ניט מטלטל זיין אין דעם פלאץ פון איין כרמלית, אזו אויך טאר מאן ניט פון איהם עפים ארוים טראגין אין איין רשות היחיד אודיר אין איין רשות הרבים אריין, אודיר פער קעהרט, פון איין רשות היחיד אודיר פון איין רשות הרבים עפים אין איין כרמלית

אַריין צוּ בְּרֵיינְגִין. אָבִּיר אַז אִימִיצִיר הָאט אַרוֹיס גִיטְרָאגִין אוֹדִיר אַריין גִיבְּרַאכְט, אִיז עֶר פטור." דָאס הֵייסְט מַאן שְׁלָאגְט אִיהם נור מלקות אָבִּיר מַאן פַר שְׁטֵיינְט אִיהם נִיט. אַיין מֶענְשׁ וָואס עֶר אִיז נִיט קיין למדן וֶוען עֶר וָואלְט אַמָאל גִיזֶעהִין וִויא מַאן טְרַאנְסְפָּאטִירְט אַיין זַאךְ דוּרְךְ דֶעם קוּנְצִיגִין דֶער לַאנְגִין וָואס אוֹיבִּין אִיז גִידַאכְט, קֶען זִיךְ גְרִינְג פֶער פִיהרְט וֶוערִין צוּ טְהוּן אַיין אוּמְרֶעכְט נָאךְ דֶעם דָאזִיגִין שְׁטֵייגִיר נָאךְ, זַיין פְּשׁוּטִיר גְלַייכִיר שכל וָואלְט דָאס נִיט קֶענִין פֶערְשְׁטֵיין, פַאר וָואס אִיז דָאס אֵיינִי אַיין זִינְד אוּן דָאס אַנְדִירִי מֶעג מַאן טְהוּן; אָבִּיר אַזֶעלְכִי בֶּעהוֹיפְּטוּנְג פוּן דֶעם גִיזוּנְדִין מֶענְשְׁלִיכִין שכל וֶועלִין אוֹיף אִיהם גִיוִויס שְׁטְרָאף אַרוֹיף בְּרֵיינְגִין. קודם כל וָואלְט עֶר גִיפְּרוּבְט זַיין קָאפְּף צוּ שְׁטֶעקִין פוּן אֵיין רשות אִין דֶעם אַנְדִירִין אַריין; אִיבִּיר הוֹיפְּט וֶוען עֶר שְׁטֵייט אוֹיף דֶער גַאסס אוּן אַיין גוּטִיר פְרַיינְד וָואס שְׁטֵייט אִין זַיין הוֹיז ווילל אִיהם גֶעבִּין אַיין טְרוּנְק וַואססֶער, וָואלְט עֶר דָאךְ בוודאי זַיין קָאפְּף דוּרְךְ דֶעם פֶענְצְטִיר אַריין גִישְׁטֶעקְט אוּן דָאס וַואססִיר צוּ גִינוּמִין. אָבִּיר עֶר וָואלְט זַיין גְרוֹיסִין שָׁאדִין בַּאלְד גִיוָואר גִיוָוארִין, אַז עֶר הָאט אֵיינְס פוּן דִיא דינים פוּן שבת עובר גִיוֶועזִין, אוּן דֶער פַאלל אִיז באמת אִין דֶער תורה שבעל פה פֶער וָוארִינְט, וָואס עֶס הֵייסְט אַזוֹ:

לא יעמוד אדם ברה"י ויוציא ראשו לרה"ר וישתה שם או איפכא אא"כ יכנים ראשו ורובו למקום שהוא שותה דכיון שהוא צריך לאלו המים אנו חוששין שמא יביאם אליו אבל מותר לעמוד ברה"י או בר"ה ולשתות בכרמלית:

„עֶס טָאר קיין מֶענְשׁ וָואס עֶר שְׁטֵייט אִין אַיין רשות היחיד, זַיין קָאפְּף נִיט אַרוֹיס שְׁטֶעקִין אִין אַיין רשות הרבים אַריין, כדי עֶר זָאלל דָארְטִין טְרִינְקִין, אוֹדִיר פֶער קֶעהרְט פוּן אַיין רשות הרבים אִין אַיין רשות היחיד אַריין, סַיידִין עֶר זָאלל אַריין שְׁטֶעקִין זַיין קָאפְּף אוּן דֶעם גְרֶעסְטִין טְהֵייל פוּן זַיין גוּף דָארְט אַהִין וואו עֶר טְרִינְקְט; וָוארִין וַוייל עֶר דַארְף דָאס וַואסְסִיר הָאבִּין מִיר זָארְג צוּ הָאבִּין תאמר וֶועט עֶר עֶס צוּ זִיךְ (אִין דֶעם רשות אִין וֶועלְכִין עֶר שְׁטֵייהִיט) בְּרֵיינְגִין. דֶער קייגִין מֶעג מַאן שְׁטֵיין אִין אַיין רשות היחיד אוֹדִיר אִין אַיין רשות הרבים, אוּן צוּ טְרִינְקִין אִין אַיין כרמלית (אורח חיים שמ"ט) עֶס אִיז בִּישַׁיינְפִּירְלִיךְ אַז דֶער וָואס אִיז נִיט קיין למדן קֶען אַזֶעלְכִי דינים נִיט גִינוּגִין טְהוּן, עֶר וָואלְט נִיט קֶענִין אפילו אַיין מָאהל הָאפִּין אַז עֶר זָאלל זִיךְ אוֹיס גֵיין פוּן לַייב שְׁטְרָאף; אוֹדִיר אַז דָאס מקיים זַיין דִיא דָאזִיגִי דינים אוֹיף דָאס גִינוֹיסְטִי וָואלְט גִיוֶועזִין אַיין בִּידִינְג אוֹיף עולם הבא, וָואלְט עֶר זִיךְ בִּידַארְפִין דֶער פוּן מיאש זַיין,

וועגן

ווען ער זאל נאך אזו ערינקט ווערן פאלגין, און נאך אזו זיין שכל דערויף ליגין, וועט עס איהם ניט העלפין, און וועט איהם גאר ניט דער לייגין דער פאר וואס ער איז ניט גילערינט. למשל ווען ער וועט מיינין ווייל בשעת ער טרינקט טאר ער זיין קאפף ניט האלטין אין איין רשות און זיין גוף אין איין אנדירין רשות, אזו אויך טאר מאן קיין בהמה ניט עסין געבין אז זיא שטייט אויף אזו איין אופן, וועט ער אין תעות זיין, ווייל עס שטייט:

בהמה שהיתה רובה בחוץ וראשה בפנים אובסין אותה:

„איין בהמה וואס דאס גרעסטי טהייל פון איהר גוף איז דערויסין און איהר קאפף איז איניווייניג מעג מאן איהר געבין צו עסין.” און אז ער זאלל ווידיר דעם דאזיגין פסק אן געהמין אז דאס איז איין כלל וויא ער זאלל אללי מאהל טהון, וועט ער זיך ווידיר תועה זיין וואררום מיט דיא בהמות וואס זייא האבין לאנגי העלזיר איז דאס אנדירשט:

ובגמל עד שיהא ראשו ורובו בפנים הואיל וצוארו ארוך:

„אביר איין קעמיל מוז דעם גרעסטין טהייל פון זיין גוף און זיין קאפף איניווייניג האלטין, ווייל זיין האלז איז לאנג. ”(הלכות שבת פרק כ"ה, א'.) און אזו איז עס מיט אללי האנד אופנים גאר אן איין סוף וואס עס קומט נור ארויס פון דיא איינציגי איינטהיילונגין פון דיא ערטיר אין פיר חלקים. דאס יודישקייט איז אין אללי איהרי חלקים איין אמונה פאר לומדים און אביר נור פאר זייא; אביר אזו איינים וואס איז ניט קיין למדן איז עס אויף קיין פאלל ניט מיגליך, דעם שבת צו האלטין וויא דיא תורה שבעל פה פער לאנגט עס און פון דעסט וועגין, וואס פאר איין טובה טוהט עס אפילו דיא דאזיגי, וואס זייא פער בריינגין זייאיר גאנצין לעבין אויף דעם לערנין דיא דאזיגי זאבין? בעסירט עס זייאיר הארץ? אודיר עפינט עס זייא גרעסירי אויסזיכטין אויף חסדים פון גאטט ב"ה? אודיר דער פיהלט עס זייאירי זייל מיט ליבשאפט צו אנדירי מענשין? מיר זענין אויף קיין פאלל ניט מסופק; אז דאס דער הייכט טאקיש דיא קלוגהייט און דעם שארפין זינין; אביר דאס איז פאר דיא מענשין בכלל נור זייאיר איין קלייני טובה. דאס קרימינאל רעכט פון וואס פאר איין מדינה עס איז קען דאס זעלביגי טהון, און באמת איז דיא תורה שבעל פה נור ווייניג וואס מעהריר אלץ וויא איין קרימינאל בוך פון דיא דינים פון דיא רבנים; זייני וויכטיגסטי בישליסונג איז „חייב” און „פטור” און אפילו אין דעם

גופי

גופי קֶעהֶרְט עֶס זִיךְ אויךְ נִיט צוּ דָאס גְעוִויסְסִין אַז עֶס זָאלל דֶעם מֶענְשִׁי צוּ פִיהרִין עֶר זָאלל בִּיטְרַאכְטִין דִיא מעשים פוּן זַיין הַארְץ אוּן דִיא פֶערְפִיהרוּנְג פוּן זַיין גִימוּהט, אוּן עֶס זָאלל אִיהם וַוייזִין אַז דָאס קוּמְט נוּר אַלְץ אַרוֹיס פוּן דִיא זִינְד. עֶס אִיז נִיט מֶעהרִיר נוּר אַיין טְרוּקִינִי צוּזַאמְמִין שְׁטֶעלוּנְג פוּן אַגוּזְמָא אוֹיסְוַוייניִגְסְטִי מנהגים, וִויא מַאן קָאן דָאס זֶעהִין פוּן דִיא פִילִי גְלַייכְנִישִׁין וָואס דָא אִין דֶעם ספר אִיז פָּאר גִישְׁטֶעלְט, אוּן אַז מַאן וָואלְט דָאס גַאנְצִי אַהֶער אִיבִּיר גִישְׁרִיבִּין וָואלְט מַאן נָאךְ קְלֶערִיר קֶענִין וַוייזִין. מֵילָא אַז דִיא רֶעכְטִי אמתי אמונה אִיז דָאס אַז מַאן זָאלל הָאבִּין פְרוּמִי גִידַאנְקִין, אוּן דָאס הֶערְץ זָאלל דֶער פִיהלְט זַיין מִיט יראת שמים אוּן לִיבְּשַׁאפְט צוּ אַנְדִירִי מֶענְשִׁין, וֶוען מַאן זָאלל דָאס אפילו אִין אַנְדִירִי זַאכִין נִיט אַזוֹ גִיפִינִין אָבִּיר עכ"פ אִין דִיא דינים פוּן שבת בִּיבַארְף מַאן עֶס גִיפִינִין. וָוארִין דֶער שבת אִיז דֶער דָאזִיגִיר הֵיילִיגִיר טָאג, וָואס גָאט ב"ה הָאט אִיהם אִיבִּיר הוֹיפְּט דֶער צוּ גִיגֶעבִּין אַז עֶס זָאלל קֶעהרִין דיא מחשבות פוּן דִיא מֶענְשִׁין פוּן דֶער עֶרְד צוּ דֶעם הִימְמִיל. עֶס אִיז דִיא צַייט פוּן דֶער הֵיילִיגִיר מנוחה, וָואס אִין אִיהר קֶען זִיךְ אפילו דֶער אָרִימִיר אוּן דֶער וָואס אִיז נִיט קַיין למדן פוּן זַיינִי וֶועלְטְלִיכִי זָארְגִין אוּן אַרְבֵּייטִין, אָבּ רַייסִין, אוּן אַרוּם דֶער לִיבְּשַׁאפְט אוּן דֶעם ווִילְלִין פוּן גָאטט ב"ה וִויא אויךְ אַרוּם חיי עולם הבא נָאךְ צוּ טְרַאכְטִין וָואס דֶער מֶענְשׁ גֵייט גִישְׁוִוינְד דֶער צוּ. מֵילָא פוּן דִיא דָאזִיגִי דינים, וָואס זֵייא בִּיטְרֶעפִין דִיא הֵיילִיגְקַייט פוּן דֶעם דָאזִיגִין טָאג, מוּזִין מִיר כדרךְ הטבע דֶער וַוארְטִין, אַז עֶס זָאלל זִיךְ אִין זֵייא אָבּ רוּפִין דָאס גִימוּהט פוּן וַוארְהַאפְטִיגִי פְרוּמִיגְקַייט. אָבִּיר אִין דֶער תורה שבעל פה זוּכִין מִיר גָאר אוּמְזִיסְט אַזוֹ אַיין גִימוּהט; אִיהרִי תקנות וָואס בִּיצִיהט זִיךְ אויף דֶעם שבת אִיז נִיט מֶעהר וִויא אַיין טְרוּקִינִי צוּזַאמְמִין שְׁטֶעלוּנְג פוּן פִילִי אוּם שְׁטֶענְדִין אוּן אוֹיסְוַוייניִגְסְטִי מנהגים, וָואס זֵייא מוּזִין זַיין פַאר דֶעם עֶרְלִיכִין מֶענְשִׁין וָואס עֶר וֵוייס זֵייא, אַיין שְׁוֶוערִי לַאסְט וָואס אִיז גָאר נִיט מִיגְלִיךְ צוּ דֶער טְרָאגִין, וָואס זִיא אִיז אִין שְׁטַאנְד צוּ מַאכִין דֶעם שבת פַאר דֶעם אוּמְגְלִיקְלִיכְסְטִין טָאג פוּן דֶער גַאנְצִיר וָואךְ. אָבִּיר דִיא אָרִימִי לַייט אוּן דִיא אַרְבֵּייטְס מֶענְשִׁין וָואס זֵייא הָאבִּין קַיין צַייט נִיט צוּ לֶערְנִין אִיז עֶס אוּנְמִיגְלִיךְ אַלְץ צוּ קֶענִין אוּן פשיטא שוין אַלְץ צוּ הַאלְטִין, אַלְץ וָואס מַאן מוּז מקיים זַיין אוּם שבת נָאךְ דִיא רבנים נָאךְ. דַארִיבִּיר אַז דִיא תורה שבעל פה וָואלְט אמת גִיוֶועזִין, וָואלְט דֶער אָרִימִיר מוּזִין פִיל ברכות אַוֶועק לָאזִין פוּן זִיךְ אוּן וָואלְט נָאךְ אפילו גִידַארְפְט אִין מורא זַיין אַז עֶר

זאלל

זאלל ניט פאר פאללין ווערין אויף יעניר וועלט. יוא טאקיש אַז דיא דאזיגי תורה וואלט אמת גיוועזין, וואלטין מיר מוזין מיינין אַז גאטט ב"ה האט אַזוי אַיין אמונה אַיין גישטעלט וואס עס איז ניט מיגליך אַז דער אָרימיר און דער וואס איז ניט קיין למדן זאלל זיא האלטין, אָביר דעם רייכין און דעם למדן, זאגט זיא צו גרויסי טובות, דאס הייסט ער האבטיט דאס אַנגיזיבט פון מענשין „נושא פנים" האטשי משה און דיא נביאים לערנין גאר אַנדירש. אָביר מיר וואלטין גערין פרעגין דיא לייטין וואס לייהינין דעם דאזיגין ספר וואס נוצט דאס זייא וואס זייא זאללין זיך ביקענין צו אַזוי אַיין אמונה, וואס זייא קענין קיין מאהל אין איהר קיין קלארי דערקענטיניש ניט ביקומין? מיר דער וועגין זיך דאס צו ביהויפטין, אַז דאס רוב פון דיא קינדיר ישראל ווייסין ניט קלאר פון דער תורה שבעל פה וויא דעם שבת צו האלטין, און שוין פשיטא ניט וויא מקיים צו זיין דיא זעקס הונדירט מיט דרייצעהין מצות. אויב מאן איז נור דורך דעם אַיין רעכטיר יוד, ווייל מאן זאלל ביקאנט זיין מיט דער תורה שבעל פה און מאן זאלל זיא מקיים זיין, וואלט קוים איינער פון הונדירט הייסין יוד, און ניין און ניינציג וואלטין מוזין דעם נאמין יוד אָב לייגין. וואס זאלל אָביר שוין פון דיא יודישי ווייביר ווערין, וואס זייא דארפין דיא תורה גאר ניט לערנין? איטליכיר רב וועט דאך מודה זיין, אַז דיא יודישי נקבות ווייסין לפחות אין דער תורה שבעל פה גאר נישט, קענין דיא דאזיגי אַיין חלק האבין אין עולם הבא? וויא באלד אַז דאס וואס מאן זאל האבין אַיין ידיעה אין דער תורה שבעל פה און מאן זאלל זיא האלטין איז דיא נייטיגקייט צו עולם הבא, קענין דיא דאזיגי גאר קיין טהייל דערינין ניט האבין. קענין זייא אָביר אָן דעם אויך אַיין חלק לעולם הבא האבין, אַזוי ווייזט עס דאך אויס אַז גאט האט אין תורה אַיין גישטעלט וואס מאן ביטארף איהרי דערקענטיניש גאר ניט צו עולם הבא. לאז זיך נור איטליכיר יוד דיא דאזיגי שאלה פאר לייגין: בין איך מיט אַללי דינים און תקנות ביקאנט? און אויב נישט, ציא קען איך אָן דיא דאזיגי דערקענטיניש קיין עולם הבא ניט האבין? און אויב עס איז אַזוי, איז דיא יודישי אמונה אַזאלכי, וואס מאכט אַז דעם אָרימין זאלל ניט מיגליך זיין עולם הבא צו האבין; קען איך אָביר אָן דיא דאזיגי דער קענטיניש יוא עולם הבא האבין איז דאך דיא יודישי אמונה אָן אַללי ווערקליכי נוצין, ווייל צו עולם הבא האבין ביטארף איך זיא גאר ניט צו קענין. אַזוי אַיין אמונה קען ניט פון גאט זיין. זיין אמונה מוז איטליכיר קענין, איטליכיר מאן, און איטליכי

ווייב

וַוייבּ און אִיטְלִיכֶם קִינְד אִין דֶער וֶועלְט , און דִיא דָאזִיגֶי דֶערְקֶענְטְנִיש אִיז דֶעם אָרִימְין און דֶעם וָואס אִיז קֵיין למדן נִיט אַזוֹ לַייכְט צוּ פַארְשַׁאפִּין , וִויא דֶעם רַייכִין און דֶעם למדן . דְרוּם מֶעגִין דִיא אָרִימִי און וָואס זֶעגִין נִיט קֵיין לומדים זִיךְ משער זַיין וִויא נַארִישׁ דָאס אִיז אַז זֵייא זָאלְלִין זִיךְ בֵּיקֶענִין צוּ אַזוֹ אֵיין אמונה , וָואס זֵייא קֶענִין גָאר נִיט הָאפְּפִין. זֵייא זָאלְלִין קוּמִין צוּ אִיהְרִי דֶערְקֶענְטְנִיש , און זֵייא זָאלְלִין זִיךְ צוּרִיק אוּמְקֶעהְרִין צוּ דֶער אמונה פון משה און דִיא נביאים, וָואס אִיטְלִיכֶר קֶען דוּרְךְ דֶער הִילְף פון דֶעם גָאט פון ישראל , זִיא פֶערְשְׁטֵיין , לפחות אַזוֹ פִּיל וִויא עֶס אִיז נֵייטִיג צוּ היי עולם הבא דִיא הֵיילִיגִי תורה שבכתב הָאט אִין זִיךְ אַזֶעלְכִי שֵׁיינִיגְקֵייט וִויא אַנְדִירִי אַלְלִי זַאכִין וָואס גָאט ב"ה אִיז אִיהר מקור, וָואס דִיא אוּיג פון דֶעם אָרִימִין קֶען דָאס דֶער זֶעהִין, און זִיא הָאט פַאר אֵייגִם אַזֶעלְכִי פוּלְקִימִינִי זַאכִין וָואס דֶער גִילֶערְנְטִיר מֶענְשׁ זָאלל קֶענִין אוֹיס וִוירְקִין זַיין הבנה , און דִיא קְרַאפְט פון זַיין שכל . און דֶער דָאזִיגִיר הֵיילִיגִיר ספר התורה אִיז דִיא נחלה פון ישראל, וָואס דִיא תורה שבעל פה קֶען גָאר קֵיין מָאהל דָאס נִיט זַיין . דָאס קֶען נוּר זַיין דִיא נחלה און דִיא אמונה פון דִיא רבנים וָואס זֵייא פֶערְשְׁטֵייהִין זִיא , אָבִּיר מִיט דֶער אמונה פון דִיא מֶענְשִׁין וָואס קֶענִין זִיא נִיט , הָאט זִיא נִיט מֶעהְרִיר קֵיין חברותא נוּר אַזוֹ וִויא דִיא תורה וָואס דִיא מֶענְשִׁין פון חינא הָאבִּין , אוֹדִיר דָאס רוב פון דֶעם צָאהל פון דֶעם יוּדִישִׁין פָאלְק זָאלִין זָאגִין אַז זֵייא זֶענִין נָאךְ גֵייהִירִם פון דֶעם עבודה זרה דִינֶער קאנפוזיוס . וָוארוּם קֵייגִיר קֶען נִיט זָאגִין אַז עֶר גְלוֹיבְּט אִין אַזֶעלְכִי לֶערְנוּנְג וָואס עֶר קָאן זֵייא נִיט , און קֶען קֵיין מָאהל נִיט הָאפִּין אַז עֶר זָאלל דָאס קֶענִין : אָבִּיר דָאס אִיז אַזוֹ דֶער פַאלל מִיט נַיין חלקים פון דֶער תורה שבעל פה :



Дозволено Цензурою. Варшава 5 (17) Февраля 1876 г.
Въ Типографіи А. Гинса. Королевская № 1064 D.

# נתיבות עולם

עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז.

דיא אלטי שטעגין.

## נומר ל״א

עֶס אִיז בִּיוִויזֶן, אַז דִיא אמונה פוּן תורה שבעל פה הָאט בִּיז אִיצוּנְד נוּר עֶפִּים וֶוייניג גִיהָאלְפִין אַז עֶס זָאל אִין דֶער וֶועלְט אַרוֹיס קוּמִין אַיין טובה פַאר דֶעם יוּדִישִׁין פָאלְק, אוּן אַזוֹ אִיז עֶס אוֹיךְ גִיוִויס, אַז וֶוען עֶס וָואלְט דִיא ממשלה גִיהַאט וָואלְט עֶס אַזוֹ גוּט דִיא הצלחה פוּן יוּדִין צוּ שְׁטֶערְט וִויא פוּן דִיא וָואס זֶענִין קֵיין יוּדִין נִיט. זַיינִי גוּזמוֹת דֶער קְלֶערוּנְגִין מוּזִין נִיט אַנְדִירְשׁ אַלְץ עבירות צוּ פִיהְרִין, זַיינִי שַׁארְפִּי הַארְטִיגְקֵייט אוּן אִיבִּיר הַאיילוּנְג אִין דֶער שְׁטְרָאף פוּן חרם וֶועט זַיין דִיא קְוַואלִין פוּן דִיא אֵייבִּיגִי פֶערְאִירוּנְג פַאר אֵיינְצִילְטִי מֶענְשִׁין אוּן פַאר גַאנְצִי הוֹיז גִיזִינְדִיר, אוּן דֶער בְּלוּטִיגִי גִימוּהט פוּן אִיהְרִי קְרִימִינַאל דינים וֶועט דִיא יוּדִין מַאכִין נוּר פַאר אַיין טְרוֹירִיגִי פָאלְק. אִין אמת זֶענִין מִיר אִין דֶעם זֵייאִיר מסופק אוֹיב, חוּץ עֶטְלִיכִי נַארִישׁ גְלֵייבִּיגִי, וָואלְט זִיךְ עֶרְגִינְץ אִימִיצִיר וִוינְשִׁין צוּ זֶעהִין אַז דִיא תורה שבעל פה זָאלל בְּעקְלֵייד זַיין מִיט הֶערְשַׁאפְט אוּן זָאלל דִיא ממשלה הָאבִּין צוּ גִיבִּיטִין אִיבִּיר דֶעם לֶעבִּין אוּן פֶערְמֶעגִין פוּן דָאס יוּדִישִׁי פָאלְק. אִיטְלִיכִיר יוּד וָואס דֵיינְקְט אַזַאךְ נָאךְ מוּז אַיינְזֶעהִין, אַז וֶוען דִיא סנהדרין וָואלְטִין דִיא דָאזִיגִי מַאכְט הָאבִּין, אַזוֹ וִויא אִין דִיא ספרים פוּן דִיא רבנים וֶוערְט זֵייא דִיא גְרֶעסְטִי מַאכְט צוּ דֶערְקֶענְט, וָואלְט עֶס דִיא גְרֶעסְטִי מַאכְט פוּן דְרִיקִינִישׁ גִיוֶועזִין וָואס עֶס הָאט נוּר אפשר אַמָאהל גִיהֶערְשְׁט אִיבֶּר דָאס גִיוִויסִין פוּן מֶענְשִׁין. אָבִּיר מִיר דַארְפִין נִיט צוּ פֶערְגֶעסִין, אַז דִיא ישראל וֶועלִין נִיט מֶעהר צוּ טָהוּן הָאבִּין מִיט דִיא סנהדרין אוּן אַנְדִירִי בית דין; נוּר אפילו אִיטְלִיכִיר רב, אוּן אִיטְלִיכִיר תלמיד חכם וֶועט דָא רֶעכְט הָאבִּין אִין חרם אַרַיין צוּ לֵייגִין אִיטְלִיכִין מֶענְשִׁין וָואס עֶר וָואלְט אִיהם מבזה גִיוֶועזִין, אַזוֹ וִויא מַאן קָאן דָאס זֶעהִין פוּן דֶעם דָאזִיגִין אָרְט פוּן דֶער תורה שבעל פה:

וכן החכם עצמו מנדה לכבודו לעם הארץ שהקפיד בו ואין צריך לא עדים ולא התראה. ואין מתירין לו עד שירצה את החכם. ואם מת באין שלש ומתירין לו. ואם רצה החכם למחול לו ולא לנדהו הרשות בידו:

„און אַזוֹ קֶען דֶעם חכם אַלֵיין, פוּן זַיין כבוד וֶועגִין, מנדה זַיין אַיין עם הארץ וָואס עֶר הָאט אִיהם מבזה גִיוֶועזִין, און מַאן דַארְף דֶער צוּ נִיט קֵיין עדות און קֵיין התראה. און מַאן אִיז אִיהם נִיט מתיר בִּיז עֶר זָאלל דֶעם חכם אִיבִּיר בֶּעטִין. וֶוען דֶער חכם אִיז גִישְׁטָארְבִּין, זֶענִין אַנְדִירִי דְרַייא מֶענְשִׁין אִיהם מתיר. וֶוען אָבִּיר דֶער חכם וִוילל אִיהם מוחל זַיין און וִוילל אִיהם נִיט מנדה זַיין, מֶעג עֶר דָאס". (הלכות תלמוד תורה פרק ו', י"ב.) פוּן דֶעם דָאזִיגִין דִין דֶער זֶעהִין מִיר אַזוֹ, אַז וֶוען עֶס וָואלְט דִיא מַאכְט פוּן דִיא רבנים וִוידִיר אַיין גִישְׁטֶעלְט וֶוערִין וָואלְט זִיא צוּ גִיפִיהְרְט דִיא דְרוּקִינְסְטִי סדר הממשלה וָואס עֶס אִיז אַמָאהל נוּר דֶערְהֶערְט גִיוָוארִין. אִיטְלִיכִיר למדן וֶועט זִיךְ קֶענִין זַיין אַיין טִירַאן (אכזר) וַוייל עֶר וֶועט דָא פָארְשְׁטֶעלִין און יכולת הָאבִּין צוּ זַיין אַזוֹ גוּט דֶער פֶּערְקְלֶאגִיר וִויא אוֹיךְ דֶער רִיכְטִיר, נָאךְ זַיין אֵייגִינִין גִידוּנְקֶען נָאךְ שְׁוֶוערִי שְׁטְרָאף אַרוֹף צוּ לֵייגִין. דִיא שַׁארְפְּסְטִי (אריסטאקראטיע) ממשלה פוּן עֵיידִיל לַייט אִין פעדועלם צַייטִין הָאבִּין זִיךְ קֵיין מָאהל נִיט דֶער וואוֹיגִין אַזוֹ אַיין גְרַייליכִי מַאכְט פוּן דְרוּקִינִיש צוּ מַאכִין; קֵיינִי פְּרִיסְטִירְשַׁאפְט (גלחים) הָאט זִיךְ קֵיין מָאהל נִיט אַפָּאר גִינוּמִין אַזֶעלְכִי זַאכִין אַלֵיין צוּ טָהוּן אפילו אִין דִיא פִינְסְטִירְסְטִי צַייטִין, וִויא דָא וֶוערְד אִיטְלִיכִין רַב אַלֵיין צוּ גִיטֵיילְט. חָאטְשִׁי עֶר מֶעג מוחל זַיין דֶעם דָאזִיגִין אוּנְגְלִיקְלִיכִין וָואס הָאט אַקֵייגִין אִיהם חוטא גִיוֶועזִין; אָבִּיר פוּן דֶעסְטְוֶועגִין דַארְף מַאן זֵייאִיר מורא צוּ הָאבִּין, אַז אַזוֹ אַיין בִּיזוּנְדִירִי מַאכְט וֶועט נוּר זַיין אִין דָאס רוב אופנים אַיין צוּ שְׁטַארְקִי פְּרוּפוּנְג פַאר דִיא קִינְדִיר פוּן מֶענְשִׁין וָואס זֵייא זֶענִין שְׁוַואךְ צוּ בִּישְׁטֵיין בַּייא אֵיין נסיון. דֶער פוּן אִיז אָבִּיר אָבְּגִיזֶעהִין אַז דָאס אִיז אִיבִּיר הוֹיפְּט מִיט אַיין גִיזֶעץ גֶעבּוּנְג פוּן חכמה נִיט פַאר גְלִיכִין און פַאר דִיא פְּרַייהַייט פוּן דִיא אָרִימִי און נִיט גִילֶערִינְטִי זֵייאִיר מסוכן; וָוארִין דֶער וָואס לֵייאִינְט דָאס וֶועט בִּימֶערְקִין, אַז עֶס שְׁמוּהִיסְט דָא נוּר פוּן דֶעם עם הארץ. און דָאס אִיז וִוידִיר אַיין בִּיוַוייז, אַז דִיא אמונה פוּן תורה שבעל פה אִיז נוּר בִּירֶעכִינְט פַאר דִיא טובות פוּן דִיא רַייכִי און לומדים, און עֶס גִיט גָאר נִיט אַבְּלִיק אוֹיף גשמיות און רוחניות טובות פוּן דִי נִידִירִיגִירִי קְלַאסִין; וָוארִין אַרוּם דִיא לומדים און בכבודי מֶענְשִׁין שְׁמוּהִיסְט דֶער דִין גַאנְץ אַנְדִירְשׁ:

חכם זקן בחכמה וכן נשיא או אב ב"ד שסרח אין מנדין אותו בפרהסיא לעולם. אא"כ עשה כירבעם בן נבט וחביריו. אבל כשחטא שאר חטאות מלקין אותו בצנעה. שנאמר וכשלת היום וכשל גם נביא עמך לילה אע"פ שכשל כסהו כלילה. ואומרים לו הכבד ושב בביתך. וכן כל תלמיד חכם שנתחייב נידוי אסור לבית דין לקפוץ ולנדותו במהרה:

"איין חכם, וואס איז אלט אין חכמה, און אזו אויך איין נשיא אודיר דער עלטסטיר איביר איין בית דין (אב בית דין), וואס ער האט גיזינדיגט, דארף מאן איהם קיין מאהל ניט בפרהסיא מנדה זיין: סיידין ער האט אזו גיטהון וויא ירבעם בן נבט און זייני חבירים. אביר אז ער האט אנדירי זינד גיטהון שלאגט מאן איהם מלקות אין דער שטיל; ווארין עס שטייט: "דאריבער זאלסטו ביא טאג שטרויכלין און דער נביא וועט געבין דיר ביא נאכט שטרויכלין" (הושע. ד' ה') דאס הייסט. האטשי ער איז גיפאללין, דעק איהם צו וויא דיא נאכט דעקט איהם צו. און מאן זאגט צו איהם: "האלט זיך בכבוד און זיץ אין דיין הויז" (מלכים ב'. י"ד, י') און אזו אויך איטליכיר תלמיד חכם וואס ער איז מחוייב גיווארין אז מאן זאלל איהם מנדה זיין טאר בית דין זיך ניט איילין איהם גישווינד מנדה צו זיין". (דארט פרק ז', א') דיא רבנים האבין זיך דא בימיהט גירעכט צו מאכין, דיא אונטיר שיידליכי דערקלערונג פון דינים פאר דיא לומדים און ניט לומדים דורך איין פסוק פון תנ"ך; נור אביר זייאיר דערקלערונג פון דעם דאזיגין פסוק איז דורך אויס פאלש. ווארין גאנץ ב"ה זאגט "דאריבער זאלסטו ביא טאג פאללין, און דער נביא ביא נאכט ביא דיר פאללין", רעדיט ער ניט פון איין למדן און ניט למדן, און אויך ניט פון דיא אלירלייא שטראף וואס זייא זאללין איביר זייאירי זינד גישטראפט ווערין, נייארט פון דעם אומגליק, וואס איביר ישראל זאלל קומין, אזו וויא מאן קאן דאס זעהין פון דעם רד"ק זיין פירוש וואס ער דערקלערט דעם פסוק אויף דעם דאזיגין אופן:

וכשלת היום, אמר כנגד ישראל בעבור מעשיך תכשל ותפול. היום ר"ל בזמן הזה בקרוב תבוא מפלתך, וכן וחרה אפי בו ביום ההוא שורש ישי והדומים להם, עניינם עת וזמן. וכשל גם נביא עמך לילה נביא השקר המתעה אותך יכשל עמך כמו האדם נכשל בלילה בחשיכה. וכן ת"י:

"דאריבער זאלסטו ביא טאג פאללין" גייט אויף דיא ישראל און ער זאגט: איביר דייני מעשים וועסטו שטרויכלין און פאללין, ביא טאג, מיינט מאן: אין דער צייט, דיין מפלה וועט באלד קומין. און אויך אזו שטייט:

„אוּן מַיין צָארְן וֶועט דֶער גְרִימִין אִיבִּיר זֵייא אִין דֶעם דָאזִיגִין טָאג" ; אוּן ווִידִיר שְׁטֵייט : „אוּן אִין דֶעם טָאג וֶועט דִיא וָוארְצִיל פוּן ישי". אוּן נָאךְ מֶעהר דֶער גְלַייכִין , אַז וואוּ עֶס שְׁטֵייט דֶער וָוארְט טָאג מֵיינְט מַאן צַייט אוּן זמן . אוּן דֶער נביא זָאלל בַּייא נַאכְט נֶעבִּין דִיר פַאלְלִין , דָאס הֵייסְט. דֶער פַאלְשִׁיר נביא וָואס עֶר הָאט דִיךְ פֶערְפִיהרְט, זָאלל שְׁטְרוֹיכְלִין מִיט דִיר , אַזוֹ וִויא אִימִיצִיר שְׁטְרוֹיכִילְט אִין אַיין פִינְסְטִירִי נַאכְט . אוּן אַזוֹ דֶערְקְלֶערְט דֶער תרגום יונתן". (פירוש רד"ק על הושע ד', ה'.) דִיא בֵּיידִי מפרשים דֶער רד"ק אוּן דֶער תרגום יונתן , בִּיוַוייזִין עֶס אַזוֹ , אַז דִיא תורה שבעל פה הָאט דֶעם פסוק פַאלְשׁ מפורש גִיוֶועזִין . דָאס גופי פַּאסְט שׁוֹין נִישְׁט פַאר אַזוֹ אַיין תורה וָואס זִיא שְׁטֶעלְט פָאר , אַז אִיהר עיקר אִיז פוּן גָאטט ; אָבִּיר עֶס פַאסְט נָאךְ מֶעהר נִיט , אַז דִיא דָאזִיגִי פַאלְשִׁי דֶערְקְלֶערוּנְג וֶוערְד גִימַאכְט פַאר אַיין יסוד צוּ אַזוֹ אַיין גִיזֶעץ גֶעבּוּנְג וָואס זִיא אִיז גַאנְץ אוּמְגִירֶעכְט אִין אִיז נושא פנים , וָואס דוּרְךְ אִיהר וֶוערְד אַיין למדן פְרַייא פוּן דֶער דָאזִיגִיר שְׁטְרָאף , וָואס אַז נִיט קַיין למדן וָואלְט דָאס זֶעלְבִּיגִי גִיטָהוּן וָואלְט עֶר יוֹא מוּזִין לַיידִין . וֶוען למשל אַז נִיט קַיין למדן אִיז מבזה אַיין רב , קֶען עֶר פוּן אִיהם אַלֵיין אִין חרם אַרַיין גִילֵייגְט וֶוערִין ; אָן עֶפִּיס אַיין בית דין זִיצוּנְג , יוֹא טַאקִישׁ אפילו אָן אַיין הנהגת בית דין אִיהם צוּ פֶערְהֶערִין ; אָבִּיר אַז אֵיין למדן פֶערְשׁוּלְדִיגְט זִיךְ דִיא זֶעלְבִּיגִי שְׁטְרָאף , הָאט אפילו בית דין נִיט דִיא מַאכְט , דֶעם פסק אוֹיף אִיהם גוזר צוּ זַיין. וֶוער וָואלְט נָאךְ מסופק גִיוֶועזִין אַז דִיא רבנים הָאבִּין דִיא דָאזִיגִי דינים גִיגֶעבִּין פוּן זֵייאִיר אֵייגִינִי טובה וֶועגִין ? קָאן דָאס אִימִיצִיר גְלוֹיבִּין , אַז גָאטט ב"ה זָאלל הָאבִּין גִיגֶעבִּין אַזוֹ אַיין תורה וָואס זִיא מַאכְט דִיא קְלַאסְּסִי מֶענְשִׁין וָואס זֵייא זֶענִין לומדים אַזוֹ חשוב , אַז אפילו זֵייא הָאבִּין זִיךְ פַאר זִינְדִיגְט אַזוֹ וִויא דִיא קְלַאסְסִי וָואס זֵייא זֶענִין אַרְבַּייטְס לַייט , מוּזִין זֵייא פֶער שׁוֹינְט וֶוערִין , וָואס דִיא דָאזִיגִי זָאלְלִין יוֹא בִּישְׁטְרָאפְט וֶוערִין ? גָאטט ב"ה אִיז נִיט נושא פנים אוּן דַארִיבִּיר קָאן אוֹיךְ אַזוֹ אַיין תורה נִיט פוּן אִיהם זַיין . — נָאךְ קְלֶערִיר וֶוערְד דִיא דָאזִיגִי גְרוֹסִי אוּמְגִירֶעכְטִיגְקַייט פוּן דֶער אָרְט גִיזֶעץ גֶעבּוּנְג , וֶוען מַאן בִּיטְרַאכְט נוּר דֶעם מהות אַלֵיין פוּן דֶער דָאזִיגִיר שְׁטְרָאף וָואס מַאן שְׁמוּהִיסְט דָא דֶערפוּן , וִויא זִיא אִיז בִּישְׁרִיבִּין אִין דֶעם דָאזִיגִין אָרְט :

מהו המנהג שינהוג המנודה בעצמו ושנוהגין עמו. מנודה אסור לספר ולכבס כאבל כל ימי נידויו. ואין מזמנין עליו. ולא כוללין אותו בעשרה לכל דבר שצריך עשרה ולא יושבין עמו בד' אמות. אבל שונה הוא לאחרים ושונין

לו. ונשבר ושוכר. ואם מת בנדויו ב"ד שולחין ומניחין אבן על ארונו כלומר שהן רוגמין אותו לפי שהוא מובדל מן הצבור. ואין צריך לומר שאין מספידין אותו ואין מלוין את מטתו.. מי שישב בנדויו שלשים יום ולא בקש להתירו מנדין אותו שנייה. ישב שלשים יום אחרים ולא בקש להתירו מחרימין אותו:

„וויא זָאלל זיך דֶער וָואס מַאן הָאט איהם מנדה געוועזען נוהג זַיין מִיט זיך אַלֵיין, און וויא זָאללין זיך אַנְדֶרֶע מִיט איהם נוהג זַיין? דֶער וָואס איז אַיין מנודה, טָאר זיך נִיט שֶׁערֶרִין און אויך נִיט וַואשִׁין אַזוֹ וויא אַיין אבל, אַזוֹ לַאנְג וויא עֶר איז אין נדוי; און מַאן רֶעכִינְט איהם נִיט צוּ קיין מזומן; און מַאן איז איהם נִיט מצטרף צוּ קיין מנין, צוּ אַלְלִים וָואס מַאן דַארְף צֶעהִין צוּ אַיין מנין, און עֶס טָאר קֵיינֶער נִיט זִיצִין אין דִיא פִיר אֵיילִין וואוּ עֶר זִיצְט. אָבֶּער עֶר מֶעג לֶערְנִין מִיט אַנְדֶרֶע, און אַנְדֶרֶע מֶעגִין מִיט איהם לֶערְנִין; און אויך אַזוֹ מֶעג עֶר זיך פֶּער דִינְגִין, און אויך אַנְדֶרֶע דִינְגִין. און אַז עֶר שְׁטַארְבְּט אין דֶער צַייט פוּן זַיין נדוי, אַזוֹ שִׁיקְט בית דין און מַאן לֵייגְט אַרוֹיף אַיין שְׁטֵיין אויף זַיין ארון, דֶער מִיט איז גימֵיינְט, אַז זֵייא פֶערְשְׁטֵיינִגִין איהם, ווייל עֶר איז אוֹיס גִישֵׁיידִיט פוּן דֶעם ציבור. און דָאס דַארְף מַאן שׁוֹין נִיט צוּ זָאגִין אַז מַאן איז איהם נִיט מספיד און מַאן איז איהם נִיט מלוה... וֶוען אֵיינֶער איז דְרַייסִיג טָאג גִיוֶועזִין אוּנְטֶער דֶעם נדוי, און הָאט נ י ט פֶּער לַאנְגְט מַאן זָאלל עֶס פוּן איהם אָבּ רוּפִין, איז מַאן איהם מנדה צוּם צְווֵייטִין מָאהל; בְּלַייבְּט עֶר נָאך אַנְדֶרֶע דְרַייסִיג טָאג אין דָאס זֶעלְבִּיגֶע און בֶּעט זיך נִיט אַז מַאן זָאלל איהם דֶער פוּן לוֹיז מַאכִין, אַזוֹ איז מַאן איהם מחרים". (הלכות תלמוד תורה, דָארְטִין.)

מֵילָא דָאס איז דִיא שְׁטְרָאף, וָואס דֶער למדן קֶען אַרוֹיף לֵייגִין אַז עֶר הָאט זיך חשק. נָאך דֶעם נָאך קָאן עֶר אִיטְלִיכִין בִּירוֹיבִּין זַיינֶע צוּפְרִידִינְהַייט (שלום) און דֶערְקְווִיקוּנְג, זַיינֶע רֵיינְטְלִיכְקֵייט און אפשר זַיינֶע גִיזוּנְדְהַייט אויך; עֶר קָאן איהם מַאכִין אַז מַאן זָאלל פוּן איהם עֶפִּינְטְלִיך שְׁפָּאטִין, ווייל עֶר איז איהם מרחיק פוּן אַלְלֶע אָרִינְטְלִיכֶע לַייט פִיר אֵיילִין ווייט; עֶר קָאן איהם אפילו נָאך זַיין טוֹיט חרפות אָן טְהוּן און מַאכִין אַז עֶר זָאלל קיין בכבודי קְבורה נִיט הָאבִּין אודֶער וֶוען דֶער דָאזִיגֶער מֶענְשׁ לֶעבְּט אַוֶועק אין דֶעם עֶפִינְטְלִיכִין בזיון און ווייל דֶעם רב נִיט אִיבֶּער בֶּעטִין, אַזוֹ וֶוערְד דֶער חרם אוֹיס גִירוּפִין, און זַיינֶע הָאפְנוּנְגִין וָואס עֶר הָאט לפחות אין דֶער וֶועלְט וֶוערִין פֶּער לוֹירִין און קֶערִין זיך שׁוֹין נִיט מֶעהר אוּם. דֶער דין פוּן אַזֶעלְכֶע מֶענְשִׁין וָואס מַאן הָאט זֵייא אין חרם אַרַיין גִילֵייגְט, איז דָא אַזוֹ:

אינו שונה לאחרים ואין שונין לו אבל שונה הוא לעצמו שלא ישכח תלמודו . ואינו נשכר ואין נשכרין לו . ואין נושאין ונותנין עמו , ואין מתעסקין עמו אלא מעט עסק כדי פרנסתו :

„עֶר טָאר נִיט מִיט אַנְדִירִי לֶערְנִין אוּן אַנְדִירִי טָארִין נִיט מִיט אִיהם לֶערְנִין ; אָבִּיר עֶר מֶעג פֶער זִיךְ לֶערְנִין כדי עֶר זָאלל זַיין לימוד נִיט פֶער גֶעסִין , עֶר טָאר זִיךְ נִיט פֶער דִינְגִין , אוּן אַנְדִירִי טָארִין זִיךְ צוּ אִיהם נִיט פֶער דִינְגִין , אוּן מַאן טָאר מִיט אִיהם נִיט הַאנְדְלִין , אוּן מַאן טָאר מִיט אִיהם נִיט עוסק זַיין נוּר אַיין קְלֵיינִים עסק נוּר אַזוֹ פִיל וִויא עֶר בַּארְף צוּ זַיין פרנסה . מִיר וֶועלִין אִיצוּנְד אָן נֶעהמִין דֶעם פַאלל , אַז אֵיינִיר וָואס אִיז נִיט קֵיין למדן טוּהט אַיין רב עֶפִּים אוֹדִיר עֶר זָאגְט אִיהם עֶפִּים , וָואס עֶר נֶעמְט עֶס אָן פַאר אַיין בזיון ; אַזוֹ וֶוערְד עֶר צוּם עֶרְשְׁטִין מנודה , אוּן אַז וַוייל עֶר וֵוייס אַז עֶר אִיז גָאר אוּמְשׁוּלְדִיג וִויל עֶר נִיט בֶּעטִין דֶעם רב אַז עֶר זָאלל אִיהם מוחל זַיין , לֵייגְט מַאן אִיהם לסוף אִין חרם אַרַיין , אַזוֹ אַז אַלְלִי זַיינִי עסקים וֶוערִין אוֹיף אֵייבִּיג אוֹיף גִיהַאלְטִין . אוּן דָאס אַלְץ קוּמְט אוֹיף אִיהם וַוייל עֶר אִיז קֵיין למדן נִיט . עֶר בְּרַייבְּט אָן כבוד , זַיינִי עסקים וֶוערִין פֶערְדָארְבִּין , צוּם סוֹף שְׁטַארְבְּט עֶר מִיט אַיין צוּבְּרָאכִינִים הַארְצִין , נִיט וַוייל עֶר הָאט עֶפִּים אֵיין גְרוֹסִי עבירה גִיטָהוּן , נוּר וַוייל עֶר הָאט נִיט גִיהַאכְטִיט דָאס אַנְגִיזִיכְט פוּן רבי אוֹדִיר עֶר הָאט צוּ אִיהם נִיט גִירֶעט . אָבִּיר דָאךְ אפשר וָואלְט אִימִיצִיר קֶענִין זָאגִין , אַז וֶוען דֶער רב וָואלְט וֶועלִין וָואלְט עֶר קֶענִין מוחל זַיין , אוּן דִיא תורה שבעל פה דֶערְלוֹיבְּט עֶס אִיהם דָאךְ אפילו דָאס צוּ טָהוּן , נוּר אָבִּיר דָאס אִיז נוּר דֶר פַאלל אַז דֶר בזיון פוּן רב אִיז נוּר אוּנְטִיר פִיר אוֹיגִין גִישֶׁעהִין , נִיט אַזוֹ אָבִּיר אַז עֶס אִיז בפרהסיא גִישֶׁעהִין , וָוארִין דֶענְסְמָאלט הָאט דֶער רב קֵיין וִוילְלִין נִיט מֶעהר , נוּר עֶר אִיז מחוייב מנדה צוּ זַיין דֶעם דָאזִיגִין וָואס הָאט אִיהם מבזה גִיוֶועזִין . אוּן כדי מַאן זָאלל נִיט זָאגִין אַז מִיר רֵיידִין דָאס מחמת שנאה , וִוילְלִין מִיר דִיא גַאנְצִי שְׁטֶעלְלִי וָואס עֶס בִּיצִיהט זִיךְ דֶערוֹיף דָא אַהֶער בְּרֵיינְגִין :

אף על פי שיש רשות לחכם לנדות לכבודו אינו שבח לתלמיד חכם להנהיג עצמו בדבר זה אלא מעלים אזניו מדברי עם הארץ ולא ישית לבו להן כענין שאמר שלמה בחכמתו גם לכל הדברים אשר ידברו אל תתן לבך וכן היה דרך חסידים הראשונים שומעים חרפתם ואינן משיבין ולא עוד אלא שמוחלים למחרף וסולחים לו . וחכמים גדולים היו משתבחים במעשיהם הנאים ואומרים שמעולם לא נידו אדם ולא החרימוהו לכבודן וזו היא דרכם של תלמידי חכמים שראוי לילך בה .

במה דברים אמורים כשבזוהו או חרפוהו בסתר אבל ת"ח שבזהו או חרפו אדם בפרהסיא אסור לו למחול על כבודו ואם מחל נענש שזה בזיון תורה אלא נוקם ונוטר הדבר כנחש עד שיבקש ממנו מחילה :

„הָאטְשִׁי דֶער חכם הָאט רשות, מנדה צו זַיין פוּן זַיין כבוד וֶועגִין, פוּן דֶעסְט וֶועגִין אִיז עֶס פָּארְט נִיט צוּ לוֹבִּין אַז אַיין תלמיד חכם זָאלל זִיךְ אַיין גִיוואוֹנִין דָאס אָפְּט צוּ טְהוּן. פַאר קֶערְט עֶר זָאלל בֶּעסִיר זַיינִי אוֹהְרִין פַאר מַאכִין פַאר דִיא רֵייד פוּן דֶעם עם הארץ, אוּן זָאל נִיט אַכְטִין אוֹיף זֵייא, אַזוֹ וִויא דֶער ענין וָואס שלמה הָאט גִיזָאגְט אִין זַיין חכמה: „גֶעם אוֹיךְ נִיט אִין הַארְצִין אַלְץ וָואס מַאן זָאגְט!" אוּן אַזוֹ אִיז גִיוֶועזִין דֶער שְׁטֵייגִיר פוּן דִיא עֶרְשְׁטִי חסידים; זֵייא הָאבִּין גִיהֶערְט זֵייאִיר חרפה אָבִּיר זֵייא הָאבִּין נִיט גִיעֶנְטְוִוירְט דֶערוֹיף, אוּן נִיט נוּר דָאס אַלֵיין, נוּר זֵייא הָאבִּין נָאךְ אפילו מוחל גִיוֶועזִין דֶעם דָאזִיגִין וָואס הָאט זֵייא גִילֶעסְטִירְט אוּן הָאבִּין אִיהם פֶער גֶעבִּין. דִיא גְרֶעסְטִי חכמים אַז זֵייא הָאבִּין זֵייאֶרִי גוּטִי מעשים בִּירִימְט, הָאבִּין זֵייא דֶער בַּייא דָאס דֶער מָאנְט, אַז זֵייא הָאבִּין קֵיין מָאהל פוּן זֵייאִיר כבוד וֶועגִין קֵיין מֶענְשִׁין נִיט מנדה גִיוֶועזִין, אוּן אוֹיךְ נִיט מחרים גִיוֶועזִין. אוּן אַזוֹ אִיז דֶער וֶועג, וָואס דִיא תלמידי חכמים בַּארְפִין דֶערִינִין צוּ גֵיין. וֶוען אִיז דָאס גִירֶעט גִיוָוארִין, אַז מַאן הָאט אִיהם מבזה גִיוֶועזִין אוֹדִיר גִילֶעסְטִירְט אִין דֶער שְׁטִילל; אָבִּיר אַז אַיין תלמיד חכם וָואס אַיין מֶענְשׁ הָאט אִיהם מבזה גִיוֶועזִין אוֹדִיר גִילֶעסְטִירְט בפרהסיא, טָאר עֶר אוֹיף זַיין כבוד נִיט מוחל זַיין, אוּן אַז עֶר הָאט מוחל גִיוֶועזִין, וֶוערְד עֶר בֶּעשְׁטְרָאפְט, וָוארִין דָאס אִיז אַיין בזיון פַאר דֶער תורה. נוּר עֶר מוּז זַאךְ נוֹקם זַיין אוּן דִיא זַאךְ אִין זַיין גִימוּהט הַאלְטִין, וִויא אַיין שְׁלַאנְג, בִּיז דֶער וָואס הָאט אִיהם מבזה גִיוֶועזִין זָאלל בַּייא אִיהם בֶּעטִין אַז עֶר זָאלל אִיהם מוחל זַיין." (דָארְט פרק ז', י"ג) עֶס אִיז בֶּעשַׁיינְפִּירְלִיךְ אַז דֶער הוֹיפְּט תכלית פוּן דִיא דָאזִיגִי דינים אִיז כדי עֶס זָאלל דֶער הַאלְטִין וֶוערִין דֶער כבוד אוּן דִיא מַאכְט פוּן דִיא רבנים אוּן מַאן זָאלל מַאכִין אַז עֶס זָאלל דֶעם פָּאלְק נִיט מִיגְלִיךְ זַיין, אִיהר יָאךְ פוּן זִיךְ אָפּ צוּ שִׁיטְלִין. דָאס וָואס מַאן פַאר זָארְגְט אַזוֹ צוּ בִּישְׁטְרָאפִין פַאר אִיטְלִיכִי חרפה פוּן דִיא רבנים, דָאס וַוייזְט אַרוֹיס אַז מַאן וֵוייס דֶעם טעות אוּן דִיא מורא, אַז דֶער גִימֵיינִיר עולם וֶועט פַאר גְלַייכִין זֵייאִירִי לֶערְנוּנְג מִיט דֶער דָאזִיגִיר פוּן דִיא ספרי הקודש (ת"נ"ךְ) וֶועלִין זֵייא זִיךְ הַאלְטִין

אן

אן דעם קלארין אמת וואס איז אן שווינדליבייא , און אזו וועלין זייא אראפ שיטטלין דעם רבנישין יאך פון דריקיניש , מילא כדי דאס ניט צו צולאזין, מוז מיט נדוי בעשטראפט ווערין אפילו דיא קליינסטי זאך וואס עס ווייזט נור אוים אז מאן האט עפים ניט גיפאלגט . אביר פאר דעם אריכין און דעם וואס איז ניט קיין למדן וואס ער ווערט פון איין למדן מבוזה , איז גאר ניט פער האנדין קיין פערגעלטונג , דער דאזיגיר קען קיין נצוץ פון נדוי אודיר חרם דער פאר ניט ארוף שליידירין אויף דעמס קאפף וואס האט איהם מבזה גיוועזין : פאר איהם האט דיא תורה שבעל פה קיין אנדירי פערזארגונג , נור דאס , אז מאן זאלל איהם לאזין בישטראפין . דאריבער ווען דאס דאזיגי יודישקייט זאלל אמאל דיא ממשלה קריגין , וואלט דער דאזיגיר טהייל פון דעם פאלק וואס זענין ארבייטס לייט אודיר גיט קיין לומדים אביין גיפאללין אין דיא הענד פון דיא לומדים, און איטליכיר תלמיד חכם וועט קענין טהון וואס ער וויל אליין אזו וויא איינער וואס הערשט נאך זיין אייגינים פערלאנגין נאך . אביר אפשר וועט מאן אונס קענין ענטווירין , אז ווען איין תלמיד פון איין חכם זאל אימיצין מיט איביר איילונג מנדה זיין , וועט דאס פאלק ניט פרעגין דער נאך ; נור אביר אז זייא זאללין דערויף ניט האכטין וועלין זייא דאס טהון צו זייאיר אייגיני סכנה ; וואדין דיא תורה שבעל פה דערקלערט אוים דריקליך , אז דאס פאלק איז מחוייב צו האכטין , ניט נור דעם נדוי פון איין רב , נור אפילו פון איינים פון זייני תלמידים :

הרב שנדה לכבודו כל תלמידיו חייבין לנהוג בו נדוי כמנודה . אבל תלמיד שנדה לכבוד עצמו אין הרב חייב לנהוג בו נדוי אבל כל העם חייבין לנהוג נדוי :

„ווען איין רב האט פון זיין כבוד וועגין אימיצין מנדה גיוועזין, אזו זענין אללי זייני תלמידים מחוייב , זיך מיט דעם דאזיגין נוהג צו זיין וויא מיט איין מנודה . אביר אז איין תלמיד האט פון זיין אייגינין כבוד וועגין מנדה גיוועזין , איז דער רב ניט מחוייב זיך נוהג צו זיין מיט דעם מענשין וואס איז אין נדוי אביין גילייגט גיווארין וויא מיט איין מנודה, אביר דאס גאנצי פאלק איז יוא מחוייב מיט איהם זיך נוהג נדוי צו זיין" (דארט פרק ו׳, י״ג.) קיין זאך קען דיא אומגירעכטיגקייט פון אזו איין חרם שטראף ניט קלארער בייווייזין , וויא דער דאזיגיר פסק . ווען דער רב איז ניט מחוייב , דעם נדוי פון דיא תלמידים נוהג צו זיין , פאר וואס זאלל דען דאס גאנצי פאלק דער צו יוא מחוייב זיין ? אז דאס איז איין זינד פאר גאטט , וואס מאן

מאכט איין תלמיד איין בזיון – און דאס מוז עס טאקיש זיין, ווייל זיא זאלל נאך זיך אזו איין שטארקי שטראף ציהין – אזו ביבארף דער נדוי פאר דעם רב אויך אזו מחוייב זיין, וויא פאר דאס פאלק. איז אביר דאס דער רב ניט מחוייב, אזו קען דער בזיון פאר וועלכין ער איז מנודה גיווארין פאר גאטטים אנגיזיכט ניט קיין זינד זיין. דרום איז דיא שטראף איין אייגין זיניגי און אומגירעכטי, און עס איז פונקט אזו אום רעכט וויא גרייליך פון פאלק צו פארלאנגין, אז זייא זאללין דאס דאזיגי אכטין. אביר דיא הויפט זאך איז פאר זיך, אז דער תלמיד פון איין רב, קען אין זיין אייגינער זאך אליין פאר קלאגיר און ריכטיר זיין און זאלל דיא מאכט האבין איבער דיא דאזיגי צו הערשין, וואס זייאיר פערהעלטניס דערלויבט זייא ניט, זייא זאללין זייאיר צייט צו ברייננגין מיט לערנין, און דאריבער קענין דיא ניט אויפגינומען ווערין אין דער קלאססי פון דיא גרעסירי לייט, דיא דאזיגי הויפט זאך אליין, זאגין מיר, איז שרעקליך און אום ווירדיג. מיר ווילין אן נעהמין אז פרומי לייט פון ערגינץ איין מדינה, אודיר דיא פרעפיסארין און דיא וואס לערנין אין דיא גרויסי שקאלים וואלטין אויך אזו איין גרויסי מאכט צו זיך רייסין, און איטליכין וואס וואלט זייא ניט נוהג כבוד גיוועזין, וואלטין זייא מנדה גיוועזין אודיר אין חרם ארייין גילייגט, און באופן אן איין איביר צייגונג און אן איין גיריכטליכין פארהער פאר איין אויסגיפרובטין בית דין, אזו אז דיא אומגליקליכי בישטראפטי זאללין ארויס גישטויסין ווערין פון דער חברה פון מענשין. צו רודירט, און צום סוף נאך איהרין טויט זאלל איהר גוף מיט שמאך ביהאנדילט ווערין; וועט מאן דאס ניט האלטין פאר איין שרעקליכי אכזריות וואס ניט צום אויס האלטין? און פון דעסט וועגין איז עס דא גאר דאס זעלביגי, וואס דיא תורה שבעל פה איז עוסק פאר דיא רבנים און זייאירי תלמידים, און וואס דיא דאזיגי וואלטין באמת האבין אין זייאיר יכולת און וויא זייא וואלטין זיך נוהג גיוועזין אז דאס יודישקייט זאל אמאל דיא אויבירהערשאפט ביקומין. ציא וואלטין זיך דיא יודין אליין ווינשין צו זעהין אז אזו איין מאכט זאלל איין גישטעלט זיין? וואלטין זייא דען אונטיר אזו איין ממשלה גיקענט לעבין? מילא אז זייא וואלטין דאס ניט וועלין, און האלטין פיל מעהר פון דיא קריסטליכי גיזעץ, וואס איהר משפט איז פאר אללי גלייך, און מאכט זייא זיכיר אין זייאיר אייגיני פרייהייט, זענין זייא דאך מודה, אז דיא קריסטליכי גרונדגיזעץ זענין בעסיר וויא פון איהר אייגינין דת, און מאן קאן זייא שולדיג מאכין אז זייא טוהין ניט נאך זייאיר איבירצייגונג, ווייל זייא דערקענין און ביהויפטין

פאר

פאר אמת אזו איין דת, פון וועלכיר זייא האפין אז זיא זאלל קיין מאל ניט גרויס ווערין. איטליכיר וואס האלט דיא יסודות פון זיין דת פאר געטליכי, מוז ווינשין, אז דיא דאזיגי זאלל הערשין, און זייא זאללין האבין איין פרייען שפילרום אז זייא זאללין זיך קענין אויס אנאנדיר וויקלין; ווער עס האט אביר מורא פאר די גדלות פון זיין דת, דער דאזיגיר מוז שטילירהייט דיא מיינונג האבין אז זיא איז פאלש. דאריבּיר פרעגין מיר איטליכין יודין, אויב ער ווינשט טאקיש אז דיא תורה שבעל פה זאלל דיא יעניגי אומביגרענצטי מאכט ביקומין, וואס זיא מיינט צו ביקומין, און עס זאלל איטליכיר רב וויא אויך זייני תלמידים, דיא מאכט האבין, איטליכין וואס האט זייא מבזה גיוועזין, מנדה צו זיין און אין חרם אריין צו לייגין? איינער פון דיא גאנץ גילטיגסטין ביווייז אויף איין דת אויב ער איז גוט אודיר ניט, איז אז מאן זאלל ביטראכטין וואס פאר איינע פעולות עס וואלט אפאר ברייגין אז ער וואלט מושל גיוועזין. מאן זעהיט אז עס איז פערהאנדין אלירלייא דתי אמונה אין דער וועלט, וואס פון זייא מוזין גיוויס עטליכי פאלש זיין וויא באלד זייא זענין סותר דיא אנדירי. איטליכיר מענש וואס דיינקט נאך פערמעהרט זיך דיא האפפינונג אז דער אמת וועט לסוף גובר זיין און אז גאטט ב"ה וועט צום לעצטין זיך אריין מישין, אום צו גרונדפעסטיגין דיא הערשאפט פון דעם אמת, אביר אללי פאלשהייט פערטילגין. איטליכיר האפפט אז לסוף וועט זיין אייגינער דת דענסמאלט דיא ממשלה האבין. אביר איטליכיר דארף זיין דת דורך גיין און זעהין, וואס פאר אייני פעולות וועט עס ארויס ברייגין, אז עס וועט אללי התנגדות בטל ווערין. אזו מעגין דיא יודין אויך מיט רוה ביטראכטין דיא זאכין וואס עס וואלט גישעהין, אז דיא רבנים וואלטין גיוועזין דיא שררים פון דער וועלט, וויא זייא מוזין עס דאך אמאל ווערין, אויב דאס יודישקייט זאלל אמת זיין. דער וואס איז ניט קיין למדן, וואלט דענסמאלט גאר אין גאנצין פון זייאיר גינאד אב הייגגין, זייאיר פאר קויפטיר קנעכט און זייאיר לייב אייגינער זיין. מילא וואלט דאס גיוועזין איין גליקליכיר מעמד? אודיר איז ווערט אז מאן זאלל אזו איין צו שטאנד פון אזעלכי זאכין ווינשין? דאס ערשטי עס וואלט קיין אייגיני פרייהייט ניט גיוועזין; איטליכיר וואס ער וואלט זיך דער וואויגין דעם רב אנטקייגין צו ריידין און איהם גרינג שעציג צו ביהאנדלין, אזו וועט ער באלד מנודה ווערין. צווייטינס עס וועט ניט קענין זיין קיין פרייהייט פאר דיא גידאנקין און ניט פאר דאס גימוהט. איטליכיר מענש וואלט מוזין דיא רבנים לאזין דיינקין וויא זייא ווילין אליין

און

און דער מיט צו פרידין זיין, זייארי פסקים אן געהמין אן עטוואס דער קייגין צו זיין. דער גוף וואלט קוים האבין איין שיין פון פרייהייט און דאס גימוהט וואלט אין קופפירני שטארקי קייטין איין גישמיד גיוועזין. פאר דיא מענשין וואס זענין חכמים און איהרי תלמידים וועט עס בלי ספק דיא בעסטי שענסטי צייט זיין: אבער זייא וועלין דאך נור איביג, דיא וויינינגסטי צאל זיין אקייגין דיא גאנצי גוזמא מענשין. דאס מעהרסטי צאהל פון ישראל, ווייל מיר ווילן איצונד פון דיא (היידין) עבודה זרה דינירם ניט שמוהיסין, וועלין דענקסמאלט אראפ גיווארפין ווערין ביז זייא וועלין זיין בייא דיא לומדים, ארימי אונטירטעניגי און אין שטויב קריכינדי פער קופפטי קנעכט, וואס וועלין מוזין מורא האבין פון זייאיר אייגינים שכל איין נוץ צו האבין, און זייא וואלטין שטענדיג דעם שרעק פון חרם פאר דיא אויגין האבין, מילא ווינשין זייא באמת אזו איין מעמד פון אזעלכי זאכין וואס זייארי הענד און פים וואלטין גיבונדין גיוועזין, און וואלטין אריין גיגעבין גיווארין אין דיא הענד פון דיא לומדים? ווינשין זייא ווידיר ניט אז דאס זאלל גישעהין, זעהין זייא יוא איין דאס שרעקליכקייט אומגירעכטיגקייט און אומווירדיגקייט פון אזו איין מעמד, ווארום בייקענין זייא זיך צו אזו איין דת וואס אז זיא וואלט אמת גיוועזין וואלט זיא דאך בוודאי דעם דאזיגין מעמד צו גיפיהרט? ווען אזעלכי דינים זענין אומגירעכט, און אן שטאט אז אזו איין ציל וועלל ווערד זיין צו ווינשין, מוז מאן דער פאר מורא האבין, אזו מוז דיא אמונה פון דער תורה שבעל פה בוודאי פאלש זיין, און איטליכיר ישראל איז מחוייב זיך מישב צו זיין וואס ער טוהט, ווייל ער דער האלט זיא אויף גיריכטיט. דער איצונדיגיר צושטאנד קיט אללי זאכין קאן ניט אויף אייביג דויערין, דיא יודין קענין ניט איביג ווינשין, אין פרעמדי לענדיר ארום צו וואנדירין, פיל מעהר האפפין זייא אז זייא זאללין אמאל, אין דעם לאנד פון זייארי עלטירין אריין גיזעצט ווערין, און זייא פערלאנגין אין דעם דאזיגין לאנד גליקליך און בשלום צו לעבין. אבער גליקזעליגקייט און שלום וועט פאר זייא גאר אומבייקאנטי ווערטיר זיין, אז זייא זאללין דענקסמאלט גיפיהרט ווערין נאך דיא גרונד גיזעץ פון דער תורה שבעל פה; ווארין דיא דאזיגי תורה גיבט דיא לומדים אז עס זאלל צו זייא גיהערין דיא מאכט און דאס גליק, בשעת זיא דערהאלט דאס גאנצי פאלק אין קנעכטשאפט. דער ווארטין זייא אבער, בשעת זייא גיבין איין בליק אויף דעם אז ישראל זאלל ווידיר דיא מלוכה האבין איין גישטעלט, איין אנדירי תורה וויא דיא דאזיגי שבעל פה און

אַנְדִירִי גְרוּנְד גִיזֶעצִין פוּן אמונה אוּן גִירֶעכְטִי דֶערְצִיהוּנְג ? מֵילָא אַז זֵייא טוּהִין אַזוֹ , זֶענִין זֵייא דָאךְ מודה אַז דִיא תּורה שבעל פה וֶועט שֶׁעדְלִיךְ זַיין ; וֶוען אָבִּיר עֶס וֶועט שֶׁעדְלִיךְ זַיין אוּן אַלְלִי גְלִיקְזֶעלִיגְקֵייט פֶער שְׁטֶערִין בשעת זִיא וָואלְט הֶערְשִׁין , אַזוֹ אִיז עֶס אִיצוּנְד אוֹיךְ שֶׁעדְלִיךְ אוּן פֶער דֶערְבֶּלִיךְ אוּן דֶערִיבִּיר אוֹיךְ פַאלְשׁ . דְרוּם אִיטְלִיכִיר יוד וָואס דֶערְהַאלְט זִיא אוֹיפְגִירִיכְטִיט , דֶערְהַאלְט עֶר אַיין פַאלְשִׁין דת אוֹיפְגִירִיכְטִיט . עֶר מֶעג דָאס אפשר טוּהִן וַוייל עֶר אִיז אוּמְווִיסִינְד , אוּן מִיר גְלוֹיבִּין גֶערִין אַז מִיט דָאס רוֹב אִיז טַאקִישׁ אַזוֹ דֶער פַאלל ; נוּר אָבִּיר , עֶס בְּלַייבְּט דָאךְ אוּמֶרֶעכְט פוּן אִיטְלִיכִין בעל שׂכל , אַז עֶר בִּיקֶענְט זִיךְ צוּ אַיין אמונה , וָואס עֶר הָאט אִין אִיהר קֵיין ידיעה נִיט . אָבִּיר עֶר וָואלְט אפשר קֶענִין צוּ אוּנְס זָאגִין : אִיךְ הָאבּ קֵיין צַייט דֶער צוּ נִיט אַז אִיךְ זָאלל מִיר קֶענִין פַאר שַׁאפִין אַיין קֶענְטְשַׁאפְט פוּן מַיין אמונה ; דִיא ספרים וָואס אִין זֵייא שְׁטֵייט דִיא דָאזִיגִי לֶערְנוּנְג , זֶענִין גָאר צוּ פִיל אַז אִיךְ זָאלל קֶענִין רֶעכְט בִּיקָאנְט וֶוערִין דֶערִינִין , אוּן אִיךְ מוּז זֶעהִין צוּ אַרְבֵּייטִין אַז אִיךְ זָאלל בְּרוֹיט הָאבִּין . מִיר זֶענִין טַאקִישׁ באמת מודֶה אַז עֶס אִיז אַזוֹ ; נוּר דָאס דָאזִיגִי פִיהְרְט אוּנְס צוּרִיק צוּ אוּנְזִירִי בִּיהוֹיפְּטוּנְג , דהיינוּ אַז דָאס יוּדִישְׁקֵייט אִיז נוּר אַיין דת פַאר דִיא דָאזִיגִי וָואס גֵייהֶען לֵיידִיג אוּן הָאבִּין רוּה , דָאס הֵייסְט פַאר דִיא רַייכִי אוּן גִילֶערִינְטִי , אוּן טַאקִישׁ דֶער פוּן גוּפִי פַאר שְׁטֵייהִין מִיר , אַז דִיא דָאזִיגִי קֶען נִיט פוּן גָאטט זַיין , וָואס עֶר קוּקְט נִיט אוֹיף רַייכְקֵייט אוּן אוֹיךְ נִיט אוֹיף גִילֶערִינְטְקֵייט , זוּנְדִירִין עֶר הָאט פַאר דִיא אוֹיגִין דָאס גְלִיקְזֶעלִיגְקֵייט אוּן אִיבִּיר הוֹיפְּט דִיא גְלִיקְזֶעלִיגְקֵייט פוּן אמונה אפילוּ פוּן דִיא אָרִימְסְטִי פוּן זַיינִי בִּישֶׁעפִינִישׁ . דָאס וֶוערְד אָן גִיגֶעבִּין פַאר דֶער גְרֶעסְטִי זַאךְ פוּן דֶעם משיח , אַז עֶר וֶועט זָארְגִין פַאר דִיא אָרִימִי : „עֶר וֶועט רִיכְטִין דִיא אָרִימִי פוּן דֶעם פָאלְק , עֶר וֶועט הֶעלְפִין צוּ דִיא קִינְדִיר פוּן דֶעם נוֹיט בִּידֶערְפְטִיגִין". (תהלים ע"ב , ד') דְרוּם קָאן עֶר דִיא אמונה פוּן דֶער תּורה שבעל פה נִיט הָאבִּין , אוּן וֶועט מסתמא נִיט קֵיין רב אוּן אוֹיךְ נִיט קֵיין תלמיד פוּן קֵיין רב זַיין . —

# נתיבות עולם

## עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז

### דיא אלטי שטעגין.

---

## נומר ל״ב

---

דיא אב בייטונג פון דעם יודישין יאהר, וואס מיר קומין איצונד גאהינט דער צו *) פיהרט אונס דערצו אז מיר זאללין ביטראכטין עטליכי ענינים, וואס זייא זענין וויכטיגיר וויא יעני וואס מיר האבין זייא אויך גאנץ ברייט אויס גיוויזין. דיא תורה שבעל פה לערינט אונס אז דער יו״ט פון ראש השנה איז ניט וועניגיר וויא איין יום הדין, וואס גאטט ב״ה משפט איביר דאס ביטרעפפונג פון איטליכים מענשין. דערויף הייסט עס אין איין ארט אזו:

וכשם ששוקלין זכיות אדם ועונותיו בשעת מיתתו כך בכל שנה ושנה שוקלין עונות כל אחד ואחד מבאי העולם עם זכיותיו ביום של ראש השנה. מי שנמצא צדיק נחתם לחיים. ומי שנמצא רשע נחתם למיתה. והבינונים, תולין אותו עד יום הכפורים אם עשה תשובה נחתם לחיים ואם לאו נחתם למיתה:

„אזו וויא מאן וועגט דיא זכיות פון איין מענשין און דיא עונות איינס אקייגין דאס אנדירי בשעת ער שטארבט, אזו וועגט מא׳ אויך אין איטליכין יאהר אום ראש השנה דיא זינד פון איטליכין וואס איז אויף דער וועלט דא, אקייגין זייני זכיות. איטליכיר וואס ווערד גיפונין אז ער איז איין צדיק ווערד אן גיהתמיט צום לעבין, וועד עס איז איין רשע ווערד ער צום טויט גיהתמיט, און דיא מיטילי מענשין, לאזט מאן הענגין ביז יום כפור, האט ער תשובה גיטהון ווערד ער גיהתמיט צום לעבין, און אויב ניט ווערד ער צום טויט גיהתמיט.״ (הלכות תשובה פרק ג׳ הלכה ג׳) דאס פיהרט אונס נאטירליך אז מיר זאללין ביטראכטין וואס דיא רבנים לערנין פון דיא רעכטפערטיגונג, כדי חוקר ודורש צו זיין וויא ווייט

שטיממט

---

*) דאס איז גישריבין גיווארין אין דער צייט פון דעם יודישין ראש השנה שנת תקל״ז:

שְׁטִימְמְט דִיא דָאזִיגֶע לֶערְנוּנְג אַיין מִיט משה און דִיא נביאים. און דָא מוּז אוּנְזֶיר עֶרְשְׁטִיר עסק זַיין יֶענֶע לֶערְנוּנְג פֶּעסְט צוּ שְׁטֶעלְלֶין וִויא זִיא וֶוערְד גִיפוּנְין אִין דֶער תורה שבעל פה.

דָאס גִיזֶעץ לֶערִינְט אוּנְס עֶ ר ְשְׁ ט ִ י נְ ס, אַז דֶער דָאזִיגֶער, דֶער וָואס הָאט מֶעהר זכיות וִויא עבירות, וֶוערְד עֶר צוּ דִיא צדיקים גִירֶעכִינְט:

כל אחד ואחד מבני האדם יש לו זכיות ועוונות. מי שזכיותיו יתרות על עוונותיו צדיק. ומי שעוונותיו יתרות על זכיותיו רשע. מחצה למחצה בינוני:

„אִיטְלִיכֶער מֶענְשׁ הָאט אַזוֹ גוּט פֶּערְדִינְסְט (זכיות) וִויא עוונות; דֶער דָאזִיגֶער וָואס זַיינֶע זכיות אִיז מֶעהְרֶער וִויא זַיינֶע זִינְד, אִיז עֶר אַיין צדיק, אָבֶּער וֶועלְכֶער, זַיינֶע זִינְד אִיז מֶעהְרֶער וִויא דִיא זכיות, אִיז דֶער אַיין רשע, זֶענֶען זֵייא אָבֶּער גְלַייךְ, אַזוֹ אִיז עֶר אַיין בינוני (מִיטְלֶער מֶענְשׁ) (דָארְט הלכה א')

צְ וֶ ו י י ט ִ י נְ ס, לֶערִינְט עֶס אוּנְס, אַז צוּ דֶעם בִּישַׁאצִין דָאס פֶּער גְלַייכִינִישׁ פוּן דִיא דָאזִיגֶע זַאכִין וֶוערְד נִיט אַזוֹ גוּט גִיזֶעהִין אוֹיף דֶעם צָאהל, וִויא אַסַךְ מֶעהר אוֹיף דִיא וִויכְטִיגְקֵייט פוּן דִיא מעשים:

ושקול זה אינו לפי מנין הזכיות והעוונות אלא לפי גודלם. יש זכות שהוא כנגד כמה עוונות שנא' יען נמצא בו דבר טוב. ויש עון שהוא כנגד כמה זכיות שנאמר וחוטא אחד יאבד טובה הרבה:

„און דָאס אָבּ וֶועגִין וֶוערְד נִיט גִישֶׁעהִין נָאךְ דֶעם צָאהל פוּן דִיא זכיות און דִיא עוונות, נַייאִירְט נָאךְ זֵייאֶיר גְרֵייס; וָוארִין עֶס אִיז אָפְט פֶּער הַאנְדִין אַיין זכות, וָואס עֶס וֶועגְט אִיבֶּיר פִיל עוונות — אַזוֹ וִויא עֶס שְׁטֵייהִיט גִישְׁרִיבִּין" : „וַוייל עֶס גִיפִינְד זִיךְ אִין אִיהם עֶפִּים גוּטִים;" (מלכים א' י"ד פסוק י"ג) און עֶס אִיז וִוידִיר פֶּערְהַאנְדִין אַיין זִינְד, וָואס זִיא וֶועגְט אִיבֶּיר פִיל זכיות; וָוארִין עֶס שְׁטֵייהִיט גִישְׁרִיבִּין" : „אָבֶּיר אַיין אֵיינְצִיגִיר חוטא פֶּערְדֶערְבְּט פִיל גוּטִים". (קהלת ט', פסוק י"ח)

עֶס לֶערִינְט אוּנְס דְ ר ִ י ט ִ י נְ ס, אַז עֶס אִיז מִיגְלִיךְ דוּרְךְ אֵיין אֵיינְצִיגֶע זִינְד און דוּרְךְ אֵיין אֵיינְצִיגִין זכות דִיא וָואג שָׁאלל אַיין אִיבֶּיר גִיוִויכְט צוּ גֶעבִּין:

חטא חטא אחד הרי הכריע את עצמו ואת כל העולם כולו לכף חובה וגרם לו השחתה. עשה מצוה אחת הרי הכריע את עצמו ואת כל העולם כולו לכף זכות וגרם לו ולהם תשועה והצלה שנאמר וצדיק יסוד עולם זה שצדק הכריע את כל העולם לזכות והצילו. ומפני ענין זה

זה נהגו כל בית ישראל להרבות בצדקה ובמעשים טובים ולעסוק במצות מראש השנה ועד יום הכפורים יותר מכל השנה:

„ווען איינער האט גיזינדיגט, אזו האט ער דיא זייט וואג שאלל פון זינד מכריע גיוועזין, אזו גוט פאר זיך וויא אויך פאר דער גאנציר וועלט און פערדערביניש גורם גיוועזין. ווען ער האט אביר גיטהון איין מצוה, אזו האט ער דיא זייט וואג שאלל פון זכות מכריע גיוועזין אזו גוט פאר זיך וויא פאר דער גאנציר וועלט און האט זיך און דיא וועלט גורם גיוועזין הילף און רעטטונג; ווארין עס שטייט גישריבין:

„דער צדיק איז דער יסוד פון דער וועלט״, „דאס הייסט דער וואס ער האט רעכטים גיטהון, האט דיא וועלט מכריע גיוועזין לזכות און האט זיא מציל גיוועזין. און דאריבער פלעגין דאס גאנצי ישראל זיך נוהג צו זיין מעהר צדקה צו געבין און מעשים טובים צו טהון און עוסק במצות צו זיין פון ראש השנה ביז יום כפור מעהריר וויא דעם גאנצין יאהר״. (דארטין, ד׳) מילא דאס איז דיא לערנונג וואס מיר האבין דא צו בטראכטין.

דאס ערשטי וויכטיגי הויפט זאך איז, אז, איטליכיר מענש האט פערדינסט (זכיות) און זינד (עוונות). דאס אז איטליכיר מענש האט זינד, זעגין מיר גערין מודה, אביר דאס לייקינין מיר, אז ערגינץ איין מענש אודיר איין מלאך, אודיר ערגינץ איינער פון גאטטים בישעפינישין זאלל פאר דעם פנים פון גאטט ב״ה עפים איין פערדינסט האבין. ערשטינס האט בשום אופן דיא מיינונג פון פערדינסט קיין התקשרות ניט מיט דעם אופן אין וועלכין דאס בישאפיני שטייהיט מיט זיין בישעפיר. איטליכים בישאפיני נפש איז אביר דורך דער מעשה ווייל ער איז בישאפין גיווארין דורך אוים מחוייב גאטט ב״ה ליב צו האבין מיט דעם גאנצין הארצין און גאנציר זייל און מיט זיין גאנצין קראפט און אלץ זיין ווילין צו טהון. דרום מעג מאן טהון וואס מאן טהוט קאן עס קיין מאהל ניט אריביר גיין איביר דעם גבול פון זיין חיוב און דארום אויך גאר קיין מאהל קיין תביעה ניט מאכין אויף פערדינסט. וואלטין דיא בישאפיני נפשות גאר פרייא גיוועזין פון דעם חיוב, גאטט ליב צו האבין און זיין ווילין צו טהון, וואלטין זייא גיוועזין ניט אבהייניגיק, און שררים פאר זיך אליין, דענסמאלט וואלטין זייא איין פערדינסט האבין דורך דעם וואס זייא וואלטין גאטט ליב גיהאט און זיין ווילין גיטהון, ווייל זייא וואלטין אזו איין דינסט גיטהון, וואס ער וואלט קיין רעכט ניט האבין דאס צו

פארדירין

פָאַרְדִירִין. פּוּנְקְט אַזוֹ, וִויא אַיין פְּרַייאִיר מֶענְשׁ הָאט זִיךְ פֶער דוּנְגִין בַּייא אַיין אַנְדִירִין , עֶר זָאלל אִיהם אַיין מלאכה טָהוּן וָואס עֶר אִיז דָאס נִיט מחוייב , אוּן דַארִיבִּיר וֶוערְד עֶר דֶער פַאר בִּילוֹינְט. אָבִּיר נִיט אַזוֹ אִיז עֶס מִיט אַיין פָּאדַאנֶע , וָואס עֶר אִיז דֶעם שררות אֵייגִינְס. דֶער קָאן נוּר טָהוּן דָאס וָואס זַיין חיוב אִיז , אוּן וֶוען עֶר אַרְבֵּייט דֶעם גַאנְצִין טָאג אוּן אִיז עֶרִינְקְט אוּן גִיטְרַייא אִין דֶעם דִינְסְט פוּן זַיין הַארְר , פוּן דֶעסְט וֶועגִין קָאן עֶר קֵיין מָאהל קֵיין פְּרִיטֶענְסְיֶע נִיט מַאכִין אוֹיף בִּילוֹינוּנְג אוֹדִיר אוֹיף אֵיין פֶערְדִינְסְט , וַוייל עֶר הָאט נוּר דָאס גִיטָהוּן וָואס עֶר אִיז מחוייב צוּ טָהוּן : אַז מִיר זָאלְלִין זִיךְ פֶערְשַאפִּין פְּרִיטֶענְסִיֶעס אוֹיף פֶערְדִינְסְטִין מוּזִין מִיר מִיט דֶעם אַנְדִירִין גַאנְץ גְלַייךְ זַיין אוּן פַאר אִיהם עֶפִּיס טָהוּן וָואס עֶר הָאט קֵיין רֶעכְט נִיט צוּ פֶערְלַאנְגִין. אָבִּיר דָאס קָאן קֵיין מֶענְשׁ אַקְיגִין זַיין בִּישֶׁעפִּיר טָהוּן ; עֶר אִיז אַיין בעל חוב , וָואס עֶר אִיז מִיט אַזוֹ אַיין משא פוּן חוב בִּילָאדִין , אַז עֶר , מִיט אַלְץ וָואס עֶר הָאט , אוּן קָאן וֶוען אַמָאהל זִיךְ צוּ וֶועגִין בְּרֵיינְגִין , פֶערְמֶעגְט נִיט אֵיין טְהֵייל דֶער פוּן אוֹיס צוּ טִילְגִין, אוּן דַארִיבִּיר קָאן עֶר קֵיין מָאהל נִיט אִין שְׁטַאנְד זַיין עֶפִּיס צוּ טָהוּן , וָואס עֶר זָאלל דָאס נִיט מחוייב זַיין. דַארִיבִּיר הֵייסְט עֶס אוֹיךְ : הלאל יסכן גבר „קָאן אַיין מֶענְשׁ גָאטט נוּצִין ?“ וַוייטִיר : ואם בצע כי תתם דרכיך „וָואס הֶעלְפְט עֶס אִיהם , אוֹיבּ דוּא מַאכְסְט דַיינִי וֶועגִין גְלַייךְ וִויא אוֹיף רִיכְטִיג ?“ (איוב כ״ב , ב – ג.) אפילו דִיא נִיט גִיפַאלִינִי (נִיט זִינְדִיגִי) מלאכים הָאבִּין קֵיין פֶערְדִינְסְט פַאר גָאטט , אוּן פשיטא שׁוֹין דֶער גִיפַאלִינִיר (זִינְדִיגִיר) אוּן וִוידִירְשֶׁפֶּענְסְטִיגִיר מֶענְשׁ !

צְוֵ ו י י ט י נְ ס אָבִּיר דוּרְךְ דִיא עדות פוּן דִיא כתבי הקודש וָואס מַאן קָאן דֶערוֹיף נִיט שְׁטְרַייטִין , וֶוערְד צוּ וָוארְפִין דִיא בִּיהוֹיפְּטוּנְג אַז דֶער מֶענְשׁ הָאט פֶערְדִינְסְט. וֶוען דֶער מֶענְשׁ וָואלְט הָאבִּין פֶער דִינְסְט , וֶוען נָאךְ אַזוֹ וֶועניג , וָואלְט זַיין נַאטוּר מוּזִין גוּט אוּן הֵיילִיג זַיין , אִין אַזוֹ וַוייט וִויא עֶס בִּיטְרֶעפְט דִיא דָאזִיגִי פֶערְדִינְסְט ; אוּן פוּן דֶעסְט וֶועגִין דֶערְקֶלֶערְט גָאטט גָאר דֶעם הפךְ. וַוייל עֶס שְׁטֵייט : הן בקדשיו לא יאמין ושמים לא זכו בעיניו : אף כי נתעב ונאלח איש שתה כמים עולה : „פַאר וָואר אוּנְטִיר זַיינִי הֵיילִיגִי אִיז קֵיינֶער נִיט דָא וָואס עֶר זָאלל זֵייא גִיטְרוֹיֶען , אוּן דִיא הִימְמְלִין זֶענִין נִיט רֵיין פַאר אִיהם. וִויא פִיל מֶעהר אַיין מֶענְשׁ , וָואס עֶר אִיז אוּם וִוירְדִיג אוּן פֶערְדֶערְבְּט , דֶער וָואס זוֹיפְט אוּם רֶעכְט וִויא וַואסְסִיר“.(איוב ט״ו, – פ׳ט״ו ט״ז) דָס קָאן אוּם מִיגְלִיךְ פוּן

אַיין

אַיין בּישֶׁעפֶּינִיש גִיזָאגְט װֶערִין, אַז עֶס אִיז אִין שְׁטַאנְד, זִיךְ עֶפִּיס אַיין פֶערְדִינְסְט פַאר גָאטְט ב״ה צוּ פֶערְשַׁאפִין. נַיי טִיר װֶען דֶער מֶענְשׁ װָאלְט פֶער דִינְסְטִין גִיהַאט, אַזוֹ װָאלְטִין דִיא דָאזִיגִי דָאךְ מוּזִין אַרוֹיס קוּמִין פוּן דִיא גוּטִי מעשים װָאס עֶר הָאט גִיטְהוּן — װָארִין דֶער דָאזִיגֶיר, װָאס טְהוּט קַיין גוּטִיס נִיט, אִיז דָאךְ אוּם מִיגְלִיךְ אַז עֶר זָאלל פוּל זַיין מִיט פֶערְדִינְסְט — אוּן פוּן דֶעסְטְװֶעגִין זָאגְט גָאטְט: אין עושה טוב: „עֶס אִיז קֵיינֶיר נִיט דָא װָאס טְהוּט גוּטִיס.״ הכל סר יחדיו נאלחו אין עושה טוב אין גם אחד: „אַלְלִי הָאבִּין זִיךְ אַװֶעק גִיקֶעהְרְט, זַייא זֶענִין מִיט אֵיינַאנְדֶער פֶער דֶערְבְּט גִיוָארִין, קֵיינֶיר טְהוּט קַיין גוּטְס נִיט, אוֹיךְ נִיט אֵיין אֵיינְצִיגֶער. (תהלים י״ד פסוק א׳ — ג׳.) אַז דָאס אִיז אמת, דֶען הָאט קַיין מֶענְשׁ קַיין פֶערְדִינְסְט נִיט. נַיי טִיר, װֶען דֶער מֶענְשׁ װָאלְט פֶערְדִינְסְטִין גִיהַאט, אַזוֹ װָאלְטִין דִיא דָאזִיגִי אַרוֹיס קוּמִין פוּן אַיין גוּטִיר הוֹיפְּט זַאךְ פוּן זַיין נַאטוּר װָאס עֶס אִיז אִין אִיהם: אָבִּיר גָאטְט זָאגְט, אַז אפילו אִין ישראל אִיז נִיט פֶערְהַאנְדִין אַזוֹ אַיין הוֹיפְּט זַאךְ פוּן גוּטְס, אוּן דֶער קְלֶערְט דֶעם הפך אַז כל ראש לחלי וכל לבב דוי: „דֶער גַאנְצִיר קָאפְּף אִיז קְרַאנְק, אוּן דָאס גַאנְצִי הֶערְץ אִיז שְׁלַאף״. מכף רגל ועד־ראש אין־בו מתם פצע וחבורה ומכה טריה: „פוּן דֶעם בַּאלִין פוּן דֶעם פוּס אָן בִּיז צוּ דֶעם קָאפְּף אִיז נִיט גַאנְצִיס אָן אִיהם, װאוּנְדִין אוּן בַּיילִין אוּן אֵייטְרִיגִי גִישְׁװִירִין״. (ישעיה א׳, פסוק ה׳ — ו׳.) דָא רֶעדִיט גָאטְט נוּר פוּן ישראל, אָבִּיר דִיא בִּישְׁרַייבּוּנְג פַּאסְט אוֹיף אַלְלִי מֶענְשִׁין אִין כלל, װָאס זַייא זֶענִין גַאנְץ פֶער דָארְבִּין אוּן הָאבִּין אָן זִיךְ נִיט קַיין גִיזוּנְדִיס, דֶער שכל אִיז פֶער דָארְבִּין, װָארִין „דֶער גַאנְצִיר קָאפְּף אִיז קְרַאנְק״, דָאס גִיפִיהל אִיז פֶער דָארְבִּין, װָארִין „דָאס גַאנְצִי הֶערְץ אִיז שְׁלַאף״. מִילָא װִיא קָאן דֶער דָאזִיגֶיר פֶערְדִינְסְט הָאבִּין, װֶעלְכִיר אַיין פֶערְקֶעהְרְטִין שכל אוּן אַיין פֶערְדֶערְבְּטִיס הֶערְץ הָאט? נַיי טִיר װֶען דֶער מֶענְשׁ װָאלְט פֶער דִינְסְט גִיהַאט, מוּזִין דָאךְ זַיינִי גוּטִי מעשים אִין װֶעלְכִי עֶס אֵייבִּיג בִּישְׁטֵייהִיט, פוּן דֶער אַרְט זַיין, אַז זַייא זָאלְלִין פֶערְדִינִין אַז גָאטְט זָאלל עֶס מקבל זַיין; אָבִּיר דָאס בִּיקֶענְטְנִיש פוּן דֶעם נָבִיא קְלִינְגְט:

ונהי כטמא כלנו וכבגד עדים כל צדקתינו:

„אוּן מִיר אַלְלִי זֶענִין גִיוָארִין װִיא אוּם רֵיינִי, אוּן אַלְלִי אוּנְזִירִי גִירֶעכְטִיגְקַייט אִיז װִיא אֵיינִי אַיין גִירִיכְטִי קְלֵייד״. (ישעיה ס״ד, פסוק ה׳.) עֶנְטְװִיר זָאגְט דָא דִי תורה שבע״פ עֶפִּיס פַאלְשִׁיס אוֹדִיר דִיא כתבי

הקודש. דער תנ"ך זאָגט, אַז אפילו די בעסטע מעשים פון מענשען, "אַללע זיינע גערעכטיגקייט", איז פאַר גאָטט ניט בעססער וויא איין איינגעריכטע קלייד; מילא אַז דאס איז אמת, אַזו האָט דער מענש אפילו דעם קלענגסטען פערדינסט אויך ניט.

הויך דעם אָבער איז די ביהויפּטונג, אַז איטליכער מענש האָט פערדינסט און זינד, אויף איין פאַלשען יסוד געגרונדעסטיגט, זיא שטעלט קודם כל אַזו, אַז גאָטט משפט די מענשען נאָך זייערע איינציגע מעשים נאָך און ניט נאָך דעם צו שטאַנד פון זייער האַרצען, דאס הייסט אַז ער משפט אויף דעם זעלביגען אופן, וויא מיר. אַז מיר ווילען ביקלערען דעם ווערד פון מדות ישרות פון איין מענשען, אַזו קענען מיר נור אויף זיינע מעשים זעהען, און עס קאַן אונס שיינען כמה מעשים גוט, און אַנדערע שלעכט; דאריבער קאַן ער אין אונזערע אויגען האָבען כמה פערדינסטען און כמה פערשולדונגען. אָבער גאָטט בליקט אין דאס הערץ און זעהט, אויב איין מענש האָט איהם ליב אודער ניט, און משפט דעם צו שטאַנד און אַללע מעשים פון מענשען איבער הויפּט, נאָך דעם נאָך וויא זיין געמוהט איז און זיין געפיהל. מיר קורץ זיכטיגע בישעפּעניש ריכטען דאס האַרץ פון איין מענשען נאָך זיינע מעשים נאָך, אָבער גאָטט ב"ה משפט זיינע מעשים נאָך זיין האַרץ נאָך, און וואו ער געפינד עס שלעכט, איז ער אַזו ווייט דער פון דערוויטערט איהם עפּים צו צורעכנען איין זאַך וואס ער האָט געטהון פאַר איין פערדינסט, אַזו, ביז ער זעהט פיל מעהר אויף זיינע גאַנצע מעשים און מנהגים, וויא אויף איין ניט אויף געהערטע צייל פון אום ווירדיגע זינד.

די צווייטע ביהויפּטונג פון דער תורה שבעל פה איז, אַז "ווען די פערדינסט (זכיות) פון איין מענשען ווענט איבער די זינד (עוונות) איז ער איין צדיק". דא ווערט אַזו פאָר אויס געשטעלט, ערשטענס אַז די פערדינסט פון איין מענשען קענען זיינע זינד איבער ווענן, און אויך ביהויפּטיט, צווייטענס, אַז דער דאזיגער ביא ווערלכען עס איז באמת דער פאַלל אַזו ווערט ער צו די צדיקים גערעכינט. אָבער וואו איז דער מענש, וואס זיינע "פערדינסטען זאָללען זיינע זינד איבער ווענן"? וואו איז דער מענש, וואס ער האָט נור אפילו איינם פון גאָטטעס געבאָטע גאָר אין גאַנצען דער פיהלט? און אַללע אונזערע בעסטע מעשים און וואויל געפאַלען, איז ענטוועדער איין ביא מישונג פון זינד אודער פון חסרונות. ווען מיר ביקומען אָפט מאָל אין האַרצען דורך די הילף פון גאָטט, איין גוטע

מחשבה, אודיר זיך עפּיס רעכטס אַפּיר גינומין, איידיר דאס קאן נאך אויס גיפיהרט ווערין, פערמישט זיך אָפּט דער צו, איין אייגיני טובה און איין אום רייני כוונה און נעמט אַוועק דעם גאַנצין ווערט דער פון. אין איטליכין פאַלל איז אָבּיר דאס פּאַלגין ניט אין גאַנצין, אַזוֹ, אַז אונזירי בעסטי מעשים גיבּט נור דער צו גילעגינהייט, אונזירי שוואַכהייט און אום גאַנציגקייט, דאס הייסט אַזוֹ, אונזירי זינדיגקייט קלאר אַרויס צו ווייזין, און אַזוֹ דער מיט זענין אונזירי זינד גיווים אַזוֹ פיל וויא אונזירי גוטי מעשים, וואָרין איטליכי איינציגי פון דיא גוטי מעשים האט ווידיר זינד אין זיך. אָבּיר וויא פיל זענין דאס פערהאַנדין אונזירי זינד אין גידאַנקין, מיט רייד, און מיט מעשים, וואָס זייא זענין רייני זינד, אָן איין פערמישונג פון עפּיס גוטס, און דיא אַלליין „זענין מעהר, וויא דיא האר אויף אונזירין קאָפּף?" און אפילו אַז מיר וואָלטין דאס מודה זיין אַז דער פועל יוצא קומט נור ניט מעהר אָן נור אויף דיא גרויסקייט פון דיא עבירות און ניט אויף דעם צאהל אַזוֹ איז דאך פּאַרט פערהאַנדין איין זינד וואָס ציהט זיך פון אונזיר גיבּוירינגי שעה אָן בּיז צום לעצטין אויגין בּליק פון אונזיר לעבין, און דאס איז, דאס וואָס עס פעהלט אַזוֹ דיא ליבּשאַפט צו גאָטט זאָל זיין אין גאַנצין. דאס דאזיגי פערלאַנגט גאָט ב"ה פון אונס אין איטליכין אויגין בּליק; אָבּיר וויא פיל שטונדין אין איטליכין טאָג פער בּריינגין מיר מיט אונזירי גישעפטין אודיר מיט אונזיר פערגניגין, אָן דעם אַז מיר זאָללין זיך אפילו נור איין איינציגין מאָהל דער מאַנין אָן איהם? און אפילו אונזיר דער מאַנין זיך מיט דאַנקונג אָן דער ליבּשאַפט און גינאַד פון גאָטט ב"ה, וויא קורץ, וויא גיהאַיילט און וויא אָב גיבּראָכין איז עס! דא האָבּין מיר אַזוֹ איין זינד, וואָס זיא איז גרויס, אַז זיא וועגט איבּיר אונזירי גאַנצי דאַנקונגין און אונזיר דינסט, און וואָס זיא אַלליין וועט דיא וואָג שאַלל פון עוונות אַראָפּ זינקין בּיז אין דעם טיפּסטין גהינם. אחוץ דעם איז נאך פערהאַנדין איין אַנדירי זינד וואָס האט אויך דאס זעלבּיגי גיוויכט, און דאס איז, אונזיר איבּיגי עובר זיין אויף דאס גיבּאָט: ואהבת לרעך כמוך „דוא זאָלסט דיין חבר ליב האָבּין וויא דיך אַלליין". אפילו דער בעסטיר אונטיר אַללי היילִיגי פון גאָטט, האלט נור שוואך מלחמה אַקעגין דיא ליבּשאַפט צו זיך אַלליין; ער מאַכט גירויס דעם אָרט פון דעם חוב אַקעגין זיין חבר, ער וויים דאס דאזיגי, ער וויניטשט זיך אויך דאס צו דערפּיהלין, ער וואַכט איבּיר זיך זעלבּיר; אָבּיר בּייא אַללי זייני בּזאָרגניש האָפט זיך אַללי מאָהל ווידיר און ווידיר

אַבֵּיין דיא לִיבְּשַׁאפְט צוּ זִיךְ אַלְלֵיין אוּן הֶערְשְׁט אִיבֶּר דִיא מחשבות אוּן מעשים. מִילָא דיא דָאזִיגֶי צְוֵוייא זִינְדִין וֶועלְלֶין נָאךְ אַלְלֵי אִיבְּרִיגֵי זֶעקְס הוּנְדִירְט אוּן עֶלְף מצות, וָואס דיא ישראל בְּיִרִיהֶמִין זִיךְ מִיט זֵייא, טוֹיזִינְד מָאהל אִיבֶּיר וֶועגִין, אפילוּ וֶוען זֵייא זָאלְלִין דיא דָאזִיגֶי מקיים זַיין אָן אֵיין אֵיינְצִיגֶי עבירה אוּן אָן אֵיין שְׁאטִין פוּן נִיט פוּלְקוֹמִינְהַייט. וֶוען מִיר זֶעהְנִין פוּן דיא דָאזִיגֶי אוּנְזִירֵי בֵּיידֵי זִינְד בְּיוואוּקְסְט, אַזוֹ אִיז עֶס גָאר אִין גַאנְצִין נִיט גִיפַּאסְט, פוּן אוּנְזִירֵי זכיות צוּ רֵיידִין, אַז זֵייא זָאלְלִין אוּנְזִירֵי עוונות אִיבֶּיר וֶועגִין. דְרוּם, וֶוען כדי אַיין צדיק צוּ זַיין, וָואלְט נֵייטִיג גִיוֶועזִין, אַז אוּנְזִירֵי זכיות זָאלל אִיבֶּיר וֶועגִין אוּנְזִירֵי עוונות, אַזוֹ וָואלְטִין מִיר מוּזִין אַלְלֵי הָאפְּפִינוּנְג פֶערְלִירִין, וֶוען אַמֶאהל פַּאר גָאטְט גִירֶעכְטְפֶּערְטִיגְט צוּ וֶוערִין. מִיר ווילְלִין אָבֶּיר אוֹיף אֵיין אוֹיגִין בְּלִיק אַמָאהל אָן גֶעהְמִין, אַז אַזוֹ אַיין זַאךְ וָואלְט מֶיגְלִיךְ גִיוֶועזִין, אַז עֶס זָאלל אַזוֹ אַיין מֶענְשׁ זַיין, וָואס זַיינֶי זכיות טְרֶעפְט אִיבֶּיר זַיינֶי עוונות; וֶועט אַזֶעלְכִיר פַּאר גָאטְט ב"ה זִיךְ גִירֶעכְט בְּיַווייזִין? מִיר ווילְלִין צוּם עֶרְשְׁטִין הֶערִין וָואס משה זָאגְט אוּנְס דֶער פוּן:

ושמרתם לעשות כאשר צוה יהוה אלהיכם לא תסורו ימין ושמאל: בכל הדרך אשר צוה יהוה אלהיכם תלכו למען תחיו וטוב לכם והארכתם ימים בארץ אשר תירשון:

"אוּן אִיהר זָאלְלְט הִיטִין צוּ טָהוּן גְלַייךְ אַז וויא יהוה אַייאֶר אלהים הָאט אַייךְ גִיבָּאטִין אִיהר זָאלְלט נִיט אָבּ קֶעהְרִין צוּ דִיא רֶעכְטֶי הַאנְד, אוֹדִיר צוּ דיא לִינְקֶי הַאנְד, אוֹיף דֶעם גַאנְצִין וֶועג וָואס יהוה אַייאֶר אלהים הָאט אַייךְ גִיבָּאטִין זָאלְלט אִיהר גֵיין, פוּן וֶועגִין אַז אִיהר זָאלְלט לֶעבִּין אוּן עֶס זָאלל גוּט זַיין צוּ אַייךְ אוּן אִיהר זָאלְלט פֶערְלֶענְגִירִין דיא טֶעג אוֹיף דֶעם לַאנְד וָואס אִיהר וֶועט עֶרְבִּין". (דברים ה' פסוק כ"ט-ל.) מִילָא דָא פֶערְלַאנְגְט משה אַז דָאס פָאלְגִין זָאלל זַיין אָן אַיין שׁוּם הסרון, כדי מַאן זָאלל לֶעבִּין דֶער פַאר, אוּן דֶערְלוֹיבְּט נִיט קֵיין אָבּ קֶעהרוּנְג, צוּ דיא רֶעכְטֶי אוֹדִיר צוּ דיא לִינְקֶי הַאנְד. אוּן בֶּאמת אִיז דָאס דָאזִיגֶי נִיט דיא אֵיינְצִיגֶי דֶערְקְלֶערוּנְג, אוֹדִיר אַיין זַאץ אַרוֹיס גִינוּמִין, פוּן דֶעם צוּזַאמְמִין הַאנְג, נַייאִירְט עֶס וֶוערְד פוּן משה אִין כמה וכמה עֶרְטִיר אִיבֶּיר גִיהַאזִירְט. מַאכִי נִיט וַוייט פוּן דֶעם דֶערְמָאנְטִין פסוק זָאגְט עֶר:

וזאת המצוה החקים והמשפטים אשר צוה יהוה אלהיכם ללמד אתכם לעשות בארץ אשר אתם עוברים שמה לרשתה: למען תירא את יהוה אלהיך לשמור את כל חקותיו ומצותיו אשר אנכי מצוך אתה ובנך ובן בנך כל ימי חייך ולמען יאריכון ימיך:

„אוּן דָאס דָאזִיגִי אִיז דָאס גִיבָּאט דִיא גִיזֶעצִי אוּן דִיא גִירִיכְטִי וָואס יהוה דַיין אלהים הָאט גִיבָּאטִין צוּ לֶערְנִין אַייךְ , צוּ טָהוּן אִין דֶעם לַאנְד וָואס אִיהר פָאהְרְט אִיבִּיר דָארְטִין אַהִין עֶס צוּ עֶרְבִּין ; פוּן וֶועגִין אַז דוּא זָאלְסְט פֶערְכְטִין יהוה דַיין אלהים צוּ הִיטִין אַלְלִי זַיינִי גִיזֶעצִי אוּן זַיינִי גִיבָּאטִי , וָואס אִיךְ גִיבִּיט דִיר „דוּ אוּן דַיין זוּן אוּן דַיין זוּנְס זוּן , אַלְלִי טֶעג פוּן דַיין לֶעבִּין , אוּן פוּן וֶועגִין אַז דַיינִי טֶעג זָאלְלִין לַאנְג זַיין״ . (דָארְטִין ו׳ פסוק א׳—ב׳ .) דָא פֶערְלַאנְגְט משה ווִידִיר אַז מַאן זָאלל פולקום דָאס גַאנְצִי גִיזֶעץ פָאלְגִין אָן אַיין שׁוּם חסרון ; עֶר פֶערְלַאנְגְט פוּן אִיטְלִיכִין אֵיינְצִיגִין מֶענְשִׁין פוּן ישראל : „דוּ אוּן דַיין זוּן אוּן דַיין זוּנְס זוּן״ הֵייסְט עֶס ; אוּן בֶּאֱמֶת פֶערְלַאנְגְט עֶר נִיט דֶעם דָאזִיגִין כלל פָאלְגוּנְג עֶפִּיס פַאר אַיין גִיוִויסִי צַייט אִין יָאהר , נַייאִירְט פַאר אִיטְלִיכִין טָאג פוּן דֶעם גַאנְצִין מֶענְשְׁלִיכִין לֶעבִּין : „אַלְלִי טֶעג פוּן דַיין לֶעבִּין״ . נָאךְ משה נָאךְ קָאן פוּן עֶטְלִיכִי זכיות אוּן עֶטְלִיכִי עוונות גָאר קֵיין רֵייד נִיט זַיין ; וָוארִין וֶוען אִימִיצִיר טָהוּט דָאס וָואס משה פֶערְלַאנְגְט , קָאן עֶר קֵיינִי זִינְד נִיט הָאבִּין ; הָאט אָבִּיר אִימִיצִיר יוֹא עֶפִּיס אַיין זִינְד , זִיא מֶעג אַזוֹ קְלֵיין זַיין ווִיא זִיא ווִילל , אַזוֹ דֶערְפִיהְלְט עֶר דָאס נִיט וָואס משה פֶערְלַאנְגְט אַז דֶער פַאר זָאלל מַאן לֶעבִּין . מִיר וָואלְטִין גִיקָאנְט נָאךְ אַסַךְ עֶרְטִיר דֶערְגְלַייכִין צֵיהֶער בְּרֶענְגִין , אָבִּיר מִיר בִּיגְנוּגִין זִיךְ מִיט אֵיינְס , וָואס משה דֶערְקְלֶערְט אוֹיס דְרִיקְלִיךְ אַז צוּ צדקות אִיז נֵייטִיג אַלְץ צוּ פָאלְגִין בכלליות :

ויצונו יהוה לעשות את כל החקים האלה ליראה את יהוה אלהינו לטוב לנו כל הימים לחיותנו כהיום הזה : וצדקה תהיה לנו כי נשמר את כל המצוה הזאת לפני יהוה אלהינו כאשר צונו :

„אוּן יהוה הָאט אוּנְס גִיבָּאטִין צוּ טָהוּן אַלְלִי דִיא דָאזִיגִי גִיזֶעצִי צוּ פֶערְכְטִין יהוה אוּנְזִיר אלהים , אַז עֶס זָאלל צוּ אוּנְס גוּט זַיין אַלְלִי טֶעג אַז מִיר זָאלְלִין לֶעבִּין גְלַייךְ אַז ווִיא דֶער דָאזִיגִיר טָאג ; אוּן עֶס וֶועט זַיין גִירֶעכְטִיגְקַייט צוּ אוּנְס וֶוען מִיר הִיטִין צוּ טָהוּן אַלְלִי דִיא דָאזִיגִי גִיבָּאטִי צוּ פַאר יהוה אוּנְזִיר אלהים גְלַייךְ אַז ווִיא עֶר הָאט אוּנְס גִיבָּאטִין״ . (דָארְטִין פסוק כ״ד—כ״ה .) דָאס דָאזִיגִי אִיז דָאס אַנְזֶעהִין פוּן משה פוּן דִיא צדקות , אוּן וֶוען משה הָאט אַנְדִירְשׁ רֶעכְט , אַזוֹ הָאט דִיא תורה שבעל פה אוּם רֶעכְט . דִיא תורה שבעל פה זָאגְט , אַז אִימִיצִינְס זכיות וֶועגְט אִיבִּיר זַיינִי עוונות אַזוֹ אִיז דֶער אַיין צדיק , ״אָבִּיר משה זָאגְט , אַז דֶער אִיז נוּר אַיין צדיק , וֶועלְכִיר עֶס הָאלְט אַלְלִי גִיבָּאטִי אִין אַלְלִי טֶעג פוּן זַיין לֶעבִּין . דִיא תורה שבעל פה זָאגְט צוּ , דֶעם דָאזִיגִין , לֶעבִּין , וָואס עֶר הָאט בְּפֵירוּשׁ זִינְד ; אָבִּיר משה

פֶער לַאנְגְט פוּלְקוֹמִינִי בִּיפָאלְגוּנְג בכלליות, אַז מַאן זָאלל דֶער פַאר לֶעבִּין. דַארִיבִּיר אִיז זֵייאִיר וַואזְנִי פַאר אִיטְלִיכִין ישראל, צוּ בִּיטְרַאכְטִין אוֹיבּ עֶר ווילל לָאזִין בִּירוּהִין דָאס הֵייל פַאר זַיין נשמה אוֹיף דֶעם וָוארְט פוּן משה אוֹדִיר אוֹיף דִיא דָאזִיגִי פוּן תורה שבעל פה. וֶוען עֶר וֶועט עֶס לָאזִין בִּירוּהִין אוֹיף דֶער תורה שבעל פה, דֶענְקְמָאלְט וֶועט עֶר זִיךְ הַאלְטִין פַאר גִיוִויס, אַז עֶפִּיס אֵיין טְהֵייל פוּן מצות טָהוּן אִיז שׁוֹין גִינוּג. אִיהם אֵייבִּיגִי הֵיילוּנְג צוּ פֶערְזִיכִירִין, אוּן אִין דֶער דָאזִיגִיר הָאפְּפִינוּנְג וֶועט עֶר שְׁטַארְבִּין, אָבִּיר, וֶוען עֶר וֶועט נָאךְ תורת משה גימשפט וֶוערִין, אַזוֹ וֶועט עֶר גִיפִינִין אִין דֶער צַייט פוּן משפט פוּן גָאטט ב"ה, אַז עֶר אִיז שְׁרֶעקְלִיךְ אִין תעות. משה קָאן קֵיינִי אַנְדִירִי צדקות נִיט וְויא נוּר דִיא דָאזִיגִי אַז מַאן זָאלל אַלְץ בכלליות פָאלְגִין אִין אִיטְלִיכִין טָאג פוּן דֶעם מֶענְשְׁלִיכִין לֶעבִּין. אוּן זָאגְט קֵיינִים אַנְדִירִין נִיט צוּ דָאס לֶעבִּין, וְויא נוּר דֶעם דָאזִיגִין וָואס עֶר הָאט דִיא דָאזִיגִי צדקות. מֵילָא וֶוער עֶס הָאט דָאס נִיט דֶער מוּז פֶער שׁוּלְדִיגְט וֶוערִין. אוּן אִיטְלִיכִיר פוּן ישראל זָאלל זִיךְ דָאס גוּט מֶערְקִין, אַז משה הָאט עֶס נִיט אִיבִּיר גִילָאזִין פַאר אוּנְס, אַז מִיר זָאלְלִין זִיךְ עֶפִּיס אַרוֹיס דְרִינְגִין פוּן זַיינִי גִירֶעכְטִי לֶערְנוּנְגִין. וָואס עֶר הֶעט אַנְדִיר גִישְׁרִיבִּין, גֵייאִירְט עֶר אַלֵּיין זָאגְט עֶס אַרוֹיס מִיט דִיא בִּישְׁטִימְטִיכְטִי אוּן קְלָארְסְטִי וֶוערְטִיר, אַז דֶער דָאזִיגִיר, וָואס עֶר אִיז נִיט מקיים אַלְץ בכלל, אִיז עֶר פֶער פְלוּכְט. אוּן כדי אַז קֵיינִיר זָאלל אִיהם נִיט פַאלְשׁ פֶערְשְׁטֵיין, זָאגְט עֶר דָאס בפירוש נָאךְ אַמָאהל אַרוֹיס, אַלְץ וָואס עֶר הָאט פוּן דֶער דָאזִיגִיר זַאךְ שׁוֹין גִיזָאגְט, אוּן תַאזִירְט עֶס אִיבִּיר, אַז דֶער וָואס אִיז מקיים אַלְלִי גִיבָּאט פוּן גָאטט, וֶוערְד גִיבֶּענְשְׁט; אוּן דֶער וָואס אִיז נִיט מקיים אַלְלִי גִיבָּאט פוּן גָאטט זָאלל פֶערְפְלוּכְט זַיין, צוּם עֶרְשְׁטִין זָאגְט עֶר:

והיה אם שמוע תשמע בקול יהוה אלהיך לשמור לעשות את כל מצותיו אשר אנכי מצוך היום ונתנך יהוה אלהיך עליון על כל גויי הארץ: ובאו עליך כל הברכות האלה וגו':

„אוּן עֶס וֶועט זַיין וֶוען דוּ וֶועסְט פְלַייסִיג הֶערִין אִין דִיא שְׁטִים פוּן יהוה דַיין אלהים צוּ הִיטִין צוּ טָהוּן אַלְלִי זַיינִי גִיבָּאטִי, וָואס אִיךְ גִיבִּיאט דִיר הַיינְט, אַזוֹ וֶועט יהוה דַיין אלהים דִיךְ הוֹיךְ מַאכִין אִיבִּיר אַלְלִי פֶעלְקִיר פוּן דֶער עֶרְד. אוּן עֶס וֶועלִין קוֹמִין אִיבִּיר דִיר אַלְלִי דִיא דָאזִיגִי בֶּענְשׁוּנְגִין, וגומר". אוּן וְויא עֶר רֶעכִינְט אוֹיס דִיא ברכות זָאגְט עֶר דֶער צוּ:

והיה אם לא תשמע בקול יהוה אלהיך לשמור לעשות את כל מצותיו

וחקותיו

וחקותיו אשר אנכי מצוך היום ובאו עליך כל הקללות האלה והשיגוך: ארור אתה בעיר וארור אתה בשדה וגו׳ :

„און עס וועט זיין, ווען דו וועסט ניט הערין אין די שטים פון יהוה דיין אלהים צו היטין צו טהון אללי זייני גיבאטי און זייני גיזעצי וואס איך גיביאט דיר היינט, אזו וועלין קומין איביר דיר אללי דיא דאזיגי פלוכי און זייא וועלין דיך גרייכין. פאר פלוכט וועסטו זיין אין דיא שטאט, און פאר פלוכט וועסטו זיין אין דעם פעלד, וגו׳ ״. (דברים כ״ח, פסוק א׳–ט״ו.) מילא דא זאגט משה בפירוש, אז דער דאזיגער, וואס ער גיהארכט אלץ, איז גיבענשט, דערקייגין דער וואס גיהארכט נישט אלץ, דער איז פערפלוכט. פאר איינם מוז מאן בימערקין אז פון מענשין וואס זענין פון מיטילין צו שטאנד, וואס זייא זאללין הייסין בינונים, וואס זייא זענין ניט גוט און ניט שלעכט, וויים משה גאר נישט. ער צו טהיילט דיא ישראל אין צוויא קלאססין, אין גיבענשטי, און פער פלוכטי, צו דיא גיבענשטי גיהערין דיא דאזיגי וואס האלטין אללי גיבאטי פון גאטט, צו דיא פער פלוכטי אביר, גיהערין דיא, וואס האלטין ניט אללי גיבאטי. מילא בבן אין דער דאזיגיר וויכטיגסטי זאך וואס עס קאן נור דאס גימוהט פון איין מענשין בישעפטיגין, איז דיא תורה שבעל פה סותר דיא קלארי ווערטיר פון משה. איינם פון ביידי איז גיוויס אין תעות; דיא ישראל דארפין אויס דער ווילין, אויב זייא ווילין גלויבין משה, אודיר דיא תורה שבעל פה וואס זיא איז איהם סותר, ווען זייא גלויבין משה אזו ביווייזט זיך דער דאזיגיר פאר איין צדיק פאר גאטט ב״ה וועלכיר עס האט אזו זיין לעבינס טאג אללי גיבאטי פון גאטט גיהאלטין, און האט קיין מאהל פון זייא ניט עובר גיוועזין. אביר איטליכיר וואס איז ניט אזוא, איז אזו זייאיר וויט דער פון איין צדיק צו זיין, אז ער איז נאך גאר אפילו פער פלוכט. ווען עס וואלט גיוועזין אזו איין מענש וואס ער וואלט זיין גאנץ לעבין אדורך אללי גיבאטי גיהאלטין און נור איין איינציגין מאהל איין עבירה עובר גיוועזין, אזו וועט איהם דיא איינצי עבירה מאכין פאר איין רשע, און פאר איין פער פלוכטין. אה! הלוואי זאלל קיינר זיין איביגי הייל (עולם הבא) ניט איין שטעללין אין סכנה דורך דעם אז ער זאלל גלויבין אין דער תורה שבעל פה, הלוואי זאלל איטליכיר בעסיר דיא תורה פון משה פעסט האלטין אין דיא יסודות דער פארשין, וואס ער האט מיסד גיוועזין! מיר פער לאנגין דא ניט אז דיא ישראל זאללין דעם נייאין טעסטאמענט (ברית הדשה) לערנין, אודיר זייא זאללין הערין דיא הקירות

פון אונס אודיר פון אַנדירי מענשין, ביאירט מיר לייגין גאר פשוט אוים איינאַנדיר דיא ווערטיר פון משה און ווייזין איך אַנדירי ערטיר פון דער תורה שבעל פה, וואס שטעלט אויף איין גאנץ אַנדירי לערנונג וויא דיא דאָזיגי פון משה. נאך דעם נאך פרעגין מיר, אוב דער, וואס ער איז מעיז אַקייגין דער תורת משה קאן אויף עולם הבא האָפפין? און פון דעכט וועגין טהוט עס איטליביר, דער וואס פאָלגט דיא תורה שבעל פה. ווען עס וואלט נור בלוז גיגאַנגין אום עולם הזה, אַזוי וואלט דיא זאך ניט אַזוי וואזזני גיוועזין; אָביר דא גייט עס אום עולם הבא צו פער שפּילין. ווען דיא תורה שבעל פה איז אין תעות–און זיא איז טאקי אין תעות, וויא באַלד אַז משה האָט אמ״ה גיזאָגט–אַזוי פער שפּילט איטליביר זיין עולם הבא דער וואס פאָלגט דיא תורה שבעל פה. מיר בעטין דאריבּיר איטליכין וואס לייאינט דאס, אַז ער זאָלל דיא תורה פון משה אין דער האַנד נעהמין און זאָלל דיא דאָזיגי שאלה חוקר ודורש זיין: „וועלכי זענין דיא אופנים פון דער ברכה און פון דער קללה פון לעבין און פון טויט נאך דיא דערקלערונגין פון משה? איז ער מבטיח דעם יעניגין לעבין, וואס זייני זכיות וועגט איביר זייני עוונות, אודיר פערלאַנגט ער אַז מאַן זאָלל אַלץ מקיים זיין אָן איין שום חסרון. אויף משה אַליין רופין מיר זיך אוים, און איהם נעהמין מיר צום שופט ער זאָלל פּסקינין איביר אונזירי אַללער האַנט מיינונגין. –



Дозволено Цензурою. Варшава 5 (17) Февраля 1876 г.
Въ Типографіи А. Гинса. Королевская № 1064 D.

НЕСЫВОТЪ ОЛОМЪ

# נתיבות עולם

עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז

דיא אלטי שטעגין.

## נומר ל״ג

אין פאריגין נומיר האבין מיר בּיוויזין, אז דער ערשטיר יסוד פון דער תורה שבעל פה וואס עס שמוהיסט דעם אופן פון רעכטפערטיגונג (צדקות) איז פאלש, ווייל משה פערלאנגט אז דאס פאלגין זאלל גאנץ און בכלליות און איין שום חסרון זיין אקייגין אללי גיבאטין אז מאן זאלל זיין דער פאר איין צדיק און מאן זאלל האבין דאס לעבין, אן שטאט וואס דיא תורה שבעל פה זאגט אז עס איז גינוג אז דיא זכיות פון איין מענשין וועגין זייני עבירות איביר, און פון דער דאזיגיר בּיהויפטונג מוז איינר, דורך אויס פאלש זיין, אז עס דארף דיא יודין דיראן גיין זיך מישב צו זיין, אויב זייא ווילין משה צום ליגניר מאכין אודיר דיא תורה שבעל פה, וואס אונס ביטרעפט, אזוי גלויבין מיר, אז משה האט דעם אמת גיזאגט און נאך זיין אויס מעסטונג נאך פון רעכט און אום רעכט, ווילין מיר אויך איצונד דעם אנדירין און דריטין יסוד פון דיא רעכטפערטיגונג (צדקות) פון דיא רבנים חוקר ודורש זיין. דיא תורה שבעל פה זאגט אונס, עס הייסט צום צווייטין, אז ווען גאטט וועגט אב דיא זכיות און עונות איינר אקייגין דיא אנדירי, ווערד עס ניט גישעהין נאך דעם צאהל פון מצות און עבירות נייארט נאך זייארי וויכטיגקייט און גרויסקייט; ווארין עס איז פערהאנדין מצות, וואס זייא וועגין אסך עוונות איביר, וויא עס שטייט אין פסוק: יען נמצא בו דבר טוב „ווייל עס גיפינד זיך אין איהם עפּיס גוטים,״ און עס איז ווידיר פערהאנדין עבירות, וואס זייא וועגין פיל מצות אריביר, נאך דיא רייד פון פסוק: וחוטא אחד יאבד טובה הרבה: „אביר איין איינציגיר חוטא פערדערבּט פיל גוטס.״ און פון דעם דאזיגין מעם וועגין, זאגט דיא תורה שבעל פה, איז דער מנהג, אז דיא יודין שפאנדירין

צדקה

צדקה צו געבין און מעשים טובים צו טהון אום עשרת ימי תשובה, מעהר וויא דעם גאנצין יאהר." פון דעם ארט איז דיא האפפינונג, וואס דיא תורה שבעל פה זאגט דיא יודין צו. צום ערשטין זאגט עס דעם מענשין, אז ווען זייני זכיות ווענגין איבער זייני עוונות ווערט ער גיהאלפין ווערין. אבער וויל זיא פערשטעהיט, אז נור איין נער אודיר איין משוגיגיר קאן זייני זכיות גרעסיר האלטין וויא זייני עוונות, פרובט זיא צו בירוהיגין דאס גיוויסין דורך דער פערזיכירונג, אז עס ווערד ביטראכטיט אויף דעם ווערט פון דיא מעשים מעהריר וויא אויף זייאיר צאהל, און אז עס קאן זיין איין עובדא פון זכיות, וואס עס זאלל פיל עוונות איבער ווענין. דאס דאזיגי זוכט עס צו ביווייזין דורך דעם וואס עס ברענגט איין ראיה פון ספר מלכים. נון איז אבער דאס ברענגין דיא ראיה פון דער דאזיגיר שטעללי שוין פון זיך אין פערדאכט; וואריז פאר וואס זאלל עס ניט ברענגין איינע אודיר מעהריר ערטיר צום ביוייז פון תורת משה: דיא דאזיגי האט אין זיך דאס געטליכי גיזעץ און דיא וואזגי יסודות פון דעם משפט פון גאטט ב"ה; עס איז דורך אוים נייטיג אז בשעת מאן ברענגט איין ארט פון אזו איין פאלל וויא דער איז וואס מאן שמוהיסט דא פון איהם, אז מאן זאלל זיך בירופין אויף דעם פשט פון דיא אותיות פון דער תורה. דרום מעג איטליכיר יוד נאך איידיר ער טרויט אן זיין הילף דער תורה שבעל פה, איין ארט אין דער תורה פון משה אויף זוכין, וואו משה דערקלערט אלליין, אז "איין מצוה קאן איבער ווענין פיל זינד." מיר פון אונזיר זייט קענין קייני דערקלערונג פון דער דאזיגיר ארט, מיר שעמין זיך דאריבער גאר ניט, צו ביהויפטין, אז איטליכיר, וואס זיין הייל בירוהיט אויף דער דאזיגיר האפפנונג, איז אראפ גיפאללין פון דער אמונה פון משה.

אבער דער ארט אליין, וואס דיא תורה שבעל פה ברענגט, ביווייזט פאר דעם אויבין גידאכטין גרונד זאך גאר נישט. עס איז דערינין דיא רייד פון דעם זון פון ירבעם, ווייל עס הייסט כי זה לבדו יבא לירבעם אל קבר. יען נמצא בו דבר טוב אל יהוה אלהי ישראל בבית ירבעם „ווארין נור דער דאזיגיר אליין ווערט מקובר ווערין, דער פאר וויל אין איהם איז עפיס גוטים גיפונין גיווארין צו פאר יהוה דעם גאטט פון ישראל אין דעם הויז פון ירבעם" (מלכים א' י"ד, י"ג) דא איז קיין ווארט דער פון ניט גיזאגט, אז ער איז גירעכטפערטיגט דורך דאס איינע גוטי זאך וואס אין איהם איז גיפונין גיווארין, דיא דאזיגי איינע גוטי זאך האט דעם קינד ניט ביפרייט פון זיין קראנקהייט, און אויך ניט דעם פסק פון זיין טויט צום

לעבין

לֶעבּין פֶּערְקֶעהְרְט, נַייאִירְט אַלְץ, וָואס עֶס הָאט אִיהם פֶּערְשַׁאפְט, אִיז גִיוֶועזִין דָאס, וָואס מַאן הָאט אִיהם גִילָאזִין עֶר זָאלל שַׁיין בִּיגְרָאבִּין וֶוערִין בכן וִויא קָאן עֶרְגִינְץ אַיין קְלוּגִיר מֶענְשׁ דֶער פוּן דְרִינְגִין, אַז, וַוייל דֶער זוּן פוּן ירבעם הָאט אַיין גוּטִי בִּיגְרֶעבֶּנִישׁ גִיהַאט, זָאלל עֶר דוּרְךְ אֵיינִי מצוה טְהוּן בִּיפְרַייהִיט וֶוערִין פוּן דֶער שְׁטְרָאף, וָואס עֶר הָאט פַאר זַיינִי עבירות פֶּערְדִינְט? כדי רֶעכְט צוּ הָאבִּין אַזוֹ צוּ דְרִינְגִין, וָואלְט עֶר מוּזִין עֶרְשְׁטְלִיךְ בִּיוַייזִין, אַז דֶער זוּן פוּן ירבעם אִיז אוֹיךְ אַזוֹ אַיין שְׁרֶעקְלִיכִיר חוטא גִיוֶועזִין, וִויא זַיין פָאטִיר, וָואס אָבִּיר דִיא שְׁרִיפְט זָאגְט עֶס אוֹיף קַיין פַאלל גָאר נִיט, אוּן צְוֵוייטִינְס אַז יֶענִים גוּטִי וָואס עֶר הָאט גִיטְהוּן הָאט אִיהם פֶּערְשַׁאפְט אַז מַאן הָאט אִיהם אַלְץ מוחל גִיוֶועזִין אוּן דָאס לֶעבִּין מציל גִיוֶועזִין, אוּן דֶערוֹיף וָואלְט מוּזִין בפירוש גִיזָאגְט זַיין, אַז גָאטט הָאט אִיהם גִיהַאלְטִין פַאר אַיין צַדִיק, וָואס עֶס אִיז בשום אופן גָאר נִיט דֶער פַאלל. דִיא סבה אַלְלֵיין, אַז דִיא רבנים זֶענִין גִיצְווּאוּנְגִין גִיוֶועזִין צוּ אַזוֹ אַיין שְׁטֶעלל אָן צוּ קוּמִין, אוּן וָואס זֵייא הָאבִּין נִיט גִיקֶענְט אִין תורת משה אוֹדִיר אִין דִיא נביאים קַיין בֶּעסִירִין בִּיוַוייז גִיפִינִין, וַוייזְט אַרוֹיס, וִויא זֵייאִיר זֵייא זֶענִין פֶּערֶענְגְט גִיוָוארִין, אַז זֵייא זָאלְלִין אפילו נוּר קֶענִין עֶפִּיס גִיפִינִין אַז עֶס זָאלל הָאטְשִׁי נוּר אִין זִיךְ הָאבִּין דֶעם שְׁוַואכְּסְטִין שַׁיין פוּן אֵיין ראיה אוֹיף זֵייאִירִי רֵייד. דִיא תורת משה גִיבְּט דִיא דָאזִיגִי לֶערְנוּנְג קֵיינִי אוּנְטִיר שְׁטִיצוּנְג אוּן קָאן עֶס אִיהר אוֹיךְ נִיט גֶעבִּין, וַוייל דִיא זֶעלְבִּיגִי אִיז פוּנְקְט דֶער וִוידִיר אַקֵייגִין אַלְלִי הוֹיפְּט יסודות פוּן דֶער תורה אוּן פוּן דֶער גִירֶעכְטִיגְקֵייט (צדקות). דִיא שְׁטַארְקִי הוֹיפְּט זַאךְ פוּן דֶער גִירֶעכְטִיגְקֵייט (צדקות) אִיז, אַז פַאר אִיטְלִיכִיר אִיבִּיר טְרֶעטוּנְג פוּן דֶער תורה מוּז קוּמִין שְׁטְרָאף, אוּן עֶס וֶוערְד נִיט גִיזֶעהִין אוֹיף דִיא גוּטִי מעשים אוֹדִיר אוֹיף דִיא זכיות פוּן דֶעם בעל עבירה. אפילו פַאר אֵיין וֶועלְטְלִיכִין בָּאנְד גִילְטִין נִיט אַזֶעלְכִי אָבְּוַוייכוּנְג פוּן אַזוֹ אַיין אופן. וֶוען אַיין רוצח אוֹדִיר אַיין גזלן אִיז בִּיוִוירִין גִיוָוארִין פוּן זַיינִי מעשים, אַזוֹ קָאן אִיהם קַיין אופן פֶּערְדִינְסְט פוּן פְרִיהִיר אוֹדִיר שְׁפֶּעטִיר קַיין פעולה נִיט טְהוּן אַקֵייגִין דָאס גִירֶעכְטִי משפט פוּן דָאס גִיזֶעץ: עֶר מֶעג אִין אַלְלִי אִיבְּרִיגִי זַאכִין אֵיין אָרִינְטְלִיכִיר אוּן פַיינִיר מֶענְשׁ זַיין, עֶר מֶעג דִיא אָרִימִי צוּ עֶסִין גֶעבִּין, דִיא נַאקִינְטִי בִּיקְלֵיידִין, אוּן זַיין גַאנְצִין פֶּערְמֶעגִין אִין צדקה אַוֶועק גֶעבִּין, פוּן דֶעסְט וֶועגִין קָאן דָאס אַלְץ דֶעם פסק „חייב" נִיט פֶּערְקֶעהְרִין אוֹיף „פטור" אוּן שׁוֹן פשיטא נִיט אוֹיס ווִירְקִין אַז עֶר זָאלל אָן גִיזֶעהִין וֶוערִין פַאר אַיין צדיק אוֹדִיר פַאר אַיין אוּם שׁוּלְדִיגִין מֶענְשִׁין. זָאלְלִין מִיר אָן

נעהמין אז גאטט איז ווייניגער גירעכט וויא מענשין ? דיא תורת משה גיבט אונס בשום אופן ניט קיין גרם צו אזו איין הוה אמינא עס זאגט פיל מעהר אויס דריקליך :

ולא תקחו כופר לנפש רוצח אשר הוא רשע למות כי מות יומת :

„און איהר זאלט ניט נעהמין קיינע אויס לייזונג צו דיא זייל פון דעם טויד שלעגער וואס ער איז שולדיג צו שטערבין , נייארט ער זאלל גיוויס גיטייט ווערין . ״ (במדבר ל״ה, ל״א) נאך דער ערקלערונג נאך טאר מאן אויף דיא גוטי מעשים אודיר זכיות פון איין רוצח גאר קיין השגחה ניט געבין, א״ו , אז ער איז ניט אין שטאנד עפים צו טהון אז עס זאלל דער דורך פון זיך דעם פסק פון דער תורה לויז מאכין , און זאללין מיר נון מיינין , אז גאטט ב״ה אלליין וועט דאס טהון , וואס ער פאר זאגט אונס אז מיר זאללין דאס ניט טהון ? דער גרונד פון דעם לאו ליגט בישיינפירליך דערינין , אז אימיצין צו פאר שוינין אין אזו איין פאלל , שטרייט גאר בנגד דיא איבּיגי יסודות וואס זייא זענין איבּיר רעכט און אום רעכט , און דיא דאזיגי יסודות קאן גאטט אלליין ניט צו נישט מאכין אהני דעם אז זייני היילינקייט זאלל קיין שאדין ניט ליידין . אביר ניט נור אין דעם ענין פון איין רוצח אלליין האט גאטט ב״ה אזעלכי שארפי יסודות פון גירעכטיגקייט אויס גישפראכין , ער זאגט אין כלל :

והנפש אשר תעשה ביד רמה מן האזרח ומן הגר את יהוה הוא מגדף ונכרתה הנפש ההיא מקרב עמה : כי דבר יהוה בזה ואת מצותו הפר הכרת תכרת הנפש ההיא עונה בה :

„אביר דיא זייל וואס וועט עפים טהון מיט איינר הויכי האנד פון דעם איינגיבּארינין אודיר פון דעם פרעמדלינג , דער זעלביגיר האט יהוה גילעסטירט און דיא זעלביגי זייל זאלל פער שניטין ווערין פון צווישין איהר פאלק : דען זיא האט פער שמעהט דאס ווארט פון יהוה , און ער האט פערשטערט זיין גיבּאט , דיא זעלביגי זייל זאלל גיוויס פער שניטין ווערין, איהרי מיסיטאט זאלל זיין אויף איהר״ (במדבר ט״ו , ל–ל״א) דא איז קיין צו זאג , אז דיא פערדינסט פון אזו איין מענשין זאללין אקייגין זייני זינד אב גיוואויגין ווערין ; גאר להפך זאלל אזו איין מוטהווילליגי זינד אללי זייני איין גיבילדיטי זכיות איבּיר וועגין , און זאלל פאר דיא דאזיגי אייני אין זיין אומגירעכטיגקייט אוועק שטארבין . —גאר אויך אזו קלינגט דיא לערנונג פון דעם נביא :

הנפש החוטאת היא תמות

„דיא צייל וָואס זינְדִיגְט דיא זָאלל שְׁטֶערְבֶּן.“

בשוב צדיק מצדקתו ועשה עול ככל התועבות אשר עשה הרשע יעשה והי כל צדקתו אשר עשה לא תזכרנה במעלו אשר מעל ובחטאתו אשר חטא בם ימות׃

„און וואו דֶער צדיק קֶערְט אָב פון זַיינִי גְרֶעכְטִיגְקֵייט און טְהוּט בֵּייזֶעס און טְהוּט אַללֶע אוּמְווירְדִיגְקֵייט וויא אַיין רשע טְהוּט, זָאל עֶר דֶען לֶעבְּן? וָואס דֶען. אַללי זַיינִי גְרֶעכְטִיגְקֵייט, דיא וָואס עֶר הָאט גִיטְהוּן זָאללִין נִיט גִידַאכְט וֶוערִין, נַייאִירְט אִין זַיינִי עבירות און חטאים וָואס עֶר הָאט גִיטְהוּן זָאלל עֶר שְׁטֶערְבִּן.“ (יחזקאל י״ח, כ״ה) וֶוען מַאן לֵייאִינְט דיא דָאזִיגִי שְׁטֶעללֶע, אַזוֹ שַׁיינְט עֶס, אַזוֹ וויא גָאטט ב״ה הָאט עֶס אִין דָאס מויל פון דֶעם נביא אַריין גִילֵייגְט צוּ דֶעם תכלית, כדי פְּרָאכְטָא דיא לֶערְנוּנְג פון דֶער תורה שבעל פה צו צוּוואַרְפִין. דָא וֶוערְד אויך גָאר נִישְׁט דֶערְמָאנְט פון אַיין אָב וֶועגְן דיא זכיות אַקֵייגְן דיא עוונות אודיר פון אַיין צו זָאג אַז אַגְדִירִי גְרויסִי מצות וֶועלִין אִיבִּיר וֶועגְן פִיל עבירות׃ פִיל מֶעהר וֶוערְד אויסְדְרִיקְלִיךְ בֶּעשְׁטִימְט, אַז, וֶוען אַיין צדיק קֶערְט זִיךְ פון זַיינִי צדקות אָב „אַללִי זַיינִי גִירֶעכְטִיגְקֵייט, וָואס עֶר הָאט גִיטְהוּן, זָאלל נִיט גִידַאכְט וֶוערִין. מִילָא וֶועי דָאס דָאזִיגִי אִיז אמת. אַזוֹ אִיז דיא לֶערְנוּנְג פון דֶער תורה שבעל פה גִיוִויס און דורךְ אויס פַאלְש.– עֶס וָואלְט אוּנְס אפשר קֶענְין אִימִיצִיר אַיין קשיא פְרֶעגְן, אַז עֶס אִיז דָאךְ בַּייא אַיין רשע עֶפִּיס יוֹא אויף אַזוֹ אַיין אופן דֶער פסק פֶּעסְט גִישְׁטֶעלְט, ווייל עֶס שְׁטֵייט׃

והרשע כי ישוב מכל חטאתיו אשר עשה ושמר את כל חקותי ועשה משפט וצדקה היה יחיה ולא ימות׃ כל פשעיו אשר עשה לא יזכרו לו בצדקתו אשר עשה יחיה׃

„וֶוען דֶער רשע קֶעהְרְט זִיךְ אָבִּיר אָב פון אַללִי זַיינִי זִינְד וָואס עֶר הָאט גִיטְהוּן און הִיטִיט אַללִי מַיינִי גִיזֶעץ און טְהוּט גִירִיכְט און גִירֶעכְטִיגְקֵייט׃ אַזוֹ זָאלל עֶר לֶעבִּין און נִיט שְׁטַארְבִּין. עֶס זָאלל אַללִי זַיינִי עבירות, וָואס עֶר הָאט גִיטְהוּן, נִיט גִידַאכְט וֶוערִין, נַייאִירְט עֶר זָאלל לֶעבִּין פון וֶועגִין זַיינִי צדקות וָואס עֶר טְהוּט“ (דָארְטִין) נור אָבִּיר דיא דָאזִיגִי שְׁטֶעללִי אִיז פּוּנְקְט אַזוֹ אַיין אַקֵייגְן בִּיוַוייז כנגד דיא לֶערְנוּנְג פון דֶער תורה שבעל פה אַזוֹ וויא דָאס עֶרְשְׁטִי וָואס אִיז גִיווִיזִין. עֶרְשְׁטִינְס עֶס שְׁטֵייט דָא נִיט אַז נור דֶער דָאזִיגִיר אִיז אַיין רשע וֶועלְכִינְס זִינְד וֶועגִין אִיבִּיר זַיינִי זכיות, נַייאִירְט אִיבְּלִיכִיר דֶער וָואס אִיבִּיר הויפְּט זִינְדִיגְט וֶוערְד אָנְגִיזֶעהִין פַאר

אַיין

אַיין רשע . צְווייטענְס װֶערְד דָא נִיט גֶיזָאגְט , אַז דֶער רשע װֶערְד דוּרְךְ דֶעם גִירֶעכְט , וַוייל עֶר מַאכְט אַז זַיינִי זכיות זָאלל זַיינִי עוונות אִיבִּיר װֶעגִין , נַייאִירְט נוּר דוּרְךְ דֶעם , וַוייל עֶר הָאט תשובה גִיטְהוּן ,,פוּן אַללִי זַיינִי זִינְד , וָואס עֶר הָאט גִיטְהוּן , אוּן עֶר הָאט ,,אַללִי גִירֶעכְטִיגְקַייט״ עֶס װֶערְד דָא נוּר בֶּעשְׁטֶעטִיגְט דִיא לֶערְנוּנְג וָואס עֶס אִיז שׁוֹין אִין תורת משה אוֹיס גִישְׁפְּרָאכִין גִיוָוארִין , אַז כדי פַאר גָאטט ב״ה אַיין צדיק צוּ זַיין , מוּז מַאן גָאר קֵיין שום זִינְד נִיט טְהוּן , אוּן אַללִי גִיבָּאטִי הַאלְטִין .

אוֹיב עֶס בַּארְף נָאךְ אֵיין בִּיוַוייז , הָאבִּין מִיר עֶס אִין דֶעם משל פוּן משה אַללֵיין . װֶען נוּר װֶענִיג , װֶען הָאטְשִׁי אֵיינִיר , אפילו פוּן דִיא גְרֶעסְטִי מאמינים אִין דֶער תורה שבעל פֶּה זָאללִין זִיךְ וואויל קֶענִין אַיין רֵיידִין , אַז זֵייא הָאבִּין אַזוֹ פִּיל זכיות וִויא זֵייאִיר רבי משה: אוּן פוּן דֶעסְט װֶעגִין זֶענִין אַללִי זַיינִי פֶערְדִינְסְטִין (זכיות) נִיט אִין שְׁטַאנְד גִיוֶועזִין צוּ פֶער טִילִיגִין אַזוֹ אַיין עבירה וָואס עֶס שַׁיינְט גָאר פַאר קְלֵיין , נַייאִירְט פַאר דֶער אֵיינִיר עבירה, אִיז אוֹיף אִיהם נגזר גִיוָוארִין אַז עֶר זָאלל מִיט דֶעם וִוידִירְשְׁפֶּענִיגִין דור אִין דֶער מדבר שְׁטַארְבִּין , אוּן עֶר הָאט אִין ארץ ישראל נִיט גִיטָארְט אַרַיין קוּמִין . מֵילָא אַז דִיא זכיות פוּן משה הָאט פַאר אִיהם גָאר נִישְׁט גִיקֶענְט הֶעלְפִין , וִויא נַארִישׁ אִיז דֶער בטחון פוּן אַנְדִירִי מֶענְשִׁין , װֶען זֵייא גְלוֹיבִּין , אַז דוּרְךְ מֶעהְרִיר צדקה שְׁפַּאנְדִירִין אוּן דוּרְךְ טְהוּן אַיין גְרוֹיסִי סַךְ מעשים טובים אום עשרת ימי תשובה , זָאללִין זֵייא קֶענִין דִיא וָואג שָׁאלל בֵּייגִין , פוּן דֶעם גִירֶעכְטִין דִין פוּן גָאטט ב״ה ? פוּנְקְט אַזוֹ גִיפִינְט עֶס זִיךְ נִיט , נִיט אִין תורה אוּן נִיט אִין דִיא נביאים עֶפִּיס פוּן אֵיין מִיטֶעלִיר קְלַאססִי בינונים דִיא וָואס זָאלִין שְׁטֵיין צְווִישִׁין דִיא צדיקים אוּן דִיא רשעים ? נַייאִירְט זֵייא טְהֵיילְט אַללִי מֶענְשִׁין נוּר אִין צְווייא קְלַאסְסִין , אִין צדיקים אוּן רשעים, אַזוֹ באמת אַז דִיא יֶענִיגִי װֶעלְכִי דֶער פִיהלִין אַללִי גִיבָּאט פוּן גָאטט, גִיהֶערִין זֵייא צוּ דִיא צדיקים, אָבִּיר דִיא יֶענִיגִי , וָואס זֵייא הָאבִּין נוּר הָאטְשִׁי אֵיינְס פוּן דִיא דָאזִיגִי גִיבָּאט עוֹבר גִיוֶועזִין , גִיהֶערִין זֵייא צוּ דִיא רשעים. עֶס מֶעג נוּן אִיטְלִיכִיר זַיין אֵייגִין הַארץ אוּן לֶעבִּין פְּרוּבִין אוּן עֶס װֶעט נִיט דַארְפִין דֶער צוּ פִּיל צַייט אוֹדִיר מִיהִי , אַז עֶר זָאלל זִיךְ אִיבִּיר צַייגִין , צוּ װֶעלְכִיר קְלַאססִי עֶר גִיהֶער , נוּר אֵיין גַאנְץ קוּרְצִים בִּיטְרַאכְטִין װֶעט אִיהם לֶערְנִין אַז עֶר הָאט אוֹיף דִיא גִיבָּאט פוּן גָאטט עוֹבר גִיוֶועזִין אוּן אִיז נָאךְ עוֹבר ; אַז עֶר הָאט קֵיינִי זכיות אוֹדִיר צדקות נִיט אוּן דַארִיבִּיר גִיהֶערְט עֶר צוּ דֶער קְלַאסְסִי , וָואס משה הָאט פוּן זֵייא גִיזָאגְט, אַז זֵייא זֶענִין פֶער פְלוּכְט. דֶער דָאזִיגִיר סוֹף מֶעג

שרעקליך

שְׁרֶעקְלִיךְ דֶער שַׁייגִין, אוּן עֶר מוּז עֶס אוֹיךְ זַיין, אָבִּיר דִיא גְרוֹיסִי שאלה אִיז, אוֹיבּ עֶר אִיז טַאקִי אמת, בכן לָאז זִיךְ אִיטְלִיכִיר פְרֶעגִין: הָאבּ אִיךְ וֶוען אַללִי גִיבָּאט פוּן גָאטט גִיהַאלְטִין, אוֹדִיר הַאלְט אִיךְ זֵייא אִיצוּנְד? קָאן עֶר דֶערוֹיף עֶנְטְווֹירִין „וֹוא", דֶענְסְמָאלְט אִיז עֶר נָאךְ דֶער תורת משה נָאךְ אַיין צדיק אוּן הָאט דִיא הבטחה אַז עֶר וֶועט לֶעבִּין; מוּז עֶר אָבִּיר דֶערוֹיף עֶנְטְווֹירִין „נֵיין", אַזוֹ אִיז עֶר אַיין רשע אוּן דִיא קללה הֶענְגְט אִיבִּיר אִיהם אוּן אִיז גְרֵייט אַרָאבּ צוּ קוּמִין אוּן אִיהם צוּ פֶערְדֶערְבִּין–וִויא עֶס שְׁטֵייט:

ארור אשר לא יקים את דברי התורה הזאת לעשות אותם ואמר כל העם אמן:

„פַאר פְלוּכְט אִיז דֶער מַאן וָואס וֶועט נִיט בִּישְׁטֶעטִיגִין דִיא וֶוערְטִיר פוּן דִיא דָאזִיגִי לֶערְנוּנְג זֵייא צוּ טְהוּן, אוּן דָאס גַאנְצִי פָאלְק זָאלל זָאגִין, אמן." (דברים כ"ז, כ"ו) מֵילָא משה גִיבְּט נוּר דִיא דָאזִיגִי הָאפְפְנוּנְג, דִיא וָואס זֶענִין אַלְץ מקיים בשלימות אוּן בכלליות. מַאן וָואלְט אוּנְס אָבִּיר קֶענִין עֶנְטְוֶוערִין, וֶוען דָאס דָאזִיגִי וָואלְט אמת גִיוֶועזִין, וָואלְט דָאךְ קֵיין מֶענְשׁ נִיט קֶענִין דוּרְךְ זַיינִי מעשים צוּ דִיא צדיקים גִיצֵיילְט וֶוערִין.

כי אדם אין צדיק בארץ אשר יעשה טוב ולא יחטא:

„וָוארִין עֶס אִיז נִישְׁט פֶער הַאנְדִין קֵיין גִירֶעכְטִיר מֶענְשׁ אוֹיף דֶער עֶרְד וָואס עֶר זָאלל גוּטִים טְהוּן אוּן נִיט זִינְדִיגִין." (קהלת ז', כ') דָאס דָאזִיגִי אִיז טַאקִישׁ גָאר אמת; קֵיין מֶענְשׁ קָאן פוּן וֶועגִין זַיינִי גוּטִי מעשים נִיט גִירֶעכְטְפֶערְטִיגְט וֶוערִין; מִיר מוּזִין אַללִי אוּנְזֶערִי גאות פוּן אוּנְס אַוֶועק וַוארְפִין אוּן פַאר דֶעם שְׁטוּל פוּן משפט פוּן גָאטט ב"ה דֶערְשַׁיינִין וִויא עֶלֶענְדִי זִינְדִירְס, דִיא גְנַאדִי זוּכִין, אָבִּיר נִיט שכר. מִיר מוּזִין קוּמִין צוּ דִיא אִיבִּיר צַייגוּנְג וָואס איוב הָאט גִיהַאט וַוייל עֶר זָאגְט:

אמנם ידעתי כי כן ומה יצדק אנוש עם אל: אם יחפוץ לריב עמו לא יעננו אחת מני אלף:

„פַאר וָואר אִיךְ וֵוייס עֶס וְואוֹיל, אַז עֶס אִיז אַזוֹ, אַז אַיין מֶענְשׁ קָאן נִיט רֶעכְטְפֶערְטִיג בִּישְׁטֵיין אַקֵיגִין גָאטט, אַז עֶר הָאט לוּסְט מִיט אִיהם זִיךְ צוּ צַאנְקִין, אַזוֹ קָאן עֶר אִיהם נִיט אֵיינְס אוֹיף טוֹיזִינְד עֶנְטְווֹירִין (איוב ט', פסוק ב'–ג'.) איוב הָאט גָאר קֵיין ידיעה דֶער פוּן נִיט אַז זַיינִי פֶערְדִינְסְטִין זָאללִין זַיינִי זִינְדִין קֶענִין אִיבִּיר וֶועגִין, נַייאִירְט עֶר וֵוייס וְואוֹיל, אַז וֶוען גָאטט וָואלְט מִיט אִיהם אִין דָאס גִירִיכְט גֵיין, וֶועט עֶר נִיט קֶענִין אוֹיף טוֹיזֶענְדְסְטִין טְהֵייל פוּן זַיינִי עבירות עֶנְטְווֹירִין. דוד המלךְ וָואס עֶר אִיז

גיוועזין

גִיוֶועזִין אַיין מַאן נָאךְ גָאטְטֶעס אֵייגִינֶען הֶערְצִין, הָאט דִיא זֶעלְבִּיגֶע אִיבִּיר צַייגוּנְג אוּן בַּארִיבִּיר וִוינְשְׁט עֶר זִיךְ נִיט, אַז זַיינִי זכיות זָאלל אַקְייגִין זַיינִי עוונות גִיוואוֹגִין וֶוערִין, נַייאִירְט זַיין גִיבֶּעט אִיז גִיוֶועזִין:

ואל תבא במשפט את עבדך כי לא יצדק לפניך כל חי

„אוּן גֵייא נִיט מִיט דַיין קְנֶעכְט אִין גִירִיכְט אַרַיין, וָוארִין קֵיין לֶעבִּינְדִיגִיר אִיז פַאר דִיר גִירֶעכְט (תהלים קמ״ג פסוק ב׳) אוּן בשעת דניאל הָאט מתפלל גִיוֶועזִין, הָאט עֶר זִיךְ נִיט דֶער וואוֹיגִין, זַיין תפילה סומךְ צוּ זַיין אוֹיף דֶעם סַךְ פוּן זַיינִי זכיות אוֹדִיר עֶר זָאלל זִיךְ אַיין שַׁאפִין דִיא דֶער הֶערוּנְג פוּן זַיין תפילה אַלְס אֵיין שכר פַאר זַיינִי צדקות, נַייאִירְט עֶר הָאט זִיךְ אוּנְטִיר גִיגֶעבִּין דִיא גִינָאד פוּן גָאטט ב״ה וַוייל עֶר זָאגְט:

כי לא על צדקותינו אנחנו מפילים תחנונינו לפניך כי על רחמיך הרבים:

„וָוארִין מִיר לֵייגִין נִיט אוּנְזִיר גִיבֶּעט פַאר דִיר אוֹיף אוּנְזִירִי גִירֶעכְטִיגְקֵייט נַייאִירְט מִיר זֶענִין זִיךְ סומךְ אוֹיף דַיינִי בַּארִימְהֶערְצִיגְקֵייט.״ (דניאל ט׳, י״ח) וִויא קֶענִין נָאךְ דִיא אִיצוּנְדִיגִי יוּדִין הָאפְּפִין צוּ בִּישְׁטֶעהִין פַאר דֶעם שְׁטוּל פוּן משפט פוּן אַיין גָאטט וָואס פְּרוּבְּט דִיא הֶערְצִיר, אוּן נִיט נוּר פָּטוּר צוּ זַיין פוּן עוֹנש, נַייאִירְט נָאךְ אפילוּ שכר צוּ בִּיקוּמִין, וַוייל זֵייאִירִי זכיות וֶועגִין זֵייאִירִי זִינְד אִיבִּיר? זֶענִין זֵייא אפשר עֶפִּיס רֵיינִיר וִויא איוב, הֵיילִיגִיר וִויא דוד המלךְ, גְרֶעסִירִי צדיקים וִויא דניאל? אוֹדִיר זֶענִין דִיא דְרַייא זֵייעֶר הֵיילִיגִי מֶענְשִׁיר אִין תעוֹת גִיוֶועזִין אוֹדִיר זֵייא הָאבִּין נִיט גִיוְואוּסְט וָואס דֶער וֶועג פוּן הִילְף אִיז? עֶס מוּז אָבִּיר עֶרְגִינְץ וואוּ אֵיין תעוֹת שְׁטֶעקִין; עֶנְטְוֶוידִיר הָאבִּין דִיא רבנים רֶעכְט גִיהַאט, אוּן איוב, דוד, אוּן דניאל זֶענִין אִין תעות, אוֹדִיר דִיא דָאזִיגִי דְרַייא מֶענְשִׁיר הָאבִּין רֶעכְט גִיהַאט, אוּן דֶען זֶענִין דִיא רבנים אִין אַיין שְׁרֶעקְלִיכִין אוּן גְרַיילִיכִין תעות גִיוֶועזִין. וֶוען דִיא תורה פֶערְלַאנְגְט אַז מַאן זָאלל אַלֶץ מקיים זַיין בשלימוּת אוּן שְׁפְּרֶעכְט דִיא קללה אוֹיס אוֹיף אִיטְלִיכִין וָואס פָאלְגְט נִיט, הָאבִּין דֶענְסְמָאלְט דִיא דְרַייא הֵיילִיגִי מֶענְשִׁיר רֶעכְט גִיהַאט, וָואס זֵייא הָאבִּין גִיוואוּנְשִׁין, אַז גָאטט זָאלל מִיט זֵייא אִין גִירִיכְט נִיט גֵיין, אוּן הָאבִּין זִיךְ אִין גַאנְצִין זַיינִי גִינָאד אוּנְטִיר גִיגֶעבִּין; אָבִּיר וֶוען דִיא תורה פֶערְלַאנְגְט נִיט מֶעהר, נוּר אַז דֶעם מֶענְשִׁינְס פֶערְדִינְסְטִין זָאלְלִין זַיינִי זִינְד אִיבִּיר וֶועגִין, אוּן זָאגְט דֶער בַּייא, אַז אַלְלִי עוונות קֶענִין מכופר וֶוערִין דוּרְךְ צדקה שְׁפַּאנְדִירִין, אוּן גוּטִי מעשים טְהוּן אִין דִיא צֶעהִין טֶעג פוּן ר״ה בִּיז יום כפור, דֶען הָאבִּין זֵייא אוּם רֶעכְט גִיהַאט. איוב אִיז גָאר אִין

תעות גיוועזין, אַז ווען ער זאָגט „אַז איין מענש קאַן ניט רעכטפערטיג בּישטייִן אַקייגין גאָט ב"ה; וואָרין דיא רבנים זאָגין דאָך, אַז מאַן באַרף נור דיא ערשטי צעהין טאָג אין יאָהר זיך היטין, כדי גירעכט צו זיין און צום לעבּין אָן גיהתמיט צו ווערין! דוד המלך איז אין גאַנצין אין תעות גיוועזין, וואָס ער זאָגט: „וואָרין קיין לעבּינדיגיר איז פאַר דיר ניט גירעכט;" וואָרין דיא רבנים זאָגין דאָך, אַז דיא פערדינסטין פון איין מענשין, קענין זייני זינד איבּיר וועגין, און אַז אַזוי איין מענש איז פאַר גאָט גירעכט! און צום סוף איז דניאל אין תעות גיוועזין, ווייל ער פער לאָזט זיך ניט אין זייני תפילה אויף זייני גירעכטיגקייט, בּייאירט ער איז זיך סומך אויף דיא גינאָד פון גאָטט! אָבּיר האָטשי דיא רבנים זאָגין עס מיט אַזוי איין גיוויסהייט, ווילין מיר דאָך אונזיר ישועה ליבּירשט אָן טרויִן דיא ווערטיר פון משה, פון יחזקאל, פון איוב, פון דוד המלך, און פון דניאל, עיידיר דיא פון דיא רבנים; וואָלטין ליבּירשט אַללי אין גיבּעט פאַללין אויף דער קניא, עיידיר מיט דיא רבנים זיך מאַנין דעם שכר פאַר אונזירי מעשים.

מיר קענין דאָך דעם דאָזיגין ענין ניט אַוועק לאָזין, אַז מיר זאַללין דאָ ווידיר דירויף ניט אויף קלעהרין, וויא דיא אמונה פון דיא רבנים ווייזט זיך אַרויס מעהר פאַר איין אמונה פאַר דיא לומדים און רייכי לייט, וויא פאַר דיא אָרימי און אַרבּייט לייט, זיא לערינט דאָ אַזוי, אַז איין בּישטימטי צייט אין יאָהר, קאַן צדקה געבּונג דיא רשעים מאַכין פאַר צדיקים און דיא זינדיגי פאַר הייליג. מילא דער רייכיר מאַן קאַן דיא האַנד אין דער טאַש אַריין שטעקין, זיין געלד פאַר דיא אָרימי און נאַקיטי צו פאַר ברענגין און זיך דער מיט דאָס איין קויפין, וואָס ער בּידאַרף כדי צו דער זעצין וואָס איהם פעהלט צו זכיות. דער למדן ווידיר זעצט זיך איבּיר זייני ספרים—וואָרין דיא תורה שבעל פה זאָגט:

אין לך מצוה בכל המצות שהיא שקולה כנגד תלמוד תורה אלא תלמוד תורה כנגד כל המצות כולן שהתלמוד מביא לידי מעשה לפיכך התלמוד קודם למעשה בכל המקום:

„עס איז ניט פערהאַנדין קיין מצוה צווישין אַללי מצות, אַז זיא זאָלל אַזוי פיל ווערט זיין, וויא לערנין תורה, נור דאָס לערנין תורה וועגט איבּיר אַללי מצות; וואָרין דאָס לערנין בּרענגט צו דער מעשה אַז מאַן זאָלל טהון, באַריבּיר איז דאָס לערנין אין אַללים קודם פון דער מעשה." (הלכות תלמוד תורה) מילא דער איינער קאַן מיט זיין געלד, דער אַנדירער

מִיט זַיינִי ספרים דִיא וָואג שָׁאלל בֵּייגֶין צוּ זַיין טובה. וָואס זָאלל אָבִּיר וֶוערִין פוּן דֶעם אָרִימִין מַאן אוּן פוּן דֶער קְלַאססִי אַרְבַּייט לַייט, וָואס זַייא הָאבִּין קַיין גֶעלְד נִיט, כדי זִיךְ גִירֶעכְטִיגְקַייט צוּ קוֹיפִין, אוּן הָאבִּין קַיין צַייט נִיט זַייא זָאללִין זִיךְ זֶעצִין לֶערְנִין וָואס דָאס וֶועגְט אָבּ אַללִי אִיבְּרִיגִי מצות? זַייא אִיז עֶס אוּם מִיגְלִיךְ אַז זַייא זָאללִין דִיא וָואג שָׁאלל אַנְדִירְשׁ אִיבִּיר שְׁטֶעללִין–וָוארִין זַייא הָאבִּין דִיא סְפָּאסָאבִּים נִיט דֶער צוּ, אוּן דַארִיבִּיר וֶועלִין זַייא, נָאךְ דֶער תורה שבעל פה נָאךְ, אַיין זַייאִיר שְׁלֶעכְטִין גורל זִיךְ דֶער וַוארְטִין, דֶענְסְמָאלְט אַז עֶס וֶועט אַמָאהל דֶער לֶעצְטִיר חשבון גִימַאכְט וֶוערִין. דָאס דָאזִיגִי וֶועט אָבִּיר שׁוין פוּן זִיךְ אַלֵיין אַרוֹיס וַוייזִין, אַז דִיא לֶערְנוּנְג פוּן דֶער תורה שבעל פה קָאן נִיט אמת זַיין. גָאטְט ב״ה אִיז אַיין שׁופט צדיק, אוּן גֶעמְט דֶעם מֶענְשִׁינְס גֶעלְד נִיט אָן, אוּן נִיט זַיינִי גִילֶערִינְטְקַייט; עֶר גֶעמְט קַיין שוחד נִיט אוּן וֶועט דָאס רֶעכְט פוּן דֶעם אָרִימִין נִיט פֶערְדְרֶעהִין. דֶער רֶעכְטִיר אוֹפן פַאר גָאט גִירֶעכְט צוּ דֶער שַׁיינִין, מוּז דַארִיבִּיר אַיין אַנְדִירִיר זַיין, וִויא דִיא זֶענִין, וָואס דִיא תורה שבעל פה הָאט אַרוֹיס גִיפוּנִין, אוּן עֶס מוּז נָאךְ אפילו אֶזֶעלְכִּיר זַיין, לַאוּיט וֶועלְכִין דֶער אָרִימִיר זִינְדִיגִיר וֶוערְד גְלַייךְ גִישְׁטֶעלְט מִיט זַיין רַייכִין בְּרוּדִיר.

אָבִּיר נָאךְ אוֹיף אַיין אַנְדִירִין פּוּנְקְט ווִינְשִׁין מִיר אַז דֶער וָואס לֵייאֶענְט דָאס זָאלל עֶס גוּט בִּיטְרַאכְטִין. דִיא תורה שבעל פה זָאגְט, אַז וֶוען דִיא זכיות פוּן אַיין מֶענְשִׁין וֶועגִין אִיבִּיר זַיינִי זִינְד, אִיז עֶר אַיין צדיק אוּן וֶוערְד גִיחַתְמִיט צוּם לֶעבִּין, אָבִּיר וֶוען זַיינִי זִינְד וֶועגִין זַיינִי זכיות אִיבִּיר, וֶוערְד עֶר צוּם טוֹיט גִיחַתְמִיט; מֵילָא וָואס הָאבִּין מִיר פוּן אַללִי דִיא דָאזִיגִי צוּ מֵיינִין, וֶועלְכִי עֶס שְׁטַארְבִּין אִין אִיטְלִיכִין יָאהר? גַאנְץ גִיווִיס זֶענִין זַייא נִיט צוּם לֶעבִּין אָן גִיחַתְמִיט גִיוָוארִין, וָוארִין אַנְדִירְשׁ וָואלְטִין זַייא נִיט גִיקֶענְט שְׁטַארְבִּין; מילא מסתמא מוּזִין זַייא צוּם טוֹיט זַיין אָן גִיחַתְמִיט גִיוָוארִין אוּן מִיר מוּזִין דֶער פוּן דְרִינְגִין אַז זַייאִירִי זִינְד הָאבִּין זַייאִירִי זכיות אִיבִּיר גִיווָאוּיגִין. אַז נוּן אָבִּיר אַללִי מֶענְשִׁין שְׁטַארְבִּין, אַזוֹ מוּזִין מִיר ווִידִיר דְרִינְגִין, אַז אַללִי שְׁטַארְבִּין אִין זִינְד–אַז זַייאִירִי זִינְד זֶענִין מֶעהר וִויא זַייאִירִי זכיות, אוּן אַזוֹ קוּמְט צוּם סוֹף דִיא לֶערְנוּנְג פוּן דִיא רבנים אוֹיף נִישְׁט אַרוֹיס. עֶס זָאגְט פְרִיהִיר דֶעם מֶענְשִׁין, אַז, וֶוען עֶר וָואלְט מֶעהר פֶערְדִינְסְט הָאבִּין וִויא זִינְד וֶועט עֶר זַיין אַיין צדיק אוּן וֶועט צוּם לֶעבִּין אָן גִיחַתְמִיט וֶוערִין, אָבִּיר פוּן דֶעסְט וֶועגִין שְׁטַארְבְּט עֶר דָאךְ וִויא אַללִי אַנְדִירִי מֶענְשִׁין, הָאטְשִׁי עֶר הָאט אַסַךְ צדקה גִיגֶעבִּין, אוּן

הָאטְשִׁי עֶר הָאט גוּטִי מעשים גִיטְהוּן , אוּן עֶס וַוייזְט נוּן אַרוֹיס אַז עֶר אִיז
נִיט גִיוֶועזִין קֵיין צדיק יוֹא אפילוּ נִיט אַמָאל אַיין מִיטְלִיר מֶענְשׁ (בינוני)
נַייאֶרְט אַיין רשע . מֵילָא וִויא קָאן עֶרְגִינְץ אַיין קְלוּגִיר מֶענְשׁ אַיין בטחון
הָאבִּין אוֹיף אַיין דַת וָואס זָאגְט פִיל צוּ אוּן הַאלְט נִישְׁט ? דַארִיבִּיר וִויא
קָאן עֶר זַיין הֵייל פַאר דֶער נשמה פֶער לָאזִין אוֹיף אַיין צוּ זָאג וָואס עֶס
בִּיוַוייזְט זִיךְ יָאר אוֹיס יָאר אַיין פַאר פַאלְשׁ ? אֵיינִיגִי זֶענִין שׁוֹין פַאר ראש
השנה אַהִין אִיבִּיר גִיגַאנְגִין אִין דֶער אֵייבִּיגְקַייט, אוּן פוּן אַללִי דִיא דָאזִיגִי
זָאגְט דִיא תּוֹרה שבעל פה , אַז זֵייא זֶענִין אִין זֵייאִירִי זִינְד גִישְׁטָארְבִּין ,
פִיל אַנְדִירִי גֵייהִין פוּן ראש השנה בִּיז יוֹם כפּוּר אִין דִיא אֵייבִּיגְקַייט אַהִין
אַרִיבִּיר , דִיא אַללִי , וֶוען דִיא תּוֹרה שבעל פה וָואלְט אמת גִיוֶועזִין , מוּזִין
גִיהֶערִין צוּ דִיא בִּישְׁטִימְטִי רשעים , דִיא וָואס פֶערְדִינִין נִיט אַמָאל דִיא
גִינָאד אַז מַאן זָאלל זֵייא נָאךְ צֶעהִין טָאג וַוארְטִין . זֵייאִירִי גוּטִי פְרַיינְד אוּן
קרוֹבים מוּזִין דַארִיבִּיר דֶעם אַנְדֶענְקִין אָן זֵייא אַזוֹ וִויא פוּן אַיין פַאר
פְלֶעקְטִין בעל עבירה , פוּן דָאס גִידֶעכְטְנִישׁ אוֹיס טִילִיגִין , אוֹדִיר אַז זֵייא
הָאבִּין אַיין הָאפְפִינוּנְג אַז אַזֶעלְכִי מֶענְשִׁין זֶענִין נִיט אִין זֵייאִירִי זִינְד
גִישְׁטָארְבִּין , דֶערְקְלֶערִין זֵייא דֶער מִיט , אַז דִיא תּוֹרה שבעל פה אִיז
פַאלְשׁ . וֶוען זֵייא ווילְלִין הָאבִּין אַיין הבטחה וָואס זִיא זָאלל נִיט מרמה
זַיין אוּן קָאן נִיט מרמה זַיין, דֶען מֶעגִין זֵייא אִין דִיא הֶענְד אַרַיין נֶעמִין דִיא
תּוֹרה אוּן דִיא נביאים . דֶער וָואס לֵייאֶנְט דִיא דָאזִיגִי בְּלֶעטִיר דֶער
פְרֵייהִיט זִיךְ אִין דֶעם דָאזִיגִין אוֹיגִין בְּלִיק נָאךְ , דֶער מִיט וָואס עֶר לֶעבְּט :
אָבִּיר וֶוער קָאן אִיהם זָאגִין , וִויא בַּאלְד וֶועט נִיט אוֹיךְ זַיין סוֹף פוּן לֶעבִּין
קוּמִין ? אוּן קוּמִין וֶועט עֶס , אוּן אפילוּ אוֹיף אִיטְלִיכִים פַאלל בַּאלְד . —
וֶועלְכִי נחמה וֶועט עֶר דֶענְסְמָאלְט הָאבִּין אוֹיף זַיין בֶּעט וָואס עֶר שְׁטַארְבְּט?
וֶועט עֶר עֶפִּיס זַיינִי מצוֹת אוּן עבירוֹת אֵיינְס אֶקֵייגִין דָאס אַנְדִירִי אָב וֶועגִין ?
אַךְ , דָאס וֶועט אִיהם נִישְׁט הֶעלְפִין , וָוארִין וֶוען דִיא תּוֹרה שבעל פה
זָאגְט דֶעם אמת , אַזוֹ אִיז דָאס אָבְּוֶועגִין שׁוֹין אִין דֶעם לֶעצְטִין יוֹם כפּוּר
גִישֶׁעהִין , אוּן עֶס אִיז דֶער בַּייא גִיפוּנִין גִיוָוארִין , אַז זַיינִי זִינְד וֶועגִין זַיינִי
זכיוֹת אִיבִּיר , וִויא זַיין טוֹיט וָואס שְׁטֵייט אִיהם אִיצוּנְד בִּיפָאר בִּיוַוייזְט
עֶס . מֵילָא וואוּ אַהִין זָאלל עֶר אַנְטְרוּנִין וֶוערִין ? וואוּ זָאלל עֶר טְרֵייסְטוּנְג
גִיפִינִין ? בשעת וִויא עֶר מַאטִירְט זִיךְ מִיט דֶעם טוֹיט , אִין דֶער לֶעצְטִיר
שעה פוּן לֶעבִּין אִיז קֵיין צַייט נִיט מֶעהר דֶער צוּ , גוּטִי מעשים צוּ טְהוּן ,
אוּן דִיא אָרִימְקַייט מֶעג אִיהם אפשר אוֹיךְ דֶעם הָאפְפִינוּנְג פוּן דִיא רבנים
בִּירוֹיבִּין , זִיךְ דֶער מִיט עוֹלם הבא צוּ קֶענִין קוֹיפִין . מֵילָא אִין דֶער תּוֹרה

שבעל

שבעל פה בְּלַייבְּט אִיהם נִישְׁט קיין הָאפְפִינוּנְג. קָאן עֶר זיא אָבֶּיר אִין דֶער תּורה פון משה גִיפִינֶען? דִיא דָאזִיגֶע תּורה פֶער לַאנְגְט אַז מַאן זָאל בשלימות און בכלליות מקיים זַיין, און זָאגְט אויף דֶעם בעל עבירה אַרוֹים דֶעם פְלוּךְ (קללה). וִויא אַיין פַאר פְלוּכְטִיר חוטא מוּז עֶר אַזוֹ פַאר דֶעם שְׁטוּל פון משפט פון גָאטט שְׁטֵיין, ווַייל עֶס אִיז פַאר אִיהם קיין אַנְדֶירֶיר וֶועג און קיין אַנְדִירֶע הָאפְפִינוּנְג נִיט דָא. בשעת יעקב אבינו אִיז גִילֶעגֶען אויף דָאס בֶּעט פון טויט, הָאט עֶר וואויל גִיהַאט אַיין אַנְדִירֶע הָאפְפִינוּנְג? עֶר הָאט גִיקֶענְט זָאגֶען:

לישועתך קויתי יהוה:

„צוּ דַיין הִילְף הָאפְפֶע אִיךְ, גָאטט!" (בראשית מ"ט י"ח) אָהּ, וָואלְטֶען דָאךְ אוּנְזֶערֶע דִיא וָואס לֵייאֶענֶען עֶס, דָאס דָאזִיגֶע הִילְף בִּיצַייטֶען זוּכֶען, כדי אַז, זֵייאֶער לֶעצְטֶע שעה קוּמְט, אויךְ אַזוֹ רוּהִיג, אויךְ אַזוֹ גְלִיקְלִיךְ, אויךְ אַזוֹ פוּל מִיט הָאפְפִינוּנְג זַיין, וִויא זֵייאֶער פְרוּמֶער עֶלְטֶער פָאטֶער אִיז גִיוֶועזֶען! יעקב אִיז דָאךְ גִישְׁטָארְבֶּען אִין אַיין פְרֶעמְדֶען לַאנְד; אָבֶּיר עֶר אִיז דָאךְ גְלִיקְלִיךְ גִישְׁטָארְבֶּען, אִין פֶערְטְרוֹיהֶען אויף דִיא הִילְף פון גָאטט, נִיט אויף זַיינֶע אֵייגֶענֶע גִירֶעכְטִיגְקֵייט. עֶר הָאט פון ידיעות גִילֶערְנְט, אַז דֶער מֶענְשׁ קָאן אַלֵיין זִיךְ נִיט הֶעלְפֶען וֶוען עֶס גֵייט שְׁלֶעכְט דָא אִין דֶער וֶועלְט, נֵייאֶרְט דָא אִיז אויךְ גָאטט זַיינֶע אֵיינְצִיגֶע אַנְטְרִינוּנְג און הָאפְפִינוּנְג; וִויא פִיל מֶעהְרֶיר מוּז דָאס דָאזִיגֶע דֶער פַאלל זַיין אִין דֶער שְׁטוּנְד פון טויט און אִין דֶעם טָאג פון גִירִיכְט! אָבֶּיר עֶר הָאט אויךְ גִילֶערְנְט צוּ גְלוֹיבֶּען, אָן המלאך הגואל, דֶעם מלאךְ, וָואס הָאט אִיהם דֶער לֵייזְט פון אַלִים בֵּייזִים, און אִיז זִיכֶיר גִיוֶועזֶען, אַז עֶר וֶועט אִיהם אויף דֶעם שְׁוֶוערֶען וֶועג פון דֶער וֶועלְט צוּ יֶענֶער וֶועלְט אויךְ נִיט פֶער לָאזֶען. עֶר הָאט דָאס נָאךְ דֶענְקֶען פון זַיין הִילְף נִיט אָבּ גִילֵייגְט בִּיז אויף דֶעם לֶעצְטֶען אויגֶענְבְּלִיק; עֶר הָאט גִיקָאנְט זָאגֶען; הֶערְר גָאטט אִיךְ הָאבּ אויף דַיין הִילְף גִיהָאפְט." און דַארִיבֶּיר, בשעת דִיא שְׁרֶעקְלִיכֶע מִינוּט פון טויט אִיז גִיקוּמֶען, הָאט עֶר אויךְ גִיקָאנְט אִין פוּלְקוּמֶע רוּהֶע זַיינֶע קִינְדֶיר צוּ אויף קְלַייבֶּען און זֵייא פון דֶעם שילה זָאגֶען, דֶער וָואס דַארְף קוּמֶען, און פון דֶעם הֵייל וֶועלְכֶעס עֶר הָאט דִירוּיף גִיוַוארְט.—



# נתיבות עולם

## עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם : ירמיה ו׳ ט״ז

### דיא אלטי שטעגין.

---

## נומר ל״ד

---

אללי, דיא וואס גלויבין אין איינר געטטליכי אנטפלעקונג, בליקין אהין אויף איין גרויסין און וואזזנים טאג, אין וועלכין עס וועט אנטפלעקט ווערין דיא פערבארגיניש פון אללי הערצער און עס וועט אויס גישפראכין ווערין איין גירעכטיר פסק איביר אללי מענשליכי קינדיר, דרום דאס וואזזנישטי וואס מיר האבין זיך דער מיט אין דער וועלט ביקאנט צו מאכין, איז דער וועג, אויף וועלכין מיר זאללין דער לאנגין דעם וואהל גיפאלין פון גאטט אויף יעניר ערשטיר שעה. ווען דיא מענשין אלס קלוגי בישעפיניש, זענין מחוייב צו פרובין דיא יסודות פון זייארי מיינונגין און הוה אמינות מכח אנדירי זאכין, אזו מוזין דיא יעניגי פאר חסר דעה אן גיזעהין ווערין, דיא וואס האבין אנטפאנגין דיא לערנונג פון דעם ענין פון דיא רעכט פערטיגונג פאר דעם ריכטיר שטול פון גאטט, און פרובין און וועגין עס ניט אקוראט אב. איין תעות אין אנדירי זאכין איז נאך צו דער לאידין, דא אביר קומט פון איטליכים תעות איין אום גליק ארויס און מאן קאן עס שוין ניט גוט מאכין. וויא גרויס וועט נון זיין דער שרעק פון דיא יעניגי, וואס זייא וועלין גיפינין, אז מחמת זייאיר אייגינים חסרון וואס זייא האבין ניט נאך גידאכט האבין זייא זיך מפקיר גיוועזין צו איין פאלשין האפינונג, און האבין אזו פיל פער שמעהיט דעם וועג פון דעם געטטליכין וואהל גיפאלין וואס גאטט אלליין האט זייא גיוויזין! ווען עס איז ערגינץ פערהאנדין איין פונקט פון שטרייט צווישין יודין און קריסטין וואס עס דארף האבין איין טיפין און לאנגין ישוב הדעת, אזו איז עס דער דאזיגיר. מיר קריסטין גלויבין, אז אין דעם דאזיגין זייאיר וואזזנים פונקט איז דיא תורה שבעל פה גאר אין גאנצין אין תעות, און אז אללי, דיא וואס זייא דער ווארטין זייאיר הייל, פון דער האפפינונג וואס דיא תורה שבעל פה שפיגילט זייא פאר, וועלין זיך שרעקליך גיפעלשט גיפינין–אויב אנדירש משה און דיא

נביאים זָאגִין דֶעם אמת. מִיר הָאבִּין זִיךְ בְּמִיהט צוּ וַוייזִין, אַז דִיא הָאפְּפִינוּנְג דוּרְךְ פֶערְדִינְסְט גִירֶעכְטְפֶערְטִיגְט צוּ וֶוערִין, אִיז סותר דֶעם וָוארְט פוּן גָאט; אָבִּיר אִיצוּנְד ווִילִין מִיר וַוייזִין, אַז דִיא תורה שבעל פה אִיז אִין זֵייאִיר לֶערְנוּנְג זִיךְ אַלְלֵיין סותר, אוּן אַז עֶס אִיז דַארִיבִּיר זֵייאִיר אוּם זִיכִיר צוּ גְרוּנְדִין אוּנְזִיר הֵייל אוֹיף עֶרְגִינְץ אַיין פסק פוּן אִיהר. אִין דֶעם אוֹיבִּין גִיבְּרַאכְטִין גִיזֶעץ פוּן פֶערְדִינְסְטִין אוּן זִינְדִין פוּן דֶעם מֶענְשִׁין גִיפִינִין מִיר אוֹיךְ דֶעם דָאזִיגִין משל גִיבְּרַאכְט, וָואס זֵיין תכלית אִיז בֶּעסִיר צוּ דֶערְקְלֶערִין ווִיא גָאטט בִּיגֵייט זִיךְ בַּייא דֶעם משפט פוּן ראש השנה. עֶס זָאגְט אַזוֹ:

משל למדינה שחייבת מס למלך ולא נתנו לו בא אליה בחיל לגבותו כשנתקרב אליה בי' פרסאות יצאו גדולי המדינה לקראתו ואמרו לו אין לנו מה ליתן לך הניח להם שליש כיון שנתקרב יותר יצאו בינוני העיר לקראתו הניח להם שליש השני כשנתקרב יותר יצאו כל בני העיר לקראתו הניח להם הכל. כך המלך זה הקב"ה בני המדינה אלו ישראל שמסגלין עונות כל השנה ערב ר"ה הגדולים מתענין ומוותר להם שליש עונותיהם. בי' ימים בינונים מתענין ומוותר להם שני שלישים. ביום הכפורים הכל מתענים ומוותר להם הכל:

„עֶס אִיז אַיין משל צוּ אַיין מדינה וָואס זִיא אִיז דֶעם מלךְ שוּלְדִיג צִינְז צוּ צָאהלִין אוּן הָאט נִיט בִּיצָאהלְט. אִיז עֶר אוֹיף אִיהר גִיקוּמִין מִיט חיל דָאס אַיין צוּ מָאנִין. ווִיא עֶר אִיז גִיקוּמִין נָאהִינְט צוּ אִיהר צֶעהִין מַייל, זֶענִין אַרוֹיס גִיגַאנְגִין דִיא גְרוֹיסִי לַייט פוּן דֶער מדינה אַקֶעגִין אִיהם, אוּן זֵייא הָאבִּין גִיזָאגְט: מִיר הָאבִּין נִישְׁט וָואס מִיר זָאלְלִין דִיר קֶענִין גֶעבִּין; הָאט עֶר זֵייא נָאךְ גִילָאזִין אַיין דְרִיטִיל, ווִיא עֶר אִיז נָאךְ גֶעהִינְטִיר גִיקוּמִין, זֶענִין אַרוֹיס גִיגַאנְגִין דִיא מִיטִילִי לַייט פוּן שְׁטָאט אַקֶעגִין אִיהם, הָאט עֶר זֵייא נָאךְ גִילָאזִין דֶעם אַנְדִירִין דְרִיטִל. ווִיא עֶר אִיז נָאךְ גֶעהִינְטִיר גִיקוּמִין, אַזוֹ זֶענִין אַרוֹיס גִיגַאנְגִין אַלְלִי שְׁטָאט לַייט אַקֶעגִין אִיהם, אוּן עֶר הָאט זֵייא אַלְץ נָאךְ גִילָאזִין. אַזוֹ דָא, דֶער מלךְ אִיז הקדוש ברוךְ הוא, דִיא אַיינְוואוֹינִיר פוּן דֶער מדינה דָאס זֶענִין דִיא ישראל, וָואס זֵייא הָאוֹיפִין אוֹיף זִינְד דֶעם גַאנְצִין יָאהר. אוּם ערב ר"ה פַאסְטִין דִיא גְרוֹיסִי לַייט אוּן עֶס וֶוערְד זֵייא אֵיין דְרִיטִל פוּן זֵייאִירִי זִינְד אָבּ גִילָאזִין; אִין דִיא צֶעהִין טֶעג פַאסְטִין דִיא מִיטִילִי לַייט, אוּן עֶס וֶוערְד זֵייא צְוֵוייא דְרִיטִל נָאךְ גִילָאזִין. אוּם יום כפור פַאסְטִין אַלְלִי, וֶוערְד זֵייא אַלְץ נָאךְ גִילָאזִין". (אורח חיים, קפ"א) דִיא דָאזִיגִי פָארְשְׁטֶעלוּנְג קֶעהְרְט גָאר אִין גַאנְצִין אָבּ פוּן דֶער לֶערְנוּנְג, אַז דִיא יֶענִיגִי זֶענִין גִירֶעכְטְפֶערְטִיגְט, וָואס זֵייאִירִי

זכיות וועגין איבּיר זייארי עוונות ; וואָרין ערשטינס זענין אין דעם דאָזיגין מיטל אַ ר ל י וויא פערשולדיגטי אַפּאר גישטעלט ; צווייטינס וועָרד דערינין גיזאָגט , אַז זייא האָבּין גאָר ניט צו בּיצאָהלין , אונ דריטינס , אַז דער מלך איז זייא מוחל דיא זינד גאָר פון פרייהין ווילין , אָהני אויס לייזונג . דיא דאָזיגי מיינונג , איז דאָך גאָר פּונקט כנגד דער הוה אמינא , אַז מאַן זאָלל פערדינסט (זכיות) האָבּין . ווען אימיציר זאָלל מעהר זכיות האָבּין וויא עוונות אונ וועָרד מחמת דעם פאַר איין צדיק גיהאַלטין , אַזוֹ קאָן מאַן ניט זאָגין אַז ער איז איין חייב , אונ אַזוֹ בּידאַרף ער ניט אַז מאַן זאָלל איהם מוחל זיין . ווען עס איז אָבּיר אמת , אַז אַזוֹ גוט דיא גרויסי לייט וויא אויך דיא מיטילי קלאַססי זענין שולדיג אונ האָבּין ניט מיט וואָס צו בּיצאָהלין , אַזוֹ איז עס קלאָר אַז זייא האָבּין קיינע פערדינסטין ניט אונ דאַריבּיר דאַרף מאַן זייא ניט צו האַלטין פאַר צדיקים נייארט פאַר רשעים . פערדינסט (זכיות) אונ פערגעבּונג זענין איינע אַקייגין דעם אַנדירין אַזוֹ כנגד וויא בּיצאָהלין אונ שולדיג זיין . אַזוֹ וויא דער , וואָס האָט בּיצאָהלט זיין גאַנצין חוב דעם וואָס האָט איהם גיטרויט , קאָן ניט מעהר שולדיג זיין , אַזוֹ בּידאַרף אויך דער קיין פערגעבּונג ניט , וואָס ער האָט דיא גיבּאָט פון גאָטט אַזוֹ גיהאַלטין , אַז ער האָט נאָך אפילו גאָר פערדינסטין . אָבּיר דער דאָזיגער וואָס האָט ניט מיט וואָס צו בּיצאָהלין דאָס הייסט , דער וואָס האָט קיינע פערדינסטין ניט , מוז ענטוועדיר פערלוירין ווערין , אודיר פערלאַנגין אַז מאַן זאָלל דעם גאַנצין חוב ברצון טוב מוחל זיין , אונ דאָס דאָזיגי זאָגט דער אויבּין גידאַכטיר משל , איז אויך מיט דיא ישראל דער פאַלל ; זייא האָבּין נישט צו בּיצאָהלין , אונ גאָטט איז זייא אַלץ מוחל , מילא פון פערדינסט איז דאָ גאָר קיין רייד ניט ; אונ ווען נון דיא דאָזיגי מיינונג איז דיא ריכטיגי , דען מוז גיוויס דיא לערנונג פון רעכטפערטיגונג דורך זכיות , פאַלש זיין , אונ אַזוֹ איז דער מיט דיא תורה שבעל פה זיך אַלליין דער ווידיר . מילא וויא קענין דיא ישראל זייאיר אייביגי הייל אָן טרויהין איין דת אמונה , וואָס זיא איז מיט זיך אַלליין אַזוֹ צו פאַלין ?

פּונקט אַזוֹ זענין דיא תפילות פון ר״ה דער ווידיר אַקייגין דיא לערנונג פון דער רעכטפערטיגונג דורך פערדינסטין . פון דיא פילי ערטיר וואָס זייא לייקינין אַז עס זאָלל זיין איין פערדינסט , אונ זאָגין אַז מאַן דאַרף גייטיג איין פערגעבּונג ברצון טוב , ווילין מיר דיא דאָזיגי שטעלי בּריינגין :

קהלות ורבבות ואלפים. אשר לפנינו עברו חלופים . ולא יכלו להצטדק היות חפים : הן שמים בעיניו לא זכו . וכל לגיוני שחק בפשתה דועכו .

ונתעב

ונתעב ונאלח יזכו: קובץ מרמה ומסתתר בעיניו. אם יאמר בלבו מי יעידני לפניו. קורותיו ורהיטיו ועציו ואבניו: טהור עינים ברע מראות. הצלל חטאינו בעמקי מחבואות. ועשה עמנו לטובה אות:
„טויזינד און צעהין טויזענדין איין זאממלונגין פון מענשין, וואס זעגין פאר אונס געוועזין און זענין פערשוואונדין, און זענין ניט אין שטאנד געוועזין, זיך צו רעכטפערטיגין אז זייא זאללין ריין זיין, פאר וואר דיא הימליל זענין פאר איהם ניט ריין און אללי הימלישי מחנות זענין וויא צו שטויסיגיר פלאקס; און דער אום וירדיגיר און פערדערבטיר זאלל דען קענין ריין זיין? ער זאמילט פאלשקייט און ארבייט אין פערבערגניש. ווען ער זאגט, ווער וועט אקייגין מיר עדות זאגין פאר איהם, זעלבסט דיא באלקענס, רינים, האלץ, שטיינער פון זיין הויז. אה דוא, וואס דוא האסט רייני אויגין פון צו זעהין אויף בייזים, מאך פערזינקין אונזירי זינד אין דיא טיפסטי ביהעלטנישין, און מאך מיט אונס איין צייכין צום גוטין!" (שחרית ליום ב' של ר"ה). דא האבין מיר איין בפירושי דערקענונג, אז, דיא פארצייטיגי גימיינדי האבין זיך ניט געקענט רעכטפערטיגין דורך פערדינסטין, און דען איז עס בישטעטיגט דיא ווערטיר פון תהלים, אז אללי מענשין זענין אום וירדיג און פערדערבט, און לסוף איין גיבעט, אז ניט פאר איין לוהן פון פערדינסט, נייארט אום סליחות עוונות. ווען דאס דאזיגי גיבעט האט אין זיך דאס גיפיהל פון אמת און איז אין אויפריכטיגקייט אפאהר גיבראכט, דען האבין דיא ישראל קייני פערדינסטין, און דיא לערנונג, אז איטיציר איז גירעכטפערטיגט דורך זייני פערדינסטין, איז נור בלום אייני אוים גיטראכטי זאך. דער דאזיגיר וואס וועט זיך דערוועגין דאס גיבעט צו האלטין, און האפפט דאך דורך זייני גוטי מעשים דיא ישועה צו האבין, איז ענטוויר איין חונף אודיר גיט בייא זיין רעכטין פערשטאנד. מילא דא איז ווידיר דיא תורה שבעל פה זיך אלליין דער ווידיר; וואו דא זעצט עס דיא האפפינונג פון דער ישועה ניט אויף פערדינסטין, נייארט אויף דיא אום פערדינטי פרייהי גינאד פון גאטט. דאריבער איז איטליכיר ישראל מחוייב זיך דערינין גיוויסהייט צו פערשאפין, וועלכיר וועג צום הייל פון דיא דאזיגי ביידי, האט דיא זעלביגי משמעות מיט דיא לערנונג פון משה און דיא נביאים; וואו ביידי קענין אום מיגליך אמת זיין. עס שיינט דא דירביי עפים איין גיוויסי מעשה צו זיין, וואס מאן קאן דערויף ניט שטרייטין: דיא מחברים פון דער תורה שבעל פה, האבין ליב גיהאט, אזו וויא אללי אנדירי מענשין, דעם כבוד און דאס ביריהמין פון אייגיני

צדקות, און הָאבִּין גִימֵיינְט, אַז דִיא אַלְלִי מעשים, און פַּאסְטִין, און צדקה גֶעבִּין, וָואס דָאס הָאט גִיהַאט אִין זֵייאִירִי אֵייגְנִי אוֹיגִין אַזוֹ אַיין גְרוֹיסִין וֶוערְטה און הָאט זֵייא פֶערְשַׁאפְט אַזוֹ אַיין גְרוֹיסִין כבוד בַּייא דִיא מֶענְשִׁין, וֶועלִין פַאר דֶעם רִיכְטִיר שְׁטוּהל פוּן גָאטט ב״ה אוֹיךְ אָן גִינוּמִין וֶוערִין פַּאר צדקות, אִין דֶער אֵייגְנִיר צַייט אָבִּיר, אִיז זֵייאִיר גִיוִויסְסִין אָן אַיין אוֹיפְהֶער אוּם רוּהִיג און דֶער שְׁרָאקִין גִיוָוארִין דוּרְךְ דִיא פשוטי דֶערְקְלֶערוּנְגִין פוּן גָאטְטִים וֶוערְטִיר, און כדי דָאס צוּ בִּירוּהִיגִין, זֶענִין זֵייא אָהנִי זֵייאִיר ווילְלִין דֶער צוּ גִיטְרִיבִּין גִיוָוארִין, זֵייאִירִי שוּלְד צוּ דֶערְקֶענִין און זִיךְ אַרוּם צוּ זֶעהִין נָאךְ אַיין סְפָּאסִיבּ אַז זֵייא זָאלְלִין זִיךְ קֶענִין בִּירוּהִיגִין. דָאס דָאזִיגִי הָאבִּין זֵייא אֵיין טְהֵייל גִיפוּנִין אִין דֶער הָאפִינוּנְג פוּן דֶער פְּרַייהִיר גִינָאד, אָבִּיר אֵיין טְהֵייל אִין אֵייגְנִיר אוּים טְרַאכְטוּנְגִין, זֵייא הַאלְטִין דָאס פַּאסְטִין און צדקה גֶעבִּין פַאר זֵייאִיר וַואזֶנִיע; אָבִּיר דֶער מִיט הָאבִּין זֵייא זֵייאִיר בִּיאוּם רוּהִיגְטִים גִיוִויסְסִין נִיט גִיקָאנְט שְׁטִילְלִין אַזוֹ הָאבִּין זֵייא זִיךְ דֶענְנְסָאמָאלְט גִיהָאלְפִין מִיט נַארִישִׁי מנהגים און קִינְדִישִׁי הָאפִינוּנְגִין. אַזוֹ למשל הָאבִּין זֵייא גִיהָאפְט, דוּרְךְ דָאס בְּלָאזִין אוֹיף אַיין הָארִין אִין דֶעם גַאנְצִין חודש אלול דֶעם שטן צוּ צוּמִישִׁין אַז עֶר זָאלל נִיט ווִיסִין וֶועלְכִיר טָאג אִיז ר״ה און אַז עֶר אִיז דַארִיבִּיר נִיט אִין שְׁטַאנְד זֵייא צוּ פַארְקְלָאגִין. דֶער אָרְט וָואס שְׁמוּהִיסְט דֶער פוּן זָאגְט:

לכן התקינו הז״ל שיהיו תוקעין בר״ח אלול בכל שנה ושנה וכל החדש כדי להזהיר ישראל שיעשו תשובה שנ׳ אם יתקע שופר בעיר וגו׳. וכדי לערבב השטן:

„דַארִיבִּיר הָאבִּין אוּנְזֵירִי חכמים זכרונם לברכה מתקן גִיוֶועזִין אַז מַאן זָאלל אַלְלִי יָאהר בְּלָאזִין שופר אוּם ראש חודש אלול און דֶעם גַאנְצִין חודש אַדוּרְךְ כדי מזהיר צוּ זַיין דִיא ישראל אַז זֵייא זָאלְלִין תשובה טָהוּן—אַזוֹ וִויא עֶס שְׁטֵייט אִין פסוק": „זָאלל דֶען גִיבְּלָאזִין וֶוערִין מִיט אַיין שופר אִין דֶער שְׁטָאט, און דָאס פָאלְק זָאלל נִיט צִיטְרִין"? „(עמוס ג׳, פסוק ו׳) און כדי דֶעם שטן צוּ צוּמִישִׁין". וִויא קָאן עֶרְגִינְץ אַיין קְלוּגִיר מֶענְשׁ גְלוֹיבִּין, אַז אַיין גִיזֶעץ וָואס אִיהרִי לֶערְנוּנְג הָאט אַזוֹ קַיין שום טעם נִיט, אִיז פוּן גָאטט? אִין זכריה און אִין איוב גִיפִינִין מִיר אפילו, אַז דֶער שטן פַאר קְלָאגְט דָאס פָאלְק פוּן גָאטט; אָבִּיר וִויא קָאן זִיךְ נוּר אִימִיצִיר אַיינְרֵיידִין דֶער וָואס אִיז בִּילֶערְנְט דוּרְךְ דֶעם וָוארְט פוּן גָאטט, אַז דוּרְךְ

דאס

דָאס בְּלָאזִין דֶעם הָארִין קָאן מַאן דֶעם שטן פֶּערְמִישִׁין, עֶר זָאלל דִיא רֶעכְטִי צַייט נִיט וִויסְסִין, אוֹדִיר אַז אָהנִי דָאס פֶּער קְלָאגִין פוּן שטן וֶוייס גָאטט נִיט דִיא זִינְד פוּן דִיא מֶענְשִׁין, אוֹדִיר עֶר וֶועט אוּם גִירֶעכְט מִשְׁפָּטִין, אַז דֶער שטן דֶערְמָאנְט אִיהם נִישְׁט? וַוייל בִּשעת עֶר קְלָאגְט דִיא זִינְד אָן פַאר עֶנְטְווִירְט דֶער שטן זַיינִי אֵייגִינִי שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט; אָבִּיר פַאר דֶעם רִיכְטִיר שְׁטוּל פוּן גָאטט ב"ה בִּידַארְף עֶס זַיין פַאר קְלָאגִין נִיט, כדי דֶעם מֶענְשִׁין זַיינִי זִינְד צוּ בִּיוַוייזִין. אַזוֹ בַּאלְד וִויא דִיא מֶענְשִׁין דֶער שַׂיינִין פַאר אִיהם, זֶעהִיט עֶר שׁוֹין וָואס זֵייא זֶענִין, אַלְלִי זֵייאִירִי עבירות זֶענִין דֶענְסְמָאלְט אַזוֹ צוּ זֶעהִין, וִויא עֶס אִיז אִיצוּנְד צוּ זֶעהִין זֵייאִיר גוּף, דִיא אוֹיג פוּן גָאטט ב"ה שְׁפַּארְט אַדוּרְךְ אִיטְלִיכִים פֶּערְבָּארְגִינִי בִּיהֶעלְטֶענִישׁ פוּן דֶער זֵייל, אוּן דָאס גִיוִויסְסִין זֶעלְבְּסְט בִּיצַייגְט אַקֵייגִין דִיא וָואס טוּהִין קֵיין תשובה נִיט אוּן פֶּערְשׁוּלְדִיגְט זֵייא. עֶס אִיז דַארוּם זֵייאִיר צוּ רַאבִין אוּן אָהן שכל, וֶוען מַאן הָאפְּט דַאדוּרְךְ צוּ אַנְטְרִינִין אַז מַאן צוּ מִישְׁט דֶעם פֶּערְקְלָאגִיר; אוּן מִיר קֶענִין זִיךְ נִיט גִינוּג אוֹיס ווּאוּנְדִירִין אַז מַאן הָאט אַזוֹ אֵיין זַאךְ וָואס הָאט גָאר קֵיין גִישְׁמַאק נִיט, דוּרְךְ אַזוֹ פִּיל הוּנְדִירְט יָאהר דֶער טְרָאגִין, אוּן אַז אַיין פָאלְק פוּן שכל וִויא דָאס יוּדִישִׁי אִיז בִּיקָאנְט, קָאן נָאךְ אַלְץ אָן אַזֶעלְכִי מְשׁוּגִינִי נַארִישׁ גְלוֹיבִּיגְקֵייט אָנְגִיהַאנְגִין זַיין.

אָבִּיר דִיא רבנים הָאבִּין נִיט נוּר גִיהָאפְּט דוּרְךְ דָאס בְּלָאזִין, דֶעם שטן צוּ פַאר מִישִׁין עֶר זָאלל דִיא רֶעכְטִי צַייט נִיט וִויסְסִין, נַייאִירְט אַז דוּרְךְ דָאס בְּלָאזִין אִין דֶער רֶעכְטִיר צַייט, דִיא גִינָאד פוּן גָאטט צוּ דֶערְלַאנְגִין- וִויא מִיר לֶערְנִין אִין מדרש ויקרא רבא:

בשעה שישראל נוטלין את שופריהן ותוקעין לפני הקדוש ברוך הוא עומד מכסא הדין ויושב בכסא רחמים דכתיב ה׳ בקול שופר ומתמלא עליהם רחמים ומרחם עליהם והופך עליהם מדת הדין לרחמים אימתי בחודש השביעי:

"אִין דֶער צַייט אַז דִיא ישראל נֶעהמִין זֵייאִירִי שופרות אוּן בְּלָאזִין פַאר הקדוש ברוּךְ הוּא, אַזוֹ שְׁטֵייט עֶר אוֹיף פוּן דֶער שְׁטוּל פוּן דִין אוּן זֶעצְט זִיךְ אוֹיף דֶעם שְׁטוּל פוּן דֶערְבַּארִימוּנְג; וָוארִין עֶס שְׁטֵייט גִישְׁרִיבִּין: "יהוה מִיט דֶעם שְׁטִים פוּן שופר", (תהלים מ"ז, פסוק ו׳) אוּן עֶר וֶוערְד דֶער פִיהְלְט מִיט גִינָאד אַקֵייגִין זֵייא אוּן דֶערְבַּארִימְט זִיךְ אִיבִּיר זֵייא אוּן פֶּערְקֶעהרְט אוֹיף זֵייא דֶעם מדת הדין, צוּ אַיין דֶערְבַּארְמוּנְג. אִין וֶועלְכִיר צַייט וֶוערְד דָאס גִישֶׁעהִין? אִין דֶעם זִיבִּינְטִין חודש (מדרש ויקרא רבא,

פרשה כ"ט) מילא דאס דאזיגי איז איינס פון דיא ספּאסאבים, דורך וועלכי דיא רבנים זוכין צו בירוהיגין זייאיר פערשולדיגטין געוויססין: ווען דיא זאך וואלט באמת אזו געוועזין, אזו וואלט עס געוויס זייאיר וואויל געוועזין פאר איין מענשין, דער וואס האט דעם גאנצין יאהר צו גיבראכט אין אום גירעכטיגקייט און האט קיין תשובה ניט גיטהון, און האט גאר ניט בדעה תשובה צו טהון, דורך דאס בלאזין אויף איין הארין אום ר"ה, אללי זייני זינד לויז צו ווערין און דעם צארין פון גאטט אין גינאד צו פארקעהרין. נור אביר יעני ביהויפּטונג איז בפירוש ווידיר אנאנדיר מיט דעם ווארט פון גאטט און פערוויינידיגירט זייני ווירדיגקייט וואס עס ביטרעפט דיא גינאד און גירעכטיגקייט. ניט עס קאן אייני בלויסי צירימאניעשי מעשה זיין איין כפרה פאר עפּיס איין זינד, און ניט עס בידארף בייא גאטט דאס בלאזין פון איין הארין, כדי איהם אן גינאד צו דערמאנין. אן צו נעהמין אז אזו אייני נישטיגי צירימאניע זאלל קענין גאטט אין מיטין דער גירעכטיגקייט (דין) אויף האלטין און איביר ארבעטין, אז ער זאלל זייני פסקים צוריק נעהמין, דאס הייסט, איהם אללי כחות פון געטטליכקייט בירויבין און איהם אזו פארשטעלין, אזו וויא ער וואלט נאך פיל שוואכיר געוועזין פאר דעם קלענסטין מענשין, וואס ער איז אמאהל אויף דיינות געזעסין. און פון דעסטוועגין איז דיא דאזיגי האפפנונג וואס איז אום זיניג און ניט נאך דער שריפט נאך, ניט בלוס אוים גיטראכטי זאכין אודיר איין אוים גיטראכטיר דמיון פון דיא רבנים, נייארט זיא איז אפילו גאר אויפגינומין גיווארין פאר איין פרומי תחינה צווישין דיא גרעסטי תפלות פון בית הכנסת:

תחנה לתוקע לפני התקיעו': יהי רצון לפניך י"י אלהי ואלהי אבותי אלהי השמים ואלהי הארץ אלהי אברהם אלהי יצחק ואלהי יעקב האל הגדול הגבור והנורא שתשלח לי המלאכים הקדושים והטהורים נאמנים משרתים ונאמנים בשליחותם חפצים ורצוים לזכות את ישראל ואת המלאך הגדול פצפציה הממונה להוציא זכיותיהן של ישראל בעת שהיום תוקעים בשופר ואת המלאך הגדול תשבש הממונה להשמיע זכיותיהן של ישראל ולהבעית השטן בתקיעתם ואת השרים הגדולים הממונים על השופר אנקתם פסתם והמלאכים הגדולים הדרניאל וסנדלפון הממונים על תקיעתנו המעלים תקיעתנו לפני כסא כבודך ואת המלאך שמשיאל הממונה על התרועה ואת המלאך פ ר ס ט א הממונה על קשר"ק להיותם מזומנים בשליחותם להעלות תקיעתינו לפני הפרוכת. ולפני כסא כבודך והמלא על עמך ישראל ברחמים

ותכנם

ותכנס להם לפנים משורת הדין ותתנהג עם בניך במדת רחמים ותעלה תקיעתנו לפני כסא כבודך וגו׳:

„אַיין גִיבֶּעט פַאר דֶעם בעל תוקע, פַאר דִיא תקיעות: עֶס זָאלל זַיין דֶער ווילְלִין צוּ פַאר דִיר גָאטט, מַיין גָאטט אוּן דֶער גָאטט פוּן מַיינִי עֶלְטֶערְן, גָאטט פוּן הִימֶיל אוּן גָאטט פוּן דֶער עֶרְדֶע, גָאטט פוּן אברהם, גָאטט פוּן יצחק, אוּן גָאטט פוּן יעקב, דֶער גְרויסִיר אַלְמֶעכְטִיגִיר אוּן פָארְכְטִיגִיר גָאטט, אַז דוּא זָאלְסְט מִיר שִׁיקִין דִיא הֵיילִיגִי אוּן רֵיינִי מלאכים, וָואס זֵייא זֶענִין גִיטְרַייא אִין זֵייאִירִי שליחות, וָואס זֵייא ווילִין אוּן פֶערְלַאנְגִין מזכה צוּ זַיין דִיא ישראל, אוּן אויךְ דֶעם גְרויסִין מלאך פ צ פ צ י ה וָואס עֶר אִיז גִיזֶעצְט, אַז עֶר זָאלל אַרוֹיס בְּרֵיינְגִין דִיא זכיות פוּן דִיא ישראל, אִין דֶער צַייט וָואס זֵייא בְּלָאזִין הַיינְט מִיט דֶעם שופר, אוּן אויךְ דֶעם גְרויסִין מלאך ת ש ב ש, וָואס עֶר אִיז דֶער צוּ גִיזֶעצְט, אַז עֶר זָאלל דִיא פֶערְדִינְסְטִין פוּן ישראל אויס רוּפִין, אוּן צוּ צוּמִישִׁין דֶעם שטן דוּרךְ זֵייאִיר בְּלָאזִין; אוּן אויךְ דִיא גְרויסִי שרים דִיא וָואס זֶענִין גִיזֶעצְט אִיבִּיר דֶעם שופר, דָאס אִיז, א נ ק ת ם, פ ס ת ם; אוּן דִיא גְרויסִי מלאכים הדרניאל אוּן סנדלפון וָואס זֵייא זֶענִין גִיזֶעצְט אִיבִּיר אוּנְזִיר בְּלָאזִין. דִיא וָואס בְּרֵיינְגִין אוּנְזִירִי תקיעות פַאר דַיין כסא הכבוד; אוּן אויךְ דֶעם מלאך ש מ ש י א ל דֶער וָואס אִיז גִיזֶעצְט אִיבִּיר דִיא שַאלוּנְג, אוּן אויךְ דֶעם מלאך פ ר ס ט א, וָואס עֶר אִיז גִיזֶעצְט אִיבִּיר קשר״ק *) אַז זֵייא זָאלְלִין אָנְגִיבְּרֵייט זַיין אִין זֵייאִירִי שליחות אַרוּף צוּ בְּרֵיינְגִין אוּנְזִירִי תקיעות פַאר דֶעם פָארְהַאנְג (פרוכת) אוּן פַאר דַיין כסא הכבוד, אוּן דוּא זָאלְסְט דֶער פִיהלְט וֶוערִין מִיט דֶערבַּארְמוּנְג אִיבִּיר דַיין פָאלְק ישראל, אוּן דוּא זָאלְסְט זֵייא אַרַיין בְּרֵיינְגִין אִיבִּיר דֶעם גְרֶענִיץ פוּן דֶעם דִין, אוּן זָאלְסְט מִיט דַיינִי קִינְדִיר זִיךְ נוֹהג זַיין מִיט דֶער מדה פוּן דֶערְבַּארְמוּנְג אוּן זָאלְסְט לָאזִין אַרוֹיף גֵיין אוּנְזִירִי תקיעות פַאר דַיין כסא הכבוד וגו׳.״ (שחרית ליום ראשון של ר״ה.) מִילָא דָא הָאבִּין מִיר ווידִיר אוּנְטִיר דֶער פָארְמִי פוּן אַיין הֵיילִיגִי תפלה דָאס זֶעלְבִּיגִי לֶערְנוּנְג וָואס הָאט גָאר קֵיין שום גִישְׁמַאק נִיט, אַז דָאס בְּלָאזִין אויף אַיין הָארְן אוּם ר״ה קָאן פֶערְעֶנְדִירִין דִיא בישליסונג

---

*) דאס איז גימיינט דיא פיר ווערטיר: תקיעה, שברים, תרועה, תקיעה, וואס דער רב אודיר דער עלטיסטיר פון קהל זאגט דעם בעל תוקע הויך און שארף פאר, און דער בעל תוקע בלאזט דיא קולות אמאהל נאכג און אמאהל גיבראכין הרויס.

בִּישְׁלִיסוּנְג פוּן גָאטט ; נוּר דָאס וֶוערְד דָא נָאךְ אִין אַיין עֶרְגֶערִין אוֹפָּן אַפָּאר גִיבְּרַאכְט, וַוייל זִיא אִיז גָאר אֵיינְס מִיט נָאךְ אַנְדִירִי נַארִישׁ גְלוֹיבִּירַייא וָואס זֵייא זֶענִין נִיט נָאךְ דֶער שְׁרִיפְט נָאךְ. דִיא דָאזִיגִי תחינה זָאגְט אַזוֹ וָואס, וָואס מַאן גִיפִינְד עֶס אִין עֶרגִינְץ נִישְׁט אִין דֶער הֵיילִיגִיר שְׁרִיפְט (כתבי הקודש), אַז עֶס זָאלל זַיין אַיין גִיוִויסִי סַךְ פוּן מלאכים, וָואס עֶס אִיז זֵייאִיר פוּנְקְצִיָע אַז זֵייא זָאלְלִין אוֹיף זֶעהִין דָאס בְּלָאזִין פוּן אַיין הָארִין אוּן דִיא קולות דֶער פוּן פַאר דֶעם שְׁטוּל פוּן גָאטט צוּ בְּרֵיינְגִין, אָבִּיר אִין דֶער אֵייגִינִיר צַייט אוֹיךְ צוּ מַאכִין אַז דִיא פֶערְדִינְסְטִין פוּן דִיא ישראל זָאלְלִין גִילְטִיג זַיין. אָבִּיר עֶרְשְׁטִינְס אִיז דָאס דָאזִיגִי אֵייגִי רֵייגִי אוֹיס גִיטְרַאכְטִי אוּן דוּמְמֶע נַארִישׁ גְלוֹיבִּירַייא ; אִין דֶער גַאנְצִיר הֵיילִיגִיר שְׁרִיפְט אִיז קֵיין אֵיינְצִיגִיס וָוארְט פוּן אַזוֹ וָואס נִיט דֶער מָאנְט. עֶס זָאלל אוּנְס זֵייאִיר פֶערְדִינְסְטִין צוּם גִילֶעכְטִיר צוּ מַאכִין אַיין יסוד אמונה פוּן אַיין פָאלְק אוּן בפרט פוּן דָאס יוּדִישִׁי פָאלְק ; אָבִּיר מִיר קֶענִין נִיט אוֹיס מַאיידִין, אַז מִיר זָאלְלִין נִיט פְרֶעגִין בַּייא דֶעם גִיזוּנְדִין מֶענְשְׁלִיכִין פֶערְשְׁטַאנְד פוּן אִיטְלִיכִין וָואס לֵייאִינְט אוּנְזִירִי רֵייד, אוֹיבּ דִיא אוֹיסְגִישְׁפְּרָאכִינִי מעשה פוּן דַאגִין אִיז נִיט אִין הֶעכְסְטִין גְרַאד אַיין גִילֶעכְטִיר? דִיא מלאכים זָאלְלִין פוּן הִימְמִיל אַרָאפּ גִישִׁיקְט וֶוערִין ; אָבִּיר צוּ וֶועלְכִיר פעולה? אפשר עֶפִּיס דִיא מֶענְשִׁין צוּ וָוארִינִין פַאר דֶעם צָארִין פוּן גָאטט וָואס עֶס שְׁרֶעקְט צוּ קוּמִין? אוֹדִיר אָן צוּ זָאגִין דִיא דֶערְלֵייזוּנְג פוּן ישראל וָואס עֶס בַארְף קוּמִין? אוֹדִיר אוֹיס צוּ פִיהְרִין דֶעם שְׁטְרָאף פוּן דֶעם משפט פוּן גָאטט? נֵיין, נַייאִירְט דָאס בְּלָאזִין פוּן אַיין בָּאקְס הָארִין צוּ הֶערִין אוּן דִיא קולות פַאר דֶעם כסא הכבוד פוּן גָאטט צוּ בְּרֵיינְגִין, כדי צוּ פֶערְקֶעהְרִין דֶעם מדת הדין אוֹיף מדת הרחמים! אִיז עֶס אָבִּיר נֵייטִיג אַז מלאכים זָאלְלִין זִיךְ אִין דֶער זַאךְ צַרַיין מִישִׁין? קָאן גָאטט אַלֵיין קולות פוּן אַיין הָארִין נִיט הֶערִין, אָהנִי דֶעם אַז דָאס זָאלל אִיהם דוּרְךְ מלאכים צוּ גִיבְּרַאכְט וֶוערִין? אוֹדִיר הֵיינְגִין דִיא גִיפִיהְלִי פוּן זַיין דֶערְבַּארִימוּנְג, פוּן דָאס בְּלָאזִין אוֹיף אַיין הָארִין אָב? וָואס וָואלְט אליהו הנביא זָאגִין צוּ אַזוֹ אַיין לֶערְנוּנְג וִויא דִיא דָאזִיגִי אִיז? וִויא דִיא כהנים פוּן דֶער ע״ז בעל הָאבִּין נוּר הוֹיךְ גִישְׁרִיאִין, הָאט עֶר פוּן זֵייא גִישְׁפָּאטִיט אוּן הָאט גִיזָאגְט: „רוּפְט הוֹיךְ, וָוארִין עֶר אִיז פֶערְטְרַאכְט, אוֹדִיר עֶר אִיז אוּנְטִיר וֶועגִינְס, אוֹדִיר אפשר שְׁלָאפְט עֶר כדי עֶר זָאלל אוֹיף וַואכִין!" (מלכים א׳ י״ח, פסוק כ״ז) אוּן דֶען הָאבִּין דָאךְ נָאךְ דִיא כהנים פוּן בעל נִיט גִיבְּלָאזִין אוֹיף קֵיין

הָארִין, כדי זֵייאִיר גִימֵיינְטֵי גָאטְטְהַייט צוּ רחמנות צוּ דֶער וֶועקִין. וֶוען מִיר וָואלְטִין מִיט אוּנְזֵירֵי אֵייגִינֵי אוֹיגִין דִיא אוֹיבִּין גִיזַאבְּטֵי תפלה נִיט גִילֵייאֵינְט, וָואלְטִין מִיר קוֹים גִיגְלוֹיבְּט אַז אפילו חָאטְשֵׁי דִיא רַבָּנִישֵׁי לֶערְנוּנְג זָאלל קֶענִין אִין אַזוֹ אַיין בִּישַׁיינְפִּירְלִיכִין אוּם זִין אַבַּיין פַּאללִין. אָבִּיר דִיא זַאךְ אִיז גָאר צוּ וַואזְנֵיע, כדי זִיא נוּר פוּן אוֹיבִּין אוֹיף צוּ בִּיהַאנְדְלִין. אִין דֶעם דָאזִיגִין אוּם זִינִין הָאבִּין נוּן דִי רבנים גִילֶערִינְט דִיא ישראל צוּ זֶעצִין זֵייאִיר הָאפְּפִינוּנְג אוֹיף עולם הבא. זֵייא הָאבִּין וואוֹיל גִיוואוּסְט, אַז דִיא הָאפְּפִינוּנְג, דוּרְךְ פֶּערְדִינְסְט גִירֶעכְטְפֶּערְטִיגְט צוּ וֶוערִין, אִיז בִּיטְרִיגֶירַייא, אָבִּיר זֵייא הָאבִּין דָאךְ נִיט גִיוָואלְט, דָאס אָבְּלָאזִין, וָואס עֶס חַנְפִּיט דִיא גאוה פוּן מֶענְשִׁין, הָאבִּין זֵייא זִיךְ גִימַאטְּרְט עֶרְגִינְץ עֶפִּיס אַרוֹיס צוּ גִיפִינִין, וָואס עֶס זָאלל קֶענִין דָאס גִימִיגְדִירְטֵי דֶער זֶעצִין, אוּן אִין זֵייאִיר גְרוֹיסִין יאוּש וַוייל זֵייא הָאבִּין נִיט גִיוואוּסְט וָואס צוּ טְהוּן הָאבִּין זֵייא אָן גִיהַאפְּט דֶעם עֶרְשְׁטִין בֶּעסְטִין סְפָּאסִיב וָואס עֶס הָאט זִיךְ זֵייא גִיטְרָאפִין. דִיא צִירִימָאנְיֶע פוּן בְּלָאזִין אַיין הָארִין וָואס דָאס גוּפִי אִיז גָאר גְרִינְג צוּ טְהוּן אִיז דַארִיבִּיר פַּאר וַואנְדִילְט גִיוָוארִין אַז דָאס זָאלל הֵייסִין סודות אוּן אַרוֹיס גִיפוּנִין עֶפִּיס וִויא אַיין פָּארְשׁוּם פוּן מַלְאָכִים, צוּם טְהֵייל פוּן דֶער פָארְשְׁטֶעלוּנְג וֶועגִין דִיא נַארִישׁ גְלוֹיבִּיגִי אוּן דִיא פְּרָאקְטַאקִים אַיין צוּ רֵיידִין, צוּם טְהֵייל אִיז עֶס בגלוי אֵיין נַארִישֵׁי דעה, אַזוֹ וִויא אַזוֹ אַיין קְלֵיינִיגְקַייט וֶועט קֶענִין אַזוֹ אַיין גְרוֹיס פֶּערֶענְדִירוּנְג מַאכִין אִין דֶעם הסכם פוּן דֶעם אַלְמַאכְטִיגִין, וֵויינִיגִיר צוּ לָאזִין אַפָּאר קוּמִין. וָואס עֶס הָאט אָבִּיר גִימֶעגְט זַיין דֶער יסוד אוֹדִיר דֶער גְרוּנְד פוּן יֶענִי לִיגִינְט, אַזוֹ אִיז עֶס גִיוִויס, אַז זִיא שְׁטֵייט אוּנְטִיר דִיא תפלות פוּן בית הכנסת, כדי דִיא פְּרָאקְטַאקִים אָבּ צוּ נֵייגִין פוּן דִיא אמתי סְפָּאסָאבִּים פוּן רֶעכְטְפֶּערְטִיגוּנְג, אוּן פוּן דִיא אמתי וִויסִינְשַׁאפְטִין פוּן דֶער גִירֶעכְטִיגְקַייט, אוּן פוּן גָאטְטִיס משפט פוּן שְׁטְרָאף. עֶס קָאן אוּנְס קֵיינִיר נִיט זָאגִין, אַז דָאס אִיז אַיין אוּם שוּלְדִיגִיר תעות! קֵיין תעות אִיז נִיט אוּם שוּלְדִיג, פִּיל מֶעהר אִיז אִיטְלִיכִיר תעות אִין אִיטְלִיכִיר זַאךְ שֶׁעדְלִיךְ, אִין דֶער אמונה אָבִּיר הַארְגִיט עֶס גָאר. דִיא אוּם גְלִיקְלִיכְסְטֵי פוּן אַלִי תעותין פוּן אמונה זֶענִין אָבִּיר דִיא דָאזִיגִי, וֶועלְכִי בִּישְׁטַארְקְט דִיא מֶענְשִׁין אִין דֶער מֵיינוּנְג אַז אוֹיסְוֵוייניגְסְטֵי צִירִימָאנְיֶעס זָאללִין קֶענִין דֶערוֹיף מכפר זַיין וָואס מַאן אִיז עובר אוֹיף אַיין חיוב. דָאס דָאזִיגִי אִיז אָבִּיר אַרוֹיס גִיוִויזִין פוּן דָאס פֶּערְלַאנְגִין פוּן דֶער דָאזִיגִיר אוֹיס גִיטְרַאכְטִיר בַּאלַאמוּצְטְוָוא. אַיין מֶענְשׁ וָואס אִיז אוּם וִויסִינְד אוּן

נאריש

נַארִישׁ גְלֵייבִּיג-און דֶער גְלַייכִין גִיפִינְד זִיךְ אוּנְטִיר אַלְלִי פַארְטַייהִין פון אֱמוּנוֹת זֵייאִיר פִיל-גִיפִינְד אִין זַיין בּוּךְ פון תפלות אַז דָאס בְּלָאזִין אוֹיף אַיין הָארִין קָאן דֶעם מדת הַדִין פַאר קֶעהרִין אוֹיף מדת הרחמים ; עֶר גְלֵייבְּט נוּן אַז דָאס אִיז אמת , און באמת נִיט פון דֶעם בּוּךְ וֶועגִין וָואס עֶר גִיפִינְד עֶס דֶערִינִין , נוּר אוֹיךְ פון דֶעסְטְוֶועגִין וַוייל עֶס אִיז אִיטְלִיכִין מֶענְשִׁין לִיבּ צוּקֶענִין לֶערְנִין אַיין סְפָּאסִיבּ דֶעם וואויל גִיפַאלִין פון גָאטט צוּ בִּיקוּמִין , וָואס עֶס פַארְשְׁפָּארְט אִיהם דִיא מִיהִי פון תשובה און אַז עֶר זָאלל בַּארְפִין אִין גַאנְצִין פֶערֶענְדִירִין זַיין הַארְץ און דֶעם אוֹפֶן פון זַיין לֶעבִּין . עֶר וֶוערְד אַזוֹ פַאר הַארְטִיוֶועט דֶעם גַאנְצִין יָאהר אַדוּרְךְ אִין אַזֶעלְכִי מעשים , וָואס עֶס פֶערְשׁוּלְדִיגְט זַיין הַארְץ , וַוייל עֶר פַאר לָאזְט זִיךְ דֶערוֹיף , אַז דָאס בְּלָאזִין דֶעם הָארִין וֶועט אִיהם אַרוֹיס צִיהִין פון אַלְלִי פֶערְלֶעגֶענְהַייטִין און אַזוֹ מַאכְט עֶר עֶס פון יָאהר צוּ יָאהר , בִּיז דֶער טוֹיד דֶער יָאגְט אִיהם וִויא אַיין פַאר הַארְטִיוֶועטִין רשע וָואס הָאט קַיין תשובה נִיט גִיוָואלְט טְהוּן , און עֶר זֶעהִיט עֶס צוּ שְׁפֶּעט אַיין פַאר דֶעם רִיכְטִיר שְׁטוּל פון גָאטט אַז עֶר הָאט גִילֶעבְּט אִין אַיין אוּם גְלִיקְלִיכִין תעות . וֶועמִין וֶועט מַאן בִּישׁוּלְדִיגִין דֶער פַאר וָואס אַזֶעלְכִי מֶענְשִׁין וֶוענִין פֶערְדָארְבִּין גִיוָוארִין ? נִיט נוּר דִיא יֶענִיגִי וָואס הָאבִּין אוֹיס גִיטְרַאכְט דִיא פַאלְשַׁקִייט , נַייאִירְט אוֹיךְ דִיא דָאזִיגִי וֶועלְכִי הָאבִּין עֶס בִּישְׁטֶעטִיגְט , דָאס הֵייסְט , דִיא דָאזִיגִי וָואס לָאזִין עֶס שְׁטֵייהִין אִין דָאס בּוּךְ פון תפלות און אַזוֹ דֶער דוּרְךְ לֶערְנִין זֵייא דָאס פָאלְק נַארִישׁ גְלוֹבִּין . אִיטְלִיכִיר יוּד , וָואס עֶר אִיז בַּייא דִיא תפלות פון בית הכנסת דֶער בַּייא , הָאט נָאךְ דָאס מָאס פון זַיין שְׁטַאנְד נָאךְ וִויא עֶר אִיז און וָואס עֶר אִיז צוּ פֶערֶענְטְווֹירִין פַאר דֶעם תעות און דִיא פַאלְשַׁקִייט וָואס זַיינִי תפלות פֶערְבְּרֵייטִין אוּנְטִיר דָאס פָאלְק . אַחוּץ דֶעם אָבִּיר מוּז אִיטְלִיכִיר מוֹדה זַיין דֶער וָואס גְלוֹיבְּט נִישְׁט אִין דֶער מעשה פון דִיא מלאכים וָואס זֵייא טְרָאגִין דִיא קוֹלוֹת פון דֶעם הָארִין אִין דֶער הֵייךְ אַרוֹיף אַז אוֹיף אַזוֹ אַיין דת אמונה , וָואס לֶערִינְט אוֹיף אַזוֹ אַיין אוֹפֶן דִיא ישועה צוּ בִּיקוּמִין , אִיז זִיךְ נִישְׁט צוּ פַאר לָאזִין , און אַז עֶס אִיז זִיךְ אַזוֹ גְרָאבּ תועה אִין דֶעם דָאזִיגִין אֵיינִים פוּנְקְט וָואס עֶר אִיז אַזוֹ וַואזְנֶיע אִיז עֶס שׁוֹין גָאר אִין גַאנְצִין אִין השד . אָבּ גִיזֶעהִין אָבִּיר פון דֶער בַּאלַאמוּצְטְוָוא מוּזִין מִיר אוֹיךְ בִּימֶערְקִין וִויא זִיא אִיז גָאר אַקִייגִין דִיא אִיבִּירְצַייגוּנְג . אִין דֶעם בּוּךְ פון תפלות שְׁטֵייט אַז דָאס בְּלָאזִין שׁוֹפר אִיז נֵייטִיג כדי כפרת עוֹנוֹת צוּ בִּיקוּמִין : דֶער פוּן אִיז גִידְרוּנְגִין אַז דִיא ישראל זֶענִי

פער

פֶער זִינְדִיגְט. אַז יוֹא אַזוֹ וָואס וֶוערְד פוּן דִיא פֶערְדִינְסְטִין (זכיות) ? וֶוען דִיא ישראל קֶענִין גִירֶעכְטְפֶערְטִיגְט וֶוערִין דוּרְךְ פֶערְדִינְסְטִין, אִיז דָאךְ דָאס שופר בְּלָאזִין אִיבְּרִיג וָוארִין דִיא בְּרוֹיכִין דֶעמָאלְס וַוייטִיר נִישְׁט וִויא נוּר גִירֶעכְטִיגְקֵייט (דין). דֶער דָאזִיגִיר וֶועלְכִיר עֶס הָאט זִיךְ צוּ פַארְלָאזִין אוֹיף הִילְף פוּן וֶועגִין זַיינִי גוּטִי מעשים בִּידַארְף פַאר דֶעם מדת הַדִין גָאר קֵיין מורא נִיט צוּ הָאבִּין אוּן דַארְף דֶעם מדת הרחמים גָאר נִישְׁט, אַזוֹ בַּאלְד וִויא עֶר דֶערְקֶענְט אַז עֶר בִּידַארְף מַאן זָאלל אִיהם מוחל זַיין, אִיז עֶר מודה, אַז עֶר הָאט קֵיינִי פֶערְדִינְסְטִין נִיט. וֶוען נָאךְ דֶעם נָאךְ דָאס בּוּךְ פוּן גִיבֶּעט אִין דִיא אַנְדֶערְקֶענוּנְג פוּן זִינְד אוּן דָאס בִּידֶערְפֶנִיש צוּ סליחת עוונות הָאט רֶעכְט, אַזוֹ הָאט דִיא תורה שבעל פה אוּם רֶעכְט, וַוייל זִיא לֶערִינְט, אַז מַאן וֶוערְד גִירֶעכְטְפֶערְטִיגְט דוּרְךְ פֶערְדִינְסְט. אֵיינְס אִיז וִוידִיר אַנאַנְדִיר מִיט דָאס אַנְדִירִי אוּן דַארִיבִּיר קֶענִין נִישְׁט בֵּיידִי פוּן גָאטט זַיין, אוּן דֶער דָאזִיגִיר וָואס גְלוֹיבְּט בֵּיידִי, וַוייזְט אַרוֹיס אַז עֶר אִיז קֵיין חכם נִיט; אָבִּיר דֶער וָואס טְרָאוֹיט אָן זַיין הֵייל פַאר דֶער נשמה אַזוֹ אֵיין דת אמונה וָואס זִיא אִיז זִיךְ אַלֵיין סותר דֶעם אִיז גָאר דֶער פַארְשְׁטַאנְד בִּינוּמִין. עֶר מַאכְט זַיין אֵייבִּיגִי הֵייל אָבְּהֵיינְגִיק פוּן דֶער אוּם זָאגוּנְג פוּן אַיין צֵייגְנִיש, וָואס עֶס אִיז זִיךְ אַלֵיין סותר, וָואס עֶס זָאגְט אַמָאהל, אַז מַאן קָאן דוּרְךְ פֶערְדִינְסְט גִיהָאלְפִין וֶוערִין, אוּן אָבִּיר וִוידִיר אֵיין אַנְדִירִין מָאהל זָאגְט עֶס, אַז מַאן הָאט קֵיינִי פֶערְדִינְסְט נִיט, וֶועלְכִי זָאלל פַאר דֶעם גִירֶעכְטִין משפט פוּן גָאטט בַּייא דֶער פְּרוּב קֶענִין בִּישְׁטֵיין. —

---

Дозволено Цензурою. Варшава 5 (17) Февраля 1876 г.
Въ Типографіи А. Гинса. Королевская № 1064 D.

# נתיבות עולם

עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז.

דיא אלטי שטעגין.

## נומר ל״ה

דיא לערנונג אז מען זאלל גירעכטפערטיגט ווערין דורך פערדינסט (זכיות), האט פאר דעם מענשין פיל ליבליכקייט, און אזו לאנג וויא ער בידיינגקט דיא זאך ניט מיט ערינסט, שיינט עס איהם פאר גאנץ קלוג, אזו באלד אביר דער בליק אהין אויף דעם טויט אודיר אויף איינין אנדירין אום שטאנד דער גלייכין טרייבט איהם דער צו, אז דיא אבהאנדלונג פון דעם געטטליכין משפט זאלל איהם זעלביר דיראן גיין, פערליהרט זיא אללי איהרי שיינהייט און ליבליכקייט; דאס גיוויססין בירוהיגט זיך ניט ביי איהרי טרייסטונגין און דער שכל דער קלערט פאר אום זיכיר דיא האפפינונג וואס איז זיך סומך אויף פערדינכט. איין רוהיגיר און ערינסטיר בליק צוריק אויף אונזירי פערגאנגיני יאהרין בייווייזט אונס, אז אונזירי גוטי מעשים זענין גאר וועניג און אזו אפילו אונזירי בעסטי מעשים זענין ביפלעקט גיוועזין דורך איין ביימישונג פון אומלאויטירי זאכין וואס האט אונס דער צו גיבראכט, פאר אללים אביר, אז דיא ליבשאפט צו גאטט איז ניט גיוועזין דאס ערשטי וואס האט גיהערשט אין דעם גיפיהל פון אונזירי הערציר, און דאריבער איז אונס דורך אויס נייטיג איין אנדיר רעכטפערטיגונג דער גלייכין. דער אמת פון דעם דאזיגין זאץ, ווערד בישטעטיגט דורך דעם וואס דיא תורה שבעל פה איז זיך אלליין סותר. דיא הויפט זאך פון דער דאזיגיר תורה איז. אז דאס מקיים זיין עפים איני פון איהרי גיבאט פאר שאפט איין גיוויסי סך פערדינסט, און אז דיא צו זאמין האויפונג פון אזעלכי פיל זאכין בריינגט צום סוף אין שטאנד אגוזמא פערדינסטין וואס עס איז שוין גאר גינוג. נור אזו באלד אז עס קומט אן דיא ערינסטי צייט

פון ר"ה און יום כפור װערד גיפונין דיא דאזיגי גוזמא פערדינסטין װאס איז שוין גאר גינוג גיװעזין פאר גיט גינוג, און דאס ביאום רוהיגטי גיװיססין בליקט מיט שרעק ארום, כדי ערגינץ עפים אויף צו זוכין װאס עס זאלל קענין דער זעצין װאס עס פעהלט אין פערדינסט (זכיות). איינע פון דיא רבנישי המצאות װאס זייא האבין ממציא גיװעזין צו דעם דאזיגין תכלית האבין מיר שוין גיװיזין; איצונד װילין מיר איין אנדיר ארט ביטראכטין, און דאס איז, דיא זכות אבות. איינע פון דיא גרעסטע שטיצונג פון דיא רבנישי האפפינונג איז דער זכות פון זייארי עלטירין, װיא מאן קאן עס זעהין כמעט אויף איטליכיר זייט פון דעם יודישין בוך פון תפלות און װיא עס איז אין דעם דאזיגין פערהאנדין.

קשת רוח אשר הועקרה. רופאה לקץ תשעים כנתבקרה. שלחה פארות ולא שקרה: תפן בנצרים אשר חוללו כהיום. ושלש עקרות שהופקדו בזה יום. תצדיק בצדקתם מיחליך איום:

„דיא װאס האט גיהאט איין שװער גימוהט א) װייל זיא האט קיינע קינדיר ניט גיהאט, איז צו נײנציג יאהר גיהײלט גיװארין װיא עס איז איהר אן גיזאגט גיװארין; ב) זיא האט ארוים גישיקט שפראצונג װאס האט ניט גיפעלשט. דוא זאללסט זיך קעהרין און זעהין אויף דעם זכות פון אונזירי אבות, װאס זייא זענין אין דעם דאזיגין טאג גיבוירין גיװארין, און דיא דרייא עקרות ג) װאס זייא האבין קיינע קינדיר ניט גיהאט און זענין אין דעם דאזיגין טאג דער מאנט גיװארין; רעכטפערטיגע דורך זייארי גירעכטיגקייט דיא דאזיגי װאס האפפין אויף דיר דוא פארכטיגיר:
(שחרית ליום א' של ר"ה.)

את היל יום פקודה. באימיו כל לחום לשקדה. גשים בו ברך ליקודה. דעם לישר כעל מוקדה: היוצר יחד כסל נשפט. ושוע ודל בפלוס ישפט. זכר לא יעשה משפט. הין ערכו יזכר במשפט: טרם כל מפעל חצב. יזם במחשבת צור חוצב. כאחור וקדם בתוך נחצב. ליהב עליו כל המחצב: מנתו כהיום כת דושנה. נצר להתניט לתשעים שנה. סוימה אות היות לשושנה. עבור לפניו בזה ראש השנה: פולצו פרחיה בזה יום. צגתם פני כס איום. קול דבובם ירחישו כהיום. רוגשים להריע למצוא פדיום. שעונים עליה בה להפקדה. שואגים בלהק דלתות לשקדה. תמוכים בדשן שה עקידה. תשר אשר בו נפקדה:

עם

---

א) דאס מיינט שרה.

ב) אז זיא װעט איין זון האבין.

ג) דאס איז גימיינט שרה, רבקה, און רחל.

„עס איז דער שרעקליכיר טאג פון גידיינקין א) אין זיין פורכט דער ווארטין אללי בישעפינישין, זייא גיגעהנין אין איהם (אין דעם טאג ר"ה) זייאירי קניא צו בייגין, זייאירי גידאנקין און מחשבות אויס צו גלייכין אז עס זאלל אנגינומין זיין וויא איין בראנד אפפער: דוא בישעפפיר וואס דוא ריכטיסט אללי גידאנקין פון דיא הערציר, דער רייכיר און דער ארימיר ווערין דורך דער וואג שאלל גיריכטיט, גידיינק אן דעם דער וואס האט גיזאגט "זאלל דער ניט גיריכט טהון? ב) דיא שיינקייט פון דעם ערך פון זיין גיבעט זאלסטו גידענקין אין משפט. נאך איידיר עס איז איין בישעפיניש בישאפין גיווארין האסט דוא שוין גידאכט אן דעם פעלזין (אברהם) וואס פון איהם זאלל איין פאלק ארויס קומין; ער איז אויס גיהאקט גיווארין פאר איין מיטל פונקט פאר דיא וואס זענין גיוועזין פריהיר פאר איהם און נאך איהם, ער זאלל זיין איין שטיצונג אז אויף איהם זאלל ארויף גילייגט ווערין אללי וואס זענין בישאפין גיווארין. זיין גאב וואס גאטט האט איהם גיגעבין דאס ווייב (שרה) איז אין דעם דאזיגין טאג מיט קראפט פון יוגינד ביגאבט גיווארין, איין שפראצונג צו פפלאנצין אום פרוכט צו ברענגין צו נײנציג יאהר; זיא איז בישטימט גיוועזין איין צייכין צו זיין פאר דיא וואס זייא זענין גלייך צו איין ראויז ג) דיא וואס גייהין איביר פאר דיר צום גיריכט צו שטייהין אין דעם דאזיגין טאג ר"ה. זייאירי קינדיר וואס שפראצין פון זייא, ציטירין אין דעם דאזיגין טאג, אז זייא שטעללין זיך פאר דעם שטול פון דעם פארכטיגין, דעם קול פון זייארי רייד ביוועגין זייא אין דעם דאזיגין טאג, זייא רווישין צו בלאזין דעם שופר אום דערלייזונג צו גיפינין, זייא לעהנין זיך אן אויף איהר (אויף שרה) אין איהר זכות דער הערט צו ווערין; זייא שרייאין הויך אין פערזאממלונג און האיילין זיך וואכינדיג אין דיא טהירין אריין צו קומין. זייא פערלאזין זיך אויף דיא אשי פון דעם, וואס איז וויא איין לאם

גיבונדין

---

א) דאס איז ר"ה וואס גאטט גידיינקט צו מענשין פאר דיא זינד.

ב) דאס איז גמיינט אברהם, וואס ער האט גיזאגט, „דער ריכטיר פון דער גאנציר ערד, זאל דער ניט גיריכט טהון" (בראשית י"ח, פסוק כ"ה).

ג) דאס זענין גימיינט דיא ישראל.

גִיבּוּנְדִין גִיוֶועֶזֶין א) און וָואס זִיא (שרה) אִיז מִיט אִיהם (מִיט יצחק) אִין דֶעם חודש תשרי גִידֶענְקְט גִיוָוארִין. „דָארְטִין.) דִיא עקידה פוּן יצחק וֶוערְד פַּאר אַיין בִּיזוּנְדִירִין גְרוֹיסִין פֶּערְדִינְסְט בִּיטְרַאכְטִיט און בַּייא אִיטְלִיכִין גִילֶעגֶענְהַייט וֶוערְד עֶס בִּינוּצְט פַּאר אַיין אוֹיס גִיהָאנְגִינִים שִׁילְד פוּן פֶּערְדִינְסְט. אַזוֹ למשל אִין דֶער דָאזִיגִיר שְׁטֶעלל.

והסתכל באפרו של יצחק הצבור על גבי המזבח וזכר לנו עקידתו היום לזרעו של יצחק:

„און בְּלִיק אַהִין אוֹיף דִיא אַשִׁי פוּן יִצְחָק, וָואס אִיז אוֹיף גִיהוֹיפְט גִיוֶועזֶין אוֹיף דֶעם מזבח און גִידֶענְק צוּ אוּנְס הַיינְט זַיין עקידה צוּ דֶעם זָאמְמִין פוּן יצחק!" (שחרית ליום א׳ של ר״ה בתפלת התוקע) און וַוייטִיר.

סמוכים בצדקת אב היה אחד. נשענים בסבך יחיד ומיוחד. מובטחים בתום וביושר אב אחד:

„זַייא זֶענִין זִיךְ סוֹמֵךְ אוֹיף דִיא צדקות פוּן דֶעם פָאטִיר וָואס אִיז גִיוֶועזֶין אֵיינִיר דֶער עֶרְשְׁטִיר, זַייא לֶעהנִין זִיךְ אָן אוֹיף דֶעם דָארִין פוּן דֶעם זכוּת פוּן דֶעם אֵיינְצִיגִין זוּן, און זִיכִירִין זִיךְ אִין דִיא גַאנְצִיגְקַייט און רֶעכְטְפֶּערְטִיגְקַייט פוּן דֶעם פָאטִיר פוּן דָאס אֵיינְצִיגִי פָאלְק." (מוסף ליום ראשון של ר״ה). דִיא דָאזִיגִי עֶרְטִיר וַוייזִין קְלָאר אַרוֹיס, אַז דִיא רבנים הָאבִּין צוּם סוֹף אַיינְגִיזֶעהִין, אַז זַייאִיר אֵייגִינִי לֶערְנוּנְג פוּן דֶער רֶעכְטְפֶּערְטִיגוּנְג דוּרְךְ פֶּערְדִינְסְט (זכיות) אִיז אַיין אוּם זִיכִירִיר פוּנְדַאמֶענְט דֶערוֹיף צוּ בּוֹיהִין זַייאִיר הָאפְפְנוּנְג פוּן הִילְף, און אַז זַייא הָאבִּין גֶערִין גִיוָואלְט זִיךְ הֶעלְפִין מִיט אַזֶעלְכִי פֶּערְדִינְסְטִין וָואס פַּאסְט זִיךְ בֶּעסִיר — וָואס זַייא הָאבִּין גִיהָאפְט אִיצוּנְד צוּ גִיפִינְין אִין דֶעם זכות פוּן זַייאִירִי אבות. דִיא אִיצוּנְדִיגִי יוּדִין, וָואס הַאלְטִין נָאךְ פוּן דִיא דָאזִיגִי תפלות, זֶענִין זַייא דֶער דוּרְךְ מודה, אַז זַייא הָאבִּין דִיא זֶעלְבִּיגִי הָאפְפְנוּנְג; דַארִיבִּיר ווִילְלִין מִיר חוקר ודורש זַיין, אוֹיבּ דִיא דָאזִיגִי זֶענִין אוֹיף אַיין בֶּעסִירִין פוּנְדַאמֶענְט גִיבּוֹיט, אֵיידִיר יֶענִי וָואס זַייא זֶענִין גִיצְווּאוּנְגִין גִיוֶועזִין צוּ פֶערְלָאזִין. מִיר גְלוֹיבִּין אַז דָאס אִיז נִיט דֶער פַאלל. וָוארִין עֶרְשְׁטִינְס הָאטְשִׁי וִויא זַייאִיר מִיר הַאלְטִין אוֹיךְ דִיא עֶרְשְׁטִי אבות אברהם, יצחק, און יעקב, בכבוד פַאר פְרוּמִי מֶענִיר, זֶענִין זַייא לסוֹף דָאךְ זִינְדִיגִי מֶענְשִׁין גִיוֶועזִין וִויא מִיר; זַייא הָאבִּין זִיךְ

אליין

א) דאס איז דיא עקידה גימיינט.

אַלֵיין דורךְ זֵייאִיר אֵייגִינִי גִירֶעכְטִיגְקַייט נִיט גִיקֶענְט זֶעלִיג מַאכִין, וְוִיא זָאלְלִין זֵייא נון אוּנְס קֶענִין זֶעלִיג מַאכִין ? צוּ עֶרְשְׁט וָואס עֶס בִּיטְרֶעפְט אברהם, הָאטְשִׁי עֶר אִיז דורךְ דִיא גִינָאד פוּן גָאטט דֶער פָּאטְרִיר פוּן אַלְלִי מאמינים, פוּן דֶעסְט וֶועגִין אִיז עֶר דָאךְ אִין זִיךְ אַלֵיין אַזוֹ שְׁוַואךְ אִין גְלוֹיבִּין גִיוֶועזִין אוּן אַזוֹ נִיט גִיטְרוֹיט דִיא גוּטִיגְקַייט אוּן דִיא גִינָאד פוּן גָאטט, אַז עֶר הָאט זִיךְ מִיט אַזוֹ אַיין גְרוֹיסִין שקר גִיהָאלְפִין, כדי זִיךְ צוּ בִּישִׁיצִין פַאר דִיא מצרים א) שרה הָאט אַזוֹ וֶוענִיג אמונה גִיהַאט, אַז זִיא הָאט בַּייא דֶער הבטחה פוּן גָאטט בַּייא זִיךְ זֶעלְבִּירְט גִילַאכְט אוּן דֶער נָאךְ זִיךְ דוּרְךְ אַיין לִיגִין פֶערֶענְטְווִירְט. יצחק הָאט זִיךְ אוֹיךְ דוּרְךְ אַזוֹ אַיין גְלַייכִין זִינְד פֶערְשׁוּלְדִיגְט, ב) אוּן מִיט דֶעם וָואס יעקב הָאט מרמה גִיוֶועזִין זַיין בְּרוּדִיר, הָאט עֶר בִּישַׁייְנְפִּירְלִיךְ אַרוֹיס גִיווִיזִין, אַז עֶר אִיז אוֹיךְ אַיין אָרִימִי זִינְדִיגִי בִּישֶׁעפִּנִישׁ גִיוֶועזִין. מִילָא וואו זֶענִין זֵייאִירִי אִיבִּירִיגִי פֶערְדִינְסְטִין, אַז זֵייא זָאלְלִין קֶענִין. אַלְלִי דִיא וָואס קוּמִין פוּן זֵייא אַרוֹיס רֶעכְטְפֶערְטִיגִין ? דָאס וָוארְט פוּן גָאטט זָאגְט אָבִּיר בפירוש :

אח לא פדה יפדה איש לא יתן לאלהים כפרו :

„דֶער לֵייזִין קָאן קֵיין מֶענְשׁ נִיט דֶער לֵייזִין אַיין בְּרוּדִיר, עֶר קָאן נִיט גֶעבִּין צוּ אלהים דָאס אוֹיס לֵייז גֶעלְד פַּאר אִיהם״. (תהלים מ״ט, פסוק ח׳.) מִילָא וִויא זָאלְלִין נוּן יֶענִי דְרַייא מֶענִיר אִין שְׁטַאנְד זַיין זֵייאִירִי אַלְלִי וָואס קוּמִין פוּן זֵייא אַרוֹיס צוּ דֶערְלֵייזִין ? וֶוען זֵייא וָואלְטִין גִינוּג פֶערְדִינְסְטִין גִיהַאט, כדי דִיא אוּם גִירֶעכְטִיגְקַייט פוּן זֵייאִירִי קִינְדִיר ווִידִיר גוּט צוּ מַאכִין, אַזוֹ וָואלְטִין זֵייא טַאקִישׁ גִיהַאט אַיין אוֹיס לֵייז גֶעלְד, נָאךְ דֶעם שְׁטֵייגִיר נָאךְ, אִיז דָאס וָוארְט פוּן גָאטט, וָואס עֶס זָאגְט, אַז קֵיינִיר הָאט קֵיין אוֹיס לֵייז גֶעלְד נִיט, נִישְׁט אמת. וֶוען דֶערְקֵייגִין דִיא וֶוערְטִיר פוּן תהלים זֶענִין אמת—אוּן דֶער אִיז קֵיין יוּד נִיט, דֶער וָואס הַאלְט זֵייא פֶער פַאלְשׁ—דֶען הָאבִּין דִיא אבות קֵיינִי צוּ פִיל פֶערְדִינְסְטִין אוּן קֵיין אוֹיס לֵייזִי גֶעלְד פַאר זֵייאִירִי קִינְדִיר דָא צוּ בְּרֵיינְגִין ; דֶען אִיז דִיא הָאפְנוּנְג וֶועלְכִי עֶס אִיז גִישְׁטִיצְט אוֹיף זֵייאִירִי גִירֶעכְטִיגְקַייט בִּיטְרִיגִירִישׁ, אוּן דִיא יֶענִיגִי דִיא וָואס פֶער לָאזִין זִיךְ אוֹיף דָאס זֶעלְבִּיגִי, וֶועלִין זִיךְ אִין דֶער שעה פוּן משפט שְׁרֶעקְלִיךְ אִין תעות גִיפִינִין

---

א) ער האט גיזאגט אויף זיין ווייב שרה אז זיא איז זיין שוועסטיר.

ב) ער האט אויך אויף רבקה זיין ווייב גיזאגט אז זיא איז זיין שוועסטיר.

גיפינין; יא טאקיש נאך מעהר, זייא וועלין זיך אפילו גאר פער פלוכט גיפינין, וויל זייא זענין אב גיווייכט פון הארר גאטט, דער דאזיגיר וועלכיר זעצט זיין בטחון אויף דיא צדקות פון אברהם, יצחק, אונ יעקב, אונ דער ווארטיט, אז דאס וועט איהם מציל זיין פון דעם צארין פון גאטט, זעצט בישיינפירליך זיין בטחון אויף מענשין אונ האלט פלייש פאר זיין ארים. ווען דיא פערדינסטין פון דיא ערשטי אבות קענין מציל זיין זייארי קינדיר פאר דעם צארין פון גאטט, אזו איז ניט גאטט דער דערלייזיר פון ישראל, נייארט דיא ערשטי אבות זענין זייני דערלייזיר, אונ ארים, שטערבליכי מענשין זענין זייני האפפינונג אונ זייני בישיצונג. אביר דער נביא זאגט:

ארור הגבר אשר יבטח באדם ושם בשר זרועו ומן יהוה יסור לבו.

„פער פלוכט איז דער מענש וואס ער פאר לאזט זיך אויף מענשין אונ האלט פלייש פאר זיין ארים, אונ פון גאטט טהוט ער זיין הארץ אב". (ירמיה י"ז, פסוק ה'.) דרום איז וועיט דער ווייטירט זיכיר צו זיין אויף דיא פערדינסט פון אברהם, יצחק, אונ יעקב, עס מאכט נאך פיל גרעסיר דיא שולד פון דעם זינדיר אונ רופט איין גידאפילט קללה אראפ. אונ עס איז דאך, גאטט זעלבירט גיפעלין גיווארין, דיא שאלה דיא יודין פון ווייטין צו ענטווירין, וויל ער זעצט דעם פאלל, אז איין פאטיר וואס ער איז איין צדיק האט איין אום גירעכטין זון, אונ דערקלערט דירבייא, אז דער זון קאן ניט גיהאלפין ווערין דורך דעם פאטירס צדקות: אין יחזקאל הנביא זאגט גאטט: ווען איינער איז דא פרום, אונ ער טהוט גירעכט אונ גירעכטיגקייט וגו'... לעבין זאלל ער לעבין, אזו טהוט ריידין יהוה אלהים. ווען ער האט אביר גיהאט איין שלעכטין זון וואס פערגיסט בלוט, אודיר ער טהוט אזו איין גלייכין איין אנדירי זאך, אונ קיין איינציגי פון אנדירי זאכין טהוט ער ניט, נייארט ער עסט אויף דיא בערג אונ ביפלעקט זיין גיזעלינס וייב, דעם ארימין אונ דעם נויט בידערפטיגין האט ער גיפייניגט, מיט גוואלד עפיס אוועק גירויבט, דעם פפאנד גיבט ער ניט אוועק, זייני אויגין העבט ער אויף צו דיא געצין אום ווירדיגקייט צו טהון, ער גיבט אויף רווחים אונ מעהרונג האט ער גינומין; זאלל ער דען לעבין? ער זאלל ניט לעבין; נייארט וויל ער האט אזעלכי אום ווירדיגקייט גיטהון זאלל ער דעם טויד שטארבין, זיין בלוט זאלל אויף איהם זיין". (יחזקאל י"ח, פסוק ה'

ה׳-י״ג.) דָא מַאכְט גָאטט אַיין סוֹף פוּן אִיטְלִיכִים אוּם גְיִווִיסְהַייט פוּן אַזֶעלְכִי זַאכִין, אוּן בִּישְׁטִימְט, אַז דִיא גִירֶעכְטִיגְקַייט פוּן פַּאטִיר הֶעלְפְט דֶעם אוּם גִירֶעכְטִין זוּן נִישְׁט אוּן קָאן אִיהם פוּן דִיא שְׁטְרָאף נִיט פְּרַייא מַאכִין, וָואס עֶס קוּמְט אִיהם פַאר זַיינִי בֵּייזִי מעשים. נָאךְ דֶעם נָאךְ אִיז דִיא לֶערְנוּנְג פוּן דֶער רֶעכְטְפֶּערְטִיגוּנְג דוּרְךְ זכות אבות פְּרָאסְטָא סוֹתר דִיא אוֹיס דְרִיקְלִיכִיר דֶערְקְלֶערוּנְג פוּן גָאטט זֶעלְבִּיר, אוּן דרוּם לֶערְנִין אוֹיךְ דִיא יוּדִישִׁי ספרים פוּן תפלות, אוּן דִיא תורה שבעל פה אִין דֶעם דָאזִיגִין אוֹפֶן אַיין תעות, אוּן פִיהְרִין דִיא יוּדִין צוּם אֵייבִּיגִין פֶּערְדֶערְבְּנִיש, וַוייל זֵייא גִיבִּין זֵייא אַיין עצה, אוֹיף אַזוֹ וָואס צוּ זֶעצִין זֵייאִיר פֶּערְטְרוֹיהִין, וָואס עֶס קָאן זֵייא קֵיין נוּצִין נִיט בְּרֵיינְגִין. עֶס אִיז אַיין טְרוֹירִיגִיר אוּן שְׁרֶעקְלִיכִיר טֵיאַטִיר, דָאס אַלְטִי פָאלְק פוּן גָאטט אַזוֹ פַאר אִירְט פַאר פִירְט צוּ זֶעהִין. אִין דֶער דָאזִיגִיר צַייט *) בִּימִיהִין זִיךְ דִיא פְרוּמִי פוּן זֵייא, זִיךְ צוּ גָאטט צוּ בִּיקֶעהְרִין, זֵייא פַאסְטִין אוּן זֶענִין מתפלל, אוּן פוּן דֶעסְטְוֶועגִין וֶוערְד נִיט דָאס אֵיינִי אוּן נִיט דָאס אַנְדִירִי אָנְגִינוּמִין, וַוייל זֵייא פֶּערְלָאזִין זִיךְ אוֹיף דֶעם זכות פוּן אַנְדִירִי מֶענְשִׁין, אוּן זֵייאִיר הַארְץ אִיז פוּן גָאטט זֵייאִירִין דֶערְלֵייזִיר אָבּ גִיקֶעהְרְט. אָנְשְׁטָאט אַז דָאס גִיבֶּעט פוּן בית הכנסת זָאלל דִיא ברכה אַרָאפּ רוּפִין פוּן גָאטט ב״ה, טוֹיגִין זֵייא נוּר דֶער צוּ, זַיין צָארִין צוּ פֶער שְׁטַארְקִין וַוייל זֵייא צִיהִין אָבּ דִיא ישראל פוּן זֵייאִיר דֶערְלֵייזִיר אוּן פִיהְרִין זֵייא אַהִין צוּ בִּיטְרִיגִירִישִׁי סְפֶּאקָאבִּים פוּן בִּישִׁיצוּנְג. דַארִיבִּיר אִיז עֶס אוֹיךְ גִישֶׁעהִין, אַז אַלְלִי פַאסְטִין אוּן בֶּעטִין פוּן דִיא ישראל אִין דִיא זִיבִּינְצֶעהִין הוּנְדִירְט יָאהר אִיז פוּן גָאטט נִיט גִיאַכְטִיט גִיוָוארִין אוּן זֵייא לֶעבִּין נָאךְ אִיצוּנְד אִין גלות. – אוּן וַוייל אִיטְלִיכִיר לִיגִין אוּן אִיטְלִיכִיר תעות לִיגְט אִין זַיין גְרוּנְד עֶפִּיס אַיין אמת, אַזוֹ וֶועט עֶס רֶעכְט גוּט זַיין, וֶוען מִיר זֶענִין חוקר ודורש, וֶועלְכִיר אמת אִיז דִיא סיבה גִיוֶועזִין אַז דֶער פוּן אִיז אַרוֹיס גִיקוּמִין דֶער תעות פוּן דֶער רֶעכְטְפֶּערְטִיגוּנְג דוּרְךְ דִיא זכות אבות. דָאס הוֹיבְּט פוּן דֶעם תעות אִיז, אַז אַיין זִינְדִיגִיר קֶען גִיהָאלְפִין וֶוערִין דוּרְךְ דֶעם זכות פוּן אַיין אַנְדִירִין, וָואס אִיז אַיין צַדִיק. אוֹיף וֶועלְכִין אוֹפֶן הָאט זִיךְ נוּן דִיא דָאזִיגִי הוֹיפְּט זַאךְ צְווִישִׁין דִיא יוּדִין פֶער בְּרֵייטִירְט? קֵיינִי אַרוֹיס גִיפוּנְנִי זַאךְ פוּן מֶענְשְׁלִיכִין שכל אִיז עֶס גִיוִויס נִיט; וָוארִין דֶער שכל זעהט

*) פוּן ר״ה בּיז יוה״כ.

יֶעהט גָאר נִיט אַיין אַז דֶער זכות פון אַיין צַדִיק זָאלל בַּארְפִין אַיין פֶערְבִּינְדוּנְג הָאבִּין מִיט זִינְד פֶערְגֶעבּוּנְג פון אַיין אַנְדִירִין וָואס עֶר בַּארְף גִישְׁטְרָאפְט וֶוערִין. אִין דִיא גִיוֶועגְלִיכִי הנהגות פון אַיין קָאנְד (בית דין) אִין דֶער דָאזִיגִיר וֶועלְט קָאן אַזוֹ אַיין זַאךְ נִיט אָנְגֶעהִין; אַיין גזלן אוֹדִיר אַיין רוצח וֶוערְד נִיט אוּן קָאן נִיט פְרַייא גִישְׁפְּרָאכִין וֶוערִין ווייל אַיין אַנְדִירִיר פון זֵיינִיר גִימֵיינְדִי אוֹדִיר פון זַיין פַאמִילְיֶע אִיז אַיין גוּטִיר מֶענְשׁ אוּן אַיין צדיק. בכן מוּזִין מִיר זִיךְ אַנְדִירְשׁ וואו אַרוֹם זֶעהִין פוּן וַואנִין דִיא דָאזִיגִי הוֹיפְּט זַאךְ וַואקְסְט אַרוֹיס, אוּן גִיפִינִין עֶס אִין דֶעם אַנְטְפְּלֶעקְטִין ווִילְלִין פון גָאטט, אוּן דָאס אִיז דִיא בִּישְׁטִימוּנְג פון דִיא קרבנות אוּן דָאס מכפר זַיין, עֶס קָאן אַיין שוּלְדִיגִיר מֶענְשׁ דוּרךְ דָאס מקריב זַיין אַיין אוּם שוּלְדִיגִי בהמה דֶער לַאנְגִין פֶערְגֶעבּוּנְג. דָא הָאבִּין מִיר אוֹיף אֵיין מָאהל דֶעם יסוד פון דֶער שְׁטֶעלל פֶערְטְרֶעטוּנְג פון אֵיינִים אוּם שוּלְדִיגִין פַאר דֶעם שוּלְדִיגִין, אוּן וֶוען דֶער מֶענְשְׁלִיכִיר פֶערְשְׁטַאנְד הָאט אֵיין מָאהל גִיפוּנִין וָואס עֶס אִיז אִין דֶעם אופן פָאר גִילֵייגְט, אַזוֹ וֶוערְט עֶס אִיהם לַייכְט אוֹיף צוּ שְׁטֶעלְלִין דָאס גִיבַּייא וָואס עֶס זָאלל וַוייטִיר דֶער פון אַרוֹיס קוּמִין אוּן גִידְרוּנְגִין זַיין. אִין דֶעם דָאזִיגִין פַאלל וָואס מִיר הָאבִּין דָא אִיז עֶס גִיוֶועזִין אַיין גַאנְץ נַאטִירְלִיכִיר גִידְרַאנְג, אַז, וֶוען דֶער טוֹיד פון אַיין בהמה וָואס הָאט קֵיין שכל נִיט הָאט שוֹין אַזוֹ פִיל גִיקֶענְט פועל זַיין, פשיטא שוֹין מוּז פִיל מֶעהר קֶענִין מַאכִין דֶער זכות פון אַיין מֶענְשִׁין וָואס עֶר אִיז אַיין צדיק, וֶוען עֶס זָאלל אַזֶעלְכִיר קֶענִין גִיפוּנִין וֶוערִין. מֵילָא דֶער תעות לִיגְט נִיט אִין דֶעם יסוד זֶעלְבִּירְט בַּייאִירְט נוּר אִין דֶעם גִידְרַאנְג פון אִיהם. עֶס אִיז טַאקִיש דֶער גְלַייכִין דִיא שְׁרִיפְט אמת, אַז דֶער אוּם שוּלְדִיגִיר קָאן אַנְשְׁטַאט דֶעם שוּלְדִיגִין זַיין; נוּר דִיא רבנים הָאבִּין ד א ר י נ י ן אוּם רֶעכְט, אַז זַייא וֶוענְדִין אָן דֶעם דָאזִיגִין אמת אַז עֶס בִּיצִיהט זִיךְ אוֹיף אברהם, יצחק, אוּן יעקב, אוּן אוֹיף אַנְדִירִי מֶענְשִׁין, דִיא וָואס זֶענִין נִישְׁט מֶעהר נוּר אוֹיךְ אַזֶעלְכִי זִינְדִיגִי גִיוֶועזִין ווִיא זַייא זֶעלְבִּירְט. דָאס וָוארְט פון גָאטט וָואס עֶס שְׁטֶעלְט אוֹיף יֶענִים יסוד, פִיהרְט אוּנְס אוֹיךְ צוּ דֶעם רִיכְטִיגִין גִידְרַאנְג דֶער פון; עֶס זָאגְט אוּנְס פון אֵיינִים, וָואס פון זַיינִי גִירֶעכְטִיגְקַייט וֶועגִין ווִילל גָאטט זִינְד מוֹחל זַיין:

### יהוה חפץ למען צדקו יגדיל תורה ויאדיר

„יהוה הָאט בִּיגֶעהְרְט פון וֶועגִין זַיינִי גִירֶעכְטִיגְקַייט אַז עֶס זָאלל דִיא

לערנונג

לֶערְנוּנְג גְרוֹיס און הֶערְלִיךְ מַאכִין״. (ישעה מ״ב פסוק כ״א) מֵילָא וֶוער אִיז דֶער דָאזִיגִיר אֵיינִיר? דִיא פסוקים וָואס שְׁטֵייהִין פְרִיהִיר זָאגִין אוּנְס, אַז עֶס אִיז דֶער קְנֶעכְט פון גָאטט. וֶוער אָבִיר אִיז דֶער קְנֶעכְט פון גָאטט? קמחי זָאגְט בַּייא דֶעם דָאזִיגִין פסוק אַז דֶער קְנֶעכְט פון גָאטט אִיז דֶער נביא, נוּר אָבִיר דָאס קָאן אוּם מִיגְלִיךְ אמת זַיין, וָוארִין דֶער נביא אִיז קֵיין צדיק נִיט גִיוֶועזִין, נֵייאִירְט אֵיין זִינְדִיגִיר, וִויא עֶר זָאגְט אוּנְס אַלֵיין אִין זֶעכְסְטִין קאפיטל: אִיךְ בִּין אַיין מַאן פון אוּם רֵיינִי לִיפְּפִּין.

„דֶער קְנֶעכְט וֶועלְכִיר עֶס וֶוערְד דֶער מָאנְט אִין דֶעם נַיינְצֶעהִינְטִין פסוק אִיז דֶער זֶעלְבִּיגִיר, וָואס עֶר וֶוערְד אָנְגִירוּפִין „מַיין קְנֶעכְט״ אִין דֶעם עֶרְשְׁטִין פסוק פון דֶעם קאפיטל, וִויא עֶס שְׁטֵייהִיט: הן עבדי „נוּן מַיין קְנֶעכְט, וֶועלְכִין אִיךְ טְהוּא אוּנְטִיר לֶענִין, מַיין אוֹיס דֶער וֶוייהלְטִיר, וָואס מַיינִי זֵייל הָאט אָן אִיהם וואהול גִיפַאלִין. אִיךְ הָאבּ גִיגֶעבִּין מַיין רוּח אוֹיף אִיהם; אַז עֶר זָאלל אַרוֹיס בְּרֶענְגִין דָאס גִירִיכְט צוּ דִיא פֶעלְקִיר.״ דָא אָבִּיר זָאגְט קמחי:

זהו מלך המשיח כמו שפירשנו:

„דָאס אִיז דֶער קֶינִיג משיח, אַזוֹ וִויא מִיר הָאבִּין מפורש גִיוֶועזִין״. מֵילָא וֶוען אִין דֶעם עֶרְשְׁטִין פסוק וָואס עֶס שְׁטֵייט „דֶער קְנֶעכְט פון גָאטט״ אִיז עֶס גִימֵיינְט דֶער משיח, אַזוֹ אוּמִידוּם אִין דֶעם גַאנְצִין קאפיטל וואו עֶס שְׁטֵייט נוּר דֶער מָאנְט „דֶער קְנֶעכְט״ מוּז מַאן פַאר שְׁטֵייהִין דֶעם זֶעלְבִּיגִין״ און דֶער משיח אִיז עֶס דֶער יֶענִיגִיר וָואס דֶער הַארר גָאטט ווִילל אַז פון זַיינִי צדקות וֶועגִין זָאלל עֶס זֵייא וואויל זַיין. דֶער זֶעלְבִּיגִיר נביא זָאגְט אִין אֵיין אַנְדִירִין אָרְט וָואס עֶס בִּיצִיהט זִיךְ אוֹיף דֶעם דָאזִיגִין קְנֶעכְט:

בדעתו יצדיק צדיק עבדי לרבים ועונותם הוא יסבול:

„מִיט זַיינִי דֶערְקֶענְטְנִיס וֶועט מַיין גִירֶעכְטִיר קְנֶעכְט פִיל גִירֶעכְט מַאכִין וָוארִין עֶר וֶועט טְרָאגִין זֵייאִירִי זִינְד״. (ישעיה נ״ג, פסוק י״א) אוֹיבּ דָא אִיז דֶער משיח גִימֵיינְט קָאן קֵיין יוּד נִיט מסופק זַיין דֶער וָואס עֶר אִיז מתפלל דִיא תפלות פון בית הכנסת; וָוארִין אַזוֹ גוּט אוּם יום כפור וִויא אוּם פסח וֶוערְד דֶער דָאזִיגִיר קאפיטל אוֹיף דֶעם משיח גִימֵיינְט *) מֵילָא דא

*) זעה היין אין מחזור, אין פיוט פון דער קדושה פון מוסף יום כפור: אז מלפני בראשית. און אין יוצר פון ערסטין טאג פסח פאר סמוכה עסרה: ברח דודי עד שיפוח קץ מחזה.

דָא וֶוערְד אוֹיס דְרִיקְלִיךְ גִיזָאגְט אַז דֶער משיח וֶועט דוּרךְ זַיינִי גִירֶעכְטִיגְקַייט דִיא זִינְדִיגִי גִירֶעכְט מַאכִין. אוּן דַארִיבִּיר רוּפְט אוֹיךְ דֶער נביא דֶעם משיח יהוה צדקנו „גָאטט, דֶער וָואס אִיז אוּנְזִיר גִירֶעכְטִיגְקַייט.“ (ירמיה כ״ג, פסוק ו׳) דָאס אָבִּיר אַז דָא אִיז דֶער משיח גִימֵיינְט, קָאן קַיין ספק נִיט זַיין, וָוארִין עֶר וֶוערְד בִּישְׁרִיבִּין אַז אַיין צמח צדיק „גִירֶעכְטִיר שְׁפְּרָאצוּנְג פוּן דוד“ אוּן אַזוֹ זֶענִין אַלְלִי מפרשים דִיא דָאזִיגִי שְׁטֶעלְלִי מפורש. אִין דִיא דָאזִיגִי דְרַייא שְׁטֶעלְלִין פוּן דֶער הֵיילִיגִיר שְׁרִיפְט (כתבי הקודש) וֶוערִין נָאךְ דֶעם אופן, דִיא זִינְדִיגִי אוֹיף דֶעם משיח אַהִין גִיוִויזִין אַזוֹ וִויא אוֹיף זֵייאִיר הָאפְּפִינוּנְג אוּן גִירֶעכְטִיגְקַייט; עֶר אִיז גָאטְטִים גִירֶעכְטִיר קְנֶעכְט; אוּן זַיינִי לֵיידִין אוּן פֶערְדִינְסְט זֶענִין מֶעהר וִויא גִינוּג, אוּם דָאס אוֹיס צוּ וֶוערְקִין וָואס אברהם יצחק אוּן יעקב קֶענִין נִישְׁט אוֹיס וִוירְקִין. מֵילָא דֶער גְרוֹיסִיר תעות פוּן דֶער תורה שבעל פה אִיז דֶער, דָאס וָואס עֶס וַוייזְט אַהִין אוֹיף אוּם רֶעכְטִי נפשות, דִיא וָואס הָאבִּין קַיינִי גִירֶעכְטִיגְקַייט נִיט, אוּן דֶעם וָואס גָאטט הָאט בִּיצֵייכִינְט פַאר אַיין הָאפְּפִינוּנְג פַאר דִיא זִינְד, גֵייהִיט זִיא כמעט גָאר אַרִיבִּיר. מַאן וָואלְט אָבִּיר דָא קֶענִין דִיא שאלה אַרוֹיף וַוארְפִין וֶוען דֶער משיח אִיז אַיין מֶענְשׁ, וִויא קָאן עֶר מֶעהר פֶערְדִינְסְט (זכיות) הָאבִּין, וִויא אברהם אוֹדִיר עֶרְגִינְץ אַיין אַנְדִירִיר וָואס קוּמְט אַרוֹיס פוּן אדם הראשון? דֶערוֹיף עֶנְטְוִוירִין מִיר, עֶר אִיז באמת אַיין מֶענְשׁ, דָאךְ אָבִּיר נִיט קַיין זִינְדִיגִיר מֶענְשׁ, וִויא מִיר, אוּן אַז עֶר אִיז נִיט בְּלוֹס מֶענְשׁ. וָואלְט עֶר אַיין מֶענְשׁ גִיוֶועזִין, וִויא מִיר, אַזוֹ וָואלְט עֶר נִיט גִיקֶענְט קַיין פֶערְדִינְסְט (זכיות) הָאבִּין, אוּן דַארוּם וָואלְט עֶר אוּנְס אַזוֹ גִיקֶענְט רֶעכְטְפֶערְטִיגִין, אַזוֹ וִויא מִיר וָואלְטִין אִיהם גִיקֶענְט רֶעכְטְפֶערְטִיגִין. מֵילָא בכן דִיא דֶערְקְלֶערוּנְג אַז עֶר אִיז גָאטְטִים גִירֶעכְטִיר קְנֶעכְט אוּן אִיז בִּישְׁטִימְט אַז עֶר זָאלל רֶעכְטְפֶערְטִיגִין דִיא זִינְדִיגִי, וַוייזְט קְלָאר פְּרִיהִיר אַרוֹיס אַז עֶר אִיז מֶעהר וִויא מֶענְשׁ, אוּן דֶער נָאמִין, וָואס דֶער נביא ירמיה לֵייגְט אִיהם בַּייא, מַאכְט אַז עֶס זָאלל דֶערִינִין קַיין שום ספק נִיט זַיין. ירמיה רוּפְט אִיהם מִיט דֶעם נָאמִין פוּן גָאטט וָואס עֶס וֶוערְד אוֹיס גִישְׁפְּרָאכִין יהוה, וָואס עֶס בִּיצִיהט זִיךְ אוֹיף וֶועלְכִין גָאטט אַלְלֵיין זָאגְט:

אני יהוה הוא שמי וכבודי לאחר לא אתן

„אִיךְ בִּין יהוה, דָאס אִיז מַיין נָאמִין אוּן מַיינִי הֶערְלִיכְקַייט וֶועל אִיךְ צוּ אַיין אַנְדִירִין נִיט גֶעבִּין“. (ישעיה מ״ב פסוק ח׳.) מֵילָא וֶוען יהוה אִיז

דֶער נָאמִין פון גָאטט, אַזוֹ מוּז דֶער נפש גָאטט זַיין וֶועלְכֶער וֶוערְד אָנְגֶערוּפִין מִיט דֶעם דָאזִיגִין הֵיילִיגִין נָאמִין. נון וָואלְטִין אָבֶּער פון דִיא אִיצוּנְדִיגֶע רבנים אפשר וֶועלִין דֶעם אָבְּוֶוענְד מַאכִין באשר דֶער דָאזִיגֶער הֵיילִיגֶער נָאמִין וֶוערְד אַזוֹ גוּט פון ירמיה וִויא אוֹיךְ פון יחזקאל דֶער שְׁטָאט ירושלים אוֹיךְ בַּייא גִילֵייגְט; נוּר וֶוען מִיר וָואלְטִין דָאס אפילו מסכים זַיין אַזוֹ וֶוערְד דֶער מִיט פון דֶעסְט וֶועגִין אוּנְזֶערֶע בִּיוַוייזִינִישִׁין נִיט אָבְּגִיוֶוענְד. עֶס אִיז בשום אופן קֵיין מורא נִיט צוּ הָאבִּין אַז אַיין שְׁטָאט, וָואס זִיא מֶעג אוֹיךְ נָאךְ אַזוֹ גְרוֹיס און שֵׁיין זַיין, אִיז עֶס דָאךְ נִיט מֶעהר וִויא נוּר אֵיין טוֹיטֶע זַאךְ פון שְׁטֵיינֶער און לֵיים, זָאלל דוּרְךְ דֶעם וָואס מַאן פֶּערְשְׁטֵייהְט עֶס נִיט גוּט, גִיהַאלְטִין וֶוערִין פַּאר דֶעם לֶעבֶּענְדִיגִין גָאטט, דֶער וָואס הָאט בִּישַׁאפִין דִיא הִימִיל און דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט מִיט אַלְץ וָואס דֶערִינִין אִיז. דְרוּם וֶוען דֶער נָאמִין פון גָאטט וֶוערְד יֶענֶער שְׁטָאט בַּייא גִילֵייגְט, אַזוֹ אִיז אִיהר דֶער מִיט דֶער כבוד פון גָאטט נִיט גִיגֶעבִּין. וֶוען מַאן זָאגְט אוּנְס אָבֶּער פון דֶעם משיח, אַז עֶר אִיז, עֶרְשְׁטִינְס אַיין גִירֶעכְטֶער, צְוֵוייטִינְס, אַז זַיינֶע צדקות אִיז אַזוֹ גְרוֹיס, אַז עֶר קָאן דִיא זִינְדִיגֶע גִירֶעכְט מַאכִין, און צוּם סוֹף, דְרִיטִינְס, זַיין נָאמִין אִיז יהוה, „גָאטט פון אוּנְזֶערֶע גִירֶעכְטִיגְקֵייט״ דָאס הֵייסְט, וֶוען מִיר זֶעהִין, אַז אִיהם וֶוערִין בַּייא גִילֵייגְט דִיא מדות און דֶער נָאמִין פון גָאטט, דֶען מוּזִין מִיר דְרִינְגִין, אַז עֶנְטְוֶועדֶער עֶר אִיז גָאטט אוֹדֶער אַז גָאטט הָאט דָאס גִיטָהוּן, וָואס עֶר הָאט גִיזָאגְט אַז עֶר ווילל עֶס נִיט טָהוּן, דָאס הֵייסְט אַז עֶר הָאט זַיינֶע הֶערְלִיכְקֵייט אֵיינִים אַנְדֶערִין גִיגֶעבִּין. גִירֶעכְטִיגְקֵייט אִיז נוּר דִיא מעלה פון גָאטט אַלְלֵיין—אַזוֹ וִויא דניאל זָאגְט:

לְךָ יהוה הצדקה ולנו בושת הפנים כיום הזה:

„צוּ דִיר גָאטט אִיז דִיא גִירֶעכְטִיגְקֵייט, און צוּ אוּנְס דִיא שַׁאנְד פון דֶעם אַנְגִיזִיכְט. „(דניאל ט׳ פסוק ז׳) אִין דִיא אוֹיבִּין גִידַאכְטֶע שְׁטֶעלְלִין אָבֶּער וֶוערְד דִיא גִירֶעכְטִיגְקֵייט דֶעם משיח בַּייא גִילֵייגְט, און באמת נָאךְ אפילו אִין אַזוֹ אַיין הוֹיכִין גְרַאד, אַז זִיא וֶוערְד בִּיטְרַאכְטִיט פַּאר אַזוֹ פִיל גִינוּג, אוּם דִיא זִינְדִיגֶע מֶענְשְׁלִיכֶע קִינְדֶער צוּ רֶעכְטְפֶערְטִיגִין; מִילָא בכן אַז עֶר הָאט דִיא דָאזִיגֶע מעלות פון גָאטט, אַזוֹ מוּז עֶר אוֹיךְ גֶעטְלִיכֶע נַאטוּר זַיין. אַיין אַנְדֶערֶער נביא זָאגְט: אךְ ביהוה לי אמר צדקות ועוז: „בַּייאִירְט אִין יהוה, זָאגְט מַאן, אִיז צוּ מִיר גִירֶעכְטִיגְקֵייט און שְׁטַארְקְהַייט. „(ישעיה מ״ה, פסוק כ״ד.) און וַוייטֶער: ביהוה

יצדקו ויתהללו כל זרע ישראל „אִין יהוה וֶועלִין גִירֶעכְט זַיין אוּן וֶועלִין זִיךְ בְּרִיהמִין דֶער גַאנְצִיר זָאממִין פוּן ישראל.„ (דָארְטִין פסוק כ"ה) מֶילָא דָא וֶוערְד גִיזָאגְט, אַז גָאטט אִיז אוּנְזִיר גִירֶעכְטִיגְקֵייט, אוּן אַז מִיר וֶוערִין אִין אִיהם גִירֶעכְט; אָבִּיר אִין דִיא אוֹיבִּין גִידַאכְטִי שְׁטֶעללִין וֶוערְד גִיזָאגְט, אַז דֶער משיח אִיז אוּנְזִירִי גִירֶעכְטִיגְקֵייט, אוּן מִיר וֶוערִין אִין אִיהם גִירֶעכְט. דֶער נפש וָואס עֶס אִיז אִין דִיא דָאזִיגִי אַללִיר הַאנְד שְׁטֶעללִין אָנְגִיוִויזִין, מוּז מסתמא אַלְץ אֵיינְס אוּן דִיא זֶעלְבִּיגִי זַיין. אוֹיף דֶעם אוֹפן זֶענִין אַללִי חוּמְרוֹת פֶערֶענְטְווִירְט, אוּן מִיר הָאבִּין אֵיינִים וָואס מִיר קֶענִין זִיךְ אוֹיף זַיינִי גִירֶעכְטִיגְקֵייט זִיכִיר פֶערְלָאזִין, אָן דֶעם זִיךְ מִיט דֶער קללה צוּ בִּילָאדִין, וָואס עֶס אִיז אוֹיס גִישְׁפְּרָאכִין אַקֵייגִין דִיא דָאזִיגִי, דִיא וָואס זֶעצִין זֵייאִיר פֶערְטְרַאוִיהִין אוֹיף זִינְדִיגִי מֶענְשִׁין. דָאס דָאזִיגִי אִיז דִיא הָאפְּפִינוּנְג פוּן דִיא קְרִיסְטִין. פִיל יוּדִין טְרַאכְטִין, רֵיידִין, אוּן דְרִינְגִין זִיךְ, אַזוֹ אַשְׁטֵייגִיר וִויא דִיא קְרִיסְטִין וָואלְטִין פוּן דֶעם לֶעבִּינְדִיגִין גָאטט אָבּ גִיוַוייכְט, אוּן זֶעצִין זֵייאִיר פֶערְטְרָאוִיהִין אוֹיף אַיין מֶענְשִׁין; מִיט דֶעם וָואס זֵייא בִּישוּלְדִיגִין אוּנְס, הָאבִּין זֵייא זֶעלְבִּירְט גִיטְהוּן. מִיר זֶענִין נִיט אָבּ גִיקֶעהְרְט פוּן לֶעבִּינְדִיגִין גָאטט. פִיל מֶעהר אִיז אוּנְזִירִי הָאפְּפִינוּנְג, אוּן אוּנְזִיר בִּישִׁיצוּנְג אִין יהוה צדקנו דֶעם הֶעררְן דֶער וָואס אִיז אוּנְזִירִי גִירֶעכְטִיגְקֵייט. אִיהר אָבִּיר זֶענְט פוּן דֶעם הֶעררְן אָבּ גִיקֶעהְרְט; וָוארִין אִין אַייאֶרִי תפלות זָאגְט אִיהר, אַז אַייאֶרִי הָאפְּפִינוּנְג אִין אַייאִיר פֶערְטְרַאוִיהִין זֶענִין גִישְׁטִיצְט אוֹיף דִיא פֶערְדִינְסְט (זכות) פוּן זִינְדִיגִי מֶענְשִׁין. אוּנְזִיר פֶערְטְרוֹיהִין בִּיגְרוּנְדִיט זִיךְ אוֹיף דָאס וָוארְט פוּן גָאטט, אַייאֶרִי הָאפְּפִינוּנְג אָבִּיר אִיז אַייךְ דוּרְךְ דִיא רבנים בַּייא גִיבְּרַאכְט, וָואס זֵייא זֶענִין בִּיטְרִיגְלִיכִי מֶענְשִׁין, אוּן אִיהר זֶענְט דְרוּם גִידָאפִּילְט פוּן גָאטט אָבּ גִיוַוייכְט, פוּן זַיין וָוארְט אוּן פוּן זַיינִיר גִירֶעכְטִיגְקֵייט. אוּן אוּנְזִיר וואוּנְשׁ אִיז, אַז אִיהר זָאללְט צוּרִיק צוּ אִיהם, נִיט צוּ אוּנְס, צוּ זַיין וָוארְט, נִיט צוּ דִיא אוּנְזִירִי. אִיהר הָאט בשום אוֹפן נִיט מֶעהר פֶערְדִינְסְטִין וִויא מִיר; פוּנְקְט אַזוֹ וֶוענִיג וִויא אַייאֶרִי אבות הָאבִּין מֶעהר פֶערְדִינְסְט גִיהַאט, וִויא אֵיינִיר פוּן אוּנְס; אוּן אוֹיךְ דָאס בְּלָאזִין אוֹיף אַיין הָארִין פוּן אַיין בָּאק אִיז אַיין צוּ שְׁוַואכִיר פוּנְדַאמֶענְט אוּם דֶערוֹיף צוּ בּוֹיהִין אוּנְזִירִי הָאפְּפִינוּנְג אוֹיף עולם הבא. אוּן דָאךְ זֶענִין עֶס דִיא דָאזִיגִי זַאכִין, לְאוֹיט וִויא אַייאִירִי רבנים לֶערְנִין אַייךְ, וָואס אִיהר זָאללְט אִין זֵייא בטחון הָאבִּין. פְּרוּפְט אַייאִירִי תפלות

פערגלייכט

פֶערְגְלַייכְט זֵייא מִיט דֶעם וָוארְט פוּן גָאטט, אוּן אִיהר וֶועט גִיפִינְן, אַז אַזוֹ לַאנְג וִויא דָאס יוּדִישִׁי פָאלְק אִיז נָאךְ אַרְץ אַזוֹ מתפלל פַאר גָאטט, קָאן זֵייאִיר גִיבֶּעט נִיט דֶערְהֶערְט וֶוערִין, אוּן אַז זֵייא וִוינְשִׁין זִיךְ גִיהָאלְפִין צוּ וֶוערִין, זָאללִין זֵייא זֵייאִיר אָרִים פוּן פְלֵייש פֶערְלָאזִין אוּן מוּזִין צוּ דֶעם צוּרִיק קֶעהרִין דֶער וָואס אִיז גִיוֶועזִין דִיא הָאפְפִינוּנְג פוּן זֵייאִירִי עֶלְטִירִין.

נִיט פוּן וֶועגִין זֵיינִי אֵייגִינִי פֶערְדִינְסְט, אוּן אוֹיךְ נִיט פוּן וֶועגִין דִיא פֶערְדִינְסְט פוּן זֵיינִי עֶלְטִירִין, אוּן אוֹיךְ נִיט פוּן וֶועגִין אֵיינִי צִירִימָאנִישִׁי מעשה אִיז אברהם גִירֶעכְטְפֶערְטִיגְט גִיוָוארִין, נַייאִירְט פוּן וֶועגִין זַיין גְלוֹיבִּין אִין דֶעם הֶערְן, יהוה, אִיז אברהם גִירֶעכְטְפֶערְטִיגְט גִיוָוארִין, אַזוֹ וִויא עֶס שְׁטֵייט:

והאמין ביהוה ויחשבה לו צדקה

„אוּן עֶר הָאט גִיגְלוֹיבְּט אָן יהוה, אוּן עֶר הָאט עֶס צוּ גִירֶעכִינְט צוּ אִיהם צוּ גִירֶעכְטִיגְקַייט.“ (בראשית ט"ו פסוק ו'.) דוד המלך הָאט גִיט דֶערְוַוארְטִיט פֶערְגֶעבּוּנְג פוּן זַיינִי זִינְד אוּן רֶעכְטְפֶערְטִיגוּנְג, פוּן דֶעם זכות פוּן אברהם אוֹדִיר פוּן עֶרְגִינְץ אֵיינִים אַנְדִירִין פוּן זַיינִי עֶלְטִירִין, אוּן זָאגְט אוֹיךְ נִיט: וואוֹהל דֶעם מֶענְשִׁין דֶער וָואס פֶערְלָאזְט זִיךְ אוֹיף דִיא גִירֶעכְטִיגְקַייט פוּן אבות, נַייאִירְט:

אשרי נשוי פשע כסוי חטאה: אשרי אדם לא יחשוב יהוה לו עון ואין ברוחו רמיה:

„וואוֹהל דֶעם וָואס דִיא מִיסִיטַהאט אִיז אִיהם פֶערְגֶעבִּין, וָואס דִיא זִינְד אִיז אִיהם בִּידֶעקְט: וואוֹהל דֶעם מֶענְשׁ וָואס יהוה טְהוּט אִיהם נִיט צוּ רֶעכִינְן דִיא זִינְד, אוּן וָואס קֵיינִי בִּיטְרִיגִירַייא אִיז נִיט אִין זַיין גִימוּהט.“ (תהלים ל"ב פסוק א'-ב'.) דְרוּם אִיטְלִיכִיר וָואס עֶר וִוינְשְׁט זִיךְ דִיא ברכה צוּ דֶערְלַאנְגִין, מוּז אַללִי זֵיינִי זִיכִירוּנְגִין אוֹיף פֶערְדִינְסְט וָואס אִיהם דַאכְט זִיךְ אַוֶועק לָאזִין אוּן זִיךְ בִּיקֶענִין אַז עֶר אִיז אַזוֹ אַיין זִינְדִיגִיר וָואס אִיז בִּידֶערְפְטִיג פֶערְגֶעבּוּנְג, אוּן פַאר דִיא דָאזִיגִי פֶערְגֶעבּוּנְג דַארְף עֶר נִיט אַהִין בְּלִיקִין, אוֹיף דָאס וָואס מֶענְשִׁין טְהוּן אוֹדִיר קֶענִין טְהוּן, נַייאִירְט אוֹיף דִיא גְנָאד פוּן גָאטט, דֶער וָואס פֶערְגִיבְּט אִיהם דִיא עבירות אוּן חטאים. דְרוּם שְׁטֶעלְט עֶס אוֹיךְ דֶער נביא חבקוק אוֹיף, פַאר אֵיין אַיינְגִירוּגִילִירְטִין כלל:

אוּן

## וצדיק באמונתו יחיה

„און דער גירעכטיר וועט אין זיינים גלויבין לעבין.“ דאס איז דער אופן פון דער רעכטפערטיגונג נאך דעם פירוש פון דער שריפט, און דאס דאזיגי איז דיא האפפינונג פון אברהם, פון דוד, און פון חבקוק. וויללין נון דיא יודין זייאיר גורל מיט זייאיר פאטיר אברהם טהיילין און דעם וועג פון רעכטפערטיגונג זיך האלטין אין וועלכין ער איז גיגאנגין? אודיר וויללין זייא ניט גירעכטפערטיגט ווערין וויא ער, נייארט נאך ווייטיר דיא אוים טראכטונג פון מענשין פאלגין וועלכי זענין ניט אמאהל מיט זיך אלליין איינשטימיג? ווען דיא תורה שבעל פה ביצייכינט איין וועג צו רעכטפערטיגונג און וואלט ביי דעם זעלביגין יסוד דער פון זיך גיהאלטין, אזו וואלט עס וויינינגכטינס גיוועזין איין שיין פון איין גרונד אז מאן זאלל פאלגין זייארי פארשריפטין; אביר עס ווייזט אן צווייא וועגין, וואס זייא זענין אייני אקייגין דיא אנדירי אזו כנגד וויא מזרח אקייגין מערב. עס זאגט צום ערשטין, אז דער מענש קאן דורך זייני אייגיני פערדינסט גירעכטפערטיגט ווערין, און דען זאגט עס איהם ווידיר, ער מוז דורך פערדינסט פון אנדירי גירעכטפערטיגט ווערין. ביידים קאן אום מיגליך אמת זיין. עס איז דרום דיא שולדיגקייט פון איטליכים מענשין ערשטליך הוקר ודורש צו זיין וועלכיר איז דער אמתיר וועג פון הייל, און צו בישטימין, אויב ער זאלל גיהאלפין ווערין דורך זייני אייגיני פערדינסט, אודיר דורך זכות אבות אודיר לסוף דורך דעם זכות פון „דעם הערין, דער וואס איז אונזירי גירעכטיגקייט“.—



# נתיבות עולם

## עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז

### דיא אלטי שטעגין.

---

### נומר ל״ו

---

אַזוֹ גוּט אִין דֶער תּוֹרה וִויא אוֹיךְ אִין דִיא נביאים גִיפִינְד מַאן זֵייאִיר אַסַךְ אוֹיס שְׁפְּרֶעכוּנְגֶין וָואס זֶענֶין גָאר כנגד דיא רבנישי לֶערְנוּנְג פוּן מֶענְשְׁלִיכֵי פֶּערְדִינְסְטִין. עֶס אִיז דָאךְ גָאטט גִיפֶעללִין גִיוָואריִן אָן צוּ רִיכְטִין אַיין עֶפִינְטְלִיכִין אוּן פַייאִירְלִיכִין אַיינְשְׁטֶעלוּנְג אַחוּץ דִיא דָאזִיגִי בפירוּשי אוּן אִיבִּיר גִיהַאזֶערְטִי אוֹיס שְׁפְּרֶעכוּנְגֶין, כדי אפילוּ דֶעם גְרֶעסְטִין פְּרָאסְטַאק צוּ בִּילֶערְנִין אוּן אפילוּ דֶעם גְרֶעסְטִין קשי ערף צוּ בִּיוַוייזִין, אַז דוּרךְ מֶענְשְׁלִיכֵי פֶּערְדִינְסְטִין אִיז קֵיין הִילְף נִיט צוּ דֶער לַאנְגִין. עֶר הָאט אַיין בִּיפֶעהל גִיגֶעבִּין, אַז אֵיין מָאהל אִין אִיטְלִיכִין יָאהר זָאלל דוּרךְ דֶעם כהן גדול גִישֶׁעהִין אַיין פֶּער גֶעבּוּנְג (כפרה) אַזוֹ גוּט פַאר זִיךְ זֶעלְבִּירְט וִויא אוֹיךְ פַאר דָאס גַאנְצִי פָאלְק:

וכפר את מקדש הקדש ואת אהל מועד ואת המזבח יכפר ועל כל העם יכפר:

„אוּן עֶר זָאלל פֶער זֶעהנִין (מכפר זַיין) דָאס הֶיילִיגִי הֶיילִיגְטוּם (מקדש הקודש) אוּן דָאס גִיצֶעלְט פוּן דִיא פֶערְזַאמְלוּנְג, אוּן דֶעם אוֹפְּפִיר שְׁטוּהל זָאלל עֶר פֶער זֶעהנִין (יכפר), אוּן אוֹיף דִיא כהנים, אוּן אוֹיף דָאס גַאנְצִי פָאלְק פוּן דִיא גִימֵיין זָאל עֶר פֶער זֶעהנִין (יכפר)." (וויקרא ט״ז פסוק ל״ג) דִיא דָאזִיגִי אַיין רִיכְטוּנְג בִּיוַוייזְט נוּן קְלָאר, אַז אַללִי פוּן ישראל, אַזוֹ גוּט דֶער כהן גדול וִויא אוֹיךְ דִיא כהנים אוּן דָאס פָאלְק, זֶענִין זִינְדִיגִי, אַז זֵייא אַללִי בִּידַארְפִין אַיין פֶערְגֶעבּוּנְג, אוּן מַאכְט דְרוּם אִין גַאנְצִין צוּ נִישְׁט דִיא הוה אמינא פוּן דֶער רֶעכְטְפֶערְטִיגוּנְג דוּרךְ פֶּערְדִינְסְטִין, וֶוען דִיא קִינְדִיר ישראל וָואלְטִין קֶענִין גִירֶעכְטְפֶערְטִיגְט וֶוערִין עֶנְטְוֶוידֶער דוּרךְ אֵייגִינִי פֶּערְדִינְסְט, אוֹדִיר דוּרךְ דִיא פֶּערְדִינְסְט פוּן זֵייאִירִי עֶלְטִירִין, אַזוֹ וָואלְט דֶער פַייאִירְלִיכִיר אַיין שְׁטֶעלוּנְג אַללִי יָאהר אַיין פֶערְגֶעבּוּנְג צוּ מַאכִין, אִיבְּרִיג גִיוֶועזִין. וֶוען אָבִּיר דִיא דָאזִיגִי פֶּערְגֶעבּוּנְג אִיז נֵייטִיג-

אוּן

און וואָלט עס ניט גייטיג געוועזען, וואָרום האָט זיא דען גאָטט איין גירעכטיט ?—דען קאן פון מענשליכי פערדינסטן גאר קיין רייד ניט זיין. אָביר דער אמת איז, וואס מיר האָבין שוין גיזעהין, אז דיא רבנים האָבין גיפיהלט, אז זייאירי לערנונג איז ניט גינוג אום דעם אום רוהיגין גיוויסין צו בירוהיגין, און אז זייא האָבין זיך דאריבער געריען גירעטיווויט דורך איטליכים נויט ביהעלפונג וואס זייא האָבין נור גיקענט ממציא זיין. עס איז נאך דעם אופן נאך קיין וואונדיר ניט. אז זייא זענין אראפּ גיזונקין מיט איין אויסטירלישין האַרטנאַקיגקייט (קשי ערף), צו דעם שאַטין פון דיא יעניגי האָפפנונג, וואס אין תורת משה איז צו גיזאגט גיוועזין. אחוץ זייאיר לערנונג פון דיא פערדינסטין (זכיות), זענין זייא פרייהליך גיוועזין. אפילו נור דעם שיין פון איין טאג פון פערגעבונג צו האבין, דער וואס זאלל זייא ווידיר קענין פאר דעם אלמאכטיגין מכפר זיין. באמת האָבין זייא ניט גיהאט קיין כהן גדול און קיין קרבן, נור זייא האָבין אזו זייאיר גוט גיוואוסט דיא נייטיגקייט פון איין פערגעבונג, אז איידיר זייא זאללין עס האָבין מודה גיוועזין, אז זייא האָבין גאר קיינע פערגעבונג ניט, האָבין זייא ליבירשט אויף גישטעלט דיא לערנונג, אז תשובה און דער יום כפור קענין אויף אללי זינד מכפר זיין;

בזמן הזה שאין בית המקדש קיים ואין לנו מזבח כפרה אין שם אלא תשובה התשובה מכפרת על כל העבירות אפילו רשע כל ימיו ועשה תשובה באחרונה אין מזכירין לו שום דבר מרשעו שנאמר ורשעת הרשע לא יכשל בה ביום שובו מרשעו ועצמו של יום הכפורים מכפר לשבים שנאמר כי ביום הזה יכפר עליכם:

„אין דער דאזיגיר צייט, וואס קיין בית המקדש איז שוין ניט פערהאנדין, און מיר האָבין קיין אָפּפער שטול (מזבח) ניט, האָבין מיר קיין אנדירי פערגעבונג ניט, וויא נור תשובה. דיא תשובה איז מכפר אויף אללי עבירות; אפילו ווען איין מענש איז איין רשע גיוועזין אזו לאנג וויא ער האט גילעבט, נור צו לעצט האט ער תשובה גיטהון, דערמאנט מאן איהם ניט קיין זאך פון זייני רשעות; וואָרין עס שטייט גישריבין: „און אין דאס בייז פון דעם רשע זאלל ער ניט גישטרויכילט ווערין, אין דער צייט ווען ער טהוט תשובה פון זייני שלעכטיגקייט." (יחזקאל ל"ג, פסוק י"ב) און דער טאג יום כפור זעלבירט איז אויך מכפר צו דיא וואס טוהין תשובה; וואָרין עס שטייט „דער וויל אין דעם דאזיגין טאג זאלל ער פער זענין (מכפר זיין) אויף אייך" (ויקרא ט"ז פסוק ל') (הלכות

תשובה

תשובה, פרק א׳, הלכה ג׳) מֵילָא דָאס דָאזִיגִי אִיז דִיא לֶעצְטִי שְׁטִיצוּנְג פוּן דֶער יוּדִישִׁיר הָאפְּפִינוּנְג, אוּן מִיר ווִילְלֶין בַּארִיבִּיר משער זַיין אוֹיב דָאס דָאזִיגִי אִיז טַאקִי אֵיין שְׁטִיצוּנְג, אוֹיף וֶועלְכִיר אַיין קְלוּגִיר מֶענְשׁ קָאן סומך זַיין זַיינִי הָאפְּפִינוּנְג אוֹיף עולם הבא. קֵיין מֶענְשׁ וָואס הָאט אַיין גִיזוּנְדִין זִינְגֶען וֶועט זַיין לֶעבִּין אוֹדִיר זַיין פֶערְמֶעגִין אִין סכנה נִיט אַיין שְׁטֶעלְלִין פוּן אַיין בִּישְׁטִימוּנְג וֶועגִין, וָואס אַיין טְהֵייל דֶער פוּן אִיז סותר דֶעם אַנְדִירִין טְהֵייל; אוּן דִיא בִּישְׁטֶעטִיגוּנְג וָואס מִיר הָאבִּין אִיצוּנְד גִילֵייהִינְט, אִיז פוּן דֶעם דָאזִיגִין שְׁטֵייגִיר. צוּם עֶרְשְׁטִין וֶוערְד דֶערִינְין גִיזָאגְט, אַז אִיצוּנְדִירְט „אִיז קֵיין אַנְדִירִי פֶערְגֶעבּוּנְג נִיט פֶערְהַאנְדִין, וִויא נוּר תשובה", אוּן אַז „דִיא תשובה אִיז מכפר אוֹיף אַלְלִי עבירות, אוּן צוּם סוֹף וֶוערְד בִּישַׁיינְפִּירְלִיךְ בַּאלְד דֶער נָאךְ ווִידִיר צוּ גִישְׁטֶעלְט, אַז „דֶער יום כפור זֶעלְבִּירְט אִיז מכפר אוֹיף דִיא דָאזִיגִי, וָואס טוּהִין תשובה". וִויא מַאן זֶעהִיט, אִיז דִיא לֶעצְטִי בִּישְׁטִימוּנְג סותר דִיא עֶרְשְׁטִי; וָוארִין וֶוען דֶער יום כפור, ווִיא מִיר זֶעהִין דָא, אִיז נֵייטִיג מכפר צוּ זַיין פַאר דֶעם זִינְדִיגִין וָואס הָאט הרטה, דֶען אִיז בגלוי פַאלְשׁ אַז דִיא תשובה אִיז מכפר אוֹיף אַלְלִי זִינְד; אִיז אָבִּיר דִיא תשובה מכפר אוֹיף אַלְלִי זִינְד, מֵילָא אַזוֹ בַּאלְד אִימִיצִיר טְהוּט תשובה, וֶוערִין אַלְלִי זַיינִי זִינְד פֶערְגֶעבִּין, אוּן עֶס בִּידַארְף אִין אַזוֹ אַיין אוֹפֶן קֵיין יום כפור נִיט. מֵילָא דָא אִין דֶעם לִיגְט אַיין עֶפִּינְטְלִיכִי ווִידִירְשְׁפְּרֶעכוּנְג (סתירה) אוּן עֶס קָאן אוּם מִיגְלִיךְ זִיכִיר זַיין, הָאפְּפִינוּנְג אָן צוּ טְרַאוִיהִין אוֹיף אַזוֹ וָואס, וָואס עֶס אִיז זִיךְ אַלְלֵיין דֶער ווִידִיר. צְוֵוייטִינְס אָבִּיר, אִיז אִיטְלִיכִיר פוּן דִיא בֵּיידִי אופנים, וָואס פוּן זֵייא בִּישְׁטֵייהִיט יֶענִי בִּישְׁטֶעטִיגוּנְג, אַזוֹ ווִיא זֵייא זֶענִין מִיט זִיךְ זֶעלְבִּירְט, אַזוֹ זֶענִין זֵייא אוֹיךְ מִיט תורת משה פְּרָאסְטָא ווִידִיר אֵיינַאנְדִיר. דָאס עֶרְשְׁטִי פוּן דֶעם דָאזִיגִין שְׁטִיק, זָאגְט, אַז „תשובה אִיז מכפר אוֹיף אַלְלִי עבירות;" וֶוען דָאס וָואלְט יָא אַזוֹ גִיוֶועזִין, דֶען וָואלְט דִיא פֶערְגֶעבּוּנְג וָואס משה הָאט פָאר גִישְׁרִיבִּין אוּם נוּצִיג גִיוֶועזִין, אוּן טַאקִישׁ באמת, זִיא וָואלְט אִיבִּיר הוֹיפְּט גָאר קֵיין פֶערְגֶעבּוּנְג נִיט גִיוֶועזִין. משה זָאגְט, אַז גָאטט הָאט בִּישְׁטִימְט צְווֵייא צִיגִין בֶּעגְלִיךְ מכפר צוּ זַיין; דָא אָבִּיר וֶוערְד גִיזָאגְט, אַז תשובה אַלְלֵיין אִיז שׁוֹין גִינוּג דֶער צוּ. מֵילָא וֶוען דָאס דָאזִיגִי לֶעצְטִירִי וָואלְט אמת גִיוֶועזִין, וֶוען תשובה וָואלְט אִיצוּנְד אָהנִי עֶרְגִינְץ אַיין קרבן שׁוֹין קֶענִין מכפר זַיין, פוּן וֶועסְט וֶועגִין הָאט משה דֶען פֶערְלַאנְגְט אַזוֹ אַיין אוּם נוּצִיגִי, יָא אפילו אַזוֹ אַיין תקנה פוּן אכזריות וִויא דָאס טֵייטִין אָרִימִי אוּם

שוּלְדִיגֶי בְּהֵמוֹת אִיז ? וֶוען תשובה אִיז אִיצוּנְד גִינוּג מכפר צוּ זַיין אַזוֹ אִיז זִיא צוּ אִיטְלִיכִיר צַייט גִינוּג גִיוֶועזִין, אוּן דֶען הָאט גָאטט עֶפִּיס אוּם נוּצִיגִים בִּיפוֹהלִין צוּ טָהוּן, וֶוען אָבִּיר עֶס אִיז פְּרִיהִיר דִיא בִּישְׁטִימוּנְג נֵייטִיג גִיוֶועזִין, אַז אֵיין בָּאק (שעיר) זָאלל גִישָׁאכְטִין וֶוערִין, אוּן אֵיין בָּאק זָאלְל מִיט דִיא זִינְד פוּן דָאס פָאלְק בִּילָאדִין אִין דֶער ווִיסְטִינַייא (מדבר) גִישִׁיקְט וֶוערִין, כדי פֶּערְגֶעבּוּנְג פַאר דִיא זִינְד צוּ בִּיקוּמִין, אַזוֹ מוּז עֶס אִיצוּנְד, אוֹיךְ אַזוֹ נֵייטִיג זַיין, וֶוען דִיא רבנים וָואלְטִין זִיךְ נִיט דֶער וואוּיגִין דִיא בִּיהוֹיפְּטוּנְג אוֹיף צוּ שְׁטֶעלְלִין, אַז גָאטט אִיז אֵייגִינְזִינְנִיג אוּן אַיין הֶערר וָואס פֶּערְעֶנְדִירְט זִיךְ דֶער וָואס פֶּערְלַאנְגְט אוּם זִינְד צוּ פֶּערְגֶעבִּין אִין אַיין צַייט עֶפִּיס, וָואס אִין אַיין אַנְדִירִי צַייט פֶּערְלַאנְגְט עֶר עֶס נִיט. דָאס אָבִּיר אַז שֶׁעכְטִין אֵיין בָּאק (שעיר) אוּן דָאס אַוֶועק שִׁיקִין דֶעם אַנְדִירִין אִיז פְּרִיהִיר דוּרְךְ אוּיס נֵייטִיג גִיוֶועזִין, קָאן קֵיינִיר נִיט לֵייקְנִין; משה שְׁטֶעלְט עֶס אַנִידִיר אִין אַזֶעלְכִי קְלָארִי וֶוערְטִיר, אַז וֶוען עֶס אִיז נוּר פֶּערְהַאנְדִין אֵיין אמת וָואס עֶר אִיז גִיוִויסִיר אוּן קְלֶערִיר ווִיא אֵיין אַנְדִירִיר, אַזוֹ אִיז עֶס דֶער, אַז אִין דֶער צַייט בשעת דִיא יוּדִין זֶענִין גִיוֶועזִין אִין זֵייאִיר אֵייגִינִים לַאנְד, אִיז תשובה אַלְלֵיין נִיט גִינוּג גִיוֶועזִין מכפר צוּ זַיין אוֹיף דִיא זִינְד. באמת זָאגְט דֶער רמב"ם זֶעלְבִּירְט:

שעיר המשתלח מכפר על כל עבירות שבתורה הקלות והחמורות בין שעבר בזדון בין שעבר בשגגה בין שהודע לו בין שלא הודע לו הכל מתכפר בשעיר המשתלח והוא שעשה תשובה אבל אם לא עשה תשובה אין השעיר מכפר לו אלא על הקלות:

„דֶער צִיגִין בָּאק וָואס אִיז אַוֶועק גִישִׁיקְט גִיוָוארִין (שעיר המשתלח) אִיז מכפר אוֹיף אַלְלִי עבירות פוּן דֶער תורה אוֹיף דִיא גְרִינְגִי אוּן דִיא שְׁוֶוערִי, עֶס זַייא אַז עֶר הָאט עוֹבר גִיוֶועזִין במזיד עֶס זַייא עֶר הָאט עוֹבר גִיוֶועזִין בשוגג, עֶס זַייא אַז עֶס אִיז אִיהם בִּיוואוּסְט גִיוֶועזִין אוֹדִיר אוּם בִּיוואוּסְט וֶוערְד אַלְץ פֶּערְגֶעבִּין מִיט דֶעם בָּאק וָואס אִיז אַוֶועק גִישִׁיקְט גִיוָוארִין (שעיר המשתלח), אוּן וֶוען אִיז דָאס, אַז עֶר הָאט תשובה גִיטָהוּן, אָבִּיר אַז עֶר הָאט קֵיין תשובה נִיט גִיטָהוּן אִיז דֶער בָּאק נִיט מכפר נוּר אוֹיף דִיא גְרִינְגִי עבירות." (הלכות תשובה פרק א', הלכה ב') מִיר זֶענִין פַאר וָואר מִיט דֶער דָאזִיגִיר גַאנְצִיר לֶערְנוּנְג נִיט מסכים, דָאךְ בְּרֶענְגִין מִיר עֶס אַהֶער, כדי צוּ ווַייזִין, אַז פְּרִיהִיר הָאט תשובה אַלְלֵיין קֵיין גִינוּגִינִי פֶּערְגֶעבּוּנְג (כפרה) פַאר דִיא זִינְד נִיט אַרוֹיס גִיבְּרַאכְט, נַייאִירְט נָאךְ אַחוּץ תשובה אִיז אוֹיךְ נָאךְ דֶער בָּאק נֵייטִיג גִיוֶועזִין (דֶער שעיר)

ווִיא

וִויא גָאטט הָאט בִּישְׁטִימְט, אוּן דְרִינְגִין נוּן דֶער פוּן, אַז, וֶוען פְּרִיהִיר אִיז נָאךְ אחוץ דֶער תשובה אֵיין אַנְדִירִי כפרה נֵייטִיג גִיוֶועזִין, אִיז דָאס דָאזִיגִי אִיצוּנְד אוֹיךְ נָאךְ נֵייטִיג, וֶוען דִיא רבנים וָואלְטִין נִיט וֶועלִין בִּיהוֹיפְּטִין אַז גָאטט הָאט משנה גִיוֶועזִין זַיין מֵיינוּנְג אוּן תורת משה מבטל גִיוֶועזִין. וֶוען דִיא תשובה אִיז אִיצוּנְדִירְט גִינוּג אָהְנִי אֵיין אַנְדִירִי כפרה כדי פֶּערְגֶעבּוּנְג פוּן זִינְד צוּ בִּיקוּמִין, אַזוֹ מוּז גַאנְץ גִיוִויס תורת משה עֶנְטְוִויר גָאר אִין גַאנְצִין בטול גִיוָוארִין זַיין אוֹדִיר אָבְּגִיעֶנְדִירְט; אִיז אָבִּיר דִיא תורה נִיט בטול אוֹדִיר אָבְּגִיעֶנְדִירְט, דֶען קָאן אוֹיךְ תשובה אַלֵיין קֵיין כפרה נִיט זַיין פַאר דִיא זִינְד אוּן דַארוּם אִיז יֶענִי בִּיהוֹיפְּטוּנְג פוּן דֶער תורה שבעל פה פַאלְשׁ.

אָבִּיר דִיא תורה שבע״פ בִּימִיהִיט זִיךְ, אִיהְרִי בִּיהוֹיפְּטוּנְג צוּ בִּיוַוייזִין דוּרְךְ אֵיין שְׁטֶעלְלִי פוּן יחזקאל, וָואס עֶס שְׁטֵייט דֶערִינִין: „אוּן אִין דָאס בֵּייז פוּן דֶעם רשע זָאל עֶר נִיט גִישְׁטְרוֹיכִילְט וֶוערִין, אִין דֶער צַייט וֶוען עֶר טְהוּט תשובה פוּן זַיינִי שְׁלֶעכְטִיגְקַייט,“ מֵילָא בכן יחזקאל דֶערְמָאנְט בְּלוֹיס דִיא תשובה, אָבִּיר נִיט פוּן אַיין קרבן אוֹדִיר פוּן אַיין יום כפור. נוּר אָבִּיר דֶער עֶנְטְוִויר דֶערוֹיף אִיז גָאר לַייכְט. ממה נפשךְ עֶנְטְוִויר הָאט יחזקאל אִין דֶער דָאזִיגִיר דֶערְקְלֶערוּנְג גִיוָואלְט דִיא תורה פוּן משה מבטל זַיין, אוֹדִיר עֶר הָאט עֶס נִיט גִיוָואלְט. אִין עֶרְשְׁטִין פַאלל, אִיז אַנְדִירְשׁ דִיא תורת משה בטל אוּן אֵיין נַייאִיר וֶועג אִיז פֶּערְצֵייכִינְט גִיוָוארִן וִויא מַאן זָאלל פֶּערְגֶעבּוּנְג פַאר זִינְד בִּיקוּמִין וָואס פוּן משה אִיז עֶס נִיט גִילֶערִינְט גִיוָוארִין – הָאט דָאךְ דָאס גַאנְצִי יוּדִישִׁי פָאלְק בִּישַׁיינְפִּירְלִיךְ אוּם רֶעכְט וִויא זֵייא זֶעהִין דָאס אַלֵיין אַיין, אַז זֵייא הֵיינְגִין נָאךְ אָן אַזוֹ אַיין תורה וָואס זִיא אִיז שוֹין לַאנְג בָּטוּל. וֶוען אָבִּיר יחזקאל הָאט דִיא תורה פוּן משה נִיט גִיוָואלְט מבטל זַיין, מסתמא אִיז אַיינְגִישְׁלָאסִין אִין זַיין אַרוֹיס שְׁפְּרֶעכוּנְג דֶער יֶענִיגִיר אִינְהַאלְט, וֶועלְכִין דִיא תורת משה פֶּערְלַאנְגְט, דָאס הֵייסְט, עֶר שְׁלִיסְט אִין זִיךְ אַיין דִיא מֵיינוּנְג אַז אַיין קרבן אִיז נֵייטִיג, דֶען אָבִּיר בִּיוַוייזְט דִיא דָאזִיגִי שְׁטֶעלְלִי פַאר דֶער תורה שבע״פ גָאר נִישְׁט. אִין אִיטְלִיכִין פַאלל שְׁטְרַייטִיט דִיא דָאזִיגִי בִּיהוֹיפְּטוּנְג אַקֵייגִין דֶער תורה פוּן משה.

אִין דֶעם אִיז עֶס קְלָאר, אַז דִיא רבנים זֶעלְבִּירְט הָאט דִיא דָאזִיגִי זֵייאִירִי בִּיהוֹיפְּטוּנְג נִיט אִין גַאנְצִין גִינוּגִין גִיטְהוּן, וַוייל זֵייא שְׁטֶעלְלִין בִּישַׁיינְפִּירְלִיךְ צוּ דֶער זֶעלְבִּיגִי נָאךְ אַיין צְוֵוייטִי זַאךְ אַהִין צוּ, אַז דֶער יום כפור זֶעלְבִּירְט אִיז אוֹיף דִיא יֶענִיגִי מכפר וֶועלְכִי טְהוּן תשובה וַוייל

עֶס שְׁטֵייהְט: דֶער וַוייל אִין דֶעם דָאזִיגִין טָאג זָאלל עֶר פֶער זֶעהֶען (מכפר זַיין) אוֹיף אַייךְ. " חָאטְשֶׁי זֵייא הָאבִּין אָן גִיטְרוֹיט זֵייאִיר אֵייגִינִי בִּיהוֹיפְּטוּנְג פוּן תשובה, הָאבִּין זֵייא זִיךְ דָאךְ גִיפִיהלְט אַז עֶס אִיז זֵייא נִיט גוּט גָאר אָן אַלְלִי פָארְמִים פוּן אַיין כפרה אוּן וַוייל זֵייא הָאבִּין נִיט גִיהַאט נִיט קֵיין כהן אוּן נִיט קֵיין קרבן, אַזוֹ הָאבִּין זֵייא גִיזָאגְט, אַז דֶער טָאג זֶעלְבִּירְט אִיז מכפר, אוּן הָאבִּין גִיזוּכְט דָאס דָאזִיגִי דוּרְךְ אֵיינִי שְׁטֶעלְלִי פוּן תורת משה צוּ בְּוַוייזִין, צוּם אוּם גְלִיק אָבִּיר אִיז דִיא שְׁטֶעלְלִי גְרָאד פוּנְקְט זֵייאִירִי בִּיהוֹיפְּטוּנְג סוֹתר; וָוארִין משה זָאגְט נִיט: היום הזה יכפר עליכם „דֶער דָאזִיגִיר טָאג זָאלל אוֹיף אַייךְ פֶּערְגֶעבִּין," נַייאִירְט: ביום הזה יכפר עליכם „אִין דֶעם דָאזִיגִין טָאג זָאלל עֶר אוֹיף אַייךְ פֶּערְגֶעבִּין;" מֵילָא עֶר מַאכְט דֶעם טָאג זֶעלְבִּיר גָאר נִיט וַואזְנֶיע, נַייאִירְט נוּר אוֹיף דִיא זַאכִין, וָואס אִין דֶעם זֶעלְבִּיגִין טָאג זָאלל גִיהִיט וֶוערִין, אוּן דֶעם נפש דוּרְךְ וֶועלְכִין זֵייא זָאלְלִין גִיטָהוּן וֶוערִין. משה הָאט בִּישְׁטִימְט עֶרְשְׁטִינְס אַיין כהן: צְוֵייטִינְס אֵיין צִיגִין בָּאק וָואס זַיין בְּלוּט זָאלל גִיבְּרַאכְט וֶוערִין אִין דָאס הֵיילִיגְטוּם (מקדש הקודש), אוּן דְרִיטִינְס אֵיין אַנְדִיר בָּאק, וָואס עֶר זָאלל אִין דֶער וִויסְטִינַייא אַוֶועק גִישִׁיקְט וֶוערִין—אַזוֹ אַז, וואוּ דִיא דָאזִיגִי דְרַייא זַאכִין פֶּעהלִין, יָא אפילוּ וואוּ נוּר אֵ י נְ ס פוּן זֵייא פֶּעהלְט אִיז נִיט דֶער פִיהלְט דִיא פָאר גִישְׁרִיבִּינִי אופנים פוּן משה, אוּן דַארוּם קָאן עֶס נִיט מכפר זַיין. אָן דִיא דָאזִיגִי דְרַייא זַאכִין הָאט דֶער טָאג אָן זִיךְ גָאר קֵיין אִיבְּרִיגִים נִיט אוּן עֶר הָאט אִין קֵיין זַאךְ קֵיין אוּנְטִיר שֵׁייד נִיט פוּן אַלְלִי פְּרָאסְטִי טֶעג אִין יָאהר; אוּן אַז נוּן אִיצוּנְד פֶּעהלִין אַלְלִי דְרַייא, אַזוֹ הָאבִּין דִיא קִינְדִיר ישראל קֵיין פֶּערְגֶעבוּנְג נִיט. נָאךְ דֶעם נָאךְ אִיז דִיא בִּיהוֹיפְּטוּנְג פוּן דֶעם טָאג זֶעלְבִּירְט בְּלוֹיס אֵיינִי אוֹיס גִיטְרַאכְטִי זַאךְ פוּן דִיא רבנים, וָואס עֶס טוֹיג נוּר דֶער צוּ, צוּ וַוייזִין וִויא טִיף דִיא רבנים הָאבִּין גִיפִיהלְט, אַז זֵייאִיר תשובה אִיז נִיט גִינוּג אוּן וִויא נֵייטִיג עֶס אִיז אַיין אמתי כפרה, אוּם פֶּערְגֶעבוּנְג פַאר דִיא זִינְד צוּ בִּיקוּמִין.

אָבִּיר דִיא רבנים פֶער רָאטִין זִיךְ אֵייבִּיג דוּרְךְ דֶעם, וָואס זֵייא זֶעצִין אַהִין עֶפִּים צוּ, כדי צוּ פֶּערְבֶּעסִירִין דִיא חסרונות פוּן זֵייאִיר דת וָואס זֵייא זֶענִין בַּייא זִיךְ בִּיוואוּסְט. מִיר הָאבִּין דָאס גִיזֶעהִין בַּייא זֵייאִיר בִּיהוֹיפְּטוּנְג פוּן דִיא פֶּערְדִינְסְטִין (זכיות) אוּן גִיפִינִין עֶס דָא בַּייא זֵייאִיר שְׁטֵייגִיר וִוידִיר. זֵייא בִּיהוֹיפְּטִין, אַז דֶער יום כפור זֶעלְבִּירְט אִיז אַיין פֶּערְגֶעבוּנְג פַאר דֶעם בעל תשובה, אָבִּיר אַחוּץ דֶעם פִיהלִין זֵייא, אַז

עס

עֶס אִיז זֵייא נָאךְ עֶפִּים גֵייטִיג, וָואס וָואלט אַבִּיכְל מֶעהר דֶעם שֵׁיין פוּן אֵיין אמתין קרבן פוּן פֶערְגֶעבוּנְג הָאבִּין, אוּן אַזוֹ אִיז מחמת דֶעם אַרוֹיס גִיקוּמִין דֶער מנהג, אוּם ערב יום כפור אַיין הָאן צוּ אָפְּפֶערִין (מקריב צוּ זַיין). דֶעם סדר פוּן דֶעם דָאזִיגִין מנהג וָואס וֶוערְד דָא וַוייטִיר גִיבְּרֶענְגְט, אִיז פוּן דֶעם ספר קהלת שלמה, אוּן אפילו פוּן אַיין אַרוֹיס גֶעבּוּנְג פוּן דֶעם, וֶועלְכִי עֶס אִיז אִין בְּרֶעסְלוֹיא אַרוֹיס גִיקוּמִין אִין דֶעם יָאהר (תקצ״צ) 1830. מִיר הָאבִּין דֶעם ספר אוֹיס גִיקְלִיבִּין צוּם טְהֵייל, מחמת עֶר אִיז גָאר נִיט לַאנְג גִידְרוּקְט גִיוָוארִין, צוּם טְהֵייל אָבִּיר אוֹיךְ פוּן דֶעסְט וֶועגִין, וַוייל דֶערִינְין אִיז דִיא פָאר גִישְׁרִיבִּינִי תקנה, אוֹיף יוּדִיש דַייטְשִׁין לשון גִידְרוּקְט, אוּן אַזוֹ אִיז עֶס אַיין בִּיוַוייז, אַז עֶס אִיז אוֹיךְ פַאר דִיא גְרוֹיסִי פְּרָאכְטַאקִים בִּירֶעכִינְט, אוּן אַז דֶער מנהג בְּגְרֶענִיצְט זִיךְ נִיט נוּר אוֹיף עֶטְלִיכִי לומדים, נַייאִירְט עֶס אִיז פֶערְבְּרֵייטִירְט אוּמִידוּם אוּנְטִיר דֶעם גַאנְצִין פָאלְק:

## סדר כפרות

„אוּם ערב יום כפור אִיז דֶער מנהג, כפרות צוּ מַאכִין. מַאן נֶעמְט אַיין הָאן צוּ אֵיינִים מַאן, אוּן אַיין הִין צוּ אֵיינִיר פְרוֹיא. אוּן צוּ אֵיינִיר פְרוֹיא דִיא מעוברת אִיז נֶעמְט מַאן אַיין הִין אוּן אַיין הָאן פוּן דָאס קִינְד וֶועגִין. דֶער בעל הבית מַאכְט צוּ עֶרְשְׁט דִיא כפרה פַאר זִיךְ. דֶער כהן הגדול הָאט צוּ עֶרְשְׁט מכפר גִיוֶועזִין פַאר זִיךְ, אוּן דֶער נָאךְ אוּם זַיין הוֹיז גִיזִינְד, דֶער נָאךְ פַאר כל ישראל. אוּן דֶער סדר פוּן דִיא כפרות אִיז וִויא אִין לשון הקודש שְׁטֵייט:

עֶר נֶעמְט דֶען הָאן אִין דִיא הַאנְד, אוּן זָאגְט דִיא פסוקים:

בני אדם יושבי חשך וצלמות אסירי עני וברזל: יוציאם מחשך וצלמות ומוסרותיהם ינתק: אוילים מדרך פשעם ומעונותיהם יתענו: כל אוכל תתעב נפשם ויגיעו עד שערי מות: ויזעקו אל י״י בצר להם ממצוקותיהם יושיעם: ישלח דברו וירפאם וימלט משחיתותם: יודו לי״י חסדו ונפלאותיו לבני אדם: אם יש עליו מלאך מליץ אחד מני אלף להגיד לאדם ישרו: ויחוננו ויאמר פדעהו מרדת שחת מצאתי כפר:

„דִיא מֶענְשִׁין קִינְדִיר, דִיא וָואס זִיצִין אִין פִינְסְטִירְנִיש אוּן אִין דֶעם שָׁאטִין פוּן טוֹיט, דִיא וָואס זֶענִין גִיבּוּנְדִין מִיט פַּיין אוּן אַייזִין, עֶר הָאט זֵייא אַרוֹיס גִינוּמִין פוּן דִיא פִינְסְטִירְנִיש אוּן פוּן דֶעם שָׁאטִין פוּן דֶעם טוֹיט אוּן עֶר הָאט צוּ רִיסִין זֵייאִירִי שְׁטְרִיק. דִיא נַארִישִׁי לַייט זֶענִין

גיפֿיינִיגְט גיוועזין פֿון וועגין דעם וועג פֿון זייאירי מִסִיטַהאט און פֿון וועגין זייאירי זינד, זייאירי זייל האט פֿער שְׁמֶעהִיט אַלירלֵייא שְׁפַּייז, און זייא זֶענִין נאהנט גיקוּמִין בִּיז צוּ דיא טְהוֹרִין פֿון דעם טויט. און אַז זייא האבִּין גישְׁרִיגין צוּ יהוה, אַז עס אִיז זייא עֶנג גיוועזין, אַזוֹ האט ער זייא גיהאלְפִין אוֹיס זייאירי בִּידְרֶעֶנְגְנִיש; ער האט גישִׁיקְט זיין ווארט און ער האט זיא גיהיילט און ער האט (זייא) גימַאכְט עֶנְטְרִינִין אוֹיס זייאירי פֶֿער דֶערְבּוּנְג. לאזין זייא דַאנְקִין צוּ יהוה פַֿאר זייני גינאד און זייני וואונְדִיר, קֵייגִין דיא מֶענְשִׁין קינְדִיר. ווען עס אִיז פַֿאר אִיהם דא אַיין עֶנְגִיל (מלאך), אַיין פֿירְשְׁפְּרֶעכִיר (מליץ), אֵיינִיר פֿון טויזינד, צוּ זאגין דעם מֶענְשִׁין וִויא ער זאלל רֶעכְטִים טהון, אַזוֹ וועט ער אִיהם גִינֶעדִיג זיין און זאגין: ער אִיז אוֹיס גילֵייזְט פֿון אַבִּיין צוּ נִידִירִין אִין פֶֿער דֶערְבִּנִיש, ווארִין אִיךְ האב פֶֿערְגֶעבּוּנְג גיפֿוּנִין."

וֶוער פַֿאר זִיךְ דִיא כפרה אוּם שְׁלָאגְט זָאגְט דָאס:

זה חליפתי. זה תמורתי. זה כפרתי. זה התרנגול ילך למיתה. ואני אכנס ואלך לחיים טובים ארוכים ולשלום:

„ „דער דאזִיגיר אִיז אָנְשְׁטאט מִיר, דער דאזִיגִיר אִיז מַיין פֶֿערְבַּייטוּנְג, דער דאזִיגִיר אִיז מַיין פֶֿערְגֶעבּוּנְג (כפרה). דער דאזִיגיר האן זאלל געהִין אִין דעם טויט. און אִיךְ זאלל אַבִּיין קוּמִין און אַבִּיין געהִין צוּ אַיין גוּטִין און לַאנְגִין לֶעבִּין און צוּם פְֿרִידִין." „דער נאךְ הֵייבְּט מַאן וִוידִיר אָן „בני אדם" און אַזוֹ מַאכְט מַאן עס דְרַייא מאהל."

דער נאךְ קוּמְט וִוידִיר אַלירלֵייא פֶֿערְעֶנְדִירוּנְגִין, וואס עס מוּז גיזאגְט ווערִין, ווען עס וועֶרְד דער סדר פֿון כפרות גיזאגְט מִיט אַיין נקבה אוֹדִיר אַנְדִירִי מֶענְשִׁין, און דער נאךְ וועֶרְד צוּ גישְׁטֶעלְט: „אַזוֹ בַּאלְד אַלְס מַאן האט סדר כפרות גִימַאכְט, זאלל מַאן דיא הֶענְד דְרוֹיף לֵייגִין, וִויא מַאן דִיא הֶענְד גילֵייגְט האט אוֹיף אַיין קרבן, און תיכף דער נאךְ צוּ דער שחיטה גֶעבִּין." מֵילָא דער דאזִיגִיר מנהג, וואס ער הֶערְשְׁט אוּמִירוּם אוּנְטִיר דִיא יוּדִין, בִּיוַוייזְט שוֹין גינוּג דִיא אִינִיוֶועֶנִיגְקְסְטִי אוּם צוּ פְֿרִידִינְהַייט פֿון דִיא יוּדִין מִיט זייאִיר אֵייגִינִיר לֶערְנוּנְג און דִיא טִיף בִּיגְרוּנְדִיטִי גִיוִויסְהַייט פֿון זייאִיר הַארְץ, אַז אָן בְּלוּט פֶֿערְגִיסוּנְג קאן קֵיין פֶֿערְגֶעבּוּנְג פֿון זינד נִיט זיין. ווען זייא וואלְטִין וִוירְקְלִיךְ גִיגְלוֹיבְּט אַז תשובה, אוֹדִיר דער יום כפור זֶעלְבִּירְט, אוֹדִיר צדקה גֶעבּוּנְג, אוֹדִיר פֶֿערְדִינְסְט (זכיות) עֶנְטְווִיר זייאִיר אֵייגִינִי אוֹדִיר דער זכות פֿון זייאִירִי אבות, קֶענִין מכפר זיין אוֹיף זייאִירִי זינד, אַזוֹ וואלְטִין זייא קֵיין מאהל

ניט אוים גיטראכט אזו איין מנהג וויא דער דאזיגער איז. אבער דאס גימוהט פון תורת משה איז צו טיף איין גיווארצילט גיווארין ביי דאס פאלק, אז זייא זאללין זיך ביגנוגינין מיט עפים ערגינץ איין זאך, וואס עס איז ערגער וויא דער ווירקליכער קרבן, און ווייל זייא האבין איצונד ניט קיין כהן און ניט קיין אפפיר שטול (מזבח), אזו איז גימאכט גיווארין איין עלענדער און נישטיגער פרוב, דאס גימוהט צו בירוהיגין דורך דער דאזיגער המצאה. דער דאזיגער מנהג ביווייזט אזו, אז דיא לערנונג פון דיא רבנים אז תשובה האט דיא קראפט מכפר צו זיין איז ניט אמאהל פון דיא וואס זענין רבנים זעלבירט גיגלויבט גיווארין, אודיר עפים מיט גרויסיר פערטרויהונג אנגינומין גיווארין. וויא קאן נון איין יוד דאס הייל פון זיין זייל גרונדפעסטיגין אויף אזו איין לערנונג, וואס זיא איז אקייגין דער תורה פון משה וואס איהרי ביקענער זעלבירט האלטין זיא ניט פאר פולקומין? וויל ער אויף איין זעלבירט אוים גיטראכטין קרבן פון איין האן זיך שטיצין? גאטט האט אין ערגינץ פאר דעם דאזיגין מנהג קיין פערגעבונג ניט צו גיזאגט; וויא קאן זיך ערגינץ איין קלוגיר מענש ביי דעם בירוהיגין אהני איין זיכירין צו זאג פון דעם בישעפיר וואס ער פער ענדירט ניט און פער בייט ניט? אויף דער דאזיגער שטיצונג איז זיך אויך אזו ניט צו פערלאזין, וויא אויף איני פון דיא דאזיגי, וואס מיר האבין שוין ביטראכטיט. איטליכי פון דיא רבנישי האפפינונגין האט זיך פאר אוים זיכיר דערוויזין, אז מאן האט עם אביסיל בעסיר גיפרובט: איגיני פערדינסט (זכיות), זכות אבות, דאס בלאזין דעם האדין פון איין באק, דיא איצטיגי מנהגים פון יום כפור, דער קרבן פון איין האן, אללי דיא דאזיגי זאכין זענין ענטוויר דאס ווארט פון גאטט פראכטא אקייגין גיזעצט, אודיר עס ווירד וויניגסטינס דורך דאס זעלביגי גימאכט אז מאן זאלל דארפין דארינין מסופק זיין. וויא זאלל נון איין יוד ביקומין פערגעבונג פאר זייני זינד? דער איצונדיגער אנגיוויזינער מנהג שמוהיסט ארוים דיא מיינונג פון דאס יודישי פאלק אין דעם דאזיגין ענין און ווייזט קלאר, אז איין קרבן וואס זאלל מכפר זיין איז דיא איינציגי אמתי האפפינונג. ער זאגט ערשטליך ארוים דיא פעסטי גיוויסהייט, אז איטליכים מענשליכיר נפש איז איין חייב און איז בידערפטיג איין פערגעבונג. ער האט אין זיך דעם סדר פון איין קרבן פאר איטליכין מאנם פערשוין, איטליכי ווייבם פערשוין, איטליכים קינד, יא אפילו גאר פאר דיא וואס זענין נאך פון מוטטירם לייב ניט גיבוירין גיווארין,

און

און לערינט דורך דעם, אז דיא נאטור פון מענשין איז פערדארבין אז אפילו דא, וואו קיין ווירקליכי עבירה איז ניט געטהון געווארין, מוז דיא געערבטי זינד מיט דעם בלוט פון איין קרבן פון פערגעבונג אויס געטילגט ווערין. ער דריקט ווידיר אויס דיא מיינונגין פון דיא יודין אין דעם וואס עס ביציהט זיך אויף דער נאטור פון קרבן, דאס הייסט אז דיא זינדין זענין אויף דעם קרבן געלייגט געווארין, און אז דאס דאזיגי איז געוועזין אנשטאט דעם פערזינדיגטין מענשין. עס קאן נישט קלעריר זיין וויא דיא פאר געשריבעני פארמי: „דאס דאזיגי איז אנשטאט מיר, דאס דאזיגי איז מיין אויסבייטונג, דאס דאזיגי איז מיין פערגעבונג (כפרה). ״ער האט ווידיר אין זיך דיא ערקלערונג, אז דער יעניגיר, וועלכיר עס ברייננגט איין קרבן פון פערגעבונג פאר איין אנדירין, מוז זעלבירט פון זינדין ריין זיין, ווייל ער פערלאנגט אז דער בעל הבית זאלל צום ערשטין מאכין איין פערגעבונג (כפרה) פאר זיך, און דער נאך פאר זיין הויז געזינד. דיא דאזיגי זענין דיא אן געוויזיני מיינונגין פון דאס יודישי פאלק. ניט נור דורך ווערטיר אויס געשפראכין, נייארט עס ווירד דורך איין פייאירליכין סדר פון אמונה פאר דעם פאר נאכט (ערב) פון זייאיר היילינגסטין טאג טאקיש במעשה ביקאנט געמאכט. דורך דעם דאזיגין סדר ערקלערין דיא יודין, אז עס איז איין פערגעבונג (כפרה) דווקא דורך בלוט נייטיג. דיא זעלביגי ערקלערונג גיבט אויך דיא תורה פון משה, ווייל עס שרייבט פאר אללי מנהגים פון דעם יום כפור. שיינט עס נון פאר אמת, אז דער גאטט פון ישראל וועט זיין פאלק לאזין אן דאס דאזיגי, וואס זייאירי הערצער ווינשין עס און זיין תורה ערקלערט עס פאר נייטיג, אום געהאלפין צו ווערין? דאס יודישקייט זאגט, יא. עס בישטעטיגט דורך דעם וואס דער סדר ווערד אללי יאהר ווידיר געמאכט, אז איין קרבן איז נייטיג, און פון דעסט וועגין איז עס מודה אין זייני פרומי גיבעט, אז זייא האבין קיין קרבן ניט. מילא בכן דער קלערט עס דערדורך, אז גאטט האט דיא ישראל געלאזין אן דאס, וואס איז דורך אויס נייטיג, כדי פערגעבונג צו ביקומין. דאס קריסטינטהום דערקייגין שטעלט אונס פאר, אז דיא מדות פון הקב״ה איז פול מיט דערבאהרימונג. עס דערקענט טאקי דיא נייטיגקייט פון איין קרבן פון פערגעבונג, אביר עס גיבט אויך איין קרבן און איין כהן גדול, וואס זיין פערגעבונג איז גינוג פאר דיא זינד פון דער גאנציר וועלט. עס זאגט אז גאטט האט ניט געלאזין אן איין ספאסיב פו

פערגעבונג

פֶערגֶעבּוּנְג נִיט זַיין אֵייגִינֵי פָאלְק, און נִיט דִיא גוים, נייאִירְט עֶר הָאט גֵייזשִׁיקְט זַיין גִירֶעכְטִין קְנֶעכְט, דֶעם משיח, כדי אונְזֶירֵי זִינְד אָן זַיינִים אֵייגִינִים לַייבּ צוּם קְרַייץ צוּ טְרָאגִין. דֶער כהן נָאךְ דֶעם שְׁטֵייגִיר נָאךְ פוּן מלכי צדק הָאט נִיט גִידַארְפְט קֵיין כפרה, אום זַיינֵי אֵייגִינֵי זִינְד צוּם עֶרְשְׁטִין צוּ פֶערְטִילִיגִין, וָוארִין עֶר הָאט קֵיינֵי זִינְד נִיט גִיהַאט. אוֹיף אַיין וואוּנְדֶירְלִיכִין אוֹפֶן דוּרְךְ דִיא מֶעכְט פוּן גָאטט גִיבּוֹירִין, הָאט דָאס מֶענְשְׁלִיכֵי אָן אִיהם נִישְׁט גִיהַאט פוּן דִיא זִינְד פוּן אדם הראשון, און גְלַייךְ אַז דֶער יהוה פוּן אוּנְזֶירִיר גִירֶעכְטִיגְקַייט הָאט עֶר נִיט גִיקֶענְט אוֹים גִיזֶעצְט זַיין מִיט פֶער אוּם רֵיינִיגוּנְג פוּן זִינְד. עֶר אִיז אִין אִיטְלִיכִין אוֹפֶן דֶער צוּ, פַאר אוּנְס מכפר צוּ זַיין. אוּנְזִיר קְרִיסְטְלִיכִיר הָאפְּפִינוּנְג פֶערְלָאזְט זִיךְ דַארוּם נִיט אוֹיף קֵיין הָאן, וָואס גָאטט הָאט קֵיין מָאהל נִיט גִיהֵייסִין אַז מַאן זָאלל דָאס מקריב זַיין, נייאִירְט אוֹיף דֶעם גְרוֹיסִין קרבּן פוּן פֶערְגֶעבּוּנְג, וֶועלְכִין עֶר הָאט בִּיצֵייכִינְט. אוּנְזִיר גְלוֹיבִּין, אוּנְזֶירֵי הָאפְּפִינוּנְג, אוּנְזִיר פֶערְטְרָאוִין, אַלְץ אִיז זִיךְ סוֹמךְ אוֹיף דֶער הבטחה פוּן גָאטט און קָאן נִיט בֶּעסִיר אוֹים גִידְרִיקְט וֶוערִין וִויא מִיט זַיין הֵיילִיגִין וָוארְט:

והוא מחולל מפשעינו מדכא מעונותינו מוסר שלומינו עליו ובחברתו נרפא לנו:

„אָבִּיר עֶר אִיז פֶערְוואוּנְדִיט גִיוָוארִין פוּן וֶועגִין אוּנְזֶירֵי מִיסִיטַהאט, עֶר אִיז צוּ שְׁטוּיסִין גִיוָוארִין פוּן וֶועגִין אוּנְזֶירֵי זִינְד, דִיא שְׁטְרָאף פוּן וֶועגִין אוּנְזִיר פְרִידִין אִיז אוֹיף אִיהם, און דוּרְךְ זַיינֵי בַּיילִין זֶענִין מִיר גִיהֵיילְט גִיוָוארִין: (ישעיה נ״ג פסוק ה׳) דְרוּם קָאן מַאן נִיט זָאגִין אַז מִיר קְרִיסְטִין פֶערְלָאזִין זִיךְ אוֹיף אוּנְזֶירֵי אֵייגִינֵי המצאות; אוּנְזֶירֵי הָאפְּפִינוּנְג בִּירוּהִיט נִיט אוֹיף דִיא פָארְשְׁרִיפְט פוּן אוּנְזֶירֵי פְּרִיסְטִיר (כהנים) אוֹדִיר רבנים, נייאִירְט אוֹיף דִיא וֶוערְטִיר, וֶועלְכֵי גָאטט הָאט גִירֵיידִיט דוּרְךְ דֶעם מָאוּיל פוּן זַיין נביא. מִיר קֶענִין דַארִיבִּיר גִיטְרֵייסְט דִיא יוּדִין זֶעלְבִּירְט דֶער צוּ אוֹיף פָאדִירִין, צוּ בִּישְׁטִימִין וֶועלְכֵי פוּן דִיא בֵּיידֵי הָאפְּפִינוּנְגִין אִיז מֶעהר גְלַייךְ צוּם שכל. בֵּיידֵי זֶענִין דֶערִינִין אַלְץ אֵיינְס, אַז אַיין כפרה, וֶועלְכֵי בִּישְׁטֵייהִיט אִין בְּלוּט פֶערְגִיסִין, אִיז נֵייטִיג צוּ פֶער גֶעבּוּנְג פוּן זִינְד. מִילָא דִיא רבנישי תורה זָאגְט דִיא דָאזִיגֵי וָואס גְלוֹיבִּין אִין אִיהר, זֵייא זָאלְלִין זִיךְ פֶערְלָאזִין אוֹיף אַיין טַייל פוּן אַיין קרבן, וָואס עֶס וֶוערְד אִין דֶעם וָוארְט פוּן גָאטט אִין עֶרְגִינְץ נִיט דֶערְמָאנְט; דָאס קְרִיסְטִינְטְהוּם דֶערְקְייגִין זָאגְט אוּנְס צוּ פֶער טְרָאוִין אוֹיף דֶעם קרבן פוּן גְרוֹיסִין

דערלייזיר

דֶערְלֵייזִיר וָואס יעקב הָאט אויף זַיין הִילְף גִיהָאפְּט , וָואס פון זַיין מכפר זַיין הָאבִּין דִיא מנהגים פון משה אַיין פָארְבִּילְד גִיגֶעבִּין , און דִיא יוּדִישִׁי נביאים הָאבִּין נביאות גִיזָאגְט . דִיא הָאפְּפִינוּנְג פון יודין בִּירוּהִיט אויף דִיא אום זִיכִירִי וֶוערְטִיר פון מֶענְשִׁין ; אוּנְזִירִי דֶערְקֵייגִין אִיז אויף דֶעם וָוארְט פון דֶעם לֶעבִּינְדִיגִין גָאטט גִיגְרוּנְדְפֶּעסְטִיגְט און פון דִיא רבנים , חָאטְשִׁי כנגד זייאיר וִוילְלִין , אִין דֶעם מנהג גופי בִּישְׁטֶעטִיגְט , וֶועלְכִין מִיר הָאבִּין אִיצוּנְד בִּיטְרַאכְטִיט . זֶעלְבִּירְט דִיא טבע פון דֶעם קרבן אִיז בִּישְׁטִימְט גִיוָוארִין אִין דֶער אוים קְלַייבוּנְג פון דִיא בִּישֶׁעפִּינִישִׁין . גבר הֵייסְט אַזוֹ גוט „אַיין מַאן" וִויא אויךְ „אַיין הָאן" און עֶס וֶוערְד דֶער דוּרְךְ אָן גִיוִויזִין , אַז אַיין גִירֶעכְטִיר מֶענְשׁ מוּז פֶער טְרֶעטִין דִיא שְׁטֶעלְלִי פון דֶעם זִינְדִיגִין מֶענְשִׁין ; און אַזוֹ זָאגִין עֶטְלִיכִי רבנים אַז צו דֶעם קרבן , אִיז אַיין הָאן אוים דֶערְוֶוייִלְט גִיוָוארִין :

כיון ששמו גבר תמורת גבר בגבר

„ווייל זַיין נָאמִין הֵייסְט גבר , אַזוֹ וִויא דֶער נָאמִין פון אַיין מֶענְשִׁין , אַזוֹ אִיז עֶס וִויא אַיין פֶערְבַּייטוּנְג אַיין מֶענְשִׁין פַאר אֵיינִים אַנְדִירִין מֶענְשִׁין . " (אורח חיים סימן תר"ה) דִיא גְרוּנְדְזֶעצוּנְגִין שְׁטִימִין פּוּנְקְט אַיין , אָבִּיר דָאס קְרִיסְטִינְטְהוּם וֶוערְד אִין דֶעם וִויא מַאן זָאלל עֶס אָן וֶוענְדִין , דוּרְךְ דָאס וָוארְט פון גָאטט אויף דֶעם אַהִין גִיפִיהְרְט , דֶער וָואס אִיז באמת אַיין וִוירְקְלִיכִיר מֶענְשׁ , אָבִּיר עֶר אִיז אויךְ דֶער הֶערר פון אוּנְזִירִיר גִירֶעכְטִיגְקֵייט , דֶער יהוה צדקנו .—

---

Дозволено Цензурою. Варшава 5 (17) Февраля 1876 г.
Въ Типографіи А. Гинса. Королевская № 1064 D

# НЕСЫВОТЪ ОЛОМЪ

# נתיבות עולם

עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז

דיא אלטי שטעגין.

## נומר ל״ז

אין דעם גאנג פון יאהר *) קומט אויך דיא צייט, אין וועלכיר גאט האט בּיפוילין זיין פאלק דעם יום טוב פון סוכות צו האלטין, און דיא מגהגים, וואס דיא ישראל האלטין עס נאך איצונד אין דער גאנציר וועלט, און בּישטעהין אין דעם וואס זייא איז איבּיר גיענטווירט גיווארין פון דיא פאר צייטיגי לייט, מוז אונס גינעטיג השיבות און פערוואונדירונג איין פליסין. ווען מיר בּידענקין דיא פילי הונדירט יאהר, וואס זייא לעבּין שוין אלץ צו שפרייט אונטיר אללי פעלקיר, ווען מיר דערמאנין דעם כלל בּידריקיניש, וואס זייא האבּין גימוזט דער טראגין, און מיר זענין משער דיא אום פערדינטי צרות וואס זייא האבּין גיהאט צו ליידין, אזו קענין מיר נור דיא קראפט פון דער ארינטליכקייט בככבוד האלטין, וועלכי זייא האבּין בּיוויזין בּייא דער אכטונג געבּונג און איינפלאנצונג פון איין אמונה, וואס פון וועגין איהר איז אויף זייא דיא אללי צרות גיקומין. אבּיר דאס דאזיגי בּישטעהין בּלייבּונג זעלבּירט, און דיא חשיבות, וואס זיא פליסט איין, פיהרט אונס נאטירליך אויף דיא נאך פארשונג, אויבּ דער דת אמונה זעלבּירט איז אמת אז ער זאלל ווערד זיין דיא טרייאיגקייט, מיט וועלכיר עס איז רעכט דער האלטין גיווארין, און פאר אללים, אויבּ דיא דאזיגי בּישטעהין בּלייבּונג איז פון דעם שטייגיר, אז זיא זאלל אין דעם לעצטין גרויסין טאג בּיקומין דעם הסכם פון דעם דאזיגין, דער וואס משפט ניט וויא איין מענש. דיא וואס בּיקענין זיך צו דעם דאזיגין דת גלויבּין נאטירליך אז עס איז אזו, אז זייא דער פיהלין דיא גיבּאט פון גאטט דורך דיא אכטונג געבּונג פון

דיא

---

*) דאס איז געשריבין אין דעם חודש תשרי שנת תקל״ו

דיא מנהגים און תקנות, און פֶערְזִיכֶירִין זִיךְ זַיין גִינְצִיגְקֵייט; און אִין דֶעם אופן פון דֶעם יום טוב פון סוכות גְלוֹיבִּין זֵייא בִּיזוּנְדִירְלִיךְ, אַז דִיא זֶעלְבִּיגֵי זֶענִין אַלְלֵיין אַזוֹ וַואזְנֶיע, אום אִין דֶעם טָאג פון גִירִיכְט צוּ קֶענִין וַוייזִין זֵייאִיר אֵייגִינִים בִּיפָאלְגוּנְג און דָאס אום בִּיפָאלְגוּנְג פון אַלִי אִיבְּרִיגֵי פֶעלְקִיר. מִיר וֶועלִין צום עֶרְשְׁטִין פֶעסְט שְׁטֶעלְלִין דִיא לֶערְנוּנְג פון דָאס נַייאִי יוּדִישְׁקֵייט אִין דֶער דָאזִיגִיר זַאךְ, און דֶער נָאךְ חוקר ודורש זַיין, אויבּ זֵייא זֶענִין אִין דֶער וַוארְהַייט בִּיגְרוּנְדִיט. אִין דִיא תפלות פון בית הכנסת פון דֶעם דָאזִיגִין יום טוב גִיפִינִין מִיר דֶער גְלַייכִין אוים גִישְׁפְּרָאכִין, אַז דִיא אויף בּויאוּנְג אַיין סוכה נָאךְ דִיא רבנישי פָּאר שְׁרַייבּוּנְג נָאךְ אִיז אַיין וֶוערְק פון פֶערְדִינְסְט:

חשובה ארבע אמות על ארבע. פסולה פחותה מארבע. כדי לזכות עם רובע:

„עֶס אִיז חשוב (אַיין סוכה) וֶוען זִיא אִיז פִיר אֵיילִין לַאנְג און פִיר אֵיילִין בְּרֵייט; זִיא אִיז אָבִּיר פסול אַז זִיא אִיז וֵוייניגִיר פון פִיר אֵיילִין — כדי זִיא זָאל מזכה זַיין דָאס פָאלְק (ישראל)." און עֶפִּים וַוייטִיר אוּנְטִין, וֶוערְד נָאךְ דִיא בְּישְׁרַייבּוּנְג פון דֶעם יום טוב אִין גן עדן מִיט דֶעם אַיין גִיזַאלְצִינִים לויתן און דֶעם שור הבר צוּ גִישְׁטֶעלְט, אַז דִיא דָאזִיגֵי לֶערְנוּנְג וֶועט דִיא לֶעצְטִי זַיין וָואס מַאן וֶועט דֶער מִיט דִיא אוּמות העולם פְּרוּבִין, און זֵייאִיר אָבּ גִינֵייגְט זַיין, פון אַזוֹ וָואס צוּ הַאלְטִין, וֶועט דִיא סיבה זַיין פון זֵייאִיר פֶער פַאלִינִישׁ אִין גהינם אַרַיין:

נכנסין כל האומות לדין. פני יושב על כסא דין. ובצדק אותנו ידין: סדר מצותיך תן לנו ונקימה. ונזכה עם אלו בנחמה. שגיא כח שוכן רומה: עליון השופט כל באמונה. ישמיע להם בתבונה. יש לי מצוה קטנה: פירוש סוכה ושאליה. ארבע דפנות וצל עליה. אל תרחקו מעליה: צללים לעשות בה יעטו. וחמה קרחה עליהם ולוהטו. וברגליהם יבעטו: קדוש ישפוך עליהם חימה. ויפילם בגהינם בלא רחומה. במדרגה התחתונה במהומה:

„אַלְלִי אומות וֶועלִין אַרַיין גֵיין צום דִין, פַאר דֶעם וָואס זִיצְט אויף דֶעם שְׁטוּל פון דִין; און מִיט גִירֶעכְטִיגְקֵייט וֶועט עֶר אוּנְס רִיכְטִין. דִיא פֶעלְקִיר וֶועלִין דֶענְקְמָאלְט זָאגִין: גִיבּ אוּנְס דֶעם סדר פון דַיינִי מצות און מִיר וֶועלִין עֶס מקיים זַיין, אַז מִיר זָאלְלִין זוכה זַיין אַזוֹ וִויא דִיא דָאזִיגֵי זִיךְ טְרֵייסְטִין, דוּ וָואס הָאסְט גְרוֹיס מַאכְט, און דוּ רוּהִיסְט אִין דֶער הֵייךְ! דֶער אויבִּירְשְׁטִיר וָואס רִיכְטִיט אַלְלִי מִיט וַוארְהַייט, וֶוערְד זֵייא דֶענְקְמָאלְט מִיט פֶערְשְׁטַאנְד לָאזִין הֶערִין זַיינִי רֵייד, וַוייל

ער וועט זאגין, איך האב איין קליינע מצוה, אין זיא הייסט סוכה און מאן ביבארף דער צו פיר ווענד פון דיא זייטין און איין שאטין דירויף צו מאכין, דער ווייטירט זיך ניט פון איהר, זיא צו האלטין. זייא וועלין דענסמאלט ביידליך מיט שאטין מאכין אום דערונטיר צו פער ווילין; אביר דיא זון וועט אויף זייא מיט היץ שיינין, אז זייא וועלין דער פלאמט זיין צום פער ברענין, און דען וועלין זייא מיט זייארי פיס טרעטין ארויס צו לויפין. דער היילגיר וועט דענסמאלט זיין צארין איביר זייא אויס גיסין, און וועט זייא אריין ווארפין אין גהינם אן איין דערבארימונג, אין דער אונטירשטיר מדרגה מיט איין פער טומלונג. (יוצר לשבת דחול המועד של סוכות.) דיא דאזיגי וואונדירליכי ידיעה פון דעם יום הדין וואס וועט קומין און דיא פער טיליגונג פון דיא אומות העולם איז פון דער גמרא ארויס גינומין גיווארין, וואו זיא ווערד זייער ברייט מיט אללי פרטים אויס גיטהיילט עס וואלט אונס זייאיר פיל פלאץ אוועק גענומין אז מיר וואלטין אהער אין גאנציין אפאר ברענגין; אביר ווייל צו דער ביטראכטונג פון דער דאזיגיר זאך זענין עטליכי טהיילין גייטיג, אזו ברענגין מיר אהער דיא אויס ציהונג וואס דא שטייט:

לעתיד לבא מביא הקב"ה ספר תורה בחיקו ואומר כל מי שעסק בה יבוא ויטול שכרו מיד מתקבצין ובאין אומות העולם בערבוביא שנאמר כל הגוים נקבצו יחדיו אומר להם הקב"ה אל תכנסו לפני בערבוביא אלא תכנס כל אומה ואומה וסופריה:

„לעתיד לבא וועט הקב"ה ברענגין איין ספר תורה אין זיין שויס און וועט זאגין: איטליכיר וועד עס האט אין איהר עוסק גיוועזין, זאלל קומין און זאלל נעהמין זיין לוהן! אזו באלד וועלין זיך צו זאמין קלייבין דיא אומות פון דער וועלט און וועלין קומין מיט איין פערמישונג וויא עס שטייט אין פסוק: „„אללי פעלקיר וועלין זיך פער זאממלין בינאנד.״ „וועט הקב"ה צו זייא זאגין: איהר זאללט פאר מיר ניט אריין גיין מיט איין גימישאכץ נייארט לאז איטליכי אומה ביזונדיר אריין קומין מיט איהרי גילערינטי (סופרים). „דער נאך ווערד בישריבין וויא עס וועט זיין אז איטליכים פאלק וועט קומין און וויא עס וועט ניט העלפין זייאיר פרובין זיך צו רעכטפערטיגין פאר זייאיר אויף פיהרונג. און דער נאך ווערד ווייטיר אזו דערציילט:

אומרים לפניו רבש"ע ישראל שקבלו היכן קיימוה אומר להם הקב"ה אני מעיד בהם שקיימו את התורה אומרים לפניו רבש"ע כלום יש אב שמעיד

שמעיד על בנו דכתיב בני בכורי ישראל אומר להם הקב"ה שמים וארץ יעידו בהם שקיימו את התורה כלה אומרים לפניו רבונו של עולם שמים וארץ נוגעין בעדותן שנא' אם לא בריתי יומם ולילה חקות שמים וארץ לא שמתי ואר"ש בן לקיש מאי דכתיב ויהי ערב ויהי בקר יום הששי מלמד שהתנה הקב"ה עם מעשה בראשית ואמר אם ישראל מקבלין את תורתי מוטב ואם לאו אחזיר אתכם לתהו ובהו והיינו דאמר חזקיה מאי דכתיב משמים השמעת דין ארץ יראה ושקטה אם יראה למה שקטה ואם שקטה למה יראה אלא בתחלה יראה ולבסוף שקטה אומר להם הקב"ה מכם יבואו ויעידו בהן בישראל שקיימו את התורה כלה יבא נמרוד ויעיד באברהם שלא עבד ע"ז יבא לבן ויעיד ביעקב שלא נחשד על הגזל תבא אשת פוטיפרע ותעיד ביוסף שלא נחשד על העבירה יבא נבוכדנצר ויעיד בחנניה מישאל ועזריה שלא השתחוו לצלם יבא דריוש ויעיד בדניאל שלא ביטל את התפלה יבא בלדד השוחי וצופר הנעמתי ואליפז התימני ואליהו בן ברכאל הבוזי ויעידו בהם בישראל שקיימו את התורה כולה שנא' יתנו עידיהן ויצדקו אומרים לפניו רבש"ע תנה לנו מראש ונעשה אומר להן הקב"ה שוטים שבעולם מי שטרח בערב שבת יאכל בשבת מי שלא טרח בערב שבת מהיכן יאכל בשבת אלא אעפ"י כן מצוה קלה יש לי וסוכה שמה לכו ועשו אותה ומי מצית אמרת הכי והא א"ר יהושע בן לוי מאי דכתיב אשר אנכי מצוך היום היום לעשותם ולא למחר לעשותם היום לעשותם ולא היום ליטול שכרם אלא שאין הקב"ה בא בטרוניא עם בריותיו ואמאי קרי לה מצוה קלה משום דלית בה חסרון כיס מיד כל אחד וא' נוטל והולך ועושה סוכה בראש גגו והקב"ה מקדיר עליהם חמה בתקופת תמוז וכל אחד ואחד מבעט בסוכתו ויוצא וכו' :

„דִיא גוֹים וֶועלִין דֶענְסְמָאלְט צוּ אִיהם זָאגִין, דוּא הַארר פוּן דֶער וֶועלְט, דִיא ישראל וָואס זֵייא הָאבִּין דִיא תּוֹרה מקבל גִיוֶועזִין, וואוּ, הָאבִּין זֵייא זִיא דֶען גִיהַאלְטִין ? אַזוֹ וֶועט הקב"ה צוּ זֵייא זָאגִין : אִיךְ בִּין אוֹיף זֵייא מעיד אַז זֵייא הָאבִּין דִיא תּוֹרה גִיהַאלְטִין. וֶועלִין זֵייא צוּ אִיהם זָאגִין : הַארר פוּן דֶער וֶועלְט, אִיז דֶען דָאס רֶעכְט אַז אַיין פָּאטִיר זָאלל עדוּת זָאגִין אוֹיף זַיין קִינְד ? וָוארִין עֶס שְׁטֵייהִיט גִישְׁרִיבִּין : „ישראל אִיזְט מַיין עֶרְשְׁט גִיבָּארִינִיר זוּהן" (שמות ד' פסוק כ"ב). אַזוֹ וֶועט הקב"ה צוּ זֵייא זָאגִין : דִיא הִימְמִיל אוּן דִיא עֶרְד וֶועט פַאר זֵייא עדוּת זָאגִין אַז זֵייא הָאבִּין דִיא תּוֹרה מקיים גִיוֶועזִין אִין גַאנְצִין. וֶועלִין וִוידִיר דִיא אוּמוֹת זָאגִין : הַארר פוּן דֶער וֶועלְט, דִיא הִימְמִיל אוּן דִיא עֶרְד זֶענִין נוֹגע אִין זֵייאִירִי עדוּת, וָוארִין עֶס שְׁטֵייט : „הַאלְט אִיךְ מַיין בּוּנְד נִיט מִיט טָאג אוּן נַאכְט, נָאךְ דֶער אָרְדִינוּנְג פוּן הִימְמִיל אוּן עֶרְד." ? (ירמיה ל"ג, פסוק כ"ה) אוּן רבי שמעון בן לקיש הָאט גִיזָאגְט : וָואס מֵיינְט דֶער פסוק וָואס עֶס שְׁטֵייט : „אוּן עֶס אִיז גִיוָוארִין אָבִינְד אוּן עֶס אִיז

גיווארין

גִיוָוארִין מָארְגִין דֶער זֶעקְסְטִיר טָאג״ ? פון דַאגִין איז גִידְרוּנְגִין אַז הקב״ה הָאט אַיין תנאי אוים גִינוּמִין מִיט דֶער בְּיַשַׁאפוּנְג פון דֶער וֶועלְט, און עֶר הָאט גִיזָאגְט: אוֹיבּ דִיא ישראל וֶועלִין מקבל זַיין מַיין תורה אִיז גוּט, און אוֹיבּ נִיט, וֶועל אִיךְ אַייךְ וִוידִיר מַאכִין צוּ וִויסְט און לֶעהר. און דָאס זֶעלְבִּיגִי וָואס חזקיה הָאט גִיזָאגְט: וָואס מֵיינְט דֶער פסוק ? ״ אַז דוא לָאזְט פון הִימְמִיל הֶערִין דָאס גִירִיכְט, אַזוֹ דֶער שְׁרֶעקְט דִיא עֶרְד און וֶוערְד שְׁטִילל, ״ וֶוען זִיא דֶער שְׁרֶעקְט וָוארום וֶוערְד זִיא שְׁטִילל, און וֶוען זִיא אִיז שְׁטִיל וָוארום דֶער שְׁרֶעקְט זִיא ? נוּר דֶער פירוש אִיז אָבִּיר אַזוֹ: אִין אָנְהֵייבּ דֶער שְׁרֶעקְט זִיא (פַאר מורא תאמר וֶועלִין דִיא ישראל דִיא תּוֹרה נִיט הַאלְטִין און עֶס וֶועט אַלֶץ וִויסְט און לֶעהר וֶוערִין) און צוּם סוֹף אִיז זִיא שְׁטִילל. דֶער נָאךְ וֶועט גָאטט ב״ה צוּ דִיא אוּמות זָאגִין, לָאזִין קוּמִין אֵיינִיגִי פון אַייךְ זֶעלְבִּיר, און לָאזִין זֵייא אוֹיף דִיא ישראל עדות זָאגִין, אַז זֵייא הָאבִּין דִיא גַאנְצִי תּוֹרה גִיהַאלְטִין, לָאז נמרוד קוּמִין און אוֹיף אברהם עדות זָאגִין אַז עֶר הָאט קֵיין עבודה זרה נִיט גִידִינְט; לָאז לבן קוּמִין און אוֹיף יעקב עדות זָאגִין אַז עֶר אִיז נִיט גִיוֶועזִין אִין חשד אוֹיף אוּם עֶרְלִיכְקַייט (גזל); לָאז קוּמִין דָאס וַוייבּ פון פוטיפר און לָאז עדות זָאגִין אוֹיף יוסף אַז עֶר אִיז נִיט גִיוֶועזִין אִין חשד פון אַיין עבירה צוּ טְהוּן; לָאז קוּמִין נבוכדנצר און עדות זָאגִין אוֹיף חנניה מישאל און עזריה אַז זֵייא הָאבִּין זִיךְ צוּם בִּילְד נִיט גִיבּוּקְט; לָאז קוּמִין דריוש און עדות זָאגִין אוֹיף דניאל אַז עֶר הָאט תפלה נִיט מבטל גִיוֶועזִין; לָאז קוּמִין בלדד פון שוחי און צופר פון נעמת און אליפז פון תימן און אליהו דֶער זוהן פון ברכאל פון בוז און זָאלְלִין עדות זָאגִין אוֹיף דִיא ישראל אַז זֵייא הָאבִּין דִיא גַאנְצִי תּוֹרה גִיהַאלְטִין – אַזוֹ וִויא עֶס שְׁטֵייט גִישְׁרִיבִּין: ״לָאזִין זֵייא גֶעבִּין זֵייאִירִי צֵייגְנִיש און לָאזִין זֵייא גִירֶעכְט זַיין.״ אַזוֹ וֶועלִין וִוידִיר דִיא אוּמות צוּ אִיהם זָאגִין: הַארר פון דֶער וֶועלְט גִיבּ אוּנְס דִיא תּוֹרה פון אָנְפַאנְג און מִיר וֶועלִין זִיא הַאלְטִין. אָבִּיר גָאטט ב״ה וֶועט צוּ זֵייא זָאגִין, נַארִין פון דֶער וֶועלט וֶוער עֶס הָאט זִיךְ מטריח גִיוֶועזִין אוּם ערב שבת, דֶער וֶועט אוּם שבת עֶססִין, אָבִּיר וֶוער עֶס הָאט זִיךְ אוּם ערב שבת נִיט מטריח גִיוֶועזִין, פון וַואנִין זָאלל עֶר אוּם שבת עֶסִין ? נוּר הָאטְשִׁי אַזוֹ, אִיךְ הָאבּ אֵיין גְרִינְגִי מצוה, און אִיהר נָאמִין אִיז סוכה גֵייט און טַייט זִיא מקיים. אָבִּיר וִויא קָאן מַאן זָאגִין (אַז גָאטט וֶועט אַזוֹ זָאגִין) וַוייל רבי יהושע דֶער זוּן פון לוי הָאט דָאךְ גִיזָאגְט: וָואס

אִיז

אִיז דֶער מִיט גִימֵיינְט וָואס עֶס שְׁטֵייהִיט גִישְׁרִיבִּין : „וָואס אִיךְ גִיבִּיט אֵייךְ הַיינְט ?" הַיינְט (דָאס הֵייסְט אִין דֶער דָאזִיגֶער וֶועלְט) זָאלְל מַאן זֵייא מקיים זַיין , אָבִּיר נִיט מָארְגִין (דָאס הֵייסְט נִיט אוֹיף יֶענִיר וֶועלְט ;*) הַיינְט זָאלְל מַאן זִיא טְהוּן , אָבִּיר נִיט הַיינְט דֶעם לוֹהן צוּ נֶעהמִין ? נוּר דֶער עֶנְטְוָוִיר דֶערוֹיף אִיז , הקב"ה בִּיגֵייהִיט זִיךְ מִיט זַיינִי בִּישֶׁעפְּנִישִׁין נִיט מִיט אכזריות . פַאר וָואס אָבִּיר וֶוערְד דִיא מצוה גִירוּפִין אַיין גְרִינְגִי ? וַוייל מַאן בִּידַארְף דִירְבַּייא ..קיין גֶעלְט נִיט צוּ פֶערְלִירִין . אַזוֹ בַּאלְד וֶועט אִיטְלִיכִיר גִישְׁוִוינְד גֵיין אוּן מַאכִין אַיין סוכה אוֹבִּין אוֹיף זַיין דַאךְ . אָבִּיר הקב"ה וֶועט אוֹיף זֵייא לָאזִין בְּרֶענְנִין מִיט אַיין זֵייאִיר גְרוֹיסִי הִיץ פוּן דֶער זוּן , אוּן אִיטְלִיכִיר וֶועט זַיין סוכה אַוֶועק שְׁטוֹיסִין , אוּן וֶועט אַרוֹיס גֵיין , וכו'." (אִין דֶער גמרא עבודה זרה דף ג' עמוד א'.) דָאס דָאזִיגִי אִיז דִיא לֶערְנוּנְג פוּן דֶער גמרא , וֶועלְכִי עֶס אִיז אִין דִיא פוּבְּלִיצְנֶיע תפילות פוּן בית הכנסת אוֹיף גִינוּמִין גִיוָוארִין אוּן דַארוּרְךְ אוֹיף דָאס שַׁארְפְּסְטִי בִּישְׁטֶעטִיגְט גִיוָוארִין . אָבִּיר עֶרְשְׁטְלִיךְ. אִיז זִיא אִין גַאנְצִין פַאלְשׁ , זִיא הָאט נִיט אַמָאהל ..קיין שַׁיין פוּן אמת פַאר זִיךְ , אוּן עֶס אִיז נוּר צוּ בִּיוואוּנְדִירִין , וִויא אַזוֹ אַיין אוּם זִינִיגִי אוֹיס טְרַאכְטוּנְג הָאט אַמָאהל גִיקֶענְט אִיהר וֶועג גִיפִינִין אִין דִיא תפילות פוּן דִיא ישראל . זִיא שְׁטֶעלְט פָאר דָאס יוּדִישְׁקַייט גַאנְץ בִּישְׁטִימְמְט אִין שְׁלֶעכְטִין אָן זֶעהִין אוּן וִויא אַיין אמונה וָואס אִיז זִיךְ אַלֵיין משונה סותר אוּן אִיז דָם גְרֶעבְּסְטִי אמונה פוּן הבל אוּן בִּיוַויִיזְט וָואס מַאן קָאן עֶס גָאר נִיט אָבּ וֶוענְדִין , אַז עֶרְשְׁטִינְס דִיא פֶער זַאמְלוּנְג וֶועלְבִּירְט נֶעמְט אָן , אַז דִיא דוּמְהַייטִין פוּן דֶער גמרא קוּמְט אַרוֹיס פוּן גָאטט , אוּן צְוֵוייטִינְס אַז דִיא מחברים פוּן דֶער תורה שבעל פה , וָואס זֵייא הָאבִּין גִיקֶענְט אַזוֹ אַיין דוּמֶע בִּיהוֹיפְּטוּנְג עֶנְטְוִויר אוֹיס טְרַאכְטִין אוֹדִיר גְלוֹיבִּין , קֶענִין נִיט אָן גִיזֶעהִין וֶוערִין פַאר אַזֶעלְכִי לַייט וָואס זֵייא זָאלִין גִיטְרַייא אִיבִּיר עֶנְטְוִוירִין דִיא אמונה פוּן דִיא נביאים .

וַוייטִיר שְׁטֶעלְט דִיא דָאזִיגִי לֶערְנוּנְג פָאר , דִיא מדות פוּן גָאטט גַאנְץ פַאלְשׁ זִיא לָאזְט אִיהם עֶרְשְׁטְלִיךְ פַאר דִיא ישראל בִּיצַייגִין אַז זֵייא פָאלְגִין , וָואס עֶר הֶערְט דָאךְ גָאר נִיט אוֹיף אִין זַיין וָוארְט צוּ בִּיצַייגִין וִויא זֵייא פָאלְגִין נִיט . צְוֵוייטִינְס לָאזְט זִיא אִיהם הִימְמִיל אוּן עֶרְד אוֹיף רוּפִין אַז זֵייא זָאלִין עדות זָאגִין אוֹיף דִיא אוּם שוּלְדִיגְקַייט

אוּן

*) היום לעשותם בעולם הזה . ולא למחר דאינו יכול לעשותם לעולם הבא : רש"י

און גירֶעכְטִיגְקַייט פון דיא ישראל, וָואס עֶר רוּפְט זֵייא דָאךְ אוֹיף אֵין זַיין וָוארְט אַז זֵייא זָאלְלִין בִּיצַייגִין דִיא וִוידִיר שְׁפֶּעגִיגְקַייט פון זֵייא, וַוייל עֶר זָאגְט: „הֶערְט צוּ אִיהר הִימְמִיל אוּן פֶערְנֶעהם דוּ עֶרְד, וָוארִין יהוה הָאט גירֶעט, קִינְדִיר הָאבּ אִיךְ דֶער צוֹיגִין, אוּן הָאבּ דֶר הֵייכְט, אוּן זֵייא הָאבִּין וִוידִיר גִישְׁפֶּענִיגְט קֵייגִין מִיר. (ישעיה א׳, פסוק ב׳) אוּן אִין אֵיין אַנְדִיר אָרְט: „דִיא הִימְמִיל זָאלל זִיךְ דָאךְ דֶער פַאר פֶערְוואוּנְדִירִין דֶער שְׁרֶעקִין אוּן זֵייעֶר צִיטְרִין אַזוֹ זָאגְט יהוה! וָוארִין צְווייא עֶרְלֵייא שְׁלֶעכְטִים טְהוּט מַיין פָאלק, מִיךְ דֶעם קְוַואל פון לֶעבִּינְדִיגִין וַואססִיר, פֶער לָאזִין זֵייא אוּן מַאכִין זִיךְ אוּמִידוּם אוֹיס גִיגְרָאבִּינִי בְּרוּנִינְס דִיא וָואס זֶענִין לֶעכִירְדִיג אוּן גִיבִּין קֵיין וַואססִיר נִיט.״ (ירמיה ב׳, פסוק י״ב – י״ג) מֵילָא דִיא דָאזִיגִי שְׁטֶעלְלִין פון דֶעם וָוארְט פון גָאטט זֶענִין דִיא אוֹיבִּין גִידַאכְטִי בִּיהוֹיפְּטוּנְג פוּנְקְט דֶער וִוידִיר. אָבִּיר יֶענִי לֶערְנוּנְג שְׁטֶעלְלְט וִוידִיר פַאר דֶעם גֶעטְלִיכִין מִהוּת פַאר אֵיין אוּם בַּארִימְהֶערְצִיגִין אוּן אוּם גירֶעכְטִין רִיכְטִיר, וֶועלְכִיר גִיבְּט פָאר, אַז עֶר לֵייגְט דוּרְךְ דֶעם אוֹיף דִיא פֶערְשׁוּלְדִיגְטִי אומות אֵיין אַנְדִירִי אוּן לַייכְטִי פְּרוּפוּנְג, אַז עֶר גִיבְּט זֵייא דָאס גִיבָּאט פון סוכות, אוּן דֶענְסְמָאלְט זַיין אַלְמַאכְטִיגְקַייט דֶער צוּ בִּינוּצִין כדי זֵייא צוּ פְּלָאגִין מִיט דֶער הִיץ פון דֶער זוּן, אַז עֶס זָאל זֵייא אוּם מִיגְלִיךְ זַיין אַז זֵייא זָאלְלִין עֶס מקיים זַיין. אַזוֹ אַיין פָאר שְׁטֶעלְלוּנְג אִיז דוּרְךְ אוֹיס אוּם וִוירְדִיג פַאר דֶעם רִיכְטִיר פון דֶער גַאנְצִיר עֶרְד, דֶער וָואס וֶועט מִיט דִיא אומות אוֹיךְ אַזוֹ גִירֶעכְט פַאר פָארִין וִויא אַקֵייגִין דִיא יוּדִין.

אָבִּיר עֶס אִיז אָבּ גִיזֶעהִין פון דֶער פַאלְשִׁיר פָאר שְׁטֶעלְלוּנְג דִיא מדות פון גָאטט ב״ה, אַז יֶענִי לֶערְנוּנְג פֶער פִיהרְט דֶעם נִיט גִילֶערִינְטִין אוּן נַארִישׁ גְלֵייבִּיגִין אַז זֵייא זָאלְלִין גְלוֹיבִּין, אַז אִין דֶעם טָאג פון גִירִיכְט וֶועט גָאטט נִיט בִּילוֹהנִין אִיטְלִיכִין נָאךְ זַיינִי מעשים נָאךְ, נַייאִירְט עֶר וֶועט מוחל זַיין אַללִי, דִיא וָואס זֶענִין נוּר יוּדִין, זֵייאִירִי זִינְד אוּן וָואס זֵייא הָאבִּין קֵיין תשובה נִיט גִיטְהוּן. זִיא שְׁפִּיגִילְט דֶעם מֶענְשִׁין פָאר אַיין פַאלְשִׁי הָאפְפִינוּנְג אוּן אִיז אִין גַאנְצִין דִירוֹיף בִּירֶעכִינְט, זֵייא אוּן זֵייאִירִי זִינְד אַיין צוּ שְׁלֶעפִירִין. דֶער יֶענִיגִיר וֶועלְכִיר עֶס גְלוֹיבְּט אִין דֶער דוּמְהַייט אַז דִיא גוֹים וֶועלִין עדות זָאגִין אוֹיף דִיא גִירֶעכְטִיגְקַייט פון אברהם, פון יוֹסף, פון דניאל, אוּן אַנְדִירִי, אוּן הַאלְט דָאס דָאזִיגִי פֶער גִינוּג פְרַייא גִישְׁפְּרָאכִין צוּ וֶוערִין פַאר דֶעם רִיכְטִיר שְׁטוּל פון גָאטט, קָאן קֵיין גְרוּנְדְבִּיוֶועגוּנְג נִיט מֶעהר הָאבִּין פֶער אֵייגִינִי תשובה אוּן

גִירֶעכְטִיגְקֵייט . אויך אִיז דִיא דָאזִיגֶי דוּמְהַייט גִיט טוֹיגְלִיךְ דֶער צוּ , דֶעם מֶענְשֶׁין אַיין צוּ פְלִיסְסִין אַיין גוּטִין ווִילְלִין אוּן חשיבות פַאר זֵייאִירֶי גוֹישֶׁי מִיט זִינְדִיגֶי מֶענְשֶׁין . נוּר וֶועניג וֶועלְלִין בֶּעסִיר וֶוערִין ווַייל זֵייא הָאבִּין אַזוֹ אַיין מֵיינוּנְג פוּן דֶער גֶעטְטְלִיכְקֵייט . מִלָּא וֶוען דִיא וָואס גְלוֹיבִּין אִין רבנים , זֶעהִין אַז גָ א ט ט , בִּיהַאנְדִילְט דִיא גוים אַזוֹ ווִיא דֶער ענין פוּן דֶער תורה שבעל פה , מִיט אוּם גִירֶעכְטִיגְקֵייט אוּן אכזריות , קָאן מַאן דֶען פוּן זֵייא דֶער וַוארְטִין , אַז זֵייא וֶועלְלִין דִיא גוים אַנְדִירְשׁ בִּיהַאנְדְלִין ? דִיא דָאזִיגֶי אוּן אַנְדִירֶי דֶער גְלַייכִין שְׁטֶעלְלִין פֶערְדִינִין פַאר וָואהר דִיא עֶרִינְסְטְלִיכְסְטֶי אַכְטוּנְג גֶעבּוּנְג פוּן אַלְלֶי יוּדִין וֶועלְכֶי הָאבִּין יכולת . עֶס אִיז דִיא שׁוּלְדִיגְקֵייט פוּן אַלְלֶי וָואס הָאבִּין אַיין דעה צוּ זָאגִין , חוקר ודורש צוּ זַיין , אוֹיבּ דֶער גְלַייכִין שְׁטֶעלְלִין אִין זֵייאִירֶי תפילות אוּן זֵייאִירֶי דינים זֶענִין דֶער גֶעטְטְלִיכִיר קְוַואלל אוֹדִיר נִישְׁט , אוּן וֶוען זֵייא דֶער גֵייהִין דִיא פַאלְשְׁהַייט דֶער פוּן זָאללִין זֵייא זִיךְ מִיט דֶעם גַאנְצִין כח בִּימִיהִין אַז זֵייא זָאללִין עֶס פוּן זֵייאִיר דת אמונה פֶער ווִיסְטִין . אַזוֹ לַאנְג ווִיא זֵייא זֶענִין פֶער הַאנְדִין אוּן וֶוערִין עֶפִינְטְלִיךְ אִין דֶער שׁוּל גִילֵייהִינְט קֶענִין דִיא מֶענְשִׁין צוּ קֵיין אַנְדִירִיר דֶערְקֶענְטְנִישׁ נִיט דֶער לַאנְגִין , ווִיא דָאס , אַז דִיא צֵייכִינְס פוּן דִיא מדות פוּן דֶער רַבָּנִישִׁיר אמונה זֶענִין נַארִישׁ גְלֵייבִּיגְקֵייט אוּן אָן לִיבְּשַׁאפְט . נוּר אֵיין עֶפִינְטְלִיכֶי אַקִייגִין שְׁטֶעלְלִין כנגד דֶעם תעות אוּן נוּר דִיא פֶער טִילִיגוּנְג יֶענֶי עֶרְטִיר פוּן דִיא ספרים פוּן תפילות קֶענִין דָאס גִימוּהט בִּירוּהִיגִין , אוֹדִיר דִיא פָאר ווִירְפִי אַקִייגִין דִיא ישראל צוּם שְׁוַוייגִין בְּרֵיינְגִין . דָאס וָואס עֶטְלִיכֶי אֵיינְצִיגֶי מֶענְשִׁין מַאכִין אֵיין בִּיקֶענְטְנִישׁ , קֶענִין דִיא דִירְבַּייא נִיט נוּצִיג זַיין . וֶוען דִיא מֶענְשִׁין ווִיללִין רִיכְטִין דִיא יסודות פוּן אֵיין אמונה אַזוֹ צִיהִין זֵייא עֶפִינְטְלִיךְ צוּ הִילְף דִיא בִּיפוּלְמֶעכְטִיגְטֶי ספרים פוּן אִיהר , אִיבִּיר הוֹיפְּט אָבִּיר דִיא ספרים פוּן תפלות . אוּן קֵיינִיר וֶועט נִיט גְלוֹיבִּין , אַז אֵיין מֶענְשׁ קָאן אַזוֹ אוּם בִּידַאכְט אוּן מוּטְהווִיללִיג זַיין , אַקֵייגִין דֶעם גֶעטְטְלִיכִין תוכן , וֶוערְטִיר אָן צוּ רִיכְטִין , וָואס זֵייא זֶענִין אָנְדִירֶקֶענְט פֶער פַאלְשׁ . פַאר אַלִים לָאז אִיטְלִיכִיר יוּד דִיא אוֹיבִּין גִידַאכְטֶי דֶער צֵיילוּנְג פוּן דֶעם טָאג פוּן משפט מִיט דִיא יֶענִיגֶי פֶער גְלַייכִין וֶועלְכֶי עֶס אִיז פֶערְהַאנְדִין אִין אוּנְזִיר קְרִיסְטְלִיכֶי ספרים . דָאס יוּדִישְׁקֵייט לֶערִינְט , אַז אִין יֶענִים גְרוֹיסִין טָאג וֶועט גָאטט דֶער שַׁיינִין אַשְׁטֶעיגִיר ווִיא אַיין רִיכְטִיר וָואס צִיהט פַאר אֵיין זַייט אוּן אִיז אַיין אכזר ; דָאס קְרִיסְטִינְטְהוּם אָבִּיר גִיבְּט אוּנְס פוּן יֶענִים צַייט פוּנְקְט דִיא דָאזִיגֶי פָארְשְׁטֶעללוּנְג : „אוּן

וֶוען דֶער בן אדם וֶועט קוּמִין אִין זַיינִי הֶערְלִיכְקַייט אוּן הֵיילִיגִי מַלְאָכִים מִיט אִיהם, אַזוֹ וֶועט עֶר זִיצִין אוֹיף זַיין כסא הכבוד אוּן אַלִּי פֶעלְקִיר וֶועלִין פַאר אִיהם אַיין גִיזַאמִילְט וֶוערִין. אוּן עֶר וֶועט זֵייא פוּן אַנַאנְדִיר שֵׁיידִין, אַזוֹ וִויא אַיין פַּאסְטִיךְ שֵׁיידִיט אָב דִיא שָׁאף פוּן דִיא צִיגִין, אוּן עֶר וֶועט שְׁטֶעלְלִין דִיא שָׁאף צוּ זַיין רֶעכְטִיר הַאנְד, אוּן דִיא צִיגִין צוּ דֶער לִינְקִיר הַאנְד. דֶער נָאךְ וֶועט דֶער קִינִיג זָאגִין צוּ דִיא אָן זַיין רֶעכְטִיר הַאנְד: קוּמְט, אִיהר גִיזֶעגִינְטִי פוּן מַיין פָּאטִיר, עֶרְבְּט דָאס קִינִיגְרַייךְ, וָואס אִיז אָן גִיבְּרֵייט פַאר אַייךְ פוּן אָנְפַאנְג דֶער וֶועלְט! וָוארִין אִיךְ וַואר הוּנְגְרִיג, אוּן אִיהר הָאט מִיר צוּ עֶסִין גִיגֶעבִּין. אִיךְ וַואר דוּרְשְׁטִיג, אוּן אִיהר הָאט מִיר צוּ טְרִינְקִין גִיגֶעבִּין. אִיךְ וַואר אַיין פְּרֶעמְדִיר, אוּן אִיהר הָאט מִיר אַרַיין גִינוּמִין. אִיךְ וַואר נַאקִיט, אוּן אִיהר הָאט מִיךְ גִיקְלֵיידִיט. אִיךְ וַואר קְרַאנְק, אוּן אִיהר הָאט מִיךְ מבקר חולה גִיוֶועזִין. אִיךְ וַואר אִין גִיפֶענְקְנִיש, אוּן אִיהר זֶענְט צוּ מִיר גִיקוּמִין. אַזוֹ וֶועלִין דִיא צדיקים צוּ אִיהם עֶנְטְוֶוערִין, אוּן זָאגִין: הַאר וֶוען הָאבִּין מִיר דִיךְ גִיזֶעהִין הוּנְגְרִיג, אוּן הָאבִּין דִיךְ גִישְׁפַּייזְט? אוֹדִיר דוּרְשְׁטִיג, אוּן דִיר גִיגֶעבִּין צוּ טְרִינְקִין? אוּן וֶוען הָאבִּין מִיר דִיךְ גִיזֶעהִין אַיין פְּרֶעמְדִיר, אוּן הָאבִּין דִיךְ אַרַיין גִינוּמִין? אוֹדִיר נַאקִיט אוּן הָאבִּין דִיךְ גִיקְלֵיידִיט? אוֹדִיר אִין גִיפֶענְקִינִיש, אוּן זֶענִין צוּ דִיר גִיקוּמִין? אַזוֹ וֶועט דֶער קִינִיג עֶנְטְוֶוערִין, אוּן וֶועט צוּ זֵייא זָאגִין: פַאר וָואר זָאג אִיךְ אַייךְ: וָואס אִיהר הָאט גִיטְהוּן צוּ אֵיינִים פוּן דִיא קְלֵיינְסְטִין פוּן דִיזִי מַיינִי בְּרִידִיר, דָאס הָאט אִיהר צוּ מִיר גִיטְהוּן. דֶער נָאךְ וֶועט עֶר אוֹיךְ זָאגִין צוּ דִיא אָן זַיין לִינְקִי הַאנְד: גֵייט אַוֶועק פוּן מִיר, אִיהר פֶערְפְלוּכְטִי, צוּם אֵייבִּיגִין פַייעֶר, וָואס אִיז אָן גִיבְּרֵייט פַאר דֶען שטן אוּן זַיינִי מלאכים! וָוארִין אִיךְ וַואר הוּנְגְרִיג, אוּן אִיהר הָאט מִיר נִיט גִיגֶעבִּין צוּ עֶסִין. אִיךְ וַואר דוּרְשְׁטִיג, אוּן אִיהר הָאט מִיר נִיט גִיגֶעבִּין צוּ טְרִינְקִין. אִיךְ וַואר אַיין פְּרֶעמְדִיר, אוּן אִיהר הָט מִיךְ נִיט אַרַיין גִינוּמִין. נַאקִיט אוּן אִיהר הָאט מִיךְ נִיט גִיקְלֵיידִיט. קְרַאנְק אוּן אִין גִיפֶענְקִינִיש, אוּן אִיהר הָאט מִיךְ נִיט בִּיזוּכְט. אַזוֹ וֶועלִין זֵייא אוֹיךְ צוּ אִיהם עֶנְטְוֶוערִין אוּן זָאגִין: הַאר, וֶוען הָאבִּין מִיר דִיךְ גִיזֶעהִין הוּנְגְרִיג אוֹדִיר דוּרְשְׁטִיג, אוֹדִיר נַאקִיט, אוֹדִיר קְרַאנְק אוֹדִיר אִין גִיפֶענְקְנִיש, אוּן הָאבִּין דִיךְ נִיט בִּידִינְט? אַזוֹ וֶועט עֶר צוּ זֵייא עֶנְטְוֶוערִין אוּן זָאגִין: פַאר וָואר, זָאג אִיךְ אַייךְ: אַז אִיהר הָאט דָאס נִיט גִיטְהוּן צוּ אֵיינִים פוּן דִיזִי קְלֵיינְסְטִין, אַזוֹ הָאט אִיהר עֶס צוּ מִיר נִיט גִיטְהוּן. אוּן דִיזִי וֶועלִין אַוֶועק גֵיין צוּ אֵייבִּיגִיר שְׁטְרָאף, אוּן דִיא

צדיקים צום איביגין לעבין." (מתיא כ"ה, פסוק ל"א–מ"ו) דאס דאזיגי איז דער גאנג וואס דאס קריסטינטהום גיבט אונס פון דעם טאג פון משפט און פון דיא יסודות, וואס דאס משפט וועט נאך דעם אופן גיהאלטין ווערין. מאן ווערד בימערקין אז דיא דאזיגי גאנצי דערצײלונג איז בפירוש אב גישיידיט פון דער גמרא. ערשטליך ווערד דערינין גאר פאר גישטעלט, פאר איין גירעכטין ריכטיר, וועלכיר ער אכטיט גאר ניט אויף קיין פאלק און קוקט נישט אויף דיא אונטירשיידונגין אין דער וועלט פון יודין און קריסטין, נייארט ער ריכטיט דיא בימערקונג פון זייני אויגין אויף דיא איביגי אויף פיהרונג אין זייארי מדות ישרות און נאך דאס דאזיגי נאך בישטיממט ער וואס עס זאלל אויף איביג ווערין מיט איטליכין איינציגין מענשין. צווייטינס צילעוויט זיא דירויף אהין, גוטין ווילין און ליבשאפט צו דיא מענשין צו האבין; וואדין זיא שטעלט פאר דאס ליב האבין אודיר ניט ליב האבין פאר דיא הויפט פונקטין פון דאס הוקר ודורש זיין און דיא אונטיר שיידונגין נאך וועלכין עס וועדט בישטימט דאס איביגי ערבמהייל פון איטליכין מענשין. מילא מיר פרעגין איטליכין אום ביצוואונגינים און אויף ריכטיגין יודין, וועלכי פון דיא דאזיגיביידי פארשטעלונגין איז וואויל ווירדיג פאר דעם גרויסין גאטט, וואס מיר בעטין צו איהם? מיר קריסטין גלויבין, אז דיא וואס זענין מתפלל אין דיא שולין זענין אין תעות, און זייא מיינין דאס דאזיגי ווידיר פון אונס. אביר מיר האבין איצונד פאר אונס דיא לערנונג פון ביידי גיזעצי פון דעם וויכטיגסטין פונקט פאר אלץ, אין אמונה לערנונג, פון דער הויפט זאך פון דעם לעצטין משפט, און נאך זייארי ביידי זייטיגי לערנונגין פון דער דאזיגיר זאך מעג אזו איטליכיר דת פון דיא דאזיגי ביקלערט ווערין. דאס יודישקייט זאגט, אז דיא אייני קלאססי מענשין יודין ווערין דאס איביגי לעבין האבין דורך דעם וואס דער ריכטיר האלט פאר איין זייט, דיא אנדירי אביר זאללין בלוז דאריביר פער טילגט ווערין, ווייל זייא זענין גוים (היידין). דאס קריסטינטהום זאגט אקייגין, אז אללי מענשין וועלין נאך איין גיזעץ גימשפט ווערין, ניט איין זייטיג, און דאס, ניט איין צו פאר אן גינומיני מיינונג, און ניט איין פאלשין גידאנקין נייארט דיא גירעכטיגקייט אליין זאלל יכולת האבין מכריע צו זיין. מילא וועלכי פון ביידי שטימט מעהר איין מיט דעם שטייגיר פון דעם, וואס דער תהלים זאגט פון איהם: „ער וועט ריכטין מיט גירעכטיגקייט און דיא פעלקיר מיט רעכט פערטיגקייט?

מיר

מִיר זֶענִין זִיכִיר, אַז דֶער גִיזוּנְדִיר פֶערְשְׁטַאנְד פוּן דֶעם יוּדִישִׁין פָאלְק מוּז דָא מכריע זַיין, אַז דִיא גִירֶעכְטִיגְקַייט וָואס אִיז גִיט אֵיין זַייטִיג, וָואס עֶס וֶוערְד אוֹיס גִישְׁפְּרָאכִין אִין דֶער פָארְשְׁטֶעלוּנְג פוּן נַייאִין טֶעסְטַאמֶענְט (ברית הדשה), שְׁטֵייט מֶעהר אִין דִיא אֵייגִינִי משמעות מִיט דֶעם גִימוּהט פוּן דֶער תּוֹרה אוּן דִיא נביאים; יָא, מִיר גְלוֹיבִּין אַז אִימְלִיכִיר פְרוּמִיר אוּן בִּידֶעגְקְטִיר מַאן פוּן ישראל וֶועט אַיין זֶעהִין, אַז דִיא בִּיצֵייכְנוּנְג פוּן דֶער גמרא פוּן דֶעם משפט פוּן גָאט מַאכְט דֶעם גָאט פוּן ישראל אוֹיךְ אַזוֹ, וִויא אַיין אוֹיס גִישְׁטָאכִינִים אוֹדִיר אוֹיס גִישְׁנִיצְטִין בִּילְד, וָואס אִיז וֶוען אַמְאהל פוּן דִיא גוֹיִשִׁי עבודה זרה דִינִירִס פֶער גֶעטְטִירְט גִיוָוארִין. אָן צוּ גֶעהמִין, אַז גָאטט וֶועט זַיין גִינָאד אָן בִּיטִין צוּם שְׁפָּאט אוֹדִיר אַז עֶר וֶועט עֶרְגִינְץ אֵיינִים פוּן זַיינִי בִּישֶׁעפִּינִישִׁין אַרוֹיף לֵייגִין פְּרוּבוּנְג אוּם דָאס דֶער נָאךְ צוּ פֶער שְׁפֶּאטִין, הֵייסְט פְּרָאסְטָא, אִיהם דִיא מעלות פוּן אַיין גָאטטהַייט בִּירוֹיבִּין, אוּן בִּיצֵייכְנִין אַיין בְּלִינְדִי, אוּם פֶערְשְׁטֶענְדִיגִי זַאךְ אַז דָאס אִיז דִיא זַאךְ וָואס דִיא ישראל זֶענִין דֶער צוּ מתפלל. אַזוֹ אַיין בִּיהוֹיפְּטוּנְג וָואס זִיא אִיז אַזוֹ פִיל אָן אַיין מֶענְשְׁלִיכִין פֶערְשְׁטַאנְד אוּן אַזוֹ מִיט דֶעם וָוארְט פוּן גָאטט זִיךְ סוֹתר, וַוייזְט אַז דִיא וָואס הָאבִּין דָאס אַרוֹיס גִיבְּרַאכְט זֶענִין נִיט פוּן דֶעם גַייסְט פוּן גָאטט גִיפִירְט גִיוָוארִין אוּן אַז דֶער טְהֵייל אמונה לֶערְנוּנְג וָואס אִין אִיהר אִיז פֶערְהַאנְדִין, קָאן נִיט פוּן גָאטט זַיין. אָבִּיר אוֹיךְ דָא, וִויא אִין אַללִי אַנְדִירִי אוֹפנים, וָואס מִיר הָאבִּין שׁוֹין מפורש גִיוֶועזִין פֶער מַיידִיט דָאס נַייאִי טֶעסְטַאמֶענְט (ברית הדשה) דֶעם תעות פוּן דֶער גמרא (תלמוד) אוּן שְׁטֶעלְט אַיין לֶערְנוּנְג אוֹיף, וָואס זִיא שְׁטִימְמְט אַיין מִיט דֶער תורה אוּן אִיז מסכים מִיט דֶעם גִיזוּנְדִין פֶערְשְׁטַאנְד. עֶס מֶעגִין דִיא וָואס פַאר עֶנְטְווִירִין דִיא תורה שבעל פה דִיא דָאזִיגִי מעשה בִּישֵׁיידִין!

אָבִּיר דִיא דָאזִיגִי תלמודישי לֶערְנוּנְג פוּן דֶעם יוֹם הדין אִיז נִיט נוּר אַקְייגִין דֶעם פֶערְשְׁטַאנְד אוּן דִיא הֵיילִיגִי שְׁרִיפְט, נַייאֵרְט זִיא שַׁיינְט אוֹיךְ אַנְדִירִי לֶערְנוּנְג פוּן תורה שבעל פה וֶועלְבִּירְט סוֹתר צוּ זַיין. דָא דֶער שַׁיינִין דִי אומות הֵייסְט עֶס צוּ דֶעם פסק פוּן פֶער טִילִיגוּנְג, וָואס אַנְדִירְשׁ וואוּ וֶוערְד דָאךְ גִיזָאגְט, אַז דִיא פְרוּמִי פוּן דִיא אומות העולם זָאללִין הָאבִּין אַיין חלק לעוֹלם הבא אוּן אַז דִיא זִיבִּין מצות פוּן דִיא בני נח אִיז אַלְץ, וָואס פוּן אַיין גוֹי (הייד) וֶוערְד פֶערְלַאנְגְט. וֶוען דָאס דָאזִיגִי וָועלְט אמת גִיוֶועזִין, צוּ וָואס בִּידַארְף מַאן זֵייא דָאס גִיבָאט צוּ גֶעבִּין, דֶעם פַייאִיר טָאג פוּן סוכות צוּ הַאלְטִין? אַחוּץ דֶעם אָבִּיר, וֶוען זֵייא

זאללין

זָאללִין אִין דֶעם טִיפְסְטִין גהינם אַבּיין גִישְׁטוֹיסִין וֶוערִין, וִויא קֶענִין זַייא איין חלק הָאבִּין אִין דִיא ברכות פוּן עולם הבא ? וֶוענִיגְסְטִינְס אִיז דִיא שוּלְדִיגְקֵייט פוּן דִיא יֶענִיגִי וֶועלְכִי נֶעהמִין דִיא תּוֹרה שבעל פה אִין שוּץ, אוּנְס גוֹיִם דִיא דָאזִיגִי זַאךְ צוּ דֶער קְלֶערִין. מִיר קֶענִין אוּנְס נִיט אִיבִּיר רֵיידִין, אַז אֵיין דת אמונה וֶועלְכִים זָארְגְט אַזוֹ וֶוענִיג פַאר דָאס גְרֶעסְטִי טְהֵייל פוּן דִיא משפחות פוּן מֶענְשִׁין אַז זֵייא זָאללִין הָאבִּין דִיא אֵייבִּיגִי ישועה, זָאלל אַיין מִיגְלִיכִיר אופן זַיין אַז דָאס זָאלל קֶענִין אַרוֹיס קוּמִין פוּן דֶעם, דֶער וָואס אִיז דֶער גָאטט פוּן דִיא גִימוּטְהִיר פוּן אַללִים פְלֵייש, דֶער בִּישֶׁעפִּיר אוּן דֶער הַאלְטִיר פוּן אַללִי מֶענְשִׁין. וָואס מִיר לֶעבִּין טֶעגְלִיךְ דוּרְךְ זַיינִי גוּטִיגְקֵייט, אוּן בִּיקוּמִין אַלְץ וָואס מִיר הָאבִּין, פוּן זַיינִי גִינָאדְרַייכִי הֶענְד, גְלוֹיבִּין מִיר, אַז, וֶוען עֶר פֶערְזָארְגְט אַזוֹ אוּנְזִירִין גוּף, הָאט עֶר נָאךְ גִיהַאט אֵיין גְרֶעסִירִי פֶערְזָארְגוּנְג פַאר אוּנְזִירִין אוּם שְׁטֶערְבְּלִיכִין גַייסְט, אוּן דַארִיבִּיר, דוּרְךְ אַנְדִירִי גְרוּנְדִין, גְלוֹבִּין מִיר אִין דָאס קְרִיסְטִינְטְהוּם, ווַייל, וֶוען דָאס זֶעלְבִּיגִי וָואלְט נִיט אמת גִיוֶועזִין, וָואלְט קֵיינִי פֶערְזָארְגוּנְג פַאר דִיא גוֹיִם נִיט גִיוֶועזִין, אוּן גָאטט וָואלְט גִילָאזִין דָאס רוֹב פוּן זַיינִי פַאר שְׁטֶענְדִיגִי בִּישֶׁעפִּינִישִׁין אָן עֶרְגִינְץ אַיין בִּיוַוייז פוּן זַיין פָאטִירְלִיכִי לִיבְשַׁאפְט. —



# נתיבות עולם

עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז

דיא אלטי שטעגין.

## נומר ל״ח

דעם פתי, דער וואס זאגט אין זיין הארצין: עס איז קיין גאטט ניט פערהאנדין, גייט וועניג דראן, אויב דער דת פון זייני אבות גיבט איין פערשטענדיגין יסוד צו דער האפפינונג, אודיר ניט. ער פוילט זיך דעריבער תמיד נאך צו פארשין דיא טבע און דיא ביווייז גרונדין פון דעם דת, וואס ער איז במקרה אין איהר גיבוירין גיווארין; וויא זיא מעג אויך זיין, ער גלויבט דראן ניט, און אזו איין נאך פארשונג קאן פאר איהם גאר נישט נוציג זיין. ניט אזו איז עס מיט דעם יודין אודיר קריסטין, וועלכיר עס גלויבט באמונה, וויא עס איז מיט איהם גילערינט גיווארין, אז עס איז אין דער אנדירער וועלט פערהאנדין שכר און עס איז פערהאנדין עונש. עס מוז זיין ערשטיר וואונש זיין, צו דער געהין, וויא ער זאל קענין צו דאס אייני קומין און פון דאס אנדירי ענטרונין ווערין; און ווען זיין דת גיבט איהם ניט דיא האפפינונג, דיא פערשטענדיגי, וואויל בגרונדיטי האפפינונג אויף זעליגקייט, אזו פערדינט זיא ניט, אז ער זאלל אן איהר אנגיהאנגין זיין. מיר זאגין. אייני פערשטענדיגי האפפינונג; ווארין ווייל עס איז גאטט גיפעלין גיווארין, אונס מיט שכל און הבנה אויס צו ריכטין און אונס זיין ווארט צו געבין, אום אונזירין שכל צו פיהרין, אזו קאן און דארף קייני אנדירי האפפינונג אונס בעגינוגינין. ביא דער נאך פארשונג דעם נייאירין יודישין דת וועט עס אזו איין וואזזער ביווייז פון איהרי השיבות זיין, ווען זיא זאל אפאר ברענגין איין האפפינונג, אויף וועלכיר איין פערשטענדיגיר מענש זאל זיך קענין פער לאזין און זיין אייביגים הייל דערויף בגרונדין. פון אונזיר זייט גלויבין מיר, אז דאס איז ניט דער פאלל, און מיר האבין שוין עטליכי ראיות אויף דיא דאזיגי אונזירי מיינונג גיבראכט. דאס התנגדות אקייגין דיא איבירצייגונג

און

און דאס וואס עס איז זיך סותר אין דיא רבנישי לערנונג פון דער רעכטפערטיגונג (צדקות) און כפרות שיינט אונס פאר אזו ניט ריכטיג, אז עס איז אין שטאנד צו צושטערין איטליכים פערטרויהין אויף דיא האפפינונג וואס זייא ברענגין אפאר. דער מנהג אביר פאר דיא גישטארבני צו בעטין וועלכיר הערשט אזו גוט אום סוכות, וויא אויך אין אנדירי פייאיר טעג נעמט ארויס פון אלי ספקות אז דיא רבנישי האפפינונג איז איין בלוזי גינארייא. צווישין דיא גיבעטי פון סוכות גיפינין מיר אויך דאס גיבעט וואס דא וועט שטיין, מיט איין פאר אויס גישיקטי אן מערקונג:

נוהגים בתפוצות ישראל להזכיר נשמות אבותיו ביום כפור ובשלש רגלים ביום מתנת יד לאחר הפטרה:

יזכור אלהים נשמת אבא מורי פ׳ ב״פ שהלך לעולמו, בעבור שאני נודר צדקה בעדו בשכר זה תהא נפשו צרורה בצרור החיים עם נשמת אברהם יצחק ויעקב שרה רבקה רחל ולאה ועם שאר צדיקים וצדקניות שבגן עדן ונאמר אמן:

יזכור אלהים נשמת אמי וכו׳:

„עס איז איין מנהג צווישין דיא ישראל וואו זייא זענין צו שפרייט, מאן זאלל דער מאנין דיא נשמות (מזכיר נשמות זיין) פון זייני גישטארביני עלטירין אום יום כפור און דעם לעצטין טאג פון דיא שלש רגלים (פסח שבועות און סוכות) און פאר זייאיר רוהי מנדר צו זיין נאך דער הפטרה: „יזכור גאטט זאלל דער מאנין דיא זייל (נשמה) פון מיין גיאכטין פאטיר פ׳ ב״פ וואס ער איז אוועק גיגאנגין צו זיין וועלט, דער פאר ווייל איך בין איצונד מנדר צו געבין צדקה פון זיינט וועגין, פאר דעם לוהן (שכר) זאלל זיין נשמה איין גיבונדין זיין אין דעם בינדיל פון לעבין, מיט דיא נשמות פון אברהם, יצחק, און יעקב, שרה רבקה, רחל, און לאה, און מיט דיא אנדירי צדיקים און צדקניות וואס זייא זענין אין גן עדן; און מיר זאגין דירויף: אמן!

„גאטט זאלל דער מאנין דיא זייל (נשמה) פון מיין מוטטיר וכו׳." מילא דער דאזיגיר מנהג און דיא דאזיגי תפלה ווייזין, אז דיא יודין זעלבירט גלויבין ניט אין זייאירי לערנונג און זעצין ניט דאס קלייגסטי פערטרויהין אויף דער האפפינונג וואס זיא איז פון דער תורה שבע״פ אן גיבאטין; וואריו, וועז עס וואלט אזו דער פאלל גיוועזין,

וָואלְטִין זַייא קֵיין מָאהל דֶעם דָאזִיגִין מנהג נִיט גִיהִיט אוּן אוֹיךְ דִיא דָאזִיגֶי תפלה נִיט גִיהַאלְטִין . וֶוען דִיא וָואלְטִין גִיגְלוֹיבְּט , אַז זַייאִירֶי אָבְ גִישֵׁיידִיטֶי (גִישְׁטָארְבִּינֶי) אבות , זֶענִין שׁוֹין בְּוַדַאי גִיזִיכִירְט אַז עֶס הָאט זַייא זַייאִיר אֵייגִינֶי פֶערְדִינְסְטִין אוֹדִיר דֶער זכות פוּן זַייאִירֶי אבות , אוֹדִיר דֶער יוֹם כפור , אוּן נָאךְ אַנְדִירֶי זַאכִין , פֶערְגֶעבּוּנְג פַאר זִינְד אוּן אֵייבִּיגִין לֶעבִּין פֶערְשַׁאפְט , צוּ וָואס וָואלְטִין זַייא דֶען צדקה מנדר גִיוֶועזִין אוּן מתפלל זַיין אַז גָאטט זָאלל דָאס אָן גֶעהמִין פַאר אַיין אוֹיס לֵייז גֶעלְד פַאר דִיא גִישְׁטָארְבִּינֶי ? מֵילָא דֶער דָאזִיגִיר ענין בְּיַווייזְט , אַז דִיא גמרא יוּדִין הַאלְטִין זִיךְ נִיט דָאס רֶעכְט צוּ הָאבִּין , צוּ גְלוֹיבִּין אִין דִיא זֶעלִיגְקַייט אפילו פוּן זַייאִירֶי אֵייגִינֶי עֶלְטִירִין , אוּן אַז זַייא גְלוֹיבִּין פִיל מֶעהר , אַז זַייא זֶענִין נִיט אַיין גִיבּוּנְדִין אִין דֶעם בִּינְדִיל פוּן לֶעבִּין אוּן נִיט מִיט אברהם אוּן דִיא אַנְדִירֶי הֵיילִיגֶי אִין גן עדן , נַייאִירְט זַייא זֶענִין אִין אַיין אַנְדִירִין אָרְט , פוּן וֶועלְכִין זַייא הָאפְּפִין דִיא זֶעלְבִּיגֶי דוּרְךְ זַייאִירֶי תפלות אוּן צדקה מנדר זַיין צוּ דֶער לֵייזִין , מֵילָא דֶערוֹיס זֶעהִין מִיר , אַז דִיא רבנישֶׁי הָאפְּפִינוּנְג אִיז נוּר בְּלוֹז אַיין גִינַארִירַייא . בַּייא אַלְלֵי זַיינִים פַאסְטִין אוּן אַלְלִים זַיינִין צִירִימָאנִישֶׁי מנהגים הָאט דֶער יוּד דָאךְ קֵיינֶי הָאפְּפִינוּנְג , אִין דִיא וואוֹינוּנְגִין פוּן דִיא זֶעלִיגֶי אַרַיין צוּ קוּמִין ; עֶר הָאט פִיל מֶעהר דִיא טוּנְקְלִי אוֹיס זִיכְט , אַז עֶר , וֶוען עֶר גִייהִיט פוּן דַאנִין אַוֶועק . מוּז עֶר אִין דֶעם אָרְט פוּן פַּיין גֵיין אוּן דֶערִינִין אַזוֹ לַאנְג בְּלַייבִּין , בִּיז דִיא תפלות אוּן דָאס צדקה גֶעבִּין פוּן זַיינֶי קִינְדִיר וֶועלִין אִיהם דֶערוֹיס דֶער לֵייזִין . נָאךְ דֶעם אוֹפן פוּן דֶער דָאזִיגִיר לֶערְנוּנְג שְׁטַארְבְּט אִיטְלִיכִיר יוּד אוּן אִיטְלִיכִי יוּדִינֶי אָן פֶערְגֶעבּוּנְג פוּן זִינְד . וָוארִין וֶוען זַייא וָואלְטִין דָאס דָאזִיגֶי גִיהַאט , אַזוֹ וָואלְטִין זַייא נִיט גֶעהִין אִין דֶעם אָרְט פוּן פַּיין , אוּן וֶוען זַייא וָואלְטִין נִיט גִיגַאנְגִין אִין דֶעם דָאזִיגִין אָרְט , אַזוֹ וָואלְטִין עֶס נִיט נֵייטִיג גִיוֶועזִין צדקה צוּ גֶעבִּין כְּדֵי זַייאִיר זֵייל (נשמה) פְרַייא צוּ מַאכִין . מֵילָא זֶענִין דָאךְ דִיא רבנים דָא עֶפִינְטְלִיךְ מוֹדֶה , נָאךְ דֶעם אַלְלִים וָואס זַייא שְׁטֶעהִין זִיךְ אוּנְטִיר צוּ בִּיהוֹיפְּטִין אוּן מבטיח צוּ זַיין , אַז דִיא אַלְלֵי הָאפִּינוּנְגִין , וָואס זַייא הָאבִּין אָן גִיבָּאטִין , זֶענִין בְּלוֹזִי לִיגִין אוּן גִינַארִירַייא גִיוֶועזִין , אַז קֵיין אֵיינְצִיגִיר פוּן זַייאִירֶי מנהגים אִיז נִיט אִין שְׁטַאנְד דִיא זֵייל פְרַייא צוּ מַאכִין , אַז אפילו נָאךְ דֶער שְׁרֶעקְלִיכִיר שְׁטוּנְד פוּן דֶעם טוֹיט מוּזִין נָאךְ דִיא וָואס לֶעבִּין דָאס וֶוערְק פוּן דֶער דֶערְלֵייזוּנְג פַאר דִיא גִישְׁטָארְבִּינֶי זִיךְ אוּנְטִיר נֶעהמִין .

דָאס דָאזִיגֶע אִיז דוּרְךְ אוֹיס גִידְרוּנְגִין פוּן דֶעם אַנְגְעוִויזִינִין מנהג אוּן דָאס גִיבֶּעט (הזכרת נשמות) . אָבִּיר דִיא תורה שבעל פה בְּלַייבְּט דִירְבַּייא גִיט שְׁטֶעהִין , עֶס גִיבְּט אוּנְס נָאךְ אֵיינִין אַנְדִירִין בִּיוַוייז וָואס עֶר אִיז גְלַייךְ דֶער צוּ , אַז דִיא וָואס בְּלַייבִּין נָאךְ דִיא אָבּ גִישְׁטָארְבִּינִי עֶלְטִירִין גְלוֹיבִּין נִיט , אַז דִיא דָאזִיגֶע זֶענִין שׁוֹין גִיזִיכֶרְט אוּן אַז אַיין יוּד וָואס שְׁטַארְבְּט הָאט דַארִיבִּיר קֵיין הָאפְפִינוּנְג אוֹיף זַיינֶע אֵייגִינֶע דֶערְלֵייזוּנְג נִיט ; וָוארִין דָאס דָאזִיגֶע גִיזֶעץ בִּיפֶעהלְט , אַז דֶער יתום וָואס בְּלַייבְּט זָאלל אַיין גִיוִויסִי תפלה מתפלל זַיין נָאךְ זַיינֶע אָבְּגִישְׁטָארְבִּינִי עֶלְטִירִין , כדי דֶער דוּרְךְ זֵייאִיר דֶערְלֵייזוּנְג אוֹיס צוּ ווִירְקִין—וִויא מִיר גִיפִינְדִין דָאס דָאזִיגֶע אִין יורה דעה :

ע"כ נהגו לומר קדיש על אב ואם בתרא י"ב חודש וכן נהגו להפטיר בנביא ולהתפלל ערבית במוצאי שבתות שהוא הזמן שחוזרין הנשמות לגיהנם וכשהבן מתפלל ומקדש ברבים פודה אביו ואמו מגיהנם :

„דַארוּם אִיז מַאן זִיךְ נוֹהג צוּ זָאגִין קדיש נָאךְ פָאטִיר אוּן מוּטְטִיר צְוֶועלְף חדשים , אוּן אוֹיךְ אַזוֹ אִיז מפטיר צוּ לֵייאִינִין אִין דִיא נביאים *) אִין פַאר דֶעם עמוד מעריב צוּ דַאבְנִין וֶוען דֶער שבת גֵייט אוֹיס וָואס דָאס אִיז דִיא צַייט וָואס דִיא נשמות קֶעהְרִין זִיךְ אוּם אִין גיהינם אַרַיין , אוּן אַז אַיין זוּן אִיז מתפלל אוּן הֵיילִיגְט (דָאס הֵייסְט אַז עֶר הַאלְט דֶעם קדיש הֵיילִיג) דֶער לֵייזְט עֶר זַיין פָאטִיר אוּן מוּטְטִיר פוּן גהינם . "
(יורה דעה סימן שע"ו) מֵילָא אִיטְלִיכִיר זוּן , דֶער וָואס הַאלְט דֶעם דָאזִיגִין מנהג , אִיז דֶער דוּרְךְ עֶפִינְטְלִיךְ מודה , אַז זַיינֶע אָבְּגִישְׁטָארְבִּינִי עֶלְטִירִין דֶער פְרֵייהִין זִיךְ נִיט דֶער מִיט פְרֵייד פוּן גן עדן , נַייאִירְט זֵייא לַיידִין דִיא פַּיין פוּן גהינם . עֶס אִיז באמת , אַיין טְרוֹירִיגֶע הָאפְפִינוּנְג פַאר אַיין זוּן , דֶער וָואס אַכְטִיט זַיינֶע עֶלְטִירִין , אַז זִיא גִיבְּט אִיהם הֶעכְסְטִינְס דִיא טְרֵייסְטוּנְג , אַז דִיזִי גִיהֶערִין נִיט צוּ דִיא גִיוִויסִי רשעים , אַז עֶס וֶועט אִיהם אפשר גִירָאטִין , דוּרְךְ זַיינֶע תפלות זֵייא אוֹיס דֶעם אָרְט פוּן פְּלָאג צוּ דֶער לֵייזִין . וֶוען עֶר גְלוֹיבְּט אָבִּיר דֶער תורה שבעל פה אַזוֹ מוּז עֶר אִיבִּיר צַייגְט זַיין , אַז זַיין פָאטִיר אוֹדִיר זַיינֶע מוּטְטִיר בַּייא אַלֶּלֶע זֵייאִירֶע מַאטִירְנִישִׁין אוּן חָאטְשִׁי דִיא זכות אבות אוּן דִיא גוּטִי פעוּלוֹת וָואס דֶער יום כפור ווִירְקְט אוֹיס , זֶענִין זֵייא

דאך

---

*) אזו איז דער מנהג איין אבל מפטיר אויף צו רופין אוס שבת אודיר יו"ט אודיר איין תענית ווען מאן לייאינט איין הפטרה פון נביאים נאך דעם לייאינין אין דער תורה .

דָאךְ אִין זִינְד גִישְׁטָארְבִּין און אִין פֶערְדֶערְבִּינִיש אַבִּיין גִיפַאלִין , און אַז עֶר מוּז אִיצוּנְד דָאס וֶוערְק פוּן זַייאִיר דֶערְלֵייזוּנְג אִיבִּיר נֶעהמִין . מֵיְדָא דֶער יוּד וָואס שְׁטַארְבְּט הָאט קֵיינִי הָאפְפְנוּנְג , אַז עֶר וֶועט נָאךְ זַיין טוֹיט אִין אַיין צוּ שְׁטַאנְד פוּן גְלִיקְזֶעלִיגְקַייט אַבִּיין טְרֶעטִין , עֶר קָאן נִיט שְׁטַארְבִּין מִיט דֶעם שלום פוּן אַיין מֶענְש , וָואס עֶר אִיז אִיבִּירְצַייגְט , אַז זַיינִי זִינְדִין זֶענִין אִיהם פֶערְגֶעבִּין , נַייאִירְט עֶר מוּז מִיט שְׁרֶעקִין אַהִין בְּלִיקִין דֶערוֹיף , אַז עֶר וֶועט צוּם וֵויינִיגְסְטִין עֶלְף חדשים פוּן שְׁטְרָאף אִין דִיא וואוינוּנְגִין פוּן דִיא פֶערְטִילִיגְטִי צוּ בְּרֵיינְגִין . דִיא לֶערְנוּנְג פוּן דֶער גמרא זָאגְט אַזוֹ , אַז דִיא יֶענִיגִי , וֶועלְכִי זֶענִין קֵיין מָאהל קֵיינִי יוּדִין נִיט גִיוֶועזִין , הָאבִּין צְוֶועלְף חדשים שְׁטְרָאף צוּ לַיידִין , דֶער קֵייגִין דִיא יוּדִישִׁי מינים און פושעים וֶועלִין צוּ אֵייבִּיגִיר פֶערְטִילִיגוּנְג גִימִשְׁפֶּט וֶוערִין :

פושעי ישראל בגופן ופושעי אומות העולם בגופן יורדין לגיהנם ונידונין בה שנים עשר חדש לאחר שנים עשר חדש גופן כלה ונשמתן נשרפת ורוח מפזרתן תחת כפות רגלי הצדיקים שנא׳ ועסותם רשעים כי יהיו אפר תחת כפות רגליכם אבל המינין והמוסרים והאפיקורסים שכפרו בתורה ושכפרו בתחיית המתים ושפירשו מדרכי צבור ושנתנו חתית בארץ חיים ושחטאו והחטיאו את הרבים כגון ירבעם בן נבט וחביריו יורדין לגהינם ונידונין בה לדורי דורות :

„דִיא פּוֹשעים פוּן ישראל וֶועלְכִי עֶס הָאבִּין מִיט זַייאִיר גוּף גִיזִינְדִיגְט , און דִיא פּוֹשעים פוּן אומות העולם וֶועלְכִי עֶס הָאבִּין מִיט זַייאִיר גוּף גִיזִינְדִיגְט נִידִירִין אַרָאפּ אִין גהינם אַבִּיין און זַייא וֶוערִין דֶערִינְין גימשפט צְוֶועלְף חדשים לַאנְג , נָאךְ צְוֶועלְף חדשים וֶוערְד זַייאִיר גוּף פֶער לֶענְדִיט און זַייאִיר זֵייל (נשמה) וֶוערְד פֶער בְּרֶענְט , און דֶער ווִינְד צוּ שְׁפְּרֵייט זַייא אוּנְטִיר דִיא בַּאלִין פוּן דִיא פִּיס פוּן דִיא צדיקים־ וָוארִין עֶס שְׁטֵייט אִין פסוק : „ „אִיהר וֶועט דִיא רשעים צוּ טְרֶעטִין , וָוארִין זַייא וֶועלִין וֶוערִין צוּ אַשִׁי אוּנְטִיר אַייאִירִי פִּיס . ״ (מלאכי ג׳ פסוק כ״א) אָבִּיר דִיא מינים און דִיא מוסרים און דִיא אפיקורסים , וָואס זַייא הָאבִּין גִילֵייקִינְט אִין דֶער תורה און וָואס הָאבִּין גִילֵייקִינְט אָן תחיית המתים און דִיא וָואס הָאבִּין זִיךְ אָב גִישֵׁיידִיט פוּן דִיא וֶועגִין פוּן צבור אוֹדִיר זַייא הָאבִּין גִימַאכְט אַז אִין לַאנְד פוּן דִיא לֶעבִּינְדִיגִי זָאלל פוּרְכְט זַיין , און וָואס זַייא הָאבִּין גִיזִינְדִיגְט און הָאבִּין אַנְדִירִי גִימַאכְט זִינְדִיגִין , וִויא ירבעם בן נבט און זַיינִי חברים ; דִיא נִידִירִין אִין גהינם אַרָאפּ און זַייא וֶוערִין דֶערִינְין גימשפט אוֹיף דוֹרִי

דורות. ״ (אין דער גמרא ראש השנה דף י״ז, עמוד א׳.) אַזוֹ אַיין שְׁטֶייגִיר הָאט דֶער יוד וָואס שְׁטַארְבְּט צְוֶועלְף הדשים פוּן מַאטְרְנִיש צוּ דֶער וַוארְטִין, אוּן דֶער זוּן וָואס בְּלַייבְּט וָואלְט אֵיינְגְטְלִיךְ בַּארְפִין צְוֶעלְף חדשים אַדוּרְךְ דָאס פָּאר גִישְׁרִיבִּינִי גִיבֶּעט (קדיש) זָאגִין: אָבִּיר דִיא רבנים הָאבִּין דָאס אוֹיף עֶלְף חדשים פֶּערְוֶויינִיגִירְט, כדי דוּרְךְ דֶעם אָן צוּ וַוייזִין, אַז דֶער גִישְׁטָארְבִּינִיר אִיז נִיט אַזוֹ שְׁלֶעכְט גִיוֶועזִין, אַז עֶר זָאלל דִיא גַאנְצִי שְׁטְרָאף מוּזִין אוֹיס הַאלְטִין:

ונהגו שאין אומרים קדיש ותפלה רק י״א חדשים כדי שלא יעשו אביהם ואמם רשעים כי משפט רשע י״ב חדש:

אוּן זֵייא הָאבִּין זִיךְ נוֹהג גִיוֶועזִין אַז מַאן זָאלל נִיט מֶעהר זָאגִין קדיש אוּן תפלה בַּייאִירְט עֶלְף חדשים, כדי זֵייא זָאלְלִין נִיט מַאכִין אַז מַאן זָאלל זֵייאִירִי עֶלְטִירִין הַאלְטִין פַאר רשעים: וָוארִין נוּר דֶער משפט פוּן אַיין רשע אִיז אוֹיף צְוֶועלְף חדשים. ״ (יורה דעה, סמן שע״ו). דֶער פוּן אִיז אוֹיס גִימַאכְט, אַז אִיטְלִיכִיר יוד שְׁטַארְבְּט מִיט דֶער גִיוִויסְהַייט צוּם וֶוייניגְסְטִין עֶלְף הדשים דִיא מַאטִירְנִיש פוּן גהינם אוֹיס צוּ הַאלְטִין, אוּן אַז נָאךְ זַיין טוֹיט אִיז זַיין זוּן עֶפִינְטְלִיךְ מוֹדֶה, אַז עֶר אִיז אִין זַיינִי זִינְד גִישְׁטָארְבִּין אוּן עֶר אִיז נִיט וֶוערְט גִיוֶועזִין אִין דִיא פְרֵייד פוּן גן עדן אַבִּיין צוּ גֵייהִין בַּייאִירְט אַז זַיין עֶרְב טְהֵייל אִיז בּאמת פִּיל מֶעהר מִיט דִיא פֶערְטִילְגְטִי. עֶס אִיז נָאךְ דֶעם נָאךְ דֶער וִויזִין, אַז דָאס יוּדִישְׁקַייט אִיז נִיט מבטיח קֵיין הָאפְפְנוּנְג אוֹיף דִיא פֶער גֶעבּוּגג פוּן זִינְד, אוּן אַז זַיינִי פָאר גִישְׁרִיבִּינִי מנהגים הָאט קֵיין וֶוערְד אִין דֶער צַייט פוּן נוֹיט. דִיא זִיכִירְהַייט וָואס אַיין יוּד הָאט בַּייא זַיין טוֹיט, אִיז, אַז עֶר וֶועט אִין דֶעם גהינם אַבִּיין נִידִירִין, אָבִּיר דִיא הָאפְפִינוּנְג פוּן זַיין דֶערְלֵייזוּנְג אִיז עֶנְטְוִויר אוֹיף דִיא תפלות פוּן זַיין זוּן אוֹדִיר גִיגְרוּנְדְפֶּעסְטִיגְט אוֹיף דֶעם וָואס עֶר אִיז אַיין ישראל. אִיז אָבִּיר דָאס דָאזִיגִי אַיין פֶערְשְׁטֶענְדִיגִיר גְרוּנְד צוּ דֶער הָאפְפִינוּנְג? קֵיינִי הָאפְפִינוּנְג אוֹיף זֶעלִיגְקֵייט קָאן נִיט פֶערְשְׁטֶענְדִיג זַיין, דִיא וָואס אִיז נִיט גִישְׁטִיצְט אוֹיף דֶער הבטחה פוּן גָאטט. אוּנְזִיר פֶערְשְׁטַאנְד קָאן אוּנְס נִיט פוּן דֶעם הִימִיל, אוּן אוֹיךְ נִיט פוּן דֶעם גהינם עֶפִּיס עֶס אִיז זָאגִין, אוּן דֶערוּם קָאן אוּנְס קֵיין אֵייגִינִי שְׁפִּיקוּלַאצְיֶע נִיט בִּיגִינוּגִינִין אִין דֶעם ענין פוּן דָאס אֵיינִי אוֹדִיר דָאס אַנְדִירִי; דָאס אֵיינְצִיגִי גִינוּגִינִי בִּיצַייגִינִיש קָאן פוּן גָאטְטִיס אַנְטְפְּלֶעקְטִין וִוילְלִין קוֹמִין. נוּן גִיפִינְד זִיךְ אָבִּיר נִיט אִין גַאנְצִין תנ״ך קֵיין אֵיינְצִיגִי הבטחה וואו

דערינין

דֶערִינֶן זָאלל גִיזָאגְט וֶוערִין, אַז אַיין ישראל זָאלל נָאךְ דֶער שְׁטְרָאף
פוּן צְוֶועלְף חדשים דֶערְלֵייזְט וֶוערִין, אוֹדִיר אַז דִיא עֶפִּינְטְלִיכִי גִיבֶּעט
פוּן דֶעם זוּן זָאלל אִין שְׁטַאנְד זַיין דֶעם פָּאטִיר צוּ דֶערְלֵייזִין. דָאס אַלְץ
אִיז אֵיינִי בְּלוֹזִי אוּיס טְרַאכְטוּנְג פוּן דִיא רבנים, אָן דָאס מִינְדִיסְטִי
בִּישְׁטֶעטִיגוּנְג פוּן גָאטְטִים וָוארְט, עֶס אִיז דַארִיבִּיר קֵיינִי הָאפְּפִינוּנְג,
בַּייא וֶועלְכִיר אַיין פֶערְשְׁטֶענְדִיגִיר מֶענְשׁ זָאלל זִיךְ קֶענִין בִּירוּהִיגִין.
דֶער סוֹף פוּן דֶער גַאנְצִיר זַאךְ אִיז, אַז אִיטְלִיכִיר יוּד דֶערְוַוארְטִיט אִין
גהינם אַרַיין צוּ קוּמִין אוּן הָאט קֵיין הבטחה פוּן גָאטט נִיט, דִיא וָואס
זָאלל אִיהם פֶערְזִיכִירִין, אַז עֶר וֶועט דֶער פוּן דֶערְלֵייזְט וֶוערִין. דָאס
יוּדִישְׁקַייט אִיז נָאךְ דֶעם נָאךְ נִיט קֵיין דת, דִיא וָואס זָאלל גֶעבִּין אַיין
הָאפְּפִינוּנְג אוּיף זֶעלִיגְקַייט; וָוארִין וַוייל עֶס בִּיהוֹיפְּטִיט, אַז אִיטְלִיכִיר
יוּד מוּז אִין גהינם אַרַיין קוּמִין, שְׁטֶעלְט עֶס אוּיף דִיא לֶערְנוּנְג, אַז דִיא
זִינְד וֶוערְד נִיט פוּן גָאטט פֶערְגֶעבִּין, נַייאִירְט עֶס מוּז מכופר וֶוערִין דוּרְךְ
דֶעם זִינְדִיגִירְס אֵייגִינִי לַיידִין, אוּן אַז עֶס קָאן דִיא זֶעלִיגְקַייט נִיט פְרִיהִיר
דֶערְלַאנְגְט וֶוערִין, וִויא בִּיז עֶס אִיז אַיין אָבּ קוּמִינִישׁ גִיגֶעבִּין דוּרְךְ
צְוֶועלְף חדשים פַּיין וָואס דֶער מֶענְשׁ מוּז לַיידִין. וֶוען נוּן דֶער דָאזִיגִיר
גְרוּנְד זַאךְ וָואלְט רִיכְטִיג גִיוֶועזִין, אַזוֹ וָואלְט גָאר קֵיין זֶעלִיגְקַייט נִיט
קֶענִין זַיין. דִיא זִינְד אִיז גְרוֹיס אָן אַיין סוֹף, וַוייל זִיא אִיז אֵיינִי
בִּילֵיידִיגוּנְג אַקֶעגִין אַזֶעלְכִין וָואס עֶר הָאט קֵיין סוֹף נִיט, אוּן דְרוּם דַארְף
דִיא שְׁטְרָאף אוּיךְ אָן אַיין סוֹף זַיין. דִיא גִירֶעכְטִיגְקַייט פוּן גָאטט אִיז
אוּיךְ אָן אַיין סוֹף אוּן פֶערְלַאנְגְט אֵיינִי אָבְּקוּמִינִישׁ אָן אַיין סוֹף, אַזוֹ אַז,
דִיא דָאזִיגִי אָבְּקוּמִינִישׁ מוּז גִיגֶעבִּין וֶוערִין דוּרְךְ דִיא לֵיידִין פוּן דֶעם
זִינְדִיגִין זֶעלְבִּירְט, דִיא דָאזִיגִי לֵיידִין מוּז קֵיין סוֹף נִיט הָאבִּין, דָאס
הֵייסְט, עֶס מוּז דוֹיאִירִין פוּן אֵייבִּיגְקַייט צוּ אֵייבִּיגְקַייט; אוּן אַזוֹ קֶען פוּן
קֵיין זֶעלִיגְקַייט גָאר נִיט דִיא רֵייד זַיין. מֵילָא אַזוֹ אִיז דִיא יוּדִישִׁי
הָאפְּפִינוּנְג פוּן דֶער הֵיילִיגִיר שְׁרִיפְט (תנ"ך) אוּם גִיזִיכִירְט, אוּן כנגד דֶעם
שכל, אוּן מִיר קֶענִין נָאךְ צוּ שְׁטֶעלְלִין, אַז עֶס אִיז מִיט זִיךְ זֶעלְבִּירְט
ווִידִיר אֵיינַאנְדִיר. אִין דֶעם מנהג אוּן דִיא לֶערְנוּנְג, דִיא וָואס מִיר
הָאבִּין דָא פָּאר גִישְׁטֶעלְט, וֶוערְד דֶעם יוּדִין וָואס עֶר שְׁטַארְבְּט דִיא
הָאפְּפִינוּנְג גִיווִיזִין, אַז עֶר וֶוערְד דֶערְלֵייזְט עֶנְטְוִויר דוּרְךְ דִיא גִיבֶּעט
פוּן זַיין זוּן אוֹדִיר דוּרְךְ זַיינִין יוּדִישִׁין יחש וַוייל עֶר אִיז אֵיין יוּד. אוּיף
זַיין בֶּעט פוּן שְׁטַארְבִּין דֶערֶקֶעגִין וֶוערְד אִיהם ווִידִיר גִילֶערִינְט, צוּ
גְלוֹיבִּין, אַז זַיין טוֹיט זֶעלְבִּירְט וֶועט אַיין כפרה זַיין פַּאר זַיינִי זִינְדִין;

וואריז

וָוארִין אִין זַיינֶע ווידוים פַאר דֶעם טויט וֶוערִין אִיהם דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶיר אִין מויל אַרַיין גֶעלֶייגְט:

ואם קרבה עת פקודתי למות. תהא מיתתי כפרה לכל חטאתי. ולכל עונותי ולכל פשעי. שחטאתי ושעויתי ושפשעתי מיום היותי:

„אַזוֹ אַז דִיא צַייט פוּן מִיךְ צוּם טוֹיט צוּ גֶידֶענְקִין, הָאט גִינֶעהִינְט, לָאז מַיין טויט זַיין אַיין כפרה אויף אַלְלֶע מַיינֶע חטאים אוּן אַלְלֶע מַיינֶע עוונות אוּן אַלְלֶע מַיינֶע פשעים, וָואס אִיךְ הָאבּ גִיזִינְדִיגְט, אוּן וָואס אִיךְ הָאבּ פֶערְקְרִימְט, אוּן וָואס אִיךְ הָאבּ גִיפֶעלֶשְׁט צַייט דֶעם טָאג וָואס אִיךְ בִּין דָא גִיוֶועזִין!" דִיא דָאזִיגֶע צְוֶוייא לֶערְנוּנְגִין זֶענִין זִיךְ פוּבְּלִיצְנֶיע אֵיינֶע דִיא אַנְדֶירֶע סותר. וֶוען דֶער טויט אִיז אַיין כפרה פַאר אַלְלֶע זִינְד, דֶען בִּיַדַארְף עֶס קֵיין שְׁטְרָאף פוּן צְוֶועלְף חדשים אִין דֶעם גהינם נִיט מֶעהר, וַוייל אַלְלֶע זִינְד זֶענִין שׁוֹין פֶערְגֶעבִּין; וֶוערְד עֶר אָבִּיר נָאךְ דֶער מִיט גִישְׁטְרָאפְט, אַזוֹ קָאן אויךְ דֶער טויט פוּן דֶעם אֵיינְצִיגִין קֵיין כפרה פַאר זַיינֶע זִינְדִין נִיט זַיין. דֶער יוד קָאן אִיצוּנְד נָאךְ זַיין פֶער לַאנְג אֵיינֶע פוּן דִיא דָאזִיגֶע בֵּיידֶע הָאפְּפִינוּנְגִין אוּיס קְלֵייבִּין; אָבִּיר וֶועלְכֶע עֶר מֶעג אויךְ פַאר אמת דֶערְקֶלֶערִין, אִיז אַלֶץ דִיא אַנְדֶירֶע בוודאי פַאלְשׁ. וֶוען אָבִּיר אֵיינֶע אִיז פַאלְשׁ, דֶען לֶערִינְט דִיא תורה שבעל פה אַיין אוּם וַוארְהַייט אוּן קָאן אויךְ קֵיין פֶערְטְרוֹיהִין נִיט פֶערְדִינֶען אִין דֶעם וָואס עֶס בִּיטְרֶעפְט דִי אַנְדֶירֶע. עֶס הֶערְשְׁט נָאךְ דֶעם נָאךְ צְוִוישִׁין דִי דָאזִיגֶע בֵּיידֶע בִּיהויפְּטוּנְגִין אַיין עֶפִינְטְלִיכֶע ווידֶיר אֵיינַאנְדִיר שְׁפְּרֶעכוּנְג, וָואס עֶס מַאכְט זֵייא בֵּיידֶע אָן זִיךְ אַז זֵייא זָאלְלִין אִין פֶערְדַאכְט זַיין, אַזוֹ וִויא עֶס וֶוערְד אִיטְלִיכֶע זַאךְ פוּן זֵייא דוּרְךְ דָאס וָוארְט פוּן גָאטט אָבּ גִיוֶועְנְד דִיא הֵיילִיגֶע שְׁרִיפְט שְׁטֶעלְט פָאר, אַז דֶער טויט אִיז אַיין לוֹהן אוּן אַיין שְׁטְרָאף פַאר דִיא זִינְד פוּן אדם הראשון אוּן נִיט אַז עֶס זָאלל מכפר זַיין, אוּן דַארִיבִּיר קוּמְט עֶס אויךְ, אַז יוּנְגֶע קִינְדִיר דִיא וָואס הָאבִּין קֵיין מָאהל אַלֵיין קֵיין זִינְד נִיט גִיטָהוּן, אוּן דַארִיבִּיר דַארְפִין זֵייא קֵיין כפרה נִיט, אוּן פוּן הֶעסְט וֶועגִין שְׁטַארְבִּין זֵייא. בכן אִיז דֶער טויט אֵיין שְׁטְרָאף; דָאס יֶענִיגֶע אָבִּיר, וָואס אִיז אַיין שְׁטְרָאף קָאן קֵיין מָאהל קֵיין כפרה נִיט זַיין. מֵילָא דֶער יוד וָואס שְׁטַארְבְּט, וֶוען עֶר אִיז אֵיין קְלוּגִיר מֶענְשׁ, הָאט קֵיינֶע הָאפִינוּנְג, דִיא וָואס זָאלל אִיהם אִין דֶער עֶרִינְסְטְלִיכִיר שְׁטוּנְד פְּרִידִין אוּן טְרֵייסְטוּנְג קֶענִין גֶעבִּין. עֶר אִיז מתפלל, אַז דֶער טויט זָאלל אַיין כפרה פַאר זַיינֶע זִינְדִין זַיין, אוּן פוּן הֶעסְט וֶועגִין גְלוֹיבְּט

עֶר פֶער קֶעהְרְט, אַז עֶר וֶועט אַרָאפּ נִידִירִין אִין דֶעם אָרְט פוּן פֶערְטִילִיגוּנְג, אוּן אַז זַיין זוּן מוּז זִיךְ אוּנְטֶיר גֶעהְמִין אִיהם צוּ דֶער לֵייזִין. וְוִיא אַזוֹ אַיין בִּידֶעגְקְטִיר מֶענְשׁ, וְוִיא בִּיזוּנְדִירְס אֵיינִיר פוּן ישראל, דֶער וָואס הָאט גִילֶערִינְט דִיא תורה אוּן דִיא נביאים, קָאן מִיט אַזוֹ אַיין דת צוּ פְרִידִין זַיין, בִּיגְרֵייפִין מִיר נִיט. דִיא אֵייגִינְטְלִיכִי זַאךְ פוּן אַיין דת, דָאס יֶענִיגִי, וָואס גִיבְּט אִיהר דֶעם גְרֶעסְטִין וֶוערְט, אִיז דִיא טְרֵייסְטוּנְג, וָואס זִיא גִיבְּט דֶעם זִינְדִיגִין בשעת עֶר שְׁטַארְבְּט. וֶוען זִיא קָאן אִיהם אִין דֶער שְׁטוּנְד וֶוען עֶר שְׁטַארְבְּט נִיט בִּירוּהִיגִין, אוֹיפְרִיכְטִין, אוּן טְרֵייסְטִין, פֶערְדִינְט זִיא נִיט פַאר אַיין דַת גִיהַאלְטִין צוּ וֶוערִין. גַאנְץ אַנְדִירְשׁ אִיז דִיא קְרִיסְטְלִיכִי אמונה, אוּן נָאךְ אוּנְזִיר אַנְזֶעהִין נָאךְ אִיז עֶס מִיט דֶעם אַלְטִין טֶעסְטַאמֶענְט (תורה, נביאים, אוּן כתובים) וַוייט מֶעהר אַיינְשְׁטִימִיג. מִיר גְלוֹיבִּין עֶרְשְׁטְלִיךְ, אַז דִיא כ פ ר ה פוּן דֶעם משיח הָאט אַיין גִינוּגִינִי אוּן פוּלְשְׁטֶענְדִיגִי פֶערְגֶעבּוּנְג פַאר אַלְלִי זִינְד גִיבְּרַאכְט, אַזוֹ אַז דֶער זִינְדִיגִיר, וֶועלְכִיר שְׁטַארְבְּט מִיט הרטה אוּן אִין אמונה אִיז פְרֵייא פוּן אַלְלִים וָואס פוּן דִיא זִינְד קוּמְט אַרוֹיס אוּן צוּם סוֹף גֶעהְט עֶר אַרַיין אִין דִיא וואוֹינוּנְגִין פוּן דִיא זֶעלִיגִי, אוּם דִיא פְרִיא מָארְגִין זוּנִין אוֹיף גַאנְג פוּן תחיית המתים צוּ דֶער וַוארְטִין. דָאס אַלְטִי טֶעסְטַאמֶענְט (תנ"ך) זָאגְט אוּנְס צוּ אַז דֶער משיח וֶועט אוּנְזִירִי זִינְדִין טְרָאגִין, דָאס נַייאִי (ברית חדשה) זָאגְט אוּנְס אַז עֶר הָאט זֵייא גִיטְרָאגִין אוּן מִיר זֶענִין דַארִיבִּיר אִיצוּנְד „פוּן דֶעם אַלְלִים גִירֶעכְטְפֶערְטִיגְט וָואס מִיר הָאבִּין נִיט גִיקֶענְט גִירֶעכְטְפֶערְטִיגְט וֶוערִין דוּרְךְ דֶער תורת משה (גִישִׁיכְטִי פוּן דִי אפוסטילם י"ג, פסוק ל"ח ל"ט) עֶס זָאגְט אוּנְס, אַז „גָאטט הָאט דֶעם וָואס הָאט נִיט גִיקֶענְט קֵיין זִינְד, פַאר אוּנְס צוּ אַיין זִינְד גִימַאכְט, אַז מִיר זָאלְלִין וֶוערִין דָאס גִירֶעכְטִיגְקַייט פוּן גָאטט אִין אִיהם," (ב קארינטיר ה', פסוק כ"א) אוּן אַז, „וֶוען אֵיינִיר זִינְדִיגְט אַזוֹ הָאבִּין מִיר אַיין פִירְשְׁפְּרֶעכִיר בַּייא דֶעם פָאטִיר, ישוע דֶער משיח דֶער גִירֶעכְטִיר, אוּן עֶר אִיז אַיין אוֹיס לֵייזוּנְג פַאר אוּנְזִירִי זִינְד; אוּן נִיט פַאר אוּנְזִירִי זִינְדִין אַלֵיין, זוּנְדִירִין אוֹיךְ פַאר דֶער גַאנְצִיר וֶועלְט. (א יוחנן ב', פסוק א'–ב') מִיר גְלוֹיבִּין וַוייטִיר, אַז דֶער משיח הָאט דָאס אַלְץ גִיטְרָאגִין, וָואס מִיר וָואלְטִין מוּזִין טְרָאגִין – וְוִיא דֶער נביא זָאגְט:

מוסר שלומנו עליו ובחברתו נרפא לנו:

דִיא שְׁטְרָאף פוּן וֶועגִין אוּנְזִיר פְרִידִין אִיז אוֹיף אִיהם, אוּן דוּרְךְ זַיינִי

ביילין

בַּיילִין זֶענִין מִיר גִיהֵיילְט גִיוָוארִין״—(ישעיה נ״ג. פסוק ה׳) אוּן אַז מִיר זֶענִין דַארִיבִּיר אִיצוּנְד פְּרַייא, קֵיינִי מַאטִירְנִיש פוּן צְוֶועלְף חדשים דֶערְוַוארְטִיט דִיא יֶענִיגִי נִיט, וֶועלְכִי דֶער משיח הָאט דֶערְלֵייזְט, אוּן נִיט מִיר זֶעצִין אוּנְזִיר בטחון, אוֹיף אוּנְזִיר אֵייגִינִים טוֹיט אַזוֹ וְוִיא עֶס וָואלְט מִיגְלִיךְ גִיוֶועזִין אַז דָאס זָאלל זַיין אַיין כפרה. אוּנְזִיר הָאפְנוּנְג אִיז פֶּעסְט בִּיגְרוּנְדִיט אוּן דַארִיבִּיר חָאטְשִׁי מִיר זֶענִין זִינְדִיגִי, קֶענִין מִיר אִין פְרִידִין שְׁטַארְבִּין, פֶּערְטְרוֹיהִינְדִיג אוֹיף דִיא זֶעלִיגְקַייט, דִיא וָואס גָאטט זֶעלְבִּיר הָאט בִּירֵייטִיט, אָן פוּרְכְט פַאר דֶעם פַּיין פוּן פֶערְטִילִיגוּנְג, נַייאִירְט אוּנְטִירְטֶעניג דֶער וַוארְטִין מִיר פוּן וֶוענִין דֶעם משיח אַרַיין גִילָאזִין צוּ וֶוערִין אִין דִיא וואוינוּנְגִין פוּן דִיא זֶעלִיגִי. זִיךְ שְׁטִיצִינְדִיג אוֹיף דִיא דָאזִיגִי הָאפְפְנוּנְג, קָאן דֶער קְרִיסְט זָאגִין: „וָוארִין בַּייא מִיר אִיז דֶער משיח (קריסטוס) דָאס לֶעבִּין, אוּן דֶער טוֹיט אִיז אַיין גִיוִוינְס;״ (פיליפיר א׳, פסוק כ״א) עֶר קָאן פוּן דֶעם טוֹיט אוֹיף דֶעם סוֹף וָואס אִיז בַייךְ מִיט כבוד אַהִין בְּלִיקִין, וְוִיא דֶער הֵיילִיגִיר פאוילוס הָאט גִיטָהוּן, דֶער וָואס הָאט גִיקֶענְט זָאגִין בשעת עֶס אִיז גִיקוּמִין דִיא שְׁטוּנְד פוּן זַיין טוֹיט פוּן מַאטִירְנִיש: „וָוארִין אִיךְ בִּין שׁוֹין פַארְטִיג אַיין קרבן צוּ זַיין, אוּן דִיא צַייט פוּן מַיין אָבְּשֵׁייד אִיז נָאנְט. אִיךְ הָאבּ גִישְׁטְרִיטִין אַיין גוּטִי שְׁטְרַייט, אִיךְ הָאבּ גִיעֶנְדִיגְט מַיין לוֹיף. אִיךְ הָאבּ גִיהַאלְטִין דֶעם גְלוֹיבִּין. אוּן אִיצוּנְד אִיז פַאר מִיר אָבּ גִילֵייגְט אַיין קְרוֹין פוּן גִירֶעכְטִיגְקַייט וָואס דֶער הַארר דֶער גִירֶעכְטִיר שופט וֶועט מִיר גֶעבִּין אִין דִיזִין טָאג: אוּן נִיט צוּ מִיר אַלֵיין, זוּנְדִירִין אוֹיךְ צוּ אַלִין וָואס לִיבִּין זַיין אַנְטְפֶּלֶעקִין.״ (ב׳ טימאטעוס ד׳, פסוק ו׳—ה׳) דֶער קְרִיסְט דֶער וַוארְט נִיט, אַז עֶר וֶועט נָאךְ זַיין טוֹיט צְוֶועלְף שְׁרֶעקְלִיכִי חדשים אַדוּרְךְ אִין דֶעם גהינם בְּלַייבִּין: „וָוארִין מִיר וֵוייסִין אַז וֶוען אוּנְזִיר אִירְדִישׁ הויז פוּן דִיזִין גִיצֶעלְט וֶועט צוּ וָוארְפִין וֶוערִין, אַזוֹ הָאבִּין מִיר אַיין גִיבַּיידִי פוּן גָאטט, אַיין הויז וָואס אִיז נִיט גִימַאכְט מִיט הֶענְד, אוּן אִיז אֵייבִּיג אִין הִימִיל. וָוארִין אִין דִיזִין טָהוּן מִיר זִיפְצִין, אוּן פַאר לַאנְגִין אָן צוּ טָהוּן אוּנְזִיר הויז וָואס אִיז פוּן הִימִיל. אוּן וֶוען מִיר וֶועלִין עֶס אָן קְלֵיידִין וֶועלִין מִיר נִיט גִיפוּנְדִין וֶוערִין נַאקִיט. וָוארִין מִיר וָואס זֶענִין אִין דִיזִין גִיצֶעלְט טָהוּן זִיפְצִין וֶועגִין דֶער לַאסְט, וָוארִין מִיר ווִילִין נִיט אוֹיס גִיטָהוּן וֶוערִין זוּנְדִירִין אָן גִיקְלֵיידִיט, אַז דִיא שְׁטֶערְבְּלִיכְקַייט זָאלל פַּאר שְׁלוּנְגִין וֶוערִין פוּן דֶעם לֶעבִּין.״ (ב׳ קארינטער ה׳, פסוק א׳-ד׳) פוּן דֶער דָאזִיגִיר אַרְט אִיז דִיא הָאפְנוּנְג

וואס

וואס דאס קריסטינטהום גיבט אונס, און עס איז קוים גייטיג צו ביווייזין אז דיא זעלביגי איז גינוגינר און פאסינדיר דעם גיוויסין פון איין שטארבינדיגין בעל אמונה גוט צו שטעהין פאר שלום, אז וויא דיא שרעקליכי אויסזיכט צוועלף חדשים צו זיין אין דעם ארט פון פיין. דאס אליין ווייזט, אז דאס קריסטינטהום איז איביר דאס יודישקייט וייט דערהויבין, און עס גיבט זעלביר דיא מיינונג אז עס איז אמת, דער פערשטאנד זאגט אונס, אז וועו גאטט האט איביר הויפט איין אנטפלעקונג גיגעבין, מוז דיא דאזיגי אנטפלעקונג דער צו זיין, עס זאלל אין זיך האבין דיא ספאסאבים צו זינדין פערגעבונג, דעם וואס שטארבט טרייסטונג צו געבין. אין דעם דאזיגין אופן גינארט דאס יודישקייט. פאר איין גרויסי גוזמא צירימאנישי מנהגים איז עס מבטיח פערגעבונג און רעכטפערטיגונג; אביר ווען עס גייט מיט דעם מענשין צום סוף, זאגט עס איהם, אז עס איז קיין ספאסיב ניט פערהאנדין צו פערגעבונג, אז ער מוז פיל מעהר אראפ נידירין אין פיין און דורך אייגיני צרות מכפר זיין אויף זייני זינד. דער דאזיגיר דת אמונה קאן דאריביר ניט פון גאטט זיין. דאס קריסטינטהום האט דאס ערשטי און דעם גרעסטין ענין פון איין אמונה: עס בילערינט דעם מענשין, וויא ער קאן ביקומין פערגעבונג און אין פרידין שטארבין; און דער סדר פון פערגעבונג און דיא טרייסטונג, וואס עס שטעלט אויף, שטימט פונקט איין מיט דיא לערנונג פון משה און דיא נביאים. משה זאגט צו, פערגעבונג, פאר איין קרבן פון כפרה; ישעיה זאגט, אז מאן דארף האלטין דעם משיח פאר דאס וואהרי און אייגינטליכי קרבן פון כפרה, און דאס קריסטינטהום בירוהיט אויף דיא דאזיגי ביידי גרונד זאצין. דער יוד זעלביר מוז מודה זיין אז אונזירי האפינונג האט ווייניגסטינס איין שטארקין שיין פון וואהרהייט, און אז מיר האבין פאר אונס דיא אותיות פון אלטין טעסטאמענט (תורה נביאים כתובים). מיר האבין דרום מעהר טעם דעם קריסטינטהום צו גיטרויהין, אז וויא דער יוד האט אויף דאס, וואס ער איז אנגיהאנגין אן זייני יודישקייט, פאר וועלבים עס איז ניט אמאהל פערהאנדין קיין שיין פון חכמה, און וועלכים עס איז פון ווייטין אזו גוט פון דיא אותיות וויא אויך פון דיא משמעות פון דעם תנ"ך. מיר ווילין איטליכין יוד ערשטליך בעטין אויף דעם משקל צו נעהמין וואס זיין האפינונג איז אין טויט און וואס זייני אויס זיכטין איז אויף נאך דעם. קאן ער וואויל דער מיט צו פרידין זיין וואס

דָאס יוּדִישְׁקַייט בִּיט אִיהם אָן ? קָאן עֶר אִין דֶער דֶערְוַוארְטוּנְג אוֹיף פַיין פוּן צְוֶועלְף חדשים גְלִיקְלִיךְ זַיין ? אוֹדִיר קָאן דָאס קדיש זָאגִין אַלְלֵי מָאהל, אִיהם דִיא הָאפִינוּנְג גֶעבִּין, אַז עֶס וֶועט אִיהם פוּן דֶעם אָרְט בִּיפְרַייהִין, אִין וֶועלְכִין זַיינִי זִינְד הָאבִּין אִיהם אַרַיין גִיבְּרַאכְט ? עֶר קָאן אוֹיךְ נִיט בִּיהוֹיפְּטִין, אַז דִיא תורה זָאלל אִיהם דֶערוֹיף ערב זַיין; וָוארִין וואוּ הָאט משה אֱיינִים יוּדִישִׁין קִינְד בִּיפוֹילִין קדיש צוּ זָאגִין נָאךְ זַיינִי עֶלְטִירִין ? אוֹדִיר וואוּ הָאט עֶר גִיזָאגְט אַז דָאס קדיש זָאגִין וֶועט בִּיפְרַייהִין דִיא נשמה אוֹיס דֶער הַאנְד פוּן דֶער גֶעטְלִיכִיר גִירֶעכְטִיגְקַייט ? דֶער פֶערְשְׁטַאנְד זָאגְט עֶפִינְטְלִיךְ קְלָאר, אַז דֶער גִישְׁטָארְבִּינִיר אִיז עֶנְטְוֶועדִיר שׁוּלְדִיג (חייב) אוֹדִיר נִיט שׁוּלְדִיג (פטור); דִיא גִירֶעכְטִיגְקַייט פֶערְלַאנְגְט דְרוּם עֶנְטְוֶועדִיר, אַז עֶר זָאלל גִישְׁטְרָאפְט אוֹדִיר עֶר זָאלל בִּיפְרַייהִיט וֶוערִין. אִין דֶעם אֵיינִים אוּפְן קָאן דָס גִיבֶּעט נִיט הֶעלְפִין, אִין דֶעם אַנְדִירִין אִיז עֶס אוּם גֶייטִיג. דֶער פֶערְשְׁטַאנְד זָאגְט, אַז גָאטט אִיז עֶנְטְוֶועדִיר מוחל אוֹדִיר בִּישְׁטְרָאפְט אָבִּיר קַיין מִיטְל וֶועג אִיז נִיט פֶערְהַאנְדִין. דָאס יוּדִישְׁקַייט זָאגְט צוּ נָאךְ דֶעם נָאךְ אַיין הָאפִינוּנְג, וָואס נִיט דֶער פֶערְשְׁטַאנְד אוּן נִיט דִיא תורה אִיז דֶער פַאר ערב, אוּן אִין דֶעם וַוייל עֶס פֶערְלָאזְט דֶעם אָרִימִין זִינְדִיגִין מֶענְשִׁין אִין זַיין שְׁטוּנְד פוּן טוֹיט, פֶערְדִינְט עֶס נִיט, אַז אַיין מֶענְשׁ וָואס הָאט פֶערְשְׁטַאנְד אוֹדִיר עֶר אַכְטִיט דָאס וָוארְט פוּן גָאטט, זָאלל זִיךְ דֶער צוּ בִּיקֶענִין.

---

Дозволено Цензурою. Варшава 5 (17) Февраля 1876 г.
Въ Типографіи А. Гинса. Королевская № 1064 D

# נתיבות עולם

עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז.

דיא אלטי שטעגין.

## נומר ל״ט

אין אונזערין לעצטין נומער האבין מיר געזוכט צו ווייזין דיא אום ריכטיגקייט און די אום זיכערהייט פון אלערלייא האפינונגין וואס די תורה שבעל פה באט און איהרי אנהענגערס, און ווס דער פון קומט ארויס, אז די וואס לאזט איהרי ביקענער אן איין פערשטענדיגי האפינונג אויף זעליגקייט איז גאר ניט נאך דעם ערך נאך פון איין אמונה. אין דיא ענינים וואס מיר האבין מפורש געוועזין האט דאס צדקה געבין צווייא מאהל איבער הויפט אונזערי אויף מערקונג אויף זיך געצויגין: ערשטליך אז דאס זאל זיין אזו וויא איין ספאסיב דיא זיילין (נשמות) פון דיא אבגעשטארבינע אין דער רוהע צו ברענגין: וואס דער פון איז צו זעהין, אז דיא תורה שבעל פה האלט דעם דאזיגין חיוב פאר זייאיר וואזגע און איין גוטע ווערק פאר דיא לעבענדיגע אזו גוט וויא פאר דיא טויטע. דרום זאל דער ענין פון דעם דאזיגין נומער זיין, דיא רבנישי לערנונג פון צדקה געבין חוקר ודורש צו זיין און צו פערגלייכין מיט תורה און נביאים. דער חיוב און דיא גאנצי זאך פון צדקה געבונג ווערין אויף אזו איין אופן אוים איינאנדער געטיילט:

מצות עשה ליתן צדקה לעניי ישראל לפי מה שראוי לעני אם היתה יד הנותן משגת. שנא׳ פתח תפתח את ידך לו ונאמר והחזקת בו גר ותושב וחי עמך ונאמר וחי אחיך עמך: וכל הרואה עני מבקש והעלים עיניו ממנו ולא נתן לו צדקה עבר בלא תעשה שנאמר לא תאמץ את לבבך ולא תקפוץ את ידך מאחיך האביון: לפי מה שחסר העני אתה מצווה ליתן לו. אם אין לו כסות מכסים אותו. אם אין לו כלי בית קונין לו. אם אין לו אשה משיאין אותו. ואם היתה אשה משיאין אותה לאיש. אפילו היה דרכו של זה העני לרכוב על הסוס ועבד רץ לפניו והעני וירד מנכסיו קונין לו סוס לרכוב עליו ועבד לרוץ

לפניו

לפניו שנאמר די מחסרו אשר יחסר לו מצווה אתה להשלים חסרונו. ואין אתה מצווה לעשרו: יתום שבא להשיאו אשה. שוכרין לו בית ומציעים לו מטה וכל כלי תשמישו ואח״כ משיאין לו אשה: בא העני ושאל די מחסורו ואין יד הנותן משגת נותנין לו כפי השגת ידו וכמה עד חמשית נכסיו מצוה מן המובחר. ואחד מעשרה בינוני. פחות מכאן עין רעה:

„עס איז איין מצות עשה צדקה צו געבין צו דיא אָרימי לייט פון ישראל, אַזוֹ פיל וויא דער אָרימיר בּידאַרף, אויב דער וואס גיבט איז עס אין שטאַנד; וואָרין עס שטייט אין פסוק:״ „זאָלסט גוט עפינין דיין האַנד צו איהם,״ (דברים ט״ו פסוק ח׳) און עס שטייט: „דו זאָלסט איהם שטערקין, איין פרעמדלינג אודיר איין איינוואוינער, אַז ער זאָל לעבין בייא דיר;״ און עס שטייט ווייטיר: אַז דיין ברודיר זאָל לעבין בייא דיר (ויקרא כ״ה פסוק ל״ה–ל״ו) און איטליכיר, וואס זעהיט איין אָרימין וויא ער בעטילט און פערמיידיט זייני אויגין פון איהם, און ער גיבט איהם קיין צדקה ניט, האָט ער עובר געוועזין איין לא תעשה; וואָרין עס שטייט אין פסוק: „דו זאָלסט ניט האַרט מאַכין דיין האַרץ און דו זאָלסט ניט פערשליסין דייני האַנד פון דיינים נויט בידערפטיגין ברודיר.״ (דברים ט״ו, פסוק ז׳) נאָך דיא בידערפניש, וואס דעם אָרימין פעהלט, ביסטו גיבאָאטין איהם צו געבין; אַז ער האָט קיין קלייד ניט, מוז מאַן איהם בּיקליידין; אַז ער האָט קיין הויז זאַכין ניט (ווירטשאַפט) מוז מאַן עס איהם קויפין; האָט ער קיין ווייב ניט, מוז מאַן איהם דער צו פאַרהעלפין אַז ער זאָל קענין איין ווייב נעהמין; און אַז דאָס איז איין אשה, מוז מאַן איהר העלפין אַז זיא זאָל נעמין איין מאַן; ווען אפילו דער אָרימיר איז גיוואוינט געוועזין, צו רייטין אויף איין פפערד און איין בידינטיר זאָל פאַר איהר לויפין – און איצונד איז ער פון זיינים פערמעגין אַראָפּ גיקומין אַזוֹ מוז מאַן איהם קויפין איין פפערד צום רייטין און איין דינער, פאַר איהם צו לויפין, וואָרין עס שטייט אין פסוק: „גינוג פאַר זיין בידירפניש וואס וועט פעהלין צו איהם.״ (דברים ט״ו, פסוק ה׳) עס איז דיר גיבאָאטין אַז דו זאָלסט דער פילין וואס איהם פעהלט, אָביר דו ביסט ניט גיבאָאטין איהם רייך צו מאַכין. ווען איין יתום בעט מאַן זאָל איהם פאַר העלפין איין ווייב צו נעהמין אַזוֹ מוז מאַן איהם דינגין איין הויז און אויף שטעלין איין בעט, און זיין גאַנצים הויז ווירטשאַפט אַנשאַפין, און דער נאָך פער העלפט מאַן איהם איין

ווייב

וַוייבּ צוּ נֶעהמֶען . ווען אֵיין אָרִימֶער אִיז גִיקוּמֶען אוּן בֶּעט אַז מַאן זָאל אִיהם הֶעלְפֶען אִין דֶעם וָואס אִיהם פֶעלְט , אוּן דֶער וָואס גִיבְּט אִיז נִיט אִין שְׁטַאנְד דֶער צוּ , אַזוֹ גִיבְּט מַאן אִיהם נָאךְ דֶעם פֶערְמֶעגִין נָאךְ . אוּן וִויא פִיל אִיז דָאס ? דֶער וָואס גִיבְּט אֵיין פִינְפְטֶעל טְהֵייל פוּן זַיין פֶערְמֶעגִין הָאט דִיא מצוה וִויא צוּם בֶּעסְטִין דֶערְפִילְלְט ; דֶער וָואס גִיבְּט אֵיינְס פוּן צֶעהִין דֶערְפִילְט עֶס נוּר מִיטִיל מֶעסִיג , וֶוער עֶס גִיבְּט נָאךְ וֶוענִיגֶער , אִיז אֵיין קַארְגֶער .״ (הלכות מתנות עניים פרק שביעי , משנה א׳ – ה׳) . אִין דֶער דָאזִיגֶער דֶער קְלֶערוּנְג פוּן דֶער נַאטוּר אוּן דִיא אוּיס בְּרֵייטוּנְג פוּן דֶעם חיוב פוּן צדקה גֶעבּוּנְג אִיז פִיל גוּטִים דֶערִינֶען פֶערְהַאנְדִין אַז עֶס אִיז וֶוערְט אוּנְזֶערִי בִּיוואוּנְדִירוּנְג ; בִּיזוּנְדִירְס , וֶוען מִיר בִּיטְרַאכְטִין דָאס אִיצוּנְדִיגִי אֵייגִין נוּצִיגִין אוּן גֶעלְד זוּכְטִיגִין דוֹר , וואוּ מַאן הַאלְט דִיא אָרִימַקֵייט פַאר אֵיין זִינְד , אַז נִיט פַאר אַיין שְׁטְרָאף , אוּן דִיא אָרִימִי וֶוערִין פוּן פִיל גִיהַאלְטִין אַז זֵייא זֶענִין נִיט וֶוערְט קֵיין גְלִיק צוּ הָאבִּין אִין זֵייאֶיר הוֹיז . אָן אוּנְס פשוט צוּ דֶער בִּישְׁטֶעטִיגוּנְג אוֹיף אַלֶי בִּיזוּנְדִירִי חלקים וָואס דָא אִיז בִּיצֵייכִינְט מתחייב צוּ זַיין , מוּזִין מִיר מודה זַיין אַז דָאס גִימוּטֶה פוּן דֶער דָאזִיגֶער שְׁטֶעלְלִי שְׁטִימְט אַיין מִיט דֶעם ענין פוּן בַּארִימְהֶערְצִיגְקֵייט אוּן וֶוען מַאן וָוארְט אַלְץ נָאךְ דֶעם שְׁטֵייגֶער נָאךְ גִיטָהוּן , וָואלְט עֶס מֶעהר פעולה גִיוֶועזִין פַאר דָאס גְלִיקְזֶעלִיגְקֵייט פוּן דֶעם מֶענְשְׁלִיכִין מִין וִויא פִיל עֶרְלֵייא נַייאִי דינים , פוּן דֶעסְט וֶועגִין , אַזוֹ גֶערִין וִויא מִיר דֶערְקֶענִין אוּן בִּיוואוּנְדִירִין דִיא רִיכְטִיגְקֵייט אוּן גוּטִיגְקֵייט פוּן דֶער דָאזִיגֶער שְׁטֶעלְלִי בכלל , אַזוֹ מוּזִין מִיר דָאךְ בִּימֶערְקִין , אַז דֶער הוֹיפְּט אוֹיף פִּיהרוּנְג פוּן לִיבְּשַׁאפְט אִיז דָא דוּרךְ דֶעם רבנישין דת אַוֶועק גִילָאזִין , גָאטט הֵייסְט , אַז דִיא דָאזִיגִי הִילְף זָאל זִיךְ אַרִיבֶּער צִיהִין אִיבֶּער דִיא עֶנְגִי גְרֶענִיצִין פוּן דָאס אֵייגִינִי נוּצִין אוּן אִיבֶּער דָאס גְרוֹיסְקֵייט וַוייל עֶס אִיז דִיא דָאזִיגִי פָאלְק , אוּן אוֹיךְ זִיךְ בִּיצִיהִין אוֹיף דֶעם „פְרֶעמְדְלִינְג אוּן אֵיין וואוֹינֶער ;״ דִיא תורה שבעל פה מַאכְט צוּא נִישְׁט דִיא בַּארִימְהֶערְצִיגְקֵייט פוּן דֶעם גֶעטְלִיכִין גִיבָּאט דוּרְךְ דֶעם , וָואס עֶס אִיז מְפוֹרָש דָאס וָוארְט פְרֶעמְדְלִינְג (גר) אַזֶעלְכִין וָואס עֶר אִיז אֵיין יוּד גִיוָוארִין . דֶער מקור פוּן דָאס וָוארְט גר אוֹיף לשון הקודש , בִּיטַייט גַאנְץ קְלָאר „אֵיין פְרֶעמְדִיר״ וִויא מַאן קָאן עֶס זֶעהִין אוֹיס דִיא וֶוערְטִיר פוּן משה , וואוּ עֶר זָאגְט

ואהבתם את הגר כי גרים הייתם בארץ מצרים :

און

„און איהר זאָלט ליבּין דעם פרעמדלינג דער ווייל איהר זייט פרעמדלינגי געוועזין אין דעם לאַנד מצרים.” עס איז קלאָר, אַז דיא ישראל זענין אין מצרים ניט איבּיר געגאַנגין אויף זייאיר גלויבּין, זונדערין זייא זענין פרעמדלינגי געוועזין, מיטאָ דאָס וואָרט „גר” בּיצייכינט פרעמדלינג און ניט דער וואָס האָט אָנגינומין איין אַנדירין גלויבּין. פון דעסט וועגין אָבּיר זאָגט דיא תורה שבעל פה, אַז קיינער קאָן קיין גר ניט זיין אָן איין קרבּן, און בּישניידונג (מילה) און טבילה, און איצונד אַז עס איז קיין בית המקדש ניט פערהאַנדין קאָן קיין גר אָן דיא בּיידי לעצטירי (מילה און טבילה) ניט זיין:

ובזמן הזה שאין שם קרבן צריך מילה וטבילה וכשיבנה בית המקדש יביא קרבן: גר שמל ולא טבל או טבל ולא מל אינו גר עד שימול ויטבול:

„און אין דער היינטיגי צייט, וואָס עס איז קיין קרבּן ניט פערהאַנדין, בּידאַרף מאַן דיא בּישניידונג (מילה) און טבילה, און אַז דער בית המקדש וועט גיבּויט ווערין, וועט ער מוזין איין קרבּן בּריינגין. איין גר וואָס ער האָט זיך מל גיוועזין און האָט זיך ניט טובל געוועזין אודיר ער האָט זיך טובל געוועזין און ניט בּישניטין, איז ער קיין גר ניט בּיז ער זאָלל זיך בּישניידין און טובל זיין.” (הלכות איסורי ביאה פרק שלשה עשר, משנה ה׳–ו׳.) דיא דאָזיגי רבנישי דער קלערונג פון איין גר האַלט איין דיא מדות פון באַרימהערציגקייט אין פיל ענגירי גרעניצין וויא דיא זענין, וועלכי גאָטט האָט פאָר געצייכינט, און מאַכט אין דער מעשׂה צו נישט דאָס שענסטי פון תורת משה, און דאָס איז דיא פערזאָרגונג וואָס איז פול מיט ליבּשאַפט, וואָס זיא שטעלט קלאָר אַרויס פון וועגין דיא אונטירשטיצונג פון דעם פרעמדלינג. דיא תורת משה איז דורך גינומין מיט דעם גימוהט פון איהר געטליכין מיסד; אַזוי וויא ער רופט זיך אָן „איין באַבינגדיגיר גאָטט” (אל קנא) אַזוי קאָן דאָס זעלבּיגי אויך איין באַבינגדיגי תורה גירופין ווערין, וועלכים גיבּט זייער גוט השגחה אויף איטליכים אַבּקעהרונג פון דער וואַהרהייט און בּישטראָפט דיא זעלבּיגי זייער שטאַרק; אָבּיר פון דעסט וועגין איז איהר גירעכטי באַבינונג (קנאה). וויא דיא פון גאָטט זעלבּיר, דורך דערבּאַרימונג גילינדירט און פון ליבּשאַפט דערלייכטירט, דיא תורה שבעל פה טראָגט אין זיך דער קייגין דאָס בּידריקינדיש פון קנאה און פון נקמה, און איהר קנאה בּרענגט אַרויס דאָס איינג הערציגי נאַריש גלויבּיראַייא.

עס

עֶס וָואלְט נִיט נור גֶערִין בִּישְׁטְרָאפְט אִיטְלִיכִין גֶעצִין דִינִיר, נַייאִירְט עֶס וָואלְט גֶערִין אַז אויךְ אִיטְלִיכִיר פְרֶעמְדְלִינְג. אַז עֶר גֶעמְט נִיט אָן זַייאִיר אמונה, זָאל אַרוים גִישְׁלָאסְן זַיין פון דֶעם גבול פון בַּארִימְהֶערְצִיגְקַייט, און אפילו, גָאר אִיטְלִיכִין פון ישראל, דֶער וָואס הָאט זִיךְ דֶער וואוֹיגִין עֶרְגִינְץ אויף אֵיין אוֹפן דִיא רבנישי גִיבָּאט עוֹבר צוּ זַיין. אִין דֶעם דִין פון צדקה גֶעבִּין וָואס דִיא רֵייד אִיז דָא דֶער פון קוּמְט אַפָּאר אַיין זַייאִיר גוּטִי גְלַייכִינִיש פון דֶער דָאזִיגִיר פַּיינְדְשַׁאפְט אַקֵייגִין דִיא יֶענִיגִי, וָואס זַייא וֶוערִין גִיהַאלְטִין פַאר פּוֹשעים. דִיא תורה שבעל פה בִּיהִיפְּטִיט, אַז, דִיא אויסְלֵייזוּנְג דִיא גִיפַאנְגִינִי (פדיון שבוים), אִיז דִיא גְרֶעסְטִי מצוה פון בַּארִימְהֶערְצִיגְקַייט, וַוייל עֶס זָאגְט.

פדיון שבוים קודם לפרנסת עניים ולכסותם ואין לך מצוה גדולה כפדיון שבוים:

„דִיא אוים לֵייזוּנְג דִיא גִיפַאנְגִינִי, אִיז פְרִיהִיר פון דֶער פרנסה פַאר אָרִימִי און פון צוּ בִּיקְלֵיידִין זַייא, און עֶס אִיז נִיט פֶערְהַאנְדִין קֵיין גִיבָּאט אַז עֶס זָאלל אַזוֹ גְרוֹיס זַיין וִויא אויבְלֵייזוּנְג גִיפַאנְגִינִי." (הלכות מתנות עניים פרק ה') און פון דֶעסְט וֶועגִין פַאר בִּיטֶעט עֶס, אַיין בְּרוּדִיר פון ישראל אוים צוּ לֵייזִין, דֶער וָואס אִיז אָבּ גִיקֶעהרְט פון דִיא רבנישי גִיבָּאט וָואס אִין דֶער זֶעלְבִּיגִיר צַייט בִּיפֶעהלְט עֶס אַיין קְנֶעכְט יוֹא אוים צוּ לֵייזִין דֶער וָואס הָאט זִיךְ מגייר גִיוֶועזִין:

עבד שנשבה הואיל וטבל לשם עבדות וקבל עליו מצוות פודין אותו כישראל שנשבה. ושבוי שהמיר אפילו למצוה אחת כגון שהיה אוכל נבלה להכעים וכיוצא בו אסור לפדותו:

„אַיין קְנֶעכְט וָואס עֶר אִיז גִיפַאנְגִין גִיוָוארִין, וַוייל עֶר הָאט זִיךְ טוֹבל גִיוֶועזִין וֶועגִין קְנֶעכְטְשַׁאפְט און הָאט אויף זִיךְ מקבל גִיוֶועזִין מצוות וֶוערְד עֶר אוים גִילֵייזְט אַזוֹ וִויא אַיין ישראל וָואס עֶר אִיז גִיפַאנְגִין גִיוָוארִין. אָבִּיר אַיין גִיפַאנְגִינִיר וָואס עֶר הָאט וִוידִיר גִישְׁפֶּענִיגְט אפילו צוּ אַיין מצוה דהיינו אַז עֶר הָאט גִיגֶעסִין להכעים אַיין טוֹיטִין לַייבּ וָואס אִיז פֶערְבָּאטִין און נָאךְ אַזוֹ דֶער גְלַייכִין. טָאר מַאן אִיהם נִיט אוים לֵייזִין." (דָארְטִין) אַזוֹ פֶערְזָאגְט דִיא תורה שבעל פה אַז מַאן טָאר גָאר קֵיין מִיטְלַיידוּנְג נִיט הָאבִּין אפילו מִיט אַיין ישראל, אַז עֶר אִיז נִיט גִיטְרַייא דֶעם רבנישין דת. וִויא מַאן זָאלל זִיךְ בִּיגֵיין מִיט דִיא אָרִימִי גוֹים, פון שָׁלוֹם וֶועגִין" מפני דרכי שלום, וָואס דִיא זֶעלְבִּיגִי תורה שְׁרַייבְּט פָאר, הָאבִּין מִיר שׁוֹין פְרִיהִיר מפורש גִיוֶועזִין: אָבִּיר דֶעם פֶערְבָּאט פון גוים

צדקה אָן צו גֶעהמֶען, פֶערְדִינְט דָא בֶּימֶערְקְט צו וֶוערֶען, אִין ווִיא וַוייט דָאס זֶעלְבִּיגֶע גִיבְּט אוּנְס ווִידֶער אַמָאהל אַיין בֶּיוַוייז פוּן דֶעם ווִיא וֶוענִיג דִיא רבנים הָאבֶּען פֶערְשְׁטַאנֶען אַיין זַאךְ צוּ בֶּיטְרַאכְטֶען אוּן ווִיא דִיא תורה שבעל פה אִיז נִיט אמת. עֶס זָאגְט:

אסור לישראל ליטול צדקה מן הגוים בפרהסיא. ואם אינו יכול לחיות בצדקה של ישראל ואיננו יכול ליטלה מן הגוים בצנעה הרי זה מותר. ומלך או שר מן הגוים ששלח ממון לישראל אין מחזירין אותו משום שלום מלכות. אלא נוטלין ממנו וינתן לעניי גוים בסתר כדי שלא ישמע המלך:

„עֶס אִיז אסור צוּ אַיין ישראל, צוּ גֶעהמֶען צדקה פוּן גוים עֶפֶענְטְלִיךְ (בפרהסיא). אוּן אוֹיבּ עֶר קָאן אָבֶּער נִיט לֶעבֶּען פוּן דֶער צדקה פוּן ישראל אוּן פוּן דִיא גוים קָאן עֶר נִיט נֶעמֶען אִין דֶער שְׁטִילל, אַזוֹ מֶעג עֶר עֶפֶענְטְלִיךְ אָן גֶעהמֶען. וֶוען אַיין קֶענִיג אוֹדֶער אַיין שׂרה פוּן דִיא גוים הָאט גִישִׁיקְט גֶעלְד פַאר ישראל, אַזוֹ שִׁיקְט מַאן עֶס נִיט צוּרִיק פוּן וֶועגֶען דָאס פְרִידֶען פוּן דָאס קֶענִיגְרַייךְ, (משום שלום מלכות) זוֹנְדֶערְן מַאן נֶעהמְט עֶס פוּן אִיהם אָן, אוּן מַאן גִיבְּט עֶס אָבֶּער אִין דֶער שְׁטִילל אַוֶועק צוּ דִיא אָרִימֶע גוים כדי דֶער קֶענִיג זָאלל נִיט גֶיוָואר וֶוערֶען."
(דָארְטֶען) דָא אִיז דִיא תורה שבעל פה זִיךְ מתאמץ, צוּ אוּנְטֶער דְרִיקֶען דֶעם גוּטֶען ווִילְלֶען, וָואס אַלְלֶע חברים פוּן דֶעם מֶענְשְׁלִיכֶען מִין זָאלְלֶען דָאךְ אֵייגֶענְטְלִיךְ אֵייגֶער אַקֶייגֶען אַנְדֶערֶען הָאבֶּען, אוּן שְׁטוֹיסְט צוּרִיק אַיין בֶּיוַוייז פוּן דֶער לִיבְּשַׁאפְט מִיט פֶערְאַכְטוּנְג בְּלוֹיז נוּר פוּן דֶעסְט וֶועגֶען, ווַייל עֶס קוֹמְט פוּן אַזוֹ אֵייגִים וָואס עֶר אִיז פוּן אַיין אַנְדֶערֶען דת. צוּ גְלַייךְ אָבֶּער הָאבֶּען דִיא מחברים פוּן דֶער תורה שבעל פה אִין זִיךְ נִיט גִיהַאט גִינוּג מָארַאלִישֶׁע קְרַאפְט (מדות המוסר) אוּם דָאס דָאזִיגֶע עֶפֶענְטְלִיךְ אוּן אוֹיפְרִיכְטִיג צוּ טָהוּן אוּן אפילו אִין אַזוֹ אַיין פַאלל אַז מַאן זָאלל דֶער פַאר דַארְפֶען לַיידֶען; זֵייא הָאבֶּען גִיבָּאטֶען, דִיא צדקה פוּן אֵיין קֶענִיג אָן צוּ גֶעהמֶען, אַזוֹ ווִיא מַאן וָואלְט עֶס וֶועלֶען צוּ דֶעם תכלית אָן וֶוענְדֶען צוּ וֶועלְכֶען עֶר הָאט עֶס גִיגֶעבֶּען, אָבֶּער דֶער נָאךְ אִין דֶער שְׁטִיל גָאר וָואס אַנְדֶערְשׁ דֶער פוּן צוּ מַאכֶען. דֶער דָאזִיגֶער חסרון פוּן אוֹיפְרִיכְטִיגְקֵייט וַוייזְט מֶעהר ווִיא מַאן בֶּידַארְף, אַז דִיא תורה שבעל פה קוֹמְט נִיט פוּן דֶעם גָאטֶט פוּן אמת. דִיא אֵיינְג הֶערְצִיגֶע נַארִישׁ גְלוֹיבִּירַייא פוּן דֶעם דת מַאכְט, אַז אפילו דִיא אֵיינְצִיגֶע בֶּעסְטֶע זַאכֶען וָואס עֶס הָאט אִין זִיךְ, פֶערְלִירֶען אוֹיךְ זֵייעֶר וֶוערְט; זֵייא דֶערְשַׁיינֶען נוּר דֶענְקְמָאלט פַאר גוּט,

אַז מַאן בּיטְרַאכְטִיט זַייא אָבּ גיזוּנְדִירְט פוּן דֶעם צוּזַאמְמִין הַאנְג, אַזוֹ בַּאלְד אָבִּיר אַז מִיר דֶער בְּלִיקִין זִיא אִין פֶערְבִּינְדוּנְג מִיט דִיא אַנְדִירִי חלקים פוּן דִיא רבנישי זַאכִין הָאבִּין זַייא זַייאִירִי שֶׁענְהַייט פֶערְלוֹירִין. אַזוֹ בְּיוַוייזְט זִיךְ אוֹיךְ דִיא שוּלְדִיגְקַייט אוּן דִיא גַאנְצִי זַאךְ פוּן צדקה גֶעבּוּנְג, וְוִיא דִיא תורה שבעל פה שְׁרַייבְּט עֶס פָאר, בַּייא דֶעם עֶרְשְׁטִין אָנְבְּלִיק אִיז עֶס וֶוערְטה צוּ בְּיוואוּנְדִירִין; אָבִּיר דָאס פֶערְצוֹימְטִי גִימוּטה פוּן נַארִישׁ גְלוֹיבִּירַייא, דוּרְךְ וֶועלְכִי עֶס וֶוערְט אַזוֹ פֶער אֵיינְגְט, בִּינֶעמְט אִיהם פַאר גָאטט אוּן מֶענְשִׁין זַיין גַאנְצִין מָארַאלִישִׁין וֶוערְטה. צדקה גֶעבִּין אִיז נוּר דֶענְסְמָאלְט וֶוערְטה צוּ לוֹיבִּין, וְוען עֶס וֶוערְד גִיטָהוּן אוֹיס לִיבְּשַׁאפְט אוּן בַּארִימְהֶערְצִיגְקַייט; וָוארִין גָאטט זֶעהט נִיט אוֹיף דִיא בְּלוֹזִי אוֹיסְוֶוענִיגְסְטִי מעשים פוּן גֶעלְד גֶעבּוּנְג, נַייאִירְט אוֹיף דָאס הֶערְץ, אוּן וֶוען אִין דֶעם דָאזִיגִין אִיז קַיין לִיבְּשַׁאפְט נִיט פֶערְהַאנְדִין, אַזוֹ הָאט דָאס צדקה גֶעבִּין קַיין וֶוערְטה בַּייא אִיהם נִיט. וֶוער אָבִּיר קָאן בִּיהוֹיפְּטִין, אַז עֶס אִיז צוּ גִיפִינְדִין אִין אַזוֹ אַיין דת אמונה אפילו נוּר אֵיין ספּור פוּן אמתי לִיבְּשַׁאפְט וָואס אִיז גְלַייךְ צוּ גָאטט, וֶועלְכִי עֶס פֶער בִּיטֶעט אַיין בְּרוּדִיר בַּייא צוּ שְׁטֶעהִין, וַוייל עֶר הָאט נִיט דִיא זֶעלְבִּיגִי מֵיינוּנְג פוּן דֶעם דת וְוִיא מִיר, אוּן וֶועלְכִים עֶס פַאר זָאגְט אפילו אַנְצוּנֶעהְמִין אַיין בִּיוַוייז פוּן לִיבְּשַׁאפְט פוּן דֶעם וָואס אִיז פוּן אַיין אַנְדִיר אמונה? וְוִיא זַייאִיר אִיז דָאס דָאזִיגִי גָאר פֶער קֶעהְרְט פוּן דֶער קְרִיסְטְלִיכִי לֶערְנוּנְג: דִיא זָאגְט. לִיבְּט אַייעֶרִי פַיינְד, זֶעגְנִיט דִיא וָואס פְלוּכִין אַייךְ, טוּט גוּט צוּ דִיא וָואס הַאסִין אַייךְ, אוּן בֶּעט פַאר דִיא וָואס בִּילֵיידִיגִין אוּן יָאגִין אַייךְ: דָאס אִיהר זָאלְלְט זַיין דִיא קִינְדִיר פוּן אַייעֶר פָאטִיר אִין הִימִיל. וָוארִין עֶר לָאזְט זַיין זוּן שַׁיינִין אוֹיף דִיא בֵּייזִי אוּן אוֹיף דִיא גוּטִי, אוּן לָאזְט רֶעגְנִין אִיבִּיר דִיא גִירֶעכְטִי אוּן אוּם גִירֶעכְטִי: וָוארִין וְוֶען אִיהר וֶועט לִיבִּין דִיא וָואס לִיבִּין אַייךְ, וָואס פַאר אַיין שכר הָאט אִיהר? טָהוּן נִיט דִיא מוכסים*) אוֹיךְ דָאס גֶעמְלִיכִי: אוּן וְוֶען אִיהר גְרִיסְט נוּר אַייעֶרִי בְּרִידִיר אַלֵיין, וָואס טְהוּט אִיהר מֶעהר וְוִיא זַייא? טְהוּן נִיט דִיא מוכסים אוֹיךְ אַזוֹ: דְרוּם זַייט אִיהר פוֹלְקוּם גוּט (תמימים), אַזוֹ וְוִיא אַייעֶר פָאטִיר אִין הִימִיל אַיין פוֹלְקוּמִינִיר (תמים)." (מתיא ה׳, פסוק מ״ד–מ״ח)

אָבִּיר דִיא תורה שבעל פה פֶערְדְרֵייט אוּן פֶערְפֶעלְשְׁט נִיט נוּר דִיא וַואהְרִי לֶערְנוּנְג פוּן דֶער בַּארִימְהֶערְצִיגְקַייט, נַייאִירְט עֶס פַא־

פִיהרט

*) מוכסים הייסין דיא וואס פאכטין דאס מכס איין צו נעמין.

פִּיהרְט אִיהרִי לַייט וָואס גְלוֹיבִּין אָן אִיהר דוּרְךְ דֶעם, וָואס עֶס בְּרֶענְגְט זֵייא צוּ דִיא לֶערְנוּנְג, אַז דָאס צדקה גֶעבִּין אִיז אַזוֹ וִויא עֶפִּיס אַיין בִּיזוּנְדִירִי גְרֶעסְטִי מצוה, וָואס עֶס וֶועט מכפר זַיין אוֹיף עבירות. עֶס זָאגְט:

חייבין אנו להזהר במצות צדקה יותר מכל מצות עשה. שהצדקה סימן לצדיק זרע אברהם אבינו שנא' כי ידעתיו למען אשר יצוה את בניו לעשות צדקה. ואין כסא ישראל מתכונן ודת האמת עומדת אלא בצדקה שנא' בצדקה תכונני. ואין ישראל נגאלין אלא בצדקה שנאמר ציון במשפט תפדה ושביה בצדקה:

„מִיר זֶענִין מחוייב צוּ הִיטִין, דָאס גִיבָּאט פוּן צדקה, מֶעהר וִויא אַלְלִי מצות עשה; וָוארִין דָאס צדקה גֶעבִּין אִיז אַיין סימן פוּן אַיין צדיק דֶער זָאמִין פוּן אוּנְזִיר פָּאטִיר אברהם; וָוארִין עֶס שְׁטֵייט גִישְׁרִיבִּין: „דֶען אִיךְ קֶען אִיהם, פוּן וֶועגִין אַז עֶר וֶועט גִיבִּיטִין זַיינִי קִינְדִיר צוּ גֶעבִּין צדקה." (בראשית י"ח, פסוק י"ט.) אוּן דֶער שְׁטוּל פוּן ישראל קָאן נִיט בִּיפֶעסְטִיגְט וֶוערִין אוּן דָאס גִיזֶעץ פוּן וַוארְהַייט הָאט קַיין בִּישְׁטַאנְד נִיט נוּר דוּרְךְ צדקה; וָוארִין עֶס שְׁטֵייט: „מִיט צדקה גֶעבּוּנְג (דֶער אֵייגִינְטְלִיכִיר טַייטְשׁ פוּן דֶעם וָוארְט בצדקה: אִיז, דוּרְךְ גִירֶעכְטִיגְקַייט) זָאלְסְטוּ בִּיפֶעסְטִיגְט וֶוערִין." (ישעיה נ"ה, פסוק י"ד) אוּן דִיא ישראל וֶועלִין נִיט אוֹיסְגִילֵייזְט וֶוערִין נוּר דוּרְךְ צדקה; וָוארִין עֶס שְׁטֵייט: „ציון וֶועט דוּרְךְ גִירִיכְט דֶערְלֵייזְט וֶוערִין אוּן אִיהרִי וִוידִיר קֶעהרִירְס דוּרְךְ צדקה גֶעבּוּנְג (אֵייגִינְטְלִיךְ: גִירֶעכְטִיגְקַייט)." (דָארְטִין פרק עשירי, משנה א'.) נָאךְ דֶער דָאזִיגִיר לֶערְנוּנְג נָאךְ, הָאט דֶער יֶענִיגִיר וָואס גִיבְּט צדקה, דָאס פֶערְדִינְסְט, צוּ הֶעלְפִין דִיא וַוארְהַייט אִין דֶער וֶועלְט פֶעסְט צוּ דֶער הַאלְטִין אוּן דִיא ישראל פוּן גלות פְרַייא צוּ מַאכִין. דִיא שְׁטֶעלְלִי אָבִּיר וָואס דָא וֶועט וַוייטִיר שְׁטֵיין זָאגְט אוּנְס, אַז דֶער זֶעלְבִּיגִיר וֶוערְד בִּיפְרַייהִיט דֶער דוּרְךְ פוּן דֶער שְׁטְרָאף, דִיא וָואס עֶר הָאט פֶערְדִינְט אוּן דִיא וָואס שְׁוֶועבְּט שׁוֹין אִיבִּיר זַיין קָאפְּף:

הצדקה דוחה את הגזירות הקשות וברעב תציל ממות כמו שאירע לצרפית:

„צדקה גֶעבִּין שְׁטוֹיסְט אָבּ דִיא בֵּייזִי גזירות, אוּן אִין הוּנְגִיר בִּישִׁירְמְט זִיא פוּן טוֹיט, אַזוֹ וִויא עֶס הָאט זִיךְ גִיטְרָאפִין דֶער אלמנה אִין צרפית." (יורה דעה, סימן שמ"ז) אוּן דֶער פוּן קוּמְט עֶס, אַז דִיא גמרא גְלוֹיבִּירְס, וִויא מִיר הָאבִּין גִיזֶעהִין, בַּייא דֶעם אָן קוּמִין פוּן נַייאִין יָאהר גִיבִּין זֵייא מֶעהרִיר צדקה וִויא זֵייא זֶענִין גִיוואוֹינְט, אַז וִויא אוֹיךְ, דִיא וָואס בְּלַייבִּין זֶענִין זֵייא מנדר צדקה פַאר דֶער רוּהִי פוּן זֵיילִין (נשמות) פוּן דִיא

גישטארביני. דאס פערלאנגין פון דער דאזיגיר לערנונג איז בפרהסיא שעדליך, ווייל זיא גיבט מוטה דיא מענשין, אין זינד צו בלייבין, אין דעם איין בילדונג (דמיון), אזו וויא דאס צדקה געבין וועט איין בילוינונג זיין פאר אללי זייאירי פעהלער. אחוץ דעם אביר איז דיא לערנונג אין זיך דורך אויס פאלש. וואו זאגט דיא תורת משה, אז צדקה געבין זאל קענין זינדין פערגעבונג דער קויפין? משה פערלאנגט אז מאן זאל האלטין אללי גיבאט, און הייסט צו טהון בארימהערציגקייט אקייגין דיא ארימי; אביר ער זאגט אן פאר איטליכים עבירה דעם צארין פון גאטט. זייני לערנונג מיינט ניט אזו, אז דאס מקיים זיין איני מצוה זאל אויס גלייכין דאס וואס מאן איז עובר אויף איין אנדירי, נייאירט, אז דאס עובר זיין אקייגין איינם וועט מאכין אז עס זאל קיין פעולה ניט זיין דאס מקיים זיין אללי איבריגי. דיא לערנונג אז דאס געלד געבין פאר ארימי זאלל קענין דעם סדר פון דער גירעכטיגקייט פון גאטט אב ענדירין אודיר זייני גזירות אום קעהרין, איז נור איין זייאיר קליינער חילוק פון איין גאטטים לעסטירונג; ווארין זיא שטעלט איהם פאר אין אום גירעכטין ריכטיר, וואס זיין שארפקייט ווערד דורך בישטעטונג (שחד) גילינדירט, און זיין גינציגקייט קאן מיט געלד דער קויפט ווערין. איין גרעסיריר מיינונג פון בזיון פון דיא מדות פון גאטט קאן מאן זיך קוים דענקין. אז איין מענשליכיר ריכטיר וואלט אזו וואס גיטהון וואלט עס איהם אויך מיט שאנד בידעקין, זיא קאן אזו אום מיגליך זיין באמת פון דעם, דער וואס איז איין גאטט פון וואהרהייט און גירעכטיגקייט. דער דאזיגיר איינער צוג פון דעם רבנישין דת איז שוין גינוג, כדי צו ווייזין, אז עס איז איין אויס טראכטונג פון מענשין, און נאך דער צו פון אזעלכי מענשין, דיא וואס האבין פון גירעכטיגקייט און ישרנות קיין גרויסין פערשטאנד ניט גיהאט.

איביר הויפט אביר איז דיא תורה שבעל פה אין דער דאזיגיר לערנונג פון צדקה געבין פון גרונד אויס אין תעות. דער מיט וואס עס האט אויס דער ווילט דאס ווארט וואס אויף לשון הקודש הייסט עס צדקה אז דאס זאלל ביצייכינין „געלד פאר ארימי געבין” וואס זייני אמתי בידייטונג איז דאך „גירעכטיגקייט” וויא מאן קאן עס לייכט זעהין פון פיל שטעלין, אין דיא וואס עס קאן גאר אום מיגליך בידייטין „געלד פאר ארימי געבין”; למשל:

וצדקה תהיה לנו כי נשמור לעשות את כל המצוה הזאת לפני יהוה אלהינו כאשר צונו :

„און עֶס וֶועט זַיין גִירֶעכְטִיגְקֵייט צוּ אוּנְס וֶוען מִיר הִיטִין צוּ טָהוּן אַלְלִי דִיא דָאזִיגִי גִיבָּאטִי צוּ פַאר יהוה אוּנְזִיר אלהים. גְלַייךְ אַז וִויא עֶר הָאט אוּנְס גִיבָּאטִין. ” (דברים ו׳ פסוק כ״ה) דָא קָאן צדקה אוּם מִיגְלִיךְ גֶעלְד גֶעבִּין בִּיצֵייכִינִין. וַייטִיר :

והאמין ביהוה ויחשבה לו צדקה :

„און עֶר הָאט גִיגְלוֹיבְּט אָן יהוה, און עֶר הָאט עֶס צוּ גִירֶעכִינְט צוּ אִיהם צוּ גִירֶעכְטִיגְקֵייט (נִיט צוּ גֶעלְד פַאר אָרִימִי גֶעבִּין). ” (בראשית ט״ו פסוק ו׳) וַייטִיר :

לך אדני הצדקה ולנו בשת הפנים :

„צוּ דִיר אדני אִיז דִיא גִירֶעכְטִיגְקֵייט, און צוּ אוּנְס אִיז דִיא שַׁאנְד פוּן דָאס גִיזִיכְט, ” (דניאל ט׳, פסוק ז׳) וָואס מַאן קָאן דָאךְ גָאר בּאמת נִיט זָאגִין צוּ דִיר, אדני, אִיז דָאס גֶעלְד פַאר אָרִימִי גֶעבִּין !” מֵילָא דִיא תּוֹרה שבעל פה מַאכְט זִיךְ שׁוּלְדִיג אִין זִינְד, דֶעם זִינִין (פירוש) פוּן אֵיינִים פוּן דִיא קְלָארְסְטִי וֶוערְטִיר וָואס זֵייא קוּמִין צוּם מֶעהרֶסְטִין אִין דֶער הֵיילִיגִיר שְׁרִיפְט אַפָּאהר צוּ פֶערְדְרֶעהִין און דְרוּם דֶער דוּרְךְ אִין אַלְלִי שְׁטֶעלְלִין, וָואס עֶס קוּמְט נוּר אַפָּאר, אַיין פַאלְשִׁין זִינִין (פירוש) אוּנְטִיר צוּ לֵייגִין. וִויא מִיר הָאבִּין דָא גִיזֶעהִין זָאגְט עֶס אַזוֹ, „אַז דוּרְךְ גֶעלְד גֶעבִּין פַאר אָרִימִי וֶוערְד דֶער שְׁטוּל פוּן ישראל פֶעסְט דֶער הַאלְטִין און דָאס גִיזֶעץ פוּן וַוארְהַייט הָאט אַיין בִּישְׁטַאנְד, ” און זוּכְט דִיא דָאזִיגִי בִּיהוֹיפְּטוּנְג צוּ בִּיוַוייזִין דוּרְךְ אַיין פסוק וָואס זִיא בְּרֶענְגְט פוּן ישעיה, וָואס עֶס שְׁטֵייט אִין אִיהם דָאס וָוארְט צדקה, און וָואס עֶר זָאגְט אֵייגִינְטְלִיךְ : בצדקה תכונני, דוּרְךְ גִירֶעכְטִיגְקֵייט זָאלְסְטוּ בִּיפֶעסְטִיגְט וֶוערִין, ” עֶס פֶערְדְרֶעהִיט אָבִּיר אַזוֹ זַיין זִינִין (פירוש), אַזוֹ וִויא עֶס וָואלְט דֶער פירוש גִיוֶועזִין : „דוּרְךְ גֶעלְד גֶעבִּין פַאר אָרִימִי זָאלְסְטוּ בִּיפֶעסְטִיגְט וֶוערִין. ” דָא וֶוערְד דֶער תּוֹרה שבעל פה בִּיוַויזִין אַז זִיא הָאט דָאס וָוארט פוּן גָאטְט פֶער פֶעלְשְׁט און זַיין פירוש פֶערְדְרֵייט כדי אִיהְרִי אֵייגִינִי תכליתים אוֹיס צוּ בַּרְשֶׁנְין און אִיהְרִי אֵייגִינִי פַאלְשִׁי לֶערְנוּנְג צוּ אוּנְטִיר שְׁטִיצִין. אַיין פַאלְשִׁי לֶערְנוּנְג אוֹיף צוּ שְׁטֶעלְלִין, אִיז שׁוֹין אִין זִיךְ שְׁלֶעכְט גִינוּג, אָבִּיר דֶעם קְלָארִין פירוש פוּן דֶער הֵיילִיגִיר שְׁרִיפְט צוּ פֶערְדְרֵיהִין, אִיז נָאךְ פִיל שְׁלֶעכְטִיר. אִיטְלִיכִי פוּן דִיא דָאזִיגִי

בֵּיידִי בִּישׁוּלְדִיגוּנְגִין בִּיזוּנְדִיר , אַז עֶס וֶוערְד דֶער וִויזִין , וֶועט אַלֵיין גִינוּג זַיין צוּ בְּוַויייזִין , אַז דִיא תּוֹרה שבעל פה אִיז אַיין פַאלְשִׁיר דת אמונה ; דָא אָבִּיר זֶענִין בֵּיידִי בִּישׁוּלְדִיגוּנְגִין דֶער וִויזִין . דִיא תורה שבעל פה לֶערִינְט דָא , אַז גֶעלְד פַאר אָרִימִי גֶעבִּין קָאן עֶפִּיס אוֹיס וִוירְקִין , דָאס וָואס עֶס קָאן נִיט , אוּן דָאס אִיז , גָאטְט משחד צוּ זַיין , אַז עֶר זָאלל דֶער בַּארִימוּנְג הָאבִּין ; אוּן דִיא דָאזִיגִי פַאלְשִׁי לֶערְנוּנְג שְׁטִיצְט עֶס אוּנְטִיר דוּרְךְ דָאס אִיבִּיר זֶעצִין (פַארְטַייטְשִׁין) דָאס וָוארְט צדקה אַז דָאס אִיז גֶעלְד פַאר אָרִימִי גֶעבִּין , " וָואס עֶס בִּיטַייט דָאךְ גַאנְץ קְלָאר „גִירֶעכְטִיגְקֵייט" אַיין אמונה דִיא וָואס פֶערְשׁוּלְדִיגְט זִיךְ דוּרְךְ אַזֶעלְכִי אִירְטְהִימִיר (תעותים) קָאן נִיט פוּן גָאטְט זַיין . בבן אִיז רֶעכְט אַז דִיא יוּדִין זָאלְלִין אַכְטוּנְג גֶעבִּין , אוֹיבּ זֵייא וִוילְלִין נָאךְ לֶענְגִיר בְּלַייבִּין בַּייא דֶער בִּיהוֹיפְּטוּנְג אַז אַזוֹ אַיין דת אִיז אמת , וֶועלְכִי עֶס אִיז אַקֵייגִין דִיא לֶערְנוּנְג פוּן משה אוּן דִיא נביאים אוּן פֶערְדֶערְעהִיט דֶעם וָוארְט פוּן גָאטְט ; דִיא גְרֶעסְטִי יוּדִישִׁי גאוה אִיז דָאס , באשר זֵיי זֶענִין טְרַייא דֶער תּוֹרה פוּן משה אוּן דִיא אמונה פוּן משה , דִיא דָאזִיגִי גאוה אָבִּיר אִיז הבל הבלים , אַזוֹ לַאנְג וִויא זֵייא בִּיקֶענִין זִיךְ צוּ דָאס יוּדִישְׁקֵייט . וֶוען משה זָאל אִיצוּנְד אוֹיף שְׁטֵייִן פוּן טוֹיט אוּן זָאל דִיא תורה שבעל פה אִין דִיא הֶענְד בִּיקוּמִין , וֶועט עֶר נִיט אִין שְׁטַאנְד זַיין , דָאס זֶעלְבִּיגִי פַאר דֶער אמונה אָן צוּ דֶער קֶענִין , דִיא וָואס עֶר הָאט פַאר דִיא ישראל אִיבִּיר גִילָאזִין , יָא , דִיא גִיבָּאטִי פוּן דָאס צדקה גֶעבִּין וָואלְט עֶר גָאר נִיט אַמָאהל קֶענִין פֶערְשְׁטֵייִן – וָוארִין אִין זַיין צַייט וֶוען עֶר הָאט גִילֶעבְּט הָאט צדקה בִּיטַייט גִירֶעכְטִיגְקֵייט . דֶער נביא ישעיה וָואלְט אוֹיךְ אַזוֹ דֶער גְלַייכִין דֶער שְׁרָאקִין גִיוָוארִין אַז עֶר וָואלְט צוּרִיק גִיקוּמִין אוּן גִיוָואר גִיוָוארִין אַז דִיא תּוֹרה שבעל פה הָאט פוּן אִיהם גִיבְּרַאכְט אַיין בְּוַויייז אוֹיף דֶער בִּיהוֹיפְּטוּנְג , אַז ציון זָאלל נִיט דוּרְךְ גִירֶעכְטִיגְקֵייט , נַייאֶרְט דוּרְךְ גֶעלְד פַאר אָרִימִי גֶעבִּין דֶערְלֵייזְט וֶוערִין , אוּן מִיר הָאבִּין קֵיין ספק נִיט , אַז בֵּיידִי , אַזוֹ גוּט משה וִויא אוֹיךְ ישעיה וֶועלִין אוֹיךְ אַזוֹ עֶרִינְסְטְלִיךְ וִויא מִיר אַקֵייגִין אַזוֹ אַיין לֶערְנוּנְג שְׁטְרַייטִין , דִיא וָואס אִיז בִּיגְרוּנְדִיט אוֹיף פֶערְקֶערְטִי זַאכִין . צוּ בִּיוואוּנְדִירִין אִיז עֶס אֵייבִּיג דָאךְ , וֶוען דִיא גמרא גְלוֹיבִּירְס גְלוֹיבִּין וִוירְקְלִיךְ אָן זֵייאֶירִי לֶערְנוּנְג , אַז דִיא ישראל וָואלְטִין קֶענִין דוּרְךְ גֶעלְד גֶעבּוּנְג פַאר אָרִימִי פוּן גלות בִּיפְרַייאִיט וֶוערִין , אַז זֵייא מַאכִין אַיין גבול צוּ פְרַייא גִיבִּיגְקֵייט (נדיבות) אוּן הֶערִין וֶוען אוֹיף צוּ גֶעבִּין , בִּיפָאר זֵייא הָאבִּין דִיא פֶערְלַאנְגְטִי דֶער לֵייזוּנְג נִיט אוֹיס

גיווירקט

גיווירקט ! ווען זייאיר לערנונג איז אמת , דען שטייט דאך אלץ , אויף וואס זייא בעטין אזו ערינסט , אין זייאיר אייגיניר מאכט ; זייא ווייסין און האבין דיא ספאסאבים , זייאיר לאנגין גלות איין סוף צו מאכין ; זייא בידארפין דאך נור איין גינוגיני גוזמא געלד פאר ארימי צו געבין , כדי נאך דער תורה שבעל פה נאך , ועלבירט ציון צו דער לייזין . וויא איין זעלטיני זאך איז עס אז זייא געהין אוועק אזו פיל הונדירט יאהר אין צרות איביר זייאירי קעפף , און זייאירי ברידיר לאזין זייא אזו פיל אום רוהיגקייט אוים האלטין , ווען זייאירי פרייאגיביגקייט (נדיבות) און אסך געלד פאר ארימי געבין וואלט גיקענט אללי דיא דאזיגי ליידין איין סוף מאכין ! מיר האבין איין צו גרויסין ביגריף פון דער בארימהערציגקייט פון דיא ישראל , אז מיר זאללין אפילו נור איין אויגין בליק גלויבין אז זייא זאלין זיך נאך עפים מישב זיין , דעם קרבן צו ברייגגין , ווען זייא וואלטין פון זייני פעולות גיוויס גיוואוסט . בכן מוזין מיר דרינגין , אז זייא גלובין אין דיא דאזיגי לערנונג ניט ; דען פרעגין מיר זייא אביר : ווארום ביקעני זייא זיך צו אזו איין דת , וואס זייא גלויבין אין דעם ניט ?—



# נתיבות עולם

עִמדו עַל דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז

דיא אלטי שטעגן.

---

## נומר מ׳

---

דיא בֶעסְטִי פְּרָאבֶּע אויף דֶעם גְלויבּין פון אַיין מֶענְשִׁין און זַיין דת און פון זַיין לִיבְּשַׁאפְט צוּ דָאס זֶעלְבִּיגִי גִיבְּט דֶער שְׁטֵייגִיר פון זַיין אויף פִיהרונְג אִין לֶעבִּין. וֶוען אִימִיצִיר לֶעבְּט אַוֶועק אִין שְׁטֶענְדִיגִי אִיבִּיר טְרֶעטוּנְג (עובר זַיין) אויף זַיינִי גִיבָּאט, קָאן קֵיין בִּיקֶענְטְנִיש אוּנְס נִיט אִיבִּיר צַייגִין, אַז עֶר מֵיינְט עֶס עֶרִינְסְט, אודיר אַז עֶר גְלויבְּט עֶס באמת, וָואס עֶר הָאט אִין זַיין בִּיקֶענְטְנִיש אוים גִישְׁפְּרָאכִין. בכן לָאזִין דִיא וָואס גְלויבִּין אִין דֶער תורה שבעל פה אויף דֶעם דָאזִיגִין פְּרוּבִּיר שְׁטֵיין זִיךְ זֶעלְבִּירְט פְּרוּבִּירִין. זֵייא בִּיקֶענְנִין, אַז זֵייא גְלויבִּין אִין תורת משה און הָאבִּין צוּ דָאס זֶעלְבִּיגִי אַיין לִיבְּשַׁאפְט, און זֶענִין בַּייא זִיךְ גְרוֹים, אַז משה אִיז זֵייאִיר רבי און זֵייא זֶענִין זַיינִי תלמידים. בִּיוַוייזִין זֵייא אָבִּיר דוּרךְ זֵייאִיר בִּיפָאלְגִין (מקיים זַיין), אַז עֶס אִיז מִיט זֵייאִיר גְלויבִּין ווִירְקְלִיךְ אַיין עֶרִינְסְט? זֵייא וַוארְפִין אָפְּט דִיא קְרִיסְטִין דִיא אוּם רִיכְטִיגְקֵייט פָאר, וָואס זֵייא בִּיוַוייזִין עֶס דֶער דוּרךְ, באשר זֵייא בִּיקֶענְנִין אִין משה צוּ גְלויבִּין און פון דֶעסְט וֶועגִין הַאלְטִין זֵייא אַנְדִירִי צִירִימָאנִישִׁי מנהגים דָאךְ נִיט; זֶענִין זֵייא אָבִּיר זֶעלְבִּירְט דֶערִינִין מֶעהר בִּיזָארְגְט און וֶוענִיגִיר שוּלְדִיג? מִיר ווִילִין דָא נִיט אַרוֹים בְּרֵיינְגִין דִיא וַואזְנִירִי זַאכִין פון דֶער תורה, אויף דֶער לִיבְּשַׁאפְט צוּ גָאטט און צוּ מֶענְשִׁין; דָאס דָאזִיגִי אִיז אֵיין פְּרַאג פון דֶעם גִימוּטְהֶה, דָאס אִיז נִיט אֵיין זַאךְ צוּם בִּישֵׁיידִין אַיין אוּנְטֶירְזוּכוּנְג; נַייאִירְט מִיר וַוייזִין אַהִין אויף עֶטְלִיכִי זַאכִין וָואס זֵייא זֶענִין מֶעהר אויסְוֶוייגִיגְסְטִי, וָואס זֵייא זֶענִין לַייכְט צוּ הַאלְטִין און לִיגִין אָפִּין פַאר אִיטְלִיכִין מֶענְשִׁינְס קֶענְטְנִיס. משה און דִיא נביאים הָאבִּין גִיבָּאטִין, אַז דִיא כהנים, דִיא לוים, הכהנים, הלוים, זָאלְלִין זַיין דִיא לֶערְנִירְס פון דֶער תורה און דָאס פָאלְק זָאלל פון זֵייא לֶערְנִין. משה דֶערְמָאנְט קֵיין וָוארְט נִיט פון רבנים אודיר

חכמים

חכמים גייאָרט ער בּיגרעניצט דאָס אַמט פֿון לערנין אויף דיא כהנים, דיא לוים, מילא גיהאָרכין דען, דיא נייאָרי יודין דערינין דעם בּיפֿעהל פֿון משה? ווער זענין זייאָרי אמונה לערנירס און פֿון ווען לערנין זייא? זענין דאָס דיא כהנים און לוים, דיא, וואָס בּילערנין דיא ישראל, וויא משה האָט בּיפֿוילין, אודיר זענין עס זייאָרי רבנים און חכמים, וואָס משה האָט פֿון זייא קיין וואָרט ניט גיזאָגט?

מיר האָבּין בּיהויפּטיט, אַז משה האָט דיא כהנים און לוים בּישטימט פֿאַר אמונה לערנירס בּייא דיא ישראל. כדי דאָס צו בּיווייזין, ווילין מיר דיא ווערטיר פֿון משה זעלבּירט ברענגין, אין דעם צעהינטין קאַפּיטיל פֿון ויקרא דעם דריטין ספר פֿון תורת משה זאָגט ער אַזוי:

וידבר יהוה אל אהרן לאמר: יין ושכר אל תשת אתה ובניך אתך בבואכם אל אהל מועד ולא תמתו חקת עולם לדרתיכם. ולהבדיל בין הקדש ובין החול ובין הטמא ובין הטהור. ולהורת את בני ישראל את כל החקים אשר דבר יהוה אליהם ביד משה:

„און יהוה האָט גירעט צו אהרן צו זאָגין: ווין און שאַרף גיטרענק זאָלסטו ניט טרינקין, דו און דייני זין מיט דיר, ווען איהר קומט צו דעם גיצעלט פֿון דיא פֿער זאַמלונג, אַז איהר זאָלט ניט שטערבּין, עס זאָל זיין איין איבּיגיס גיזעץ צו אייערי גישלעכטיר: און צו אונטיר שיידין צווישין דעם היילינין און צווישין דעם אום היילינין, און צווישין דעם אום ריינין און צווישין דעם ריינין: און צו לערנין דיא קינדיר ישראל אַללי דיא גיזעצי וואָס יהוה האָט גירעט צו זייא דורך משה.” דאָ ווערד קלאָר אויס איינאַנדיר גיזעצט דער ענין פֿון דעם אַמט פֿון כהונה. ערשטליך האָט דער כהן צו געהין אין דעם גיצעלט פֿון פֿערזאַמלונג (אהל מועד) און דאָרט פֿאַר דעם האַרר גאָטט צו דינין: צווייטינס, דיא קינדיר ישראל אין דעם צו בּילעהרנין, וואָס היילינ און אום היילינ און וואָס ריין און אום ריין איז איבּיר הויפּט, אָבּיר דריטינס, זייא „אַללי גיזעצי” צו לערנין, דיא וואָס גאָט האָט גיגעבּין צו משה. מילא ווען דיא כהנים זענין בּישטימט „אַללי גיזעצי” צו לערנין, אַזוי איז פֿאַר רבנים אודיר חכמים אודיר ערגינץ איין אַנדירי גאַטונג פֿון לעהרירס נישט איבּיר גילאָזין; דיא כהנים זענין דיא איינציגי פֿון גאָט בּישטעמטיגטי אמונה לערנירס פֿון דיא ישראל.

ווען דיא דאָזיגי שטעללי וואָלט איינציג ווייז בּיזונדיר גישטעלט גיוואָרין וואָלט זיא שוין פֿולקומין גינוג גיוועזין אום דיא לערנונג וואָס עס

איז

איז דֶערִנִין עֶנְטְהַאלְטִין צוּ בִּיפֶעסְטִיגִין ; אָבִּיר דָאס איז נִיט דֶער פַּאלל . משה איז גַאנְץ בִּיזוּנְדִירְס אוּם דֶעם בִּיזָארְגְט , דִיא ישראל טִיף אַיין צוּ פְּרֶעסִין דֶעם ענין פוּן דֶעם אמת פוּן כהונה , אוּן חַאזֶערְט דְרוּם פִיל מָאהל זַיינִי בִּילֶערְנוּנְג אִיבִּיר . אַזוֹ אִין דֶעם גִיזֶעץ וָואס עֶס בִּיטְרֶעפְט דֶעם גִיהַארְגִיטִין . וָואס מַאן הָאט אִיהם אִין פֶעלְד גִיפוּנִין . נָאךְ דֶעם אַז עֶר הָאט גִיבָּאטִין , אַז דִיא עֶלְטִיסְטִי (זקנים) אוּן רִיכְטִיר (שופטים) , זָאללִין אַרוֹיס גֵיין אָבּ צוּ מֶעסְטִין צוּ דִיא שְׁטֶעט , שְׁטֶעלְט עֶר אַהִין צוּ :

ונגשו הכהנים בני לוי כי בם בחר יהוה אלהיך לשרתו ולברך בשם יהוה ועל פיהם יהיה כל ריב וכל נגע :

„אוּן עֶס זָאלִין גִינֶעהְנִין דִיא כהנים , דִיא זִין פוּן לוי דֶען זֵייא הָאט יהוה דַיין אלהים אוֹיס דֶער וֶוייל אִיהם צוּ דִינֶען , אוּן צוּ בֶּענְשִׁין אִין דֶעם נָאמִין פוּן יהוה , אוּן נָאךְ זֵייאִיר וָוארְט נָאךְ זָאל זַיין אִיטְלִיכִיר שְׁטְרַייט אוּן אִיטְלִיכִי פְּלָאג . " (דברים כ"א , פסוק ה') מַאן וָואלְט גִיקֶענְט מֵיינִין , אַז דִיא עֶלְטִיסְטִי (זקנים) אוּן דִיא רִיכְטִיר (שופטים) זֶענִין אִין אַזוֹ אַיין פַּאלל שׁוֹין גִינוּג ; אָבִּיר נֵיין , גָאטט הָאט אֵיין מָאהל בִּישְׁטִימְט , אַז דִיא כהנים זָאלִין „אַללִי זַיינִי גִיזֶעצִי" לֶערְנִין דִיא ישראל , אוּן בִּיפֶעהלְט דַארִיבִּיר , אַז זֵייא זָאללִין אוֹיךְ אִין דֶעם דָאזִיגִין פַּאלל דִירְבַּייא זַיין , כדי זֵייאִירִי בִּישֵׁיידוּנְג אָבּ צוּ גֶעבִּין . וַוייטִיר , בשעת משה הָאט גִידַארְפְט פוּן דִיא ישראל זִיךְ צוּ שֵׁיידִין אוּן זֵייא בַּייא דֶעם שְׁטַארְבִּין זַיינִי ברכות אִיבִּיר צוּ לָאזִין , אִיז עֶר גִיפִיהרְט גִיוָוארִין פוּן דֶעם רוח פוּן נבואה , זֵייא נָאךְ אֵיין מָאהל אוּן אוֹיף דֶעם הֵיילִיגְסְטִין אוֹפֶן יֶענִי גְרוֹסִי וַוארְהַייט אַיין צוּ פְּרֶעסִין :

וללוי אמר תמך ואוריך לאיש חסידך אשר נסיתו במסה תריבהו על מי מריבה : האומר לאביו ולאמו לא ראיתיו ואת אחיו לא הכיר ואת בניו לא ידע כי שמרו אמרתך ובריתך ינצרו : יורו משפטיך ליעקב ותורתך לישראל וגו' :

„אוּן צוּ לוי הָאט עֶר גִיזָאגְט , דַיינִי רֶעכְטִי (תמים) אוּן דַיינִי לִיכְט (אורים) גִיהֶערִין צוּ דֶעם מַאן דַיינִים הֵיילִיגִין , וָואס דוּ הָאסְט אִיהם גִיפְּרוּבְט אִין מסה , דוּ הָאסְט מִיט אִיהם גִיקְרִיגְט בַּייא דִיא וַואסִירִין פוּן מריבה : דֶער וָואס הָאט גִיזָאגְט צוּ זַיין פָאטִיר אוּן צוּ זַיינִי מוּטִיר , אִיךְ הָאבּ אִיהם נִיט גִיזֶעהִין , אוּן זַיינִי בְּרִידִיר הָאט עֶר נִיט דֶער קֶענְט , אוּן זַיינִי קִינְדִיר הָאט עֶר נִיט גִיקֶענְט , דֶען זֵייא הָאבִּין גִיהִיט דַיין וָוארְט , אוּן דַיין בּוּנְד הָאבִּין זֵייא גִיהִיט : זֵייא וֶועלִין לֶערְנִין דַיינִי גִירֶעכְטִי צוּ יעקב

אוּן

און בֵּיינִי דֶערְ נוּנְג צוּ ישראל." (דברים ל"ג, פסוק ח'–י') און אַזוֹ וִויא דִיא דָאזִיגֵי לֶערְנוּנְג שְׁטֶעלְט פָאר דִיא לֶעצְטִי וֶוערְטִיר פוּן משה, אַזוֹ גִיפִינְד זִיא זִיךְ אוֹיךְ אִין דֶער לֶעצְטִי שליחות פוּן נבואה, דִיא וָואס גָאטט הָאט גִילָאזִין קוּמִין צוּ דִיא ישראל; מלאכי, דֶער לֶעצְטִיר פוּן דִיא נביאים, דֶער מָאנְט דִיא ישראל דֶערָאן:

כי שפתי כהן ישמרו דעת ותורה יבקשו מפיהו כי מלאך יהוה צבאות הוא:

„וָוארִין דִיא לִיפְּפִין פוּן אַיין כהן טְהוּן הִיטִין דִיא וִויסִינְשַׁאפְט, און דָאס גִיזֶעץ זָאלל מַאן זוּכִין פוּן זַיין מוּנְד, וָוארִין עֶר אִיז אַיין מלאך פוּן יהוה צבאות." (מלאכי ב', פסוק ז') אוֹיב עֶס אִיז אִין אַלְטִין טֶעסְטַאמֶענְט (תנ"ך) פֶערְהַאנְדִין אַיין ענין וָואס עֶר אִיז קְלֶערִיר וִויא אַיין אַנְדִירִיר, אַזוֹ אִיז עֶס דֶער, אַז דִיא זִין פוּן לוי זֶענִין פוּן גָאטט דִיא בִּישְׁטִימְטִי אמונה לֶערְנִירְס פוּן ישראל און אַז דִיא שוּלְדִיגְקַייט פוּן אַללִי ישראלים אִיז בֵּייא זַייא בִּילֶערְנוּנְג צוּ זוּכִין.

מַאן קָאן אָבִּיר נִיט זָאגִין, אַז מַאן וֵויים אִיצוּנְד נִיט קְלָאר וֶוער דִיא כהנים זֶענִין און אַז דַארִיבִּיר זָאל יֶענִי גִיבָּאט אִיהר קְרַאפְט פֶער לוֹירִין הָאבִּין; וָוארִין דִיא וָואס גְלוֹיבִּין אִין דֶער תּוֹרה שבעל פה גִישְׁטֶעהִין בּאמת אַיין, אַז זַייא קֶענִין דֶעם בית אב פוּן לוי, און אוֹיךְ אִין דֶער שוּל וֶוערִין דֶער כהן און דֶער לוי צוּם עֶרְשְׁטִין אוֹיף גִירוּפִין בֵּייא דֶעם לֵייאִינִין אִין דִיא תּוֹרה:

בכל קריאה וקריאה מאלו כהן קורא ראשון ואחריו לוי ואחריו ישראל ומנהג פשוט הוא היום שאפילו כהן עם הארץ קודם לקרות לפני חכם גדול ישראל:

„אַזוֹ אָפְט וִויא עֶס וֶוערְט אִין דֶער תּוֹרה גִילֵייאִינְט, לֵייאִינְט דֶער כהן צוּם עֶרְשְׁטִין און נָאךְ אִיהם דֶער לוי, און דֶער נָאךְ דֶער ישראל. און עֶס אִיז נָאךְ הַיינְט אַיין פֶער בְּרֵייטִיטִיר מנהג, אַז אפילוּ אַיין כהן וָואס עֶר אִיז אַיין עם הארץ, אִיז עֶר פְּרִיהִיר צוּם לֵייאִינִין פַאר אַיין גְרוֹיסִין חכם אַיין ישראל." (הלכות תפלות תשחר פרק שנים עשר, משנה י"ח)

און אַזוֹ וִויא דָא וֶוערְד פָאר אוֹיס גִיזֶעצְט אַז מַאן קֶענְט דִיא כהנים, אַזוֹ אוֹיךְ זָאגְט דִיא תּוֹרה שבעל פה בפירוש, אַז דִיא זֶעלְבִּיגֵי זָאללִין זַייאִיר אַמְט פוּן כהוּנה בֵּייא בִּיהַאלְטִין און גִיהַאלְטִין זַיין, אַזוֹ וַוייט וִויא עֶס אִיז אִין דֶעם גלות מִיגְלִיךְ, דֶעם חיוב דֶער פוּן צוּ דֶער פִילִין; און דְרוּם לֵייגְט עֶס אוֹיף זַייא דֶעם חיוב דָאס פָאלְק צוּ בֶּענְשִׁין, וִויא משה הָאט

גיבאטין

גִיבָּאטִין. זֵייאִירִי בִּיהוֹיפְּטוּנְג גִיבְּט אַיין גְרוֹיסִין בִּיוַוייז פוּן דֶעם פֶּעסְטִין אִיבִּירְצַייגוּנְג פוּן דִיא רבנים אִין בִּיצִיהוּנְג אוֹיף דֶער דָאזִיגִיר זַאךְ אַז אפילוּ אַיין נִיט גִילֶערִינְטִיר כהן (אַיין עם הארץ), יָא, אפילוּ גָאר אַיין כהן וָואס אִיז אַנְדִירְקֶענְט פַאר שְׁלֶעכְט אִיז נִיט אוֹיס גִינוּמִין פוּן דֶער פֶּערְבּוּנְדִינְהַייט, פוּן דֶעם דָאזִיגִין חיוב (דָאס פָאלְק צוּ בֶּענְשִׁין) צוּ דֶער פִילִין:

כהן שלא היה לו דבר מכל אלה המונעין נשיאות כפים אע"פ שאינו חכם ואינו מדקדק במצות או שהיו חביריו מרננים אחריו או שלא היה משאו ומתנו בצדק הרי זה נושא את כפיו ואין מונעין אותו לפי שזו מצות עשה על כל כהן וכהן שראוי לנשיאות כפים ואין אומרים לאדם רשע הוסף רשע והמנע מן המצות: ואל תתמה ותאמר ומה תועיל ברכת הדיוט זה שאין קבול ברכה תלוי בכהנים אלא בהקב"ה שנא' ושמו את שמי על בני ישראל ואני אברכם. הכהנים עושים מצותם שנצטוו בה והקב"ה ברחמיו מברך את ישראל כחפצו:

„אַיין כהן וָואס עֶר הָאט אִין זִיךְ נִיט דִיא דָאזִיגִי אַלְלִי זַאכִין, וָואס עֶס פֶּערְמַיידִיט פוּן אוֹיף צוּ הֵייבִּין דִיא הֶענְד (דוכן), חָאטְשִׁי עֶר אִיז קֵיין חכם נִיט אוּן עֶר אִיז נִיט מדקדק במצות מקיים צוּ זַיין אוֹדִיר זַיינִי חברים פֶּערְשְׁפָּאטִין אִיהם, אוֹדִיר עֶר אִיז נִיט עֶרְלִיךְ אִין הַאנְדִיל (אִין משא ומתן), אַזוֹ זָאל עֶר דִיא הֶענְד אוֹיף הֵייבִּין (צוּ דוּכִינִין) אוּן מַאן טָאר אִיהם דֶער פוּן נִיט פֶּערְמַיידִין; וַוייל דָאס דָאזִיגִי אִיז אַיין מצות עשה אוֹיף אִיטְלִיכִין כהן בִּיזוּנְדִיר וָואס עֶר אִיז נוּר ראוי צוּם אוֹיף הֵייבִּין דִיא הֶענְד, אוּן מַאן בַּארְף נִיט זָאגִין צוּם דֶעם שְׁלֶעכְטִין מֶענְשִׁין וֶוער אַיין גִיטְהוּן דוּא רשע (גֵייא אַוֶועק) אוּן פֶּערְמַייד זִיךְ פוּן מצות! אוּן דוּא זָאלְסְט זִיךְ נִיט וואוּנְדִירִין אוּן זָאגִין וָואס קָאן דִיא ברכה פוּן דֶעם פְּרָאסְטִין מֶענְשִׁין הֶעלְפִין? וָוארִין דָאס עֶמְפְּפַאנְגִין דִיא ברכה הֵיינְגְט נִיט אָן דִיא כהנים, נַייאִירְט אָן הקב"ה; וָוארִין עֶס שְׁטֵייט גִישְׁרִיבִּין: „אוּן זֵייא זָאלִין טְהוּן מַיין נָאמִין אוֹיף דִיא קִינְדִיר ישראל, אוּן אִיךְ וֶועל זֵייא בֶּענְשִׁין." דִיא כהנים טְהוּן זֵייאִיר גִיבָּאט וָואס זֵייא זֶענִין אִין אִיהר גִיבָּאטִין גִיוָוארִין, אוּן הקב"ה מִיט זַיין דֶער בַּארִימוּנְג בֶּענְשְׁט דִיא ישראל אַזוֹ וִויא אִיהם אִיז וואוֹהל גִיפַאלִין. „(דָארְטִין פרק חמשה עשר, משנה ו') מֵילָא דָא וֶוערְד אִין גַאנְצִין אַנְדִירְקֶענְט אַז כהנים זֶענִין פֶּער הַאנְדִין, אוּן זֵייא זֶענִין אֵייבִּיג מחויב אַזֶעלְכִי פֶּער רִיכְטוּנְגִין פוּן זֵייאִיר אַמְט צוּ טְהוּן וִויא עֶס אִיז זֵייא אִיצוּנְד מִיגְלִיךְ, יָא, עֶס בִּיהוֹיפְּטִיט אפילוּ גָאר, אַז אַיין שְׁלֶעכְטִיר כהן בַּארְף אוֹיף קֵיין פַאל פוּן דִיא דֶער

פילונג

פִילוּנְג פוּן זַיין חיוב נִיט פֶערְמַיידִיט וֶוערִין. מִילָא, עֶס אִיז אוֹיךְ אַזוֹ קְלָאר פוּן דִיא וֶוערְטִיר פוּן משה אוּן דִיא נביאים דֶערְוִויזִין גִיוָוארִין, אַז עֶס אִיז דֶער חיוב, פוּן דִיא כהנים צוּ לֶערְנִין, אוּן קֵיינִיר קָאן נִיט לֵייקִינִין אַז עֶס אִיז מִיגְלִיךְ דֶעם דָאזִיגִין חיוב צוּ דֶער פִּילִין. דִיא צוּשְׁטֶערוּנְג פוּן בית המקדש הָאט פַאר וָואר פוּן דִיא כהנים דֶעם גִישֶׁעפְט פוּן קרבנות אַיין סוֹף גִימַאכְט, אָבִּיר אוֹיף דִיא מִיגְלִיכְקֵייט פוּן זֵייאִיר אַמְט פוּן לֶערְנוּנְג צוּ פֶערְרִיכְטִין, הָאט עֶס גָאר נִיט גִישַׁאדִיט. מַאן קָאן דַארִיבִּיר מִיט רֶעכְט דִיא פְרַאגִי פָאר לֵייגִין, דִיא יֶענִיגִי וֶועלְכִי בִּירִימִין זִיךְ אַז זֵייא הַאלְטִין אַזוֹ זֵייאִיר דִיא תּוֹרה פוּן משה: וְויא וֶוערְד דָאס גִיבָּאט פוּן משה דֶער פִילְט אִין דֶעם ענין פוּן דָאס לֶערְנִין דִיא תורה? זֶענִין דִיא כהנים אוּן דִיא לוים דִי אמונה לֶעהרִירְס פוּן אַללִי יוּדִישִׁי גִימֵיינְדִין, אוֹדִיר זֶענִין זֵייא פוּן דֶעם אַמְט וָואס משה הָאט זֵייא אָנְגְוִויזִין אוֹיס גִישְׁלָאסִין גִיוָוארִין אוּן דָאס זֶעלְבִּיגִי וֶוערְד פוּן אַנְדִירִי בִּיהֶערְשְׁט, וָואס מֹשֶׁה הָאט עֶס זֵייא נִיט גִיגֶעבִּין? אִיטְלִיכִיר יוּד מוּז דִירוֹיף עֶנְטְוִוירִין, אַז דָאס דָאזִיגִי גִיבָּאט פוּן משה וֶוערְד גָאר אִין גַאנְצִין פַאר פֶעלְשְׁט, אַז פוּן דֶעם אַמְט פוּן כהונה, וְויא עֶס אִיז פוּן משה אַיין גִיזֶעצְט גִיוָוארִין אִיז קוֹים אַיין שָׁאטִין אוּנְטִיר דִיא יוּדִין אִיבִּיר גִיבְּלִיבִּין, אַז דִיא רבנים, חכמים, מלמדים זֶענִין אוּמִידוּם דִיא אמונה לֶעהְרְנִירְס אוּן אוֹיף דֶעם הוּנְדִירְטִין, וֶוען נִיט אוֹיף דֶעם טוֹיזִינְדִין כהן וֶוערְד אִין גַאנְצִין קֵיין השגחה נִיט גִיגֶעבִּין אוּן נִיט וֵויינִיג זֶענִין אִין בִּידֶערְפְטִיגְקֵייט אוּן נוֹיט גִילָאזִין. ירמיהו קְלָאגְט פוּן וֶועגִין דִיא הֵיידִין (גוים): פני כהנים לא נשאו „אַז זֵייא הָאבִּין דִיא כהנים נִיט גִיאַכְטִיט." (איכה ד' פסוק ט"ז) אָבִּיר אוֹיךְ אַזוֹ גוּט וָואלְט מַאן גִיקֶענְט פוּן דִיא וָואס הַאלְטִין דִיא תּוֹרה שבעל פה דָס זָאגִין. וואוּ נִיט וואוּ, מֶעג אפשר אֵיינִיר פוּן שבט לוי אַיין רב זַיין אוּן דֶעם כבוד גִינִיסִין, וָואס עֶס אִיז פֶערְבּוּנְדִין מִיט זַיין רַבָּנִישִׁין אַמְט; אָבִּיר דָאס אַיינְזֶעצוּנְג פוּן משה, דִיא כהונה אַזוֹ וְויא אַיין בִּישְׁטִימְטִין בִּיפֶעהל, פוּן דֶעם וָואס דִיא אמונה לֶעהרִירְס פַאר דִיא ישראל זָאלִין אוֹיס דֶער וֵויילְט וֶוערִין, אִיז גָאר אוּם בִּיאוֹיבְּאַכְטִיט. משה דֶערְקְלֶערְט וְויא מִיר הָאבִּין גִיזֶעהִין, אַז דָאס אַמְט פוּן דֶעם כהן אִיז, צְווִישִׁין הֵיילִיג אוּן אוּם הֵיילִיג אוּן צְווִישִׁין רֵיין אוּן אוּם רֵיין צוּ אוּנְטִיר שֵׁיידִין; וֶוען אָבִּיר אַיין יוּד הָאט אַיין שאלה צוּ פְרֶעגִין אוֹדִיר אַיין שְׁוֶוערִי זַאךְ, אַזוֹ אִיז דָאס דֶער רבי, פוּן דֶעם וָואס עֶר נֶעמְט זִיךְ דֶעם פסק אַרוֹיס. משה זָאגְט, אַז דִיא כהנים זֶענִין דֶער צוּ פוּן גָאט בִּישְׁטִימְט,

„דיא ישראל אַלי גיזֶעץ צו לֶערְנִין דיא וָואס יהוה הָאט גְירֶעד צו זֵייא ;„ איצונְד אָבִּיר וֶוערִין מֶענְשִׁין פַאר רבנים אוֹדִיר מלמדים גְימַאכְט , דִיא וָואס קוּמִין גָאר נִיט אַרוֹיס פוּן דֶעם גִישְׁלֶעכְט לוי , יָא , עֶס זֶענִין פֶער הַאנְדִין גִימֵיינְדִין , וָואס אוּנְטִיר זֵייא אִיז קֵיין לוי אוֹדִיר כהן אִיבִּיר הוֹיפְּט גָאר נִיט פֶער הַאנְדִין , אוּן וואוּ יֶענִי גִיבָּאט וֶוערְד גָאר נִיט גִיאַכְטִיט . אָבִּיר דָאס עֶרְגְסְטִי בַּייא דֶעם דָאזִיגִין וִוידִיר שְׁפֶּענִיגִין אִיז , אַז עֶס וֶוערְד גִיטְהוּן מִיט זַיין גַאנְצִין צוּ זַאמִין הַאנְג . עֶס אִיז נִיט אַיין זַאךְ פוּן דִיא גֵייטִיגִי צרות פוּן גלות , בַּייאִירְט עֶס אִיז דִיא גוּט אִיבִּיר לֶעגְטִי כוונה פוּן דֶער תּוֹרה שבעל פה , דִיא כהוּנה וִויא עֶס אִיז פוּן משה אַיין גִיזֶעצְט אַרָאפּ צוּ וִוירְדִיגִין , אוּן אַנְדִירִי אִיבִּיר דֶעם אַמְט צוּ שְׁטֶעלִין אוּן דָאס אִיז דִיא רבנים וָואס משה הָאט דֶער פוּן קֵיין וָוארְט נִיט דֶערְמָאנְט . אָן שְׁטָאט דֶעם אַז דִיא תּוֹרה שבעל פה זָאל זִיךְ מִיהִי גֶעבִּין , אַז עֶס זָאל נִיט מִיגְלִיךְ זַיין אַז אַיין גִימֵיינְדִי פוּן ישראל זָאל זַיין אָן כהן אוֹדִיר אָן אַיין לוי , שְׁטֶעלְט עֶס גַאנְץ רוּהִיג אַיין גִיזֶעץ אוֹיף , וִויא מַאן זָאל טְהוּן אָן זֵייא , בשעת עֶס שְׁרַייבְּט פָּאר , דֶעם סדר , וִויא דִיא מֶענְשִׁין זָאלִין אוֹיף גִירוּפִין וֶוערִין צוּם לֵייאֶנִין דִיא תּוֹרה , זָאגְט עֶס

אין שם כהן עולה ישראל ולא יעלה אחריו לוי כלל :

„וֶוען דָארְטִין אִיז קֵיין כהן נִיט פֶער הַאנְדִין , זָאל אַיין ישראל אַרוֹיף גֶעהִין , אָבִּיר קֵיין לוי זָאל נָאךְ אִיהם גָאר נִיט אַרוֹיף גֶעהִין . „ (דָארְטִין פרק שנים עשר , משנה י״ט) וַוייטִיר :

ואם אין להם כהן כלל כשיגיע שליח צבור לשים שלום וכו׳ :

„וֶוען זֵייא הָאבִּין גָאר קֵיין כהן נִיט , זָאל דֶער שליח צבור זָאגִין אַז עֶר קוּמְט צוּ שים שלום : וכו׳.„ (דָארְטִין פרק ט״ו , משנה י׳) וֶוען דִיא תּוֹרה שבעל פה וָואלְט מִיט שְׁרֶעק דִירוֹיף בֵּיזָארְגְט גִיוֶועזִין , דִיא אַיין רִיכְטוּנְג פוּן משה מקיים צוּ זַיין , דֶען וָואלְט עֶס גָאר נִיט קֶענִין אָן גֶעהמִין אַזֶעלְכִי פָאר אוֹיס גִיזֶעצְטִי אוֹפנים , פַאר קֶעהְרְט עֶס וָואלְט אִיטְלִיכִי גִימֵיינְדִי גִיהַאט זֵייאִיר אָן דָאס הֶערְץ גִילֵייגְט וִויא מַאן קָאן זִיךְ דִירָאן נִיט בִּיגֶעהִין אוּן וִויא נוֹיט וֶוענְדִיג עֶס אִיז אַיין כהן פוּן דֶעם גִישְׁלֶעכְט פוּן לוי צוּ הָאבִּין . מִילָא יֶענִי פָאר אוֹיס גִיזֶעצְטִי אופנים וַוייזְט , אַז עֶס הָאט דִיא מחברים פוּן דֶער תּוֹרה שבעל פה זֵייאִיר וֶועניג גִיהַארְט וֶועגִין דָאס גִיבָּאט פוּן משה , וָוארִין זֵייא וָואלְטִין דָאךְ מוּזִין בִּידֶענְקִין , אַז דָא וואוּ עֶס אִיז קֵיין כהן נִיט פֶערְהַאנְדִין , אִיז דָאס פָאלְק אוּם מִיגְלִיךְ אַז זֵייא

זאללין

זָאללִין מקיים זַיין דֶעם פָארְשְׁרִיפְט וָואס עֶס אִיז אַזוֹ אָפְּט אִיבִּיר גִיהַאזֶערְט, צוּ לֶערְנִין דִיא תורה. פוּן דִיא בני לוי. אוּן בַּייא דֶעם אַללִים בִּיפֶעהלִין דִיא דָאזִיגִין מהבּרים דִיא וָואס זַייא זָארְגִין אַזוֹ וֶועניג פַאר דִיא גִיבָּאט פוּן משה אוּם וֶועניג דִיא כהנים מִיט אַיין סְטְרַאשׁוּנְג אַז מַאן וֶועט זַייא אִינְגַאנְצִין פֶערְווִיסְטִין אַז זַייא וֶועלִין קַיינִי מלמדים נִיט הַאלְטִין;

מושיבין מלמדי תינוקות בכל מדינה ומדינה ובכל פלך ופלך ובכל עיר ועיר וכל עיר שאין בה תינוקות של בית רבן מחרימין את אנשי העיר עד שמושיבין מלמדי תינוקות ואם עוד לא הושיבו מחרימין את העיר:

„מַאן מוּז בִּיזֶעצִין מלמדים פַאר קִינְדִיר אִין אִיטְלִיכִין לַאנְד אוּן אִין אִיטְלִיכִין קְרַייז (גוּבֶּערְנִיע) אוּן אִין אִיטְלִיכִיר שְׁטָאט, אוּן אִיטְלִיכִי שְׁטָאט וָואס אִין אִיהר אִיז נִיט פֶערְהַאנְדִין קַיינִי שוּל קִינְדִיר וָואס גֶעהִין לֶערְנִין צוּ זַייאִיר רבי, אִיז מַאן דִיא שְׁטָאט לַייט מחרים בִּיז זַייא בִּיזֶעצִין מלמדים פַאר שוּל קִינְדִיר, אוּן אַז זַייא הָאבִּין דָאךְ נָאךְ נִיט בִּיזֶעצְט, אִיז מַאן דִיא שְׁטָאט זֶעלְבִּירְט מחרים." (הלכות תלמוד תורה פרק א׳) מֵילָא אַז מִיר זֶעהִין, אַז זַייאִיר אֵייגִינִים גִיבָּאט בִּיצְווִינְגִין זַייא מִיט אַזוֹ אַיין בְּרֶען (אֵייפִיר) אוּן מִיט אַזוֹ אַיין שַׁארְפְקַייט אוּן זֶענִין בַּייא דֶעם אַלִים בִּישַׁיינְפִּירְלִיךְ פַאר דֶער תורת משה אַזוֹ אוּם בִּיזָארְגְט אוּן אָבּ גִילָאזִין, אַזוֹ דְרִינְגִין מִיר מִיט רֶעכְט, אַז דָאס אָבּ גִילָאזֶנְקַייט וֶוערְד מִיט אַיין כיוון גִישֶׁעהִין, אַז זַייאִיר גַאנְצִי זַאךְ אִיז גִיוֶועזִין זִיךְ זֶעלְבִּירְט גְרוֹיס צוּ מַאכִין, אוּן דֶער קֵייגִין דָאס אֶמֶת, וֶועלְכִים גָאטט זֶעלְבִּירְט הָאט אַיין גִיזֶעצְט, אַרָאפּ צוּ זֶעצִין. אוּן דֶער דָאזִיגִיר גִידְרַאנְג גִיפִינְד זַיין גִינוּגִינִי בִּישְׁטֶעטִיגוּנְג אִין הלכות כבוד רבו, אִין יֶענִי סף אוּן נִישְׁט וֶוערְדִיגִי גִיבָּאטִין, וֶועלְכִי עֶס זֶענִין אוֹיף גִישְׁטֶעלְט וָואס פַאר אַיין כבוד עֶס קוּמְט אַיין רבי אָבּ צוּ גֶעבִּין, וָואס דֶער וַוייל וֶוערְד אוֹיף דֶעם כבוד וָואס גִיהֶערְט צוּ דֶעם גִישְׁלֶעכְט פוּן לוי כמעט גָאר קַיין השגחה נִיט גִיגֶעבִּין אוּן זַייאִיר אֶמֶת פוּן התמנות בפירוש נָאךְ גִיָאגְט. אַזוֹ זָאגְט למשל דִיא תורה שבעל פה, בשעת עֶס שְׁטֶעלְט דֶעם אָרְדִינוּנְג אוֹיף וִויא מַאן הָאט דִיא גִיפַאנְגִינִי (שבוים) אוֹיס צוּ קוֹיפִין, אַז אַיין כהן מוּז אוֹיס גִילֵייזְט וֶוערִין פְרִיהִיר פַאר אַיין לוי אוּן אַיין לוי פַאר אַיין ישראל; דֶען שְׁטֶעלְט עֶס אָבִּיר אַהִין צוּ:

במה דברים אמורים כשהיו שניהם שוין בחכמה. אבל אם היה כהן גדול עם הארץ וממזר תלמיד חכם ת״ח קודם:

וואו

„וואו זענין דיא רייד געהערד געווארין, אז זייא זענין גלייך געוועזין אין חכמה, אביר אז איין כהן גדול איז איין עם הארץ און איין ממזר איז איין תלמיד חכם איז איין תלמיד חכם פריאיר.“ (הלכות מתנות עניים פרק ח׳ משנה י״ז) מילא דא ווערד דיא כהונה און אפילו דער אמט פון דער כהונה גדולה פאר קלעניר געהאלטין פאר איין רב אודיר איין חכם, אזו וויא עס איז אויך דיא כוונה פון דיא רבנים, זיך גרויס צו מאכין, און דער פון שיינט איבירהויפט ארויס וויא זייא אכטין גאר אין גאנצין ניט אויף דער תורת משה און איהרי געבאטין. דער כהן גדול איז אין דיא גאנצי איין ריכטונג פון משה געוועזין דער גרעסטיר מאן; און איהם האט ניט געטארט אום יום כפור דאס בלוט פון קרבן אין קדש הקדשים אריין געבראכט ווערין, און פון דעסט וועגין זאגט דיא תורה שבעל פה, אז, ווען ער און איין ממזר, דאס הייסט דער פעראכטיסטיר מענש ביי דיא ישראל געפינין זיך אין געפענקניש און דער ממזר איז איין תלמיד חכם, מוז ער פריאיר אויס געלייזט ווערין. עס איז ניט נייטיג נאך מעהר בייווייזי צו ברענגין אויף דער מעשה, אז דיא געבאט פון תורת משה וואס דיא כהנים און לוים בעטרעפט ווערד פון דיא מחברים און דיא אנהענגיר פון דער תורה שבעל פה גאר אין גאנצין און זייאיר שטארק איביר טרעטין. מיר זעהין אז דיא כהנים, דיא לוים, זענין אויס געשטויסין פון דעם אמט, וועלכין גאטט האט זייא געגעבין און אנדירי זענין פאר אמונה לערנירס געמאכט, דיא וואס האבין דורך אויס קיין רעכט ניט צו דער דאזיגיר שטעלי. מילא וויא קענין דיא נייאירי יודין בעהויפטין אז זייא האלטין דיא תורת משה? זייא לעבין אין עפענטליכיר פעראכטונג בכלליות אויף איינע פון זייני וואזניסטי געבאט. עס איז ניט גינוג, צו זאגין באשר אז דער רבנישיר אמט איז אויך איין געטטליכע איינריכטונג; איין בעהויפטונג וואס דערקלערט איין איינריכטונג פון תורת משה פאר נישט, מוז פאר זיך אזעלכי בעוויז האבין וואס מאן זאלל עס ניט קענין אום שטויסין. כדי אימיצין, דער וואס גלויבט באמת אין תורת משה, צו איביר צייגין, אז דיא רבנים האבין דאס רעכט דער צו דיא פאמיליע פון לוי פון זייאיר אמט אראפ צו ווארפין און זיך דאס זעלביגי זעלבירט צו צואייגינין, דער צו איז דורך אויס נייטיג איינע אויס דריקליכע דערקלערונג פון גאטט. און ווען דיא רבנים וואלטין קענין בעווייזין, וואס זייא קענין באמת ניט, אז זייא זענין דיא לעהריר פון ישראל נאך דער תורה נאך, אזו וועט דאך דער

פון

פון גִיוִויס גִידְרוּנְגִן זַיין, אַז דִיא תורה פון משה אִיז אָבּ גִיעֶנְדִירְט גִיוָוארִין, דֶער דוּרְךְ אָבֶּר וֶועט אֵיינִיר פון דִיא הוֹיפְּט עקרים פון דָאס נַייאִירִי יוּדִישְׁקַייט, אַז דִיא תורה פון משה וֶועט נִיט אָבּ גִיעֶנְדִירְט וֶוערִין, גָאר אִין גַאנְצִין אוּם גִישְׁטוֹיסִין. בשעת משה הָאט דִיא תורה גִיגֶעבִּין, זֶענִין דִיא כהנים גִיוֶועזִין דִיא אמונה לֶעהְרֶירְם פון דִיא ישראל; אָבִּיר צַייט דֶעם וָואס דִיא תורה שבעל פה הֶערְשְׁט זֶענִין דָאס נִיט דִיא כהנים, נַייאִירְט דִיא רבנים. מֵילָא נמצא עֶס אִיז אֵיינִי וִויכְטִיגִי אָבּ עֶנְדִירוּנְג, יָא אפילו, אַיין פֶערֶענְדִירוּנְג אִין דֶעם קְלַאנְג פוּן דֶעם חבור פון תורת משה פָּאר גִיגַאנְגִין, מֵילָא דִיא דָאזִיגִי אָבּ עֶנְדִירוּנְג אִיז עֶנְטְוִויר אוּם גִיזֶעצְלִיךְ אוֹדִיר גִיזֶעצְלִיךְ. אִיז זִיא אוּם גִיזֶעצְלִיךְ דֶען הָאבִּין דִיא רבנים קֵיין רֶעכְט נִיט דִיא לֶעהְרִיר פון דִיא ישראל צוּ זַיין; אִיז זִיא גִיזֶעצְלִיךְ. דֶען אִיז דִיא אָבּ עֶנְדִירוּנְג און אוּם וַואנְדְלוּנְג פון תורת משה מותר. און דָאס נַייאִירִי יוּדִישְׁקַייט וֶועלְכִי עֶס לֶערִינְט אַז דִיא תורה קָאן נִיט פֶער עֶנְדִירְט וֶוערִין, אִיז פַאלְשׁ. דֶער אֵיינְצִיגִיר ממה נפשך פון דִיא נַייאִירִי יוּדִין אִיז דֶער דָאזִיגִיר: עֶנְטְוִויר מוּזִין זַייא בִּיהוֹיפְּטִין אַז דִיא תורה וֶוערְט נִיט אָבּ גִיעֶנְדִירְט אוֹיף דִיא קָאסְטִין פון דֶעם רַבָּנִישִׁין אַמְט (דָאס הֵייסְט מוּזִין דִיא רַבָּנִים זַייאִיר אַמְט פֶערְלִירִין), אוֹדִיר זַייא מוּזִין דָאס מָאס פון דֶעם דִין פון דֶעם דָאזִיגִין אַמְט פֶעסְט הַאלְטִין און דִיא תורה אַוֶועק וַוארְפִין. אִין בֵּיידִי אוֹפַנִים אָבִּיר לֶערִינְט דִיא תורה שבעל פה אֵיינִי אוּם וַוארְהַייט, און אִין קֵיינִים פון בֵּיידִי אוֹפַנִים דַארְפִין דִיא נַייאִירִי יוּדִין זִיךְ נִיט בִּירִימִין אַז זַייא זֶענִין אָנְהֶענְגְלִיךְ אָן תורת משה. זַייא בִּישוּלְדִיגִין דִיא קְרִיסְטִין, דִיא תורת משה נִיט צוּ אַכְטִין, און עובר צוּ זַיין; אָבִּיר לָאזִין זַייא זֶעלְבִּירְט אִין דֶעם לֶעבִּין פון דִיא גוֹיִשִׁי קְרִיסְטִין עֶרְגִינְץ אַיין אוֹיגִין שַׁיינְלִיכִי עבירה אַרוּים גִיפִינִין, אַז זִיא זָאל שְׁרֶעקְלִיכִיר זַיין פַאר דֶער פֶערְטְרַייבּוּנְג, דִיא פַאמִילְיֶע לוי פון דֶעם אַמְט, צוּ וֶועלְכִין משה הָאט זַייא בִּישְׁטִימְט. דִיא דָאזִיגִי בפירושי מעשה אִיז בִּיקַאנְט; יֶענִי פַאמִילְיֶע לֶעבְּט אוּמִידוּם פֶערְלָאזִין און אִין נִידְרִיגְקַייט, זַייאִירִי חברים הָאבִּין צוּ טָהוּן מִיט דִיא זָארְגִין און לַאסְטִין פון דֶער דָאזִיגִיר וֶועלְט, אָן שְׁטָאט וָואס זַייא זָאלִין דִיא אַיין שְׁטֶעלוּנְג אָבּ גֶעהְמִין. דִיא וָואס משה הָאט זַייא גִיגֶעבִּין. לָאזִין דִיא גוּטִי פְרַיינְד פון דֶער תורה שבעל פה דִיא דָאזִיגִי זַאךְ נור אִיצוּנְד אָבּ וֶועגִין און זִיךְ דֶעם מָאהל פְרֶעגִין וִויא זַייא קֶענִין דָאס בִּיהוֹיפְּטִין, דִיא תורת משה צוּ הַאלְטִין, לָאזִין זַייא זִיךְ דֶערְמָאנִין, אַז זַייא הָאבִּין זֶעלְבִּירְט אַיין פֶערֶענְדִירוּנְג אִין דֶער

תורה

תּורה דֶער דוּרְךְ פָאר גִינוּמְין, וָואס זַייא הָאבִּין דיא רבנים אָנְשְׁטָאט דִיא כהנים אַיינְגִישְׁטֶעלְט, אוּן אַז, וֶוען זַייא מַאכִין דִיא דָאזִיגִי פֶערְעֶנְדִירוּנְג גִירֶעכְט לֶערְנִין זַייא גַאנְץ דָאס זֶעלְבִּיגִי דָאס וָואס זַייא רֵיידִין אוֹיף גוֹיִשִׁי קְרִיסְטִין רשעות, אִין דִיא אָבְּגֶעְנְדִירְלִיכְקֵייט אוּן אוֹיפְהֶערוּנְג פוּן תּורת משה. וֶוען זַייא זֶענִין גִיוִוים דֶער פוּן אִיבִּיר צַייגְט, אַז דִיא אַיין אָרְדִינוּנְגִין פוּן משה זֶענִין בטל, דֶען מֶעגִין זַייא אוֹיף אִימֶער דִיא רבּנים בַּייא זֵייאִיר אַמְט לָאזִין בְּלַייבִּין: דֶען אָבִּיר מֶעגִין זַייא אוֹיךְ מִיט זֵייאִיר גִיוֶועְנְלִיכִין, אוֹיבּ גְלַייךְ פַאלְשִׁין, בִּיוַוייז גְרוּנְד אַקְייגִין דָאס קְרִיסְטִינְטְהוּם אוֹיף הֶערִין. וֶוען זַייא גְלוֹיבִּין אָבִּיר בּאמת, וָואס זַייא בִּיהוֹיפְּטִין אָפְט, אַז דִיא תּורת משה אִיז נִיט בּטל גִיוָוארִין אוּן קָאן אוֹיךְ נִיט בּטל וֶוערִין, דֶען לָאזִין זַייא אוֹיךְ נָאךְ דֶעם נָאךְ טָהוּן, דֶער תּורה שבעל פה אָבּ זָאגִין, אוּן דִיא משפחה פוּן לֵוִי אִין דָאס אַמְט וִוידִיר אַיין זֶעצִין, פוּן וֶועלְכִין דִיא נַייאִירִי יוּדִישְׁקֵייט הָאבִּין זַייא שׁוֹין אַזוֹ פִּיל הוּנְדֶירְט יָאהר אוּיס גִישְׁלָאסִין. דִיא תּורה שבעל פה צוּ פָאלְגִין אוּן אִין דֶער זֶעלְבִּיגִיר צַייט דִיא גִישְׁרִיבִּינִי תּורה פוּן משה (תורה שבכתב) אִין דֶער דָאזִיגִיר זַאךְ צוּ גִיהָארְכִין, אִיז דוּרְךְ אוּיס אוּם מִיגְלִיךְ. דִיא תּורה שבעל פה שְׁטִימְט פַאר דִיא רבנים אוּן חכמים, דִיא תּורת משה דֶערְקֵייגִין פַאר דֶער משפחה פוּן לוי. דִיא יוּדִין קֶענִין אִיצוּנְד אוּיס דֶער וֵוייליִן וָואס זַייא מֵיינִין פַאר זִיךְ דָאס בֶּעסְטִי, אוּן זַייא וֶועלִין עֶם אַמָאהל אוֹיךְ אוּיס וֵוייליִן; וֶוען זַייא נֶעהמִין זִיךְ אַפָאר צוּ הַאלְטִין דֶעם רַבָּנִישִׁין לֶערְנוּנְגִם גִיבַּייא, דֶען דַארְפִין זַייא נִיט מֶעהר בִּיהוֹיפְּטִין דִיא אָנְהֶעְנְגִיר פוּן משה צוּ זַיין; פִּיל מֶעהר מֶעגִין זַייא אָפִין אוּן עֶרְלִיךְ מודה זַיין, אַז זַייא לֶעבִּין אִיהם אוּן זַיין תּורה נִיט נָאךְ, נַייאִירְט זַייא הַאלְטִין פַאר בֶּעסִיר דֶעם נַייאִירִין אוּן מָאדִישִׁין דת פוּן דִיא רבנים אָן גִיהַאנְגִין צוּ זַיין. דִיא דָאזִיגִי מעשה אִיז בּאמת פַאר אַלִי פוּן ישראל וִויכְטִיג, גַאנְץ בִּיזוּנְדִירְס אָבִּיר פַאר דִיא בּני לוי זֶעלְבִּירְט. גָאטְט הָאט זַייא דֶעם וַואוְזִינֶיעם גִיבָּאט גִיגֶעבִּין דָאס הוֹיז פוּן ישראל אִין זַיינִי גִיזֶעצִי צוּ בִּילֶערְנִין; אִיז זַייא דֶען דָאס פְרַייא, זֵייאִיר הֵיילִיגִים אַמְט אִיבִּיר צוּ לָאזִין אִין דִיא הֶענְד פוּן אַנְדִירִי? הָאט זַייא גָאטְט פְרַייא גִימַאכְט פוּן צוּ פָאלְגִין זַיין גִיבָּאט? אִיז דָאס דָאזִיגִי אָבִּיר יוֹא דֶער פַאל, וָואס צְווִינְגְט זַייא דֶען נָאךְ דָאס פָאלְק צוּ בֶּענְשִׁין? דוּרְךְ זֵייאִירִי הֶענְד אוֹיף הֵייבִּין (בַּייא דֶעם דוּכֶן) אוּן דוּרְךְ דָאס בֶּענְשִׁין דָאס פָאלְק זֶענִין זַייא מודה, אַז זֵייאִיר אַמְט דוֹיעֶרְט נָאךְ וַוייטִיר, אוּן אַזוֹ דוֹיעֶרְט אוֹיךְ נָאךְ וַוייטִיר דֶער חיוב,

פון אַלי פונקציעס פון דאס זעלביגי צו טהון, ענטוויר איז דיא תורת משה גאר בטל, אודיר דיא כהנים זענין נאך דיא בישטעלטי אמונה לעהרירם פון דיא ישראל. דיא כהנים האבין דיא זעלביגי בּרירה וויא דאס פאלק, דאס הייסט, זייא מוזין ענטוויר זייאיר חזקה ביהויפטין און דיא חיובים פון זייאיר אמט פון כהונה דערפילין, אודיר זייא מוזין עהרליך מודה זיין, אז זייא גלויבין ניט אן משה און אויך ניט אום זיין אמונה זיך צו ביקימירין, נייארט זייאיר אמונה איז אין דיא רבנים. איבּיג ליגט דאך איין וויט שוועריר פערענטווארטליכקייט אויף דער משפחה פון לוי וויא אויף ישראלים פון אנדירי שבטים. דיא בני לוי האט גאטט דאס אמט פיל מיט כבוד אנגיטרויט, דיא ישראל צו בילעהרין; מילא זייא זענין אזו גליך וויא וועכטיר איביר ישראל איין גיזעצט גיווארין, און דאריביר זענין זייא פערענטווארטליך ניט נור פאר זייאיר אייגיני אב גילאזינהייט, זונדירין אויך פאר דיא אירטימיר (תעותים) און דאס פערדערבּיניש פון דאס פאלק. עס איז דאריביר דיא העכסטי צייט, אז זייא זאלין אין איין גידאנקין זיין צו דער פילין זייאיר חיוב אום דעם אייפער פון זייארי אבות און דיא אוים ראטטונג פון אירטום (תעות), און זאללין זיך ווירדיג ביווייזין אין זייאיר הויכין אורשפרונג (מקור) און זייארי געטליכי בישטימונג, דער מיט אז זייא זאלין זיך אקייגין שטעלין אקייגין דיא פאלשהייטין פון דער תורה שבעל פה. —

---

Дозволено Цензурою. Варшава 5 (17) Февраля 1876 г.
Въ Типографіи А. Гинса. Королевская № 1064 D

# נתיבות עולם

עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם : ירמיה ו׳ ט״ז

דיא אלטי שטעגין.

## נומר מ״א

דאס איז איין בפירושי מעשה וואס ניט אב צו שטרייטין , אז דיא נייאי מאדישי יודין האבין דיא תורת משה וואס עם ביטרעפט דיא כהנים פון דאס הויז גיזינד פון לוי אין גאנצין פערלאזין , און האבין זיך אנדירי לעהריר אויס דערוויילט און איין גישטעלט , וואס פון דיא דאזיגי האט משה גאר נישט גיזאגט . וואס דער טעם איז גיוועזין פון דיא דאזיגי, וואס זייא בירימין זיך אז זייא האבין אזוי איין גרויסין ברעג (אייפער) פאר דער תורה פון משה , אז זייא זאלין אזוי וואס טהון ? ווילין מיר דאס איצונד ניט חוקר ודורש זיין , מיר גלויבין אביר , אז איטליכיר יוד מוז האבין איין שטארקין גרונד (יסוד) אויף אזוי איין שטענדיגין עובר זיין אזוי פיל אויף דעם גאנצין פערבונדיגין צו זאמין האנג פון גאטטים גיבאטין : ער מוז ווייניגסטינס אין שטאנד זיין צו ווייזין , אז דיא גרונד זעצי פון דיא נייאי לעהריר זענין ווייט דער הויבינער וויא דיא יעניגי אמונה לעהריר וואס זענין פון משה איין גיזעצט , און אז דיא אויס גינומיני וואוילקייט און קלוגהייט פון דער רבנישיר לערנונג רעכטפערטיגט ווייניגסטינס דיא אבענדירונג , וואס זייא האבין גימאכט . מיר האבין אין דיא בלעטיר גילעגינהייט גיהאט צו ביטראכטין דעם שטייגיר פון דער דאזיגיר נייאיר לערנונג , אן שטאט דיא פון תורת משה דערוויילטין לערנונג , און אונס שיינט עם גיוויס , אז ״דיא פאריגי וועגין״ זענין בעסיר גיוועזין . איצונד איז אונזיר תכלית דיא רבנישי מיינונגין פון דער גאטטהייט צו בישיידין , וואס דירבייא איז אויף קיין פאל ניט אונזיר כוונה , גראד דיא ערטיר פון דיא רבנישי גישריפצין ארויס צו זוכין , וואס מאן וואלט קענין אקייגין דאס מיינסטי איין ווענדין .

נייארט

נייאירט מיר וועלין זיך ביגינוגינן מיט עטליכי וואוויל ביקאנטי שטעלין, וואס זייאיר תכלית איז, אונס צו דערקלערין דעם דרך און דעם ענין, וויא גאטט ברייגנגט צו זיין צייט, וואס עס ביטרעפט דעם טאג, אזו זאגין דיא רבנים, אז ער ווערד בינוצט אויף דעם אופן וויא דא שטייט:

שתים עשרה שעות הוי היום שלש הראשונות הקב"ה יושב ועוסק בתורה שניות יושב ודן את כל העולם כולו כיון שרואה שנתחייב עולם כלייה עומד מכסא הדין ויושב על כסא רחמים שלישיות יושב וזן את כל העולם כולו מקרני ראמים עד ביצי כנים רביעיות יושב ומשחק עם לויתן שנא' לויתן זה יצרת לשחק בו וכו':

„דער טאג האט צוועלף שטונדין, דיא ערשטי דרייא זיצט הקב"ה און איז עוסק אין דער תורה. דיא אנדירי זיצט ער און ריכטיט דיא גאנצי וועלט, און אז ער זעהיט אז דיא וועלט פערדינט אז זיא זאל אונטיר געהין, אזו שטעהיט ער אויף פון דעם שטול פון דין און זעצט זיך אויף דעם שטול פון רחמים. דיא דריטי זיצט ער און שפייזט דיא גאנצי וועלט פון דיא הערניר פון דיא ראמים (איינהארין) אן ביז דיא אייאיר פון כנים (ווערים). אין דעם פירטין זיצט ער און שפילט מיט דעם לויתן; ווארין עס שטייטט גישריבין „ער דאזיגיר לויתן וואס דו האסט בישאפין, אום צו שפילין מיט איהם" (תהלים ק"ד, פסוק כ"ו) (אין דער גמרא עבודה זרה, דף ג', עמוד ב') אין איין אנדיר ארט ווערד ווידיר רעכינגשאפט גיגעבין וואס עס טהוט זיך מיט דער נאכט:

רבי אליעזר אומר שלש משמרות הוי הלילה ועל כל משמר ומשמר יושב הקב"ה ושואג כארי שנאמר ה' ממרום ישאג ממעון קדשו יתן קולו שאוג ישאג על נוהו:

„רבי אליעזר זאגט: דיא נאכט האט דרייא משמרים (וואכין, אודיר אבטהיילונגין) און אין איטליכין משמר זיצט הקב"ה און ברומט וויא איין לייב; ווארין עס שטייט אין פסוק: „יהוה וועט פון דער הייך ברומין און זיין שטים וועט ער געבין פון זיין הייליגין וואוינונג; ער וועט ברומין איביר זיין פערצוימטין שטאל" (ירמיה כ"ה פסוק ל') און עטוואס ווייטיר אונטין ווערד דיא זעלביגי ביהויפטונג אין דעם נאמין פון צווייא רבנים גיבראכט און גיוויזין דעם טעם פאר וואס גאטט ברומט אזו:

אמר רב יצחק בר שמואל משמיה דרב שלש משמרות הוי הלילה ועל כל משמר ומשמר יושב הקב"ה ושואג כארי ואומר אוי שהחרבתי את ביתי ושרפתי את היכלי והגלתי את בני לבין אומות העולם:

„רב יצחק דער זון פון שמואל האט גיזאגט פון רב וועגין. דיא נאכט

האט

הָאט דְרַייא משמרות (וַואכִין) אוּן אִיטְלִיכִין משמר זִיצְט הקב"ה אוּן בְּרוּמְט וִויא אַיין לֵייבּ אוּן עֶר זָאגְט: וֵויי גִישְׁרִיאִין, וָואס אִיךְ הָאבּ חרוב גִימַאכְט מַיין הויז, אוּן אִיךְ הָאבּ מַיין היכל (הֵיילִיגְטוּם) פֶּערְבְּרֶענְט, אוּן אִיךְ הָאבּ מַיינִי קִינְדִיר פֶּערְטְרִיבִּין צְווִישִׁין דִיא אומות העולם!" (אִין דֶער גמרא ברכות, דף ג' עמוד א') מֵילָא מִיר פְרֶעגִין נוּן אִיטְלִיכִין קְלוּגִין מֶענְשִׁין, אוֹיבּ דִיא דָאזִיגִי פָארְשְׁטֶעלוּנְג אִיז ווִירְדִיג פַאר דֶעם בִּישֶׁעפִיר פוּן הִימִיל אוּן עֶרְד. עֶס וֶוערְד אוּנְס דָא עֶרְשְׁטְלִיךְ גִיזָאגְט, אַז גָאטט, הָאלְט טָאג אוּן נַאכְט, אַזוֹ גְלַייךְ וִויא אַיין מֶענְש, אַז עֶר הָאט בִּישְׁטִימְט גִיוִויסִי צַייטִין צוּ אַלִיר הַאנְד עסקים אוּן אֵיינִי צַייט צוּם פֶּערְגְנִינִיגֶן. צְוֵוייטִינְס, אַז אָן שְׁטָאט אַלִי זַאכִין פוּן דֶער צַייט וָואס פֶּערְגַאנְגִין אִיז. אוּן וָואס אִיצוּנְד אִיז, אוּן וָואס עֶס וֶועט נָאךְ זַיין, אוֹיף אֵיין מָאהל אַרוּם צוּ פַאסִין, אוּן אָנְשְׁטָאט אַלִי זַאכִין דוּרְךְ דָאס אֵייבִּיגִי ווִירְדִיגְקַייט דוּרְךְ זַיין אַלְמֶעכְטִיגִין פִיהרוּנְג אוֹיף דֶעם רֶעכְטִין אוֹפֶן צוּ דֶער הַאלְטִין, אִיז עֶר גִיצְווּאוּנְגִין אִיטְלִיכִי זַאךְ אַפַּארְט צוּ בִּטְרַאכְטִין, אוּן גְלַייךְ צוּ אַיין אָרִימִין. שְׁוַואכִין מֶענְשִׁין קִינְד קָאן עֶר אֵייבִּיג נוּר אֵ י י ן זַאךְ פַאר אֵיין מָאהל אָבּ פֶּערְטִיגִין. אוּן צוּם סוֹף דְרִיטִינְס וֶוערִין מִיר דָא בִּילֶעהְרִינְט, אַז דָאס גֶעטְלִיכִי וֶועזִין זֶעצְט זִיךְ אִין אִיטְלִיכִיר נַאכְט אַנִידִיר, אוּן טְרוֹיאִירְט וִויא אַיין קִינְד אִיבִּיר אַיין זַאךְ, וָואס עֶס הָאט אִין דֶער אִיבִּיר הַיילוּנְג גִיטָהוּן, אוּן אִיצְט ווִינְשְׁט עֶס זִיךְ אָבִּיר הלוואי וָואלְט עֶס דָאס נִיט גִיהַאט גִיטָהוּן. מֵילָא אִיז דָאס דָאזִיגִי אַיין פַאסִינְדִי פָארְשְׁטֶעלוּנְג פוּן דֶער גָאטְטְהַייט, אוֹדִיר אִיז דָאס פִיל מֶעהר אֵיינִי שְׁרֶעקְלִיכִי לֶעסְטִירוּנְג פַאר גָאטט? וִויא פֶּער עֶנְדִירְט דֶער פוּן אִיז דִיא בִּישְׁרַייבּוּנְג וָואס משה גִיבְּט אוּנְס! עֶר זָאגְט: אַדני אֵיינִי זִיכִירִי וואוֹינוּנְג בִּיסְט דוּא צוּ אוּנְס גִיוֶועזִין אִין אַלִי גִישְׁלֶעכְטִיר (בדר ודר): אֵיידִיר דִיא בֶּערְג זֶענִין גִיוואוּנִין גִיוָוארִין אוּן אֵיידִיר דוּא הָאסְט דִיא עֶרְד אוּן דִיא וֶועלְט גִיבּוֹירִין שׁוֹין פוּן אֵייבִּיגְקַייט בִּיז אֵייבִּיגְקַייט אָן בִּיסְט דוּא גָאטט: דוּא מַאכְסְט דֶעם מֶענְשִׁין צוּרִיק קֶעהְרִין בִּיז צוּ צוּשְׁטֶערוּנְג אוּן דוּא זָאגְסְט, קֶעהְרְט צוּרִיק מֶענְשִׁין קִינְדִיר: וָוארִין טוֹיזִינְד יָאהר זֶענִין אִין דַיינִי אוֹיגִין אַזוֹ וִויא דֶער גֶעכְטִיגִיר טָאג וֶוען עֶר אִיז פֶּער בַּייא גִיגַאנְגִין, אוּן וִויא אַיין טְהֵייל (אשמורה) פוּן דֶער נַאכְט (תהלים צ', פסוק א'–ד') וַוייטִיר הֵייסְט עֶס אִין אַיין אַנְדִירִין וואוֹילִין אָרְט פוּן תהלים: פַאר צַייטִין הָאסְטוּ דִיא עֶרְד גִיגְרוּנְדְפֶּעסְטִיגְט, אוּן דִיא הִימִיל זֶענִין דָאס וֶוערְק פוּן דַיינִי הֶענְד: זֵייא וֶועלִין צוּ שְׁטֶערְט וֶוערִין, אָבִּיר דוּ וֶועסְט בְּלַייבִּין, אוּן זֵייא

אלי

אַלִי וֶועלִין פֶּערְאַלְטִין וֶוערִין ווִיא אַיין קְלֵייד , אַזוֹ ווִיא אַיין קְלֵייד וֶועסְטוּ זֵייא פֶערְעֶנְדִירִין אוּן זֵייא וֶועלִין פֶערְעֶנְדִירְט וֶוערִין : אָבִּיר דוּא בִּיסְט דֶער אֵייגִינִיר , אוּן דַיינִי יָאהר וֶועלִין נִיט אוֹיף הֶערִין . " (דָארְטִין ק"ב , פסוק כ"ו–כ"ח .) אִין דִיא דָאזִיגִי בֵּיידִי עֶרְטִיר וֶוערְד אוּנְס פָארְגִישְׁטֶעלְט אוּם פֶערְעֶנְדִירְלִיכְקַייט , אִין גַאנְצִין פְרַייא זַיין פוּן אַלִים אָב וֶועקְסְלוּנְג אִין אַלִי פְּעוּלוֹת , פַאר אַיין הוֹיפְּט זַאךְ אִין דֶעם מהות פוּן דֶער גָאטְטְהַייט . וָואס דֶער וַויילִי דֶער גָאטט דֶעם וָואס דִיא רבנים בִּישְׁרַייבִּין אִיהם , אִיז אַזוֹ אַיין וֶועזִין וֶועלְכִיר עֶס אִיז אוּנְטִיר גִיוָוארְפִין דָאס זֶעלְבִּיגִי פֶערְעֶנְדִירוּנְגִין , ווִיא מִיר זֶעלְבִּירְט , אוּן לָאזְט זִיךְ אַרַיין אִין דִיא יֶענִיגִי פֶערְעֶנְדִירוּנְגִין פוּן ווִילִין וֶועלְכִי עֶס פְלֶעגְט אַרוֹיס צוּ קוּמִין פוּן פַאלְשִׁי דֶערְוַוארְטוּנְגִין . זֵייא זָאגִין , אַז זֵייאִיר גָאטט הָאט זֵייאִיר בית המקדש הרוב גִימַאכְט אוּן זַיינִי קִינְדִיר פֶער טְרִיבִּין אִין גלות , אִיצְט אָבִּיר אִיז עֶר זֵייאִיר אִין צַער דַארִיבִּיר אוּן פַאר דִיא בִּיטִירְקַייט פוּן זַיינִי שְׁמֶערְצִין מַאכְט עֶר לוּפְט דוּרְךְ קְלָאגִין , דִיא וָואס אִיז גְלַייךְ צוּ דָאס בְּרוּמִין פוּן אַיין לֵייבּ . אַזוֹ אַיין גָאטְטְהַייט אִיז נִיט גְלַייכִיר צוּ דֶעם גָאטט פוּן אברהם , יצחק אוּן יעקב , ווִיא דִיא קֶעלְבִּיר פוּן ירבעם ; זִיא מֶעג קַיין אוֹיס גִישְׁנִיצְטִים בִּילְד הָאבִּין , אָבִּיר זִיא הָאט פוּן דֶעסְטְוֶועגִין נִיט ווֵיינִיגִיר ווִיא אַיין גֶעצִין , הָאטְשִׁי נִיט פוּן גָאלְד אוֹדִיר זִילְבִּיר , אָבִּיר אִין דֶער אַיינְבִּילְדוּנְג . אִין קַיין זַאךְ קָאן קַיין גְרֶעסִירִיר חילוק נִיט זַיין , אַז ווִיא פוּן דָאס וֶועזִין , וֶועלְכִין דִיא רבנים בִּישְׁרַייבִּין , אוּן דֶעם גָאטט , וֶועלְכִיר עֶס וֶוערְד פָארְגִישְׁטֶעלְט פוּן משה אוּן דִיא נביאים . אוּן דֶען בִּיהוֹיפְּטִיט דָאס קְרִיסְטִינְטְהוּם אוֹיךְ נָאךְ אַיין מָאהל דִיא וַוארְהַייט אִיבִּיר דֶעם דָאזִיגִין פּוּנְקְט , אִין וֶועלְכִין דִיא תורה שבעל פה פֶער אִירְרְט זִיךְ אַזוֹ זֵייאִיר . דָאס נַייאִי טֶעסְטַאמֶענְט (ברית חדשה) בִּישְׁרַייבְּט אוּנְס דָאס זֶעלְבִּיגִי וֶועזִין , וָואס אִין תנ"ך אִיז אַנְפְלֶעגְט . עֶס זָאגְט : „אִיטְלִיכִי גוּטִי גָאבּ אוּן אִיטְלִיכִי גַאנְצִי מתנה אִיז פוּן אוֹיבִּין , אוּן קוּמְט אַרָאפּ פוּן דֶעם פָאטִיר פוּן לִיכְט , וָואס עֶס אִיז בַּייא אִיהם נִיט פֶערְהַאנְדִין קַיין פֶערְעֶנְדִירוּנְג אוּן נִיט קַיין שָׁאטִין פוּן פַאר וֶועקְסְלוּנְג . (אגרת יעקב השליח א' , פסוק י"א) .

אָבִּיר דִיא רבנים שְׁרַייבִּין גָאטט פֶעלְשְׁלִיךְ צוּ נִיט נוּר פֶער עֶנְדִירְלִיכְקַייט , זוֹנְדֶרְן אוֹיךְ אוּם פוּלְקוּמִינִי דֶערְקֶענְטְנִיש . זֵייא זָאגִין , אַז עֶר בְּרֵיינְגְט צוּ דֶעם פִירְטִין טְהֵייל פוּן טָאג מִיט דָאס עוֹסק זַיין אִין דֶער תּוֹרָה . מִילא ממה נפשך עֶנְטְוֶוִיר קָאן גָאטט דִיא תוֹרָה , אוֹדִיר עֶר

קאן

קאן עס ניט. קאן ער עס, אַזוֹ איז דאָס עוסק בתורה זיין אום גייטיג; קאן ער עס ניט, דען איז זייני דערקענטניש ניט פוֹלקוֹמין; אימליכי פון דיא דאָזיגי אָן גענהמונג אָבּיר איז פאַר דער גאָטטהייט גאַנץ אום ווירדיג. עס איז טאַקיש באמת זייער שווער, אַזוֹ איינע אום ווירדיגי לערנונג צו בּישטרייטין, אודיר דיא גאַנצי פערקערטי גידאַנקין דאָ צוּ בּיוויזין, וואו דיא זאַך אַרום וואָס מאַן שמוּהיסט, איז אַזוֹ איין ערינגסטיר און הייליגיר סוג; ניט מעהר מיר שטעלין דאָס דעם גיזונדין זינין פון איטליכין יודין צוּ און פרעגין איהם, אויב ער קאן גלויבּין, אַז דער גאָט פון דערקענטניש לערינט זיך זיין אייגיני תורה? איז אַזוֹ איין בּיהויפּטונג ניט איין גאָטטים לעסטירליכי אום וואַרהייט און איז זיא ניט איין בּיוויז, אַז דיא יעניגי, וועלכי עס האָבּין זיא אויף גישטעלט האָבּין זעלבּירט קיין שום אמתי דערקענטניש פון גאָטט ניט גיהאַט? אַנדירי בּימיהין זיך אפילו, דיא דאָזיגי גאָטטים לעסטירונג דורך דעם צו פער ענטוּוירין וואָס זייא זאָגין, מאַן מוּז דיא ווערטיר ניט אַזוֹ אָן געהמין צו פערשטייהין וויא זייא זענין פּראַסטאַ אין דיא אותיות, דיא רבנים האָבּין זיך גישמוּהיסט מיט דעם שטייגיר פון מאָרגין לענדישי דמיונות (בּילדליך גישמוּהיסט) נור דאָס דאָזיגי קאן דעם קרעדיט (דאָס טרויאינגלויבּין) פון דער תורה שבעל פה ניט ראַטיווין; וואָרין ווען מיר זאָלין אפילו דעם בּילדליכין אוים דרוק מסכים זיין, אַזוֹ קענין מיר דאָך דיא גאָטטים לעסטירונג ניט פאַר ענטוּוירין, וועלכי עס ליגט אין דער בּיהויפּטונג, אַז גאָטט איז איין פּירטהייל פון איטליכים טאָג עוסק בתורה. קיין מענש דער וואָס האָט נור דאָס קליינסטי עהר פורכט פאַר זיין בּישעפּיר, וועט ער זיך ניט דער וועגין, אַזוֹ צו ריידין, אפילו ניט אין דער פאָרים פון איין גלייכניש (במשל). עס ווייזט אין איטליכין פאַל, אַז דיא רבנים האָבּין אין גאַנצין קיין שום יראת שמים ניט גיהאַט, וואָס גאָטט צו קומט, און דרום זענין זייא גאָר ניט גוועזין צו גיבּרויכין פאַר אמונה לעהרירס. צווייטינס ווען יעני ערטיר זענין נור מאָרגין לענדישי בּילדיר (דמיונות), וואָס איז דען זייאיר ווירקליכיר זינין? וואָס האָט מאַן אונטיר אַזעלכי אוים שפּרעכונג צו פער שטעהין, וויא: אין דער תורה עוסק זיין, מיט דעם לויתן שפּילין, אודיר בּייא דעם אָנפאַנג פון איטליכין משמר (נאַכטוואַך) צו קלאָגין און בּרוּמין? אודיר וואָס זאָל מאַן דער פון דענקין, אַז עס ווערד גאָטט צו גיטהיילט איין בּיזונדירין עסק אויף דעם טאָג און איין בּיזונדירין אויף דער נאַכט? עס איז ניט גינוג ווען מאַן זאָגט אַז דאָס אַלץ זענין בּילדיר (דמיונות אודיר

רמזים)

רמזים) וָואס הָאבּן אין זיך דיא טִיפְסְטִי חכמה ; אַזוֹ אַיין בּיהוֹיפְּטוּנְג מוּז אויך בּיוֹויזין וָוערִין , אוּן אפילו דוּרְך דֶעם , וָואס מַאן וַוייזְט וֶועלְכִי חכמה שְׁטֶעקְט אֵייגֶנְטְלִיךְ אוּנְטִיר יֶענִי בּילְדִיר . לָאזִין דיא רבנים דיא דָאזִיגִי בּילְדִיר גוּט דֶערְקְלֶערִין , אוּן דֶענְסְמָאלְט וֶועט עֶס עֶרְשְׁט מֶיגְלִיךְ זַיין זֵייא צוּ גְלוֹיבִּין ; הָאטְשִׁי אפילו דיא דָאזִיגִי דֶערְקְלֶערוּנְג זֶעלְבִּירְט וֶוערְד נָאךְ אִימְמִיר נִיט בּיוֹויזִין , אַז דיא מחברים פוּן יֶענִי עֶרְטִיר הָאבִּין גָאר בּאמת גִיוָואלְט אַז מַאן זָאל זֵייא פֶערְשְׁטֵיין אויף אַיין שְׁטֵייגִיר פוּן סוֹדוֹת . עֶס אִיז אַיין גִיוִויסִי זַאךְ וָואס דִירוֹיף אִיז נִיט צוּ שְׁטְרַייטִין , אַז פִיל רבנים הָאבִּין דיא דָאזִיגִי אוּן אַנְדִירִי דֶער גְלַייכִין שְׁטֶעלִין אָן גִינוּמִין גָאר פּשוּט וִויא עֶס שְׁטֵייט . אִין דֶעם פירוּש אויף דֶעם זַאץ : „אַז גָאטט זִיצְט אִין דיא צְווֵייטִי דְרַייא שְׁטוּנְדִין אוּן רִיכְטִיט דיא וֶועלְט" , וֶוערְד בִּימֶערְקְט , אַז אֵיינִיגִי גְלוֹיבִּין דִירָאן אַזוֹ פֶעסְט , אַז זֵייא הַאלְטִין דֶער פוּן , אַז אֵיין גִיוִויסִי פָארְמִי וָואס אִיז צוּ גִישְׁטֶעלְט אִין דֶער תפלה פוּן מוסף אִיז נוּר בְּלוֹיז פוּן דֶעסְט וֶועגִין פָאר גִישְׁרִיבִּין גִיוָוארִין :

יש אומרים כי לכך תקנו בקדושת מוסף לומר ממקומו הוא יפן כי סתם מוסף בשניות בא ואז הוא יושב ודן ואנו מתפללין שיפנה מכסא דין לשבת בכסא רחמים :

„עֶס אִיז פֶערְהַאנְדִין אַזֶעלְכִי וָואס זָאגִין אַז מַאן הָאט דַארִיבִּיר מתקן גִיוֶועזִין אִין דֶער קדושה פוּן מוסף צוּ זָאגִין : " פוּן זַיין אָרְט זָאל עֶר זִיךְ קֶעהְרִין , „ וָוארִין גִיוֶוענְלִיךְ אִיז מוסף אִין דֶעם אַנְדִירִין פִירְטִיל פוּן טָאג אוּן דֶענְסְמָאלְט זִיצְט עֶר אוּן רִיכְטִיט , אוּן מִיר זֶענִין מתפלל עֶר זָאל זִיךְ אָבּ קֶעהְרִין פוּן דֶעם שְׁטוּל פוּן דִין אַז עֶר זָאל זִיךְ זֶעצִין אויף דֶעם שְׁטוּל פוּן דֶערְבַּארִימוּנְג . " מֵילָא דיא יֶענִיגִי וֶועלְכִי שְׁטֶעלִין דיא דָאזִיגִי מֵיינוּנְג אויף , אַז דיא „שְׁטוּנְדִין" זֶענִין טַאקִיש פּשוּט שְׁטוּנְדִין אוּן אַז דיא פֶערְטְהֵיילוּנְג פוּן טָאג אויף פִיר פֶערְשִׁידִינִי עסקים אִיז נִיט אַיין שְׁטֵייגִיר פוּן אַיין דמיון , בַּייאִירְט עֶס וֶוערְד ווירְקְלִיךְ גִישֶׁעהִין דיא דָאזִיגִי מֶענְשִׁין גְלוֹיבִּין טַאקִיש , אַז גָאטט אִיז עוסק בתורה , אוּן שְׁפִּילְט מִיט דֶעם לויתן אוּן הַאלְט דֶעם אוּנְטִירְשֵׁייד צְווִישִׁין טָאג אוּן נַאכְט . אוּן מַאן מוּז מודה זַיין , אַז וֶוען זֵייא גְלוֹיבִּין אִין דֶער גמרא , הָאבִּין זֵייא נָאךְ מֶעהר גְרוּנְד גִיהַאט צוּ דֶעם דָאזִיגִין פְּרַאסְטִין פשט , אוּן אַז דיא שְׁטֶעלִי וָואס אִיז אויך גְלַייךְ דֶער צוּ וָואס עֶס בִּיצִיהִיט זִיךְ אויף גָאטְטִים בְּרוּמִין גְלַייךְ צוּ אַיין לַייבּ אִין אִיטְלִיכִין משמר , קָאן נִיט דוּרְךְ אַיין דמיון דֶערְקְלֶערְט וֶוערִין , וֶוען זִיא זָאל אויף גִינוּמִין וֶוערִין אִין פֶערְבִּינְדוּנְג מִיט דֶעם אִיבְּרִיגִי גוּף פוּן

דעם ענין. דער דאזיגיר האט אין זיך איין פירוש פון ווירקליכי ניט בילדליכי משמרים. ווארין דיא משנה פרעגט. ביז וועלכיר שעה אין דער נאכט איז דערלויבט צו לייאינין שמע ישראל, דא זאגט רבי אליעזר: עס איז דערלויבט ביז צום סוף פון דעם ערשטין משמר. דערויף איז דיא גמרא מפורש, אז דער דאזיגיר רבי האט מיט זיין פסק גימיינט און זאגט:

מאי קסבר רבי אליעזר אי קסבר ג׳ משמרות הוי הלילה לימא עד ארבע שעות ואי קסבר ארבע משמרות הוי הלילה לימא עד שלש שעות לעולם קסבר שלש משמרות הוי הלילה והא קמ״ל איכא משמרות ברקיע ואיכא משמרות בארעא דתניא וכו׳:

„וויא האלט ר׳ אליעזר? האלט ער אנדירש, אז דיא נאכט איז פון דרייא משמרות (אבטהיילונגין), דען לאז ער זאגין ביז פיר שעות, האלט ער אביר אז דיא נאכט איז פיר משמרות (אבטהיילונגין) דען לאז ער זאגין, ביז דרייא שעות. (ענטווירט דיא גמרא:) לעולם טאקי ער האלט אז דיא נאכט איז אין דרייא משמרות (אבטהיילונגין), און ער לאזט אונס דאס הערין, אז עס איז פערהאנדין משמרות (אבטהיילונגין) אין הימיל, און עס איז פערהאנדין משמרות (אבטהיילונגין) אויף דער ערד, ווארין מיר לערנין אין דער ברייתא וכו׳.“ און דירויף קומט דיא שטעלי וואס דערינין ווערד גיזאגט, אז גאטט ברומט וויא איין לייב אין איטליכין משמר. מאן קאן דאריבער ניט ביהויפטין, אז דער משמר איז דא בילדליך אודיר על פי סוד צו פערשטעהין, ווייל עס ווערד אויס דריקליך גיזאגט, אז אין הימיל זענין אויך משמרים פערהאנדין וויא אויף דער ערד, און ווייל עס בישעפטיגט זיך אויך דא דיא גאנצי פראג פון דער גמרא מיט דער ווירקליכי איינטהיילונג פון דער צייט, איז דער גוף פון דיא לערנונג וואס ווייטיר שטעהיט אויך אזו צו פער שטעהין ניט צווייא דייטיג. נאך דער ביהויפטונג, אז גאטט ברומט וויא איין לייב אין איטליכין משמר, גיבט ר׳ אליעזר בישיינפירליך דיא סמנים אן, דורך וועלכי מאן זאל דעם משמר אפילו אין דער פינסטיר דער קענין:

וסימן לדבר משמרה ראשונה חמור נוער שניה כלבים צועקים שלישית תינוק יונק משדי אמו ואשה מספרת עם בעלה:

„און דער סימן פון דער זאך איז דער דאזיגיר: אין דעם ערשטין משמר שרייאין דיא עזלין, אין דעם אנדירין בילין דיא הינד, אין דער דריטיר זייגט דאס קינד פון דער מוטטירס ברוסט און דיא פרויא שמועסט זיך

מִיט אִיהר מַאן. „ דָאס דָאזִיגִי אִיז עֶפִינְטְלִיךְ קְלָאר אַיין גִיווִיסִי זַאךְ, װעלְכִי עֶס נֶעמְט אַרוֹיס פוּן אַלִי ספיקות, אַז דִיא גַאנְצִי שְׁטֶעלִי אִיז פְּרַאסְטָא צוּ פֶערְשְׁטֶעהֶין וִויא זִיא אִיז מִיט אִיהרִי אוֹתִיוֹת בִּישְׁרִיבִּין; אוּן װען עֶס װָאלְט נָאךְ יוֹא דֶער קְלֶענְסְטִיר ספק צוּרִיק גִיבְּלִיבִּין, אַזוֹ װֶעט עֶר װַייטִיר אִין דֶער דָאזִיגִיר שְׁטֶעלִי רֶעכְט װֶערִין דוּרְךְ אֵיינִי דֶערְצֵיילְטִי אַנֶעקְדָאטִי (גִישִׁיכְטִי) פוּן דֶעם ר׳ יוסי וָואס הָאט דֶעם אמת זֵייאִיר לִיבּ. עֶר דֶערצֵיילְט, אַז עֶר אִיז אַמָאהל אַרַיין גִיגַאנְגִין מתפלל זַיין אִין אֵיינִיר פוּן דִיא חוּרְבוֹת (פוּסְטְקִים) פוּן ירושלים; בּשעת דֶער תפלה הָאט אליהו הנביא זִיךְ בֶּיוויזִין אִין דֶעם אַרַיין גַאנְג פוּן דֶער חורבה (פוּסְטְקִי), הָאט אָבִּיר גַאנְץ שֵׁיין בכבוד גִיוַוארְט, בִּיז עֶר הָאט דִיא תפלה מסיים גִיוֶועזִין. אוּן דֶער נָאךְ הָאבִּין זֵייא זִיךְ אַיין צַייט לַאנְג גִישְׁמוּהִיכְט, אוּנְטִיר אַנְדִירִי זַאכִין דֶערְצֵיילְט ר׳ יוסי אוֹיךְ דָאס וָואס דָא שְׁטֶעהִיט:

ואמר לי בני מה קול שמעת בחורבה זו ואמרתי לו שמעתי בת קול שמנהמת כיונה ואומרת אוי שהחרבתי את ביתי ושרפתי את היכלי והגלתי את בני לבין האומות ואמר לי חייך וחיי ראשך לא שעה זו בלבד אומרת כך אלא בכל יום ויום שלש פעמים אומרת כך ולא זו בלבד אלא בשעה שישראל נכנסין לבתי כנסיות ולבתי מדרשות ועונין אמן יהא שמיה רבא הקב״ה מנענע ראשו ואומר אשרי המלך שמקלסין אותו בביתו כך מה לו לאב שהגלה את בניו:

„אוּן עֶר (אליהו הנביא) הָאט צוּ מִיר גִיזָאגְט: מַיין זוּן וָואס פַאר אַיין שְׁטִים הָאסְטוּ אִין דֶער חורבה גִיהֶערְט? אוּן אִיךְ הָאבּ צוּ אִיהם גִיזָאגְט: אִיךְ הָאבּ גִיהֶערְט אַיין בת קול וָואס עֶס הָאט גִיפִּיפְּסְט וִויא אֵיינִי טוֹיבּ אוּן הָאט גִיזָאגְט: װֵייא גִישְׁרִיאֵין, וָואס אִיךְ הָאבּ מַיין הויז חרוב גִימַאכְט אוּן אִיךְ הָאבּ מַיין פַּאלַאץ פֶערְבְּרֶענְט אוּן אִיךְ הָאבּ מַיינִי קִינְדִיר פֶער טְרִיבִּין צְווִישִׁין דִיא פֶעלְקִיר! הָאט עֶר צוּ מִיר גִיזָאגְט: אַזוֹ וַואר וִויא דוּא לֶעבְּסְט אוּן וִויא דַיין קָאפְּף לֶעבְּט, נִיט אִין דֶער דָאזִיגִיר שְׁטוּנְד אַלֵיין זָאגְט דִיא שְׁטִים אַזוֹ, נַייאִירְט דְרַייא מָאהל אִין אִיטְלִיכִין טָאג זָאגְט דִיא שְׁטִים אַזוֹ. אוּן גִיט דָאס דָאזִיגִי אַלֵיין, נַייאִירְט אִין דֶער צַייט װען דִיא ישראל גֶעהִין אַרַיין אִין דִיא שוּלִין אוּן אִין דִיא בּתי מדרשים אוּן זֵייא עֶנְטְווֶערִין: „אמן עֶס זָאל זַיין גְרוֹיסִיר נָאמִין גִילוֹיבְּט זַיין!" שָׁאקִילְט הקב״ה מִיט זַיין קָאפְּף אוּן עֶר זָאגְט: וואויל אִיז דֶעם קִינִיג וָואס מַאן לוֹיבְּט אִיהם אַזוֹ אִין זַיין הויז! וָואס הָאט אָבִּיר דֶער פָאטִיר דֶער פוּן וָואס עֶר הָאט זַיינִי קִינְדִיר פֶערְטְרִיבִּין?". „מֵילָא דָא הָאבִּין מִיר דָאס צַייגְנִיש פוּן ר׳ יוסי אַז גָאטְט קְלָאגְט אִין דֶעם אוֹיבִּין בִּישְׁרִיבִּינִים אוֹפֶן, אוּן דִיא

שבועה

שבועה פון אליהו הנביא , אַז דָאס דָאזִיגִי וֶוערְד גִישֶׁעהִין דְרַייא מָאהל אִין טָאג . עֶס אִיז נָאךְ דֶעם נָאךְ קְלָאר , אַז דִיא מחברים פון דֶער גמרא הָאבִּין פון קיין אוֹיס לֶייגוּנְג דוּרְךְ סוֹדוֹת נִיט גִיוְואוּסְט אוּן אוֹיךְ נִיט דָאס הָאבִּין זֵייא מכוון גִיוֶועזִין ; זֵייא הָאבִּין טַאקִיש פְּרָאסְט גִיגְלוֹיבְּט , אַז גָאט הָאט דְרַייא משמרים (נַאכְט אָבְּטְהֵיילוּנְגִין) אוּן בַּייא דֶעם אָנְהֵייבּ פוּן אִיטְלִיכִין , בְּרוּמְט עֶר וִויא אַיין לֵייבּ . וֶוען אָבִּיר דִיא דָאזִיגִי שְׁטֶעלִי מוּז פשוט נָאךְ דִיא אותיות נָאךְ אָנְגִינוּמִין וֶוערִין , וָוארוּם זָאל מַאן דִיא אִיבְּרִיגִי עֶרְטִיר וָואס עֶס שְׁמוּהִיסְט פוּן דִיא אַיין טְהֵיילוּנְג אוּן בִּישֶׁעפְּטִיגוּנְג פוּן דֶעם טָאג אָן נֶעהמִין אַז דָאס וֶוערְד בִּילְדְלִיךְ (דוּרְךְ אַיין דמות אוֹדִיר דמיון) גִימֵיינְט ? דָאס וָואס דָאס אֵיינִי וֶוערְד נָאךְ דֶעם פְּרָאסְטִין פשט פוּן דִיא אותיות דֶער קְלֶערְט גִיבְּט אוּנְס אַיין שְׁטַארְקִין בְּיוַויז אַז דָאס אַנְדִירִי זָאל אוֹיךְ נָאךְ דֶעם פְּרָאסְטִין פשט נָאךְ פֶערְשְׁטַאנְדִין וֶוערִין , אוּן דִיא וָואס פֶערֶענְטְוִוירִין דִיא תורה שבעל פה גִיוִוינִין גִיוִויס גָאר נִישְׁט דוּרְךְ דֶעם , וָואס לֵיינִין דֶעם אֵיינִים אוּנְטִיר אַיין זִינִין פוּן סוֹדוֹת , בשעת זֵייא הַאלְטִין דָאס אַנְדִירִי בַּייא דֶעם פְּרָאסְטִין פשט , וָוארִין דִיא אֵיינִי אִיז נִיט אוּם זִינִיגִיר אוּן אוּם ווירְדִיגִיר פַאר גָאטט אַז וִויא דִיא אַנְדִירִי . קיין זַאךְ גֵייט נִיט אִיבִּיר דֶער נַארִישְׁקַייט , גָאטט אַזוֹ פָאר צוּ שְׁטֶעלְלִין , אַז עֶר הַאלְט דִיא משמרים אוּן בְּרוּמְט וִויא אַיין לֵייבּ פוּן זָארְג דַארִיבִּיר וָואס עֶר הָאט דִיא ישראל אַוֶועק גִישִׁיקְט אִין גלות אַרַיין ; קיין זַאךְ קָאן נִיט מֶעהר אַיין גָאטְטִים לֶעסְטִירוּנְג זַיין , וִויא דִיא בִּיהוֹיפְּטוּנְג , אַז גָאטט זֶעהִיט פָאר אוֹיס וָואס עֶס וֶועט אַרוֹיס קוּמִין פוּן זַיינִי אֵייגִינִי מעשים וָואס עֶר טְהוּט אוּן שְׁפֶּעטִיר אִיז עֶר גִיצְוואוּנְגִין , זִיךְ אַנִידִיר צוּ זֶעצִין אוּן אִיבִּיר דֶעם צוּ טְרוֹיאִירִין , וָואס עֶר הָאט גִיטְהוּן . דִיא דָאזִיגִי אֵיינְצִיגִי שְׁטֶעלִי , וָואס לָאזְט זִיךְ אִיצוּנְד נִיט פוּן דִיא אוֹיגִין אַוֶועק לֵייגִין , אִיז שׁוֹין גִינוּג , אוּם צוּ וַוייזִין , אַז דִיא רבנים הָאבִּין גָאר נִיט גִיוְואוּסְט פוּן דֶער נַאטוּר פוּן גָאטט , אוּן אַז אפילו ווִיא זֵייעֶר זֵייא הָאבִּין גִימֶעגְט מִיט דִיא אותיות פוּן דֶער תורה אוּן דִיא נביאים בִּיקָאנְט זַיין , הָאבִּין זֵייא דָאךְ דֶעם וַואהרִין זִינִין פוּן דֶער דָאזִיגִיר שְׁרִיפְט נִיט פֶער שְׁטַאנְדִין . דָאס דָאזִיגִי אֵיינִי אִיבִּיר מָאס פוּן נַארִישְׁקַייט אוּן אוּם זִינִין טְרֶעפְּט אִיבִּיר זֵייאִיר וַוייט , אַלִי דרשות אוּן אַלִי גדלות פוּן דֶער תורה שבעל פה , אִין ווֶעלְכִיר דָאס אִיז נבלל .

עֶס אִיז אָבִּיר דָאךְ נָאךְ אַיין אַנְדִירִיר פוּנְקְט אִין דֶער דָאזִיגִיר שְׁטֶעלִי וָואס מִיר דַארְפִין נִיט אִיבִּיר גֶעהִין מִיט שְׁטִיל שְׁוַוייגִין , אוּן דָאס

אין

אִיז דִיא נִיט בְּיאַכְטוּנְג אוֹיף דֶער וַוארְהַייט, דִיא וָואס עֶנְטְפְּלֶעקְט זִיךְ דֶערִינְין. דִיא דֶערְצֶיילוּנְג פוּן ר׳ יוסי אִיז אַיין מוּטְהְוִילִיגִיר, אוּן אוּם פֶּערְשֶׁעמְטִיר לִיגִין, וֶוען מִיר וִוילִין נִיט זָאגִין. אַז בשעת עֶר אִיז אִין דֶער חורבה אַרַיין גִיגַאנְגִין, מתפלל צוּ זַיין, אִיז עֶר אַרַיין גִיפַאלִין אִין אַיין שְׁלָאף אוּן עֶר הָאט אַיין חלום גִיהַאט אַיין בת קול צוּ הֶערִין אוּן יֶענִי אוּנְטֶיר רֶיידוּנְג מִיט אליהו הנביא צוּ הָאבִּין; בֵּיידִי אוֹפנים אָבִּיר מוּזִין אוֹיף אֵיין גְלַייבִין אוֹפֶן דִיא גְלוֹיבִּינְהַאפְטִיגְקַייט פוּן דֶער גמרא צוּ נִישְׁט מַאכִין. וָוארִין ממה נפשך, אִיז דִיא דֶערְצֶיילוּנְג אַיין לִיגִין, אַזוֹ אִיז עֶס אֵיינִי פוּן דִיא אָרְדִינֶערְסְטִי אוּן שְׁלֶעכְסְטִי, וָואס מַאן קָאן זִיךְ נוּר דֶענְקִין. מִיר הָאבִּין דָא אֵיינִין עֶפִּינְטְלִיכִין לֶעהְרִיר פוּן דער תורה פַאר אוּנְס, דֶער וָואס דֶערְצֵיילְט אוּנְס נִיט נוּר אַיין אוּם וַוארְהַייט פוּן דָאס שְׁמוּהִיסִין מִיט אליהו הנביא, בַּייאִירְט עֶר דֶער וֶועגְט זִיךְ, פַאלְשׁ צוּ בִּיהוֹיפְּטִין, אַז עֶר הָאט גִיהֶערְט דִיא שְׁטִים פוּן גָאטט טְרוֹיאִירְט אִיבִּיר דֶעם וָואס דֶער בית המקדש אִיז חרוב גִיוָוארִין. דֶער לִיגִין וָואס עֶר אִיז דֶר עֶרְגְסְטִיר אוּן וָואס עֶר אִיז דִיא גְרֶעסְטִי רשעות, דֶער וָואס קָאן נוּר אוֹיס גִיטְרַאכְט וֶוערִין, אִיז דֶער, וֶועלְכִיר עֶס צִיהט גָאטט זֶעלְבִּירְט אִין זַיין פֶּערְוֶועבּוּנְג אוּן טְרַייבְּט זַיין שְׁפִּיל מִיט זַיין הֵיילִיגִיר מדה. מֵילָא וֶוען דִיא דָאזִיגִי דֶער צֵיילוּנְג אִיז אַיין לִיגִין. אַזוֹ שְׁטִירְצְט זִיא דֶעם תלמוד (גמרא) אוּן דֶעם תלמוּדִישִׁין גְלוֹיבִּין מִיט אֵיין מָאהל אִיבִּירִין הוֹיפִין. אַיין אמונה דִיא וָואס אִיז אוֹיף פַאלְשְׁקַייט גִיגְרוּנְדִיט, מוּז גַאנְץ גִיווִיס זֶעלְבִּירְט פַאלְשׁ זַיין. וֶוען אָבִּיר דִיא אָן גֶעהמוּנְג וֶוערְד פֶּעסְט גִיהַאלְטִין, אַז ר׳ יוסי הָאט בטעות אַיין הלום פַאר אמת גִיהַאלְטִין, וָואס זָאלִין מִיר דֶען אִין אַזוֹ אַיין אוֹפֶן פוּן אַיין אמונה הַאלְטִין, וָואס אִיהרִי לֶעהרִיר גִיבִּין אוֹיס זֵייאִירִי חלומות פַאר הֵיילִיגִי וַוארְהַייטִין? אוּן וָואס זָאלִין מִיר הַאלְטִין פוּן דִיא וָואס הָאבִּין דֶעם תלמוד צוּ זַאמִין גִיבְּרַאכְט, דִיא וָואס הָאבִּין נִיט גִיטוֹיגְט דִיא נַארִישְׁקַייט אוּן דִיא רשעות פוּן דֶער דָאזִיגִיר דֶער צֵיילוּנְג צוּ אַנְטְפְּלֶעקִין, אוּן דִיא וָואס הָאבִּין דָאס אוֹיף גִינוּמִין אִין זֵייאִיר תורה שבעל פה פַאר אַיין אמתי ווירְקְלִיכִי מעשה וָואס עֶס אִיז דֶערִינִין גָאר נִיט מסופק צוּ זַיין? דִיא דָאזִיגִי אָן גֶעהמוּנְג קָאן וואוּיל ר׳ יוסי בִּישִׁיצִין פַאר דֶעם אוּמְגְלִיקְלִיכִין צוּ נָאמִין לִיגְנִיר, אָבִּיר אוּם דִיא וַוארְהַייט פוּן דֶער תורה שבעל פה צוּ בִּיוַוייזִין, פֶּערְמֶעגְט זִיא נוּר זֵייאִיר וֶועניג; וָוארִין דָא אִיז דִיא דֶערְצֵיילוּנְג נִיט אַז וִויא אַיין חלום בַּייאִירְט אַז וִויא אַיין ווירְקְלִיכִי גִיוִויסִי זַאךְ גִיבְּרַאכְט. ר׳ יוסי אִיז גִינוּג אַיין פתי גִיוֶועזִין זַיין

חלום

חלום פֿאר אַיין ווירקְלִיכְקַייט צוּ דֶערצֵיילִין ; דיא רבנים פֿאר וֶועלְכִי עֶר הָאט דֶערצֵיילְט , זֶענִין גינוּגִינִי פתאים גִיוֶועזִין , אִיהם צוּ גְלוֹיבִּין , אוּן דִיא גִילֶערִינְסְטִי גמרא גְלוֹבִּירְם פוּן יֶענִיר צַייט זֶענִין גינוּגִינִי פתאים גִיוֶועזִין אִיהם צוּ מַאכִין פַֿאר אֵיינְס מִיט זֵייאִיר צוּ זַאמִין קְלֵייבּוּנְג פוּן הֵיילִיגִי אוּן גִיווִיסִי זַאכִין וָואס זֵייא לִיוֶוערִין אִיבִּיר אֵיינִיר צוּם אַנְדִירִין (קבלה איש מפי איש) . דִיא נַייאִי מָאדִישִׁי יוּדִין דֶערְקֵייגִין זָאגִין אוּנְס אַז דִיא גמרא אִיז אַיין גֶעטְלִיכִיר ספר אַז אִין אִים אִיז פֶֿער הַאנְדִין זֵייאִיר אמונה אוּן אַז אָן אִיהם קָאן מַאן דִיא תורת משה אוּן דִיא נביאים נִיט פֶֿער שְׁטֶעהִין , אוּן דַארוּם נוּר בְּרֶענְגִין מִיר אַהֶער דִיא דָאזִיגִי אוֹיס גִיטְרַאכְטִי לִיגִינְס, דִיא וָואס בְּוַוייזִין בפירוש דֶעם שקר פוּן דֶער דָאזִיגִיר בִּיהוֹיפְּטוּנְג. מִיר ווִינְשִׁין אַהִין צוּ לֶענְקִין דִיא בִּימֶערְקוּנְג פוּן דִיא יוּדִין אוֹיף דֶעם גַאנְצִין צוּ זַאמִין הַאנְג , וֶועלְכִים זֵייא הָאבִּין אִין דִיא לֶעצְטִי אַכְטְצֶעהִין הוּנְדִירְט יָאהר גִיהַאלְטִין פַֿאר זֵייאִיר אמונה אוּן הָאבִּין עֶס פַֿאר בֶּעסִיר גִיהַאלְטִין ווִיא דָאס קְרִיסְטִינְטֶהוּם . מִיר ווִינְשִׁין הלוואי זָאלִין זֵייא דָאס אָבּ וֶועגִין , וָואס זֵייא הָאבִּין דֶער מִיט גִיוואוּנִין , וָואס זֵייא הָאבִּין דָאס הוֹיז פוּן לוי פוּן לֶעהְרִיר אַמְט פֶֿערְטְרִיבִּין אוּן הָאבִּין זִיךְ אוֹיס דֶערְוֵויילְט דִיא רבנים אַז זֵייא זָאלִין זַיין דִיא אמונה לֶעהְרִירְס. מִיר פְֿרֶעגִין אִיטְלִיכִין פֶֿערְשְׁטֶענְדִיגִין פוּן ישראל , אוֹיבּ ר׳ יוסי אוּן זַיינִי חברים זֶענִין גִיוֶועזִין אַזֶעלְכִי וָואס מַאן זָאל זִיךְ קֶענִין אוֹיף זֵייא פֶֿערְלָאזִין אַז זֵייא זָאלִין זַיין דִיא פִיהְרִיר אוֹיף דֶעם וֶועג צוּם הֵייל , אוּן אוֹיבּ עֶר אִיז נָאךְ וַוייטִיר אָנְגִיבְּרֵייט אָנְגִיהַאנְגִין צוּ זַיין דֶער אמונה פוּן אַזוֹ אַיין מַאן , דֶער וָואס קָאן נוּר דֶער דוּרְךְ פוּן דִיא מדות פוּן אַיין לִיגְנִיר פְֿרַייא גִישְׁפְּרָאכִין וֶוערִין , אַז עֶר אִיז מודה , אַז עֶר אִיז אַיין בעל הלומות – אוֹדִיר אוֹיבּ עֶר ווִיל נָאךְ וַוייטִיר מתפלל זַיין צוּ דִיא גָאטְהַייט , דִיא וָואס זִיא אִיז פוּן דִיא רבנים פַֿאר אַזוֹ אֵיינִי אוֹיס גִיגֶעבִּין גִיוָוארִין , אַיין גָאטְטְהַייט , וָואס אִיז דִיא טְרַאפּוּנְקֶעם פוּן דֶער צַייט (מקרה הזמן) אוּנְטִיר גִיוָוארְפִין אוּן אִין דֶער קֶענְטִינִיש אַזוֹ נִיט פוּלְקוֹמִין , עֶר דַארְף אַלִי טָאג לֶערְנִין ; אוּן וַוייטִיר , וַוייל עֶר אִיז בִּידֶערְפְטִיג זִיךְ אָבּ צוּ רוּהִין אוּן פֶֿערְגִינִיגִין צוּ הָאבִּין , שְׁפִּילְט עֶר זִיךְ אַלִי טָאג דְרַייא שעה מִיט דֶעם לויתן ; דֶער וָואס אִיז צוּם סוֹף אַזוֹ זֵייאִיר אוּנְטִיר גִיוָוארְפִין דֶער פֶֿערֶענְדִירְלִיכְקַייט , אַז עֶר מוּז דִיא נַאכְט דֶער צוּ אָנְוֶוענְדִין , אוּם צוּ טְרוֹאִירִין אִיבִּיר זַיינִי אִיבִּיר גִילֵייגְטִיסְטִי אוּן עֶרִינְסְטְלִיכְסְטִי מעשים . מִיר וֵוייסִין גִיווִיס , אַז אִיטְלִיכִיר ישראל וֶועט זִיךְ שְׁוֶוער בִּילֵיידִיגְט גִיפִינִין , וֶוען מַאן וָואלְט אִיהם זָאגִין , אַז עֶר אִיז נִיט

מתפלל

מתפלל צו דעם גאָטט פון זײַנע אבות, נײאָרט צו אײן פרעמדען, אויס געטראַכטען גאָטט פון דער אײן בילדונגס קראַפט (כח המדמה) פון דיא רבנים, אונ פון דעסט וועגען, איז דאָס דאָזיגע ווען ער איז מתפלל צו דעם גאָטט פון דער גמ״א, װײטער נישט וויא דער אמת; דער גאָטט פון דער גמרא איז געוויס ניט דער גאָטט פון דער היילינער שריפט. דיא ישראל האָבען אָפט אײן שטרויכלונג געהאַט אָן דער נאַרישקײט אונ רשעות פון דיא, וואס זייא האָבען געזעהען פאר האָלץ בלעקעצין אונ פאַר שטײן אַנדער קניאין, אונ פון דעסט וועגען איז דיא זאַך וואָס זייא זעגען דער צו מתפלל, ווען זייא נעמען דיא תורה שבעל פה אָן, אונ גלויבען אָן איינע גאָטטהײט דיא וואָס שפּילט מיט דעם לויתן, אונ אַזו װײטער א׳ ז׳ וו׳ ניט אין גרינגסטען פערשטענדיגער. זייא זעגען אויך אַזו וויא יענע פערשוּלדיגט פאַר אבגעטירייא, און דער איינציגער וועג, אויף וועלכען זייא קענען זיך פון דער דאָזיגער שולד ריינינען, איז דער, אַז זייא זאָלען דיא תורה שבעל פה פערוואַרפען און דעם נאַרישען גלויבען אָב זאָגען, דעם וואס דיא רבנים האָבען אויף זייא אַרויף געוואָרפען, אַז וויא דאָס וואָלט געוועזען דיא אמונה פון זייערע אבות. עס איז ווערט צו בּיקלאָגען, עס איז אַיין טרויריגער אַנבּליק, דיא דאָזיגע אומה, וועלכע עס איז אַמאָהל געוועזען דיא איינציגע וואס האָט דיא וואַרהייט אויף ביוואַרט, צו זעהען אונטער דעם יאָך פון אַזו אַיין אום זיניגען דת אמונה; אָבער נאָך מרויאַריגער איז דיא זאַך, אַז עס איז ניט פערהאַנדען איינער פון זייערע קינדער, וואָס ער זאָל דיא מאָראַלישע קראַפט (מדות המוסר) אין זיך האָבען, דיא אום וואַרהייט פון דאָס זעלביגע צו פערלאָזען אונ דיא וואַרהייט, וויא משה האָט זיא געלערענט צו ביהויפּטען. דיא כהנים. דיא בּני לוי, זענען אַמאָהל געוועזען דיא שטרייטער פאַר דעם כבוד פון גאָטט, אונ האָבען זיך מיט משה פער אייניגט אום דעם גאָלדענען קאַלב (עגל) צו פערבּארבען: אָבער וואו זענען זייא איצונד אונ וואו איז זייער קנאה? ליידער מאַן געפינט אויך זייא אונטער דיא אַנבעטער פון דער תלמודישער גאָטטהײט אונ מאַן זעהט זייא אַזו אונטער שטיצען דאָס צו זאַמען האַנג, דאָס וואָס האָט זייא פערטריבען פון זייער היילינען אַמט!—



# נתיבות עולם

## עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז

### דיא אלטי שטעגין.

---

### נומר מ״ב

---

דָאס אַז דָאס פָאלְק, וָועלְכֶי עֶס אִיז אִיצוּנְד אִיבֶּער דֶער גַאנְצֶיר עֶרְד צוּ שְׁפְּרֵייט אוּן אִיז אוּנְטֶער דֶעם נָאמֶין יוּדִין בִּיקַאנְט, שְׁטַאמְין אַרוֹיס פוּן דֶעם אויסְדֶערְוֶוייְלְטִין פָאלְק פוּן גָאט, זֶענִין מִיר גֶערִין מוֹדה: דָאס אַז דִיא נבוּאוֹת פוּן אַלְטִין טֶעסְטַאמֶענְט (תּוֹרה, נביאים, אוּן כתובים) שְׁמוּהִיסְט פוּן דֶעם וָואס זֵייא וֶועלִין אַמָאהל צוּרִיק קֶעהְרִין צוּ דֶעם גָאטט אִין דָאס לַאנְד פוּן זֵייאִירִי אבות, אוּן פוּן דֶעם וָואס זֵייא וֶועלִין דֶער נָאךְ זַיין אִין גְלִיקְזֶעלִיגְקַייט אוּן הֶערְלִיכְקַייט, גְלוֹיבִּין מִיר בִּישְׁטִימְט; דָאס אָבִּיר אַז דִיא אמוּנה, צוּ דֶעם וָואס זֵייא בִּיקֶענִין זִיךְ אִיצוּנְד, זָאל זַיין דִיא אמוּנה פוּן משה, לֵייקִינִין מִיר מִיט זִיכִירְהַייט. דָאס נַייאִי מָאדִישִׁי יוּדִישְׁקַייט הָאט דִיא לֶערְנוּנְג פוּן משה בַּייא זִיךְ נִיט בִּיהַאלְטִין, נִיט אַמָאהל דִיא לֶערְנוּנְג וָואס זִיא אִיז דֶער הוֹיפְּט אַרְטִיקִיל פוּן דֶער אמוּנה, פוּן דֶעם וֶועזִין (מהות) פוּן גָאטט. אִין דֶעם לֶעצְטִין נוּמֶער הָאבִּין מִיר גִיוִויזִין, וִויא וַוייט דִיא רבנים זֶענִין פֶערְקְרָאבִין אִין דֶער פָארְשְׁטֶעלוּנְג דִיא מדות פוּן גָאטט, אוּן אִין דֶעם נוּמֶער וָואס פַאר דֶעם לֶעצְטִין הָאבִּין מִיר גִיוִויזִין, אַז דִיא יוּדִין הָאבִּין נִיט אַמָאהל דִיא אוֹיסְוֵוייניגְסְטִי פָארְמִי פוּן דֶעם לֶערְנוּנְג גִיבַּייא פוּן משה בַּייא זִיךְ בִּיהַאלְטִין. באמת וֵוייסִין מִיר פוּן קֵיין שאלה נִיט וָואס עֶס זָאל שְׁוֶוערִיר זַיין צוּ פֶערְעֶנְטְוָוערִין, וִויא דָאס, אֵיין טעם דִירוֹיף צוּ גֶעבִּין, וָוארוּם גִיבִּין דִיא רַבָּנִישִׁי יוּדִין אִיבִּיר הוֹיפְּט פָאר אַז זֵייא מֵיינִין נָאךְ עֶפִּיס פַאר משה אֵיין אַכְטוּנְג צוּ הָאבִּין, וֶוען זֵייא הָאבִּין אַזוֹ גוּט דֶעם ענין וִויא דִיא פָארְמִי פוּן זַיין לֶערְנוּנְג פֶערְוָוארְפִין. וֶוען זֵייא וָואלְטִין זַיין מַאכְט אוּן גִיוַואלְט דְרַייסְט אָבּ לֵייקִינִין, אוֹדִיר וֶוען זֵייא וָואלְטִין בִּיהוֹיפְּטִיט, אַז דִיא תורת משה הָאט שוֹין לַאנְג אוֹיף גִיהֶערְט אוּן אוֹיף אִיהר שְׁטֶעל אִיז אָנְגִיקוּמִין דִיא רַבָּנִישִׁי לֶערְנוּנְג. אַזוֹ וָואלְטִין מִיר זֵייא וֵוייניגְסְטִינְס דֶעם פֶערְדִינְסְט פוּן דֶר פעולה אַוֶועק גֶעבִּין;

אביר

אָבִיר אִיצְט קֶענִין מִיר אוּם מִיגְלִיךְ דֶעם טעם דֶער רָאטִין פַּאר וָואס זַייא בִּיהוּיפְּטִין צוּ הָאבִּין אַיין אָנְהֶענְגְלִיכְקַייט אָן דֶעם גִיזֶעץ גֶעבִּיר (מחוקק) פוּן זַייאִירִי אבות. דֶער שְׁטֵייגִיר פוּן זַייאִירִי מעשים פוּן צַייט פִיל יָאהְרִין שַׁיינְט דִיא בִּישְׁטִימְטִי כוונה אָנְצוּווַייזִין, זִיךְ פוּן אַלִים, וָואס פוּן תורת משה אִיז, לוֹיז צוּ זָאגִין אוּן פוּן וַוייטִין צוּ הַאלְטִין, אוּן דָאס נוּר כדי עֶפִּים אַנְדִירְס צוּ הָאבִּין. וָוארִין קַיינִיר קָאן נִיט בִּיהוּיפְּטִין, אַז דִיא נַייאִי תורה אוּן דִיא נַייאִירִי לֶעהְרִיר, וָואס זַייא הָאבִּין זִיךְ בּוֹחר גִיוֶועזִין קֶענִין עֶרְגִינְץ רֶעכְנִין אוֹיף גְרֶעסִירִי ישרנות אוֹדִיר הֶעכִירִיכִ עֶלְטִירְקַייט. פוּן דֶעם וֶוערְט פוּן דֶער רַבָּנִישִׁיר לֶעהְרוּנְג הָאבִּין מִיר שׁוֹין מֶעהְרִירִי בִּיוַוייז גִיגֶעבִּין; אִיצוּנְד ווִילִין מִיר אַבִּיסִיל דִיא נַייהַייט פוּן דֶעם רַבָּנִישִׁין אָרְדֶן (דִיא רַבָּנִישִׁי חברה) פְּרוּבִין. עֶס אִיז גִיווִיס, אַז דָאס וָוארְט „רבי" קוּמְט גִיט אִין תורת משה אוּן נִיט אִין דִיא נביאים אַפָּאר, דַארִיבִּיר אִיז עֶס בִּישַׁיינְפִּירְלִיךְ נִיט נָאךְ תורת משה. דִיא דָאזִיגִי אֵיינְצִיגִי זַאךְ פֶּערְמָאגְט דִיא מַאכְט אוּן גְוַואלְד פוּן דָאס נַייאִירִי יוּדִישְׁקַייט אוּן דֶער תורה שבעל פה צוּ דֶער צִיטִירִין. מִיר קֶענִין אִין דִיא דָאזִיגִי לֶעצְטִירִי צַייט נִיט אַיין טְרִיט טְהוּן אָן דֶעם, פוּן דִיא רבנים נִיט צוּ הֶערִין. ר ב י א ל י ע ז ר זָאגְט דָאס דָאזִיגִי אוּן רבה בר בר ח נ א זָאגְט דָאס יֶענִיגִי; דִיא גַאנְצִי תורה שבעל פה אִיז פוּן דִיא גִישְׁפְּרֶעכִין פוּן דִיא רבנים צוּ זַאמִין גִיזֶעצְט, אוּן פוּן דֶעסְט וֶועגִין אִיז נִיט זַייאִיר נָאמִין. אוּן נִיט זַייאִיר חברה אוּנְזִירִין לֶעהְרִיר משה אפילו נִיט אִין גְרִינְגְסְטִין בִּיקַאנְט גִיוֶועזִין. דֶער אַנְדִירִיר לִיבְּלִיכִיר נָאמִין פוּן דִיא גִילֶערִינְטִי פוּן דֶער גמרא, חכם אוֹדִיר קְלוּגִיר, קוּמְט באמת פָאר, אוּן עֶס גִייכְט אַרוֹים פוּן דִיא נביאים, אַז עֶס אִיז אִין זַייאִירִי צַייטִין אוֹיךְ אֵיינִיגִי גִיוֶועזִין, וֶועלְכִי עֶס הָאבִּין בפירוש אוֹיף דֶעם בַייא נָאמִין אַנְשְׁפְּרֶעכוּנְג גִימַאכְט. אוּמְגְלִיקְלִיכִיר וַוייזִי אָבִּיר בְּרֵיינְגִין דִיא נביאים גָאר דִיא זֶעלְבִּיגִי בִּישׁוּלְדִיגוּנְג אַקֶיגִין זַייא פָאר, דִיא וָואס מִיר בְּרֵיינְגִין אַקֶיגִין זַייאִירִי נָאךְ גֵייהִירְס, אוּן דָאס אִיז, וָואס זַייא הָאבִּין דִיא תורת משה פֶערְלָאזִין. אַזוֹ זָאגְט י ר מ י ה ו  ה נ ב י א:

איכה תאמרו חכמים אנחנו ותורת יהוה אתנו אכן הנה לשקר עשה עט שקר ספרים: הובישו חכמים חתו וילכדו הנה בדבר יהוה מאסו והכמת מה להם:

„וִויא זָאלְט אִיהר דֶען זָאגִין: מִיר זֶענִין חכמים, אוּן דִיא לֶערְנוּנְג פוּן יהוה אִיז מִיט אוּנְס? פַאר וָואהר נוּן פַאלְשְׁקַייט הָאט גִימַאכְט דִיא פַאלְשִׁי פֶעדִיר פוּן דִיא שְׁרִיפְט גִילֶערִינְטִי, דְרוּם מוּזִין אַזֶעלְכִי חכמים פֶערְשֶׁעמְט

דער

דֶער שְׁפְּרָאכְקֶען און בִּיצְווּאוּנְגִין וֶוערִין, נוּן, דֶעם נָאוֹרְט פוּן יהוה הָאבִּין זֵייא פֶער אוּמְווִירְדִיגְט, וָואס פַאר אַיין חכמה אִיז צוּ זֵייא? (ירמיה ח׳, פסוק ח׳–ט׳) דִיא רבנים וֶועלִין שְׁוֶוערְלִיךְ מודה זַיין, אַז זֵייא זֶענִין נָאךְ גִיגַאנְגִין דִיא דָאזִיגֶע מֶענְשִׁין אִין זֵייאִיר אַמְט, און דֶען וֶוען זֵייא זֶענִין זִיךְ מיאש פוּן אַזֶעלְכֶע שְׁטֶעלִין, מוּזִין זֵייא דִיא אַלְטֶע צַייט אָבְזָאגִין אַז זֵייא גִיהֶערִין דֶער צוּ נִיט. באמת זֶענִין אוֹיךְ אַנְדֶערֶע עֶפִּינְטְלִיךְ מודה אַז דִיא רבנים זֶענִין אַיין נַייעֶ בַּאטוּנְג פוּן מֶענְשִׁין, און אַז מַאן הָאט דֶעם וָוארְט „רבי" נִיט גִיהֶערְט פְרִיהִיר אַז ווִיא הוּנְדֶערְט יָאהר פַאר חורבן בית שני, אַזוֹ זָאגְט דֶער בעל ערוךְ:

והדורות הראשונים שהיו גדולים מאד לא היו צריכין לרברבם לא ברבן ולא ברבי ולא ברב לא לחכמי בבל ולא לחכמי ארץ ישראל שהרי הלל עלה מבבל ולא נאמרה רבנות בשמו וכנביאים היו חשובים ואמר חגי הנביא. לא עלה עזרא מבבל. ואין מרברבין אותן עם הזכרת שמותיהן ולא שמענו כי התחילו זו אלא בנשיאים מרבן גמליאל הזקן ורבן שמעון בנו שנהרג בחורבן בית שני ורבן יוחנן בן זכאי כולן נשיאים ואף רבי התחיל מסמוכים מאותה שעה ר׳ צדוק ורבי אליעזר בן יעקב ופשט הדבר מתלמידי רבן יוחנן בן זכאי ולהלן:

„און דִיא עֶרְשְׁטֶע דורות וָואס זֵייא זֶענִין זֵייאִיר גְרוֹיס גִיוֶועזִין, הָאבִּין זֵייא זִיךְ נִיט גִידַארְפְט רֶעבְּלִין: נִיט מִיט דֶעם נָאמִין רבן און נִיט מִיט רבי און נִיט מִיט רב, אוּם דִיא חכמים פוּן בבל אוֹדֶער דִיא חכמים פוּן ארץ ישראל דֶער מִיט כבוד אָן צוּ טָהוּן: וָוארִין הלל אִיז פוּן בבל אוֹיף גִיגַאנְגִין און מַאן הָאט דֶעם טִיטֶעל רַבִּי צוּ זַיין נָאמִין נִיט צוּ גִילֶייגְט, און אַזוֹ ווִיא דִיא נביאים זֶענִין דָאךְ גִיוֶועזִין חשובי מֶענְשִׁין, און עֶס שְׁטֶייט „חגי הנביא:" „עזרא אִיז פוּן בבל נִיט אוֹיף גִיגַאנְגִין" און מַאן לֶייגְט דֶעם טִיטֶעל רבי נִיט צוּ, וֶוען מַאן דֶערְמָאנְט זֵייאִיר נָאמִין. און מִיר הָאבִּין נִיט גִיהֶערְט, אַז מַאן זָאל דֶער מִיט (מִיט דֶעם נָאמִין רבן צוּ בִּיטִיטְלֶען) אָנְהֵייבִּין, נוּר פוּן דִיא נשיאים, פוּן רבן גמליאל הזקן און רבן שמעון זַיין זוּן, וָואס עֶר אִיז בַּייא חורבן בית שני גִיהַרְגִית גִיוָוארִין און רבן יוחנן בן זכאי וָואס זֵייא אַלֶע זֶענִין נשיאים גִיוֶועזִין. און אוֹיךְ רבי הָאט זִיךְ אָנְגִיהוֹיבִּין בַּייא דִיא דָאזִיגֶע וָואס מַאן הָאט זֵייא אִין דֶער זֶעלְבִּיגֶער צַייט סמיכה גִיגֶעבִּין ר׳ צדוק און רבי אליעזר דֶער זוּן פוּן יעקב, און דִיא זַאךְ הָאט זִיךְ אָנְגִיהוֹיבִּין צוּ צִיהֶען פוּן דִיא תלמידים פוּן רבן יוחנן בן זכאי און וַוייטֶער." (ערוךְ אִין אביי) מִילָא מִיר דַארְפִין אוּנְס נִיט ווְאוּנְדֶערִין, וָואס משה הָאט פוּן דִיא רבנים

ניט געוואוקסט, ווייל מיר האבין דא איין אפינים בעקענטניש, אז דער דאזיגער נאמין איז קיין מאהל ניט געהערט געווארין ביז פאר איניגע יאהר פאר דעם חורבן פון לעצטין בית המקדש. מאן וואלט דאך געקענט זאגין, אז דאס אמט זעלבירט איז רעכט בישטאנדין אויב אפילו דער נאמין איז נאך גאר ניט געוועזין, און דאס איז טאקיש דיא ביהויפטונג פון רמב״ם, ווייל ער זאגט:

ומשה רבינו סמך יהושע ביד שנא׳ ויסמוך את ידיו עליו ויצוהו. וכן השבעים זקנים משה רבינו סמכם ושרתה עליהן שכינה. ואותן הזקנים סמכו לאחרים ואחרים לאחרים. ונמצאו הסומכין איש מפי איש עד בית דינו של יהושע ועד בית דינו של משה רבינו:

„און משה רבינו האט סומך געוועזין יהושע מיט דיא הענד; ווארין עס שטייט: „און ער האט געלייגט זיינע הענד אויף איהם, און ער האט איהם געבאטין.“ (במדבר כ״ז, פסוק כ״ג) און אויך אזו איז עס געוועזין מיט דיא זיבעציג עלטיסטע (זקנים), משה רבינו האט זייא סומך געוועזין (ער האט זייא סמיכה געגעבין) און דיא שכינה האט אויף זייא גערוהט; דיא זקנים האבין ווידיר אנדירע סומך געוועזין, און דיא אנדירע ווידיר אנדירע, און אזו האבין מיר דיא וואס האבין סמיכה גיהאט איינער פון דעם אנדירין, ביז דעם בית דין פון יהושע און ביז דעם בית דין פון משה רבינו.“ (הלכות סנהדרין פרק ד׳, משנה א׳) און אזו זאגט ער אונס אויך, אז „דוד המלך האט סומך געוועזין דרייסיג טויזינד מענשין אין איין טאג: „ודוד המלך סמך שלשים אלף ביום אחד נאך דער דאזיגער ביהויפטונג נאך, וועט עס אזו שיינין, אז עס איז אין איטליכער צייט געוועזין איין קלאססע מענשין וואס זייא זענין בישטימט געוועזין פאר מלמדים און ריכטיר (שופטים) און אחוץ דעם נאך איין קלאססע פון אין רעכט גרויסע צאהל פון דער צייט פון משה. נור עס איז זייאיר איין זעלטינהייט, אז זייאיר אמט זאל האבין גידויערט דורך פונפצעהין הונדירט יאהר אן איין נאמין צו ביקומין, און אז דאס פאלק זאל קיין מאהל ניט האבין גיפיהלט דיא ניט גוטיגקייט דער פון אודיר זאלין דאס זעלביגע ניט אב גיהאלפין האבין ביז אין דיא ווייניגע זייאירע לעצטע יאהרין; צום זעלטינסטין אביר איז עס, אז אזו איין אזוי גיברייטיטע און וואזזנע חברשאפט זאל ניט איין איינציגין מאהל דערמאנט ווערין אין דער תורה און אין דיא נביאים. דאס לאנד מוז זיין פול איבער גישוואומין געוועזין פון זייא; ווארין שוין דרייסיג טויזינד זענין גיווארין אויף דיא ביפעלקירונג

פון

פון ארץ ישראל אַיין זֵייאִיר שְׁטַארֶקֶעס פֶערְהֶעלְטְנִיס ; דוד אָבִּיר הָאט דִיא דָאזִיגִי אָנְצָאהל פַארְשַׁאפְט אִין אֵיין טָאג , און מִיר קֶענִין נִיט גְלויבִּין , אַז עֶר זָאל דָאס דָאזִיגִי רֶעכְט , נוּר אֵיין מָאהל אִין זַיינִים לֶעבִּין טָהוּן , און אויךְ אַז אַלִי אִיבְּרִיגִי לוֹמדים זָאלִין הָאבִּין פֶערְזוימְט דֶעם חיוב פון תלמידים אויף צו שְׁטֶעלִין , וַוייל דִיא תּורה שבעל פה זָאגְט אוּנְס דָאךְ , אַז פַאר דֶער צַייט פון הלל הָאט אִיטְלִיכִיר דָאס רֶעכְט גִיהַאט דֶער וָואס הָאט אויף דֶעם דָאזִיגִין אופן סמיכה גִיהַאט , אַנְדִירִי סומךְ צו זַיין :

בראשונה היה כל מי שנסמך סומך לתלמידיו . וחכמים חלקו כבוד להלל הזקן והתקינו שלא יהא אדם נסמך אלא ברשות הנשיא :

„אִין אָנְפַאנְג אִיז גִיוֶועזִין , אַז אִיטְלִיכִיר וָואס מַאן הָאט אִיהם סמיכה גִיגֶעבִּין הָאט גִיקֶענְט זַיינִי תלמידים סומךְ זיין , אָבִּיר דִיא חכמים הָאבִּין הלל הזקן כבוד אָן גִיטָהוּן און הָאבִּין מתקן גִיוֶועזִין אַז קֵיין מֶענְשׁ זָאל קֵיין סמיכה נִיט בִּיקוּמִין נַייאִירְט מִיט דֶעם רשות פון דֶעם נשיא . ” נָאךְ דֶעם נָאךְ מוּזִין זֵייא זֵייאִיר פִיל גִיוֶועזִין זַיין ; און דָאךְ זָאלִין זֵייא אַזוֹ לַאנְג אָן אַיין נָאמִין גִיבְּלִיבִּין זַיין און אָן דֶעם אַז עֶס זָאל אִין עֶרְגִינְץ נִיט גִיוֶועזִין זַיין אֵיינִיר פוּן דִיא שְׁרִיפְט שְׁטֶעלִיר וָואס זֶענִין דֶערְפִיהלְט גִיוֶועזִין מִיט דֶעם גֶעטְטְלִיכִין גַייסְט (רוח ה׳) אַז עֶר זָאל זִיךְ אָן זֵייא דֶער מָאנִין ? דָאס דָאזִיגִי אִיז דוּרְךְ אוים אוּם מִיגְלִיךְ . אָבִּיר אִין דֶעם אויבִּין גִידַאכְטִין אַנְגֶעבוּנְג זֶעלְבִּירְט אִיז פֶערְהַאנְדִין אַלִיר הַאנְד זַאכִין , דִיא וָואס וֶועקִין פֶערְדַאכְט אויף . עֶרְשְׁטִינְס גֵייהִיט עֶס אִיבֶּער אַלִי גְרֶענִיצִין וָואס עֶס זָאל שַׁיינִין פַאר אמת , אַז דוד זָאל הָאבִּין גִיטָהוּן אַזוֹ אַיין וֶוערְק פון אַיין רִיז , וִויא עֶס אִיז סומךְ צו זַיין דְרַייסִיג טויזִינְד מֶענְשִׁין אִין אֵיין טָאג , אויף וֶועלְכִין אופן הָאט דָאס סומךְ זַיין גִימֶעגְט גִישֶׁעהִין , אויב דוּרְךְ דִיא הֶענְד אַרויף לֵייגִין , אודִיר דוּרְךְ אַיין מִינְדְלִיכִי בִּיקַאנְט מַאכוּנְג , אודִיר דוּרְךְ גִישְׁרִיבִּינִים בִּיוַוייז , וָוארִין וֶוען מִיר זֶענִין אויךְ מרוצה , אַז עֶר הָאט פֶערְבְּרַאכְט דִיא גַאנְצִי פִיר און צְוַואנְצִיג שְׁטוּנְד פון טָאג אויף דִיא דָאזִיגִי אַרְבֵּייט , אַזוֹ מוּז מַאן דָאךְ נוּר אִימִיר אָן נֶעהמִין , אַז כדי דִיא צָאהל פון דְרַייסִיג טויזִינְד פוּל צו מַאכִין , הָאט עֶר אִין אֵיין שְׁטוּנְד צְוֶועלְף הוּנְדִירְט און פוּנְפְצִיג , אודִיר צְוַואנְצִיג אִין אִיטְלִיכִים מִינוּט סומךְ גִיוֶועזִין . אַזוֹ אַיין עֶפִינְטְלִיכִי אוּם וַוארְהַייט בְּרֵיינְגְט דִיא גַאנְצִי דֶערְצֵיילוּנְג , אִין וֶועלְכִיר זִיא גִיפִינְד זִיךְ , אִין חשד אַרַיין . צְוֵוייטִינְס אָבִּיר דִיא זַאךְ , אַז דָאס רֶעכְט , דֶעם כבוד פון רבנות צו גֶעבִּין , אִיז פון דִיא וָואס הָאבִּין עֶס גִיהַאט אַוֶועק גִינוּמִין גִיוָוארִין , און אויף דִיא יֶענִיגִי פַאר וֶועניגִירְט , דִיא

וואס

וָואס זֶענִין פוּן נשיא בִּיפוּלְמֶעכְטִיגְט גִיוָוארִין , וַוייזְט אַז דִיא אַיין אָרְדִינוּנְג (סדור) פוּן סמיכות אִיז נִיט פוּן משה אַרוֹיס גִיקוּמִין , זוּנְדִירִין עֶס אִיז גִיוֶועזִין אַיינִי שְׁפֶּעטִירִי דֶערְפִינְדוּנְג פוּן מֶענְשִׁין . וָואלְט זִיא פוּן משה גִיוֶועזִין , אַזוֹ וָואלְטִין דִיא חכמים קֵיינִי יכולת נִיט גִיהַאט , זִיא פוּן אִימִיצִין אַװֶעק צוּ נֶעהמִין ; אוֹיךְ אִיז עֶס אִיבִּיר הוֹיפְּט נִיט צוּ גְלוֹיבִּין , אַז דִיא פִיל וָואס הָאבִּין גִיהַאט יֶענִי פְּרַאוֶוע , אוּן צוּם וֶוענִיגְסְטִין אָבִּיר דִיא תלמידים פוּן ש מ א י זָאלִין דֶערוֹיף מ״חל זַיין . מִיר מוּזִין אָן נֶעהמִין , אַז עֶנְטְוִויר דִיא חכמים הָאבִּין דִיא אַיין אָרְדִינוּנְג פוּן משה אָבּ גִיעֶנְדִירְט אוּן זַייא הָאבִּין אוֹיךְ דוּרְךְ דֶעם אַיין גְרוֹיסִי זִינְד גִיטָהוּן , אוֹדִיר אַז דִיא אַיין פִיהרוּנְג פוּן דִיא סמיכות אִיז בְּלוֹז אַיין מֶענְשְׁלִיכִי דֶערְפִינְדוּנְג גִיוֶועזִין . דוּרְךְ דִיא לֶעצְטִירִי אָן נֶעהמוּנְג װֶערְד דִיא גַאנְצִי גִישִׁיכְטִי פוּן דֶעם וָואס עֶס הַאלְט נָאךְ אַלֶץ דִיא קְלַאסִי פוּן רבנים , אוֹיף נִישְׁט אַרָאפּ גִיזֶעצְט , דוּרְךְ דִיא עֶרְשְׁטִירִי דֶערְקֵייגִין פַאלְט אוֹיף דִיא חכמים דִיא שוּלְד צוּ לַאסְט , דִיא תורת משה נִיט גִיאַבְּטִיט צוּ הָאבִּין , אוּן אַזוֹ דֶער מִיט װֶערְד דֶער װֶערְט פוּן זֵייאִיר צַייגִינִ״ש פֶּערְנִיכְטִיט . צוּם סוֹף אַנְטְלוֹיפְט אוֹיךְ דִיא אַנְגֶעבּוּנְגְט פוּן דֶעם אוֹפֶן פוּן סמיכות פוּן דִיא אוֹיבִּין גִידַאכְטִי בִּיהוֹיפְּטוּנְג פוּן בעל ערוךְ , דִיא תורה שבעל פה זָאגְט אַזוֹ , אַז דִיא סמ״כה פוּן דָאס רבנות אִיז אוֹיף דֶעם אוֹפֶן גִיוֶועזִין :

**לא שיסמכו ידיהן על ראש הזקן , אלא שקורין לו רבי ואומרים לו הרי את סמוך ויש לך רשות לדון אפילו דיני קנסות :**

„נִיט זַייא זָאלִין בְּלוֹז דִיא הֶענְד אַרוֹיף לֵייגִין אוֹיף דֶעם קָאפְּף פוּן דֶעם עֶלְטִיסְטִין (זקן) , נַייאֶרְט זַייא רוּפִין אִיהם אוֹיךְ „רבי“ אוּן מַאן זָאגְט צוּ אִיהם : פַאר וָואהר דוּא הָאסְט דֶער מִיט סמיכה אוּן הָאסְט רשות צוּ רִיכְטִין אפילוּ דינים פוּן גֶעלְד בִּישְׁטְרָאפוּנְג (קנסות) . “ מֵילָא דָא װֶערְד דִיא מתנה פוּן דָאס רוּפִין רבי גִימַאכְט פַאר אַיין חלק אַז דָאס אִיז משלים דָאס אַמְט פוּן סמיכה , וָואס דֶער בעל ערוךְ בִּיהוֹיפְּטִיט , אַז דֶער טִיטֶל רבי אִיז נִיט צוּ פָאר וִויא בִּיז נָאךְ דֶער צַייט פוּן הלל אִין מנהג גִיוֶועזִין . נָאךְ דֶעם נָאךְ אִיז דִיא בִּיהוֹיפְּטוּנְג , אַז דֶער אַמְט פוּן דִיא רבנים אִיז בִּישְׁטַאנְדִין אָן אַיין נָאמִין אפילוּ שוֹין גָאר פוּן דִיא צַייטִין פוּן משה , נִיט נוּר פוּן קֵינִים בִּיוַוייז פוּן דֶער הֵיילִיגִיר שְׁרִיפְט נִיט אוּנְטִיר גִישְׁטִיצְט , נַייאִירְט עֶס אִיז אוֹיךְ מִיט אַנְדִירִי בִּיהוֹיפְּטוּנְגִין פוּן דִיא רבנים זֶעלְבִּירְט וִוידִיר אַנַאנְדִיר ; זִיא שְׁלִיסְט אִין זִיךְ אַחוּץ דֶעם אַיין אֵיינִי עֶפִינְטְלִיכִי אוּם וַוארְהַייט אוּן פֶערְדִינְט דַארִיבִּיר נִיט אַז מַאן זָאל דֶערִינִין גְלוֹיבִּין . אַזוֹ

ווערד צו נישט דיא אַלְטִיגְקַייט פון דעם רַבָּנִישֶׁן אַמְט און דאס דָאזִיגִי שַׁיינְט פִּיל מֶעהר איין שְׁטֵייגִיר פון איין נַייאֵירִי דער פִינְדוּנְג צו זַיין, אַזוֹ, אַז דיא יֶענִיגִי ווֶעלְכִי בִּיקֶעגְנֶין זִיךְ צו דער רַבָּנִישֶׁיר אמונה, דַארְפִין נִיט בִּיהוֹיפְטִין, אַז זיא איז דיא אמונה פון משה און זֵייאֵירִי אבות, נַייאֵירְט זיא איז איין נַייאִיר גַאטוּנְג פון לֶעהְרִירֶם, דיא וָואס דֶערְלַאנְגִין נִיט ווַייטִיר וִויא בִּיז קוּרְץ פַאר דעם חורבן פון דעם אַנְדִירִין בית המקדש. דיא גְרֶעסְטִי אֵיינְווֶענְדוּנְג פון דיא נַייאֵירִי יודין אַקֵייגִין דָאס קְרִיטְקְטִינְטְהוּם איז, באשר אַז דָאס איז איין נַייאִיס: זֵייא זָאגִין, אַז מִיר הָאבִּין איין נַייאִי אמונה אָן גִינוּמִין, בשעת זֵייא זֶענִין בַּייא דֶער אַלְטִיר גִיבְּלִיבִּין, אַז מִיר פָאלְגִין איין נַייאִין לֶעהְרִיר, בשעת זֵייא זֶענִין אָן משה אָן גִיהַאנְגִין. דיא פְרִיהֶרִיגִי אוּנְטִיר זוּכוּנְג אִיבִּיר הָאט גִיוִויזִין, וִויא ווֶענִיג גְרוּנְד זֵייא הָאבִּין צו דֶער דָאזִיגִיר פְּרַאלִירַייא ווֶען דיא נַייהַייט וָואלְט איין שְׁטַארְקִיר אַבְּווֶענְד גִיווֶעזִין, אַזוֹ מוּזִין זֵייא מודה זַיין, אַז דיא אמונה פון דיא רבנים איז פַאלְשׁ: ווֶען דיא צַייט וָואס איז פֶערְבַּייא גִיגַאנְגִין צְווִישִׁין משה און צְווִישִׁין ישוע וָואלְט אָבְּגִיגֶעבִּין איין גִילְטִיגִין גְרוּנְד פון אַיינְווֶענְדוּנְג, אַזוֹ איז דֶער זֶעלְבִּיגִיר אויך אַזוֹ גוּט אַקֵייגִין דיא רבנים וִויא אַקֵייגִין אוּנְזִירִין הֶערִין ישוע אָן צו ווֶענְדִין. יוֹא, נָאךְ מֶעהר, ווֶען דיא נַייאַהַייט זָאל דֶער טעם זַיין פַאר וָואס זֵייא פֶערְוַוארְפִין דָאס קְרִיסְטִינְטְהוּם, אַזוֹ וָואלְטִין זֵייא אִיצְט מוּזִין דיא אמונה פון דיא רבנים פֶער וַוארְפִין, און דיא פון ישוע המשיח אָן נֶעהְמִין. מִיר הָאבִּין גִיוִויזִין, אַז דיא אמונה פון דיא רבנים איז איין נַייאִירוּנְג, און אִיטְלִיכִיר מֶענְש ווַייס, אַז עֶס איז גִיוֶועזִין איין הוֹיפְּט זַאךְ אִין דיא לֶערְנוּנְג פון ישוע, אַז ער הָאט זִיךְ דיא רַבָּנִישִׁי לֶערְנוּנְג אַקֵייגִין גִישְׁטֶעלְט, דָאס הֵייסְט ער הָאט זִיךְ אַקֵייגִין גִישְׁטֶעלְט אֵיינִיר נַייאִירוּנְג. דיא דָאזִיגִי אַקֵייגִין זֶעצוּנְג איז איין רֶעכְטְלִיכִיר בִּיווַייז, אַז דער הֶערר ישוע הָאט דיא אַלְטִי אמונה בַּייא בִּיהַאלְטִין און הָאט גְרַאדִי פון דֶעסְט ווֶעגִין איין רֶעכְט אויף אַלִי דיא יֶענִיגִי, ווֶעלְכִי גִיבִּין פָאר אַז זֵייא הַאלְטִין בכבוד דָאס פַארְצַייטִיגִי. אִיבִּיר הוֹיפְּט קָאן דער פָארְוואוּרְף פון נַייאַהַייט אויך אַזוֹ גוּט פַאסִינְד אַפָּאר גִיבְּרַאכְט ווֶערִין אַקֵייגִין דָאס רַבָּנִישַׁקַייט וִויא אַקֵייגִין דָאס קְרִיסְטִינְטְהוּם, און אִיטְלִיכִיר יוּד, ווֶעלְכִיר עֶס בְּרֵיינְגְט דעם פָארְוואוּרְף אַפָּאר, איז מחוייב, ווֶען עֶס איז אִיהם אַנְדִירְשׁ אוּם דֶער ווַארְהַייט איין עֶרִינְסְט, דָאס קְרִיסְטִינְטְהוּם מִיט דער תּוֹרה און דיא נביאים צו פֶערְגְלַייכִין, כדי זִיךְ צו אִיבִּיר צַייגִין, אוֹיבּ דָאס זֶעלְבִּיגִי איז אֵיינִי נַייאִי אמונה אוֹדִיר נִיט. אַזוֹ פִּיל איז עֶס

גִּיוִויס אַז דִּיא בִּישְׁטִימוּנְגִין פוּן קֵיין אמונה קָאן פוּן דֶער תורה פוּן משה גִּיט וַוייטִיר זַיין וִויא דִּיא פוּן דָאס רַבָּנִישְׁקַייט. דִּיא רבנים הָאבִּין דִּיא אמונה לֶעהרִירְס, וָואס זֶענִין פוּן משה בִּישְׁטִימְט גִּיוֶועזִין פֶערְוָוארְפִין אוּן אַנְדִירִי אוֹיף זֵייאִיר שְׁטֶעל אוֹיס דֶער וֶוילְט, דִּיא וָואס קֶענִין נִיט אֵיין מָאהל זִיךְ רֶעכִינִין צוּ דֶער אַלְטִי צַייט, אוּן גִּיט נוּר דָאס דָאזִיגִי, נַייאִירְט אפילו, וִויא עֶס הָאט אוֹיף גִּיהֶערְט מִיגְלִיךְ צוּ זַיין, נָאךְ דֶער פָארְשְׁרִיפְט נָאךְ, דִּיא וָואס מַאן רוּפְט זֵייא רבנים צוּ הָאבִּין, הָאבִּין זֵייא פָאר גִּיצוֹיגִין אַזֶעלְכִי דִּיא וָואס הָאבִּין קֵיין יכולת נִיט גִּיהַאט עֶפִּיס אוֹיס צוּ וִוירְקִין, פַאר דִּיא לֶעהרִירְס וָואס אִין דֶער תורה אִיז בִּישְׁטִימְט. דִּיא תורה שבעל פה מַאכְט דִּיא סמיכות נֵייטִיג צוּ אַיין אוֹיס וִוירְקוּנְג פוּן דֶעם רַבָּנִישִׁין אַמְט אוּן מַאן הַאלְט אַיין דִּיא צִירִימָאנְיֶע דוּרְךְ צְוֵוייא אופנים; עֶרְשְׁטְלִיךְ, אַז וִויא מִיר הָאבִּין שׁוֹין גִּיזָאגְט, דֶער נשיא מוּז זַיין רשות דֶער צוּ גֶעבִּין, אִין צְוֵוייטִינְס, אַז עֶס מוּז אִין ארץ ישראל גִּיטָהוּן וֶוערִין:

אין סומכים זקנים בחוצה לארץ ואע״פ שאלו הסומכין נסמכו בארץ ישראל אפילו היו הסומכין בארץ והנסמך בחוצה לארץ אין סומכין:

„מַאן אִיז נִיט סוֹמֵךְ קֵיינִי עֶלְטִיסְטִי אִין חוּץ לארץ, אוּן חָאטְשִׁי דִּיא וָואס זֶענִין סוֹמֵךְ וָואלְטִין זֶעלְבִּירְט אִין א״ץ ישראל נסמך גִּיוָוארִין. אוּן אפילו דִּיא וָואס זֶענִין סוֹמֵךְ זֶענִין אִין לַאנְד, אוּן דֶער וָואס מַאן וִויל אִיהם סוֹמֵךְ זַיין אִיז אִין חוּץ לארץ אִיז מַאן אִיהם נִיט סוֹמֵךְ.“ מֵילָא, עֶס אִיז קְלָאר אַז דִּיא דָאזִיגִי אופנים קֶענִין נִיט דֶער פִּילְט וֶוערִין. דִּיא מֶעהרְסְטִי סךְ פוּן דִּיא אִיצְטִיגִי רבנים זֶענִין קֵיין מָאהל אִין ארץ ישראל נִיט גִּיוֶועזִין, אוּן אפילו, וֶוען עֶס וָואלְט דֶער פַאל יוֹא גִּיוֶועזִין, אַזוֹ אִיז דָארְטִין שׁוֹין פוּן צַייט פִיל הוּנְדִירְט יָאהר קֵיין נשיא נִיט גִּיוֶועזִין. מֵילָא צַייט הוּנְדִירְטִיר יָאהרִין אִיז קֵיין רבי נִיט מֶעהר צוּ זַיין אַמְט נסמך גִּיוָוארִין, אַזוֹ וִויא דִּיא תורה שבעל פה פֶערְלַאנְגְט עֶס, אוּן פוּן דֶעסְט וֶועגִין הַאלְטִין דִּיא יוּדִין לִיבִּירְשְׁט נָאךְ אָן דֶעם שָׁאטִין פוּן דֶעם רַבָּנִישִׁין אַמְט פֶעסְט, אֵיידִיר זֵייא זָאלִין הָאבִּין דִּיא כהנים, דִּיא בני לוי. אֵיינִי רִיכְטִיגִירִי וִוידִירְשְׁפֶּענִיגוּנְג אַקֵייגִין דִּיא אַיין אָרְדִינוּנְגִין פוּן משה קָאן נִיט גִּידַאכְט וֶוערִין, צוּם עֶרְשְׁטִין הָאט דָאס יוּדִישִׁי פָאלְק דִּיא בִּישְׁטִימוּנְג פוּן משה פֶערְוָוארְפִין אוּן זִיךְ זֶעלְבִּירְט אֵיינִי נַייאִי גַאטוּנְג פוּן לֶעהרִירְס אוֹיס גִּיטְרַאכְט, וָואס זֵייאִיר אוֹיס דֶערְוֵוילִין אִיז דָאךְ פוּן צְוֵוייא אופנים אָב גִּיהַאנְגִין גִּיוֶועזִין דֶערוֹיף הָאט גָאטְט אִין זַיין גְרוֹיסִיר גִּינָאד אוּם מִיגְלִיךְ גִּימַאכְט דִּיא דֶערְפִילוּנְג פוּן דִּיא דָאזִיגִי אופנים; עֶר הָאט זֵייא דֶעם נשיא אַוֶועק גִּינוּמִין, הָאט

זֵייא אַרוֹיס גִיטְרִיבִּין פוּן זֵייאִיר לַאנְד, כדי זֵייא גְלַייךְ וְויא גִילֶעגִנְהַייט צוּ גֶעבִּין, יוֹא, כדי זֵייא צוּ צְוִוינְגִין, צוּ זַיין בִּישְׁטִימוּנְג צוּרִיק צוּ קֶעהְרִין; אָבִּיר אוּם זוּנְסְט. אוֹיבּ אפילוּ דִיא יוּדִין קֶענְין נִיט דִיא אופנים פוּן זֵייאִיר אֵייגִינִיר בִּיהוֹיפְּטוּנְג דֶערְפִילִין, אָבִּיר גָאטִים גִיבָּאט וָואלְטִין זֵייא וואוֹיל קֶענְין דֶער פִילִין, פֶערְשְׁטֶעהִין זֵייא דָאס לֶעצְטִירִי און הָאבִּין זִיךְ עֶפִּיס נַייאֶיְע אוֹיס גִיוֶוילְט, דָאס אִיז, אַיין גַאטוּנְג פוּן אמוּנה לֶעהְרִירְס, דִיא וָואס הָאבִּין נִיט אַמָאהל דִיא טוֹיגְלִיכְקַייט, וְויא דִיא תּורה שבעל פּה פָּאדִירְט דֶער צוּ. באמת דָאס הֵייסְט זִינְדִיגִין, בְּלוֹז כדי צוּ זִינְדִיגִין! וְויא קֶענְין נוּן דִיא יוּדִין בִּיהוֹיפְּטִין דִיא תּלמידים פוּן משה צוּ זַיין, אוֹדִיר אַז דָאס גִיזֶעץ פוּן משה אִיז אוּם פֶערְעֶנְדִירְט? שׁוֹין בַּאלְד פַּאר צְוֵוייא טוֹיזִינְד יָאהְרִין הָאבִּין זֵיי אִין עבירות גְלֶעבְּט אַקִייגִין אֵיינְס פוּן דִיא רֵיינְסְטִי גִיבָּאט פוּן משה און פֶערְעֶנְדִירְט אֵיינִי פוּן דִיא אוֹיס גִיוִוירְקְטִי אַיין אָרְדִינוּנְגִין פוּן דֶער תּורה. דֶער וָואס לֶערִינְט דִיא שְׁרִיפְט פוּן משה נָאךְ אַזוֹ פוּן אוֹיבִּין אוֹיף, מוּז אַיין זֶעהִין אַז דִיא פַּאמִילְיֶע פוּן לוי אִיז גִיוֶועזִין אָנְגִיטְרוֹיט אַיין אַמְט פוּן דֶער הֶעכְסְטִין וִויכְטִיגְקַייט, נִיט נוּר וָואס עֶס הָאט זִיךְ בִּיצוֹיגִין אוֹיף דֶעם דִינְסְט פוּן בית המקדש, נַייאִירְט אוֹיךְ וָואס עֶס בִּיטְרֶעפְט דִיא בִּילֶערְנוּנְג פוּן דָאס פָאלְק. דֶעם בית המקדש הָאט זֵייא גָאטְט מִיט זַיין השגחה אַוֶועק גִינוּמִין; דָאס אַמְט פוּן כהונה דֶער קֵייגִין הָאבִּין דִיא יוּדִין זֶעלְבִּירְט בטל גִימַאכְט, בשעת זֵייא הָאבִּין דִיא תּורת משה פֶער וָוארְפִין, און אַזוֹ, נִיט נוּר דִיא אִינְיֶוענִיגְסְטִי, נַייאִירְט אוֹיךְ דִיא אוֹיס וֶוענִיגְסְטִי פָּארְמִי פוּן דֶעם גִיבַּייא פוּן משה צוּ שְׁטֶערְט. עֶס אִיז דַארִיבִּיר, וְויא עֶס אִיז שׁוֹין גִיזָאגְט גִיוָוארִין, אַיין זֵייאִיר שְׁוֶוערִי שאלה, דֶעם טעם צוּ זָאגִין דִירוֹיף וָואס דִיא יוּדִין גִיבִּין פָּאר, צוּ הָאבִּין אַיין בְּרֶעך צוּ תּורת משה, אַיין שאלה, וָואס פֶּערְדִינְט וואוֹיל אַז יוּדִין זָאלִין עֶס זֶעלְבְּסְט אוֹיף דֶעם משקל נֶעהְמִין. וֶוען זֵייא גְלוֹיבִּין וִוירְקְלִיךְ, אַז דָאס מקיים זַיין דִיא תּורת משה אִיז צוּם הֵייל נוֹיט וֶוענְדִיג, אַזוֹ מוּזִין זֵייא גְלַייךְ דִיא פַּאמִילְיֶע פוּן לוי אִין זֵייאִיר אַמְט אַיין זֶעצִין; וֶוען זֵייא הַאלְטִין אָבִּיר מֶעהר פוּן דֶער נַייאִיר אמוּנה פוּן דִיא רבנים וְויא פוּן דֶער אַלְטִיר תּורה פוּן משה, דֶען וָואלְטִין זֵייא מוּזִין דָאס דָאזִיגִי עֶרְלִיךְ בִּיקֶענְין און נִיט וַוייטִיר צְווִישִׁין צְוֵוייא פֶערְשִׁידִינִי מֵיינוּנְגִין צוּ שְׁוֶועבִּין. און באמת וָואלְטִין זֵייא מוּזִין דָאס דָאזִיגִי נִיט בְּלוֹז פוּן דֶעסְט וֶועגִין טְהוּן, כדי זִיךְ פַאר דִיא מֶענְשִׁין צוּ רֵיינִיגִין פוּן דֶער שוּלְד וָואס מַאן טְהוּט אַקִייגִין דִיא אִיבִּיר צֵייגוּנְג, נַייאִירְט אוֹיךְ, פוּן וֶועגִין זֵייאִיר אֵייגִינִים גִימוּטְהֶע פַאר

גָאטט צוּ רֶעכְטפֶערְטִיגִין. וויא קָאן אַיין פֶערְשְׁטֶענְדִיגִיר מֶענְשׁ הָאפִין, דוּרךְ אַיין אמונה זֶעלִיג צוּ וֶוערִין, וָואס עֶר הֶערְט גָאר נִיט אוֹיף, אוֹיף אִיהְרִי גִיבָּאט עוֹבר צוּ זַיין, אוּן הָאט קֵיין מָאהל קֵיין כוונה נִיט צוּ פָאלְגִין? אוּן פוּן דֶעסְט וֶועגִין אִיז דָאס דָאזִיגִי פוּנְקט דֶער פַאל וָואס עֶס בִּיטְרֶעפְט דִיא תורת משה, מִיט דִיא וָואס גְלוֹיבִּין אִין דִיא רבנים. עֶס אִיז שׁוֹין עֶפְּטִיר בַּייא דִיא יוּדִין פְּרוּבִין גִימַאכְט גִיוָוארִין זַייא צוּ בִּילְדִין (רֶעפָארְמִירִין), אָבִּיר מִיר הָאבִּין נָאךְ קֵיין מָאהל פוּן אֵיינִיר נִיט גִיהֶערְט, דִיא וָואס זָאל הָאבִּין אוֹיס גִיווירְקְט דִיא ווִידִיר אַיין זֶעצוּנְג פוּן דֶער פַאמִילְיֶע פוּן לוי אִין זַייאִיר אַמְט, אוּן דָאךְ, אִיז אָן דֶעם גָאר נִיט קֵיין גִידַאנְקִין פוּן אַיין צוּרִיק קֶעהר צוּ דֶער תורה פוּן משה.

נוּן וָואלְט אפשר אֵיינִיר וָואס אִיז אֵיין אָנְהֶענְגִיר פוּן דִיא רבנים דֶעם דָאזִיגִין בִּיוַוייז אַקֵייגִין דִיא קְרִיסְטִין וֶועלִין גִיבְּרוֹיכִין אוּן זָאגִין, אַז אוֹיךְ ישוע אִיז נִיט גִיוֶועזִין פוּן דֶעם שבט לוי. פַאר גִיוִוים נִיט, אָבִּיר אַלְץ דֶער משיח הָאט עֶר גִימוּזְט וויא דֶער נביא הָאט פָאר אוֹיס גִיזָאגְט, פוּן דֶעם שבט יהודה זַיין, אוּן אַלְץ דֶער פוּן גָאט צוּ גִיזָאגְטִיר אוּן בִּיצֵייכִינֶטֶער משיח הָאט עֶר אַיין רֶעכְט אַז אִיטְלִיכִיר זָאל אִיהם פָאלְגִין, דִיא יוּדִין אוּן דִיא הֵיידִין. וֶוען עֶר וָואלְט בְּלוֹז אַיין גִיוֶועגְלִיכִיר נביא גִיוֶועזִין, וָואלְט עֶר אוֹיךְ גִיהַאט אַיין גֶעטְלִיכִים רֶעכְט, דָאס פאלק צוּ בִּילֶערְנִין אוּן צוּ פֶערְלַאנְגִין אַז מַאן זָאל אִיהם פָאלְגִין; וָוארִין אַחוּץ דִיא כהנים הָאט גָאטְט דִיא נביאים אוֹיךְ דֶער צוּ בִּישְׁטִימְט; אָבִּיר אוֹיף דֶעם אַמְט פוּן כהונה מַאכִין דִיא רבנים קֵיינִי אַנְשְׁפְּרִיכִי נִיט. ישוע הָאט דֶער קֵייגִין נִיט נוּר אוֹיף דִיא מדות פוּן נבואה אַנְשְׁפְּרִיכִי גִימַאכְט, זוּנְדִירִין עֶר הָאט אוֹיךְ בְּהוֹיפְּטִיט דֶער משיח גִיוֶועזִין צוּ זַיין, אוּן הָאט דִיא רִיכְטִיגְקֵייט פוּן זַיינִי אַנְשְׁפְּרִיכִי בִּיוִויזִין דוּרךְ דִיא בִּיוַוייזוּנְג פוּן זַיין וואוּנְדִירְבַּארִין קְרַאפְט אוּן בִּיזוּנְדִירְס דוּרךְ זַיינִי אוֹיף שְׁטֶעהוּנְג פוּן דִיא טוֹיטִי (וָואס עֶר אִיז נָאךְ דֶעם טוֹיט ווִידִיר אוֹיף גִישְׁטַאנִין). מִילָא אַלְץ אַיין נביא, אוּן פַאר אַלִים אַלְץ דֶער משיח, הָאט זַיין לֶערְנוּנְגִם גִישֶׁעפְּט אוֹיף קֵיין אוֹפֶן דֶעם אַמְט פוּן כהונה קֵיין מסיג גבול נִיט גִיטָהוּן; אוּן דִי אוֹפנים פוּן זַיינִי הנהגות, וויא זַייא וֶוערִין אִין נַייאִין טֶעסְטַאמֶענְט (ברית חדשה) בִּישְׁרִיבִּין, ווַייזְט, אַז הָאטְשִׁי עֶר אִיז אִין אָבְּגִישֵׁיידִינִיר אוּן שְׁטֶענְדִיגִיר התנגדות גִישְׁטַאנְדִין אַקֵייגִין דִי פְּרוּשִׁים דִיא בִּישִׁיצִיר פוּן דֶער תורה שבעל פה, הָאט עֶר דָאךְ קֵיין מָאהל זַיינִי שְׁטִים אַקֵייגִין דָאס אַמְט פוּן דִי כהנים נִיט אוֹיף גִיהוֹיבִּין. גָאר פַאר קֶעהְרְט הָאט עֶר גִיווִיזִין, אַזוֹ אָפְט וויא עֶס אִיז

נוּר

נור גילעגינהייט גיוועזין זייאיר גוט מקיים צו זיין דיא גיבאט פון משה אין דעם וואס עס ביציהיט זיך אויף דיא כהנים, למשל, וויא ער האט גיהיילט דעם מצורע, האט ער צו איהם גיזאגט: זעה דוא זאלסט פאר קיינים ניט זאגין. זונדירין גייא אוועק אונ וויז דיך פאר דעם כהן, אונ זייא מקריב דאס קרבן וואס משה האט ביפוילין פאר איין צייגניש צו זייא. „ (מתיא ח׳, פסוק ד׳) אונ דער דאזיגיר שטייגיר פון אויף פיהרונג איז פולקומין ממלא איינים אוים גישפראכינים תכלית פון דעם הערין ישוע, דער וואס איז דערינין בישטאנדין, דיא מאכט פון דער תורה אקייגין דיא ניט ביפולמעכטיגי גיזעץ פון מענשין צו ביהויפטין. ער האט זיך זעלבירט דערקלערט צום בישיציר פון דער תורת משה אונ האט אב גיווענד דאס גאנצי צו זאמין האנג פון דיא רבנים דורך דעם, וואס ער האט גיזאגט, זייא האבין גימאכט דורך זייאירי איבער ליווירונגין (מסורות) יענים אום גילטיג. דרום קאן דער איין וואורף דעם וואס מיר האבין אקייגין דער תורה שבעל פה אפאר גיבראכט, אז עס שטירצט טאקיש דיא איין ארדינונג פון משה ניט אויף דיא לערנונג אונ אויך ניט אויף דיא שטייגירס פון מעשים פון אונזירין הערין ישוע דעם משיח אנגיווענדיט ווארין. ער האט זיך קיין מאהל דיא כהנים ניט אקייגין גישטעלט, קיין מאהל זייאיר אמט ניט מסיג גבול גיוועזין, אונ קיין מאהל זייאיר כבוד אין גרינגסטין ניט פערקלענירט. אין דער דאזיגיר זייער וויכטיגיר ביציהונג איז זיין לערנונג בפירוש מעהר איין שטימיגיר מיט דער תורת משה וויא דיא קבלה אייניר פון אנדירין (קבלה איש מפי איש) פון דיא פרושים, דיא וואס האבין איינין מעכטיג יענים וויכטיגי, פון משה אויף גיריכטיטי איין ארדינונג, דיא כהונה פון בני לוי בטול גימאכט, אונ האבין דאס רעכט פון דיא כהנים אויף זיך זעלבירט ארויף גיצויגין. דיא נייאי יודישקייט שטייט אין גראדין ווידיר שטרייט אקייגין דער תורת משה אונ האט איצונד פאר דיא דאזיגי התנגדות גאר קיין תירוץ ניט. דיא יודין וואס זענין צו שפרייט קענין אום מיגליך דיא אנפאדירונגין פון זייא וואס עס ביציהיט זיך אויף דיא סמיכות פון דיא רבנים ביגינוגין. אונ דאריבער דערשיינט זייאירי אנהענגליכקייט אן דעם דאזיגין דת בלוז וויא איין אום גיגרונדיטי שנאה מיט קשה עורף אקייגין דער תורת משה. זייא ביהויפטין אז זייא קענין דיא משפחה פון דיא כהנים אונ דאריבער ווען זייא וואלטין וועלין וואלטין זייא דיא זעלביגי קענין ווידיר אין זייאיר אמט אריין זעצין. מילא וואס לאזט זייא דער צו נישט צו, נישט מעהר

אַז וִויא דָאס וָואס עֶס פֶּעלְט זֵייא לִיבְּשַׁאפְט צוּ משה אוּן זַיינֶי גְיזֶעצֶי, מִיר זֶענִין אִיבִּיר גְיצַייגְט, אַז פִּיל יוּדִין הָאבִּין קֵיין מָאהל אִיבִּיר דֶער דָאזִיגִיר זַאךְ נִיט נָאךְ גִידַאכְט, וָואְרִין זוּנְסְט וָואלְטִין זֵייא נִיט אַזוֹ גִיטָהוּן, וִויא זֵייא וִוירְקְלִיךְ טָהוּן. דִיא גְיוואוֹינְהַייט אַזוֹ צוּ דֶענְקִין, וִויא זֵייא זֶענִין אִין פְּרִיהִירִין יוּגִינְד בִּילֶערִינְט גְיוָוארִין, דִיא זִיטִין פוּן זֵייאִיר פָּאלְק פוּן צַייט צְוֵוייא טוֹיזִינְד יָאהר אַהֶער, הָאבִּין אַזוֹ וִויא אַיין שְׁלֵייאִיר אִיבִּיר זֵייאִיר פֶערְשְׁטַאנְד אַרוֹיף גִיצוֹיגִין, אַזוֹ אַז זֵייא זֶענִין נִיט טוֹיגְלִיךְ, דֶעם עֶפִּינְטְלִיכִין ווידיר שְׁפְּרוּךְ אַיין צוּ זֶעהִין, דֶער וָואס לִיגְט דֶערִינְין, אַז דִיא אֵיינֶי בִּיהוֹיפְּטִין שְׁטַארְק צוּ הַאלְטִין פַאר משה, בשעת זֵייא קְרֵיינְין אַזֶעלְכִי גְיזֶעצֶי דִיא וָואס מַאכִין זַיינֶי פֶער אָרְדִינוּנְגִין פוּן גְרוּנְד אוֹיס צוּ נִישְׁט. אַזוֹ לַאנְג וִויא דִיא כהנים זֶענִין נִיט ווידיר אַיין גְיזֶעצְט אִין זֵייאִירִי פוּנְקְצִיֶעס אוּן רֶעכְטִי, אַלֶץ דִי בִּישְׁטִימְטִי אמונה לֶעהְרִירְס פוּן גָאטט, קֶענִין דִיא יוּדִין גָאר מִיט קֵיין רֶעכְט נִיט בִּיהוֹיפְּטִין אַז זֵייא זֶענִין אָנְהֶענְגִיר פוּן משה. זֵייא זֶענִין אִיצוּנְד נִיט מֶעהר, וִויא פַּארְטֵייהִין גְיַיאִירְס פוּן דֶער רַבָּנִישִׁיר חברה, אוּן וֶוען זֵייא הַאלְטִין עֶס פַאר בֶּעסִיר נָאךְ וַוייטִיר דֶער דָאזִיגִיר חברה אָן צוּ גִיהֶערִין, אַזוֹ זֶענִין זֵייא אַלֶץ רֶעכְטשַׁאפִינֶי מֶענְשִׁין מחוייב, פוּן אִיטְלִיכִים נָאךְ יָאגִין מִיט פֶערְלַאנְגִין נָאךְ אַיין כבוד פַאר תורת משה זִיךְ מִיאשׁ זַיין.

Дозволено Цензурою. Варшава 5 (17) Февраля 1876 г.
Въ Типографіи А. Гинса. Королевская № 1064 D

# נתיבות עולם

עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז

## דיא אלטי שטעגין.

### נומר מ״ג

דאס אז דיא יודין קענין זיך ניט בירופין, ניט אויף תורה און אויך ניט אויף דיא נביאים, אום זיך צו פערענטוויערין, פאר וואס זייא האבין פערווארפין דיא אלטי אמונה פון משה און גיבין מעהר כבוד, דיא נייאירי רבנישי אמונה, דאס איז קלאר. ניט משה און אויך ניט דיא נביאים וויסין עפים פון דיא רבנים, דיא וואס זענין דורך אויס איין נייאי קלאססי פון מענשין, וואס מאן האט פון דער קלאססי פריהיר ניט גיהערט, וויא ביז, אז דיא יודישי מאכט איז שוין שוואך גיווארין צום אונטיר גיין, עס איז אביר דאך פערהאנדין איין אנדירער ביוייז גרונד, אויף וועלכין דיא יודין קענין זיך שטיצין, אום צו רעכטפערטיגין דאס וואס זייא האבין דיא נייאי אמונה לעהריר אנגינומין, און דאס איז: וואס סנהדרין זענין פערהאנדין. מאן וואלט קענין אזו ביהויפטין, אז בשעת דיא רבנים האבין אויף גיטרעטין און גילערינט, זענין זייא און זייאירי לעהרירס פון דעם בית דין הגדול בישטעטיגט גיווארין, און אז דיא דאזיגי בישטעטיגונג דערלאנגט אזו וייט, אום צו ביפעסטיגין זייאירי רבנות, און דיא ווארהאפטיגקייט פון דעם וואס זייא האבין גילערינט צו ביגרונדין. אונ באמת האלטין דיא גמרא גלויבירס דיא סנהדרין פאר איין הויפט גרונד לאגי (יסוד) פון דער תורה שבעל פה–וויא עס איז צו זעהין פון דער שטעללי וואס דא וועט שטיין:

בית דין הגדול שבירושלים הם עיקר תורה שבעל פה והם עמודי ההוראה ומהם חק ומשפט יוצא לכל ישראל. ועליהן הבטיחה תורה שנאמר על פי התורה אשר יורוך זו מצות עשה וכל המאמין במשה רבינו ובתורתו חייב לסמוך מעשה הדת עליהן ולישען עליהן:

„דער גרויסער בית דין פון ירושלים איז דער עיקר פון תורה שבעל

פה אונ זייא זענין דיא זאיילין פון דערלערנונג; און פון זייא גייהיט אַרויס גיזעץ און גיריכט פאַר גאַנץ ישראל. אונ אויף זייא האָט דיא תורה צו גיזאָגט; וואָרין עס שטייט אין פסוק: „נאָך דער תורה נאָך וואָס זייא וועלין דיך לערנין" (דברים י"ז, פ' י"א) דאָס איז איין מצות עשה; און איטליכיר, דער וואָס גלויבט אין משה רבינו און אין זיין תורה, איז מחויב, אויף זייא סומך צו זיין דיא מעשה פון דעם דת און אויף זייא זיך צו פערלאָזין. " (הלכות ממרים פרק א' משנה א') מיר דאַ ווערד קלאָר אויס גישפּראָכין וויא זייער איטליכיר פון ישראל איז מחויב דיא דינים פון דיא סנהדרין צו פאָלגין. מאַן זאָלל דאָך מיינין, אַז ווייניגסטינס דיא סנהדרין זאָללין קיין גינאַרייא ניט מאַכין און קענין קיין מאָהל עפּים אום רעכטים ניט זאָגין אודיר טהון; וואָרין ווען דער דאָזיגיר בית דין וואָלט זיך גיקענט תעה זיין אונ מאַן וואָלט פון דעסט וועגין זייני פסקים אָן שום טענה ומענה גימוזט פאָלגין אַזו האָבין דאָך גימוזט דיא ישראל פער אירט גיגאַנגין זיין, אַזו אָפט וויא דער בית דין איז אין אירטהום אַריין גיפאַללין, פון דעסט וועגין אָביר, ווערד וואונדירליך גינוג, ניט נור דיא אום ביטריגליכקייט פון דיא סנהדרין ביהויפּטיט נייאירט אפילו אויס דריקליך אָב גילייקינט, יוא, אפילו דיא מיגליכקייט אַז עס זאלל קענין אין תעות זיין ווערד קלאָר אויס גישפּראָכין און דער דאָזיגיר פאַלל זעלבירט ווערד ביוואָרינט.

בית דין גדול שדרשו באחת מן המדות כפי מה שנראה בעיניהם שהדין כך ודנו דין. ועמד אחריהם ב"ד אחר לסתור אותו הרי זה סותר ודן כפי מה שנראה בעיניו. שנא' אל השופט אשר יהיה בימים ההם אינך חייב ללכת אלא אחר בית דין שבדורך: בית דין שגזרו גזרה או תקנו תקנה והנהיגו מנהג ופשט הדבר בכל ישראל. ועמד אחריהם בית דין אחר ובקש לבטל דברים הראשונים ולעקור אותה התקנה ואותה הגזרה ואותו מנהג. אינו יכול עד שיהיה גדול מן הראשונים בחכמה ובמנין וכו':

„ווען איין גרויסיר בית דין האָבין נאָך גיפאָרשט אין איינע פון דיא זאַבין (מדות) נאָך דעם נאָך וויא זייא האָבין איין גיזעהין אַז דער דין איז אַזו און אַזו, און זייא האָבין אַזו גיפּסקית איין דין; און עס זענין אויף גישטאַנדין נאָך זייא איין אַנדיר בית דין איהם סותר צו זיין, אַזו קאָן דער דאָזיגיר דעם פריהירינין פסק סותר זיין און אַזו פסקנין אַזו וויא ער זעהיט עס גוט איין; וואָרין עס שטייהיט אין פסוק: „צו דעם ריכטיר וואָס ער וועט זיין אין דער דאָזיגיר צייט." (דברים י"ז פסוק ט') דוא ביזט ניט

מעהר

מֶעהר מחויב וִויא נור צו גֶעהֶן נָאךְ דֶעם ב״ד וָואס אִיז אִין זַיין דור . אַיין ב״ד וָואס הָאבֶּן גוזר גֶיוֶועזֶן אַיין גזרה , אוֹדֶיר הָאבֶּן מתקן גֶיוֶועזֶן אַיין תקנה אוֹדֶיר הָאבֶּן אַיין מנהג גֶימַאכְט און דָאס הָאט זִיךְ אוֹיס גִיבְּרֵייטֶירְט צְווִישֶׁן כל ישראל : און דֶער נָאךְ אִיז נָאךְ זַייא אוֹיף גֶישְׁטַאנְדֶין אַיין אַנְדֶיר ב״ד און הָאט גֶיזוּכְט בטל צוּ מַאבֶין דִיא עֶרְשְׁטִי זַאכֶין און דִיא תקנה און דִיא גזרה און דֶעם מנהג אוֹיס צוּ רַייסֶין , קָאן עֶר דָאס נִיט, סַיידִין עֶר זָאלל גְרֶעסִיר זַיין וִויא דִיא עֶרְשְׁטִי זֶענִין גִיוֶועזִין אִין חכמה און אִין דֶער צָאהל.״ (דָארְטִין פ׳ ב׳ משנה א׳–ב .) נָאךְ דֶער דָאזִיגִיר לֶערְנוּנְג נָאךְ קָאן אִיטְלִיכִים סנהדרין וָואס קוּמְט שְׁפֶּעטִיר אָן , אוּם שְׁטוֹיסִין אַלְלִי גִיגֶעבִּינִי גִיזֶעץ פוּן דִיא עֶרְשְׁטִי וָואס זֶענִין פְרִיהִיר גִיוֶועזִין , און אוֹיף שְׁטֶעלְלִין אַיין לֶערְנוּנְג , וָואס זִיא אִיז גָאר פּוּנְקְט פֶּערְקֶעהְרְט וִויא דִיא פְּרִיהִירִיגִי אִיז גִיוֶועזִין , און פוּן דֶעסְט וֶועגִין , חָאטְשִׁי אֵיינְס פוּן בֵּיידִין מוּז גִיוִוים אוּם רֶעכְט הָאבִּין , זֶענִין דִיא ישראל מחויב , בֵּיידִי צוּ גִיהָארְכִין; און אַזוֹ וֶוערְד דָאס גִיזֶעץ דֶער צוּ בִּינוּצְט , אוּם אַקֵייגִין זִיךְ זֶעלְבִּירְט דָאס נִיט גִיהָארְכִין מִיט קְרַאפְּט צוּ בִּישְׁטֶעטִיגִין , יוֹא אפילו , דֶער וִוילִין פוּן גָאט , וֶוערְד״ אָב הֶענְגִיק גִימַאכְט פוּן דֶעם פַארְשְׁטַאנְד און פוּן דֶעם ווִילְלִין פוּן מֶענְשִׁין , אָן שְׁטָאט אַז אַיין אֵייבִּיגִי , אוּם פֶּערֶענְדִירְלִיכִי וַוארְהַייט זָאל זַיין און בְּלַייבִּין , הָאט דָאס זֶעלְבִּיגִי זִיךְ גוּמוּזְט אָב בַּייטִין אִין אִיטְלִיכִין דור וָואס אִיז אוֹיף גִיקוּמִין , אַזוֹ , אַז וָואס דֶער פָאטִיר הָאט פַאר אמת גִיהַאלְטִין , הָאט עֶס דֶעם זוּן גִידַארְפְט שַׁיינִין פַאר נִיט אמת , און אִיטְלִיכִי נַייאִי סנהדרין הָאט טַאקִישׁ דִיא מַאכְט אַיין נַייאִי תורה צוּ מַאבִין . מֵילָא וִויא קֶענְין נוּן דִיא יוּדִין בִּיהוֹיפְּטִין אַז דִיא תורת משה אִיז נִיט פֶּערֶענְדִירְלִיךְ ? דָא וֶוערְד גִיזָאגְט . אַז אַלְץ וָואס דִיא סנהדרין וָואלְטִין נוּר גִיהַאלְטִין פַאר גוּט צוּ לֶערְנִין , מוּזִין דִיא יוּדִין עֶס אָן גֶעהְמִין אַזוֹ וִויא תורת משה , און אַז אִיטְלִיכִי סנהדרין קֶענִין אוּם שְׁטוֹיסִין דִיא לֶערְנוּנְג וָואס דִיא פְּרִיהִירִיגִי הָאבִּין גִילֶערִינְט , און לֶערְנִין גָאר פֶּער קֶעהְרְט וִויא יֶענִי , אַזוֹ אַז אָנְשְׁטָאט אַז דָאס גִיזֶעץ זָאלל אוֹיף אֵייבִּיג זַיין , הָאט עֶס גִימוּזְט זַיין אֵיינְס פוּן דִיא פֶּערֶענְדִירְלִיכְסְטִי זַאכִין פוּן דֶער וֶועלְט און דָאס הָאט נִיט אַמָאהל גִיקֶענְט בְּלַייבִּין אוֹיף צְווַייא דורות . אָבִּיר וִויא אִיז עֶס אַיין מֶענְשִׁין מִיגְלִיךְ צוּ גְלוֹיבִּין , אַז אַזוֹ אַיין גִיבָּאט וָואס אִיז גָאר כנגד דֶעם שכל זָאל פוּן גָאטט קוּמִין , אוֹדִיר אַז עֶר זָאל זַיין פאלק ישראל אִיבִּיר גֶעבִּין גִיבוּנְדִינִירְהֵייט דִיא הֶענְד און פִּיס , אִין דֶער מַאכְט פוּן אֵיין און זִיבִּיצִיג מֶענְשִׁין און וֶועט פוּן זַייא פֶּערְלַאנְגִין אַז זַייא זָאללִין אָן אַיין

שום

שום טעם זייא פָאלְגִין , אָן דֶעם אונְטֶערְשֵׁייד אויב זייא הָאבִּין רֶעכְט אוֹדִיר
אוּם רֶעכְט ? גְרָאד דִיא דָאזִיגֶע אִיבִּיר טְרִיבִּינֶע פְּרִיטֶענְסְיָעס רִירִין אוֹיף אַיין
פֶּערְדַאכְט אוּנ מַאכְט צוּ נִישְׁט דָאס וָואס מַאן גְלוֹיבְּט אָן דִיא וָואס מַאכִין
דָאס . זייא וַוייזִין זִיךְ אַרוֹיס אַז זייא ווִילִין הֶערְשִׁין גָאר אָן אַיין גבול און
זייא הָאבִּין מֶעהר גִירוּךְ אַז זייא יָאגִין זִיךְ נָאךְ , נָאךְ כבוד , וִויא נָאךְ
פְּרוּמְקַייט . עֶס אִיז גִיוִויס דֶער חברה פוּן סנהדרין דִירָאן זייֶער גִילֶעגִין
גִיוֶועזִין , אַז זייא זָאלִין דִיא יכולת הָאבִּין , דִיא תקנות פוּן דִיא וָואס זֶענִין
פַאר זייא גִיוֶועזִין צוּ צוּוַארְפִין ; וָוארִין אִין אַזֶעלְכֶע אופנים הָאט דִי תורה
נִיט גִיקֶענְט זייאִירֶע אֵייגִינֶע פְּלַאנִין קֵיין מָאהל אִין וֶועג שְׁטֶעהִין . דָאס
זֶעלְבִּיגֶע הָאט גִימֶענְט פְרִיהִיר דֶערְקְלֶעהרְט אוֹדִיר פֶערְשְׁטַאנְדִין זַיין וִויא
עֶס ווִיל זִיךְ , הָאבִּין זייא גִיהַאט דִיא מַאכְט , אַיין נַייאִי דֶערְקְלֶערוּנְג צוּ
גֶעבִּין , כדי זייאִירֶע אֵייגִינֶע תכליתים נָאךְ צוּ יָאגִין . עֶס אִיז באמת צוּ
בִּיוואוּנְדִירִין ווִיא דִיא יודִין הָאבִּין גִיקָאנְט זִיךְ לָאזִין אוּנְטִיר גֶעהִין מִיט
אַזוֹ אַיין גְרָאבִּי גִינַארִירַייא ! אַיין קִינְד וָואלְט שׁוֹין מוּזִין אִין שְׁטַאנְד זַיין
אַיין צוּ זֶעהִין אַז גָאטט וָואלְט קֵיין מָאהל נִיט גִיקָאנְט פֶערלַאנְגִין , אַז אַיין
מֶענְשׁ זָאל זִיךְ זַיין פֶערְשְׁטַאנְד מיאש זַיין אוּן צְוֵוייא זַאכִין וָואס זֶענִין זִיךְ
פּוּנְקְט סותר זָאלל מַאן גֶעהמִין פַאר וַוארְהַייטִין . דִיא עֶפִּינְטְלִיכְקֵייט
פוּן דֶעם פֶערְקֶעהרְטִין זִינִין פוּן דֶער דָאזִיגִיר לֶערְנוּנְג אִיז אַיין גִינוּגִינְדִיר
בִּיוַוייז , אַז דִיא גִיבְּרַאכְטֶע שְׁטֶעלִי פוּן ספר דברים פוּן תורת משה אִיז
פַאלְשׁ פֶערְשְׁטַאנְדִין אוּן שְׁלֶעכְט אָן גִיוֶוענְדִיט , אַזוֹ וִויא עֶס וֶועט זִיךְ שׁוֹין
דָא אוֹיס וַוייזִין פוּן אַיין גִישְׁוִוינְדִין בִּיטְרַאכְטוּנְג , אַז דֶער פסוק בִּיצִיהִיט
זִיךְ אִיבִּיר הוֹיפְּט גָאר נִיט אוֹיף דִיא סנהדרין . דָאס גִיבָּאט זָאגְט : „און
דוּ זָאלְסְט קוּמִין צוּ דִיא כהנים , דִיא ל ו י ם און צוּ דֶעם ר י כ ט י ר וָואס
וֶועט זַיין אִין דִיא זֶעלְבִּיגֶע טֶעג , און דוּ זָאלְסְט פָארְשִׁין ;״ עֶס וֶוערְד דָא
נִיט גִיזָאגְט , צוּ דִיא רִיכְטִיר ה ש ו פ ט י ם , נַייאִירְט צוּ דֶעם רִיכְטִיר
ה ש ו פ ט . דִיא דָאזִיגֶע הֵייסְט משה פָאלְגִין אָבִּיר נִיט דִיא סנהדרין , און
באמת מחמת אַיין גוּטִין טעם , וַוייל אַזוֹ וִויא מִיר הָאבִּין אוֹיבִּין גִיוִויזִין אַז
דִיא כהנים דִיא לוים הָאבִּין גִיקֶענְט אִין דִיא א ו ר י ם ו ת ו מ י ם אַיין מִיטֶל
שְׁטֶענְדִיג אַיין אמתין עֶנְטְוִויר אוֹיס צוּ גֶעבִּין . עֶס אִיז גִיוֶועזִין דָאס עֶרְשְׁטֶע
רֶעכט פוּן דִיא ישראל , אִין שְׁטַאנְד צוּ זַיין בִּישַׁיינְפִּירְלִיךְ בַּייא גָאטט
זֶעלְבִּירְט אַיין עצה זִיךְ צוּ הַאלְטִין , און דַארִיבִּיר אִיז גַאנְץ נַאטִירְלִיךְ
גִיוֶועזִין , אַז מַאן הָאט אָן אַיין בִּידִינְג גִידַארְפְט מקיים זַיין דִיא גִיבָּאט פוּן
דֶעם אַלְמַאכְטִיגִין . אַזֶעלְכֶע משפטים זֶענִין דוּרְךְ אוֹיס אוּם פֶּער עֶנְדִירְלִיךְ

גיוועזין

גיוועזין, וויא גאטט איז זעלבירט, ווארין "גאטט איז ניט איין מענש אז ער זאל ליגין זאגין, ער איז אויך ניט איין מענשין זון אז ער זאל זיך בידיינקין," און קיין פערשטענדיגיר מענש וועט ניט האבין דיזאן גידאנקט, אין שטאנד צו זיין אום צו שטויסין אזו איין משפט. יעני ווערטיר קענין אום מיגליך גימיינט זיין אויף איין ב"ד, וואס ער איז אין ריכטין ביטריגליך און אין זייני דמיונות אויך אזו פער ענדירליך, וויא דיא מענשין, דיא וואס זענין דאס בית דין; ווען אביר פון דעם דאזיגין פסוק איז דא קיין ראיה ניט צו ברייגגין, אזו איז קיין אנדירי שטעלי ניט פערהאנדין אין דער היילגיר שריפט, דיא וואס זאל אונז אויף פאדירין דיא דינים פון דיא סנהדרין, אזו אנצונעהמין, אזו וויא זייא ווארטין פון גאטט גיקומין, און אין דער תורה שבעל פה גיפינד זיך אויך ניט נאך אזו איין שטעלי, ווארין דאס דאזיגי איז דיא משמעות אז יעניר בית דין קאן זיך בודאי תעה זיין. דרום האט דיא בישטעטיגונג פון דעם נייאין ארדין און דיא נייאי אמונה פון דיא רבנים, וואס קומט ארויס פון דיא סנהדרין, גאר קיין קראפט פון איין ביוויז ניט; ווארין איין מאהל ביפעהלט אונס דיא היילגי שריפט ניט, צו גלויבין אז זיא זאל אייביג רעכט האבין, און דען, זאגין זייא אונס זעלבירט, אז זייא קענין אפט מאהל אום רעכט האבין, און דאריבער קענין זייא אין זייאירי הסכמות אויף דיא רבנים גאנץ אום גירעכט זיין. דער אמת איז אביר, אז ניט דיא היילגי שריפט און ניט דיא גישיכטי לאזין אונס ערגינץ עפיס צו, אז מיר זאלין האבין צו ביאבכטין דיא סנהדרין אזו וויא איני איינריכטונג פון משה. ערשטליך איז דאס זעלביגי ניט איין אייגציגין מאהל אין דער תורה אודיר אין דיא נביאים דער מאנט. דאס ווארט סנהדרין איז אויף גריכיש, און אזו וייט וויא עס גייט אן, וועט עס אונס פיהרין אויף דיא גידאנקין, אז דער דאזיגיר בית דין איז ערשט אויף גיריכטיט גיווארין אין עטליכי צייטין נאך דעם וויא דער אנדירער בית המקדש איז אויף גיבויט גיווארין און נאך דעם וויא דיא גריכין האבין דאס לאנד איין גינומין וויא דיא יודין זענין שוין ביקאנט גיוועזין מיט דעם גריכישין לשון; יוא, עס וואלט אונס אפילו גיקענט אויף דיא גידאנקין פיהרין, אז דיא סנהדרין זענין פון גריכישי גיזעצגעבירס גיגרונדעפעסטיגט און זייא האבין זייא דעם נאמין סנהדרין גיגעבין. ווען דאס ווארט פון משה איין איינשטעלונג גיוועזין, וואלטין דיא יודין זעלבירט, וואס זייא האבין איין גוטין טעם גיהאט דיא גריכין פיינד צו

האבין

דָאבִּין ,.קיין מָאהל ,זייא.קיין גְרִיכִישֶׁן נָאהמִין נִיט גִיגֶעבִּין , און אפיל וֶוען דִיא גְרִיכִין וָואלְטִין אַיין יודִישֶׁין בית דין , דֶער וָואס אִיז פון פְּרִיהִיר גִיוֶועזִין , גירופִין מִיט דֶעם דָאזִיגִין נָאהמִין , וָואלְטִין דִיא יודִין אִיהם נִיט גִיהַאט אָן גִינומִין . באמת אִיז פֶּערְהַאנְדִין פַאר דֶער דָאזִיגִיר גִירִיכְטְס אוֹיבְּרִיגְקַייט אוֹיף לשון הקודש אוֹיךְ אַיין נָאהמִין , בית דין הגדול, (דָאס גְרוֹיסִי הויז פון דָאס גִירִיכְט) : נור וֶוען דָאס דָאזִיגִי וָואלְט דֶער עֶרְשְׁטִיר עיקר נָאהמִין גִיוֶוזִין , אַזוֹ שַׁיינְט עֶס גָאר נִיט פַאר אמת אַז דֶער גְרִיכִישִׁיר נָאהמִין זָאל אִיהם הָאבִּין פֶער דְרִיקְט , וָואס בשעת וֶוען דִיא סנהדרין זֶענִין גִיוֶועזִין אַיין גְרִיכִישִׁיר אַיין שְׁטֶעלוּנְג , אִיז גָאר .קיין וואוּנְדִיר נִיט , אַז דֶער דָאזִיגִיר נָאמִין אִין אוֹמִידוּם גִיבְּרוֹיכְט גִיוָוארִין , אוֹדִיר אַז עֶר אִיז אוֹיךְ אִין לשון הקודש אִיבִּיר גִיטְרָאגִין גִיוָוארִין . דֶער נָאמִין אוֹיף לשון הקודש בִּיוַוייזְט נִיט מֶעהר וִויא דֶער גְרִיכִישִׁיר וִויא אַלְט עֶס אִיז , וָוארִין עֶר קוּמְט אוֹיךְ .קיין אֵיינְצִיגִים מָאהל אִין דֶער הֵיילִיגִיר שְׁרִיפְט נִיט אַפָּאר , אוּנ עֶס וָואלְט דָאךְ באמת זַייעֶר וואוּנְדִירְלִיךְ גִיוֶועזִין , אַז וֶוען דֶער דָאזִיגִיר בית דין וָואלְט שוֹין פוּן משהס צַייטִין גִיוֶועזִין זָאל עֶר.קיין מָאהל נִיט זַיין דֶערְמָאנְט גִיוָוארִין . דָאס הוֹיכִי פֶּערְלַאמֶענְט אִיז אִין דֶער גִישִׁיכְטִי פוּן עֶנְגְלַאנְד נִיט גְרֶעסִיר אַפָּאר גִישְׁטֶעלְט , אַז וִויא דָאס סנהדרין וָואלְטִין מוּזִין אַפָּאר גִישְׁטֶעלְט וֶוערִין אִין דֶער גִישִׁיכְטִי פוּן ישראל , וֶוען עֶס וָואלְט וִוירְקְלִיךְ בִּישְׁטַאנְדִין גִיוֶועזִין , וִויא זָאלְלִין מִיר עֶס אִיצוּנְד דֶערְקְלֶערִין , אַז נִיט דִיא גִישִׁיכְטִי שְׁרַייבִּירְס און אוֹיךְ נִיט דִיא נביאים פוּן ישראל מַאכִין נִיט אפילו נור דִיא וַוייטִירְסְטִי אַנְמֶערְקוּנְג אוֹיף דֶעם אַז סנהדרין זָאלִין זַיין ? וֶוען דִיא רבנים זָאגִין דִיא וַוארְהַייט , אַזוֹ זֶענִין דִיא נביאים , און כהנים גדולים , און דִיא מלכים פוּן ישראל נור וִויא אַיין נולל (וִויא נִישְׁט) גִיוֶועזִין אַקֶעגִין דִיא סנהדרין , וָוארִין דִיא דָאזִיגִי הָאבִּין גִיהַאט דִיא אוֹיבִּירְשְׁטִי מַאכְט אִיבִּיר יֶענִי אַלִי און הָאבִּין זַייא גִיקֶענְט צִיהִין צוּם חוקר ודורש זַיין (אִינְדִיגַאצִיֶע) , זַייא משפטין און לָאזִין ממית זַיין ; און פוּן דֶעסְט וֶועגִין וֶוערִין זַייא אִיטְלִיכִים אוֹיגִין בְּלִיק דִירְמַאנְט , וָואס דִיא סנהדרין וֶוערִין אַרִיבִּיר גִיגַאנְגִין פוּל מִיט שְׁטִיל שְׁוַוייגִין פוּן גִיהֵיימִינִיסִין (סודות) . עֶס אִיז פֶּער הַאנְדִין צְוַוייא ספרים פוּן מלכים (מלכים א׳ , און מלכים ב׳ ,) צְוַוייא ספרים פוּן דברי הימים (דברי הימים א׳ , און דברי הימים ב׳) אִין וֶועלְכִי עֶס שְׁטֶעהִיט דִיא גִישִׁיכְטִי פוּן דִיא קִינִיגְלִיכִי גִיזֶעצְגֶעבִּירְס פוּן ישראל ; אָבִּיר דִיא סנהדרי גדולה פוּן דָאס פאלק , דִיא גִיזֶעץ גֶעבִּירְס פוּן דִיא מלכים און דִיא כהנים , דִיא גְרוּנְד

שְׁטֵיינִיר פון דֶער תורה, דיא זַאיילִין פון דֶער אמונה הָאבִּין קֵיין מָאהל אפילוּ נוּר על פי מקרה קֵיין בּימֶערְקוּנְג נִיט בִּיקוּמִין ׃ אִיז עֶס דֶען אִיבִּיר הויפְּט אַיין שַׁיין פון אמת ? צִיא וָואלְט עֶס דֶען מִיגְלִיךְ גִיוֶועזִין אֵיינִי גִישִׁיכְטִי פון דֶער עֶנְגְלִישִׁי פֶערְפַאסוּנְג צוּ שְׁרַייבִּין, אָן דֶעם אפילו נוּר חָאטְשִׁי אַיין אֵיינְצִיגִין מָאהל צוּ דֶער מַאהנִין אַז דָאס מִינִיסְטֶערְיוּם אִיז פֶערְהַאנְדִין ? און פון דֶעסְט וֶועגִין אִיז דָאס דָאזִיגִי, וָואס לאוּט וִויא דִיא רבנים זָאגִין, בִּיגֶעגִינְט דֶעם בִּישְׁטֶעהִינְדִיגִין טְהֵייל גִישְׁרִיפְצִין פון דִיא ישראל וָואס עֶס אִיז פֶערְהַאנְדִין, וַוייל נִיט דֶער גִיזֶעץ גֶעבִּיר, און נִיט דִיא גִישִׁיכְטִי שְׁרַייבִּירְס, און אויךְ נִיט דִיא נביאים הָאבִּין אֵיין וָוארְט דֶער פון גִיזָאגְט.

דִיא רבנים הָאבִּין גִיפִיהלְט וִויא נֵייטִיג עֶס אִיז, אֵיינְס אוֹדִיר דָאס אַנְדִירִי אִין תורה שבכתב אַרוֹיס צוּ גִיפִינְדִין וָואס עֶס זָאל אוֹיס זֶעהִין גְלַייךְ צוּ אֵיין אַנְדִירֶעקֶענוּנְג אוֹיף סנהדרין, און הָאבִּין דַארִיבִּיר צְוֵוייא שְׁטֶעלִין פֶעסְט גִיהַאלְטִין, וֶועלְכִי, וִויא זֵייא מֵיינִין, וָואלְטִין קֶענִין פַאר זֵייאִיר זַאךְ אַיין פּעוּלה זַיין. אֵיינִי אִיז דִיא וָואס מִיר הָאבִּין שׁוֹין אוֹיבִּין גִיבְּרַאכְט ׃ „און דוּא זָאלְסְט קוּמִין צוּ דִיא כהנים, דִיא לוים, און צוּ דֶעם רִיכְטִיר וָואס וֶועט זַיין אִין דִיא זֶעלְבִּיגִי טֶעג״. מִיר הָאבִּין שׁוֹין אוֹיבִּין גִינוּג גִיזָאגְט, אוּם צוּ וַוייזִין, אַז דִיא דָאזִיגִי שְׁטֶעלִי אִיז דָא גָאר נִיט גִיפַּאסְט ; דָא וִוילִין מִיר נָאךְ אַיין בִּימֶערְקוּנְג צוּ זֶעצִין, דִיא וָואס אִיז שׁוֹין פַאר זִיךְ אַלֵיין בִּישֵׁיידִיט, דָאס אִיז, אַז דֶער חיבּוּר פון דִיא סנהדרין, וִויא עֶס וֶוערְד אִין דֶער תורה שבעל פה בִּישְׁרִיבִּין, וַוייכְט גָאר אִין גַאנְצִין אָב פון דִיא אוֹפנים, וָואס זֶענִין אִין דֶעם דָאזִיגִין בִּישְׁרִיבִּינְגִין אָרְט אוֹיף גִישְׁטֶעלְט. דִיא תורה שבעל פה זָאגְט אַזוֹ ׃

ומצוה להיות בסנהדרין גדולה כהנים ולוים שנאמר ובאת אל הכהנים הלוים. ואם לא מצאו אפילו היו כולם ישראלים הרי זה מותר ׃

„און עֶס אִיז אַיין מצוה אַז עֶס זָאל זַיין אִין דִיא גְרוֹיסִי סנהדרין כהנים, און לוים ׃ וָוארִין עֶס שְׁטֶעהִיט אִין פסוק ׃ „און דוּ זָאלְסְט קוּמִין צוּ דִיא כהנים, דִיא לוים״ ; וֶוען מֶען גִיפִינְד אָבִּיר נִיט, אפילוּ וֶוען אַלִי זֶענִין ישראלים אַזוֹ אִיז מוּתר (אַיין צוּ שְׁטֶעלִין דִיא סנהדרין פון זֵייא).״ (הלכות סנהדרין פרק ב׳, משנה ב׳). נָאךְ דֶער דָאזִיגִיר שְׁטֶעלִי נָאךְ הָאבִּין דִיא סנהדרין גִימוּזְט פון דְרַייא קְלַאסְסִין מֶענְשִׁין בִּישְׁטֶעהִין, פון כהנים, און לוים, און ישראלים. משה אָבִּיר זָאגְט גָאר קֵיין וָוארְט פון לוים נִיט, אַז זֵייא זָאלִין פון אַיין אָב גִישֵׁיידִינִיר קְלַאסְסִי פון דִיא כהנים

זיין ; זייני װערטיר זאגין : „און דו זאלסט קומין צו דיא כהנים , דיא לוים, ער זאגט ניט דיא כהנים און דיא לוים" , ביארט „דיא כהנים דיא לוים", װאס דער פון איז קלאר דיא משמעות , אז ער שמוהיסט פון דער איינער קלאסי דיא זין פון לוי (בני לוי) װעלכי עס האבין גיהאט דאס אמט פון כהונה , אביר ניט פון דער אנדירער קלאססי , דיא װאס זענין דיא לוים אנגירופין גיװארין . דאס דאזיגי איז איין אבקעהרונג . דיא צװייטי זאך איז גלייך צו דער דאזיגיר , אין אזו װייט װאס זיא האט אויך איין איינין ווילינין צו זאץ , דער מיט , אז ישראלים זאלין אויך חבירים זיין אין יענים בית דין , װאס משה האט פון זייא אויך אזו װעניג עפים דערמאנט , אזו װיא פון דיא לוים . אחוץ דיא כהנים דערמאנט משה נור נאך דעם ריכטיר , השופט , ניט דיא ריכטיר , אזו , אז װען דער ריכטיר איז גיװעזין איין ישראל , האט העכסטינס גיקענט איין ישראל צװישין דיא יעניגי , װאס משה האט זייא ביצייכינט פאר דיא העכסטי אפעלאציאנס גיריכט (סאנד אפעלאציני) פאר דיא ישראל ; װען אביר דער ריכטיר , איז זעלבירט איין כהן גיװעזין , אזו איז ביי יענים בית דין ניט אמאהל איין ישראל גיװעזין , ביארט דער זעלביגיר ב"ד איז ניט מער װיא פון לויטיר כהנים צו זאמין גיזעצט גיװעזין , דאריבער קאן ער אויך ניט דער זעלביגיר זיין װאס דיא סנהדרין זענין גיװעזין , װעלכי עס האבין גימוזט בישטעהין פון אלי דרייא קלאססין , דריטינס זאגט דיא תורה שבעל פה , אז , װען דאס סנהדרין האט אפילו ניט איין כהן צװישין זייארי חברים , ביארט זייא זאלין בישטעהין פון לויטיר ישראלים , איז עס דאך רעכט , עס קאן נאך דעם נאך דער דאזיגיר בית דין קיין מאהל ניט איינס זיין מיט דעם , פון װעלכין משה זאגט : „און דו זאלסט קומין צו דיא כהנים , דיא לוים און צו דעם ריכטיר , " װייל דער דאזיגיר האט קיין מאהל ניט מעהר װיא העכסטינס איין ישראל צװישין זיך גיקענט האבין , זינסט אביר האט עס גימוזט בישטעהין אויס לויטיר כהנים , און צו דער צייט פון עלי איז עס טאקיש װירקליך פון לויטיר כהנים בישטאנדין – װאס אין דעם בית דין פון דיא רבנים האט עס ניט איין איינציגין כהן גידארפט . פאר װאר דיא רבנים האבין גימוזט בייא זייארי תלמידים פאר אויס זעצין איין הוכי מאס פון לייכט גלויביגקייט ; װארין דער יעניגיר , װאס ער גלויבט זייארי ביהויפטונגין װאלט ער אויך מוזין גלויבין , אז שװארץ איז װייס, אודיר װיא רש"י זאגט אז זיין רעכטי האנד איז דיא לינקי און זיין לינקי איז דיא רעכטי . און

דאס

דאס דאזיגי דער ווארטיט דאס גייארי יודישקייט ווירקליך און ביפעהלט עס אפילו גאר אויס דריקליך, אין דעם פירוש פון רש"י אויף די ווערטיר: „דוא זאללסט ניט אב קערין פון דעם ווארט, וואס זייא וועלין זאגין צו דיר, צו דיא רעכטי האנד אודיר צו דיא לינקי האנד," (דברים י"ז פסוק י"א) וועלכי ווערטיר, וויא מיר האבין גיזעהין, דיא רבנים ביציהין אויף דיא סנהדרין, זאגט ער:

אפילו אומר לך על ימין שהוא שמאל ועל שמאל שהוא ימין:

„אפילו, ווען ער זאגט דיר אויף דער רעכטי האנד, אז זיא איז דיא לינקי, און אויף דער לינקי, אז זיא איז די רעכטי." מילא מענשין, וועלכי דר ווארטין פון זייארי מיט מענשין אז זיי זאלין אזו ניט בינוצין דעם גיברויך פון זייאיר אייגינים פערשטאנד, האבין אלץ גיקענט ביהויפטין וואס זייא האבין נור גיוואלט, און אזו האבין זייא אויך גיקענט ביהויפטין, אז איין בית דין, דער וואס איז בישטאנדין פון לויטיר כהנים, און איין בית דין, וואס עס האט דערינין קיין כהן ניט גידארפט זיין, זענין זייא אלץ איינס און דאס זעלביגי. ווייל מיר ווילין זיך אביר פון אונזיר פערשטאנד ניט מיאש זיין, דעם וואס מיר האלטין פאר איין איידילי מתנה פון גאטט ב"ה אזו קענין מיר ניט אנדירש האלטין, וויא אז צווישין דיא ביידי בתי דינים איז אזו איין חילוק וויא פון טאג צו נאכט, און מיר גלויבין אז דיא איינשטעלונג פון משה קאן גאר ניט דינין פאר איין ערלויבניש אויף דיא איינשטעלונג פון דיא סנהדרין. באמת ביווייזט אונס זייאיר גינוג דיא גרויסי פערלעגינהייט פון דיא רבנים, וואס זייא האבין ניט גיקענט איינע אודיר דיא אנדירי שטעלי ארויס גיפינין, אויף וועלכי זייא זאלין זייארי ערפינדונגין שטיצין, אזו וויא דיא נישטיגקייט דירפון וואס זייא האבין זיך אן גיהאפט אן דער שטעלי וואס איז שוין פיל מאהל דער מאנט, אז דיא סנהדרין זענין אויף קיין פאלל קיין איינריכטונג פון משה ניט גיוועזין. עס איז אויך אזו אום מיגליך, אז עס זאלל האבין גיקענט זיין צווייא העכסטי בתי דינין, אזו וויא, אז איין מענש קאן האבין צווייא קעפף, משה האט איין העכסטין בית דין איין גישטעלט, פון וועלכין עס האט שוין מעהר ניט גיקענט גיאפעלירט ווערין, אזו וויא עס איז קלאר דיא משמעות פון דיא ווערטיר: „און דוא זאללסט קומין צו דיא כהנים, דיא לוים, און צו דעם ריכטיר", און מיר האבין גיוויזין, אז דער דאזיגיר בית דין איז ניט איין ערלייא גיוועזין מיט דיא סנהדרין. מילא אז אביר, וויא דיא רבנים זאגין, אז דיא סנהדרין זענין גיוועזין איין העכסטיר

בית

בית דין, אַזוֹ וָואלְט עֶס מוּזִין נוֹיט וֶוענְדִיג, וֶוען דֶער דָאזִיגִיר בית דין וָואלְט בִּישְׁטַאנְדִין, צְוֵוייא הֶעכְסְטִי בתי דינים זַיין גִיוֶועזִין, דִיא וָואס זֶענִין אֵייני פוּן דִיא אַנְדִירִי טַאקִיש גָאר נִיט אָבּ הֶענְגִיק גִיוֶועזִין, וָואס דָאס אִיז דָאךְ עֶפִּינְטְלִיךְ גָאר אוּם מִיגְלִיךְ. עֶס אִיז אפילו קיין מֶענְשְׁלִיכִין גִיזֶעץ גֶעבִּיר קיין מָאהל נִיט אִין דֶעם זִינִין אַריין גִיקוּמִין, זִיךְ צוּ פֶערְשׁוּלְדִיגִין מִיט אַזוֹ אַיין ווִידִירְזִינִין, אוּן עֶס וָואלְט גִיוֶועזִין אֵייני בִּילֵיידִיגוּנְג אַקֵייגִין דִיא חכמה פוּן דֶעם אַלְמֶעכְטִיגִין, וֶוען מַאן זָאל אָן נֶעהמִין, אַז עֶר הָאט דָאס זֶעלְבִּיגִי אִין זַיין תורה הֵיילִיג בִּישְׁטֶעטִיגְט. דֶער דָאזִיגִיר אֵיינִיר בִּיוַוייז אִיז אַלְלֵיין שוֹין גִינוּג, אוּם דִיא לֶערְנוּנְג פוּן דִיא סנהדרין, וִויא זִיא וֶוערְד אַפָּאר גִיבְּרַאכְט אִין דֶער תורה שבעל פה, אוּם צוּ וַוארְפִין, וַוייל דָאס זֶעלְבִּיגִי אִיז נִיט נוּר משה אוּם בִּיקַאנְט, נַייאִירְט זִיא אִיז זַייני אֵייגִיני אַיינְרִיכְטוּנְגִין פוּנְקְט גָאר כנגד.

פוּן דֶעסְט וֶועגִין אִיז דֶער דָאזִיגִיר טְהֵייל פוּן דֶער תורה שבע״פ זֵייאִיר וִויכְטִיג וַוייל עֶר בִּיוַוייזְט דִיא גַאנְצִי אוּם בַּאכְטוּנְג, אוֹדִיר פִיל מֶעהר דִיא גַאנְצִי פֶער אַכְטוּנְג, וֶועלְכִי דִיא רבנים הָאבִּין גִיהַאט אַקֵייגִין דִיא אַיינְשְׁטֶעלוּנְג פוּן משה, אוּן דִיא בִּיוֶועג גְרוּנְדִין (דִיא טעמים) דוּרְךְ וֶועלְכִי זֵייא זֶענִין גִיפִיהְרְט גִיוָוארִין. משה הָאט אֵיינִים הֶעכְסְטִין בית דין אַיין גִישְׁטֶעלְט, דֶער וָואס זָאל בפירוש נוּר פוּן כהנים בִּישְׁטֶעהִין אוּן זֵייא זָאלִין זַיין פֶערְבּוּנְדִין מִיט דֶעם דֶענְסְמָאלְטִיגִין אוֹיבִּירְשְׁטִין בִּירְגִירְלִיכִין גִיוֶועלְטִיגִיר. דִיא רבנים הָאבִּין נִיט נוּר נִיט גִיהָארְכְט דִיא גִיבָּאט פוּן משה נַייאִירְט הָאבִּין אפילו גָאר זַיין אַיינְרִיכְטוּנְג מבטל גִיוֶועזִין אוּן אַיין אַנְדִירִים אוֹיף זַיין אָרְט אַיין גִישְׁטֶעלְט. מן הסתם זֶענִין זֵייא דֶער צוּ אִין יֶענִיר צַייט דוּרְךְ דֶער מהומה גִיבְּרַאכְט גִיוָוארִין, וָואס עֶס אִיז גִיקוּמִין מחמת דִיא גְרִיכִין הָאבִּין אַיין גִינוּמִין. דִיא גְרִיכִין וָואס זֵייא הָאבִּין זִיךְ אוּם משה אוּן זַייני גִיזֶעץ וֵוייניג בִּיקִימִירְט, הָאבִּין נַאטִירְלִיךְ נִיט גִיאַכְטִיט נִיט אוֹיף דִיא כהנים אוּן נִיט אוֹיף דֶעם בִּירְגְלִיכִין גוּבֶּערְנַאטָאר, אוּן וַוייל זֵייא הָאבִּין דָאס לַאנְד אַיין גִינוּמִין, הָאבִּין זֵייא זֵייאִיר אֵייגִיני גִירִיכְטְס אוֹיבְּרִיגְקַייט אַיין גִישְׁטֶעלְט, וָואס אִיז נִיט בִּישְׁטַאנְדִין פוּן אַזֶעלְכִי מֶענְשִׁין, וֶועלְכִי משה הָאט דֶער צוּ בִּישְׁטִימְט, נַייאִירְט פוּן אַזֶעלְכִי, אַזוֹ וִויא זֵייא הָאבִּין זֵייא גִיקֶענְט אַרוֹיס גִיפִינִין. אִין אמת אִיז עֶס גִיוֶועזִין אֵיין נַאטִירְלִיכִי הכמה פוּן זֵייאִיר ממשלה, אַז כדי זֵייאִיר אֵייגִיני הֶערְשַׁאפְט צוּ זִיכִירִין, הָאבִּין זֵייא דִיא יֶענִיגִי דֶער וַוייטִירְט דִיא וָואס הָאבִּין פְרִיהִיר דִיא הנהגות פוּן דֶער רֶעגִירוּנְג גִיפִיהְרְט. מֵילָא דֶער דָאזִיגִיר נַייאִיר אוֹיבְּרִיגְקַייט הָאבִּין

זייא

זייא מחמת דעם איין גריכישין נאמין גיגעבין, ווייל זייא האבין זייא אין זייאיר אייגיני שפּראך גינאנט „סענאטארין", אודיר וויא דיא גמרא שרייבט עס „סנהדרין." דיא יודין וואס זייא האבין פאר חברים דער צו אויס דערוויילט, איז גיפעלין גיוועזין זייאירי איביר גיענטוורטי גיוועלטיגונג, און זייא האבין זיך דעריבער בימיהט, בשעת דיא גריכין זענין אוועק גיצויגין, דאס זעלביגי אויף אייביג צו בּיגרונדין, ווייל זייא האבין אביר אין דער תורה שבכתב קיין הסכמה דער צו ניט גיקענט ארויס גיפינין, אזוי האבין זייא דערקלערט, אז דיא דאזיגי איינשטעלונג איז גיוועזין איין טהייל פון דער תורה שבע"פ, און פון וועגין זייאיר אייגיני גייציגקייט צו כבוד, האבין זייא אזוי דיא תורת משה מיט דיא פּיס גיטרעטין. דאס דאזיגי איז דיא אמתי גישיכטי פון דעם וואס דיא סנהדרין זענין אויף גיקומין; עס מעג זיין וויא עס וויל זיך, אזוי פיל איז עס גיוויס, אז דס זעלביגי איז גיוועזין איין גראדיר אקייגין זאץ כנגד דעם ב"ד וואס פון משה איז איין גיזעצט גיוועזין, און אז עס איז נור די זוכט פון הערשאפט גיוועזין, וואס עס האט דיא רבנים פאר פיהרט, דאס זעלביגי פאר היילגי איינשטעלונג צו האלטין. זייא האבין דער דורך ארונטער גידריקט דיא מאכט פון דיא כהנים און דעם ציווילנים אויבירשט און זענין טאקיש גיווארין דיא דיקטאטארין (מחוקקים) פון דיא יודישי גימיינדין. מילא איין אויבריגקייט פון שופטים, דיא וואס איז פון אזעלכי ביוועג גרונדין גיפיהרט גיווארין, און האט אזוי עפינטליך דיא גיבאט פון משה אום גישטירצט, קאן פאר אזוי איינים וואס ער האלט פאר דער אלטיר אמונה קיין ביוייז ניט געבין אז דיא רבנים זאלין דארפין דיא ממשלה האבין. באמת מוז דיא בישטעטיגונג פון אזו איין מחנה נור פיהרין צו דעם ביוייז, אז דיא תורה שבעל פה און דיא רבנים זענין דיא פיינד פון משה גיוועזין. דיא תורת משה האט גימוזט צום ערשטין גישטירצט ווערין, ביפאר דיא סנהדרין האבין גיקענט אויף גיריכטיט ווערין, און דאס דאזיגי איז גיגרונדיט גיווארין אויף דעם אונטיר גאנג פון דאס ערשטי.

עס פעהלט אונס דא פּלאץ, אז מיר זאלין דערינין איין געהין דיא אנדירי שטעלי הוקר ודורש צון זיין, וואס דיא רבנים ברייגין צום ביוייז אויף דער מאכט פון דיא סנהדרין; מיר האפין אביר עס צו טהון אין דעם נומר וואס נאך דעם וועט קומין, ניט אז עס זאל נאך איין ביוייז בידארפין, נייארט פראקטא דארום, ווייל עס איז אונזיר ערינסטיר וואונש, אז דאס פאלק ישראל זאל איין זעהין, וויא זייער דיא רבנים

זֶענִין אִין פֶּערְלֶעגֶענְהַייט גִיוֶועזִין , אפילו נוּר אַיין שַׁיין פוּן בְּיוַויז פַּאר אַיין יסוֹד צוּ זֵייאִיר גַאנְצִין גִיבַּייא אַרוֹיס צוּ גִיפִינְין , דִי אֵיינְצִיגִי שְׁטֶעלִי וָואס אִיז אָפְּט דֶער מָאנְט פוּן דֶעם פִינְפְטִין ספר פוּן תורת משה אִיז אַלֵיין גִינוּג, אוּם צוּ בְּיוַוייזִין , אַז משה הָאט דִיא סנהדרין נִיט אַיינְגִישְׁטֶעלְט , אַז דָאס זֶעלְבִּיגִי מוּז גָאר להפך זַיין פוּן גִיוִויסִי שׂוֹנאִים פוּן דֶער תורת משה גִיגְרוּנְדְפֶעסְטִיגְט גִיוָוארִין אוּן אַז עֶס הָאט דֶענְסְמָאלְט פוּן דִיא יֶענִיגִי אַיין דוֹיאִיר הַאפְּטִין קיוּם בִּיקוּמִין , דִיא וָואס דָאס גַייצִיגְקַייט צוּ כבוד הָאט זֵייא דֶער צוּ גִיטְרִיבִּין , אַיין גִיוֶועלְטִיגוּנְג אַוֶועק צוּ רוֹיבִּין , דִיא וָואס משה הָאט עֶס אַנְדִירִי אַנְגִיטְרוֹיט . מִיר הָאבִּין אַזוֹ דֶער מִיט אַיין צְוֵוייטִין בְּיוַויז, אַז דָאס נַייאִי מָאדִישִׁי יוּדִישְׁקַייט הָאבִּין אפילו דִיא אוֹיס וֶועניגְסְטִי פָּארְמִי פוּן משהס ספרים צוּ נִישְׁט גִימַאכְט . משה הָאט אַיין בית דין אַיין גִישְׁטֶעלְט, וָואס זֵייא זֶענִין בִּישְׁטַאנְדִין פוּן כהנים דִיא לוים, אִין פֶּערְבִּינְדוּנְג מִיט דֶעם רִיכְטִיר (שׁוֹפט) דֶעם אוֹיבִּירְשְׁטִין צִיוִוילְנִים גִיוֶועלְטִיגִיר; דִיא רבנים אָבִּיר הָאבִּין פָּאר גִיצוֹיגִין אַיין טְרִיבּוּנַאל וֶועלְכִים עֶס אִיז גִיוֶועזִין אַיין גִישְׁטֶעלְט פוּן דִיא הֵיידִישִׁי גְרִיכִין , וַוייל דִיא דָאזִיגִי גְרִיכִישִׁי אַיין רִיכְטוּנְג הָאט אִיבִּיר גִיעֶנְטְווירְט דִי מַאכְט אִין זֵייאִיר אֵייגִינִי הֶענְד . מֵילָא אִיז קֵיין וואוּנְדִיר , אַז דֶער גָאט פוּן משה הָאט זֵייאִיר שְׁטָאט צוּ שְׁטֶערְט אוּן דִיא יֶענִיגִי בִּיטְרִיגִירַייא אַיין סוֹף גִימַאכְט , מִיט וֶועלְכִיר , מֶענְשִׁין וָואס זֶענִין גַייצִיג נָאךְ כבוד אוּן זֶענִין רשעים הָאבִּין זַיין פָּאלְק ישראל פֶּער נַארְט . —



# נתיבות עולם

## עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז

### דיא אלטי שטעגין.

### נומר מ״ד

דָאס סנהדרין אִיז, ווִיא מִיר הָאבִּין אִין אוּנְזִירִין לֶעצְטִין נומר גִיזָאגְט, דֶער יסוד, וָואס דִירוֹיף לִיגְט דִיא מַאכְט פוּן דִיא רבנים און דֶער גַאנְצִיר בּאוֹי פוּן דֶער אוֹיסְוֶועניגְסְטִי אִיבִּיר עֶנְטְווִירוּנְג בעל פה. אַז מַאן נֶעמְט דָאס דָאזִיגִי אַוֶועק, בְּלַייבְּט עֶס קֵיין שָׁאטִין פוּן אַיין בִּיוַוייז נִיט אִיבִּיר, אוּם דִיא יוּדִין צוּ פֶער עֶנְטְוִוירִין וָואס זֵייא הָאבִּין פֶער וָוארְפִין דִיא אמונה פוּן משה און זֵייאִיר צוּ נִישְׁט מַאכוּנְג דָאס גִישְׁרִיבִּינִי פוּן משה, דָאס דָאזִיגִי אָבִּיר הָאבִּין מִיר גִיטְהוּן: עֶס אִיז שׁוֹין רֶעכְט גִינוּג גִיזָאגְט גִיוָוארִין, כדי עֶס קְלָאר צוּ מַאכִין, אַז דָאס סנהדרין מִיט זַיינִים גְרִיכִישִׁין נָאמִין אִיז פוּן דִיא הֵיידִישִׁי גְרִיכִין אוֹיס גִיטְרַאכְט און גִיגְרוּנְדְפֶעסְטִיגְט גִיוָוארִין, און אוּם עֶס אַלְץ גִיוִויס אַנְדִיר צוּ שְׁטֶעלִין, אַז דָאס זֶעלְבִּיגִי אִיז דֶער הפך פוּן דֶעם הוֹיכִין בית דין וָואס משה הָאט אַיין גִישְׁטֶעלְט און דַארִיבִּיר אִיז עֶס נִיט אֵיינְס פוּן זַיינִי אַיינְרִיכְטוּנְגִין. מִיר הָאבִּין שׁוֹין אֵיינִי פוּן דִיא שְׁטֶעלִין מפורש גִיוֶועזִין וֶועלְכִי דִיא רבנים בְּרֵיינְגִין פוּן דֶער תּוֹרה, כדי צוּ בְּיוַוייזִין דִיא גֶעטְטְלִיכִי מַאכְט פוּן דִיא סנהדרין; וַוייל זֵייא הָאבִּין אָבִּיר באמת מִיט גְרוֹיסִיר מִיהִי, צְוַוייא שְׁטֶעלִין אַרוֹיס גִיזוּכְט, אַזוֹ וֶועלִין מִיר דָא אִיצוּנְד דִיא אַנְדִירִי בִּיטְרַאכְטִין. דִיא שְׁטֶעלִי אִין וֶועלְכִיר עֶס וֶוערְד גִיבְּרַאכְט, זָאגְט אַזוֹ ווִיא דָא שְׁטֶעהִיט:

כמה בתי דינין קבועין יהיו בישראל וכמה יהיה מנינן קובעין בתחלה ב״ד הגדול במקדש. והוא הנקרא סנהדרי גדולה ומניינם ע״א. שנא׳ אספה לי שבעים איש מזקני ישראל ומשה על גביהן שנא׳ והתיצבו שם עמך הרי ע״א.

„ווִיא פִּיל בִּישְׁטֶעטִיגְטִי בתי דינין זָאלִין זַיין אִין ארץ ישראל און ווִיא פִּיל זָאל זַיין דֶער צָאהל פוּן זֵייאִירִי חברים? (אִיז דֶער עֶנְטְוִיר) . צוּם עֶרְשְׁטִין מוּז דֶער גְרוֹיסִיר בית דין אִין בית המקדש אַיין גִיזֶעצְט וֶוערִין, און עֶס ווִירְד אָנְגִירוּפִין „דָאס גְרוֹיסִי סנהדרין,״ און דֶער צָאהל פוּן זֵייא אִיז אֵיין

און זִיבְּנְצִיג; וָוארִין עֶס שְׁטֶעהִיט אִין פסוק: „וַאמִיל אַיין צוּ מִיר זִיבְּיְנְצִיג מֶענִיר פוּן דִיא עֶלְצְטִי פוּן ישראל;" (במדבר י"א, פסוק ט"ז) אַזוֹ אִיז דִיא צָאהל אֵיין אוּן זִיבְּיְנְצִיג." (הלכות סנהדרין פרק א׳, הלכה ב׳) דָא הָאבְּין דִיא רבנים פַּאר וָואר דִיא צָאהל אֵיין אוּן זִיבְּיְנְצִיג אַרוֹים גִיפוּנִין; אָבִּיר אוּם צוּ בְּיוַוייזִין אַז דָאס אִיז דִיא סנהדרין גִימֵיינְט, וָואלְטִין זַייא עֶרְשְׁטְלִיךְ מוּזִין וַוייזִין, אַז דִיא דָאזִיגִי אֵיין אוּן זִיבְּיְנְצִיג מֶענִיר וֶוערִין נִיט צוּ טְהֵיילְט צְווִישִׁין דִיא שבטים, נַייאִירְט זַייא זָאלִין שְׁטֶענְדִיג אַלְץ אֵיין ב"ד צוּ זַאמִין בְּלַייבִּין; צְוֵוייטִינְס, אַז דֶער דָאזִיגִיר ב"ד זָאל אֵייבִּיג זַיין; דְרִיטִינְס, אַז דֶער זֶעלְבִּיגִיר ב"ד אִיז בִּישְׁטַאנְדִין פוּן משהס צַייטִין אָן, בִּיז צוּם חוּרבּן ירושלים, און לסוף פִּירְטִינְס, וָואס עֶס אִיז דָאס וִויכְטִיגְסְטִי פוּן אַלִים, אַז עֶר אִיז דֶער הֶעכְּסְטִיר בית דין גִיוֶועזִין; וָוארִין וֶוען אפילו דִיא עֶרְשְׁטִי דְרַייא פוּנְקְטִין וָואלְטִין גִיקֶענְט דֶער וִויזִין וֶוערִין, וֶועלִין זַייא פוּן דֶעסְט וֶועגִין אָן דֶעם דָאזִיגִין לֶעצְטִירִין נִישְׁט בְּיוַוייזִין. דָאס סנהדרין בִּיהוֹיפְּטִיט, דֶער הֶעכְּסְטִיר ב"ד צוּ זַיין, און דַארִיבִּיר וֶוען עֶס קָאן גִיט גִוויזִין וֶוערִין, אַז דִי פֶערְזַאמְלוּנְג פוּן זִיבְּיְנְצִיג עֶלְטִיסְטִי אִיז אַלְץ אֵיינְס מִיט דֶעם הֶעכְּסְטִין ב"ד, דֶעם וָואס משה הָאט בִּיצֵייכִינְט, גִיבְּט דִיא דָאזִיגִי שְׁטֶעלִי אַזוֹ וֵוייגִיג צוּ גִיווינִין וִויא דִיא עֶרְשְׁטִי. מֵילָא וָואס עֶס בִּיטְרֶעפְט דִיא עֶרְשְׁטִי דְרַייא פוּנְקְטִין, אַזוֹ אִיז נִיט אִין דֶער תורה און אוֹיךְ נִיט אִין דִיא נביאים עֶפִּיס דֶער פוּן גִיזָאגְט: אָבִּיר וָואס עֶס בִּיצִיהט זִיךְ אוֹיף דֶעם פִּירְטִין קֶענִין מִיר וַוייזִין, אַז יֶענִי זִיבְּיְנְצִיג עֶלְטִיסְטִי זֶענִין נִיט גִיוֶועזִין דֶער הֶעכְסְטִיר ב"ד פוּן דָאס פָאלְק. מִיר הָאבִּין אִין אוּנְזִירִין לֶעצְטִין נומר גִיוִויזִין, אַז דִיא הֶעכְסְטִי מַאכְט אִיז בִּיקְלֵיידִיט גִיוֶועזִין אוֹיף אַיין ב"ד וָואס אִיז בפירוש בִּישְׁטַאנְדִין פוּן לוֹיטִיר כהנים און אִיז פֶערְבּוּנְדִין גִיוֶועזִין מִיט דֶעם רִיכְטִיר (ה ש ו פ ט); דִיא זִיבְּיְנְצִיג עֶלְטִיסְטִי אָבִּיר, וָואס פוּן זַייא אִיז דָא דִיא רֵייד, זָאלִין אָן אַיין אוּנְטִיר שַׁייד פוּן דִיא שבטים פוּן דִיא ישראל אוֹיס גִיקְלִיבִּין וֶוערִין: דַארִיבִּיר זֶענִין זַייא נִיט גִיוֶועזִין דֶער הֶעכְסְטִיר ב"ד און אַזוֹ נָאךְ דֶעם הָאבִּין זַייא קֵיין הברותא נִיט מִיט דֶעם אוֹפן פוּן סנהדרין, וֶועלְכִי עֶס הָאבִּין בִּיהוֹיפְּטִיט נִיט אַנְדִירְשׁ וִויא נוּר אִיבִּיר אַלִים צוּ שְׁטֶעהִין. אַזוֹ וַוייזְט עֶס זִיךְ אִיצוּנְד וֶוען מַאן אִיז עֶס בֶּעסִיר חוקר ודורש, אַז אִין דֶער גַאנְצִיר תורת משה אִיז נִיט אֵיינִי שְׁטֶעלִי פֶערְהַאנְדִין וָואס עֶס זָאל בִּישְׁטֶעטִיגִין דִיא בִּיגְרוּנְדוּנְג פוּן אַיין ב"ד, וִויא דָאס סנהדרין אִיז, און אַז דִיא זֶעלְבִּיגִי אִיז פִיל מֶעהר גְרָאד סותר דִיא אַיינְגִישְׁטֶעלְטִי זַאכִין, דִיא וָואס משה הָאט פָאר גִישְׁרִיבִּין.

מִיר קֶענִין אִין דֶעם וַוייטִיר גֶעהִין און וַוייזִין, אַז אַלִי דִי בִּיזוּנְדִירִי

פרטים וועלכי דיא רבנים האבין גיגעבין פון דיא סנהדרין, זענין אום וואָרהייט, און אַז ווען דיא יודין ווילין דאס אַלץ גלויבין, מוזין זייא זיך מיאש זיין ניט נור פון משה, נייאירט אויך אפילו פון אַלי איבריגי שרייבירס פון אַלטין טעסטאַמענט (תורה נביאים און כתובים) דיא וואס האבין גיהאט דעם רוח הקודש. דיא ביזונדירי און אָב גישיידיטי שולדיגקייטין וואס דיא סנהדרין זענין מחוייב, ווערין אויף אַזעלכי אופנים אוים אַנאַנדיר גיזעצט:

אין מעמידין מלך אלא על פי בית דין של ע"א. ואין עושין סנהדרי קטנה לכל שבט ושבט ולכל עיר ועיר אלא ע"פ ב"ד של ע"א. ואין דנין לא את השבט שהודח כולו ולא את נביא השקר ולא את כהן גדול בדיני נפשות אלא בב"ד הגדול. אבל דיני ממונות בשלשה. וכן אין עושין זקן ממרא ולא עושין עיר הנדחת ולא משקין את הסוטה אלא בב"ד הגדול. ואין מוסיפין על העיר ועל העזרות ולא מוציאין למלחמת הרשות ולמדידת החלל אלא על פי בית דין הגדול. שנא' כל הדבר הגדול יביאו אליך:

„מאַן נעמט ניט אויף קיין מלך נור דורך דעם ב"ד פון איין און זיבציג; און מאַן מאַכט ניט קיין קלייני סנהדרין פאַר איטליכין שבט און פאַר איטליכיר שטאָט נור דורך דעם בית דין פון איין און זיבציג; און מאַן איז ניט דן מיט דיני נפשות ניט קיין שבט וואָס איז גאַנץ פער פיהרט גיוואָרי, און ניט איין פאַלשין נביא און ניט איין כהן גדול, נור בייא דעם גרויסין בית דין. (אָביר אין געלד זאַכין איז איין ב"ד פון דרייא מענשין גינוג) און אויך אַזוי דאַרף מאַן ניט בישטראָפין איין עלטיסטין ווען ער האָט ווידערגישפעניגט, און ניט דערקלערין איין שטאָט פאַר איין פערשטויסיני *) און מאַן טרינקט ניט אָן איין ווייב וואָס האָט אָב גיקעהרט (צו איינים אַנדירין) מיט דיא ביטירי וואַסיר (מים המאררים), וויא נור דורך דעם גרויסין ב"ד; און מאַן טאָהר ניט פערמעהרין אויף איין שטאָט און אויף איינציגי הויפין, און מאַן געהיט ניט אַרוים אין איין פרייא ווילינגיר מלחמה, און מאַן שיקט ניט אַרוים צו מעסטין בייא איינים דערשלאָגינים נור דורך דעם גרויסין ב"ד; וואָרין עס שטעהיט אין פסוק: „איטליכי גרויסי זאַך זאָלין זייא ברענגין צו דיר" (שמות י"ח, פסוק כ"ב) (הלכות סנהדרין פרק א' הלכה א') פון דער אָרט איז דיא מאַכט און דיא גיריכטליכקייט וואָס דיא רבנים האָבין בייא גילייגט דיא סנהדרין און דיא וואָס מיר וועלין איצונד נעהינטיר ביטראַכטין. דאָס בלויזי דורך לייאינין דיא דאָזיגי פרטים איז גינוג, אום איטליכין פערשטאַנדיגין מענשין

צו

*) זעה איין אין דבריס י"ג, פסוק י"ג אין הלכות עכו"ם פרק ד' און פערגלייך עס.

צו איבער צייגען, אז דיא גאנצע זאך איז חלומות פון עטליכע מענשען אודער מעהר, דיא וואס זענען פון פערלאנגען צו הערשען בעזיעלט געוועזען. קיין מענש וואס איז דער ש ר ר ה איבער זייני חושים קאן ניט גלויבען, אז ג א ט ט איז דער, וואס ער זאל אזו איין שרעקליכע אום בעגרענצטע מאכט ממציא זיין איבער דעם לאייב און ווילען פון דיא מענשען. ערשטענס ווערד דא בעשריבען איין שלאבעצקע הערשאפט פון זיבענציג פערשאנען פאר אזעלכע, וועלכע עס האט דיא העכסטע געריכטליכקייט איבער דעם קעניג, און דעם כהן גדול, און דיא נביאים און דאס פאלק, דיא וואס האט דיא מאכט, ניט נור אייניגע מענשען צו משפטין נייארט אויך גאנצע שטעט און שבטים דן צו זיין, און דיא זעלביגע, ווען זייא האבען זיך חשק, גאר אין גאנצען צו פערטיליגען–און דאס דאזיגע אן איין אנדירים געזעץ אודער פאר געשריבענע פארמע צו האבען צו זייאיר ריכט שנור, נור אלץ נאך זייאיר אייגענעם ווילען נאך – און דיא, וואס ווייל זייא קלייבען זיך זייאירע חברים זעלבערט צו, פרעגען זייא נאך קיינעם ניט, ניט נאך דעם קעניג און ניט נאך דאס פאלק. מיר האבען אין דער נייאירע צייט פיל פון פערדארבענע געזעץ געבערשע מענשען געהערט, אבער פון איין זאך וואס זאל גלייך געוועזען זיין צו דער חברשאפט פון סנהדרין וואס האבען זיך זעלבערט אום דער וועלט, האבען מיר קיין מאהל ניט געהערט, אויסער דיא קאנפאניע פון איין און זיבענציג, דאס גרויסע ב"ד פון איין אנדערע תורה, שבעל פה, פון איין ינגערן דאטום. – בחנם וועט מאן זאגען אז דיא דאזיגע חברשאפט איז געפיהרט געווארען נאך תורת משה נאך; ווארין בשעת דיא סנהדרין זענען בעשטאנדען, האט קיין תורת משה ניט געגאלטען, נייארט זייאיר אייגענער ווילען. זייא האבען דיא תורה גידרשינט וויא עס איז זייא בעליבט געוועזען, און וויא מיר האבען אויבען געזעהן, זענען זייא ניט אמאהל געבונדען געוועזען צו האלטען דאס, וואס דיא וואס זענען פריהער פאר זייא געוועזען האבען גוזר געוועזען; ווען אימיצער האט זיך דערוואויגען אפילו נור צו טראכטען, אודער אויף זייאירע פרושים און פשטים צו שטרייטען, האט מאן איהם דער ו א ר ג ע ן: ווארין:

כל חכם שמורה על דבריהם מיתתו בחנק:

„איטליכער געלערנטער וואס ער ווידער שפעניגט זייאירע רייד קומט איהם צו טייטען דורך דער ווערגען." (הלכות ממרים פרק א', הלכה ב') מילא אזו האבען זייא געהאט דיא מאכט דאס געזעץ צו לאזען זאגען וויא זייא האבען געוואלט, און עס איז ניט געוועזען קיין מאכט אויף דער וועלט, דיא

וואס

וואס זאל זייא האבין גיקענט דערינין איין האלטין. וואלטין זייא פון מלך בירופין גיוועזין, אודיר פון דאס פאלק אויס דערוויילט גיווארין, אזו וואלטין זייא פאר דעם שלעכטין אויף פיהרונג אין זייאיר מאכט, מוזין פער אנטוואָרטליך זיין; אבער אז זייא האבין זייאירי חבירים זעלבירט אויס דערוויילט, אזו האבין זייא ניט גיקענט פון קיינים אנדירין, וויא נור פון זיך זעלבירט גימשפט אודיר אראפ גיזעצט ווערין. אזו איין פורקומיני און שרעקליכי איינגינוויליגי הערשאפט, וועלכים עס איז דיא מענשליכי זיכירהייט אזו מיט פיינדשאפט אקייגין גיגאנגין, איטליכי פרייהייט פון דאס גימיהט אזו אין גאנצין פער וויסט, האט קיין מאהל ניט גיקענט פון גאטט ארויס גיקומין זיין, נייאירט עס האט דורך אויס גימוזט זיין ארויס גיקומין פון דעם צו פלאטירטין מוח פון איין מענשין. מיר קענין קאוים גלויבין, אז פיל יודין — אחוץ דיא ברענינדיגי גמרא גלויבירס, וועלכי האפפין חבירים צו ווערין — זאלין ווינשין אז דאס סנהדרין זאל ווידיר איינגישטעלט ווערין; און דען ווען זייא ווינשין עס ווידיר ניט, גלובין זייא ניט אין דער יודישיר אמונה, ווייל דיא ווידיר איינשטעלונג פון דעם דאזיגין הויכין ב"ד איז ערשט דער גמר פון דאס יודישקייט. ווען זייא גלויבין אבער אין דער דאזיגיר אמונה ניט וויא קענין זייא דען זיך האלטין פאר רעכטי שאפיני מעניר אז זייא ביקענין זיך פון דעסט ווענין דאך צו דאס זעלביגי?

דאך מוזין מיר איצונד חוקר ודורש זיין, אויף וועלכיר מאכט שטיצין דיא רבנים דיא דרשות אויף אזו איין אויס גיברייטירטין כלל דיינותשאפט. מאן זאלט דער ווארטין, אז זייא האבין דער צו ערגינץ ארויס גיפונדין עפים איין בישטימטים, איין גיבאט פון גאטט וואס איז אויס דריקליך אויף דעם דאזיגין בית דין גיריכטיווית; אבער ניין, זייאיר איינציגי מאכט זענין דיא ווערטיר פון יתרו צו משה: „און עס וועט זיין, איטליכי גרויסי זאך זאלין זייא ברענגין צו דיר;" איין אפינים ביקענטיניש, אז אין דער גאנציר היילגיר תורה איז ניט פערהאנדין קייני בישטעטיגונג וואס זאל גליך זיין צו זייאירי ביהויפטונגין, ווארין זונסט וואלטין זייא זייאיר בטחון ניט גיהאט אויף דיא דאזיגי ווערטיר וואס איז אזו שלעכט דירויף אנגיווענדיט. באמת וואונדירט עס אונס, אז זייא בירופין זיך איבער הויפט אויף דער היילגיר שריפט, ווארין אזעלכי בירופונג איז פאר אלי זייאירי ביהויפטונגין זייער שעדליך. מיר ווילין אמאהל עטליכי פון דיא אויבין גיבראכטי פרטים, ביא דאס ליכט פון גאטטים ווארט

פרובין

פְּרוּבִּין . דִיא עֶרְשְׁטֶי בְּיהוֹפְּטוּנְג אִיז : אַז אַיין מלך טָאר אַנְדִירְשׁ נִיט וְויא נוּר דוּרְךְ דֶעם גְרוֹיסִין ב״ד פוּן אַיין אוּן זִיבְּצִיג אוֹיף גִינוּמִין וֶוערִין . מֵילָא, אִיז דָאס דָאזִיגֶי אמת ? צִיא לָאזְט עֶס זִיךְ וואוֹיל בְּוַוייזִין, אַז עֶרְגִינְץ אֵיינִיר פוּן דִיא מלכים פוּן ישראל אִיז דוּרְךְ דִיא סנהדרין אַיין גִיזֶעצְט גִיוָוארִין ? נִיט אֵיינִיר ; אָבִּיר מַאן קָאן וואוֹיל פִּיל נָאךְ בַּוייזִין , דִיא וָואס זֶענִין אַיין גִיזֶעצְט גִיוָוארִין אָן אַיין שׁוּם בְּיצִיהוּנְג אוֹיף אַזוֹ אַיין הוֹכִין ב״ד . מַאן זָאל לְמשל נֶעהמִין שׁ א וּ ל , דֶעם עֶרְשְׁטִין מלךְ פוּן ישראל ; וָואס הָאט דָאס סנהדרין מִיט זַיין אוֹיף נֶעהמוּנְג צוּם קִינִיגְלִיכִין אַמְט צוּ טְהוּן גִיהַאט ? גָאר נִישְׁט ; אַזוֹ וַוייט וְויא מֶענְשִׁין זֶענִין דִירְבַּייא אִינְטְרֶעסִירְט גִיוֶועזִין אִיז דָאס גִיוֶועזִין שׁמוּאֵל הנביא, אוּן שׁמוּאֵל אַלֵיין אִיז דָם וֶוערְקְצַייג גִיוֶועזִין צוּ זַיין אוֹים דֶער וְויילוּנְג . בְּשעת דָאס פָאלְק הָאבִּין אַיין מלךְ פֶערְלַאנְגְט, זֶענִין זֵייא נִיט צוּ דִיא סנהדרין גִיגַאנְגִין , בַּייאִירְט צוּ שׁמוּאֵל . עֶר הָאט זֵייא דֶער פוּן אָבּ גִירָאטִין , אָבִּיר דָאס פָאלְק הָאט נִיט גִיוָואלְט גִיהָארְכִין , צוּ דֶער שְׁטִים פוּן שׁמוּאֵל״ וֶוען עֶר וָואלְט גִיוֶועזִין דֶער אוֹיבִּירְשְׁטִיר פוּן אַזוֹ אַיין שְׁרֶעקְלִיכִין בית דין וְויא דָאס סנהדרין צִיא וָואלְטִין זֵייא עֶס גִיהַאט זִיךְ דֶער וואוֹגִין ? בשעת שאול אִיז גִיזַאלְבְּט גִיוָוארִין, אִיז עֶס נִיט גִישֶׁעהִין פוּן דִיא סנהדרין אוֹיף זֵייאִיר בִּיפֶעהל ; עֶס אִיז קֵיין מֶענְשׁ נִיט מֶעהר דֶער בַּייא גִיוֶועזִין , וְויא נוּר דֶער אוֹים דֶערְוֶויילְטִיר קִינִיג אוּן דֶער נביא. „אוּן שׁמוּאֵל הָאט גִינוּמִין , ״שְׁטֶעהִיט אִין פסוק ,״ אַיין גְלָאז מִיט אֵייל אוּן הָאט גִיגָאסִין אוֹיף זַיין קָאפְּף אוּן הָאט אִיהם גִיקוּשְׁט אוּן הָאט גִיזָאגְט : פַאר וָואר, אַז יהוה הָאט דִיךְ גִיזַאלְבְּט צוּ אַיין הֶערר אִיבִּיר זַיין עֶרְבְּטֵייל ! (שמואל א׳ , י׳ , פסוק א׳) אוּן וְויא שׁ א וּ ל אִיז פַאר דָאס פָאלְק פַייאִירְלִיךְ בִּישְׁטֶעטִיגְט גִיוָוארִין , אִיז שׁמוּאֵל וִוידִיר דֶער אֵיינְצִיגִיר טְהוּעֶר פוּן דֶער דָאזִיגִיר זַאךְ גִיוֶועזִין : שׁמוּאֵל אָבִּיר הָאט דָאס פָאלְק בִּירוּפִין צוּ יהוה קֶעגִן מצפה אוּן הָאט גִיזָאגְט . . . אוּן אִיצוּנְדִירְט , שְׁטֶעלְט אַייךְ פַאר יה״ה נָאךְ אַייאִירִי שבטים אוּן פְּרַיינְדְשַׁאפְטִין נָאךְ . . . . אוּן עֶס אִיז וָוארִין גִיטְרָאפִין שׁאוּל דֶער זוּן פוּן קִישׁ וגומ׳.״ (דָארְטִין פסוק י״ז – כ״א) מַאן קָאן נָאךְ דֶעם גָאךְ נִיט בְּיהוֹיפְּטִין , אַז דִיא סנהדרין זָאלִין הָאבִּין מִיט דֶער זַאךְ דָאס גְרִינְגְסְטֶי צוּ טְהוּן גִיהַאט . אוּן אַיין אַנְדִיר בַּייא שְׁפִּיל אוֹים צוּ דֶער וְויילִין : אִיז עֶפִּים דֶען דוד דוּרְךְ דֶער שְׁטִים פוּן דִיא סנהדרין אוֹים דֶר וְויילְט גִיוָוארִין ? אוֹיךְ אַזוֹ וֶועניג וְויא שׁאוּל ; עֶס אִיז וִוידִיר גִיוֶועזִין שׁמוּאֵל אַלֵיין , דֶער וָואס אִיז מִיט דֶעם גִישֶׁעפְט גִיבָּארִין גִיוָוארִין . אוּן יהוה הָאט גִיזָאגְט צוּ שׁמוּאֵל הֵייסְט עֶס אִין פסוק : „בִּיז וְויא לַאנְג וֶועסְטוּ

טרויארין

טְרוֹיאִירִין אום וֶועגִין שאול , און אִיךְ הָאב אִיהם פֶּערְוָוארְפִין פון צו קֶנִיגִין אִיבִּיר ישראל ? דֶער פִּיהל בַּיין הָארִין מִיט אֶייל און גֶעהִי אִיךְ וֶועל דיךְ שִׁיקִין צו ישי פון בית לחם , וָוארִין צְווִישִׁין זַיינִי זִין הָאב אִיךְ גִיזֶעהִין צו מִיר אַיין קֶנִיג ." (דָארְטִין ט"ז , פסוק א') און אַזוֹ אִיז שמואל אַהִין גִיגַאנְגִין און הָאט אִיהם גִיזַאלְבְּט , אָהנִי עֶרְגִינְץ אַיין בַּייא שְׁטַאנְד פון סנהדרין אוֹדיר עֶרְגִינְץ פון אֶיינִים אַנְדִירִין . דיא דָאזִיגִי צְווֵייא אופנים זֶענִין גִינוּג , כדי דִיא אום וַוארְהַייט פון דִיא רבנישי בִּיהוֹיפְּטוּנְגִין צו בִּיוַוייזִין ; נור אָבִּיר עֶס אִיז נָאךְ פֶער הַאנְדִין אַיין פַאלל וָואס אִיז מֶעהר מכריע , וָואס מִיר וִוילִין אִיהם נָאךְ בְּרֶענְגִין און דָאס אִיז דֶער , פון שלמה. אדניהו הָאט זִיךְ צו קֶנִיג גִימַאכְט , אָבִּיר בת שבע הָאט זִיךְ גִיטְרָאפִין צו הֶעלְפִין דורךְ דֶער עצה פון נתן הנביא , כדי אִיהר זון צום קֶנִיג צו מַאכִין . אָבִּיר צוֹ וֶועמִין הָאט אִיהר נתן אַיין עצה גִיגֶעבִּין צו גֶעהִין ? אפשר צו סנהדרין , אום בַּייא זֵייא גִירֶעכְטִיגְקֵייט צו זוּכִין ? נֵיין , נַייאִירְט צו דֶעם קֶנִיג דוד , צו וֶועלְכִין זִיא אִיז אויךְ טַאקִיש גִיגַאנְגִין און הָאט אִיהם נִיט בַּייא ב"ד גִיפוּנְגִין , אוֹדִיר צְווִישִׁין דִיא חברים פון סנהדרין , נַייאִירְט מִיט אבישג השונמית דִיא וָואס זִיא הָאט אִיהם בִּידִינְט , און דוד , אָן עֶרְגִינְץ אִימִיצִין אום אַיין עצה צו פְרֶעגִין , הָאט אִיהר גִישְׁוואוֹרִין : אַזוֹ וַואר וִויא יהוה לֶעבְּט . . . . שלמה דַיין זון , זָאלל נָאךְ מִיר קֶנִיג זַיין ! "דִיא סנהדרין הָאבִּין דָא אויךְ מִיט דֶער זַאךְ נִישְׁט צו טוּהן גִיהַאט . דַארִיבִּיר אִיז דִיא בִּיהוֹפְּטוּנְג , אַז עֶס אִיז עֶפִּים גְרוֹיסִים אָן דֶער הסכמה פון דִיא סנהדרין נִישְׁט גִיטָהוּן גִיוָוארִין , אַיין גְרָאבִּיר לִיגִין , אויס גִיטְרַאכְט פון מֶענְשִׁין וָואס זֶענִין גַייצִיג נָאךְ כבוד , דִיא וָואס הָאבִּין זִיךְ גִינוּמִין אַיין מַאכְט , וָואס זֵייא הָאבִּין אויף אִיהר קֵיין רֶעכְט נִיט גִיהַאט . און אַזוֹ אַיין גְלַייכִין אוֹפִן וָואלְטִין מִיר זִיךְ גִיקֶענְט בִּירוּפִין אום צו וַוייזִין , אַז דֶער שבט דן אִיז גִירִיכְטִיט גִיוָוארִין און אַז שאול דוד און דִיא אִיבִּירִיגִי מלכים פון ישראל הָאבִּין מלחמה גִיהַאלְטִין אָהנִי דֶעם אַז דִיא סנהדרין זָאלִין אום וֶועגִין דֶעם גִיפְרֶעגְט וֶוערִין : נור וַוייל אֵיינִי פון יֶענִי בִּיהוֹיפְּטוּנְגִין שְׁטְרַייט דֶער וִוידִיר אַקִיגִין דִיא קְלָארִי אותיות פון דֶער תורה , אַזוֹ קְלַייבִּין מִיר עֶס בֶּעסִיר אויס דִיא דָאזִיגִי בִּיזוּנְדִירְס צו בִּיטְרַאכְטִין . דִיא תורה שבע"פ זָאגְט , אַז דָאס בִּיטִירִי מִיט מים המאררים אִיז נור אויף דֶעם בִּיפֶעהל פון דִיא סנהדרין גִיגֶעבִּין גִיוָוארִין . וָואס זָאגְט אָבִּיר משה ? וֶוען דָאס גִימִיהט פון קנאה צִינְדִיט אַיין מַאן אָן , הֵייסְט עֶר אִיהם דֶען דֶערְמָאלְט זַיין וַוייבּ צו דִיא סנהדרין בְּרֶענְגִין ? נֵיין , נַייאִירְט

צוּ דֶעם כהן. „אַזוֹ זָאלל עֶר זִיא צוּ דֶעם כהן בְּרֶענְגֶען, הֵייסְט עֶס אִין פסוק. אוּן וָואס זָאל דֶער כהן דֶענְסְמָאלְט טְהוּן? זָאל עֶר עֶרְשְׁט צוּ דִיא סנהדרין גֶעהֶען אוּן זֵייאִיר הסכמה בֶּקוּמֶען? נֵיין, אַזוֹ בַּאלְד דֶער מַאן הָאט זַיין וַוייבּ גִיבְּרַאכְט אוּן דָאס שְׁפַּייז אָפְּפֶער פוּן קנאה, אִיז עֶס גִיוֶועזֶען דֶעם כהן זַיין גִישֶׁעפְט דָאס וַוייבּ פַאר יהוה צוּ בְּרֶענְגֶען: עֶס שְׁטֶעהְט „אוּן דֶער כהן זָאל שְׁטֶעלֶין דָאס וַוייבּ צוּ פַאר יהוה" אוּן דֶענְסְמָאלְט טְהוּן, אַללֶע מנהגים וָואס אִיז פָאר גִישְׁרִיבֶּען; אַזוֹ וויא עֶס לָאוּט זִיךְ דָאס גַאנְצֶע מִיט דִיא וֶוערְטֶער אוֹיס: „אוּן דֶער כהן זָאל מַאכֶען צוּ אִיהר דִיא גַאנְצֶע דָאזִיגֶע לֶערְנוּנְג." עֶס וֶוערְד דָא נִיט נוּר דִיא סנהדרין נִיט גִידַאכְט, נַייאִירְט אוֹיךְ בפירוש דֶעם כהן בִּישַׁיינְפִּירְלִיךְ דִיא מַאכְט גִיגֶעבֶּען אוּן אִיהם אפילו נָאךְ גִיבָּאטֶען וַוייטֶער מִיט דֶער מעשה אָן צוּ הוֹיבֶּען אָן דֶעם פסק פוּן עֶרְגִינְץ אַיין אַנְדֶירֶען ב"ד אָבּ צוּ וַוארְטֶען. דָא זֶעהֶען מִיר אַזוֹ וִוידִיר אַז דִיא בִּיהוֹיפְּטוּנְג פוּן דִיא רבנישי אִיבִּיר לִיוֶוירוּנְג (מסורות) זֶענֶען פוּנְקְט סותר דִיא דָאזִיגֶע פוּן משה, אוּן זֶענֶען דרום גִישְׁט בִּיגְרוּנְדְפֶעסְטִיגְט.
עֶס אִיז אוּם נֵייטִיג, אוּנְס נָאךְ וַוייטֶער אִין יֶענֶע ענינים זִיךְ אַריין צוּ לָאזֶען, וַוייל דִיא צְווֶייא וָואס מִיר הָאבֶּען חוקר ודורש גִיוֶועזֶען, שְׁטְרַייטֶען אֶקְייגֶען דִיא וַוארְהַייט, אוּן צְווֶייא אוּם וַוארְהַייטֶען זֶענֶען שוֹין גִינוּג, אוּם צוּ נִישְׁט צוּ מַאכֶען דֶעם גְלוֹיבֶּען פוּן עֶרְגִינְץ עֶפִּיס אַיין בִּיהוֹיפְּטוּנְג, דֶער אֵיינְצִיגִיר מִיגְלִיכֶע וֶועג, דִיא מַאכְט פוּן דִיא סנהדרין צוּ בִּישִׁיצֶען פוּן דִיא גִיבְּרַאכְטֶע יסודות פוּן בִּיוַוייז, אִיז, צוּ לֵייקְנֶען אָן דֶער מַאכְט פוּן דֶער הֵיילִיגֶער שְׁרִיפְט. קֵיין מִיטֶעל וֶועג אִיז נִיט פֶערְהַאנְדֶען; וָוארִין עֶנְטְוֶויר זֶענֶען דִיא מחברים פוּן דִיא פִינְף ספרים פוּן תורה, דִיא ספרים פוּן שמואל אוּן דִיא פוּן מלכים אִין תעות, אוֹדִיר דִיא גַאנְצֶע דיינות שַׁאפְט פוּן דִיא סנהדרין אִיז בְּלוֹז אַיין אוֹיס גִיטְרַאכְטֶע זַאךְ. מֵילָא וֶוער עֶס נֶעמְט אָן אוּן הַאלְט דִיא דָאזִיגֶע ספרים פַאר הֵיילִיג, דֶער מוּז דִיא מַאכְט פוּן דִיא סנהדרין אַוֶועק וַוארְפֶען; וֶוער עֶס הַאלְט אָבִּיר דִיא דָאזִיגֶע פֶּעסְט, דֶער מוּז דִיא הֵיילִיגְקַייט פוּן יֶענֶע ספרים לֵייקְנֶען.

עֶס וֶוערְט אוֹיךְ אִין דֶער אוֹבֶּען גִיבְּרַאכְטִיר שְׁטֶעלֶע פוּן דֶער תורה שבע"פ נָאךְ אַיין אַנְדִיר גִירִיכְטְס אוֹבִּירְקַייט דֶער מָאנְט, דִיא וָואס מִיר מוּזֶען דָא אוֹיךְ נָאךְ מפורש זַיין, אוּנ דָאס אִיז, דָאס קְלֵיינֶע סנהדרין (סנהדרי קטנה), אוֹדִיר דֶער בית דין פוּן דְרַייא אוּן צְוַואנְצִיג. עֶס שְׁטֶעהְט אִין דֶער אוֹיבֶּען גִידַאכְטִיר שְׁטֶעלֶע: „דִי קְלֵיינֶע סנהדרין פַאר דִיא אַלִיר הַאנְד שבטים אוּן שְׁטֶעט וֶוערִין נוּר גִימַאכְט דוּרְךְ דֶעם ב"ד פוּן אֵיין אוּן זִיבְּצִיג," אוּן אִין אֵיין אַנְדִיר אָרְט גִיפִינֶען מִיר:

ומעמידין בכל עיר ועיר מישראל שיש בה ק"כ או יותר סנהדרי קטנה — וכמה יהיה מנינם כ"ג דיינים:

„עס װערט אַיין גישטעלט אַיין קלײנע סנהדרין, אין איטליכיר שטאָט פון ישראל, װאָס אין איהר זענין פערהאַנדין הונדירט אונ צװאַנציג פון ישראל און נאָך מעהריר, — און װיא פיל זאָל זייער צאָהל זיין? דרייא און צװאַנציג דיינים." (הלכות סנהדרין פרק א', הלכה ג') דאָס דאָזיגי איז נון װידיר אַיין אַנדיר נייאיס, װאָס פאַר איהר גיפינד זיך אין תורת משה ניט דאָס גרינגסטי בישטעטיגונג. דאָרט הייסט עס: „און משה האָט אויס דערװײלט מעבטיגי מעניר פון גאַנץ ישראל, און ער האָט זייא גימאַכט הויפט לייט איביר דעם פאָלק, פירשטין פון טויזינד, פירשטין פון הונדירט, פירשטין פון פונפציג און פירשטין פון צעהין. אונ זייא האָבין גיריכטיט דאָס פאָלק צו אַלי צייט וגו'. (שמות י"ח, פסוק כ"ה—כ"ו) דאָס דאָזיגי איז דער ספּאָסיב, װאָס משה האָט פאַר דיא גיריכטס אויבירקייט אַיין גישטאָפּין; דערקייגין זאָגט ער קיין װאָרט ניט פון דער אויפריכטונג פון אַיין קלײנים סנהדרין פון דרייא און צװאַנציג, אַזוי אַז מיר האָבין דערינין װידיר אַיין בייא שפּיל פון דעם פערלאַנג פון דיא רבנים, אַלי אַיינאָרדינונגין פון משה אַװעק צו לייגין און זייאיר אייגיני אויף דער דאָזיגיר שטעלי צו זעצין; אַזוי װיא אויך אַיין צװייטין בײַװייז, אַז דיא גיזעצי פון דיא סנהדרין זענין ניט פון משה גיגעבין גיװאָרין, װייל זייא זענין מחייב יענים ב"ד אַיין צו זעצין קלײנע בתי דינים, כנגד דיא דאָזיגי אַיינשטעלונגין פון משה.

עס קומט נאָך דעם נאָך פון דעם אַלים בפירוש אַרויס, װאָס מיר האָבין אין דעם דאָזיגין און אין דעם פריהריגין נומער גיזאָגט, אַז דאָס סנהדרין איז דורך אויס גיװעזין אַיין דיינותשאַפט ניט נאָך תורה נאָך, און אַז דיא תורה שבעל פה קאָן דאַריבער קיינע שטיצונג ניט גיפינין אין דער בישטעטיגונג פון דער זעלביגיר תורה: אַזוי װיא עס קומט װייטיר דער פון אַרויס, אַז דאָס נייאירי יודישקייט האָט דיא אָרדינונג פון זאַכין, װעלכע משה האָט אַיין גיפיהרט, גאָר אין גאַנצין אום גישטירצט. ער האָט אַיין בישטענדיגין ב"ד פון דיא כהנים און דעם ריכטיר (שופט) אַיין גישטעלט; דאָס נייאירי יודישקייט האָט דעם דאָזיגין ב"ד בטל גימאַכט און האָט דיא סנהדרין אויף גיריכטיט אין שטאָט זייא. ער האָט הויפט לייט איביר טויזינד, איביר הונדירט, איביר פונפציג אונ איביר צעהין גיזעצט: דאָס נייאירי יודישקייט האָט דיא דאָזיגי אַיינריכטונג אַיין סוף

גימאכט

גימַאכְט און אַיין גִיפִיהְרְט בתי דינים פון דְרַייא און צְוַאנְצִיג . באמת . ווען עס וואלט מִיגְלִיךְ געוועזין , אַז דיא יודין זָאלין אַלִי גִיבָּאטִי פון דער תורה שבע״פ אין זייאיר אייגנים לַאנְד מַאכִין אַז עס זָאל ווירְקְלִיךְ טַאקִיש גִיהַאלְטִין ווערין און משה זאל ווידיר צו זייא קוּמִין , ער וואלט זייא קיין מָאהל ניט גיקענט פאר זַיינִי שול לַייט (תלמידים) ווידיר דער קענין ; ווייל ער וואלט קיין אייניציגי פון זייני אַיינְריכְטוּנְגִין אין דעם צו שְׁטַאנְד ווידיר גיפונין , וויא ער האט זייא איבִיר גילָאזין . עס איז גאר ניט גיפַּאסְט , און וואלט דיא זַאךְ ניט געוועזין אַזוֹ אַיין עֶרִינְסְטִי מעשה , וואלט עס אַיין גילֶעכְטִיר געוועזין , דיא רבנים אוים רופין צו הערין , אַז דיא תורת משה איז ניט פער ענדירליך , ווען זייא זעלְבִּירט האבין זייני הויפט אַיינְשְׁטֶעלוּנְגִין פער ענדירט און אייני גאנץ נייאי אמונה אַיין גיפיהרט ! פאר דיא יודין אָבִּיר מוז עס דיא גרֶעסְטִי וויכְטִיגַקייט זַיין , חוקר ודורש צו זַיין , אויב דיא תורת משה איז באמת אום פער ענדירליך אודיר ניט ; וואָרין ווען דיא דאזיגי תורה איז אום פערענדירליך אַזוֹ קאן קיין רבּנישיר יוד לאוט דעם שכל , דיא האפפינונג אויף זעליגקייט ניט האבין , ווייל ער בִּיקענט זיך צו אַזוֹ אַיין אמונה , וואס זיא האט דיא גרעסטי פערענדירונג אין יעניר אַפָּאר גיבּראכט . אין זיין גלויבינבֶּיקֶענְטְנִיש לייקינט ער איטליכי פערענדירונג פון דער תורה און אין דיא שטייגירס פון זייני ענינים דער לויבט ער זיך עס צו טהון גאר אן ישוב הדעת . ווען יעני תורה איז אום פערענדירליך , דען איז עס דען ניט נאך גילאזיניר חיוב פון איטליכין יודין , דיא נייאי אמונה פון דיא רבנים אויף איין מָאהל אוועק צו ווארפין און אַזוֹ גישווינד וויא מיגליך צו דיא אַיינריכטונגין פון תורת משה צוריק צו קעהרין . ווען ער גלויבט , אַז דיא תורה קאן יוֹא נאך אייגינים וואוילגיפאלין פערענדירט ווערין , דען מוז ער דיא יעניגי אַרְטִיקְלֶען פון זיין גלויבין (עקרי אמונה) אַוועק ווארפין , אין וועלכין דיא אום פערענדירליכקייט פון דער תורה ווערט אוים גישפרכין . אין אַזוֹ אַיין ערינסטי זאך , וויא דיא אמונה איז , מוז ער זיך מתאמץ זיין , לאוט דעם נאך , און בישטימט צו זיין , אָבִּיר ניט צווישין צווייא מיינונגין אַהין און אַהער צו שוועבין . איז משה זיין גיזעץ געביר , מילא ראז ער איהם גיהארכין ; קלייבט ער זיך אָבִּיר אוים דיא נייארי אמונה פון דיא רבנים אַזוֹ איז ער מחוייב , זייארי מדות , זייאיר מַאכְט , אַזוֹ וויא אויך דיא טעמים חוקר ודורש צו זיין , וועלכי עס האבין זייא צום אום שטירצין דיא אמונה פון זייארי עלטירין גיבראכט . איז דיא אמונה פון משה אַיין

שלעכטי

שְׁלֶעכְטִי אמונה , דִיא וָואס מַאן הָאט זִיא גִימוּזְט אַוֶועק וַוארְפִין ? אוֹדִיר אִיז זִיא נור גִיוֶועזִין אוֹיף אַיין גִיווִיסִי צַייט גִיגֶעבִּין און הָאט גִימוּזְט אַזוֹ בַּאלְד דִיא דָאזִיגִי צַייט אִיז אַרִיבִּיר גִיגַאנְגִין , אוֹיף אַיין נַייאִי פֶּערְטוֹישְׁט וֶוערִין ? הָאבִּין דִיא רבנים דִיא גֶעטְלִיכִי בְּישְׁטֶעטִיגוּנְג אוֹיף דֶער דָאזִיגִיר פֶּערֶענְדִירוּנְג גִיהַאט , וֶועלְכִי זַייא הָאבִּין אַפָּאר גִינוּמִין , אוֹדִיר אִיז עֶס גִישֶׁעהִין פוּן זַייאִיר אֵייגִינִיר טובה און נוּצִין וֶועגִין ? דֶער שְׁטֵייגִיר פוּן דִיא דָאזִיגִי פֶּערֶענְדִירוּנְגִין זֶעהִיט גִינוּג אוֹיס אַז עֶס אִיז אִין חשד – זַייא גֶעהִין אַלִי אוֹיס , אוֹיף דִיא פֶּערְמֶעהרוּנְג פוּן זַייאִיר קְרַאפְט און זַייאִיר מַאכְט . אַזוֹ לַאנְג וִויא דִיא תורת משה אִיז גִיהַאלְטִין גִיוָוארִין , הָאבִּין דִיא רבנים קַיין ממשלה נִיט גִיהַאט נִיט אִין דֶער מדינה און נִיט אִין דִיא אַייִנְזַאמְלוּנְגִין ; דוּרְךְ דִיא פֶּערֶענְדִירוּנְג אָבִּיר , וָואס זַייא הָאבִּין גִימַאכְט , זֶענִין זַייא גִיוָוארִין אוּם בִּיגְרֶענִיצְטִי זֶעלְבְּסְט הֶערְשִׁיר אִיבִּיר דִיא לַייבִּיר און זֵיילִין פוּן כל ישראל . זַייא הָאבִּין נָאךְ דֶעם שְׁטֵייגִיר נָאךְ גִיהַאט אַלִי נסיונות וָואס אִיז נור מֶעגְלִיךְ , דָאס אֵיינִי צוּ פֶערְוַוארְפִין , און דָאס אַנְדִירִי אָן צוּ נֶעהמִין . אִיז דָאס דָאזִיגִי אָבִּיר אוֹיךְ אַיין טעם , פַאר וָואס דָאס יוּדִישִׁי פָאלְק זָאל דִיא תורת משה פֶערְוַוארְפִין ? זַייא גִיוִוינִין דוּרְךְ דִיא דָאזִיגִי פֶּערֶענְדִירוּנְג גָאר גִישְׁט און פֶערְלִירִין אַלֶץ , אַזוֹ גוּט פַאר דֶעם אִיצְטִיגִין לֶעבִּין וִויא פַאר דֶעם אֵייבִּיגִין לֶעבִּין , דֶער מִיט וָואס זַייא נֶעהמִין אָן דִיא אמונה פוּן דִיא רבנים , וַוארְפִין זַייא אִין אַלִים אַוֶועק דֶעם סדר פוּן יֶענִיר טְהַייאִירִיר גָאב פוּן זַייאִיר שכל , וָואס עֶס בִּיטְרֶעפְט דִיא תורה און דֶעם דִינְסְט פוּן גָאט (עבודת הבורא) . אַיין יוּד וָואס נֶעהמְט אָן דִיא תורה שבע"פ , קָאן נור אַיין בְּלִינְדִין גְלוֹיבִּין הָאבִּין ; עֶר הָאט דָאס פָאר הַאנְד פֶערְלוֹירִין אִיבִּיר דֶעם נָאךְ צוּ דֶענְקִין , וָואס גָאט פֶערְלַאנְגְט פוּן אִיהם , און מוּז לפחות הָאטְשִׁי דָאס אָן נֶעהמִין , וָואס דִיא רבנים הַאלְטִין עֶס פַאר גוּט אִיהם פָאר צוּ שְׁרַייבִּין פַאר אַיין חיוב : און וֶוען אפילו זַייא גֶעהִין אַזוֹ וַויִיט , אִיהם צוּ זָאגִין , אַז זַיין לִינְקִי הַאנְד אִיז זַיין רֶעכְטִי און זַיין רֶעכְטִי אִיז דִיא לִינְקִי , אַזוֹ מוּז עֶר דֶעם דָאזִיגִין אוֹיס שְׁפְּרוּךְ גְלוֹיבִּין און דִיא בֶּעסִירִי אַיין זִיכְט פוּן זַיין זִינִין פֶערְוַוארְפִין , אוֹדִיר וֶוען עֶר דֶער וֶועגְט זִיךְ מסופק צוּ זַיין , וָואלְט עֶר מוּזִין דֶערְוַוארְטִין וואוּ דָאס יוּדִישְׁקֵייט הֶערְשְׁט מִיט פְרַייהַייט , דֶער וָוארְגִין צוּ וֶוערִין . פַאר וָואר , עֶס אִיז אִין יֶענִים גַאנְצִין צוּ זַאמִין הַאנְג נִיט פֶערְהַאנְדִין עֶפִּיס וָואס עֶס זָאל צוּ זִיךְ צִיהִין , גִישְׁט וָואס עֶס זָאל אִימִיצִין אִין אַיין נסיון אַרַיין בְּרֶענְגִין , דָאס פַאר בֶּעסִיר צוּ הַאלְטִין וִויא דִיא רֶעכְטִי אמונה פוּן משה וֶועלְכִי עֶס אִיז נִיט מכיר פנים און אִיז פֶערְשְׁטֶענְדִיג . עֶר הָאט דִיא תורה פוּן גָאט אִין דִיא

הֶענְד פוּן דִיא ישראל גִיגֶעבִּין אוּן הָאט גִיזָאגְט : זֶעה אִיךְ הָאבּ פַּאר אַייךְ גִיגֶעבִּין דָאס לֶעבִּין אוּן דֶעם טוֹיט , אַז דוּא זָאלְסְט דָאס לֶעבִּין אוֹיס דֶערְוֶוייהלִין ! „עֶר גֶעהִיט מִיט מֶענְשִׁין אוּם וִויא מִיט פֶּערְשְׁטֶענְדִיגִי נפשות , אוּן וֶוען עֶר פֶּערְלַאנְגְט פוּן זֵייא אָן אַיין תנאי צוּ גִיהָארְכִין , אַזוֹ טְהוּט עֶר עֶס נִיט פַּאר דֶעם וָוארְט פוּן אַיין מֶענְשִׁין , נַייאֵרְט פַּאר דִיא אוֹיס שְׁפְּרֶעכוּנְג פוּן דִיא נביאות פוּן גָאט . עֶר הָאט אַיין הֶעכְסְטִין ב״ד אַיינְגִיזֶעצְט , אָבִּיר עֶר הָאט דֶעם זֶעלְבִּיגִין נִיט דֶער לוֹיבְּט , זַיינִי אֵייגִינִי דמיונות פַּאר אוּם בִּיטְרִיגְלִיךְ אוֹיס צוּ גֶעבִּין , נַייאֵירְט עֶר הָאט אִיהם גִיבָּאטִין דֶעם אוּם אַיין עצה צוּ פְּרֶעגִין , דֶער וָואס אִיז אַלֵיין פְּרַייא פוּן תעות . מַאן מוּז פַאר וָואר נשתומם וֶוערִין , אַז אַזוֹ אַיין גְרוֹיסִיר טְהֵייל פוּן דָאס יוּדִישִׁי פָאלְק הָאלְט מֶעהר פוּן דָאס אוּם בִּיגְרֶענִיצְטִי מַאכְט פוּן דֶער אמונה פוּן תורה שבע״פ , אוּן נָאךְ מֶעהר מוּז מַאן נשתומם וֶוערִין , אַז זֵייא לָאזִין זִיךְ אַזוֹ פֶּער נַארִין , אַיין דת וֶועלְכִי עֶס הָאט אַלִי אַיינְרִיכְטוּנְגִין פוּן משה אוּם גִישְׁטִירְצְט , דִיא זֶעלְבִּירְט פַּאר דֶער אמונה פוּן משה צוּ הַאלְטִין . דָאס מֶעהְרְסְטִי נשתומם וֶוערִין , מוּז דֶער ענין דֶער וֶועקִין , אַז דִיא יֶענִיגִי יוּדִין , וֶועלְכִי עֶס וֵייסִין פוּן דֶעם גְרָאבִּין בִּיטְרוּג אוּן הָאבִּין פַּאר זִיךְ זֶעלְבִּירְט אוֹיף גִיהֶערְט נָאךְ דֶער תורה שבע״פ נָאךְ זִיךְ אוֹיף פִּיהְרִין , זֶענִין אַזוֹ גְלַייךְ גִילְטִיג אוּם וֶועגִין דֶעם שָׁלוֹם פוּן זֵייאֵירִי מִיט בְּרִידִיר אוּן עֶס הַארְט זֵייא אַזוֹ גָאר נִישְׁט פַּאר דִיא אִינְטֶירֶעסִין פוּן דֶער וַוארְהַייט , אַז זֵייא זֶעהִין דָאס גָאר אַרִיבִּיר מִיט שְׁטִיל שְׁוַוייגִין , אוֹדִיר גָאר דוּרְךְ זֵייאִיר מִיט מַאבִּין דִיא מנהגים אוּן צִירִימָאנְיֶעס פוּן זֵייאִירִי אִיבִּיר עֶנְטְווִירוּנְג בעל פה אֵיינִיר צוּם אַנְדִירִין , שַׁיינִין זֵייא דֶעם תעות צוּ אוּנְטִיר שְׁטִיצִין . אפילו דֶער שבט לוי זֶעלְבִּירְט הָאט זַיין קנאה פֶּערְלוֹירִין אוּנ דָאס הֵיילִיגִי אַמְט זִיךְ מיאש גִיוֶועזִין , וָואס עֶס אִיז אִיהם פוּן גָאט אָנְגִיטְרוֹיט גִיוֶועזִין . פוּן צַייט אַבְּצֶעהִין הוּנְדִירְט יָאהרִין הָאט זִיךְ נִיט אֵיין אֵיינְצִיגִיר צְווִישִׁין דִיא ישראל בִּיווִיזִין דֶער וָואס זָאל זִיךְ אָן נֶעהמִין (מקנא זיין) פַּאר דֶער תורת משה : אַלִי הָאבִּין זִיךְ דֶער מִיט בִּינוּגִינְט , משה צוּ רוּפִין זֵייאִיר לֶעהרִיר (רבנו) , אוּן דִיר בַּייא הָאט עֶס זַיין רוּה . דִיא כהנים אוּן דָאס פָאלְק , אַלִי הָאבִּין זִיךְ פֶּער אֵיינִיגְט , זַיינִי גִיזֶעצִי צוּ פֶּערְדֶערְבִּין אוּן אוֹיף זַיינִי צוּ שְׁטֶערְטִי אַיינְרִיכְטוּנְגִין אַרוּם צוּ טְרֶעטִין , אוּן לְסוֹף נָאךְ צוּ דֶער וַוארְטִין , אַז אַנְדִירִי לַייט וֶועלִין זֵייא הַאלְטִין פַּאר דִיא טְרַייהִי אָנְהֶענְגִיר פוּן משה .

Дозволено Цензурою. Варшава 5 (17) Февраля 1876 г.
Въ Типографіи А. Гипса. Королевская №1064 D

# НЕСЫВОТЪ ОЛОМЪ

# נתיבות עולם

עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז.

דיא אלטי שטעגין.


## נומר מ״ה

עֶס אִיז פַאר וָואר צוּ בְּיוואוּנְדִירִין, וִויא אַיין פָאלְק וָואס זֶענִין אַזֶעלְכִי חרוּצים אוּן הָאבִּין אַזוֹ אַיין חשקוּת צוּם לֶערְנִין, וִויא דִיא יוּדִין זֶענִין, הָאט וֶוען אַמָאהל גִיקֶענְט אַיין גֶעהִין אִין אַזוֹ אַיין גְרָאבִּין בִּיטְרוּג, וִויא דִיא תּוֹרה שבע״פ אִיז. דִיא שְׁטַארְקִי נַארִישְׁקַייט פוּן אסך פוּן זֵייאִירִי אַיינְרִיכְטוּנְגִין, דִיא גְרוֹיסִי גוּזמא אוֹיס גִיטְרַאכְטִי זַאכִין וָואס עֶס אִיז גָאר נִיט צוּ גְלוֹיבִּין, וָואס עֶס אִיז אַלְץ דֶערִינִין פֶערְהַאנְדִין, דִיא בַּארְבַּארִישִׁי דְרִיקוּנְג פוּן זֵייאִירִי דיינות שַׁאפְט פוּן זֶעלְבְּסְט הֶערְשׁוּנְג. דִיא צוּ לָאזִינְקַייט פוּן דִיא גדלות פוּן זֵייאִירִי לֶעהְרִירְס, דָאס אַלְץ שַׁיינְט דִירוֹיף בִּירֶעכִינְט צוּ זַיין, צוּ דֶער וֶועקִין אִין דָאס גִימִיהט אפילוּ פוּן דֶעם לַייכְט גְלוֹיבִּיגְסְטִין אוּן גְרֶעסְטִין פְּרָאסְטַאק אַיין ספק דֶערִינִין צוּ הָאבִּין. אָבִּיר שׁוֹין דָאס, וָואס עֶס אִיז נִיט פֶערְהַאנְדִין קֵיין שׁוּם ראיה, וָואס עֶס זָאל זֵייאִירִי רֵייד קֶענִין אוּנְטִיר שְׁטִיצִין, מוּז אַזוֹ וַוייט בְּרֶענְגִין, אוּם דֶעם נַארִישׁ גְלוֹיבִּין זֶעלְבִּירְט דִיא אוֹיגִין אוֹיף צוּ עֶפִינִין. כדי דִיא עֶכְטְקַייט פוּן אֵיין אִיבִּיר עֶנְטְוִוירוּנְג בעל פה צוּ בִּיגְרוּנְדְפֶעסְטִיגִין, אִיז נֵייטִיג וָואס מַאן קָאן זִיךְ דִירָאן נִיט בִּיגֵיין, אַז עֶס זָאל פַאר דָאס זֶעלְבִּיגִי זַיין פוּן אָנְהֵייבּ אָן, פוּן דָאס אִיבִּיר עֶנְטְוִוירוּנְג בעל פה בִּיז דֶער אִיצוּנְדִיגִיר צַייט, אַיין בִּישְׁטֶענְדִיגִי נִיט אוֹיף גִיהֶערְטִיקַייט פוּן צַייגִין (עדוּת). דִיא גַאנְצִי צַייל פוּן מֶענְשִׁין, וֶועלְכִי הָאבִּין דִיא קבלה פוּן זֵייאִירִי פְרִיהִירִיגִי לַייט אַנְטְפַאנְגִין אוּן הָאבִּין עֶס וִוידִיר אִיבִּיר גִיעֶנְטְוִוירְט צוּ דִיא וָואס זֶענִין נָאךְ זֵייא גִיקוּמִין, מוּז קֶענִין זִיכִיר אוּן פוּנְקְט נָאךְ גִיוִויזִין וֶוערִין, אוּן אַז עֶס פֶעהְלְט נוּר אֵיין אֵיינְצִיגִי גְלִיד, אוֹדִיר אַז עֶס אִיז פֶערְהַאנְדִין אֵיין אֵיינְצִיגִיר בְּלֵייז אִין דֶער דָאזִיגִיר

קייט

קייט פון איבער ליווירונג, איז שוין גינוג אום דיא גאנצי איבערענטווירונג בעל פה אום נאמנות צו ברענגן, און דיא איינרעדונג אויף דיא עכטקייט פון דער זאך שוואך צו מאכן. אבער אום צו בעווייזן, דיא עכטקייט פון תורה שבע"פ איז ניט נור גינוג עס זאל זיך ציהען איין צייל פון געוועהנליכע מענשן, בייארט עס איז אפילו גאר נייטיג נאך צו ווייזן איין ציהונג פון סנהדרין איינע בייא דיא אנדערע גאר אן אויף הערונג, ווייל וויא מיר האבן גיזעהין, ווערן דיא דאזיגע גיהאלטן פאר דעם יסוד און דיא זאיילן פון דיא איבער ענטווירונג בעל פה. ווען עס איז אין דער געשיכטע פערהאנדן איין איינציגער וויכטיגער צייט פונקט, וואס עס קאן ניט נאך גיוויזן ווערן אז אין איהם זענין איין סנהדרין גיוועזן, אודער ווען דיא בצייכנטע צייל וואס ציהט זיך זענין ווידער אנאנדער מיט דעם געשריבנן און היילגן צו וויסן טוהונג פון דאס פאלק, אזו איז דאס פערלאנגן פון דער תורה שבע"פ נול און נישטיג און עס איז שוין דיא יודין דערוויזן אז זייא זענין ענטוויר דיא אויפשטעלער פון איין פרומין בעטרוג, אודער, אהני עס צו וויסין זעלבערט בעטראגן גיווארין. נון האבין מיר שוין גיוויזן, אז דאס סנהדרין איז ניט פון משה איינגעשטעלט גיווארין און אז מאן האט פריהער פון אזעלכן ניט גיהערט, וויא ביז נאך דעם וויא דיא גריכין האבין ארץ ישראל איינגינומען, און דערווים דער ווייזט זיך נון וואס עס איז ניט צום אבווענדן, אז דער תורה שבע"פ פעלט דיא קייט פון דיא ענינע צייגין (עדות) דורך וועלכע עס האט נור אליין גיקענט איהרע עכטקייט ביגרונדע בעסטיגט ווערין. פון משה ביז צו דיא מאקאבעיאיר איז איין אויף גיהערטער בלייז, איין זייער גרויסער שפארט וואס ניט צום אריבער שפרייזן, וועלכער עס שיידיט אב דיא נייאי מאדישי יודישקייט פון דער ווארהייט. ווייל דיא רבנים האבין זיך דאך בימיהט דעם דאזיגן געגענזיידיגן האלז (שלונד) אוים צו פיהלין, אודער פיל מעהר איין בריק אין דער לופטן אויף צו בויאן כדי איבער דעם אריבער צו גיין אזו האלטן מיר עס פאר נייטיג דעם ארוים קום (פועל יוצא) פון דעם וואס זייא האבין זיך מיהי גיגעבין, צו פרובין. זייא זאגין אז דיא פערלאנגטע קייט פון צייגין (עדות) איז טאקיש פערהאנדין, און האבין זיך בימיהט דיא אלירלייא גלידער דער פון נאך צו ווייזן. מילא ווען דער דאזיגער בעווייז איז פאלש, דען איז אויך דיא לעצטי און דיא איינציגע האפנונג פון דאס נייא מאדישי יודישקייט אוועק; אבער אום

דאס

דאס פאלשי פון דעם דאזיגין ביוייז אפאר צו שטעלין, בידארף עס ניט פילי ביווייז גרונדין. דיא קייט פון צייגין (עדות) וויא זיא ווערד פון דיא רבנים זעלבירט אויף גיוויזין, איז זיך סותר מיט דער גישיכטי און עס פעהלט איהר שוין באלד אין אנפאנג דאס צוזאמין האנג. דער ערשטיר טהייל פון דער צייל וואס ציהט זיך, ווערד אזו בישריבין:

אף על פי שלא נכתבה תורה שבעל פה למדה משה רבינו כולה בבית דינו לשבעים זקנים ואלעזר ופנחס ויהושע שלשתן קבלו ממשה. וליהושע שהוא תלמידו של משה רבינו מסר תורה שבע"פ וצוהו עליה. וכן יהושע כל ימי חייו למד על פה. וזקנים רבים קבלו מיהושע. וקבל עלי מן הזקנים ומפנחס:

„ווען אויך דיא תורה שבעל פה איז ניט גישריבין גיווארין, פון דעסט וועגין האט זיא משה דאך אין גאנצין גילערינט בייא זיין בית דין צו דיא זיבינציג זקנים; און אלעזר און פנחס און יהושע זייא דרייא האבין עס אויך מקבל גיוועזן פון משה. און צו יהושע וואס ער איז דער תלמיד פון משה רבינו גיוועזין האט ער דיא תורה שבעל פה איביר גיענטווירט און האט איהם גיבאטין אויף איהר. און אזו אויך האט יהושע גילערינט אלי טעג פון זיין לעבין, אויסווענדיג (בע"פ); און פיל זקנים האבין עס מקבל גיוועזין פון יהושע, און עלי האט עס מקבל גיוועזין פון דיא זקנים און פון פנחס.“ (אין דער הקדמה פון רמב"ם צום יד החזקה) דא הייבט שוין אן דיא אויפהערונג פון דעם צו זאמין האנג באלד נאך דעם דריטין גליד אין דער קייט. אז יהושע זאל גיערבט האבין דיא תורה שבע"פ פון משה, ווען עס איז איביר הויפט גיוועזין וואס צו פערערבין איז קרוב לאבת; ווער אביר דער יורש פון יהושע איז גיוועזין, קענין דיא רבנים אונס ניט זאגין. עס איז ניט גינוג, ווען מאן זאגט, אז דיא זקנים זאלין האבין דאס זעלביגי פון יהושע מקבל גיוועזין, ווארין ווער זענין די דאזיגי זקנים גיוועזין? ווער איז דער נעהינסטיר אויבירשטיר פון דיא סנהדרין גיוועזין, און ווער איז דער אויבירשטיר פיהריר גיוועזין נאך דיא דאזיגי? אום איין קייט פון צייגין (עדות) נאך צו ווייזין, מוזין מיר לפחות זייאיר נאמין וויסין אביר אהוץ דעם, ווען מיר זאלין זיך אויף זייאיר צייגניש פערלאזין, מוזין מיר דאך זייאיר אויף פיהרונג, זייארי פרומקייט זייאיר גירעכטיגקייט קענין. דאס וואס דיא דאזיגי פרטים זענין ניט פערהאנדין, ווייזט אז דיא רבנים זענין אין דער דאזיגיר זאך ניט בילערינט גיוועזין און האבין בלוז פרובירט, איין גישיכטי צו זאמין צו

שטעלין

שטעלין, כדי דיא לייכט גליביגי מרמה צו זיין. עס פערשטעהט זיך פון זעלבירט, אז, ווען דיא רבנים וואלטין גיהאט איין גינויאי נאכריכט פון דער דאזיגיר זאך, וואלטין זייא דאס זעלביגי גיהאט וואויל צו וויסין גיטהון; וויל זייא טהון דאס אביר ניט, אזו מוזין מיר דערויס דרינגין, אז זייא האבין קיינע פון אזו וואס ניט גיהאט, און וויל נון דיא היילוגי שריפט גיבט אונס אויך פון דער דאזיגיר זאך קיין גלוי דעת ניט, אזו מוזין מיר ביהויפטין, אז דיא קייט פון צייגין (עדות) הערט שוין ביי דעם צווייטין גליד אויף. דיא רבנים זענין אזו וויט דער פון דערוויטירט, איין גיצויגיני צייל פון סנהדרין פון יהושע אן ביז זייאיר אייגיני צייט אראפ, צו קענין נאך וויזין, אז זייא זענין גאר אפילו גיצוואונגין, איין גרויסין שפרונג צו טהון פון יהושע ביז עלי און אזו איין גרויסין בלייז צו לאזין פון מעהר וויא צווייא הונדירט יאהר, דאס איז איין זאך, וואס עס איז אלליין שוין גינוג, אום דיא רייד פון דער תורה שבע״פ צו נישט צו מאכין און דיא יודין פאר דיא לייכט גליביגסטי מענשין צו לאזין דער קענין, וויל זייא גלויבין אזו וואס, וואס עס האט פאר זיך דאס קלענסטי שיין פון אמת ניט. דיא רבנים בימיהין זיך פאר וואר, דעם דאזיגין גרויסין בלייז אוים צו פיהלין, אביר דורך איין גרויסי אום ווארהייט. זייא זאגין, אז עלי האט דיא תורה שבע״פ פון יהושעס זקנים און פון פנחס מקבל גיוועזין, וואס נאך דעם פשט נאך האבין דיא דאזיגי אללי מענשין גימוזט לערך דרייא הונדירט יאהר גילעבט האבין: נור אביר אפילו ווען דאס וואלט אמת גיוועזין, וואלט עס דאך נאך ניט גינוג גיוועזין, אום דעם ביוויז צו געבין, וואס דער צו איז ניט אנדירש וויא איין גיצויגיני צייל פון סנהדרין נייטיג. און בפרט פאר דעם דאזיגין אום לויף פון דער צייט. פון דעם ספר שופטים ווייזט זיך ארויס, אז אין דער צייט צווישין יהושע און עלי, יוא, אפילו באלד אין דעם דור פון דער צייט נאך יהושעס טויט, האבין זייא אפילו דיא תורה שבכתב פון משה פערגעסין, און האבין זיך דיא אבגעטירייא אונטיר גיגעבין. אזו שטעהט אין פסוק „און יהושע דער זון פון נון דער קנעכט פון יהוה איז גישטארבין, אז ער איז אלט גיווארין הונדירט און צעהין יאהר... און אויך דער דאזיגיר גאנציר דור איז איין גיטהון גיווארין צו זייאירי עלטירין, איז אויף גישטאנדין איין אנדיר דור נאך זייא, וואס זייא האבין יהוה ניט גיקענט, און אויך דיא ווערק וואס ער האט גיטהון צו ישראל. און דיא קינדיר ישראל האבין גיטהון דאס בייזי אין דיא אויגין פון יהוה און האבין גידינט דיא בעלים."

שופטים

(שופטים ב׳, פסוק ח-י״א) דא זאגט נון דער היילגיר מחבר פון דער שריפט, אז יהושע און אלי דיא וואס האבין אין זיין צייט געלעבט, זענין צו שטארבין, וואס עס איז אזו אויפדערריקליך סותר דיא בהויפטונג פון דער תורה שבע״פ, אז דיא זקנים פון יהושע זאלין נאך האבין אין דער צייט פון עלי געלעבט. ווייטיר שטעהיט דא, אז דיא ישראל האבין זיך דענסמאלט צו גיקעהרט צו דיא געצין; וואו זענין דען דיא סנהדרין גיוועזין אין דער דאזיגיר צייט? זענין זייא גיוועזין, ווארום האבין זייא דעם שטרוים פון פער דערבינש ניט איין גיהאלטין און דיא וואס האבין עס גיטהון ניט בישטראפט? וואס האט גאטט גיברויכט ריכטיר אויף צו שטעלין, דיא וואס זאלין דאס ווערק פון סנהדריי פערריכטי? מיר גיפינין אין ערגינץ ניט אז איין סנהדרין אודיר ערגינץ איין אנדיר בית דין האבין דיא ישראל גיהאלפין; נור דיא ריכטיר (שופטים) דיא וואס גאטט האט אויף גישטעלט, גיפינין מיר אין דעם כפר פון שופטים זייא צו גישריבין דיא בפרייהונג: „און ווען יהוה האט צו זייא אביר ריכטיר אויף גישטעלט, אזו איז יהוה גיוועזין מיט דעם ריכטיר און האט זייא גיהאלפין פון דיא הענד פון זייארי פיינד, אזו לאנג וויא דער ריכטיר האט גילעבט. . . און עס איז גיוועזין אז דער ריכטיר איז גישטארבין, האבין זייא זיך ווידיר אום גיקעהרט און האבין פערדארבין נאך מעהר וויא זייארי עלטירין. ״ (דארטין פסוק י״ח-י״ט) באמת ווייזט דער זאץ וואס איז אין דעם ספר פון דיא שופטים אזו אפט איביר גיחאזרט: ״אין דער זעלביגיר צייט איז קיין מלך ניט גיוועזין אין ישראל, און איטליכיר האט גיטהון אלץ וואס אין זייני אויגין איז וואויל גיפאלין, ״אז עס איז קייני כנהדרין גאר ניט גיוועזין ווארין ווען עס וואלט ערגינץ איין ב״ד אויף אזו איין שטייגיר גיוועזין וואס זאלין מיט אזעלכי זעלבסט הערשאפטליכין מאכט גיוואפינט זיין, אזו וואלטין דיא קינדיר ישראל, ניט גיקענט טהון, וואס זייא איז אין זייארי אויגין וואויל גיפאלין. מילא מיר מעגין אויף דיא היילגי שריפט אודיר אויף דיא רבנישי בירינטונג אהין בליקין, האבין מיר איטער איין צייט לויף פון מעהר וויא צוויא הונדירט יאהרין, וואס דערינגען לאזט זיך ניט נאך ווייזין אז סנהדרין זאלין גיוועזין זיין און אויך ניט קיין תורה שבע״פ. דאריבער איז דיא קייט פון צייגין, וועלכי דיא רבנים ווייזין אן, ניט פול שטענדיג, און פער דינט נאך ווענ ניגיר אז מאן זאל עס גלויבין, ווייל זיא האט אין זיך מהמת דעם איין גרויסי אום ווארהייט אין דעם ענין פון דעם עלטיר פון יהושעס זקנים.

אֵיינִי גֶעהִינְטִירִי פְּרוּבִּירוּנְג וֶועט אוּנְס וַוייזִין, אַז זִיא הָאט אִין זִיךְ נָאךְ מֶעהר וִויא אֵיינִי אוּם וַוארְהַייט. נָאךְ דֶעם וִויא דִיא תורה שבע"פ הָאט אוּנְס גִיזָאגְט, אַז ד ו ד הָאט עֶס פוּן ש מ ו א ל אוּן זַיין ב"ד מקבל גִיוֶועזִין, זָאגְט עֶס וַוייטִיר אַזוֹ.

**ואחיה השילוני מיוצאי מצרים היה ולוי היה ושמע ממשה והיה קטן בימי משה והוא קבל מדוד ובית דינו ואליהו קבל מאחיה השילוני ובית דינו:**

„אוּן א ח י ה פוּן ש י ל ו אִיז גִיוֶועזִין אֵיינִיר פוּן דִיא וָואס זֶענִין פוּן מצרים אַרוֹיס גִיגַאנְגִין, אוּן עֶר אִיז אַיין לוי גִיוֶועזִין; עֶר הָאט (דִיא תורה שבע"פ) גִיהֶערְט פוּן משה, אוּן עֶר אִיז נָאךְ קְלֵיין גִיוֶועזִין אִין דֶער צַייט פוּן משה אוּן עֶר הָאט עֶס מקבל גִיוֶועזִין פוּן דוד אוּן זַיין ב"ד. אוּן א ל י ה ו הָאט עֶס מקבל גִיוֶועזִין פוּן א ח י ה השילוני אוּן זַיין ב"ד." מֵילָא דִיא דָאזִיגִי בְּיהוֹיפְּטוּנְג אִיז עֶרְשְׁטְלִיךְ גַאנְץ חלשות, אָן צוּ נֶעהמִין, אַז אִימִיצִיר, דֶער וָואס הָאט דִיא תורה גִיהֶערְט פוּן משה, זָאל דָאס זֶעלְבִּיגִי הָאבִּין שְׁפֶּעטִיר אַנְטְפַאנְגִין פוּן דוד אִיז אַקֵייגִין אִיטְלִיכִין שֵׂיין פוּן וַוארְהַייט; אָבִּיר צוּ בְּיהוֹיפְּטִין, אַז א ח י ה אִיז אִין משהס צַייטִין אֵיין קְלֵיינִיר יוּנְג גִיוֶועזִין אוּן הָאט גִילֶעבְּט בִּיז צוּ דֶער ממשלה פוּן ש ל מ ה, דָאס הֵייסְט, אִיבִּיר פִינְף הוּנְדִירְט יָאהר גִילֶעבְּט, אִיז בפירוש אַיין אוּם וַוארְהַייט, אוּן עֶס מֶעג זַיין בכיון אוֹדִיר נִיט, מַאכְט עֶס אִין גַאנְצִין צוּ נִישְׁט דָאס גְלוֹיבְּהַאפְטִיגְקַייט פוּן יֶענִיר אַנְגֶעבּוּנְג פוּן דֶעם ענין פוּן דִיא צַייגִין (עדות). אִיז עֶס אַיין אוּם וַוארְהַייט וָואס נִיט בכיון אוּן דָאס וַואקְסְט פוּן אַיין תעות אַרוֹיס, אַזוֹ וַוייזְט עֶס אַז דִיא רבנים וֶועלְכִי עֶס הָאבִּין דִיא דָאזִיגִי מעשה אִיבִּיר גִיעֶנְטְוִוירְט, זֶענִין אַזוֹ שְׁוַואךְ אִין פֶערְשְׁטַאנְד גִיוֶועזִין, אַז זֵייא הָאבִּין אִיטְלִיכִי זַאךְ וָואס שַׁיינְט נוּר פַאר אוּם וַואהר אָן גִינוּמִין פַאר בַּארֶערְס גֶעלְד אוּן בַּארִיבִּיר, אַזוֹ בַּאלְד זֵייא הָאבִּין גִיקֶענְט אַיין לִיגִין אִיבִּיר עֶנְטְוִוירִין, הָאבִּין זֵייא בוודאי מֶעהְרִיר לִיגִינְס אִיבִּיר גִיעֶנְטְוִוירְט; אִיז עֶס אָבִּיר אַיין אוּם וַוארְהַייט וָואס אִיז בכיון, אַזוֹ וֶועט קֵיינִיר נִיט וֶוערִין בִּיהוֹיפְּטִין, אַז דָאס צַייגְנִיש פוּן גְרוֹיסִי לִיגְנִירְס אִיז פִּיל וֶוערְט. אַזוֹ אִיז דֶער מִיט אוֹיךְ דֶער דָאזִיגִיר לֶעצְטִיר פְּרוּב, אוּם דִיא תורה שבע"פ צוּ שְׁטִיצִין, בחנם.

דָאךְ זָאגִין דִיא רבנים אַז צְווישִׁין אַנְדִירִי אִיז דִיא תורה שבע"פ דוּרְךְ דִיא הֶענְד פוּן י ר מ י ה אוֹיךְ אַדוּרְךְ גִיגַאנְגִין:

**וירמיה קבל מצפניה ובית דינו. וברוך בן נריה קבל מירמיה ובית דינו:**

„אוּן י ר מ י ה הָאט עֶס מקבל גִיוֶועזִין פוּן צ פ נ י ה אוּן זַיין ב"ד, אוּן בָּרוּךְ דֶער זוּן פוּן נ ר י ה הָאט עֶס מקבל גִיוֶועזִין פוּן י ר מ י ה אוּן זַיין

ב"ד

ב״ד. ״ וֶוען דָאס זָאל נוּן הֵייסְן, אַז ירמיה אִיז גִיוֶועזֶן דֶער נשיא אוֹדֶיר דֶער אוֹיבֶּירְשְׁטֶיר פוּן דָאס סנהדרין, אַזוֹ אִיז עֶס בּפירוּש פַאלְשׁ; דִיא גַאנְצֵי גִישִׁיכְטֵי פוּן ירמיה וַוייזְט אוּנְס, אַז עֶר אִיז נִיט גִיוֶועזֶן דֶער אוֹיבֶּירְשְׁטֶיר פוּן אֵיין זֶעלְבְּסְט הֶערְשַׁאפְטְלִיכֶן ב״ד וָואס אַקֵייגִין זַייא אִיז זִיךְ גָאר נִיט צוּ שְׁטֶעלִין, בֵּייאִירְט עֶר אִיז גִיוֶועזֶן אַיין מַאן וָואס הָאט קֵיין שׁוּץ נִיט גִיהַאט, אוּן אִיז גִיוֶועזֶן אַיין נרדף (פֶערְפָאלְגְט). וָואלְט עֶר דֶער אוֹיבֶּירְשְׁטֶיר פוּן אַזוֹ אַיין שְׁרֶעקְלִיכֶן טְרִיבּוּנַאל גִיוֶועזֶן, וָואס זֵייאִיר חרם אוֹיס שְׁפְּרֶעכוּנְג אִיז שׁוֹין אַלֵיין גִינוּג גִיוֶועזֶן, אוּם אִיהם צוּ בִּישִׁיצִין, אַזוֹ וָואלְט דָאס פָאלְק אוּן דִיא גְרוֹיסֵי לַייט קֵיין מָאהל זִיךְ נִיט גִיהַאט דֶער וואוֹיגִין, זַיינֵי וֶוערְטֶיר צוּ פֶערְוַוארְפֶין, וִויא זַייא הָאבֶּין עֶס דָאךְ וִוירְקְלִיךְ גִיטָהוּן, נָאךְ פִיל וֶועניגֶיר אַיין פְּרוּב אוֹיף זַיין לֶעבֶּין צוּ מַאכִין. וֶוען מַאן זָאל אָבֶּיר וִוידֶיר אוֹיף דֶער אַנְדִירֶיר זַייט זָאגִין, אַז אוּנְטֶיר דֶעם ב״ד פוּן ירמיה הָאט מַאן נִישְׁט דִיא סנהדרין צוּ פֶער שְׁטֶעהִין, דֶען הָאבֶּין מִיר אַיין צְווייטֶין בְּלֵייז אִין דֶער צָייל פוּן סנהדרין, אוּן דְרוּם אִיז דֶער בִּיוַוייז וִוידִיר פַאלְשׁ. דָאךְ אָבֶּיר אִיז דִיא דָאזִיגֵי קֵייט פוּן בִּיוַוייז נִיט נוּר סוֹתר דִיא בּפירוּשֵׁי זָאגֶין אוּן דִיא הֵיילִיגֵי שְׁרִיפְט פוּן דִיא נביאים, נֵייאִירְט זִיא אִיז אוֹיךְ אפילוּ וִוידִיר אַנַאנְדֶיר מִיט דֶער תּוֹרה שבּעל פּה זֶעלְבִּירְט, וָוארִין דִיא זֶעלְבִּיגֵי תּוֹרה בִּיהוֹיפְּטִיט, אַז צְוֵוייא גרים שְׁטֶעלִין פָאר אֵיין טְהֵייל פוּן דֶער אִיבֶּיר עֶנְטְוִוירוּנְג בּע״פּ:

שמעיה ואבטליון גרי הצדק ובית דינם קבלו מיהודה ושמעון ובית דינם. הלל ושמאי ובית דינם קבלו משמעיה ואבטליון ובית דינם:
„שמעיה אוּן אבטליון, דִיא גרים פוּן גִירֶעכְטִיגְקֵייט, אוּן זֵייאִיר ב״ד הָאבֶּין עֶס מקבל גִיוֶועזֶן פוּן יהודה אוּן שמעון אוּן זֵייאִיר ב״ד; הלל אוּן שמאי אוּן זֵייאִיר ב״ד הָאבֶּין עֶס מקבל גִיוֶועזֶן פוּן שמעיה אוּן אבטליון אוּן זֵייאִיר ב״ד. ״נוּן אִיז עֶס אָבֶּיר, נָאךְ תּוֹרה שבּעל פּה נָאךְ נִיט דֶער לוֹיבְּט אַז גרים זָאלִין חבירים זַיין אִין עֶרְגִינְץ אַיין ב״ד אוֹדִיר אִין אַיין גִירִיכְט, אוּן בּאמת וָואס עֶס בִּיטְרֶעפְט דֶעם הוֹיכִין ב״ד (ב״ד הגדול) וֶוערְד בּפירוּש גִיזָאגְט:

אין מעמידין בסנהדרין אלא כהנים לוים וישראלים המיוחסים הראוים להשיא לכהונה. שנאמר והתיצבו שם עמך בדומין לך בחכמה וביראה וביחס:
„מַאן נֶעהמְט נִיט אוֹיף אִין דִיא סנהדרין נוּר כהנים, אוּן לויים אוּן ישראלים וֶועלְכֵי זֶענִין פוּן יחוּס אַז זַייא זָאלִין ראוּי זַיין אַז מַאן זָאל זַייא אוֹיף נֶעהמִין צוּ כהוּנה׃״ וָוארִין עֶס שְׁטֶעהִיט אִין פּסוּק: „ „אוּן זַייא זָאלִין

זִיךְ דָארְטִין שְׁטֶעלִין מִיט דִיר, " " דָאס הֵייסְט, דִיא וָואס זֶענִין גְלַייךְ צוּ
דִיר אִין חכמה, אִין גָאטִים פוּרְכְט אוּן אִין יחוס." (הלכות סנהדרין פרק
ב', הלכה א') אוּן אפילוּ פוּן אַיין קְלֵיינִים ב"ד וֶוערְד גִיזָאגְט:

בית דין של שלשה שהיה אחד מהם גר הרי זה פסול:

„אַיין ב"ד פוּן דְרַייא וָואס צְווִישִׁין זֵייא אִיז אֵיינִיר אַיין גר גִיוֶועזִין אִיז
פסול." מֵילָא וֶוען עֶס אִיז אַיין גר נִיט דֶערְלוֹיבְּט גִיוֶועזִין אַיין מִיט גְלִיד
אִין דָאס סנהדרין אוֹדִיר פוּן אַיין אַנְדִיר ב"ד צוּ זַיין, מֵילָא וִויא קוּמְט עֶס,
אַז מִיר גִיפִינְין גרים אוֹיבִּין אָן דִיא עֶרְשְׁטִי פוּן אַזוֹ אַיין ב"ד דוּרְךְ וֶועלְכִין
דִיא תורה שבע"פ אִיז אִיבִּיר גִיעֶנְטְווִירְט גִיוָוארִין? וֶוען דִיא בִּישְׁטִימוּנְגִין
וָואס דִיא תורה שבע"פ אִיז גוזר זֶענִין גִילְטִיג, אַזוֹ אִיז יֶענִיר ב"ד פסול
גִיוֶועזִין אוּן דַארִיבִּיר צוּ דֶער אִיבִּיר עֶנְטְווִירוּנְג פוּן אֵיינִים צוּם אַנְדִירִין
בע"פ גָאר נִיט ראוי גִיוֶועזִין; וֶוערְד אָבִּיר יֶענִיר ב"ד פַאר ראוי גִיהַאלְטִין,
דֶען קָאן דִיא תורה שבע"פ, וָואס זִיא פֶער דַאמְט (אסורת) דֶעם זֶעלְבִּיגִין,
נִיט דִיא אמתי קבלה בעל פה אִין זִיךְ הָאבִּין; אִין אִיטְלִיכִין פַאל אָבִּיר אִיז
עֶס גִישֶׁעהִין אוּם דִיא עֶכְטְקַייט פוּן דֶער דָאזִיגִיר תורה צוּ בִּיטְרַאכְטִין.

נֶעהמִין מִיר נוּן צוּ אַזָאמִין דָאס וָואס אִיז גִיזָאגְט גִיוָוארִין, אַזוֹ וַוייזְט
זִיךְ דֶער פוּן אַרוֹיס, אַז, וֶוען מִיר זָאלְין אפילוּ אוּנְזֶערִי בִּיוַוייז גְרוּנְדִין
אַקֵייגִין דֶער מַאכְט פוּן דִיא סנהדרין אוּן פוּן תורה שבע"פ אַוֶועק לֵייגִין
אוּן וָואלְטִין דִיא דָאזִיגִי שאלה אוֹיף דָאס בִּיצַייגְנִיש פוּן דִיא רבנים זֶעלְבִּירְט
אַרוֹיף לֵייגִין, וֶועלְין דִיא הסרונות אַקֵייגִין דִיא אִיבִּיר צַייגוּנְג, אוּן דָאס
פַאלְשִׁי וָואס עֶס וַוייזְט זִיךְ אַרוֹיס אִין דֶעם דָאזִיגִין בִּיצַייגְנִיש, שׁוֹין גִינוּג
זַיין, אוּם אַלִי זֵייאִירִי דרושים אוּם נאמנות צוּ בְּרֶענְגִין. זֵייא הָאבִּין נִיט
אַלֵיין פוּן דֶער הֵיילִיגִיר שְׁרִיפְט קֵיין בִּיוַוייז נִיט, בַּייאִירְט זֵייא זֶענִין אוֹיךְ
נִיט אִין שְׁטַאנְד, אִין דֶער אִיבִּיר לִיווִירוּנְג בע"פ אַיין נִיט אוֹיפְגִיהֶערְטִי
קֵייט פוּן צַייגִין (עדות) אַרוֹיס צוּ גִיפִינְין, וַוייל בַּאלְד אִין אָנְהֵייבּ זֶענִין זֵייא
שׁוֹין גִישְׁטָאקְט, אוּן נָאךְ דָאס אָבְּצֵיילוּנְג פוּן צְווֵייא גְלִידִיר לָאזִין זֵייא שׁוֹין
אַיין בְּלֵייז פוּן מֶעהר וִויא צְווֵייא הוּנְדִירְט יָאהרִין נִיט דֶערְקְלֶערְט. דָא
וואוּ זֵייא הֵייבִּין דֶעם פָאדִים ווִידִיר אוֹיף, מַאכִין זֵייא זִיךְ שׁוּלְדִיג מִיט אַיין
גְרָאבִּין לִיגִין דוּרְךְ דֶער בִּיהוֹיפְּטוּנְג אַז מֶענְשִׁין זָאלִין הָאבִּין נָאךְ דֶעם
מבול פִינְף הוּנְדִירְט יָאהרִין גִילֶעבְּט, אוּן זֶענִין נִיט אַמָאהל אִין שְׁטַאנְד,
אַייז גִישִׁיכְטִי צוּ דֶער קְלֶערִין, דִיא וָואס זָאל מִיט דֶער תורה שבעל פה
זֶעלְבִּירְט אַיינְשְׁטִימִין. דֶער גִינְצִיגְסְטִיר בִּיוַוייז גְרוּנְד דֶער וָואס קָאן
גִיבְּרַאכְט וֶוערִין צוּם פֶער עֶנְטְווִירִין דִיא תורה שבע"פ, וַוייזְט זִיךְ אַז עֶס

האלט

האלט ניט אויס. ווען מיר זעצין אביר נאך צו דיא ביווייזין וואס איז אין דיא פאריגי נומערין פערהאנדין און דערמאנין זיך, אז דאס סנהדרין איז גראד צו סותר דיא תורת משה, אז קיין מאהל ווערד עס ניט דערמאנט אין קיין איינציגין פון דיא היילי̇גי ספרים, אז מאן האט פון אזו וואס פריהיר ניט גיהערט וויא ביז דער גריכישיר לשון איז אין ארץ ישראל גישפראכין גיווארין, אזו ווערד דער תורה שבע"פ איטליכים שטיצונג אוועק גינומין, און עס זינקט אראפ צו דעם גראד פון איין בלויזין ביטרוג, וואס זייאיר קרבן זענין דיא פערנארטי יודין גיוועזין. וויא לאנג זייא ווילין אזעלכי בלייבין, האבין זייא זעלבירט אכטונג צו געבין. דיא צייט פון דעם בלינדין גלויבין, וויא דאס נייאי יודישקייט פערלאנגט איהם, איז שוין אריביר; דיא יודין קענין באריביר ניט ווייטיר בלייבין דיא בלינדי אנהענגיר פון נארישׂ גלייבי̇גי און נאך כבוד גייציגי רבנים. ענטוויר זייא מוזין מיט תמימות מודה זיין, אז זייא, און דיא וואס זענין פאר זייא גיוועזין, זענין אין דיא לעצטי אכצעהין הונדירט יאהרין פאר נארט גיווארין, און מיט ערינסט אנהייבין דעם פערלוירינין אמת צו זוכין, אודיר זייא מוזין דירויף בישטעהין, אז זייא זאלין גיהאלטין ווערין, ענטוויר פאר אזעלכי וואס האלטין פאר איין תעות מחמת אייגיני נוצין, אודיר פאר אזעלכי וואס זארגין דירויף גאר ניט וואס זייא פעראכטין דעם אמת. קיינער, איביר הויפט דער וואס קאן דאס דאזיגי פאלק, וועט ווען גלויבין, אז זייא זענין אזו שוואך אין פערשטאנד, אום ניט טויגליך צו זיין ביי דיא איצונדיגי אומשטענדין דיא מיאוסי גדלות פון דער תורה שבע"פ אויף צו דעקין. איינ̇יגי יודין מעגין זיך באמת אימער מיט קשי ערף ניט זייער וועלין, דיא ביווייז גרונדין פון דעם דת פון זייאירי אבות בעסיר חוקר ודורש צו זיין, און נאך אימער ווייטיר, זיך צו דאס יודישקייט ביקענין, בלוז ווייל זייאירי אבות פאר זייא האבין דאס זעלביגי גיטהון; נור אביר אזעלכי מענשין מוזין עס אויך מיט דעם גוטין ווילין דער קענין אז זייאיר גלויבין איז ניט איינס פון איין פערשטענדיגין ענין, אודיר אז זייאיר דת וועט ניט אויס האלטין דיא פרוב פון שכל. אללי דערקייגין, די וואס ווילין זיך דיא מיהי נעהמין חוקר ודורש צו זיין, מוזין זייא זיך מכין זיין, ווען זייא ווילין אנדירש רעכט פערטיגי מעניר זיין דעם דת פון דיא רבנים אב צו זאגין. עס איז קיין איינציגיס ביווייז גרונד ניט פער האנדין, ניט קיין אינוועניגסטי, און ניט קיין אויסינוועניגסטי ביווייז, פאר דער תורה שבע"פ, אויף וועלכים איין מענש וואס האט גיוועהנליכין פערשטאנד זאל זיך קענין אפילו נור

איין

אײן אונגלױבליך שטיצין; דער אײנציגער שאָטין פון אַײן פונדאַמענט דורך װעלכים דיא תורה שבע״פ װאָלט געקענט אונטער געשטיצט װערין איז דיא לערנונג פון דיא סנהדרין—אָבער דער דאָזיגער פערשװינד אױך, װיא מיר האָבין געזעהין, אַזױ באַלד װיא מיר טרעטין נעהענטער, צו דער גינאַריבאַײא. דאָס איז זײער רחוק, אַז דיא לערנונג פון דיא סנהדרין זאָלין אַנדירי טהײלין פון דער תורה שבע״פ מאַכט פערשאַפין, זיא שײנט פיל מעהר אונטער איהרי אירטימער (תעותים) צו זײן אײנע פון דער פער מיאוסטין. זיא איז געװעזין אױס געטראַכט פון מענשין, דיא װאָס האָבין ניט אַללײן פערלאַנגט גײסטליכע הערשאַפט (ברוחניות) נײארט אױך װעלטליכע זעלבסט הערשערײא זיך נאָך געאָגט; דאָס סנהדרין איז בלױז געװעזין דאָס װערק צײג, דורך װעלכים דיא רבנים האָבין געהאָפט צו דערלאַנגין גאָר דיא מאַכט, פון דיא אײנזאַמלונגין (צו גאַמטים דינסט) און פון דער מדינה, און דער דורך איז זײער אַײן שטאַרקער אונטער שײד צװישין דער רבנישער אמונה און צװישין דער אמונה פון ישוע הנוצרי, ישוע דער משיח האָט נישט מעהר געזוכט, װיא נור דיא הערשאַפט פון דעם אמת. „און ישוע האָט פערשטאַנין, הײסט עס (אין ברית חדשה)״ אַז זײא װעלין קומין און װעלין איהם מיט געװאַלד נעהמין, אַז זײא זאָלין איהם פאַר אײן מלך מאַכין; אַזױ איז ער װידער אַװעק געגאַנגין צו אַײן בערג.״ (יוחנן ו׳, פסוק ט״ו) זײני לערנונג קלינגט: „מײן קיניגרײך איז ניט פון דער דאָזיגער װעלט.״ אױף דעם זעלביגין אופן האָט ער אױך זײני תלמידים געלערינט ניט נאָך װעלטליכער מאַכט זיך נאָך צו יאָגין, װײל ער זאָגט: „איהר װײסט אַז דיא װאָס זענין אָן געזעהין װיא פירשטין פון דיא גוים, דיא הערשין איבער זײא, און דיא גרױסי אונטער איהנין געװעלטיגין איבער זײא: אָבער עס װעט ניט אַזױ זײן צװישין אײך, זונדערן דער װאָס װיל גרױס זײן צװישין אײך, דער װעט זײן אײער בידינטער: און װעלכער פון אײך עס װיל זײן דער ערשטער, דער װעט זײן אײער אַלעמס קנעכט: װאָרין דער בן אדם זעלבסט איז ניט געקומין בידינט צו װערין זונדערן צו בידינין, און זײן לעבין צו געבין אַײן אױס דער ליזונג פאַר פילין.״ (מרקוס י׳, פסוק מ״ב—מ״ה) ישוע און זײני שלוחים זענין פון דעם חשד פולקומין פרײא געװעזין, אַז זײא זאָלין עפיס האָבין געהאַט אמונה בינוצט פאַר אַײן ספּאָסיב אױף אַײן אײגין נוציגי כוונה; דיא לעהרער פון דער תורה שבע״פ אָבער האָבין געהאַט און האָבין נאָך איצונד אַײן נסיון זײאער לערנונג אין שטאַנד צו דער האַלטין, װײל דיא זעלביגי לערנונג מאַכט

זײא

זֵייא פַאר אום בִּיגְרֶענִיצְטִי גִיזֶעץ גֶעבִּירְס פוּן דָאס יוּדִישִׁי פָאלְק, אוּן דִיא דָאזִיגִי אָבּ צֵיילוּנְג פַאלְט אִין אַיין שְׁטַארְקִין חשד אַרַיין. אַז גָאט הָאט משה גִישִׁיקְט. הָאט עֶר אִיהם בִּיוָוארִינְט פַאר אִיטְלִיכְס שם רע פוּן אַזוֹ אַיין גְלַייכִין; וָוארִין הָאטְשִׁי עֶר הָאט אִין זַיין לֶעבִּין דִיא הֶעכְסְטִי מַאכְט גִיהַאט, אַזוֹ זֶענִין זֵיינִי זַאכִין דוּרְךְ וואוּנְדִיר, וָואס עֶס קָאן נִיט גִילֵייקִינְט וֶוערִין, בִּיגְלוֹיבְּט גִיוָוארִין, אוּן נָאךְ זַיין טוֹיט זֶענִין זַיינִי קִינְדִיר נִיט גִיוֶועזִין, נִיט קֵיינִי אוֹיבִּירְשְׁטִי הוֹיפְּט לַייט פוּן דִיא אַיין זַאמְלוּנְגִין, אוּן נִיט פוּן דֶער מדינה: דִיא כהונה אִיז אִין דֶער פַאמִילְיע פוּן אהרן גִיבְּלִיבִּין, אוּן דִיא הֶעכְסְטִי צִיוִויל גִיוֶועלְטִיגוּנְג אִיז אִין דֶעם גורל פוּן יהושע גִיקוּמִין. דִיא דָאזִיגִי נִיט אֵייגִין נוּצִיגְקַייט, מַאכְט אֵיין אוּנְטִיר שֵׁייד צְוִוישִׁין דִיא מדות פוּן משה אוּן ישוע אוּן צְוִוישִׁין דִיא מדות פוּן דִיא רבנים. דִיא לֶערְנוּנְג פוּן דִיא סנהדרין וַוייזְט נוּר צוּ בפירוש אַרוֹיס דִיא טעמים, פוּן וֶועלְכִי דִיא מחברים פוּן תורה שבע״פ זֶענִין גִיפִיהְרְט גִיוָוארִין. דָא דֶער מִיט ווִילִין מִיר אָבִּיר נִיט דִיא דָאזִיגִי טעמים אַלִימִין דִיא וָואס פֶער עֶנְטְווִירִין דִיא תורה שבע״פ אִין דֶער אִיצְטִיגִיר צַייט צוּ שְׁרַייבִּין; זֵייא זֶענִין נִיט אַנְדִירְשׁ וִויא אוֹיף יֶענִי צַייטִין אַלְיין גִימֵיינְט, וואוּ דָאס יוּדִישְׁקַייט קָאן אִין דֶער ווִירְקְלִיכְקַייט אַפָּאר גִישְׁטֶעלְט וֶוערִין, אוּן קֶענִין דַארִיבִּיר נוּר דֶענְסְמָאלְט אַפָּאר קוּמִין וֶוען עֶס אִיז פֶערְהַאנְדִין אַיין מראה מקום אוֹיף אַיין ווִידִיר אַיינְשְׁטֶעלוּנְג דִיא מַאכְט פוּן ממשלה פוּן דִיא רבנים. אוּנְזִיר תכלית אִיז נִיט, דִיא נַייאִירִי יוּדִין צוּ פֶערְשׁוּלְדִיגִין, זוּנְדֶערְן זֵייא דִיא אוֹיגִין אִיבִּיר אַיין סדר אמונה צוּ עֶפִינִין דוּרְךְ וֶועלְכִין זֵייא זֶענִין אַזוֹ לַאנְג גִינַארְט גִיוָוארִין. אוּן וֶוען זֵייא זָאלִין אוּנְס פְרֶעגִין: וואוּ אִיז דֶען זוּנְסְט דֶעם אמת צוּ גִיפִינְדִין? אַזוֹ וֶועלִין מִיר עֶנְטְווִירִין: אִין משה אוּן אִין דִיא נביאים, וָוארִין אוֹיבּ הָאטְשִׁי מִיר זֶענִין קְרִיסְטִין, פוּן דֶעסְט וֶועגִין גְלוֹיבִּין מִיר דָאךְ פֶעסְט, אַז אַיין טְרַייאִיס פֶעסְט הַאלְטִין אָן דָאס אַלְטִי טֶעסְטַאמֶענְט (תנ״ך) מוּז צוּ סוֹף פִיהְרִין צוּ דָאס קְרִיסְטִינְטְהוּם. דָאס אֵיינְצִיגִי ווִירְקְלִיכִי הִינְדֶערְנִישׁ, וָואס עֶס לָאזְט דִיא יוּדִין נִיט צוּ, צוּ דֶערְקֶענִין ישוע פַאר דֶעם משיח, אִיז דִיא פַאלְשִׁי דעה, אַז זֵייאִירִי אבות, דִיא וָואס הָאבִּין אִיהם פֶערְוָוארְפִין, מוּזִין הָאבִּין רֶעכְט גִיהַאט, אוּן דִיא דָאזִיגִי הִינְדִירְנִישׁ בִּימִיהִין מִיר זִיךְ אָן אַזֵייט צוּ בְּרֶענְגִין. מִיר הָאבִּין עֶס שׁוֹין בִּיוִויזִין, אַז זֵייא הָאבִּין אוּם רֶעכְט גִיהַאט, דֶעם שְׁטַארְקְסְטִין אָבּ וֶוענְדוּנְג וָואס זֵייא בְּרֵיינְגִין אֵייבִּיג ווִידִיר פוּן נַייאִים אַפָּאר, בּאשר דָאס משפט פוּן דִיא סנהדרין אִיז רֶעכְט גִיוֶועזִין אַקֵייגִין זַיינִי אַנְשְׁפְּרֶעכוּנְגִין הָאבִּין אוּנְזֶערִי לֶעצְטִי נוּמֶרִין אָן אַזֵייט גִיבְּרַאכְט. מִיר הָאבִּין גִיווִיזִין אַז דָאס סנהדרין אִיז

דוּרְךְ אוּים גִיוֶועזִין אַיין בית דין נִיט נָאךְ תורה נָאךְ, דֶער וָואס אִיז נִיט פוּן משה, זוּנְדֶרְן וִויא זַיין נָאמִין וַוייזְט, פוּן דִיא גְרִיכִין אַיין גִיפִיהְרְט אוּן אִיז פוּל פוּן בִּיטְרִיגִירַייא אוּן פוּן אֵייגִין נוּצִיגִי מֶענְשִׁין, נָאךְ זֵייאִירִי אֵייגִינִי תכליתים גִיפָארְמִיט גִיוָוארִין. וֶוען אָבִּיר דֶער ב״ד זֶעלְבִּירְט אִיז נִיט גִיוֶועזִין נָאךְ תורה נָאךְ, אַזוֹ אִיז אוֹיךְ זֵייאִיר משפט גִיוֶועזִין. באמת אִיז דִיא זַאךְ, וָואס דֶער הֶער ישוע דֶער משיח אִיז פוּן אַיין ב״ד וָואס נִיט נָאךְ תורה נָאךְ, גִימִשְׁפָּט גִיוָוארִין, אַיין צַייגְנִישׁ (עדות) פַאר אִיהם; וָוארִין עֶס וַוייזְט, אַז עֶר הָאט זֵייאִירִי מעשים אוּן הנהגות נִיט גִיקֶענְט לַיידִין אוּן הָאט זִיךְ דָאס זֶעלְבִּיגִי אַקֵייגִין גִישְׁטֶעלְט. ישוע אִיז נִיט גִימִשְׁפֶּט גִיוָוארִין פוּן דִיא גוּטִי פְרַיינְד פוּן משה, זוּנְדֶרְן פוּן זַיינִי שׂוֹנאים; זַיין אמוּנה אִיז נִיט פוּן אַזֶעלְכִי פֶער יָאגְט גִיוָוארִין, וֶועלְכִי עֶס הָאבִּין דִיא גִיבָּאט פוּן משה באמוּנה גִיהַאלְטִין, נַייאִירְט פוּן אַזֶעלְכִי, דִיא וָואס הָאבִּין גִיזוּכְט צוּ פֶערְפֶעלְשִׁין אִיטְלִיכִין צוּג פוּן תורת משה. דִיא מֶענְשִׁין וֶועלְכִי עֶס הָאבִּין דֶעם משיח בֵן גִיוֶועזִין, זֶענִין גִיוֶועזִין דִיא בַּארְבַּארִישִׁי גזלנים וָואס הָאבִּין אַיין מַאכְט צוּ זִיךְ גִירוֹיבְּט, וֶועלְכִי משה הָאט עֶס אַנְדִירִי גִיגֶעבִּין, אוּן וֶוען משה וָואלְט זִיךְ צְווִישִׁין זֵייא בִּיוִויזִין אוּן וָואלְט דָאס רֶעכְט פוּן דִיא כהנים אוּן לוים אַקֵייגִין דִיא רבנים בִּיהוֹיפְּטִיט, אַזוֹ וָואלְטִין זֵייא אִיהם בוודאי אוֹיךְ אַזוֹ גִישְׁווִינְד אָן קְרַייץ אָן גִישְׁלָאגִין אַזוֹ וִויא דֶעם הֶערְן ישוּע דֶעם משיח. דַארִיבִּיר דִיא אִיצוּנְדִיגִי יוּדִין, דִיא וָואס הַאלְטִין פַאר רֶעכְט וָואס מַאן הָאט ישוּע דן גִיוֶועזִין, פֶער אֵיינִיגִין זֵייא זִיךְ מִיט דִיא שׂוֹנאים פוּן משה; דִיא יֶענִיגִי אָבִּיר וֶועלְכִי זֶענִין גוּטִי פְרַיינְד פוּן תורת משה, מוּזִין דִיא בִּימִיהוּנְג פוּן ישוּע פַאר רֶעכְט הַאלְטִין, וָואס עֶר הָאט זִיךְ בִּימִיהְט דִיא תורה פוּן דָאס פֶער דֶערְבִּין אִיהר גִישְׁטַאלְט, דוּרְךְ שְׁלֶעכְטִי אוּן אֵייגִין נוּצִיגִי מֶענְשִׁין צוּ בִּיפְרַייהִין, אוֹיבּ זֵייא דִירְקֶענִין אִיהם נוּן פַאר דֶעם משיח אוֹדִיר נִיט, מוֹדה מוּזִין זֵייא אֵייבִּיג זַיין, אַז עֶר אִיז אַלְץ אַיין גִימֶענְטְשִׁיטִיר גִישְׁטָארְבִּין וֶועגִין זַיין קנאה וָואס עֶר הָאט זִיךְ אָן גִינוּמִין פַאר תורת משה, אוּן זֶענִין דַארִיבִּיר מחוייב, זַיין פֶער לַאנְגִין אוֹיף דֶעם שכל צוּ נֶעהמִין. ישוּע הָאט דֶעם טוֹיט נִיט גִילִיטִין, וַוייל עֶר זָאל הָאבִּין גִיהַאט דִיא לֶערְנוּנְג פוּן תורת משה פֶער דָארְבִּין, זוּנְדֶרְן וַוייל עֶר הָאט אַנְדִירִי גִישֶׁענְדִיט פוּן וֶועגִין זֵייאִיר עוֹבר זַיין, נִיט וַוייל עֶר הָאט פֶערְלַאנְגְט דִיא אמוּנה פוּן משה צוּ שְׁטִירְצִין, נַייאִירְט וַוייל עֶר הָאט אִיהְרִי וָוארְהַייט מִיט אַיין פֶעסְטִי הַארְץ אַקֵייגִין דִיא יֶענִיגִי אַיין גִיוִויזִין, וֶועלְכִי עֶס הָאבִּין אוֹיף אִיהְרִי צוּ שְׁטֶערוּנְג אֵיינִי נַייאִי אמוּנה אוֹיף גִישְׁטֶעלְט. —



# נתיבות עולם

## עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז

### דיא אלטי שטעגין.

---

## נומר מ״ו

---

דאס נייא מאדישי יודישקייט, אודיר דער דת פון תורה שבע״פ קאן ניט אויס האלטין דיא מינדיסטי פרוב, זיין בישטעהין הענגט דורך אויס אב פון איין בלינדין גלויבין, אזו לאנג וויא איין מענטש לייגט מיט ווילין זיין פערשטאנד אין דיא הענד פון דיא רבנים, און גלויבט נאך זייאיר ביפעהל נאך, אז זיין רעכטי האנד איז דיא לינקי, אזו לאנג מעג ער טאקיש איין ברענעדיגיר אנהענגיר פון דאס יודישקייט זיין: אביר פון דעם אויגין בליק אן, וואו ער הייבט אן צו טראכטין און חוקר ודורש צו זיין מוז ער אויך אן הייבין מסופק צו זיין, און ווען ער האט טאקיש באמת איין ליבשאפט צו דער תורה פון גאט, מוז ער לסוף דעם נאריש גלויבין אב זאגין, וועלכיר עס האט גורם גיוועזין אז דער בית המקדש זאל חרוב ווערין און אלי אופנים אום גליקין פון זיין פאלק, און דער האלט נאך איצונד דעם גרעסטין טהייל פון זייני מיט ברידיר אין קנעכטשאפט. עס ווענדיט זיך ניט דירביא דיראן, מחמת וועלכין פונקט פון איינזעהין ער ביקלערט עס, וואריך דיא יסודות פון זיין שכל אזו וויא דיא ווירקונגין פון זייני פראקטיקירונג פערשולדיגט עס אויף איין שטייגיר, און ווייזין, אז עס איז אזו ווייט דער פון דער ווייטערט, איין אנטפלעקונג פון גאט צו זיין, אז עס אפילו ניט קיין ווערק פון גוטי און קלוגי מענשין. דיא לערנונג פון דיא סנהדרין, וועלכי מיר האבין אויבין ביטראכט, שטעלט פאר דאס זעלביגי פאר איין גימיטליכין זעלבסט הערשאפט פון בשום אופן ניט צום אויס האלטין; אביר דיא טיפי פער אכטונג, מיט וועלכיר עס זעהט אראפ אויף דעם ווייבליכין טהייל פון דעם מענשליכין מין, מאכט עס נאך אין דער איצונדיגיר שטונד צו איין אמתי פלוכונג פאר דיא טעכטיר פון ישראל און ווייזט אז עס קאן ניט פון דעם זיין, דער וואס האט מאן און ווייב בישאפין און

האט

הָאט דִיא ברכה אוּים גִישְׁפְּרָאכִין אִיבִּיר אֵיינִים אַזוֹ גוּט וִויא אִיבִּיר דֶעם אַנְדְרִין . אֵיינִי פוּן דֶעם שְׁטֵייגִיר פוּן מדות וָואס עֶס אִיז צוּ מֵייסְטִין אַרוּיס צוּ זֶעהִין אִין אִיטָלִיכִין פַאלְשִׁין דת , אִיז דָאס חשיבות אַוֶועק גֶעהמִין פוּן דֶעם וַוייבְּלִיכִין מִין , דִיא מַאהַאמֶעדַאנִישִׁי בִּיטְרִיגְלִיכִי לֶערְנוּנְג דֶער נִידְרִיגְט דָאס וַוייבּ בִּיז צוּ דֶעם גְרַאד פוּן אַיין בִּישֶׁעפִּינִיש פוּן בהמות אוּן חיות אַרָאפּ ; דָאס יוּדִישְׁקַייט שְׁטֶעלְט זֵייא אִין אַיין סוג מִיט דִיא פָּאדַאנֶעם (שְׁקְלַאוִוין) ; אִין דִיא מַאהַאמֶעדַאנִישִׁי לֶענְדִיר הָאבִּין דִיא פְּרוֹיאִין קַיין שום בִּילְדוּנְג פוּן דָאס גִימִיהט אוּן דָאס הֶערְץ נִיט ; דָאס רַבָּנִישְׁקַייט זָאגְט, וִויא מִיר הָאבִּין אִין דֶעם נומר ג׳ פוּן דֶעם ספר גִיזֶעהִין אַז דִיא טַאטֶעם זֶענִין פְּרַייא פוּן אַלִי חיובים , זֵייאִירִי טֶעכְטִיר צוּ לָאזִין לֶערְנִין דִיא תורה פוּן גָאט , דָאךְ מוּזִין מִיר צוּ אַיין אוּים פִּיהרְלִיכִיר בִּיטְרַאכְטוּנְג צוּ טְרֶעטִין אוֹדוֹת דֶעם וֶוערְט וָואס דָאס רַבָּנִישְׁקַייט לֶעהרִינְט דִיא יוּדִין בַּייא צוּ לֵייגִין זֵייאִירִי טֶעכְטִיר , שְׁוֶועסְטִיר אוּן אפילו דָאס וַוייבּ פוּן זֵייאִיר הַארְצִין , אוּן אִין דֶעם אַז מִיר טְהוּן דָאס דָאזִיגִי , וֶועלִין מִיר צוּ קַיין עצה נִיט צִיהִין דִיא מֵיינוּנְגִין פוּן אוּם וִויסִינְדִי אוֹדִיר נַארִיש גְרֵייבִּישִׁי , נַייאִירְט דִיא יֶענִיגִי ספרים , וֶועלְכִי עֶס דִינִין פַאר דֶער אומה צוּ אַיין רִיכְט שְׁנוּר . עֶס אִיז נִיט מִיגְלִיךְ דָא צוּ בְּרֶענְגִין אַלִי דִיא בִּיהוּיפְּטוּנְגִין פוּן בזיונות וָואס אִין תלמוד (גמרא) אִיז פֶּערְהַאנְדִין : פִּיל זֶענִין צוּ שְׁלֶעכְט , אוּם צוּ קֶענִין אִיבִּיר זֶעצְט צוּ וֶוערִין ; דָאךְ בְּלַייבִּין אוּנְס נָאךְ גִינוּג אִיבִּיר , אוּם גִינוּגִין בִּיקָאנְט צוּ מַאכִין , אַז דִיא רבנים זֶעהִין מִיט פֶּער אַכְטוּנְג אוּיף דָאס וַוייבְּלִיכִי מִין אַרָאפּ . עֶס אִיז אוּמִידוּם אָן דִירֶעקְט , אַז דֶער רמב״ם אוֹדִיר רבינו משה בר מיימון אִיז גִיוֶועזִין אֵיינִיר פוּן דִיא גִילֶערִינְטְסְטִי אוּן אוּיף גִיקְלֶערְטִיסְטִי רבנים , אוּן פוּן דֶעסְט וֶועגִין אִיז דִיא משמעות פוּן דֶער דָאזִיגִיר שְׁטֶעלִי בפירוש , וִויא מִיט פֶּער אַכְטוּנְג עֶר הָט פוּן דָאס גִימִיהט אוּן דָאס הֶערְצִין פוּן דָאס וַוייבּ גִידַאכְט :

אל יאמר אדם הריני עושה מצוות התורה ועוסק בחכמתם כדי שאקבל כל הברכות הכתובות בה או כדי שאזכה לחיי העולם הבא ואפרוש מן העבירות שהזהירה התורה מהן כדי שאנצל מן הקללות הכתובות בתורה או כדי שלא אכרת מחיי העולם הבא . אין ראוי לעבוד השם על הדרך הזה שהעובד על דרך זה הוא עובד מיראה ואינה מעלת הנביאים ולא מעלת החכמים . ואין עובדין על דרך זה אלא עמי הארץ והנשים והקטנים שמחנכין אותן לעבוד מיראה עד שתרבה דעתן ויעבדו מאהבה :

עם

„עס זאל קיין מענש ניט זאגין, איך וויל טוהן דיא מצות פון דער תורה און וויל עוסק זיין אין איהרי חכמות, כדי איך זאל מקבל זיין, אלי ברכות וואס אין איהר שטעהיט גישריבין, אודיר כדי איך זאל זוכה זיין צו חיי עולם הבא, און איך וויל מיך אב שיידין, פון דיא עבירות וואס דיא תורה האט פון זייא גיווארינט, כדי איך זאל נצול ווערין פון דיא קללות וואס עס שטעהיט אין דער תורה, אודיר כדי איך זאל ניט אב גירישין ווערין פון חיי עולם הבא. עס איז ניט ראוי גאט צו דינין אויף דעם דאזיגין שטייגיר, ווארין דער וואס דינט אויף דעם דאזיגין שטייגיר דער דינט מחמת יראה, און דאס דאזיגי איז ניט דיא מעלות וואס דיא נביאים און דיא חכמים האבין גיהאט, און קיין אנדירי דינין ניט גאט אויף אזו איין שטייגיר, וויא נור דיא וואס קענין ניט לערנין, און ווייביר, און קינדיר וואס מאן גיוויינט זיי דיראן, צו דינין פון פורכט, ביז זייאיר פערשטאנד פערמערט זיך אזו, אז זייא דינין פון ליבשאפט. (הלכות תשובה פרק י' הלכה א') דא שטעלט דער רמב"ם דיא ווייביר אויף דער נידריגיר מדרגה פון קינדיר, און מאכט אפילו גאר דיא מעלות פון זייארי מדות און זייאיר גימיהט גלייך צו דעם פעראכטין עם הארץ. מיר האבין אין נומר א' גיזעהין, אז איין עם הארץ איז אזו ווייניג ווערט, אז זיין לעבין איז ניט מעהר גישאצט וויא דאס לעבין פון איין פיש, און אזו שיינט דער רמב"ם אויך דעם ווערטה פון איין אשה אזו פיל גישאצט צו האבין, דער דאזיגיר הויך גילערינטיר רבי האט עס פאר אום מיגליך גיהאלטין, אז איין אשה זאל קענין גאט ליב האבין אודיר איהם רעכט צו דינין, און בשעת ער האט דיא יודין גיוואלט ווארענין, אז זייא זאלין גאט ניט דינין אויף איין שטייגיר פון תעות, אזו זאגט ער זייא באמת, ניט צו דינין איהם, אז וויא דיא ווייביר. מאן קאן איין מענשליכין נפש עפיס נידריגירס ניט צו מעסטין, וויא דאס אז עס איז שוין פון נאטור ניט טויגליך גאט ליב צו האבין אודיר איהם רעכט צו דינין. ווען ער וואלט גיזאגט, אז צייט דעם חטא פון אדם הראשון האט זיך דאס גאנצי מענשליכי מין פון זייאיר עקר גירעכטיגקייט ווייט דער ווייטירט און אז דאריביר איז אין זייא קיין ליבשאפט צו גאט ניט פערהאנדין, אזו וואלט ער עפיס האבין גיזאגט, וואס עס ווערד אין דער הייליגיר שריפט אויך ביהויפטיט; אביר אין דער הוה אמינא צו זיין, אז דיא נשים, דאס הייסט, איין העלפט פון דאס מענשליכי מין האבין אין זיך שוין אזו איין נאטור ניט טויגליך צו זיין, גאט ליב צו האבין און איהם

צוּ דִינְין, אוּן אַז מִיר הָאבִּין זֵייא צוּ בִּיטְרַאכְטִין אַזוֹ וְויא אַיין וֶועג וַוייזִיר דוּרְךְ וֶועלְכִין מַאן קָאן דֶעם תעות בִּישְׁטִימִין, אוֹדִיר אַזוֹ וְויא אַיין בִּיקָאנְטִין בַּייא שְׁפִּיל פוּן דִיא יֶענִיגִי גָאטִים פֶערְגֶעסוּנְג, דִיא וָואס מִיר הָאבִּין צוּ פֶערְמַיידִין, דָאס הֵייסְט דֶעם בִּישֶׁעפִיר גִילֶעסְטִירְט אוּן דָאס גַאנְצִי מִין וַוייבִּיר בְּלוֹז שְׁטֶעלִין דֶעם גְרֶעסְטִין בזיון צוּ לַיידִין פוּן זֵייאִירִי זִין, בְּרִידִיר אוּן מֶענִיר. מַאן וָואלְט קֶענִין זָאגִן כדי צוּ צוּדֶעקֶן אַזוֹ אַיין פֶערְאוּמְוִוירְדִיגְטִי פֶערְשְׁמֶעהִיטִי שְׁרִיפְט, אַז דֶער רמב״ם הָאט גִילֶעבְּט צְוִוישִׁין דִיא וָואס הָאבִּין דִיא אמונה אָן מַאחַאמֶעד, אוּן הָאט אוּם בִּימֶערְקְט דִיא הוה׳ אמינות פוּן דִיא נָאךְ גֶעהִירִם פוּן דֶעם פַאלְשִׁין נביא, אִין זִיךְ אוֹיף גִינוּמִין. אוּן באמת קָאן עֶר צוּ יֶענִיר מֵיינוּנְג קֵיין מָאהל דוּרְךְ קְרִיסְטִין נִיט גִיקוּמִין זַיין. דָאס נַייאִי טֶעסְטַאמֶענְט לֶערִינְט אוּנְס נִיט, אוֹיף וַוייבִּיר אַזוֹ צוּ זֶעהִין וְויא אוֹיף עמי הארץ, זוּנְדְרִין זֵייא צוּ הַאלְטִין פַאר קְלוּגִי נפשות וָואס זֶענִין פַאר זֵייאִירִי מעשים מחוייב צוּ עֶנְטְוִוירִין, דִיא וָואס זֶענִין אִין שְׁטַאנְד גָאט דֶעם זֶעלְבִּיגִין אָנְגִינֶעהמִין דִינְסְט צוּ טְהוּן דֶעם זֶעלְבִּיגִין שְׁרֶעקְלִיכִין משפט פוּן שְׁטְרָאף אוּנְטִיר גִיוָוארְפִין אוּן הָאבִּין אִין דִיא זֶעלְבִּיגִי ברכות אוּן הָאפִינוּנְגִין אַזוֹ אַיין חלק וְויא דִיא מַאנְס לַייט. יֶענִי התנצלות וֶוען זִיא וָואלְט אמת גִיוֶועזִין, וָואלְט זִיא דָאךְ נוּר דֶער צוּ דִינִין, דֶעם רמב״ם זֶעלְבִּירְט מתנצל צוּ זַיין, אָבִּיר אוֹיף קֵיין פַאל נִיט דִיא הוה אמינא זֶעלְבִּירְט צוּ פֶער עֶנְטְוִוירִין, נַייאִירְט פֶער קֶעהְרְט זֵייא צוּ הַאלְטִין פַאר מַאחַמֶעדִישִׁי. אִין דֶעם אִיז עֶס אָבִּיר נִיט אַמָאהל אמת, אַז דֶער רמב״ם זָאל זַיין גִיקוּמִין צוּ יֶענִיר מֵיינוּנְג דוּרְךְ זַיין אוּמְגַאנְג מִיט מַאחַאמֶעדַאנִיר; פִיל מֶעהר הָאט עֶר עֶס גִישֶׁעפְּט פוּן תורה שבע״פ, וָואס זִיא הָאט פוּן דִיא נשים אַזוֹ אַיין שְׁלֶעכְטִי מֵיינוּנְג, אַז זִיא דֶער קְלֶערְט אפילו זֵייאִיר עדות זָאגִין פַאר אוּם גִילְטִיג.

עשרה מיני פסלות הם כל מי שנמצא בו אחד מהן הרי הוא פסול לעדות ואלו הן. הנשים. והעבדים. והקטנים. והשוטים. והחרשים. והסומים. והרשעים. והבזויין. והקרובין. והנוגעין בעדותן. הרי אלו עשרה.

„עֶס זֶענִין פֶער הַאנְדִין צֶעהִין עֶרְלֵייא מינים וָואס זֶענִין פסול, אוּן אִיטְלִיכִיר אָן וֶועלְכִין עֶס וֶוערְד גִיפוּנִין אֵיינִי דֶער פוּן, אִיז פסול צוּ עדות. אוּן דָאס זֶענִין זֵייא: דִיא נשים, אוּן קְנֶעכְט, אוּן קִינְדִיר, אוּן שוטים, אוּן טוֹיבִּי, אוּן בְּלִינְדִי, אוּן רשעים, אוּן דִיא וָואס זֶענִין פֶער אַכְטִיט, אוּן קרובים, אוּן דִיא וֶועלְכִי הָאבִּין בַּייא זֵייאִיר עדות זָאגִין עֶפִּים אַיין

נוץ אַז זֵייא זָאל דֶער פוּן אַרוֹיס קוּמֶען, דָאס זֶענֶען פַאר וָואר דִיא צֶעהֶין."
(הלכות עדות, פרק ט', הלכה א') מַאן וֶוערְד בִּימֶערְקֶען, אַז פוּן דִיא
דָאזִיגֶי צֶעהֶין קְלַאסֶען לָאזְט זִיךְ צְוֵוייא מַאכֶען, דָאס הֵייסְט, דִיא מֶענְשֶׁען
וֶועלְכֶי זֵייאִיר נִיט טוֹיגְלִיכְקֵייט קוּמְט מחמת דִיא שְׁוַואכְקֵייט פוּן זֵייאִיר
נַאטוּר (טבע) אוֹדִיר גִימִיהט, דהיינו אַזוֹ וִויא קִינְדִיר, שׁוֹטים, טוֹיבֶּי,
אוּן בְּלִינְדִי, אִיז אֵיינְס, אוּן צְוֵוייטֶענְס אַזֶעלְכֶי וָואס זֵייאִירֶי עדות וֶוערְד
נִיט גִיגְלוֹיבְּט מחמת זֵייאִירֶי מדות, דהיינו וִויא קְנֶעכְט רשעים, דִיא
מֶענְשֶׁען וָואס זֶענֶען פֶערְרַאכְטִיט, קרובים, אוּן אַזֶעלְכֶי מֶענְשֶׁען וָואס זֶענֶען
אִין דֶער זַאךְ אִינְטִירֶעסִירְט. צוּ אֵיינֶים פוּן דִיא בֵּיידִי קְלַאסֶען מוּזֶען דִיא
נשים גִיהֶערֶען עֶנְטְוִויר זֶענֶען זֵייא פסול, וַוייל זֵייא הָאבֶּען אַיין שְׁוַואכְקֵייט
אִין זֵייאִיר נַאטוּר (טבע) אוֹדִיר גִימִיהט, אוֹדִיר וַוייל מַאן קָאן דֶעם גִיפִיהל
פוּן זֵייאִירֶי מדות נִיט גִיטְרוֹיאֶען; אִין אִיטְלִיכֶען פַאל אָבִּיר וֶוערֶען זֵייא מִיט
גָאר אַיין נִיט פֶערְדִינְטֶען פֶערְאַכְטוּנְג בִּיהַאנְדִילְט. דִיא רבנים בִּימִיהֶען
זִיךְ אפילו, צוּ בִּיוַוייזֶען, אַז דִיא תּורת משה פַּאסִילְט דִיא נשים פוּן
עדות, וַוייל זֵייא זָאגֶען:

נשים פסולות לעדות מן התורה שנאמר על פי שנים עדים. לשון זכר ולא לשון נקבה:

„דִיא נשים זֶענֶען פסול עדות צוּ זָאגֶען, נָאךְ דֶער תּורה נָאךְ; וָוארִין עֶס
שְׁטֶעהִיט אִין פסוק: דוּרְךְ דֶעם מוּנְד פוּן צְוֵוייא צֵייגֶען (עדים), אוּן דָאס
וָוארְט „צֵייגֶען" (עדים) אִיז לשון זכר, אוּן נִיט לשון נקבה;" נוּר אָבִּיר
דֶער דָאזִיגִיר בִּיוַוייז הַאלְט אוֹיף קֵיין פַאל נִיט אוֹיס, וָוארִין נָאךְ דֶעם
פשט נָאךְ וָואלְט מַאן קֶענֶען דְרִינְגֶען, אַז דִיא נשים מֶעגֶען עובר זַיין אוֹיף
דִיא אַלִי עשׂרת הדברות (צֶעהֶין גִיבָּאטִי) וַוייל זֵייא אַלִי זֶענֶען בלשון זכר
גִיגֶעבֶּען גִיוָוארֶען. באמת שַׁיינְט עֶס פוּן זֶעלְבִּירְט אַרוֹיס, אַז גָאט הָאט
נִיט גִיקֶענְט אַזוֹ אַיין תּורה אָן אַיין גִישְׁמַאק גִיגֶעבֶּען הָאבֶּען. עֶס אִיז
טוֹיזֶענְד אופנים פֶער הַאנְדִין, וואוּ אַלִי ענינים פוּן דִיא תקנות פוּן ב"ד
וֶועט הבל הבלים וֶוערִין, וֶוען נשים זָאלֶין נִיט קֶענֶין עדות זָאגֶין. מַאן
זָאל למשל אָן נֶעהמֶין דֶעם בִּירִיהמְטֶין משפט פוּן שלמה המלך, וואוּ
אִיטְלִיכֶי פוּן בֵּיידִי וַוייבִּיר הָאט זִיךְ אַיין פְּרִיטֶענְסִיֶע אוֹיף דָאס לֶעבִּינְדִיגִי
קִינְד גִימַאכְט. דָא הָאט קֵיין אַנְדִירִי בִּיצַייגְנִישׁ נִיט גִיקֶענְט גִימֶעלְט זַיין,
וִויא נוּר דִיא פוּן דִיא וַוייבִּיר זֶעלְבִּירְט, אָבִּיר שלמה הָאט זֵייא פוּן דֶעסְטְ
וֶועגֶין וַוייל זֵייא זֶענֶען וַוייבִּיר גִיוֶועזֶין, נִיט אַוֶועק גִישִׁיקְט פוּן זִיךְ. מַאן
זָאל וַוייטִיר נֶעהמֶין דֶעם פַאל פוּן בועז אוּן רות בשעת בועז הָאט

גיוואלט

גיוואָלט רות צום ווייב נעהמען, האָט ער צו פאָר גימוזט דאָס ערבטהייל אַיין לייזען, און דער צו איז עס דווקא נייטיג גיוועזען, צו ביווייזען, אַז רות איז גיוועזען דאָס ווייב פון נעמים זון. עס איז אָבער קיין אַנדירי עדות ניט גיוועזען, וויא נור פון דאָס ווייב זעלבירט, אלימלך, מחלון און כליון זענען גישטאָרבען גיוועזען, און דיא חתונה איז גאַר אין אַיין פרעמד לאַנד גיוועזען, און דאָך גיפינען מיר ניט, אַז עס זאָל עפּים אַיין בּישוועהרליכקייט דירבּייא דער הויבּען גיוואָרען. בועז זעלבירט דער קרוב פון נעמי אַזוי וויא דיא זקנים פון ישראל, שיינען אַז זייא זענען גאַר אין גאַנצען צו פרידען גיוועזען. נאָך דעם נאָך איז דאָס, אַז נשים זאָלען פסול זיין, ניט פון משה׳ אויס גישפּראָכען גיוואָרען, נייאירט זיא איז אַיין נייאי אויס טראַכטונג פון דיא רבנים, און ווייזט, אַז דיא דאָזיגי האָבען גיהאַט אַזוי אַיין שלעכטי מיינונג פון דעם פערשטאַנד אודיר דיא פולקומינהייט פון דיא מדות פון דיא נשים, אַז זייא האָבען זייא גיהאַלטען ענטוועדיר אַז זייא האָבען נור האַלב שכל און דאַריבּיר פאַר ניט טויגליך עדות צו זאָגען, אודיר פאַר ניט ערליך, אַז מאַן קאָן זייאירי עדות זאָגען ניט גיטרויהען.

בייא דעם אַלים בּיגרעניצט זיך דער דאָזיגיר פחיתת הכבוד פון דיא מדות פון דיא נשים ניט בּלויז אויף דיא רבנישי בתי דינים, זייא האָבען אפילו גאַר זיך דער וואויגען, דאָס זעלבּיגי אין גאָטים הויז אַיין צו פיהרען, און אין עפינטליכען גיבּעט אַריין צו שטעלען. דיא תורה שבעל פה האָט עס אַיין גישטעלט, אַז קיין עפינטליכי תפלה קאָן ניט גיהאַלטען ווערען, און אויך ניט קייני אַנדירי הייליגי זאַכען פון דעם דת קאָן ניט גיטהון ווערען, ווען ניט צעהין מענשען זאָלען דירבּייא זיין; אָבּיר פון דער דאָזיגיר צאָהל איז עס בּיזאָרגט גיוועזען דיא נשים אָב צו שיידען זייא זאָלען דער צו ניט גיהערען, ווייל עס זאָגט:

ואלו העשרה צריך שיהיו כולם בני חורין וגדולים שהביאו שתי שערות: „און דיא דאָזיגי צעהין בּידאַרף מאַן אַז זייא זאָלען פרייא און דער וואַקסיני מענער זיין וואָס זייא האָבען גיבּראַכט צווייא שערות,״ (אורח חיים נ״ה) אַזוי, אַז ווען אפילו עס זאָלען זיך צעהין טויזינד ווייבּיר אין דער שול גיפינען, זענען זייא דאָך פאַר קיין איינציגי פערשאָן צו מנין ניט צו רעכינען, און אַזוי ווען עס גיפינען זיך קייני צעהין מאַנס פערשוינען דירבּייא ניט, קאָן קייני גאָטים דינסט ניט גיהאַלטען ווערען. דער פון קומט עס אויך, וואָס עס ווערד קיין מאָהל ניט צו גילאָזען דיא טעכטיר פון דיא ישראל אַריין

צו

צו קומין אזו וויא דיא וואס האבין בפירוש איין חלק אין דיא עפינטליכי תפילות, זונדרן זייא זענין גיצוואונגין פון ווייטין צו צוזעהין, אזו וויא דיא זאך וואלט זייא גאר נישט דיראן געהין, וואס איז נון דער טעם דר פון, אז דיא נשים זאלין צום מנין גאר ניט גירעכינט ווערין? זענין זייא דען ניט דיא בישעפנישין פון גאט, זענין זייא דען ניט אויך אזו גוט יורשים אז זייאירי נשמות זאלין ניט שטארבין, וויא דיא מאנס לייט? וועלין זייא ניט מיט איין שטימין אין דעם לויב גיזאנג פון דיא דערלייזטי אין גן עדן? אודיר איז דיא לערנונג פון דיא וואס גלויבין אין מאהאמעד אמת, אז די נשים האבין קייני נשמות ניט? וועז מאן גיבט איין בליק אין דיא יודישי שולין אריין מוז מאן טאקיש אזו דענקין. פאר דר חתונה געהיט איין נקבה איבר הויפט קיין מאהל ניט אין שול אריין, און וויא זעלטין נאך דער חתונה! ביא דעם בארטין פון דער מדינה בערבארייא געהין זייא קוים איין מאהל אין שול אריין, און אין פולין וויא עס איז דאס רוב צו זעהין, אז בשעת דיא מאנס לייט זענין אין שול ביא דאס גיבעט, געהין זייאירי ווייביר דרויסין ליידיג ארום און פלוידירין, אזו וויא דיא עפינטליכי תפילות צו גאט וואלט זייא עפיס גאר ניט דיראן גיגאנגין! וויא זייער שטרייט דער דאזיגיר צושטאנד אקייגין דאס גיבאט פון גאט אין תהלים, וואס עס שטעהיט: יונגי לייט און אויך יונגפרויאין, אלטי לייט מיט יונגליך: זייא זאלין לויבין דעם נאמין פון יהוה!" (תהלים קמ"ח, פסוק י"ב – י"ג) ווייטיר: איטליכי נשמה זאל לויבין יה! (דארטין ק"נ, פסוק ו') וויא איין הילוק איז דאס פערהעלטיניש פון דיא יודישי ווייביר לויט דער תורה שבע"פ, פון דעם וואס משה האט גישריבין! "און מרים דיא נביאה," שטייט אין פסוק דיא שוועסטיר פון אהרן האט גינומין דיא פויק אין איהר האנד, און עס זענין ארויס גיגאנגין אלי ווייביר נאך איהר מיט פויקין און מיט טענצין: און מרים האט גיענטווירט צו זייא זינגט צו יהוה דען ער איז הויך דער הייכט!" (שמות ט"ו פסוק כ' – כ"א) דענסמאלט האבין ווייביר אויך גימעגט איין חלק האבין אין דעם שבח און לויב פון אונזיר גאט: אביר איצונד זענין זייא אויף דעם ביפעהל פון דיא רבנים ארויס גישטויסין, זייא ווערין צווישין דיא וואס זענין צו גאט מתפלל ניט גיצייילט, און ווען עס זארין אין שול זיין אפילו צעהין טויזינד פון זייא און זאלין זיך קיין מנין מאנס לייט צווישין זייא ניט גיפינין, וועט איין תלמיד חכם זייא פאר קיין פארשוין ניט רעכינין און וועט עס דיא מיהי ניט ווערטה האלטין, דיא תפלות זייא פאר צו לייאינין. אזו איין גיזעץ קאן אום

טיגליך

מִיגְלִיךְ פוּן גָאט אוֹיס גֶעהִין ; וָוארִין עֶר מַאכְט קיין אוּנְטֶיר שֵׁיידֶן צְוִוישִׁין מַאן אוּן וַוייבּ נִיט .

לא בגבורת הסוס יחפץ ולא בשוקי האיש ירצה :

„עֶר בִּיגֶעהְרְט נִיט דִיא שְׁטַארְקַהַייט פוּן דֶעם פְּפֶערְד , אוּן עֶר הָאט נִיט וואוֹהל גִיפַאלִין אָן דִיא שֶׁענְקִיל פוּן אַיין מַאן .“ (תהלים קמ"ז , פסוק י')
„דִיא אוֹפפִיר פוּן פַאר אלהים אִיז אַיין צוּ בְּרָאכִין גִימוּטהֶה , אַיין צוּ בְּרָאכִין אוּן צוּ שְׁטוֹיסִין הַארְץ וֶועסְטוּ אלהים נִיט פֶערְשְׁמֶעהִין , (דָארְטִין נ"א , פסוק י"ט) אָן אַיין אוּנְטִיר שֵׁייד , אוֹיבּ דָאס אִיז אַיין זכר אוֹדִיר אַיין נקבה .

אָבִּיר דִיא תורה שבע"פ אִיז דֶער מִיט נָאךְ נִיט צוּ פְרִידִין וָואס זִיא הָאט דִיא וַוייבִּיר דֶער מִיט אַרָאפּ גִיוָוארְפִין , אַז זִיא וִויל זֵייא נִיט הַאלְטִין פַאר אַיין טְהֵייל פוּן דֶער גִימֵיינְדִי ; עֶס שְׁרַייבְּט גְרַאדִי צוּ אַיין פָּארְמִי פוּן אַיין גִיבֶּעט פָאר , אוֹיף אַלִי טָאג , דוּרְךְ וֶועלְכִי זֵייאִיר פֶערְאַכְטוּנְג וֶוערְד אוֹיס גִידְרִיקְט . דִיא מַאנְם לַייט זָאגִין אַלִי טָאג אַזוֹ :

בא"י אלהינו מלך העולם שלא עשני אשה :

„גִילוֹיבְּט בִּיסְטוּ יהוה אוּנְזִיר אלהים , קִינִיג פוּן דֶער וֶועלְט וָואס דוּא הָאסְט מִיךְ נִיט בִּישַׁאפִין אַיין אשה “ וָואס דִיא וַוייבִּיר מוּזִין זָאגִין :

בא"י אלהינו מלך העולם שעשני כרצונו :

„גִילוֹיבְּט בִּיסְטוּ יהוה אוּנְזִיר אלהים , קִינִיג פוּן דֶער וֶועלְט , וָואס דוּא הָאסְט מִיךְ בִּישַׁאפִין נָאךְ זַיין ווִילִין ! (סדר תפלה לכל יום דף ו') דִיא גאוה פוּן דִיא מַאנְס לַייט דוּרְךְ דָאס אוֹיס שְׁפְּרֶעכוּנְג פוּן דֶער ברכה בִּיגְרוּנְדִיט זִיךְ גָאר אִין גַאנְצִין אוֹיף דֶער תורה שבע"פ , וֶועלְכִי עֶס זָאגְט שכר צוּ , נִיט נָאךְ דֶעם צוּ שְׁטַאנְד פוּן דָאס הַארְץ , נַייאִירְט נָאךְ דִיא אוֹיסְוֵוייניגְסְטִי מִיהִי , דִיא וָואס מַאן הָאט בַּייא דָאס מקיים זַיין דִיא גִיבָּאט פוּן גָאט , אוּן וַוייל פִיל פוּן דָאס זֶעלְבִּיגִי קָאן פוּן דִיא נשים נִיט גִיהַאלְטִין וֶוערִין , אַזוֹ וַוייזְט עֶס אָן , אַז דִיא מַאנְס לַייט זָאלִין הָאבִּין אַיין גְרֶעסִירִין שכר צוּ דֶער וַוארְטִין . דִיא דָאזִיגִי תפילה אוֹדִיר פִיל מֶעהר דִיא דָאזִיגִי ברכה , בִּיצִיהט זִיךְ אִיבִּיר הוֹיפְּט אוֹיף דָאס לֶערְנִין דִיא תורה פוּן וֶועלְכִים זֵייא מֵיינִין אַז דִיא נשים זֶענִין פטור , פַאר וֶועלְכִים זֵייא זֶעלְבִּירְט דֶער וַוארְטִין אִין עולם הבא קיין קְלֵיינִים שכר נִיט , אוֹף וֶועלְכִים זֵייא הַאלְטִין זִיךְ אִין דֶעם דָאזִיגִין לֶעבִּין אַזוֹ שְׁטַארְק בגאוה . דֶער יֶעניגִיר וֶועלְכִיר עֶס גִידֶענְקְט אָן דֶעם יום הדין , אִין וֶועלְכִין דִיא פֶער בָּארְגִינִישׁ פוּן אַלִי

הערציר זאָלין ענטפּלעקט ווערין, אודיר דער יעניגיר, וועלכיר עס גענמט אויף דעם משקל אַז דער אונטיר שייד צווישין זכרים און נקבות אַזוֹ וויא דער אונטיר שייד פון איין באַנגי, אודיר פון איין אַמט, אודיר פון אומות, זענין בלויז נור פאַר דער דאָזיגיר וועלט, וועט ער זיך נור וועניג צו גיגייגט פיהלין אַזוֹ איין גיבאָט אָפּאר צו ברענגין. ער וייס, אַז גאָט וועט איטליכין מענשליכין נפש ניט נאָך זיין מין נאָך בילונין, נייאירט נאָך זייני מעשים נאָך, און ווייל ער וייס וואוהל, אַז אַלי, אַזוֹ גוט מאַנם לייט וויא ווייביר, זענין זינדיג, וועט ער אייגזעהין, אַז אַזוֹ איין גדלות איז קיין מאהל ניט ביווילינט, און שוין פשיטא אין דעם אויגין בליק מוז עס פּער אום ווירדיגט זיין, וואו ער קומט דעם יעניגין צו בעטין אַז ער זאָל איהם מוחל זיין „דער וואָס פאַרשט אַלי אונזרי ווענין" אָנשטאַאט מיכלומירשט גאָט צו דאַנקין, זאָל ער זייני פּער אַכטונג אַקייגין אַנדירי אוים דריקין, וועט דער מענש וואָס איז אמת פרום וייט צו נייגיריג זיין, צו זאָגין וויא דוד המלך: „און גייא ניט מיט דיין קנעכט אין גירינט אַריין, וואָרין קיין לעבינדיגיר איז פאַר דיר ניט גירעכט!"

מילא פון אַלי שטעלין וואָס דא איז גיבראַכט גיוואָרין ווייזט זיך אַזוֹ אַרויס, אַז דער רמב"ם וואָס ער האָט דעם מין נשים אַזוֹ פּעראַכטיט האָט ער ניט פון דיא מאַהאמעדאַניר גילערינט, נייאירט ער האָט עס אַרוים גינומין פון דער תורה שבע"פ און פון דיא תפלות וואָס מאַן דאַבינט אין שול. דאָס נייאי יודישקייט איז עס וואָס עס דירקלערט דיא נשים פאַר ניט טויגליך, עדות צו זאָגין, און שיידיט זייא אָב פון צו לערנין דאָס וואָרט פון גאָט און פון דעם צאָהל פון דיא וואָס זענין צו איהם מתפלל און האַלט זייא אפילו אין דיא תפלות פאַר ניט בעסיר, וויא היידין (גוים) אודיר קנעכט. וואָרין אין דיא דאָזיגי ברכות זאָגט דער מאַן פריאיר: „גילויבט ביסטו יהוה אונזיר אלהים וואָס דוא האָסט מיך ניט בישאַפין איין הייד!" און דער נאָך: גילויבט ביסטו יהוה אונזיר אלהים, וואָס דוא האָסט מיך ניט גימאַכט פאַר איין קנעכט!" און דער נאָך: „גילויבט ביסטו יהוה, אונזיר אלהים וואָס דוא האָסט מיך ניט גימאַכט פאַר איין אשה!" מיר פרעגין איצונד איטליכין יודין און איטליכי יודיני, אין וועמים הענד דיא דאָזיגי בלעטיר וועלין אַריין קומין, אויב איין אמונה, וועלכי עס לערינט אַזוֹ איין העלפט פון דעם מענשליכין מין זאָלין דיא אַנדירי העלפט פעראַכטין און דער נידריגין" איז גאָר איין מיגליכיר אופן אַז עס זאָל פון גאָט קענין אוים גיין. דער שכל אַליין וועט

אונם

אוּנְס זָאגִין, אַז גָאט וֶועט אוּנְס קֵיין מָאהל נִיט לֶערְנִין דִיא וֶוערְק פוּן זַיינִי אֵייגֶענִי הֶענְד צוּ פֶערְאַכְטִין, אוּן שׁוֹין פְּשִׁיטָא נִיט דִיא מוּטִיר וָואס הָאט אוּנְס גִיבּוֹירִין, אוֹדִיר דָאס וַוייבּ, וֶועלְכִי עֶס טְהֵיילְט מִיט אוּנְס אַלִי אוּנְזְרִי פְרֵייד אוּן זָארְגִין, זֵייא צוּם שְׁפָּאט אַוֶּועק צוּ גֶעבִּין דֶער קְלַאסִי פוּן דִיא מֶענְשְׁלִיכִי נפשות, וָואס הַאלְטִין זִיךְ אַז זֵייא קוּמְט דָאס פָארְהַאנְד. אוּן פוּן דֶעסְט וֶועגִין טְהוּט דִיא תּוֹרה שבע״פ דָאס דָאזִיגִי אוּן וַוייזְט דֶער דוּרְךְ, אַז דָאס גֵייט פוּן דֶעם נִיט אוֹיס, דֶער וָואס הָאט משה אוּן דִיא נביאים גִיגֶעבִּין דֶעם רוּח הקוֹדש. אִין דִיא בִּישְׁרַייבּוּנְגִין פוּן תנ״ךְ גִיפִינְד זִיךְ גָאר נִיט, דוּרְךְ וָואס עֶס זָאל זִיךְ לָאזִין דִיא פֶערְאַכְטוּנְג פוּן וַוייבִּיר גִירֶעכְטְפֶערְטִיגִין. זֵייא הֵייבִּין אָן דֶער מִיט, וַוייל זֵייא דֶערְצֵיילִין אוּנְס, אַז דָאס וַוייבּ אִיז אוֹיךְ אַזוֹ גוּט וִויא דֶער מַאן אִין דֶער פָארֶם פוּן אלהים בִּישַׁאפִין גִיוָוארִין, אוּן אַז דִיא אשה, חָאטְשִׁי זִיא אִיז צוּם עֶרְשְׁטִין צוּ דִיא זִינְד פֶערְפִיהרְט גִיוָוארִין, פוּן דֶעסְט וֶועגִין זָאל זִיא דָאךְ דֶעם כבוד הָאבִּין, אַז דֶער יֶענִיגִיר זָאל פוּן אִיהר גִיבּוֹירִין וֶוערִין וָואס זָאל דִיא שְׁלַאנְג דֶעם קָאפְּף צוּ טְרֶעטִין. דִיא בִּישְׁרַייבּוּנְגִין זָאגִין אוּנְס וַוייטִיר, אַז בשעת עֶס אִיז גָאט גִיפֶעלִין גִיוָוארִין דִיא גִיבָּאטִי אוֹיף דֶעם בֶּערְג סיני צוּ גֶעבִּין, הָאט עֶר פוּן אַלִי קִינְדִיר פֶערְלַאנְגְט, אַז זֵייא זָאלִין דִיא מוּטִיר אוֹיךְ אַזוֹ גוּט וִויא דֶעם פַאטִיר עֶרְלִיךְ הַאלְטִין: עֶס שְׁטֵייט: „כבד את אביך ואת אמך עֶהרִי דַיין פַאטִיר אוּן דַיינִי מוּטִיר.“ וִויא קָאן אָבִּיר דֶער זַיין מוּטִיר עֶהרִין, דֶער וָואס הַאלְט זִיא פַאר נִיט טוֹיגְלִיךְ, בַּייא אַיין בית דין עדוּת צוּ זָאגִין, אוּן דֶער וָואס מַאכְט עֶס פַאר אַיין זַאךְ צוּ אַיין עֶפִינְטְלִיכִי בַּאנְק זָאגוּנְג, אַז עֶר אִיז נִיט אַזוֹ וִויא זִיא? באמת, אַזֶעלְכִיר אִיז וַוייט מֶעהר גְלַייךְ צוּ דֶעם יֶענִיגִין, פוּן וֶועלְכִין עֶס וֶוערְד גִיזָאגְט:

כסיל אדם בוזה אמו:

„אַיין נַארִישִׁיר מֶענְשׁ פֶערְשְׁמֶעהִיט זַיינִי מוּטִיר. (משלי ט״ו פסוק כ׳) דִיא תּוֹרה שבע״פ אִיז זִיךְ אִין דֶעם ענין דוּרְךְ אוֹיס סוֹתר מִיט דֶער תּוֹרה פוּן גָאט. עֶרְשְׁטִינְס בִּיפֶעהלְט זִיא דִיא טַאטֶעס אַז זֵייא זָאלִין לָאזִין דִיא טֶעכְטִיר אָן אַיין שׁוּם דֶערְצִיהוּנְג פוּן אמוּנה לֶערְנוּנְג, וָואס דִיא תּוֹרה פוּן גָאט זָאגְט בפירוּשׁ, אַז זֵייא מוּזִין אַזוֹ בִּילֶעהרִינְט זַיין, אַז זֵייא זָאלִין טוֹיגְלִיךְ זַיין מִיט זֵייאִירִי זִין צוּ לֶערְנִין. אַזוֹ זָאגְט שלמה המלך מֶעהר וִויא אֵיין מָאהל „הֶער צוּ מַיין זוּן דִיא גִיבָּאט פוּן דַיין פַאטִיר אוּן דוּא זָאלְסְט נִיט פֶערְלָאזִין דִיא תּוֹרה פוּן דַיין מוּטִיר (תורת אמך).“ (משלי ו׳ פסוק כ׳) וִויא קֶענִין אָבִּיר אַזֶעלְכִי יוּדִישִׁי מוּטִירְס וִויא מַאן גִיפִינְד זֵייא למשל

אין

אין פוילין און אין אפריקא, דיא וואס קענין ניט אמאהל לייאינין (עברי זאגין) מיט זייארי קינדיר לערנין? אודיר אפילו אז זייא וואלטין געקענט לערנין, וויא קאן איין זון דיא לערנונג פון זיין מוטיר גלויבין, ווען דיא תורה שבע"פ זאגט איהם אז זיא איז ניט טויגליך, עדות צו זאגין? דיא היילינגי שריפט לערינט אונס אביר ניט בלויז, פאר אונזירער אייגינער מוטיר צו האבין דרך ארץ נייארט זיא ווייזט אונס אין כלל אז גאט איז ניט מכיר פנים און פערטיילט זייני מתנות אונטיר אלי, זיא ווייזט אונס פאר, פיל ווייביר, וויא שרה רבקה מרים דבורה און חנה פאר איין מוסטער פון פרומיגקייט, און בילעהרינט אונס, אז אין דער צייט פון היכל וועט גאט זיין גייסט (רוח הקודש) אויס גיסין איביר אלים פלייש, אן ערגינדין איין אונטיר שייד פון איין מין אודיר פאלק. עס שטעהיט אין פסוק "און דער נאך וויל איך מיין גייסט אויס גיסין איביר אלים פלייש, און אייערי זין און טעכטיר וועלין נביאות זאגין." (יואל ג', פסוק א') יוא אפילו גלייך אזו וויא צום שפאט פון דיא רבנים און דער תורה שבע"פ שטעלט גאט נאך אהין צו, אז דער דאזיגיר גייסט זאל אויך גיגעבין ווערין דיא בידינטי וואס זענין זכרים און דיא וואס זענין נקבות:

וגם על העבדים ועל השפחות בימים ההמה אשפוך את רוחי:
"און אויך אויף דיא קנעכט און אויף דיא דינסט מיידין וועל איך אין דער זעלביגיר צייט מיין גייסט אויס גיסין." דיא יעניגי צוויא קלאסין פון מענשליכי נפשות, וואס דיא תורה שבע"פ ביהאנדילט זייא גלייך וויא דעם עם הארץ מיט דער גרעסטיר פערראכטונג, זענין דיא נשים און דיא קנעכט. דיא גידאנקין פון גאט זענין ניט דיא גידאנקין פון דיא רבנים, און ער שטעלט זיך אפאר פול מיט דערבארימונג אזו וויא דער וואס נעהמט זיך אן פאר דיא ארונטיר גידריקטי און זאגט צו אפילו דיא דאזיגי קלאסין דיא מתנה פון נביאות. מילא דא זעהין מיר שוין ווידיר, אז, "אזו ווייט מזרח איז פון מעריב" אזו איין חילוק איז פון גאטים תורה ביז דער איצונדיגיר אמונה פון דאס יודישי פאלק. דיא אמונה פון דיא רבנים איז איין דריקינדי אכזריות, דיא איז אזו גוט דריקינד פאר דיא היידין (גוים) וויא פאר קנעכט, יוא אפילו גאר פאר אלי יודין וואס זענין ניט גילערינטי, און שוינט ניט אמאל דיא ווייביר, דיא מוטירס, און דיא טעכטיר פון דיא ישראל, אומידום, וואו דיא תורה שבע"פ קאן איהר פולי מאכט אויס פיהרין, וויא למשל אין דיא מאהאמעדאנישי

קענדיר, בלייבין דיא נשים אן איין שום בילעהרנונג און איין שום אמונה-- זייא לערנין ניט אמאהל לייאינין (עברי). ניט אין קיין איינציגי פון דיא דאזיגי קענדיר גיפינד זיך איין שול פאר קינדיר וואס זענין נקבות. נור אין קריסטליכי לענדיר ווערין דיא טעכטיר פון דיא ישראל עפים בילעהרינט, אייעדער זייא קומין צו דעם שטאנד, צו וועלכין גאט האט זייא בישטימט. אומידום, וואו דאס ליכט פון דאס קריסטינטהום לייכטיט, ווען אפילו נור שוואך, פערבעסירט עס דאס פערהעלטניש פון דיא נקבות פון דאס יודישי פאלק און נייטיגט אפילו דיא אנהענגיר פון דאס רבנישקייט זעלביר עפים מעהר פאר זייאירי נשמות און פאר דאס גימיטליכין צושטאנד פון דאס זעלביגי ביזארגט צו זיין. דיא יודישי ווייביר זענין דאריביר דיא לערנונג פון ישוע הנוצרי פיל דאנק שולדיג. וואלט ער ניט גיהאט אויף גישטאנדין אקייגין דיא לערנונג פון דער תורה שבע"פ, אזו וואלטין זייא אומידום מיט דיא קנעכט, און שוטים, און עמי הארץ אין איין קלאסי גישטאנדין; ער האט זייא פון דער דאזיגיר דערנידריגונג פרייא גימאכט. זייא מעגין איצונד דיא אמונה פון ישוע, און דיא וועלכי דיא רבנים האבין זייא גילעהרינט, אייני מיט דער אנדיריר פערגלייכין און דען מכריע זיין וועלכי פון ביידין איז פאר זייאיר צייטליכיר און אייביגיר טובה צום בעסטין. דיא אמונה וואס קומט פון גאט, מוז פאר אלי זייני פערשטענדיגי בישעפינישין לטובה זיין; איין אמונה אביר, וועלכי ערגינץ איין קלאסי מענשין דריקט אודיר פעראכטיט, קאן ניט פון איהם קומין.



Дозволено Цензурою. Варшава 5 (17) Февраля 1876 г.
Въ Типографіи А. Гинса. Королевская № 1064 D

НЕСЫВОТЪ ОЛОМЪ

# נתיבות עולם

עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם; ירמיה ו׳ ט״ז

דיא אלטי שטעגין.

## נומר מ״ז

עס איז גרויס און שטארק דער אונטערשייד וויא דיא ווייבער ווערין גיהאלטין אין עוראפא, און וויא זייא ווערין גיהאלטין אין דיא לענדיר פון מזרח זייט. אין דיא לענדיר פון מזרח זייט זענין זייא פאדאניס (שקלאווי׳) ביי דיא מאנס לייט, און אין עוראפא, זייארי גיליבטי חברתות; דארטין זענין זייא איין זאך פון פעראכטונג, אפילו פאר זייארי אייגיני זין, און דא זענין זייא דיא גיאכטיסטי ווערג צייג, וועלכי עס ברייגגין פאר דיא יונגי קינדיר דיא ערשטי יסודות פון וויסינשאפטין און אמונה, דא אין עוראפא האבין זייא, אויך אזו גוט וויא דיא מאנס לייט, איין חלק אין שכל, אין פערשטענדיגקייט, אין פרייהייט און אין דער ניט שטערבליכקייט פון דער נשמה: דארט שיינין זייא איין נידיריגירי גאטונג פון נפשות צו זיין, העכסטינס נור עפיס איין בעסירי מדרגה פון בהמות. דאס, אז דאס אויף פיהרונג פון עוראפא איז מעהר גלייך צו דעם כיון פון גאטט וואס ער האט גיהאט בשעת אז ער האט בישאפין דעם מענשין און דאס ווייב, זעהיט מאן פון דער פעראכטונג ארויס, אז אין יעני לענדיר איז דיא אייני העלפט פון דעם מענשליכין מין פערדאממט צו דער דערנידיריגונג און עלענד, אנשטאט וואס זייא דערפרייאין זיך דא מיט שיינים כבוד און איין ווייט גרעסירי גליקזעליגקייט. נאך מעהר אביר ווייזט דאס דאזיגי ארויס, אז מאן נעהמט דיא ביידי שטייגירס אויף דעם משקל. דא איז דיא ביפולקומינהייט פון דיא כחות פון דאס גימיהט און שייני מדות פון דאס מענשליכי מין ווייטיר גיקומין, דארט זענין דיא מענשין נאך אלץ אומוויסינד און אום בארימהערציג. דאס יעניגי אביר, וואס מאכט גליקליך און פער עיידילט, מוז בוודאי צו דעם תכלית פון גאט ביי דער בישאפונג,

מעהר

מעהר גלייך זיין, וויא דאס וואס דער נידריגט און מאכט אום גליקליך. און דער דאזיגער ביוועיז גרונד וועט אונז אויך דירויף אהין פיהרען, צו ביווייזען, אז אויך איין אנדערע וואונדערליכע שיינע מדה, דיא וואס מאכט איין אונטער שייד צווישען מזרח און מעריב, שטימט מעהר מיט דעם ווילען פון גאט איין; מיר מיינען דיא מעשה, וואס דא האט דער מאן נור איין ווייב, וואס דארטען האט ער זייא מעהרער; עס קאן קיין ספק דירויף ניט זיין, אז דיא דאזיגע אויף פיהרונג פון דעם עווראפעאישען לעבען העלפט פיל צו דאס גליקזעליגקייט און צו דעם פרידען פון איטליכען נפש. אין דיא דאזיגע ביידע גרויסע יתרונות און תחבולות צו גליקזעליגקייט האבען דיא יודענים אין עוראפא איין חלק. זייא זענען ניט אום וויסענדע פאדאנים וויא זייערע שוועסטער אין מזרח זייט, און אויך האבען קיינע אנדערע ווייבער קיין חלק ניט אין דיא ליבשאפט פון זייערע מענער. עס איז דארום איין זאך וואס מאן דארף זיך מתאמץ זיין חוקר ודורש צו זיין, אז מאן זאל וויסען, וואס פאר איין ענין האבען דיא יודען פון עוראפא פאר דאס איבער גיוויכט פון גליקזעליגקייט צו פערדאנקען. איז עס זייער דת אודער דיא אמונה פון דיא קריסטען, דאס הייסט, איז עס דאס יודישקייט, אודער דאס קריסטינטהום? מיר וואלטען אן המצאות ענטווירען אז דאס יודישקייט האט דעם דאזיגען הפרש גיוויס ניט ארויס גיבראכט, ווארען זונסט וואלט עס דאך גיהאט אין דיא מאהאמעדאנישע לענדער דיא זעלביגע פעולות אפאר גיבראכט; נור אבער מיר ציהען עס פאר, זיך אויף דער תורה שבע"פ זעלבירט צו בירופען. מיר האבען שוין גיוויזען, אז דאס נייאי מאדישע יודישקייט ווירדיגט דיא ווייבער אראפ צו דער מדרגה פון קנעכט און עמי הארץ; איצונד וועלען מיר ווייזען אז דיא יודישע ווייבער האבען איהר פאר דיא אבשאפונג פון פיל ווייבערייא ניט צו פער דאנקען. בשעת נאפאלעאן האט דיא פאריזער בירימטע אסיפה צו זאמען גירופען האט ער דיא יודישע אויס גיקליבענע לייט דיא דאזיגע שאלה פאר גילייגט: „איז עס דיא יודען דערלויבט מעהר וויא מיט איין ווייב התונה צו האבען?" וואס דירויף האבען זייא איהם דאס דאזיגע גיענטווירט: „עס איז אויף קיין פאל דעם יודען ניט דערלויבט, מעהר וויא איין ווייב צו נעהמען; אין אלע לענדער פון עוראפא האלטען זייא זיך, צו טהון נאך דעם מנהג נאך פון גאנצען כלל, נור איינע צו נעהמען. באמת זאגט משה ניט אויס דריקליך, אז מאן זאל מעהרער נעהמען, אבער ער פערזאגט אויך ניט, דאס ניט צו

טהון

טָהון. עֶר שַׁיינְט אפילוּ גָאר דֶעם דָאזִיגִין מנהג אַלְץ אַיין כלל הֶערְשֶׁענְדִין גִימַאכְט צוּ הָאבְּין, דַארִיבְּיר שְׁטֶעלְט עֶר פֶּעסְט דֶעם דין פוּן ירושה צְווִישִׁין קִינְדִיר פוּן אַלִירְלֵייא וַוייבִּיר הָאטְשִׁי דֶער מנהג הֶערְשְׁט נָאךְ אִין מזרח זַייט, אַזוֹ הָאבִּין עֶס דָאךְ זֵייאִירִי אַלְטִי גִילֶערִינְטִי זֵייא אַיין גִישַׁארְפְט זִיךְ אַיין גבול צוּ מַאכִין נור אֵיין וַוייבּ צוּ הָאבִּין און הָאבִּין נור אִין דֶעם פַאל מֶעהְרִיר דֶערְלוֹיבְּט צוּ נֶעמִין, וֶוען דִיא אוּמְשְׁטֶענְדִין פוּן פֶּערְמֶעגִין פוּן מַאן בְּרֶענְגְט אִיהם אִין שְׁטַאנְד מֶעהְרִיר מפרנס צוּ זַיין. אִין מַעריב זַייט אִיזְ דָאס פֶּערְהֶעלְטְנִיש אַנְדִירְשׁ. דָא מחמת דֶעם וואוּנְשׁ, דִיא גִיוואוֹינְהַייטִין פוּן דִיא בְּיוואוֹינִיר פוּן דָאס דָאזִיגִי טְהֵייל וֶועלְט אָן צוּ נֶעהְמִין, הָאט עֶס דִיא יוּדִין דֶער צוּ גִיבְּרַאכְט, דִיא פִּיל וַוייבִּירַייא אָבּ צוּ שַׁאפִין, וַוייל אָבִּיר אַסַךְ נפשות הָאבִּין זִיךְ בַּייא דֶעם דָאזִיגִין מנהג פֶּערְהַארְטִיוִוט, אַזוֹ אִיז אִין דֶעם עֶלְפְטִין הוּנְדִירְטִין יָאהר אִין וָוארְמְז אַיין אסיפה צוּזַאמִין גִירוּפִין גִיוָוארִין, וָואס דָארְטִין זֶענִין הוּנְדִירְט רבנים גִיוֶועזִין, און דֶער עֶרְשְׁטִיר פוּן זֵייא אִיז גִיוֶועזִין אַיין רבי גרשון (גרשוֹן). דִיא דָאזִיגִי אסיפה הָאט דֶענְקְמָאלְט אַיין הרם אוֹיס גִירוּפִין, אוֹיף אִיטְלִיכִין פוּן ישראל וֶועלְכִיר עֶס וֶועט וַוייטִיר מֶעהר וִויא אֵיין וַוייבּ נֶעהמִין, חָאטְשִׁי דָאס דָאזִיגִי פֶּערְבָּאטוּנְג אִיז נִיט אוֹיף אֵייבִּיג גִימַאכְט גִיוָוארִין, אַזוֹ הָאט זִיךְ דָאךְ דֶער כח פוּן דֶעם עוֹרָאפֶּעאִישִׁין שְׁטֵייגִיר אוּמִידוּם גִילְטִיג גִימַאכְט."

(פֶּערְהַאנְדְלוּנְג פוּן דִיא סנהדרין, דף ק"נ.) אַיין אַרוּם גִידְרֵייטִירִין, און אוּם רִיכְטִיגִירִין עֶנְטְוִויר, וָואס זָאל זִיךְ מֶעהר סותר זַיין וִויא דֶער, אִיז זֶעלְטִין גִיגֶעבִּין גִיוָוארִין אוֹיף אַזוֹ אַיין קְלָארִי און בְּישְׁטִימְטִי אוֹיס גִישְׁפְּרָאכִינִי שאלה. צוּם עֶרְשְׁטִין זָאגִין זֵייא בִּישְׁטִימְט, אַז עֶס אִיז דִיא יוּדִין נִיט דֶערְלוֹיבְּט מֶעהר וִויא אֵיין וַוייבּ צוּ נֶעהמִין; דִירוֹיף זֶענִין זֵייא זִיךְ ווידיר סוֹתר אִין אַיין וַוייט לויפְטִיגִין מפורש זַיין, און צוּם סוֹף, זֶענִין זֵייא מוֹדה, אַז מַאן הָאט דִיא אָבְּשַׁאפוּנְג פוּן פִּיל וַוייבִּירַייא צוּם עֶרְשְׁטִין דֶעם חרם פוּן אַיין רבי גרשון צוּ פֶּערְדַאנְקִין, דָאס זֶעלְבִּיגִי אָבִּיר הָאט אִיצוּנְד גִימוּזְט דֶעם כח פוּן דֶעם עוֹרָאפֶּעאִישִׁין שְׁטֵייגִיר צוּ גִישְׁרִיבִּין וֶוערִין.

וֶועלְכִי אָבִּיר זֶענִין דִיא עוֹרָאפֶּעאִיר שְׁטֵייגִירִם? צוּ וֶועלְכִיר אמונה בְּיֶקֶענִין זִיךְ דִיא עוֹרָאפֶּעאִיר? בִּישַׁיינְפִּירְלִיךְ צוּ דֶער אמונה פוּן ישוע הנוצרי, אַזוֹ אַז דִיא יוּדִישִׁי אוֹיס גִיקְלִיבִּינִי לַייט זֶענִין דָא מוֹדה, אַז דָאס וָואס דִיא יוּדִישִׁי וַוייבִּיר זֶענִין נִיט אִין דָאס זֶעלְבִּיגִי הויז מִיט נָאךְ דְרַייא, אוֹדִיר פִּיר, אוֹדִיר נָאךְ מֶעהר בַּייא וַוייבִּיר (צרות) אַיינְגִישְׁלָאסִין, הָאבִּין זֵייא דִיא דָאזִיגִי טוֹבה דָאס קְרִיסְטִינְטְהוּם צוּ פֶּערְדַאנְקִין. דָאךְ מוּזִין מִיר זִיךְ מִיט

דֶעם עֶנְטְוָויר פוּן דִיא פַּארִיזֶער אוים גִיקְלִיבְּנִי לַייט נִיט בִּינוּגִינְין, נַייאִירְט מִיר מוּזִין דִיא תּוֹרה שבעל פה זֶעלְבִּירְט פְּרֶעגִין, אוֹיבּ עֶס אִיז דִיא יוּדִין דֶערְלוֹיבְּט, מֶעהר וִויא אֵיין וַוייבּ צוּ נֶעהמִין, אוּן וִוילִין הֶערִין, וָואס עֶס עֶנְטְווירְט. אִיהר עֶנְטְוָויר לָאזְט זִיךְ אַזוֹ הֶערִין:

נושא אדם כמה נשים אפילו מאה בין בבת אחת בין בזו אחר זו ואי אשתו יכולה לעכב. והוא שיהיה יכול ליתן שאר כסות ועונה כראוי לכל אחת ואחת:

„עֶס מֶעג אִיטְלִיכִיר כמה וַוייבִּיר גֶעהמִין אפילו הוּנְדִירְט, עֶס מֶעג זִיךְ זַיין אוֹיף אֵיין מָאהל, אוֹדִיר אֵיינִי נָאךְ דִיא אַנְדִירִי, אוּן זַיין וַוייבּ קָאן אִיהם נִיט פֶּערְוֶוערִין, וֶוען אִיז עֶס, אַז עֶר אִיז אִין שְׁטַאנְד אִיטְלִיכִיר פוּן זֵייא צוּ גֶעבִּין אִיהר שְׁפַּייז אוּן קְלֵיידִיר אוּן דִיא עונה מקיים זַיין, אַזוֹ וִויא רֶעכְט אִיז." (יד החזקה, הלכות אישות, פרק י"ד, הלכה ג'.) צְוִוישִׁין דֶער דָאזִיגִיר לֶערְנוּנְג אוּן דִיא פוּן דִיא פַּארִיזֶער סנהדרין אִיז אַבִּיסְל אַיין חִילוּק. דָא הֶערְלוֹיבְּט דִיא תורה שבע"פ בפירוש אִיטְלִיכִין מַאן מֶעהר וִויא אֵיין וַוייבּ צוּ הָאבִּין, אוּן מַאכְט גָאר קֵיין גבול נִיט אִין דֶעם צָאהל וִויא פִּיל עֶר זָאל גֶעהמִין. דֶער מחבר פוּן דִיא ארבעה טורים שְׁטֶעלְט דִיא זֶעלְבִּיגִי לֶערְנוּנְג אוֹיף, נוּר וָואס עֶר גִיבְּט דֶעם מַאן אַיין עצה, נִיט מֶעהר וִויא פִּיר וַוייבִּיר צוּ גֶעהמִין:

נושא אדם כמה נשים דאמר רבא נושא אדם כמה נשים והוא דאפשר למיקם בסיפוקיהו ומכל מקום נתנו הכמים עצה טובה שלא ישא אדם יותר מד' נשים:

„עֶס מֶעג אִיטְלִיכִיר כמה וַוייבִּיר גֶעהמִין; וָוארִין רבא הָאט גִיזָאגְט, עֶס מֶעג אִיטְלִיכִיר גֶעהמִין כמה וַוייבִּיר, נוּר וֶוען אִיז עֶס, אַז עֶר קָאן זֵייא דֶערְנֶערִין. אוּן פוּן דֶעסְט וֶועגִין הָאבִּין דִיא חכמים אַיין גוּטִי עצה גִיגֶעבִּין, אַז אַיין מֶענְשׁ זָאל נִיט מֶעהר גֶעהמִין וִויא פִּיר וַוייבִּיר." (אבן העזר, א'.) מִילָא פוּן דֶער זַייט פוּן דָאס יוּדִישְׁקַייט אִיז דִיא פִּיל וַוייבִּירַייא דֶערְלוֹיבְּט, אוּן אפילו דֶער יֶענִיגִיר יוּד וֶועלְכִיר עֶס וָואלְט וֶועלִין זִיךְ אַיין הַאלְטִין, וָואלְט עֶר נָאךְ דֶער עצה נָאךְ פוּן דִיא רבנים, נָאךְ אֵייבִּיג קֶענִין פִּיר וַוייבִּיר הָאבִּין. מִילָא זַיין דת אִיז עֶס נִיט, וָואס עֶס זָאל אִיהם לֶערְנִין זִיךְ מִיט אֵיינִיר צוּ בִּינוּגִינְין, אוּן מִיר מוּזִין דַארִיבִּיר חוקר ודורש זַיין, וִויא אַזוֹ עֶס קוּמְט, אַז דִיא יוּדִין, וֶועלְכִי עֶס הַאלְטִין דִיא פִּיל וַוייבִּירַייא פַאר דֶערְלוֹיבְּט, אוּן טְהוּט עֶס דָאךְ נִיט. דִיא פַּארִיזִיר גִיקְלִיבִּינִי לַייט (דִיפּוּטִירְטִי) הָאבִּין אוּנְס שׁוֹין בִּילֶערִינְט, אַז אִין מזרח זַייט הֶערְשְׁט דָאס

זעלביגי

זֶעלְבִּיגִי נָאךְ, און אִין עוראפא הָאט עֶס בִּיז צוּ דֶעם עֶלְפְטִין הוּנְדִירְט יָאהר גִיהֶערְשְׁט, וָואס רבי גרשון הָאט דֶעם חרם דַארִיבִּיר אוֹיס גִירוּפִין.
בַּייא דֶער שְׁטֶעלִי וָואס אִיז אוֹיבִּין גִיבְּרַאכְט גִיוָוארִין גִיפִינִין מִיר אַזוֹ אַיין גְלַייכִין פֶּערְזִיכִירוּנְג. עֶס שְׁטֵייט דָארְטִין:

במקום שנהגו שלא לישא אשה אלא אחת איני רשאי לישא אשה אחרת על אשתו. ר"ג החרים על הנושא על אשתו אבל ביבמה לא החרים וכן בארוסה. ולא פשטה תקנתו בכל הארצות ולא החרים אלא עד סוף האלף החמישי:

„אִין דֶעם אָרְט וואוּ מַאן אִיז זִיךְ נוֹהג נִיט מֶעהר וִויא אַיין וַוייבּ צוּ נֶעמִין, טָאר מַאן קַיין אַנְדִיר וַוייבּ נִיט נֶעהמִין נָאךְ צוּ זַיין וַוייבּ. ר' גרשון הָאט מחרים גִיוֶועזִין דֶעם, וָואס זָאל נֶעהמִין צוּ זַיין וַוייבּ נָאךְ אֵיינִי. אָבִּיר בַּייא דֶעם פַאל פוּן אַיין יבמה הָאט עֶר נִיט מחרים גִיוֶועזִין אוּן אוֹיךְ אַזוֹ אִיז בַּייא אַיין פַאר קְנַסְתִּי. אוּן זַיין תקנה הָאט זִיךְ נִיט פֶערְבְּרֵייטִירְט אִין אַלִי לֶענְדִיר, אוּן עֶר הָאט נִיט מֶעהר מחרים גִיוֶועזִין וִויא נוּר בִּיז דֶעם סוֹף פוּן דֶעם פִינְפְטִין טוֹיזִינְד יָאהר." דֶער פוּן אִיז גִידְרוּנְגִין אַז פַאר ר' גרשון אִיז עֶס דֶערְלוֹיבְּט גִיוֶועזִין אוּן בַּייא דִיא יוּדִין אִין עוראפא ווירְקְלִיךְ אִין מִנְהג גִיוֶועזִין, אַז אָבִּיר דֶער ר' גרשון הָאט דָאס זֶעלְבִּיגִי בִּיז אוֹיף אֵיינְצִיגִי בִּיזוּנְדִירִי אופנים פֶערְבָּאטִין; ווייטִיר, אַז דֶער דָאזִיגִיר פֶערְזָאג אִיז נוּר אוֹיף דֶער דֶענְסְמָאלְטִדִיגִי קוּרְצִי צַייט גִיוֶועזִין אוּן נוּר בִּיז צוּם סוֹף פוּן דֶעם פִינְפְטִין טוֹיזִינְד יָאהר (סוֹף אלף החמישי) דָאס הֵייסְט בִּיז צוּ דֶעם יָאהר. 1240 נָאךְ דֶעם קְרִיסְטְלִיכִין צַייט רֶעכִינוּנְג הָאט עֶס דִיא קְרַאפְט גִיהַאט. מֵילָא דִיא דָאזִיגִי צַייט אִיז שׁוֹין לַאנְג אַרִיבִּיר גִיגַאנְגִין, וָוארִין דִיא יוּדִין רֶעכִינִין אִיצוּנְד שׁוֹין. 5601 אוּן דֶער חרם פוּן ר' גרשון הָאט שׁוֹין דַארִיבִּיר זַיין כח פֶערְלוֹירִין. אִין דֶער אִיצוּנְדִיגִיר צַייט אִיז דָאס אֵיינְצִיגִי הִינְדִירְנִיש וָואס אִיז זֵייאִיר אמונה פוּן דִיא פִיל ווייבִּירַייא כנגד, שׁוֹין פוּן וֶועג אָבּ גִירוֹימְט, אוּן אִיטְלִיכִיר וָוס אִיז אָנְגִיהַאנְגִין אָן דָאס יוּדִישְׁקַייט מוּז זִיךְ פַאר ראוּי הַאלְטִין אַזוֹ ווייט וִויא עֶס בִּיטְרֶעפְט זַיין עֶרְלִיכִי גִימִיהט, אַזוֹ פִיל ווייבִּיר צוּ נֶעהמִין וִויא פִיל עֶר וִויל נוּר. עֶר ווְייס אַז דֶער חרם פוּן ר' גרשון אִיז אוֹיס גִיגַאנְגִין, אוּן וֶוען עֶר נֶעמְט צוּ אַיין עצה דָאס גִיבָּאט פוּן דֶעם יוּדִישִׁין גִיזֶעץ אַזוֹ גִיפִינְד עֶר, אַז דִיא זַאךְ אִיז אִין אַיין ספק אִיבִּיר גִילָאזִין. אַזוֹ וֶוערְד לְמשל אִין אַיין אַנְמֶערְקוּנְג (הערה) טַאקִישׁ צוּ דֶער אוֹיבִּין גִיבְּרַאכְטִי שְׁטֶעלִי גִיזָאגְט:

ומכל מקום בכל מדינות אלו התקנה והמנהג במקומו עומד ואין

נושאין

נושאין שתי נשים וכופין בחרמות ונדויין מי שעובר ונושא ב׳ נשים לגרש אחת מהן וי״א דבזמן הזה אין לכוף מי שעבר חרם ר״ג מאחר שכבר נשלם אלף החמישי ואין נוהגין כן :

„פון דעסט וועגן בלייבט דיא דאזיגי תקנה אויף זיין ארט שטעהין אין איהר קראפט אין אלי דיא דאזיגי לענדיר , אונ עס איז ניט דערלויבט צווייא ווייביר צו נעהמין אונ מאן צווינגט מיט חרמות אונ נדויין דעם , וועלכיר עס האט עובר גיוועזין אונ האט גינומין צווייא ווייביר , אז ער זאל איינע פון זייא פון זיך שיידין , אונ אטהייל לייט זאגין דאך אז אין דער היינטיגיר צייט זאל מאן קיינים ניט צווינגין , דר וואס הט דעם חרם פון ר׳ גרשון עובר גיוועזין , ווייל עס איז שון לאנג אוים גיגאנגין דער פינפטיר טויזנד יאהר ; אביר מאן איז זיך אזו ניט נוהג . ״ מילא דא איז צווייא הוה אמינות גישפראכין . דיא וואס איז מחמיר האלט אז דיא פיל ווייבירייא איז איצונד ניט דערלויבט אונ אז דער , וועלכיר עס נעהמט צווייא ווייביר , מוז איינע פון זייא דורך שיידונג דער ווייטירין ; נור אפילו דאס דאזיגי קאן דער ווייב וואס ער האט צום ערשטין גינומין ניט אין גאנצין ביפרידיגין , ווייל עס ווערד דירבייא ניט בישטימט , פון וועלכיר פון דיא ביידי מוז ער זיך לאזין שיידין , נייארט עס ווערד בלוז פערלאנגט אז ער זאל איינע פון זייא מגרש זיין , דאס איבריגי אביר בלייבט דעם ווילין פון דעם מאן זעלבירט איביר , פון דער יעניגיר זיך צו לאזין שיידין , פון וועלכיר עס גיפעהלט איהם . דיא אנדירי הוה אמינא איז , אז דיא פיל ווייבירייא איז איצונד דער לויבט אונ מאן קאן דאריביר קיינים ניט צווינגין , זיך פון איינער פון זיינע ווייביר צו שיידין , דער פון איז גידרונגין , אז ניט מחמת דאס יודישקייט איז דאס רעכט אונ דאס גליקזעליגקייט פון דיא יודישי ווייביר אודיר דער פרידין אונ דיא טובות פון דיא יודישי פאמילייעם בישיצט ; נייארט דיא מאכט אונ דיא גיזעצי פון דאס קריסטינטהום לאזט דיא פיל ווייבירייא ניט צו . מילא דעם דאזיגין האבין דיא יודישי ווייביר צו פערדאנקין ניט פאר דיא ערטיר וואס זייא האבין אין דער גיזעלשאפט ביקומין , נייארט זייא האבין אויך פאר דעם שלום צו דאנקין , וועלכין זייא גיניסין אין זייערי פאמילייעם . אומירום וואו דאס קריסטינטהום האט קיין מאכט ניט , קענין דיא יודין אזו פיל ווייביר נעהמין וויא פיל זייא ווילין , אונ ווען דאס יודישקייט וואלט ווען אמאהל דיא אוביר הערשאפט ביקומין , אזו וואלטין דיא יודישי נקבות דער ווארטין , ווידיר צו דער בישטימונג פון פאראנים אונ

עמי

עמי הארץ אַרָאפּ גִינִידְרִיגְט צוּ וֶוערִין, אוּן דֶעם שלום פוּן וַייאִיר הויז דוּרְךְ דִיא אַיין פִּיהרוּנְג פוּן נַייאֵי וַוייבִּיר אוּן פַאמִילְיֶעס צוּ נִישְׁט גִימַאכְט צוּ זֶעהִין. מַאן וָואלְט אוּנְס אפשר אַקֵייגִין עֶנְטְוֶוירִין, אַז דֶעם דָאזִיגִין פָּאר וואוּרְף (שם רע) וָואלְט דֶער תּורה שבכתב אוֹיךְ אַזוֹ גוּט גִיקֶענְט גִימַאכְט וֶוערִין, וַוייל משה זֶעלְבִּירְט דֶערְלוֹיבְּט דִיא פִּיל וַוייבִּירַייא. נוּר אָבִּיר דִירוֹיף עֶנְטְוֶוירִין מִיר, אַז משה אִיז דִיא פִּיל וַוייבִּירַייא בְּלוֹז נוּר סובל, דֶער קֵייגִין וַוייזְט עֶר בפירוש, אַז דָאס אִיז נִיט גִיוֶועזִין דֶער תכלית פוּן גָאט, אַז אֵיין מַאן זָאל מֶעהר הָאבִּין וִויא אֵיין וַוייבּ. עֶר הָאט אַיין בֵּייזִי גִיוואוֹינְהַייט גִיפוּנְין הֶערְשִׁינְדִיג צְווִישְׁין אַיין פָּאלְק, וָואס זֶענִין גִיוֶועזִין דוּרְךְ דִיא קְנֶעכְטְשַׁאפְט פוּן מצרים דֶער נִידְרִיגְט גִיוָוארִין, אוּן אַזוֹ וִויא אַיין קְלוּגִיר אוֹיפְקְלֶעהרִיר (רֶעפָארְמַאטָאר), הָאט עֶר נִיט אָנְגִיפַאנְגִין זַיין פֶּער בֶּעסִירוּנְג דֶער מִיט, אַז עֶר זָאל אַלְץ וָואס אִיז פֶער הַאנְדִין גִיוֶועזִין צוּ שְׁטֶערִין, נַייאִירְט עֶר הָאט זִיךְ בִּימִיהט, דָאס שְׁלֶעכְטִי אַיין צוּ הַאלְטִין, צוּ וַוייזִין, אַז עֶס אִיז גָאר כנגד דֶעם מקור פוּן דֶער הוה אמינא פוּן גָאט, אוּן נָאךְ צוּ וַוייזִין וָואס דֶער פוּן קוּמְט אַרוֹיס. עֶר הָאט עֶס נִיט אַזוֹ פשוט אַרוֹיס גִיזָאגְט, אַז מַאן טָאר עֶס נִיט, וָוארִין דָאס דָאזִיגִי וָואלְט גִיהַאט פִּיל אוּם רוּהִי צוּ גִיפִיהרְט; נַייאִירְט עֶר הָאט דוּרְךְ גָאטִים פִּיהרוּנְג, גִיבָּאטִי גִיגֶעבִּין כדי דִיא וַוייבִּיר צוּ בִּישִׁיצִין. אִין אָנְהֵייבּ פוּן זַיין עֶרְשְׁטִין ספר (בראשית) וַוייזְט עֶר, אַז עֶס אִיז דֶער ווִילִין פוּן גָאט גִיוֶועזִין אַז מַאן זָאל נוּר אֵיין וַוייבּ הָאבִּין, וַוייל עֶר הָאט נִיט מֶעהר וִויא נוּר אֵיינִי בִּישַׁאפִין. עֶר בְּרֶענְגְט צוּ דֶעם דָאזִיגִין בִּינִיצוּנְג דִיא וֶוערְטִיר פוּן גָאט, וָואס עֶר זָאגְט: „עֶס אִיז נִיט גוּט אַז דֶער אדם זָאל אַלֵיינְט זַיין, אִיךְ וֶועל מַאכִין פַאר אִיהם אַיין הִילְף קֵייגִין אִיהם, ״ אעשה לו עזר כנגדו, „אַיין הִילְף״ עזר אִין לשון יחיד, כדי אָן צוּ וַוייזִין, אַז דֶער מַאן זָאל נִיט מֶעהר וִויא אֵיינִי גִיהִילְף הָאבִּין. דִיא וָואס זָאל אַרוּם אִיהם זַיין. אוּן וַוייטִיר דִיא וֶוערְטִיר: דַארוּם זָאל דֶער מַאן זַיין פָאטִיר אוּן מוּטִיר פֶערלָאזִין אוּן זָאל זִיךְ בִּיהֶעפְטִין אָן זַיין וַוייבּ, ״ מֵילָא נִיט אָן זַיינִי וַוייבִּיר, נַייאִירְט אָן זַיין וַוייבּ, וָואס דִירוֹיס אִיז אַרוֹיס צוּ נֶעהמִין, אַז גָאט הָאט נִיט פַאר אדם אַלֵיין אַיין גִיזֶעץ גִיגֶעבִּין, נַייאִירְט פַאר אַלִי גִישְׁלֶעכְטִיר וָואס וֶועלִין זַיין. דוּרְךְ דֶעם עיקר אַיינְשְׁטֶעלוּנְג פוּן מַאן אוּן וַוייבּ וָואס עֶס אִיז אִין גן עדן גִיוִויזִין גִיוָוארִין, וואוּ דֶער מֶענְשׁ אִיז נָאךְ אוּם שוּלְדִיג אָן זִינְד גִיוֶועזִין, אוּן דוּרְךְ דֶעם ערך פוּן דֶעם עיקר גִיזֶעץ אוּן תכלית פוּן גָאט, וַוייזְט משה בפירוש, אַז עֶס אִיז דֶער ווִילִין פוּן גָאט גִיוֶועזִין, אַז דֶער מַאן זָאל נוּר אֵיין וַוייבּ

הָאבִּין. דֶער נָאךְ וַוייזְט עֶר, אַז דֶער עֶרְשְׁטִיר, וֶועלְכִיר עֶס אִיז פוּן דֶעם דָאזִיגִין עיקר אַיינְשְׁטֶעלוּנְג אָבּ גִיטְרֶעטִין, אִיז גִיוֶועזִין למך, אֵיינִיר פוּן דִיא גָאט לוֹיזִי (רשעים) וָואס עֶר אִיז אַרוֹיס גִיקוּמִין פוּן קין דֶעם גָאט לוֹיזִין (רשע). אוּן למך הָאט זִיךְ גִינוּמִין צְווייא ווייבִּיר (בראשית ד׳, פסוק י״ט) זָאגְט עֶר אָן, אוּן שְׁטֶעלְט אִיהם אוֹיף אַזוֹי גְלַייךְ אַז מזהיר צוּ זַיין, ווייל עֶר דֶערְמָאנְט וַוייטִיר פוּן אִיהם נִישְׁט, וִויא נוּר דָאס, אַז עֶר הָאט צְווייא ווייבִּיר גִיהַאט אוּן אַז עֶר אִיז אַיין רוצח גִיוֶועזִין. דֶעם דָאזִיגִין שְׁטֶעלְט עֶר נח אוּן זַיינִי זִין אַקֶעגִין, וָואס פוּן דִיא הָאט אִיטְלִיכִיר נִיט מֶעהר וִויא אֵיין ווייבּ גִיהַאט. אִין דֶער דֶערְצֶיילוּנְג פוּן דִיא עֶרְשְׁטִי אבות וַוייזְט עֶר דָאס שְׁלֶעכְטֶס וָואס עֶס אִיז אַרוֹיס גִיקוּמִין פוּן דִיא פִּיל ווייבִּירַייא. עֶר וַוייזְט אַז עֶס אִיז נִיט גִיוֶועזִין דֶער ווילִין פוּן אברהם, אַיין צְווייטִי ווייבּ צוּ נֶעהמִין, אַז אָבִּיר שרה מחמת אִיהר שְׁטַארְקִין פֶּערְלַאנְגִין קִינְדִיר צוּ הָאבִּין, הָאט אִיהם דֶער צוּ פֶּער פִיהרְט אוּן אַז עֶס אִיז בַּאלְד מחלוקת אוּן אוּם רוּהִי אִין הוֹיז דֶער פוּן אַרוֹיס גִיקוּמִין. אוּן דוּרְךְ אַלִי בִּישְׁוֶוערְלִיכְקֵייטִין, וָואס דִיא זִין פוּן ישמעאל הָאבִּין צַייט דֶעם, צוּ גִיבְּרַאכְט דִיא קִינְדִיר פוּן יצחק, הָאט גָאט אִין זַיין השגחה דִיא גוּטִי מרה בִּישְׁטֶעטִיגְט, וֶועלְכִי מַאן זָאל זִיךְ אַיין ראיה אָבּ נֶעהמִין פוּן משהס דֶערְצֶיילוּנְג. אַזוֹי וַוייזְט משה וַוייטִיר דָאס גְלִיקְזֶועלִיגְקֵייט פוּן יצחק, וָואס עֶר הָאט נוּר אֵיין ווייבּ גִיהַאט, אוּן דֶער נָאךְ ווידִיר דִיא צרות פוּן יעקב, וָואס עֶר הָאט נִיט דוּרְךְ זַיין אֵייגִינִיר ברירה, זוֹנְדֶערְן דוּרְךְ דָאס שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט פוּן לבן אוּן דִיא נַארִישְׁקֵייט פוּן זַיינִי טֶעכְטִיר, מֶעהר וִויא אֵיינִי גִיהַאט, אוּן צוּם סוֹף הָאט משה דוּרְךְ זִיךְ זֶעלְבִּירְט אַיין בַּייא שְׁפִּיל גִיוִויזִין, אַזוֹ וִויא עֶר הָאט גִיוָאלְט, אַז דִיא ישראל זָאלִין אוֹיךְ אַזוֹ טָהוּן, דֶער מִיט וָואס עֶר הָאט זֶעלְבִּירְט נוּר אֵיינִי ווייבּ גִיהַאט. דַארוּם אַז מַאן זָאל נוּר דִיא תורה פוּן משה גוּט חוקר ודורש זַיין וֶועט עֶס וַוייזִין אַז עֶר הָאט בְּלוֹיז דִיא פִּיל ווייבִּירַייא פַאר אַיין בִּישְׁטֶעהִינְדִיגִי שְׁלֶעכְטֶץ נוּר בְּלוֹיז סובל גִיוֶועזִין, אָבִּיר עֶר הָאט זִיךְ מתאמץ גִיוֶועזִין פוּן דָאס זֶעלְבִּיגִי דֶער דוּרְךְ אָבּ צוּ שְׁרֶעקִין, וָואס עֶר הָאט פָאר גִישְׁטֶעלְט דֶעם עיקר אַיינְשְׁטֶעלוּנְג פוּן מַאן אוּן ווייבּ אוּן דִיא אַלִירְלֵייא רעות, וָואס עֶס קוּמְט אַרוֹיס פוּן דָאס אָבְּקֶעהרִין פוּן גָאטִים תכלית. דַארִיבִּיר וֶוען מִיר וַוייזִין אַז דִיא תורה שבע״פ דֶער לוֹיבְּט דֶעם מַאן, מֶעהר וִויא אֵיין ווייבּ צוּ הָאבִּין, אוּן אַז זִיא וֶועט לְסוֹף מוּזִין אָבּ עֶנְטְווִירִין פַאר אַלִי רעות וָואס דֶער פוּן קוּמְט אַרוֹיס, אַזוֹ קָאן מַאן אוּנְס נִיט בִּישוּלְדִיגִין, אַז מִיר

לעסטירין

לֶעסְטִירִין דוּרְךְ דֶעם דִיא תורת משה אוֹיךְ. דִיא תורה שבע״פ זָאגְט בְּפֵירוּש, אַז אֵיין מַאן קָאן אַסַךְ וַוייבֶּיר נֶעהמִין, אפילו הוּנְדֶירְט, דִיא תורת משה זָאגְט אִין עֶרגִיגְץ נִיט עֶפּיס פוּן אַזוֹ אַיין שְׁטֵייגִיר, עֶס שְׁטֶעלְט בְּלוֹיז גִיזֶעצִי, פַאר אַזוֹ אַיין פַאל, וֶוען עֶס זָאל זִיךְ אַזוֹ וָואס טְרֶעפִין. דִיא תורה שבע״פ גִיבְּט דֶעם מַאן בְּפֵירוּש דִיא עצה, נִיט מֶעהר וִויא פִּיר וַוייבֶּיר צוּ נֶעהמִין; דִיא תורת משה דֶער קֵייגִין וַוייזְט אִיהם, דִיא רעות וָואס דֶער פוּן קוּמְט אַרוֹיס, וָואס עֶר דַארְף דֶר פַּר מוֹרָא צוּ הָאבִּין, וֶוען עֶר נֶעהמְט נוּר מֶעהר וִויא אֵיינִי. וֶוען אִימִיצִיר וָואלְט דִיא תורת משה מִיט אַכְטוּנְג גֶעבּוּנְג (בעיון) לֶערְנִין, אַזוֹ וֶועט עֶר גִיפִינְין, אַז דֶער עִיקר כוונה אִיז גִיוֶועזִין, אַז דֶער מַאן זָאל נוּר אֵיין וַוייבּ הָאבִּין; וֶוען עֶר פָאלְגְט אָבִּיר דִיא תורה שבע״פ, אַזוֹ וֶועט עֶר זִיךְ אוֹיף גִימוּנְטֶירְט פִיהלִין, אַזוֹ פִּיל צוּ נֶעהמִין וִויא פִיל עֶר קָאן נוּר מקרב זַיין. עֶס אִיז נָאךְ דֶעם נָאךְ דִירְוִויזִין, אַז דָאס וָואס דִיא יוּדִין אִין עוּראָפּא לֶעבִּין נִיט אִין דִיא פִּיל וַוייבֶּירַייא, אִיז עֶס נִיט צוּ צוּ שְׁרֵייבִּין דִיא מַאכְט פוּן דָאס יוּדִישְׁקֵייט, נַייאֵירְט דִיא מַאכְט פוּן דָאס קְרִיסְטִינְטְהוּם.

עֶס אִיז ווידיר בִּיוִויזִין, אַז דֶער דָאזִיגִיר קְרִיסְטְלִיכִיר מנהג, נִיט מֶעהר וִויא אֵיינִי וַוייבּ צוּ הָאבִּין קָאן נִיט גִיהַאלְטִין וֶוערִין פַאר אַיין אוּם דֶער לוֹיבְּטִין אָבּ עֶנְדִירוּנְג פוּן תּוֹרת משה אוּן קָאן פַאר שְׁלֶעכְט נִיט גִיהַאלְטִין וֶוערִין. וֶוען ר׳ גרשון הָאט גִימֶעגְט. דִיא פִּיל וַוייבֶּירַייא אסורן, אוּן דִיא יוּדִין הָאבִּין זִיךְ גִיהַאלְטִין פַאר מחויב אִיהם צוּ גִיהָארְכִין, אַזוֹ קֶענִין זַייא לָאוּט שכל דִיא קְרִיסְטְלִיכִי גִיזֶעץ וֶועגִין דֶער זֶעלְבִּיגִיר זַאךְ נִיט פַאר שְׁמֶעהִין. דָאס קְרִיסְטִינְטְהוּם הָאט בְּלוֹז דוּרְךְ אִיהר מַאכְט דָאס פּוֹעל גִיוֶועזִין, וָואס ר׳ גרשון הָאט דֶעם אִיבִּילִין שְׁטַאנְד פוּן דִיא פִּיל וַוייבֶּירַייא, פוּן דִיא קְרִיסְטִין גִילֶערִינְט צוּ פֶערְשְׁטֵיין. וֶוען דָאס אִיז אֵיין רבי דֶער לוֹיבְּט גִיוֶועזִין, אַזוֹ אִיז עֶס נָאךְ פִּיל מֶעהר דֶעם משיח דֶער לוֹיבְּט גִיוֶועזִין דֶעם עִיקר שְׁטֵייגִיר פוּן מַאן אוּן וַוייבּ, אַזוֹ וִויא עֶס אִיז אִין גן עדן פֶעסְט גִישְׁטֶעלְט גִיוֶועזִין ווידיר אַיין צוּ שְׁטֶעלִין אוּן דִיא יוּדִישִׁי וַוייבֶּיר אוּן פַאמִילְיֶעס צוּ בִּיפְרַייאִין, פוּן דֶער פֶער מִישׁוּנְג אוּן אוּם אֵיינִיגְקֵייט וָואס דוּרְךְ דִיא פִּיל וַוייבֶּירַייא קוּמְט אַרוֹיס. אָבִּיר עֶס פֶערְדִינְט בִּיזוּנְדִירְס בִּימֶערְקְט צוּ וֶוערִין, אַז ר׳ גרשון הָאט דֶער דוּרְךְ, וָואס עֶר הָאט גִיאַסוּרְט מֶעהר וִויא אֵיינִי וַוייבּ צוּ נֶעהמִין, אַיין גְרוֹסִי אוּן רֶעכְטִי פֶער עֶנְדִירוּנְג גִימַאכְט אִין דֶער תורה שבע״פ, ווייל עֶר הָאט אסור גִימַאכְט וָואס דִיא תורה שבע״פ אִיז מתיר. מִיר זֶענִין באמת מודה, אַז דוּרְךְ דֶער

דָאזִיגִיר פֶער עֶנְדִירוּנְג דֶער פִיהלְט עֶר דֶעם ווִילִין פוּן משה; נוּר לעולם פֶער עֶנְדִירְט עֶר דָאךְ דִיא תורה שבע״פ און וַוייזְט אוּנְס דֶער דוּרְךְ, אַז עֶר גְלוֹיבְּט זֶעלְבִּירְט נִיט, אַז דָאס זֶעלְבִּיגִי זָאל אוֹיף אֶייבִּיג אָן אִיהְרִי פָארְשְׁרִיפְטִין אָנְגִיבּוּנְדִין זַיין. וֶוען עֶר וָואלְט זִיא פַאר אוּם פֶערֶעְנְדֶערְלִיךְ גִיהַאלְטִין, אַזוֹ וָואלְט עֶר זִיךְ נִיט דֶערְוואוּיגִין יֶענִי פֶער עֶנְדִירוּנְג צוּ מַאכִין; אָבִּיר דוּרְךְ אַזוֹ אַיין וִויכְטִיגִי פֶערֶענְדִירוּנְג ווִיא דִיא אִיז, עֶפִּים וָואס מותר אִיז, אסור צוּ מַאכִין, דֶער קְלֶערְט עֶר עֶס אָן המצאות אַז זַיין הוה אמינא אִיז, אַז אַזוֹ בַּאלְד וִויא עֶס אִיז אַיין וִויכְטִיגִיר טעם דֶער צוּ פֶער הַאנְדִין, קָאן דִיא תורה שבע״פ פֶער עֶנְדִירְט אוֹדִיר בטל וֶוערִין, אוּן דִיא יוּדִין, וֶועלְכִי עֶס בִּירוּהִיגִין זִיךְ אִין זַיין תקנה, אוּן הַאלְטִין עֶס פַאר אסור מֶעהר וִויא אֵייגִי וַוייבּ צוּ הָאבִּין, זֶענִין זַייא מִיט יֶענִי פֶער עֶנְדִירוּנְג מסכים. וֶוען עֶס אִיז אָבִּיר דֶער לוֹיבְּט, אִין אֵייגִי זַאךְ אַיין פֶער עֶנְדִירוּנְג צוּ מַאכִין, אַזוֹ מוּז עֶס אוֹיךְ אִין אַיין אַנְדִירִי דֶערְלוֹיבְּט זַיין, אַזוֹ אַז דִיא רבנישי יוּדִין הָאבִּין קֵיין רַאצְיֶע נִיט זֵייאִירִי יֶענִי בְּרִידִיר צוּ פֶער שְׁמֶעהִין, וֶועלְכִי עֶס שֵׁיידִין זִיךְ אָבּ פוּן דֶער גַאנְצִיר תורה שבע״פ. אַזֶעלְכִי מֶענְשִׁין טְהוּן עֶס בְּלוֹז נָאךְ אַזוֹ אַיין גְרוּנְד זַאץ, וָואס דִיא יוּדִין פוּן עוראפא הָאבִּין בפירוש במעשה אָנְדִירְקֶענְט. מַאן וָואלְט באמת אוּנְס קֶענִין עֶנְטְווִירִין, אַז דָאס פֶער עֶנְדִירוּנְג פוּן ר׳ גרשון אִיז נוּר אוֹיף יֶענִיר קוּרְצִיר צַייט גִיוֶועזִין אוּן אַז דָאס וָואס דִיא יוּדִין אִין עוראפא זֶענִין דָאס אִיצוּנְד מסכים אִיז בְּלוֹז אַיין אוֹפן פוּן מוֹרָא פַאר דֶער קְרִיסְטְלִיכִיר פְּרַאוֶוע; אוּן דָאס דָאזִיגִי אִיז טַאקִיש אמת. נוּר דֶער דָאזִיגִיר עֶנְטְווִיר בְּרֶענְגְט אוּנְס ווִידִיר דֶער צוּ, דִיא טְרוֹירִיגִי אוּיס זִיכְט צוּ בִּיטְרַאכְטִין, דִיא וָואס עֶס וָואלְט זִיךְ פַאר יוּדִישִׁי וַוייבִּיר אוֹיף גִיעֶפִינְט, וֶוען דָאס נַייאִי מָאדִישִׁי יוּדִישְׁקַייט זָאל וֶוען דִיא אוֹיבִּיר הַאנְד גִיווִינִין. דִיא מַאכְט פוּן דֶער קְרִיסְטְלִיכִיר פְּרַאוֶוע וָואלְט דֶענְסְמָאלְט אוֹיף גִיהֶערְט, דִיא פִיל וַוייבִּירַייא וָואלְט ווִידִיר דֶר לוֹיבְּט וֶוערִין, אוּן דִיא עֵיידְלִי בכבודי וַוייבִּיר פוּן דִיא ישראל, וֶועלְכִי עֶס הָאבִּין אִיצוּנְד אַיין חלק אִין דִיא גִישֶׁעפְטִין פוּן הוֹיז אוּן הָאבִּין זִיךְ בִּיווִיזִין אִין דֶער ווִירְטְשַׁאפְט פוּן הוֹיז, וֶועלִין זַיי ווִידִיר אַרָאפּ גִיווִירְדִיגְט וֶוערִין צוּ דֶר קָאנְפַּאנְיֶע פוּן פָּאדַאנְעס. זַייא וָואלְטִין זִיךְ קֶענִין ווִידִיר דִירוּיף גְרֵייט מַאכִין, דִיא לִיבְּשַׁאפְט פוּן זֵייאִיר מַאן מִיט אַיין גַאנְצִין הוּנְדִירְט פוּן קֶעבְּס וַוייבִּיר צוּ טְהֵיילִין, אפילו וֶוען יֶענִיר זָאל דִיא עצה פוּן דִיא רבנים פָאלְגִין אוּן נוּר פִּיר וַוייבִּיר נֶעהמִין, וָואלְטִין זַייא דָאךְ וֶועניִגְסְטִינְס נָאךְ דְרַייא בַּייא דֶער זַייט הָאבִּין. ווִינְשִׁין זַייא זִיךְ אַזוֹ אַיין פֶער עֶנְדִירוּנְג, אוֹדִיר וָואלְטִין

זַייא בֶּעסִיר וֶועלִין, דֶעם אִיצוּנְדִיגִין צוּ שְׁטַאנְד פוּן פִיהרוּנְגִין, וָואס דֶער מַאן טָאר נִיט מֶעהר וִויא אֵיין וַוייבּ הָאבִּין? וִויל זִיא בֶּעסִיר דֶעם אִיצוּנְדִיגִין צוּ שְׁטַאנְד, אַזוֹ הַאלְט זִיא מֶעהר פוּן דִיא קְרִיסְטְלִיכִי גְרוּנְד גִיזֶעץ אוּן וַוייזְט דוּרְךְ דֶעם קְלָאר אַרוֹיס אַז דָאס קְרִיסְטִינְטְהוּם אִיז בֶּעסִיר וִויא דָאס יוּדִישְׁקַייט. וֶוען זִיא וִוינְשְׁט נִיט דִיא וִוידִיר אַיינְפִיהרוּנְג פוּן פִיל וַוייבִּירַייא, דֶען אִיז זִיא מוֹדה אַז דִיא לֶערְנוּנְג פוּן דָאס יוּדִישְׁקַייט זֶענִין שְׁלֶעכְט גִיוֶועזִין אוּן אַז זִיא וִוינְשְׁט נִיט דִיא גדלות פוּן זֵייאִיר אֵייגִינִיר אמונה. מֵילָא וָוארוּם זָאל זִיא זִיךְ צוּ אַזוֹ אַיין אמונה בִּיקֶעמְנִין פוּן דֶער וָואס זִיא אִיז מוֹדה, אַז זִיא אִיז צוּם שָׁאדִין פַאר אִיהרִי טובות? אוֹדִיר וָוארוּם זָאל זִיא אַיין אמונה פֶערְוַוארְפִין, דִיא וָואס בִּישִׁיצְט אִיהר פְרִידִין אוּן אִיהר גְלִיק וָואס זִיא הָאט אִין אִיהר הויז? עֶס קָאן קֵיין ספק דֶערִינִין נִיט זַיין, אַז דָאס קְרִיסְטִינְטְהוּם הָאט דִיא יוּדִין צוּ וִוידִיר אַיינְפִיהרוּנְג פוּן פִיל וַוייבִּירַייא נִיט צוּ גִילָאזִין, אַזוֹ אַז עֶס אִיז צַייט פוּן פִיל הוּנְדִירְט יָאהרִין אַיין ב ר כ ה פַאר דִיא יוּדִישִׁי פַאמִילְיֶעס גִיוֶועזִין, וָוארוּם זָאלִין זֵייא אֵיין אמונה פֶערְאַכְטִין אוֹדִיר זִיךְ אִיהר אַקֶעגִין שְׁטֶעלִין, דִיא וָואס אִיז אַיין ברכה פַאר זֵייא גִיוֶועזִין אוּן אִיז עֶס נָאךְ? אוּן מִיר פְרֶעגִין נִיט דִיא שאלה נוּר בַּייא דִיא יוּדִישִׁי וַוייבִּיר, נַייאִירְט אוֹיךְ בַּייא דִיא יוּדִישִׁי מֶענִיר וָואס הָאבִּין וַוייבִּיר. אִיז דָאס נִיט אַיין גִיוִויסִי זַאךְ אַז נָאךְ דֶעם עיקר אַיינְרִיכְטוּנְג פוּן גָאט, זָאל דֶער מַאן נוּר אֵיין וַוייבּ הָאבִּין? וַוייזְט נִיט משה, אַז דֶער עֶרְשְׁטִיר וָואס הָאט מֶעהר וִויא אֵיין וַוייבּ גִיהַאט אִיז אַרוֹיס גִיקוּמִין פוּן דֶעם רשע ק י ן אוּן אַז פוּן דִיא פִיל וַוייבִּירַייא קוּמְט צַאנְקִירַייא אִין דִיא פַאמִילְיֶעס אוּן אוּם גְלִיק אִין הויז? וַוייזְט נִיט דֶער שכל, אַזוֹ וִויא אוֹיךְ דֶער צוּשְׁטַאנְד פוּן דִיא מַאהַאמֶעדַאנִישִׁי לֶענְדִיר, אַז אוּמִידוּם, וואוּ דִיא פִיל וַוייבִּירַייא הֶערְשְׁט, אִיז דָאס וַוייבּ דֶערְנִידְרִיגְט אוּן דִיא דֶערְצִיהוּנְג פוּן דִיא קִינְדִיר מוּז מִיט גְוַואלְד אָבּ גִילָאזִין וֶוערִין? זֶענִין דֶען דִיא פעולות פוּן גוּטִי מדות, פוּן דָאס גִימִיטְהֶע אוּן וִויסִינְשַׁאפְטִין פוּן דֶעם מֶענְשְׁלִיכִין מִין אִין דִיא קְרִיסְטְלִיכִי לֶענְדִיר, וואוּ דֶער מַאן הָאט נוּר אֵיין וַוייבּ נִיט אַסַךְ גְרֶעסִיר גִיוָוארִין? מֵילָא וִויא, אִיז דֶער כּנהג נוּר אֵיין וַוייבּ צוּ הָאבִּין, דֶען נִיט אַיין ברכה? אִיז דֶען דֶער מנהג נִיט שׁוֹין פַאר דִיא יוּדִישִׁי מַאנְס לַייט. אוּן וַוייבִּיר אוּן קִינְדִיר אַיין ברכה גִיוֶועזִין? מֵילָא זֶענִין דִיא יוּדִין פַאר דָאס דָאזִיגִי מָאס פוּן שלום אוּן דִיא פוּלְקוּמִינְהַייט פוּן גוּטִי מדות וָואס זֵייא הָאבִּין פוּן יֶענִים מנהג גִישֶׁעפְּט, דִיא קְרִיסְטִין אִין הֶעכְסְטִין גְרַאד נִיט מחויב זֵייעֶר גוּט צוּ זַיין? אוּן וָואלְט דֶען דִיא אַנְהֶענְגְלִיכְקַייט אָן זֵייאִיר

איינגי תורה שבע"פ אין דעם זעלביגין גראד ניט איין חסרון גיוועזין, אויב ניט גאר איין קללה? מילא וויא קענין זייא אזו איין אמונה אקייגין גיין דיא וואס איז פאר זייא איין ברכה גיוועזין? אודיר וויא קענין זייא זיך אן אזו איין אמונה האלטין, וואס איהרי גרונד גיזעץ גראבט אונטיר דעם שלום פון זייאיר הויז און ווירקט איין צושטערונג אויף דיא טובות אזו וויא אויך אויף דיא גוטי מדות און דיא פולקומינהייט פון דאס גימיהט פון איין העלפט פון דאס מענשליכי מין? דיא רבנים זאגין, אז דער חיוב אקייגין דער תורה שבעל פה איז אויף אייביג; ווען דער פאל איז יוא אזו, דען מוז דיא פיל ווייבירייא אויף אייביג דויאירין און דען קענין דיא מענשין קיין מאהל צו דעם פולקומינין צושטאנד ניט צוריק קעהרין מיט וועלכין זייא האבין זיך אין גן עדן דערפרייהיט. וועד זעהט עס ניט איין, אז דאס מענשליכי מין איז דא צום גליקליכסטין גיוועזין, בשעת עס האט דיא זינד ניט גיקענט, און אז עס איז דא צום פולקומסטין אין גימיטה גיוועזין, בשעת עס האט זיך מיט דיא גאטהייט גיקענט פרייאין און אין דעם גן עדן פון גאט גיוואוינט? ווען אביר דאס יודישקייט איז אמת, דען קענין זיך דיא מענשין קיין מאהל מיט דעם מעמד ניט דערפרייאין, וואריך דענסמאלט איז דיא פיל ווייבירייא אום ביקאנט גיוועזין. אדם האט נור איין ווייב גיהאט, און עיידיר דיא זינד איז אין דער וועלט גיקומין, און עס איז אזו גיקומין ביז רציחה, האט קיינער קיין צווייא ווייביר ניט גיהאט. דאס יודישקייט איז דאריביר דעם ריינים און פולקומינין מעמד פון דיא מענשין כנגד, וועלכיר עס האט אין גן עדן גיהערשט, און בישטעטיגט דיא יעניגי פערמישונג, וועלכי עס איז דורך דעם רוצח למך דעם זון פון קין דעם רוצח איינגיפיהרט גיווארין — דאס קריסטינטהום איז אביר אין זייני גרונד גיזעצי פון מאן און ווייב גלייך צו דעם מעמד, וואס גאט האט אין גן עדן איינגישטעלט. מילא דא האבין מיר ווידיר איין אוים פרובירטין ביווייז, אז דיא תורה שבע"פ איז ניט פון גאט. איהרי מחברים האבין דיא גידאנקין און דיא תכליתים פון משה דעם קנעכט פון גאט גאר אין גאנצין שלעכט פערשטאנדין, און זיין שווייגין און ליידין צו יעניר צייט אויף דאס בייז וואס עס האט גיהערשט האבין זייא גיהאלטין פאר איין הסכמה און פאר איין פעסטין התיר אז דאס זאל ווייטיר דויאירין. אויך האבין מיר דא ווידיר איין ביווייז אויף דעם געטליכין אורשפרונג (מקור) פון דאס קריסטינטהום. —

# נתיבות עולם

## עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם : ירמיה ו׳ ט״ז

### דיא אלטי שטעגין.

---

### נומר מ״ח

---

בשעת גאט האט אויף דעם בארג סני דיא עשרת הדברות גיגעבין האט ער דיא גיבאטי, וועלכי עס האבין פון איהם גישמוסט, צום ערשטין גיזאגט, כדי אונס צו בילערנין, אז אונזיר ערשטיר חיוב איז, איהם ליב צו האבין און איהם צו דינין, און בישיינפירליך נאך דיא דאזיגי, האט ער דאס גיבאט גיגעבין: ״עהרי דיין פאטיר און דיין מוטיר!״ כדי אונס אן צו ווייזין, אז מיר זענין נאך צו איהם מחויב דיא יעניגי בכבוד צו האלטין און ליב צו האבין און צו גיהארכין דיא וואס מיר האבין זייא צו פער דאנקין אונזיר דא זיין אויף דער וועלט. דער דאזיגיר סדר פון דיא זאכין איז ניט ווייל ער האט זיך אזוי גיוואלט, נייארט ער האט עס אין יעניר נאטירליכי איינריכטונג פון דער בישאפונג מיסד גיוועזין, וועלכי גאט האט איינגישטעלט אזוי גוט פאר דיא טובות ברוחניות און מדות ישרות, וויא אויך פאר דאס גליקזעליגקייט פון זייני בישאפיני צום בעסטין. ער האט אונס ניט גיבאטין, איהם ליב צו האבין און איהם צו דינין און נור איהם, בלויז, ווייל אויף דער איינער זייט האט ער דאס רעכט דער צו און מיר אויף דער אנדירער זייט זענין דאס מחויב צו טהון, נייארט ווייל איין זאך צו טהון וואס עס שטימט מיט זיין ווילין איין איז טאקיש צוגלייך איין התקרבות אזוי גוט צו חכמה וויא צו גליקזעליגקייט. אויך אזוי זאגט ער אונס ניט, אז מיר זאלין פאטיר און מוטיר פון רעכטוועגין בכבוד האלטין, ווייל מיר זענין זייא כבוד מחויב דער פאר, וואס מיר האבין פון זייא ביקומין, אונזיר זיין דא אויף דער וועלט און פון זייאיר ביזארגט זיין פאר אונס און זייאיר ליבשאפט מיט וועלכים זייא האבין אויף אונס השגחה גיגעבין און האבין איביר אונזירי קינדהייט גיוואכט; זונדירן ווייל ער זעלבירט האט דיא ביציהונג צווישין עלטירין און קינדיר איינע אקייגין דיא אנדירי מיסד גיוועזין און דיא ליבשאפט פון עלטירין

און

און דעם חיוב פון קינדער, האט ער איינגעשטעלט פאר איין תחבולה, וועלכע עס זאל אונזער טובה ברענגען אין דער צייט פון דער וועלט און אין דיא אייביגקייט. דארום איטליכע אמונה, וואס עס איז איהר כוונה, צו מאכען אז עס זאל אום מעגליך זיין יענע געבאטע מקיים צו זיין, מוז ניט נור אקייגען זיין דעם ווילען פון גאט, נייארט זיא איזאויך אקייגען דאס גליקזעליגקייט פון דיא מענשען. און דאס איז איינס פון דיא פיל טעמים, וואס וועגען דעם גלויבען מיר, אז דאס יודישקייט איז פאלש. דיא אמונה פון דער תורה שבע״פ איז פשוט מכוון דאס בכבוד האלטען פון איין זון צו זיין מוטיר צו פערקלענערען. מיר ווילען דער מיט ניט זאגען, אז דיא יודישע זין פעראכטען אין דער מדינה אודיר אין איין אנדיר קריסטליכע מדינה ווירקליך זייערע מוטירס; דאס קריסטענטוהם וואס עס איז אין דער זעלביגער צייט פערהאנדען מוז דיא רבנישע יסודות אקייגען גיין אז עס זאל ניט אזו געהאלטען ווערען. נור מיר ווילען בעווייזען דעם נאטירליכען פועל יוצא וואס עס וואלט מוזען דער פון ארויס קומען, ווען עס וואלט ניט געוועזען קיין מאכט וואס זאל עס שטערען. דיא פעראכטונג, מיט וועלכער דיא תורה שבע״פ בעהאנדעלט דיא ווייבער בכלל, און דיא אויף פרישונג, וועלכעס עס מאכט צו דיא פיל ווייבערייא, ברענגט נאטירליך ארויס, אז דיא ווייבער ווערען פעראכטעט אזו גוט אין דיא אויגען פון זייערע מענער וויא אויך פון זייערע זין. שטייגען שטייגט דיא דאזיגע כוונה נאך, דורך דיא רבנישע לערנונג פון דיא דינים פון גיטען, וואס מיט דער בעטראכטונג ווילען מיר זיך איצונד בעשעפטיגען. דיא תורת משה דערלויבט דיא שיידונג (גיטן) ביי געוויסע אופנים. עס זאגט: „ווען איין מאן וועט נעהמען איין ווייב און ער וועט זיא בעמאנען און עס וועט זיין, ווען זיא וועט ניט געפינען גינאד אין זיינע אויגען, דען ער האט געפונען אן איהר איינע שענדליכע זאך, (ערות דבר) אזו זאל ער שרייבען צו איהר איין בריף פון פערשניידונג, און ער זאל עס געבען אין איהרע האנד, און ער זאל זיא אוועק שיקען פון זיין הויז.“ (דברים כ״ד, פסוק א׳) דיא דאזיגע דערלויבניש אבער, וואס עס איז נור ביי דיא ערנסטע אין וויכטיגסטע אופנים דערלויבט, האבען דיא רבנים אין דער ווילדעסטער פרייהייט פערקעהרט, אזו אז עס קאן זיך איטליכער פאר דאס קלענסטע זאך פון זיין ווייב לאזין שיידען – וויא עס איז צו זעהן פון דער שטעלע:

ב״ש אומרים לא יגרש אדם את אשתו אלא א״כ מצא בה ערות דבר דרושי לקרא כפשטיה אם לא תמצא חן בעיניו לפי שמצא בה ערות דבר

קְרִיפְּטִין שְׁטֶעהְט זָאל עֶר אַרוֹים וַוייזִין, כדי דָאס צוּ בִּיהוּיפְּטִין, פוּן וֶועלְכִיר וַוארְהַייט עֶר אִיז אִיבִּיר צַייגְט. אוּן אִיז עֶס וואוֹהל גֶייטִיג, אָן דֶער צרה צוּ דִירְמָאנִין, וֶועלְכִים דִיא דָאזִיגִי רַבָּנִישִׁי לֶערְנוּנְגִין בְּרֶענְגִין נָאךְ אִיצוּנְד אַרוֹים אִין אַלִי טְהֵיילִין פוּן דֶער וֶועלְט? אַזוֹ גוּט דָא וִויא אִין אַנְדִירִי לֶענְדִיר זֶענִין פִיל יוּדִין פֶערְהַאנְדִין, דִיא וָואס לַיידִין אוּנְטִיר זֵייאִיר בִּידְרִיקִינִיש. אִין אַנְדִירִי שְׁטֶעט וואוּנְט נור אֵיינִי אֵיינְצִיגִי יוּדִישִׁי פַאמִילְיֶע, עַל פִּי רוֹב אָרִים, אוּן דֶער פָּאטִיר פוּן דֶער פַאמִילְיֶע אִיז מִיט דָאס רַבָּנִישִׁי שֶׁעכְט קוּנְסְט אוּם בִּיקַאנְט. אַזֶעלְכִי מֶענְשִׁין זֶענִין נוּן גִיצְוואוּנְגִין זִיךְ אַיין צוּ הַאלְטִין פוּן פְלֵיישׁ שְׁפַּייזִין, אוֹדִיר זֵייאִיר גִימוּטה פוּן אמונה, צוּ פֶערְדֶערְבִּין. דִיא אָרִימִי יוּדִין וַואנְדִירְן אַרוֹים אִין דִיא קָאלָאנִיֶעס אַרַיין, כדי זִיךְ בִּישֶׁעפְטִיגוּנְג צוּ זוּכִין, זֶענִין אוֹיךְ אִין דֶער זֶעלְבִּיגִיר לַאגִי, אוּן קֶענִין אַזֶעלְכִי שְׁטֶעלִין נִיט אָן גֶעהְמִין, וואוּ זֵייא מוּזִין צוּ זַאמִין זַיין בַּייא דֶעם טִישׁ פוּן זֵייאִיר הֶערִין וָואס גִיבְּט זֵייא צוּ עֶסִין. אפילו וֶוען זֵייא וָואלְטִין זִיךְ אַיין בהמה קוֹיפִין, טָארִין זֵייא עֶס נִיט צוּ זֵייאִיר גִיבְּרוֹיךְ שֶׁעכְטִין, וָוארִין דִיא תּוֹרה שבע״פ זָאגְט:

ישראל שאינו יודע המשה דברים שמפסידין את השחיטה וכיוצא בהן מהלכות שחיטה שבארנו ושחט בינו לבין עצמו אסור לאכול משחיטתו לא הוא ולא אחרים. והרי זו קרובה לספק נבלה והאוכל ממנה כזית מכין אותו מכת מרדות:

„אַיין ישראל וָואס עֶר וֵויים נִיט דִיא פִינְף זַאכִין, וָואס פֶערְדֶערְבִּין דִיא שחיטה, אוּן נָאךְ אַזוֹ אַיין גְלֵייכִין אַנְדִירִי זַאכִין פוּן דינים, פוּן שחיטה, וָואס מִיר הָאבִּין שׁוֹין מפורש גִיוֶועזִין, אוּן עֶר הָאט אַלֵיין גִישָׁאכְטִין אַז קֵיינִיר אִיז נִיט דִירְבַּייא גִיוֶועזִין, אִיז אָסוּר צוּ עֶסִין פוּן זַיין שחיטה, נִיט עֶר טָאר עֶסִין אוּן נִיט אַנְדִירִי, אוּן פַאר וָואר דִיא דָאזִיגִי אִיז קרוב צוּ הַאלְטִין פַאר אֵיין ספק אַז זִיא אִיז אַיין נבלה, אוּן וֶוער עֶס זָאל דֶער פוּן עֶסִין אַזוֹ פִיל וִויא אֵיין אֵיילְבִּירְט אִיז גְרוֹיס (כזית) שְׁלָאגְט מַאן אִיהם מִיט שְׁלֶעג אָן אַיין צָאהל וַוייל עֶר הָאט מוֹרד גִיוֶועזִין.״ (דארטין פרק ד׳) דָאס דָאזִיגִי אִיז דָאס בַּארִימְהֶערְצִיגְקַייט פוּן דֶער תּוֹרה שבע״פ אוּן דָאס דָאזִיגִי אִיז אִיהרִי גִירֶעכְטִיגְקַייט. עֶס בִּישְׁטְרָאפְט דֶער פַאר וָואס מַאן גִינִיסְט דָאס וָואס גָאט הָאט דִירְלוֹיבְּט, מִיט דֶער זֶעלְבִּיגִיר שַׁארְפְקַייט וָואס עֶס וָואלְט בִּישְׁטְרָאפְט פַאר אַיין שְׁוֶוערִי עבירה; עֶס הַארְט זִיא דָאס מִינְדִיסְטִי גָאר נִיט פַאר דִיא גוּזמות אוֹפנים פוּן נוֹיט, וָואס מִיר הָאבִּין אוֹיבִּין דֶערְמָאנְט. אוֹיב אֵיינִיר פוּן אִיהרִי אַנְהֶענְגִיר הָאט נַאהרוּנְג אוֹדִיר נִיט,

וועדר

ווערד גאר קיין השגחה דירויף ניט גיגעבין . אן בירעכנקין און אן שום באַרימהערציגקייט איז איהר פסק איטליכין צו שלאגין , דער וואס עסט פלייש פון אזו איין בהמה וואס עס איז ניט נאך דעם רבנישין אופן גישאכטין גיווארין . פון דעסטוועגין קאנין מיר נור זעהין פון דער אכזריות , וועלכי פעולות האט עס גימאכט אויף דיא גימיטהיר פון דיא וואס ביקענין זיך דער צו ? עס לערינט זייא , אז דאס עובר זיין בלוז דאס דאזיגי מענשליכי מנהג איז איין פיל גרעסירי זינד , וויא דאס וואס מאן זאל ניט אכטין , אויף דאס וואס גאט האט גיבאטין . איין רבנישיר יוד וועט זיך מעהר מצער זיין , ווען ער זאל הערין , אז זיין זון זאל האבין עובר גיוועזין אויף דיא דינים פון שחיטה , וויא ווען ער וואלט גיפונין אז דער זון האט איין ליגין גיזאגט . דיא כוונה פון דער תורה שבע"פ איז פראסטא , דאס גימיטה פון דער וויכטיגיר זאך פון דער תורה , פון גירעכטיגקייט און באַרימהערציגקייט אב צו ציהין , און דיא פראסטאקים מיט חניפה איין צו ריידין , אז זייא זענין גוטי יודין , דער מיט וואס זייא עסין ניט דאס פלייש פון אזו איין בהמה . וועלכי עס איז ניט גישאכטין גיווארין נאך דעם רבנישין דין .

עס דארף אביר קיין יוד ניט מיינין אז מיר ווילין איהם אנריידין , מיט קלות דיא תורת משה עובר צו זיין , אודיר דאס יעניגי צו עסין וואס אין דער תורה פון גאט איז פערבאטין ; ווארין מיר ריידין דא פון דעם וואס משה האט דירלויבט . ווען איין יוד האט גיזעהין וויא מאן איז מקריב פלייש פאר דער עבודה זרה , ווען ער וועט גירופין ווערין דערצו , אז ער זאל אין איין אבגאטישין פייאיר טאג איין טהייל האבין , דען זאל ער זיך דירפון מרחיק זיין , דען זאל ער עס ניט טהון און אזו שטארק וויא ער וויל און קאן נור זאל ער אייביג אקייגין דאס זינדיגסטי פון אזעלכי מעשות שטרייטין . אביר וואו פאר זאגט משה דיא ארימי אז זייא טארין ניט גיניסין דאס עסין פון איין גוי דער וואס דינט און איז מתפלל צו דעם אמתין גאט ? פאר וואהר גיוויס ניט אין דעם ארט , פון וועלכין די תורה שבע"פ ברענגט פאר איין ביוייז . משה גיבט איטליכין ישראל גאר אן איין אוים נאהמי דיא דירלויבניש , צו שעכטין און צו עסין ; ווארין ער זאגט : „נייארט נאך איטליכי גלוסטונג נאך פון דיינע זייל זאלסטו עסין פלייש נאך דיא בענשונג נאך פון יהוה דיין אלהים וואס ער האט גיגעבין צו דיר אין אלי דייני טוירין. (דברים י"ב, פסוק ט"ו.) ער דירמאנט קיין שום אופן פון סודות , דיא וואס זאל מיט דער מלאכה פון שעכטין פערבונדין זיין ,

אַז דָאס נִיט אַזוֹ גוּט קֶענֶין , זָאל צוּ דֶער מעשה שׁוֹין פסול זַיין . וָוארוּם זָאל אַיין יוּד נִיט צוּ גִילָאזִין וֶוערִין דָאס צוּ טָהוּן , וָואס משה הָאט אִיהם דִירְלוֹיבְּט ? וָוארוּם זָאל עֶר בַּארְפִין גִישְׁלָאגִין וֶוערִין מִיט שְׁלֶעג פוּן מכות מרדות , אוֹדִיר וָוארוּם זָאל עֶר לפחות מודה זַיין אַז עֶר הָאט דִיא דָאזִיגִי שְׁטְרָאף פֶערְדִינְט ? וָוארוּם זָאל עֶר אִיבִּיר הוֹיפְּט דִירפַּאר נָאךְ גִיַאגְט וֶוערִין וָואס דֶער דרךְ הטבע אִיז אוּן הָאט זִיךְ בִּימִיהט זַיין פַּאמִילְיע פוּן נוֹיט אַרוֹיס צוּ הֶעלְפִין ? עֶס אִיז דָא נִיט פֶערְהַאנְדִין אַזוֹ פִיל פְּלַאץ , וַוייט לֵייפְּטִיג נָאךְ צוּ וַוייזִין , דִיא גְרוּנְד לוֹזִיגְקַייט פוּן דִיא רבנישׁי גִיבָּאטִי ; אָבִּיר דָאס אֵיינִי בַּייא שְׁפִּיל וָואס אִיז גִיוִויזִין פוּן זֵייאִירִי אבזריות אוּן פוּן זֵייאִיר דְרִיקִין אַקֵייגִין דִיא אָרִימִי אִיז שׁוֹין גִינוּג , אוּם צוּ וַוייזִין , אַז זֵייא קוּמִין נִיט פוּן גָ א ט ט . צִיא קָאן דֶען אַיין פֶערְשְׁטֶענְדִיגִיר מֶענְשׁ גְלוֹיבִּין , אַז גָאטט וֶועט אוֹיף אַיין אָרִימִין פֶערְהוּנְגִירְטִין נפש גוזר זַיין , אוּם בַּארִימְהֶערְצִיגִי שְׁלֶעג , וַוייל עֶר הָאט דָאס גִיטָהוּן , וָואס דִיא וֶוערְטִיר פוּן דֶער תורה דִירְלוֹיבִּין עֶס אִיהם צוּ טָהוּן ? אוֹדִיר אַז דָאס וֶועזִין וָואס אִיז דִיא חכמה אִיבִּיר אַלִי חכמות , וֶועלְכִים עֶס זֶעהִיט אוּן וֵויים אַלְץ פָאר אוֹיס , וֶועט גֶעבִּין אַיין דת מִיט דִינִים פוּן עֶסִין שְׁפַּייזִין , וֶועלְכִים מוּז בְּרֶענְגִין אַיין גְרוֹיסִין טְהֵייל פוּן זַיין אוֹיס דִירְוֵוילְט פָאלְק צוּ הוּנְגִיר אוּן נוֹיט ? דִיא וָואס בֶּעטִין צוּ אַלִירְלֵייא הֵיידִישִׁי גֶעטִיר וָואלְטִין טַאקִישׁ גִיקֶענְט דֶער צוּ פֶער פִיהְרְט וֶוערִין , אַזוֹ דֶערְגְלַייכִין זַאכִין צוּ גְלוֹיבִּין , אָבִּיר דִיא וָואס הַאלְטִין מִיט משה אוּן דִיא נביאים וֵוייסִין , אַז גָאט אִיז אַיין גָאט פוּן דִירְבַּארִימוּנְג – דְרוּם לָאז דָאךְ אִיטְלִיכִיר דֶער וָואס הָאט דִיא הֵיילִיגִי ספרים פוּן תנ"ך , דִיא לֶערְנוּנְג פוּן זֵייא אַקֵייגִין הַאלְטִין אַקֵייגִין דִיא רבנישׁי לֶערְנוּנְג ; קודם כל אָבִּיר , לָאזִין נוּר דִיא יֶענִיגִי יוּדִין , וֶועלְכִי עֶס הָאבִּין דִיא רבנישׁי דינים פוּן שֶׁעכְטִין פֶערְוָוארְפִין , אַרוֹיס וַוייזִין , אַז זֵייא הָאבִּין עֶס נִיט גִיטָהוּן מחמת קלות אוֹדִיר וַוייל עֶס גִילְט זֵייא דִיא זַאךְ גָאר גְלַייךְ , נַייאִירְט אַז זֵייא הָאבִּין עֶס מחמת גְרוּנְדְלִיכִי טעמים גִיטָהוּן , לָאזִין זֵייא זֵייאִירִי בְּרִידִיר דִיא טעמים אוּן בִּיוֶועג גְרוּנְדִין אַיין וַוייזִין פוּן וֶועלְכִי זֵייא זֶענִין גִיפִיהְרְט גִיוָוארִין , לסוף לָאזִין זֵייא דוּרְךְ וֶוערְטִיר אוּן מעשים אַזֶעלְכִי אוּנְטִירְדְרִיקוּנְג אוּן שְׁרֶעקְלִיכִי אכזריות וָואס עֶס אִיז נִיט צוּ דֶערְלַיידִין זִיךְ אַקֵייגִין שְׁטֶעלִין .–

# נתיבות עולם

עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז

דיא אלטי שטעגין.

## נומר ג׳

דיא דאזיגי צייט אין יאהר*) ציהט אונזירי גידאנקין אב, פון דעם ענין, ארום וואס מיר האבין צום לעצטין גישמועהיסט, און דירמאנט אונס אן דעם גרויסין אונטירשייד צווישין יודין און קריסטין. דיא קריסטין גרייטין זיך אן איצונד, צו האלטין דאס גידעכטיניש וואס דער משיח איז גיבוירין גיווארין. דיא שטים פון לויבין און דאנקין געהיט ארויף פון אלי חלקים פון דער וועלט, צו דעם בישעפיר און דערהאלטיר פון דיא מענשין. אויף דעם בארטין פון דעם אייז מעער (ים הקרח) פון לאבראדאר, און אין דעם גלייכין טאהל פון אינדיען, אויף דיא אינזלען פון ים, און אויף דעם פעסטין לאנד פון דער אלטיר און נייאיר וועלט (אמעריקא) הייבין אויף מיליאנין קריסטין זייארי הענד און זייאיר שטים, אום דעם גאט פון הימיל צו דאנקין, פאר זיין גוטי מתנה וואס מאן קאן עס גאר ניט גינוג אויס שפרעכין, און דאס איז דער הויפט פסוק פון זייאיר לויב גיזאנג: „ווארין איין קינד איז צו אונס גיבוירין, איין זון איז צו אונס גיגעבין, און דיא הערשאפט איז אויף זייני אקסיל, און ער האט גירופין זיין נאמין וואונדירליך, ראטה געביר, שטארקיר גאט, פאטיר פון דיא אייביגקייט, פירשט פון פרידין.״ (ישעיה ט׳, פסוק ה׳) אביר צווישין דיא וואס גייהין דיא תורה שבע״פ נאך, ווערד קיין שום שטים פון איין מיט גיפיהל ניט גיהערט; ניט איין איינציגים הערץ קלאפט פאר פרייד, קיין צונג גיבט דיא ביצאהלונג פון דאנק ניט אב. דער דאזיגיר גרויסיר אונטירשייד זאל על פי יושר יודין און קריסטין צום חוקר ודורש זיין פיהרין, ווער פון ביידין האט וואוהל רעכט, אויב דיא יעניגי, וועלכי עס גלויבין, אז דער משיח איז שוין גיבוירין גיווארין, און פרייהין זיך אין דעם זכרון פון דער דאזיגיר גיבורט, אודיר דיא יעניגי, וועלכי עס ווילין קיין חלק ניט האבין אין דעם דאזיגין כלל פרייד, ווייל זייא לייקינין עס אז דער ערלייזיר איז שוין גיקומין. דיא שאלה דירבייא

איז

*) דאס איז גישריבין גיווארין אין דער צייט פון דעם קריסטליכין יו״ט ווייהנאכט אויף דעם זכרון וואס דער משיח איז גיבוירין גיווארין.

איז: ציא איז פער האנדין איין יסוד, צו גלויבין, אז דער משיח איז שוין פאר אכטצעהין הונדירט יאהר גיבוירין גיוואָרין, אודיר ניט? און דיא דאזיגי שאלה קאן אויף אלירלייא אופנים גיענטווירט ווערין אז מאן זאל צו פרידין זיין. מאן קאן זיך ענטוויר אויף די נבואות פון אלטין טעסטאמענט (תנ"ך) בירופין, אודיר דאס צייגניש פון דיא קריסטליכי שריפטין ברענגין; אודיר מאן קאן ביווייזין, אז דיא יודישי רבנים האבין בפירוש גיזאגט, אז דיא צייט פון דיא גיבורט און דאס קומין פון דעם משיח איז שוין לאנג פערבייא גיגאנגין. דעם דאזיגין לעצטירין אופן ווילין מיר איצונד אוים דערוויילין. דיא היינטיגי יודין לייקנין עס, אז דער משיח איז שוין גיקומין, און גלובין, אז דיא קריסטין זענין אום וועגין דער צייט פון זיין קומין אין תעות. ווען זייא וואלטין איביג אזו גיזאגט – און ווען זייא וואלטין איביג גיהאט איין צייט אויף דאס קומין פון דעם משיח ביצייכינט, וואס עס וואלט אפשר גיענדירט גיוועזין פון דער יעניגיר צייט וועלכי דיא קריסטין זעצין דיא גיבורט פון דעם משיח, אזו וואלט זייאירי איצונדיגי ביהויפטונג וועניגסטינס דעם פער דינסט גיהאט אז זייא זאלין אין זייאיר דעה גישטארקט זיין אז ער איז נאך ניט גיקומין, און דיא היינטיגי יודין וואלטין מיט רעכט קענין ביהויפטין, אז זייאיר איצונדיגיר גלויבין איז זייא פון זייאירי עלטירין וואס זענין פאר זייא גיוועזין בירושה גיקומין, און אז דיא קריסטין האבין איין מיינונג אנגינומין, וואס דעם פאלק איז גאר אום ביקאנט גיוועזין. ווען עס זאל זיך אביר ארוים ווייזין אז דיא ערשטי יודין האבין פונקט צו דער זעלביגיר צייט דאס קומין פון משיח דער וואַרטיט, אין וועלכיר ער איז טאקיש נאך דער ביהויפטונג נאך פון דיא קריסטין באמת גיקומין, דען גיבין דיא ערשטי יודין הער דורך דאס ביצייגניש, אז דיא קריסטין האבין רעכט, אביר דיא נייאי יודין האבין אום רעכט. און דאס דאזיגי איז טאקיש באמת אזו: ערשטליך איז אין תלמוד (גמרא) פערהאנדין איין דירקלערונג בכלל אז דיא צייט (פון דאס קומין פון דעם משיח) איז שוין לאנג פערבייא גיגאנגין:

### אמר רב כלו כל הקצין:

„רב זאגט: אלי אנגיגעבני צייטין ווען דער קץ זאל זיין, איז שוין לאנג פערבייא גיגאנגין," (סנהדרין דף צ"ז, עמוד ב') וואס דירבייא איז אן צו מערקין, אז דאס ווארט ק ץ איז פון ד נ י א ל ארוים גינומין און בידייט בפירוש „ענדי" וויא אין דער דאזיגיר שטעלי:

### עד מתי קץ הפלאות:

ווען

„וֶוען זָאל עֶס דֶען אַיין עֶנְדִי זַיין מִיט אַזֶעלְכִי וואוּנְדִיר ? (דניאל י״ב פסוק ו׳) אוּן אִין אֵיין אַנְדִיר פסוק :

ואתה לך לקץ ותנוח ותעמוד לגורלך לקץ הימין :

„אוּן דוּ אָבִּיר גֶייא אַהִין בִּיז דָאס עֶנְדִי וֶועט קוּמִין, אוּן רוּהִי, אוּן זָאלְסְט אוֹיף שְׁטֵייהִין אִין דַיין טְהֵייל (גורל) אִין דֶעם עֶנְד פוּן דִיא טֶעג." (דָארְטִין, י״ג) מֵילָא רב אִיז אִין דֶער מֵיינוּנְג גִיוֶועזִין, אַז דִיא בִּיצֵייכִינְטִי צַייט פוּן דֶעם נביא דניאל אִיז שׁוֹין אַרִיבִּיר. אִיז דָאס אָבִּיר מִיגְלִיךְ צוּ גְלוֹיבִּין, אַז דֶער גָאט פוּן וַוארְהַייט, וֶועט דִיא צַייט וֶועלְכִי עֶר הָאט בִּישְׁטִימְט לָאזִין אַרִיבִּיר גֵייהִין, אָן דָאס צוּ דֶערְפִיהְלִין, וָואס עֶר הָאט צוּ גִיזָאגְט ? בשעת דִיא צַייט, וֶועלְכִי גָאט הָאט פֶעסְט גִיזֶעצְט צוּ דִיא דֶערְלֵייזוּנְג פוּן דֶער קְנֶעכְטְשַׁאפְט פוּן מצרים אִיז גִיקוּמִין, אִיז נִיט פֶער גַאנְגִין אֵיין אֵיינְצִיגִיר טָאג בִּיז דָאס אִיז וִוירְקְלִיךְ גִישֶׁעהִין : אוּן עֶס אִיז גִיוֶועזִין נָאךְ דֶעם עֶנְד מִקֵץ פוּן דְרַייסִיג יָאהר אוּן פִיר הוּנְדִירְט יָאהר, אוּן עֶס אִיז גִיוֶועזִין אִין דֶעם גֶעמְלִיכִין דָאזִיגִין טָאג, בעצם היום הזה, זֶענִין אַרוֹיס גִיגַאנְגִין אַלִי הִירְשָׁארִין פוּן יהוה פוּן דֶעם לַאנְד מצרים." (שמות י״ב, פסוק מ״א) בשעת דִיא בִּישְׁטִימְטִי צַייט פוּן דָאס צוּרִיק קֶעהרוּנְג פוּן גלות בבל אִיז גִיקוּמִין לֶערְנִין מִיר : „אוּן אִין דֶעם עֶרְשְׁטִין יָאהר פוּן כ ו ר ש דֶעם קֶינִיג פוּן פרס — צוּם דֶערְפִיהְלְט וֶוערִין דָאס וָוארְט פוּן יהוה דוּרְךְ דָאס מוֹיל פוּן ירמיהו — הָאט יהוה דֶערְוֶועקְט דָאס גִימִיטה פוּן כורש דֶעם קֶינִיג פוּן פרס, אוּן עֶר הָאט גִימַאכְט אִיבִּיר פָארִין אַיין שְׁטִים אִין זַיין גַאנְצִי קֶינִיגְרַייךְ וגו׳." (דברי הימים ב׳ ל״ו פסוק כ״ב) קֶענִין מִיר אִיצוּנְד גְלוֹיבִּין, אַז דֶער הַאר גָאט, דֶער וָואס הָאט בַּייא דִיא דָאזִיגִי גִילֶעגֶענְהַייטִין זַיין וָוארְט אַזוֹ מִיט גִינָאד דֶערְפִילְט, זָאל עֶר זַיין וָוארְט פוּן דָאס קוּמִין פוּן דֶעם משיח בְּרֶעכִין ? ר ב הָאט עֶנְטְוִויר רֶעכְט אוֹדִיר אוּם רֶעכְט. הָאט עֶר רֶעכְט, דֶען אִיז דִיא פֶעסְטְגִיזֶעצְטִי צַייט פוּן גָאט וֶוען דֶער משיח הָאט גִיזָאלְט קוּמִין, שׁוֹין לַאנְג אַרִיבִּיר גִיגַאנְגִין, אוּן ווייל גָאט קָאן זַיין וָוארְט נִיט בְּרֶעכִין, אַזוֹ מוּז דֶער משיח שׁוֹין לַאנְג גִיקוּמִין זַיין. וֶוען אָבִּיר דִיא רבנים, כדי זִיךְ פוּן אַיין פֶערְלֶעגֶענְהַייט מציל צוּ זַיין, זָאגִין זֵייא, אַז ר ב הָאט אוּם רֶעכְט, דֶען הָאבִּין מִיר וִוידִיר אַיין בִּיוַוייז אַז מַאן קָאן זִיךְ אוֹיף דֶער קְרַאפְט פוּן דֶער תורה שבע״פ נִיט פֶערְלָאזִין, ווייל מִיר זֶעהִין דֶער פוּן אַז דִיא רבנים זֶעלְבִּירְט גִיבִּין אִיהר נוּר אִין אַזוֹ וַוייט דָאס נאמנות, וִויא עֶס פֶערְאֵיינִיגְט זִיךְ מִיט זֵייאִירִי כוונות, אוּן אַז עֶס אִיז זֵייא אִיבִּירְהוֹיפְּט מִיט זֵייאִיר דת גָאר קֵיין עֶרִינְסְט נִיט.

צְווייטִינְס אָבֶּער, גְלוֹיבֶּען דִיא עֶרְשְׁטֶע יוּדֶען נִיט נוּר בכלל, אַז דִיא צַייט פוּן דָאס קוּמֶען פוּן משיח אִיז שׁוֹין אַרִיבֶּער, נַייאֶרְט זֵייא בֶּעשְׁטִימֶען אוֹיךְ נָאךְ אפילוּ דִיא דָאזִיגֶע צַייט גַאנְץ גֶענוֹיא. אַזוֹי שְׁטֵייהְט עֶס קוּרְץ פַאר דֶעם אוֹיבֶּען גֶעבְּרַאכְטֶען שְׁטִיק:

תנא דבי אליהו ששה אלפים שני הוי עלמא שני אלפים תהו שני אלפים תורה שני אלפים ימות המשיח:

„דִיא בית המדרש לַייט פוּן אליהו הָאבֶּען גֶעלֶערִינְט, אַז דִיא וֶועלְט בְּרוֹיךְ צוּ שְׁטֵייהֶען זֶעקְס טוֹיזֶענְד יָאהר. צְוֵוייא טוֹיזֶענְד זָאל זִיא ווִיסְט זַיין, צְוֵוייא טוֹיזֶענְד זָאל דִיא תורה הֶערְשֶׁען, אוּן צְוֵוייא טוֹיזֶענְד זָאלֶען דִי טֶעג פוּן משיח דוֹיאֶערֶען (סנהדרין דף צ״ז, עמוד א׳) וָואס דִירוֹיף זָאגְט רש״י:

שלאחר שני אלפים תורה הוה דינא שיבא משיח ותכלה מלכות הרשעה ויבטל השיעבוד מישראל:

„וָוארֶען נָאךְ צְוֵוייא טוֹיזֶענְד יָאהר וָואס דִיא תורה זָאל הֶערְשֶׁען, אִיז דָאס רֶעכְט אַז משיח זָאל קוּמֶען, אוּן עֶס זָאל פֶערְלֶענְדִיט וֶוערֶען דָאס קֶענִיגְרַייךְ פוּן בֵּייז, אוּן עֶס זָאל בטול וֶוערֶען דִיא קְנֶעכְטְשַׁאפְט פוּן ישראל.״ מֵילָא דָא וֶוערְד בפירוש גֶעזָאגְט, אַז צוּם סוֹף פוּן דֶעם פִירְטֶען טוֹיזֶענְד יָאהר, דָאס הֵייסְט, נָאךְ דֶעם יוּדִישֶׁען רֶעכְנוּנְג פוּן יָאהרֶען, פַאר זֶעכְצֶעהֶען הוּנְדֶערְט אוּן אֵיין יָאהר, אוֹדֶער נָאךְ דֶעם קְרִיסְטְלִיכֶען רֶעכְנוּנְג, לֶערךְ פַאר אַכְצֶעהֶען הוּנְדֶערְט אוּן אֵיין אוּן פִירְצִיג יָאהר, דָאס הֵייסְט, גְרָאד פּוּנְקְט אִין דֶער צַייט, ווִיא ישוע המשיח אִיז טַאקִיש באמת גֶעקוּמֶען. מִיר בְּרֶענְגֶען דִיא דָאזִיגֶע קבלה אַהֶער, נִיט ווַייל מִיר גְלוֹיבֶּען, אַז זִיא אִיז ווִירְקְלִיךְ אֵיין קבלה פוּן דֶעם בית המדרש פוּן א ל י ה ו, נַייאֶרְט אוּם צוּ ווַייזֶען, אִין וָואס פַאר אַיין מֵיינוּנְג זֶענֶען דִיא עֶרְשְׁטֶע יוּדֶען גֶעוֶועזֶען, אוּן דָאס דָאזִיגֶע אִיז בפירוש דֶער פוּן צוּ זֶעהֶען. וֶוען דֶער כלל דֶערְוַוארְטוּנְג פוּן דִיא דֶענְקְמָאלִיגֶע יוּדֶען וָואלְט נִיט דֶערוֹיף גֶעוֶועזֶען, אַז דֶער משיח וֶועט צוּם סוֹף פוּן דֶעם פִירְטֶען טוֹיזֶענְד יָאהר קוּמֶען, אַזוֹי וָואלְט יֶענֶע קבלה, זִיא מֶעג זִיךְ אמת אוֹדֶער אוֹיס גֶעטְרַאכְט זַיין, קֵיין מָאהל נִיט אוֹיס גֶעבְּרֵייטֶערְט אוּן נִיט גֶעגְלוֹיבְּט גֶעוָוארֶען. אִיז דִיא קבלה עֶכְט, טַאקִיש פוּן א ל י ה ו, דֶען אִיז שׁוֹין דֶער משיח גֶעווִיס גֶעקוּמֶען; אִיז זִיא אָבֶּער אוֹיס גֶעטְרַאכְט, דֶען ווַייזְט זִיא. וֶוענִיגְסְטֶענְס דֶעם כלל אמונה פוּן דִיא דֶענְקְמָאלִיגֶע יוּדֶען, אוּן בֶּעוַוייזְט אִין אִיטְלִיכֶען פַאל, אַז דִיא נַייאֶערֶע יוּדֶען הַאלְטֶען נִיט דִיא לֶערְנוּנְג פוּן זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערֶען, נַייאֶרְט זֵייא זֶענֶען אָנְגֶעהַאנְגֶען אָן אֵיינֶע נַייאֶע לֶערְנוּנְג וָואס זֵייא מַאכֶען זִיךְ זֶעלְבֶּערְט. זִיא ווַייזְט ווִידֶער אַז דִיא קְרִיסְטֶען טְרַאכְטֶען

זיך

זיך ניט אויס איין נייאי אייגיני הוה אמינא פון וועגין דער צייט פון דאס קומין פון דעם משיח, נייארט אז זייא גלויבין דאס, וואס דיא פארצייטיגי יודין האבין גיגלויבט, אז דאס ענדי פון דעם פירטין טויזינד יאהר איז דיא ריכטיגי צייט גיוועזין פון דאס אן קומין פון דעם משיח. דאס איינציגי אבוועגדונג, וואס דיא יודין האבין, איז, אז באשר דיא הבטחה פון דאס קומין פון משיח האט זיך גיוועגד אן דעם, אויב זייא זאלין תשובה טהון; נור דער דאזיגיר אבשפאר איז אין דער גמרא זעלבירט, ווייל דאס שטרייט אקייגין דיא היילינגי שריפט, שון לאנג אב גיוועגד גיוואַרין, און אפילו אין דעם דאזיגין שטיק:

רבי אליעזר אומר אם ישראל עושין תשובה נגאלין ואם לאו אינן נגאלין א"ל ר' יהושע אם אין עושין תשובה אינן נגאלין אלא הקב"ה מעמיד להן מלך שגזרותיו קשות כהמן וישראל עושין תשובה ומחזירן למוטב: תניא אידך ר' אלעזר אומר אם ישראל עושין תשובה נגאלין. שנאמר שובו בנים שובבים ארפא משובותיכם אמר לו ר' יהושע והלא כבר נאמר חנם נמכרתם ולא בכסף תגאלו חנם נמכרתם בעבודה זרה ולא בכסף תגאלו לא בתשובה ומעשים טובים אמר לו ר' אליעזר לר' יהושע והלא כבר נאמר שובו אלי ואשובה אליכם א"ל ר' יהושע והלא כבר נאמר כי אנכי בעלתי בכם ולקחתי אתכם אחד מעיר ושנים ממשפחה והבאתי אתכם ציון אמר לו ר' אליעזר והלא כבר נאמר בשובה ובנחת הושעון אמר לו ר' יהושע לר' אליעזר והלא כבר נאמר כה אמר י"י גואל ישראל וקדושו לבזה נפש למתעב גוי לעבד מושלים מלכים יראו וקמו שרים וישתחוו אמר לו ר' אליעזר והלא כבר נאמר אם תשוב ישראל אלי תשוב אמר לו ר' יהושע והלא כבר נאמר ואשמע את האיש לבוש הבדים אשר ממעל למימי היאור וירם ימינו ושמאלו אל השמים וישבע בחי עולם כי למועד מועדים וחצי וכבלות נפץ יד עם קדוש תכלינה כל אלה וגו'. ושתק ר' אליעזר:

„ר' אליעזר זאגט: ווען דיא ישראל וועלין תשובה טהון, וועלין זייא דערלייזט ווערין, און אויב ניט, וועלין זייא ניט דערלייזט ווערין, האט ר' יהושע צו איהם גיזאגט: ווען זייא וועלין קיין תשובה ניט טהון וועלין זייא טאקיש ניט אויס גילייזט ווערין: נור הקב"ה וועט אויף שטעלין איין קיניג וואס זייני גזרות וועלין אזו שווער זיין וויא דיא וואס פון המן, און דען וועלין דיא ישראל תשובה טהון, און ער וועט זייא ווידיר אומקעהרין צום גוטין. אנדירי האבין גילערנט: אז ר' אליעזר זאגט, אויב דיא ישראל וועלין תשובה טהון, וועלין זייא אויס גילייזט ווערין: וואָרין עס שטייט אין פסוק: „טהוט תשובה איהר אבגיקעהרטי קינדיר וואָרין איך וויל אייערי אב גיקעהרטקייט היילין!" האט ר' יהושע אב

גִיעֶנְטְווִירְט און הָאט גִיזָאגְט: אִיז דֶען שׁוֹין לַאנְג נִיט גִיזָאגְט גִיוָוארִין: „אוּמְזוּנְסְט זֶענְט אִיהר פֶערְקוֹיפְט גִיוָוארִין, און אָן גֶעלְד זָאלְט אִיהר דֶערְלֵייזְט וֶוערִין" (ישעיה נ"ב, פסוק ג') „אוּמְזוּנְסְטט זֶענְט אִיהר פֶערְקוֹיפְט" הֵייסְט: פַאר ע"ז דִינְסְט, און „נִיט פַאר גֶעלְד וֶועט אִיהר דֶערְלֵייזְט וֶוערִין" הֵייסְט: נִיט פַאר תשובה און מעשים טובים? הָאט ר' אליעזר גִיעֶנְטְווִירְט צוּ ר' יהושע אָבִּיר עֶס שְׁטֵייט אוֹיךְ גִישְׁרִיבְּן: „קֶעהְרְט אַייךְ צוּ מִיר, אַזוֹ וִויל אִיךְ מִיךְ קֶעהְרִין צוּ אַייךְ." (מלאכי ג', פסוק ז') אַזוֹ הָאט ר' יהושע גִיעֶנְטְווִירְט און הָאט גִיזָאגְט: שְׁטֵייט דֶען אָבִּיר נִיט גִישְׁרִיבְּן: „וָוארִין אִיךְ וִויל אַייךְ בִּימַאנִין און וִויל אַייךְ גֶעהמִין, אַז אֵיינְגִיר זָאל אַיין גַאנְצִי שְׁטָאט פִּיהְרִין און צְווַייא זָאלִין אַיין גַאנְצִי משפחה (לַאנְד) פִּיהְרִין און וִויל אַייךְ בְּרֶענְגִין קֶען ציון" (ירמיה ג', פסוק י"ד)? הָאט ר' אליעזר גִיעֶנְטְווִירְט צוּ אִיהם: אָבִּיר עֶס שְׁטֵייט אוֹיךְ „דוּרְךְ אוּמְקֶעהְרִין (תשובה) און רוּהִיגְקֵייט זָאלְט אִיהר גִיהָאלְפִין וֶוערִין." (ישעיה ל', פסוק ט"ו) דִירוֹיף הָאט ר' יהושע ווִידִיר אָב גִיעֶנְטְווִירְט צוּ ר' אליעזר: שְׁטֵייט אָבִּיר דֶען נִיט גִישְׁרִיבְּן: „אַזוֹ הָאט גִיזָאגְט יהוה דֶער דֶערְלֵייזִיר פוּן ישראל, און זַיין הֵיילִיגִיר, צוּ דֶעם וָואס מֶענְשִׁין פֶערְאַכְטִין, צוּ דֶעם וָואס דָאס פָאלְק פֶערְשְׁמֶעהִיט, צוּ דֶעם קְנֶעכְט פוּן דִיא גִיוֶועלְטִיגִירְס, קֶינִיגִי וֶועלִין זֶעהִין און וֶועלִין אוֹיף שְׁטֵיין, פִירְשְׁטִין, און זַייא וֶועלִין זִיךְ בּוּקִין." (ישעה מ"ט, פסוק ז')? הָאט ר' אליעזר צוּ אִיהם דִירוֹיף גִיעֶנְטְווִירְט: אָבִּיר עֶס אִיז אוֹיךְ גִיזָאגְט גִיוָוארִין: "אוֹיבּ דוּ ישראל, ווִילְסְט אוּמְקֶעהְרִין (תשובה טָהוּן) אַזוֹ קֶעהר אוּם צוּ מִיר." (ירמיה ד', פסוק א') אַזוֹ הָאט ר' יהושע ווִידִיר אָב גִיעֶנְטְווִירְט: שְׁטֵייט דֶען אָבִּיר נִיט גִישְׁרִיבְּן: „און אִיךְ הָאבּ גִיהֶערְט צוּ דֶעם מַאן וָואס אִיז גִיקְלֵיידִיט אִין לַיינִינִי קְלֵיידִיר, דֶער וָואס אִיז אִיבִּיר דִיא וַואסֶער פוּן יאוֹר גִישְׁטַאנְדִין, און עֶר הָאט זַיינִי רֶעכְטִי און לִינְקִי הַאנְד אוֹיף גִיהוֹיבִּין צוּם הִימִיל, און הָאט גִישְׁווָאוֹירִין בַּייא דֶעם וָואס לֶעבְּט אוֹיף אֵייבִּיג, אַז אִין אֵיין צַייט, און עֶטְלִיכִי צַייטִין, און אֵיין הַאלְבֶּע צַייט אַרוּם, און אַז עֶס וֶועט פֶער לֶענְדִיט וֶוערִין דִיא צוּשְׁפְּרֵייטוּנְג פוּן דָאס הֵיילִיגִי פָאלְק זָאל דָאס אַלְץ גִישֶׁעהִין." (דניאל י"ב פסוק ז') און ר' אליעזר הָאט דִירוֹיף גִישְׁווִיגִין," מֵילָא דָא ווַייזְט דִיא גמרא זֶעלְבִּירְט אַז דִיא הוה אמינא, אַז דָאס אָן קוּמִין פוּן משיח זָאל זִיךְ אָן דָאס תשובה טָהוּן פוּן ישראל וֶוענְדִין, אִיז פַאלְשׁ; דְרוּם אִיז עֶס אמת, אַז דֶער משיח הָאט גִימוּזְט אָן אַיין שוּם תנאי אִין דֶער בִּישְׁטִימְטִיר צַייט

קוּמִין

קוּמֶען, און ווייל דיא צייט איז שוין לאנג פערבייא גיגאנגען, מוז ער ווירקליך שוין גיקומען זיין. דאך אבער פערשפארין דיא אלטי רבנים אונס דיא מיהי, פון זייאירי ווערטער צו בארפען ארויס צו דרינגען: זייא זאגען אונס בפירוש, אז דער משיח איז גיבוירין גיווארין אין דער צייט פון חורבן בית המקדש, אין דעם תלמוד ירושלמי, דערציילט אונס ר׳ יהודא דיא מעשה פון איין יודין, דער וואס האט איהם ווירקליך גיזעהין:

עובדא הוה בחד יהודאי דהוה קאים רדי געת תורתיה קומוי. עבר חד ערביי ושמע קלה. א״ל בר יודאי בר יודאי שרי תורך ושרי קנקנך דהא חריב בית מיקדש׳. געת זמן תניינות. א״ל בר יודאי בר יודאי קטיר תוריך וקטור קנקנך דהא יליד מלכא משיחא. א״ל מה שמיה. מנחם. א״ל ומה שם דאבוי א״ל חזקיה. א״ל מן הן הוא. א״ל מן בירת מלכא דבית לחם יהודה:

„עס איז אמאהל גישעהין מיט איין יודין, דער וואס האט זיך דענסמאל מיט אקערין בישעפטיגט, אז זיין אקס וואס איז גיוועזין פאר זיין אקער האט אן גיהויבין צו שרייאין, איינער פון דיא ערביים איז פערבייא גיגאנגען און האט דיא שטים גיהערט. האט ער גירופען צו איהם, און האט גיזאגט, יודיש קינד, יודיש קינד, שפאן אויס דיין אוקס און ווארף אוועק דאס אקערין, ווארין דער בית המקדש איז חרוב גיווארין! האט דער אקס צום אנדירן מאהל גישריגן און דער ערביי האט גירופען: יודיש קינד, יודיש קינד, שפאן דייני אקסין איין און בינד צו דיין אקער, ווארין עס איז גיבורין גיווארין דער קיניג משיח! האט דער יוד גיפרעגט: וויא איז זיין נאמען? מנחם. האט ער ווידיר גיפרעגט: וויא איז דער נאמין פון זיין פאטיר? האט ער גיענטפֿוויר צו איהם: חזקיה, האט ער גיפרעגט פון וואנען איז ער? האט ער צו איהם גיענטפֿוירט: פון דער קיניגליכיר רעזידענץ שטאט פון בית לחם פון יהודה.“ (ברכות דף ה׳, עמוד א׳) דיא דאזיגי דער ציילונג זאגט אונס נאך ווייטיר, אז דער יוד איז דענסמאלט אהין גיגאנגען און האט דאס קינד גיזעהין, אז אבער, בשעת ער איז צום אנדירין מאהל גיקומען, האט דיא מוטיר צו איהם גיזאגט, אז דיא ווינדין האבין דאס קינד אוועק גיטראגין. מיר זענין מוכן ומזומן, גערין דיא דאזיגי מעשה פאר איין אויס גיטראכטין ליגין צו האלטין; אבער מיר האבין עס אויך ניט פון דעסט וועגין אהער גיבראכט, ווייל מיר זאלין אין דעם דאס מינדיסטי גלויבין, זונדרן נור, אום צו ווייזין אז דיא פארצייטיגי יודין זענין דער פון אזו פעסט איבער צייגט גיוועזין, אז דיא רעכטי צייט פון דאס קומין פון משיח איז שוין אריבער, אז דער גלובין, ער איז ווירקליך

גיבורין

גיבוירן געוואָרן האָט בייא זייא גלייך איין איינגאַנג גיפונין. און אויך דער תלמוד בבלי נעהמט עס אָן פאַר איין געוויסי זאַך, וואָס מאַן קאָן דירויף ניט שטרייטין, אַז דער משיח איז שוין גיבוירין געוואָרין – וויא מאַן קאָן עס זעהין פון דער דאָזיגיר דער ציילונג:

ר' יהושע בן לוי אשכחיה לאליהו דהוי קיימי אפיתחא דמערתא דרבי שמעון בן יוחאי א"ל אתינא לעלמא דאתי א"ל אם ירצה האדון הזה אמר ר' יהושע בן לוי שנים ראיתי וקול ג' שמעתי א"ל אימת אתי משיח' א"ל זיל שייליה לדידיה והיכא יתיב אפיתחא דרומי ומאי סימניה יתיב בין עניי סובלי חלאים וכולן שרי ואסירי בחד זמנא איהו שרי חד ואסיר חד אמר דלמא מבעינא דלא איעכב אזל לגביה אמר ליה שלום עליך רבי ומורי אמר ליה שלום עליך בר ליואי אמר ליה לאימת אתי מר א"ל היום:

„ר' יהושע דער זון פון לוי האָט גיפונין אליהו שטייהינדיג בייא דעם איינגאַנג פון דער הייל פון ר' שמעון בן יוחאי, און האָט איהם גיפרעגט: ציא וועל איך קומין אין יעניר וועלט (אין גן עדן)? האָט ער גיענטווירט צו איהם: ווען דער דאָזיגיר האַרר וועט עס וועלין. (האָט ר' יהושע בן לוי גיזאָגט: איך האָב צווייא גיזעהין, און האָב דיא שטים פון דרייא גיהערט.) האָט ער ווייטיר בייא איהם גיפרעגט: ווען וועט דער משיח קומין? האָט איהם אליהו גיענטווירט: גייא אַהין און פרעג בייא איהם זעלבירט. האָט ער בייא איהם דירויף גיפרעגט: וואו איז ער? בייא דיא טוירין פון רום. אָן וואָס איז איהם צו דירקענין? ער זיצט צווישין אָרימי און קראַנקי, וואָס זייא אַלי בינדין אויף איין מאָהל זייאירי וואונדין אויף און דער נאָך בינדין זייא עס ווידיר צו, ער אָביר בינד נור איטיר אייני אויף און פער בינד נור אייני; וואָרין ער דיינקט, תאמר וועט מען מיך פער לאַנגט, און דען בידאַרף איך ניט אויף גיהאַלטין צו ווערין. איז ער צו איהם אַהין גיגאַנגין און האָט צו איהם גיזאָגט: פרידין זאָל מיט דיר זיין מיין רבי און הערר! און ער האָט צו איהם גיענטווירט: פרידין זאָל מיט דיר זיין דו זון פון לוי! האָט דער דאָזיגיר צו איהם גיזאָגט: ווען וועט דער האַר קומין? האָט ער צו איהם גיענטווירט: היינט (אָן גיוויזין אויף דיא ווערטיר פון תהלים: היינט, ווען איהר ווילט אין זיין שטים גיהאָרכין)."
(סנהדרין דף צ"ח עמוד א') מילא דיא דאָזיגי דערציילונג איז בפירוש. איין אויס גיטראַכטי זאַך און איין ביוויז, וויא וועניג דיא דאָזיגי רבנים האָבין אויף דר וואַרהייט השגחה גיגעבין; אָביר זיא ביווייזט טאַקיש פאַר איינם, אַז אַזוי גוט דער יעניגיר, וועלכיר עס האָט זיא אויס גיטראַכט,

וויא

וְויא אוֹיךְ, וֶועלְכֶע עֶס הָאבְּן זִיא פַאר וַוארְהַייט אָן גִינוּמְין, הָאבְּין גִיגְלֵויבְּט, אַז דֶער משיח אִיז גִיבּוֹירְין גִיוֶועזְין אוּן הָאט שׁוֹין דֶערְוַוארְטִיט דִיא גִילֶעגֶנְהַייט, אַפָּאר צוּ טְרֶעטִין צוּ דֶער דֶערְלֵייזוּנְג פוּן ישראל. זִיא בְּישְׁטֶעטִיגְט אפילו באמת דִיא הוה אמינא בכלל, אַז דָאס קוּמְין פוּן דֶעם משיח וֶוענְדִיט זִיךְ אָן דָאס תשובה טהון פוּן ישראל, וַוייל זִיא לָאזְט דֶעם משיח זָאגִין אַז עֶר וֶועט הַיינְט קוּמְין, וֶוען נוּר דִיא ישראל וָואלְטִין אִין זַיינִי שְׁטִים הֶערִין; נוּר אָבִּיר וֶוען דֶער משיח וָואלְט גִיקֶענְט קוּמְין אוּן זַייא דֶערְלֵייזִין, אִין עֶרְגֶינְץ אֵיין טָאג, וֶוען דִיא ישראל טְהוּן תשובה, אַזוֹ מוּז עֶר דָאךְ בגלוי שׁוֹין לַאנְג פְרִיהִיר גִיבּוֹירִין גִיוָוארִין זַיין. דָאס בְּיצַייגִינִישׁ פוּן דִיא פְרִיהִירִיגִי שְׁטֶעלְט דִיא דָאזִיגִי פוּנְקְטִין פֶּעסְט: עֶ ר ְ שְׁ טִ י נְ ס, אַז דִיא צַייט פוּן דָאס קוּמְין פוּן דֶעם משיח אִיז שׁוֹין לַאנְג אַרִיבִּיר גִיגַאנְגִין; צְ וֶ ו י י טִ י נְ ס, אַז דָאס עֶנְד פוּן דֶעם פִירְטִין טוֹזִינְד יָאהר אִיז טַאקִישׁ דִיא בְּישְׁטִימְטִי צַייט דֶער צוּ גִיוֶועזִין; דְ רִ י טִ י נְ ס, אַז עֶר אִיז אִין דֶער דָאזִיגִיר צַייט אִין בית לחם יהודה גִיבּוֹירִין גִיוָוארִין; פִ ירְ טִ י נְ ס, אַז עֶר אִיז אִין גן עדן אוֹיף גִינוּמְין — וַוייל רשׁ"י זָאגְט אַז „בַּיי דִיא טוֹרִין פוּן ר וֹ ם" אִיז גִימֵיינְט דִיא טוֹרִין פוּן גן עדן, וָואס עֶס אִיז אַקֶייגִין רוֹם — אוּן פִ י נְ פְ טִ י נְ ס, אַז עֶר דֶער וַוארְטִיט נוּר דִיא גִילֶעגֶנְהַייט, אוֹיף דֶער דָאזִיגִיר עֶרְד צוּ רִיק צוּ קֶעהרִין, כדי זַיין פָאלְק צוּ דֶערְלֵייזִין. וֶוער זֶעהִיט נוּן נִיט בַּייא דֶעם עֶרְשְׁטִין אָנְבְּלִיק, אַז דָאס אַלְץ שְׁטִימְט אִין גְרוּנְד אֵיין מִיט דֶער קְרִיסְטְלִיכִיר לֶערְנוּנְג? מִיר גְלֵויבִּין, אַז דֶער משיח אִיז צוּם סוֹף פוּן דֶעם פִירְטִין טוֹזִינְד יָאהר גִיבּוֹירִין גִיוָוארִין, אוּן מִיר פְרֵייאִין זִיךְ טַאקִישׁ אִיצוּנְד בַּייא דָאס קוּמְין פוּן דֶעם דֶערְלֵייזִירְס גִיבּוּרְט. דִיא יוּדִין ווִילִין נִיט, אִין אוּנְזִיר פְרֵייד קֵיין חלק הָאבִּין; אָבִּיר וֶוער פוּן אוּנְס הָאט דֶעם שְׁטַארְקִירִין בְּיוַוייז פוּן רֶעכְט? אַז מַאן זָאל גָאר נִיט דֶערְמָאנִין דִיא נבואות אוּן דִיא גִישִׁיכְטְלִיכִי בְּיצַייגִינִישׁ, דִיא וָואס זָאגִין פַאר אוּנְס עדות, הָאבִּין מִיר דָאס זֶעלְבִּיגִי צַייגְנִישׁ פוּן דִיא וָואס זֶענִין אוּנְס אַקֶייגִין, אוּם צוּ בְּיוַוייזִין אַז דָאס רֶעכְט אִיז אוֹיף אוּנְזִיר זַייט. דִיא עֶלְטִיסְטִי רַבָּנִישִׁי גִישְׁרִיפְטִין זֶענִין אַיינְשְׁטִימִיג מוֹדה, אַז דִיא צַייט אִיז פֶער בַּייא גִיגַאנְגִין אוּן דֶער משיח אִיז שׁוֹין לַאנְג גִיבּוֹרִין גִיוָוארִין, אוּן בְּיצַייגְט דֶער מִיט דִיא רִיכְטִיקַייט פוּן אוּנְזִירִין גְלֵויבִּין אִין דֶער זַאךְ פוּן דֶער צַייט פוּן דָאס בְּיוַוייזִין פוּן דֶעם משיח. דִיא קְרִיסְטִין גֶעהִין אָבִּיר נָאךְ וַוייטִיר אוּן גְלֵויבִּין, אַז גָאט הָאט זַיין וָוארְט נִיט גִיבְּרָאכִין, זוֹנְדִירְן זַיינִי הבטחות מקיים גִיוֶועזִין אוּן דַארִיבִּיר פְרֵייהִין מִיר זִיךְ. דִיא יוּדִין גְלוֹבִּין דָאס דָאזִיגִי

נִיט

נִיט, וַוייל דִיא מֵיינוּנג אַז דָאס פָאלְק זָאל בִּיפְרַייהַייט וֶוערִין פוּן דִיא וֶועלְטְלִיכִי צרות, הָאט זִיךְ אִין זֵייא אַזוֹ זֵייעֶר מתגבר גִיוֶועזִין, אַז זֵייא קֶענִין נִיט אַיינְגֶעהִין, אַז עֶס אִיז אַיין אַנְדִירִי וִויכְטִיגִירִי דֶערְלֵייזוּנְג נֵייטִיג גִיוֶועזִין. מִיר ווִילִין עֶס אוֹיףְ קֵיין פַאל נִיט לֵייקְנִין אַז דִיא ישראל וֶועלִין ווִידִיר אִין דָאס צוּ גִיזָאגְטִי לַאנְד אַרַיין גִיזֶעצְט וֶוערִין און אַלִי ברכות וָואס אִין דִיא נביאים אִיז זֵייא צוּ גִיזָאגְט גִיוָוארִין מוּזִין זֵייא בִּיקוּמִין; פִיל מֶעהר גְלוֹיבִּין מִיר פֶעסְט אַז דֶער משיח, וֶועלְכִיר עֶס אִיז גִיקוּמִין אוֹיףְ אַיין קוּרְצִי צַייט אוֹיףְ דֶער דָאזִיגִיר עֶרְד, וֶועט ווִידִיר צוּרִיק קֶעהרִין און דִיא ממשלה וֶועלְכִי עֶס אִיז אַמָאהל דֶער לוֹיבּ פוּן דִיא ישראל גִיוֶועזִין ווִידִיר אַיינְשְׁטֶעלִין, און אפילו טַאקִיש אִין דֶעם אוֹפֶן פוּן הִימְלִישִׁי הֶערְלִיכְקַייט, אַזוֹ ווִיא דִיא ישראל הָאבִּין עֶס נוּר וֶוען אוּנְטִיר אֵיינִים פוּן זֵייאִירִי קֶינִיגִין אַמָאהל גִיזֶעהִין. מִיר ווִינְשִׁין דִיא ישראל פוּן גַאנְצִין הֶערְצִין דָאס גִינִיסוּנְג פוּן אִיטְלִיכִי ברכה וָואס זֵייא אִיז צוּ גִיזָאגְט גִיוָוארִין; אָבִּיר מִיר קֶענִין נִיט פֶערְבַּייא גֵיין זֵייא דִירָאן נִיט צוּ דִירְמָאנִין, אַז דֶער משיח הָאט נָאךְ אַיין אַנְדִירִים און פִיל ווִיכְטִיגִירִים אַמְט, ווִיא דֶער אִיז פוּן דָאס ווִידִיר אַיינְשְׁטֶעלוּנְג דִיא ממשלה פוּן ישראל, און דָאס אִיז, דִיא דֶערְלֵייזוּנְג פוּן דֶעם מֶענְשְׁלִיכִין מִין. דָאס הֶעכְסְטִי הֵייךְ פוּן גדלות פוּן אַיין אומה און דָאס גְלִיק פוּן דֶער וֶועלְט וֶועט נִישְׁט זַיין און נָאךְ וֵ ו ע נִ י גִ י ר ווִיא נִישְׁט וֶוען דִיא מֶענְשִׁין קִינְדִיר זָאלִין נִיט בִּיפְרַייאִיט וֶוערִין פוּן דִיא ווִירְקוּנְגִין פוּן אדם הראשון זַיינִי זִינְד און זָאלִין קֶענִין אַיין חלק הָאבִּין דֶער הָאפִינוּנְג אוֹיףְ אַיין אֵייבִּיגִין לֶעבִּין. אפילו דָאס אַיינְזַאמְלֶען דִיא ישראל פוּן אַלִי עֶנְדִין פוּן דֶער עֶרְד וֶועט נוּר גִירֶעכִינְט זַיין פַאר גָאר אַיין קְלֵיינִיגְקַייט, וֶוען עֶס וָואלְט נִיט דִיא אֵייבִּיגִי ישועה פוּן אַלִי פֶעלְקִיר בִּישַׁיינְפִּירְלִיךְ דֶער מִיט פֶערְבּוּנְדִין זַיין. אַזוֹ הָאבִּין זִיךְ אַנְדִירִי מֶענְשִׁין בִּיוִויזִין פַאר הֶעלְדִין און גיבורים וָואס זֶענִין מנצח און הָאבִּין זֵייאִיר לַאנְד דֶער הוֹיבִּין צוּ אַיין הוֹיכִי מדרגה פוּן לוֹיבּ און הָאבִּין אִיבִּיר אִיהר פִיל גְלִיק פוּן עולם הזה פֶערְבְּרֵייטִירְט; אָבִּיר וֶוען דֶער משיח זָאל נִיט מֶעהר ווִיא אַזוֹ אַיין מנצח זַיין, אַזוֹ זֶענִין מִיר מודה, אַז מִיר וָואלְטִין אִיהם דָאס זַיין דָא, נִיט וֶוערְט גִיהַאלְטִין, מִיר הַאלְטִין דֶעם משיח פַאר אַזֶעלְכִין, וָואס אִין אִיהם זָאלִין גִיבֶּענְשְׁט זַיין אַלִי משפחות פוּן דֶער עֶרְד, באמת צוּם עֶרְשְׁטִין פַאר דֶעם ווִידִיר אַיינְשְׁטֶעלִיר פוּן ישראל, אָבִּיר דֶען הַאלְטִין מִיר אִיהם פַאר דָאס הֵייל וֶועלְכִים גָאט הָאט גִישִׁיקְט פַאר אַלִי בִּיוואוֹנִיר פוּן דֶער עֶרְד. דָאס דָאזִיגִי אִיז דִיא לֶערְנוּנְג וָואס דָאס קְרִיסְטִינְטְהוּם שְׁטֶעלְט אוֹיףְ אִין וֶועלְכִי

עס

עס ווערד דורך דער תורה אונ דיא נביאים בישטעטיגט, אונ דרום
פרייאין מיר זיך, אז דער דאזיגיר גרויסיר דער לייזיר איז גיבורין גיווארין.
אז ער איז צום ערשטין אין גרויסיר דערנידריגונג גיקומין, כדי דעם קאפף
פון דיא שלאנגי צו צוטרעטין אונ זיין לעבין פאר איין פער געבונג פאר
פיל צו געבין. מיר דער מאנין זיך טאקיש דיראן, אז דיא דאזיגי בשורה
טובה פון דער גרויסיר פרייד איז אונס פון יודין גיבראכט גיווארין. אונ
ווייל מיר פיהלין אונזיר גרויסין חיוב, ווינשין מיר דאריביר אונזיר דאנק
דער דורך צו ביווייזין, וואס מיר רופין דיא ישראל, צו קומין אונ אויך
איין חלק צו האבין אין אונזיר פרייד. מיר האלטין זיך פאר זיכערט, אז
אונזיר פרייד איז קיין טעות ניט. דיא רבנים זעלבירט ביצייגין עס, אז
דער משיח מוז שוין זיין גיבוירין, אונ גראד אין דער צייט מוז ער גיבורין
גיווארין זיין, אין וועלכי מיר זעצין דיא גיבורט פון דעם משיח. ווען ער
איז אביר גיבוירין, ווער איז ער דען גיוועזין? וועלכיר אנדירי נפש וואלט,
אויף דעם כבוד פון איין משיח צו זיין, זיך גיקענט איין ריידין, וויא דער,
וואס מיר דירקענין איהם פאר דעם משיח? איז עס דען פערשטענדיג,
מיט דיא רבנים צו גלויבין, אז גאט האט ווירקליך דעם גרויסין דערלייזיר
אין דער דאזיגיר עלענדיר וועלט גישיקט אונ האט איהם ווידיר אוועק
גינומין, אהני איהם צו צולאזין זיין ווערק גומר צו זיין? ניין, ווען ער איז
נור אמאהל אויף דיזער ערד גיוועזין — אונ דאס, אז ער איז דא גיוועזין,
ביהויפטין אזו גוט דיא פריהיריגי יודין, וויא אויך דיא קריסטין — אזו
וואלט ער זיא ווידיר ניט גיקענט פער לאזין, אהני דעם אז ער זאל איהרי
ביוואוניר ניט האבין גיגעבין איין ספאסיב פאר זייארי ליידין. דיא
פריהיריגי רבנים אונ דיא קריסטין שטימין גלייך איין אויף דער צייט פון
דער גיבורט פון משיח, אזו וויא אויך אין דער זאך, אז ער איז אין בית
להם גיבורין גיווארין. באמת האט דאס גאנצי יודישי פאלק זייארי גלייכי
איינשטימונג מיט דיא קריסטין, פון וועגין דער צייט פון דאס קומין פון
דעם משיח בפירוש דער דורך ביוויזין, ווייל זייא זענין איטליכין
קריגירישין בעל מחלוקות באלד נאך גיגאנגין דער וואס האט זיך נור
גימאכט פאר איין דער לייזיר. אפילו פאר חורבן בית המקדש האבין
פיל פון דאס פאלק אפט דורך זייארי לייכט גלייביגקייט גימוזט צרות
ליידין. אביר בישיינפירדיך נאך דעם חורבן זענין דאס פאלק אונ דיא
רבנים איינשטימיג נאך גיגאנגין דעם בר כוכבא אונ האבין דער דורך
גיוויזין, אז זייא האבין טאקיש באמת גיגלויבט, אז עס איז דיא צייט,

אִין וֶועלְכִיר דֶער משיח מוז קוּמִין. – מֵילָא דָאס יוּדִישְׁקֵייט לֶערִינְט אַזוֹ, אַז גָאט הָאט אַיין משיח צוּ גִיזָאגְט, אוּן וִוידִיר אַז עֶר הָאט אַיין צַייט בִּישְׁטִימְט וֶוען דֶער משיח זָאל קוּמִין, אוּן אַז דִיא דָאזִיגִי צַייט אִיז שׁוֹין אַרִיבִּיר, אָהנִי דֶעם אַז גָאט זָאל הָאבִּין זַיין פֶער שְׁפְּרֶעכִן גִיהַאלְטִן. דֶער דת פוּן דִיא קְרִיסְטִין דֶערְקֵייגִין דֶערְקֶענְט אָן, דִיא הבטחה אוּן דִיא צַייט אוּן גְלוֹיבְּט, אַז דֶער משיח אִיז גִיבּוֹירִין גִיוָוארִין, אָבִּיר טַאקִיש צוּ גְלַייך, אַז גָאט הָאט זַיין פֶערְשְׁפְּרֶעכִין דֶער פִּילְט, דָאס הֵייסְט אַז דֶער משיח אִיז נִיט פְּרִיהִיר אִין גן עדן גִיפִיהְרְט גִיוָוארִין, וִויא בִּיז עֶר הָאט דָאס וֶוערְק, וָואס עֶר הָאט גִיזָאגְט בַּייא זַיין עֶרְשְׁטִין מָאהל קוּמִין פֶער רִיכְטִין, טַאקִיש ווִירְקְלִיך אוֹיס גִיפִיהְרְט. אוּן וִוידִיר דִירְקֶענְנִין מִיר בפירוש, אַז עֶר אִיז אִין הִימִיל אַרוֹיף גִיגַאנְגִין, אוּן זִיצְט דָארְט צוּ דֶער רֶעכְטִי זַייט פוּן גָאט, וָואס פוּן דָארְטִין וֶועט עֶר קוּמִין, כדי דֶעם סוף פוּן דֶער דֶערְלֵייזוּנְג פוּן זַיין פָאלְק אוֹיס צוּ פִיהְרִין אוּן דָאס מלכות פוּן גִירֶעכְטִיגְקֵייט אוֹיף צוּ שְׁטֶעלִין. דֶער אֵיינְצִיגִיר ווִירְקְלִיכִיר אוּנְטִירְשֵׁייד, וָואס עֶס אִיז צְווִישִׁין אוּנְזִירִי דעות פֶער הַאנְדִין, אִיז נוּר אִין דָאס וַוארְהַאפְטִיגְקֵייט פוּן גָאט. מִיר גְלוֹיבִּין אַז גָאט הָאט זַיין וָוארְט נִיט גִיבְּרָאכִין אוּן הָאט נִיט גִיקָאנְט בְּרֶעכִין, דָאס נַייאִירִי יוּדִישְׁקֵייט אָבִּיר לֶערִינְט, אַז גָאט הָאט זַיין הבטחה נִיט אמת גִימַאכְט. פֶערְשְׁטֶענְדִיגִי נפשות מוּזִין נוּן מבריע זַיין, וֶועלְכִי לֶערְנוּנְג שְׁטִימְט מֶעהר אַיין מִיט דֶער מדה פוּן גָאט. וָואס אוּנְס בִּיטְרֶעפְט, אַזוֹ ווִילִין מִיר זִיך פְרֵייאִין אִין דִיא אוּם פֶער עֶנְדִירְלִיכְקֵייט פוּן גָאט, אוּן מִיט אַיין גִידַאנְקִין, פוּן דָאס זֶעלְבִּיגִי צוּ זָאגִין, אַז זַיינִי וַוארְהַייט גִיוֶוערְט אוֹיף אִימִיר אוּן אֵייבִּיג. –



Дозволено Цензурою. Варшава 5 (17) Февраля 1876
Въ Типографіи А. Гинса. Королевская № 1064 D

# НЕСЫВОТЪ ОЛОМЪ

# נתיבות עולם

עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם : ירמיה ו׳ ט״ז

דיא אלטי שטעגין.


## נומר נ״א

נאך דעם נאך וויא דיא רבנים זענין אליין מודה, איז דיא צייט פון דאס קומין פון דעם משיח שוין לאנג אריבער ; מילא וואס ביטייט עס, וואס עס האלט דיא יודין אב פון צו גלויבין אן דעם משיח דער וואס איז אין דער צוגיזאגטיר צייט גיקומין ; עס איז מחמת דעם וויכטיגין אב שפאר, אז באשר זייאיר פאלק זענין נאך אלץ אין גלות, דער משיח אביר וואלט זייא דאך גיהאט פרייא גימאכט. נור אביר דער ענטפיר אויף דעם דאזיגין אב שפאר איז, אז דער משיח האט זייא טאקיש באמת גיוואלט דיא פרייהייט געבין און וויל עס נאך איצונד געבין, זייא ווילין עס אביר ניט אן גנעהמין. דיא ערשטי זאך אז איין אומה זאל פרייא ווערין און זאל אייגינים ווילין האבין, איז באופן אז דאס הערץ און גימיטה איז פרייא. קיין פאלק איז נאך ביז איצונד קיין מאהל אונטיר קיין יאך ניט גיוועזין, וואו זייאיר הערץ און גימיטה איז ניט פריהיר אונטיר דעם יאך פון פערדערבינִיש און אמונת הבל גיוועזין, און קיין פאלק, וועלכי עס איז איין גישמיד אין דיא קייטין פון דער קנעכטשאפט פון דאס הערץ, קאן גאר קיין מאהל ניט פרייא גימאכט ווערין, און ווען עס ביקומט שוין פרייהייט, קענין זייא ניט ביהויפטין אז עס זאל זייא אויף לאנג דויארין. דאריבער אז בשעת אז דער משיח איז גיקומין און האט דאס יודישי פאלק שוין אונטיר דעם יאך פון דיא רומיים גיפונין, איז דער ערשטיר נייטיגיר ארויס טריט גיוועזין, זייארי הערציר און גימיטהיר פרייא צו מאכין און זייא פון דער קנעכטשאפט וואס ברוחניות איז צו ביפרייהין, וואס דיא דערנידירונג פון זייאיר אומה איז נור מחמת דעם ארויס גיקומין. דעם דאזיגין ערשטין טריט האט דער משיח בישטענדיג גיטהון ; ער איז כנגד

גיוועזין

גְיוֶועזִין אַקֵייגִין דֶער אמונת הבל פוּן דֶער תּוֹרה שבע״פּ אוּן הָאט זֵייא אַהִין גְיוִויזִין אוֹיף דִיא פוֹלְקוֹמִינֵי פְּרַייהַייט אִין דֶעם גִישְׁרִיבִּינִים וָוארְט פוּן גָאט (תּוֹרה שבכתב) . אָבִּיר דָאס פָאלְק הָאט עֶס פַאר בֶּעסִיר גִיהַאלְטִין , דִיא זַאךְ וָואס זֵייאִיר אוּמְגְלִיק קוּמְט דֶער פוּן , נָאךְ וַוייטִיר מחזיק צוּ זַיין אוּן דֶעם אַנְגִיבָּאטִינִים מראה מקום אוֹיף בִּיפְרַייהוּנְג , צוּ פֶער וַוארְפִין . דַארִיבִּיר וֶוען זֵייא זֶענִין נָאךְ אִיצוּנְד אִין דֶעם צוּשְׁטַאנְד אַז מַאן גִיוֶועלְטִיגְט אִיבִּיר זֵייא , דַארְפִין זֵייא גָאט נִיט שׁוּלְדִיג מַאכִין צוּ זָאגִין , אַז עֶר הָאט דִיא צַייט גִילָאזְט אַרִיבִּיר גֵייהְן , אָן זַיין צוּ זָאג צוּ דֶערְפִילִין , אוּן אוֹיךְ נִיט דֶעם משיח שׁוּלְדִיג מַאכִין . וַוייל זֵייא זֶעלְבִּירְט הָאבִּין דָאס נִיט גִיוָואלְט אָן נֶעהְמִין וָואס אָן דֶעם קָאן קֵיין פְּרַייהַייט פוּן קֵיין אוּמה נִיט זַיין . זֵייא הָאבִּין עֶס פַאר בֶּעסִיר גִיהַאלְטִין זִיךְ מִיט לַייבּ אוּן זֵייל פַאר קְנֶעכְט אָבּ צוּ גֶעבִּין דֶער תורה שבע״פ אוּן דַארִיבִּיר אִיז גָאר נִיט מִיגְלִיךְ אִין דֶער וֶועלְט גִיוֶועזִין זֵייא צוּ דֶערְלֵייזִין . דֶער צוּ וָואלְט מַאן בִּידַארְפִין זֵייעֶר אֵיין שְׁטַארְקֵי גְוַואלְדַזַאךְ צוּ טְהוּן אַזוֹ וָואס , וָואס גָאט טְהוּט עֶס נִיט , אוּם אֵיין פָּאלְק כנגד זֵייאִיר ווִילִין פְּרַייא צוּ מַאכִין . אָבִּיר תּאמר וֶועלִין דִיא הַיינְטִיגֵי יוּדִין עֶס לֵייקִינִין , אַז זֵייא זֶענִין אִין אֵיין מעמד פוּן קְנֶעכְטְשַׁאפְט אִין הֶערְצִין אוּן אִין גִימִיטה . דְרוּם וַוייזִין מִיר זֵייא אָן אוֹיף דִיא גוזמות בִּיוַוייז דִיא וָואס מִיר הָאבִּין אִין דִיא דָאזִיגֵי בְּלֶעטִיר שׁוֹין גִיגֶעבִּין , בפרט אָבִּיר אוֹיף דִיא דינים פוּן שחיטה , אוֹדִיר דָאס שֶׁ ע כְ טִ י ן , פוּן וֶועלְכִי מִיר הָאבִּין נָאךְ עֶטְלִיכִי וֶוערְטִיר צוּ צוּזֶעצִין . — וואוּ קָאן מַאן וואוהל אִין דֶער גַאנְצִיר וֶועלְט אֵיין עֶלֶענְדֶערִין פֶּערְקוֹיפְּטִין קְנֶעכְט (שקלאווין) גִיפִינִין , וִויא דֶער מֶענְשׁ אִיז , וֶועלְכִיר , מִיט זַיין פַאמִילְיֶע כמעט פַאר הוּנְגִיר שְׁטַארְבִּינְדִיג , אוּן דֶערְוֶועגְט זִיךְ דָאךְ נִיט, אָן צוּ נֶעהְמִין אֵיין גִיזוּנְדִי שְׁפַּייז, וָואס עֶס וֶוערְד אִיהם פוּן דֶער השגחה פוּן גָאט אָן גִיבָּאטִין , וַוייל זֵיינִי רַבָּנִישִׁי משגיחים זָאגִין — נֵיין ! מִיר ווִילִין אָבִּיר אִיצוּנְד אֵיין אַנְדִירִין בַּייאשְׁפִּיל דֶערְוֶויילִין עֶס שְׁטֵייהִיט אִין דֶער תורה שבע״פ :

כל טבח שלא בדק הסכין שלו ששוחט בה לפני חכם ושחט לעצמו בודקין אותה . אם נמצאת יפה ובדוקה מנדין אותו לפי שיסמוך על עצמו פעם אחרת ותהיה פגומה וישחוט בה . ואם נמצאת פגומה מעבירין אותו ומנדין אותו ומכריזין על כל בשר ששחט שהוא טרפה

„אִיטְלִיכִיר שֶׁעכְטִיר וָואס עֶר הָאט זַיין שֶׁעכְט מֶעסִיר , וָואס עֶר שֶׁעכְט מִיט אִיהם . נִיט בּוֹדק גִיוֶועזִין פַאר אֵיין חכם (פַאר אֵיין רב) אוּן הָאט פַאר זִיךְ אַלֵיין גִישָׁאכְטִין ״ אַזוֹ אִיז מַאן זַיין שֶׁעכְט מֶעסִיר בּוֹדק . אַז עֶס וֶוערְד

גיפונין

גִיפוּנִין אַז עֶר אִיז גוּט אִין אָרְדִינוּנְג, אִיז מַאן אִיהם פוּן דֶעסְט וֶועגִין מנדה (מַאן לֵייגְט אִיהם אִין חרם אַבַיין) וַוייל עֶר וֶועט זִיךְ דָאס אַנְדִירִי מָאהל ווִידִיר אוֹיף זִיךְ פֶערְלָאזִין, אוּן דֶער שֶׁעכְטְמֶעסִיר וֶועט זַיין מִיט אַיין פגימה אוּן עֶר וֶועט דֶער מִיט שֶׁעכְטִין. אוּן אַז עֶס גִיפִינְד זִיךְ אָבִּיר אַז דָאס מֶעסִיר הָאט פגימות וַוארְפְט מַאן אִיהם פוּן שחיטות אַרָאפּ, אוּן מַאן אִיז אִיהם מנדה אוּן מַאן רוּפְט אוֹיס אוֹיף אַלִים פְלֵייש וָואס עֶר הָאט גִישָׁאכְטִין אַז עֶס אִיז טרפה." (יד החזקה הלכות שחיטה פרק א' הלכה כ"ו) דָא הָאבִּין מִיר ווִידִיר דִיא זֶעלְבִּיגִי דְרִיקִינִיש. עֶרְשְׁטְלִיךְ אַלִי מוּזִין אִין דֶער קְנֶעכְטְשַׁאפְט לֶעבִּין, נִיט נוּר בַּייא דֶער תורה שבע"פ, בַּייאִירְט אוֹיךְ בַּייא אִיטְלִיכִין רב וָואס אִיז אִין אִיטְלִיכִיר צַייט; זֵייא טָארִין קֵיינִי מֵיינוּנְג אוּן קֵיין אֵייגִינִי דעה נִיט הָאבִּין. אִין דֶעם פְּשׁוּטְסְטִין לֶעבִּינְס פֶערְהֶעלְטִינִיש מוּזִין זֵייא גָאר אִין גַאנְצִין פוּן דֶעם ווִילִין אוּן דֶעם פסק פוּן אַיין אַנְדִירִין אָבּ הֶענְגְלִיךְ זַיין. צְווֵייטִינְס זֶעהִין מִיר דָא דֶעם גמר דין אוֹיס גִישְׁפְּרָאכִין, דָאס דָאזִיגִי דוּרְךְ דִיא שַׁארְפְסְטִי שְׁטְרָאף צוּ דֶער הַאלְטִין אַז עֶס זָאל אַיין קִיוּם הָאבִּין. דֶער מַאן וֶועלְכִיר עֶס הָאט גִישָׁאכְטִין אוּן הָאט דֶעם רבי דָאס מֶעסִיר נִיט גִיוויזִין, הָאטְשִׁי דֶער דָאזִיגִיר גִיפִינְד דִירָאן קֵיין שוּם פֶעהלִיר נִיט. מוּז עֶר דָאךְ אִין חרם אַבַיין גִילֵייגְט וֶוערִין; וֶוען עֶס וֶוערְד אָבִּיר אוֹיף אִיהם גִיפוּנִין אַיין רִיטְצִיל אוֹדִיר אַיין פגימה, דֶענְסְמָאלְט הָאט נִיט נוּר דֶער דָאזִיגִיר מֶענְשׁ זֶעלְבִּירְט צוּ לַיידִין, זוּנְדֶערְן, אוֹיךְ דִיא יֶענִיגִי, דִיא וָואס הָאבִּין אִיהם בִּישֶׁעפְטִיגְט, אַזוֹ אַז דִיא יוּדִן מוּזִין זִיךְ אָן דִיא נַאהרוּנְג בִּיגֵייהִין; וָוארִין אַלְץ וָואס עֶר הָאט גִישָׁאכְטִין מוּז פַאר טרפה גִיהַאלְטִין וֶוערִין. וֶוער הָאט וֶוען אַיין שֶׁעכְט מֶעסִיר גִיזֶעהִין אוֹדִיר אפילו דָאס פַיינְסְטִי גָאל מֶעסִיר וָואס אִיז נוּר וֶוען אַמָאהל גִימַאכְט גִיוָוארִין, אַז עֶס זָאל אוֹיף זִיךְ נִיט הָאבִּין גוּזמאות אַזֶעלְכִי זֵייעֶר קְלֵיינִי פגימות? אַיין רב דֶער וָואס הָאט טַאקִיש אִיצוּנְד עֶרְשְׁט אוֹיף אַיין מֶעסִיר גִיזָאגְט, אַז עֶס הָאט קֵיין שוּם פגימה נִיט, לָאז עֶר נוּר אַיין פֶערְגְרֶעסִיר גְלָאז (מִיקְרָאשְׁקָאפּ) צוּ לֵייגִין, וֶועט עֶר זִיךְ בַּאלְד אִיבִּיר צַייגִין. אַז אַיין מֶעסִיר אָן פגימות אִיז נָאךְ קֵיין מָאהל נִיט גִיוֶועזִין, אוּן וֶועט דִירְפוּן אַיינְזֶעהִין, אַז דִיא תורה שבע"פ פֶערְלַאנְגְט עֶפִּיס אוּם מִיגְלִיכִיס, אוּן דַארוּם קָאן זִיא פוּן גָאט נִיט זַיין. מֵילָא וֶוער קָאן דָאס לֵייקִינִין, אַז דִיא יֶענִיגִי וֶועלְכִי עֶס לָאזִין זִיךְ דוּרְךְ אִיהר בִּינְדִין זֶענִין דִיא פֶערְקוֹיפְטִי קְנֶעכְט פוּן אמונת הבל? אַזוֹ אַיין מעשה וִויא אַיין מֶעסִיר אָן דָאס קְלֶענְסְטִי פגימה, אִיז נָאךְ קֵיין מָאהל נִיט גִיוֶועזִין אוּן וֶועט קֵיין מָאהל אִין דֶער וֶועלְט נִיט זַיין, אוּן דַארוּם

איז

איז אויך אַזעלכי פלייש , וואס אַיין רבנישיר יוד זאל עס מעגין עסין נאך קיין מאהל ניט גיוועזין און וועט קיין מאהל ניט זיין . די יודין מוזין ענטוויר גאר אין גאנצין אויפהערין פלייש צו עסין אודיר די תורה שבע״פ אַוועק וואַרפין .

ווען די תורה שבע״פ וואלט אומידום גליך מחמיר גיוועזין און וואלט אומידום פערלאנגט , אַז די וואס זענין אין איהר מאמין מוזין דאס גרעסטי איבּיר צייגונג האבּין , אַז דאס פלייש וואס זייא עסין איז על פי דין גישאכטין , אודיר אַז אין דעם פאל , וואו זייא קענין די דאזיגי איבּיר צייגונג ניט האבּין מוזין זייא זיך איינהאלטין און טארין דאס פלייש גאר ניט גיניסין , אַזו וואלט דער אַרוים קים (פועל יוצא) פון דער לערנונג , די לייכט גלייבּיגקייט פון די יודין חאטשי עפּיס גיקענט רעכטפערטיגין אודיר זייא אַבּיסיל פערענטווירין . נור אָבּיר דאס איז ניט דער פאל . די מחברים פון תורה שבע״פ האבּין זעלבּירט גיפיהלט וויא זייאיר לערנונג איז אום נוציג און האבּין דאריבּיר פון זייאירי חומרות נאך גילאזין , אַזו אָפּט וויא עס האט זייא גישיינט אַז עס פּאסט נור . אַזו זאגין זייא למשל :

הרי שראינו ישראל מרחוק ששחט והלך לו ולא ידענו אם יודע אם אינו יודע הרי זו מותרת . ובן האומר לשלוחו צא ושחוט לי ומצא הבהמה שחוטה ואין ידוע אם שלוחו שחטה אם אחר הרי זו מותרת , שרוב המצויין אצל שחיטה מומחין הן :

„ווען מיר האבּין פון ווייטין גיזעהין , אַז אַיין ישראל האט גישאכטין , און איז דער נאך אַוועק גיגאנגין , און מיר וויסין ניט אויב ער קאן שחיטות אודיר ניט , אַזו איז מותר פון דאס פלייש צו עסין . און אַזו איז אויך דער פאל , ווען איינער זאגט צו זיין שליח : גייא אַהין און שעכט פאר מיר , און דער נאך האט ער די בהמה גיפונדין גישאכטין , און מאן וויים ניט אויב זיין שליח האט עס גישאכטין אודיר איין אַנדירער , אַזו מעג מאן פון דער בהמה אויך עסין . וואָרין דאס רוב וואס שעכטין פערשטייהין זיך דירויף וויא צו שעכטין .״ (דארטין פרק ד׳ הלכה ז׳) די דאזיגי פערגרינגירונג ווייזט , וויא זייער מאן האט דעם לימוד פאר ניט גוט גיפונין און וויא די לעהריר זעלבּירט האבּין קיין חשק ניט גיהאט דאס דאזיגי צו ליידין . באמת טרעפט עס אַמאהל אין לעבּין אַזעלכי אופנים וויא די זענין וואס דא איז גיבּראכט . איין יודישיר וועגס מאן למשל קאן אין איין שטאט קומין , וואס אין דער שטאט וואוינין גאר ווייניג יודין , און פערלאנגט עפּיס צו עסין , אָבּיר נאטירליך פון כשרי פלייש . דער איינציגיר זיכירער

דרך

דרך, דאס צו ביקומין, וועט זיין, צו יענים אהין צו גייהין, דער וואס וואלט עס גישאכטין, און איהם צו פרובין אויב ער איז איין גוטיר שוחט; נור אביר דער וואלט גראד אין דער היים ניט גיוועזין, וואלט דער מוזין דאריבער, אז ער וואלט וועלין איין פרומיר מאן זיין, אן גיגעסין ווייטיר גייהין. דאס זעלביגי וואלט קענין איין רייכין טרעפין, דער וואס וואלט איין שליח שיקין ניט ווייט אין איין שטעטיל אריין, אז ער זאל פאר איהם איין בהמה לאזין שעכטין. דער דאזיגיר שליח וואלט גיקענט דאס פלייש דורך איין אנדירין צוריק שיקין, און אזו וואלט דער אייגינטימיר קיין גינוגינין ביוויז ניט גיהאט, אויב דאס איז נאך דיא רבנישי דינים גישאכטין גיווארין. דיא תורה שבע"פ האט פאר אזעלכי אופנים גיזארגט און האט גיזאגט, אז מאן מעג דאס פלייש גיניסין אן איין שום פחד. מילא ווען עס איז איין זינד פלייש צו עסין פון איין בהמה וואס זיא איז ניט נאך דיא פארגישריבני דינים נאך גישאכטין גיווארין, אזו איז עס דאך אויך איין זינד, אז מאן האט דירפון קיני גינוגיגי גיוויסהייט ניט אז עס איז על פי דין גישאכטין גיווארין. אומידום וואו אימיציר איז אין איין זאך אין ספק אויב עס איז רעכט צו טהון אודיר אום רעכט, האט ער גיוויס אום רעכט אז ער טהוט דיא זאך. אביר אז ער ווייס גיוויס אז ער וועט קיין שטראף ניט פערדינין, ווען ער וועט דיא זאך טהון אזו גוט וויא ווען ער וואלט עס ניט גיטהון, אזו קאן דיא דאזיגי מעשה קיין עבירה גיט זיין צו טהון. ווייל נון דיא רבנים זאגין, אז מאן מעג אזעלכי פלייש עסין וואס זיא איז כדין גישאכטין גיווארין, אזו זעהיט מאן דירפון אז דיא רבנישי קונסט קאן גיט פיל וואס ווערטה זיין. ווארום זאל איין ארימיר מאן פער הונגירין, און זאל ניט עסין דאס פלייש וואס איין גוי האט גישאכטין אודיר ווארום זאל ער גישלאגין ווערין ווען ער עסט עס יוא, ווען אזו באלד אז ער האט געלד, קאן ער איין בהמה אין איין אנדיר ארט שיקין, כדי עס צו לאזין שעכטין, און דאס פלייש וואס עס ווערד איהם צוריק גישיקט, מעג ער עסין האטשי ער ווייס ניט גיוויס אויב עס איז כדין גישאכטין גיווארין? איביר הויפט וויא קאן דער ארימיר און ניט גילערינטיר מענש גאר ווען אמאהל וויסין, אז זייא עסין כשרי פלייש? אפילו ווען זייא שטייהין דערבייא און וואלטין וועלין זעהין וויא מאן שעכט, אזו וועלין זייא דאך נאך קיין מאהל נישט וויסין אויב עס איז כדין גישאכטין ווייל זייא קענין דיא רבנישי דינים ניט, און מוזין זיך ריין מיט דער זאך אויף נאמנות פערלאזין. און אזו זענין אגוזמא פון דעם פאלק, דיא ניט גילערינטי און דיא

ווייביר

ווייבּיר, צו בְּלִינְדִי פֶּערְקוֹיפְטִי קְנֶעכְט פוּן דִיא דינים גימַאכְט, וָואס נִיט זַייא פֶערְשְׁטֵייהֶן עֶס אוּן נִיט זַייא קֶענֶען עֶס, אוֹדִיר פִיל מֶעהר זַייא זֶענֶען פַאר קְנֶעכְט גימַאכְט פוּן דִיא יֶעניגי וֶועלְכִי עֶס מַאכִין דִיא דָאזִיגִי דינים; וָוארִין וִויא קָאן מַאן זָאגִין, אַז אִימִיצִיר אִיז דָאס עובר, וָואס עֶר וַויים דֶער פוּן גָאר נִיט, אוֹיבּ עֶס אִיז רֶעכְט אוֹדִיר אוּם רֶעכְט?

וֶוען אַלִי רבנים וָואלְטִין אַיינְשְׁטִימִיג גִיוֶועזִין, אִין דֶעם וָואס מַאן מֶעג אוּן וָואס מַאן טָאר נִישְׁט, אַזוֹ וָואלְט דִיא דָאזִיגִי אַיינְשְׁטִימוּנְג גִיקֶענְט דִיא יוּדִין חָאטְשִׁי עֶפִּים פֶער עֶנְטְוֶוירִין, וָואס זַייא גִיבִּין זִיךְ אוּנְטִיר אַזוֹ אַיין יָאךְ פוּן דְרִיקִינִיש? זַייא וָואלְטִין זַייאִירִי אַיינְשְׁטִימִיגְקֵייט פוּן דֶער אִיבִּיר גִיעֶנְטְווִירְטִיר תורה גִיקֶענְט פַאר אֵיין בִּיוַוייז אוֹיף אִיהר עֶכְטְהַקֵייט בְּרֶענְגִין. נוּר אָבִּיר דָאס דָאזִיגִי קָאן פוּן דֶעם פַאל וָואס מִיר רֵיידִין דָא דֶער פוּן נִיט בִּיהוֹיפְּטִיט וֶוערִין. נָאךְ אִין דֶער אִיצְטִיגִי שְׁטוּנְד זֶענִין דִיא רבנים אִין דֶעם נִיט אֵיינִיג, וָואס עֶס אִיז יוֹא נָאךְ תורה שבע״פ נָאךְ אוּן וָואס עֶס אִיז נִיט. מִיר הָאבִּין דָא אִיצוּנְד גִיזֶעהִין, אַז, וֶוען אִימִיצִיר שִׁיקְט אַיין שליח אַיין בהמה צו שֶׁעכְטִין, אוּן דֶער נָאךְ גִיפִינְד עֶר עֶס גִישָׁאכְטִין, מֶעג עֶר דֶערְפוּן עֶסִין, אָהנִי וַוייטִיר עֶפִּים דַארִיבִּיר נָאךְ צוּ פָארְשִׁין: דָאס דָאזִיגִי אִיז דֶער כלל יסוד; אַזוֹ בַּאלְד וִויא עֶס קוּמְט אָבִּיר אָן צוּ וֶוענְדִין אוֹיף אֵיינְצִיגִי אופנים, זֶענִין דִיא רבנים מחולק אִין זַייאִירִי דעות. דֶער מחבר פוּן דִיא ארבע טורים בְּרֶענְגְט דִיא דָאזִיגִי אַלִיר הַאנְט דעות:

וכתב הרמב״ם דוקא שמצאה בבית, אבל מצאה בשוק או באשפה שבבית אסורה וכן כתב בעל העיטור וא״א ז״ל התיר אפי׳ באשפה שבבית ולא אסר אלא באשפה שבשוק. וכן הרשב״א:

„דֶער רמב״ם שְׁרַייבְּט: דווקא אַז מַאן גִיפִינְד עֶס אִין דֶער שְׁטוּבּ; אָבִּיר אַז עֶר גִיפִינְד עֶס אוֹיף דֶער גַאס אוֹדִיר אִין דִיא מִיסְט פוּן הוֹיז אִיז עֶס אסור. אוּן אַזוֹ שְׁרַייבְּט דֶער בעל העיטור אוֹיךְ; אָבִּיר מַיין פָאטִיר זכרונו לברכה הַאלְט דָאס פְלֵייש פַּר מותר אפילו וֶוען מַאן הָט עֶס גִיפוּנְדִין אִין מִיסְט פוּן הוֹיז, אוּן הַאלְט אַז עֶס אִיז נוּר דֶענְסְמָאלְט אסור אַז מַאן הָאט עֶס גִיפוּנְדִין אִין קוֹיט פוּן דֶער גַאס, אוּן אַזוֹ הַאלְט דֶער רשב״א אוֹיךְ." (טור יורה דעה, א׳) מִילָא דָא זֶעהִין מִיר דִיא גִילֶעהרִינְסְטִי רבנים שְׁטְרַייטִין אִיבִּיר דָאס וָואס אִיז יוֹא נָאךְ תורה שבע״פ נָאךְ אוּן וָואס נִיט, וַוייל דִיא הַאלְטִין עֶס פַאר אסור, וָואס דִיא אַנְדִירִי זָאגִין אַז עֶס אִיז מותר. וָואס זָאל נוּן דֶער מֶענְשׁ וָואס אִיז נִיט גִילֶערִינְט אִין דֶעם דָאזִיגִין פַאל טְהוּן? אוֹדִיר וִויא קָאן מַאן בִּיהוֹיפְּטִין, אַז עֶס אִיז גָאר אַיין תורה שבעל

פה פֶּער הַאנְדִין, וֶועלְכִי עֶס אִיז דֶעם וַואהרִין זִינִין פוּן תורה שבכתב מפורש? אוֹדיר, וֶוען עֶס אִיז אַיין תורה שבע״פ יוֹא פֶּער הַאנְדִין, צוּ וָואס נוּצְט זִיא, וֶוען זִיא זֶעלְבִּירְט אִיז אַיין זַאךְ פוּן שְׁטְרַייט? אִיטְלִיכִיר, וֶועלְכִיר עֶס הָאט נוּר אִין דֶער תורה שבע״פ אַריין גִיבְּלִיקְט, וֵוייס וואוֹהל אַז דִיא דָאזִיגִי אַלִיר הַאנְד דעות, אִיז בשום אוֹפְן קֵיין זֶעלְטִינִיר פַאל נִיט, אוּן אַז מַאן קָאן נִיט בִּיהוֹיפְּטִין, אַז דָאס אַלְץ מַאכְט אִין דֶער הוֹיפְּט זַאךְ וֶוענִיג וָואס אוֹיס. מִיר וֶועלִין לְמשל דֶעם פַאל אָן גֶעהמִין, אַז אַיין יוּד אִיז גִיוואוֹינְט טרפה פְלֵייש צוּ עֶסִין, אוּן אפילו, כדי דִיא יוּדִין להכעיס צוּ טְהוּן; אִיז עֶס נוּן דֶער לוֹיבְּט דָאס פְלֵייש פוּן אַזוֹ אַיין בהמה צוּ עֶסִין, וֶועלְכִי עֶר הָאט גִישָׁאכְטִין? דִיא תורה שבע״פ זָאגְט דִירוֹיף:

כתב הרשב״א שאין מוסרין לו בתחלה לשחוט אפי׳ ישראל עומד על גבו. ואם שחט בדיעבד כשר על ידי בדיקת סכין תחילה או סוף. וא״א הרא״ש ז״ל כתב שדינו כגוי:

„דֶער רשב״א שְׁרַייבְּט, אַז מַאן טָאר אִיהם קֵיין בהמה נִיט גֶעבִּין לכתהילה צוּ שֶׁעכְטִין אפילו אַז אַיין ישראל וָואלְט דִירְבַּיא גִישְׁטַאנִין; אָבִּיר אַז עֶר הָאט שוֹין גִישָׁאכְטִין אַזוֹ אִיז עֶס כשר אַז מַאן הָאט דֶעם שֶׁעכְט מֶעסִיר בּוֹרק גִיוֶועזִין עֶנְטְוִויר אִין אָנְהֵייבּ אוֹדִיר צוּם סוֹף. אוּן מַיין פָאטִיר דֶער רא״ש (רבנו אשר) זכרונו לברכה הָאט גִישְׁרִיבִּין אַז אַזוֹ אַיין מֶענְשׁ הָאט דֶעם דִין אַזוֹ וִויא אַיין גוֹי.״ (דארטין, ב׳) נוּן, דֶער דָאזִיגִיר אוּנְטִירְשֵׁייד אִיז פַאר וָואר זֵייעֶר גְרוֹים אוּן וִויכְטִיג. נָאךְ דֶער אֵיינִיר דעה נָאךְ אִיז אַזֶעלְכִי פְלֵייש אוּנְטִיר אַנְדִירִי אוֹתְנִים מותר, נָאךְ דֶער אַנְדִירִיר דעה אָבִּיר אִיז עֶס אוֹיךְ אַזוֹ אסור, אַזוֹ וִויא וֶוען אַיין גוֹי וָואלְט עֶס גִיהַאט גִישָׁאכְטִין, דָאס הֵייסְט, וָואס דֶער אֵיינִיר אִיז מתיר,״ דָאס זָאגְט דֶער אַנְדִירִיר אַז עֶס אִיז אִין דֶעם זֶעלְבִּיגִין אוֹפְן אסור, אַז וֶוען מַאן זָאל עֶס עוֹבר זַיין קוּמְט מכת מרדות, — אַזוֹ וִויא מִיר הָאבִּין אִין נוּמֶער 49 גִיזֶעהִין. מֵילָא דָא הָאבִּין מִיר אַיין פַאל, וָואס עֶס שְׁמוּהִיסְט פוּן דֶעם גוּף שַׁארְף צוּ בִּישְׁטְרָאפִין, אוּן פוּן דֶעסְט וֶועגִין זֶענִין דִיא רבנים אִין דֶעם דִין וָואס דָא אִיז אָן צוּ וֶוענְדִין נִיט אֵיינִיג. מֵילָא אַז עֶס אִיז יוֹא אַזוֹ, וִויא קֶענִין נָאךְ מֶענְשִׁין וָואס הָאבִּין פֶערְשְׁטַאנְד אוּן אִיבִּיר לֵייגוּנְג זִיךְ צוּ אַזוֹ אַיין דת אִיבִּיר עֶנְטְוִוירִין, וָואס אִיהרִי לֶערְנוּנְגִין קֶענִין זִיךְ נִיט פֶעראֵיינִיגִין, אִין אַזוֹ אַיין פְּרָאקְטִי שאלה: וֶועלְכִי אַרְט שְׁפַּייז אִיז מותר צוּ עֶסִין אוּן וֶועלְכִי אִיז אסור, אוּן וָואס זֵייא פֶערְלַאנְגִין פוּן דֶעסְט וֶועגִין אוּנְטִיר דֶעם פֶערְזָאג פוּן דִיא שְׁוֶוערְסְטִי שְׁטְרָאף אִין דֶער וֶועלְט, אוּן אִין יֶענִיר וֶועלְט,

אַז מַאן מוּז זַייא גָאר אָן אַיין שום בְּדִינְג גִיהָארְכֶין ? דִיא תורה שבע״פ דֶער לוֹיבְּט עֶס נִיט אַז מַאן זָאל אַקִייגִין אַיין חכם אוֹדִיר אַיין רבי וִוידִיר שְׁפֶּענִיגִין, אוּן זִיא זָאגְט, אַז אַלְץ וָואס דִיא חכמים זָאגִין, "זֶענִין עֶס דִיא וֶוערְטִיר פוּן דֶעם לֶעבֶּענְדִיגִין גָאט;" אוּן פוּן דֶעסְט וֶועגִין זֶענִין זַייא זִיךְ דָא אֵיינִיר דֶעם אַנְדִירִין אַזוֹ שְׁטַארְק סותר, אַז, וֶוען אִימִיצִיר וָואלְט וֶועלִין אֵיינִים פָאלְגִין, וָואלְט דֶער אַנְדִירִיר גִימִשְׁפָּט אַז עֶס קוּמְט אִיהם מלקות צוּ שְׁלָאגִין, אוּן וֶוען עֶר וָואלְט פוּן מוֹרא פַאר דָאס שְׁלָאגִין וֶועלִין אַזוֹ טְהוּן וִויא דֶער אַנְדִירִיר זָאגְט, וֶועט עֶר זִיךְ שוּלְדִיג מַאכִין אַז עֶר הָאט וִוידִיר גִישְׁפֶּענִיגְט אַקִייגִין דֶעם עֶרְשְׁטִין, אוּן וֶועט זִיךְ דוּרְךְ דֶעם אָבִּיר דִיא שְׁטְרָאף פוּן חרם צוּ צִיהִין, אוּן אפילו טַאקִיש אִין פחד זַיין, זַיין הֵייל פַאר דֶער נשמה צוּ פֶערְלִירִין. אִין אִיטְלִיכִין פַאל אָבִּיר מוּז עֶר אוֹיף זַיין אֵייגִינִים פֶּער שְׁטַאנְד מוֹחל זַיין, אוּן זִיךְ אוּנְטִיר גֶעבִּין אוּנְטִיר דֶעם פִּיהרוּנְג פוּן דִיא יֶענִיגִי, דִיא וָואס זֶענִין נָאךְ זֶעלְבִּיר אִין מחלוקות וֶועלְכִין דרךְ מַאן זָאל בוחר זַיין; יוֹא, אפילו גָאר, אַז מַאן וָואלְט וֶועלִין דִיא תורה שבע״פ גִיהָארְכִין וָואלְט מַאן מוּזִין בִּיקֶענִין אַז זַייא בֵּיידִי הָאבִּין רֶעכְט.

וֶוען דָאס דָאזִיגִי אִיז נִיט קֵיין פֶּערְקוֹיפְטִי קְנֶעכְט שַׁאפְט פוּן דָאס הֶערְץ אוּן גִימִיטהה פוּן עֶרְגְסְטִין אוֹפֶן, אַזוֹ מוּזִין מִיר זִיךְ נָאךְ לֶערְנִין דֶעם זִינִין פוּן יֶענִי וֶוערְטִיר צוּ פֶער שְׁטֵייהִין. עֶס וָואלט שְׁלֶעכְט אָן גִיוֶוענְדִיט גִיוֶועזִין אַזוֹ אַיין עֶנְטְוִויר, וֶוען מַאן וָואלְט וֶועלִין זָאגִין, אַז באשר דִיא קְרִיסְטִין זֶענִין אוֹיךְ אִין כמה וִויכְטִיגִי פּוּנְקְטִין אִין זֵייאִירִי דעות מחולק. מִיר זֶענִין מוֹדה, אַז זַייא זֶענִין עֶס טַאקִיש, אוּן וֶועלִין עֶס אוֹיךְ אַזוֹ לַאנְג זַיין, וִויא לַאנְג זַייא וֶועלִין נִיט אוֹיף הֶערִין שְׁוַואכִי מֶענְשִׁין צוּ זַיין; דֶען אָבִּיר זָאגִין דִיא דָאזִיגִי לַייט אוֹיךְ נִיט אַז זַייא זָאלִין אַיין תורה שבעל פה הָאבִּין, וֶועלְכִים גָאט זָאל זַייא הָאבִּין גִיגֶעבִּין, כדי זַייא פַאר אַיין פַאלְשִׁין פירוש צוּ בִּיהִיטִין. אַיין פֶערְשֵׁיידִינְהַייט אִין מֵיינוּנְגִין אוּנְטִיר דִיא יֶענִיגִי אָבִּיר, דִיא וָואס בִּילְדִין זִיךְ אַזוֹ וָואס נִיט אַיין, אִיז קֵיין בִּיוַויז נִיט אַקִייגִין דִיא וַוארְהַייט פוּן דֶעם רֶעכְטִין עֶרְשְׁטִין יסוד, פוּן דֶעם וָואס בֵּייד״י פַּארְטֵייהִין זֶענִין מוֹדה אַז זַייא נֶעמִין דִירְפוּן זֵייאִיר דת אַרוים. עֶס קֶענִין צְוֵוייא נפשות אִין דֶעם פירוש פוּן אַיין פסוק אִין תורת משה מחולק אִין זֵייאִירִי דעות זַיין, אוּן פוּן דֶעסְט וֶועגִין וַוייסִין מִיר, אַז דֶער פסוק זֶעלְבִּירְט הָאט אִין זִיךְ דִיא וַוארְהַייט. וֶוען אָבִּיר אִיטְלִיכִיר פוּן דִיא דָאזִיגִי בֵּיידִי נפשות זָאגְט אוּנְס אַז זֵייאִיר פשט וָואס זַייא דרשנן אִיז אַיין הֵיילִיגִי אִיבִּיר עֶנְטְוִוירוּנְג אֵיינִיר צוּם אַנְדִירִין, אוּן אַז הָאטְשִׁי אֵיינִי אִיז דִיא אַנְדִירִי

סותר

סותר, זענין דאך ביידי אמת וצדק, דען זאגין זייא עפינטליך ניט נאר איין אום ווארהייט, נייארט זייא זאגין אויך איין זאך וואס האט גאר קיין שום טעם ניט, און זייא זענין מיט איין טעות ארום גירינגילט. וואלט דאס נור בלוז איין טעות פון שפיקולירין מיט גידאנקין גיוועזין, אזו וואלט מאן זייא מוזין בידויערין; וועז עס איז אביר איין טעות אין דיא אויף פיהרונג פון לעבין, וואס דיראן וועגד זיך דאס גליק און דיא טובות פון טויזינדיר מענשין, דען מוז מאן אויף איהר שטרייטין, און זיא מנצח זיין, און זיא מוז פערטילגט ווערין. אין דאס דאזיגי לעצטירי איז פונקט מיט דער תורה שבע״פ דער פאל. דער בעזונדירי טהייל פון איהר, דעם וואס מיר האבין איצונד ביטראכטיט, צו שטערט זייאיר שטארק דיא טובות פון פיל טויזינד ארימי מענשין אין איטליכין טהייל פון דער וועלט. דיא יסודות פון איהר בכלל האלט אונטירין יאך דאס גימיטה פון דאס גאנצי פאלק און פאר הינדירין אז דער מעמד פון גליקזעליגקייט און גדלות וואס דיא נביאים האבין צו גיזאגט זאל גאר קיין איינטריט ניט קענין האבין. דיא יודין גיפינין זיך אין איין צו שטאנד אז זיי זענן צו שפרייט און אין כמה טהיילין פון דער וועלט ווערין זייא פאר נישט גיהאלטין, בלוז ווייל זייא זענין דיא ווילינגי פערקויפטי קנעכט צו דעם נארישן גלובין. ביפאר עס וועט בייא זייא ניט טרעטין איין פער ענדירונג אין הערצין און גימיטה, קענין זייא זיך ניט ביווייזין פאר „דאס פאלק פון אייגינטהום (עם סגולה), פאר דיא גיוועלטיגונג פון דיא פריסטיר (ממשלת כהנים), און פאר דאס היילינגי פאלק (עם קדוש.) היינך און היילינג איז דאס וואס פאר זייא איז בישטימט, און גרויס איז דיא פערזארגונג פון גאטים גינאד, וואס ער העט האלט זייא נאך, ווייל מיט הארטין נאקין (קשי ערף) ווילין זייא זייאירי בישטימונג ניט דער פיהלין. אביר ניט דירפון און ניט פון גאטים פערהוילין דאס אויג פון זייא, קאן פאר זייא איין נוץ זיין, וועז זייא וועלין ניט זוכין ווידיר דיא העדליכי פרובט פון צו זיין גאטים קינדיר צו גיווינין. דיא קייטין פון דעם רבנישין דת מוזין צו בראכין ווערין און דאס לייכטי יאך פון דעם משיח מוז אויף זייאירי אקסלען ארויף גינומין ווערין, ביפאר דער איינגינער ווילין פון דאס פאלק און דיא פרייהייט וועט צו ריק קעהרין. וויא זאל אזו איין פאלק קענין פרייא ווערין, וועז דיא קריפטין פון זייאיר הערץ און גימיטה זענין אוים גריסין דורך דיא חריפות פון דיא רבנים וואס איז גאר אן איין סוף? וויא זאל עס ביהויפטין אז זייאיר פאלק זאל ביפרייהיט ווערין, וועז עס איז אזו גאר אין גאנצין

אונְטֶער דֶעם יָאךְ פוּן זֵייאֶער גְלוֹיבֶּען, אַז זֵייא קֶענֶען גְלוֹיבֶּען, אַז אַזֶעלְכֶע קבלות, וֶועלְכֶע עֶס זֶענֶען דִיא קללה פַאר דִיא אָרִימֶע און דִיא וָואס פִיל זֶענֶען אֵיינֶע מִיט דִיא אַנְדֶערֶע ווִידֶער אַנַאנְדֶער, קֶענֶען זַיין פוּן דֶעם גָאט פוּן גִינָאד און פוּן וַוארְהַייט? דָאס הֵיילִיגֶע הויז מוּז צוּ עֶרְשְׁט פוּן אַלִים מִיסְט גִירֵיינִיגְט וֶוערִין, בִּיפָאר דִיא הֶערְלִיכְקַייט פוּן גָאט קָאן אַבַיין צִיהִין. עֶס אִיז בַּארִיבִּיר פַאר אִיטְלִיכִין יוּדִין, דֶער וָואס וִוינְשְׁט דִיא טוֹבה פוּן זַיין פָאלְק, אַיין זַאךְ פוּן דָאס גְרֶעסְטֶע ווִיכְטִיגְקַייט, דֶעם דת חוקר ודורש צוּ זַיין, וָואס דִיא וֶועלְכֶע עֶס זֶענֶען גִיבְּלִיבִּין זַיינֶע אָנְהֶענְגִיר זֶענֶען אַזוֹ פִיל הוּנְדֶירְט יָאהר אַדוּרְךְ אַזוֹ אוּמְגְלִיקְלִיךְ גִיוֶועזִין, און וֶוען זֵייא וֶועלִין זִיךְ הָאבִּין פוּן דִיא פַאלְשְׁהַייט פוּן דֶעם דת אִיבִּיר צֵייגְט, זָאלִין זֵייא זִיךְ מִיט קְרֶעפְטִין בִּימִיהִין, כדי זֵייאִירֶע בְּרִידִיר דִירְפוּן צוּ בִּיפְרַייהִין, וָואס דָאס אִיז אַזוֹ גוּט שֶׁעדְלִיךְ ווִיא פַאלְשׁ. מִיר וָואלְטִין קֶענֶען אַקֵייגִין דָאס זֶעלְבִּיגֶע אוֹיךְ אָיינְוַוייזִין, אַז אִיהר פֶער לַאנְג אִיז, צְווִישִׁין דִיא יוּדִין און אַנְדֶירֶע בעלי אמונות, וָואס זֵייא לֶעבִּין אוּנְטִיר זֵייא, אַיין פַיינְדְלִיכֶע אָבְּשֵׁיידוּנְג אַרוֹיס צוּ בְּרֶענְגִין און צוּ דֶער הַאלְטִין. באמת אִיז אוּנְס דִיא דֶער קְלֶעהרוּנְג פוּן גָאט בִּיקַאנְט, וֶועלְכֶע עֶס זָאגְט:

הן עם לבדד ישכון ובגוים לא יתחשב:

„נוּן דָאס פָאלְק זָאל וואוֹינִין אַלֵיינְט, און זָאל נִיט גִירֶעכִינְט וֶוערִין אוּנְטִיר דִיא פֶעלְקִיר;” (במדבר כ״ג, פסוק ט׳) מִיר וִויסִין און גְלוֹיבִּין דָאס זֶעלְבִּיגֶע און זֶענֶען דֶערִינִין אוֹיךְ פוֹלְקוֹמִין אִיבִּירְצַייגְט, אַז קֵיין מֶענְשְׁלִיכִיר פֶערְשְׁטַאנְד און קֵיינֶע מֶענְשְׁלִיכֶע מַאכְט וֶועט וֶוען דָאס קֶענֶען אוֹיס ווִירְקִין, וָואס אַנְדִירֶע ווִינְשִׁין עֶס מִיט אַזוֹ אַיין חשק אַז עֶס זָאל זַיין אַיין צוּזַאמִין שְׁמֶעלְצוּנְג פוּן יוּדִין מִיט דִיא אַנְדִירֶע פֶעלְקִיר, אוּנְטִיר וֶועלְכֶע זֵייא לֶעבִּין צוּ שְׁפְּרַייטִירְהַייד. עֶס אִיז אִין קֵיין פַאל נִיט אוּנְזִיר כוונה, דֶעם דִירְקְלֶערְטִין ווִילִין פוּן גָאט אַקֵייגִין צוּ גֶעהִין און דִיא ישראל פוּן זֵייאִיר שְׁטַאנְד אַלְץ אַיין הֵיילִיגִים פָאלְק, צוּ דֶער רַאנְגֶע פוּן אַיין נִישְׁטִיגִין קיבוּץ (פֶערְזַאמְלוּנְג) פוּן אמונה לַייט, אַרָאפּ צוּ ווִירְדִיגִין. אָבִּיר פוּן דֶעסְט וֶועגִין וָואלְטִין מִיר דִיא תורה שבע״פ נָאךְ אֵייבִּיג דֶעם פָארְוואוּרְף מַאכִין, אַז זִיא גֵייהט אַקֵייגִין דֶער כוונה פוּן גָאט, וַוייל זִיא ווִיל הָאבִּין און בְּרֶענְגְט אַרוֹיס אַיין אַבְּזוּנְדִירוּנְג און פְרֶעמְדְשַׁאפְט פוּן פַיינְדְשַׁאפְט צְווִישִׁין אַיין מֶענְשִׁין און דֶעם אַנְדִירִין, וֶועלְכֶע עֶס מוּז פַאר דֶער טובה פוּן יוּדִין נִיט וֶוענִיגִיר ווִיא פַאר דֶער טובה פוּן גוים נוּר זֵייעֶר שֶׁעדְלִיךְ זַיין. נוּר מִיר לָאזִין דָאס אִיבִּיר פַאר דִיא יֶענִיגֶע מֶענִיר פוּן ישראל וֶועלְכֶע עֶס פִיהלִין אַיין לִיבְּשַׁאפְט

צו אלי מענשין און איין גוטין ווילין, אודיר זייא זאגין אז זייא פיהלין, זייא זאלין דיראן דענקין, און מיר ביגינוגינין אונס דער וייל מיט דער מעשה וואס איז קיין שום ספק ניט, אז דיא דינים פון שחיטות זענין פאר דיא ארימי זייער דריקינד און האלטין דאס גימיטה פון אלי אונטיר דעם יאך – עס איז ניט בלוס דיא שמערצין פון גוף מחמת הונגיר, וואס מיר מיינין דא מיט אונזירי רייד – האטשי דער דאזיגיר שמערץ איז אויך אין העכסטין גראד שווער און פיינליך און דאריביר זאל עס פון לייט זעליגי און דערבארימיגי מענשין ניט איין אויגינבליק גיליטין ווערין – עס איז נאך עפים אנדירש פערהאנדין, וואס איז פיל ערגיר וויא אלי ליידין פון גוף, און דאס איז, פערזוכט אין איין נסיון צו זיין, זייני נאמנות דערדורך איין גוואלד אן צו טהון, וואס מאן זאל עטוואס ביקענין, וואס מאן גלויבט עס ניט, אודיר וואס מאן פערהוילט זייני אמתי גזינונג. און דאך איז דאס דאזיגי אין כמה יודישי גימיינדין זייער אפט דער פאל. עס איז גאט גיפעלין גיוועזין, דעם ארימין אויך אזו גוט דיא קראפט צום דענקין צו געבין וויא דעם רייכין, און אזו ווערין אויך כמה פון זייא דורך גילעגינהייט דירויף אהין גפיהרט, דיא ווידיר זיניגקייט פון דער תורה שבע"פ איין צו זעהין און דיא יעניגי אויסטראכטונגין צוא פער אומווירדיגין, וועלכי עס פערטיליגט זייא מיט זייארי פאמיליעס צום הונגירטויט. פון דעסט וועגין דער וועגין זייא זיך ניט זייארי איביר ציגונג ביקאנט צו מאכין אודיר נאך זייארי איביר צייגונג נאך צוא לעבין: וואָרין ווען זייא וואלטין ערגינץ עפים איין עסין שפייז גיגיסין, וואס עס איז ניט נאך דיא רבנישי דינים נאך, אזו וואלטין זייא באלד ארויס גישטויסין גיווארין פון דעם קהל און וואלטין בירויבט גיווארין דאס רחמנות פון דער גימיינדי. אז זייא זאלין זייארי איביר צייגונג נור ארויס שפרעכין, וואלט שוין גינוג גיוועזין, זייא אריין צו ברענגין אונטיר דעם צאהל פון דיא טמאים און רשעים גירעכינט צו ווערין. זייא פערבארגין דאריביר זייארי וואהרי גיזינונגין און גיבין זיך פאר אזו וואס אויס, וואס זייא זענין עס נישט, כדי זייא זאלין פון זייארי פאמיליעס ניט בירויבין דאס ווענינגי אונטירשטיצונג, וואס דאס צו חנפינין זיך מיכלומירשט מיט הכנעה צו דיא רבנישי מנהגים וואלט זייא גיקענט פערשאפין. מילא דא האבין מיר איין אנדירין און איין דייטליכירין צייכין פון דער פערקויפטיר קנעכטשאפט. דיא תורה שבע"פ בירויבט פון דעם ארימין גאר אין גאנצין דיא פרייהייט פון דאס גימיטה; ניט נור ער טאר ניט

עֶסְין, נַייאִירְט אוֹיךְ נִיט דֶענְקִין. וֶוייִנִיגְסְטִינְס זַיינִי גִידַאנְקִין נִיט אַרוֹיס זָאגִין, נִיט אַמָאהל זָאגִין אַז עֶר אִיז אִין דֶעם ז״ת מסופק, אַז דָאס אִיז גורם זַיין עלענד. פַאר וָואר טַאקִיש באמת דִיא יֶענִיגִי, וֶועלְכִי עֶס שְׁטֶעלִין זִיךְ אָן בְּלוֹז פוּן צַייטְלִיכִין גִיוִוינְס וֶועגִין, אַז זַייא זֶענִין פְרוּם אִין דֶער אמונה אוֹדִיר זַייא אוּנְטִיר דְרִיקִין דִיא אמונה, זֶענִין עֶנְטְוִויר שְׁוַואךְ אִין זַייאִיר דעה אוֹדִיר זַייא זֶענִין זַייאִיר וֶוערְטה גִישְׁטְרָאפְט צוּא וֶוערִין; נוּר אָבִּיר מִיר מוּזִין אוֹיךְ דִיא שְׁוַואכְהַייט פוּן דֶער מֶענְשְׁלִיכִיר נַאטוּר עֶטְוַואס פֶּערְצַייהִין, אוּן בִּיזוּנְדֶערְס אִין דֶעם פַאל פוּן אַזוֹ אַיין אָרִימִין מַאן, דֶער וָואס הָאט קַיין בְּרוֹיט נִיט פַאר זַיינִי קִינְדִיר, אוּן וָואס זַיין גִימִיטה אִיז פוּן קִינְדְהַייט אוֹיף דוּרְךְ אַזוֹ אַיין קְנֶעכְטְשַׁאפְט אַנִידִיר גִידְרִיקְט גִיוָוארִין. דֶער רבנישיר דת אִיז עֶס וָואס מִיר מוּזִין אִיהם דִיא דָאזִיגִי דֶער נִידְרִיגְטִי אוֹיס וִוירְקוּנְגִין צוּ רֶעכְינִין. עֶס קָווִיילְט נִיט נוּר דֶעם גוּף, נַייאִירְט וִוירְדִיגְט אוֹיךְ דָאס גִימִיטה אַרָאפּ; אוּן דַארוּם אִיטְלִיכִיר יוּד, דֶער וָואס הָאט לִיבּ דִיא פְרַייהַייט פוּן גִימִיטה אוּן אַכְטִיט עֶס, זָאל זִיךְ בִּימִיהִין, דָאס זֶעלְבִּיגִי פַאר זַיינִי בְּרִידִיר צוּ פֶערְשַׁאפִין. נָאךְ דָאס גִיזֶעץ (פְרַאוֶוע) פוּן דֶער מדינה הָאבִּין זַייא דָאס זֶעלְבִּיגִי פְרַייהַייט; זַייא הָאבִּין דִיא פְרַייהַייט, צוּ גָאט מתפלל צוּ זַיין אוּן אִיהם צוּ דִינִין, וִויא זַייא גְלוֹיבִּין אַז עֶס אִיז זַיין ווילִין צוּם אַנְגִינֶעהמְסְטִין. אָבִּיר דִיא תורה שבע״פ טְרֶעט דָא צְווִישִׁין אוּן בגזלת זַייא דִיא טובה, דִיא יוּדִישִׁי אָרִימִי לַייט טָארִין עֶס זִיךְ נִיט דִירְוֶועגִין, גָאט נָאךְ זַייאִיר גִיווִיסִין צוּ דִינִין, יוֹא, אפילו נִיט אַמָאהל דִיא אִיבִּירְצַייגוּנְג פוּן זַייאִיר הֶערְצִין אַרוֹיס צוּ שְׁפְּרֶעכִין. זַייא פְרַייא צוּ מַאכִין זֶענִין אַלִי גִיזֶעץ גֶעבִּירְס פוּן דִיא קְרִיסְטִין נִיט אִין שְׁטַאנְד. דֶער חיוב, אַזוֹ גוּט וִויא דִיא מִיגְלִיכְקַייט, זַייא פוּן דֶער דָאזִיגֶר פֶּערְקוֹיפְטִיר קְנֶעכְטְשַׁאפְט צוּ בִּיפְרַייאֶן, בִּירוּהִיט נוּר אוֹיף זַייאִירִי בְּרִידִיר. אָבִּיר לֵיידִיר צִיהִין זִיךְ דִיא דָאזִיגִי אָבּ, — פוּן וֶועלְכִין טעם וֶועגִין עֶס מֶעג זִיךְ אֵייבִּיג זַיין — פוּן צוּ עֶנְטְווִירִין אוֹיף דֶער דָאזִיגִיר בִּירִימְטִיר שאלה. —



# נתיבות עולם

עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם : ירמיה ו׳ ט״ז

דיא אלטי שטעגין.

---

## נומר נ״ב

---

עס ווערד דערמאנט, פון דאס פאלק פון כ ו ת און דיא אנדירי פעלקיר, וועלכי דער קיניג פון אשור האט זייא איין גיזעצט פאר קאלאניסטן אין שמרון, אז זייא האבין זיך מיהי גיגעבין, דעם דינסט פי׳ דעם אמתן גאט מיט דאס אנבעטין צו זייאירי געצין צו פעראייניגין. ״און דיא דאזיגי פעלקיר האבין זיך גיפארכטין פאר גאט, ״שטייהיט אין פסוק, ״און האבין זייאירי געצין אויך גידינט, און זייאירי קינדיר און קינדס קינדיר האבין אויך אזו גיטהון וויא זייאירי עלטירין האבין גיטהון ביז אויף דעם דאזיגין טאג. ״(מלכים ב י״ז, פסוק מ״א) דאס, אז דיא דאזיגי מעשה איז אזו גאטלויז וויא נאריש גיוועזין, וועט איטליכיר איינזעהין. עס איז גאטלויז גיוועזין, דעם וואהרין גאט צו צוגיזעלין צו דיא וואס זענין קיינע געטיר ניט גיוועזין, און נאריש איז עס גיוועזין, צו גלויבין, אז גאט זאל קענין איין וואוהל גיפאלין האבין אן איין גיטהיילטין כבוד און גיטהיילטין הערצין. פולקומיני אבגעטיבייא וואלט גיהאט פערשטענדיגיר גיוועזין און וועניגיר בילידיגונג פאר דעם געטליכין וועזין: וואהרין דער, וואס מיר דירקענין אן פאר איין גאט, מוז דורך אויס אונזירי גאנצי עהר פורכט (יראה)· אונזירי גאנצי ליבשאפט (אהבה) און אונזירין גאנצין גיהארכין און פאלגין האבין. און דען איז נאך אפשר פערהאנדין איין שטייגיר, גאט צו דינין, וואס עס איז נאך אום פערשטענדיגיר; און דאס איז מאן גיבט צו זינדיגי און ביטריגליכי מענשין דעם כבוד, וואס עס גיהערט נור צו גאט אליין. דיא מענשין פון כ ו ת האבין בטעות גימיינט, אז גאט איז איינער צווישין פיל געטער, און ווען זייא האבין דיא דאזיגי פיל אנגיבעטין, אזו זענין זייא גיוועזין אין דער מיינונג, אז דיא דאזיגי זענין וואירקליך געטער. ווען אביר, איין פאלק וואלט דעם איינים וואהרין גאט אנדירקענין און דאך פאר איין גיוויסי צאהל פון

מענשין

מענשין דיא זעלביגי עהרפורכט (יראת הכבוד) און ביפאלגונג ביוויזין , וויא פאר גאט זעלבירט , אזו וועט קיינער ניט אנדירש זאגין , וויא נור אז דאס דאזיגי פאלק וואלט ווייט נארישיר גיהאנדילט , וויא דיא כותים, אין אזו ווייט וויא עס איז פיל נארישיר , איין סך פון אונזירי בייא מענשין געטליכין כבוד צו ביוויזין, וויא איין מעהרהייט פון איינגיבילדיטי געטיר אן צו בעטין . עס וואלט אביר אימיציר גיקענט מיינין , אז אזו איין גראד פון ווידיר זיניגקייט איז גאר אום מיגליך אז עס זאל זיין ; נור אביר גיוויסי זאכין וואס עס ווערד טאקיש במעשה גיטהון, ווייזין , אז עס איז ניט נור מיגליך , זונדרן עס איז אויך ווירקליך גישעהין . ווען מענשין שטעלין אויך אזו הויך זייארי אויס גיטראכטי לערנונג, וויא דיא ביקאנטי און אנגינומיני תורה פון גאט , און דאס גיהארכין און ביפאלגין דיא דאזיגי אויס גיטראכטי זאכין מאכין זייא פאר איין ווירקליכין טהייל פון זייאיר אמונה , אזו טראגין זייא איביר דעם העכסטין גראד פון כבוד וואס מאן קאן נור גאט דירוויזין, אויף מענשין ארויף. דיא הכנעה פון דאס הערץ און גימיטה אונטיר דעם ווילין פון גאט איז דער העכסטיר גראד פון אנבעטונג, און ווען דיא דאזיגי הכנעה ווערד דעם ווילין פון מענשין גיגעבין , אזו ווערין דיא דאזיגי אין דעם זעלביגין כלל צו געטיר גימאכט . אויב דיא דאזיגי בימערקונגין (הנחות) זענין אן צו ווענדין , אויף דיא יעניגי רייט , וועלכי עס מאכין דיא הלכות בשר בחלב, דאס הייסט , „דיא דינים פון פלייש און מילך" צו איין טהייל פון זייאיר אמונה , מוזין דיא אנהענגיר פון דער תורה שבע"פ חוקר ודורש זיין .

דער הויפט כלל פון דיא דאזיגי דינים לערנין אויף אזו איין שטייגיר :

בשר בחלב אסור לבשלו ואסור לאכלו מן התורה ואסור בהנאה וקוברין אותו. ועפרו אסור כעפר כל הנקברין. ומי שיבשל משניהם כזית כאחד לוקה שנאמר לא תבשל גדי בחלב אמו. וכן האוכל כזית משניהם מהבשר והחלב שנתבשלו כאחד לוקה ואעפ"י שלא בשל :

„פלייש מיט מילך צוזאמין איז אסור צו עסין נאך דער תורה נאך ; און עס איז אסור דירפון הנאה צו האבין , נור מאן מוז עס פערגראבין . דיא ערד דירפון איז אויך אזו אסור וויא דיא ערד פון אלי זאכין , וואס זייא מוזין פערגראבין ווערין . ווער עס זאל פון ביידי זאכין צוזאמין קאכין וויא איין איילבערט איז גרויס (כזית) דער ווערד גישלאגין מלקות , ווארין עס שטייהיט : „דו זאלסט ניט קאכין דאס בעקיל אין דער מילך פון זייני מוטיר . " (שמות כ"ג , פסוק י"ט) און אויך אזו איז ווען איינער עסט איין

כזית

בזית פון זייא ביידין, פון דעם פלייש און דאס מילך וואס עס איז צוזאמין גיקאכט גיוואָרין, וועֶרד אויך מלקות גישלאָגין, און חאָטשי ער האָט עס ניט גיקאכט. "(הלכות מאכלות אסורות פרק ט׳, הלכה כ״ג) דאָ בישטימט נון דיא תורה שבע״פ אין כלל, אַז מאַן טאָר קיין פלייש מיט מילך, ניט צוזאמין קאָכין, און אויך פון אַזעלכי גיקאָכטי קיין שום נוצין ניט צו האָבין, און איז צוגלייך מחייב דעם וואָס איז עובר, איין שאַרפי און אָרדינערי שטראָף אָן זיין גוף. און פון דעסטוועגין איז דיא דאָזיגי בישטימונג דאָך נור איין אויס טראַכטונג פון מענשין, פאַר וועלכי עס גיפינד זיך אין דעם וואָרט פון גאָט אפילו דאָס גרינגסטי בישטימונג ניט. דער פערבאָט (לאו) פון תורת משה בּיגרענִיצט זיך בּלוז אויף איין פאַל, וואָס ער איז גינוי ביצייכינט: "דו זאָלסט ניט קאָכין דאָס בעקיל אין דער מילך פון זייני מוטיר, "דאָ אָבּיר לאָזט זיך דער פערבאָט אויס: וואָרין דיא גינויאי ביצייכנונג פון איין בּיזונדירי זאַך ווייזט, אַז עס איז נור דיא דאָזיגי זאַך גימיינט, דיא וואָס מוז דורך אויס אַלי איבּריגי אויס שליסין. כדי פון דעסטוועגין דיא אייגינמעכטיגי אויס שפּרייטונג פון דעם דאָזיגין פערבאָט (לאו) אַבּיסיל צו פערגרעסין, וועֶרד גיזאָגט:

וגדי הוא כולל ולד השור ולד השה ולד העז עד שיפרוט ויאמר גדי עזים:

"דאָס וואָרט "בעקיל" (גדי) איז אין זיך כולל דאָס יונגי קאַלב פון איין קוּא און דאָס יונגי פון איין שאָף און דאָס יונגי פון איין ציג, ווען עס וועֶרד ניט בּיזונדיר גיזאָגט: איין בעקיל פון איין ציג. "דאָס דאָזיגי בישטעטיגט רש״י אויך אין זיין פירוש. דער אבן עזרא האָט אונס דאָך דיא מיהי פערשפּאָרט, דיא דאָזיגי דעה זעלבּירט אָב צו וועֶנדין; וואָרין ער זאָגט:

ואיננו כן, כי גדי לא יקרא רק שהוא מהעזים ובלשון ערבי הוא גד׳ ולא יאמר על מין אחר רק יש הפרש בין גדי ובין גדי עזים כי גדי גדול מגדי עזים כי עודנו צריך היותו עם העזים וככה שעיר ושעיר עזים. והכמים קבלו שלא יאכל ישראל בשר בחלב:

"און עס איז ניט אַזוֹ, וואָרין עס וועֶרד ניט גירופין "בעקיל, גדי, נור דאָס יונגי פון ציגין. און אויף דעם לשון פון ערבי האָט דאָס וואָרט גדי "בעקיל" דיא דאָזיגי בּיטייטונג און קיין אַנדיר מין וועֶרד קיין מאָהל ניט אַזוֹ אָן גירופין. נור עס איז דאָך איין אונטירשייד צווישין איין "בעקיל" גדי, און איין בעקיל פון ציגין" גדי עזים, וואָרין דאָס וואָרט "בעקיל"

גדי איז גימיינט איין עלטירים וויא איין „בעקיל פון ציגין", וועלכים עס דארף נאך צווישין דיא ציגין זיין (עס מוז נאך זייגין ביא דער מוטיר.) און אויך אזו איין שעיר און איין שעיר עזים. און דיא חכמים האבין עס נור בקבלה ביקומין אז איין ישראל זאל ניט עסין פלייש מיט מילך צוזאמין." (אין דעם פירוש אויף שמות כ"ג, פסוק י"ט) מילא אזו איז דער אבן עזרא זעלבסט מודה, וואס ער איז איין העכסטיר גילערינטער רבי גיוועזין, אז דיא ווערטיר פון תורה שבכתב ביגרעניצט דעם לאו נור אויף איין פאל, אביר אלי איבריגי זאכין זענין בלוז איין קבלה. דאריביר ווען עס זאל קענין ביוויזין ווערין, אז דיא קבלה איז דורך משה פון גאט גיבראכט גיווארין, אזו וואלט עס איין גלייכין ווערטה גיהאט מיט תורה שבכתב; נור אביר עס איז ניט אמאהל איין פרוב גימאכט גיווארין, עפים דער גלייכין צו ביווייזין. דיא מחברים פון תורה שבע"פ האבין גאר אין גאנצין גירעכינט אויף דיא לייכט גלייבינקייט פון דיא דאזיגי וואס זענין אן זייא אנגיהאנגין, און דאריביר האט עס דא אזו וויא אומידום גאר קיין שום ביוויז ניט. טאקיש באמת טראגט דיא קבלה זעלבירט דעם ריכטיגין צייכין פון פערפעלשונג אן זיך. ווארין וויא קאן אימיצין נור איין מיגליכיר אופן זיין צו גלויבין, אז ווען גאט וואלט גיוואלט פאר זאגין אז מאן טאר קיין פלייש צוזאמין מיט מילך ניט עסין, זאל ער האבין צום ערשטין אום בישטימט ארויס גיזאגט און דער נאך זאל ער האבין איביר גילאזין איין אום זיכירי קבלה אז זיא זאל פערבעסירין מאן זאל קיין טעות ניט האבין? ווען דאס גיבאט וואלט נור איין מאהל גישטאנין, וואלט עס שוין אויך שווער גיוועזין, אזו וואס צו גלויבין; ווען מיר זעהין נאך אביר, אז דאס ווערט אביר דרייא מאהל איביר גיהאזירט, אין ספר שמות כ"ג, י"ט, און אין ספר דברים י"ד, פסוק כ"א, אזו ווערד עס גאר אום גלויבליך. דרייא מאהל איז דאס גיבאט פערצייכינט, און דרייא מאהל איז עס אויף איין ביזונדירין פאל ביגרעניצט, און פון דעסט וועגין האבין זיך דיא רבנים דערוואויגין איינין מעכטיג צוזעצונגין צו צו מאכין פון אייגינער אוים טראכטונג, און זייארי אנהענגיר דערהייבין דיא דאזיגי נאך ביז אויף היינטיגין טאג צו איין גלייכיר הויכקייט מיט דער תורה פון גאט. דאס אז דיא רבנים וועלין אזו איין רשעות ניט טהון קאן מאן אונס ניט איינווענדין, ווארין איטליכיר דער וואס האט נור עפים איין קענטניש אין דער תורה שבע"פ, ווייס וואוהל, אז איין גרויסיר טהייל פון איהר, איז בלוז דיא רייד פון

דיא שְׁרִיפְט גִילֶעהְרִינְטִי דברי סופרים, וָואס זֵייא וֶוערִין פַאר אַזֶעלְכִי אַנְדִירְקֶעְנְט, און דורך דֶעם דָאזִיגִין נָאמִין וֶוערִין זֵייא אָב גְישֵׁיידִין פוּן דֶער קבלה וָואס זֵייא הַאלְטִין אַז עֶס אִיז פוּן בֶּערְג סיני. אַזוֹ וֶוערְד לְמשל אִין דִיא דינים וָואס בִּישֶׁעפְטִיגִין אוּנְס דָא, עֶפִּינְטְלִיךְ בִּיקֶענְט, אַז דִיא תורה שבכתב דִירְלוֹיבְּט עֶס, דָאס פְלֵייש פוּן חיות און עופות מִיט מִילְךְ צוּזַאמִין צוּ עֶסִין, און פוּן דֶעסְט וֶועגִין פֶערְבִּיטִין דִיא רבנים עֶס דָאךְ:

וכן בשר חיה ועוף בין בחלב חיה בין בחלב בהמה אינו אסור באכילה מן התורה לפיכך מותר לבשלו ומותר בהנייה. ואסור באכילה מדברי סופרים כדי שלא יפשטו העם ויבואו לידי אסור בשר בחלב של תורה ויאכלו בשר בהמה טהורה בחלב בהמה טהורה. שהרי אין משמע הכתוב אלא גדי בחלב אמו ממש לפיכך אסרו כל בשר וחלב:

„און אויךְ אַזוֹ אִיז דָאס פְלֵייש פוּן אַיין חיה, אוֹדִיר פוּן אַיין עוף, וָואס עֶס אִיז גִיקָאכְט גִיוָוארִין, עֶס זַייא אִין דֶער מִילְךְ פוּן אַיין חיה, אוֹדִיר אִין דֶער מִילְךְ פוּן אַיין בהמה, אִיז עֶס נָאךְ דֶער תורה נָאךְ נִיט אסור צוּ עֶסִין, דְרוּם אִיז עֶס מותר צוּ קָאכִין און דֶער פוּן הנאה צוּ הָאבִּין. אָבִּיר נָאךְ דִיא רֵייד פוּן דִיא שְׁרִיפְט גִילֶערִינְטִי (סופרים) אִיז עֶס אסור צוּ עֶסִין; כדי דָאס פָאלְק זָאל נִיט וַוייטִיר גֵייהִין און זָאלִין נִיט עובר זַיין אוֹיף דֶעם איסור פוּן פְלֵייש מִיט מִילְךְ וָואס נָאךְ דֶער תורה נָאךְ אִיז אסור, און וֶועלִין עֶסִין דָאס פְלֵייש פוּן אַיין רֵיינִי בהמה גִיקָאכְט מִיט דָאס מִילְךְ פוּן אַיין רֵיינִי בהמה; וָוארִין פַאר וָואר אִיז נִיט אַנְדִירְשׁ דִיא משמעות פוּן פסוק, וִויא נוּר טַאקִישׁ, פְּרָאסְטָא נוּר אַיין בֶּעקִיל אִין דֶער מִילְךְ פוּן זַיין מוּטִיר, דְרוּם הָאבִּין דִיא חכמים אסור גִימַאכְט אַ לְ י ס פְלֵייש וָואס אִיז מִיט מִילְךְ גִיקָאכְט. „ דָא הָאבִּין מִיר אַיין בפירושן בִּיקֶענְטְנִישׁ, אַז דִיא רבנים הָאבִּין זִיךְ דֶערְוואוּיגִין, דָאס יֶענִיגִי אסור צוּ מַאכִין, וָואס גָאט הָאט מתיר גִיוֶועזִין, און אַז זֵייא הָאבִּין גָאר פְּרָאסְטָא אַזְ אוּמְשְׁטֶענְדִין אוֹדִיר עֶס זָאל זֵייאִירִי נאמנות גָאר עֶפִּיס אַיין רִיהר טָהוּן, צוּזֶעצוּנְגִין צוּ זַיין תורה גִימַאכְט. עֶס קוּמְט דִירְבַּייא נִיט דִירוֹיף אָן וָואס דִיא סיבה דֶער צוּ מחמת וָואס זֵייא הָאבִּין עֶס גִימָזְהוּן אִיז גִיוֶועזִין, דָאס אַזוֹ צוּ פֶער פַאהְרִין אִיז אֵייבִּיג אִין הֶעכְסְטִין גְרַאד אַיין חוצפה. דָאס פַארְגֶעבִּין, אַז באשר דִיא דָאזִיגִי צוּזֶעצוּנג זֶענִין בְּלוֹז מחמת דֶעם גִימַאכְט צוּ אַיין פֶערְצָאמוּנְג (גדר), כדי דָאס פָאלְק מרחיק צוּ זַיין פוּן אַיין עבירה, קָאן דִירְבַּייא פַאר קֵיין תירוץ נִיט גִילְטִין; וָוארִין וֶוען גָאט וָואלְט אַזֶעלְכִי

פערצאמונגין

פֶערְצָאמוּנְגִין (גדרים און סייגים) פַאר גֵייטִיג אוֹדֶיר נוּצְלִיךְ גִיהַאלְטִין, וָואלְט עֶר זֵייא זֶעלְבִּירְט גִיהַאט פָאר גִישְׁרִיבִּין. וַוייל עֶר הָאט עֶס אָבִּיר, וִויא דִיא רבנים זֶענִין אַלֵיין מודה, נִיט גִיטָהוּן, בַּייאִירְט דִיא דָאזִיגִי סְפָּאסִיבִּים קוּמִין בְּלוֹז פוּן דִיא שְׁרִיפְט גִילֶעהְרִינְטִי אַרוֹים, אַזוֹ קֶענִין זֵייא נִיט גֵייטִיג אוּן אוֹיךְ נִיט נוּצְלִיךְ זַיין, וֶוען מִיר זָאלִין נוּר נִיט וֶועלִין גְלוֹיבִּין, וָואס צוּ גְלוֹיבִּין וָואלְט דָאךְ טַאקִיש אַיין לֶעסְטִירוּנְג גִיוֶועזִין, אַז דִיא גִיזֶעץ פוּן גָאט אִיז אַזוֹ לַאנְג נִיט פוּלְקוֹמִין גִיוֶועזִין, בִּיז זֵייא זֶענִין פוּן דִיא שְׁרִיפְט גִילֶערִינְטִי פוּלְקוּמִין און פֶּערְבֶּעסִירְט גִיוָוארִין. עֶס אִיז פַאר וָואר צוּ בְּיוואוּנְדִירִין, אַז מֶענְשִׁין וֶועלְכִי עֶס בִּיהוֹיפְּטִין דִיא תורת משה צוּ אַכְטִין, זָאלִין זֵייא דִיא תורת משה אַזוֹ גְרִינְג שֶׁעצִיג בִּיהַאנְדְלִין נָאךְ מֶעהר אָבִּיר, אַז דִיא יֶענִיגִי, וֶועלְכִי עֶס שַׁיינִין אַזוֹ מִיט פחד דִירוֹיף בִּיוַאכְט צוּ זַיין, קֵיין עבירה נִיט עובר צוּ זַיין, זֶענִין אפילו גָאר פוּן גְרוּנְד אוֹיס בכלל עובר דָאס אוֹיס דְרִיקְלִיכִי גִיבָּאט:

לא תוסיפו על הדבר אשר אנכי מצוה אתכם:

„אִיהר זָאלְט נִיט מֶעהרִין אוֹיף דֶעם וָוארְט וָואס אִיךְ גִיבִּיט אַייךְ." (דברים ד׳ פסוק ב׳) דָאס אִיז מֶעהר קשה וִויא אַלֶץ, וָואס דִיא נַייאִירִי יוּדִין הַאלְטִין זִיךְ אַזוֹ גדול מִיט דִיא רֵיינְהַייט פוּן זֵייאִיר אמונה און מֵיינִין, אַז נוּר זֵייא אַלֵיין צְווִישִׁין אַלִי פֶעלְקִיר הָאבִּין דֶעם וַואהרִין גָאט און דִינִין אִיהם אַלֵיין, וֶוען זֵ י י א דִ י נִ י ן דָאךְ טַאקִיש אִין אמת דִיא מחברים פוּן דֶער תורה שבע״פ, און זֵייאִיר גִיהָארְכִין פוּן דת טְהֵיילִין זֵייא צְווִישִׁין גָאט מִיט דִיא רבנים. וֶוען דִיא צוּזֶעצוּנְג פוּן דִיא רבנים וָואלְט עֶפִּים טִיפִי פֶערְשְׁטֶענְדִיגְקֵייט אִין דִיא גִיזֶעץ גֶעבּוּנְג בִּיוִייזִין, אוֹדִיר וֶוען זֵייא וָואלְטִין דִיא כוונה גִיהַאט דִיא מָארַאלִישִׁי אוֹדִיר צַייטְלִיכִי גְלִיקְזֶעלִיגְקַייט פוּן דָאס מֶענְשְׁלִיכִי מִין אַיין צוּ שְׁטֶעלִין, דֶען וָואלְטִין זֵייא נָאךְ עֶפִּים גִיוֶועזִין צוּ פֶּער עֶנְטְווִירִין; אָבִּיר וָואס זָאלִין מִיר פוּן דִיא יֶענִיגִי דֶענְקִין, וֶועלְכִי עֶס הָאבִּין אַיין בפירושין גִיבָּאט פוּן גָאט עובר גִיוֶועזִין, פוּן וֶועגִין אַיין צוּזַאץ, וִויא דֶער דָאזִיגִיר אִיז?

הבשר לבדו מותר והחלב לבדו מותר ובהתערב שניהן על ידי בישול יאסרו שניהם. במה דברים אמורים שנתבשלו שניהם ביחד או שנפל חם לתוך חם או צונן לתוך חם. אבל אם נפל אחד משניהם והוא חם לתוך השני והוא צונן קולף הבשר כולו שנגע בו החלב ואוכל השאר. ואם נפל צונן לתוך צונן מדיח החתיכה ואוכלה:

„דָאס פְלֵייש אַלֵיין אִיז מוּתר, און דָאס מִילְךְ אַלֵיין אִיז מותר, אָבִּיר אַזוֹ

באלד

באלד אז ביידי צומישן זיך דורך דאס קאכין , זענין זייא ביידי אסור . דאס דאזיגי איז נור דענסמאלט דער פאל אז ביידי זענין צוזאמין גיקאכט גיווארין אודיר עס איז איינס הייסירהייט אריין גיפאלין אין דאס אנדירי וואס איז אויך הייס גיוועזין , אודיר ווען אויך דאס אייני קאלטי איז אריין גיפאלין אין דאס אנדירי הייסי ; אביר ווען איינס פון ביידי וואס איז הייס גיוועזין איז אריין גיפאלין אין דאס אנדירי וואס איז קאלט גיוועזין שיילט מאן דאס גאנצי פלייש ארום וואו דאס מילך האט זיך דיראן אנגירירט און דאס איבריגי מעג מאן עסין . ווען אביר עס איז קאלטים אין קאלטים אריין גיפאלין , אזו וואשט מאן דאס שטיק פלייש בלוז אב און מאן עסט עס . " (הלכות מאכלות אסורות פרק ט׳ , הלכה י״ז) מיר האבין דא ערשטליך איין איינגן מעכטיגי אויס ברייטונג פון דעם געטליכין גיבאט . גאט האט בלוז פערבאטין איין ציקילי אין זיין מוטירס מילך צו קאכין , דיא רבנים אביר בריייטירין דאס דאזיגי פערבאט אויס אויך אויף איין קאלב און אויף איין לאם , דען אביר גייהין זייא איין טריט ווייטיר און פערביטין , איביר הויפט איטליכים פלייש מיט מילך צו קאכין , און נון זעהין מיר וויא זייא גייהין ווייטיר און מאכין גאר זייער אסור איטליכים פערמישונג פון פלייש מיט מילך . אזו יאגין דיא רבנים זיך נאך אומידום נאך דעם כלל הערשאפט , און ביגינונגינין זיך נור דענסמאלט אז זייא נעהמין אין גאנצין אונטירין יאך דאס הערץ און גימיטה. אנדירי טיראנישי מענשין מוזין צו פרידן זיין מיט דעם וואס זייא האלטין דעם גוף אונטירין יאך , דיא גידאנקין אביר קענין זייא אין קייני קייטין ניט איינשמידין ; דיא מחברים פון דער תורה שבע״פ דערקייגין גרייפין אפילו אן דיא פרייהייט פון דיא גידאנקין און דריקין אפילו אין דיא קיכין אויך זייאיר ביפעהל אריין . זייא ווילין אז זייאירי אנהענגיר זאל ניט אמאהל עסין , ווען עס איז זייא ניט ביליבט, און מיט דער האנד פון עזות און חוצפה גרייפין זייא אפילו אריין אין דעם , וואס גאט האט דירצו דאס רעכט , ווייל זייא מאכין אסור איין עסין שפייז , מיט וועלכיר ער האט זיין פאלק פערזארגט . צווייטינס אביר שטרייטיט דער אינהאלט פון דעם אויבין גידאכטין אויס צוג אקייגין איטליכים גיזונדין מענשין פערשטאנד . ווען פלייש און מילך , איטליכים ביזונדיר פאר זיך , זענין זאכין וואס איז מותר , וויא קאן דיא פערמישונג פון ביידי זייא פאר עפיס אום דיר לויבטים מאכין ? אלץ וואס גאט פערביטיט , איז אסור , אן איין אונטיר שייד , אויב מיר זעהין דעם טעם דירפון איין , אודיר ניט . דא אביר זענין דיא רבנים זעלבירט

מורה

מודה, אַז גָאט הָאט דִיא דָאזִיגֶע פֶערְמִישׁוּנְג נִיט פֶערְבָּאטְן, נַייאֶערְט
דָאס דָאזִיגֶע פֶערְבָּאט אִיז דוּרְךְ אוּיס זַייאֶער אֵייגֶענֶע עֶרְפִינְדוּנְג. מִיר זֶענֶען
דַארוּם מחוייב, פוּן אוּנְזֶער פֶערְשְׁטַאנְד, אַזוֹ פִיל וִויא גָאט מֶעג אוּנְס
גֶעגֶעבְּן הָאבְּן, אַיין גֶעבְּרוֹיךְ צוּ מַאכְן אוּן אוֹיף דֶעם טעם פוּן דֶעם
דָאזִיגְן פֶערְבָּאט צוּ פְרֶעגְן. אוּן ווִידִיר, וָוארוּם זָאל דָאס, וָואס וֶוען
דָאס אִיז קַאלְט אִיז עֶס מותר, זָאל עֶס עֶפִּיס אסור וֶוערִין וֶוען עֶס אִיז
הֵייס? מַאן וָואלְט אפשר זָאגְן, אַז דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ אִיז גָאר אִין גַאנְצְן
אַיין קְלֵיינִיגְקַייט. אִין זִיךְ אִיז עֶס טַאקִישׁ אַזוֹ; נוּר אַלְץ אֵיין לַאכְט פוּן
מֶענְשְׁלִיכְן גֶעוִויסְן (נאמנות) אִיז עֶס אֵיין זַאךְ פוּן דִיא גְרֶעסְטֶע
וִויכְטִיגְקַייט, אוּן אִין אַזוֹ וַוייט ווִיא עֶס דִינְט דֶער צוּ, דִיא פְּרַאקְטַאקִים
צוּ בִּיטְרִיגְן, עֶס אִיז נָאךְ ווִיכְטִיגֶער. אִין פִילֶע לֶענְדִיר זֶענֶען דִיא דָאזִיגֶע
אוּן דֶער גְלַייכְן אוּיס טְרַאכְטוּנְגְן, דִיא גַאנְצֶע אמונה פוּן דִיא פְּרָאסְטֶע
מֶענְשְׁן אוּן גַאנְץ בִּיזוּנְדִירְס פוּן דִיא וַוייבֶּער. דִיא תורה שבע״פ זָאגְט
אַז עֶס אִיז נִיט נֵייטִיג, דִיא וַוייבֶּער דִיא תורה פוּן גָאט צוּ לֶערְנְן, אָבֶּער
וואוהל אִיז דָאס אַיין זַאךְ, וָואס פוּן אִיהר הֶענְגְט כמעט דָאס לֶעבְּן אוּן
טוֹיט אָבּ, אַז זֵייא זָאלְן דִיא רבנישֶׁע גֶעזֶעץ פוּן פְלֵייש מִיט מִילְךְ ווִיסְן.
וֶוען אַיין אשה קָאן גָאטְס וָוארְט נִיט לֵייאֶנְן אוּן וֵויים אַזוֹ וֶועניג פוּן גָאטְס
ווִילְן ווִיא אַיין הַייד, אַזוֹ הַאלְטְן דָאס דִי רבנים פַאר אַיין קְלֵיינִיגְקַייט:
וֶוען אָבֶּער אַיין אשה, זָאל דוּרְךְ אוּם ווִיכִינְהַייט, פְלֵייש מִיט אַיין בִּיסִיל
מִילְךְ פֶערְמִישְׁט, אוֹיף דֶעם טִישׁ אַרוֹיף בְּרֶענְגְן, דֶען וָואלְט דִיא גַאנְצֶע
פַאמִילְיֶע אִין אוֹיפְרוּהר אַרַיין גֶעפַאלְן, אוּן דֶער רב זֶעלְבִּירְט וָואלְט צוּ
אַיין עצה גֶעמוּזְט גֶעצְווֹיגְן וֶוערִין, אוּם אַיין תחבולה אַקֶעיגְן דָאס דָאזִיגֶע
שְׁרֶעקְלִיכֶע אוּם גְלִיק אַרוֹיס צוּ גֶעפִינְן. עֶס קוּמְט דִירְפוּן אַרוֹיס, אַז
רֶעכְט גוּט הַאלְטְן דִיא דָאזִיגֶע מנהגים גִילְט בַּייא אַלֶע דִיא וָואס זֶענֶען נִישְׁט
גִילֶעהְרִינְט, פַאר פְרוּמְקַייט, אוּן דִיא דָאזִיגֶע אָרִימֶע נפשות הָאפְן גְלַייךְ
אִין הֵיכַל אַרַיין צוּ גֵייהִין וֶוען זֵייא הָאבְּן דוּרְךְ אוּיס גָאר נִישְׁט אוּן וֵוייסְן
גָאר נִישְׁט פוּן דִיא יֶענִיגֶע הֵיילִיגְקַייט, וַוארְהַייט, אוּן רֵיינְהַייט, וֶועלְכֶע
עֶס אִיז דָאס ווִירְקְלִיכֶע אוֹפֶן, אוּם פַאר דֶעם פנים פוּן גָאט זִיךְ צוּ קֶענֶען
בֶּיוַוייזְן. אַזוֹ צוּ שְׁטֶערְט דִיא תורה שבע״פ דָאס הֵייל פוּן דִיא זֵייֶלְן פוּן
דֶער גְרוֹיסִיר גוּזְמָא מֶענְשְׁן, אָבֶּער אַנְדִירֶע וֶועלְן פַאר זַייאֶער בְּלוּט מוּזְן
אָבּ עֶנְטְוֶוערִין. אַלֶע דִי ווָס דֶרְהַאלְטְן דֶעם דָאזִיגְן דת אַז עֶר זָאל אַיין קיום
הָאבְּן, מוּזְן אִין דִיא דָאזִיגֶע פֶער אַנְטְוָוארְלִיכְקַייט אַיין חלק הָאבְּן.
דִיא רבנים, וֶועלְכֶע בִּילֶערְנְן, דִיא גִילֶערִינְטֶע יוּדִין (לומדים) דִיא וָואס

העלפין

הֶעלְפִין זַייא אוּן אוּנְטִיר שְׁטִיצִין זַייא , דִיא כהנים אוּן לוים , דִיא וָואס גָאט הָאט זַייא אָן גִיטְרוֹיהט דָאס בִּיזָארְגִינִיש פוּן דִיא זֵיילִין פוּן זַיין פָאלְק וָואס זַייא פֶּערְלָאזִין אָבִּיר זַייאִיר הֵיילִיגִין אַמְט , אַלִי וֶועלִין הָאבִּין אָבּ צוּ עֶנְטְוָוירִין פַאר דִיא זֵיילִין פוּן דִיא פֶּערְלוֹירִינִי מֶענְשִׁין ; אָבִּיר נָאךְ מֶעהר פוּן דִיא דָאזִיגִי וֶועלִין דִיא יֶענִיגִי יוּדִין הָאבִּין אָבּ צוּ עֶנְטְוָוירִין , דִיא וָואס וֵוייסִין , אַז יֶענִי מעשות אִיז כנגד דֶעם זִינִין , דִיא וָואס עֶסִין זֶעלְבִּירְט פְלֵייש מִיט מִילְךְ , אוּן לַאבִּין פוּן דֶער רבנישיר אמונה פוּן הבל אוּן בְּלַייבִּין דָאךְ אָן אֵיין גִיפִיהל בַּייא דֶעם עֶלֶענְד פוּן זַייאִירִי בְּרִידִיר. אִיטְלִיכִיר , דֶער וָואס הָאט זִיךְ אִיבִּיר הוֹיפְּט מִיט דִיא פעולות פוּן יֶענִי דינים בִּיקָאנְט גִימַאכְט , וֵויים , אַז נִיט אַלֵיין זַייא בִּיצַייגִין אַיין פַאלְשִׁי פָארְשְׁטֶעלוּנְג פוּן דֶער אמונה , נַייאִירְט זַייא זֶענִין אוֹיךְ אֵיין פְּלָאג אִין דֶעם דָאזִיגִין לֶעבִּין . אַזוֹ גוּט אִין הוֹיז זַאבִּין וִויא אוֹיךְ אִין דֶער קִיךְ קֶענִין זִיךְ אַלִירְלֵייא סיבות טְרֶעפִין ; עֶס קָאן אַיין שְׁטִיק פְלֵייש אִין מִילְךְ אַריין פַאלִין , אוֹדִיר מִילְךְ קָאן אִין אַיין טָאפּ פְלֵייש אַריין גִיגָאסִין וֶוערִין , פֶערְדְרוּס אוּן יָאמֶער קוּמְט דֶער פוּן אַרוֹים , אוּן וֶוען דִיא אוּמְגְלִיקְלִיכִי אשה , וָואס דָאס דָאזִיגִי שברי הלב הָאט זִיא בִּיגֶעגִינְט , קָאן דֶערְהֵיים קֵיין בִּיפְרִידִיגְמִין בִּישֵׁייד דִירוֹיף נִיט בִּיקוּמִין , מוּז זִיא צוּם רב לוֹיפִין אוּן בַּייא אִיהם אַיין שאלה פְרֶעגִין וָואס זִיא זָאל טָהוּן . אַזוֹ זָאגְט למשל דִיא תורה שבע״פ :

בשר שנפל לתוך החלב. או חלב שנפל לתוך הבשר ונתבשל עמו שיעורו בנותן טעם. כיצד חתיכה של בשר שנפלה לקדרה רותחת של חלב. טועם הגוי את הקדרה אם אמר שיש בה טעם בשר אסורה. ואם לאו מותרת ואותה חתיכה אסורה. בד״א שקדם והוציא את החתיכה קודם שתפלוט חלב שבלעה. אבל אם לא סלק משערים אותה בששים מפני שהחלב שנבלע בה ונאסר יצא ונתערב עם שאר החלב :

„וֶוען פְלֵייש אִיז אַריין גִיפַאלִין אִין מִילְךְ , אוֹדִיר וֶוען מִילְךְ אִיז אוֹיף פְלֵייש אַרוֹיף גִיגָאסִין גִיוָוארִין אוּן זֶענִין צוּזַאמִין גִיקָאכְט גִיוָוארִין , אַזוֹ וֶוענְדִיט זִיךְ דָאס אָן דֶעם טעם גֶעבּוּנְג , וִויא אַזוֹ אִיז דָאס ? וֶוען אַיין שְׁטִיק פְלֵייש אִיז אַריין גִיפַאלִין אִין אַיין טָאפּ זִידִינְדִיגִי מִילְךְ , אַזוֹ זָאל אַיין גוי (נִיט קֵיין יוּד) פֶּערְזוּכִין וָואס אִין טָאפּ אִיז , אַז עֶר זָאגְט , עֶס אִיז דֶערִינְין פֶּערְהַאנְדִין אַיין טעם פוּן פְלֵייש , אִיז עֶס אסור , אוּן אַז נִיט אִיז דָאס מִילְךְ מותר , אָבִּיר דָאס פְלֵייש אִיז אסור . וואוּ אִיז עֶס גִירֶעט גִיוָוארִין , נוּר בַּייא דֶעם פַאל אַז מַאן הָאט בַּאלְד דָאס שְׁטִיק פְלֵייש אַרוֹיס גִינוּמִין עֵיידִיר עֶס הָאט פוּן זִיךְ וִוידִיר דָאס אַיין גִיזַאפְּטִי מִילְךְ אַרוֹיס גִילָאזִין ; וֶוען מַאן הָאט עֶס אָבִּיר נִיט אַרוֹיס גִינוּמִין , בִּירֶעכִינְט מַאן עֶס אוֹיבּ עֶס הַאלְט אִין גַאנְצִין זֶעכְצִיג טְהֵייל (ששים) וַוייל דָאס מִילְךְ וָואס אִיז אִין דָאס

פְלֵייש אַיין גִיזַאפְּט גִיוָוארִין אוּן אִיז אסור גִיוָוארִין, אִיז ווִידִיר אַרוֹיס גִיגַאנְגִין דִירְפוּן אוּן אִיז צוּ מִישְׁפְּט גִיוָוארִין מִיט דָאס אַנְדִירִי מִילְךְ." (דָארְטִין.) מֵילָא דִיא דָאזִיגִי דינים בְּרֶענְגִין נוּן אִין בֶּעסְטִין פַאל צוּ וֶועגִין, דָאס הֵייסְט, וֶוען דֶער אֵייגִינְטִימִיר פוּן דָאס מִילְךְ אוּן פְלֵייש אִיז אִין שְׁטַאנְד דֶעם הזיק דֶער פוּן אוֹיס צוּ הַאלְטִין, עֶרְשְׁטְלִיךְ אַיין אוּם נֵייטִיגִי אוּם רוּהִיגְקֵייט אוּן קְוֶוייעלֶערַייא, וָואס קֵיינִיר הָאט דָאס רֶעכְט נִיט אַזוֹ וָואס אוֹיף זַיין חבר אַרוֹיף צוּ לֵייגִין; צְוֶוייטִינְס אָבִּיר, אוּן דָאס דָאזִיגִי אִיז וַוייט ווִיכְטִיגִיר, בְּרֶענְגִין זֵייא צוּ וֶועגִין אַיין גַאנְץ גְרוֹיסִי זִינְד, ווַייל זֵייא גִיבִּיטִין צוּ פֶערְנִיכְטִין אַיין גוּטִי אוּן גִיזוּנְדִי שְׁפַּייז וָואס נָאךְ דֶער תורה שבכתב נָאךְ אִיז עֶס מותר צוּ עֶסִין; וָוארִין וֶוען דָאס מִילְךְ הָאט אֵיין טעם פוּן פְלֵייש, אַזוֹ מוּז דִיא דָאזִיגִי מִילְךְ אַזוֹ גוּט ווִיא דָאס פְלֵייש נִיט נוּר גִיהַאלְטִין וֶוערִין אַז מַאן טָאר עֶס נִיט גִינִיסִין זוּנְדֶערְן אוֹיךְ אַז מַאן טָאר דִירפוּן גָאר קֵיין שום הנאה נִיט הָאבִּין. ווִיא קֶענִין נוּן דִיא יוּדִין פְרִידִין אוּן גוּטְס דֶער וַוארְטִין, וֶוען זֵייאִיר תורה שבע"פ לֶערִינְט זֵייא, גָאטִיס ברכה צוּ פֶערְאַכְטִין אוּן מִיט פֶערְאוּנְווִירְדִיגוּנְג פוּן זִיךְ אַוֶועק וַוארְפִין? ווִיא אִיז אָבִּיר אַז דֶער פַאל אִיז, אַז דֶער אֵייגִינְטִימִיר פוּן דֶעם מִילְךְ אוּן פְלֵייש אִיז אַיין אָרִימִיר מַאן וָואס עֶר הָאט זַיין זוֹיעֶר בִּיקוּמִינֶעם וֶוייניגִין פֶערְדִינְסְט דִירוֹיף אוֹיס גִיגֶעבִּין, זַיין פַאמִילְיע מִיט שְׁפַּייז צוּ פֶערְזָארְגִין, אוּן מוּז אִיהם אוּן זַיין פַאמִילְיע אַזוֹ אַיין סיבה בְּרֶענְגִין אַז זֵייא זָאלִין טַאקִיש נִיט אוֹיס הַאלְטִין פוּן שברות הלב. זֵייאִיר לֶעצְטִי הָאפִינוּנְג אוֹיף הִילְף אִיז זֵייא אַוֶועק גִינוּמִין, אוּן זֵייא מֶעגִין זִיךְ אִיצוּנְד גִיטְרֵייסְט פַר הוּנְגִיר שְׁטַארְבִּין. וֶוען זֵייא גֶעהִין צוּם רב אוּן דֶערְצֵיילִין אִיהם ווִיא שְׁלֶעכְט עֶס אִיז זֵייא מחמת דֶער סיבה – אוּן גִיבִּין אִיהם צוּ פֶערְשְׁטֵייהִין, אַז, וֶוען דָאס פְלֵייש אַלֵיין פַאר זִיךְ אִיז מותר, דַארְף דָאךְ דָאס מִילְךְ אוֹיךְ מותר זַיין – אַז דִיא תורת משה הָאט אִין עֶרְגִינְץ אַזוֹ אַיין שְׁפַּייז נִיט פֶערְבָּאטִין; אַזוֹ עֶנְטְווִירִין דִיא לֶערְנִירְס פוּן דִיא תורה שבע"פ, אַז זֵייאִירִי קבלות וָואס מַאן הָאט זֵייא אִיבִּיר גִיעֶנְטְווִירְט קֶענִין נִיט אוּם גִישְׁטוֹיסִין וֶוערִין, אוּן דִיא אָרִימִי לַייט מוּזִין דִיא טְרוֹיאִירִיגִי ידיעה בִּיקוּמִין, אַז צוּ גִינִיסִין אַיין שְׁפַּייז וָואס אִיז פוּן גָאט דִירְלוֹיבְּט אוּן גִיגֶעבִּין גִיוָוארִין, אִיז אַיין זִינְד צוּ עֶסִין, אָבִּיר פַאר הוּנְגִיר צוּ שְׁטַארְבִּין אִיז דֶערְלוֹיבְּט. ווִיא קֶענִין מֶענְשִׁין דִיא וָואס הָאבִּין נוּר עֶפִּיס אַיין גִיפִיהל פוּן מֶענְשְׁלִיכְקֵייט, גְלוֹיבִּין, אַז אַזוֹ אַיין תורה אִיז פוּן גָאט? ווִיא קֶענִין מֶענְשִׁין וָואס הָאבִּין נוּר עֶפִּיס גִיזוּנְדִין מֶענְשִׁין פֶערְשְׁטַאנְד דָאס גִימִיטָה אוּן דֶעם גוּף פוּן דִיא אָרִימִי אוּן אוּמְווִיסִינְדִי אַזוֹ לָאזִין פַּיינִיגִין? פַאר אַלִים אָבִּיר, ווִיא

קאן אַיין פאָלק. וואס האַלט זיך מיט דיא ריינהייט פון זייאיר גלויבין אַזוֹ גרוֹים, פאַר אַזעלכי דריקנדי, שרעקליכי, און פון מענשין אוים גיטראַכטי דינים אַיין אָבגאָטישין ביפאָלגונג ביווייזין? עס איז אַיין אומזונסטי בירימירייא ווען זייא זאָגין, אַז באשר זייא האָבין קייני בילדיר ניט; דיא תורה שבע"פ מיט איהרי דינים זענין אַיין גאַנצי מתנה געצין. מיט אום רעכט זענין זייא זיך מתגבר מיט גדלות איביר דיא וואס דינין צו דער עבודה זרה וואס הייסט מלך; דיא תורה שבע"פ איז אויך אַזוֹ אַיין גרימיגי און בלוטיגי עבודה זרה, און פאַר איהר ווערד אַלי טאָג גיאָפפערט דיא זיילין און דיא לייביר פון דיא ארימי לייט און פראָסטאַקים. איטליכי ממשלה וואס עס ווערד גיגעבין צו דער אום וואַרהייט אודיר צו אכזריות, איז אַיין אָבגעטירייא; און איטליכיר בידענקטיר מענש מוז מודה זיין, אַז דאס בכבוד האַלטין דיא תורה שבע"פ האט אין זיך דיא דאזיגי מדה. דיא רבנישי יודין זעלבירט וואָלטין מיר גערין גיזאָגט: בידיינקט אייך דאך, אויב עס איז מיגליך אַז גאט זאָל האָבין אַזוֹ אַיין דריקנדי תורה גיגעבין, אודיר אויב ער קאן אַיין וואוהל גיפאַלין האָבין אָן אַזוֹ אַיין ביפאָלגונג, אָן וועלכיר עס ווערד דער וויזין אַז עס איז אום באַרימהערציג? דיא יעניגי אָביר, דיא וואס פערוואַרפין דיא תורה שבע"פ, וואָלטין מיר צו רופין און זאָגין: איהר האָבט אַיין חיוב צו דער פילין, פון וועלכיר עס קאן אייך קיין זאך ניט לויז מאַכין, און דאס איז, ניט קיין טאָג און אויך קיין נאַכט ניט צו רוהין, ביז דיא ישראל זאָלין פון דער דאזיגיר אָבגעטישיר בכבוד האַלטונג פון מענשין אָב גפיהרט ווערין און פון אַזוֹ אַיין דריקנדין יאָך פון לייב און זייל ביפרייאיט זיין. מיר זענין מודה אַז דיא קריסטין זענין דאס דאזיגי אויך מחוייב, און מיר האָבין זיך אין דיא דאזיגי בלעטיר בימיהיט, אונזירין אַנטהייל אין דעם זעלביגין חיוב אָב צו געבין; נור אָביר דער חיוב וואס עס ליגט אויף דיא ישראל האָבין צעהין מאָהל מעהר ממשלה. דער באַנד פון פריינד שאַפט (קרובים), זייאיר אַמט אַלץ אַיין קיניגרייך פון כהנים (ממלכת כהנים), דיא גינאָד פון גאָט, אַז ער האָט זייא דיא תורה צום ערבטייל גיגעבין דאס אַלים פערמעהרט וואס זייא ווילין מוזין אָב ענטווירין, און דיא גרייס פון זייאיר חיוב. עס וואָלט אַיין שאַנד גיוועזין פאַר דיא פון ישראל, צו שווייגין, ווען דיא וואס זענין גאָר ניט פון ישראל. הייבין הויך זייאיר שטים אויף, פאַר דאס ווידיר אַיינשטעלונג דיא אמונה פון משה און דיא נביאים. באמת קענין כמה ישראלים דירבייא אַליר האַנד שוועריגקייטין האָבין, זייא קענין דורך האַנדילס פערהעלטנישין אודיר

פַאמִילִישִׁי זַאכֶן מִיט דִיא דָאזִיגֶי מֶענְשֶׁין פֶער בּוּנְדִין זַיין וֶועלְכֶי עֶס טְרָאגֶין נָאךְ אוֹיף זִיךְ דִיא קֵייטֶין פוּן דֶער תורה שבע״פ, אוּן דַארוּם קֶענֶין זַייא אַמָאהל דַארְפִין מורא צוּ הָאבִּין פַאר אַיין שָׁאדִין אִין זַייאִיר אִיצוּנְדִיגִין פֶער מֶעגִין אוֹדִיר פַאר דֶעם וִוילִין פוּן זַייאִירִי קרוֹבים אוּן גוּטִי פְרַיינְד. נוּר אָבִּיר אִין דֶעם זֶעלְבִּיגִין פַאל אִיז אברהם אוֹךְ גִיוֶועזִין, בשעת עֶר הָאט זִיךְ אַפָּאר גִינוּמִין, דִיא פַאלְשִׁי גֶעטִיר פוּן זַיינִי עֶלְטִירִין אָבּ צוּ זָאגִין אוּן נוּר דֶעם וַואהְרִין גָאט אַלַיין צוּ דִינִין; אוּן אִיטְלִיכִיר דֶער וָואס הָאט זִיךְ מִיט גָאטִים הִילְף אַפָּאר גִינוּמִין, דִיא וַואהְרְהַייט נָאךְ צוּ גֵייהִין אוּן זִיא צוּ בִּיהוּיפְּטִין, מוּז עֶר זִיא טַאקִיש אוֹיךְ נָאךְ לִיבִּיר הָאבִּין וִויא זַיין לֶעבִּין זֶעלְבִּירְט. קָאן אַיין זוּן פוּן אברהם נִיט פֶעסְט זַיין? וֶועט עֶר דֶעם וואוהל גִיפַאלִין פוּן גָאט וִוידִיר שֶׁפֶּענִיגִין, כדי דֶעם וִוילִין פוּן זַיינִי פְרַיינְד עֶנְטְרוּנִין צוּ וֶוערִין? יוֹא טַאקִיש, וֶוען זַיינִי פְרַיינְד לֶעבִּין נָאךְ אִין טעות. אִיז דֶען דָאס נִיט אַיין גִידָאפִּילְטִיר טעם, וָואס עֶס זָאל אִיהם דֶער צוּ טְרַייבִּין, דֶעם דָאזִיגִין טעות צוּ פֶערְנִיכְטִין? מוּז עֶר נִיט גִידָאפִּילְט זִיךְ אַיילִין, זַיין פָאטִיר, זַיינִי מוּטִיר, זַיינִי שְׁוֶועסְטִיר אוּן בְּרִידִיר פוּן אַזֶעלְכִי פֶערְקוֹיפְטִי קְנֶעכְט שַׁאפְט פְרַייא צוּ מַאכִין? דֶער עֶרְשְׁטִיר פְּרוּב מֶעג טַאקִיש שְׁוֶוער זַיין, דָאס וָואס עֶס קוּמְט בִּישַׁיינְפִּירְלִיךְ דֶער פוּן אַרוֹס מֶעג נִיט זֵייעֶר גוּט זַיין; אָבֶּר וֶוען עֶר בִּיהוּיפְּטִיט דִיא וַואהְרְהַייט פוּן גָאט, פוּן גָאטִים וֶועגִין, וֶועט אִיהם דִיא ברכה פוּן גָאט אוֹיךְ טַאקִיש נִיט פֶעהלִין, אוּן צוּם סוֹף וֶועלִין מִיט אִיהם אפילו דִיא יֶענִיגִי, גוּטִי פְרַיינְד וֶוערִין, דִיא וָואס שְׁטֶעהִין אִיהם אִיצוּנְד מִיט פַיינְדְשַׁאפְט אַקֶיגִין. אַזוֹי לַאנְג וִויא דֶער אִיצְטִיגִיר צוּ שְׁטַאנְד פוּן דִיא זַאכִין דוֹאִירְט נָאךְ אַלְץ קֶענִין דִיא ישראל קֵיין מָאהל זַייאִיר אַלְטִי שְׁטֶעלִי נִיט וִוידִיר צוּ רִיק בִּיקוּמִין; גָאט אִין זַיין גִינָאד הַאלְט זַייא אִין צוּ שְׁפְּרֵייטוּנְג, כדי דֶעם נצחון פוּן דֶער תורה שבע״פ צוּ פֶער הִינְדִירִין. וֶוען זָאל אָבִּיר דֶער דָאזִיגִיר מעמד פוּן עֶלֶענְד אוֹיפְהֶערִין? עֶס מוּז אַיין מָאהל אַיין אָנְפַאנְג גִימַאכְט וֶוערִין. אֵיינִיגִי וָואס הַאלְטִין פַאר משה מוּזִין גִינוּג אֵייפֶער (קנאה) אוּן פֶעסְטִיגְקֵייט אִין זִיךְ הָאבִּין כדי דִיא שְׁטַארְקִי שְׁטִיצוּנְג פוּן דֶעם גְלוֹבִּין פוּן הבל אָן צוּ גְרֵייפִין אוּן זַייאִירִי בְּרִידִיר צוּ דֶער הֵייבִּין צוּ דֶעם גִיפִיהל פוּן זַייאִיר צוּ שְׁטַאנְד — אֵיינִיגִי אַזֶעלְכִי, דִיא וָואס זָאלִין נִיט בְּלוֹז זָאגִין אַז זַייא הַאלְטִין פַאר משה, נֵייאִירְט דִיא וָואס זָאלִין טַאקִיש וִוירְקְלִיךְ אִין זִיךְ הָאבִּין זַיין גִימִיטָה אָנְגִינוּמִין, אוּן דִיא וָואס זֶעצִין זַייאִיר בטחון אוֹיף דֶעם גָאט פוּן זַייאִירִי אבות. —

Дозволено Цензурою. Варшава 5 (17) Февраля 1876
Въ Типографіи А. Гинса. Королевская № 1064 D

# НЕСЫВОТЪ ОЛОМЪ

# נתיבות עולם

עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז.

דיא אלטי שטעגין.

## נומר נ״ג

בשעת גָאט הָאט דִיא ישראל דוּרְךְ משה דִיא תורה גִיגֶעבִּין, הָאט עֶר זַייא פַאר אֵיינְס אִין דֶער הַאנְד אַבַיין גִיגֶעבִּין אֵיינִיגִי פְּרוּבִּיר מִיטְלֶען, וָואס דוּרְךְ זַייא זָאלִין זַייא אֵייבִּיג אִין שְׁטַאנְד זַיין, זִיךְ זֶעלְבִּירְט צוּ פְּרוּבִּירִין אוּן צוּ אִיבִּיר צַייגִין, אוֹיבּ זַייא גִיהָארְכִין באמת אוֹדִיר נִיט אוּן אוֹיבּ דִיא גִיזֶעצִי וֶועלְכִי זַייא זֶענִין מקיים זֶענִין טַאקִיש ווירְקְלִיךְ דִיא גִיזֶעצִי וָואס משה הָאט גִיגֶעבִּין. אֵיינְס פוּן דִיא דָאזִיגִי מִיטְלֶען צוּם פְּרוּבִין אִיז פֶּער הַאנְדִין אִין דִיא וֶוערְטִיר וָואס דָא וֶועט שְׁטֵייהִין: „זֶעה, אִיךְ הָאבּ אַייךְ גִילֶערִינְט גִיזֶעצִי אוּן גִירִיכְטִי, גְלַייךְ אַז וִויא יהוה מַיין אלהים הָאט מִיר גִיבָּאטִין, צוּ טוּהן אַזוֹ אִין צְוִוישִׁין דֶעם לַאנְד וָואס אִיהר וֶועט קוּמִין דָארְטִין אַהִין עֶס צוּ עֶרְבִּין. אוּן אִיהר זָאלְט הִיטִין אוּן אִיהר זָאלְט טְהוּן, דֶען דָאס אִיז אַייאֶרִי וַוייזְהַייט אוּן אַייאֶר פֶער שְׁטַאנְד צוּ פַאר דִיא אוֹיגִין פוּן דִיא פֶעלְקִיר, וָואס וֶועלִין הֶערִין אַלִי דִיא דָאזִיגִי גִיזֶעץ, אוּן זַייא וֶועלִין זָאגִין: נַייאִירְט אַיין קְלוּגִים אוּן פֶערְשְׁטֶענְדִיגִים פָאלְק אִיז דָאס דָאזִיגִי גְרוֹיסִי פָאלְק.״ (דברים ד׳, פסוק ה׳ – ו׳) דוּרְךְ דֶעם וָואס דָא אִיז גִיזָאגְט גִיוָוארִין קֶענִין דִיא ישראל אֵייבִּיג וִויסִין, אוֹיבּ זַייא הַאלְטִין דִיא גִיזֶעצִי פוּן משה; זַייא הָאבִּין נוּר זַייאִיר אֵייגִינִי וִויסִינְשַׁאפְט צוּ פְרֶעגִין, אוּם צוּ בִּישַׁיידִין, אוֹיבּ זַייא וֶוערִין פוּן אַלִי פֶעלְקִיר בכבוד גִיהַאלְטִין פוּן וֶועגִין זַייאִירִי וַוייזְהַייט (חכמה). משה זָאגְט זַייא צוּ, אַז דָאס לוֹיבּ פוּן וַוייזְהַייט אוּן דֶער כבוד וָואס עֶס אִיז דֶער מִיט פֶערְבּוּנְדִין וֶועט זַיין דֶער לוֹין פַאר זַייאִיר גִיהָארְכִין. דַארוּם וֶוען דִיא אִיצְטִיגִי יוּדִין גִיהָארְכִין אִיצוּנְד, אַזוֹ מוּז דִיא דָאזִיגִי הבטחה אַלִי טָאג דֶער פִילְט וֶוערִין. וֶוען זַייא וֶוערִין אָבִּיר נִיט גִיאַכְטִיט אוּן נִיט בכבוד גִיהַאלְטִין פוּן וֶועגִין זַייאִירִי וַוייזְהַייט, אַזוֹ מוּז גִידְרוּנְגִין זַיין, אַז זַייא גִיהָארְכִין נִיט אוּן אַז וִוידִיר דִיא גִיזֶעצִי, וָואס

זייא

זייא זֶענין איצוּנְד צוּ זייא אַזוֹ אוּנְטִיר גִיגֶעבִּין, זֶענין נִיט דִיא גִיזֶעצֵי פוּן משה. נון אִיז עֶס אַיין בִּיקַאנְטֵי גִיוִויסֵי זַאךְ, אַז אִין דִיא לֶעצְטִירֵי צְוֵוייא טוֹזִינְד יָאהר אִיז בַּייא דִיא פֶעלְקִיר פוּן דֶער עֶרְד נִיט גִיוֶועזִין קֵיין גִיפִיהל פוּן בִּיוואוּנְדִירוּנְג אוֹיף דֶער חכמה פוּן דִיא ישראל. דָאס יוּדִישֵׁי פָאלְק אִיז אִין הֶעכְסְטִין גְרַאד פַאר נִישְׁט גִיהַאלְטִין גִיוָוארִין; זֵייאִיר גִימִיטה אוּן גַאנְצֵי גִילֶעהרִינְזַמְקֵייט פוּן ווִיסִינְשַׁאפְטִין זֶענין מחמת אוּם ווִיסִינְהַייט פֶער אַכְטִיט גִיוָוארִין, אוּן דִיא נַארִישְׁקֵייט פוּן דִיא מחברים פוּן דֶער תּוֹרה שבע"פ אִיז אוֹיף אַיין אוּם גִירֶעכְטִין אוֹפן אוֹיף אִיטְלִיכִין אֵיינְצִיגִין פוּן דָאס פָאלְק בִּיזוּנְדִיר אַרוֹיף גִילֵייגְט גִיוָוארִין. מִיר זָאגִין טַאקִיש אַז דָאס אִיז אוּם רֶעכְט אוּן גָאטְלוֹיז אוֹיף אַזוֹ אַיין אִיבִּיר אַיילְטִין שְׁטֵייגִיר צוּ משפטן. נוּר אָבִּיר דֶעם עיקר פוּן דֶער זַאךְ ווָאס במעשה אִיז, קֶענִין מִיר נִיט לֵייקִינִין, אוּן דָאס דָאזִיגֵי בִּיווַייזְט, אַז דִיא גִיזֶעצֵי, ווָאס דִיא יוּדִין גִיהָארְכִין זייא אִיצוּנְד, זֶענִין נִיט דִיא גִיזֶעצֵי פוּן משה. זייא גִיהָארְכִין אִיצוּנְד דִיא גִיזֶעצֵי פוּן דֶער תּוֹרה שבע"פ, אוּן דִיא פֶעלְקִיר הָאבִּין דִיא דָאזִיגֵי גִיבָּאטִי גִיהֶערְט, אָבִּיר נִיט אֵיין אֵ י נְ צִ י גִ י ס פָאלְק זָאגְט. "אַיין קְלוּגִים אוּן פֶערְשְׁטֶענְדִיגִים פָאלְק אִיז דָאס דָאזִיגֵי גְרוֹיסֵי פָאלְק!" אַנְדִירֵי ווֶעלִין עֶס אפשר צוּ שְׁרַייבִּין אַז דָאס קוּמְט מחמת דֶער פַאלְשִׁיר דעה, אוּן דִירוֹיף אִיז נִיט צוּ שְׁטְרַייטִין אַז עֶס אִיז פֶערְהַאנְדִין אַזֶעלְכֵי אוֹפנים וואוּ דִיא פַאלְשֵׁי דעות מַאכִין אוֹיף אַיין משפט אַיין שְׁטַארְקֵי ווִירְקוּנְג; נוּר אָבִּיר דָאס דָאזִיגֵי אִיז בַּייא אוּנְס נִיט דֶער פַאל. אוּנְזִיר בִּישְׁטֶענְדִיגֵי מֵיינוּנְג שְׁטִימִין אַלֵי צוּ, לטובה פַאר דִיא יוּדִין, אוּן פוּן דֶעסְט ווֶעגִין קֶענִין מִיר נִיט אוֹיס מַיידִין אַרוּם דֶער חכמה פוּן דִיא יֶענִיגֵי נִיט צוּ שְׁמוּהסִין, ווָאס זייא מַאכִין דִיא גִיזֶעצִי ווָאס ווֶעט דָא ווַייטִיר שְׁטֵייהֶן, צוּ אַיין טְהֵייל פוּן זֵייאִיר דת:

אין לשין העיסה בחלב ואם לש כל הפת אסורה מפני הרגל עבירה שמא יאכל בה בשר. ואין טשין את התנור באליה: ואם טש כל הפת אסורה עד שיסיק את התנור שמא יאכל בה חלב. ואם שנה בצורת הפת עד שתהיה נכרת כדי שלא יאכל בה לא בשר ולא חלב הרי זה מותר:

"מַאן טָאר נִיט קְנֶעטִין טֵייג מִיט מִילְךְ, אוּן ווֶוען עֶס הָאט גִיטְרָאפִין אוּן מַאן הָאט יוֹא גִיקְנֶעטִין אִיז דָאס גַאנְצֵי בְּרוֹיט ווָאס דִירְפוּן אִיז גִיבַּאקִין גִיוָוארִין אסור, פוּן ווֶעגִין אַז מַאן זָאל נִיט אַיינְגִיוואוֹינְט ווֶערִין אִין עבירה, ווָארִין תאמר ווֶעט מַאן דֶערְמִיט פְלֵייש עֶסִין. אוּן מַאן טָאר נִישְׁט אוֹיס שְׁמִירִין דֶעם בַּאק אוֹיפִין מִיט דֶעם ווֵיידִיל (אליה) פוּן אַיין שָׁאף, אוּן אַז מַאן הָאט יוֹא אוֹיס גִישְׁמִירְט אִיז גָאר דֶער בְּרוֹיט ווָאס אִיז דֶעם אוֹיפִין

איז גיבאַקין אסור, ביז מאַן האָט דעם אויפין ווידיר אויס גיהייצט, וואָרין תאמר וועט מאַן עס מיט מילך עסין. ווען מאַן האָט אָביר דיא פאָרמי פון דעם ברויט פער ענדירט אז מאַן זאָל קענין דירקענין כדי דער מיט ניט צו עסין ניט פלייש און ניט מילך איז עס מותר." (הלכות מאכלות אסורות פרק ט', הלכה כ"ב) מיר ווילין דיא יודין אויף קיין פאַל ניט איביר ריידין, דיא טייג מיט מילך צו קנעטין, אודיר דעם באַק אויפין מיט דעם ווײדיל (אליה) פון איין שאָף צו שמירין; נור אָביר ווען מיר דענקין אָן דיא אָרימקייט און נויט וואָס אין דער וועלט הערשט, אזו קענין מיר ניט פער בייא גייהין, ניט צו פרעגין, וואָס פאַר איין זינדליכי זאַך ליגט דאָ אין דיא דאָזיגי ביידי זאַכין, אז מאַן זאָל אזו איין ברויט אסור מאַכין אז דאָס פאָלק פון גאָט זאָל עס ניט טאָרין גיניסין? האָט דען גאָט דאָס דאָזיגי פערבאָטין? אודיר האָט ער דען איביר הויפט ווען אַמאָהל פלייש מיט מילך צו גיניסין אזו שטאַרק פערבאָטין כדי אזו איין איביר מאָס פון פאָרזיכט נייטיג צו מאַכין? דיא תורה פון גאָט, וויא משה האָט עס גיגעבין, איז מתיר דאָס דאָזיגי צו גיניסין; עס מאַכט בלוז אסור דעם איינציגין פאַל, דאָס ציקילי אין דער מילך פון זייני מוטיר צו קאָכין, און דער צו האָבין דיא רבנים, אָן ערגיניץ איין שום פולמאַכט, דיא אַלי אַנדירי דינים צו גיגעבין און אויף דעם דאָזיגין שטייגיר האָבין זייא דאָס גימיטה בישווערט און דעם דת צו איין פערוויקילטי און שווערי וויסינשאַפט גימאַכט, וואָס נור דער גילערינטיר קאָן עס פערשטייהין, און דער דאָזיגיר קאָן עס אויך ניט איביג פערשטייהין. וועלכי חכמה ליגט דערינין, עפים אסור צו מאַכין, וואָס גאָט האָט עס ניט פאַר נייטיג גיהאַלטין צו פערביטין? וועלכי חכמה שטעקט דערינין, דעם אַנפלעקטין ווילין פון גאָט צו פער לאָזין אודיר פאַר גרינג צו האַלטין, און דאָס גימיטה צו איביר ענטווירין די פיהרונגין פון מענשין, וואָס זייא זענין אויך אַזעלכי שוואַכי און ביטריגליכי מענשין וויא מיר אַלי? קודם כל אָביר וועלכי חכמה שטעקט דערינין, דיא אָרימי צו דריקין און צו קוויילין? דיא תורה שבע"פ זאָגט:

מי שאכל גבינה או חלב תחלה מותר לאכול אחריו בשר מיד. מי שאכל בשר בתחלה בין בשר בהמה בין בשר עוף לא יאכל אחריו חלב עד שיהיה ביניהן כדי שיעור סעודה אחרת והוא כמו שש שעות מפני הבשר של בין השינים שאינו סר בקינוח:

"ווען אימיציר האָט פריהיר קעז אודיר מילך גיגעסין, מעג ער באַלד נאָך דעם פלייש עסין. ווען אימיציר האָט אָביר פריהיר פלייש גיגעסין, עס

זַייא פְלֵייש פון אֵיין בהמה אוֹדֶיר פְלֵייש פון אַיין עוֹף, טָאר עֶר נָאךְ דֶעם קַיין מִילְךְ עֶסִין וִויא נור בִּיז עֶס זָאל פֶערְבַּייא גֵייהִין אַזוֹ אַיין צַייט אַז מַאן זָאל קֶענִין עֶסִין נָאךְ אַיין אַנְדִירִי סעודה, און דָאס אִיז אַזוֹ פִיל וִויא זֶעקְס שְׁטוּנְדִין נָאךְ דֶעם, דָאס אִיז פוּן וֶועגִין דָאס פְלֵייש, וָואס עֶס בְּלַייבְּט צְווִישִׁין דִיא צֵיינֶיר און דוּרְךְ אָב ווִישִׁין גֶעהמְט עֶס זִיךְ נִיט אַרוֹיס."

(דָארְטִין כ"ו, הלכה כ"ח) מִילָא, פַאר דֶעם וָואס הָאט זַאךְ גוּט און פַאר דֶעם בַייכִין מַאן, דֶער וָואס קָאן זִיךְ אַיין גוּטִי מָארְצַייט פוּן פְלֵייש פֶערְשַׁאפִין וָואס עֶס זָאל גִינוּג זַיין און דַארִיבִּיר קָאן עֶר טַאקִיש זֶעקְס שְׁטוּנְדִין וַוארְטִין, מֶעג דָאס אפשר קֵיינִי גְרוֹיסִי בִּישְׁוֶוערְלִיכְקַייט נִיט זַיין, חָאטְשִׁי מִיר מוּזִין שְׁטְרַייטִין אפילו אִין דֶעם דָאזִיגִין אוֹפָן אוֹיךְ, אַקֵייגִין דִיא אֵייגִינְמֶעכְטִגִי בִּישְׁוֶוערְלִיכְקַייט פוּן דָאס גִימִיטה; וֶוען דֶער דָאזִיגִיר דִין זָאל אָבִּיר אַנְגִיוֶוענְדִיט וֶוערִין אוֹיף דֶעם בִּידִירְפְטִיגִין און דֶעם וָואס לַיידִיט נוֹיט, דֶען וֶוערְד דָאס אַיין יָאךְ; וָואס עֶס אִיז נִיט צוּם אוֹיס הַאלְטִין. מִיר וֶועלִין אַמָאהל זִיךְ מֶעלְדִין, אַז אַיין פָּאטִיר פוּן אַיין פֶערְהוּנְגִירְטִי פַאמִילְיֶע, אִיז גִיגַאנְגִין צוּ בַּארִימְהֶערְצִיגִי מֶענְשִׁין זַייא זָאלִין אִיהם עֶפִּים שֶׁענְקִין, און הָאט בִּיקוּמִין אַבִּיסִיל פְלֵיישִׁיגִי גִיקֶעכְטֶץ, און אַיילְט גִישְׁוִוינְד צוּרִיק אַיין צוּ טְהֵיילִין זַיין אָרִימִי פְרוֹיא און קִינְדִיר, דִיא הָאבִּין עֶס מִיט פְרֵיידִין אָן גִינוּמִין; אָבִּיר דָאס אִיז נִיט גִינוּג גִיוֶועזִין זֵייאִיר הוּנְגִיר צוּ שְׁטִילִין. מִילָא גִייהִיט עֶר נָאךְ אַמָאהל אַוֶועק און בִּיקוּמְט פוּן אַיין גוּטִין פְרַיינְד אַבִּיסִיל מִילְךְ אוֹדִיר קֶעז. מִיט דֶעם גְרֶעסְטִין דַאנְק טְרָאגְט עֶר עֶס ווידיר אַהֵיים, עֶר אוּנְטִיר שְׁטֵייהִיט זִיךְ אָבִּיר נִיט דָאס זֶעלְבִּירְט אָן צוּ רִיהרִין, אוֹיךְ נִיט זַיינִי קִינְדִיר צוּ גֶעבִּין; זֵייא הָאבִּין שׁוֹין עֶטְלִיכִי שְׁטוּנְדִין גִיפַאסְט, זֵייא זֶענִין נָאךְ מַאט פוּן הוּנְגִיר; אַיין בִּיסִיל מִילְךְ אוֹדִיר אַיין שְׁטִיקִיל קֶעז, וָואלְט דִיא פֶערְשְׁמַאכְטִי נפשות דֶער קְוִויקְט; דִיא קִינְדִיר שְׁרַייאִין און בֶּעטִין דֶעם פַאטִיר; אָבִּיר נֵיין - זֵייא מוּזִין דֶעם פַּיין פוּן הוּנְגִיר נָאךְ זֶעקְס שְׁטוּנְדִין אוֹיס הַאלְטִין; וָוארִין וֶוען אפילו גָאט הָאט דִיא דָאזִיגִי שְׁפַּייז דֶער לוֹיבְּט אַזוֹ הָאבִּין עֶס דָאךְ דִיא רבנים פֶערְבָּאטִין. שְׁטֶעקְט דֶערִינִין חכמה? וֶוערְד גָאט דוּרְךְ אַזוֹ אַיין דת גִיהֶערְלִיכְט, דֶער וָואס אַבְּטִיט זַיין דֶערְלוֹיבִּנִיש פַאר גִישְׁט און הַאלְט דִיא מַאכְט פוּן דִיא רבנים טַאקִיש גְרֶעסִיר וִויא דִיא זַיינִי? דָאס זֶעלְבִּיגִי קֶענִין מִיר פְרֶעגִין אוֹיף דֶעם וַוייטִירְדִיגִין דִין:

והאוכל גבינת הגוים או חלב שחלבו הגוי ואין הישראל רואהו מכין אותו מכות מרדות. והחמאה מקצת הגאונים התירוה שהרי לא גזרו על החמאה וחלב טמא אינו עומד ומקצ' הגאונים אסרוה מפני צחצוח חלב שישאר בה:

„ווען אייניר עסט גוישין קעז אודיר מילך וואס איין גוי האט גימאלקין און קיין ישראל איז ניט דירביא גישטאנדין אכטונג צו געבין, אזו שלאגט מאן איהם מיט שלעגט פאר ווידירשפעניגונג (מכת מרדות); און פוטיר, האבין איין טהייל פון דיא גאונים מתיר גיוועזין, ווייל אויף פוטיר איז קיין דריקליכי אוים גזרה ניט גיוועזין אז עס זאל אסור זיין, און מילך פון איין אום ריינע בהמה שטעהט זיך ניט איין; און איין טהייל פון דיא גאונים האבין עס גיאסורת, פון וועגין דיא קליינע טראפינס מילך וואס עס בלייבט דירינין." (יורה דעה סימן קט"ו) דא האבין מיר דאס זעלביגי וויא מאן גיבט גאר קיין שום השגחה ניט פאר דעם ארימין, און דעם זעלביגין גרימיגין און שרעקליכין גייסט. מיר וועלין דא ווידיר מעלדין דעם פאל פון איין יודישי פאמיליע וואס ליידיט נויט, וואס דער פאטיר ליגט זייער קראנק און איז ניט אין שטאנד דאס טעגליכי ברויט פאר זייני קינדיר צו ברענגין. דיא מוטיר פון מאטירניש ארום איהר קראנקין מאן האט שוין גאר כמעט קיין קראפט ניט, און ווייל איהר הערץ איז שוין דורך דאס שרייאין נאך ברויט פון איהרי קינדיר כמעט צו בראכין, גייהיט זיא אהין, צו דיא גבאים פון צדקה צו בעטין אז מאן זאל איהר מיט עפיס העלפין. דיא דאזיגי ביוויליגין פאר איהר אויף אלי חודש איין קליינע אונטיר שטיצונג; אביר זיא זעהיט איין, אז דאס דאזיגי קאן אום מיגליך צום אונטיר האלטונג פאר איין פאמיליע גינוג זיין, און גייהיט דאריבער צו איינציגי פריוואטני מענשין וואס זעגין פון איהר אמונה און זוכט זיך אזו פיל צו פערשאפין וויא זיא קאן נור; אביר דאס איז אויך נאך ניט גינוג, אום דיא בידערפניש פון איהרי קינדיר און פון איהר קראנקין מאן אב צו העלפין. אין איהר בידרענגניש גייהיט זיא צו עטליכי פון איהרי קריסטליכי שכנים, וועלכי עס גיבין איהר עטוואס מילך און קעז. דיא פיין פון הונגיר און דיא ליבשאפט צו איהר מאן און איהרי קינדיר קומין צו שטייאיר איהר נאריש גלויבין; זיא טראגט דיא ביקומיני גאבין פון נדבה אהיים און טהיילט זיך דער מיט מיט איהר מאן און איהרי קינדיר. ציא האט זיא דער דורך איין זינד גיטהון? האט זיא דען ערגינץ איין פארשריפט פון תורת משה גיבראכין? האט זיא דען דעם נאמין פון איהר גאט גילעסטירט? לאז דער פער שטאנד, לאז דיא תורה און דיא נביאים ענטווירין, און זייא וועלין זאגין: ניין, זיא האט איהרי שולדיגקייט גיטהון. וואס זאגט דערקייגין דיא תורה שבע"פ? עס זאגט, אז זיא האט איין שרעקליכי זינד גיטהון. און וואס זאל נאך דער תורה שבע"פ נאך, איהר, און איהר מאנס, און איהרי קינדירס שטראף זיין?

דָאס שְׁלָאגִין – שְׁלֶעג פוּן ווִידִיר שְׁפֶּענִיגוּנְג (מכת מרדות)׃ װֶוען דִיא תורה שבע"פ װָאלְט מַאכְט גִיהַאט אַזוֹ װָאלְט עֶס זַייא לָאזִין אוֹיף דֶעם גִירִיכְט פְּלַאץ אַרוֹים פִיהרִין אוּן דָארְטִין זַייא לָאזִין גֶעבִּין שְׁלֶעג אָן אַיין צָאהל אוּן אָן בַּארִימְהֶערְצִיגְקַייט. װֶען נוּן דִיא װָאס װָאלְטִין דָאס צוּ זֶעהִין אוּן דִיא װָאס װָאלְטִין צוּ זַאמִין לוֹיפִין אוֹיף דֶעם גִישְׁרַייא פוּן דִיא אוּם גְלִיקְלִיכִי װָאלְטִין פְרֶעגִין׃ װֶועלְכִים שְׁרֶעקְלִיכִי פֶערְבְּרֶעכְן הָאט דֶען דִיא דָאזִיגִי פַאמִילְיֶע בִּיגַאנְגִין? אַזוֹ װָאלְט מַאן זַייא גִיעֶנְטְװִוירְט׃ זַייא הָאבִּין זִיךְ דֶערְװוּאוֹיגִין, כדי זִיךְ צוּ רַאטִיוִוין פֶער הוּנְגִיר נִיט צוּ שְׁטַארְבִּין, גוֹיִשִׁי קֶעז אוּן גוֹיִשִׁי מִילְךְ צוּ עֶסִין. װֶוען דִיא גוֹים װָאלְטִין דֶענְסְמָאלְט גִיפְרֶעגְט׃ וִויא? הֵייסְט דִיא תורה דָאס אַזוֹ צוּ טְהוּן? לֶעהְרִינְט עֶס דָאס יוּדִישְׁקַייט, אַז פַאר אַזוֹ אַיין אוּמְשׁוּלְדִיגִי מעשה זָאל מַאן אַזוֹ שְׁטַארְק בִּישְׁטְרָאפְט װֶוערִין? אוּן מַאן װָאלְט זַייא טַאקִיש עֶנְטְװוִירִין יוֹא, צִיא װָאלְטִין זַייא דֶען אפשר עֶפִּים מִיט דֶעם אוֹים רוּף אַװֶועק גֵייהִין׃ „אָה װָאס פַאר אַיין דת דָאס אִיז, פוּל מִיט לִיבְּשַׁאפְט! פַאר װָאהר נַייאִירְט אַיין קְלוּגִים אוּן פֶערְשְׁטֶענְדִיגִים פָאלְק אִיז דָאס דָאזִיגִי פָאלְק!?" גַיין, זַייא װֶועלִין זִיךְ מִיט גְרַיילִירִין אָבְּשַׁייא אַװֶועק קֶעהרִין אוּן גָאט דַאנְקִין, װָאס זַייא זֶענִין קֵיינִי יוּדִין נִיט אוּן אַז עֶר הָאט זַייא פוּן אַזוֹ אַיין שְׁרֶעקְלִיכִי בִּיטְרוּג אוּן פַאר אַזוֹ אַיין אוּם גִירֶעכְטִי אכזריות בִּיהִיט אוּן בִּיוָוארִינְט. װָאס מֵיינִין נוּן דִיא יוּדִישִׁי לֶעהְרִירְס פוּן דֶעם דָאזִיגִין דִין אוּן פוּן דֶעם דת װָאס דֶער דִין אִיז אַיין טְהֵייל פוּן אִיהם? עֶס אִיז נִיט צוּ שְׁטְרַייטִין אַז עֶס זֶענִין פֶערְהַאנְדִין פִיל יוּדִין, װָאס זַייא זֶענִין בִּישְׁטֶענְדִיג אוֹיף דֶעם דִין עוֹבר, װָאס זַייא עֶסִין דָאס מִילְךְ װָאס אַיין גוֹי גִיבְּט זַייא אוּן װָאס זַייא בִּיהוֹיפְּטִין פוּן דֶעסְט װֶועגִין, זִיךְ צוּ דָאס יוּדִישְׁקַייט צוּ בִּיקֶענִין אַלְץ צוּ זַייאִיר דת. אַלִי דִיא דָאזִיגִי מֶעגִין זִיךְ זֶעלְבִּירְט פְרֶעגִין, מִיט װֶועלְכִין יוֹשר זֶענִין זַייא דֶען עוֹבר אַזוֹ אַיין גִיבָּאט װֶועלְכִי עֶס אִיז דוּרְךְ אַזוֹ אַיין שַׁארְפִי שְׁטְרָאף מִיט גִיזֶעצְלִיכִיר קְרַאפְט בִּישְׁטֶעטִיגְט. צִיא טְהוּן זַייא עֶס אפשר עֶפִּים, וַוייל זַייא הַאלְטִין עֶס פַאר אוּם פֶערְשְׁטֶענְדִיג אוֹדִיר וַוייל זַייא גְלוֹיבִּין אַז דָאס אִיז פוּן תורת משה נִיט בִּישְׁטֶעטִיגְט? דֶען מַאכִין זַייא מִיט אֵיינִים שְׁלַאק צוּ נִישְׁט דִיא מַאכְט פוּן דֶעם גַאנְצִין דת פוּן דָאס יוּדִישְׁקַייט. װֶוען עֶס קָאן דֶער תורה שבע"פ אִין עֶרְגִינְץ אַיין פַאל דֶערְװוִיזִין װֶוערִין אַיין וִוידִיר זִינִיגְקַייט, אוֹדִיר אַיין אוּם גִירֶעכְטִיקַייט, אוֹדִיר אַיין שְׁרֶעקְלִיכְקַייט, אַזוֹ װֶוערְד אִיהר װֶוערְטה אַז זִיא זָאל הֵייסִין אַיין גֶעטְלִיכִי אִיבִּיר לִיװוִירוּנְג גָאר אִין גַאנְצִין פֶער נִיכְטִיט. זֶענִין זַייא אִין דֶעם אִיבִּיר צַייגְט, פֶער וַוארְפִּין זַייא אַנְדִירְשׁ דָאס יוּדִישְׁקַייט – אַזוֹ לָאזִין זַייא עֶס זָאגִין, אוּן לָאזִין זַייא

נִיט בִּיהוֹיפְּטִין דֶעם יוּדִישִׁין דת צוּ הָאבִּין, וֶוען זֵייא הָאבִּין עֶס נִיט. לָאזִין זֵייא עֶרְלִיךְ מודה זַיין, אַז זֵייאִיר פֶּערְשְׁטַאנְד וָואס אִיז פוּן דֶער הֵיילִיגִיר שְׁרִיפְט גִיפִיהְרְט גִיוָוארִין הָאט זֵייא דֶער צוּ גִיבְּרַאכְט, דָאס צוּ פֶּערְוַוארְפִין, אוּן דֶען לָאזִין זֵייא דֶעם חיוב וָואס דֶער פוּן וַואקְסְט אַרוֹיס דֶערְפִיהלִין אוּן זִיךְ בִּימִיהִין, זֵייאִירִי אָרִימִי בְּרִידִיר פוּן אַיין שְׁרֶעקְלִיכִי פֶּערְקוֹיפְטִי קְנֶעכְטְשַׁאפְט צוּ בִּיפְרַייהִין, זֵייא מוּזִין וִויסִין אַז דֶער דִין פוּן מִילְךְ אוּן פוּטִיר אַזוֹ וִויא דִיא דינים פוּן שחיטות, שְׁלִיסִין פִיל אָרִימִי יוּדִין אוֹיס פוּן דֶעם לֶעצְטִין אוֹפֶן וָואס עֶס אִיז נִיצוֹל צוּ וֶוערִין פוּן דִיא נוֹיט בִּידֶערְפְטִיגְקַייט, פוּן דָאס אָרִימִין הוֹיז. כמה מֶענְשִׁין וָואלְטִין גֶערִין אַיין נוּצִין הָאבִּין פוּן דִיא הִילְף וָואס דִיא חברה פוּן דֶער אַיינְזַאמְלוּנְג וִויל זֵייא גֶעבִּין, אָבִּיר עֶר הֶערְוֶועגְט זִיךְ נִיט דָאס אָן צוּ נֶעהמִין. עֶנְטְוִויר דֶער לוֹיבְּט עֶס אִיהם זַיינִי פֶּערְקֶעהְרְטִי נאמנות נִיט וָואס עֶס אִיז דוּרְךְ דִיא רַבָּנִישִׁי פָארְשְׁרִיפְטִין פֶּערְקֶעהְרְט גִיוָוארִין, אוֹדִיר עֶר הָאט פוּרְכְט פַאר זַיינִי בְּרִידִיר, וֶועלְכִי עֶס וֶועלִין מֵיינִין, אַז דוּרְךְ דֶעם אַיינְטְרִיט אִין אַזוֹ אַיין אוֹפֶן פֶּערְלֵייקִינְט עֶר שׁוֹין דִירְמִיט זַיין גָאט. דִיא יֶענִיגִי וֶועלְכִי עֶס גִינִיסִין גוֹיִישִׁי מִילְךְ אוּן זֵייאִירִי נאמנות אִינְטֶערֶעסִירְט עֶס גָאר נִישְׁט, וֶועלִין פִיל הָאבִּין אָב צוּ עֶנְטְוִויִרן, דֶער פַאר וָואס זֵייא לָאזִין עֶס צוּ, אַז דִיא דָאזִיגִי בִּידְרִיקִינִישׁ אוּן דִיא דָאזִיגִי אמונה פוּן הבל זָאל נָאךְ לֶענְגִיר דוֹיאִירִין. אוּמְזוּנְסְט, עֶס וֶועט נִיט הֶעלְפִין אַז אִימִיצִיר וָואלְט זִיךְ צוּם פֶּערְעֶנְטְוִוירִין וֶועלִין זָאגִין: וָואס קָאן אִיךְ טהוּן? וָוארִין אִיטְלִיכִיר אֵיינְצִיגִיר, עֶר מֶעג נָאךְ אַזוֹ וֶועניג קְרַאפְט אוּן מַאכְט הָאבִּין הָאט עֶס אִין זַיינִי יכולת דוּרְךְ דִיא הִילְף פוּן גָאט דִיא אָרִימִי צוּ בִּיפְרַייהִין. לָאז עֶר זִיךְ נוּר מתאמץ זַיין דֶעם נַארִישׁ גְלוֹיבִּין צוּ שְׁטֵייאִיר צוּ קוּמִין, לָאז עֶר נוּר מִיט זַיין בְּרוּדִיר צוּ זַאמִין אַיין פְּלַאן מַאכִין אוּן נִיט פְרִיהִיר רוּהִין, וִויא בִּיז דֶער יָאךְ אִיז פוּן דִיא אַקְסְלִין פוּן זַיין פָאלְק אַרָאפּ גִינוּמִין. צוּם סוֹף וֶועט עֶר גוֹבר זַיין אוּן וֶועט זַיין אַיין וֶוערְגְצַייג אִין גָאטִיס הֶענְד צוּ אַיין בִּיפְרַייהוּנְג, וָואס עֶס וֶועט וַוייט מֶעהר הצלחה זַיין וִויא דִיא בִּיפְרַייהוּנְג פוּן מצרים, עֶס הֵייסְט אִין אַזוֹ וַוייט וִויא דִיא בִּיפְרַייהוּנְג פוּן דֶער נשמה אִיז פִיל וִויכְטִיגִיר וִויא דִיא בִּיפְרַייהוּנג פוּן דֶעם גוּף. אִין דֶער דָאזִיגִיר בִּיצִיהוּנְג צְווִישִׁין אַנְדִירִי זַאכִין, הָאט ישוּע המשיח מֶעהר גִיטָהוּן וִויא משה. וָואלְט עֶר נִיט גִיהַאט אוֹיף גִישְׁטַאנְדִין, אַזוֹ וָואלְט דִיא תורה שבע״פ גִיהַאט אוּמִידוּם גִיהֶערְשְׁט, אוּן דִיא וֶועלְט וָואלְט נָאךְ אִיצוּנְד עֶנְטְוִויר אִין אָב גֶעטִירַייא פֶּערְזוּנְקִין גִיוֶועזִין, אוֹדִיר עֶס וָואלְט אוּנְטִירִין יָאךְ גִיוֶועזִין אוּנְטִיר אַיין גְרַיילִיכִיר אמוּנה פוּן הבל. דִיא גְרַיילִיכְקַייט פוּן אַזוֹ אַיין דת אָבִּיר

וועלכיר עס לאזט איין מענשין שלאגין, דער וואס גיניסט דאס, וואס גאט האט דער לויבט", קאן גאר קיין רייד דירפון ניט זיין עס צו פערענטווירין. איין אנדיר גלייכניש פון דער דאזיגיר אום מענשליכקייט, גיבט אונס דאס וואס מאן מאכט אסור גוישין ברויט. דיא תוש"פ זאגט:

יש דברים שאסרו חכמים אף על פי שאין להם עיקר מן התורה כמו פת של גוים אפי' אפאו לו ישראל והשלקות שמבשלין הגוים ואסרו לשתות במסיבתן אפי' שאר משקין שאין בהם משום חשש יין נסך וכל אלו הדברים אסרו משום חתנות וגו':

„עס זענין פערהאנדין זאכין וועלכי דיא חכמים האבין אסור גימאכט, האטשי זייא האבין קיין עיקר ניט אין דער תורה פאר וואס עס זאל אסור זיין. דער צו גיהערט אזו איין שטייגיר וויא גוישי ברויט, אפילו ווען איין ישראל האט עס פאר איהם גיבאקין; און שפייז, וואס דיא גוים האבין עס גיקאכט. און זייא האבין גיאסורת בייא דעם טיש פון איין גוי צו טרינקין אפילו אנדירי גיטרענק וואס מאן האט ניט זארג צו האבין פאר יין נסך. דיא דאזיגי אלי זאכין האבין זייא גיאסרת פון וועגין צו פערהיטין אז זייא זאלין זיך אייני מיט דיא אנדירי ניט בישוועגירין (מתחתן זיין)."
צו דער דאזיגיר שטעלי האבין מיר פיל בימערקונגין צו מאכין; פאר איצונד אביר ווילין מיר בייא דעם פער באט פון גוישי ברויט שטעהין בלייבין. עס ווערד דא גיזאגט אז עס גיפינד זיך ניט אין דער תורה קיין גרונד (עיקר) דירויף אז עס זאל אסור זיין, און אז דאריבער קענין דיא רבנים קיין קבלה אייניר פון אנדירן דירויף ניט אויף ווייזן; און פון דעסט וועגין דארף מאן דירבייא נור אייני קורצי ביטראכטונג, אום צו ווייזין, וואס פאר איין רעה קאן דירפון ארויס קומין. איין ארימיר יוד למשל וואס גייהיט ארום אין דער וועלט, האט זיין געלד אויף דער הוצאה אויס גיגעבין און גייהט אין איין ווירטס הויז אריין, אום פאר זיך איין דערפרישונג אויס צו בעטין; פלייש טאר ער נישט אן נעהמין, און ווען ער וויל דעם אחריות ניט האבין מלקות גישלאגין צו ווערין, טאר ער קיין מילך אויך ניט טרינקין. וויא איז אביר אז דיא לייט ווילין איהם ברויט געבין וואס איז אין הויז גיבאקין גיווארין; דאס טאר ער אויך נישט עסין, ווארין דיא תורה שבע"פ זאגט:

## של בעל הבית אסורה לעולם:

„גיבאקינים ברויט פון איין פריוואטנים מענשין איז אייביג אסור." דער ארימיר מאן מוז אזו טאקיש הונגירין. נאך מעהר אביר ווייזט זיך אום מענשליכקייט פון דעם דין אז מאן ברייננגט דיא שאלה, אויב עס איז מותר

און ווען עס איז מותר ברויט פון איין בעקיר צו עסין. דיא רבנים זענין אין דעם מיט זייאירי דעות אין מחלוקות; איינינגי זענין עס מתיר, ווייל דער סדר פון דעם דין בכלל זאגט:

מי שהתענה ג׳ ימים מותר בפת של גוים משום חיי נפש וברוב מקומות גליותנו אין פלטר ישראל מצוי והוה כאלו התענה ג׳ ימים ע״כ. ויש אוסרין אותו אלא אם כן התענה ג׳ ימים ממש:

„ווער עס האט שוין דרייא טעג גיפאסט מעג ער עסין גוישין ברויט פון וועגין (חיי נפש) אז ער זאל ניט שטארבין; און ווייל עס איז אין דאס רוב ערטיר פון אונזיר גלות קיין יודישיר בעקיר ניט פערהאנדין אזוי איז עס דא גלייך וויא ער וואלט שוין דרייא טאג גיפאסט, און איינינגי זאגין אז דאס איז דא אויך אסור סיידין אז ער האט טאקיש ריכטיג דרייא טאג גיפאסט." (דארטין) מאן זאל דאך מיינין אז אין אזעלכי אופנים וואו עס איז איין ספק וויא מאן זאל טהון, וועלין מענשין וואס האבין יראת שמים כדרך הטבע נוטה זיין אויף דער זייט פון גוט הערציגקייט צו פערגרינגירין; נון אביר דא זעהין מיר אז וואס גאט האט מתיר גיוועזין, מאכין אמונה לעהרירס אסור ווען ניט דער פער פאלינער מענש אין ארימקייט האט שוין דרייא טאג צו פאר, דיא קוויילעניש פון הונגיר אויס גיהאלטין, און זייא בישטימין טאקיש ווירקליך אין איינים אופן, אז ליבירשט זאל איינער פון זייאירי מיט בישאפיני נפשות פאר הונגיר שטארבין, עיידיר ער זאל עובר זיין אויף זייאיר קבלה, וואס עס איז פאר איהר גאר קיין שום ביוויז און קיין ערבות ניט פערהאנדין אז זיא זאל אמת זיין. — ווען איין ניט יודישי רעגירונג וואלט זיך בימעכטיגט אויף איין אנצאהל אום גליקליכי יודין וואס האבין זיך אין קיין פערברעכין ניט פערשולדיגט און וואלטין זייא אין דער תפיסה אריין גיווארפין און וואלטין זייא דארטין לאזין פאר הונגיר שטערבין, וואס פאר איין גירעכטין פערדרוס און אום ווילין וואלט דאס אויף גירירט? איטליכיר מענש וואלט איין זאלכי מוטוויליגי אכזריות הויך אויס שרייאין און בירעדין; און דאך איז עס טאקיש פונקט דאס דאזיגי וואס דאס נייאי מאדירשי יודישקייט האט גיטהון. דורך דעם וואס עס האט איין פערבאט (איסור) אויף גוישי פלייש, מילך, קעז, און ברויט ארויף גילייגט, האט עס הונדירטיר מענשין צום הונגירס טויט גימשפט. עס איז נאך אין דעם דאזיגין אויגין בליק איין גרויסי צאהל פון איינציגי מענשין, ווען ניט גאנצי פאמיליעס פערהאנדין, דיא וואס קומין אום מחמת נויט, און וואס זייאיר נויט וואלט גיקאנט אב גיהאלפין ווערין, ווען דיא תורה שבע״פ וואלט ניט גיהאט מיט איזירנים שטערין

דער צווישען אבֵיין גיטרעטין און גיזאגט , אַז פַאר הונגיר שטַארבִּין איז דערלויבט , פון גוים אָבּיר אַיין הילף אָן צו נעהמין איז ניט דער לויבט . און פון דעסט וועגין לאָזין דיא וועלכי עס בּיריהמין אַזוֹ שטַארק זייאירי נדיבות און מענשליכקייט , זייאירי בּרידיר שטערבּין , און זעגין עס סובל , אַז אַזוֹ אַיין דת זאָל דערהאַלטין ווערין , כדי עס זאָל אויך פַאר דיא שפּעטירדיגי דורות אַיין פלוך זיין . מַאן מוז באמת טַאקיש נשתומם ווערין איבּיר דיא , וועלכי עס האַלטין זיך אַזוֹ בגדלות וואָס זייא זעגין בּיפרַייאיט פון דעם גלויבּין פון הבל און עסין זעלבּיר גאָר אָן אַיין שום פּחד , בּרויט , מילך , קעז , און אפשר פלייש אויך פון גוים , וויא אַזוֹ זייא זעגין זיך אַזוֹ גלַייך גילטיג און עס האַרט זייא פַאר אַנדירי גאָר נישט . נאָך מעהר מוז מַאן אָבּיר נשתומם ווערין , וויא איבּיר הויפּט דאָס פָאלק קאָן זיך לאָזין פון אַזעלכי מענשין פַאר נאַרין , דיא וואָס זענין צווישין זיך זעלבּיר ניט איניג , וואָס עס איז ווירקליך יוֹא נאָך דאָס גיזעץ נאָך , און וואָס עס איז ניט . מיר האָבּין איצונד אויך גיזעהין , אַז דיא גרעסטי רבנים דיא גאונים זעלבּירט , זענין אין זייאירי דעות זייאיר ווייט איינר פון דיא אַנדירי , אין דעם דין פון גוישי פּוטיר צו גיניסין ; דאָ זעהין מיר דיא זעלבּיגי אַליר האַנד פערשידיני דעות אין דעם וואָס עס בּיטרעפט דיא גוישי בּעקיר בּרויט . מילאָ וויא קומט עס , אַז דיא יודין קענין ניט איין זעהין , אַז זייאיר איצטיגיר דת פון תורה שבע״פ איז אויף אום גוויסים גיבּויהט און דאַריבּיר פערדינט עס ניט אַז מַאן זאָל דירויף פערטרויהין ? דאָ עסין זייא טַאקיש אפילו גוישין בּרויט , און אפילו דיא שאַרפסטי לַייט ; נור אָבּיר נאָך דעם פּסק פון עטליכי זייאירי גרעסטי מעניר טהון זייא דער דורך טַאקיש אַלי טאָג אַיין זינד ; וואָרין דיא דאָזיגי חכמים זאָגין גאַנץ מענשליך און לַייט זעליג , מַאן מוז פריהר דרַייא טאָג לאַנג פַאסטין , עיידיר מַאן זאָל מעגין אַזוֹ אַיין בּרויט עסין . נון וואָס פַאר אַיין נוצין האָט מַאן פון אַיין תורה שבע״פ , וואָס זיא זעלבּירט קאָן אונס ניט בּישטימט זאָגין , וואָס פַאר אַיין בּרויט איז דערלויבט צו עסין און וועלכיר איז ניט דערלויבט ? דיא וואָס האַלטין פַאר דיא רבנים בּיריהמין זיך דער מיט , אַז באשר דיא תורה שבע״פ האָט אין זיך דעם אמת , זינין פון דאָס גישריבּיני לערנונג און זיא בּיהיט זייא פַאר אַלי שטרייטיגקייט . וויא קאָן דאָס דאָזיגי אָבּיר אמת זיין , ווען דיא תורה שבע״פ האָט נאָך אַלץ ניט פעסט גיזעצט , ווען גוישי בּרויט איז מותר צו עסין ? דיא יודין קענין מיט דיא הילף פון זייאיר דת ניט אַמאָהל זאָגין , אויבּ זייא טהון דער מיט קיין זינד ניט , און בּרענגין זייאירי קינדיר ניט צו זינד , ווען זייא גיבּין זייא אַבּיסיל פּוטיר מיט בּרויט . מילאָ וויא קענין זייא זיך בַּייא אַזוֹ אַיין דת

בִּירוּהִיגִין, בַּייא וֶועלְכִין דִיא פְּרַאקְטִיקְטִי פֶערְהֶעלְטְנִישׁ פוּן לֶעבִּין אִיז נָאךְ
אַלִין זַאכִין פוּן ספק און מחלוקות, און בִּיזוּנְדִירְס, בַּייא וֶועלְכִין דֶער
אָרִימִיר אִיז פֶער שְׁטוּיסִין דִיא גְרֶעסְטִי צרות אוּיס צוּ הַאלְטִין, וָואס דוּרְךְ
דָאס פֶּעסְט הַאלְטִין אָן משה און דִיא נביאים וָואלְט עֶר גִיקֶענְט פוּן זַיין
נוֹיט גִיהָאלְפִין וֶוערִין? פַאר אַלִים אָבִּיר, וִויא קֶענִין זַייא גְלוֹיבִּין, אַז אַזוֹ
אַיין דת אִיז גֶעטְלִיךְ, אוֹדִיר אַז דִיא וָואס הָאבִּין דֶעם דת מיסד גִיוֶועזִין
זֶענִין גוּטִי און פְרוּמִי לַייט גִיוֶועזִין, וֶוען אַיין אוּם שׁוּלְדִיגִי מעשה, און
אפילו גָאר דִיא דֶערְפִילוּנְג פוּן אַיין נַאטִירְלִיכִין חיוב וֶוערְד מִיט מכת
מרדות שְׁלָאגִין בִּישְׁטְרָאפְט? עֶס אִיז נִיט פֶער הַאנְדִין קֵיין שְׁטְרָאף,
וָואס עֶס זָאל דֶער תורה שבע״פ אַזוֹ לִיבּ זַיין וִויא דִיא דָאזִיגִי, און עֶס
וָואלְט זַייעֶר גוּט צוּם בִּילֶערְנוּנְג גִיוֶועזִין און זַייעֶר אַיין גְרוֹיסִיר יושר
גִיוֶועזִין אַיין רֵייסְטִיר פוּן אַלִי עבירות צוּ מַאכִין, וָואס דֶער פַאר זָאל אַלִין
דִיא דָאזִיגִי בִּישְׁטְרָאפוּנְג קוּמִין. אִין קֵיין זַאךְ וַוייכְט אפשר דִיא גמרא נִיט
אַזוֹ אָבּ פוּן נַייאִין טֶעסְטַאמֶענְט (ברית חדשה), וִויא אִין דֶער דָאזִיגִיר.
דָאס נַייאִי טֶעסְטַאמֶענְט שְׁרַייבְּט אִין עֶרְגִיץ נִישְׁט אַפָּאר, אַזוֹ אַיין
שְׁרֶעקְלִיכִי בִּישְׁטְרָאפוּנְג, דִיא גמרא און אַלִי תלמודישי צוּזַאמִין פַּאסוּנְג
בקיצור, שְׁרַייבִּין אַפָּאר, דִיא דָאזִיגִי שְׁטְרָאף בַּייא דֶער קְלֶענְסְטִיר סיבה
דִיא גִיזֶעצִי פוּן נַייאִין טֶעסְטַאמֶענְט דֶער קֵייגִין זֶענִין אוֹיךְ דִיא זֶעלְבִּיגִי
וָואס אִין אַלְטִין טֶעסְטַאמֶענְט (תנ״ך): „אִיךְ וִויל דֶערְבַּארִימוּנְג הָאבִּין,
אָבִּיר נִיט קֵיין אוֹפְּפֶער (קרבנות).“ וֶוען נוּן דָאס בַּארִימְהֶערְצִיגְקֵייט טָהוּן
אִיז אִין דִיא אוֹיגִין פוּן גָאט אָן גִינוּמִינִיר, וִויא דִיא יֶענִיגִי צִירְמָאנִישִׁי
מנהגים, דִיא וָואס עֶר אַלֵיין הָאט אַיינְגִישְׁטֶעלְט, וִויא קָאן עֶר דֶען אַיין
וואוהל גִיפַאלִין הָאבִּין אָן אַיין דת, וֶועלְכִיר בִּישְׁטְרָאפְט מִיט אוּם
נַאטִירְלִיכִי שַׁארְפְקֵייט, אפילו פַאר דָאס וָואס עֶר הָאט דֶער לוֹיבְּט? דֶער
אבן עזרא גֶעמְט אָן אַז דָאס גִיבָּאט: „גדי בחלב אמו, אַיין צִיקִילִי
אִין דֶער מִילְךְ פוּן אִיהר מוּטִיר,“ אִיז דַארִיבִּיר גִיגֶעבִּין גִיוָוארִין, כדי צוּ
פֶערְהִיטִין אַז מַאן זָאל קֵיין אכזריות נִיט בִּיוַוייזִין אפילו אַקֵייגִין בהמות;
וֶוען דָאס דָאזִיגִי אִיז אמת וִויא מוּז גָאט בִּיטְרַאכְטִין דִיא פֶערְדְרֵייהוּנְג פוּ
זַיין בַּארִימְהֶערְצִיגְקֵייט, וֶועלְכִי עֶס שְׁטֶעלִין זִיךְ אָן, זַיין גִיבָּאט צוּ
הַאלְטִין, צוּ שׁוּינִין דִיא בִּישֶׁעפִּינִישִׁין וָואס זֶענִין בהמות, דֶערדוּרְךְ וָואס
עֶר פֶערְטִילִיגְט הוּנְדִירְטִיר פוּן מֶענְשְׁלִיכִין מִין צוּם טוֹיט פוּן הוּנְגִיר און
לָאזְט דִיא יֶענִיגִי שְׁלָאגִין, דִיא וָואס זוּכִין פוּן זַייאִיר עֶלֶענְד אַנְטְרוּנִין צוּ
וֶוערִין דוּרְךְ דֶעם, וָואס זַייא גִינִיסִין דָאס, וָואס עֶר הָאט עֶס זַייא אִין עֶרְגִינְץ
נִיט פֶערְבָּאטִין? וֶוען גָאט הָאט רחמנות אִיבִּיר אַיין בהמה, וָואס קָאן עֶר

פון דער אמונה לערנונג האלטין, דיא וואס ליגט אויף איהרי מיט בישאפיגי מענשליכי נפשות מיט אזו איין גלייך גילטיגקייט אין דרייא טעגליכין פאסטן ארוף. עיידיר ער מעג עסין דאס ברויט וואס ער קויפט בייא איין גוישין בעקיר, און דיא וואס פסקינין פראסטא אז ער איז מחוייב, ליבירשט צו שטערבין, עיידיר פון ניט איין יודישין פריוואטגים מענשין גיבאקינים ברויט צו גיניסין? מיר שטעלין עס דעם גיזונדין פערשטאנד פון איטליכין מענשין אפאר אויף דער דאזיגיר קשי צו ענטווירין. ציא איז עס ניט קלאר, אז דער גאט פון בארימהערציגקייט מוז מיט אום ווילין אויף אזעלכי לעהריר אראפ זעהין, וועלכי עס שטעלין אזו פער קעהרט אפאר דאס וועזין פון דער אנפלעקטיר אמונה, און ברענגין דער דורך צו וועגין אז זיין הייליגיר נאמין ווערד פון דיא אום ויסינדי מענשין גילעסטירט? ווען אביר דיא דאזיגי מענשין דארפין גישטראפט צו ווערין, אזו פאלט איין טהייל פון זייאיר שולד אויף אלי דיא וואס אונטיר שטיצין און האלטין דעם דת. עס קאן נור גאנץ וויינג דיא יעניגי פערענטווירין וועלכי עס האבין דיא תורה און דיא נביאים אין זייאירי הענד און דרום מוזין זייא וויסין, אז דיא אבזריות פון דער תורה שבע״פ שטייהיט אזו כנגד, אקייגין דיא מדה פון גאט, וויא דיא פינסטירניש אקייגין דאס ליכט. אביר עס איז גאר קיין שום פערענטווירונג ניט פערהאנדין פאר דיא פון ישראל, וועלכי עס פעראכטין זעלבירט דיא דאזיגי רבנישי דינים און דען דורך זייאיר שווייגין און זייאיר גלייך גילטיגקייט וואס עס גייהט זייא נישט דיראן לאזין זייא נאך אלין זייאירי ברידיר אין עלענד פאר שמאכט זיין. זייא וועלין מוזין אב ענטווירין, פאר אלים אום כבוד, דיא וואס גאט האט, פאר אלים עלענד, וואס איביר מענשין איז גיבראכט גיווארין, און פאר אלי שמאך וואס עס ווערד אן גיטהון דיא חכמה פון ישראל. —



# נתיבות עולם

עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו' ט"ז

דיא אלטי שטעגין.

---

## נומר נ"ד

---

דיא איצטיגי יודין בעקענען זיך צו איין דת, און דיא קריסטען צו איין אנדרין. עס וואלט אבער זייער צו ווינשין געוועזין אז אלי מענשין זאלין דיא איינע אמונה האבין וועלכי אמת איז; ווייל עס דארף אבער נאך אזו באלד ניט לייכט דער פאל זיין, אזו דארפין דיא, וועלכי עס וייכין דירינין איינע פון דיא אנדירי אב, אביסיל בעסיר צו פרובין דאס וועזין און דיא טעמים פון זייאירי חילוקים פון דיא דעות. דיא יודין מעגין זיך אין דער זאך מיינין וואס זייא ווילין, דיא קריסטען פיהלין זיך פאר מחוייב, חוקר ודורש צו זיין, אויב זייא האבין ווירקליך אזו שווער געפעהלט וויא דאס נייאירי יודישקייט זאגט. דיא תורה שבע"פ ברענגט אקייגין זייא איין גרויסי בישולדיגונג אפאר, וויא דיא, אז זייא זענין פערשולדיגט אין אבגעטירייא און דאריבער שטייהין זייא נאך נידריגער, אפילו וויא דיא מאהאמעדאנער *) זיא זאגט:

כל גוי שאינו עובד עכו"ם כגון אלו הישמעאלים יינם אסור בשתיה ומותר בהנייה וכן הורו כל הגאונים.

„איטליכיר גוי וואס איז קיין עבודה זרה דינער ניט, דהיינו דיא דאזיגי ישמעאלים, איז זייאיר וויין אסור צו טרינקין און מותר הנאה צו האבין. און אזו האבין אויך אלי גאונים געלעהרינט. "(הלכות מ"א פרק י"א, הלכה ז') דיא יודין דארפין זיך דאריבער וואונדירין, ווען מיר פרובין רעכט גוט אזו איין אמונה, דיא וואס דיא מייסטי פון איהרי בעלי אמונות ברענגין אקייגין אונס אזו איין שווערי אנקלאגונג אפאר, און בימיהין אונס, אקייגין איהר זיך צו רעכטפערטיגין. מיר וואלטין זייא קענין פרעגין, אויב זייא האבין אין אונזירי קירכין עפיס איין צייכין פון אבגעטירייא געזעהין; מיר וואלטין זייא קענין אנווייזין אויף דיא צעהין געבאט, וועלכי עס איז אויף דאס אליר הייליגסטי אין אונזירי הייליגי

ערטיר

---

*) דיא וואס גלויבין אין דעם פאלשין נביא מאהאמעד.

ערטיר אויף גישריבין *) מיר וואלטין לסוף אין פיל שטעלין פון נייאין טעסטאמענט (ברית חדשה) נאַכווייזען, אין וועלכי עס ווערד אַזוי בּישטימט און פייערליך פאר דאס אבגעטירייא גיוואָרנט, וויא נור אין תורת משה זועלבירט. נור עס מוז דא פאר אַלים דער פונקט פעסט גישטעלט ווערין. אויב דיא מדה פון דעם דת, וועלכיר עס לייגט אַקייגין אונס אַזוי אַיין צייגיניש אָב, איז דען פון דער אַרט, אַז עס פערדינט אַז מאַן זאל דירינין גלויבּין, אַז מאַן זאל זיך אויף דיין צייגיניש קענין פערלאזין. ווען דיא תורה שבע"פ וואַלט ווירקליך פון גאט גיוועזין און איהרי לערנער וואלטין זיך קענין בּיווייזין פאר אַזעלכי וואס גלויבּין און היטין דיא געטליכי וואַרהייט, דען וואלט זייאיר צייגיניש זייער וויכטיג זיין. ווען אָבּיר דיא רבנים בּיווייזין זיך פאר אַזעלכי וואס פערדרייהין מיט עזות דיא געטליכי אַנטפּלעקונג, אונ עס קאן זייאיר דת דערוויזין ווערין אַז עס פערדרייהיט דיא תורה פון משה, דען מוז יעני בּישולדיגונג, צופאלין ווערין אַז עס זאל דירפון גאר נישט בּלייבּין, וויא אַיין זאך וואס איז גאר אום ווירדיג דירינין עפּיס אַיין גלויבּין צו האבּין. אונ דאס דאזיגי וואס מיר בּיהויפּטין. מיר האבּין שוין פיל ראיות צום בּיוייז אויף דער דאזיגיר בּיהויפּטונג גיבּראַכט. און איצונד ווילין מיר נאך עטליכי אַהין צו שטעלין, וועלכי מיר גיפינדין אין דיא דינים פון יין נסך אודיר, „ויין פון טראַנק אָפּפיר, וואס דיא דינים שיינין אונס ניט נור אַז זייא זענין אייגין מעכטיגי צוזעצונג, נייאירט שיינין אויך אום בּארימהערציג, לויז פון ליבּשאפט, און אום פערשטענדיג צו זיין. מיר ווילין דירמיט אויף קיין פאל ניט לייקינין, אַז צו גיניסין אַזוי אַיין ויין, וועלכיר עס איז פאר געצין גיגאסין גיוואָרין, איז דורך אוים אסור, פיל מעהר וואלטין מיר דאס דאזיגי אויך מיט אַזוי אַיין אייפער (קנאה) בּיהויפּטין אַז עס איז זייער אסור, וויא נור ערגינץ אַיין ישראל וואלט עס בּיהויפּטין. וואס עס בּיציהט זיך אויף זאבין וועלכי עס ווערין פאר דיא געצין גיבּראַכט, זאגט דאס נייאי טעסטאמענט (ברית חדשה): „אָבּיר איך זאג אַז דאס וואס דיא גוים זענין מקריב, זענין זייא עס מקריב צו שדים און ניט צו גאט; און איך וויל ניט אַז איהר זאלט האבין גימיינשאפט מיט שדים: איהר קענט ניט טרינקין דעם כוס פון דעם האר און דעם כוס פון שדים." (א קארינטיר י', פסוק כ' — כ"א) מילא בּבן מוז עס קיינער פון ישראל ניט מיינין, אַז מיר ווילין דאס פערענטוירין, וואס עס איז אַזוי גוט כנגד דעם אַלטין טעסטאמענט (תנ"ך)

וויא

*) דאס דאזיגי גיפינד זיך הייליג אין דער ענגלישי נאציאנאל קירכי.

וִויא אוֹיךְ כנגד דֶעם נַייאֵין טֶעסְטַאמֶענְט (ברית חדשה). נור אָבֶּער וֶוען מִיר זֶענֶען אפילו פוֹלְקוֹמֶען דֶער פוֹן אִיבֶּער צַייגְט, אַז נִיט גִינִיסֶען אַזוֹ אַיין וויין אוֹדֶער אַיין אַנְדֶערֶע זַאךְ וָואס עֶס אִיז דֶעם גֶעצֶען דִינְסְט גִינֶעהִינְט גִיוָוארִין אִיז אסור מן התורה פוּן דֶעסְט וֶועגִין זֶענֶען מִיר דָאךְ מודה, אַז מִיר קֶענֶען דֶעם טעם נִיט פֶערְשְׁטֶעהִין, פַאר וָואס זָאל אסור זַיין, פוּן דֶעם וויין הנאה צוּ הָאבִּין דֶער וָואס אִיז צוּ דֶער אָבְּגֶעטִירַייא נִיט גִינֶעהִינְט גִיוָוארִין, בְּלוֹז ווייל עֶס גִיהֶערְט אַיין גוי אוֹדֶער עֶס אִיז פוּן אִיהם אַנְגֶערִיהרְט גִיוָוארִין, אוּן דָאס אִיז דָאךְ פָארְט, טַאקִיש אַיין רַבָּנִישֶׁער דין:

יין הגוים שאין אנו יודעין אם נתנסך או לא נתנסך והוא הנקרא סתם יינם אסור בהנייה כמו יין שנתנסך ודבר זה מגזירת הסופרים הוא והשותה מסתם יינם רביעית מכין אותו מכת מרדות. וכל יין שיגע בו הגוי הרי זה אסור שמא נסך אותו שמחשבת הגוי לעבודת כוכבים ומזלות הא למדת שיין שנגע בו הגוי דינו כסתם יינם שהוא אסור בהנייה:

„וויין פוּן גוים וָואס מִיר ווייסֶען נִיט אוֹיבּ עֶס אִיז גִיגָאסֶען גִיוָוארִין פַאר עבודה זרה אוֹדֶער עֶס אִיז נִיט גִיגָאסֶען גִיוָוארִין, וָואס עֶר וֶוערְד אָן גִירוּפֶען סתם גוֹיִשֶׁער וויין, אִיז אסור פוּן אִיהם הנאה צוּ הָאבִּין אַזוֹ וִויא וויין וָואס אִיז גִיגָאסֶען גִיוָוארִין (נסך). אוּן דִיא דָאזִיגֶע זַאךְ אִיז פוּן דִיא גזירות וָואס דִיא שְׁרִיפְט גִילֶעהרְנְטֶע (סופרים) הָאבִּין גוזר גִיוֶועזִין, אוּן דֶער יֶענִיגֶער וֶועלְכֶער עֶס טְרִינְקְט פוּן דֶעם גִיוֵוינְלִיכֶען גוֹיִשֶׁען וויין, שְׁלָאגְט מַאן אִיהם שְׁלֶעג פוּן ווִידֶערְשְׁפֶּענִיגוּנְג (מכת מרדות) אוּן אִיטְלִיכֶעס וויין, וָואס אַיין גוי הָאט זִיךְ דִירָאן אָנְגֶערִיהרְט, אִיז אסור, ווייל תאמר הָאט עֶר אִיהם מנסך גִיוֶועזִין; ווייל דִיא גִידַאנְקֶען פוּן אַיין גוי אִיז שְׁטֶענְדִיג צוּ אָבְּגֶעטִירַייא. פוּן דַאנֶען אִיז צוּ לֶערְנֶען, אַז וויין וָואס עֶס גִיהֶערְט אַיין ישראל אוּן אַיין גוי הָאט זִיךְ דִירָאן אָנְגֶערִיהרְט אִיז זַיין דין אַזוֹ וִויא סתם גוֹיִשֶׁער וויין, וָואס עֶס אִיז אסור דִירפוּן הנאה צוּ הָאבִּין.״ (דָארְטִין פרק ג׳, הלכה ד׳) אִין דֶעם דָאזִיגֶען דין גִיפִינֶען מִיר עֶרְשְׁטְלִיךְ דִיא אֵייגֶען מֶעכְטִיגֶען צוּזֶעצוּנְגֶען פוּן דִיא רבנים. מִיר הָאבִּין אוֹיבֶּען שׁוֹין גִיזָאגְט אַז אַזוֹ גוּט וויין, וִויא אוֹיךְ אִיטְלִיכֶעס אַנְדֶערֶע זַאךְ, וָואס עֶס אִיז דֶעם גֶעצֶען דִינְסְט גִיבְּרַאכְט גִיוָוארִין, אִיז אסור. פוּן דֶעסְט וֶועגִין זֶענֶען דִיא רבנים דֶערְמִיט נִיט צוּ פְרִידִין: זֵייא אסורן אוֹיךְ דֶעם וויין וָואס אַיין גוי הָאט אִיהם גִימַאכְט, אוֹדֶער וָואס עֶר הָאט אִיהם אַמָאהל גִיהַאט, אוֹדֶער אפילוּ וָואס עֶר הָאט אִיהם נור אַנְגֶערִיהרְט, אוּן אפילו נִיט נור צוּ טְרִינְקֶען, נַייארְט אפילו עֶפִּיס אַיין שׁוּם הנאה פוּן אִיהם צוּ הָאבִּין, אַזוֹ וִויא למשל: עֶס צוּ פֶערְקוֹיפֶען, אוֹדֶער עֶרְגֶענְץ אוֹיף אַזוֹ אַיין אוֹפֶן זִיךְ דֶערְמִיט צוּ

בִּישֶׁעפְּטִיגִין, וָואס דִירפוּן וָואלְט אַיין רווח גְיֶקֶענְט אַרוֹיס קוּמִין – וְויא עֶס וַוייזְט זִיךְ אוֹיס פוּן דֶעם שְׁטִיק וָואס וַוייטֶער שְׁטֶעהְט:

והחמירו חכמים בסתם יינם להיות דמיו אסורין כדמי יין שנתנסך לעכו"ם לפיכך גוי ששכר את ישראל לעשות עמו ביין שכרו אסור. וכן השוכר את החמור להביא עליו יין או ששכר ספינה להביא בה יין שכרן אסור. אם מעות נתנו לו יוליכון לים המלח. ואם נתנו לו בשכרו כסות או כלים או פירות הרי זה ישרוף אותן ויקבור האפר כדי שלא ליהנות בו. שכר לגוי חמור לרכוב עליו והניח עליו לוגין של יין שכרו מותר:

„און דִיא חכמים הָאבִּין מחמיר גְיוֶועזִין בַּייא סתם גוֹיִשִׁין וַויין, אַז דָאס גֶעלְד וָואס מַאן גֶעהמְט אַיין דִירפַאר זָאל אסור זַיין, אַזוֹ וְויא דָאס גֶעלְד וָואס מֶען גֶעהמְט אַיין פַאר וַויין וָואס אִיז צוּ דֶער ע"ז גִיגָאסִין גִיוָוארִין. דַארִיבִּיר וֶוען אַיין גוי דִינְגְט אַיין ישראל אַז עֶר זָאל אִיהם הֶעלְפִין אַרְבַּייטִין בַּייא דֶעם וַויין מַאכִין, אִיז דֶער לוין אסור. און אוֹיךְ אַזוֹ אִיז דֶער דין וֶוען אִימִיצִיר הָאט פֶערְדוּנְגִין אַיין עֶזִיל אוֹדִיר אַיין שִׁיף אַז מַאן זָאל דִירוֹיף וַויין בְּרֶענְגִין אִיז אוֹיךְ דֶער לוין וָואס מַאן בִּיקוּמְט דִירפַאר אסור, אַזוֹ, אַז אוֹיבּ מַאן הָאט אִיהם בַּארִים גֶעלְד דִירפַאר גִיגֶעבִּין מוּז עֶר עֶס אַרַיין וַוארְפִין אִין זַאלְץ מֶעהר (ים המלח), און אוֹיבּ מַאן הָאט אִיהם קְלֵיידִיר אוֹדִיר כלים אוֹדִיר פירות פַאר זַיין לוין גִיגֶעבִּין, מוּז עֶר עֶס פֶערְבְּרֶענִגִין און דִיא אַשִׁי פֶערְגְרָאבִּין כדי עֶר זָאל דִירפוּן קֵיין הנאה נִיט הָאבִּין. וֶוען עֶר הָאט צוּ אַיין גוי פֶערְדוּנְגִין אַיין עֶזִיל צוּ רַייטִין דִירוֹיף, און דֶער דָאזִיגִיר הָאט אוֹיף אִיהם אַרוֹיף גִילֵייגְט לָאגְלִין מִיט וַויין, אַזוֹ אִיז דֶער לוין וָואס עֶר הָאט דִירְפַאר בִּיקוּמִין מותר." (דָארְטִין פרק י"ג, הלכה ט"ו – ט"ז) פַאר דֶעם אַלִים גִיתִּינְד זִיךְ אִין תורת משה דָאס מִינְדִיסְטִי בִּישְׁטֶעטִיגוּנְג נִיט, בַּייאִירְט עֶס אִיז רֵיין אַיין אוֹיס טְרַאכְטוּנְג פוּן דִיא רבנים, וָואס בַּייא זֵייא אִיז דִיא תורה פוּן גָאט וֵוייניג גִיאַכְט גִיוֶועזִין און אוֹיף דִיא בִּידֶערְפִנִיש פוּן מֶענְשִׁין הָאבִּין זֵייא זִיךְ גָאר נִישְׁט אוּם גִיקוּקְט. בִּישַׁיינְפִּירְלִיךְ מוּזִין דִיא דָאזִיגִי צוּזֶעצוּנְגִין אִין פִיל אופנים פֶערְהִינְדִירִין דִיא סְפֶּאסָאבִּים פוּן אוֹיסְקוּמִינִיש צוּם אוּנְטִיר הַאלְטוּנְג פוּן לֶעבִּין. דֶער אֵייגֶענְטִימִיר פוּן דֶער שִׁיף אוֹדִיר דֶער וָואס הָאט דִיא בהמות וָואס טְרָאגִין משאות אִיז אוֹיס גִישְׁלָאסִין פוּן דֶעם סְפָּאסִיבּ אַז עֶר זָאל קֶענִין גִישֶׁעפְטִין מַאכִין און עֶפִּים פֶערְדִינִין. אפילו פַאר דֶעם רַייכִין, וָואס עֶר פִיהְלְט אפשר וֶועניג דִיא אַיין צָאמוּנְג, בְּלַייבְּט עֶס דָאךְ אֵייבִּיג אַיין גְרוֹיסִי בִּידְרִיקוּנְג פוּן אכזריות. אִין דִיא וַויין לֶענְדִיר למשל וָואלְט אַיין אָרִימִיר יוּד אַמָאהל גִיקֶענְט בַּייא אֵיינִים אוֹדִיר דֶעם אַנְדִירִין פוּאִיר וָואס הָאט וַויין, אַיין בִּישֶׁעפְטִיגוּנְג גִיפִינְדִין; נוּר אָבִּיר דִיא רבנים הָאבִּין דִיא

דאזיגי הערליכי ארבייט אסור גימאכט, דורך אזו וואס, וואס גאט האט
דאס אין ערגינץ ניט פערבאטין, און דעם פערדינסט וואס מאן ציהט
דירפון פאר אזו אומווירדיג דירקלעהרט, אז דאס זאל נור מוזין
פערניכטיט ווערין. אין איטליכיר גרויסי שטאט וואלט מאן פיל גלייכינישין
גיפינדין אויף דיא אום זיניגקייט און שרעקליכקייט פון דעם דאזיגין דין.
למשל איין קריסטליכיר וויין הענדליר וואלט וועלין איינים אודיר מעהריר
פון דעם סך יודין וואס האבין קיין ספאסיב צום לעבין ניט אין זיין קעליר
אודיר אין זיין קאנטאר איין דויאירהאפטיגי בישעפטיגונג געבין, אזו זאגין
דיא רבנים, אז ער טאר דאס דאזיגי ניט אן נעהמין, אז גאט האט מעהר
וואויל גיפאלין, אז ער זאל ליידיג ארום גיין און זיין פאמיליע זאל הונגיר
ליידין, עיידיר ער זאל ערליך ארבייטין און טהון וואס גאט האט דירלויבט,
וועלכיר מענש, אחוץ דיא רבנים זעלבירט, זעהט ניט איין, אז אזו איין
גיזעץ איז אום פערשטענדיג, דריקינד, און אום בארימהערציג – וואס
דירפון איז צו זעהן דיא אומגירעכטיגקייט אקייגין קריסטליכי פעלקיר,
וואס עס מאכט זייא גלייך מיט דיא געצין דינגיר פון דעם לאנד כנען? מיר
ווילין אביר איין אנדירים ביישפיל אויס דערוויילין. למשל איין קריסט
גיפינד איין יודישי פאמיליע אין איין גרויסין עלענד שמאכטינדיג; עטליכי
נפשות פון זייא זענין מיט קראנקהייטין גישטראפט, איין ביסילי וויין
וואלט פאר זייא זייער גוט גיוועזין; מילא גיבט ער זייא דא גראד איין
פלאש וויין. וואס זאלין זייא דא איצונד דער מיט אנהייבין צו טהון?
קענין זייא דאס גיניסין, כדי זייאיר שוואכין גוף צו שטערקין? דיא רבנים
זאגין: ניין. מעגין זייא עס פערקויפין, כדי זיך פאר דאס געלד נאהרונג
אודיר אנדירי בידערפניש צום לעבין צו קויפין? דיא רבנים ענטווירין:
ניין חלילה. מילא וואס זאלין זייא דירמיט מאכין? דיא רבנים ענטווירין:
פערניכטיט עס, פערניכטיט דאס וואס עס וואלט אייערין שוואכין גוף גיקענט
שטערקין, וואס עס וואלט פאר אייערי הונגירי קינדיר ברויט פערשאפט,
פערניכטיט דאס, וואס ער וואלט אפשר אייער לעבין גיקענט ראטיווין,
און אפילו בלוז, ווייל מיר האבין עסאסור גימאכט, און עס איז וויכטיגיר,
אז אונזירי דינים וואס מיר האבין גיגעבין פון אונזיר אייגינים פולקומינים
מאכט זאל ניט פערדארבין בלייבין, עיידיר אז איהר זאלט אין אייער
עלענד, דערקוויקט, גישטערקט, און אונטיר שטיצט ווערין: מילא דאס
דאזיגי איז אזו דיא בארימהערציגקייט פון דאס יודישקייט. נור אביר
דאס דאזיגי איז נאך ניט גאר. למשל אז דיא מוטיר פון דער פאמיליע
האט אנגיהויבין צו איביר ליגן, און האט גיזאגט. דער דאזיגיר וויין וועט

דאס לעבין פון מיין ארימים קינד דערהאלטין , איין ביסילי דירפון וועט מיך אויך שטערקין און פרישיר מאכין, מיט מעהר מוטה און לייכגיר אויס צו האלטין דיא בידערפיניש ביא דעם קראנקין בעט צו ביזארגין ; גאט האט דאך דעם דאזיגין וויין אין ערגינץ ניט פערבאטין . נאך דיא רייד נאך גיבט זיא איהר קינד און גיניסט זעלביר איין ביסיל פון דעם דאזיגין וויין , און גראד בשעת דעם , קומט דא אריין איין רבנישיר פערברענטיר גמרא יוד און דער זעהט עס, וואס זיא האט גיטהון. וויא וואלט עס פארט גיוועזין אז דיא דינער פון דער תורה שבעל פה וואלטין דיא פרייהייט גיהאט אלי פסקים פון איהר מקיים צו זיין ; וואס וואלט פארט דירפון ארויס גיקומין ? דאס ארימי וייב וואלט גירופין גיווארין צום בית דין זיך צו שטעלין , דיא תורה שבע״פ ווארט אויך גיעפינט גיווארין , איהר פסק וואלט גיוועזין : זיא האט אויס צו האלטין דיא שמיץ פון ווידיר שפעניגונג (מכת מרדות) – וויא מיר האבין אויבין גיבראכט . איז דאס דאזיגי בארימהערציג ? איז דאס גירעכט ? דיא תורה שבעל פה זאגט , מיר זענין געצין דינער ; פערדינט זיא אביר אז מאן זאל איהר גלויבין ? קאן איין פערשטענדיגיר מענש אין דיא לעהרנונג פון דיא יעניגי איין פערטרויהין זעצין , וועלכי עס זענין אזוי אן איין גיפיהל , איין שטערבינדין מיט מענשין צוא פערביטין , פון דער הילף וואס עס ווערד איהם גיגעבין קיין שום הנאה ניט צו האבין , און זענין אזוי לויז פון דירבארימונג , איהם דיא שמיץ פון ווידירשפעניגונג (מכת מרדות) צו לאזין אויס האלטין , ווען ער אכטיט גאטים דירלויבניש מעהר , וויא זייאיר פערבאט ? פאר וואר עס איז ניט בלויז דיא פערקערטקייט און אכזריות פון דעם דין , וועלכי מיר בימערקין דא ; עס ווייזט זיך דא אויך ווידיר איין מאהל ארויס איין גיוויסי מאס פון דיא יעניגי שווינדליבייא, וויא מיר האבין שוין פריהיר אפט צו בימערקין גילעגינהייט גיהאט , דורך וועלכי עס איז דירפאר גיזארגט , אז מאן קאן אויף איין גיזעץ עובר זיין און פון דעסט וועגין שאפט מאן זיך דאך דעם שכר אזוי וויא מאן וואלט דאס גיזעץ גיהאלטין . טאקיש אין דער אייגיניר גיבראכטיר שטעלי ווערד גיזאגט : „ווען איין ישראל האט צו איין גוי איין עזיל צום רייטין פערדונגין , און דער דאזיגיר האט אויף איהם לאגלין מיט וויין ארוף גילייגט אזוי איז דער לוין וואס ער האט דירפאר ביקומין מותר . ״ אויף דער דאזיגיר ערשטיר גרונד זאך גישטיצט , קאן נון דער וואס האט איין שיף אודיר איין וואגין , דאס בכלל צום סחורה פיהרין האלטין , און וייל ער זארגט נור דער פאר , אז דאס ווארט ויין

זָאל נִיט דִירְמָאנְט וֶוערִין, קָאן דֶער גוֹי אֵייבִּיג זַיין וַויין דִירוֹיף פִּיהְרִין אוּן עֶר בִּיקוּמְט אוּן בִּינוּצְט זַיין גֶעלְד נָאךְ דֶעם דִין נָאךְ, הָאטְשִׁי דָאס זֶעלְבִּיגִי, וֶוען דָאס וָוארְט וַויין וָואלְט דִירְבַּייא יוֹא דִירְמָאנְט גִיוָוארִין וָואלְט אִין דֶעם גְרַאד אסור גִיוֶועזִין, אַז עֶס וָואלְט אפילו נִיט גֶיקֶענְט בִּינוּצְט וֶוערִין צוּ אוּנְטִיר שְׁטִיצוּנְג פַאר אָרִימִי, נַייאִירְט עֶס וָואלְט גִימוּזְט אִין דֶעם זַאלְץ מֶעער אַריין גִיוָוארְפִין וֶוערְן. דָא גִיבִּין אוֹם דִיא רבנים זֵייאִיר פֶּעלִיר אִין אוֹיפְרִיכְטִיגְקַייט אוּן זֵייאִיר אוּם גְלוֹיבִּין אִין זֵייאִיר אֵייגִינִי פסקים, וַוייל זֵייא גִיבִּין אַיין סְפָּאסִיב צוּם אוֹיס מַיידִין זֵייאִירִי חומרות, אַזוֹ בַּאלְד וִויא דָאס זֶעלְבִּיגִי שְׁטִימְט נוּר מִיט זֵייאִירִי אִינְטִירֶעסִין אַיין. אָבִּיר אפילו וֶוען אִין יֶענִים דִין וָואלְט קֵיין אבזוריות, קֵיין פֶּער אַבְּטוּנְג דִיא גֶעטְלִיכִי תורה, אוּן קֵיין שְׁווינְדְלִירַייא נִיט גִיוֶועזִין, וָואלְטִין דָאךְ דִיא פִיל עֶרְלַייא מנהגים קֵיין אַנְדִירִי פעולה נִיט גִיטְהוּן, וִויא דָאס גִימִיטה אָב צוּ נֵייגִין פוּן דִיא וִויכְטִיגִירִי זַאכִין פוּן דֶעם דת. דֶער פְּרָאסְטִיר מֶענְשׁ מֵיינְט אַז אפילו וֶוען עֶר אִיז עוֹבר אוֹיף דִיא צֶעהִין גִיבָּאט (עשרת הדברות) נוּר אַז עֶר הַאלְט זִיךְ אַיין פוּן גוֹיִשִׁין וַויין, הָאט עֶר שוֹין אַיין גְרוֹיסִין חיוב מקיים גִיוֶועזִין אוּן מַאכְט שוֹין דִירְמִיט זַיינִי אִיבְּרִיגִי עבירות גָאר גוּט. באמת זֶענִין דִיא רבנים זֶעלְבִּירְט פוּן דֶער דָאזִיגִיר מעשה נִיט פְּרַייא, וֶוען מִיר הָאבִּין אַנְדִירְשׁ רֶעכְט פוּן דֶער וַוייטִירְדִיגִי שְׁטֶעלִי דָאס דָאזִיגִי צוּ דְרִינְגִין:

זונה גויה במסיבה של ישראל היין מותר שאימתה עליה ולא תגע. אבל זונה ישראלית במסיבת גוים יינה שלפניה בכליה אסור מפני שהן נוגעין שלא מרעתה:

„וֶוען אַיין גוֹיִשִׁי הוּר אִיז דָא אִין אַיין פֶּער זַאמְלוּנְג צְווִישִׁין יוּדִין, אִיז דֶער וַויין מותר, וָוארִין זִיא הָאט מוֹרָא פַאר זֵייא אוּן וֶועט נִיט אָן רִיהְרִין", וֶוען אָבִּיר אַיין יוּדִישִׁי הוּר גִיפִינְד זִיךְ דָא אִין אַיין פֶּער זַאמְלוּנְג צְווִישִׁין גוים אַזוֹ אִיז דֶער וַויין וָואס שְׁטֵייהט פַאר אִיהר אִין אַיין כלי אסור, וַוייל זֵייא קֶענִין עֶס אָן רִיהְרִין אָן אִיהר וִויסִין." (דָארְטִין פרק י"ב, הלכה כ"ו)

מִילָא, וֶוען מַאנְסְלַייט אוֹדִיר וַוייבִּיר זֶענִין אַזֶעלְכִי רשעים, אַז זֵייא זָאלִין זִיךְ גִיפִינִין אִין אַזֶעלְכִי שְׁטֵייגִירְס, עֶפִינְטְלִיךְ צוּ פֶּער אַכְטִין דִיא תורה פוּן גָאט, הֵייסְט עֶס דֶען נִיט פוּן זֵייא גִישְׁפֶּעט גִיטְרִיבִּין, וֶוען מַאן זָאגְט זֵייא, אוֹדִיר מַאן קָאזְט עֶס זֵייא זָאלִין גְלוֹיבִּין, אַז אִין אַיין בְּלוֹז צִירִימָאנִישִׁין מנהג, אִיז עֶפִּיס אַיין פֶּערְדִינְסְט (שכר) פֶּער הַאנְדִין, אפילו וֶוען דֶער דָאזִיגִיר מנהג וָואלְט פוּן גָאט זֶעלְבִּירְט אַיינְגִישְׁטֶעלְט גִיוָוארִין? הֵייסְט עֶס דֶען נִיט, מִיט אַיין פְלִיג (מִיקֶע) זִיךְ דֶערְוֶוערְגִין אוּן אַיין קֶעמִיל אַרָאפּ שְׁלִינְגִין, וֶוען מַאן אַ ס וּ רְ ת פַאר אַיין אָרִימִין שְׁטֶערְבִּינְדִיגִין יוּדִין אַ ז וֹ

אַיין וַויין, וָואס אַיין גוי הָאט זִיךְ אִין אִיהם אָנְגֶירִיהרְט צוּפֶערזוּכֶין, וָואס דִירְוַויילֶע אִיז מַאן עֶס מתיר פַאר דִיא יֶעניגֶע, דִיא וָואס פֶער לוּסְטִירִין זִיךְ אוּן בַּאלֶיעוֶוען מִיט אַיין הוּר? עֶס וָואלְט אוּנְס אפשר אִימִיצִיר עֶנְטְפֶערִין, אַז דָאס וָואס עֶס אִיז אסור אִיז דֶער טעם מחמת דִיא גֶעצִין דִינִירַייא פוּן דִיא גוים: נוּר אָבִּיר מִיר הָאבִּין אִין דֶעם עֶרְשְׁטִין גִיבְּרַאכְטִין שְׁטִיק פוּן דֶעם דָאזִיגִין נוּמֶר גִיזֶעהִין, אַז אפילו דֶער וַויין, וָואס עֶר וֶוערְד אָנְגֶירִיהרְט פוּן אַזוֹ אַיין גוי, וָואס עֶר אִיז קֵיין גֶעצִין דִינִיר נִיט, וֶוערְד עֶס דֶעם יוּדִין פֶער בָּאטִין צוּ טְרִינְקִין, אַזוֹ אַז אַיין גוי צוּ זַיין אִיז אִיבִּיר הוֹיפְּט אִין דִיא אוֹיגִין פוּן דִיא רבנים אַיין גְרֶעסִירִי אוּמְוְוירְדִיגְקֵייט, וִויא אוֹיף אַיין גְרָאבִּי מִיאוּסִי עבירה עובר צוּ זַיין. מִיר שְׁטֶעלִין דָאס אִיצוּנְד צוּ, דֶעם גִיזוּנְדִין זִינִין פוּן אִיטְלִיכִין ישראל אַז עֶר זָאל מִשְׁפְּטִין, אוֹיבּ דָאס דָאזִיגִי הֵייסְט נִיט דֶעם לַאסְטִיר (דָאס רשעות) דֶער הֵייבִּין אוּן אָרִינְטְלִיכִי מֶענְשְׁלִיכְקֵייט אַרָאפּ וְוירְדִיגִין. גָאט הָאט זִיךְ אַיין פָּאלְק אוֹיס דֶער וֶויילְט; דִיא ישראל זֶענִין דָאס דָאזִיגִי פָּאלְק, אוּן מִיר הַאלְטִין זַייא בכבוד פַאר אַזוֹ אַיין פָּאלְק; אִיז דָאס אָבִּיר אַיין טעם, וָואס זַייא טְרֶעטִין מִיט דִיא פִּיס דֶעם בַּאנְד פוּן דֶעם כלל מֶענְשְׁלִיכְקֵייט, אוּן דָאס אָנְרִיהרוּנְג, אפילו פוּן אַיין גוי וָואס עֶר אִיז גָאטִים פִירְכְטִיג, זָאל מַאן פַאר אַזוֹ בִּיפְלֶעקְט דַארְפִין הַאלְטִין, אַז עֶס זָאל אסור מַאכִין דֶעם וַויין צוּם בִּינוּצִין פַאר אַיין יוּדִין? וִויא קָאן פְּרִידִין אוּן לִיבְּשַאפְט וֶוען אַמָאהל צְווִישִׁין יוּדִין אוּן גוים הֶערְשִׁין, אַזוֹ לַאנְג וִויא אַזֶעלְכִי גִיזֶעץ וֶוערִין גִיהַאלְטִין פַאר אַיין טְהֵייל פוּן דֶעם דת? יוֹא טַאקִיש, וִויא קָאן אמתי אמונה אוּן אמתי גָאטִים פוּרְכְט וֶוען אַמָאהל אוּנְטִיר דֶער גַאנְצִיר מַאסִי פוּן דָאס יוּדִישִׁי פָּאלְק הֶערְשִׁין, אַזוֹ לַאנְג וִויא עֶס וֶוערְד זַייא גִילֶעהרִינְט, אַז דִיא פוּן ישראל וָואס הָאבִּין זִיךְ אַביין גִילָאזִין אִין הוּלְטַייסְקִי שְׁטֵייגִירְס אַביין זֶענִין הֵיילִיגִיר, וִויא אַיין גוי דֶער וָואס אִיז גָאטִים פִירְכְטִיג, אוּן צוּ זִינְדִיגִין אִיז נִיט אַזוֹ שְׁרֶעקְלִיךְ, וִויא אוּם בִּישְׁנִיטִין צוּ זַיין? דֶער תכלית פוּן דֶעם דָאזִיגִין גִיבָּאט אִיז בִּישַׁיינְפִּירְלִיךְ גִיוֶועזִין, אַלִי עסקים פוּן חבר שַׁאפְט אוּן גוּטִי פְרַיינְד שַׁאפְט צְווִישִׁין יוּדִין אוּן גוים אִין אַלִי ענינים צוּ פֶערְהִיטִין אוּן אֵייבִּיג אַיין שֵׁיידוּנְג וַואנְד צְווִישִׁין זַייא אוֹיף צוּ שְׁטֶעלִין. דָאס דָאזִיגִי אִיז אָבִּיר גַאנְץ אַנְדִירְשׁ וִויא דֶער אוּנְטִירְשֵׁייד צְווִישִׁין פֶעלְקִיר וָואס גָאט הָאט אַיינְגִישְׁטֶעלְט. דֶער תכלית פוּן גָאטִים אוֹיס דִירְוֵויילוּנְג אִיז נִיט גִיוֶועזִין, בטול צוּ מַאכִין דִיא לִיבְּשַׁאפְט אוּן בַּארִימְהֶערְצִיגְקֵייט צְווִישִׁין דִיא יוּדִין אוּן אַלִי אִיבְּרִיגִי פֶעלְקִיר פוּן דֶער עֶרְד, נַייאִירְט גָאר פֶערְקֶעהרְט דֶעם בַּאנְד פוּן לִיבְּשַׁאפְט צוּ בִּיפֶעסְטִיגִין.

ער האט גימאכט דיא ישראל פאר דיא ביהיטיר פון זיין היילינגן װארט, כדי זייא זאלין דיא װארהייט אנדירי פעלקיר מיט טהיילין, כדי דיא דאזיגי פעלקיר זאלין דורך דעם צו דאנקבארקייט אויף גירירט װערין פאר דיא טובות װאס מאן האט זייא דער װיזין, און דיא ישראל זאלין דיא יעניגי ליבשאפט צו דיא פעלקיר פיהלין דיא װאס איין לעהריר שפירט נאטירליך צו דיא, װעלכי עס האבין דורך זייני בימיהונגין דעם טעות אװעק גיװארפין און קריינין דיא װארהייט. דיא תורה שבע״פ אביר לאזט ניט צו דיא הערפילונג פון דעם געטליכין גיזעץ, און רייסין דיא דאזיגי פערבינדונג פון שלום און ליבשאפט מיט גװאלד אויס אנאנדיר. עס מאכט דעם יודין עס אום מיגליך, ערגינץ עפיס איין בענשונג (ברכה) מיט צו טהיילין, און דעם גוי, ערגינץ איין בענשונג (ברכה) פון זייארי הענד צו אנטפאנגין, און ברענגט דירמיט דאס גיזעץ פון גאט אין חשד אריין. װען עס װאלט קיין אנדיריר װעג ניט גיװעזין דורך װעלכין דיא תורה פון גאט זאל דער װעלט מיט גיטהיילט װערין, װיא נור דורך דיא רבנים, אזו װאלט דיא אנבעטונג (עבודה) פון יופיטיר, באכוס, און אלי אנדירי היידישי געטיר נאך איצונד גיהערשט. װארין װיא װאלטין דיא פעלקיר װען דורך דיא יעניגי צו גאט ביקעהרט װערין, װעלכי עס לערנין, אז, ערשטינס גאט איז אזו שטארק נשא פנים, און אז ער האלט דיא הולטייסקי מיאוסי אויף פיהרונגין פון איין יודין פאר װייניגיר אומריין, װיא דאס בלויזי אויסװייניגסטי אנריהרונג פון איין פרומין גוי? דער שכל לאזט זיך ניט נעהמין ביא אזעלכי מיאוסי זאכין פון רשעות, און דרום װען גאט װאלט קייני אנדירי שלוחים און פארשטעליר פון זייני װארהייט ניט גיהאט, װאלט דער געצין דינסט נאך בישטאנדין. עס מעג אונס אפשר אימיציר װידיר אב ענטװירין, אז באשר דער געצין דינסט איז נאך איצונד אויך פער האנדין—װייניגסטינס איז דאס דאזיגי דיא מיינונג פון דער תורה שבע״פ, און מיר, װען האטשי עס שמערצט אונס אז אימיציר זאל קענין אזו בלינד זיין, אזו איין פערשולדיגונג אקייגין דאס קריסטינטהום אפאר צו ברענגין, זענין מיר דאך אויף קיין פאל דער פר ניט ביין. װען דיא יודין גלויבין נאך אן זייאיר אייגינים דת און דאריביר האלטין זייא דיא קריסטין פאר געצין דיניר, אזו איז עס זייאיר חיוב, דאס דאזיגי פרייא ארויס צו זאגין. אביר דען פרעגין מיר װידיר, װען דאס קריסטינטהום איז אבגעטירייא, װיא קומט עס דען, אז דיא לערנונג פון זייא איז ריינגיר, מענשליכיר, פוליר מיט ליבשאפט, און פער שטענדיגיר, װיא דיא לערנונג פון תורה שבע״פ? דאס קריסטינטהום

האט קיינע צירימאנישע גיזעץ ניט, דיא וואס עס זאל מוזין פון אזעלכע לייט ביפאלגט ווערין, דיא וואס מאכין מיט הורין צו זאמין לוסטיגע סעודות; דאס קריסטינטהום פסקית ניט דירפאר דעם ארימין צו שלאגין, וואס ער גיניסט דאס, וואס גאט האט איהם דירלויבט; דאס קריסטינטהום שטעלט גאט ניט אפאר, פאר אזעלכין וואס האלט פאר איין זייט און איין אום גירעכטין ריכטיר דער וואס זעהיט ניט אויף איין גוטע אודיר שלעכטע מדה פון דעם שטייגיר פון אויף פיהרונג אין לעבין, נייארט ער זעהיט נור דירויף פון וועלכין פאלק איטיציר שטאמט ארוס. דאס קריסטינטהום אז דיא וואהרע אמונה איז דיא פון דאס הערץ, אז אין דעם טאג פון גיריכט (יום הדין) וועט דער וואס איז אן דירבארמונג גיוועזין קיין דער בארימונג ניט גיפינין, און אז גאט איז דער גאט פון דיא גימיטהיר פון אלים פלייש. מילא בכן, לאזין דיא גוטע פריינד פון דער תורה שבע"פ דיא וואהרע זאך מפורש זיין, אז דאס קריסטינטהום, וועלכע זייא רופין עס אבגעטירייא, שטעלט איין לערנונג אויף, וועלכים עס פער ערליכט גאט, און אלע מענשין טהוט עס גוטים, וואס בשעת דאס יודישקייט, וועלכים זייא גיבין עס אוים פאר ווארהייט, שטעלט איין לערנונג אויף, דיא וואס איז פאר גאט איין מינדירונג פון כבוד, פאר יודין דריקינד, און פאר אלע איבריגע פעלקיר איז עס איין זאך וואס ווירדיגט אראפ. איינינגע יודין וועלין אונס אפשר אבּ ענטווירין אז דיא קריסטין זענין קיינע געצין דינער; דען פרעגין מיר זייא אביר, וויא קענין זייא זיך אנרופין אנהענגיר פון דאס יודישקייט, וועלכע עס ביהויפטיט פון צייט פיל הונדירט יאהר גאר פערקעהרט און האט טאקיש אויך נאך דעם שטייגיר נאך גיהאנדילט ווייל עס האט אזו שטארק פער זאגט מיט זייא קיין שום מגע ומשא ניט צו האבין, וויא משה האט עס נור אין לאנד כנען גיטהון. מילא איינם פון ביידין, ענטפיר דאס קריסטינטהום איז איין אבגעטירייא, אודיר דאס יודישקייט איז פאלש קיין דריטים איז נישט פערהאנדין. איטליכיר יוד, דער וואס ביהויפטיט נאך דעם נאך, אז דיא קריסטין זענין קיינע געצין דינער ניט, זאגט ער דער מיט ארוים, אז דאס יודישקייט איז פאלש. נון, אזו מעגין דאך דיא דאזיגע אלע נפשות זיך ערליך צו דער זאך נעהמין און דאס דאך אוועק ווארפין, וואס זייא גלויבין ניט, און לאזין זייא דאך זייערע ברידיר דאס אפין ארוים זאגין, וואס זייא האלטין אין זייער הוה אמינא אז עס איז נייטיג פאר קריסטין צו לייקינין. זייא האבין איין גידאפילטין חיוב, דאס דאזיגע צו טהון; איין מאהל, כדי זיך פון דער אומגירעכטיגקייט לויז צו מאכין, מיט וועלכיר דיא תורה שבע"פ

ביהאנדילט דיא קריסטין, אונ ווידיר כדי זייארי ברידיר, דיא יודין פון דער בידריקניש אונ דעם יאך פון אכזריות פרייא צו מאכין, וועלכים עס דריקט זייא צו, צו דר ערד. ווען דאס קריסטינטהום איז קייני אבגעטירייא ניט, אזו זענין אלי דינים פון יין נסך, אין אונזיר מדינה דורך אויס ניט אויף זייאיר ארט; אונ דען קענין ארימי יודין פון דיא קריסטליכי גוט הערציגקייט איין נוצין מאכין אונ איביר הויפט קענין יודין אונ קריסטין דורך ווערק פון ליבשאפט אונ בארימהערציגקייט איני דיא אנדירי בייא שטייהין. באריביר אזעלכי יודין וועלכי עס ביהויפטין, אז מאן דארף דיא קריסטין פאר קייני געצין דיניר ניט צו האלטין, זענין דורך זייארי חיובים אזו גוט אקייגין יודין וויא אקייגין קריסטין פער בונדין, אקייגין דער תורה שבע"פ צו שטרייטין אונ זיך עפינטליך פון דעם גאנצין גלובין אן איהר לויז צו מאכין. אזו לאנג וויא זייא האבין זיך נאך אלץ ניט עפינטליך דירפון לויז גימאכט, מוז זייאיר פער זיכירין אז זייא האבין ליבשאפט אונ מענשליכקייט אונ זייא אכטין דיא קריסטליכי אמונה, גיהאלטין ווערין פאר לעהרי רייד אונ פאר איין חניפה. אזו לאנג וויא זייא גיבין פון זיך אזעלכי פערזיכירונגין וואס עס שטרייט אקייגין דער תורה שבע"פ אונ פון דעסט וועגין מאכין זייא מיט, מיט דיא גיבעטער אין דער שול וועלכי עס מאכין דיא תורה שבע"פ פאר איין געטליכי תורה, מוזין זייא פאר אזעלכי נפשות גיהאלטין ווערין, דיא וואס ענטפיר זייאיר טעם איז פון אייגין נוציגקייט וועגין, דאס אפאר צו געבין וואס זייא פיהלין עס גאר נישט, אודיר עס פעהלט זייא מאראלישי קראפט, אום דאס אוועק צו ווארפין, וואס זייא קענין עס ניט ליידין. דיא דאזיגי רייד גייהען איבער הויפט אויף דיא יעניגי יודין, דיא וואס לעבין מיט קריסטין אין גוטיר ביקאנטשאפט, עסין גוישי שפייזין אונ טרינקין ויין אונ פיל פון זיי טרייבין אפילו גאר האנדיל מיט גוים. אזעלכי נפשות האטשי נאך זייאיר שטאם נאך זענין זייא פון ישראל, אביר נאך דער אמונה נאך זענין זייא קייני יודין ניט, וויינינגסטינס ניט אין דעם זינין וועלכים דאס ווארט „יוד" איז פון ישראל אונ פון גוים אין דיא לעצטי צוויי טויזינד יאהר גיברויכט גיווארין, דער מענש, וועלכיר עס בידענקט זיך גאר נישט, גוישין ויין צו טרינקין, האט אויך אזו דאס יודישקייט פער לאזין, אזו וויא ווען ער וואלט גינומין דעם טערקישין קאפף בונד (טורבאן) אונ זיך צו מאחאמעד ביקענט. אזעלכי נפשות זענין עס דיא, וועלכי עס דארפין אקייגין דער תורה שבבעל פה אויף טרעטין אונ עפינטליך צו זאגין צו וועלכין דת זייא ביקענין זיך.

אודר אויב זייא האבין ערגינץ בישטימטי גרונדזעצי. זייא קענין פאר קריסטן ניט גיהאלטן ווערן, ווארין זייא זענין ניט גיטויפט; זייא קענין ניט זאגין, אז זייא זענין יודן, ווארין זייא האבן דאס יודישקייט פער לאזן: זייא קענין אויך ניט זאגין אז זייא האבין דעם דת פון משה. דען ווארין ווען דער דאזיגיר דת איז ניט אין דאס קריסטינטהום צו גיפינדין, אזו איז ער גאר נישט פער האנדין. אין דער מדינה איז ניט פערהאנדין קיין זארט פון אמונה לייט, די ווס זאלין זיך אנריפין מאזייאיסטן (דאס הייסט, אז זייא גלויבין נור אין תורת משה). אין דער שול בעקענט מאן זיך צו דער תורה שבע״פ, אין דער קירכע צום קריסטינטהום; וואו אביר איז דער ארט פון תפלה, וואס דיא יעניגי גייהין אהין מתפלל זיין, וועלבי עס האבין דאס יודישקייט פער לאזן, און נעמין דאס קריסטינטהום פון דעסט וועגין ניט אן? דער שטייגיר פון דעם אויף פיהרונג פון דיא דאזיגי לייט ווארפט פאר ווער באמת קיין גוטין שיין ניט אויף זייארי גרונד זעצי (יסודות). אין פריוואטנים לעבין שטעלין זייא זיך אן אז זייא קענין דיא תורה שבע״פ ניט ליידין, זייא פער ווארפין איהרי פארשריפטין, און פון דעסט וועגן זעהט מאן זייא אין דיא גרויסי יודישי פאסט טעג און פייאיר טעג אין דער שול וויא זייא האלטן אויך מיט ביא דאס גיבעט און דיא מנהגים פון דער תורה שבע״פ. מילא וואס זאלן מיר פון זייא מיינן? זענן זייא אזעלכי גלייך גילטיגי, דיא וואס האבן גאר קיין אמונה ניט? אודר זענין זייא שטילי אנבעטר פון דר תורה שבע״פ, דיא וואס פון וועלטליבי תכליתים וועגן, ווען דיא גילעגינהייט קומט שוין אזו אויס, פער לייקינין זייא עס, און קעהרין זיך אביר צו איהר ווידיר צו, אזו באלד וויא דאס גיוויסין (נאמנות) ביאונרוהיגט זייא? מיר זענן דירפון ווייט דירוויטירט זייא פאר דיא איינר אודיר פאר דיא אנדירי צו האלטין, נייארט מיר לייגין זייא דיא דאזיגי שאלה פאר, בלוז כדי זייא זאלין זיך אליין דאס אויף דעם משקל נעהמין, ווייל מיר מאכין זייא דיא אויגין אויף, אויף דעם צווייא זייטיגין שיין, אין וועלכין זייא ווייזין זיך ארויס און מיר וועלין זייא אזו איין עצה געבין וויא אליהו הנביא האט זייארי עלטירין איין עצה גיגעבין. ווען דיא תורה שבע״פ איז איין אמתיר דת, דען בעקענט אייך נור איביג צו איהר און האנדילט נאך איהר נאך: איז עס אביר פאלש, און איין אמונה פון הבל, לוז פון ליבשאפט, דען מאכט אייך עפינטליך און ערליך פון איהר לויז.—

Дозволено Цензурою. Варшава 5 (17) Февраля 1876
Въ Типографіи А. Гинса. Королевская № 1064 D

# НЕСЫВОТЪ ОЛОМЪ

# נתיבות עולם

עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז.

דיא אלטי שטעגין.

## נומר נ״ה

דאס נייאי יודישקייט, אודיר דער דת פון דיא יודין, וויא דאס דאזיגי ווערד גיהאלטין פון דאס רוב פון דער אומה וואס זיא איז אין דער גאנציר וועלט צו שפרייט, בישטייט וויא עס איז איטליכין ביקאנט אין צוויא טהיילין; דער ערשטיר טהייל האט אין זיך דיא דינים, וועלכי עס זענין מן התורה, דאס הייסט, ענטפיר וועלכי עס ווערין טאקיש ווירקליך אין דער תורה שבכתב גיפונדין, אודיר דיא וואס עס ווערד אנגינומין. אז זייא גרונטיווין זיך אויף ערגינץ אייני שטעלי פון דער תורה; דער אנדירר טהייל איז דיא יעניגי דינים וועלכי עס זענין מדברי סופרים, פון דיא שריפט גילעהרינטי ארויס גישפראכין,״ מילא דיא זענן בלוז מענשליכי תקנות. מילא וואס עס ביציהט זיך אויף דיא, וועלכי עס זענין פון גאט גיגעבין, זענין מיר געריז מודה, אז זייא קענין נור פון גאט זעלבירט פערענדירט אודיר בטול ווערין. אביר וואס עס ביציהט זיך אויף דיא, וואס פון מענשין איז גיגעבין זאגט אונס אזו גוט דער פערשטאנד וויא אויך דיא היילגי שריפט, אז דאס וואס מענשליכי מאכט האט איינגישטעלט, קאן עס אויך איין גלייכי מענשליכי מאכט ווידיר מבטל זיין. און פאר וואר אזו לאנג וויא דיא יודישי נימוסים זענין בישטאנדין און דיא רבנים האבין גיוועלטיגט, זענין זייארי תקנות, אין אזו ווייט, אז זייא זענין ניט כנגד גיוועזין אקייגין דעם ווארט פון גאט, פאר דיא יודין גיוועזין איין חיוב. אביר אפילו דענסמאל זענין דיא דאזיגי תקנות אויך פערענדירליך גיוועזין, זייא האבין גיקענט פון דיא שפעטירדיגי שריפט גילעהרינטי (סופרים) און פון דיא מענשין וואס האבין דיא ממשלה גיהאט, צוריק אב גירופן ווערין. עס איז אויך אפילו דענסמאלט דער חיוב פון יודין גיוועזין, זיך אב צו קערין פון דיא פריהרדיגי תקנות, אזו באלד

וויא זייא האבין נור ערגינץ עפּיס סותר גיוועזין דעם וואָרט פון גאָט. אָבער מחמת וואָס פאַר איין טעם דירוועגין דיא היינטיגע יודין פאַר דיא רייד פון דיא שריפט גילעהרינטי נאך אַלין אייביג דעם זעלבּיגין כבוד, וויא פאַר גאָטיס וואָרט? דיא שריפט גילעהרינטי (סופרים) זענין איצונד ניט דיא מנהיגים פון דיא לענדיר, אין וועלכי דיא יודין זענין בּיזעצט; זייארי דינים קענין דאַרום קיין מאַכט ניט האָבּין. דיא יודין לעבּין איצונד גאָר אין גאַנץ אַנדירי פערהעלטנישין, זייא זענין אונטיר אַנדירי מנהיגים און גיזעץ געבּירס אונטיר גיוואָרפין; דיא מאַכט פון גיוועלטיגונג, וועלכי דיא רייד פון דיא שריפט גילעהרינטי האָט שוין לאַנג אויף גיהערט, און גאָט האָט אין ערגינץ ניט גיבּאָטין אַז למשל דיא יודין אין ענגילאַנד זאָלין אַזעלכי גיזעצי גיהאָרכין, וועלכי עס זענין פאַר צווייא טויזינד יאָהר דורך דיא מנהיגים אין ארץ ישראל גיגעבּין גיוואָרין. מילא קאָן איצונד פון איין חיוב אַקייגין יעני דינים גאָר קיין שום רייד ניט מעהר זיין, און דיא איצונדיגי יודין האָבּין דאַרום דאָס גרעסטי רעכט דיא כוונה און דיא פעולות פון זייא צו פּרובּירין, און ווען עס זאָל זיך אַרויס ווייזין אַז זייא זענין צום שאָדין אודיר זייא זענין ניט נאך דיא איצטיגי פערהעלטנישין האָבּין זייא רעכט עס צו פערוואַרפין. ווען דיא דינים פון דיא שריפט גילעהרינטי האָבּין ניט דורך געטליכיר מאַכט דיא קראַפט מחייב צו זיין אַז מאַן זאָל עס מוזין האַלטין, אַזוי איז דער איינציגיר טעם וואָס מאַן זאָל עס בּיפאָלגין, מחמת דער הוה אמינא, אַז באשר זייא ברענגין דיא טובות און דיא גליקזעליגקייט פון דיא ישראל; אָבּיר ווען עס קאָן איין גיוויזין ווערין אַז דיא דאָזיגי הוה אמינא איז פאַלש, דען מוז אַזוי גוט דער פערשטאַנד וויא אויך דיא אמונה דירצו דיא עצה געבּין, זייא צו פערוואַרפין. פון אַלירלייא דער גלייכין דינים האָבּין מיר שוין גיוויזין, אַז זייא זענין פאַר מענשין אויך אַזוי שעדליך, וויא פאַר גאָט איין מינדירונג פון כבוד (פחיתת הכבוד). דיא זעלבּיגי פעולות האָפין מיר איצונד אַרויס צו ווייזין בּייא דיא דינים פון דעם טרויארין (אבילות) בּייא דעם פאַל אַז איםיציר איז גישטאָרבּין. פון פיל פון דיא דאָזיגי דינים ווערד גיזאָגט, אַז זייא זענין ניט פון גאָט, נייארט זייא זענין בּלוז תקנות פון דיא שריפט גילעהרינטי. אַזוי ווערד למשל פון דעם דין פון זיבּין טעג צו טרויארין בּיקענט, אַז דאָס גיפינד זיך אין דער תורה נישט:

ואין אבילות מן התורה אלא ביום ראשון בלבד שהוא יום המיתה ויום הקבורה. אבל שאר השבעה ימים אינו דין תורה:

און

„און דער דין פון טרויאיר (אבילות) איז ניט גיגעבן פון דער תורה נור דעם ערשטין טאג אליין, וואס ער איז דער טאג וואס אימיציר איז אין איהם גישטארבין און דער טאג פון קבורה; אביר דיא איבריגי פון דיא זיבין טאג איז ניט דער דין פון דער תורה צו טרויאירין." (הלכות אבלות פרק א׳, הלכה א׳.) פונקט אזו ווערד בפירוש גיזאגט אז אין דעם ענין פון דיא אלירלייא זאכין. וואס דער אבל טאר אלץ אין שבעה נישט, איז עס נור איין תקנה וואס דיא שריפט גילערינטי האבין עס מתקן גיוועזין:

אלו הדברים שאבל אסור בהן ביום ראשון מן התורה ובשאר ימים מדבריהם. אסור לספר. ולכבס. ולרחוץ. ולסוך. ולשמש מטתו. ולנעול את הסנדל. ולעשות מלאכה. ולקרות בדברי תורה. ולזקוף את המיטה. ולפרוע את ראשו. ולשאול שלום הכל:

„דאס זענין דיא זאכין וואס דעם אבל איז אסור דעם ערשטין טאג צו טהון מן התורה. און דיא אנדירי טעג דורך דיא רייד פון דיא שריפט גילעהרינטי: איהם איז אסור זיך צו שערין, קליידיר וואשין, זיך צו באדין, זיך צו שמירין מיט זאלב, משמש המטה צו זיין, אין שיך צו גייהן און איין מלאכה צו טהון, צו לעהרנין אין דער תורה, דאס בעט אויף צו שטעלין און אלימין שלום צו געבין." (דארטין פרק ה׳) ווייל דיא רבנים אליין זאגין דא ניט, אז דער איסור פון דיא דאזיגי זאכין אין שבעה איז מן התורה; ווייל עס איז ווידיר אלים ביקאנט אז דאס איז פון דיא גיזעץ פון דער מדינה אויך ניט גיגעבין, אזו קומט דירוף נאטירליך דיא שאלה, פאר וואס האלטין דיא יודין איצונד דיא דאזיגי מנהגים? טהון זייא עפיס איין פעולה פאר דיא טובות און דאס גליק פון דיא ישראל? פון עטליכי דירפון וואלטין מיר עס מסופק זיין; איינם אביר איז אזו בישיינפירליך איין בידריקונג פאר דיא ארימי לייט, אז קיינער וואלט עס גאר ניט אמאהל ארויס גירעדט — מיר מיינין דאס אסורן צו ארבייטין אין שבעה. מיר ווילין בשום אופן ניט לייקנין, אז ווען איין פאמיליע ווערד גישטראפט מיט דעם טויט אז אימיציר פון זייא שטארבט, איז דאס איין רוף פון דער השגחה, דער וואס פארדירט אויף אז מאן זאל זיך מבניע זיין און אין ערינסט ביטראכטין, און אז בארוביר דיא יעניגי, דיא וואס פערמעגין עס, זאלין איין צייט לאנג פון זייאירי טעגליכי בישעפטונגין זיך אב ציהן, און דורך גיבעט און תשובה זאלין זייא זוכין אום צו וואנדלין דעם טרויאיר אין פרייד. נור אביר פון דיא יעניגי, וואס האבין קיין ספאסיב צום לעבין ניט פאר זיך און אויך ניט פאר זייאיר פאמיליע, צו פערלאנגין, אז זייא

זָאלִין זַייאִיר טְרוֹיאִירְדִיגֶן בֶּעכִיר דוּרְךְ דֶעם פַּיין פוּן הוּנְגִיר נָאךְ מֶעהר פֶּערְבִּיטְירְן, הֵייסְט, אַיין זַאךְ אָנְגֶינוּמֶן פוּן אֵיינִים וָואס הָאט קֵיין אִיבְּיר לֵייגוּנְג נִיט אוּן אִיז אַיין אוּם דִירְבַּארִימִגִיר אכזר, אוּן דָאס דָאזִיגֵי טְהוּט טַאקִיש דִיא תּוֹרָה שבע״פ. זִיא זָאגְט:

כל שלשה ימים הראשונים אסור בעשיית מלאכה. אפילו היה עני המתפרנס מן הצדקה. מכאן ואילך אם היה עני עושה בצנעה בתוך ביתו:

„דִיא גַאנְצֵי דְרַייא עֶרְשְׁטֵי טֶעג אִיז אָסוּר אַיין מלאכה צוּ טהון, אפילו וֶוען עֶר אִיז אַזוֹ אַיין אָרִימִיר מַאן וָואס עֶר אִיז זִיךְ פוּן צדקה מפרנס; פוּן דִיא דְרַייא עֶרְשְׁטֵי טֶעג אָן אוּנְ ווייטִיר, וֶוען עֶר אִיז אַיין אָרִימִיר מַאן, מֶעג עֶר פַאר זִיךְ אִין דֶער שְׁטִיל אַיין מלאכה טהוּן אִין זַיין הויז.“ מֵילָא אַלִי דִיא דָאזִיגֵי וָואס זֵייאִיר גִישֶׁעפְט אִיז נִיט אִין הויז, אוּן דִיא, וֶועלְכֵי עֶס מוּזִין אַרוּם לוֹיפִין כדי זַייאִיר פרנסה צוּ פֶערְשַׁאפִין אִיז זֵייא דֶער סְפָּאסִיב ווִיא זֵייאִיר פַאמִילִי צוּ בִּיפְרִידִיגִין, גָאר אִין גַאנְצִין אָב גִישְׁנִיטִין. דֶער דָאזִיגִיר דִין אִיז בִּישַׁיינְפִּירְלִיךְ אוּנְטִיר אַנְדִירִי אופנים גִיגֶעבִּין גִיוָוארִין, ווִיא דִיא זֶענִין, אִין וֶועלְכֵי דִיא יוּדִין בִּיפִינְדִין זִיךְ אִיצוּנְד; עֶס אִיז דִיא משמעות, אַז אִיטְלִיכִיר הָאט עֶפִּיס אַיין מלאכה אוֹדִיר אַיין בִּישֶׁעפְטִיגוּנְג, דוּרְךְ וֶועלְכֵי עֶר קָאן זִיךְ דֶערְהַיים זַיין בְּרוֹיט פֶּערְדִינִין, וָואס אָבִּיר אִיצוּנְד אִיז בְּשׁוּם אוֹפָן נִיט דֶער פַאל. פִּיל פוּן דֶעם פָאלְק בְּרֶענְגִין זִיךְ צוּ וֶועגִין זַייאִיר פרנסה דוּרְךְ דֶעם וָואס זַייא גֵייהֶן שְׁטֶענְדִיג אוֹיף דִיא עֶפִינְטְלִיכֵי עֶרְטִיר וואוּ אַסַךְ מֶענְשִׁין קוּמִין צוּ אַזַאמִין; מֵילָא דִיא דָאזִיגֵי אִיצוּנְד צוּ פֶּערְבִּיטִין פוּן זַייאִיר גִישֶׁעפְט וֶועגִין אַרוּים צוּ גֵייהִן, הֵייסְט אַזוֹ גוּט, ווִיא זֵייא צוּ פֶּערְבִּיטִין אִין דֶער צַייט פוּן דִיא זִיבִּין טֶעג (שבעה) נִיט צוּ עֶסִין. מֵילָא וָוארוּם זָאלִין דֶען דִיא ישראל דוּרְךְ אַזֶעלְכֵי דינים זִיךְ גִיבּוּנְדִין הַאלְטִין, דִיא וָואס הָאבִּין, קֵיינִי גֶעטְלִיכֵי מַאכְט נִיט, ווִיא דִיא רבנים זֶענִין עֶס אַלֵיין מודה אוּן אִיצוּנְד זֶענִין זֵייא פַאר דֶעם אָרִימִין נוּר אַיין שְׁוֶוערִי לַאסְט? נוּר אָבִּיר נִיט בְּלוֹז דָאס וָואס עֶס גִיבְּט קֵיין שׁוּם השגחה פַאר דֶעם אָרִימֶן נִיט, אִיז וָואס דִיא תורה שבע״פ פֶּערְשׁוּלְדִיגְט זִיךְ: מִיר הָאבִּין שׁוֹין מֶעהר ווִיא אַיין מָאהל דִיא גִילֶעגִינְהַייט גִיהַאט צוּ בִּימֶערְקִין דִיא פֶּערַאכְטוּנְג מִיט גאוה, וָואס דִיא תורה שבע״פ ווַייזְט אוֹיךְ קְלָאר אַרוּים אַקֵייגִין דֶעם מֶענְשִׁין וָואס אִיז קֵיין למדן נִיט, אוּן מִיר מוּזִין בִּירוֹיאִירְן אַז מִיר גִיפִינִין דָאס זֶעלְבִּיגֵי ווִידִיר אִין דינים, פוּן דֶעם לֶעצְטִין טְרוֹיאִירִיגִין חיוב פוּן דִיא לִיבְּשַׁאפְט צוּם חבר. דִיא תורה שבע״פ זָאגְט:

עיר שיש בה שני מתים כאחד מוציאין הראשון ואחר כך מוציאין השני.

חכם ותלמיד חכם מוציאין החכם. ת"ח ועם הארץ מוציאין ת"ח:
„ווֶען אִין אַיין שְׁטָאט זֶענֶען צְוַוייא מתים אִין אֵיין צַייט פֶּערְהַאנְדֶען, אַזוֹ טְהוּט מַאן צוּם עֶרְשְׁטֶען זַיין רֶעכְט, דֶעם וָואס אִיז פְרִיהֶער גִישְׁטָארְבֶּען, אוּן דֶער נָאךְ פִיהְרְט מַאן אַרוֹיס דֶעם אַנְדֶערֶען. ווֶען אֵיינֶער פוּן זֵייא אִיז אַיין חכם (למדן) גִיוֶועזֶען, אוּן דֶער אַנְדֶערֶער אִיז אַיין תלמיד פוּן אַיין חכם גִיוֶועזֶען אַזוֹ טְהוּט מַאן דֶעם חכם צוּם עֶרְשְׁטֶען זַיין רֶעכְט. אַז אֵיינֶער אַיין תלמיד פוּן אַיין חכם, אוּן דֶער אַנְדֶערֶער אַיין עם הארץ, אַזוֹ פִיהְרְט מַאן צוּם עֶרְשְׁטֶען דֶעם תלמיד חכם אַרוֹיס זַיין רֶעכְט צוּ טְהוּן." (יורה דעה סימן שנ"ד) מִיר ווִילֶען דָא נִיט דִירְמָאנֶען דָאס שְׁלֶעכְטֶס וָואס עֶס קוּמְט במעשה דִירפוּן אַרוֹיס, בַּייאוֹרְט נוּר דֶעם גִימִיטְה פוּן דֶעם דִין. גָאט הָאט טַאקִיש אַלִירְלֵייא גַאטוּנְקִים אוּן מדרגות אִין דֶער מֶענְשְׁלִיכֶער גִיזֶעלְשַׁאפְט אַיין גִישְׁטֶעלְט, אוּן ווִיל טַאקִיש אַז דֶער יֶענִיגֶער זָאל בכבוד גִיהַאלְטֶען ווֶערֶען, ווֶעמֶען עֶס קוּמְט כבוד צוּ, אַזוֹ ווִיא אוֹיךְ דֶער גִיוֶועהְנְלִיכֶער שְׁטֵייגֶער אִין דֶער ווֶעלְט ווַייזְט אִיטְלִיכֶען מֶענְשֶׁען אִין אִיטְלִיכֶער זַאךְ אָן, דֶעם פְּלַאץ וָואס עֶס גִיהֶערְט אִיהם צוּ. אָבֶּער דִיא לֶעהְרֶער פוּן תורה שבע"פ הָאבֶּען נִיט גִיוָואלְט דֶעם גִיוֶועהְנְלִיכֶען שְׁטֵייגֶער ווִי דִי ווֶעלְט פִיהְרְט זִיךְ, זִיךְ פֶּערְלָאזֶען מִיט דֶעם כבוד וָואס מַאן זָאל זֵייא נָאךְ זֵייאֶער טוֹיט אָן טָהוּן, בַּייאוֹרְט זֵייא הָאבֶּען בשעת זֵייאֶער לֶעבֶּען אִיבֶּער גִינוּמֶען דִיא בְּיָזארְגִינִישׁ דִירפוּן אוּן הָאבֶּען גִיבָּאטֶען, אַז דֶעם כבוד וָואס מַאן הָאט זֵייא בשעת לֶעבֶּען גִיגֶעבֶּען, זָאל אוֹיךְ נָאךְ דֶעם טוֹיט פַאר זֵייאֶער אָרִימֶען גוּף דֶערְווִיזֶען ווֶערֶען, אוּן אַז עֶס זָאל נוּר יוֹא חס ושלום קֵיין פְּרָאסְטֶער בעל הבית אוֹדֶער אַיין נִיט גִילֶעהְרִינְטֶער נִיט מֶעהר כבוד הָאבֶּען ווִיא זֵייא, אפילו אִין דֶעם לֶעצְטֶען טְרוֹיארִיגֶע אָנְדֶענְקֶען אָן דִיא מֶענְשְׁלִיכֶע חסרונות. — נָאךְ דֶעם טוֹיט אִיז צְווִישֶׁען דֶעם למדן אוּן דֶעם עם הארץ נוּר אַיין ווֵייניגֶער אוּנְטֶערְשֵׁייד, אוּן דָאס דוּרךְ וָואס זֵייא ווֶערֶען אוּנְטֶערְשֵׁיידִט, אִיז נִיט זֵייאֶער פְרִיהֶערְדִיגֶע גִילֶעהְרִינְטְקֵייט אוֹדֶער אוּם ווִיסֶענְהַייט, בַּייאוֹרְט דֶער ווֶערְט פוּן זֵייאֶערֶע גוּטֶע מדות. אַיין נִיט גִילֶעהְרִינְטֶער מֶענְשׁ קָאן אָפְט בַּייא מֶענְשֶׁען פִיל בִּילִיבְּטֶער זַיין אוּן גָאט ווַייט וואוֹהל גִיפֶעלִיגֶער זַיין, ווִיא דֶער גִילֶעהְרִינְטְסְטֶער, אוּן דַארִיבֶּער ווֶען אַיין דת, אַזוֹ בַּאלְד ווִיא דֶער טוֹיט הָאט דִיא אַיין גִיבִּילְדֶעטֶע חלוקים פוּן מֶענְשֶׁען פוּן דֶעם צַייטְלִיכֶען לֶעבֶּען צוּ נִישְׁט גִימַאכְט, מַאכְט נָאךְ אַיין אוּנְטֶער שֵׁייד צְווִישֶׁען דִיא גִישְׁטָארְבֶּענֶע, אַזוֹ מוּז דֶער דָאזִיגֶער אוּנְטֶערְשֵׁייד דוּרךְ אוֹיס אִין דֶעם ווֶערְט פוּן גוּטֶע מדות בֶּישְׁטֵייהֶען, וָואס דֶער ווֶערְד אִיז אוֹיף אֵייבִּיג. דִיא אמונה פוּן דֶער תורה שבע"פ אָבֶּער קָאן דִיא ווֶעלְטְלִיכֶע מעלות אפילו אִין דֶער עֶרִינְנֶעמְטֶער

שְׁטוּנְד פוּן טוֹיט נִיט פֶערְגֶעסִין,אוּן גִיבְּט דַארִיבֶּר אַיין בִּיפֶעהל, אַז דֶער עם הארץ, אַזוֹ וִויא עֶר אִיז אִין דֶעם דָאזִיגִין לֶעבִּין, פֶערְאַכְטִיט גִיוֶועזִין אָן אַיין שום השגחה צוּ גֶעבִּין אוֹיף זַיינִי גוּטִי מדות אַזוֹ זָאל עֶר אוֹיךְ נָאךְ אִין טוֹיט אוּן בַּייא דֶעם קבר דִיא צֵייכִינִיש פוּן זַיין דֶערְנִידְרִיגוּנְג אָן זִיךְ טְרָאגִין. נָאךְ מֶעהר בפירוש קָאן מַאן זֶעהִן, דֶעם וֶוערְט וָואס דִיא תורה שבע״פ לֵייגְט אוֹיף רֵייכְקַייט אוּן וֶועלְטְלִיכִי מעלות, פוּן אִיהרִי גִיבָּאט פוּן הספר וָואס מַאן זָאל דֶעם גִישְׁטָארְבִּינִין מספיד זַיין. עֶס זָאגְט אִין דֶעם דָאזִיגִין ענין:

בני עשירים כבני חכמים בני חכמים כבני מלכים לענין שבח מעשיהם:

„דִיא זִין פוּן דִיא רֵייכִי זֶענִין וִויא דִיא זִין פוּן דִיא חכמים, אוּן דִיא זִין פוּן דִיא חכמים זֶענִין וִויא דִיא זִין פוּן דִיא מלכים, אִין דֶעם ענין פוּן דֶעם לוֹיבּ פוּן זֵייאִירִי מעשים.״ (דָארְטִין סימן שמ״ד) דָא אִיז נִישְׁט פֶערְהַאנְדִין וָואס עֶס זָאל נִיט קְלָאר זַיין. דִיא גִילֶעהרִינְטִי מחברים פוּן דֶער תורה שבע״פ וִוילִין זֶעהִין וִויא מַאן אִיז זֵייאִירִי קִינְדִיר מכבד מִיט דֶעם כבוד פוּן מלכים אוּן וַוייזִין פַאר אֵיינְס, אַז הָאטְשִׁי זֵייא וִוילִין זֵייאִירִי גִילֶעהרִינְטְקַייט אַזוֹ הוֹיךְ לוֹיבִּין, הָאבִּין זֵייא דָאךְ דֶעם וֶוערְט פוּן רֵייכְקַייט פַאר זֵייעֶר גְרוֹיס גִישַׁאצְט, אוּן אַז, וִויא זֵייעֶר זֵייא הָאבִּין אוֹיךְ דֶעם עם הארץ פֶערְאַכְטִיט, אִיז זֵייאִירִי פֶערְאַכְטוּנְג גִישְׁטִילְט, וֶוען דֶער עם הארץ אִיז נוּר רַייךְ גִיוֶועזִין. דָאס וָואס דָאס רֵייכְקַייט וֶוערְד אִין דֶער וֶועלְט פַאר אַזוֹ גְרוֹיס גִישֶׁעצְט וואוּנְדִירְט אוּנְס נִיט; וֶוען אָבִּיר דִיא לֶעהרִיר פוּן אַיין אמונה בֵּייגִין זִיךְ פַאר עֶס גִילְדִינִין גֶעצִין אוּן לָאזִין דָאס בְּלוֹזִי רֵייכְקַייט אַזוֹ אַיין כבוד צוּ, וָואס דֶעם וֶוערְט פוּן דִיא פְרוּמְקַייט אוּן גוּטִי מדות פוּן דֶעם אָרִימִין, פֶער זָאגִין זֵייא עֶס, דֶען מוּזִין מִיר שׁוֹין מסופק זַיין אוֹיבּ דִיא יסודות וָואס זֵייא בִּיקֶענִין, זֶענִין אוֹיפְרִיכְטִיג, אוּן מוּזִין שׁוֹין אַיין שאלה מַאכִין אוֹיבּ זֵייאִיר דת אמונה אִיז וַוארְהַייט. דֶער הוֹיפְּט תכלית פוּן אַיין דת זָאל דֶער זַיין, דִיא מֶענְשִׁין צוּ דֶערהֵייבִּין אִיבִּיר דֶעם בִּיטְרִיגְלִיכִין שַׁיין פוּן דֶער דָאזִיגִיר וֶועלְט, זֵייא צוּ לֶעהרְנִין אַוֶועק צוּ זֶעהִין פוּן דֶעם אוּנְטִירְשֵׁייד פוּן דֶעם ערך, פוּן דָאס רֵייכְקַייט, אוּן גִילֶעהרִינְטַקַייט, אוּן אוֹיף יֶענִים אֵייבִּיגִין אוּנְטִירְשֵׁייד אַהִין צוּ זֶעהִין, וֶועלְכִי דֶער גִירֶעכְטִיר רִיכְטִיר וֶועט מַאכִין נָאךְ דִיא מעשים נָאךְ פוּן דִיא מֶענְשִׁין. אוּן וֶוען עֶס אִיז נוּר פֶערְהַאנְדִין אַיין צַייט, אִין וֶועלְכִיר דִיא אמונה מוּז מֶעהר פֶערְאַכְטִין דִיא ענינים אוּן דִיא גִיוואוֹינְהַייטִין פוּן דֶער דָאזִיגִיר וֶועלְט, מֶעהר וִויא אִין אַיין אַנְדִירִי צַייט, אַזוֹ אִיז עֶס גִיוִויס דִיא דָאזִיגִי שְׁטוּנְד פוּן טוֹיט אוּן בשעת מַאן לֵייגְט אִין קבר אַרַיין. אָבִּיר דָאךְ

דיא תורה שבע״פ ביהויפטיט נאך דא, איהר גרוסי ליבשאפט צו רייבקייט און צו וועלטליכי גרויסקייט, אזו וויא זיא ביהויפטיט איהרי טיפי פעראבטונג אקייגין דיא אום ווישנהייט, ארמקייט, און נידריגין שטאנד. ווען עס וואלט נאך איין ביווייז מעהר נייטיג גיוועזין, אזו וואלטין זיך דער דאזיגיר גיפונדין אין דעם דין וויא מאן זאל זיך נוהג זיין בייא דעם טויט פון קנעכט, וואס עס זאגט אזו:

העבדים והשפחות אין עומדין עליהם בשורה ואין אומרין עליהן ברכת אבלים ולא תנחומי אבלים. אלא כשם שאומרין לאדם על שורו וחמורו שמת המקום ימלא חסרונך כך אומר על עבדו ושפחתו שמתו:

„בייא קנעכט און דינסט מיידין שטעלט מאן זיך ניט אין צייל (וויא דער מנהג איז זיך אין ציילין צו שטעלין און דיא אבלים גייהן אדורך דורך זייא): און מאן זאגט ניט פון זייארט וועגין קיין ברכות פון אבלים און אויך ניט די טרייסטונגין פון אבלים, נייארט אזו וויא מאן זאגט צו איין מענשין אויף דעם טויט פון זיין אקס אודיר זיין עייזיל: גאט זאל דירפילין דיין שאדין! אזו זאגט מאן אויך צו איהם ווען זיין קנעכט אודיר זיין דינסט מאיד איז גישטארבין.״ (דארטין, סימן שע״ז) גאנצי ביכיר וואלטין אזו ניט גיקענט דעם גימיטה פון דאס יודישקייט און פון דיא וואס האבין עס מיסד גיוועזין אזו קלאר ארויס ווייזין, וויא דער דאזיגיר איינציגיר קורציר דין. עס ווייזט אונס דיא מיסדים פון דאס יודישקייט ניט נור פאר אזעלכי, וואס האבין אין זיך קיין שום גיזינונג פון אמונה ניט גיהאט, נייארט אויך פאר אזעלכי, וואס זענין פאר אלי נאטירליכי גיפיהל פון מענשליכקייט אויך גאר אין גאנצין אב גישטארבין גיוועזין. ווען ערגינץ איין גאטונג פון טרויאירקייט פעררדינט, אז מאן זאל דירויף זיך מצער זיין, אזו איז עס גיווים דיא טרויארדיגי פאמיליע פון איין קנעכט (שקלאוון): וואָרין אחוץ ווען איינער שטארבט מחמת איין פערברעכין (פאר איין גרויסי מעשה רע) איז קיין זאך נישט פערהאנדין וואס עס זאל גרעסיר זיין וויא דיא ביטירקייט פון טויט פון דיא קנעכט. דא זאל דיא אמונה אלי איהרי טרייסטליכי זאלבין אויס גיסין, און אזו וויא זיא פער גרינגירט אלי צרות פון לעבין, זאל זיא אויך דעם פיין פון טויט לינדירין. אין אזו איין שטונד, זאל דיא אמונה ביקאנט מאכין דיא פרייהייט פון דער נשמה, און דיא קינדיר פון גאוה און דעם דירמאנין, אז אין דעם לעבין נאך דעם טויט, איז גאר אום ביקאנט דער אונטיר שייד צווישין הערין און קנעכט, אז דארטין הערוואַרטיט אייביגי און גייסטיגי פרייהייט פאר אלי קינדיר פון גאט, האטשי וויא זייארי אויסווייניגסטי פערהעלטנישין הטדא אין דער

וועלט

וֶועלְט זִיךְ גִימֶעגְט זַיין . אִין אַזוֹ אַיין שְׁטוּנְד זָאל דִיא אמונה אִיבִּיר הוֹיפְּט דִיא וָואס זֶענִין לֶעבִּין גִיבְּלִיבִּין מִיט דֶער הָאפִּינוּנְג טְרֵייסְטִין , אַז עֶס אִיז פֶערְהַאנְדִין אַיין אַנְדִירִיר אוּן בֶּעסִירִיר צוּשְׁטַאנְד פוּן אַיין לֶעבִּין , וואו דֶער קְנֶעכְט אוּן דֶער פְּרַייאִיר מֶענְשׁ זֶענִין גְלַייךְ גִיאַכְטִיט אוּן וֶוערִין נָאךְ אַיין אֵייבִּיגִין גִיזֶעץ פוּן גִירֶעכְטִיגְקַייט בִּיהַאנְדִילְט . דִיא אמונה פוּן דֶער תורה שבע״פ אָבִּיר טְרָאגְט גָאר להפך פֶער אוּמְוִוירְדִיגְקַייט פוּן קְנֶעכְט אפילו בִּיז אִין גְרוּבּ אַרָאפּ אוּן מַאכְט נָאךְ, אַז דִיא פֶער אוּמְוִוירְדִיגוּנְג זָאל זִיךְ אַרִיבִּיר צִיהֶן וַוייטִיר וִויא בִּיז אִין גְרוּבּ . עֶס בִּיפֶעהְלְט , אַז דִיא אִיבְּלִי מנהגים פוּן דֶעם דת זָאל מַאן פַאר זֵייא נִיט טָהוּן , אוּן מַאכְט דֶעם קְנֶעכְט גְלַייךְ מִיט דִיא טוֹיטִי בהמות ; עֶס שְׁרַייבְּט קֵיין שום אופן פוּן טְרֵייסְטוּנְג פַאר דֶער אוּנְמוּטְהִיגִיר פַאמִילְיֶע פוּן דֶעם קְנֶעכְט נִיט אַפָּאר , נַייאִירְט זִיא פַּסְקִינְט , אַז זַיין בעל הבית זָאל דִיא זֶעלְבִּיגִי טְרֵייסְט וֶוערְטִיר בִּיקוּמִין , אַזוֹ וִויא וֶוען עֶר וָואלְט אַיין אָקְס אוֹדִיר אַיין עֵייזִיל פֶערְלוֹירִין . דֶער טוֹיט פוּן דֶעם קְנֶעכְט אָן זִיךְ וֶוערְד פַאר גָאר נִישְׁט בִּיטְרַאכְטִיט נוּר אִין אַזוֹ וַוייט וִויא עֶס אִיז אַיין הזיק פַאר דֶעם בעל הבית וָואס עֶר הָאט אַיין קְנֶעכְט פֶערְלוֹירִין , דִירְלוֹיבְּט דִיא תורה שבע״פ אַז מַאן זָאל אִיהם דִירְמָאנִין אוּן דִיא זַאךְ בִּימֶערְקִין . דִיא זַאךְ , אַז עֶר אִיז גִיוֶועזִין אַיין מֶענְשְׁלִיכִיר נפש אוּן הָאט גָאטִיס פָּארִם (צלם אלהים) גִיטְרָאגִין , דָאס וֶוערְד פוּן דִיא רבנים גָאר אִין גַאנְצִין פֶערְזֶעהִין , עֶר אִיז אַיין קְנֶעכְט גִיוֶועזִין , אוּן דַארִיבִּיר מֵיינִין זֵייא , אַז אַזוֹ וִויא עֶר אִיז פַאר זַיין לֶעבִּין אַזוֹ וִויא אַיין בהמה בִּיהַאנְדִילְט גִיוָואַרִין , קָאן עֶר אִיצוּנְד וַוייל עֶר אִיז טוֹיט , אוֹיךְ וִויא אַיין בהמה בִּיגְרָאבִּין וֶוערִין . וֶוען דִיא דָאזִיגִי קְנֶעכְט וָואלְטִין גוים גִיוֶועזִין , וָואלְט עֶס אוּנְס נִיט אַזוֹ פֶערְוואוּנְדִירְט , אַז דִיא תורה שבע״פ וָואלְט מִיט זֵייא אַזוֹ וֵוייניג אוּמְשְׁטֶענְדִין גִימַאכְט . אָבִּיר מִיר מוּזִין זִיךְ דָאךְ דִירְמָאנִין , אַז דִיא אַלִי קְנֶעכְט (שְׁקְלַאוִין) וֶוערִין גִיצְוואוּנְגִין , צוּ דָאס יוּדִישְׁקַייט אִיבִּיר צוּ גֵייהֶן , מִילָא זֶענִין זֵייא דָאךְ אִין דֶער זֶעלְבִּיגִיר אמונה גִיוֶועזִין פוּן זֵייאִירִי הֶערְרִין ; וַוייל דִיא השגחה פוּן גָאט הָאט זֵייא פַאר קְנֶעכְט גִימַאכְט , בִּימִיהט זִיךְ דִיא תורה שבע״פ זֵייא פַאר בהמות צוּ פֶערְוַואנְדְלִין . מִיר וַוייסִין עֶס גַאנְץ גִיוִויס , אַז פִיל אִיצְטִיגִי יוּדִין צִיטִירִין צוּרִיק אָבּ , מִיט שוֹידִירִין פַאר אַזֶעלְכִי לֶערְנוּנְג , אוּן וֶועלִין מודה זַיין , אַז זִיא אִיז אַיין שְׁפָּאט פַאר דֶער אמונה , וַוייל זֵייא זֶעהִין אַיין , אַז דֶער אָרִימִיר קְנֶעכְט אִיז אַזוֹ אַיין בִּישֶׁעפִינִישׁ , וִויא מִיר , אוּן הָאט דָאס אֵייבִּיגִי לֶעבִּין צוּ דֶערְוַוארְטִין . נוּר אָבִּיר דִיא דָאזִיגִי מֶענְשִׁין זָאלִין אוֹיךְ אַמָאהל אִיבִּיר דֶער זַאךְ נָאךְ דֶענְקִין , פוּן וַואנִין זֵייא הָאבִּין דִיא דָאזִיגִי

גיזינונג גינומין דיא וואס זענין אזו פיל גירעגבטיר, און בארימהערציגיר,
און מעהר ווירדיג פאר איין אמונה, וויא דיא גיזינונג וואס אין דער תורה
שבע״פ איז אויס גישפראכין. דאס אז דאס איז ניט דאס יודישקייט ארויס
גינומין, איז קלאר, מילא דארפין זייא אפשר ניט דיא מאכט וואס זייא
זענין מיט דאס קריסטינטהום ארום גרינגלט צו פערדאנקין? דאס איז
גיוויס, אז דאס נייאי טעסטאמענט (ברית הדשה) האט אין זיך גאנץ
אנדירי יסודות אין דעם ענין פון דיא ביהאנדלונג פון קנעכט, וויא דיא
זענין, דיא וואס מיר האבין אין דער תורה שבע״פ אויף גיוויזין. ווייטיר
אביר וואלט עס דען ניט פון דיא מענשין רעכט גוט גיטהון געוועזין, דיא
וואס קענין דיא רבנישי יסודות ניט ליידין, ווען זייא זאלין זיך פרעגין,
ווארום ביקענין זייא זיך צו דער רבנישיר אמונה? ווען עס איז אמת, אז
איין קנעכט איז עפיס מעהר, וויא איין אקס אודיר איין עייזיל, דען מוז
דאס יודישקייט, וועלכי עס שטעלט זייא אין איין קלאסי מיט בהמות,
פאלש זיין, און דיא מענשין וועלכי עס האבין אזעלכי דינים ארויס
גיגעבין, מוזין זעלבירט פאר אזעלכי גיהאלטין ווערין, דיא וואס זענין
פאר אמונה לעהרירס בשום אופן ניט טויגליך גיוועזין. יוא טאקיש
אפילו נאך מעהר, דאס יודישקייט מוז פאר אזו איין דת אנגריקענט
ווערין, וועלכי עס איז גאר בשום אופן ניט גיפאסט צום ארום ברענגין דאס
גליקזעליגקייט פון דעם מענשליכין מין. ווען דאס יודישקייט זאל ווידיר
אמאהל דיא ממשלה האבין, און וויא דיא אנהענגיר פון איהר האפין, אז
זייא זאל אומידום בכלל דיא ממשלה האבין, אזו וואלט דיא קנעכטשאפט
(שקלאווירייא) ווידיר הערשין, דיא קנעכט וואלטין ווידיר גיצוואונגין
גיווארין איביר צו גייהן צו דאס יודישקייט און ווידיר אזו וויא בהמות
ביהאנדילט ווערין. איז דאס דאזיגי דיא פולקומינהייט, און דאס נייא
גיבוירין ווערן, וועלכי דאס יודישקייט פערשפרעכט דער וועלט! מיר
פרעגין דאריביר איטליכין יודין דער וואס לייאינט דאס, אויב ער קאן
בעטין צו גאט פאר אזו איין צושטאנד און אויב ער ווינשט, אויף דעם
דאזיגין אופן אין שטאנד צו זיין, זייני מיט זינדיגי מענשין צוא דערנידריגין
און מיט דיא פיס צו טרעטין? טהוט ער דאס דאזיגי ניט, אזו מוז אין
דעם דת וואס ער ביקענט זיך צו איהם, עפיס ניט ריכטיגיס זיין, און ווען
ער דערזעהיט נור דעם דאזיגין טעות, אודיר ער דירקענט נור דאס
פאלשי אין דאס פערגלייכין קנעכט מיט אקסין און עייזלין, אזו איז דאס
דאזיגי שוין גינוג, כדי דאס גאנצי רבנישי גיבייא פון זייאיר לעהרונג צו

צושלידירין

צושְׁבַּיידִירִין; און װֶען עֶס לִיגְט אִיהם נור עֶפּיס דֶעם כבוד פון דָאס יודִישִׁי פָאלְק אִין הֶערְצִין, װֶעט עֶר זִיך בְּמִיהִין, זַייא פון דֶעם שם רע בִּיפְרַייהִין, אִין װֶעלְכִין מַאן הָאט זֵייאִירִי בַּארִימְהֶערְצִיגְקֵייט און מֶענְשְׁלִיכְקַייט דִירִיגִין אַרַיין גִיבְּרַאכְט און דֶעם יָאך פון זֵייאִיר הַאלְז אַרָאפּ צו װַארְפִין.

עֶס אִיז אָבִּיר דָאך נָאך פֶערְהַאנְדִין אִין דֶעם דָאזִיגִין דִין פון אַיין אבל אַיין אַנְדִירִיר פּוּנְקְט, װָאס מִיר דַארְפִין אִיהם נִיט לָאזִין אַזוֹ בְּלַייבִּין אַז מִיר זָאלִין אִיהם נִיט אַהֶער בְּרֶענְגִין. דִיא תורה שבע״פ פֶערְבִּיטִיט דֶעם אבל, וִויא מִיר הָאבִּין אוֹיבִּין גִיזֶעהִין, אִין דֶער צַייט פון דִיא זִיבִּין טֶעג פון שבעה דִיא תורה צו לֶעהְרְנִין. וִויא דִיא תורה שבע״פ זָאגְט עֶס קְלֶעהְרִיר, אַרוּיס:

אבל אסור לקרות בתורה ונביאים וכתובים ואסור לשנות במשנה תלמוד הלכות ואגדות:

„דֶעם אבל אִיז אסור צו לֶערְנִין אִין דֶער תורה און נביאים און כתובים; און עֶס אִיז אִיהם אסור צו שְׁטוּדִירִין אִין משניות און אִין תלמוד (גמרא) און הלכות און אגדות.“ דָאס אַז אַיין אבל פֶערְלִירְט דִירְבַּייא נִישְׁט פִּיל, װֶען עֶס װֶערְד אִיהם נִיט דִירְלוֹיבְּט צו שְׁטוּדִירִין אִין דֶער תורה שבע״פ, גְלוֹיבִּין מִיר גֶערִין. אָבִּיר װָארוּם זָאל מַאן אִיהם נִיט צו לָאזִין צו דֶעם אמתן קְוַואל פון טְרֵייסְטוּנְג – צו דֶעם אַנְפְּלֶעקְטִין װָארְט פון גָאט, זַיין נחמה צוא הָאבִּין? װֶען עֶס אִיז נור פֶערְהַאנְדִין אַיין צַייט אִין לֶעבִּין, אִין װֶעלְכִיר דָאס לֶעהְרְנִין אִין גָאטִים װָארְט אִיז מֶעהר מסוגל וִויא אִין אַיין אַנְדִירִי, אִיז עֶס גִיוִויס דִיא צַייט, אִין װֶעלְכִיר דֶער טוֹיט קוּמְט אִין אַיין פַאמִילְיֶע אַרַיין און דִירְמָאנְט דִירָאן אַלִי מִיט גְלִידִיר פון דֶער פַאמִילְיֶע, אַז דֶער לוין פַאר דִיא זִינְד אִיז דֶער טוֹיט. װֶען אַיין מַאן אוֹדִיר אַיין װַייבּ אִיז צוּרִיק גִיבְּלִיבִּין, אוּם אִיבִּיר דֶעם שְׁמֶערְצְלִיכְסְטִין הזיק װָאס זַייא הָאבִּין פֶערְלוֹירִין זֵייאִיר גִילִיבְּטִין, צוא טְרוֹיאִירִין, װֶעלְכִי טְרֵייסְטוּנְג קָאן װאוֹהל מִיט דֶעם דָאזִיגִן פֶערְגְלִיכִן װֶערִין, װֶעלְכִין זַייא גִיפִינְדִין אִין גָאטִים הבטחה װָאס עֶר הָאט צו גִיזָאגְט אַזוֹ אַיין װֶעלְט, װָאס אִין אִיהר אִיז נִיט פֶערְהַאנְדִן קֵיין טְרוֹיאֶרִקַייט און נִיט קֵיין טוֹיט און וִויא דִיא יֶענִיגִי, דִיא װָאס זֶענִין אַיין מָאהל פֶערְאֵיינִיגְט, װֶעלִין זִיך קֵיין מָאהל נִיט מֶעהר שֵׁיידִין? װֶען קִינְדִיר הָאבִּין צו בִּיטְרוֹיאִירִין װָאס זֵייא הָאבִּין זֵייאִירִי עֶלְטִירִין פֶערְלוֹירִין, וואוּ זָאלִין זֵייא דֶען לִיבִּירְשְׁט טְרֵייסְטוּנְג זוּכִין, וִויא אִין דֶעם װָארְט, אִין װֶעלְכִין עֶס שְׁפְּרֶעכְט צו זֵייא דֶער

דָאזִיגִיר , וָואס עֶר אִיז אַיין פָּאטִיר פַאר יתומים ? עֶס וֶועט אוֹיךְ אִיטְלִיכִיר פֶּערְשְׁטֶענְדִיגִיר מֶענְשׁ דִיא מֵיינוּנְג הָאבִּין , אַז וֶוען דָאס הֶערְץ אִיז טַאקִישׁ פוּן אַזוֹ אַיין פַאטִירְלִיכִי שְׁטְרָאף דֶערְוַוייכְט , אִיז דָאס דָאזִיגִי אִיבִּיר הוֹיפְּט אַיין גִיפַּאסְטִיר אוּגִינְבְּלִיק זַיינִי לֶערְנוּנְגִין זִיךְ אִין הֶערְצִין אַריין צוּ נֶעהמִין אוּן אוֹיף זַיין מוכר צוּ אַכְטִין . נוּר אָבִּיר דִיא תורה שבעל פה הָאט מִיט דֶעם שְׁטֵייגִיר פוּן אַיין גַאנְץ פֶער קֶעהרְטִי חריצות גְרַאד דִיא יֶענִיגִי צַייט פוּן דֶעם מֶענְשְׁלִיכִין לֶעבִּין , אִין וֶועלְכִין דִיא טְרֵייסְטוּנְגִין פוּן גָאטִיס וָוארְט זֶענִין צוּם נֵייטִיגְכְטִין אִין זַיינִי בִּילֶערְנוּנְגִין וָואלְט גִיקֶענְט צוּם נִיצְלִיכְסְטִין זַיין , דִירְצוּ אוֹיס גִיקְלִיבִּין , אוּם דָאס לֶעהרְנִין אִין דֶער צַייט גָאר אִין גַאנְצִין צוּ פֶערְבִּיטִין . אוֹיךְ הָאבִּין דִיא רבנים דָא זִיךְ שׁוֹין ווִידִיר נִיט מְיֻשָׁב גִיוֶועזִין אַיין אוֹיס דְרִיקְלִיכִין גִיבָּאט צוּ פֶער דַארְבִּין . גָאט זָאגְט פוּן זַיין תורה : (והגית בו יומם ולילה) „דוּ זָאלְסְט דִירִינִין טְרַאכְטִין טָאג אוּן נַאכְט , ״ אוּן מַאכְט דִירְבַּייא נִיט קֵיין חילוק אַז דִיא זִיבִּין טֶעג פוּן טְרוֹיאִיר (שבעה) זָאל אוֹיס גִינוּמֶען זַיין . בַּייא דֶער בִּישְׁרַייבּוּנְג וויא עֶס וֶוערְד בִּיצֵייכִינְט דִיא מדות פוּן אַיין צדיק שְׁטֵייט : „עֶר הָאט לוּסְט צוּ דֶער תורה פוּן גָאט אוּן רֵיידִיט פוּן זַיין תורה טָאג אוּן נַאכְט , ״ אוּן זָאגְט צוּ אַיין ברכה פַאר אַזֶעלְכִין וָואס הָאט דִיא מדה . אָבִּיר דִיא רבנים פֶער אַכְטִינְדִיג אַזוֹ גוּט דָאס גִיבָּאט וויא אוֹיךְ דִיא צוּ גִיזָאגְטִי ברכה, פֶערְבִּיטִין דֶעם וָואס אִיז שׁוֹין אַיין אוּנְמוּטְהִיגִיר אבל , דָאס גִיבָּאט צוּ גִיהָארְכִין אוּן דִיא ברכה צוּ זוּכִין . דֶעם דָאזִיגִין פֶער בָּאט וָואלְט מַאן נִיט גִיטָארְט הַאלְטִין אפילו דֶענְסְמָאלְט בשעת דִיא שְׁרִיפְט גִילֶעהרִינְטִי (סופרים) אוּן רבנים הָאבִּין זֵייאִיר גַאנְצִי מַאכְט פוּן דֶעם צִיווִילְנִים אַמְט גִיהַאט אִין ארץ ישראל , וַוייל מַאן וָואלְט דִירְמִיט עובר גִיוֶועזִין אוֹיף דָאס גִיבָּאט פוּן גָאט . דִיא תורה פוּן גָאט אוּן דִיא תורה פוּן מֶענְשִׁין זֶענִין זִיךְ דָא בפירוש סותר . דִיא תורה פוּן גָאט גִיבִּיטִיט דִיא ישראל , טָאג אוּן נַאכְט רק אִין זַיין תורה צוּ שְׁטוּדִירִין (דֶענְקִין) ; דִיא תורה פוּן מֶענְשִׁין פֶער בִּיטִיט אַז מַאן זָאל אִין דִיא זִיבִּין טֶעג פוּן שבעה גָאר נִישְׁט טָארִין לֶעהרְנִין . נוּר אָבִּיר וואוּ נוּר אֵייבִּיג דִיא בֵּיידִי שְׁטְרַייטִין אֵיינִי אַקֵייגִין דִיא אַנְדִירִי , קָאן קֵיין פֶערְשְׁטֶענְדִיגִיר מֶענְשׁ אִין דֶעם נִיט מסופק זַיין . אַז דִיא ישראל זֶענִין מחויב , פְרִיהִיר גָאט עֵיידִיר מֶענְשִׁין צוּ גִיהָארְכִין , אִיצוּנְד אָבִּיר , וָואס דִיא תורה שבע״פ אִיז נִיט דָאס גִיזֶעץ (פְּרַאוֶוע) פוּן דָאס לַאנְד , דַארִיבִּיר וואוּ דִיא תקנות פוּן דִיא שְׁרִיפְט גִילֶעהרִינְטִי (סופרים) הָאבִּין קֵיין שׁוּם מַאכְט נִיט אִיז עֶס אוּם בִּיגְרַייפְלִיךְ , וָוארוּם דִיא

ישראל גיהָארְכִין יֶענִים גיבָּאט , אויב זייא ווילין ניט אויפוואַייזין עֶפִּים דורך אַיין עֶפינְטְלִיכִי זַאך זֵייאִירִי בִּיסְטִימְטִי כוונות , דיא גיזֶעץ פון גָאט עובר צו זַיין – אִיטְלִיכִיר דֶער ווָאס הַאלְט זיך אויף זִיבִּין טָאג לַאנְג פון צו לֶעהְרְנִין דֶעם גֶעטְלִיכִין ווָארְט , טְהוּט בפירוש אַיין עבירה אַקֵייגִין דָאס גֶעטְלִיכִי גיבָּאט , וְויא עֶס איז דורך משה און דיא נביאים גיגֶעבִּין גיווָארִין ; מֵילָא וויא קֶענִין זיך דיא אִיצְטִיגִי יודין דורך דֶער מֵיינוּנְג גִינַארִין , אַז זֵייא הָאבִּין דֶעם דת פון משה? דֶער הויפְּט אונְטִירְשֵׁייד צְווישִׁין דָאס הֵיידִינְטְהוּם און דֶעם דת פון משה בִּישְׁטֵייהִיט דִירִינִין , אַז דֶער דת פון משה אַנְטְפְּלֶעקְט אונְס דֶעם ווִילִין פון גָאט , כדי אונְס אִין שְׁווֶערִי צרות צו דֶערְלַייכְטִירִין און אִין טְרוֹיאִירְנִיש צו טְרֵייסְטִין . דֶער הויפְּט אונְטִירְשֵׁייד צְווִישִׁין אַיין יודִישִׁין און הֵיידִישִׁין טְרוֹיאִירְדִיגְן , מוּז אויך אַזוֹ דֶער זַיין , אַז דֶער יוד זוכְט טְרֵייסְטוּנְג בַּייא גָאט און אִין זַיין תורה , ווָאס בשעת דֶער הֵייד אִיז אֶנְגִיהַאנְגִין אָן זַיין טְרוֹיאִירְנִיש , אַזוֹ וויא אֵיינִיר ווָאס הָאט גָאר קֵיין שוּם הָאפִינוּנְג נִישְׁט . דיא תורה שבע"פ איז דָאךְ דֶעם אונְטִירְשֵׁייד מבטל און פִיהְרְט דיא יודִין צוריק אִין דיא חוקים פון דיא הֵיידִין , ווייל עֶס בִּירוֹיבְּט אִיהם אִין דֶער שְׁטוּנְד פון זַיין נויט דיא הבטחה פון גָאט , און בִּיפֶעהלְט זִיבִּין טָאג לַאנְג זיך אַיין צו הַאלְטִין און ניט צו לֶערְנִין אין זַיין הֵיילִיגִיר תורה . מֵילָא נָאך דֶעם נָאך ווייל דיא דָאזִיגִי דינים פון אבילות זֶענִין פַאר דֶעם אָרִימִין אַיין דְרִיקִינִיש , פַאר דֶעם נִיט גִילֶעהרִינְטִין אַיין בזיון , פַאר דיא מֶענְשְׁלִיכְקֵייט אוּם ווִירְדִיג , און מִיט דיא בפירושי פָארְשְׁרִיפְטִין פון דֶער גֶעטְלִיכִיר תורה איז עֶס זיך סותר , פֶערְדִינִין זֵייא ניט , אַז מַאן זָאל זֵייא הַאלְטִין פַאר גיט , פַאר דיא קִינְדִיר ישראל , און קֶענִין גָאר ניט פֶערְלַאנְגִין אַז מַאן זָאל זֵייא מקיים זַיין .--



# נתיבות עולם

## עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז

די אלטי שטעגען.

---

### נומר נ״ו

---

אַיין דת, וועלכער עס שטרייט בישיינפּערליך אַקעגען איינס פון די געטליכע מעלות, מוז בוודאי פאלש זיין. די היילינקייט למשל איז איין מעלה פון גאָט; גאָט איז איין היילינער גאָט. מילא איין דת, וועלכער עס וואָלט די אום היילינקייט ארויס ברענגען, וואָלט ניט געקענט אַרויס קומען פון דעם היילינען גאָט פון ישראל. גאָט איז ווידער, איין באַרימהערציגער און גערעכטער גאָט. מילא ווען איין דת ווייזט זיך אַרויס מיט אכזריות און אומגערעכטיגקייט, אַזוי קאָן ער ניט פון איהם אַרויס געקומען זיין. און מחמת דעם טעם, צווישען אַנדערע טעמים, גלויבען מיר, אַז דער דת פון דער תורה שבעל פה, קאָן ניט דער וואהרער דת זיין, וועלכען גאָט האָט משה און די נביאים געגעבען. די תורה שבע״פ איז אין איהרע תקנות און דינים אַקעגען די וואָס זענען ניט יודען, און קענעכט, און ניט גילעהרינטע מענשען, אין העכסטען גראַד אום גערעכט און אין זייער פיל פון זייערע דינים אין העכסטען גראַד אום באַרימהערציג. ווען עס איז אָבער פערהאַנדען איין מעלה, וועלכע עס ווייזט מעהר די תכונה פון דעם וואהרען גאָט וויא איטליכעס אַנדערע, אַזוי איז עס, די וואהרהייט. אין די נבואות פון ירמיהו הנביא ווערד ער אפילו פאר גאָר אַלץ איינס מיט דער וואהרהייט אַפּאַר גישטעלט; וואָרין עס שטייהט:

ויהוה אלהים אמת:

„און יהוה אלהים איז די וואהרהייט.״ (ירמיה י׳, פסוק י׳) און אויך די נבואות, וועלכע ער האָט אין דאס מויל פון בלעם אַריין גילייגט, זאָגט ער, אַז דאָס דאָזיגע איז די מעלה, וועלכעס עס אונטערשיידעט איהם פון די מענשען קינדער: „גאָט איז ניט איין מענש אַז ער זאָל ליגען זאָגען,״ שטייהט אין פסוק, „און ער איז אויך ניט איין מענשען זון אַז ער זאָל זיך בירענקען, זאָל ער דען זאָגען און זאָל ער ניט טהון? זאָל ער ריידע

און

און זָאל עֶר נִיט בִּישְׁטֶעטִיגִין ? (במדבר כ״ג , פסוק י״ט) מֶענְשִׁין קֶענִין שְׁלֶעכְט גִינוּג זַיין עֶפִּיס צוּ פֶער שְׁפְּרֶעכִין , וָואס זֵייא מֵיינִין נִיט צוּ הַאלְטִין , אוֹדִיר , נָאךְ דֶעם וִויא זֵייא הָאבִּין שׁוֹין פֶער שְׁפְּרָאכִין , פֶער עֶנְדִירִין זֵייא זֵייאִיר מחשבה און ווִילִין שׁוֹין נִיט מֶעהר מקיים זַיין וָואס זֵייא הָאבִּין זִיךְ מתחייב גִיוֶועזִין . גָאט אָבִּיר אִיז צוּ הֵיילִיג דִירְצוּ , אוּם בכיון צוּ גִינַארִין , אוֹדִיר צוּ אָבּ עֶנְדִירִין , וָואס עֶס אִיז אַיין מָאהל פוּן זַיין מוֹיל אַרוֹיס גִיגַאנְגִין . דְרוּם דֶער יֶעניגִיר דת , וֶועלְכִיר עֶס צִילְט דִירוֹיף , אוֹיף עֶרְגִינְץ אַיין אוֹפֶן , אוּנְזִיר בכבודי פוּרְכְט פַאר דֶער וַוארְהַייט צוּ מִינְדִירִין , אוֹדִיר וֶועלְכִיר עֶס פְּרִישְׁט דִיא מֶענְשִׁין אוֹיף אַיין פֶערבִּינְד לִיכְקַייט וָואס מַאן הָאט הֵיילִיג פֶער שְׁפְּרָאכִין נִיט מקיים צוּ זַיין , אוֹדִיר וָואס נָאךְ שְׁלֶעכְטִיר אִיז , וֶועלְכִיר דת עֶס לֶערִינְט , וִויא מַאן זָאל קֶענִין אִימִיצִין זַיין שבועה מתיר זַיין , קָאן נִיט פוּן דֶעם גָאט פוּן וַוארְהַייט אַרוֹיס קוּמִין ; דָאס דָאזִיגִי אָבִּיר טְהוּט דִיא תורה שבע״פ אִין גִיווִיסִי אופנים מִיר ווִילִין דִירְמִיט נִיט זָאגִין אַז זִיא שְׁטֶעלְט אוֹיף דִיא לֶערְנוּנְג , אַז מַאן זָאל קֶענִין בִּיקוּמִין אַיין התיר אוֹיף אִיטְלִיכִיר אַרְט שבועה ; גֵיין דִיא רבנים שְׁטֵייהִין זִיךְ טַאקִישׁ נִיט מֶעהר אוּנְטֶער מתיר שבועה צוּ זַיין נוּר אִין דִיא אופנים פוּן שבועת בטוי „אַיין אִיבִּיר אַיילְטִי שבועה" (וָואס מַאן שְׁפְּרֶעכְט אִין דֶער גִישְׁווִינְדִיגְקַייט אַרוֹיס מִיט דֶעם מוֹיל אָן דֶער כוונה פוּן הֶערְצִין) נוּר דָאס בִּיהוֹיפְּטִין מִיר , אַז אפילו דִיא דָאזִיגִי אוּנְטִיר שְׁטֵייהִינִישׁ , אִיז כנגד דֶער תורה פוּן גָאט און עֶס אִיז אַיין חסרון פַאר דִיא וַוארְהַייט און דָאס אִיז שׁוֹין גִינוּג , אוּם צוּ נִישְׁט צוּ מַאכִין דֶעם טְרָאוּי און גְלוֹיבִּין פוּן דֶער תורה שבע״פ , אַז זִיא זָאל זַיין אַיין דת פוּן גָאט גִיגֶעבִּין . דִיא לֶערְנוּנְג זֶעלְבִּירְט זָאגְט אוֹיף דֶעם שְׁטֵייגִיר :

מי שנשבע שבועת ביטוי ונחם על שבועתו וראה שהוא מצטער אם יקיים שבועה זו . ונהפכה דעתו לדעת אחרת . או שנולד לו דבר שלא היה בדעתו בשעת השבועה וניחם בגללו הרי זה נשאל לחכם אחד או שלשה הדיוטות במקום שאין שם חכם ומתירין לו שבועתו . ויהיה מותר לעשות דבר שנשבע שלא לעשותו או שלא לעשות דבר שנשבע לעשותו. וזהו הנקרא היתר שבועות . ודבר זה אין לו עיקר כלל בתורה שבכתב . אלא כך למדו ממשה רבינו מפי הקבלה שזה הכתוב לא יחל דברו שלא יחלל הוא בעצמו דרך קלות ראש בשאט כענין שנאמר וחללת את שם אלהיך . אבל אם נחם וחזר בו חכם מתיר לו :

„וֶוען אִימִיצִיר הָאט גִישְׁוואוֹרִין אַיין אִיבִּיר אַיילְטִי שבועה מִיט דֶעם מוֹיל , און דִירְנָאךְ פֶער דְרִיסְט עֶס אִיהם וָואס עֶר הָאט גִישְׁוואוֹירִין , וַוייל עֶר זֶעהִיט אַיין אַז וִויא בַּאלְד עֶר וֶועט דִיא דָאזִיגִי שבועה מקיים זַיין וֶועט עֶר צַער הָאבִּין , און זַיין דעה אִיז פֶער קֶעהרְט גִיוָוארִין אוֹיף אַיין אַנְדִירִי

דעה; אוֹדיר עֶס אִיז דָא אַיין נַייאִי זַאךְ גְוָוארִין, וָואס בשעת דֶער שבועה הָאט עֶר דִירָאן גָאר נִיט גִידַאכְט, און מחמת דֶעם פֶער דְרִיסְט עֶס אִיהם וָואס עֶר הָאט גִישְׁווֹאוִירִין, אַזוֹ זָאל עֶר בֶּעטִין בַּייא אֵיין חכם (אֵיין רב), אוֹדִיר, בַּייא דְרַייא פְּרָאסְטִי מֶענְשִׁין וֶוען קֵיין חכם אִיז נִיט פֶערְהַאנְדִין, און מַאן אִיז אִיהם מתיר זַיין שבועה, און דֶען מֶעג עֶר טָהוּן, דִיא זַאךְ וָואס עֶר הָאט גִישְׁווֹאוִירִין אַז עֶר זָאל עֶס נִיט טָהוּן, אוֹדִיר נִיט צוּ טָהוּן, דִיא זַאךְ וָואס עֶר הָאט גִישְׁווֹאוִירִין יוֹא צוּ טָהוּן. און דָס דָאזִיגִי אִיז וָוס עֶס וֶוערְד אָן גִירוּפִין היתר שבועות (אוֹיף בִּינְדוּנְג פוּן שבועות). און דִיא דָאזִיגִי זַאךְ הָאט גָאר קֵיין שׁוּם עִיקר נִיט אִין דֶער תורה שבכתב, נַייאִירְט אַזוֹ הָאבִין זֵייא (דִיא רבנים) גִילֶערִינְט פוּן משה רבינו דוּרְךְ דֶער אוֹיס וֵוייניגְסְטִי קבלה אַז דֶער פסוק: „„עֶר זָאל זַיין וָוארְט נִיט פֶערְשְׁוֶועכִן" (במדבר ל׳, פסוק ג׳), אִיז דֶער פירוש, עֶר זָאל זֶעלְבִּירְט אוֹיף אַיין לַייכְטְזִינִיגִין שְׁטֵייגִיר מִיט קלות און מִיט הוֹיךְ מִיטְהִיגִין הֶערְצִין זַיין וָוארְט נִיט בְּרֶעכִין; אַזוֹ וִויא עֶס שְׁטֵייהִיט גִישְׁרִיבִּין: „„און דוּ זָאלְסְט נִיט פֶערְשְׁוֶועכִין דֶעם נָאמִין פוּן דַיין אלהים;" " (ויקרא י״ט פסוק י״ב) וֶוען עֶס פֶערְדְרִיסְט אִיהם אָבִּיר און עֶר עֶנְדִירְט זַיין דעה אָבּ, אַזוֹ קָאן אִיהם אַיין חכם מתיר זַיין." (הלכות שבועות פרק ו׳ הלכה א׳ – ב׳) מֵילָא דָא וֶוערְד אוֹיסְדְרִיקְלִיךְ גִילֶעהְרִינְט, אַז, וֶוען אִימִיצִיר הָאט אַיין גְרוּנְד, עֶרְגִינְץ עֶפִּיס מוֹרָא צוּ הָאבִּין אַז אִיהם וֶועט אפשר קֶענִין אַיין רעה אַרוֹיס קוּמִין, אוֹדִיר אפילו, וֶוען עֶר עֶנְדִירְט זַיינִי מחשבות, קָאן עֶר דִיא הֵיילִיגְסְטִי חיובים וָואס עֶר הָאט זִיךְ מתחייב גִיוֶועזִין, דִיא וָואס קָאן נוּר אוֹיף דִיא נאמנות פוּן אַיין מֶענְשִׁין אַרוֹיף גִירַייגְט וֶוערִין און אַז, נָאךְ דֶעם וִויא עֶר הָאט גָאט אָנְגְגִירוּפִין אוֹיף דִיר בִּיפֶעסְטִיגוּנְג פוּן אַיין זַאךְ וָואס עֶר הָאט זִיךְ אַפָּאר גִינוּמִין דָאס צוּ טָהוּן אוֹדִיר נִיט צוּ טָהוּן, קָאן אֵיינִיר אוֹדִיר מֶעהְרִיר פוּן זַיינִי מִיט זִינְדִיגִי מֶענְשִׁין אִיהם פוּן זַיין חיוב אַקִיגִין זַיין בִּישֶׁעפִּיר לוֹיז לָאזִין און קֶענִין דִיא דִירְלוֹיבִּינִיש גֶעבִּין גָאר פֶערְקֶעהְרְט צוּ טָהוּן, וִויא דָאס וָואס עֶר הָאט פַאר גָאט און צוּ גָאט צוּ גִיזָאגְט אַז עֶר זָאל טָהוּן. עֶס מֶעג אִיצוּנְד אִיטְלִיכִיר יוּדִישׁ קִינְד וָואס לֵייאִינְט דָאס, קודם כל זַיין אֵייגִינִים פֶערְשְׁטַאנְד פְרֶעגִין און אוֹיף דֶעם משקל גֶעהמִין, אוֹיבּ דִיא דָאזִיגִי לֶעהְרוּנְג אִיז גְלַייךְ מִיט דֶער מדה פוּן גָאט וִויא עֶר וֶוערְד אַפָּאר גִישְׁטֶעלְט אִין דֶער הֵיילִיגִיר תורה. דֶער גָאט, וֶועלְכִין דִיא תורה שְׁטֶעלְט אוּנְס אַפָּאר, אִיז אַיין גָאט פוּן אֵייבִּיגִי

און ניט פערענדירליכיווארהייט , און איינס פון זייני הויפט סימנים איז , אז ער האלט דעם בונד און גינאד . מילא איין מענש , דער וואס ברעכט זיין ווארט , נאך מעהר אביר , דער מענש וואס ברעכט זיין שבועה , איז צו גאט ניט גלייך . איז עס דען נאך איין שום הוה אמינא , אז גאט זאל האבין איין דת גיגעבין , דיא ווס זארגט ביזונדירס דירפאר , דיא מענשן איהם ניט גלייך צו מאכן ? און ווייטיר , גאט איז איין גאט פון דירקענטיניש און דרום ווייס ער , אז דיא מענשן זענין אין העכסטין גראד בישעפינישין פון גיוואוינהייט , און ער ווייס אויך , אז דורך דיא גיוואוינהייט ווערין פערשטארקט בייזי גילוסטונגין , און אז' אין דעם מענשן הערשט איין גרויסי לוסט, זיך אן זיין ווארט ניט גיבונדין צו האלטין, אזו באלד אז שפירט נור אז ווען ער זאל דאס האלטין , וואלט איהם גיקענט ערגינץ עפיס איין רעה אודיר איין שאדין דירפון ארויס קומין ; מילא איז עס דען מיגליך אז גאט זאל האבין איין תורה גיגעבין , וועלכי עס צילט גלייך דירויף אהין , דיא דאזיגי בייזי גילוסטונג צו פער שטארקערין , ווייל עס גיבט דעם מענשין דיא גילעגינהייט , אז ער זאל זיין ווארט ברעכין , אפילו ווען ער האט דיא זאך דורך איין הייליגיר שבועה ביקרעפטיגט ? דער פערשטאנד זאגט אונס , אז אזו איין תורה קאן ניט פון דעם גאט פון ישראל ארויס קומין . ציא האט דאס זעלביגי עפיס אין דעם גישריבינים ווארט פון גאט איין שום שטיצונג ? עס וואלט באמת טאקיש גאר נישט צו פערשטייהין גיוועזין , ווען אין דעם ווארט פון גאט וואלט עפיס זיך גיפינדין וואס אקייגין דעם פערשטאנד איז . אין אזו ווייט וויא עס אנטפלעקט אונס דיא טבע פון דעם , דער וואס מאן קאן איהם ניט ביגרייפין , מעג עס אויך אין זיך טאקיש עפיס האבין , וואס עס גייהיט העכיר איביר אונזיר פערשטאנד ; אז עס זאל אביר , דא וואו עס גיבט גיזעצי פאר מענשין , דיא זעלביגי מענשין דיא דירלויבניש געבין , דאס צו טהון , וואס זייאיר שכל זאגט זייא , אז עס שטרייט פונקט אקייגין דיא מדות פון גאט , איז גאר ניט צו גלויבין . דיא רבנים זעלבירט פרובין עס דאך גאר ניט , זייאיר לערנונג צו רעכטפערטיגין דורך דעם אז זייא זאלין זיך בירופין אויף דער תורה שבכתב . זייא זאגין גאנץ אפין ארויס : דיא דאזיגי זאך האט גאר קיין שום עיקר ניט אין דער תורה שבכתב ,” און זאגין עס ארויס , אז דאס זעלביגי איז דורך אויס נור איין ארויס גיבראכטי זאך פון דער קבלה , אזו אז דיא ביוייז כנגד דאס זעלביגי ביקומט איין גידאפילטין גיוויכט . איטליכיר מענש ווייס , אז איין גישיכטי , פערלירט דערדורך נישט , וואס זיא גייהיט

דורך פיל מיילער, אז וואס זיא ווערד ווייטר פערברייטירט ביקומט זיא אביר צו זעצונגין (וואס איטליכיר לייגט עפיס צו) און עס ווערד אין איהר אזו פיל פער ענדרונגין גימאכט, אז זיא איז צום סוף קוים צו דירקענין. דיא דאזיגי מעשה, מאכט שוין באלד פון אנפאנג אן, איטליכי קבלה וואס איז בע"פ איביר גיענטווירט, פאר אום זיכיר און פאר איין זאך וואס מאן ברויך דירינין מסופק צו זיין; זיא קומט אביר דענסמאלט איביר הויפט אין חשד אריין, ווען זיא שטרייטיט ניט נור אקייגין דיא מדות פון גאט, וויא דיא תורה הקדושה שטעלט איהם אונס אפאר, נייארט אז זיא לאזט אויך נאך צו, דיא בייזי גלוסטונגין (תאות) פון דיא מענשין. ווען דיא רבנישי קבלה וואלט פערלאנגט, אזו מאן זאל האבין מעהר רוח אמונה צו ביאכטין דיא ווארהייט און מאן זאל פאר דער ווארהייט מיט דעם גוטין ווילין איין הזיק ליידין און אנדירי זאכין וואס עס איז ניט אנגינעהם, אזו ווארט זיא, אין אזו ווייט וויא דער טעם דירפון וואלט ניט גיוועזין כחמת אייגינים נוצין, ווייניגיר אין חשד גיוועזין; ווען זיא זאגט אביר דיא מענשין אויס דריקליך, אז ווען זייא טהון דאס וואס עס וואלט זייא פאר איין פערדרוס און פאר איין שאדין קענין ביהיטין, פאלגין זייא דירמיט איין געטליכין גיבאט, אזו קאן מאן ניט אויס מיידין, פוי צו האלטין דאס זעלביגי פאר איין בלוזי אויס גיטראכטי זאך פון מענשין, וואס זיא האט עס פאר גוט גיפונדין הוזר צו זיין וואס מאן האט גישוואוירין צו טהון. לסוף אביר מוז דאס גישריביני ווארט פון גאט דער הויפט ריכטיר זיין צו בישיידין. דיא רבנים זאגין, אז מאן האט דורך איין קבלה בע"פ פון משה גילעהרינט, אז דיא ווערטיר: „ער זאל זיין ווארט ניט פער שוועכין," זענין אזו צו פערשטייהין, אז ער זעלבירט זאל ניט אויף איין לייכטזיניגין שטייגיר זיין ווארט פער שוועכין, נייארט ער זאל גייהין צו איין חכם און בייא איהם לאזין מתיר שבועה זיין. מיר וועלין איצונד דעם גאנצין פסוק, פון וועלכין דיא ווערטיר זענין ארויס גינומין, אין גאנצין לייאינין. דער פסוק זאגט:

איש כי ידור נדר ליהוה או השבע שבועה לאסור אסר על נפשו לא יחל דברו ככל היוצא מפיו יעשה:

„ווען איין מאן וועט גילובין איין גילויבניש צו יהוה, און ער וועט שווערין איין שבועה, צו פערבונדין איין פערבונדיניש אויף זייני זייל, אזו זאל ער ניט פערשוועכין זיין ווארט, גלייך אז וויא אלים וואס ארויס גייהט פון זיין מונד זאל ער טהון." עס מעג איצונד איטליכיר פערשטענדיגיר און אויפריכטיגיר מענש זאגין אויב דא דירבייא איז ניט דיא כוונה פון

גָאט גִיוֶועזֶין צוּ פֶערְבִּיטִין אַז מַאן זָאל גָאר קֵיין שׁוּם לוֹיז שְׁפְּרֶעכוּנְג אוֹיף אַיין שבועה נִיט בִּיקוּמִין, אוֹיבּ עֶר וָואלְט וואוהל צוּ דֶעם תכלית גִיקֶענְט מִיט בֶּעסִירִי וֶוערְטִיר עֶס אַרוֹיס זָאגִין וִויא דִיא דָאזִיגִי זֶענִין? אוֹדִיר אוֹיבּ דֶער קְלָארִיר פָּשׁוּטִיר זִינִין נָאךְ דֶעם דִיקְדוּק נָאךְ דִירפוּן שְׁטְרַייט נִיט פּוּנְקְט אַקֵייגִין דֶער רַבָּנִישִׁיר לֶעהְרְנוּנְג? גָאט זָאגְט: וֶוען אִימִיצִיר שְׁוֶוערְט, אַזוֹ זָאל עֶר זַיין וָוארְט נִיט פֶערְשְׁוֶועכִין; דִיא רבנים זָאגִין: עֶר קָאן עֶס פֶערְשְׁוֶועכִין. כדי אַלִי פַאלְשִׁי פשטים צוּ פֶערְהִיטִין זֶעצְט גָאט אַהִין צוּ: „גְלַייךְ אַז וִויא אַלִיס וָואס אַרוֹיס גֵייהט פוּן זַיין מוּנְד זָאל עֶר טָהוּן;" דִיא רבנים זָאגִין: עֶר בִּידַארְף דָאס נִיט. אוּן פוּן דֶעסְט וֶועגִין הָאבִּין זֵייא נָאךְ דֶעם עזות מצח, אוּנְס צוּ זָאגִין אַז זֵייאִיר לֶערְנוּנְג שְׁטַאמְט פוּן משה אַרוֹיס אוּן דָאס אִיז אַזוֹ בקבלה דֶער פירוש פוּן דִיא וֶוערְטִיר, וָואס עֶס וַוייזְט גָאר פּוּנְקְט להפך, וִויא זֵייא זָאגִין. עֶס אִיז נוּר צוּ בִּיוואוּנְדִירִין, אַז זֵייא הָאבִּין זִיךְ אִיבִּיר הוֹיפְּט אוֹיף דֶעם דָאזִיגִין פסוק אוֹיס גִירוּפִין, אוּן דָאס קָאן נוּר דוּרְךְ דֶער הוה אמינא דִירְקְלֶעהְרְט וֶוערִין, אַז דֶער דָאזִיגִיר פסוק אִיז צוּ אָפִין אוּן קְלָאר דָא פַאר זֵייא גִילֶעגִין, אַז זֵייא הָאבִּין אִיבִּיר אִיהם נִיט גִיקֶענְט אַרִיבִּיר גֵייהְן, אוּן זֵייא הָאבִּין עֶס דַארִיבִּיר פַאר דָאס בֶּעסְטִי גִיהַאלְטִין, וִויא מַאן זָאגְט, דֶעם אָקְס בַּייא דִיא הֶערְנִיר אָן צוּ נֶעהמִין, וֶוען זֵייא הָאבִּין גְרָאד דֶעם דָאזִיגִין פסוק פַאר אַיין יסוד צוּ זֵייאִיר לֶערְנוּנְג גִימַאכְט. פוּן דֶעסְט וֶועגִין אִיז נִיט דֶער דָאזִיגִיר פסוק אַלֵיין סוֹתר דִיא תורה שבע"פ, דֶער אַנְדִירִיר פסוק, וָואס דִיא רבנים בְּרֶענְגִין אִיהם אִיז אוֹיךְ אַקֵייגִין אִיהר. דִיא וֶוערְטִיר: „אוּן אִיהר זָאלְט נִיט שְׁוֶוערִין בַּייא מַיינִים נָאמִין צוּ שקר, אוּן דוּ זָאלְסְט נִיט פֶערְשְׁוֶועכִין דֶעם נָאמִין פוּן דַיין אלהים; אִיךְ בִּין יהוה," פֶערְבִּיטִין בפירוש דָאס יֶענִיגִי מתיר צוּ זַיין, וֶועלְכִי דִיא רבנים הָאבִּין עֶס נִיט נוּר דָאס דִירְלוֹיבְּט, נַייאִירְט זֵייא זָאגִין נָאךְ אוֹיךְ אַז דָאס שְׁטַאמְט גָאר פוּן גָאט אַרוֹיס. מִיר וֵוייסִין אַז דִיא רבנים מַאכִין אַיין אוּנְטִירְשֵׁייד צְווִישִׁין אַיין שבועת שקר „אַיין פַאלְשִׁי שבועה" אוּן שבועת בטוי „אַיין אִיבִּיר אַיילְטִי שבועה;" נוּר אָבִּיר דֶער דָאזִיגִיר אוּנְטִירְשֵׁייד, וִויא זֵייא מַאכִין אִיהם, אִיז נִיט גִיגְרוּנְדְפֶעסְטִיגְט. אַיין אִיבִּיר אַיילְטִי שבועה אִיז נָאךְ זֵייאִיר לֶעהְרְנוּנְג נָאךְ אַיין ענין, וָואס מַאן קָאן אוּן מֶעג עֶס אַזוֹ גוּט מקיים זַיין וִויא נָאךְ לָאזִין נִיט מקיים צוּ זַיין; וָוארִין אַזוֹ בַּאלְד אַז וֶוען דִיא שבועה אִיז אַזֶעלְכִי, וָואס אַז מַאן זָאל זִיא מקיים זַיין וָואלְט עֶס אַיין גֶעטְלִיכִים גִיבָּאט סוֹתר גִיוֶועזִין, גִיהֶערְט עֶס דָאךְ צוּ דֶער קְלַאסִי פוּן שבועות, וֶועלְכִי זֵייא רוּפִין עֶס אָן שבועת שוא „אוּמְזוּנְסְטִיגִי שבועות" וֶוען אָבִּיר אִימִיצִיר שְׁוֶוערְט עֶפִּיס צוּ טָהוּן, וָואס

איהם איז עס אזו גוט מיגליך וויא אויך דירלויבט צו טהון, און ער נאך
איז ער זיך ווידיר מישב און טהוט עס ניט, קאן דא איין פערשטענדיגיר
מענש גאר דירינן מסופק זיין, אז דער דאזיגיר מענש, עס מעג זיך דער
אויס רייד פאר וואס ער האט דיא שבועה ניט גיהאלטין, גיוועזין זיין
וועלכיר עס וויל זיך, האט זיך אלץ פערשולדיגט מיט איין פאלשיר
שבועה? וואס דען וואלט שוין גיהייסין פאלש שווערין, ווען דאס פרייא
ווילליגי ניט וועלין מקיים זיין, וואס מאן האט פריהיר גישוואוירין עס יוא צו
טהון, זאל דיא דאזיגי זינד ניט פעסט שטעלין? איין גישווינדי אב קעהרונג
פון דיא ווארהייט איז איין זינדליכי אום ווארהייט? דא גיפינד דיא דאזיגי
גישווינדי אב קעהרונג זיין ארט, מילא ווער וואלט זיך נאך דערוואוגין
צו ביהויפטין, אז אזו איין מעשה איז ניט צקייגין דאס אויס דריקליכי
גיבאט פון גאט? דיא רבנים זאגין אפט, אז ווען דיא תורה שבע"פ
גיביטיט אפילו טאקיש מעהריר וויא אין דער הייליגיר תורה איז גיבאטין,
אביר דאך איז זיא קיין מאהל קיין זאך ניט מתיר וואס גאט האט
פערבאטין; דא אביר האבין מיר איין בפירושין ביישפיל פון גאר איין
הפך, ווייל דיא תורה שבע"פ דירלויבט פאלש צו שווערין, וואס גאט
האט בפירוש פערבאטין. דיא לעהרונג פון מתיר צו זיין שבועות
ברענגט דירצו אז מאן זאל דרייא ערלייא מצוות לא תעשה עובר זיין.
דער יעניגיר, וועלכיר עס האט גישוואוירין עפיס צו טהון, און ער נאך
טהוט ער עס גישט, ווייל ער האט זיך גילאזט מתיר שבועה זיין, איז
עובר ערשטליך דיא לא תעשה וואס איז גיבאטין: „ער זאל זיין ווארט
ניט פערשוועכין (לא יחל דברו);" צווייטינס דיא לא תעשה וואס איז
גיבאטין: „און איהר זאלט ניט שווערין ביי מיינים נאמין צו פאלשהייט
(ולא תשבעו בשמי לשקר);" דריטינס וואס עס איז נאך ווייט
וויכטיגיר: „און דו זאלסט ניט פערשוועכין דעם נאמין פון דיין אלהים
(וחללת את שם אלהיך)." איטליכיר, דער וואס האלט פון דער אמונה,
ווען ער זאל טהון נאך יעני שטייגירס נאך, פריהיר שווערין און דער נאך
זיך לאזין זיין שבועה מתיר זיין, וואלט דער דאזיגיר זיין אמונה דירצו
גיבראכט אז מאן זאל זיא פעראכטין און קיין ארינטליכיר מענש וואלט
זיא ניט גיוואלט ליידין, און דורך דעם וואלט ער אלץ גיטהון, וואס אין
זייני קריפטין שטעהיהיט, אום דעם נאמין פון זיין גאט צו פער שוועכין.
עס מעג איטליכיר ישראל, וועלכיר עס גלויבט אז דיא מצות לא תעשות
זענין וויכטיגיר וויא דיא מצוות עשות, אויף דעם משקל נעהמין, אז דיא
תורה שבע"פ לעהרינט זייא אין דעם דאזיגין איינים ביישפיל, דרייא

אַזֶעלְכֵי גִיבָאט עוֹבֶר צוּ זַיין , אוּן עֶר מֶעג בִּידֶענְקֶין , אַז דָאס פַאר רֶעכְט הַאלְטִין אַזוֹ אַיין דִין וִויא דֶער דָאזִיגִיר אִיז , הֵייסְט דֶעם נָאמִין פוּן דֶעם גָאט פוּן ישראל פֶערְשְׁוֶועכְט פַאר דִיא וֶועלְכֵי עֶס זֶענִין מִיט דֶער הֵיילִיגִיר שְׁרִיפְט אוּם בִּיקַאנְט .

אָבִּיר דִיא תורה שבע"פ בְּלַייבְּט דָאךְ נָאךְ נִיט שְׁטֵייהִין בַּייא אַזוֹ אַיין מתיר שבועה זַיין וָואס מַאן בִּוָוארִינְט זִיךְ דִיר מִיט עֵיידִיר מַאן הָאט נָאךְ עובר שבועה גִיוֶועזִין ; עֶס בִּיווִילִיגְט דָאס זֶעלְבִּיגֵי אוֹיךְ אִין דֶעם פַאל , וֶוען אִימִיצִיר הָאט אפילו שׁוֹין טַאקִיש עובר שבועה גִיוֶועזִין . עֶס זָאגְט :

מי שנשבע שבועת בטוי להבא ושקר בשבועתו. כגון שנשבע שלא יאכל פת זו ואכלה ואחר שאכלה קודם שיביא קרבנו אם היה שוגג או קודם שילקה אם היה מזיד נחם ונשאל לחכם והתירה לו הרי זה פטור מן הקרבן או מן המלקות, ולא עוד אלא אפי' כפתוהו ללקות ונשאל והתירו לו קודם שיתחילו להלקותו הרי זה פטור:

„וֶוען אִימִיצִיר הָאט גִישְׁוואוֹרִין אַיין שבועה מִיט אִיבִּיר אַיילוּנְג פוּן מוֹיל , אוֹיף עֶפִּים אַיין זַאךְ וָואס וֶועט נָאךְ קוּמִין , אוּן דֶער נָאךְ הָאט עֶר זַיין שבועה גִיבְּרָאכִין ; דהיינו עֶר הָאט גִישְׁוואוֹרִין אַז עֶר זָאל דֶעם דָאזִיגִין בְּרוֹיט נִיט עֶסִין אוּן דֶער נָאךְ הָאט עֶר יוֹא גִיגֶעסִין ; אוּן אָבִּיר דֶער נָאךְ וִויא עֶר הָאט עֶס גִיגֶעסִין אוּן עֵיידִיר עֶר הָאט זַיין קרבן גִיבְּרַאכְט , וֶוען עֶר הָאט עֶס גִיגֶעסִין בשוגג , אוֹדִיר עֵיידִיר עֶר אִיז מַלקות גִישְׁלָאגִין גִיוָוארִין , וֶוען עֶר הָאט עֶס גִיטָהוּן במזיד , הָאט עֶר זִיךְ בִּידַאכְט אוּן בֶּעט אַיין חכם , אוּן דֶער דָאזִיגִיר אִיז אִיהם מתיר זַיין שבועה , אַזוֹ אִיז עֶר פטור פוּן קרבן אוֹדִיר פוּן מלקות . אוּן נִיט נוּר דָאס דָאזִיגֵי אַלֵיין , נֵייאִירְט אפילו אִין דֶעם פַאל , אַז מַאן הָאט אִיהם שׁוֹין גִיבּוּנְדִין אוּם מלקות צוּ שְׁלָאגִין , אוּן עֶר בֶּעט אִיצוּנְד אַיין חכם , אוּן מַאן הָאט אִיהם מתיר שבועה גִיוֶועזִין עֵיידִיר מַאן הָאט אִיהם נָאךְ אָנְגִיהוֹיבִּין צוּ שְׁלָאגִין , אַזוֹ אִיז עֶר פטור ." (דָארְטִין פרק י"ה) אִין דֶעם דָאזִיגִין רַבָּנִישִׁין פסק וֶוערִין צְוֵוייא אופנים בִּישְׁטֶעטִיגְט , אוּן בֵּיידִי זֶענִין כנגד דֶעם וָוארְט פוּן גָאט . עֶרְשְׁטְלִיךְ הָאבִּין מִיר דֶעם פַאל פַאר אוּנְס , אַז אִימִיצִיר הָאט זַיין שבועה בשוגג גִיבְּרָאכִין , וָואס אוֹיף וֶועלְכִין גָאט הָאט אִין דִיא וֶוערְטִיר וָואס דָא וֶועט שְׁטֵייהִין בִּישְׁטֶעטִיגְט : „וֶוען אַיין זֵייל וֶועט שְׁוֶוערִין צוּא רֵיידִין מִיט דִיא לֶעפְּצִין צוּ טָהוּן בֵּייז אוֹדִיר צוּ טָהוּן גוּטְס , צוּ אַלִים וָואס דֶער מֶענְשׁ וֶועט רֵיידִין מִיט דֶער שבועה , אוּן עֶס וֶועט פֶערְבָּארְגִין וֶוערִין פוּן אִיהם , אָבִּיר עֶר הָאט גִיוואוּסְט , אַזוֹ וֶועט עֶר פֶערְשׁוּלְדִין אָן אֵיינִים פוּן דִיא דָאזִיגֵי . אוּן עֶס וֶועט זַיין , וֶוען עֶר וֶועט פֶער שׁוּלְדִין אֵיינִים פוּן

דיא דָאזִיגִי , אוּן עֶר וֶועט מתודה זַיין וָואס עֶר הָאט גִיזִינְדִיגְט דירָאן , אַזוֹ זָאל עֶר בְּרֶענְגִין זַיין שׁוּלד אוֹפְּפִיר צוּ יהוה , וֶועגִין זַיינִי זִינְד וָואס עֶר הָאט גִיזִינְדִיגְט . (ויקרא ה׳ , פסוק ד׳ – ו׳) דָא בִּיפֶעהלְט גָאט בפירוש , עֶרְשְׁטִינְס , אַז עֶר זָאל זַיינִי זִינְד בִּיקֶענְין (מתוודה זַיין) , צְוַוייטִינְס אַז עֶר זָאל בְּרֶענְגִין אַיין אוֹפְּפִיר (קרבן) וֶוען עֶס זָאל אִיהם פֶערְגֶעבִּין וֶוערִין ; דוּרְךְ דֶעם דִין אָבִּיר וָואס אויבִּין אִיז גִידַאכְט דירְקְלֶעהרִין דִיא רבנים גַאנְץ פֶּעסְט אַז עֶס אִיז נִיט וַייעֶר גֵייטִיג צוּ פָּאלְגִין דִיא דָאזִיגִי גִיבָּאט . עֶס בִּידַארְף אִימִיצִיר נוּר צוּ זָאגִין אַז עֶר הָאט זַיינִי גִידַאנְקִין פֶערֶענְדִירְט , אוּן זִיךְ אַיין רבי צוּ פֶערְשַׁאפִין , דֶער וָואס זָאל אִיהם מתיר שבועה זַיין , דֶען קָאן עֶר שׁוֹין אוֹיף גָאטִיס וָוארְט אֵייבִּיג עוֹבר זַיין , אוּן נִיט עֶר בִּידַארְף זַיינִי זִינְד צוּ בִּיקֶענְין אוּן אוֹיךְ נִיט קֵיין קרבן צוּ בְּרֶענְגִין . מֵילָא וִויא קֶענִין אִיצוּנְד מֶענְשִׁין דִיא וָואס בִּיקֶענִין זִיךְ צוּ אַזוֹ אַיין דת , נָאךְ בִּיהוֹיפְּטִין , אַז זֵייא הַאלְטִין דִיא תּוֹרה פוּן משה בכבוד ? אוֹדִיר וִויא קֶענִין זֵייא דִיא קְרִיסְטִין מִיט עֶפִּיס פָּאר וַוארְפִין אַז באשר זֵייא הַאלְטִין נִיט דִיא צִירִימָאנִישִׁי פָּארְשְׁרִיפְטִין , וֶוען זֵייא זֶעלְבִּירְט בִּיקֶענִין זִיךְ צוּ אַזֶעלְכִי יסודי הדת , וֶועלְכִי עֶס שְׁטוֹיסִין אוּם אַזֶעלְכִי בפירושי אוּן בִּישְׁטִימְטִי גִיבָּאטִי ? דֶער צְוַוייטִיר פַאל אָבִּיר שְׁלָאגְט נָאךְ מֶעהר . עֶס שְׁמוּהִיסְט פוּן אִימִיצִין , דֶער וָואס הָאט גִישְׁוואוֹירִין , אַז עֶר וֶועט עֶפִּיס טָהוּן , וָואס עֶר הָאט דָאךְ דִירְנָאךְ בשום אוֹפן נִיט גִיטָהוּן , דָאס הֵייסְט , עֶס שְׁמוּהִיסְט פוּן אִימִיצִין , וָואס עֶר הָאט במזיד עוֹבר שבועה גִיוֶועזִין , אוּן פוּן דֶעסְט וֶועגִין , זָאגְט דִיא תּוֹרה שבע״פ , אַז עֶר קָאן זִיךְ אַזוֹ גוּט פוּן דֶער שְׁטְרָאף וִויא אוֹיךְ פוּן דֶער עבירה פְּרַייא מַאכִין , אַז עֶר גֵייהט צוּ אַיין רבי אוּן לָאזְט זִיךְ מַתִּיר שבועה זַיין . דִיא זֶעלְבִּיגִי תּוֹרה שבע״פ , וֶועלְכִי עֶס וָואלְט אַיין אָרִימִין אוּמְגְלִיקְלִיכִין נפש לָאזִין מכת מרדות שְׁלָאגִין וֶוען עֶר וָואלְט גִינָאסִין שְׁפַּייז פוּן נִיט אַיין יוּדִין אוֹדִיר פְלֵייש מִיט מִילְךְ צוּ זַאמִין ; טְרַאכְט אוֹיס אַיין סְפָּאסִיבּ דֶעם דָאזִיגִין פְּרַייא צוּ מַאכִין , דֶער וָואס הָאט זִיךְ פֶערְשׁוּלְדִיגְט אִין דֶער שְׁוֶוערִי זִינְד פוּן אַיין שבועה צוּ פֶערְשְׁטֶערִין , דָאס הֵייסְט , הָאטְשִׁי אַקֵייגִין דֶעם אָרִימִין וַוייזְט זִיא אכזריות אָבִּיר זִיא וַוייזְט דָאךְ אַקֵייגִין דֶעם וָואס אִיז אַיין חוטא , בִּיוִוילִיגוּנְג (נדיבות) . וֶוען דָאס דָאזִיגִי הֵייסְט נִיט דִיא גִיזֶעצִי פוּן גָאט מִיט דֶער גְרֶעסְטִיר חוּצְפָּא עוֹבר גִיוֶועזִין , דֶען וַוייסִין מִיר שׁוֹין נִיט , וָואס זִינְד אִיז . בֵּיידִי עֶרְלֵייא גִיבָּאטִין , דִיא מצות עשׂות אוּן לא תעשׂות , וֶוערִין דָא בֵּיידִי גְלַייךְ פֶערְאַכְטִיט , בֵּיידִי אוֹיף אֵיין שְׁטֵייגִיר מִיט דִיא פִיס גִיטְרֶעטִין . דִיא פֶערְשׁוּלְדִיגְטִי וֶוערִין נִיט נוּר פוּן מקיים צוּ זַיין דָאס וָואס גָאט הָאט גִיבָּאטִין

לויז גִישְׁפְּרָאכִין, נַייאָרְט אויךְ פון דֶער שְׁטְרָאף פון דָאס ווירְקְלִיכִי עוֹבר זַיין. דִיא רבנים דירלויבִּין זִיךְ נִיט נור, אִימִיצִין דירפון לויז צו מַאכִין, פון וָואס עֶר הָאט גִישְׁוואוירִין צו טָהון, נַייאָרְט אויךְ אַיין ווירְקְלִיכִים פֶּערְשְׁטֶעֶרִיךְ אַיין שבועה צו פֶערְוַואנְדְלִין אִין אַיין אוּמְשׁוּלְדִיגְקַייט. זֵייא הָאבִּין זִיךְ גִינוּמִין דִיא גדלות וָואס עֶס גִיהֶערְט צוּ גָאט, זֵייא הָאבִּין זַיינִי גִיבָאט מבטל גִיוֶועזִין אוּן דֶעם זִינְדִיגִין גִילֶעהרִינְט, אַז עֶר זָאל נָאךְ דֶעם פחד פון גָאט נִישְׁט פְרֶעגִין. מִיר גְלויבִּין טַאקִיש באמת, אַז דֶער גַאנְצִיר כלל פון דָאס יוּדִישִׁי פֶאלְק הָאט פון דֶער דָאזִיגִיר פֶערְאַכְטוּנְג אַקֵייגִין דֶער תורת משה גָאר נִישְׁט גִיוואוּסְט; וָוארִין זוּנְסְט וָואלְטִין זֵייא נִיט גִיקֶענְט אַזוֹ לַאנְג בַּייא אַזוֹ אַיין דת בְּלַייבִּין, אוּן וָואלְטִין עֶס אויךְ אַזוֹ לַאנְג נִיט סובל גִיוֶועזִין, אַז דֶער נָאמִין פון גָאט זָאל דֶער דורךְ פֶערְשְׁוֶועכְט וֶוערִין, אַז מַאן הָאט זִיךְ דִירְוואוּיגִין צו זָאגִין אַז אַזוֹ אַיין דת זָאל פון אִיהם אַרוֹיס קוּמִין. מֵילָא אִיצוּנְד, פָאדִירִין מִיר אויף אִימְלִיכִין דֶער וָואס לֵייאֶנְט דִיא דָאזִיגִי בְּלֶעטִיר, עֶר זָאל זָאגִין, אוֹיבּ דִיא תורה שבע"פ קָאן טַאקִיש ווירְקְלִיךְ פון גָאט אַרוֹיס קוּמִין. צִיא הָאט דִיא דָאזִיגִי לֶעהְרוּנְג פון שבועות מתיר זַיין אִין זִיךְ עֶרְגִיצְן עֶפִּים, וָואס עֶס זָאל צו דִיא מדות פון דֶעם גֶעטְלִיכִין וֶועזִין, וִויא אַיין גָאט פון וַוארְהַייט, פָּאדָאבְּנִי זַיין? צִיא אִיז עֶס מִיגְלִיךְ, אַז גָאט זָאל אַיין תורה שבע"פ הָאבִּין גִיגֶעבִּין, ווֶעלְכִים עֶס שְׁטוֹיסְט פְּרָאסְטָא אוּם דָאס יֶענִיגִי, וָואס עֶר הָאט אִין דֶער תורה שבכתב אַיין גִישְׁטֶעלְט? אוֹדִיר וִויל אִימִיצִיר זִיךְ אוּנְטִיר שְׁטֵייהִין צו זָאגִין, אַז דֶער אַלְמֶעכְטִיגִיר, וֶוען עֶר וָואלְט דורךְ אַיין תורה גִיוָואלְט הָאבִּין אַז מַאן זָאל מֶעגִין מתיר שבועה זַיין, זָאל עֶר דָאס דָאזִיגִי מחמת עֶר הָאט קֵיין לשון הקודש נִיט גוּט גִיקֶענְט מִיט אַזֶעלְכִי וֶוערְטִיר הָאבִּין אַרוֹיס גִיזָאגְט, וֶועלְכִי עֶס פֶערְבִּיטִין בפירוש אַיין שבועה מתיר צו זַיין? עֶס מוּז אָבִּיר קֵיינִיר נִיט מֵיינִין אַז מִיר הַאלְטִין אִין דֶער הוה אמינא אַז דִיא גִיבְּרַאכְטִי שְׁטֶעלִי פון תורה שבע"פ גֵייהט בכלל עֶפִּים אַשְׁטֵייגִיר וִויא אויף אַלִי שבועות, אוֹדִיר אַשְׁטֵייגִיר אַזוֹ וִויא מִיר וָואלְטִין וֶועלִין דִיא לֶעהְרוּנְג פון דֶער תורה שבע"פ אויף אַלִי יוּדִין צו שְׁרַייבִּין. קֵיין אֵיינְצִיגִים פון דִיא בֵּיידִי אִיז אוּנְזִיר כוונה. אִין דֶעם נוּמֶער וָואס בַּאלְד נָאךְ דֶעם וֶועט זַיין הָאפִּין מִיר דִיא אופנים פון שבועות צו בִּיטְרַאכְטִין וֶועלְכִי עֶס בִּיצִיהִין זִיךְ אויף דִיא שְׁטֵייגִירְס וָואס עֶס גִישִׁיכְט צְוִוישִׁין אַיין מֶענְשִׁין אוּן צְוִוישִׁין דֶעם אַנְדִירִין: פַאר אִיצוּנְד אִיז נור אוּנְזִיר כוונה, צו בִּיוַוייזִין, אַז דִיא תורה שבע"פ אִיז פַאר גָאט אַיין פחיתת הכבוד, פַאר דִיא גִיבָאטִי וָואס דורךְ משה אִיז גִיגֶעבִּין אִיז זִיא אַיין זַאךְ וָואס מַאכְט זֵייא צו נִישְׁט, אוּן פַאר דִיא הֵיילִיגְסְטִי

אינטרעסין פון דאס יודישי פאלק איז זיא איין רעה און שעדליך, און דרום, ווען דיא יודין האבין נור ערגינץ עפיס ליבשאפט צו גאט, און האלטין משה בכבוד, און האבין אכטונג פאר זיך און פאר זייארי ברידיר, זענין זייא מחוייב, דיא יסודות וועלכי עס לעהרינט און דורך וועלכי זייא זענין אזו פיל הונדירט יאהר פאר נארט גיווארין, עפינטליך אב צו זאגין. עס זענין דא נור צווייא אופנים מיגליך: ענטוויר מיט דיא לעהרנונג פון מתיר זיין שבועות מסכים צו זיין אודיר זיא ניט צו וועלין סובל זיין. דיא יעניגי וועלכי עס זענין מיט איהר מסכים, וועלין בוודאי זיך מתאמץ זיין זיא מקיים צו זיין, און דורך דעם אין דער פערשוועכונג פון דעם געטליכין נאמין נאך ווייטיר צו גייהין, און אזו ווייט וויא זייא זענין עס אין שטאנד, צו בידעקין דיא אמונה פון דיא ישראל מיט שאנד. דיא יעניגי אביר, וועלכי עס פערווארפין דיא הוה אמינא אז איין רבי זאל קענין אימיצין זיין שבועה מתיר זיין, און זענין אין דער מיינונג אז מיט שבועות טאר מאן ניט שפילין, זענין מחוייב, ניט נור אקייגין דער דאזיגיר איינציגיר עולה צו שטרייטין, נייארט דיא גאנצי תורה שבע"פ צו פערווארפין. דיא רבנים ביהויפטין, אז דיא דאזיגי לעהרנונג איז ניט איין תקנה פון דיא שריפט גילעהרינטי (סופרים), נייארט עס איז איין קבלה בע"פ פון משה; מילא ווען דאס איז אביר פאלש, אזו איז דיא רבנים שוין ווידיר ביוויזין, אז זייא האבין זייאיר אייגיני אויסטראכטונג פאר גאטס גיבאט אויס גיגעבין, און פערדינין דאריבער איביר הויפט ניט אז מאן זאל אין זייא גלויבין. דיא תורה שבע"פ הענגט נור פאר וואר אליין אן דאס גילטיגקייט פון דאס צייגיניש (עדות)*. ווען אביר עס זאל קענין דיא צייגין (עדות) דירוויזין ווערין, אז זייא זאלין האבין אין ערגינץ איין פונקט שקר גיזאגט, אזו איז דאס נאמנות פון דאס גאנצי צו ניכט. מילא, דאס דאזיגי איז טאקיש באמת דער פאל, ווארין דיא רבנים האבין ניט נור איין שקר גיזאגט, נייארט זייא האבין זיך אויך בימיהט, איין יסוד אויף צו שטעלין, דער וואס מאכט צו ניכט דעם גאנצין כבוד וואס מאן דארף האבין פאר דער ווארהייט. עס וואלט איטליכין מענשין שווער ווערין, דורך דעם וואס עס וואלט ביקאנט גיוועזין אז ער איז גיוואוינט זיך זייני שבועות צו לאזין מתיר זיין, זיך טראוי און גלויבין צו פערשאפין, און ער וואלט ביי איין ב"ד קוים פאר איין גילטיגין עדות גיבארפט אנגינומין ווערין; נור אביר דער יעניגיר, וועלכיר עס זאגט אז דאס מתיר שבועות זיין איז איין לעהרונג פון דת און האלט אז דאס

זעלביגי

זֶעלְבִּיגִי אִין גַאנְצִין אִיז דֶער ווילִין פוּן גָאט–און דָאס דָאזִיגִי טָהוּן טַאקִיש דיא מחברים פון דֶער תורה שבע״פ–דֶער אִיז נָאךְ מֶעהר אִין חשד. דֶעם עֶרְשְׁטִין פון דיא וָואס דָא אִיז גִירֶעכִינְט וָואלְט מַאן קֶענִין הַאלְטִין פַאר אַזֶעלְכִין וָואס עֶר אִיז פַאר נַארְט גִיוָוארִין, דֶער וָואס עֶר בְּרֶעכְט דֶענְסְמָאהלְט זַיין שבועה וֶוען מַאן הָאט איהם מתיר שבועה גִיוֶועזִין; דֶער אַנְדִירִיר אָבִּיר פון דיא וָואס דָא אִיז גִירֶעכִינְט וָואלְט מוּזִין גִיהַאלְטִין וֶוערִין פַאר אַיין פַאלְשִׁין מֶענְשִׁין פַאר אַיין בִּיטְרִיגִיר און פַאר אַזֶעלְכִין וָואס פֶערְאַכְטִיט בכיון דיא וַוארְהַייט במזיד; זַיינִי עדות זָאגִין וָואלְט דַארוּם קֵיין ווִיכְטִיגְקַייט נִיט הָאבִּין. נוּן, טַאקִיש פוּנְקְט אויף דיא עדות פון אַזֶעלְכִי מֶענְשִׁין בִּירוּהִיט דיא גַאנְצִי מַאכְט פון דֶער תורה שבע״פ. דָאס אִיז בִּיקָאנְט, אַז בשעת דיא משנה און דיא גמרא אִיז גִימַאכְט גִיוָוארִין, אִיז עֶס נִיט אויף גִישְׁרִיבִּין גִיוָוארִין, נַייאִירְט עֶס אִיז פון מוּנְד צוּ מוּנְד פֶערְבְּרֵייטִירְט גִיוָוארִין. דַארִיבִּיר וֶוען עֶס אִיז דִירְווִיזִין, אַז דיא יֶענִיגִי, וֶועלְכִי עֶס הָאבִּין זיא אִיבִּיר גִיעֶנְטְווִירְט, זֶענִין אַזֶעלְכִי מֶענְשִׁין גִיוֶועזִין וָואס זַייאִיר לִיבְּשַׁאפְט צוּ דֶער וַוארְהַייט אִיז צְוֵוייא דַייטִיג גִיוֶועזִין, אַזוֹ זֶענִין מִיר שׁוֹין נִיט זִיכִיר, אויב זַייא הָאבִּין אונְס נִיט אַיין פֶערְפֶעלְשׁוּנְג אִיבִּיר גִיעֶנְטְווִירְט. דיא לֶערְנוּנְג, וָואס מִיר הָאבִּין דָא אִיצוּנְד בִּיטְרַאכְטִיט, ווַייזְט, אַז זַייא הָאבִּין דיא וַוארְהַייט נִיט לִיבּ גִיהַאט און אַז זַייא הָאבִּין דֶערדוּרְךְ דֶעם אַנְדֶענְקִין פון משה דֶעם קְנֶעכְט פון גָאט גִישֶׁענְדִיט, ווַייל זַייא זָאגִין, אַז עֶר הָאט זַייא גִילֶעהְרִינְט, ווִיא מַאן קָאן לוֹיז גִיבּוּנְדִין וֶוערִין פון שבועות. דִיא יוּדִין בִּידַארְף עֶס צוּ אִינְטֶערֶעסִירִן, אַז זַייא זָאלִין אויף דֶעם משקל גֶעהמִין, אויב זַייא ווילִין זִיךְ נָאךְ ווַייטִיר פון דיא פסולי עדות לָאזִין בִּיטְרִיגִין, און ווילִין נָאךְ ווַייטִיר, וֶוען אפילו שְׁטִיל שְׁווַייגִינְד אַיין לֶערְנוּנְג הַאלְטִין, דיא וָואס אִיז פַאר זַייאִיר אמונה אַיין גְרוֹיסִיר פּחיתת הכבוד–

Дозволено Цензурою. Варшава 5 (17) Февраля 1876
Въ Типографіи А. Гинса. Королевская № 1064 D

# НЕСЫВОТЪ ОЛОМЪ

# נתיבות עולם

עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז

## דיא אלטי שטעגין.

---

### נומר נ״ז

---

איטליכיר מענש גלויבט כדרך הטבע, אז דער יעניגיר דת, צו וועלכין ער ביקענט זיך, איז דער אמתיר. דאס דאזיגי מיינט דער מוזיל מאן פון דער אמונה פון מאהאמעד, דער קריסט פון דאס קריסטינטהום, און דער יוד פון דאס יודישקייט; און פון דעסט וועגין איז עס גיוויס קלאר, אז זייא אלי קענין ניט רעכט האבין, אז צווייא פון דיא דאזיגי דרייא פארטייהין אמונות, מוזין דורך אויס אין תעות זיין. וואס זאל מאן נון דער צו טהון? זאלין זייא אלי אזו ווייטיר בלייבין, און אום דעם גאר ניט זארגין, און אין פויליר גלייך גילטיגקייט אזו ארום גייהן און דאס איביר לאזין פאר איין אנדירי וועלט, אז זייא זאלין עס מכריע זיין, אויב זייא האבין רעכט גיטהון אודיר ניט? אודיר מוזין מיר עס מאכין פאר איין פעסטין כלל, אז איטליכיר זאל אין דער אמונה בלייבין, אין וועלכיר ער איז גיבוירין גיווארין, אז דער טערק זאל אזו ביז דעם ענד פון זיין לעבין אין דער אמונה פון מאהאמעד בלייבין, און דער הינדו זאל איין געצין דינער בלייבין? עס זענין פיל אין דער וועלט פערהאנדין, וועלכי עס שיינין אין דער דאזיגי מיינונג צו זיין, וועלכי עס זענין נור דאריביר אן איין אמונה אנגיהאנגין, ווייל דיא דאזיגי איז גיוועזין דיא אמונה פון זייארי עלטירין. מילא, מיר גיבין צו, אז קיינער זאל דיא אמונה פון זיין קינדהייט ניט אום בידאכט אודיר לייכט זיניג פערלאזין, און מיר זענין זיך גאר ניט מישב צו זאגין, אז דער יעניגיר מענש, וועלכיר עס פער ענדירט זיין אמונה אזו לייכט, וויא וועז ער וואלט מיט זייני קליידיר וועקסלין, איז ענטוועדיר איין גרויסיר שוטה אודיר ער מוז נאך עפיס שלעכטירס זיין. נור אביר מיר מוזין פאר איינם ביהויפטין, אז דער, וועלכיר עס בלייבט ביי זיין דת מחמת איין מחשבה פון הבל און פאלשי

דעות אוֹדִיר מחמת עֶס זָאל אִיהם עֶפִּים אַיין טובה אַרוֹיס קוּמִין , אִיז נִיט פִּיל בֶּעסִיר אוּן בַּארְף קוּים פַּאר אַיין מֶענְש גִיהַאלְטִין וֶוערִין . אִיטְלִיכִים נפש , וֶועלְכִין דֶער בִּישֶׁעפִּיר הָאט מִיט פֶּערְשְׁטַאנְד בִּיגָאבְּט , מוּז אַיין אמונה הָאבִּין אוּן וִויסִין , וָוארוּם עֶר הַאלְט עֶס פַאר בֶּעסִיר וִויא אַלִי אַנְדִירִי . נוּן וֶועלִין אפשר זַיין אַזֶעלְכִי פוּן דִיא וָואס קֶייאִינִין דָאס , וָואס זַייא וֶועלִין זָאגִין : אִיךְ הָאבּ אַיין אמונה , אִיךְ בִּין אַיין יוד אוּן אִיךְ הַאלְט דַארוּם מַיין אמונה פַאר בֶּעסִיר וִויא אַלִי אַנְדִירִי , וַוייל גָאט זֶעלְבִּירְט הָאט זִיא צוּ משה אוֹיף דֶעם בַּארְג סיני גִיגֶעבִּין . דֶעם דָאזִיגִין עֶנְטְפֶערִין מִיר : אָבִּיר וִויא אַזוֹ וֵוייסְט אִיהר דֶען , אַז אִיהר הָאט דִיא אמונה פוּן משה ? וֶוען אִיהר וָואלְט זִיא וִוירְקְלִיךְ גִיהַאט , אַזוֹ וָואלְט אִיהר טַאקִיש נִיט קֶענֶן אוּם רֶעכְט הָאבִּן ; אָבִּיר וִויא אַזוֹ ווילְט אִיהר דֶען בִּיוַוייזִן , אַז דִיא אמונה , וָואס אִיהר בִּיקֶענְט אַייךְ אִיצוּנְד צוּ אִיהר , אִיז וִוירְקְלִיךְ אַיין אמתי אמונה ? אַייאִירִי עֶלְטִירִין פַאר צַייטִין הָאבִּין אָפְּט משה אוּן דִיא נביאים פֶערְלָאזִן אוּן הָאבִּן זַייאִירִי קִינְדֶר אַיין פַאלְשִׁי אמונה גִילֶערִינְט ; מִילָא וִויא קֶענְט אִיהר אַזוֹ זִיכִיר זַיין , אַז עֶס אִיז מִיט דֶער דָאזִיגִיר אמונה נִיט אוֹיךְ אַזוֹ דֶער פַאל , וֶועלְכִי אִיהר הָאט אִיצוּנְד ? גִיוִויסְהַייט דִירִינִין קָאן נוּר דוּרְךְ פְּרוּבוּנְג אוּן פֶערְגְלַייכוּנְג דִירְלַאנְגְט וֶוערִין ? דָאס אִיצְטִיגִי יוּדִישְׁקַייט מוּז מִיט דֶער תורה אוּן דִיא נביאים פֶערְגְלַייכִין וֶוערִין ; שְׁטִימְט עֶס מִיט דָאס זֶעלְבִּיגִי אַיין , דֶען הָאבִּין דִיא יוּדִין אַיין גְרוּנְד , צוּ גְלוֹבִּין , אַז זַייא הָאבִּין רֶעכְט , אִיז דָאס דָאזִיגִי אָבִּיר נִיט דֶער פַאל , אַזוֹ מוּזִין זַייא בְּוַודָאִי אוּם רֶעכְט הָאבִּין . מִיר זֶעלְבִּירְט זֶענִין דִירְפוּן פֶעסְט אִיבִּיר צַייגְט , אַז דָאס אִיצְטִיגִי זַייאִירִי יוּדִישְׁקַייט אִיז פַאלְשׁ אוּן זִיא אִיז גָאר אַיין כנגד , אַקִייגִין דֶער אמונה וָואס גָאט הָאט אַייאִירִי עֶלְטִירִין גִיגֶעבִּין . דִיא לֶערְנוּנְג פוּן מתיר שבועות זַיין בִּיוַוייזְט עֶס גַאנְץ גִינוּג , וִויא מִיר הָאבִּין עֶס אִין אוּנְזִיר לֶעצְטִין נומר גִיוִויזִין . דָאךְ אָבִּיר מִיר הָאבִּין נָאךְ אַקִייגִין דִיא דָאזִיגִי לֶערְנוּנְג נָאךְ מֶעהר אַיין וֶוענְדוּנְגִין צוּ מַאכִין , וָואס זַייא בִּישְׁטֶעטִיגִין אַלִי דֶעם תוכן פוּן דֶער זַאךְ וָואס מִיר שְׁמוּהִיסִין דָא . אִין אוּנְזִיר לֶעצְטִין נומר , הָאבִּין מִיר גִיזֶעהִין , אַז , וֶוען אִימִיצִיר שְׁוֶוערְט אַיין שבועה , וָואס עֶס גֶייהְט אִיהם אַלֵיין דִירָאן אוּן נִיט קֵיין אַנְדִירִין , קָאן עֶר דִירְפוּן לוֹיז וֶוערִין ; אִיצוּנְד קוּמִין מִיר צוּ דֶער בִּיטְרַאכְטוּנְג פוּן דֶעם פַאל , ווּאוּ אִימִיצִיר הָאט אַקֵייגִין אַיין אַנְדִירִין אַיין שבועה אָבּ גִילֵייגְט , אוֹיף וֶועלְכִי דִיא תורה שבע"פ לֶעהְרִינְט וָואס דָא שְׁטֵייהִיט :

ראובן שהשביע לשמעון וענה אמן . או קבל השבועה ונחם שמעון על שבועתו

שבועתו ונשאל עליה. אין מתירין לו אלא בפני ראובן שהשביעו. וכן אם נשבע ראובן או נדר שלא יהנה בשמעון או שלא יהנה בו שמעון ונחם ונשאל לחכם אין מתירין לו אלא בפני שמעון שנדר ממנו הנייה ואפילו היה שמעון קטן או גוי אין מתירין לו אלא בפניו כדי שידע הנודר שהתיר זה נדרו או שבועתו ולפיכך יהנה ממנו או יהנה לו:

„וֶוען ראובן הָאט צוּ שמעון בִּישְׁװאוירִן, און עֶר הָאט דירוֹיף גִיעֶנְטְװירְט אמן, אוֹדיר עֶר נֶעהמְט דיא שבוּעה אָן, און דֶער נָאךְ הָאט שמעון זיךְ בִּידַאכְט אויף זַיין שבוּעה און הָאט אום וֶועגִין דֶעם (בַּייא אַיין חכם) גִיפְרֶעגְט, אַזוֹ אִיז מַאן אִיהם נִיט אַנְדִירְשׁ מתּיר (דיא שבוּעה) נוּר סַיידִין אַז ראוּבן אִיז דִירְבַּייא, דֶער וָואס הָאט אִיהם בִּישְׁװאוירִן. און אויךְ אַזוֹ אִיז דֶער פַאל, וֶוען ראובן הָאט גִישְׁװאוירִין אוֹדיר עֶר הָאט אַיין נדר גִיטָהוּן, אַז עֶר זָאל פוּן שמעוֹן קַיין הנאה נִיט הָאבִּין, אוֹדיר אַז שמעוֹן זָאל פוּן אִיהם קַיין הנאה נִיט הָאבִּין, און דֶער נָאךְ הָאט עֶר זִיךְ בִּידַאכְט און פְּרֶעגְט בַּייא אַיין חכם — אִיז מַאן אִיהם נִיט מתּיר (דיא שבוּעה) סַיידִין אַז שמעוֹן זָאל דִירְבַּייא זַיין, וָואס עֶר הָאט אַיין נדר גִיטָהוּן פוּן אִיהם קַיין הנאה נִיט צוּ הָאבִּין. אפילוּ וֶוען שמעוֹן אִיז נָאךְ אַיין קִינְד אוֹדיר אַיין גוֹי גִיוֶועזִין, אִיז מַאן אִיהם נִיט מתּיר סַיידִין אַז עֶר אִיז דִירְבַּייא — כדי אַז דֶער וָואס הָאט אויף זִיךְ דֶעם נדר זָאל וִויסִין אַז דֶער הָאט אִיהם פוּן זַיין נדר אוֹדיר פוּן זַיין שבוּעה לוֹיז גִימַאכְט, און דַארִיבִּיר מֶעג עֶר פוּן אִיהם הנאה הָאבִּין אוֹדיר עֶר מֶעג אִיהם גֶעבִּין פוּן זִיךְ אַיין הנאה צוּ הָאבִּין."
(הלכות שבועות פרק ו׳, הלכה ז׳) וִויא מִיר בִּיטְרַאכְטִין דיא דָאזִיגִי לֶערְנוּנְג, ווילִין מִיר פוּן דיא רבנים דיא הסכמה נִיט אַוֶועק נֶעהמִין, וָואס עֶס גִיהֶערְט זֵייא צוּ. דָא אִיז אַיין שְׁמוּהִים פוּן אַיין גִיוִויסִין גְרַאד פוּן עֶרְלִיכְקַייט און אַיין אָפִּינִי מעשה. דיא רבנים פַּסְקִינִין, אַז, וֶוען אִימִיצִיר שְׁוֶוערְט וָואס עֶס בִּיצִיהט זיךְ אויף אַיין אַנְדִירִין, קָאן מַאן אִיהם נוּר דֶענְסְמָאלְט מתּיר שבוּעה זַיין, וֶוען דֶער אַנְדִירִיר אִיז דִירְבַּייא, און הָאבִּין דָאךְ אַזוֹ פִיל ישרנות אִין זִיךְ אַז זֵייא מַאכִין נִיט אַז דֶער כלל זָאל גִילְטִין, אַז נִיט אַלֵיין מַאן זָאל קֶענִין אַלִי שבועות מתּיר זַיין, נַייאִירְט אויךְ אַז דָאס דָאזִיגִי זָאל נָאךְ קֶענִין גָאר שְׁטִילְהֵייט גִישֶׁעהִין, אַז דֶער וֶועלְכִיר עֶס הָאט בַּייא דֶעם התּיר שבוּעה צוּם מֵיינְסְטִין אַיין חלק, זָאל דִיר פוּן גָאר נִיט גִיוואוֹיר וֶוערִין. דיא תּורה שבע״פ מֶעג זִיךְ נָאךְ אַזוֹ שְׁלֶעכְט זַיין, פוּן דֶעסְט וֶועגִין זִינְקְט עֶס דָאךְ נִישְׁט אִין אַזוֹ אַיין טִיפִּינִיש פוּן חניפה און רשעות אַרָאפּ. אַיין אַנְדִירִי מעשה וָואס אִיז וֶוערְט צוּ בִּימֶערְקִין אִיז

דיא, אַז עס לֶעהרִינְט נִיט, מַאן זָאל דיא יֶענִיגֵי נִיט בֵּדאַרְפִין קַיין וָוארְט האַלְטִין, דיא וָואס הָאבִּין אַיין אַנְדִיר דת, בֵּייאִירְט עֶס בִּישְׁטִימְט בפירוש, אַז וֶוען אֵיין יוד שְׁוֶוערְט עֶפִּיס אַיין גוי צוּ, טָאר מַאן אִיהם נִיט מתיר שבועה זַיין אָן דֶעם וִויסִין פוּן דֶעם דָאזִיגִין גוֹי. מִיר זֶענִין גֶערִין מודה אַז דָאס אִיז נָאךְ אָרִינְטְלִיךְ גִינוּג; נוּר אָבִּיר בשעת מִיר זֶענִין דָאס דָאזִיגֵי מודה אוּן מִיר גִיבִּין דיא רבנים אִין דֶעם אוֹפֶן דָאס רֶעכְט וָואס זֵייא צוּ קוּמְט, מוּזִין מִיר פַאר אֵיין וֶוענִס זָאגִין, אַז דיא גַאנְצֵי לֶעהרְנוּנְג פוּן מתיר שבועות צוּ זַיין וָואס דָא אִיז אוֹיף גִישְׁטֶעלְט אִיז גָאר אִין גַאנְצִין אַקֵייגִין דֶעם פֶערְשְׁטַאנְד אוּן אַקֵייגִין דיא הֵיילִיגֵי שְׁרִיפְט (תורה נביאים וכתובים), אוּן וֶוען דיא לֶעהרְנוּנְג זָאל אִין דֶעם אוֹיפְפִיהרוּנְג פוּן לֶעבִּין גִיפָאלְגְט וֶוערִין, וָואלְט עֶס אִיטְלִיכִין עסק צְוִוישִׁין אֵיין מֶענְשִׁין אוּן דֶעם אַנְדִירִין בטול גִימַאכְט, דֶער וָואס פֶערְרָאזְט זִיךְ אוֹיף נאמנות. דהיינוּ, אִין אוּנְזִיר מדינה וָואלְט בִּישְׁטַאנְדִין דֶער דין, אַז אִיטְלִיכִיר דֶער וָואס הָאט מִיט אַיין אַנְדִירִין עֶפִּיס פֶעסְט אָב גִימַאכְט, זָאל זִיךְ קֶענִין גַאנְץ פְּרָאסְטָא דֶערְדוּרְךְ לויז מַאכִין, אַז עֶר זָאל דֶעם מֶענְשִׁין וֶועלְכִין עֶר הָאט זַיין וָוארְט גִיגֶעבִּין צוּ אַיין ב״ד רוּפִין אוּן בשעת עֶר אִיז דִירְבַּייא, זָאגִין, אַז עֶר הָאט אוֹיף דֶער מעשה חרטה: וֶוער וֶועט דֶענְסְמָאלְט שׁוֹין אַיין אַנְדִירִין טְרוֹיאִין אוֹידִיר וֶוער וֶועט שׁוֹין אפילו אוֹיף אַיין שבועה וֶועלִין גְלוֹיבִּין? נִיט אַלֵיין מִיט הַאנְדִילְס גִישֶׁעפְטִין אִין דֶעם דָאזִיגִין לֶעבִּן וָואלְט עֶס אַיין סוֹף גִיהַאט, בַּייאִירְט אוֹיךְ אַלִי פֶערְבִּינְדוּנְגִין פוּן אוּמְגַאנְג אֵיינִיר מִיט דֶעם אַנְדִירִין וָואלְטִין אוֹיף גִיבּוּנְדִין גִיוָוארִין. דֶעם קיום פוּן דֶער מֶענְשְׁלִיכִיר גִיזֶעלְשַׁאפְט בִּישְׁטֵייהִיט אוֹיף דֶעם נאמנות, וָואס דיא מֶענְשִׁין גִיבִּין נאמנות אֵיינִיר דֶעם אַנְדִירִין; וֶוען אָבִּיר דיא רַבָּנִישִׁי לֶעהרְנוּנְג וָואלְט גִיהֶערְשְׁט אוּן עֶס זָאל נָאךְ אִיהר נָאךְ גִיהַאנְדִילְט וֶוערִין, דֶען וָואלְט קַיין פֶערְטְרוֹיאִין נִיט מֶעהר גִיקֶענְט זַיין; דיא שבועה פוּן אַיין מֶענְשִׁין וָואלְט פַאר נִישְׁט גִיוֶועזִין צוּ אַכְטִין אוּן נָאךְ פִיל וֶוייניגִיר וָואלְט זַיין וָוארְט עֶפִּיס וֶוערְט גִיוֶועזִין. צוּ זֶעהִין אִיז אָבִּיר דִירְפוּן, אַז דיא לֶעהרוּנְג וָואס אַיין רבי זָאל קֶענִין דֶעם ש מ ע ו ן לויז מַאכִין פוּן דֶעם חיוב פוּן זַיין שבועה אַקֵייגִין ר א ו ב ן, אִיז אוֹיךְ אַקֵייגִן דֶעם פֶערְשְׁטַאנְד. וֶוען ש מ ע ו ן הָאט זִיךְ אַקֵייגִין ר א ו ב ן מִיט אַיין שבועה נָאךְ דֶער תורה נָאךְ מתחייב גִיוֶועזִין, אַזוֹ קָאן אִיהם קֵיינִיר אִין דֶער וֶועלְט דִירְפוּן נִיט פְרַייא מַאכִין, וִויא נוּר ראובן זֶעלְבִּירְט; דָא אָבִּיר וֶוערְד אוּנְס גִיזָאגְט, אַז אַיין רבי, דֶער וָואס הָאט מִיט דֶער זַאךְ גָאר נִיט צוּ טהוּן

קאן

קאן פון דעם חיוב לויז ראַזין. מחמת אַזוֹ אַיין טעם אויף אַזוֹ אַיין שטייגר און דירבייא זאָל דיא הייליגקייט פון אַיין שבועה ניט פערשוועכט ווערין, וואָלט ער גיקענט שמעון פון דעם חיוב פטור מאַכין, זייני חובות אויך ניט צו ביצאָהלין. דאָס וואָס דער אַנדירער מוז בייא דעם התיר שבועה דירבייא זיין, אַקייגין דעם וואָס האָט זיך מיט אַיין שבועה מתחייב גיוועזין, איז נור אַיין שלעכטי בילוהנונג און ניט עס קאן דיא רעה פון דער זאַך אַוועק ברענגין; און אויך ניט פערוויינעגירין דיא שטראָף וואָס דירפאַר דאַרף צו קומין. לאָמיר מעלדין למשל שמעון פערבינד זיך דורך אַיין שבועה אַקייגין ראובן, אַז ער זאָל איהם נאָך אין דער און דער גיגעבינער צייט אַיין גיוויסין גישעפט ביזאָרגין, אודיר אַיין גיוויסי סומא געלד באָרגין, אודיר עפיס אַנדירש פון אַזוֹ אַיין שטייגיר צו טהון, וועלכי בילוינונג וואָלט פאַר איהם דאָס גיקענט זיין, דירבייא צו זיין וויא מאַן איז יענים מתיר דיא שבועה? ניט עס קאן דיא רעה אַוועק ברענגין, און אויך קאן דאָס איהם ניט זיין שאַדין דער זעצין, פון דעם הזיק וואָס ער האָט דורך דעם וואָס דיא שבועה ווערד ניט דירפיהלט, און אויך קאן דאָס דעם פערדרוס און דעם צער פון איהם ניט אַוועק טרייבין, וואָס ער מוז פיהלין, ווען ער זעהט, אַז אַיין אמונה לעהרניר טרעט דאָס הייליגסטי גיזעץ מיט דיא פיס, דורך וועלכים דיא אמונה גיבט השגחה אויף דיא עסקים צווישין דיא מענשין וויא אייניר מיט דעם אַנדירין זאָל עוסק זיין. און דען צום סוף בלייבט דער הויפט אָב שפאַר אַקייגין דיא דאָזיגי דאָך אַלץ, וויא מיר האָבין אין דעם לעצטין נומר גיוויזין, אַז זייא זענין אַזוֹ וואָס מתיר, וואָס גאָט האָט פערבאָטין און האָבין גאָר אין גאַנצין דאָס עובר שבועה זיין מיט גיזעצליכיר קראַפט בישטעטיגט.

כדי דאָך דיא דאָזיגי לערנונג און דיא מדה פון דיא מענשין, וואָס פון זייא קומט דיא לערנונג אַרויס, גאָר אין גאַנצין צו דירקענין, מוזין מיר אויף דעם עיקר שטעל אין תלמוד (גמרא) צוריק קעהרין, וואָס אויף דער שטעלי גרונדפעסטיגט זיך דער דין פון דיא רבנים וואָס דאָ איז צום לעצטין גיבראַכט גיוואָרין. דיא גמרא זאָגט אַזוֹ:

המודר הנאה מחבירו אין מתירין לו אלא בפניו מנהני מילי אמר רב נחמן דכתיב ויאמר י"י אל משה במדין לך שוב מצרימה כי מתו כל האנשים אמר לו במדין נדרת לך והתר נדרך במדין דכתיב ויואל משה אין אלה אלא שבועה דכתיב ויבא אתו באלה וגם במלך נבוכדנאצר מרד אשר השביעו

השביעו באלהים חיים מאי מרדותיה אשכחיה צדקיהו לנבוכדנצר דהוי קאכיל ארנבת חייא א"ל אישתבע לי דלא מגלית עלוי ולא תיפוק מילתא אישתבע לסוף היה קא מצטער צדקיהו בגופיה איתשיל אשבועתיה ואמר שמע נבוכדנאצר דקא מבזין ליה שלח ואייתי סנהדרין וצדקיהו אמר להון חזיתון מאי קא עביד צדקיהו לאו הכי אישתבע בשמא דשמיא דלא מגלינא א"ל איתשלי אשבועתא (א"ל מתשלין אשבועתא) אמרי ליה אין אמר להו בפניו או שלא בפניו אמרי בפניו וכו' :

„ווען איינער האט איין נדר גיטהון אז ער זאל פון זיין חבר קיין הנאה ניט האבין , איז מאן איהם ניט מתיר (דעם נדר) סיידין אז דער (חבר) איז דירביי . פון וואנין האבין מיר דאס אהער (אז דער דין איז אזו) ? האט ר ב נ ח מ ן גיזאגט (פון דיא ווערטיר איז עס גידרונגין) ווארין עס שטייהיט אין פסוק :". „און יהוה האט גיזאגט צו משה אין מדין , גייא , קעהר ווידיר קען מצרים , דען אלי מעניר זענין גישטארבין וואס האבין גיטראכט נאך דיין לעבין ;" ער האט צו איהם גיזאגט : אין מדין האסטו איין נדר גיטהון , גייא אהין און לאז דיך פון דעם נדר אין מדין לויז מאכין – ווארין עס שטייהט אין פסוק : ו י ו א"ל מ ש ה „און משה האט גיוואלט ," דאס ווארט ויואל בעטייט אביר נישט אנדירש , וויא שווערין ; ווארין עס שטייהיט : „און ער איז מיט איהם גיקומין ב א ל ה אין איין שבועה" (יחזקאל י"ז פסוק י"ג .) עס איז ווידיר ביוויזן פון דיא ווערטיר :

„און אויך אן דעם קיניג נ ב ו כ ד נ צ ר האט ער ווידירשפעניגט וואס ער האט איהם בישוואוירין ביא דעם לעבינדיגין גאט (דברי הימים ב , ל"ו , פסוק י"ג) . מיט וואס האט ער ווידירשפעניגט ? צ ד ק י ה ו האט גיטראפין נ ב ו כ ד נ צ ר עסינדיג איין לעבענדיגין האז . האט ער צו איהם גיזאגט : שווער מיר צו , אז דו זאלסט ניט אויס זאגין כדי דיא זאך זאל ניט ארויס קומין . האט צדקיהו גישוואוירין . צום סוף האט צדקיהו זיך מצער גיוועזין (אויף דער שבועה) , איז ער גיגאנגין און האט זיך גילאזט מתיר שבועה זיין , און האט אויס גיזאגט (וואס ער האט גיזעהין) . נבוכדנצר האט דער הערט אז זייא פערראכטין איהם , האט ער גישיקט און האט גילאזט ברענגין דיא סנהדרין און צדקיהו און האט צו זייא גיזאגט : איהר זעהט וואס צדקיהו האט גיטהון ; האט ער דען ניט ביא דעם נאמין פון גאט גישוואוירין , אז ער זאל מיך ניט אויס געבין ? אזו האבין זייא איהם גיענטפירט : ער האט זיך זיין שבועה גילאזט מתיר זיין . האט ער צו זייא גיזאגט : מעג מאן זיך לאזין מתיר שבועה זיין ? האבין זייא איהם גיענטפירט , יוא . האט ער צו זייא גיזאגט . מוז דאס

גישעהין

גישעהין אז דער אנדירר איז דירבייא אודיר אז חאטשי ער איז ניט דירבייא ? האבין זייא איהם גיענטווירט , אז ער איז דירבייא , וכו׳ ." (נדרים דף ס"ה , עמוד א׳) מילא דיא דאזיגי שטעלי מאכט אונס ניט נור קלאר דיא לערנונג פון מתיר שבועות צו זיין , נייארט עס גיבט אויך קלאר צו פערשטייהין דיא מרה און דיא דירקענטניש פון דיא מעניר , פון וועלכי דיא איבירגיענטווירטי קבלה קומט ארויס . ערשטליך ווייזט עס ארויס איין שטארקי פערמישונג אין גימיטה , דאס ווארט ויואל "ער האט גיוואלט" פון אלה "איין שבועה" ארויס צו נעהמין ; נאך מעהר וואונדיר איז עס , פון דער דאזיגיר פאלשיר איביר זעצונג איין גישיכטי ארויס צו נעהמין , אז משה האט גישוואוירין און מאן האט איהם מתיר שבועה גיוועזין ; נאך מעהר אביר איז עס צו ביוואונדירן , אז אימיציר האט ווען אמאהל גיקענט פאר גינוג האלטין , אז דאס זאל דינין פאר איין ביוייז אויף דעם לימוד (לעהרנונג) פון שבועות מתיר צו זיין וואס אייניר האט דעם אנדירין צו גישוואוירין . אפילו ווען עס וואלט אזו גיוועזין , וויא דיא רבנים זאגין , אז משה האט צו י ת ר ו צו גישוואוירין אז ער זאל זיך קען מצרים ניט צוריק אום קעהרין , וועט דאך דער דאזיגיר פאל אויף דער שאלה וואס דא איז איצונד גיפרעגט גיווארין ניט קענין ענטווירין ; ווארין משה האט זיך אין ערגינץ פון קיין דריטין נפש ניט גילאזט מתיר שבועה זיין , נייארט ער האט פון י ת ר ו זעלבירט בפירוש דיא דערלויבניש צום צוריק קעהרין ביקומין — וויא מיר גיפינין עס אין דער פרשה , וואס עס שטייט דארטין : "און משה איז גיגאנגין און ער איז צוריק גיקעהרט צו יתרו זיין שוועהר , און ער האט גיזאגט צו איהם . לאז מיך גייהן , איך ביט , און איך וועל ווידיר קעהרין צו מייני ברידיר , וואס זענין אין מצרים , און איך וועל זעהין , אויב זייא לעבין נאך , און יתרו האט גיזאגט צו משה : גייא מיט פרידין ." (שמות ד׳ פסוק י"ח) ווען דירבייא איז איין שבועה טאקיש גיוועזין , אזו האט איהם דיא שבועה , וויא מיר זעהין , דער יעניגיר מוחל גיוועזין , צו וועמין ער האט צו גישוואוירין , אביר ניט קיין חכם אודיר ערגינץ איין אנדיריר דריטיר מענש . דיא דאזיגי שטעלי איז נאך דעם נאך גיוויס אקייגין דיא רבנישי לערנונג , און דרום קא׳ דיא לעהרנונג ניט אמת זיין . דיא אנדירי ראיה וואס דיא גמרא ברענגט , שלאגט נאך מעהר אקייגין דער גאנציר מעשה אזו גוט וויא אקייגין דיא מחברים פון איהר . עס ווערד אונס דירינין גיזאגט , אז צ ד ק י ה ו האט צו נ ב ו כ ד נ צ ר צו גישוואוירין ,

אַיין זַאךְ אוֹיף אִיהם נִיט מגלה צוּ זַיין, וָואס עֶר אִיז דוּרְךְ קֵיין שום דין נִיט מחוייב גִיוֶועזִין דָאס יוֹא מגלה צוּ זַיין, נִיט דוּרְךְ קֵיין גֶעטְלִיכִים גִיזֶעץ אוּן נִיט דוּרְךְ קֵיין מֶענְשְׁלִיכִים – אוּן אַז עֶר הָאט בַּייא דֶעם נָאמֶין פוּן דֶעם גָאט פוּן ישראל גִישְׁוואוֹירִין, אוּן חָאטְשִׁי עֶר הָאט דִיא דָאזִיגִי פֶּעסְטִי פֶּערְזִיכִירוּנְג גִיגֶעבִּין, הָאט עֶר דֶער נָאךְ פָּארְט דָאס גִיטָהוּן, וָואס עֶר הָאט גִישְׁוואוֹירִין אַז עֶר וֶועט דָאס נִיט טהוּן, אוּן נָאךְ דִירְצוּ, אַזוֹ אַיין מֶענְשִׁין משלם רעה זַיין וָואס עֶר הָאט פוּן אִיהם טוֹבוֹת מקבל גִיוֶועזִין, אוּן הָאט אוֹיף דֶעם דָאזִיגִין שְׁטֵייגִיר אוֹיךְ אַזוֹ וֵוייניג השגחה גִיגֶעבִּין אוֹיף דֶעם דַאנְק וָואס עֶר אִיז אִיהם שוּלְדִיג, וְויא אוֹיף דִיא הֵיילִיגְקֵייט פוּן דֶעם בּוֹגֵד פוּן אַיין שבועה – קוּרְץ, אַז עֶר הָאט גָאר מִיאוּס עובר שבועה גִיוֶועזִין. דָאס דָאזִיגִי אִיז אָבִּיר נָאךְ נִיט גִינוּג; דִיא גמרא לָאזְט אוּנְס וִויסִין, אַז דָאס אִיז נִיט גִיוֶועזִין פוּן אִיהם אַיין מעשה וָואס עֶר זָאל זִיךְ אַלֵיין מֶעכְטִיגִין צוּ טהוּן, בַּייאִירְט אַז עֶר אִיז דוּרְךְ אַיין הֵיילִיגִין פסק פוּן דִיא גְרוֹיסִי לַייט פוּן דִיא סנהדרין דִירְצוּ בִּיפוּלְמֶעכְטִיגְט גִיוָוארִין. עֶר אִיז גִיגַאנְגִין צוּ דִיא סנהדרין, אוּן זֵייא הָאבִּין אִיהם לוֹיז גִישְׁפְּרָאכִין פוּן דֶעם חיוב פוּן דֶער שבועה, אוּן אפילוּ אַקֵייגִין זֵייאִיר אֵייגִינִים דִין, וָואס זֵייא פַּסְקִינִין אַז אֵיינִיר הָאט זַיין חבר עֶפִּים צוּ גִישְׁוואוֹירִין קָאן מַאן אִיהם נוּר דֶענְסְמָאלְט מתיר שבועה זַיין אַז דֶער חבר אִיז דִירְבַּייא. מֵילָא דִיא גמרא אִיז דָא אוֹיס דְרִיקְלִיךְ מודה, אַז דִיא סנהדרין הָאבִּין אוֹים רֶעכְט גִיטְהוּן וַוייל דוּרְךְ זֵייא אִיז עֶס גִישֶׁעהִין אוּן זֵייא הָאבִּין עֶס גוֹרם גִיוֶועזִין, אַז צ ד ק י ה ו זָאל עובר שבועה זַיין; אַז זֵייא זֶענִין אַזֶעלְכִי מֶענְשִׁין גִיוֶועזִין, דִיא וָואס הָאבִּין אוֹיף דֶער וַוארְהַייט נִיט גִיאַכְטִיט, אוּן הָאבְּן אוֹיךְ קֵיין שום יראת שמים נִיט גִיהַאט, אַז וִוידִיר קֵיין פֶּערְשְׁטֶענְדִיגִיר מענש קָאן אפילוּ קֵיין אֵיינְצִיגִים וָוארְט, וָואס פוּן זֵייאִיר מוֹיל אִיז אַרוֹים גִיגַאנְגִין נִיט גְלוֹיבִּין. מֵילָא וָואס וֶוערְד אִיצוּנְד פוּן דֶעם גַאנְצִין גִיבַּייא פוּן דֶער יוּדִישִׁיר קבלה וָואס אֵיינִיר פוּן אַנְדִירִין הָאבִּין מקבל גִיוֶועזִין? דִיא דָאזִיגִי קבלה בִּישְׁטֵייהִיט נוּר אֵיינְצִיג אוּן אַלֵיין אוֹיף דִיא גוּטִי אוֹיף פִיהרוּנְג פוּן דִיא אַלִירְלֵייא סנהדרין, וָואס זִיא אִיז דוּרְךְ זֵייאִירִי הֶענְד גִיגַאנְגִין; מֵילָא וֶוען מִיר זָאלִין גִיפִינְדִין אַז אֵיינִי סנהדרין פוּן זֵייא אִיז בִּישְׁטַאנְדִין פוּן עֶפִּינְטְלִיכִי לִיגְנִירִם, אַזוֹ הָאט עֶס מִיט דִיא גדלות פוּן תורה שבע״פ אַיין סוֹף. דָא אָבִּיר זָאגְט אוּנְס דִיא גמרא זֶעלְבִּירְט, אַז אפילוּ נָאךְ פַאר דֶער פֶּערְשְׁרַייבּוּנְג פוּן צ ד ק י ה ו אִיז שוֹין אַזוֹ אַיין סנהדרין גִיוֶועזִין, וָואס זֶענִין נִיט נוּר גִיוֶועזִין גִיוֶוענְלִיכִי

לִיגִירְם, נַייאִירְט גָאר עובר שְׁבוּעהנִיקִים, אַזֶעלְכִי מֶענְשִׁין, וֶועלְכִי עֶס הָאבִּין אַזוֹ וֵוייִנִיג גִיאַכְטִיט אוֹיף דֶעם נָאמִין פוּן דֶעם הַארר גָאט, אַז זַייא הָאבִּין, אַזוֹ אַיין הֵיילִיגִי שבועה, וָואס אִיהר גִיוֶועזֶער פוּן בִּישִׁיצוּנְג אִיז נוּר דֶער דָאזִיגִיר נָאמִין פוּן הַארר גָאט גִיוֶועזִין, גִיהַאלְטִין פַאר אַיין נוּל אוּן פַאר גִישְׁט. וֶוען זַייא וָואלְטִין דָאס דָאזִיגִי נָאךְ גִיטָהוּן אַז עֶס זָאל מִיט זַייאִיר אִיבִּיר גִיעֶנְטְפִירְטִי קבלה אַיין שְׁטִימִין, אַזוֹ וָואלְטִין זַייא לפחות דֶעם תירוץ גִיהַאט אַז באשר זַייא הָאבִּין נָאךְ זַייאִיר קבלה נָאךְ גִיטָהוּן; נוּר אָבִּיר זַייא הָאבִּין עֶס גִיטָהוּן אפילו אַקֶעגִין דֶער קבלה וָואס זִיא זָאגְט אַז בַּייא אַיין שבועה וָואס אֵיינִיר שְׁוֶוערְט דֶעם אַנְדִירִין צוּ, קָאן מַאן אִיהם נִיט מתיר זַיין סַיידִין אַז דֶער אַנְדִירִיר זָאל דִירְבַּייא זַיין. בשעת חזקיהו הָאט פֶערְלַאנְגְט אַז זַייא זָאלִין אִיהם מתיר שבועה זַיין, הָאבִּין זַייא עֶס נִיט גִיטָאהְרְט טהוּן אוּן הָאבִּין אִיהם גִידַארְפְט צוּ זָאגִין, אַז אַזוֹ אַיין מתיר שבועה זַיין שְׁטְרַייט אַקֶעגִין דֶער תורה שבע"פ; אַנְשְׁטָאט דֶעם אָבִּיר הָאבִּין זַייא דֶעם ווּאוּנְשׁ פוּן דֶעם קִינִיג אַיין גִיוִוילִיגְט, עֶנְטְוֶוידֶער מחמת מורא אוֹדִיר פוּן אֵייגִינִים נוּצִין וֶועגִין, אוּן זֶענִין אִיהם אִין זַיין עובר שבועה זַיין בִּיהִילְפִיג גִיוֶועזִין. אוּן דִיא זֶענִין דִיא דָאזִיגִי לַייט וֶועלְכִי עֶס הָאבִּין דִיא תורה שבע"פ אִיבִּיר גִיעֶנְטְפִירְט! אַז יוֹא אַזוֹ, וֶועלְכִין פֶערְטְרוֹיאִין קָאן מַאן אוֹיף זַייאִיר וָוארְט הָאבִּין, וֶוען זַייא הָאבִּין קֵיין שבועה נִיט גִיאַכְטִיט? דִיא דֶערְצֵיילוּנְג פוּן דֶער גמרא אִיז עֶנְטְוֶוידֶער אמת אוֹדִיר פַאלְשׁ. אִיז זִיא אמת, דֶען זֶענִין אַלִי לַייט פוּן דִיא סנהדרין פֶערְשׁוּלְדִיגְט פַאר אַיין שבועה עובר זַיין; אִיז זִיא פַאלְשׁ, דֶען הָאט דִיא גמרא אַיין זַאךְ וָואס אִיז גָאר נִיט אמת, פַאר אַיין אמת אוֹיס גִיגֶעבִּין — אוֹיף אַלִי פַאלִין אָבִּיר פֶערְדִינְט דִיא גמרא נִיט אַז מַאן זָאל אִין אִיהר גְלוֹיבִּין. פַאר וָואר באמת אִיז שׁוֹין צַייט, אַז דָאס אוֹיסְדִירְוֶוייל'טִי פָאלְק פוּן גָאט, זָאלִין שׁוֹין אַמָאהל פוּן זַייאִיר פֶערְשְׁטַאנְד וָואס גָאט הָאט זַייא גִיגֶעבִּין, אַיין נוּצִין הָאבִּין, אוּן דִיא טעמים אָנְהֵייבִּין חוקר ודורש זַיין, מחמת וָואס בִּיקֶענִין זַייא זִיךְ צוּ דָאס יוּדִישְׁקַייט. דֶער אוּמְווִיסִינְדֶער מֶענְשׁ אוּן דֶער לַייכְטְזִינִיגִיר מֶעגִין זִיךְ וַוייטִיר בַּייא זַייאִיר בִּיקֶענְטִינִישׁ, אַזוֹ וִויא בַּייא אַיין זַאךְ פוּן אֵיין בְּרוֹזִי פַאלְשִׁי דעה בְּלַייבִּין: אָבִּיר עֶס וָואלְט זַייעֶר נִיט צוּ פֶערְשְׁטֵייהִין זַיין, וֶוען אִימִיצִיר, וֶוער עֶס הַאלְט אַז דִיא אמונה אִיז וֶוערְט דָאס נַאכְדֶענְקִין, זָאל נָאךְ וַוייטִיר אֵיין דת אָנְגִיהַאנְגִין זַיין, וֶועלְכִים עֶס הָאט נִיט נוּר קֵיין בִּיוַוייז פַאר זִיךְ נִיט, נַייאִירְט עֶס הָאט נָאךְ אפילו אַזוֹ פִיל אוּן אַזֶעלְכִי שְׁטַארְקִי בִּיוַויִיזִן אַקֶעגִין

זיך

זיך . נאך דער גמרא זעלבירט נאך און נאך איהר איינינים בקענטיניש נאך זענין דיא מענשין , וואס זייאיר אמט איז גיוועזין איבער דער איבער ענטפירונג בקבלה אין דיא צייטין פון צדקיהו צו וואכן , אזעלכי לייט גיוועזין וואס האבין אויף דער דאזיגער איבערענטפירונג בקבלה עובר גיוועזין און האבין זיך פערשולדיגט מיט איין עובר שבועה זיין ; וועלכי ערבות האבין איצונד דיא יודין , אום צו גלויבין , אז דיא דאזיגי לייט האבין דיא קבלה ניט פערענדירט און ניט זייאיר איינגיני אויסטראכטונגין איבער גיענטפירט ? וואס וואלט זייא וואהל פון אזו איין מעשה גיקענט אב האלטין , ווען זייא האבין זיך גיקענט פרייא שפרעכין , פון איין שבועה וואס איז גישוואוירין גיווארין בייא דעם נאמין פון דעם גאט פון ישראל ?

אזו אבער וויא דיא לייט , וואס האבין דיא קבלה איבער גיענטפירט , וערין פון זייאירי איינגיני לייט וואס גייהן זייא נאך , פאר שלעכטי גאטלוזי מענשין אפאר גישטעלט , אזו ווייזין אויך דיא קבלות גופי וועלכי זייא האבין איבער גיענטוווירט , גאר דיא זעלביגי מדה , און ווערין אומידום ביפאלגט , וויא מיר האבין עס שוין בימערקט , עס האט אלי פערבינדונג פון מענשליכער גיזעלשאפט צוריסין און אומידום ארויס גיבראכט אז קיינער זאל קייני נאמנות ניט האבין און האט איטליכין אין חשד אריין גיבראכט . דיא תורה שבע"פ איז בפירוש מתיר , נאך דעם וויא מאן האט דעם חבר שוין מיט איין שבועה פערזיכירט עפים צו טהון אודיר ניט צו טהון וואס ער פערלאנגט , אז מאן זאל זיך קענין דיא דאזיגי שבועה לאזין מתיר זיין און פערקעהרט צו טהון וויא ער האט גישוואוירין . פאר וואר פערלאנגט דיא תורה שבע"פ אז דאס דאזיגי מתיר שבועה זיין זאל גישעהין בשעת דער אנדירער איז דירבייא ; נור אבער דאס האט צו דער זאך גאר ניט אויב דאס וואס צדקיהו האט צו נבוכדנצר צו גישוואוירין בסוד צו האלטין , איז בייא זיין דירבייא זיין אודיר אונטיר זייני אויגין אנטפלעקט גיווארין איז איין זייער קנאפיר חילוק ; דיא שבועה איז אין דעם איינים וויא אין דעם אנדירין פאל גיבראכין , און דאס ארויס קום דירפון האט גימוזט לויטיר חסרונות און פערדערבליכקייט זיין . מיר וועלין למשל דעם פאל מעלדין , ווען איין פאבריקאנט פערטרויט זיין דינער אין זיין גישעפט עפים איין סוד , און פון זיין איינגיני זיכירהייט וועגין לאזט ער איהם צו שווערין און פערבינד איהם מיט איין שבועה , אז ער זאל דאס ניט מגלה

מגלה זַיין . בַּאלְד דֶער נָאךְ אָבִּיר זֶעהט דֶער דִינִיר , מחמת דֶעם אֵיינִים אוֹדִיר דֶעם אַנְדִירִין טעם אַיין , אַז עֶס אִיז גוּט אוֹדִיר נוּצְלִיךְ , דֶעם דָאזִיגִין סוֹד מגלה צוּ זַיין ; מֵילָא גֵייהט עֶר זִיךְ טַאקִיש צוּ אַיין חכם אוּן לָאזְט דֶעם פַאבְּרִיקַאנְט רוּפִין מַאן אִיז אִיהם מתיר שבועה אוּן עֶר גֵייהט אוּן אִיז דֶעם גַאנְצִין סוֹד מגלה .– וָואס פַאר אַיין אוּנְטִיר שַׁייד אִיז דָא אַז עֶר אִיז דָא יוֹא דִירְבַּייא גִיוֶועזִין אוֹדִיר אַז עֶר וָואלְט נִיט דִירְבַּייא גִיוֶועזִין אַקֵייגִין דֶער רעה וָואס דֶעם פַאבְּרִיקַאנְט קוּמְט דָא אַרוֹיס אוֹדִיר אַקֵייגִין דֶעם וִוירְקְלִיכִין שוּלְד פוּן דָאס עוֹבר שבועה זַיין ? וִויא אִיז אָבִּיר וַוייטִיר , אַז דֶער חכם וָואלְט אַזוֹ גִיטָהוּן , וִויא דִיא סנהדרין הָאבִּין גִיטָהוּן , אוּן וָואלְט דֶעם פַאבְּרִיקַאנְט וָואס דֶער הָאט אִיהם צוּ גִישְׁווָאוֹירִין גָאר נִיט גִילָאזְט רוּפִין , אוּן וָואלְט דֶעם מתיר שבועה גִיוֶועזִין , אַזוֹ וָואלְט דִיא שאלה גִיוֶועזִין , אוֹיבּ דֶער דִינִיר וָואלְט דֶערְנָאכְמָאלְט עֶפִּיס שוּלְדִיג גִיוֶועזִין . צ ד ק י ה ו הָאט בפירוש נִיט גִיגְלוֹיבְּט אַז עֶר זָאל עֶפִּיס שוּלְדִיג זַיין . זַיין גַאנְצִי כוונה אִיז דָא דִירְבַּייא גִיוֶועזִין אַז מַאן זָאל אִיהם מתיר שבועה זַיין , אוּן וֶוען עֶר הָאט דָאס מתיר שבועה זַיין יוֹא פַאר אַיין זִינְד גִיהַאלְטִין , אַזוֹ הָאט עֶר בפירוש גִיגְלוֹיבְּט , אַז דִיא לַאסְט פוּן דֶער דָאזִיגִיר זִינְד רוּהט אוֹיף דִיא יֶענִיגִי , דִיא וָואס הָאבִּין אִיהם מתיר גִיוֶועזִין אָבִּיר נִיט אוֹיף אִיהם וָואס עֶר בִּיקוּמְט דֶעם התיר שבועה . נָאךְ דֶער תורה שבע"פ נָאךְ הָאבִּין דִיא סנהדרין אוּם רֶעכְט גִיהַאט , וואוּ זַייא הָאבִּין אוּנְטִיר זַייאִיר רֶעגִירוּנְג מתיר שבועה גִיוֶועזִין ; אָבִּיר נָאךְ דֶער זֶעלְבִּיגִיר תורה נָאךְ הָאט צ ד ק י ה ו רֶעכְט גִיהַאט , וָואס עֶר הָאט זַייאִיר פסק גִיהָארְכְט . דִיא גמרא פֶערְלַאנְגְט אַז מַאן זָאל דִיא פסקים פוּן דִיא סנהדרין אוּן חכמים אָן אַיין שוּם טענה ומענה אוּן בכלל גִיהָארְכִין , אוּן דַארִיבִּיר וֶוען אַיין חכם אִיז מתיר שבועה אפילו וֶוען דָאס דָאזִיגִי אִיז נִיט כדין , אַזוֹ אִיז דֶער , וָואס מַאן אִיז אִיהם מתיר , מחוייב זַיין פסק צוּ גִיהָארְכִן אוּן נָאךְ דֶעם נָאךְ צוּ טָהוּן . אַזֶעלְכִין וָואס עֶר אִיז מאמין אִין דִיא רבנים אִיז נִיט דִירְלוֹיבְּט צוּ קֶעהרִין נַייאִירְט וִויא מִיר הָאבִּין עֶס שוֹין פְּרִיהִיר אַמָאהל גִיזֶעהִין , עֶר אִיז מחוייב צוּ גְלוֹיבִּין אַז זַיין רֶעכְטִי הַאנְד אִיז דִיא לִינְקִי אוּן אוּמְגִיקֶעהְרְט אַז דִיא לִינְקִי אִיז דִיא רֶעכְטִי , וִויא בַּאלְד אַז דִיא רבנים זָאגְן עֶס , אוּן דְרוּם וֶוען אַיין חכם הָאט אִיהם מתיר שבועה גִיוֶועזִין , בְּרוֹיךְ עֶר נִיט זַיין גִימִיטהה אוּן נִיט זַיין שכל צוּ בִּיאוּנְרוּהִיגִן אוֹבּ עֶס אִיז רֶעכְט אוֹדִיר אוּם רֶעכְט , נַייאִירְט עֶר אִיז מחוייב , אָן

אַיין שום וָוארְט אַקֶעגְן צוּ רֵיידִין .זֵייאִירֵי פסקים אָן צוּ גֶעהמְן פַאר דִיא רֵייד פוּן דֶעם לֶעבְּעדִיגְן גָאט. דְרוּם הָאט דִיא תקנה, אַז וֶוען שמעון הָאט צוּ ראובן עֶפִּים צוּ גִישְׁוואוירְן זָאל מַאן אִיהם נוּר בשעת ראובן אִיז דִירְבַּייא מתּיר שבועה זַיין, גָאר וֶויינִיג שׁוּץ: וֶוען עֶס אִיז מֶיגְלִיךְ גִיוֶועזְן אַז דִיא סנהדרין, אַיין קָאנְפַּאנְיע פוּן אֵיין אוּן זִיבְּצִיג נפשות, זָאלִין אוֹיף דֶער תקנה נִיט אַכְטְן, אַזוֹ אִיז עֶס פַּאר וָואר אוֹיךְ מֶיגְלִיךְ אַז אִיטְלִיכֶר אַנְדִירֶר אֵיינְצִיגִיר חכם זָאל דִירוֹיף נִיט אַכְטְן, אוּן זָאל דֶעם שמעון אפילו וֶוען ראובן אִיז נִיט דִירְבַּייא, אוֹיךְ מתּיר שבועה זַיין. נוּן מוּז אָבִּיר שׁוֹין דָאס בְּלוֹזִי, וָואס עֶס אִיז מֶיגְלִיךְ אַז אַזוֹ וָואס זָאל קֶענְן טְרֶעפְן, אַלִי פֶערְשְׁפְּרֶעכוּנְגְן זֵייא מֶעגְן דוּרְךְ אַיין שבועה בִּיפֶעסְטִיגְט זַיין אוֹדִיר נִיט זֵייעֶר וֶוערְט בִּינֶעהמְן, אוּן אוֹיף דָאס מקיים זַיין דִיא וַוארְהַייט אִין רֵייד אוּן וֶוערְק (בדיבור און במעשה) דִיא עֶרְגְסְטִי וִוירְקוּנְג אַרוֹיס בְּרֶענְגְן. מַאן וֶועט דוּרְךְ אַיין קל וחומר (אִיז שׁוֹין אפשיטא) פוּן דָאס גְרֶעסֶרֵי אוֹיף דָאס קְלֶענֶרֵי דְרִינְגְן אוּן מַאן וֶועט זָאגְן: מַהדָאךְ עֶס אִיז דִירְלוֹיבְּט, דוּרְךְ אַיין התּיר שבועה אַיין שבועה צוּ בְּרֶעכְן, וִויא פִיל מֶעהר מוּז עֶס שׁוֹין אפשיטא דִירְלוֹיבְּט זַיין, אָן אַיין התּיר אַיין בְּלוֹזְן וָוארְט צוּ בְּרֶעכְן; אִיבִּיר הוֹיפְּט אָבִּיר וֶועלְן דִיא יֶענִיגִי, וָואס מַאן פֶער שְׁפְּרֶעכְט צוּ זֵייא, זֵייעֶר לַייכְט דֶעם גִידְרַאנְג מַאכְן אוּן וֶועלְן זָאגְן: מַה דָאךְ אַז מִיר קֶענֶין זִיךְ אוֹיף דֶעם דָאזִיגִינְם שבועה נִיט פֶערְלָאזְן וִויא פִיל וֶוינִיגִיר קֶענְן מִיר שׁוֹין פשיטא אוֹיף זַיין בְּלוֹזְן וָוארְט נִיט גִיטְרוֹיאַן. וָואס אָבִּיר נָאךְ שְׁלֶעכְטִיר אִיז, אַז דִיא דָאזִיגִי לֶעהרְנוּנְג אִיז גָאר אִין גַאנְצְן דִירוֹיף בִּירֶעכִינְט, דִיא מֶענְשְׁן צוּ מַאכְן פַאר פֶערְאַכְטִירְט. פוּן אַלִים גְלוֹיבִּין אוּן זֵייא זָאלְן בִּיצְווִאוּנְגְן וֶוערְן אִין אוּם גְלוֹיבְּן. דֶער אוּם פֶערְשְׁטֶענְדִיגִיר. אוּן דֶער לַייכְט זִינִיגִיר וֶועט זֵייעֶר הנאה הָאבְּן צוּ זָאגְן: וֶוען דָאס דָאזִיגִי זָאל אַיין דת זַיין, אַזוֹ אִיז עֶס שׁוֹין וַוייט בֶּעסִיר, גָאר קֵיין דת נִיט צוּ הָאבִּין; אוֹדִיר זֵייא וֶועלְן זִיךְ דְרִינְגְן, אַז, אַזוֹ וִויא דִיא דָאזִיגִי לֶערְנוּנְג קָאן אוּם מֶיגְלִיךְ פוּן דֶעם גֶעטְלִיכְן גַייסְט אַרוֹיס גִיקוּמְן זַיין, אַזוֹ אִיז אוֹיךְ אַלִי אַנְטְפְּלֶעקְטִי אמונות אַיין בִּיטְרוּג. אִין אִיטְלִיכְן פַּאל דִינְט עֶס דֶעם גִיזוּנְדְן זִינְן אוּן דִיא פְרוּמְקַייט פוּן דִיא ישראל, צוּם שְׁמַאךְ אוּן שַׁאנְד, וָואס זֵייא בִּיקֶענְן זִיךְ צוּ אַזוֹ אַיין לֶערְנוּנְג, אוֹדִיר וֶוען זֵייא גְלוֹיבִּין אִין אִיהר

נִיט

ניט, ווייל זייא שְׁוַויינְן גָאר שְׁטִיל און לָאזְן אַנְדִירִי מֶענְשְׁן גְלוֹיבְּן, אַז דָאס דָאזִיגִי אִיז דִיא אמונה פון דִיא קִינְדֶער פון אברהם. אַזוֹ לַאנְג וויא זייא זֶענֶען מודה, אַז דִיא תורה שבע״פ אִיז דֶער קְוַואל פוּן זֵייאִיר אמונה, אַזוֹ לַאנְג מוּזְן זֵייא אָבּ עֶנְטְפִּירְן פַאר אִיהְרִי לֶערְנוּנְגְן; אַזוֹ לַאנְג אָבִּיר וויא זייא לָאזְן נָאךְ אַלְץ בְּלַייבְּן, און זָאגְן אִיהר נִיט עֶפִינְטְלִיךְ אָבּ, אַזוֹ לַאנְג מוּזְן זייא פַאר אַזֶעלְכִי גִיהַאלְטְן וֶוערְן, וֶועלְכִי עֶס גְלוֹיבְּן אִין אִיהר מַאכְט. עֶס קָאן נִיט גִינוּג זַיין וָואס זייא זָאגְן זִיךְ לויז פון אֵיינְצִיגִיר בִּיזוּנְדִירִי לֶערְנוּנְג פון אִיהר, וֶוען זייא הָאבְּן דֶעם גְלוֹיבְּן אִין אִיהר גַאנְץ צוּזַאמְן הַאנְג בכלל. אַלִי קבלות צוּזַאמְן וֶוערִין אַיין גַאנְצִים, וֶועלְכִים עֶס קָאן נִיט פון אַנַאנְדִיר גִישֵׁיידִיט וֶוערְן. זייא בִּירוּהְן אַלִי אויף אֵיינִים און דֶעם זֶעלְבִּיגְן בִּיוַוייז גְרוּנְד, און דְרוּם וֶוען דֶער דָאזִיגִיר בִּיוַוייז גְרוּנְד וֶוערְד אִין עֶרְגִינְץ אֵיינִים פַאל פַאר נִיט שְׁטַארְק גִינוּג דֶערְוִויזְן, אַזוֹ וֶוערְד עֶר דֶערדוּרְךְ אויךְ אִין אַלִי אִיבְּרִיגִי אופנים פַאר נִיט גִינוּג גוּט דֶערְוִויזְן, און אַזוֹ אויךְ אוּם גִיקֶעהְרְט (להפך) וֶוען אִימִיצִיר זָאגְט אַז אִין אֵיינִיגִי אופנים אִיז עֶס גִילְטִיג, אַזוֹ וֶוען עֶר אִיז נור אַיין פֶערְשְׁטֶענְדִיגִיר מֶענְשׁ, קָאן עֶר אויךְ אִין אַנְדִירִי אופנים נִיט לֵייקְנִין. עֶר קָאן אִיבִּירְהוֹיפְּט אַקֵייגִין דִיא דעות פון דִיא רבנים וָואס זייא שְׁטְרַייטִין אֵיינִי אַקֵייגִין דִיא אַנְדִירִי קֵיין ספק נִיט הָאבְּן; אָבִּיר אַזוֹ בַּאלְד אַז עֶר אִיז מסכים אויף אֵיינִי פון יֶענִיר לֶערְנוּנְג, וֶועלְכִי עֶס וֶוערד אָנְגִירוּפְן קבלה פון בַּארְג סיני, מוּז עֶר זייא אַלִי מסכים זַיין, און מוּז דְרוּם מוֹדֶה זַיין, אַז דִיא וֶועלְכִי עֶר דִירְקֶענְט זייא אָן, זֶענֶען אַלִי פון דָאס זֶעלְבִּיגִי. מֵילָא דִיא הַיינְטִיגִי יוּדְן בְּלַייבְּט נור דִיא ברירה: עֶנְטְוֶועדִיר בַּייא דֶעם גַאנְצִין צוּזַאמְן זַאץ פון דֶער תורה שבע״פ נָאךְ וַוייטִיר צוּ בְּלַייבְּן אִין דֶער בִּישְׁטֶעטִיגוּנְג אַז מַאן זָאל קֶענְן שבועות מתיר זַיין אודר דִיא דָאזִיגִי לֶערְנוּנְג צוּ פֶער וַוארְפִין און אַזוֹ צוּ גְלַייךְ דִירְמִיט דִיא גַאנְצִי תורה שבע״פ אַוֶועק וַוארְפִין. —

# נתיבות עולם

## עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז

### דיא אלטי שטעגין.

---

## נומר נ״ח

---

אומידום וואו איין אינוועניגסטיר הויפט וועזין פון אמונה הערשט, וועט זיך דאס זעלביגי ארויס ווייזין וויא אלי אנדירי הויפט זאכין, אין דיא אויסוועניגסטי מדות, אין דער פארמי פון אויסוועניגסטי מנהגים און צירימאניעס. אזו וויא עס איז ניט מיגליך, אז איין לעבינדיגיר מענש זאל קענין לאנג בלייבין, אן איין צייכין פון לעבין פון זיך צו געבין פונקט אזו קאן איין הויפט וועזין פון אמונה ניט בלייבין, אן דעם אז עס זאל זיך פון אויסוועניג ניט ארויס ווייזין. עס איז בכלל איין גיזעץ אין דער בישעפונג, אז איטליכים לעבינדיגי הויפט וועזין ווייזט זיך פון אויסינוועניג ארויס, און דרום אז עס איז דעם בישעפיר זעלבירט וואוהל גיפאלין גיווארין, איין דת צו געבין, האט ער כמה צירימאניעס און מנהגים איין גישטעלט, וועלכי עס לאזין וויסין אז דער דת איז פער האנדין, און עס זאל זיין אויף איין שטייגיר וויא איין גוף, וואס דיא נשמה זאל אין איהם איהר ציצונג האבין. דארום זענין אויך צירימאניעס און מנהגים ניט צו פעראכטין, אפילו ווען זייא זענין פון מענשין אויס גיטראכט, ווארין זייא זענין דיא מערק צייכינם פון דעם אינוועניג לעבין, פון וועלכין זייא קומין ארויס; זענין זייא אביר פון גאט אנגישטעלט, דען ביקומין זייא גידאפילטי וויכטיגקייט, ווייל אחוץ דעם וואס זייא דינין דעמסמאלט פאר מערקצייכינש פו דת, האבין זייא אויך דיא גאנצי קראפט פון איין געטליכים גיבאט. דאך אביר, איין פאלשיר דת ביגינוגינט זיך ניט מיט דער דאזיגיר אנדירקענונג און מיט דעם דאזיגין כלל פון יראת שמים, נייארט עס גייהט נאך ווייטיר און דערהייבט דאס אויסוועניגסטי צייכין איביר דעם וואס עס ביצייכינט ווייל זייא מאכין דיא אויסוועניגסטי מנהגים צום עיקר פון דער אמונה. אזו האבין דיא ישראל גימיינט אין דער צייט פון ישעיה הנביא, אז דאס מקריב זיין קרבנות און דאס אויסוועניגסטי האלטין דעם שבת

און

אוּן פַּייאִיר טֶעג זֶענִין דָאס רֶעכְטִי עיקר פוּן דֶער אמוּנה , אוּן דְרוּם הָאט גָאט צוּ זֵייא גִיזָאגְט , אַז אפילוּ דִיא דָאזִיגִי זַאכִין , חָאטְשִׁי זֵייא זֶענִין פוּן אִיהם זֶעלְבִּירְט אַיין גִישְׁטֶעלְט גִיוָוארִין זֶענִין זֵייא אִיהם נִיט וואוֹהל גִיפֶּעלִיג גִיוֶועזִין , וֶוען זֵייא זֶענִין נִיט פוּן דֶעם לֶעבִּינְדִיגִין אִינְוֶוענִיגְסְטִין הוֹיפְּט עיקר פוּן אמוּנה אַרוֹיס גִיקוּמִין . אִיהר זָאלְט נִיט מֶעהְרִין צוּ בְּרֶענְגִין פַאלְשִׁי שְׁפַּייז אוֹפְּפִיר , ״ שְׁטֵייהט אִין פסוּק , „דָאס רויךְ וֶוערְק אִיז מִיר אַיין אוּם ווירְדִיגְקַייט ; חוֹדש אוּן שבּת , אוּן דָאס צוּזַאמִין רוּפִין פוּן דִיא פֶּערְזַאמְלוּנְג אִיךְ קֶען נִיט לַיידְן אוּם גִירֶעכְטִיגְקַייט אוּן פֶערְזַאמְלוּנְג . ״ (ישעיה א׳ פסוק י״ג) אִין אֵיינִים פוּן דִיא וַוייטִירְדִיגִי קַאפִּיטְלִין זָאגְט עֶר ווידִיר נָאךְ אַמָאהל : „אוּן זֵייא טָהוּן מִיךְ זוּכִין אַלִי טָאג , אוּן דִיא דִירֶקֶענְטְנִיש פוּן מַיינִי וֶועגִין טָהוּן זֵייא בִּיגֶעהְרִין , אַזוֹ וִויא אַיין פָאלְק וָואס הָאט גִיטָהוּן גִירֶעכְטִיגְקַייט , אוּן וָואס הָאט נִיט פֶערְלָאזְט דָאס גִירִיכְט פוּן זַיין אלהים ; זֵייא פְרֶעגִין מִיךְ גִירִיכְטִי פוּן גִירֶעכְטִיגְקַייטִין אוּן בִּיגֶעהְרִין זִיךְ צוּ גִינֶעהְנִין צוּ אלהים . ״ (נ״ח , פסוּק ב׳) אוּן בַּייא דֶעם אַלִים וַוייזְט עֶר זֵייא אִין דֶער זֶעלְבִּיגִיר צַייט , אַז דָאס אַרְץ אִיז נוּר אוֹיסְוֶוענִיגְסְטִי וֶוערְק אוּן עֶס אִיז אִיהם נִיט וואוֹהל גִיפֶּעלִיג גִיוֶועזִין . דְרוּם וואוּ מִיר גִיפִינִין אַיין דת , וֶועלְכִיר עֶס שְׁטֶעלְט אוֹיסְוֶוענִיגְסְטִי מעשים הֶעכִיר . וִויא דִיא אִינְוֶוענִיגְסְטִי חיוּבים פוּן מָארַאלְנָאשְׁטְש (מדות המוּסר) , אַזוֹ קֶענִין מִיר זִיכִיר זַיין , אַז עֶר אִיז נִיט פוּן גָאט ; אוּן פוּן וֶועגִין דֶעם טעם אוֹיךְ צְוִוישִׁין אַנְדִירִי טעמים וָואס מִיר הָאבִּין , גְלוֹיבִּין מִיר , אַז דִיא תּוֹרה שבּע״פּ אִיז אַיין אוֹיס גִיטְרַאכְטִי זַאךְ פוּן מֶענְשִׁין . מִיר הָאבִּין אִין דֶער לֶעצְטִיר מעשׂה , פוּן מתּיר שבוּעוֹת זַיין וָואס מִיר הָאבִּין בִּיטְרַאכְטִיט , אַיין בַּייא שְׁפִּיל , וואוּ בּשעת דִיא רבּנים אַכְטִין נִיט אוֹיף דֶעם חיוּב פוּן מָארַאלְנָאשְׁטְש , מַאכִין זֵייא אַיין בְּלוֹזִי פָארְמִי פוּן דָאס אַהִין גֵייהן צוּ אַיין רבּי , כּדי זִיךְ צוּ לָאזִין מתּיר שבוּעה זַיין , פַאר דֶעם עיקר הוֹיפְּט זַאךְ וָואס עֶס וֶוערְד פוּן דֶעם מֶענְשְׁן פֶערְלַאנְגְט . אַיין אַנְדִיר גְלַייכְנִיש הָאבִּין מִיר פוּן זֵייאִיר לֶערְנוּנְג פוּן דֶעם ענין פַאר שכר פַאר דִיא בִּישְׁנַיידוּנְג , וָוס עֶס וֶוערְד אוֹיף אַזוֹ אַיין שְׁטֵייגִיר אוֹיס אַנַאנְדִיר גִיזֶעצְט :

מצות עשה לכל אדם מישראל שימול את בנו וגדולה היא משאר מצות עשה שיש בה צד כרת . וגם נכרתו עליה שלש עשרה בריתות בפרשה מילה . ולא נקרא אברהם שלם עד שנימול ובזכותה נכרת לו ברית על נתינת הארץ והיא מצלת מדינה של גיהנם כמו שאמרו חכמים שאברהם אבינו יושב בפתחה של גיהנם ואינו מניח ליכנס בו לכל מי שנימול . ומאוסה היא הערלה שנתגנו בה הגוים שנא׳ כי כל הגוים ערלים . וכל

המפר

המפר בריתו של אברהם או שמושך ערלתו אף על פי שיש בידו תורה ומעשים טובים אין לו חלק לעולם הבא:

„עֶס אִיז אַיין מצות עשה פַאר אִיטְלִיכִין מֶענְשִׁין פוּן ישראל אַז עֶר זָאל בִּישְׁנַיידִין (מל זיין) זַיין זוּן. אוּן זִיא אִיז גְרֶעסִיר וִויא אַלִי אַנְדִירִי מצות עשה, וָוארִין בַּייא אִיהר אִיז פֶערְהַאנְדִין דִיא שְׁטְרָאף פוּן כרת: אוּן אוֹיךְ זֶענִין אוּם וֶועגִין אִיהר דְרַייצֶעהִן בִּינְדִינִישְׁן (כריתות בריתות) וָואס אִיז דִירְמַאנְט אִין דֶער פרשה פוּן מילה, בִּישְׁנִיטִין גִיוָוארִין. אוּן אברהם אִיז נִיט פְרִיהִיר גִירוּפִין גִיוָוארִין פוּלְקוּמִין אוֹיף רִיכְטִיג, וִויא בִּיז עֶר אִיז בִּישְׁנִיטִין גִיוָוארִין; אוּן דוּרְךְ דֶעם זכות פוּן מילה אִיז צוּ אִיהם דֶער בּוּנְד פוּן דָאס שֶׁענְקִין דָאס לַאנְד (כנען) אוֹיף גִישְׁטֶעלְט גִיוָוארִין. אוּן זִיא (דיא מצות מילה) אִיז מציל פוּן דֶער שְׁטְרָאף פוּן גיהנם; אַזוֹ וִויא דִיא חכמים הָאבִּין גְזָאגְט, אַז אברהם אבינו זִיצְט בַּייא דֶער טִיר פוּן גיהנם, אוּן לָאזְט קֵיין אֵיינְצִיגִין וֶועלְכִיר עֶס אִיז בִּישְׁנִיטִין, נִיט אַרַיין גֵייהִן. אוּן דִיא אוּם בִּישְׁנִיטִינְהַייט אִיז מִיאוּס וָוארִין דִיא גוים זֶענִין דִירמִיט בִּיזוּדִילְט גִיוָוארִין; וָוארִין עֶס שְׁטֵייהִיט אִין פסוק: „דֶען אַלִי גוים זֶענִין ערלים (אוּם בִּישְׁנִיטִין)." (ירמיה ט' פסוק כ"ו) אוּן אִיטְלִיכִיר וָואס פֶערְשְׁטֶערְט דֶעם ברית (בּוּנְד) פוּן אברהם, אוֹדִיר דֶער וָואס פֶערְצִיהט זַיין פָארְהוֹיט (ערלה) הָאטְשִׁי עֶר הָאט דִיא דִירְקֶענְטִינִישׁ פוּן תורה אוּן טְהוּט גוּטִי מעשים הָאט עֶר קֵיין חלק לעולם הבא דָאךְ נִיט." (יורה דעה סימן ר"ס) דָא הָאבִּין מִיר גָאר אִין גַאנְצִין דֶעם זֶעלְבִּיגִין טעות, וָואס גָאט דִירְמָאנְט דִיא זִינְד דוּרְךְ דֶעם מוּנְד פוּן דֶעם נביא ישעיה, אַיין אוֹיסְוֶוענְגִסְטִי מעשה וֶוערְד מֶעהר פַאר חשוב גִיהַאלְטִין וִויא דִיא הֵיילִיגְקַייט פוּן לֶעבִּין אוּן אַיין בְּלוֹזִי הכנה וָואס כַאן מַאכְט אִין דֶעם גוּף, מֶעהר וִויא דָאס הֵיילִיגְקַייט פוּן דָאס הֶערְץ. עֶס וֶוערְד עֶרִינְסְט אוּן הֵיילִיג בִּיהוֹיפְּטִיט אַז דִיא מצוה פוּן מילה אִיז וִויכְטִיגִיר, וִויא אַלִי אַנְדִירִי מצות עשות, דָאס הֵייסְט, עֶס וֶוערְד פַאר גְרֶעסִיר גִימַאכְט, וִויא דָאס וָואס מִיר זֶענִין מחוייב צוּ דֶער פִיהלִין אַקֵייגִין גָאט אוּן מֶענְשִׁין. דָאס גִיבָּאט:

### ואהבת לרעך כמוך

„אוּן דוּ זָאלְסְט לִיבּ הָאבִּין דַיין גִיזֶעלִין (חבר) וִויא דִיךְ זֶעלְבִּירְט," אִיז אַיין מצות עשה אוּן אִיז דְרוּם אֵיינְס פוּן דִיא יֶענִיגִי, פַאר וֶועלְכִי דִיא בִּישְׁנַיידוּנְג וֶוערְד מֶעהִריר חשוב גִיהַאלְטִין. דָאס גִיבָּאט:

### כבד את אביך ואת אמך

„דוּ זָאלְכְט דַיין פָאטִיר אוּן דַיינִי מוּטִיר עֶהרִין," אִיז אַיין מצות עשה,

און

און דיא הבטחה פון איין לאַנגען לעבען איז דיראן אן גיקניפּט, דאס איז דער חיוב אַקייגען דיא יעניגע, וואס מיר האָבען גאָט און זייא צו פער דאַנקען וואס מיר זענין דא אויף דער וועלט און האַטשי אַזוֹ, לערהרינט דאָך דיא תורה שבע״פ אַז דאס דאָזיגע מקיים צו זיין איז ניט אַזוֹ וויכטיג, וויא דאס גיבאָט פון מילה. מיר ווילין דירמיט בשום אופן דיא וויכטיגקייט פון דיא בישנַיידונג אודיר ערגינץ איין אַנדירי געטליכי איינשטעלונג וואס איז נאָך דער תורה נאָך חס ושלום ניט לייקנין, בַייאירט מיר ווילין נור איטליכין פערשטענדיגין ישראל אויף פאָרדירן צו משפטן, וועלכים פון דיא דאָזיגי גיבאָטי איז וויכטיגיר. קאָן איין ישראל גלויבען, אַז האַטשי ער האָט קיין ליבשאַפט צו זיין חבר ניט און האַלט זייני עלטירן ניט בכבוד, בלוז וויל ער איז בישניטין איז ער פאר גאָט וואוהל גיפעליג, אודיר דאָך וואוהל גיפעליגיר וויא איין גוי, דער וואס איז יוא מקיים דיא דאָזיגי גיבאָט? פון דעסט וועגין לערינט דיא תורה שבע״פ אין דעם אויבין גידאַכטין שטיק ניט נור דאס, אַז דיא מצות מילה האָט מעהר ווערט, וויא דיא ליבשאַפט צום חבר, נַייאירט זיא שטעלט עס נאָך גאר אפילו העכיר, וויא דיא ליבשאַפט צו גאָט. דאס גיבאָט ואהבת את יהוה אלהיך בכל לבבך „דו זאָלסט דעם יהוה דיין אלהים ליב האָבין פון גאַנצין הערצין, וגו׳, ״ איז איין מצות עשה און גיהערט אויך צו דיא יעניגי, וואס עס ווערד גיהאַלטין אַז עס איז וויניגיר וויא דיא בישנַיידונג. דער גמר פון דעם דאָזיגין פסק שַיינט אַזוֹ אום ביגרייפליך און צום נשתומם ווערין, אַז מאַן זאָל שוין כמעט דארפין מורא האָבין, אפשר האָט מאַן דעם פשט ניט רעכט פערשטאַנדין: נור אָביר רש״י, אַז וואס ער זאָגט האָט מאַן דאָך אַזוֹ גרוֹים גימאַכט אַז עס מוז דאָך גיהאַלטין ווערין אַלץ וואס ער זאָגט, גייהיט ער נאָך ווייטיר, און זוכט צו בִיווייזין, אַז דיא בישנַיידונג איז פונקט אַזוֹ וויכטיג וויא אַלי איבריגי מצות צוזאַמין. ער זאָגט:

שהיא שקולה כנגד כל המצות שבתורה

„זיא וועגט אַקייגין אַלי מצות וואס איז גיבאָטין אין דער תורה,״ (נדרים דף ל״א, עמוד א׳) אַזוֹ אַז דירינין איז קיין ספק ניט פערהאַנדין, אַז דאס דאָזיגי איז טאַקיש ווירקליך דיא לערנונג פון דער תורה שבע״פ. איצונד אָביר מעג דער וואס לייאינט דאס, דעם שטייגיר פון דעם טבע פון דיא בישנַיידונג אַביסיל בעסיר ביטראַכטין. דיא בישנַיידונג איז ערשטליך איין אויסוועניגסטי מעשה: זיא איז צווייטינס איין זאַך, וואס עס ווערד

גיטהון

גיטָהון אָן דֶעם ווִילִין פון דָאס קִינְד און אִין אַזוֹ אַיין צייט , וואו דָאס זֶעלְבִּיגִי קָאן נָאךְ נִיט אַרוים בְּרֶענְגִין קַיין אַקְט וָואס מַאן זָאל דַארְפִין דִירְפַאר אָב עֶנְטְווִירִין; און פון דֶעסְט וֶועגִין וֶוערְד דִיא דָאזִיגִי מעשה אַלֵיין הֶעכִיר גִישְׁטֶעלְט , וִויא דִיא הֶעכְסְטִי פוֹלְקוֹמִינְהַייט , דִיא וָואס אַיין בִּישַׁאפִינִיר גֶפֶּש קָאן נור הָאבִּין , הֶעכִיר וִויא דִיא לִיבְּשַׁאפְט צו גָאט און צו זַיינִי מִיט בִּישַׁאפִינִי מֶענְשִׁין . דָאךְ אָבִּיר דִיא תּוֹרה שבע״פ בְּרֶענְגְט אויךְ בִּיוַוייז אויף אִיהר לֶערְנוּנְג , און דֶער עֶרְשְׁטִיר בִּיוַוייז פון אִיהר אִיז , אַז באשר בַּייא דֶעם גִיבָּאט פון מילה אִיז אויךְ דִיא שְׁטְרָאף פון כרת בַּייא גִילֵייגְט . דִיא מעשה אַז עֶס אִיז טַאקִיש אַזוֹ זֶענִין מִיר נַאטִירְלִיךְ מוֹדה ; וָוארִין עֶס וֶוערְד בפירוש גִיזָאגְט : „און אַיין אום בִּישְׁנִיטִינִיר מַאנְס פַארְשׁוֹן וָואס אִיז נִיט בִּישְׁנִיטְן אָן דֶעם פְלֵייש פון זַיין פֶער שְׁטָאפוּנְג , דִיא זֶעלְבִּיגִי זֵייל זָאל פֶערְשְׁנִיטְן וֶוערִן פון אִיהר פָאלְק , עֶר הָאט מַיין בּוּנְד פֶערְשְׁטֶערְט ; ״ (בראשית י״ז פסוק י״ד) אָבִּיר דֶעם גִידְרַאנְג דירפון אַז דַארִיבִּיר זָאל זִיא גְרֶעסִיר זַיין וִויא אַלִי מצות רֵייקִינִין מִיר . אִין דֶער בַּייא גִילֵייגְטִיר שְׁטְרָאף פון כרת הָאט דִיא בִּישְׁנַיידוּנְג גָאר נִישְׁט פַאר זִיךְ עֶפִּיס בִּיזוּנְדִירִים ; גָאט הָאט דִיא זֶעלְבִּיגִי שְׁטְרָאף אוים גִישְׁפְּרָאכִין אַקֵייגִין אִיטְלִיכִי זִינְד וָואס וֶוערְד גִיטֶהון במזיד וָוארִין עֶס שְׁטֵייהִיט אִין פסוק : „אָבִּיר דִיא זֵייל וָואס וֶועט עֶטְוַואס טְהון מִיט אֵייגִי הוֹיכִי הַאנְד פון דֶעם אַיין גִיבָּארִינִין אוֹדִיר פון דֶעם פְרֶעמְדְלִינְג , דֶער זֶעלְבִּיגִיר הָאט יהוה גִילֶעסְטִירְט , און דִיא זֶעלְבִּיגִי זֵייל זָאל פֶערְשְׁנִיטִין וֶוערִין פון צְווִישִׁין אִיהר פָאלְק : דֶען זִיא הָאט פֶערְשְׁמֶעהִיט דָאס וָוארְט פון יהוה , און דֶער הָאט פֶערְשְׁטֶערְט זַיין גִיבָּאט , דִיא זֶעלְבִּיגִי זֵייל זָאל גִיווִים פֶערְשְׁנִיטִין וֶוערִין , אִיהרִי מִיסִיטָאט זָאל זַיין אויף אִיהר. ״ (במדבר ט״ו, פסוק ל׳ – ל״א) מִילָא דָא זֶעהִין מִיר אַז דָאס עוֹבר זַיין עֶרְגִינְץ אֵיינִי פון גָאטִים גִיבָּאט במזיד , צִיהט נָאךְ זִיךְ דִיא זֶעלְבִּיגִי שְׁטְרָאף , וֶועלְכִי עֶס אִיז אוים גִישְׁפְּרָאכִין גִיוָוארִין בַּייא דֶער פֶערְשְׁטֶערוּנְג פון בִּישְׁנַיידִין , אַזוֹ אַז דִיא בַּייא גִילֵייגְטִי שְׁטְרָאף , אִיז זֵייעֶר וַוייט דירפון , צו בִּיוַוייזִין , אַז דָאס דָאזִיגִי גִיבָּאט אִיז ווִיכְטִיגִיר וִויא אַלִי אִיבְּרִיגִי מצות עשׂות , פִיל מֶעהר בִּיוַוייזְט עֶס , אַז גָאט משפט נִיט נָאךְ דִיא אויסְוֶוענִיגְסְטִי מעשים , נַייאִירְט נָאךְ דֶעם צוּשְׁטַאנְד פון דָאס הֶערְץ , און אַז אַיין עבירה במזיד אַקֵייגִין עֶרְגִינְץ אַיין גִיבָּאט , וָואס דָאס אִיז אַיין בִּיוַוייז אַז עֶס פֶעהלְט גָאר אִין גַאנְצִין דִיא לִיבְּשַׁאפְט צו אִיהם , וֶוערְד מִיט דִיא גַאנְצִי שַׁארְפְקַייט פון זַיין צָארִין בִּישְׁטְרָאפְט . דֶער אַנְדִירִיר בִּיוַוייז וָואס דִיא תּוֹרה שבע״פ בְּרֶענְגְט , אִיז ,

אז

„אַז אברהם אִיז נִיט פְרִיהִיר אָנְגִירוּפִין גִיוָוארִין פוּלְקוּמִין אוֹיף רִיכְטִיג, וִויא בִּיז עֶר אִיז בִּישְׁנִיטִין גִיוָוארִין," און דָאס דָאזִיגִי וֶוערְד אִין דֶער גמרא דוּרְךְ דִיא וֶוערְטִיר בִּיוִויזִין: דֶער מַייא דִיךְ (וַואנְדְלִי) צוּ פַאר מִיר און זַייא אוֹיף רִיכְטִיג." נוּר אָבִּיר דִיא וֶוערְטִיר בִּיוַוייזִין בשום אופן נִיט, אַז אברהם אִיז גְרָאד נָאךְ דֶער בִּישְׁנַיידוּנְג פוּלְקוּמִין אוֹיף רִיכְטִיג גִירוּפִין גִיוָוארִין; זַייא דְרִיקִין דָאס גִיבָּאט אוֹיס, אַז עֶר זָאל פוּלְקוּמִין אוֹיף רִיכְטִיג זַיין, אָבִּיר זַייא דְרִיקִין נִיט דִיא דִירְקְלֶעהרוּנְג אוֹיס, אַז עֶר אִיז עֶס גִיוֶועזִין. מַאן קָאן אָבִּיר נִיט זָאגִין, אַז דִירמִיט וַוייל עֶר הָאט זִיךְ בִּישְׁנִיטִין, הָאט עֶר דֶעם דָאזִיגִין גִיבָּאט „זַייא אוֹיף רִיכְטִיג" גִיהָארְכְט און אִיז אוֹיף רִיכְטִיג גִיוָוארִין: וָוארִין דָאס דָאזִיגִי וָואלְט אִין דֶער הַאנְד פוּן אַיין רשע גִיגֶעבִּין אַיין לַייכְטִין סְפָּאסִיב צוּ דִירְלַאנְגִין פוּלְקוּמִינִי אוֹיף רִיכְטִיגְקַייט. עֶס קוּמְט דָא דִירפוּן אַרוֹיס, אַז עֶס אִיז לַייכְט צוּ בִּיוַוייזִין, אַז דָאס בַּייא וָוארְט „פוּלקוּם אוֹיף רִיכְטִיג, אִיז אוֹיךְ אוּם בִּישְׁנִיטִינִי בַּייא גִילֵייגְט גִיוָוארִין— וַוייל עֶס שְׁטֵייהט אִין פסוק: „נח אִיז גִיוֶועזִין אַיין גִירֶעכְטִיר אוֹיף רִיכְטִיגִיר מַאן אִין זַיינִי גִישְׁלֶעכְטִיר, און נח הָאט זִיךְ דֶער מִיט (גִיוַואנְדִילְט) מִיט אלהים," (בראשית ו' פסוק ט') מֵילָא וָואס עֶס וֶוערְד גִיזָאגְט, אַז דָאס, וָואס צוּ אברהם אִיז בְּלוֹיז אַיין בִּיפֶעהל גִיגֶעבִּין גִיוָוארִין, אִיז אִין נח גִיפוּנְדִין גִיוָוארִין. צוּ אברהם הָאט גָאט גִיבָּאטִין, פַאר אִיהם צוּ וַואנְדְלִין און פוּלְקוּמִין אוֹיף רִיכְטִיג צוּ זַיין, אָבִּיר דֶעם נִיט בִּישְׁנִיטִינִין נח דֶערְקְלֶעהרְט עֶר, אַז עֶר אִיז פוּלְקוּמִין אוֹיף רִיכְטִיג גִיוֶועזִין און הָאט זִיךְ מִיט אִיהם דֶערְמַייאט (גִיוַואנְדִילְט). מֵילָא אִין דֶער דָאזִיגִיר בִּיצִיהוּנְג הָאט דִיא בִּישְׁנַיידוּנְג קֵיין פָארְצוּג (יתרון) נִיט, אפילוּ וֶוען דֶער רַבָּנִישִׁיר פשט פוּן דִיא וֶוערְטִיר וָואלְט רִיכְטִיג גִיוֶועזִין. דֶער בִּיוַוייז וָואס בַּאלְד דֶער נָאךְ קוּמְט, באשר, אַז פוּן וֶועגִין דֶעם זכות פוּן מילה אִיז „אַיין בוּנְד מִיט אברהם גִימַאכְט גִיוָוארִין, אוֹיף דֶער מתנה פוּן דָאס לַאנְד (כנען)," אִיז אוֹיךְ אַזוֹ שְׁוַואךְ און הַאלְט נִיט אוֹיס. שׁוֹין לַאנְג פְרִיהִיר פַאר דֶעם בוּנְד פוּן בִּישְׁנַיידוּנְג הָאט גָאט דֶעם אברהם דָאס לַאנְד צוּ גִיזָאגְט, און אפילוּ כמה מָאהל; און נִיט נוּר הָאט עֶר עֶס אִיהם צוּ גִיזָאגְט, נַייאִירְט עֶר הָאט אפילוּ מִיט אִיהם אַיין גַאנְצִין בוּנְד גִישְׁלָאסִין אַז עֶר זָאל אִיהם שֶׁענְקִין דָאס לַאנְד; וִויא מִיר גִיפִינִין עֶס אִין פסוק: „אִין דֶעם זֶעלְבִּיגִין טָאג הָאט יהוה פֶערְשְׁנִיטִין מִיט אברם אַיין בוּנְד צוּ זָאגִין: צוּ דַיין זָאמִין הָאבּ אִיךְ גִיגֶעבִּין דָאס דָאזִיגִי לַאנְד, פוּן דֶעם טַייךְ פוּן מצרים בִּיז צוּ דֶעם גְרוֹיסִין טַייךְ, דֶער טַייךְ פוּן פרת."

בראשית

(בְּראשית ט"ו, פסוק י"ח) דֶער דָאזִיגֶיר בּוּנְד אִיז נָאךְ פַאר דֶער גִיבּוּרְט פוּן ישמעאל גִימַאכְט גִיוָוארִין, אוּן בְּשעת ישמעאל אִיז גִיבּוֹירִין גִיוָוארִין אִיז אברהם זָעקְס אוּן אַכְצִיג יָאהר אַלְט גִיוֶועזִין, מֵילָא דְרוּם אִיז דֶער בּוּנְד וֶוענִיגְסְטִינְס פִירְצֶעהִין יָאהר פַאר דֶער בִּישְׁנַיידוּנְג גִימַאכְט גִיוָוארִין, אַזוֹ אַז דִיא בִּיהוֹיפְּטוּנְג, אַז בּאשר דֶער דָאזִיגֶיר בּוּנְד אִיז פוּן וֶועגִין דֶעם זכות פוּן דֶער בִּישְׁנַיידוּנְג גִימַאכְט גִיוָוארִין, אִיז דוּרְךְ אוֹיס פַאלְשׁ. גָאט הָאט דֶעם בּוּנְד נִיט גִימַאכְט וַוייל אברהם הָאט עֶס פֶערְדִינְט, נַייאִירְט פוּן אֵייגִינֶיר גִינָאד אוּן בַּארִימְהֶערְצִיגְקַייט, בְּשעת אברהם הָאט נָאךְ אָן זַיין גוּף קֵיין שׁוּם צֵייכִין נִיט גִיהַאט, וָואס עֶס זָאל אִיהם קֶענִין אוּנְטִיר שֵׁיידִין פוּן דִיא אַרוּמִיגִי פֶעלְקִיר. מֵילָא דָא בִּיהוֹיפְּטִיט דִיא תּוֹרה שבע"פ ווידיר עֶפִּיס וָואס נִיט אמת אִיז. — דָאךְ אָבִּיר דִיא רבנים בִּינוּגִינִין זִיךְ נִיט מִיט דִיא בִּיוַוייז פוּן דֶער תּוֹרה; זֵייא הָאבִּין גַאנְץ גוּט גִיפִיהלְט, אַז דִיא אוֹתיוֹת פוּן דֶער הֵיילִיגִיר תּוֹרה אִיז כנגד זֵייא, אוּן הָאבִּין זֵייאִיר אַנְטְרִינוּנְג גִינוּמִין צוּ זֵייאִיר אֵייגִינִיר אוֹיס טְרַאכְטוּנְג, וַוייל זֵייא הָאבִּין דֶעם לִיגֶן אוֹיס גִיטְרַאכְט „אַז דִיא בִּישְׁנַיידוּנְג אִיז מציל פוּן דֶעם משפט פוּן גיהנם, וָוארִין אברהם זִיצְט בַּייא דֶער טִיהר פוּן גיהנם אוּן לָאזְט קֵיינִים נִיט אַרַיין וֶוער עֶס אִיז בִּישְׁנִיטִין." אַז דָאס דָאזִיגִי אִיז אַיין רֶעכְטִיר בְּבִיון אוֹיס גִיטְרַאכְטִיר לִיגִין, קָאן קֵיינִיר קֵיין ספק נִיט הָאבִּין, דֶער וָואס הָאט נוּר זַיין שכל אוּן נֶעהמְט נוּר דִיא הֵיילִיגִי תּוֹרה צוּם פִיהרִין פַאר זַיין שכל. עֶס וֶוערְד דִירְמִיט קֵיין אַנְדִירִי זַאךְ נִישְׁט גִיזָאגְט, וִויא אַז פִיל בִּישְׁנִיטִינִי פֶערְדִינִין אֵייגִינְטְלִיךְ דִיא שְׁטְרָאף פוּן גיהנם אוּן וֶוערִין אוֹיךְ ווירְקְלִיךְ בִּיז צוּ דֶער טִיהר פוּן גיהנם גִיפִיהרְט, דָא אָבִּיר טְרֶעט אברהם צְווִישִׁין אַרַיין אוּן מַאכְט זֵייא פְרַייא פוּן זֵייאִיר גִירֶעכְטִין שְׁטְרָאף. וָוארִין וֶוען זֵייא וָואלְטִין דָאס גיהנם נִישְׁט פֶערְדִינְט, אוֹדִיר נִיט גִיהֶערִין דֶער צוּ, אַזוֹ וָואלְט עֶס נִיט נֵייטִיג גִיוֶועזִין, אַז אברהם זָאל דַארְפִין אַזוֹ אַיין שְׁלֶעכְטִין אַמְט בַּייא דֶער טִיהר פוּן גיהנם צוּ הָאבִּין, דָאס אַז דִיא נפשות זֶענִין וֶוערְט גִישְׁטְרָאפְט צוּ וֶוערִין וֶוערְד פוּלְקוּמִין בִּיקֶענְט, אוּן דָאךְ זָאגִין יֶענִי לַייט וָואס זֶענִין חכמים, אַז וַוייל גָאט גִיבְּט השגחה אוֹיף דָאס בְּלוֹזִי אוֹיסְוֶוענִיגְסְטִי צֵייכִין פוּן דֶעם בּוּנְד, לָאזְט עֶר זִיךְ אָבּ פוּן זַיין מעלה וָואס עֶר אִיז אַיין גִירֶעכְטִיר רִיכְטִיר (שׁוֹפט צדיק) אוּן שְׁפְּרֶעכְט פְרַייא דִיא יֶענִיגִי, וֶועלְכִי עֶס פֶערְדִינִין גִישְׁטְרָאפְט צוּ וֶוערִין. עֶס וֶוערְד וַוייטִיר גִיזָאגְט, אַז גָאט הַאנְדִילְט אַקֵייגִין דִיא גוֹים נִיט אַזוֹ, אַז גָאט פִיהרְט אַקֵייגִין זֵייא פוּלִי גִירֶעכְטִיגְקַייט אוֹיס, אוּן וַוייזְט קֵיין דִירְבַּארִימוּנְג נִיט; אַז ווידיר

אברהם בְּלִיקְט אַוֶועק גָאר גְלַייךְ גִילְטִ״ג , וֶוען אַיין גוי וֶוערְד צוּ דֶעם אָרְט פוּן פֶער דַאמִינִיש גִיבְּרַאכְט , פִילְט עֶר גָאר קֵיין רחמנות נִיט אוּן טְהוּט נִישְׁט פַאר זַייא , אוּן דָאס גֶעטְלִיכִי וֶועזִין הָאט אוֹיךְ אַיין חלק אִין דֶער דָאזִיגִיר אוּם גִירֶעכְטִיגְקֵייט אוּן עֶס פֶּעהלְט אִיהם דִיא מדה פוּן רחמנות . דִיא אמונה וֶוערְד אַפָּאר גִישְׁטֶעלְט פַאר אֵיין בְּלוֹזִין צוּזַאמִין הַאנְג וָואס אִיז נושא פנים אוּן דֶעם רִיכְטִיר פוּן דֶער גַאנְצִיר וֶועלְט פַאר אַיין אוּם גִירֶעכְטִין . דָאס אַז דָאס דָאזִיגִי אִיז דָאס רֶעכְטִי אוּיס גִישְׁרִיבִּינִי אוּיס טְרַאכְטוּנְג פוּן דֶער דִירְצֵיילוּנְג , דָאס אִיז אַרוּיס צוּ זֶעהִין פוּן דֶעם זַאץ וָואס בַּאלְד דִירְנָאךְ קוּמְט : דָאס אוּם בִּישְׁנִיטִינְהַייט (דִיא ערלה) אִיז מִיאוּס , וָוארִין דִיא גוֹים זֶענִין דִירמִיט בִּיזוּדִילְט גִיוָוארִין ; וָוארִין עֶס שְׁטֵייהִיט אִין פסוק : „וָוארִין אַלִי גוֹים זֶענִין אוּם בִּישְׁנִיטִינִי (ערלים) ,״ דָא זָאגִין אוּנְס דִיא רבנים בפירוש אַז גָאט פֶערְאַכְטִיט זַיין אֵייגִינִי וֶוערְק פוּן זַיינִי הֶענְד , אַז דָאס גְרֶעסְטִי רו״ב פוּן זַיינִי פֶערְשְׁטֶענְדִיגִי בִּישֶׁעפִּינִישִׁין פֶערְשְׁמֶעהִיט עֶר , אוּן אפילו באמת נִיט פוּן וֶועגִין זֵייאִירִי שְׁלֶעכְטִיגְקֵייט , אבזריות , אוֹדִיר וֶועגִין זֵייאִירִי אָבְּגֶעטִירַייא , אוֹדִיר אוּם הֵיילִיגְקֵייט , נַייאִירְט וַוייל זַייא הָאבִּין אַזוֹ אַיין מצוה נִיט גִיהַאלְטִין , וָואס עֶר הָאט עֶס צוּ זַייא קֵיין מָאהל נִיט גִיבָּאטִין . דִיא רבנים זֶעלְבִּירְט וֶועלִין עֶס מודה זַיין , אַז גָאט הָאט צוּ דִיא גוֹים דָאס גִיבָּאט פוּן מילה קֵיין מָאהל נִיט גִיגֶעבִּין ; מֵילָא וִויא אִיז עֶס דֶען מִיגְלִיךְ , אַז עֶר זָאל זַייא בִּיזוּדְלִין , אוֹדִיר פֶּערְאַכְטִין , אוֹידִיר זַייא אֶן פֶערְצֵייהוּנְג מִיט שְׁרֶעקְלִיכְקֵייט בִּיהַאנְדְלִין , וַוייל זַייא הָאבִּין דָאס נִיט , וָואס עֶר הָאט זַייא קֵיין מָאהל נִיט גִיגֶעבִּין ? וֶוען עֶר וָואלְט זַייא גִיהַאט גִיבָּאטִין אוּן זַייא וָואלְטִין עֶס קֵיין חֵשֶׁק נִיט גִיהַאט צוּ הַאלְטִין , הֶען וָואלְט אַיין גוּטִיר טעם גִיוֶועזִין צוּ אַזוֹ אַיין פָארְשְׁטֶעלוּנְג , אַזוֹ אָבִּיר אִיז גָאר קֵיין שום טעם דִירוּיף נִיט פֶערְהַאנְדִין . אוּן דָאס אִיז אוֹיךְ נִיט אמת , אַז מִיט דִיא וֶוערְטִיר : „וָוארִין אַלִי גוֹים זֶענִין אוּם בִּישְׁנִיטִין (ערלים) , זָאל גָאט דִיא גוֹים בִּיזוּדְלִין , פִיל מֶעהר בִּיזוּדִילְט עֶר דִיא ישראל . דִיא פסוקים צוּזַאמִין אוֹיךְ יֶענִים אָרְט זָאגִין אַזוֹ : „נוּן זֶעה , עֶס קוּמְט דִיא טֶעג זָאגְט יהוה , אוּן אִיךְ וֶועל גִידֶענְקִין צוּ שְׁטְרָאפִין אַלִי דִיא בִּישְׁנִיטִינִי אוּן דִיא נִיט בִּישְׁנִיטִינִי : אוֹיף מצרים , אוּן יהודה , אוּן אוֹיף אדום , אוּן דִיא קִינְדִיר פוּן עמון , אוּן אוֹיף מואב , אוּן אוֹיף אַלִי דִיא וָואס וואוֹינִין אִין דִיא עֶרְטִיר פוּן דֶער וִויסְטִינַייא , וָוארִין אַלִי גוֹים הָאבִּין אוּם בִּישְׁנִיטִינִי פָארְהוֹיט ; אָבִּיר דָאס גַאנְצִי הויז פוּן ישראל הָאט אַיין אוּם בִּישְׁנִיטִינִים הֶערְץ . ״ (ירמיה ט׳ , פסוק כ״ד – כ״ה) דָאס

דאזיגי

דאזיגי קלינגט גאנץ אנדירש, וויא דיא לערנונג פון דיא רבנים. גאט זאגט דא אז דאס בלויזי אויסוועניגסטי ציהן פון דער מידה, וועט פאר שטראף ניט בווארינין, אז ער מאכט קיין אונטיר שייד ניט צווישין דיא בישניטיני און דיא אום בישניטיני, נייארט ער זעהיט נור אויף דאס הערץ און גיט האלטינדיג פאר איין זייט לאזט ער גירעכטיגקייט דערגייהן פאר אלי. ער זאגט טאקע באמת אז דיא אבגעטישי פעלקיר, דיא וואס ער רעכינט זייא דא, וועט ער בישטראפין; אביר ער זאגט אויך פאר איינם, אז ער וועט דיא זינדיגי פון ישראל מיט זייא אויך בישטראפין, און דען אזו איין שטייגיר וויא כדי דעם הויפט אבוועגד אקייגין דער תורה שבע"פ צו בווייזין און איטליכין פאלשין בטחון אויף דיא בישניידונג צו גישט צו מאכין, שטעלט ער אהין צו: „ווארין אלי גוים זענין אום בישניטין דיא פארהויט, אביר דאס גאנצי הויז פון ישראל האט איין אום בישניטינס הערץ:" ער מיינט דירמיט צו זאגין: זייט איך ניט מיט דעם גידאנקין טועה, אז באשר אייארי בישניידונג וועט איך אפשר מציל זיין, עס איז נאך איין ערגירי אום בישניטינהייט פערהאנדין, וויא דיא איז וואס דאס פלייש איז ניט בישניטין: און דאס איז, דיא אום בישניטינהייט פון דאס הערץ. דאס דאזיגי איז איין לערנונג, דיא וואס איז דעם געטליכין וועזין ווירדיג, דיא וואס שטימט מיט זייני מעלות פון גירעכטיגקייט און הייליגקייט פונקט איין און עס איז טרייסטליך און אויף ריכטינד פאר אלי זייני בישעפינישין, וואס בשעת דיא רבנישי לערנונג נעמט פון גאט דעם כבוד אוועק און אלי גוישי פעלקיר ביזודילט עס. ווען מאן זאל אין דער דאזיגיר לערנונג גלויבין, אזו וואלט קיין גוי קיין בוועג גרונד ניט האבין, דעם ווארהאפטיגין גאט, וואס ער האט פון איהם ניט קיין גירעכטיגקייט און קיין דירבארימונג זיך ניט צו דערווארטין, צו דינין אודיר איהם בכבוד צו האלטין, פונקט אזו פערדערבליך און שלעכט איז דיא דאזיגי לערנונג פאר דיא מאראלישי מדות און דאס גימיטה פון דיא ישראל זעלבירט. איטליכיר וואס ער גלויבט, אז דאס וואס ער איז בישניטין וועט איהם פון גיהנם מציל זיין מוז עס פאר דערלויבט האלטין, אלי איבריגי מצות אן איין שום מורא עובר צו זיין. צו וואס זאל ער דען הייליג, אודיר בצניעות, אודיר איין בעל ישרן, אודיר גיטרייא זיין? זיין פאטיר אברהם זיצט דאך בייא דער פורטקי פון גיהנם און ווארטיוויט צו ריב איהם און וועט איהם שוין פון דעם גירעכטין לוין פאר זייני עונות ביפרייהין. מיר ווילין דירמיט ניט זאגין אז אלי פון ישראל האבין אזעלכי

גידאנקן דאס זאל פון אונס פערמיטען זיין צו מיינען; אבער געוויס איז עס, אז יעני לערנונג מוז אויף דאס גימיטה פון דעם פראקטאק און דעם וואס איז מאמין אין הבלים דיא דאזיגי ווירקונג האבען. דיא יעניגי, וועלכי עס זענין מיט דעם ווארט פון גאט בעקאנט אודיר זייא וויסן זייאיר שכל צו בינוצן, מוזן בוודאי איינזעהין, אז זיא איז פאלש; אבער דען איז עס אויך זייאיר חיוב, זייאיר אום גלויבין אין דעם, אין זייאיר הערצין ניט צו פערשליסין, נייארט זיך עפינבליך פון איהר לויז צו זאגין און דעם אום וויכטיגין און דעם פראקטין מענשין צו בילערנין, אז זיא איז פאלש. פיל פון דיא ישראל זענין אפט מרגיש גג׳ עכטין פערדרוס וואס מא פעראכטיט זייא, וויא מאן זעהיט עס גיוועגליך פון דיא עפינטליכי מיינונגין אקייגין זייאיר פאלק; נור אבער ווען זייא וואלטין נור איינזעהן דיא סיבה דירפון מחמת וואס דאס איז, אזו וואלטין זייא זיך ניט מעהר דירויף וואונדירין. דיא מענשין אין כלל מאכין קיין אונטירשייד צווישי יודין און יודישקייט, נייארט רעכינין בטעות צו, דיא אירטימיר (תעותים) פון דעם לערנונגס גיבייא אן איין אונטיר שייד, צו דאס פאלק. און וויא קאן עס דען טאקיש אנדירש זיין, אזו לאנג אז דיא תורה שבע״פ ווערד גיהאלטין פאר איין געטליכים גיזעץ בוך? לאזין דיא קינדיר ישראל פון דעם דאזיגין טעות זיך עפינטליך לויז מאכין, וועלין דיא סיבות מחמת וואס מאן לייגט דעם בילבול אויף זייא, שוין ממילא אויף הערין.

מיר וואלטין בתוך כה אונזירי לייאיניר דיא וואס לייאיגין דאס בעטין, עטוואס ווייטיר צו גייהן און דיא לערנונג פון דאס קריסטינטהום פון דעם זעלבגין ענין מיט דיא לערנונג פון תורה שבע״פ צו פערגלייכין. זייא וועלין גיפינין, אז אומידום, וואו דיא רבנים זענין אין תעות, האבין דיא תלמידים פון ישוע הנוצרי דיא וואהרהייט גילערינט. פאלוס איז מודה אז דיא בישניידונג איז וויכטיג און רעכט: ער פרעגט צום ערשטין: „וואס האט דען דער יהודי מעהריר? אודיר וואס איז דער נוצין פון דער בישניידונג?“ און דען ענטפירט ער: פיל אויף אלי פעל. ערשטינס, ווייל צו זייא איז פאר טרויאט דיא רייד פון גאט.“ (רומיים ג׳, פסוק א׳) מילא ער דירקענט אן דיא בזונדירי גינאד פון גאט אקייגין דיא ישראל; אבער ער האלט אויך פאר איינס דיא גירעכטיגקייט און היליגקייט פון גאט בכבוד, ווייל ער זאגט: „וואס וועט בצאהלין צו איטליכין נאך זייני מעשים נאך: צו דיא וועלכי מיט גידולד און גוטי מעשים זוכין לויב און כבוד און אום שטערבליכקייט, דאס אייביגי לעבין; אבער צו דיא וואס

צאנקין

צאַנקען זיך אונ גיהאַרכין ניט דיא וואַרהייט , זונדרן גיהאַרכין אום רעכט חרון אף אונ צאָרין ; איין צרה אונ אַנגסט איבּיר איטליכין מענש וואָס טוט בייז פריהיר איבּיר דעם יהודי אונ אויך איבּיר דעם גרעק ; אָבּיר כבוד אונ לויב אונ פריד צו איטליכין וואָס טוט גוטס , פריהיר צום יהודי אונ אויך צום גרעק ; וואָרין גאָט איז קיין נושא פנים .״ (רומיים ב׳ , פסוק ו׳–י״ח) דאָס דאָזיגי שטימט פונקט איין מיט דיא ווערטיר פון ירמיה אונ מיט דיא מדות פון גאָט , וויא ער ווערד פון משה אונ דיא נביאים אפּאָר גישטעלט, אונ מוז דאָס גימיטה פון איטליכין מענשין וואָס האָט ליב אביסיל נאָך צו דענקין גיפעהלן זיין . מילא לאָזין די יעניגי , וועלכי עס פער וואַרפין דאָס קריסטינטהום אויף דער מעשה ענטוויריגן , אַז אומידום , וואו דיא רבנים האָבּין אום רעכט, האָבּין דיא וואָס זענין דאָס קריסטינטהום מבשר , רעכט . ווען אַלי וואַרהייט פון גאָט ווערד בּישטעטיגט אונ דער מענשליכיר פערשטאַנד דער וואָס גייהט זיך נאָך זיין איגינים ווילין מוז אין תעות אַריין פאַלין , וויא קומט עס דען , אַז גאָט האָט דיא קריסטין צו דער וואַרהייט פערהאָלפין , אָבּיר דיא יודין זאָל ער האָבּין אַזוי פיל הונדירט יאָהר לאַנג אין תעות גילאָזין ? —

דאָס יודישקייט לערינט , אַז דיא גוים בּידאַרף מאַן פעראַכטין , בּלוז ווייל זייא טראָגין אָן זיך קיין אויסווענינגסטין צייכין ניט , וואָס גאָט האָט פון זייא קיין מאָהל ניט פערלאַנגט אַז זייא זאָלין דאָס האָבּין ; דאָס קריסטינטהום זאָגט אַז גאָט איז איין גירעכטיר ריכטיר . עס זאָגט : וואָרין דיא בּישניידונג טוט וואוהל העלפין ווען דו האַלטסט דיא תורה ; אָבּיר ווען דוא טהוסט דאָס גיזעץ איבּיר טרעטין , אַזוי איז דיין בּישניידונג גיוואָרין אום בּישניידונג : דרום ווען דיא אום בּישניידונג האַלט דאָס גירעכטיגקייט פון דעם גיזעץ , וועט ניט זיין אום בּישניידונג גירעכינט ווערין פאַר בּישניידונג ?״ (רומיים ב׳ , פסוק כ״ה – כ״ו) דאָס יודישקייט לערינט , אַז אברהם זיצט בּייא דער טיהר פון דעם גיהנם , כדי אפילו דעם רשע ווען ער איז נור בּישניטין פון דעם גיהנם צו בּיפרייאן ; דאָס קריסטינטהום דערקייגין לערינט , אַז אברהם אַכטיט ניט אויף דאָס אויסווענינגסטי צייכין , ווען עס איז ניט מיט דיא ריינהייט פון הערצין פערבּונדין . „דאָ וואַר איין מאַן וואָס וואַר גיקליידיט אין פורפיר אונ פייני ליינוואַנד , אונ האָט אַלי טאָג פריילין גילעבּט : אונ דאָ וואַר איין אָרימיר מאַן וואָס האָט גיהייסין אליעזר , וואָס וואַר אַנידיר גיוואָרפין בּייא זיין טויר , פול מיט בּלאָטירין : אונ ער האָט זיך גיוואָלט זעטיגין

מִיט דִיא בְּרֶעקְלִיךְ וָואס פַאלִין אַרָאבּ פוּן דֶעם טִישׁ פוּן רַייכִין מַאן, אָבִּיר דִיא הִינְט זֶענִין נָאךְ גִיקוּמִין אוּן הָאבִּין גִילֶעקְט זַיינִי בְּלָאטִירִין: אוּן עֶס וַואר וֶוען דֶער אָרִימִיר מַאן אִיז גִישְׁטָארְבִּין, אַזוֹ וַואר עֶר גִיבְּרַאכְט פוּן דִיא מלאכים אִין אברהמס שׁוֹיס אַרַיין, אוּן דֶער רַייכִיר אִיז אוֹיךְ גִישְׁטָארְבִּין, אוּן וֶוען עֶר וַואר אִין יסוּרים אִין גיהנם, אַזוֹ הָאט עֶר זַיינִי אוֹיגִין אוֹיף גִיהוֹיבִּין, אוּן הָאט גִיזֶעהִין אברהם פוּן וַוייטִין אוּן אליעזר אִין זַיין שׁוֹיס: אוּן עֶר הָאט גִישְׁרִיגִין אוּן שְׁפְּרַאךְ, אברהם מַיין פָאטִיר, דֶער בַּארִים דִיךְ אִיבִּיר מִיר, אוּן שִׁיק אליעזר, אַז עֶר זָאל אַיין טוּנְקִין דֶעם שְׁפִּיץ פוּן זַיין פִינְגִיר אִין וַואסִיר, אוּן זָאל מַיין צוּנְג דֶער פְרִישִׁין, וָוארִין אִיךְ לַייד יסוּרים אִין דֶעם פְלַאם: אָבִּיר אברהם שְׁפְּרַאךְ, מַיין קִינְד, גִידֶענְק אַז דוּ הָאסְט דַיין גוּטְס אָבּ גִינוּמִין בַּייא דַיין לֶעבִּין, אוּן אליעזר הָאט אוֹיךְ דָאס בֵּייזִי אָבּ גִינוּמִין. אוּן אִיצוּנְד וֶוערְד עֶר גִיטְרֵייסְט, אָבִּיר דוּ הָאסְט יסוּרים: אוּן אִיבִּיר אַלִים דֶעם, אִיז צְווִישִׁין אוּנְס אוּן אַייךְ אַיין גְרוֹיסִיר תהום גִיזֶעצְט, אַז דִיא וָואס וִוילִין פוּן הִיר צוּ אַייךְ אַרִיבִּיר גֵייהִן, קֶענִין נִיט, אוּן דִיא פוּן יֶענִיר זַייט, קֶענִין אוֹיךְ נִיט צוּ אוּנְס אַרִיבִּיר קוּמִין: אוּן עֶר שְׁפְּרַאךְ, דְרוּם בֶּעט אִיךְ דִיךְ, פָאטִיר, אַז דוּ זָאלְסְט אִיהם שִׁיקִין צוּ מַיין פֶאטִירְס הוֹיז: וָוארִין אִיךְ הָאבּ פִינְף בְּרִידִיר, אַז עֶר זָאל זֵייא בִּיצַייגִין, אַז זֵייא זָאלִין אוֹיךְ נִיט קוּמִין אִין דֶעם אָרְט אַרַיין פוּן יסוּרים: אוּן אברהם שְׁפְּרַאךְ צוּ אִיהם, זֵייא הָאבִּין משה אוּן דִיא נביאים, לָאזִין זֵייא זֵייא צוּ הֶערִין: אָבִּיר עֶר שְׁפְּרַאךְ, נֵיין פָאטִיר אברהם, זוּנְדְרִין וֶוען אֵיינִיר פוּן דִיא טוֹיטִין וֶועט צוּ זֵייא קוּמִין, אַזוֹ וֶועלִין זֵייא תשובה טְהוּן: אוּן עֶר שְׁפְּרַאךְ צוּ אִיהם, וֶוען זֵייא הֶערִין נִיט צוּ משה אוּן דִיא נביאים, אַזוֹ וֶועלִין זֵייא אוֹיךְ נִיט גְלוֹיבִּין וֶוען אֵיינִיר וֶועט פוּן דִיא טוֹיטִין אוֹיף שְׁטֵיין." (לוקאס ט"ז, פסוק י"ט – ל"א) דֶער וָואס לֵייאִינְט דָאס מֶעג אִיצוּנְד דָאס דָאזִיגִי מִיט דֶער רַבָּנִישִׁיר לֶערְנוּנְג פֶערְגְלַייכִין, אוּן דֶען זָאגִין, וִויא אַזוֹ עֶס קוּמְט, אַז אוּמִידוּם, וואוּ דִיא תורה שבע"פ אִיז אִין תעות, הָאט גָאט אִין דֶעם נַייאִין טֶעסְטַאמֶענְט (ברית חדשה) דִיא וַוארְהַייט אַנְדִירְשׁ גִילֵייגְט.



Дозволено Цензурою. Варшава 5 (17) Февраля 1876.
Въ Типографіи А. Гинса. Королевская № 1064 D

# НЕСЫВОТЪ ОЛОМЪ

# נתיבות עולם

## עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז.

### דיא אלטי שטעגין.

### נומר נ״ט

דער וויכטיגער תכלית פון דעם דאזיגין ספר איז געוועזין; כדי צו פערגלייכין דאס יודישקייט, וויא עס שטעלט זיך אונס אין אונזירי צייטין אפאר, מיט דער אמונה פון משה און דיא נביאים, און נאך דעם אופן צו בישטימין, אויב דיא איצטיגי יודין גייהין אויף דעם גוטין וועג, אויף דיא אלטי שטעגין, וועלכי עס זענין זייארי עלטירין אפאר גישריבין געוועזין. מיר האבין זיך בימיהט אונזירי טעמים אויס אנאנדיר צו זעצין, פאר וואס מיר גלויבין, אז דיא יודין זענין פון דיא לייט וואס האבין דיא תורה שבע״פ אויס גיטראכט, פאר נארט גיווארין, און האבין איצונד איין דת וואס ער איז פונקט אקוראט אקייגין דעם יעניגין וועלכיר עס איז צו זייא פון גאט אנטפלעקט גיווארין. עס איז שוין איין יאהר פערבייא גיגאנגין. פון דער צייט אן וויא דער ערשטיר נומר פון דיא דאזיגי בלעטיר איז ארויס גיקומין, און נאך איז קיין ענטוויר דירויף ניט געוועזין. דאס דאזיגי שטיל שווייגין קאן מאן אנהעגין אן דרייא פערשידיני טעמים. ענטוויר עס האט בייא דיא יעניגי, וועלכי עס ביקענין זיך צו דאס יודישקייט, אייפער (קנאה) גיפעהלט — אודיר זייא האבין דורך דעם שכל איינגיזעהין אז מאן וועט נישט קענין דעם לערנונגס גיבייא אב ווענדין — אודיר לסוף מאן האט דיא דאזיגי בלעטיר ניט פאר ווערטה גיהאלטין דירויף אבטונג צו געבין דאס נאך צו דענקן. עס איז דיא זאך פון דאס גאנצי יודישי פאלק צו ביטראכטין, וועלכיר פון דיא דאזיגי דרייא טעמים האט איין גיווירקט אויף דיא וואס שטרייטין פאר דער תורה שבע״פ. מאן קאן דירויף ניט שטרייטין אז דיא יודין האבין דאס רעכט, איניגי דירקלעהרונגין פון דיא יעניגי לייט צו דער ווארטין, דיא וואס זייארי גילעהרינטקייט און זייאיר שטאנד ביצייכינט זייא פאר

דיא

דִיא פִּירְשְׁפְּרֶעכִיר פוּן דָאס יוּדִישְׁקַייט . עֶס מוּז אִיטְלִיכִין מַאן וָואס הָאט לִיבּ אַבִּיסִיל נָאךְ צוּ דֶענְקִין קשה זַיין , אַז חָאטְשִׁי עֶס אִיז אַזוֹ אַיין שְׁטַארְקִי משוניני אַנְגְרַייפוּנְג אוֹיף דֶער תורה שבע״פ גִימַאכְט גִיוָוארִין , אוּן חָאטְשִׁי אִין דֶער אֵייגִינִיר צַייט וֶוען דֶער דָאזִיגִיר ספר אִיז אַרוֹיס גִיקוּמִין הָאבִּין זִיךְ אִין דִיא גְרֶעסְטִי שוּלִין אוּן פֶערְזַאמְלוּנְגִין אִין לוּנדן גִילָאזְט הֶערִין אַז כמה יוּדִין זֶענִין שְׁטַארְק אוּם צוּ פְרִידִין מִיט כמה חלקים פוּן דָאס יוּדִישְׁקַייט , אוּן פוּן דֶעסְט וֶועגִין אִיז דָאךְ דִירוֹיף גָאר נִישְׁט גִישְׁרִיבִּינִים אַרוֹיס גִיקוּמִין , נִיט אִין אַיין פָארְמִי פוּן אֵיין פֶערְעֶנְטְפִירוּנְג אוּן אוֹיךְ נִיט אִין אַיין שְׁטֵייגִיר פוּן אַיין דֶער קְלֶעהרוּנְג (פֵּירוּשׁ) . דָאס אַז דֶער טעם פוּן דָאס שְׁטִיל שְׁוַוייגִין אִיז נִיט מחמת פֶערְאַכְטוּנְג , אִיז קְלָאר צוּ זֶעהִין פוּן אַיין אַנְדִירִי מעשה . דהיינו עֶס אִיז מִיט גִיוִויסְהַייט אַיין רֵייד אַרוֹיס גִיגַאנְגִין , אַז עֶס אִיז מוּנְדְלִיךְ אַיין עֶפִּינְטְלִיכִיר עֶנְטְפִיר אוֹיף דֶעם עֶרְשְׁטִין נוּמֶר גִיגֶעבִּין גִיוָוארִין , אוּן אַז דֶער עֶנְטְפִיר הָאט אַלִימִין דִיא וָואס הָאבִּין עֶס גִיהֶערְט גִישַׁיינְט פַאר אַזוֹ גוּט אַז מַאן דַארְף דִירפוּן צוּפְרִידִין זַיין . עֶס אִיז זֵייעֶר צוּ בִּידוֹיאִירִין , וָואס דֶער דָאזִיגִיר עֶנְטְפִיר אִיז נִיט אוּמִידוּם בִּיקָאנְט גִימַאכְט גִיוָוארִין , אַזוֹ אַז אַנְדִירִי זָאלִין זִיךְ אוֹיךְ פוּן דֶעם אִינְהַאלְט פוּן דָאס צוּפְרִידִין זַיין פוּן דֶעם עֶנְטְפִיר קֶענִין אִיבִּיר צַייגִין . וָואס אוּנְס זֶעלְבִּיר אָן בִּיטְרֶעפְט , וֶוען עֶס וָואלְט אוּנְס בִּיוִויזִין וֶוערִין אַז מִיר הָאבִּין אַיין טעות , אַזוֹ וָואלְטִין מִיר זִיךְ זֵייעֶר גְלִיקְלִיךְ גִישֶׁעצְט , אַיין בִּישׁוּלְדִיגוּנְג וָואס אִיז בטעות צוּרִיק אָבּ צוּ רוּפִין . מִיר הָאבִּין אִין דֶער צְוִוישִׁין צַייט , אִיבִּיר דֶער זַאךְ וֶועלְכִי זָאל זַיין דוּרְךְ אַיין עֶנְטְפִיר אָבּ גִיוֶוענְד גִיוָוארִין , זֵייעֶר שְׁטַארְק נָאךְ גִיטְרַאכְט , אוּן מִיר הַאלְטִין עֶס אִיצוּנְד פַאר אוּנְזִיר שוּלְדִיגְקַייט , אַז עֵייִדִיר מִיר זֶענִין דֶעם סדר פוּן אוּנְזִיר בִּיטְרַאכְטוּנְג נָאךְ מסיים , דִיא טעמים בִּיקָאנְט צוּ מַאכִין , פַאר וָואס מִיר גְלוֹיבִּין נָאךְ אִיצוּנְד , אַז יֶענִי אֵייני זַאךְ אַלֵיין אִיז שוֹין גִינוּג , צוּם בִּיוַוייזִין , אַז דֶער דת פוּן דֶער תורה שבע״פ אִיז אַיין צוּזַאמִין שְׁטֶעלוּנְג פוּן טעות . אוּנְזִירִי פְרִיהִירְדִיגִי גִידְרַאנְגִין זֶענִין פשוט גִיוֶועזִין דִיא דָאזִיגִי : א) אַיין דת , וֶועלְכִיר עֶס פֶערְאַכְטִיט אוּן אִיז מבזה דֶעם נִיט גִילֶערִינְטִין מֶענְשִׁין , קָאן נִיט זַיין פוּן גָאט . דִיא תורה שבע״פ אָבִּיר פֶערְאַכְטִיט אוּן אִיז מבזה דֶעם נִיט גִילֶערִינְטִין מֶענְשִׁין , וַוייל זִיא פֶערְזָאגְט אִיהְרִי תלמידים , דִיא טֶעכְטִיר פוּן דִיא נִיט גִילֶערִינְטִי פַאר קֵיין וַוייבּ נִיט צוּ נֶעהמִין , וַוייל זֵייא זֶענִין נִיט בֶּעסִיר , וִויא דִיא בהמות , דַארוּם קָאן דִיא תורה שבע״פ נִיט פוּן גָאט זַיין . ב) אַיין דת , וָואס זָאגְט אַז נִיט

גילערינטי

גִילֶעְרִינְטִי מֶענְשִׁין אִיז מותר צוּ טֵייטִין, קָאן נִיט פוּן גָאט זַיין. דִיא תּורה שבע"פ אָבִּיר, זָאגְט אַז דָאס אִיז מותר צוּ טָהוּן, וַוייל, וִויא מִיר הָאבִּין אִין נומֶר א' גִיבְּרַאכְט ר ב י  א ל י ע ז ר  זָאגְט, אַז עֶס אִיז אפילו אִין דֶעם הֵיילִיגְסְטֶען טָ א ג  פוּן דֶעם יוּדִישִׁין יָאהר (י"כ) מותר, אַיין נִיט גִילֶעְרִינְטִין צוּ טֵייטִין, אוּן מַאן דַארְף דִירְבַּייא גָאר קֵיין שום רַבָּנִישִׁין דִין פוּן שחיטה נִיט הִיטִין, נוּר מַאן מֶעג אִיהם וִויא אַיין פִישׁ צוּ רַייסִין. דַארוּם קָאן דִיא תּורה שבע"פ נִיט פוּן גָאט זַיין. אִיצוּנְד וִוילִין מִיר וַוייזִין, פַאר וָואס מִיר גְלוֹיבִּין נָאךְ וַוייטִיר, אַז דֶער דָאזִיגִיר גִידְרַאנְג וָואס מִיר דְרִינְגִין, אִיז רִיכְטִיג.

צוּם עֶרְשְׁטִין מוּזִין מִיר פֶעסְט שְׁטֶעלִין, וָואס מַאן הָאט פוּן דִיא וֶוערְטִיר עם הארץ, צוּ פֶער שְׁטֵייהִין וָואס מִיר פֶער טַייטְשִׁין עֶס „אַיין נִיט גִילֶעְרִינְטִיר." דִיא בִּידַייטוּנְג פוּן דִיא וֶוערְטִיר פוּן דֶעם דָאזִיגִין אוֹיסְדְרוּק, הֵייסְט „דָאס פָאלְק פוּן דָאס לַאנְד" אוּן עֶס דַארְף דַארוּם צוּ בִּיצֵייכִינִין דִיא אַיינְוואוֹינִיר פוּן דָאס לַאנְד כנען; נוּר אָבִּיר אִין דֶער הֵיילִיגִיר תּורה שבכתב וֶוערְד דֶער אוֹיסְדְרוּק אִין אֵיין וַוייטִירִין זִינְין גִיבְּרוֹיכְט, פוּן דֶער מַאסִי פוּן דָאס פָאלְק ישראל. אַזוֹ למשל וִויא דִיא פְּסוּקִים:

וכל עם הארץ שמח ותוקע בחצוצרות:

„אוּן דָאס גַאנְצִי פָאלְק פוּן דָאס לַאנְד אִיז גִיוֶועזִין פְרֵייהְלִיךְ אוּן הָאבִּין גִיבְּלָאזִין מִיט טְרוֹמְפֶּעטִין." (מלכים ב י"א פסוק י"ד). זֶעה אוֹיךְ דִיא פסוקים י"ח בִּיז כ') דָא וֶוערְד דֶער אוֹיסְדְרוּק, דֶעם קֶינִיג אוּן דִיא אוֹיבִּירְשְׁטִי אַקֵייגִין גִיזֶעצְט אוּן בִּיצֵייכִינְט בִּישַׁיינְפֶּירְלִיךְ דִיא מַאסִי פוּן דָאס פָאלְק, אוֹדִיר וִויא אֵיינִיגִי זָאגִין „דָאס גִימֵיינִי פָאלְק." וַוייטִיר, כדי פוּן דִיא נביאים אַיין גְלַייכְנִיש צוּ בְּרֶענְגִין, אִין דֶער שְׁטֶעל:

ועתה חזק זרבבל נאם יהוה וחזק יהושע בן יהוצדק הכהן הגדול וחזק כל עם הארץ:

„אוּן אִיצוּנְדִירְט, זַייא גִישְׁטַארְקְט זרבבל זָאגְט דֶער יהוה; זַייא גִישְׁטַארְקְט יהושע דו זון פון יהוצדק דֶער כהן הגדול אוּן זַייט גִישְׁטַארְקְט אִיהר גַאנְצִי פָאלְק פוּן דָאס לַאנְד!" (חגי ב', פסוק ח') דָא וֶוערְד דֶער אוֹיסְדְרוּק עם הארץ וִוידִיר גִיבְּרוֹיכְט אִין דֶעם אַקֵייגִין זַאין פוּן דִיא בִּיהֶערְשִׁיר פוּן יהודה אוּן דֶעם כהן גדול אוּן בִּיצֵייכִינְט בִּישַׁיינְפֶּירְלִיךְ וִוידִיר דִיא מַאסִי פוּן דָאס פָאלְק. אִין דֶער תּורה שבע"פ הָאט דֶער

אויסדרוק

אויסְדְרוּק „עם הארץ" כמעט דִיא זֶעלְבִּיגֶע בְּידַייטוּנְג ; עֶר וֶוערְד גִיבְּרוּיכְט צוּם בְּצֵייכְנוּנְג פוּן דִיא יֶענִיגֶע , וֶועלְכֶע עֶס גִיהֶערִין נִיט צוּ דִיא גִילֶערִינְטֶע (לומדים) , אוּן נִיט צוּ דִיא גְרוֹיסֶע לַייט פוּן דֶער צַייט , אוּן נִיט צוּ דִיא גבאים פוּן צדקה , אוּן אוֹיךְ נִיט צוּ דִיא מלמדים—וִויא מַאן קָאן עֶס זֶעהִין אִין אֵיינִים פוּן דִיא שְׁטֶעלִין וָואס אִין דֶעם עֶרְשְׁטִן נוּמֶר אִיז גִיבְּרַאכְט ; דָאךְ אָבִּיר מִיט דֶעם אוּנְטֶירְשֵׁייד , אַז אִין תורה שבע"פ הֶערְשְׁט קוֹדם דִיא מֵיינוּנְג , אַז מִיט דֶעם וֶוערִין גִימֵיינְט דִיא וָואס קֶענִין נִיט לֶערְנִין , אוּן דַארִיבֶּיר קָאן דֶער אויסְדְרוּק „עם הארץ" אפילו אוֹיף אַיין כהן גדול אַנְגִיוֶוענְדִיט וֶוערִין , אַזוֹ בַּאלְד וִויא עֶר קָאן נִישְׁט לֶערְנִין . צוּם בְּיוַוייז וָואלְטִין מִיר זִיךְ קֶענִין אוּיס רוּפִין אוֹיף דֶעם שְׁטֵייגִיר וִויא הַיינְט וֶוערְד נָאךְ גִישְׁמוּהִיסְט בַּייא יוּדִין , וַוייל זֵייא רוּפִין אַזוֹ אַיין מֶענְשִׁן וָואס עֶר קָאן נִישְׁט לֶערְנִין אֵייבִּיג עם הארץ ; מִיר הַאלְטִין עֶס אָבִּיר בְּתוֹךְ כךְ פַאר בֶּעסִיר , נָאךְ עֶטְלִיכֶע אוּיס צִיהוּנְגִין פוּן דִיא דינים צוּ גֶעבִּין , וואו דֶער אוּיס דְרוּק „עם הארץ" וֶוערְד גִיבְּרוֹיכְט צוּ דֶעם הפךְ פוּן „תלמיד חכם" דָאס הֵייסְט , אַיין למדן . אַזוֹ לֶערְנִין מִיר למשל אַז בַּייא אַיין בית דין .

דין תלמיד חכם קודם לדין עם הארץ :

„דֶער דין פוּן אַיין תלמיד חכם (למדן) אִיז פְּרִיהִיר אַפָּאר צוּ נֶעהְמִין וִויא דֶעם דין פוּן אַיין עם הארץ ." (הלכות סנהדרין פרק כ"א הלכה ו') וַוייטִיר אִין אֵיין אַנְדִירִין אָרְט :

וכן אסור לו לנהוג בהן קלות ראש אע"פ שהן עמי הארץ . ולא יפסיע על ראשי עם הקדוש . אע"פ שהן הדיוטות ושפלים בני אברהם יצחק ויעקב הם :

„אוּן אוֹיךְ אַזוֹ אִיז עֶס אִיהם (דֶעם עֶלְטִיסְטִין) אסור זִיךְ לַייכְט זִינִיג אַקֶייגִין זֵייא אוֹיף צוּ פִיהְרִין , הָאטְשֶׁע זֵייא זֶענִין עמי הארץ . אוּן עֶר זָאל זִיךְ נִיט הוֹיךְ מוּטְהִיג הַאלְטִין אִיבִּיר דָאס הֵיילִיגֶע פָאלְק ; וָוארִין הָאטְשֶׁע זֵייא זֶענִין פְּרָאסְטַאקִים אוּן נִידְרִיגֶע לַייט , אַזוֹ זֶענִין זֵייא דָאךְ דִיא קִינְדִיר פוּן אברהם , יצחק אוּן יעקב ." (דָארְטִין פרק כ"ה) וַוייטִיר :

לפיכך כשמלמדין את הקטנים ואת הנשים וכלל עמי הארץ אין מלמדין אותן אלא לעבוד מיראה וכדי לקבל שכר וכו'

„בַּארוּם וֶוען מַאן לֶערִינְט מִיט קְלֵיינֶע קִינְדִיר , אוּן וַוייבִּיר , אוּן מִיט דֶער

גאנציר

גאַנצער קלאַסי (כלל) עמי הארץ, אַזוי לערינט מאַן זייא ברויז נור גאָט צו דינין פון פורכט און כדי דירפאַר מקבל שכר צו זיין וכו'." (הלכות תשובה פרק י' הלכה ה') אין דעם דאָזיגין און אין זייער פיל אַנדירי ערטיר ביצייכינט דער אויסדרוק עמי הארץ בישיינפירליך אַיין ניט גילערינטין, און עס איז פון קיין איינציגין אָרט ניט צו זעהין אַז מאַן זאָל אויף דעם אַזוי ביצייכינטין "עם הארץ" ערגינץ אַיין חטא קענין ארויף לייגין, ער קאָן צום לעצטין צו אַיין ב"ד אַריין קומין; ער ווערד פאַר אַיין זון פון אברהם יצחק און יעקב ביטראַכטיט און מיט דיא קינדיר און ווייביר פון דיא ישראל אין אַיין גלייכי ראַנגי גישטעלט. דיא איינציגי שאַנד וואָס אויף איהם איז, וואָס ער איז ניט פון אַיין גילערינטין רבי אויף גיצויגין גיוואָרין און דארום קאָן ער ניט צווישין דיא תלמידי חכמים גירעכינט ווערין.

דאָס צווייטי וואָס עס מוז פעסט גישטעלט ווערין, איז, אַז דיא תורה שבע"פ פערראַכטיט און איז מבזה דיא יעניגי דיא וואָס האָבין דאָס אומגליק, ניט גילערינט צו זיין, און אין דער ביציהונג דירויף שטעלין מיר דאָ דער צו דעם קומפּליכענט וואָס אין נומר א' איז אָנגיוויזין גיוואָרין פאַר זייאירי טעכטיר און ווייביר פאַר אַיין ווייטירין ביווייז, דעם כלל סדר וואָס איז אויף גישטעלט גיוואָרין וויא מאַן זאָל זייא ביהאַנדלין:

תנו רבנן ששה דברים נאמרו בעמי הארץ אין מוסרין להן עדות ואין מקבלין מהם עדות ואין מגלין להן סוד ואין ממנין אותן אפוטרופוס על היתומים ואין ממנין אותן אפוטרופוס על קופה של צדקה ואין מתלוין עמהם בדרך. וי"א אף אין מכריזין על אבידתן:

"דיא רבנים האָבין גילערינט, זעקס זאַכין זענין גיזאָגט גיוואָרין ביי דיא עמי הארץ: מאַן איביר ענטפירט צו זייא ניט קיין צייגניש (עדות צו זאָגין) און מאַן נעמט פון זייא קיין צייגניש ניט אָן; און מאַן איז זייא קיין סוד ניט מגלה; און מאַן נעמט זייא ניט אויף פאַר קיין פאָר מונד (אפוטרופסים) איביר יתומים און מאַן מאַכט זייא ניט פאַר קייני אַפּוטרופסים איביר צדקה און מאַן ביהעפט זיך צו זייא ניט צוזאַמין צו רייזן אין וועג. און אַטייל לייט זאָגין, אַז מאַן זאָל אפילו ניט אוים רופין אויף זיין אבידה (וועט מאַן האָט גיפונדין זייני אַיין זאַך וואָס ער האָט פערלוירין." (פסחים דף מ"ט

ע מוד

עמוד ב׳) מֵילָא דָא וֶועֶרִין דִיא נִיט גִילֶערִינְטִי עֶרְשְׁטְלִיךְ פַּאר רִיגְנִירְס בִּיצֵייכִינְט, וָואס אוֹיף זֵייאִיר וָוארְט טָאר מַאן גָאר נִישְׁט גְלוֹיבִּין; צְוֵוייטִינְס וֶוערִין זֵייא דָא בִּיצֵייכִינְט פַּאר שַׁאלְקְהַאפְטִיגִי (שְׁפִּיצְבּוּבְּ׳), וָואס מַאן טָאר זֵייא קֵיין פֶּערְמֶעגִין נִיט אָנְגִיטְרוֹיאִין; לְסוֹף דְרִיטִינְס פַּאר מֶערְדִיר, וָואס עֶס אִיז מִיט זֵייא אַיין מוֹרָא צוּזַאמִין צוּ רַייזִין. צִיא קָאן נָאךְ וואוֹהל אַיין גְרֶעסִירִי פֶּערְאַכְטוּנְג אוֹדִיר בִּילֵיידִיגוּנְג זַיין? יוֹא טַאקִיש, דִיא רבנים הָאבִּין נָאךְ אפילוּ אַזוֹ אַיין שְׁטֵייגִר פוּן בִּילֵיידִיגוּנְג אַקֵיגִין זֵייא גִימַאכְט, וָואס עֶס אִיז נָאךְ פַּאר זֵייא ווייט מֶעהר אַיין בּזיוֹן גִיוֶועזִין וִויא דָאס דָאזִיגִי, אוּן דָאס אִיז: זֵייא מִיט גוֹים גְלַייךְ צוּ מַאכִין, אוּן דָאס דָאזִיגִי הָאבִּין זֵייא דֶער דוּרְךְ גִיטָהוּן, וָואס זֵייא הָאבִּין פֶּערְבָּאטִין, אַז מַאן זָאל נִיט אוּים רוּפִין אִין נִיט עֶפִּינְטְלִיךְ בִּיקָאנְט מַאכִין וֶוען מַאן הָאט גִיפוּנְדִין אַיין זַאךְ וָואס זֵייא הָאבִּין פֶּער לוֹירִין. נוּר מִיר שֵׁייהִין זִיךְ נִיט צוּ זָאגִין, אַז דִיא דָאזִיגִי אֵיינְצִיגִי שְׁטֶעלִי מַאכְט אַלִי אִינְטִירֶעסִין פוּן דֶער תּוֹרה שבע״פ צוּ נִישְׁט. עֶס אִיז דִירִינְין נִיט צוּ זֶעהִין דִיא מִינְדִיסְטִי גְלַייכְקַייט מִיט דֶער אמוּנה וָואס אִיז פוּל מִיט בַּארִימְהֶערְצִיגְקַייט אוּן גִירֶעכְטִיגְקַייט, וֶועלְכִי עֶס אִיז פוּן משה בִּיקָאנְט גִימַאכְט גִיוָוארִין. זִיא אִיז דֶער אוּים פְּלוּס פוּן אַזוֹ אַיין גִימִיטְה וָואס עֶס אִיז אַרוּם גִירִינְגִילְט מִיט פִינְסְטִירְנִיש פוּן אֵיינִי גְלוּסְטוּנְג פוּן דָאס הֶערְץ (שרירוּת הלב) אוּן גדלוּת, דִיא מחברים פוּן תּוֹרה שבע״פ הָאבִּין זִיךְ אֵיין מָאהל אַפָּאר גִינוּמִין, דֶעם יסוד אוֹיף צוּ שְׁטֶעלִין, אוּן אַזוֹ ווייט וִויא זֵייא הָאבִּין נוּר גִיקֶענְט, דוּרְךְ צוּ זֶעצִין, אַז נִיט נוּר קֵיין חכמה, בַּייאִירְט אוֹיךְ קֵיין וַוארְהַייט, קֵיין עֶרְלִיכְקַייט אוּן קֵיין מֶענְשְׁלִיכְקַייט אִיז אִין עֶרְגִינְץ נִיט צוּ זוּכִין אוּן נִיט צוּ גִיפִינִין וִויא נוּר בַּייא זֵייא זֶעלְבִּירְט אוּן בַּייא זֵייאִירִי תּלמידים; זֵייא הָאבִּין גִיוָואלְט צוּ זִיךְ רַייסִין דֶעם לוֹיבּ אַז אִין זֵייא אַלֵיין אִיז אַלִי גוּטִי הנהגוֹת אוּן מדוֹת, אַזוֹ וִויא אוֹיךְ דֶעם לוֹיבּ אוֹיף גָאר דָאס גִילֶעהרִינְטְקַייט. מִיר פְּרֶעגִין נוּן אַזוֹ גוּט דֶעם גִילֶערִינְטִין וִויא דֶעם נִיט גִילֶערִינְטִין, אוֹיבּ עֶס אִיז וואוֹהל מִיגְלִיךְ, אַז אַזוֹ אַיין תּוֹרה זָאל קֶענִין אַרוֹים קוּמִין פוּן דֶעם גָאט פוּן ישראל? דָאךְ אִיבִּיר אִיז נִיט נוּר צוּ זֶעהִין אֵייגִינִי גְלוּסְטוּנְג פוּן דָאס הֶערְץ (שרירוּת הלב) צוּ גדלוּת וָואס אִיז גָאר משוּנה, בַּייאִירְט אוֹיךְ אפילוּ גָאר גְרָאבִּי אוּם גִירֶעכְטִיגְקַייט. עֶס וֶוערְד דְרִינִין עֶרְשְׁטְלִיךְ גִיבָּאטִין, אַז בַּייא אַיין ב״ד זָאל דֶער

דין

דִין פוּן אַיין למדן פְרִיהִיר גימשפּט וֶוערִין פַאר דֶעם דין פון אַיין נִיט גִילֶערִינְטִין, וָואס דָאס אִיז שׁוֹין זֵייֶער אוּם רֶעכְט; דָאךְ אָבִּיר אִיז דִיא דָאזִיגִי אוּם גִירֶעכְטִיגְקֵייט בשום אופן נִיט צוּ פֶערְגְלַייכִין מִיט דֶער וַוייטִירְדִיגִי גזרה. דִיא תּורה שבע״פ פַאר זָאגְט .אַז מַאן זָאל קֵיין עם הארץ נִיט מַאכִין פַאר אַיין אָפְּֽעקוּן (אַפּוּטְרוֹפּוּס) אִיבִּיר יתומים: קָאן וואוהל עֶפִּים דְרִיקִינְדִירִישׁ זַיין; למשל, אַיין נִיט גִילֶערִינְטִיר מַאן דֶענְקְט אוֹיף זַיין טוֹיטִין בֶּעט דִירָא׳, פַאר זַיינִי קִינְדִיר וָואס וֶועלִין שׁוֹין בַּאלְד יתומים וֶוערִין אַיין אָפֶּֽעקוּן (אַפּוּטְרוֹפּוּס) אוֹיס צוּ קְלוֹיבִּין, אוּן קְלוֹיבְּט זִיךְ דִיר צוּ אוֹיס אַיין בְּרוּדִיר אוֹדִיר אַיין הֶערְצְלִיכִין פְרַיינְד, דֶער וָואס אִיז גְרָאד אוֹיךְ אַזוֹ אַיין נִיט גִילֶערִינְטִיר מֶענְשׁ, וִויא עֶר זֶעלְבִּירְט, אָבִּיר עֶר ווֵייס שׁוֹין פוּן אַיין לַאנְגִיר צַייט זַיינִי עֶרְלִיכְקַייט אוּן גוּטִין אוֹיף פִיהרוּנְג וִויא אַיין גוּטִיר פְרַיינְד עֶר אִיז אִיהם אוּן דֶער פַאר הַאלְט עֶר אִיהם בכבוד-אַזוֹ פֶערְבִּיטִיט אִיהם דִיא תּורה שבע״פ אַזוֹ אַיין צוּ רִיכְטִין, אוּן וֶוען עֶר הָאט קֵיין גוּטִין פְרַיינְד אַיין למדן נִיט- אוּן וִויא אַזוֹ אִיז עֶס בַּייא אַזוֹ אַיין דִין גָאר מִיגְלִיךְ אַז דֶער גִילֶערִינְטִיר אוּן דֶער נִיט גִילֶערִינְטִיר זָאלִין צְווִישִׁין זִיךְ גוּטִי פְרַיינְד זַיין? – מוּז עֶר מִיט דִיא מַאטִירִינְדִיגִי גִידַאנְקִין שְׁטַארְבִּין, אַז עֶר מוּז זַיינִי קִינְדִיר אַיין גַאנְץ פְרֶעמְדִין מֶענְשִׁין אִיבִּיר לָאזִין אַז עֶר זָאל וֶועגִין זֵייא זָארְגִין. אוּן דָאךְ גֵייהִיט דִיא תורה שבע״פ נָאךְ וַוייטִיר; שׁוֹין בַּייא לֶעבִּינְס צַייטִין לָאזְט עֶס נִיט צוּא אַז עֶר זָאל ווִידִיר אָבּ קְרִיגִין דִיא זַאךְ וָואס עֶר הָאט פֶערְלוֹירִין, אַזוֹ אַז אִיטְלִיכִיר דֶער וָואס גִיפִינְד, קָאן עֶס פַאר זִיךְ בִּיהַאלְטִין. פַאר אַנְדִירִי לַייט בִּישְׁטֵייהִיט דֶער דִין פֶעכְט, אַז וֶוען עֶס וֶוערְד עֶפִּים אַיין זַאךְ גִיפוּנְדִין, אִיז דֶער וָואס גִיפִינְד עֶס מחויב, דָאס דָאזִיגִי אִין דֶער שְׁטָאט צוּ לָאזִין אוֹיס רוּפִין, אוֹדִיר וֶוען דָאס רוֹב אַיינְוואוֹינִיר זֶענִין נִיט קֵיינִי יוּדִין, אִיז עֶר מחויב אִין דֶער שׁוּל צוּ לָאזִין אוֹיס רוּפִין, כדי אַז דֶער וָואס הָאט עֶס פֶערְלוֹירִין זָאל עֶס גִיוָואר וֶוערִין. דֶער אָרִימִיר עם הארץ אָבִּיר אִיז פוּן דֶער טובה פוּן דֶעם דין אוֹיסְגִינוּמִין. עֶס וָואלְט דָאךְ דַארְפִין דֶעם וָואס לֶערִינְט דֶעם דין קשי זַיין, אָז וָואס זָאל דֶען דֶער וָואס גִיפִינְד דִירְקֶענִין, אוֹיבּ דָאס וָואס עֶר הָאט גִיפוּנְדִין, גִיהֶערְט אַיין גִילֶעהרִינְטִין אוֹדִיר אַיין נִיט גִילֶעהרִינְטִין: דִיא דָאזִיגִי קשי הָאט אֵיינִיר וָואס הָאט אַיין פירוש גִימַאכְט, אוֹיף דֶעם דָאזִיגִין שְׁטֵייגִיר פֶערֶענְטְפִירְט:

וא״ת

וא"ת מאין יודע שהיא של ע"ה. ואר"י כגון ששירה של ע"ה עוברת וראינו שנפל מהם:

„און אַז דוא װעסט פרעגין, פון װאַנין װייס ער (דער װאָס גיפינד) אַז דיא זַאך גיהערט איין ניט גילערינטין? האָט ר' יצחק גיזאָגט: דאָ איז דיא רייד פון אַזוי איין פאַל, אַז דהיינו איין קאָמפּאַניע פון עמי הארץ זענין דאָ אַריבּיר גיגאַנגין און מיר האָבּין גיזעהין, אַז זייא האָבּין עס פערלוירין". (דאָרטין) נאָך דעם דאָזיגין פירוש נאָך װערד עס דיא. תלמידי חכמים אוים דריקליך דער לויבּט, דאָס פאַר זיך צו בּיהאַלטין, װאָס ניט זייאירס איז. און פון דעסט װעגין זענין עס דיא דאָזיגי לייט װעלכי עס האָבּין אַזוי שטאַרק מורא פאַר דיא אום ערליכקייט פון דיא ניט גילערינטי, אַז זייא פער זאָגין אַז מאַן זאָל זייא ניט מאַכין פאַר אָפּיעקונעס אודיר פאַר גבאים פון צדקה. איטליכיר װאָס האָט נור גיזונדין מענשין פערשטאַנד מעג דאָ מכריע זיין, אויבּ דער דאָזיגיר דין איז מיט ישרנות אודיר אָן יושר, און דען מעג ער מכריע זיין, אויבּ עס קומט פון גאָט אַרוים און אויבּ אַזוי איין דת פאַסט גאַר אפילו פאַר איין אָרינטליכין רעכטשאַפינין מענשין.

דאָך אָבּיר דער װיכטיגסטיר פונקט, דעם װאָס מיר האָבּין נאָך מפורש צו זיין, איז דיא דערלויבּניש איין ניט גילערינטין צו טייטין, אודיר װיא איין פיש צו צורייסין. מאַן האָט אונס פאַר װאָר גיזאָגט, אַז דאָס דאָזיגי איז בּלוז בּילדליך (על פי משל אודיר דמיון) גישריבּין, נור אָבּיר דער צוזאַמין האַנג איז ניט אַזוי איין שטייגיר, אַז מאַן זאָל קענין אַזוי אָן נעהמין; גאַר להפך װייזט אונס דיא דאָזיגי שטעלי זעלבּירט װיא אויך אַלץ װאָס פריהיר און שפּעטיר שטייהט צו גלויבּין, אַז יעני אופנים פון רייד איז פשוט װערטליך צו פערשטייהין. ערשטליך װערד דער בּייא גיזאָגט, אַז עס איז מותר איין עם הארץ צו טייטין, און מאַן דאַרף דירבּייא ניט צו היטין דיא דינים פון שחיטה, און בשעת דיא תלמידים האָבּין דעם טעם דירפון גיפרעגט, ענטפירט זייא ר' אליעזר: װייל אַז מאַן זאָל היטין דיא דינים פון שחיטה װאָלט מאַן מוזין איין ברכה מאַכין און ער װיל ניט האָבּין אַז מאַן זאָל איין עם הארץ מיט אַזוי איין כבוד בּיהאַנדלין אַז בשעת מאַן שעכט איהם זאָל מאַן דאַרפין איבּיר איהם איין ברכה מאַכין. עס

מעג

מֶעג אוּנְס אִיצְט אִימִיצִיר פְּרוּבִין דֶעם בִּידְלִיכִין זִינִין (דֶעם מִשׁל אוֹדִיר דֶעם דמיון) פוּן דֶעם אַלִים צוּפֶערְשְׁטֵיהִין גֶעבִּין. צְוֵוייטִינְס זָאגְט ר׳ שׁמואל פוּן ר׳ יוחנן וֶועגִין, כדי דֶערִינִין קֵיין שׁוּם ספק נִיט צוּ הָאבִּין, אַז עֶס אִיז אִיהם מוּתּר (דֶעם עם הארץ) וִויא אַיין פִישׁ צוּ צוּרַייסִין. נוּן אָבִּיר אִיז עֶס בִּיקָאנְט, אַז דִיא דינים פוּן שחיטה דַארְף בַּייא פִישׁ נִיט גִיהַאלְטִין צוּ וֶוערִין. דְרִיטִינְס הַאלְטִין דִיא רבנים בְּשַׁיינְפִּירְלִיךְ דִיא נִיט גִיגֶערִינְגְטִי פַאר נִיט בֶּעהִיר, וִויא בהמות. זֵייא זָאגִין אַז דִיא טֶעכְטִיר פוּן דִיא נִיט גִילֶערִינְטִי זֶענִין אַיין אוּם ווירְדִיגְקַייט (שׁקץ) אוּן זֵייאִירִי וַוייבִּיר זֶענִין שׁרצים, יוֹא אפילוּ זֵייאִירִי טֶעכְטִיר זֶענִין גָאר פִּיה (בהמות). נוּן וֶוען מֶענְשִׁין קֶענִין אַזֶעלְכִי רשׁעים זַיין, אַז זֵייא זָאלִין זִיךְ אוּנְטִיר שְׁטֵייהִין מִיט אַזוֹ אַיין שְׁפְּרַאךְ אַקְייגִין זֵייאִירִי מִיט בִּישַׁאפִּינִי מֶענְשִׁין צוּ רֵיידִין, זָאל עֶס אוּנְס וואוּנְדִירִין, וֶוען זֵייא צִיהִין ווירְקְלִיךְ דֶעם גִידְרַאנְג, וָואס פוּן אַזֶעלְכִי כללים מוּז דוּרְךְ אוֹיס אַרוֹיס קוּמִין, אוּן זָאלִין זִיךְ דֶערְלוֹיבִּין דִיא דָאזִיגִי בהמות, דִיא דָאזִיגִי שׁרצים צוּ טֵייטִין, וֶוען מִיר זֶעהִין, אַז דִיא רבנים זֶענִין מתּיר דֶעם נִיט גִילֶערִינְטִין דָאס צוּ בִּירוֹיבִּין, וָואס עֶר הָאט פֶערְלוֹירִין, וֶועבִּיר שׁוֹרשׁ פוּן אָרִינְטְלִיכְקַייט הָאט זֵייא דֶען נָאךְ גִיהָאלְט אִבּ הַאלְטִין פוּן דֶעם צוּ טֵייטִין וֶועלְכִין זֵייא הָאבִּין שׁוֹין בִּירוֹיבְּט? וֶוען אַלִי אִיבְּרִיגִי יסוֹדוֹת פוּן דִיא רבנים וָואלְטִין גִיוֶועזִין גִירֶעכְט, עֶרְלִיךְ, אוֹיפְרִיכְטִיג, אוּן פִּיל מִיט דֶערְבַּארִימוּנְג, אַזוֹ וָואלְטִין מִיר גִיקֶענְט גִיפְּרוּבְּט זַיין, אָן צוּ נֶעהמִין, אַז זֵייא זָאלִין הָאבִּין אִין יֶענִי וֶוערְטִיר עֶפּיס אַיין זִינִין פוּן סודות אַיין גִיוִויקִילְט: וֶוען מִיר זֶעהִין אָבִּיר, אַז דִיא יסוֹדוֹת וֶועלְכִי עֶס זֶענִין פְּרִיהִיר פַאר יֶענִי וֶוערְטִיר אוּן שְׁפֶּעטִיר נָאךְ זֵייא גִיוֶועזִין, זֶענִין אַיין חרפּה פַאר דִיא מֶענְשְׁלִיכְקַייט, אוּן בַּארִימְהֶערְצִיגְקַייט, אוּן גִירֶעכְטִיגְקַייט, דֶען אִיז גָאר נִיט נֵייטִיג אַזוֹ אָן צוּ נֶעהמִין.

לְסוֹף אָבִּיר, וִויא הָאבִּין דֶען דִיא מפרשׁים יֶענִי שְׁטֶעלִי פֶערְשְׁטַאנְדִין? וֶוען מַאן בִּישׁוּלְדִיגְט אוּנְס אַלְס נִיט יוּדִין, אַז מִיר זָאלִין דֶעם זִינִין (דֶעם פּשׁט) נִיט פֶערְשְׁטַאנְדִין הָאבִּין, וָואס הָאבִּין נוּן דֶען דִיא שְׁפֶּעטִירְדִיגִי רבנים פוּן יֶענִיר שְׁטֶעלִי גִימַאכְט? דֶער מפוֹרשׁ פוּן וֶועלְכִין מִיר הָאבִּין אַרוֹיס גִינוּמִין דִיא שְׁטֶעלִי וָואס מִיר הָאבִּין דָא צוּם לֶעצְטִין גִיבְּרַאכְט, זָאגְט וַוייטִיר אִין דֶעם ענין, אַז

דאס

דאס וואס עס איז געזאגט געווארין [איז גאנץ פשוט וויא דיא ווערטיר דירפון זאגין אז עס איז נור פון עטוואס פערלווירינים צו פערשטייהין, און אז דאס דאזיגי גיבט דעם גילערינטין אויף קיין פאל ניט דיא מאכט, עפיס מיט גיוואלד אוועק צו רויבין. דירויף ווארפט ער דיא דאזיגי קשה ארויף:

**אמאי ממונו אסור השתא גופו מותר שמותר לקורעו כדג וכו'**

„ווארום זאל עס אביר אסור זיין אקייגין זיין געלד אזו צו טהון, ווען עס איז דאך מותר, אקייגין זיין גוף אזו איין גוואלד זאך צו טהון, ווייל עס איז דאך מותר, איהם וויא איין פיש צו צוריסין? (דארטין) מילא דער דאזיגיר רבי נעמט בישיינפירליך אן דעם התיר, דעם ניט גילערינטין צו טייטין, גאנץ פשוט וויא עס שטייט און נאך דעם נאך ווארפט ער דיא פשוטי קשה ארויף: ווען עס איז מותר אימיצין מיט גוואלד דאס לעבין אוועק צו נעהמין, פאר וואס זאל מאן איהם ניט טארין דאס געלד אויך אוועק נעהמין? ווען ער וואלט יעני ווערטיר בילדליך פערשטאנדין (אז אין זייא שטעקט איין סוד), אזו וואלט ער נישט גיהאט וואס עס זאל איהם ברענגין צו דער דאזיגיר קשה. מיר האבין דארום דעם זינין (דעם פשט) ניט פאלש פערשטאנין און ניט פערדארבין. דיא תורה שבע"פ איז ווירקליך מתיר פשוט צו טייטין איין ניט גילערינטין, און פאר וואר אויך מיט אזו ווייניג אומשטענדין, וויא עס איז מותר איין רייני בהמה צו טייטין אודיר איין פיש. מיר תאזירין דרום איביר אונזיר ביהויפטונג, אז דיא תורה שבע"פ קאן ניט פון גאט זיין. איני איינציגי שטעלי פון דעם דאזיגין שטייגיר איז פולקומין גינוג, אום דאס גאנצי חושד צו זיין, ניט נור פון וועגין דאס רשעות אליין, וואס אין איהר איז פערהאנדין, נייארט אויך דירפאר וואס זיא ווייזט אונס ארויס דעם תוכן פון דיא יעניגי, דורך וועלכי דיא תורה שבע"פ איז ארויס גיקומין. גלוסטונג פון הערצין (שרירות הלב) אן איין שיעור, קאלט בלוטיגי אכזריות, און פיינדשאפט וואס איז גאר נישט צום איביר בעטין, זענין דיא אפאר שטעבינדי צייכינס פון דעם תוכן (קאראקטער) פון דיא מענשין, וועלכי עס האבין דורך גוואלד און ביטרוג דרגות ווייז דאס גימיטה פון דאס יודישי פאלק אונטירין יאך גינומין. עס איז פון דיא דאזיגי ערטיר צו זעהין, וויא אויך פון דעם בפירושין

ביקענטיניש

ביקענטניש פון דיא רבנים זעלבירט אין דעם סדר פון דעם גאנצין צוזאמין האנג, אז דאס גימייני פאלק (המון עם) האבין זיך דעם יאך ערשט נור נאך איין שטארקין שטרייט אונטיר גיגעבין. דיא פרוב, אויף זייא אזו איין שווערין יאך ארויף צו לייגין, האט בישיינפירליך איין זייער פיינדשאפטליכין פונקט צווישין זייא און דיא רבנים ארויס גיבראכט. דאס פאלק איז שוין נאהינט דירצו גיוועזין, וויא איינער פון דיא רבנים זאגט, דיא חכמים צו טייטין, און דיא דאזיגי ווידיר, כדי זייא מיט דער זעלביגיר מינץ צו ביצאהלין, האבין דערנסמאלט דיא דאזיגי דינים אויף גישטעלט צום צוריק בילוינונג. דיא וואס מיר האבין דא איצונד ביטראכטיט, און דיא וואס זענין איין בזיון פאר דעם נאמין פון איין אמונה. דיא דאזיגי דינים וואלטין פון דעסט וועגין זיך דאך ניט גיקענט האבין גילטיג גימאכט ווען דיא רבנים וואלטין ניט דיא גאנצי מאכט פון דער מדינה אין זייארי אייגיני הענד גיהאט, דורך דיא הילף פון איין פסולין און היידישין טריבונאל, פון דיא סנהדרין, זענין זייא אין שטאנד גיוועזין, דאס פאלק צו צווינגין און איטליכין צו טייטין וועלכיר עס האט זיך ניט גיוואגט אונטיר געבין. דאס יודישקייט וויא עס בישטייט איצונד איז דארום איין אמונה, וועלכי עס איז גיוועזין אויף דאס יודישי פאלק פון אנפאנג אן אקייגין זייאיר ווילין מיט גיוואלד ארויף גיווארפן גיווארן, און האט דארום קיין שום פריטענסיע ניט אז זייא זאלין עס דארפין בכבוד האלטין און זאלין האבין דער פאר מכיר טובה צו זיין. דורך דעם חורבן האט גאט דיא הויפט שווירינקייטין. אן אזייט אוועק גיבראכט, וועלכי עס זענין פאר דיא פרייהייט פון דיא מדות און דאס גימיטה פון דיא יודין אין וועג גישטאנדין. דאס קריסטינטהום הערשט איצונד, און וועט דירצו קיין איינציגין וואס הייסט מיכלומירשט „חכם" ניט צו לאזין, איין ניט גילערטין אן אומשטענדין צו טייטין. דאס יודישי פאלק קאן דארום זייארי פרייהייט פון אמונה ביהויפטין אין פולקומינער זיכירהייט, אן ערגינן איין שום מורא פאר איין סנהדרין. מיר זאגין דיא יודין, און פאר ווער אפילו דורך דאס איינגי מודה זיין פון תלמוד (גמרא) ביקרעפטיגט, אז זייאיר איצטיגי אמונה איז ניט אמאהל דיא זאך וואס זייא זאלין עס האבין גיהאט אליין אויס דערוויילט, און נאך פיל ווייניגער איז זיא דיא אמונה וואס גאט

האט

הָאט זִיא גִיגֶעבִּין, גַייאִירְט אַז דִיא זֶעלְבִּיגִי אמונה אִיז גִיוֶועזִין אוֹיף דָאס גִימִיטה פוּן זַייאִירִי עֶלְטִירִין מִיט גְוַואלְד אַרוֹיף גִיוָוארְפִין גִיוָוארִין, אוּן מִיר פְרֶעגִין זַייא נָאךְ דֶעם נָאךְ, אוֹיבּ זַייא וִוילִין דֶען נָאךְ וַוייטִיר קֶנעבְּט פוּן דֶער אמונת הבל אוּן אכזריות זַיין, וֶוען גָאט הָאט זַייא דוּרְךְ זַיין השגחה דִיא סְפְּאסָאבִּים צוּ בִּיפְרַייהוּנְג אִין דִיא הֶענְד גִיגֶעבִּין. דִיא יוּדִין הָאבִּין זִיךְ אָפְּט מִיט רֶעכְט גִיהַאט צוּ בִּיקְלָאגִין אִיבִּיר דִיא אוּם גִירֶעכְטִיגְקַייט, אוּן פֶערְאַכְטוּנְג אוּן אכזריות פוּן דִיא פֶעלְקִיר, אוּנְטִיר וֶועלְכִי זַייא זֶענִין צוּ שְׁפְּרֵייט גִיוֶועזִין; אָבִּיר מִיר פְרֶעגִין זַייא, אוֹיבּ דִיא בַּארְבַּארִישִׁי פֶעלְקִיר הָאבִּין זַייא ווַאוּהל וֶוען מִיט גְרֶעסִירִי פֶערְאַכְטוּנְג, אוּן אוּם גִירֶעכְטִיגְקַייט, אוּן אכזריות בִּיהַאנְדִילְט, ווִיא דִיא, וֶועלְכִי מִיר הָאבִּין דָא אִיצוּנְד גִיזֶעהִין, וָואס דִיא תורה שבע"פ הָאט אַקֶייגִין זַייא מוּתּיר גִיוֶועזִין. אוּם ווִיסִינְדִי, אוּן נַארִישׁ גְלוֹיבִּישִׁי נִיט יוּדִין הָאבִּין דֶעם הֵיילִיגְן נָאמְן פוּן דִיא יוּדִין אִין אַיין נָאמִין פוּן שַׁאנְד פֶערְוַואנְדִילְט: ווָאוּ אָבִּיר הָאט מַאן דָאס וֶוען גִיהֶערְט, אַז אפילו דֶער אוּם ווִיסִינְדִסְטִיר אוּן דֶער נַארִישׁ גְלֵייבִּיגְסְטִיר זָאל דִיא יוּדִין שרצים רוּפִין, אוֹדִיר זָאל הָאבִּין דִיא וַוייבִּיר אוּן טֶעכְטִיר פוּן דִיא ישראל מִיט דִיא בהמות פֶערְגְלַייכְט? דָאס יוּדִישְׁקַייט אִיז עֶס, אוּן נוּר דָאס יוּדִישְׁקַייט, וָואס שְׁטוֹיסְט אוֹיס דִיא דָאזִיגִי שְׁמוּצִיגִי אוּן מִיאוּסִי שִׁימְפְּווֶערְטִיר. אִין דִיא שְׁטוּרִימְדִיגִי צַייטְן פוּן פִיל אוּם שׁלוֹם וָואס דִיא פֶעלְקִיר הָאבְּן זִיךְ אוֹיף גִיהוֹיבְּן הָאט זִיךְ דֶער המון עם אוֹיף דִיא יוּדִין גִיוָוארְפִין אוּן הָאבִּין זַייא גִירַאבִּיוֶוט: ווָאוּ אִיז אָבִּיר דָאס פָאלְק אוֹדִיר דִיא אומה, וֶועלְכִי עֶס זָאל הָאבִּין גִיהַאט אַיין גִיזֶעץ (תורה) אוֹיף גִישְׁטֶעלְט, אַז עֶס אִיז מותר דָאס פֶערְלוֹירִינִי אֵייגִינְס פוּן אַיין יוּדִין צוּ בִּיהַאלְטְן? מחמת פַאלְשִׁי דעות הָאט מַאן אָפְּט מִיט אוּם רֶעכְט דֶעם קַארַאקְטִיר (תכונת המדות) פוּן דָאס יוּדִישִׁי פָאלְק אָן גִיגְרִיפִין: אָבִּיר וֶועלְכִי קָאנְפַּאנְיֶע אוֹדִיר פַּארְטֵייא פוּן קְרִיסְטְן הָאט וֶוען אַמָאהל דִירָאן גִידַאכְט, זַייא פַאר אַזֶעלְכִי לִיגְנִיר זַייא אַזוֹ שְׁלֶעכְט צוּ בִּיצֵייכִינְן, אַז זַייאִיר צַייגִינִישׁ (עדות זָאגְן) זָאל נִיט טָארִין אָן גִינוּמִין וֶוערִין; פַאר גזלנים דִיא וָואס זֶענִין אוּם ווִירְדִיג אוֹיף גִינוּמְן צוּ וֶוערִין פַאר אָפְּיֶעקוּנִים (אַפוֹטְרוֹפְּסִים) אוֹדִיר אִיבִּיר גִיטֶער גִיזֶעצְטִי צוּ וֶוערִין; פַאר מֶערְדִירְס (רוצחים) וָואס מַאן אִיז נִיט זִיכִיר מִיט זַייא צוּזַאמִין צוּ רַייזִין? אוּן פוּן דֶעסְט וֶועגִין הָאט דָאס יוּדִישְׁקַייט אַזוֹ אַיין פסק

אויף

אויף דִיא נִיט גִילֶערִנְטִי דָאס הֵייסְט אוֹיף דֶעם גְרוֹיסִין כלל פוּן דָאס יוּדִישִׁי פָאלְק אוֹיס גִישְׁפְּרָאכִין. לָאמִיר מֶעלְדִין, וֶוען אַיין רֶעגִירוּנְג פוּן אַיין מדינה וָואלְט אַיין גִיזֶעץ אַרוֹיס גִיגֶעבִּין וֶועלְכִיס עֶס דִירְקְלֶערְט דִיא יוּדִין פַאר פסול עדות צוּ זָאגִין, אוֹדִיר פַאר גִיזֶעצְטִי אִיבִּיר גִיטִיר אוֹיס דִירְוֶוייִלְט צוּ וֶוערִין, וֶועלְכִיס וִוידִיר, וָוארִינְט דִירְפַאר דִיא לַייט, מִיט אַיין יוּדִין נִיט צוּ רַייזִין, אוּן אִיבִּיר דֶעם וָואלְט עֶס דִיא דִירְלוֹיבִּינִיש גִיגֶעבִּין, דִיא יוּדִין טוֹיט צוּ שְׁלָאגִין, אוֹדִיר וִויא פִישׁ צוּ צוּבַייסִין; וָואלְט דָאס יוּדִישִׁי פָאלְק אִין דֶעם אוֹיגִין בְּלִיק דִיא אוּם גִירֶעכְטִיגְקֵייט אוּן אכזריות פוּן דֶער דָאזִיגִיר גִיזֶעץ גֶעבּוּנְג דֶען נִיט מוּזִין פִּיהלִין? וָואלְטִין זֵייא זִיךְ דֶען נִיט מִיט רֶעכְט אִיבִּיר דֶער בְּלִינְדִי פַאלְשִׁי דעה, וֶועלְכִי עֶס הָאט דָאס גִימִיטָה פוּן דֶעם גִיזֶעץ גֶעבִּיר אַרוֹם גִינוּמִין, צוּ בִּיקְלָאגִין גִיהַאט? אוּן פוּן דֶעסְט וֶועגִין אִיז עֶס דָאס דָאזִיגִי, וָואס דִיא רבנים הָאבִּין גִיטָהוּן. וֶוען דָאס יוּדִישְׁקֵייט אִיז אמת, דֶען זֶענִין דֶער כּלל פוּן דָאס יוּדִישִׁי פָאלְק לִיגְנִיר, רֵייבִּיר (גזלנים) אוּן מֶערְדֶער, אוּן וֶוען דִיא יוּדִין בִּישְׁטִימִין דָאס פַאר וַוארְהֵייט, אַזוֹ דְרִיקִין זֵייא זִיךְ זֶעלְבִּירְט, אוּן זֵייאִירִי וַוייבִּיר, אוּן זֵייאִירִי טֶעכְטִיר, דֶעם שְׁטֶעמְפִּיל פוּן שַׁאנְד אַרוֹיף. אוֹיבּ דִיא תּוֹרה שבע״פ אִיז אמת אוֹדִיר נִיט אמת אִיז נִיט בְּלוֹז אַיין שְׁפִּיקוּלַאצְיֶעשִׁי פְרַאג, אוֹדִיר אַזֶעלְכִי, דִיא וָואס בִּיטְרֶעפְט בְּלוֹז זֵייאִיר אֵייבִּיגִיס הֵייל אִין אַיין אַנְדִירִי וֶועלְט, נַייאִירְט עֶס אִיז אֵיינִי פְרַאג, דִיא וָואס גְרַייפְט טִיף אַרַיין אִין זֵייאִירִי טוֹבות כל זמן זֵייא לֶעבִּין. עֶס אִיז דָא פשוט דִיא רֵייד פוּן דָאס עֶנְטְפִירִין אוֹיף דֶער פְרַאג: בִּידַארְף מַאן אַלִי נִיט גִילֶערִנְטִי יוּדִין דָאס הֵייסְט דָאס גְרוֹיסִי רוֹב פוּן דָאס פָאלְק פַאר אַזֶעלְכִי צוּ הַאלְטִין, דִיא וָואס הָאבִּין אִין זִיךְ קֵיין שום מֶענְשְׁלִיכְקֵייט, אוּן וַוארְהֵייט, אוּן עֶרְלִיכְקֵייט נִיט? וֶוען דָאס יוּדִישְׁקֵייט אִיז אמת, אַזוֹ מוּז דִיא דָאזִיגִי פְרַאג מִיט „יוֹא״ גִיעֶנְטְפִירְט וֶוערִין. עֶס מֶעג אִיצוּנְד אִיטְלִיכִיר יוּד, עֶר מֶעג זַיין רַייךְ אוֹדִיר אָרִים, גִילֶערִנְט אוֹדִיר נִיט גִילֶערִנְט, זִיךְ בִּידֶענְקִין, אוֹיבּ עֶר קָאן זִיךְ נָאךְ וַוייטִיר צוּ אַזוֹ אַיין דת בִּיקֶענִין, וֶועלְכִי עֶס אִיז מבזה אוּן בִּישִׁימְפְּט זַיינִי מִיט בְּרִידִיר. דֶער תּוֹכן (קַארַאקְטֶער) פוּן דָאס גַאנְצִי פָאלְק אִיז זֵייעֶר שְׁטַארְק אָנְגִיגְרִיפִין בִּיזוּדִילְט, אוּן דֶערְנִידְרִיגְט, אָבִּיר נִיט פוּן הֵיידִין, אוֹדִיר טֶערְקִין, אוֹדִיר אוּם גְלֵייבִּיגִי, אוֹדִיר

כופרים, זונְדרן פון דֶער גמרא און דיא רבנים. דֶער אֵיינְצִיגִיר סְפָּאסִיבּ דיא דָאזִיגִי שַׁאנְד אַרָאפּ צו וַוארְפִין און צו פֶערְטִילִיגִין, איז אַז מַאן זָאל זִיךְ לויז זָאגִין פון דֶעם לֶערְנוּנְג גִיבַּייא, דיא וָואס הָאט דָאס זֶעלְבִּיגִי אַרויס גִיבְּרַאכְט. וואו עֶס אִיז אַיין יוּד פֶערְהַאנְדִין, דֶער וָואס בַּייא איהם אִיז נור עֶפִּים דֶער כבוד פון זַיין פָאלְק חשוב, אִיז עֶר מחויב, אַקֵייגִין דיא אום וַוארְהַייט פון דֶער תורה שבע"פ בקול רם צו שְׁטְרַייטִין. כדי צו בְּיוַוייזִין אַז עֶס אִיז פַאלְשׁ בִּיבַּארְף עֶס נִיט פִיל בְּיוַוייז. אִיטְלִיכִיר נִיט גִילֶערִינְטִיר יוּד, דֶער וָואס וֵוייס, אַז עֶר אִיז קֵיין לִיגְנִיר, קֵיין רֵייבִּיר (גזלן), אודיר קֵיין מֶערְדֶער נִיט הָאט דֶעם בְּיוַוייז אִין זַיין אֵייגִינִיר בְּרוּסְט; אִיטְלִיכִיר נִיט גִילֶערִינְטִיר יוּד, דֶער וָואס הַאלְט זַיין וַוייבּ, זַיין טָאכְטִיר וִויא עֶס גִהֶערְט צו זַיין בִּכבוד און אַכְטִיט זֵייא און גְלוֹיבְּט אַז זֵייא זֶענִין נִיט קֵיין שרצים און אויךְ קֵיין בהמות נִיט, אִיז אַיין צֵייגִינִיש אַקֵייגִין דֶער תורה שבע"פ: אִיטְלִיכִיר לסוף, וֶועלְכִיר עֶס גְלוֹיבְּט, אַז אום עֶרְלִיכְקֵייט שְׁטְרַייטִיט אַקֵייגִין דֶעם ווילִין פון גָאט און אַז דָאס טויט שְׁלָאגִין אַיין נִיט גִילֶערִינְטִין אִיז אסור, הָאט דֶעם בְּיוַוייז, אַז דָאס גִיבַּייא פון לֶערְנוּנְג, וֶועלְכִים עֶס אִיז אויף זֵייאִירִי עֶלְטִירִין מִיט גִיוַואלְד אַרויף גִיוָוארְפִין גִיוָוארִין, אִיז נִיט פון גָאט.



# נתיבות עולם

עמדו על דרכים וראו ושאלו לנתבות עולם: ירמיה ו׳ ט״ז

דיא אלטי שטעגין.

## נומר ס׳ האחרון

נָאךְ דֶעם אַז מִיר זֶענִין שׁוֹין דוּרְךְ גָאטִים הִילְף אוּן גְנָאד גִיקוּמִין צוּ דֶעם לֶעצְטִין נומר פון דִיא דָאזִיגִי בְּלֶעטִיר, וֶועלִין מִיר דָא אוֹיף דֶעם אִינְהַאלְט פוּן דָאס זֶעלְבִּיגִי צוּרִיק קוּמִין אוּן אַיין בְּלִיק טהוּן אוֹיף דִיא גְרוּנְד בִּיוַוייזִינִישִׁין, מִיט וֶועלְכִי מִיר הָאבִּין דָא גִיהַאנְדִילְט. דִיא גִישְׁמוּהִיסְטִי זַאכִין זֶענִין זַייעֶר פֶערְשִׁידִין אוּן פוּן אַלִירְלֵייא שְׁטֵייגִירְם, אָבִּיר דֶער תכלית פון אַלִי דִיא דָאזִיגִי בִּישֵׁיידוּנְגִין אִיז גִיוֶועזִין אֵיינְצִיג אוּן אַלֵיין דֶער זֶעלְבִּיגִיר, דָאס הֵייסְט צוּ וַוייזִין, אַז דָאס יוּדִישְׁקַייט אוֹדִיר דִיא אמונה פון דֶער תורה שבע״פ, אִיז נִיט דִיא אַלְטִי אמונה פון משה אוּן דִיא נביאים, נַייאִירְט זִיא אִיז אַיין נַייאִי לֶערְנוּנְג גִיבַּייא, אוּן אִיז פון דֶער דָאזִיגִיר גָאר פֶערְשִׁידִין, אַז זִיא אִיז פון בִּיטְרִיגִירִישִׁי מֶענְשִׁין (רמאים) אוֹיס גִיטְרַאכְט, אוּן אִיז פַאר דָאס פָאלְק אוּמְוִוירְדִיג. דָאס אַז דָאס יוּדִישְׁקַייט אִיז מִיט דֶער אמונה פון תורה שבע״פ אֵיינֶערְלֵייא, הָאבִּין מִיר אִין דֶעם עֶרְשְׁטִין נומר גִיוִויזִין, וַוייל מִיר הָאבִּין זִיךְ אוֹיף דָאס גְרֶעסְטִי מַאכְט וָואס נור מִיגְלִיךְ אִיז, אוֹיף דָאס גִיבֶּעט בּוּךְ (סידור התפילה) פון דֶער שׁוּל (בית הכנסת) בִּירוּפִין, וֶועלְכִים עֶס אִיז נִיט נור אִין גַאנְצִין נָאךְ דִיא פָארְשְׁרִיפְטִין פון דֶער תורה שבע״פ גִימַאכְט גִיוָוארִין, זוֹנְדְרִין עֶס אִיז אוֹיךְ אוֹיסְדְרִיקְלִיךְ גִיזָאגְט אַז דֶער תלמוד (גמרא) קוּמְט פון גָאט אַרוֹיס, אַזוֹ לַאנְג דַארוּם וִויא דֶער דָאזִיגִיר גִיבֶּעט בּוּךְ אִיז אִין דֶער שׁוּל (בית הכנסת) אָן גִינוּמִין פַאר דָאס בּוּךְ פון דִיא כנסת ישראל, מוּזִין דִיא יֶענִיגִי, וָואס זֶענִין דִירוֹיס מתפלל זַייאִירִי תפלות, פַאר גמרא לַייט (תלמודיסטין) גִיהַאלְטִין וֶוערִין, וֶועלְכִי עֶס גְלוֹיבִּין אָן אַלִי מִיאוּסִי דוּמְהַייטִין אוּן הַאלְטִין פַאר גוּט דִיא אַלִי זַאכִין וָואס עֶס אִיז גָאר נִיט סובל צוּ זַיין, וֶועלְכִי עֶס גִיפִינִין זִיךְ אִין יֶענִיר גוּזְמָא אִיבִּיר עֶנְטְפִּירוּנְג (קבלה איש מפי איש). דָאס אַז דָאס דָאזִיגִי אִיז פון אוּנְס קֵיין פַאלְשִׁי הוה אמינא אוּן קֵיין אוּם בִּיגְרוּנְדְפֶעסְטִיגְטִיר גִידְרַאנְג נִיט, אִיז צוּ זֶעהִין פון

אײן

איין ספר וָואס אֵיין יוּדִישֶׁיר מאמין הָאט מחבר גֶיוֶועזֶין אוּן אִיצְט נִיט לַאנְג אִין דֶער מדינה (ענגלאנד) אַרוֹיס גִיקוּמֶין . אִין יהושע פֿאן אַבֶּענְס „אַיינְלֵייטוּנְג (מבוא) אִין דִיא גְרוּנְד וַוארְהַייטֶין פוּן דֶעם יוּדִישֶׁין גְלוֹיבֶּין" גִיפִינְד זִיךְ אַיין קַאפִּיטִיל , וָואס אוֹיבֶּין דִירוֹיף אִיז אוֹיף גִישְׁרִיבֶּין „דָאס יוּדִישְׁקַייט" וָואס עֶר הֵייבְּט זִיךְ אַזוֹ אָן ; „דִיא יוּדִישֶׁי אמונה , אוֹדִיר דָאס יוּדִישְׁקַייט , אִיז נוּר אוֹיף דֶער תורת משה גִיגְרוּנְדְפֶעסְטִיגְט . וֶועלְכִי עֶס וֶוערְד פוּן וֶועגִין דֶעם אַזוֹ אָנְגִירוּפֶין וַוייל משה הָאט זִיא פוּן בַּארְג סִינַי אַרוּנְטִיר גִיבְּרַאכְט ; מִיט דִיא חלקים פוּן דֶער דָאזִיגִיר תורה אִיז עֶר פוּן דֶעם אַלְמֶעכְטִיגִין דוּרְךְ דֶעם גַייסְט (רוח אלהים) בִּיגָאבְּט גִיוָוארִין , אִין דֶער צַייט פוּן דִיא פֶערְצִיג טֶעג , וָואס עֶר אִיז גִיבְּלִיבֶּין אוֹיף דֶעם בַּארג נָאךְ דָאס אַנְטְפַאנְגִין דִיא צֶעהִין גִיבָּאט (עשרת הדברות) . עֶר הָאט זֵייא דֶערְנָאכְמָאלְט פֶערְבּוּנְדִין צוּ דֶעם הֵיילִיגִין בּוּךְ , וֶועלְכִיר , עֶס אִיז בִּיקָאנְט אוּן אָנְגֶינוּמֶין פַאר דֶער תורה שבכתב , אוּן וֶוערְד אָנְגִירוּפֶין דֶער חומש אוֹדִיר דִיא פִינְף ספרים פוּן משה , אוּן גִיפִינְד זִיךְ אִין דֶעם בּוּךְ , וֶועלְכִי מִיר רוּפֶן דָאס אָן , דִיא תורה . פוּן אִיהר קְוַואל הָאבִּין מִיר אוֹיךְ , פַאר הֵיילִיג אוּן עֶכְט , אַייגִי גְרוֹיסִי צָאהל פוּן אִיבִּיר עֶנְטְוִוירוּנְגִין מְקַבֵּל גִיוֶועזִין , וֶועלְכִי עֶס זֶענִין נִיט אוֹיף גִישְׁרִיבִּין גִיוָוארִין , נַייאִירְט זֵייא זֶענֶן דוּרְךְ דָאס מוּנְדְלִיכִי וָוארְט (בע"פ) אִין שְׁפֶּעטִירִי צַייטִין אִיבִּיר גִיעֶנְטְוִוירְט גִיוָוארִין , וָואס אָן דֶער דָאזִיגִיר וָואלְטִין פִיל גִיבָּאטִי פוּן דֶער הֵייליגִיר שְׁרִיפְט נִיט גִיקֶענְט פֶערְשְׁטַאנְדִין אוּן גִיהַאלְטִין וֶוערִין . מֵילָא דִיא דָאזִיגִי אִיבִּיר עֶנְטְוִוירוּנְג וָואס וֶוערְד אָנְגִירוּפִין קבלה אוֹדִיר תורה שבע"פ זֶענִין דוּרְךְ רבי יהודה הקדוש גִיזַאמִילְט גִיוָוארִין אוּן אִין דֶעם יָאהר 4150 פוּן דֶער בִּישַׁאפוּנְג דִיא וֶועלְט אִיז דָאס בִּישְׁרִיבִּין גִיוָוארִין אִין אַיין בּוּךְ וָואס עֶס הֵייסְט משנה (משניות)." צוּ דָאס דָאזִיגִי וֶוערִין מִיר גִיפִירְט דוּרְךְ דִיא דִירְקְלֶערוּנְגִין (פרושים) פוּן דִיא שְׁפֶּעטִירְדִיגִי בתי מדרשים פוּן פְרוּמִי אוּן גִילֶערִינְטִי רבנים , וֶועלְכִי עֶס הָאבִּין דָאס צוּ זַאמִין גִיזֶעצְט , וָואס עֶס הָאט אִיצוּנְד דֶעם נָאמִין תלמוד אוֹדִיר גמרא ."*)

נִישְׁט קָאן דַייטְלִיכִיר זַיין וִויא דִיא דָאזִיגִי הודאה . אַיין גִילֶערִינְטִיר אוּן פְרוּמִיר יוּד אִין דֶעם נַיינְצֶעהְנְטִין הוּנְדִירְט יָאהר אִיז עֶרְלִיךְ מודה אַז דאס

*) האנד בוך (ספר) פון יהושע פון אפען . מ' ר' כ' ז' ל' לונדן 1835 דף כ"ב .

דָאס יוּדִישְׁקַייט אִיז דִיא אמונה פוּן תלמוד (גמרא) אוּן נָאךְ דֶעם דָאזִיגִין הוֹיפְּט גְרוּנְד נָאךְ הָאבִּין מִיר דָאס יוּדִישְׁקַייט גִיפְּרוּפְט אוּן מִיט משה אוּן דִיא נביאים פֶּערְגְלִיכִין . דִיא פְּעוּלָה וָואס עֶס קוּמְט אַרוֹיס פוּן דֶער דָאזִיגִיר פֶּערְגְלַייכוּנְג אִיז :

## א. אז דאס יודישקייט איז איין פאלשי אמונה

דִיא הנחות , פוּן וֶועלְכִי מִיר הָאבִּין דֶעם גִידְרַאנְג אַרוֹיס גִיצוֹיגִין וֶוענִין דִיא דָאזִיגִי :

1) אוֹיף דֶער תורה שבע״פ אִיז קֵיין שׁוּם אוֹיסְוֶוענִיגְסְטִיר בִּיוַוייז נִיט פֶערְהַאנְדִין . כדי דִיא מַאכְט פוּן דֶער תורה שבע״פ צוּ בִּיגְרוּנְדְפֶעסְטִיגִין , אִיז אַזוֹ נֵייטִיג וָואס מַאן קָאן זִיךְ דִירָאן נִיט בִּיגֵייהִין , אַיין גַאנְץ פוּלִי צַייל פוּן סנהדרין פוּן משהס צַייטִין אָן בִּיז רבי יהודה הקדוש , אוֹדִיר וֶוייניגְסְטִינְס אַיין נִיט אִיבִּיר גִירִיסִינִיקֵייט פוּן אִיבִּירְעֶנְטְוִוירוּנְגִין (קבלות אֵיינִיר פוּן אַנְדִירִין) נָאךְ צוּ וַוייזִין . עֶס אִיז אָבִּיר אִין נוּמר מ״ג אוּן מ״ד בִּיוִויזִין גִיוָוארִין , אַז בִּיז דִיא גְרִיכִין הָאבִּין דָאס לַאנְד יהודה אַיין גִינוּמִין אִיז קֵיין סנהדרין נִיט גִיוֶועזִין , אוּן אִין נוּמר מ״ה אִיז בִּיוִויזִין , אַז עֶס אִיז קֵיין פֶעסְטִיקַייט פוּן אִיבִּיר עֶנְטְוִוירוּנְג אוֹיךְ נִיט פֶערְהַאנְדִין דַארוּם דֶער אֵיינְצִיגִיר בִּיוַוייז וָואס עֶר וָואלְט בַּייא אַיין פֶערְשְׁטֶענְדִיגִין מֶענְשִׁין גִיקֶענְט אַרוֹיס בְּרֶענְגִין אַז עֶר זָאל דִירִינְין גְלוֹיבִּין , פֶעהלְט דָא .

2) דִיא תורה שבע״פ זֶעלְבִּירְט אִיז פוּל מִיט אוֹיס גִיטְרַאכְטִי נַארִישְׁקַייטִין . דָאס דָאזִיגִי אִיז כמעט אִין אִיטְלִיכִיר נוּמר נָאכְגִיוִויזִין גִיוָוארִין אִיבִּיר הוֹיפְּט אָבִּיר פוּן נוּמר י״ז בִּיז כ״א , וואו עֶס אִיז אַזֶעלְכִי אוֹיס גִיטְרַאכְטִי נַארִישְׁקַייטִין גִיקְלִיבִּין וָואס אוֹיף זֵייא וֶוערְד אִין דִיא תפלות פוּן בית הכנסת אִיבִּיר הוֹיפְּט אָן גִיוִויזִין . קֵיינִיר קָאן דִירִינִין קֵיין ספק נִיט הָאבִּן , אַז דִיא גִישִׁיכְטִין פוּן לויתן אוּן בהמות – פוּן אָדָם הראשוֹן זַיין אָב זִינְגִין דֶעם קַאפִּיטִיל צ״ב פוּן תהלים נָאךְ דֶעם וִויא עֶר הָאט אָב גִישְׁמוּהִיסְט מִיט קין – פוּן דֶעם טַייךְ סמבטיון – פוּן דֶעם פְּרוּבִּיר , וָואס טוּרנוּס רוּפוּס זָאל הָאבִּין גִימַאכְט , אוּם זַיין גִישְׁטָארְבִּינְם פָאטִיר מִיט בִּישְׁוֶוערוּנְג (השבעות) אַרוֹיף צוּ בְּרֶענְגִן – פוּן דֶעם בַּארְג סיני , וָואס עֶר אִיז גִיהָאנְגִין אִיבִּיר דִיא ישראל וִויא אַיין אוּם גִיקֶעהְרְטִיר בֶּעקִין – פוּן דֶעם אַרָאבּ קוּמִין פוּן 600000 מלאכים כדי דִיא

ישראל

ישראל אַרום צו רינְגְלין וויא אַיין קְרַאנְץ – פון דיא 240 מַיילין וַוייט וָואס דָאס פָאלְק איז צוריק אָב גיטְרֶעטין און פַאר זיך אַוֶועק גיגַאנְגִין, בשעת דָאס איבִּיר עֶנְטְוויררונג פון דיא צֶעהִין גיבָּאט (עשרת הדברות) און נָאךְ דֶער גְלַייכִין זַאכִין – דָאס אַז אַלִי דיא דָאזיגי גישִׁיכְטִים, זָאגִין מִיר, זֶענִין פורִי אוים גיטְרַאכְטִי נַארִישְׁקַייט, דיא וָואס פֶערְדִינְן גִיט אַז מַאן זָאל דירִינִין אויף אַיין הָאר מֶעהר גְלויבִּין וויא אִין דיא זַאכִין וָואס זֶענִין אויף דֶעם זֶעלְבִּיגִין שְׁטֵייגִיר, אִין דיא גישִׁיכְטִין פון דֶעם קָאראַן *) אודִיר אִין טויזִינְד און אֵיינִי נַאכְט פֶערְהַאנְדִין. אִיטְלִיכִים אֵיינְצִיגִי פון דיא דָאזִיגִי אוים גיטְרַאכְטִי נַארִישְׁקַייטִין וָואלְט גינוג גיוֶועזין אום דֶעם גְלויבִּין אָן דֶער תורה שבע״פ צו נִישְׁט צו מַאכִין: וָואס זָאל מַאן אָבִּיר נָאךְ עֶרְשְׁט פון דֶער גוּזְמָא בִּישַׁיינְפִּירְלִיכִי לִיגִינְס דֶענְקִין, וָואס דָא אִיז אויף גיצֵייכְט?

3) עֶס צִילְיוִויט פְּרָאסְט דירויף אַהִין, דֶעם צושְׁטַאנְד פון דיא זַאכִין, וָואס אִיז אִין תורה שבכתב פֶּעסְט גִישְׁטֶעלְט, אום צו קֶעהרִין און אום צו שְׁטוּיסִין. משה הָאט דיא כהנים דיא זִין פון לוי, פַאר אמונה לֶעהרִירְס פון דיא ישראל אַיינְגִיזֶעצְט, דיא תורה שבע״פ הָאט זֵייא מִיט אַלִים מִיט אַנַאנְדִיר פון זֵייאִיר אַמְט פֶערְשְׁטויסִין–וויא מִיר הָאבִּין עֶס אִין נומר מ״א גִיוויזִין.

4) עֶס פָארְשְׁט דיא יֶענִיגִי זַאכִין פון אמונת הבל, דיא וָואס זֶענִין פון משה און דיא נביאים בפירוש פֶערְבָּאטִין, וויא למשל כשוף, שְׁוַוארְץ קִינְסְטְלִירַייא, קמיעות בִּישְׁוֶוערונְגִין, און נָאךְ דֶער גְלַייכִין (וויא אִין נומר כ״ב בִּיז כ״ו אִיז צו זֶעהִין)

5) עֶס מַאכְט שְׁוַואךְ דיא קְרַאפְּט פון דיא חיובים פון גוטִי מדות. עֶס וַוייזְט דיא מֶענְשִׁין, וויא זֵייא קֶענִין זיך פון דיא גֶעטְלִיכִי גיבָּאטִי אוים דְרֵייהִין (נומר י״א און י״ד, און ט״ו); עֶס דירְלויבְּט עובר שבועה צו זַיין (נומר נ״ו נ״ז); עֶס דירְלויבְּט דֶעם מֶענְשִׁין, דָאס פַאר זיך צו בִּיהַאלְטִין, וָואס עֶר וֵוייס אַז עֶס גיהֶערְט צו אִיהם נִיט, וֶוען עֶס גיהֶערְט נור צו אַיין גוי (וויא אִין נומר ה׳ גִיפִינְד זיך) אודִיר צו אַיין נִיט גילֶערִינְטִין יודן (וויא עֶס גִיפִינְד זיך אִין נומר נ״ט); עֶס פַּאסְקִינְט לסוף אַז מַאן מֶעג אַיין נִיט גִילֶערִינְטִין גָאר טויט שְׁלָאגִין (דָארְטִין).

עס

*) קאראן איז דיא תורה פון דיא טערקין.

6) עס פערפיהרט דיא מענשן צו דעם גלויבין אז אויסגעוועניגסטי מעשים זאלין קענין איין כפרה זיין אויף דיא זינד פון דאס הערץ. דאס וואשין דיא הענד (אין נומר י׳) — דאס אויסגעוועניגסטי היילינ האלטונג דעם שבת (אין נומר כ״ט) — דאס שופר בלאזין אן ראש השנה (אין נומר ל״ד) — דיא צירימאניע פון מילה (אין נומר נ״ח) און נאך און נאך אזו דער גלייכין ווערין דירינין אפאר גישטעלט פאר גינוג אום איין גאטלויזין מענשין צו ביפרייהין פון דער גירעכטיר שטראף פאר זייני זינד.

7) האטשי זיא ווערד אן גירופן איין מינגדליכים גיזעץ (תורה שבע״פ), ווייל זיא איז ניט מיט טינט גישריבן, דאך אביר באמת איז זיא מיט בלוט גישריבין. פאר דאס קלענסטי עובר זיין עפים, פסקינט עס דעם, וואס האט זיך מיט דער עבירה פערשולדיגט, אז מאן זאל איהם שלאגין מכת מרדות (וויא עס איז צו גיפינין אין נומר י״ג און נ״ג) פאר דאס עובר זיין אויף איין רבנישין גיבאט וואס עס איז אין דעם ענין פון שבת איז זיא דן מיט דער שטראף פון טויט (וויא עס איז צו גיפינן אין נומר כ״ז) — און דורך איהרי דינים פון הלכות שחיטה, וויא מאן מוז שעכטין און פלייש קאבין (וויא אין נומר מ״ט ביז נ״ד איז צו גיפינין) נעמט עס אוועק ביא דיא ארימי לייט און ביא זייארי קינדיר זייאיר פרנסה און זייא קענין ניט האבין פון וואנין צו לעבין.

8) עס דערנידריגט דעם מין ווייביר, ווייל עס איז מתיר דיא פיל ווייבירייא (וויא עס גיפינד זיך אין נומר מ״ז) און ווידיר פאר דאס קלענסטי דירלויב עס צו שיידין (וויא עס גיפינד זיך אין נומר מ״ה) — ווייל עס מאכט דאס ווייב פסול צו עדות — ווייל עס שליסט דיא ווייביר אויס פון דעם עפינטליכין גאטים דינסט — און ווייל עס שטעלט דיא לערנונג אויף, אז זייא האבין דעם חיוב ניט, זיך מיט דעם אנטפלעקטין ווילין פון זייאיר בישעפיר ביקאנט צו מאכין. (וויא עס איז גיוויזין אין נומר ג׳)

9) עס אונטירדריקט און איז מבזה דיא קנעכט, ווייל עס פערביטיט מיט זייא תורה צו לערנין (אין דעם זעלביגין נומר) און ווייל עס לאזט זייא נאך דעם טויט וויא דיא בהמות ביהאנדלין. (וויא עס גיפינד זיך אין נומר נ״ה)

10) עֶס אִיז אַיין צוּזַאמֶען שְׁטֶעלוּנְג וָואס אִיז קֵיינֶים נִיט
סוֹבל אוּן פֶערְלַאנְגְט נוּר רוֹדֵף צוּ זַיין . עֶס גִיבְּט אִיטְלִיכֶין רבּי
דִיא מַאכְט , דִיא יוֹדִין אִין חרם אַרַיין צוּ לֵייגִין (וִויא אִין נומר ל״א אִיז
צוּ זֶעהִין) אוּן גִיבִּיטִיט אַז דוּרְךְ דֶעם שְׁוֶוערְד זָאל מַאן צְווִינְגִין אַלִי
גוֹיִשִׁי פֶעלְקִיר אַז זֵייא זָאלִין זִיךְ צוּם גְלוֹיבִּין בִּיקֶעהְרִין . (וִויא אִין נומר
ו׳ שְׁטֵייהִיט)

11) עֶס פֶערְבִּיטִיט , נִיט צוּ בִּיוַוייזִין אַקֵייגִין אַלִי
דִיא יֶענִיגִי וֶועלְכִי עֶס רוּפְט אָן גֶעצִין דִינְגִיר , אַזֶעלְכִי
מֶענְשְׁלִיכְקַייט וָואס עֶס אִיז אוּמִידוּם בכלל דֶער
גְרֶעסְטִיר חיוב דָאס יוֹא צוּ טְהוּן . עֶס בִּיוִוילִיגְט נִיט , אַז מַאן
זָאל אַיילִין אַרוּיס צוּ הֶעלְפִין דֶעם גֶעצִין דִינִיר וֶוען עֶר אִיז נָאהִינְט צוּם
דֶערְטְרִינְקִין , אוֹדִיר אַז מַאן זָאל אַיין טוֹיט קְרַנְקִין גוֹי נִיט בַּייא שְׁטֵייהִן
אוּן נִיט הֶעלְפִין מִיט רפואות , אוֹדִיר אַז מַאן זָאל אַיין גוֹיִשִׁי פְרוֹיא וֶוען זִיא
אִיז אִין דִיא נוֹיטִין פוּן צוּ קִינְד גֵייהְן נִיט בַּייא שְׁטֵייהִין מִיט קֵיין הִילְף (וִויא
אִין נומר ד׳ אוּן ה׳ אִיז גִיוִויזִין .)

12) עֶס לָאזְט דִיא יֶענִיגִי נִיט יוֹדִין , וֶועלְכִי עֶס
זֶענִין קֵיינִי גֶעצִין דִינִיר נִיט , אָן אַיין שׁוּם אמונה .
עֶס לֶערִינְט , אַז זֵייא זֶענִין נִיט גִיבָּאטִין גָאט לִיבּ צוּ הָאבִּין , אוּן וַוייל
עֶס זָאגְט אַז בַּייא זֵייא גֵייט קֵיין קדושין בַּייא אַיין וַוייבּ גֶעהמִין נִיט אָן ,
גֶעהמְט עֶס פוּן זֵייא אַוֶועק , אַלִים גְלִיק פוּן דֶעם לֶעבִּין אִין הויז (וִויא עֶס
גִיפִינְד זִיךְ אִין נומר ח׳) פוּן דִיא דָאזִיגִי אוּן נָאךְ אַנְדִירִי טעמים וֶוענִין
וָואס מִיר וָואלְטִין נָאךְ קֶענִין בְּרֶענְגִין , גְלוֹיבִּין מִיר אַז דָאס יוּדִישְׁקַייט
שְׁטְרַייטִיט אַקֵייגִין משה אוּן דִיא נביאים , אַז עֶס אִיז נִיט פוּן גָאט אַרוּיס
גִיקוּמִין , נַייאֶרְט בְּלוֹז פוּן מֶענְשִׁין אוּיס גִיטְרַאכְט גִיוָוארִין , אוּן אִיז
דְרוּם פַאלְשׁ .

פוּן דִיא דָאזִיגִי הנחות הָאבִּין מִיר צְוֵוייטִינְס גִידְרוּנְגִין .

**ב.** אז דיא וואס האבין דאס יודישקייט מיסד גיוועזין זענין גאטלויזי
מענשין גיוועזין און זענין אומווירדיג גיוועזין אז מאן זאל עפיס איין שום
צו טרויא צו זייא האבין.

אֵיין מעשה וָואס אִיז דִיא גְרֶעסְטִי חציפות פוּן גָאט לוֹיזִיגְקַייט , דִיא
וָואס קָאן נוּר גִיטָהוּן וֶוערִין , אִיז , דינים פוּן הוֹיפְּט זַאבִין אוּיס צוּ
טְרַאכְטִין אוּן זֵייא פַאר גֶעטְלִיךְ אוּיס צוּ גֶעבִּין . אִיטְלִיכִי אוּם וַוארְהַייט

וואס

וואס איז מיט ערגינץ איין כוונה איז איין זינד; אביר פון זיך זעלבירט אוים גיטראכטי דינים צו דערקלערין פאר געטליכי אז דאס גימיטה פון מענשין דירמיט צו בישוועהרין איז דאס גרעסטי מוחוילין, וואס נור דיא רשעות איז טויגליך דאס צו וועגין צו ברענגין, וואריין עס איז ניט בלוז איין ביטרוג אקייגין מענשין, נייארט אויך איין פחיתת הכבוד פאר גאט. דאס געטליכי וועזין ווערד דערדורך אפאר גישטעלט פאר דעם ערשטין וואס האט ממציא גיוועזין אזעלכי עיקרים און מעשים, וועלכי עס ווערין אפילו פון גוטי מענשין פער אומווירדיגט. איז עס דען נאך מיגליך, אז דיא יעניגי קענין גוטי מענשין גיוועזין זיין, וועלכי עס האבין דיא נארישי ליגינס, פון דיא וואס מיר האבין אויבין גישפראכין, אוים גיטראכט – אודיר וועלכי עס האבין פון זייאיר אייגיני גדלות וועגין, דיא לערנונג פון משה אום גישטירצט – אודיר וועלכי עס זאגין אז עס איז מותר צו פערשטערין שבועות – אודיר וועלכי עס לערנין, אז דיא מענשין מעגין דאס פאר זיך ביהאלטין וואס עס גיהערט צו זייא ניט – אודיר לסוף, אז ניט גילערינטי מעגין אן אלי אומשטענדין גיטייטיט ווערין? ווען אום ווארהייט, אום ערליכקייט עובר שבועה זיין, אכזריות, און אום מענשליכקייט שטעלט פאר דאס בילד פון איין שלעכטין מענשין, דען זענין דיא מחברים פון דער תורה שבע"פ זייער משונה שלעכטי מענשן גיוועזין, דיא וואס פערדינין ניט אז מאן זאל אין זייא דאס מינדיסטי גלויבין האבין. און דרום דרינגין מיר.

ג. אז זייאיר ביצייגיניש אקייגין דאס קריסטינטהום, האט קיין שום ווערטה נישט.

פיל פון דיא איצטיגי יודין נעהמין דאס קריסטינטהום ניט אן נור פון וועגין דעם, ווייל דיא פיהריר פון דאס פאלק האבין דערנסמאלט אונזירין העררן ישוע המשיח ניט אן גינומין; נור אביר דיא ארוים ווייזונג, וועלכי מיר האבין גימאכט פון דיא עיקרים און דיא שטייגירס פון מעשים פון יעני לייט, ביווייזין, אז דער דאזיגיר טעם האלט גאר נישט אוים. מאן קאן זייאירי ביצייגינישין אקייגין ישוע ניט מעהר גלויבין, וויא דאס צייגיניש פון מאהאמעד אקייגין דיא טרייהייט פון דאס יודישי פאלק אין דאס אויפהיטין דיא הייליגי שריפט (תנ"ך). דער דאזיגיר ביטריגיר זאגט, אז דיא יודין זאלין האבין דאס אלטי טעסטאמענט (תנ"ך) פערפעלשט: נור אביר קיינער גלויבט איהם דיא דאזיגי בישולדיגונג ניט, ווייל עס איז איהם זעלבירט ביוויזין גיווארין, אז ער האט אנטפלעקונגין און גיזעצי

(חוקים) מִיט לִיגְן אוֹיס גִיטְרַאכְט . דִיא מחברים פוֹן דֶער תורה שבע"פ
זֶענְן אִין דֶער זֶעלְבִּיגֶער עבירה דִירְוֵויזִין גִיוָוארְן , אוּן טַאקִיש פוֹן דֶעם
זֶעלְבִּיגְן טעם וֶוענְן מוּז אוֹיךְ זֵייאִיר צַייגְנִיש נִיט אַנְגִינוּמְן וֶוערְן .
זֵייא הָאבְּן זֵייאִירֵי אוֹיס טְרַאכְטוּנְגְן פַאר גֶעטְלִיכֵי גִיזֶעץ אוֹיס גִיגֶעבְּן ;
זֵייא הָאבְּן זֵייאִירֵי מִיאוּסֵי לִיגִינְס פַאר גִיוִויסֵי זַאכְן וָואס דִירִינְן אִיז נִיט
מסופק צוּ זַיין צוּ דֶעם ענין פוֹן זֵייאִיר לֶערְנוּנְג גִימַאכְט : זֵייא זֶענְן
בִּישַׁיינְפִּירְלִיכֵי לִיגִינְס דֶערְוִויזְן גִיוָוארְן . אִיצוּנְד אִיז נוּר אַיין ממה
נפשךְ פֶערְהַאנְדְן ; עֶנְטְווִיר מַאן זָאל זָאגְן , אַז דִיא דָאזִיגֵי אוּם וַוארְהַייטִין
זֶענְן בכיוון גִיוֶועזְן , אוּן דֶען זֶענְן אוֹיךְ דִיא לַייט וָואס הָאבְּן כנגד דָאס
קְרִיסְטִינְטְהוּם בִּיצַייגְט גִיוֶועזְן לִיגְנֶער במזיד ; אוֹדִיר מוֹדה צוּ זַיין , אַז
דִיא , וָואס פוֹן זֵייא אִיז דִיא אוּם וַוארְהַייט אַרוֹיס גִיקוּמְן , זֶענְן שְׁוַואךְ
אִין גִימִיטהה גִיוֶועזְן אוּן דַארוּם זֶענְן זֵייא אִיבִּיר הוֹיפְּט נִיט טוֹיגְלִיךְ (פסול)
גִיוֶועזְן עדות צוּ זָאגְן . אִין אִיטְלִיכְן פַאל אָבִּיר מוּזְן זֵייא פַאר אַזֶעלְכֵי
בִּיטְרַאכְטִיט וֶוערְן , וָואס הָאבְּן אוּם וַוארְהַייט פֶערְבְּרֵייטִירְט . אחוץ דֶעם
אָבִּיר זֶענְן זֵייא אִין דָאס בִּיצַייגְנִיש פוֹן ישוע אִינְטִירִיסִירְט גִיוֶועזְן ; זֵייא
זֶענְן זַיינֵי בפירושי פַיינְד גִיוֶועזְן , וַוייל עֶר הָאט זִיךְ אַקֶעגְן זֵייאִירֵי גדלות
אַקֶעגְן גִישְׁטֶעלְט אוּן הָאט אַלֵי זֵייאִירֵי אוֹיסְגִיטְרַאכְטֵי זַאכְן דִירְקְלֶערְט
פַאר שֶׁעדְלִיךְ אוּן פַאר אוּמְווירְדִיג . זֵייא הָאבְּן דַארוּם אַיין שְׁטַארְקְן
טעם גִיהַאט , אִיהם צוּ פֶערְטִילִיגְן , אוּן אִין זֵייאִיר קַאראַקְטֶער (תוכן)
הָאבְּן מִיר אוֹיךְ נִישְׁט בִּיזוּנְדִירִים גִיפוּנְן אַז עֶס זָאל אוּנְס אִין דֶער
מֵיינוּנְג בְּרֶענְגְן אַז עֶפִּיס אַשְׁטֵייגֶער זֵייאִיר לִיבְשַׁאפְט צוּ גִירֶעכְטִיגְקֵייט
וָואלְט זֵייאִיר פְּרִיוַואטְנֵי שנאה צוּ שְׁטַייאִיר גִיקוּמְן הָאבְּן . וֶוען דֶער כלל
שְׁטֵייגִיר פוֹן דֶעם לֶעבְּן פוֹן אַיין מֶענְשִׁין אִיז ווירְקְלִיךְ דִיא פעולה פוֹן
זֵייעֶר גוּטֵי גְרוּנְד זֶעצֵי (יסודות) אַזוֹ קֶענְן מִיר טַאקִיש זִיךְ משער זַיין אַז
עֶר וֶועט אפילו אַקֶעגְן אַיין פַיינְד אוֹיךְ גִירֶעכְט זַיין ; וֶוען ווייטִיר , דָאס
גַאנְצֵי לֶעבְּן פוֹן אַיין מֶענְשִׁין אִיז דוּרְךְ אַיין פַיינִים עֶיידְלִין גִיפִיהל זֵייאִיר
שֵׁיין אוֹיס גִיצַייכִינְט גִיוֶועזְן , אַזוֹ לָאזְט עֶס זִיךְ טַאקִיש משער זַיין , אַז עֶר
וֶועט אפילו אַקֶעגְן אַיין שונא אוֹיךְ קֵיין אכזר נִיט זַיין . קֵיינֵי אֵיינְצִיגֵי פוֹן
דִיא דָאזִיגֵי מֵיינוּנְגְן פֶערְגְלַייבְט זִיךְ נִיט מִיט דִיא מדות פוֹן דִיא מחברים
פוֹן דֶער תורה שבע"פ ; וָוארִין זֵייא זָאגְן נִיט אַיין אֵיינְצִיגְן מָאהל וָואס
דִיא עֶרְלִיכְקֵייט פֶערְלַאנְגְט , דִירְמִיט וָואס זֵייא זֶענְן מתיר , אַיין נִיט
גִילֶערִינְטְן צוּ בִּיגַנְבִנְן , אוּן ווידִיר אַזוֹ אוֹיךְ דֶערדוּרְךְ , וָואס זֵייא זֶענְן
מתיר , אַיין עם הארץ טוֹיט צוּ שְׁלָאגְן , ווייזְן זֵייא קְלָאר בפרהסיא

ארוים

ארויס, אז זייא אבטין קיין מענשליכים לעבין ניט. מילא ווען זייא זעגין דירצו טויגליך גיוועזין, מיט דעם קאלטין בלוט איין מענשין דער וואס האט זייא קיין מאהל קיין שום שלעכטים ניט גיטהון צו דערמארדין, בלוז דארום וויל ער גיהערט ניט צו זייאיר פארטייא, זאל מאן זיך דען דא וואוהל קענין דאריבער וואונדירין, וואס זייא האבין זיך גיהאט נאך גיאגט דעם צו פער דערבין, דער וואס איז זייאיר גאנצין צד כנגד גיוועזין? דאס וואס אונזיר העררר ישוע איז צום טויט גימשפט גיווארין דורך אזעלכי מענשין איז ניט נור קיין ביווייז גרונד ניט אקייגין זייני מדות אודיר אקייגין זיין פערלאנגין (אז ער זאל אומגירעכט גיוועזין זיין), נייארט דאס איז נאך אפילו איין ביווייז גרונד פאר איהם (אז ער איז זייער גירעכט און גוט גיוועזין). דאס איז איין קלאר ביווייז, אז ער האט ניט גיהערט צו זייאיר פארטייא און דרום קענין אקייגין זייני צייגיניש (עדות) ניט דיא זעלביגי אבשפארונגין גילטין, וויא אקייגין זייאיר צייגיניש. דיא איצטיגי יודין מוזין דרום אנדירי טעמים זוכין צו גיפינין דירויף וואס זייא פער ווארפין און ווילין אונזירין העררין ניט אן נעהמין. דיא מעשים פון זייאירי גרויסי און גילערינטי לייט אין איטליכיר צייט קאן פאר זייאיר איצטיגין אום גלויבין קיין רעכטפערטיגונג ניט זיין; גאר להפך עס איז איין אופן פון איין קלאהרין ביווייז, אז ער איז איין גוטיר מאן גיוועזין. און דיא דאזיגי מיינונג ווערד נאך פערשטארקט, ווען מיר פערגלייכין דיא תורה שבע"פ מיט דעם נייאין טעסטאמענט (ברית חדשה) וואס דערדורך ווערין מיר בילערינט.

## ד. אז אין דיא אלי פונקטין, וואו דיא תורה שבע"פ ביווייזט זיך שוואך, איז דאס נייאי טעסטאמענט (ברית חדשה) שטארק און קרעפטיג.

ערשטינס איז עס פון אלי צו זעצונגן פון אויסגיטראכטי נארישי דערציילונגין צו דער גישיכטי פון אלטין טעסטאמענט (תנ"ך) גאנץ פרייא; עס דירקענט אן דיא מאכט פון דעם וואס משה און דיא נביאים האבין גישריבין, און ברענגט זייא אויך פיל מאהל, אביר קיין מאהל האט עס זיך ניט פערשולדיגט דירמיט אז עס זאל עפיס פערפעלשין אזו וויא דיא גמרא האט גיטהון. ניט ישוע און אויך ניט זייני תלמידים האבין ווען גיזאגט, אז זייא זאלין האבין איין מינדליכי אויסלייגונג (בע"פ) פון דער תורה וואס דעם גאנצין פאלק איז אום ביקאנט, אזו אז זייא זאלין דערדורך טויגליך גיוועזין זיין פון זייארי אייגיני תכליתים

װֶעגֶן אוּם װַארְהַייט אוֹיס צוּ טְרַאכְטֶען , זֵייא הָאבֶּען בְּלוֹז אָנְגְעװִיזֶען אוֹיף דָאס גִישְׁרִיבֶּענֶע װָארְט , אוּן נוּר נָאךְ דֶעם דָ א ז י גִ ין נָאךְ זֶענֶען זֵייא פוּן דִיא גַארִישׁ גְלֵייבִּיגֶע לֶערְנוּנְגֶען פוּן כשוף , אוּן שְׁװַארְץ קִינְסְטְלִירַייא , אוּן אַנְדֶערֶע הֵיידִישֶׁע קוּנְצֶען גָאר אִין גַאנְצֶען פְרַייא . עֶס אִיז נִיט מתיר עובר שבועה צוּ זַיין , אוּן אוֹיךְ בִּיצֵייכֶענְט עֶס נִיט עֶרְגֶענְץ אַיין קְלַאסֶע פוּן דֶער גֶיזֶעלְשַׁאפְט אַז זֵייא זָאלֶען זַיין דִיא כפרה װָאס מַאן זָאל זֵייא בִּיטְרִיגֶען אוּן מַאן זָאל זֵייא מֶעגֶען אַיין גְװַאלְד זַאךְ טָהוּן ; עֶס אִיז בַּארִימְהֶערְצִיג אַקֶעגֶען אָרִימֶע אוּן קְנֶעכְט (שקלאוון) ; עֶס לֶערִינְט אַז דִיא זֵיילֶען פוּן װַייבֶּער אִיז אַזוֹ טְהַייעֶר , װִיא דִיא פוּן מַאנְס לַייט ; עֶס פֶערְבִּיטְעט דִיא פִיל װַייבֶּרַייא , אוּן דֶערְלוֹיבְּט נִיט מֶעהר דִיא שֵׁיידוּנְג נוּר אִין דֶעם פַאל , װאוּ זִיא אִיז שׁוֹין גַאנְץ גֵייטִיג , עֶס בִּישִׁיצְט אוֹיף דֶעם דָאזִיגֶען אוֹפֶן דָאס שְׁװַאכֶערֶע מִין אוּן גִיבְּט השגחה אוּן װַאכְט אִיבֶּער דִיא הֵיילִיגְקַייט אוּן גְלִיקְזֶעלִיגְקַייט פוּן דָאס לֶעבֶּען אִין הויז . עֶס אוּנְטֶער שֵׁיידִיט זִיךְ בִּיזוּנְדֶערְס פוּן דֶער תורה שבע"פ , װָאס עֶס הַאלְט נִיט צוּ גְרוֹיס דִיא אוֹיסֶװֶענִיגְסְטֶע מנהגים , אוּן דֶער דוּרְךְ גִיבְּט עֶס דֶעם שְׁטַארְקְסְטֶען בִּיװַייז פוּן זַיין גֶעטְלִיכֶען אוּרְשְׁפְּרוּנְג (מקור) . װֶען עֶס אִיז צְװִישֶׁען דִיא סימנים פוּן אַיין אמתי אמונה אֵיינְס פֶערְהַאנְדֶען , װָאס עֶס בִּיצֵייכֶענְט בֶּעסֶער װִיא אַיין אַנְדֶערֶער , אַזוֹ אִיז עֶס דָאס , אַז זִיא שְׁטֶעלְט אוֹיף , דִיא הֵיילִיגְקַייט פוּן דָאס הֶערְץ אוּן אוֹיף צִיהרוּנְג פוּן לֶעבֶּען , פַאר דָאס עֶרְשְׁטֶע װִיכְטִיגֶע פֶערְלַאנְגֶען , אוּן פוּן דֶעסְט װֶעגֶען הַאלְט זִיא אִין דֶער זֶעלְבִּיגֶער צַייט נִיט פַאר גְרִינְג קֵיין אֵיינְצִיגֶעס פוּן דִיא גֶעטְלִיכֶע גִיבָּאט . נוּן , דָאס קְרִיסְטִינְטְהוּם הָאט דֶעם דָאזִיגֶען סימן , דָאס יוּדִישְׁקַייט פֶעהלְט אָבֶּער דָאס זֶעלְבִּיגֶע . דָאס קְרִיסְטִינְטְהוּם לֶערִינְט אוֹיסְדְרִיקְלִיךְ אַז אָן הֵיילִיגְקַייט װֶעט קֵיינֶער גָאט נִיט זֶעהֶען , אוּן אַז דָאס פֶעהלְט קָאן עֶס דוּרְךְ קֵיינֶע אוֹיסֶװֶענִיגְסְטֶע צֶירִימָאנְיֶע נִיט דֶערְזֶעצְט װֶערֶען . װִידֶער װַייס דָאס קְרִיסְטִינְטְהוּם גָאר נִיט פוּן עֶפֶּיס אֵיין אוֹפֶן , מִיט גְװַאלְד דִיא װַארְהַייטֶען צוּ פֶערְבְּרֵייטֶען , עֶס בִּיפֶעהלְט אִין עֶרְגֶענְץ נִישְׁט צוּ דִיא , דִיא װָאס זֵייא הַאלְטֶען זִיךְ דִירָאן , אַז װֶען זֵייא הָאבֶּען דִיא מַאכְט , זָאלֶען זֵייא אַלֶע מֶענְשֶׁען מִיט גְװַאלְד צְװִינְגֶען צוּם אָן נֶעהמֶען אִיהרֶע לֶערְנוּנְג , אוֹדֶער זֵייא אוּם צוּ בְּרֶענְגֶען װֶען זֵייא װִילֶען עֶס נִיט , הָאט קֵיין קְרִימִינַאל גִיזֶעץ בּוּךְ נִיט װָאס זָאל זַיין מִיט בְּלוּט גִישְׁרִיבֶּען , װֶעלְכֶעס עֶס זָאל אַפָּאר שְׁרַייבֶּען (פַּסְקִינֶען) פַאר דָאס בְּלוֹיזֶע עוֹבר זַיין אוֹיף אַיין צֶירִימָאנְיֶע זָאל קוּמֶען מכת מרדות , אוֹדֶער גָאר דֶעם טוֹיט . עֶס דֶערְלוֹיבְּט נִיט

איטליכין

אִיטְלִיכִין אֵיינְצִיגִין אמונה לֶעהרִיר, דָאס פָאלְק נָאךְ אֵייגִינִים וִוילִין מִיט אַיין חרם צו פְּלָאגִין. לסוף שְׁטֶעלְט עֶס אויךְ גָאט נִיט אַפָּאר פַאר אַיין אום גִירֶעכְטִין רִיכְטִיר, אוּן אויךְ נִיט פַאר אַזֶעלְכִין וָואס זָאל הַאלְטִין פַאר אֵיין צד, וָואס עֶר זָאל אַיין גִיגְרֶענִיצְט הַאלְטִין דִיא טובות פוּן זַיין אַנְטְפְלֶעקוּנְג נור בְּלוֹז אויף אַיין קְלֵיינִיס פָאלְק, דִיא גְרויסִי גוּזְמָא פוּן דֶעם גְרֶעסְטִין צָאהל פוּן דֶעם מֶענְשְׁלִיכִין מִין אָבִּיר זָאל עֶר פֶערְטִילִיגִין צוּ אום הֵיילִיגְקֵייט אוּן אום גְלִיקְזֶעלִיגְקֵייט. וֶוען דָאס יוּדִישְׁקֵייט זָאל וֶוען אַמָהל דֶערְלַאנְגִין צוּ דָאס גַאנְצִי הֶערְשַׁאפְט בכלל אוּן אִיהְרִי דינים זָאלִין אִיבִּיר גֵייהִין אִין טָהוּן (אַז מַאן זָאל עֶס מקיים זַיין) אַזוֹ וָואלְט דִיא גַאנְצִי נִיט יוּדִישִׁי וֶועלְט צוּם עֶלֶענְד אוּן צוּ אום וִויסְנְהַייט פֶערְטִילִיגְט זַיין. דוּרְךְ דֶעם פּסק אַז בַּייא נִיט יוּדִין אִיז קֵיין בּוּנְד פוּן קֵיין קדושין נִיט פֶערְהַאנְדִין, וָואלְט עֶס זֵייא גָאר דֶעם פְרִידִין פוּן הויז אַוֶועק גִירוּיבְּט; דֶערדוּרְךְ וָואס עֶס אִיז צוּם טוֹיט דָן אִיטְלִיכִין נִיט יוּדִין דֶער וָואס לֶערִינְט תנ"ךְ, וָואלְט עֶס זֵייא אַוֶועק רוֹיבִּין דִיא טְרֵייסְטוּנְגִין אוּן בִּילֶערְנוּנְגִין פוּן גָאטִים וָוארְט, אוּן וַוייל עֶס פֶערְבִּיטִיט זֵייא אַז זֵייא טָארִין דֶעם שבת נִיט הַאלְטִין, וָואלְט עֶס, אַזוֹ וַוייט וִויא עֶס וָואלְט נור גִיקֶענְט אַלִי צֵייכִינְס פוּן גָאטִים פֶערְזָארְגוּנְג אוּן לִיבִּיגְדִי גוּטִיגְקֵייט אַקֵייגִין זֵייא, גָאר צוּ נִישְׁט גִימַאכְט. דִיא גדלות פוּן דָאס קְרִיסְטִינְטְהוּם דֶערְקֵייגִין אִין דִיא גַאנְצִי אוּים וִוִיקְלוּנְג פוּן אִיהְרִי גְרוּנְד גִיזֶעצִין וָואלְט דִיא וֶועלְט מִיט פְרִידִין אוּן פְרֵייד אוּן גְלִיקְזֶעלִיגְקֵייט דֶערְפִילְט. דֶער גְרוּנְד הוֹיפְט זַאךְ פוּן דָאס קְרִיסְטִינְטְהוּם, דָאס הֵייסְט, אַז דֶער משיח אִיז פַאר דִיא זִינְד פוּן דֶער גַאנְצִיר וֶועלְט גִישְׁטָארְבִּין, שְׁטֶעלְט גָאט פַאר דֶעם לִיבִּינְדִין פַאטִיר אַפָּאר, דֶער וָואס זָארְגְט פַאר אַלִי זַיינִי קִינְדִיר, אוּן לֶערִינְט דְרוּם אַלִי מֶענְשִׁין, אַז זֵייא זָאלִין זִיךְ צְווִישִׁין אַנַאנְדִיר בִּיטְרַאכְטִין פַאר מִיט עֶרְבִּין (יורשים) פוּן אֵיינִי אוּן דִיא זֶעלְבִּיגִי אֵייבִּיגִי הִילְף. עֶס לֵייקִינְט נִיט אַז דִיא ישראל אַלְס פָאלְק הָאבִּין אַיין בִּיזוּנְדִירִין פָארְהַאנְד (משפט הקדימה). אוּן אִיז עֶס פוּלְקוּמִין מודה „אַז זֵייא וֶוערִין נָאךְ גִילִיבְּט פוּן זֵייאִירִי אבות וֶועגִין" אוּן זֶענִין נָאךְ אִיצוּנְד דִירְצוּ בִּישְׁטִימְט, אַז זֵייא זָאלִין דִיא בעלי טובות פוּן דֶעם מֶענְשְׁלִיכִין מִין וֶוערִין, וִויא זֵייא זֶענִין עֶס אַמָאהל גִיוֶועזִין. אָבִּיר עֶס בִּיהוֹיפְּטִיט פַאר אֵיינִס, אַז גָאט אִיז נִיט דֶער גָאט פוּן דִיא יוּדִין אַלֵיין, נַייאִירְט אויךְ פוּן נִיט יוּדִין, אוּן מַאכְט עֶס אַזוֹ דֶעם יוּדִין אוּן נִיט יוּדִין מִיגְלִיךְ צְווִישִׁין אַנַאנְדִיר זִיךְ לִיבּ צוּ הָאבִּין. דֶער יסוד פוּן פְרִידִין אוּן אֵיינִיגְקֵייט (אחדות) צְווִישִׁין אַלִי

פעלקיר

פֶּעלְקִיר, אִיז דִיא אַנְדִירְקֶענוּנְג, אַז גָאט אִיז דֶער פָאטִיר פוּן אַלִי, אוּן דֶער דָאזִיגִיר יסוד אִיז דֶער וַואהְרִיר עֶק שְׁטֵיין פוּן דָאס קְרִיסְטִינְטְהוּם, וָואס דָאס זֶעלְבִּיגִי הָאט קֵיין שׁוּם טְהֵייל גִיט פוּן דֶעם גִיבַּייא פוּן דָאס יוּדִישְׁקַייט, אוּן גִיט עֶס קָאן גָאר הָאבִּין. דָאס קְרִיסְטִינְטְהוּם לֶערִינְט, אַז דָאס עֶרְשְׁטִי אוּן וִויכְטִיגְסְטִי גִיבָּאט אִיז: דוּ זָאלְסְט לִיבּ הָאבִּין יהוה דַיין אלהים מִיט דַיינִים גַאנְצִין הֶערְצִין; דָאס צְווַייטִי: אוּן דוּ זָאלְסְט לִיבּ הָאבִּין דַיין גִיזֶעלִין (חבר) אַזוֹ וִויא דִיךְ זֶעלְבִּירְט-אוּן זָאגְט אוּנְס צוּ גְלַייךְ, אַז אַלִי מֶענְשִׁין זֶענִין אוּנְזִירִי גִיזֶעלִין (חברים). דָאס יוּדִישְׁקַייט דֶערְקֶענִיגִין לֶערִינְט, אַז דִיא בִּישְׁנַיידוּנְג אִיז דָאס וִויכְטִיגְסְטִי פוּן אַלִי גִיבָּאטִין אוּן נוּר יוּדִין אוּן גרים זֶענִין גִיזֶעלִין (רעים), זוּנְסְט אָבִּיר, קֵיין מֶענְשׁ. מֵילָא דָאס יוּדִישְׁקַייט צוּ רַייסְט, וָואס בשעת דָאס קְרִיסְטִינְטְהוּם בִּימִיהִיט זִיךְ, אַלִי מֶענְשִׁין קִינְדִיר דוּרְךְ דִיא בַּאנְדִי פוּן פְּרִידִין צוּ פֶערְאֵיינִיגִין. עֶס הָאט נוּר אַיין הויפְּט זַאךְ, נָאךְ וֶועלְכִין נָאךְ גָאט בִּיהַאנְדִילְט דִיא מֶענְשִׁין, אוּן דִיא דָאזִיגִי הויפְּט זַאךְ אִיז דִיא לִיבְּשַׁאפְט, אוּן נוּר אַיין הויפְּט זַאךְ, נָאךְ וֶועלְכִין נָאךְ דִיא מֶענְשִׁין זָאלִין זִיךְ צְווִישִׁין אַנַאנְדִיר בִּיהַאנְדְלִין, אוּן דָאס דָאזִיגִי אִיז ווִידִיר דִיא לִיבְּשַׁאפְט. דֶער יוּדִישִׁיר מַאן וָואס לֵייאִינְט דָאס דַארְף אָבִּיר גִיט מֵיינִין, אַז מִיר גִיט יוּדִין שְׁרַייבִּין אוּנְס עֶרְגִינְץ עֶפִּיס פָּאר אַיין פֶערְדִינְסְט צוּ אַזוֹ וִויא מִיר וָואלְטִין עֶפִּיס דוּרְךְ אוּנְזִירִי אֵייגִינִי חכמה אַזוֹ אַיין צוּזַאמִין שְׁטֶעלוּנְג פוּן אַיין אמונה אַרוֹים גִיפוּנִין. חלילה זָאל זַיין פוּן אוּנְס דָאס דָאזִיגִי צוּ זָאגִין; מִיר זֶענִין דָא ווִידִיר אַמָאהל מודה, הָאטְשִׁי מִיר הָאבִּין עֶס אִין דֶעם עֶרְשְׁטִין נוּמֶער שׁוֹין גִיטְהָאן, אַז מִיר זֶענִין נוּר דִיא תלמידים פוּן אַיין טְהֵייל פוּן דָאס יוּדִישִׁי פָאלְק-פוּן דִיא יוּדִין אִיז דָאס קְרִיסְטִינְטְהוּם צוּ אוּנְס גִיקוּמִין. עֶס אִיז אפילו באמת גִיוֶועזִין אַיין לִיכְט, אַז עֶס זָאל אוּנְס גוים בִּילַייכְטִין; נוּר אָבִּיר מִיר דִירְקֶענִין דֶעם גֶעטְלִיכִין מיסד פַאר דֶעם לויב פוּן זַיין פָאלְק ישראל. אַלְץ וָואס מִיר ווִילִין דוּרְךְ דִיא דָאזִיגִי פֶערְגְלַייכוּנְג אוֹיסְפִּיהְרִין, אִיז, דִיא יֶענִיגִי דִיא וָואס זֶענִין אָן דֶער תורה שבע"פ אָנְגִיהַאנְגִין, צוּ ווַייזִין, אַז עֶס אִיז אַיין אַנְדִירִי יוּדִישִׁי אמונה פֶערְהַאנְדִין, דִיא וָואס אִיז גָאר אָן אַיין סוֹף וִויא פִּיל הֶעכִּיר אוּן ווִיא פִּיל פָּאדָאבְּנִיר צוּ דֶער אמונה פוּן משה אוּן דִיא נביאים; אוּן מִיר פָאדִירִין גִיטְרֵייסְט אוֹיף אִיטְלִיכִין וָואס לֵייאִינְט דִיא דָאזִיגִי בְּלֶעטִיר מכריע צוּ זַיין, אוֹיבּ דָאס נַייאִי טֶעסְטַאמֶענְט (ברית חדשה) אִיז אַיין בֶּעסִירִים בּוּךְ אוֹדִיר דִיא גמרא (תלמוד) אוּן וֶועלְכִים שְׁטִימְט מִיט דֶעם

ווילין

ווילין פון גָאט וויא עֶר איז אַנְטפְּלֶעקְט צוּ זַייאִירִי אבות, מֶעהר אַיין. מִיר פָּאדִירִין זַייא אָבִּיר עֶרִינְסְטְלִיךְ אוֹיף אַז זַייא זָאלִין דָאס דָאזִיגִי מכריע זַיין זִיךְ שׁוֹין אוּנְטִיר נֶעהמִין און זָאלִין זִיךְ לסוֹף שׁוֹין אַמָאהל פְּרַייא מַאכִין פוּן דֶעם יָאךְ פוּן דֶער אוּם זוּנְסְטִי פַיינְדְשַׁאפְט דִיא וָואס אִיז אוֹיף זַייא אַזוֹ פִּיל הוּנְדִירְט יָאהרִין בִּישְׁוֶוערְט גִיוֶועזִין און פוּן דֶער שְׁרֶעקְלִיכִיר רעה וָואס זַייא זֶענִין נִיט וואוהל גִיפַאלִין אִין דִיא אוֹיגִין פוּן דֶעם אַלְמֶעכְטִיגִין גָאט, וָואס עֶר אִיז זַייא שְׁטֶענְדִיג נָאךְ גִיגַאנְגִין, פוּן דֶער צַייט אָן וויא זַייא הָאבִּין דֶעם „אַלְטִין וֶועג" אוֹיף וֶועלְכִין זַייאִירִי אבות זֶענִין גִיגַאנְגִין, פֶערְלָאזִין.

עֶס אִיז לסוֹף שׁוֹין צַייט, אַז דִיא יֶענִיגִי ווייניגְסְטִינְס וֶועלְכִי עֶס שְׁטֶעלִין זִיךְ אָן, אַז זַייא פֶערְשְׁטֶעהִין כמה חלקים פוּן דֶער גמרא אוֹדִיר תּוֹרה שבע"פ, זָאלִין דוּרְךְ אַזֶעלְכִי ענינים וָואס עֶס זָאל דִירפוּן אַיין פעולה אַרוֹיס קוּמִין, זַייאִיר פַאר גֶעבִּין רֶעכְט פֶערְטִיגִין. וֶוען זַייא ווילִין אַז דִיא לַייט זָאלִין זַייא גְלוֹיבִּין, וָואס זַייא זָאגִין אַז באשר עֶס אִינְטִירִיסִירְט זַייא טַאקִיש און זַייא פִיהלִין לִיבְּשַׁאפְט צוּ אַלִי מֶענְשִׁין, אַזוֹ מוּזִין זַייא דִירְמִיט אָנְהֵייבִּין, דִיא מַאכְט פוּן דֶער תּוֹרה שבע"פ צוּ פֶערְוַוארְפִין, און דֶעם גָאטִים דִינְסְט פוּן דִיא שׁוּלִין (בתי כנסיות) אָב צוּ שַׁאפִין. וויא קֶענִין מִיר גְלוֹיבִּין, אַז דִיא יֶענִיגִי זֶענִין אִין זַייאִיר בִּיקֶענְטְנִיש אַקֵיינִין מֶענְשׁ אוֹיפְרִיכְטִיג, וֶועלְכִי עֶס זָאגִין בפירוּש, אַז זַייא זֶענִין אִין זַייאִירִי תפלוֹת פַאר דֶעם גָאט וָואס פְּרוּבְט דִיא הֶערְצִיר, נִיט אוֹיפְרִיכְטִיג? אִיטְלִיכִיר, דֶער וָואס בִּינוּצְט צוּ זַיין גָאטִים דִינְסְט דִיא תפלוֹת פוּן בית הכנסת, לֵייגְט דֶערדוּרְךְ פַאר גָאט דָאס בִּיקֶענְטְנִיש אָב, אַז עֶר גְלוֹיבְּט אִין דֶער תּוֹרה שבע"פ און אִיז אוֹיף וַוייטִיר אַנְגִיבְּרֵייט, אַלִי תקנות פוּן אכזריוּת וָואס אִין אִיהר גִיפִינְד זִיךְ, פוּן בִּיטְרִיגִירַייא, און דֶעם פֶערְלַאנְג נָאךְ רדיפות, מקיים צוּ זַיין—אַז עֶר אִיז גְרֵייט, אַלִי פֶעלְקִיר מִיט דֶעם שְׁוֶוערְד צוּ בִּיקֶעהרוּנְג צוּ בְּרֶענְגִין. דָאס דָאזִיגִי אִיז זַיין בִּיקֶענְטְנִיש אִין שׁוּל (בית הכנסת). וֶוען עֶר קוּמְט הֶער נָאךְ פוּן דֶער הֵיילִיגִיר מעשה וָואס עֶר הָאט מתפלל גִיוֶועזִין צוּ גָאט און זָאגְט אוּנְס, אַז עֶר אִיז אַיין גוּטִיר מֶענְשׁ און אִיז מֶענְשִׁין פְרַיינְדְלִיךְ און דִיא רדיפות פֶערְשְׁטֶעהִיט עֶר, וויא קֶענִין מִיר אִיהם דָא גְלוֹיבִּין? אֵיין מָאהל זָאגְט עֶר לִיגִין, עֶנְטְוִויר אִין זַיין גִיבֶּעט, אוֹדִיר צוּ אוּנְס, און דֶער אֵיינְצִיגִיר אוֹפֶן וָואס הֶערדוּרְךְ אִיז מִיגְלִיךְ

אַז דָאס וָואס עֶר אִיז זִיךְ סוֹתר זָאל אוֹיף הֶערִין, אִיז, אַז עֶר זָאל דִיא תּוֹרה שבע״פ עֶפִּינְטְלִיךְ אָבּ זָאגִין אִין דִיא אַלִי עֶרְטִיר אוּן דִיא עֶפִּינְטְלִיכִי גִיבֶּעטִיר (תפלות), וֶועלְכִי עֶס זֶענִן מעיד אַז דִיא תּוֹרה שבע״פ הָאט גֶעטְלִיכִי קְרַאפְט, אוֹיס מֶעקִין. דָאס דָאזִיגִי זֶענִין אַלִי וָואס זֶענִין וַוארְהַאפְטִיגִי גוּטִי יוּדִין מחוייב פוּן וֶועגִין זִיךְ זֶעלְבִּירְט, אוּן פוּן וֶועגִין דִיא קְרִיסְטְלִיכִי פּוּבְּלִיק אוּן פוּן וֶועגִין זֵייאִירִי בְּרִידִיר, אוּן פַאר אַלִים אָבִּיר זֶענִין זֵייא עֶס פוּן וֶועגִין זֵייאִיר גָאט מחוייב צוּ טָהוּן. פוּן וֶועגִין זִיךְ זֶעלְבִּירְט: וַוייל, אַזוֹ לַאנְג וִויא זֵייאִירִי רֵייד זֶענִין זִיךְ מִיט זֵייאִירִי מעשים סוֹתר, הֶער שַׁיינִין זֵייא אִין אַיין צְווייא דַייטִיגִין לִיכְט (עֶפִּים פַאר אַזוֹ, אוּן ווִידִיר פֶערְקֶעהרְט); פוּן וֶועגִין דִיא קְרִיסְטְלִיכִי פּוּבְּלִיק: וַוייל כדרךְ הטבע דָאס זֶעלְבִּיגִי מוּז פֶערְלַאנְגִין צוּ קֶענִין דֶעם גְרוּנְד פוּן דִיא יֶענִיגִי, מִיט וֶועלְכִי זֵייא שְׁטֵייהִין אִין גוּטִי פְרַיינְדְשַׁאפְט; פוּן וֶועגִין זֵייאִירִי בְּרִידִיר: וַוייל דָאס אִיז דֶער אֵיינְצִיגִיר וֶועג, זֵייאִיר פָאלְק פוּן דִיא שְׁלֶעכְטִי בִּיגֶעגְנִישִׁין פוּן אַזוֹ פִיל הוּנְדִירְט יָאהר צוּ בִּיפְרַייהִין. לְסוֹף פוּן וֶועגִין זֵייאִיר גָאט: וַוייל דִיא תּוֹרה שבע״פ הָאט זַיין קַארַאקְטִיר (תוכן) פֶער עֶנְדִירְט אוּן זַיין נָאמִין גִילֶעסְטִירְט.




Дозволено Цензурою. Варшава 5 (17) Февраля 1876
Въ Типографіи А. Гинса. Королевская № 1064 D

